# ייִדישע שטעט, שטעטלעך
# און דאָרפֿישע ייִשובֿים אין ליטע

ביז 1918

היסטאָריש־ביאָגראַפֿישע סקיצעס

פֿון

**בערל כּהן**

ניו־יאָרק, 1991

# Yidishe Shtet, Shtetlech un Dorfishe Yishuvim in Lite

# Jewish Cities, Towns and Villages in Lithuania


סובסידיעס:

Published with the assistance of the
Louis and Miriam Epstein Fund
of The American Academy for Jewish Research

**שלמה גאָלדשטיין, יורבורג–שיקאַגאָ.**

**ד״ר הירש און דבורה ראָזענפֿעלד, נײַשטאָט—מאָנטרעאָל.**

**נחמה הימל, אין אָנדענק פֿון טאַטן יחזקאל און זיידן חיים מייזעראָוויטש.**

**קלענערע בײַשטײַערונגען: נוסח ווילנע,**
**שמחה און שרה ליינער, לאָס אַנדזשעלעס**
**יצחק אַראָן, ברוקלין**





**Berl Kagan**
2350 64th Street
Brooklyn, New York 11204



Printed in the United States of America

**Simcha Graphic Associates**
4311 15th Avenue, Brooklyn, N.Y. 11219
(718) 854-4830

פֿאַר מײַנע טײַערע:

**רעיה**, מײַן לעבנס־באַגלייטערין דורך אַלע גיהנומס,

טאָכטער **מרים** און איר מאַן **מאַרטין ליבער**,

טאָכטער **איידע**,

**אייניקלעך יוכבֿד־דזשודי און קלמן־קענעט ליבער**

שוועגערין **נחמה אילמאַן־הימל** און איר מאַן **אהרן**

*

אין אָנדענק

פֿון מײַנע ליבע

**טאַטע־מאַמע אהרן און ברײַנע**,

**זון יחזקאל־אַהרן**,

אַוועקגעריסן אין זײַן בליצײַט פֿון 25 יאָר,

**ברודער יעקבֿ־מיכל**, הי״ד.

# אינהאלט

זייט

הקדמה . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . VII
יידישע שטעט און שטעטלעך אין ליטע . . . . . . . . . . . . . . 1
דאָרפישע יישובים . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 641
וואָס איז אַ ליטוואַק? . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 703
החינוך העברי בליטא העצמאית . . . . . . . . . . . . . . . . . 719
אינדעקס פון שטעט . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 749
אינדעקס פון מענטשן . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 758
Foreword . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . III

# קיצורים*

אגרות א״י, א. יערי. ת״א, תש״ג
אגרות יל״ג. וואַרשא, תרנ״ה
אהלי שם, ש.נ. גאָטליב. פינסק, 1912
אוצר ישׂראל, י.ד. אײַזנשטיין. נ״י, תרס״ז־תרע״ג
אידישער האַנטווערקער אין ציפֿערן אין ליטע. קאָונאַס, 1938
אלה אזכרה. נ״י, תשט״ז —
אנציקלופדיה לחלוצי הישוב ובוניו, ד. תדהר. ת״א, 1947 —
אנציקלופדיה של גלויות. ת״א, 1953 —
אנציקלופדיה של הציונות הדתית. ירושלים, 1958 —
אנשי שם, ח. בראַווערמאַן. וואַרשא, תרנ״ו
ב. כּהנס לעקסיקאָן, זע: לעקסיקאָן
בתוך ראשית התחיה, י. אפל. ת״א, תרצ״ו
ג. קרסל, זע: לכּסיקון
ד.מ. ליפּמאַן, זע: לתּולדית היהודים
ד. תּדהר, זע: אנציקלופדיה
דור ודור ודורשיו, יוסף לעווינשטיין. וואַרשא, 1914
דור ודורשיו, א. אפּרתי. ווילנא, תרמ״ט
דור ישרים, אלחנן האַרקאַווי. נ״י, 1903
דורות בונדיסטן. נ״י. . .
דורות האחרונים, ב.צ. אײַזענשטאַדט. נ״י, תרע״ד־תרע״ה, תרצ״ג־תש״ח
דעת קדושים, י.ט. אײַזענשטאַט. פּטרבורג, 1897
וילנה הציונית ועסקניה, ח. לונסקי. ת״א, תרע״ז
ז. רייזען, זע: לעקסיקאָן
זכרון יעקב, יעקב ליפּשיץ, פֿרנקפֿורט־קובנה, 1927־1930
זכרונות בת עמי, א. דיינאַרד. נוי ארליאַנס, תּרף
חורבן ליטע, אפֿרים אָשרי. נ״י, 1951
חכמי ישׂראל באַמריקאַ, ב.צ. אייזענשטאַדט. נ״י, תרס״ג
חלקת מחוקק, אָשר ליב בריסק. ירושלים, תּרס״ב
יהדות ליטא. ת״א, תש״ך־תשד״מ
יהדות ליטא, י.ד. קמזון. ירושלים, תשי״ט
יזכּור־בוך סואַואַלק. נ״י, 1961
יזכּור־בוך ראַקישאָק. יאָהאַנעסבורג, 1952
כּלילת יופֿי, ח.נ. דעמביצער. קראקא, תּרמ״ח
ליטע I, נ״י, 1951
ליטע II, ת״א, 1965
לכּסיקון הספרות העברית בדורות האחרונים, ג. קרסל. מרחביה, 1965־1967
לעקסיקאָן פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור, פּרעסע און פֿילאָלאָגיע, ז. רייזען. ווילנע, 1926־1929
לעקסיקאָן פֿון דער נײַער יידישער ליטעראטור. נ״י, 1956־1981
לעקסיקאָן פֿון ייִדיש־שרײַבערס, בערל כּהן. נ״י, 1986
לעקסיקאָן פֿון ייִדישן טעאטער, ז.זילבערצווײַג. נ״י־מעקסיקע, 1931־1969
לקורות היהודים בקובנה וסלבודקה, ד.מ. ליפּמאַן. קידאַן, תּרצ״א
לקורות עיר נאָוואהרדאָק, משה מאַרקאָוויץ. ווארשא, תרע״ג
לקורות עיר קיידאַן ורבניה, משה מאַרקאָוויץ. ווארשא, תרע״ג
לקורות עיר ראסיין ורבניה, משה מאַרקאָוויץ. ווארשא, תרע״ג
מדור לדור, צ.ה. קאלפּ. ווארשא, תּרס״ב
מוסדות תּורה באירופּה. נ״י, תּשט״ז
מכתּב מאליהו, ד. בונימאָוויץ. ווילנא, תּרס״ב.
מקור ברוך, ברוך עפּשטיין. ווילנא, תּרפּ״ח
נחלת עולמים, ש. יעווניין. וואַרשא, תּרמ״ו
ספֿר האישים. ת״א, תּרצ״ז
ספֿר הזכרונות, א.א. פֿרידמאַן. ת״א, תּרפּ״ו
ספֿר היובל של אגודת הרבנים דארצות־הברית וקנדה. נ״י, תּרפּ״ח
ספֿר הפרענומעראַנטן, בערל כּהן. נ״י, 1975
ספֿר טלז. ת״א, 1984
ספֿר יֶזנה. ת״א, 1967
ספֿר קיידאַן. ת״א, 1977
עיר גבורים, ש.א. פֿרידענשטיין. ווילנא, תּר״מ
עיר דובנאָ ורבניה, מ. פּעסיס. קראקא, תּרס״ב
עיר ווילנא, הלל נוח מגיד. ווילנא, תּר״ס
עיר תהלה, א.ל. פֿײַנשטיין. וואַרשא, 1886
עלֵי חלדי, י. ניסענבוים. ורשה, תּרפּ״ט
ערים ואמהות בישׂראל, י.ל. מימון. ירושלים, תּש״ח, תּשט״ו
פּנקס ביאַליסטאָק, א.ש. הערשבערג. נ״י, 1949

---

*) דאָ ווערט געגעבן אַ פֿולערע דעסקריפּציע פֿון ביבליאָגראַפֿישע מקורות, וואָס אין טעקסט זײַנען זיי אין אַ פֿאַרקירצטער פֿאָרעם.

*Biuletin* Żydowskiego Institutu Historycnego w Polsce. Warszawa, 1987

Blackbook of Localities whose Jewish Population was exterminated by the Nazies. [Jerusalem], 1965

*Birzų Dvaro* Teismo Knygos, 1620-1745. Vilnius, 1982

Ghillbert de Lannoy in Medieval Lithuania, P. Klimas. New York, 1945

*Haskalah,* J. Meisel. Berlin, 1919

*Jüdische Ritual-Morde* in Russland,J. J. Liutostanski. Peterburg, 1876.

Kedainių miesto istorija, P. Šimkūnas, 1928

*Litauen,* Y. Ehret. Bern, 1919

*Recueil* de Matériaux sur la Situation economique des Israelites de Russie. Paris, 1906

Sūduvijos Suvalkijos Istorija, Jonas Totoraitis. Kaunas, 1938

Uzňemuné po Prūsais, Augustinas Janulaitis. Kaunas, 1926

פנקס יעקאפא. ווילנע, תרצ"א

פעמי הגאולה, א. צנציפר. ת"א, תשי"ב

פון וואלאזשין ביז ירושלים, מאיר בערלין. נ"י, 1933

קהלת משה, ש. וינר. פטרבורג, תרנ"ג

קובץ שושנים, י. לונץ. ווארשא, תרנ"א

קורות בית-העלמין הישן בוילנה, ישראל קלוזנר. וילנה, תרצ"ח

קורות היהודים בשיאוליאי, שמעון כהן. שיאוליאי, 1936

קריה נאמנה, ש"י פין. ווילנא, תר"ך

רשימת החברים לתמיכת בני-ישראל עובדי אדמה בסוריא וארץ-ישראל. אדעססא, תרנ"ו

שם הגדולים השלישי, משה מארקאוויץ. ווילנא, תרע"א

תולדות אליהו, א.ל. פרומקין. ווילנא, תר"ס

תולדות אנשי שם, ד"ט אפרתי. ווארשא, תרל"ה

תולדות אנשי שם (ראנד). נ"י, תש"י

תולדות חברת מרבי השכלה בישראל, י.ל. ראזענטהאל. פטרבורג, תרמ"ח-תר"ן

תולדות חכמי ירושלים, א.ל. פרומקין. ירושלים, תרפ"ח

תולדות ישיבת היהודים בקורלאנד, לוי אווצינסקי. פיעטרקוב, תרס"ח

# הקדמה

אין מײַן לאַנגיאָריקער אַרבעט אין די גרויסע ביבליאָטעקן פֿון ייִוואָ און ייִדיש־טעאָלאָגישן סעמינאַר אין ניו־יאָרק איז מיר אויסגעקומען דורכצוקוקן פֿיל טויזנטער ביכער. עס האָבן זיך געוואָרפֿן אין די אויגן נעמען פֿון מענטשן און שטעט אין מײַן ליטע. תּחילת האָב איך זיך באַגנוגנט נאָר מיטן לייענען עס, אָבער שפּעטער האָב איך גענומען נאָטירן די אַלע אָנגעטראָפֿענע נעמען, אַ מאָל בקיצור און אַ מאָל מער באַריכות.

אין אָנהייב איז דאָס פֿאַרצייכענען געווען נאָר אויס קוריאָזיטעט וועגן, אָבער ווען די נאָטיצן האָבן גענומען זיך בערגלען גיך אַרויף, האָב איך אָנגעהויבן טראַכטן, אַז זיי קענען האָבן אַ וויכטיקן באַטײַט פֿאַר דער געשיכטע פֿון ייִדישע שטעט און שטעטלעך אין ליטע און אירע גדולים. דעמאָלט זײַנען ניט בלויז מײַנע פֿאַרצייכענונגען געוואָרן סיסטעמאַטישער, נאָר איך האָב שוין אַליין גענומען זוכן מאַטעריאַלן וועגן ליטע, סײַ אין ביכער, סײַ אין צײַטונגען.

וואָס שייך צײַטונגען רעדט זיך מערסטנס וועגן העברעיִשע און אין דער צווייטער העלפֿט פֿון נײַנצנטן יאָרהונדערט. צוויי טעמים: 1. אין דער דאָזיקער תּקופֿה זײַנען געווען אין רוסלאַנד פֿיר העברעיִשע טאָגצײַטונגען (מיט איבעררײַסן): **המגיד, המליץ, הצפֿירה, היום** — אין ייִדיש קיין איינע ניט. 2. זייער ווירקונגצײַט איז אויך אַ סך אַ לענגערע. דאָס ייִדישע וואָכנבלאַט **קול מבֿשׂר** האָט עקסיסטירט צען יאָר (1862־1872) און דאָס וואָכנטלעכע **יודישעס פֿאָלקס־בלאַט** 9 יאָר (1881־1890). די העברעיִשע זשורנאַלן אין יענער תּקופֿה האָבן זיך אויך געהאַלטן לענגער ווי די ייִדישע און אַפֿילו זייער צאָל, דאַכט זיך, איז געווען אַ גרעסערע.

אויסער זייער היסטאָרישן באַטײַט פֿאַר ייִדישע שטעט און שטעטלעך אין ליטע אין צווייטער העלפֿט פֿון נײַנצנטן יאָרהונדערט, האָבן די קאָרעספּאָנדענציעס אין די דעמאָלטיקע העברעיִשע צײַטונגען אַ גרויסן ביאָגראַפֿיש־גענעאַלאָגישן ווערט. זיי פֿלעגן זיך נוהג זײַן צו געבן רשימות נעמען פֿון מנדבֿים פֿאַר בניין ארץ־ישׂראל, פֿאַר ייִדישע געליטענע פֿון הונגער, שׂריפֿות אָדער אַנדערע אומגליקן אין אַנדערע ליטווישע מקומות — די רשימות פֿון ערשטן סאָרט פֿלעגן אָפֿט האָבן הונדערטער נעמען.

ס'איז אַ גרויסער שאָד, וואָס די רעדאַקטאָרן פֿון אַרום 15 גרעסערע און קלענערע יזכּור־ביכער פֿון שטעט אין ליטע, געדרוקטע אין ישׂראל די לעצטע יאָרן, האָבן ניט געפֿונען קיין וועג צו יענעם וואָגיקן גענעאַלאָגישן מאַטעריאַל. זיי וואָלטן געקענט צוטראָגן צו זייערע לייענערס צענדליקער און זייער אָפֿט הונדערטער נעמען פֿון זייערע ייִדן אין שטאָט און שטעטל, וואָס אַ סך פֿון זיי קענען זײַן מישפּחה און קרובֿים.

מיר האָבן זיך אויך געסטאַרעט אויסצונוצן ווי ווײַט מעגלעך די ייִדישע און העברעיִשע מעמואַרן־ליטעראַטור. דאָס איז ניט פֿון די לײַכטע זאַכן, ווײַל ס'איז ניטאָ קיין טעמאַטישער וועגווײַזער צו איר. ס'האָט ניט איין מאָל זיך געטראָפֿן, אַז מיר האָבן זיך אַרויסגעהאָלפֿן מיט זיכרונות אין אויפֿקלערן סתּירהדיקע דאַטעס וועגן אַ געשעעניש אָדער נאָמען פֿון אַ מענטשן אין אַ שטעטל.

מאַטעריאַלן אין ליטוויש זײַנען גאָר שטאַרק צו ניץ געקומען. אָן זיי וואָלטן געבליבן אַ סך חללס, בייִחוד אין דער געשיכטע פֿון ייִדישע ייִשובֿים אין ליטע.

*

נאָך ד״ר מענדל סודאַרסקיס גרויס בוך **ליטע** (אין 1951) און נאָך די פֿיר ריזנבענד **יהדות ליטא** (זינט 1960 און ווײַטער), באַזונדערס כּרך ג׳, וואָס איז ענלעך אין זײַן טעמאַטישער ראַם צו אונדזערס (אויסער דער תּקופֿת פֿון דער אומאָפּהענגיקער ליטע) — האָב איך אָנגעהויבן צו ספֿקן אין מײַן פּלאַן אַרויסצוגעבן אַ בוך. מײַנע מאַטעריאַלן זײַנען דעמאָלט געלעגן נאָך צעוואָרפֿענע, ניט סיסטעמאַטיזירט, האָב איך אָן אַ סיסטעם, ריין־צופֿעליק, אין משך פֿון וואָכן אַרויסגעצויגן מאַטעריאַלן וועגן שטעטלעך, געשעענישן, פּערזענלעכקייטן. ווען זייער צאָל האָט דערגרייכט 75, האָב איך גענומען זיי פֿאַרגלײַכן מיט די זעלביקע מאַטעריאַלן אין כּרך ג׳ פֿון **יהדות ליטא** — האָט זיך אַרויסגעוויזן אין מערסטע פֿאַלן, אַז אין מײַנע זײַנען דאָ אַ סך הוספֿות, פֿון צײַט־צו־צײַט אויך תּיקונים און זייער אָפֿט אויך לחלוטין־נײַע מאַטעריאַלן.

ווען מען רעדט וועגן נײַע־מאַטעריאַלן דאַרף מען באַזונדערס אַרויסהייבן דעם עניין פֿון דאָרפֿישע ייִדישע ייִשובֿים אין ליטע. די סאָציאַלע מערכה פֿון אַ ייִשובֿניק איז בײַ ייִדן אין ליטע געווען זייער אַ נידעריקע. דער ייִשובֿניק איז כּמעט געווען ווי איינער „שלא מן הייִשובֿ״. ווען ער פֿלעגט קומען אין שטעטלשן בית־מדרש אַרײַן אויף אַ שבת אָדער יום־טובֿ, פֿלעגט ער זיצן בײַם אויוון, און „עליות״ — אויב מען האָט אים שוין אַ מאָל מכבד געווען מיט דעם — פֿלעגט ער קריגן פֿון די מאָגערסטע. אַ ייִשובֿניק איז אָפֿט געווען אַן אָביעקט פֿון אָפּלאַכערישע אַנעקדאָטן, זעלטן פֿון פֿאָרשונג.

און מען דאַרף ניט פֿאַרגעסן, אַז די דאָרפֿישע ייִדישע ייִשובֿים אין ליטע זײַנען אין צאָל ניט געווען „בָטל בשישים״. אין אַ סטאַטיסטיק פֿון 1867 וועגן דער צאָל ייִדן אין דער קאָוונער גובערניע ווערט אָנגעגעבן: 62,195 אין שטעט, 117,269 אין שטעטלעך און 33,202 אין דערפֿער. אַזאַ גרויסע צאָל ייִדישע דאָרפֿלײַט אין אַזאַ קליין לאַנד און די פֿאָרשונג וועגן זיי איז נאָך כּמעט אַ „קרקע בתולה״.

אַ התחלה פֿון אַזאַ פֿאָרשונג — און אפֿשר איז דאָס אַ ביסל מער ווי אַ התחלה — ווערט געמאַכט אין דאָזיקן בוך. אין אַ באַזונדערן אָפּטייל ווערן געגעבן 369 דאָרפֿישע ייִדישע ייִשובֿים. די ידיעות שטאַמען פֿון ביכער און אַ ביסל אויך באַקומענע בעל־פּה פֿון ייִדן, וואָס האָבן נאָך געדענקט פֿון דעם אָדער יענעם דערבײַיִקן דאָרף אין זייער סבֿיבֿה. יעקבֿ ראַסיין, אַ מומחה אין די דאָזיקע ענינים, האָט געשאַצט זייער צאָל אויף איבער 200, ער האָט זיכער שטאַרק אונטערגעשאַצט זייער צאָל. מען קען מיט זיכערקייט איצט משער זײַן , אַז אויך אין אונדזער אַרבעט פֿעלן אַ פּאָר הונדערט ייִדישע דאָרפֿישע ייִשובֿים און גיכער נאָך מערער.

אַ גאָר וויכטיקער היסטאָרישער צושטײַער האָט דאָס מאַקסימאַלע אויסניצן פֿון פּרענומעראַנטן־רשימות אין העברעיִשע ספֿרים. דאָס איז אַ ריין־פּיאָנערישע אַרבעט. דאָ און דאָרט זײַנען זיי גענוצט געוואָרן אין ייִדישע און העברעיִשע קולטור־געשיכטלעכע ווערק, אָבער דאָס איז צום ערשטן מאָל, אַז זייער סאָציאָלאָגיש, דעמאָגראַפֿיש און גענעאַלאָגיש מאַטעריאַל זאָל געגעבן ווערן אין אַזאַ ריזיקן פֿאַרנעם. עס איז כּמעט ניטאָ קיין איין שטאָט אָדער שטעטל אין דאָזיקן בוך, וואָס איז ניט באַרײַכערט געוואָרן פֿון דעם פּרענומעראַנטן־מאַטעריאַל.

צוליב די אַלע דערמאָנטע נײַע מאַטעריאַלן, ווי אויך צוליב אָן אַ צאָל הוספֿות, האָבן מיר באַשלאָסן אַרויסצוגעבן דאָס דאָזיקע בוך.

*

אין די לעצטע סטאַדיעס פֿון צוגרייטן דעם מאַנוסקריפּט צום דרוק און צונויפֿברענגען צוזאַמען אַלע מאַטעריאַלן פֿון איין עניין אין איין אָרט, פֿלעגן זיך אַ מאָל אַרויסשטעלן סתּירות פֿון איין ידיעה לגבי אַ צווייטער, פֿון איין מקור אויף אַ צווייטן.

אין אַזאַ פֿאַל האָבן מיר זיך נוהג געווען אַזוי: אויב די הכרעה איז געווען הונדערט־פּראָצענט קלאָר, זײַנען מיר געווען דער „פּסוק השלישי" און מכריע געווען. אויב ס'איז אונדז ניט געווען אין גאַנצן קלאָר וואָס פֿאַר אַ צד ס'איז גערעכט, האָבן מיר געטראַכט, אַז דאָס גלײַכסטע און יושרדיקסטע איז צו געבן בײדע (אַ מאָל אויך מערערע) זיך סותרדיקע מקורות. אין פֿאַלן, ווען אונדז גופֿא זײַנען געווען ספֿיקות בנוגע אַ דאַטע אָדער פֿאַקט, האָבן מיר צוגעשטעלט אַ פֿרעגצייכן אָדער דעם טראַדיציאָנעלן „וצריך עיון".

*

אין טיטל פֿון בוך שטייט: „ביזן 1918", אָבער פּעריאָדיזאַציעס אין געשיכטע זײַנען ניט זעלטן קינסטלעך, אין אונדזער פֿאַל זיכער. זאָל מען ניט געבן די טויטדאַטע פֿון אַ רבֿ אָדער שרײַבער, ווײַל עס פֿאַלט אויס **נאָך** 1918? זאָל מען איבעררײַסן די סטאַטיסטישע קייט פֿון ייִדן אין אַ שטעטל, ווען אַ דאַטע קומט אויס **נאָך** 1918? — אַוודאי ניט. די גאַנצע באַשרײַבונג פֿון ייִדישן געזעלשאַפֿטלעכן, קולטורעלן, רעליגיעזן און סאָציאַל־עקאָנאָמישן לעבן **נאָך** 1918 פֿאַלט, נאַטירלעך, אָפּ, אָבער דאָס איז לחלוטין ניט חל אויף איינצלנע עפּיזאָדן, ווי די צוויי פֿריִער דערמאָנטע אָדער ענלעכע.

איין זאַך איז דאָ אין בוך, וואָס האָט אין גאַנצן צו טאָן מיט דער תּקופֿה פֿון **נאָך** 1918 — דאָס איז דאָס קאַפּיטל וועגן די העברעיִשע שולן אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע. אָבער דאָס איז ניט פֿאַרבונדן מיט די איבעריקע טיילן פֿון בוך און דאָס ווערט געגעבן בתּורת הוספֿה וועגן אַ וויכטיק קאַפּיטל אין ייִדישן לעבן פֿון ליטע נאָך 1918.

*

פֿאַר אַרויסהעלפֿן מיט פֿאַרשיידענע אינפֿאָרמאַציעס קומט אַ דאַנק די פֿרײַנד ישראל קאַפּלאַן (תּל־אָביב), רפֿאל לעווין, (מאָריסטאון), יעקבֿ שייפּער (לאָס אַנדזשעלעס), לייב קאָניוכאָווסקי (מיאַמי), עזריאל (וואַטשעק), טורבאָוו (ברוקלין).

אַ באַזונדערס גרויסן דאַנק קומט דינה אַבראַמאָוויטש, רעפֿערענץ־ביבליאָטעקאַרין פֿון ייִוואָ־ביבליאָטעק אין ניו־יאָרק, פֿאַר באַרײַכערן דאָס בוך מיט אירע פֿילצאָליקע ביבליאָגראַפֿישע מקורות.

# א

## אַבעל OBELIAI

ראַקישער קרײַז. לויט אַלטע מצבֿות האָבן ייִדן דאָ געלעבט שוין אַרום מיטן זעכצנטן יאָרהונדערט, אָבער אין נישטיקע צאָלן. אַן אָרגאַניזירטע ייִדישע קהילה האָט זיך אָנגעהויבן אַרום מיטן אָדער סוף אַכצנטן יאָרהונדערט.

אין 1897 האָבן דאָ געלעבט 652 ייִדן, 1923 — 680 און פֿאַרן חורבן — אַרום 500. ייִדישע פּרנסות זײַנען געווען קרעמערײַ, מלאכה און מערסטנס האַנדל־עקספּאָרט פֿון פֿלאַקס, האָלץ און פּירות.

אין 1899 איז דאָ געווען אַ גרויסע שׂריפֿה. דאָס און דער געעפֿנטער קריסטלעכער קאָאָפּעראַטיוו אין ערשטן צענדליק פֿון איצטיקן יאָרהונדערט האָבן שטאַרק אָפּגעשוואַכט די ייִדישע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס. דאָס האָט אַרויסגערופֿן אַ גרויסע ייִדישע עמיגראַציע. דערצו זײַנען נאָך צוגעקומען די טומלדיקע צײַטן פֿון יאָר 1905, ווען אויפֿגעהעצטע פּויערים פֿלעגן באַפֿאַלן די רעגירונג־מוסדות און קאָזאַקן פֿלעגן קומען אין שטעטל דערשטיקן די אומרוען.

די אָרטיקע ייִדישע יוגנטלעכע האָבן אויך געפֿירט אַ רעוואָלוציאָנערע אַרבעט, באַזונדערס די בונדיסטן, צווישן זיי איידל זאַקשטיין, יאַנקל סניעג א״אַ. אין ערשטן וועלטקריג, אונטער דער דײַטשישער אָקופּאַציע, איז דער בירגער־מײַסטער געווען משה זאַקשטיין. פֿאַר דעם האָבן ייִדן געליטן פֿון קאָזאַקישע פּאָגראָמען סוף 1914 און אָנהייב 1915.

**רבנים.** — ר׳ שלמה בר׳ גרשון, אַן ערך לעצטן פֿערטל פֿון אַכצנטן יאָרהונדערט; ר׳ חיים בר׳ שלמה.

ר׳ חיים־נתן לעווין, געבאָרן 1824 אין קיידאַן. פֿריִער רבֿ אין אַנטיפּאָלע, ליווינהאָף (קורלאַנד), אַליטע און נאָך אַבעל אין ווענגראָוו און ניקאָפּאָל, וווּ ניפֿטר געוואָרן אין 1897.

ר׳ זלמן סג״ל, אַרום לעצטן פֿערטל פֿון נײַנצנטן יאָרהונדערט.

ר׳ בונעם־צמח זילבער, געבאָרן אין דוסיאַט. נאָך אַבעל רבֿ אין קאַמײַ און פֿון 1914 אבֿ״ד דוסיאַט. פֿאָטער פֿון ר׳ אליעזר סילווער, באַקאַנטער רבֿ אין אַמעריקע.

ר׳ יוסף יאָסעלאָוויטש, פֿון

1907. שפּעטער רבֿ אין סעמיאַטיטש, סוּוואַלק, ווו ניפֿטר געוואָרן י״ט שבֿט, תרצ״ה.

ר׳ שבתי חיים שאָכעט. רבֿ אין וועראַ (פֿינלאַנד), שפּעטער אין אַבעל, פּאָרטלענד (אַמעריקע). מחבר פֿון **זהבֿ שחוט** (בערלין, תּרע״ו).[1]

ר׳ טוביה־דוד שלעזינגער, נאָך אַבעל רבֿ אין דוסיאַט. האָט חידושי־תּורה אין **בית ועד לחכמים**.

ר׳ משה־זאבֿ בר׳ שאול הכּהן, געבאָרן 1886 אין קורשאַן. פֿון 1911 רבֿ אין פּלאָטל, דערנאָך אין אַבעל, ברעסלוי, ליוועניהאָף (קורלאַנד) און פֿון 1924 אין שיקאַגאָ. האָט חידושי־תּורה אין **שערי תּורה**. 1922 געשריבן אין **אידישער לעבן** (קאָוונע) אונטער „פּלוני וְכֹהן״.

ר׳ יעקבֿ גפֿן, ניפֿטר געוואָרן 1928; ר׳ אַבֿרהם מאיראָוויץ, פֿון 1928 ביז זײַן אומקום אין 1941, הי״ד. זײַן שווער, ר׳ בצלאל כּץ, אב״ד ראַקישאָק.

אין 1851 זײַנען דאָ געווען 13 פּרענומעראַנטן אויף **זכר חיים**, נתן־חיים בר׳ משה [שאָכעט].

**אָפּשטאַמיקע.** — ר׳ אליעזר סילווער, דאָ געבאָרן אין 1882, זון פֿון ר׳ בונעם־צמח. איינער פֿון די פֿירנדיקע אָרטאָדאָקסישע רבנים אין אַמעריקע. ר׳ אליעזרס זון, ר׳ דוד, דאָ געבאָרן 1907, רבֿ אין בראָנקס און העריסבורג. אויטאָר פֿון „דזשוּיִס קאורט אין די מידל איידזשעס.״; ר׳ טוביה־דוד שלעזינגער, אַ הי־געבאָרענער.

בנימין־גוטל זאַק, דאָ געבאָרן 1889. יידישער זשורנאַליסט און איבערזעצער. פֿון 1905 אין קאַנאַדע. אויטאָר פֿון **געשיכטע פֿון ייִדן אין קאַנאַדע** (מאָנטרעאל), 1945 (ענגליש), 1948 (ייִדיש). געשטאָרבן 1967 אין מאָנטרעאָל.

**ניכבדים.** — ר׳ חנוך־זונדל זינגער, ש״ץ ושו״ב, אַרום 1870־1880; ר׳ מענדל קלאַצקין, זון פֿון ר׳ ישׂראל־איסר קלאַצקין, אב״ד האַנושישאָק און ליווינהאָף (קורלאַנד); ר׳ מאיר־יאָסע מאיראָוויץ.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המליץ, 1899: 185; הד הזמן, 1910: 264; יגדיל תּורה, 1911; בית ועד לחכמים, סאַטמאַר, תּרפ״ו, תרפ״ח; תּולדות אנשי שם (ראנד). נ״י, תּש״א, ע׳ 48; ראַקישקער יזכּור־בוך. יאָהאַנעס־בורג, 1952. ז׳ 271 א״א; יזכּור־בוך סוּואוואַלק. נ״י, 1961, ז׳ 150; שמואל יַלוב, מנחת שמואל. ירושלים, תּשכ״ו; מ. מאַרקאָוויץ, לקורות עיר קיידאַן ורבניה. ע׳ י״ב; לעקסיקאָן, 3; ב. כּהנס לעקסיקאָן, ז׳ 257; „ליטע״, I זז׳ 1427, 1545; יהדות ליטא, ג׳; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 26. Black Book.

## אַוואַנטע ALUNTA

קרײַז אוטיאַן (אונטערן צאַר — ווילקאָמיר). אַן אַלטער מקום. אין 1534 איז דאָ געבויט געוואָרן דער ערשטער

1) לויט ד״ר יצחק ריבֿקינד, איז דאָ אַ פּאָר יאָר געווען רבֿ ר׳ צבֿי פֿוקסמאַן.

קלויסטער. דער ייִדישער ייִשובֿ האָט זיך געמוזט אָנהייבן סוף 18טן אָדער אָנהייב 19טן יאָרהונדערט. אין 1878 איז דאָ שוין געווען אַ רב — אַ סימן, אַז ייִדן זײַנען דאָ געווען שוין אַ צײַט פֿריִער. אין 1923 האָבן דאָ געווינט 222 ייִדן, פֿאַרן חורבן — אַרום 130.

1883-1878 איז דאָ געווען רבֿ ר' בנימין גיטלזאָן, געבאָרן 1851 אין אוז־ווענט, שפּעטער אין טראַשקון און פֿון 1890 אין קליוולאַנד., ווו ניפֿטר געוואָרן 1932. בעל **הפותח וחותם** (נ״י, תּרנ״ח) און **נגיד ונפֿיק**, פּירוש אויף הגדה (ירושלים, תּרס״ד). אייניקל פֿון הצדיק ר' הירשעלע שילעלער.

פֿון 1911 איז דאָ געווען רבֿ ר' שמואל־יצחק בר' חיים־יהודה סיגאַר, געבאָרן 1875 אין פּאָסוואָל, מגזע הגר״א. איידעם פֿון ר' מרדכי הילמאַן, אבֿ״ד פּאַשוועטין.

דאָס שטעטל האָט מען אויך גערופֿן אַלונטע.

ביבליאָגראַפֿיע. — חכמי ישראל באמריקא, ע' 28; אהלי שם, ע' 3; Lietuviškoji Enciklopedija, II. p. 367. Black Book.

## אוזוועֶנט UŽVENTIS

שאַוולער קרײַז. אַ יונגער ייִדיש־ער ייִשובֿ. 1897 האָבן דאָ געווינט 300 ייִדן, 1923 — 173 און פֿאַרן חורבן — בײַ 120.

בעת דעם ערשטן פּוילישן אויפֿ־שטאַנד (1831) זײַנען די ייִדן געווען צווישן צוויי פֿײַערן: די רעגירונג האָט געפֿאָדערט פֿון די ייִדן לאָיאַליטעט און די אויפֿ־שטענדלערס האָבן געסטראַשעט ייִדן מיט נקמה, אויב זיי וועלן ניט העלפֿן דער מרידה. די אויפֿשטענדלערס האָבן גערופֿן די ראשי־הקהל אויף א געהיימער פֿאַרזאַמ־לונג און אויפֿגעפֿאָדערט די ייִדן צו שפּיאָנירן פֿאַר זיי. זיי האָבן געוואָרנט, אויב עס וועט זײַן אָנפֿאַל פֿון די סאָלדאַטן אויף זיי אָן אַ ידיעה פֿאָרויס פֿון קהל, וועלן ייִדן באַצאָלן דערפֿאַר מיט בלוט.

אין 1884 איז דאָ פֿאַרלאָפֿן אַ מעשׂה, וואָס האָט אויפֿגערודערט דאָס שטעטל: אַ מגיד פֿון אַ פֿרעמדן מקום האָט געהאַלטן אַ דרשה אין בית־מדרש. נאָכדעם איז ער מיטגעגאַנגען מיט אַ בעל־הבית, וואָס האָט אים פֿאַרבעטן אויף עסן און נאַכטלעגער. בײַ נאַכט איז דער מגיד באַפֿאַלן דעם מכניס־אורח מיט אַ רעוואָל־ווער און אים באַרויבט. מען האָט אים געכאַפּט און געפֿונען 1000 רובל אין זײַנע תּפֿילין.

אין אַ רשימה מנדבֿים פֿון 1903 פֿאַר בניין־הארץ זײַנען דאָ מערערע אוז־ווענטער.

1904 זײַנען געווען 6 אוזווענט־ער פּרענומעראַנטן אויף **בית ידידיה**, שאול־ידידיה שוחט.

**רבנים.** — ר' יעקבֿ מרדכי

דינעזאָן, געבּ׳ 1840 אין שקלאָוו (אַנדער מקור: נײַזאַגער). פֿון 1873 רבֿ אין גאַוורע, 1880־1887 אין אוזווענט, דערנאָך קאַזיאָנער ראַבינער אין ליבאַווע. מחבר פֿון **ישרש יעקבֿ**. געדרוקט חידושי־תּורה אין אונגאַרישן **אֹהל יצחק**.

ר׳ שלמה־נתן קאָטלער, געבאָרן 1855 אין קאָוונע. פֿון 1875 ר״מ אין לאָמזשע און סלאַבאָדקע, דערנאָך רבֿ אין אוזוועַנט, 2 יאָר אין ניו־יאָרק. 1901 געקומען צוריק קיין ליטע, און פֿון 1901 רבֿ אין קורשאַן און לוקניק. נאָכן ערשטן וועלטקריג 7 יאָר רבֿ אין דעטראָיט (אַמע־ריקע). עולה געווען קיין ירושלים, ווּ ניפֿטר געוואָרן אין 1945. חיבורים: **בית שלמה** (סט. לואיס, תּרפ״ז), **פּרם שלמה** (ירושלים, תּרצ״ו). האָט חידושי־תּורה אין סלוצקער **יגדיל תּורה** (1909, 1910) און הערות און חידושי־תּורה אין די ספֿרים פֿון ר׳ יצחק־אײַזיק ראַבינאָוויץ, רבֿ פֿון שאַוול. זײַנע איידעמס: ר׳ יעקבֿ־משה חרל״פּ, ר״מ פֿון „מרכּז הרבֿ״ אין ירושלים, איבער־געלאָזן אַ סך חיבורים בכל חלקי התּורה. ניפֿטר 1952. ר׳ אַריה־לייב הכּהן קאַפּלאַן, רבֿ אין שיקאַגאָ; ר׳ דוד־גרשון רובינשטיין, שפּעטער רבֿ אין קול, הי״ד.

ר׳ נתנאל־יוסף גראַז, 1899־1926. ער פֿלעגט זאַמלען געלט און עס געבן די בעקערס, כּדי זיי זאָלן רעכענען אָרעמעלײַט 2½ קאָפּיקעס אַ פֿונט ברויט אנשטאָט 3½. געווען אויך רבֿ אין וואַר־זשאַן.

ר׳ יעקבֿ וואָלפּע, איידעם פֿון ר׳ ישׂראל־בענדעט פּײַוולזאָן, אבֿ״ד בייסעגאָלע און קורשאַן.

**אָפּשטאַמיקע.** — ר׳ בנימין גיטעלזאָן, דאָ געבאָרן 1851. פֿון 1878 רבֿ אין אַוואַנטע, 1883 — אין טראַשקון, 1890 אין קליוולאַנד, ווּ ניפֿטר געוואָרן 1932. אייניקל פֿון ר׳ הירשעלע שילעלער.

ר׳ ירוחם לייבאָוויץ (ר׳ ירוחם אוזוועַנטער), געבאָרן 1874 אין לובען (מינסקער גובערניע). געלעבט לאַנגע יאָרן אין אוזוועַנט. אַ מוסר־משפּיע אין קעלמער און פּאָנעוועזשער ישיבֿות. אויסער זײַן משגיחות אין מירער ישיבֿה, פֿלעגט ער זאָגן דאָרטן טיפֿע מוסר־שמועסן פֿאַר די בני־הישיבֿה. אויפֿגעשטעלט טויזנטער תּלמידים. ניפֿטר געוואָרן 1936.

ר׳ משה ראָזענשטײַן, געבאָרן 1881 אין אוזוועַנט, איז זינט 1912 געווען משגיח אין לאָמזשער ישיבה. געפֿאַסט אַ סך תּעניתים, געשלאָפֿן ווייניק און געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף דער ישיבֿה. 1940 מיטגעוואַנדערט מיט דער ישיבֿה, אַ קורצע צײַט אין ווילנע, דערנאָך אין פּלונגיאַן, ווּ ניפֿטר געוואָרן י״ג ניסן, תּש״א.

אַ שייכות מיט אוזוועַנט האָט געהאַט ר׳ שבתי סופֿר, בעל **הלכות דעות** (נ״י, 1899).

קאָרעספּאָנדענט פֿון **המליץ** — שרגא לעווין.

אין אַ הויף לעבן אוזוועַנט האָבן געוווינט אַ סך יאָרן די עלטערן פֿון ר׳ אֶלינקע קרעטינגער און מסתּמא נאָך עטלעכע יִדישע משפּחות.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המליץ, 1879: 25, 1884: 12, 1898: 166; 1903: 30; ד. בונימאָוויטש, מכתב מאליהו. ווילנא, תּרס״א. ע׳ 30; ב.צ. אײַזענשטאַדט, חכמי ישראל באמריקא, נ״י, תּרס״ג. ע׳ 28; אהלי שם. ע׳ 105; תולדות אנשי שם. ע׳ 110; הײַנטיקע נײַעס, קאָוונע, 1937: 779; בית־הכּנסת, ת״א, תּש״ז, חוב׳ ז׳; עין בעין, ת״א, תּשי״ח, ע׳ 53; יהדות ליטא, א,ג; ספר הפרענומעראַנטן, נומ׳ 100; Black Book.

## אוזשפּאָל UŽPALIAI

אוטיאַנער קרײַז. אוזשפּאָל איז פֿון די עלטערע שטעטלעך אין ליטע. דער ליטווישער היסטאָריקער A. Salys שרײַבט, אַז דאָס שטעטל ווערט שוין דערמאָנט אין אַ דאָקומענט פֿון ברעסט־ליטאָווסקער אָפּמאַך אין 1453. אין דאָקומענט הייסט דאָס שטעטל: Hus-pole.

דער ייִדישער ייִשובֿ דאָ רעכנט זיך פֿון אַרום סוף זיבעצנטן יאָרהונדערט. אין 1765 זײַנען דאָ געווען 109 ייִדישע שטײַער־צאָלערס, ד״ה אַרום 200 ייִדישע נפֿשות, אַ נישקשהדיקע צאָל פֿאַר אַ ייִדיש־ער קהילה אין יענע צײַטן. 1847 האָבן דאָ געוווינט 515 ייִדן, 1897 — 691, 1923 — 551 און ערבֿ חורבן — אַרום 400.

אין צײַט פֿון פּוילישן אויפֿ־שטאַנד אין 1863 האָבן די אָרטיקע ייִדן געהאַט אויסצושטיין צרות פֿון טייל אויפֿ־שטענדלערס. דערמיט דערקלערט זיך די מסירה פֿון אוזשפּאָלער ייִד שנײַדערמאַן אויף רויבערײַען פֿון די מורדים אין אוזש־פּאָלער געגנט, וואָס זײַנען שפּעטער באַשטראָפֿט געוואָרן פֿון דער רוסישער רעגירונג.

אין 1888 איז כּמעט גאַנץ שטעטל אַראָפּ פֿון אַ שריפֿה. פֿון אוטיאַן, 18 ק״מ פֿון שטעטל, האָבן ייִדן געשיקט געלט און קליידער. קיין איין ייִדיש הויז איז ניט געווען פֿאַרזיכערט.

אין 1884 זײַנען דאָ געווען 6 פרענומעראַנטן אויף **אמתּחת בנימין** פֿון בנימין העשין.

**רבנים** — ר׳ נפתלי־הערץ קלאַצקין, געב׳ 1823 אין דווינסק, פֿון 1851 ביז 1858, דערנאָך רבֿ אין שימבורג (קורלאַנד) ביז זײַן פּטירה אין 1894. מחבר פֿון **אילה שלוחה** (וואַרשא, תּרע״ב).

ר׳ ישראל־משה האַלבערשטאַט, פֿריער רבֿ אין דובנע. ניפֿטר 1871 אין אוזשפּאָל.

ר׳ שמואל בר׳ שלמה לעווין, פֿון 1888; ר׳ אַהרן קאַמראַז, 1934.

**אָפּשטאַמיקע.** — ר׳ ישראל־איסר קלאַצקין, זון פֿון ר׳ נפֿתּלי־הערץ, דאָ געבאָרן 1844, רבֿ האַנושישאָק און פֿון 1897 אין ליווינהאָף (קורלאַנד), ווו ניפֿטר 1921.

ר׳ אליהו קלאַצקין, זון פֿון ר׳ נפֿתּלי־הערץ און פֿאָטער פֿון ד״ר יעקבֿ קלאַצקין, באַקאַנטן העברעיִשן פֿילאָסאָף. פֿון 1881 רבֿ אין קאַרטוז־בערעזע, פֿון 1894 אין מאַריאַמפּאָל, פֿון 1910 אין לובּ־לין און פֿון 1928 אין ירושלים. דאָרטן

ניפּטר 1932. איינער פֿון די גדולי־התּורה בדורו. מחבר פֿון **אבֿן הראשה** (וואַרשא, תרמ״ז), **אבֿן פּנה** (פּיעטרקובֿ, תּרס״ז), **דבֿר אליהו** (לובלין, תרע״ה), **דבֿר הלכה** (לובלין, תרפ״א), **קונטרס לדוגמא** (שם, תרפ״א), **חיבת הקדש** (ירושלים, תרפ״ו), **דבֿרים אחדים** (ירושלים, תרפ״ט).

משה־מרדכי בלאָשטיין, געבאָרן 1894. פֿון 1919 אין קאַנאַדע. שטודירט מעדיצין און פּסיכאָלאָגיע. געדרוקט אַרטיקלען אין **דאָס יידישע וואָרט** (ווינניפּעג) וועגן פּעדאַגאָגיק און פּסיכאָלאָגיע. מחבר פֿון **אין פֿאַרטיידיקונג פֿון קינד** (ווינניפּעג, 1934), **אויף די וועגן צום קינדס נשמה** (עדמאָנטאָן, 1937), **אַ לערער רעדט זיך אָראָפּ פֿון האַרצן** (אַטלאַנטאַ, 1951), **דאָס לעצטע וואָרט** ת״א, 1963). געשטאָרבן 1964 אין מיאַמי־ביטש.

אלחנן־יעקב ראַבינאָוויץ, קאָרעספּאָנדענט פֿון **המגיד**.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המגיד, 1871: 42; המליץ: 205, 218; אחיאָסף, תּרנ״ד, ע׳ 460; לקורות עיר קיידאַן, ע׳ כ״ב; תּולדות ישיבֿת היהודים בקורלאַנד, ע׳ 154; מוראַוויאָווער מוזיי, נומ׳ 1369; ספֿר האישים, ת״א, תּרצ״ז, ע׳ 610; יהדות ליטא, ג׳; לעקסיקאָן, I; ספֿר הפּרענומעראַנטן. נומ׳ 102, Black Book.

# אוטיאַן UTĖNA

קרייזשטאָט. דער אָנהייב פֿון היגן יידישן יישובֿ פֿאַלט אויס אַרום אָנהייב 17טן יאָרהונדערט. אין 1665 איז שוין דאָ געווען אַ נישקשהדיקע קהילה — אָפֿיציעל האָבן דאָ געוווינט 341 יידישע צאָלערס פֿון קאָפּשטייער, אָבער יידן האָבן זיך תּמיד געסטאַרעט צו פֿאַרקלענערן זייער צאָל, כּדי צו צאָלן ווייניקער שטייערן, דעריבער קען מען משער זיין, אַז דעמאָלט האָבן געלעבט דאָ איבער 400 יידן. אין 1897 האָבן דאָ געוווינט 2405 יידן, 1923 — 2485, 1935 — אַרום 4500 און פֿאַרן חורבן — ביי 3000.

פֿון 1834 ביז 1934 זיינען געווען 97 אוטיאַנער פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

אין צייט פֿון משה מאָנטעפֿיאָריס באַזוך אין רוסלאַנד (1845) האָבן טייל יידישע קהילות געשיקט צו אים שליחים און מעמאָראַנדומס וועגן יידישן מצבֿ אין לאַנד. אַ באַזונדערס שאַרפֿער מעמאָראַנדום איז געקומען פֿון דעמאָלט יונגן רבֿ, דעם הי־געבאָרענעם ר׳ מרדכי גימפּל. ער האָט דערמאָנט, אַז אין לעצטן הונגעריאָר זיינען געשטאָרבן אַ 150 יידן פֿון הונגער. ער האָט אָפּגעלייקנט די

באַשולדיקונגען פֿון דער רעגירונג, אַז ייִדן זײַנען פֿויליאַקעס און ווילן זיך ניט נעמען צו ערדאַרבעט. ער האָט אָנגעוויזן, אַז טויזנטער ייִדן אין קאָוונער גובערניע האָבן געבעטן, אַז מען זאָל זיי קאָלאָניזירן און געבן ערד, אָבער נאָר 16 ייִדישע מישפּחות זײַנען קאָלאָניזירט געוואָרן. און גימפּל האָט אַרויסגעשטעלט אַ ריי פֿאָדערונגען צו דער רעגירונג.

בעת דעם צווייטן פּוילישן אויפֿשטאַנד (1863) האָט די אוטיאַנער קהילה געשיקט א טרײַקייט־טעלעגראַמע צום צאַר. דער ריכטער פֿון שטאָט איז געקומען אין בית־מדרש אַרײַן און פֿאָרגעלייענט דעם צאַרס ענטפֿער.

אין די 1860ער יאָרן איז אויסגעבויט געוואָרן אַ פּרעכטיקער בית־הכּנסת פֿאַר 6000 רובל. אין דער זעלביקער צײַט איז פֿאַרענדיקט געוואָרן דער בוי פֿון מרחץ פֿאַר 4000 רובל.

אין 1866 איז אויסגעבראָכן אַ גרויסע כאָלערע־עפּידעמיע. געווען אַ סך קרבנות. דער גבֿיר אַריה־לייב מ״ץ האָט געשאַפֿן אַ קאָמיטעט צו העלפֿן געטראָפֿענע פֿון אומגליק און באַזאָרגן אָרעמע קראַנקע מיט רפֿואות. דער פּריסטאַוו קאָריצקי האָט געהאָלפֿן מיט געלט און געגעבן זײַנע פֿערד צו ברענגען תּבֿואה פֿון די דערפֿער. דאָס איז געווען וויכטיק, ווײַל מען האָט דעמאָלט פֿאַרווערט די אַרומיקע פּויערים צו קומען אין שטאָט.

אין 1876 האָט „הכנסת אורחים״ אויסגעבויט אַן אייגן הויז. דרײַ מאָל אַ טאָג האָט מען געגעבן עסן. אָרעמע דורכגייערס זאָלן ניט גיין איבער הײַזער, האָט מען אײַנגעפֿירט אַ מינהג זיי צו געבן געלט.

1879 און 1890 האָבן געבושעוועט צוויי ריזיקע שריפֿות. דאָס האָט זיך אָפּגערופֿן אויף דער ייִדישער עקאָנאָמיק פֿון שטאָט.

*

אוטיאַן איז געווען אַקטיוו אין העלפֿן בויען א״י. אין אַ רשימה מנדבֿים פֿון 1909 פֿאַר בנין־האָרץ זײַנען דאָ די ווײַטערדיקע אוטיאַנער: צדוק ליפּשיץ, דובֿ רובינשטיין, שמעון־לייב גאָרדאָן, רפֿאל ברענער, יעקבֿ כּץ, לייב בערקאָוויטש, אַלטער מאַץ, שאול־געצל ציון, שלום־העשל גאָלד, צבֿי מאַץ, ראובֿן ווײַנינשקער, חיים־זלמן גאָלדפֿײַן, זלמן שולמאַן.

ה. קראַסקין, יחיאל־יוסף דרוק, חיים לעוויט, מענדל באַק, ישׂראל כּץ, דובֿ־לייב חייט, אַהרן־יוסף עפּשטיין, בן־ציון ליפּשיץ, בן־ציון קאַב, ישעיה קאַב, ישעיה ווײַן, מאָניש־יצחק לעווין, שמואל אולפֿבעלמאַן, אלחנן קאַנטאָר, בן־ציון גליקמאַן, ברוך בוז, אַבא־לייב שאַפּיראָ, יוסף שאַרפֿשטיין.

אַבֿרהם־דובֿ פּעריל, ירחמיאל מילער, נחוץ כּץ, אַבא־דוד שוואַבסקי, אַבֿרהם־משה שו״ב, יונה פֿינקל, אליהו־אַבֿרהם זאַק, ברוך פּאָלאַווניק, דוד חאַדאַב, מענדל מעלער, מאיר אײַזענשטאַדט, חיים־

צבֿי באַראילסקי, זאבֿ בערלין, צבֿי חײַט־אָוויץ, שלמה־יעקבֿ בערשטיין, שניאור־זלמן ליפּשיץ.

ברוך גילינסקי, משה כּץ, לייב שאַדור, יקותיאל רופּייל, חיים־שלמה זורער, בצלאל־ניסן באַק, שמעון פּינקל, שמעון אזור. די קלײַבערס: שמואל יאקאָבסאָן, אליעזר העלפּער.

נאָך פֿאַרן אויפֿקום פֿון חיבת־ציון געפֿינען זיך מצבֿות פֿון אוטיאַנער ייִדן אויפֿן ירושלימער בית־עולם:

נחמה בת ר׳ אליעזר מאוטיאַן
(אשת ר׳ צבֿי מאוטיאַן),
תּרכ״ז;
אסתּר [מלינקעווע]
בת ר׳ שלמה הכּהן מאוטיאַן,
תּרל״ד;
הירש בר׳ אַבֿרהם מאוטיאַן,
תּרל״ח.

מורשים פֿון א״י־פֿאָנדן: דובער רובינשטיין, שמואל יאַקאָבסאָן, ישׂראל־גרשון כּהן — אין רשימות מנדבֿים פֿון 1898, 1900, 1903.

אין ליסטעס בײַשטײַערערס פֿאַר ייִדישע הונגער־לײַדנדיקע אין ליטע פֿון 1871, 1872, 1874 זײַנען דאָ אַ סך אוטיאַנער.

**רבנים** — מיט די רבנים איז אַ גרויס רעטעניש. 1665 האָבן דאָ געלעבט אַרום 400 ייִדן. אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט זיך די קהילה זיכער פֿאַרגרעסערט, טאָ ווי קען דאָס געמאָלט זײַן, אַז אין כּמעט גאַנצע 200 יאָר האָט אוטיאַן ניט געהאַט קיין רבֿ? דער איינציקער תּירוץ: די נעמען זײַנען ניט באַקאַנט.

ר׳ שמואל בר׳ חיים, ניפֿטר אַרום 1820.

ר׳ דובער יפֿה, פֿריִער רבֿ אין קאַרעליץ, לויבטש, טוריץ („ר׳ בער טורעצער״) ניפֿטר 1823.

זײַן זון ר׳ יעקבֿ, בײַם אָננעמען די רבנות האָט ער געשטעלט אַ תּנאַי, אַז מען זאָל אים רופֿן מ״צ [מורה צדק], און אַזוי איז שוין פֿאַרבליבן זײַן פֿאַמיליע־נאָמען.

ר׳ אַבֿרהם־צבֿי בר׳ יעקבֿ אײַזענשטאַדט, געבאָרן 1813 אין ביאַליסטאָק. מו״צ אין גראָדנע, רבֿ אין ברעסטאָוויץ און פֿון 1856 אין אוטיאַן. געקראָגן 3 רובל אַ וואָך שׂכירות. פּאָנעוועזש האָט אים פֿאָרגעלייגט 25 רובל אַ וואָך. ער האָט ניט אָנגענומען, ווײַל די גרויסע שטאָט וועט אים שטערן אין לערנען. געפֿאָרן זיך היילן אין קיניגסבערג און דאָרטן ניפֿטר געוואָרן ג׳ אלול, תּרכ״ה. מחבר פֿון באַקאַנטן ספֿר **פּתחי תּשובֿה**. זיידע פֿון **המליץ** רעדאַקטער לעאָן ראַבינאָוויץ. זיין עלטערע טאָכטער שיינע־מאַשע, פֿרוי פֿון אָשמענער רבֿ ר׳ מאיר־מיכל, האָט געקענט גאַנץ תּנ״ך, מדרשים, ווי אויך דײַטש, רוסיש, פֿראַנצייזיש, פּויליש.

זײַן זון ר׳ בנימין, געב׳ אין ברעסטאָוויץ 1846, איז געווען דאָ רבֿ 52 יאָר ביז זיין פּטירה י״ג שבט תּר״פּ. בעל **משׂאות בנימין**.

ר׳ בנימינס זון, ר׳ אַבֿרהם־צבֿי,

געב׳ 1871 אין אוטיאַן, איז דאָ געווען רבֿ 19 יאָר ביז זײַן פּטירה ר״ח חשוון, תּרצ״ט.

ר׳ נחמן הירשאָוויץ בר׳ יצחק אייזיק אליעזר, רבֿ אין יעלאָק און מו״צ אין אוטיאַן, הי״ד.

ר׳ אַבֿרהם־אַבא שלאָמאָוויץ, געבאָרן 1852 אין יאַנעווע, אין 1888 דאָ געגרינדעט אַ ישיבֿה. פֿון 1894 רבֿ אין סוואַדאָשטש. בעל **נגה אש** (ווילנא, תּרנ״ו. הגהות על **באר היטבֿ על יורה דעה**). ניפֿטר 1906 אין ווילנע.

ר׳ אַבֿרהם־אליעזר ווײַן, געבאָרן 1854, געווען מו״צ בײַ 30 יאָר. ניפֿטר 1934.

**אָפּשטאַמיקע.** — ר׳ מרדכי־גימפּל יפה, דאָ געב׳ 1820. פֿון די באַקאַנטע רבנים בדורו. רב דערעטשין, ראָזינאָי. איינער פֿון די ערשטע רבנים צו העלפֿן חובבֿי־ציון. ניפֿטר 1892 אין פּתח־תּקווה.

ר׳ דובֿ־אַריה חייט, דאָ געב׳ 1893. רבֿ אין ליבאַווע (1924־1929), שפּעטער אין לאָנג ביטש (אַמעריקע) און באָסטאָן. בעל **אוצר הרעיון והמחשבֿה.** זײַן שווער ר׳ יהושע־מרדכי קלאַצקין, אבֿ״ד ראַסיין. ר׳ דובֿס פֿאָטער ר׳ איסר־חיים ר״מ אין מינסק בעתן ערשטן וועלטקריג.

ר׳ מתּתיהו אוטיאַנער, פֿון די חשובֿי העיר אין ווילנע און איינער פֿון די גרעסטע משׂכּילים אין ליטע. זײַנע חתימות געפֿינען זיך אין פּנקס הגליל פֿון אוטיאַן. זיידע פֿון פּרנס ווילנע אַבֿרהם־דוד שטראַשון.

דוד־נתן ברינקער (בר־יקר), אָנפֿירנדיקער עסקן פֿון „מזרחי״ אין ארץ־ישׂראל. געשטאָרבן 1951 אין ירושלים.

מאָריס קאַנטאָראָוויטש, 1881־1964. לאַנגע יאָרן פּאַרלאַמענט־דעפּוטאַט אין דרום־אַפֿריקע.

**שרײַבערס.** — זאבֿ־וואָלף שור, געבאָרן 1844. אין די 1870ער יאָרן באַשריבן אין די העברעיִשע צײַטונגען **המליץ, היום, השחר** זײַנע רײַזעס איבער אַפֿריקע, אינדיע, כינע, פֿיליפּינען און אַנדערע. פֿון 1888 אין אַמעריקע, וווּ ער איז געווען פֿון די פּיאָנערן פֿון דער העברעיִשער פּרעסע, ווי אויך פֿון דער ציוניסטישער באַוועגונג. געווען אויך דעלעגאַט צום פֿערטן ציוניסטישן קאָנגרעס. זײַן געגרינדעטע צײַטשריפֿט **הפּסגה** (1889) איז גיך געוואָרן אַ צענטראַלע טריבונע פֿון דער העברעיִשער ליטעראַטור אין אַמעריקע און מיזרח־אייראָפּע. מחבר פֿון **מחזות החיים** (ווינא, תּרמ״ד), **נצח ישׂראל** (שיקאַגא, תּרנ״ז). געשטאָרבן 1910 אין שיקאַגאָ.

יעקבֿ־מאיר לערינמאַן, געבאָרן 1847. פֿון 1905 אין ארץ־ישׂראל. געדרוקט אַרטיקלען אין **המליץ, הצפֿירה** א״אַ. מחבר פֿון **וועגען די אייניגקייט פֿון אונזער פֿאָלק** (ווילנא, 1900). געשטאָרבן 1929 אין יפֿו.

ראובֿן רובינשטיין, געבאָרן 1891. דעפּוטאַט פֿון ליטווישן סיים, פֿון די אָנפֿירנדיקע ייִדישע פּערזענלעכקייטן אין ליטע. 1940 פֿאַרשיקט געוואָרן דורך דער סאָוועטישער מאַכט קיין סיביר. פֿון 1948 אין ישׂראל. געווען רעדאַקציע־מיטגליד פֿון

**ראַזסוויעט**, רעדאַקטער פֿון דער גרעסטער יִדישער טאָגצײַטונג אין ליטע **די אידישע שטימע** (ביז איר פֿאַרמאַכט ווערן אין 1940) און פֿון **אונזער וועג** (מינכן, 1946־1948). מיטרעדאַקטער פֿון **יהדות ליטא** (ת״א, בב׳ 1־3). אין **ספֿר ראובֿן רובינשטיין** (ת״א, 1971) איז דאָ אַן אָפּקלײַב פֿון עסייען און אַרטיקלען. האָט איבערגעזעצט א. דקלס **די געהיים־דינסט פֿון דער הגנה**. געשטאָרבן 1967 אין ת״א.

ישׂראל חדש, געבאָרן 1908 אין ווילנע, אָבער גאָר פֿרי אַריבערגעפֿאָרן מיט די עלטערן קיין אוטיאַן. פֿון 1934 אין ארץ־ישׂראל. מיטגרינדער פֿון די **לעצטע נײַעס** (ת״א) און **יִדישע צײַטונג**, פֿון 1956 איר רעדאַקטער. אין איר געדרוקט, אויסער אַרטיקלען, אויך איבערזעצונגען פֿון רוסיש און פֿראַנצײַזיש. געשטאָרבן 1972 אין ת״א.

אַהרן ברעסטאָוויצקי, געבאָרן 1916. געשריבן אַרטיקלען אין טעריטאָ־ריאַליסטישע אויסגאַבעס און **ווילנער טאָג**. אומגעקומען 1944 אין עסטישן לאַגער קלאָאָגע.

**קאָרעספּאָנדענטן.** — **המליץ:** שבתי־זלמן מרגלית, אַהרן־דוד הכּהן (1891 גרויסער אַרטיקל), שמואל־יעקבֿ יאַקאָב־סאָן. **המגיד:** חיים־שלמה בר׳ מתתיהו הלוי (אויך חידושי־תּורה). **הכּרמל:** י.ש. זאַלצבערג. **הצפֿירה:** ד. בהראל״ם.

**ניכבדים.** — ר׳ דובֿער יפה, פֿאָטער פֿון הגאון ר׳ מרדכי־גימפּעל יפֿה, מ״מ ומ״ץ, פֿריִער אין ליובטש און קאַרעליץ. אין „גליא מסכת״ פֿון דוד אב״ד נאָוואַהרדאָק (ווילנא, 1844) דאָ הספד אויף אים. ניפֿטר תּקפּ״ט אין ווילנע.

ר׳ צבֿי־נטע ברינקער, דיין ומורה־הוראה און זײַן זון ר׳ יעקבֿ שו״ב; יוסף שאַרפֿשטיין, קאַזיאָנער ראַבינער (1898); קלמן פֿרידקין, אַדוואָקאַט (1899).

מרדכי פֿרידמאַן, נדבֿן, אויפֿ־געבויט הויז פֿאַרן רבֿ ר׳ בנימין אײַזענ־שטאַדט; א.א. דובינאָווסקי, צבֿי־הירש ליבמאַן, חיים־הענעך קאַנטאָר, שמואל טיראַצקי, חיים־אַהרן שרײַבערג.

דובֿ־בער ליפֿשיץ, אַריה־לייב מאַץ, שמואל־חיים ליפּשיץ. בן־ציון גליק־מאַן (1903, מו״צ?).

צו אוטיאַן האָבן אַ שייכות: מ. קריינעס, בעל **אהל משה** (ווילנא, 1880, דיין ווילנע); מיכל ר׳ יוזפש, **גיטין וחליצה** (ווילנא, תּרכ״ג); ש. הײַלפּערין, **משה שמעון** (ווילנא, תּרפ״ג).

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המליץ, 1865: 10; הכּרמל, תּרכ״ו: 21; המגיד, 1866: 43; 1872: 16; 1874: 3; דוד גאַנז, צמח צדק. ווארשא, תּרל״א; ד״ט אפֿרתי, תּולדות אנשי שם. ווארשא, תּרל״ה, ע׳ 57.

הצפֿירה, 1876: 31; 1881: 18; המליץ, 1890: 140; 1898: 9, 280; 1899: 223; 1900: 47; 1903: 126; חשבון הנדבֿות ... 1909; א.ר. מלאכי, אגרות סופֿרים. נ״י, תּרצ״ב. ע׳ פּ״ז א״א; אידישע שטימע, 1939: 7.

תּולדות אנשי שם (ראַנד). נ״י. תּש״י, ע׳ 52; אנציקלופדיה של הציונות הדתית, ירושלים, תּשי״ח, ע׳ 83, 400; ג. קרסל, 2; עיר ווילנא, ע׳ 190; קריה נאמנה, ע׳ 263, 290; אוצר ישׂראל, א׳, ע׳ 268; ישׂראל קלוזנר, קורות בית העלמין הישן בווילנה (אינדעקס); לעקסיקאָן, 4, 8; ב׳ כּהנס לעקסיקאָן; יהדות ליטא, א׳, ג׳; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 103; Black Book.

J. Kabakoff, The role of Wolf Schur as Hebraist and Zionist. Cincinnaty, 1958.

## אופינע UPYNA

טאַוריקער קרײַז. דער ייִדישער ייִשובֿ האָט זיך אָנגעהויבן אַרום אָנפֿאַנג 19טן יאָרהונדערט. אין דער צווייטער העלפֿט פֿון דאָזיקן יאָרהונדערט האָבן דאָ געלעבט אַ 60־70 ייִדישע מישפּחות, אַזוי אויך אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע. פֿאַרן חורבן זײַנען געבליבן עטלעכע צענדליק פֿאַמיליעס.

**רבנים** — ר׳ יהושע־אריה [שטיין?], זײַן פֿרוי עלקע ראָזע. שווער פֿון ר׳ נחום־ברוך גינצבורג.

יהודה־לייב בר׳ יעקבֿ, אין מיטן די 1870ער יאָרן. אין „**מבחר הפנינים** [מיוחס לר׳ שלמה ן׳ גבירול] ... עם פירוש **קול יהודא** אשר חברתי ... יהודא ליב בר׳ יעקבֿ [שאפירא] חוב״ק אופינא במדינת זאמוט.״ (ווילנא, תּרל״ה).

ר׳ שלום־אלחנן בר׳ שמעון יפה, געבאָרן 1858 אין וואַבאָלניק. 1879־1886 אין אופּינע, 1886־1889 אין זיימל און וואַבאָלניק, 1890 — סט. לויס. עטלעכע יאָר רבֿ אין ברוקלין און פֿון 1901 אין בית־מדרש הגדול אין ניו־יאָרק, ווו ניפֿטר 1924. מחבר פֿון **פרי אשל** (ווילנא, תּרל״ז) **תּפילה שלמה** (ווילנא, תּרמ״ח), **שואל כענין** (ירושלים, תּרנ״ה), **שיחה שלמה** (תּרנ״ו).

ר׳ נחום־ברוך בר׳ צמח־דוד גינצבורג, געבאָרן 1882 אין פּאָנעוועזש. פֿון 1903 דאָ רבֿ, שפּעטער אין וואַרזשאַן, קיבאַרט, יאַנעווע. בעל **מקור ברוך** (תּרפּ״ה־תּרצ״ה). אומגעקומען 1941, הי״ד.

ר׳ שרגא גבֿרן; ר׳ יצחק יפֿה, לעצטער רבֿ, הי״ד.

אין 1865, 1876, 1904 זײַנען דאָ געווען 6 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

**שרײַבערס.** — נחמיה זאַקש, געבאָרן 1838. געשטאָרבן 1903 אין וואַרשע.

אַבֿרהם יפֿה, געבאָרן 1881. פֿון 1910 אין וואַרשע, שפּעטער אין פּעטערבורג און מאָסקווע. געווען מערער רוסישער שרײַבער ווי ייִדישער. פֿון 1908 געשריבן אין פּעטערבורגער **פֿרײַנד**, דערנאָך אין וואַרשעווער **פֿרײַנד**, אויך אין **צוקונפֿט** (נ״י). פֿאַרעפֿנטלעכט מערערע ווערק פֿון פֿילאָסאָפֿיש־מאַרקסיסטישן כאַראַקטער אין רוסיש און דײַטש. עטלעכע זײַנען איבערגעזעצט אויף ייִדיש: **לודוויג פֿײַערבאַך, לענין דער קעמפֿנדיקער מאַטעריאַליסט, שפּינאָזאַ דער פֿאָרגייער.**

ישׂראל פֿרײַנקעל, געבאָרן 1885. פֿון 1913 אין דרום־אַמעריקע. דאָרטן מיטגעאַרבעט אין פֿאַרשיידענע ייִדיש־ליטעראַרישע אויסגאַבעס. געשטאָרבן 1965 אין יאָהאַנעסבורג.

**אָפּשטאַמיקע** — ר' אליעזר־ראובֿן מושקין, דאָ געבאָרן 1888. פֿון 1919 רבֿ שיקאַגאָ. מיט מאיר בערלין (בר־אילן) געשאַפֿן „מזרחי" אין אַמעריקע. געשריבן אַ סך מאמרים אין **שערי ציון, יגדיל תורה, כנסת ישראל, דגל התורה, הפרדס**. ניפֿטר 1950.

באָריס (דובֿ־בער) גערשמאַן, געבאָרן 1900. מוזיקער. נאָך דער ערשטער וועלט־מילחמה געשטודירט אין דער מלוכהשער קאָנסערוואַטאָריע פֿון בערלין. פֿון דאָרטן אַוועק קיין דרום־אַפֿריקע. פֿון 1931 רעדאַקטער און אַרויסגעבער פֿון **אַפֿריקאַנער אידישע צײַטונג**. געשטאָרבן 1953 אין יאָהאַנעסבורג.

**עסקנים:** מ.ב. פֿרישמאַן, א.ז. בערנשטיין, יוסף־ראובֿן שניץ, מורשה פֿאַר בניין ארץ־ישׂראל. אין **המליץ** זײַנען דאָ עטלעכע גרויסע רשימות פֿון אופּינער מנדבֿים פאר בויען ארץ־ישׂראל.

אַ געוויסע צײַט איז דאָ געווען פריוואַט־לערער יעקבֿ לאַפּין, מחבר פֿון **קסת הסופֿר** (בערלין, 1857).

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המליץ, 1898: 9; 1903: 102, רשימות נעמען; אהלי שם, ע' 3; ספֿר היובֿל של אגודת הרבנים, ע' קמ"ז; חכמי ישׂראל באַמריקא, ע' 28; נחום־ברוך גינצבורג, מקור ברוך; לעקסיקאָן, 2, 7; תּולדות אנשי שם (ראַנד), ע' 84; אלה אזכרה, ב', ע' 149;
יהדות ליטא, ג'; ספֿר הפּרענומעראַנטן, נומ' 184; M.L. Meitles, History of the Jews in Chicago. N.Y., 1974; Jewish Encycl., VII., p. 63.

# אײַראַגאָלע[1]

# ARIOGALĖ

ידאַנער קרײַז. ייִדן האָבן עס מערסטנס גערופֿן ראַגאָלע. דאָס שטעטל איז פֿון די עלסטסטע מקומות אין ליטע. איר נאָמען ווערט דערמאָנט אין היסטאָרישע דאָקומענטן פֿון 1253 און 1282. אין דײַטשישע כראָניקעס הייסט עס עראַגעלען, אַראָגעלי.

ייִדן האָבן אָנגעהויבן דאָ קומען אָנהייב מיטן זיבעצנטן יאָרהונדערט. אין 1650 זײַנען דאָ געווען 6 ייִדישע הײַזער. 1792 האָט קעניג סטאַניסלאַוו אויגוסט געגעבן דעם שטעטל מאַגדעבורגער רעכט.

אין 1883 איז אויסגעבראָכן אַ גרויסע שריפֿה. היות די ייִדן האָבן געוווינט אין צענטער פֿון שטעטל און געווען די נישרפֿים, זײַנען די גויים ניט געקומען לעשן דאָס פֿײַער. נאָך דער גלח האָט שטאַרק געהאָלפֿן און געראַטעוועט פֿון אַ

1) ל. זאַמעט (יודל מאַרק) האָט פֿון אײַראַגאָלע און ראַגאָלע געמאַכט בטעות צוויי שטעטלעך (ייִדישע שפּראַך, ב' 4, ז' 100).

טאָטאַלער שׂריפֿה. אין מיטן אַכציקער יאָרן האָט זיך פֿאַרשפּרייט אַ ניט־אויפֿגעקלער־טע עפּידעמיע.

1888 האָבן געבילדעטע מיידלעך געשאַפֿן אַ „גמילת־חסדים", וואָס האָט געהאַט בײַ 50 חבֿרות.

אין 1847 האָבן דאָ געווױנט 1237 ייִדן, 1897 — 1541. פֿאַר דער ערשטער וועלט־מילחמה — אַן ערך 900. אין 1915 זײַנען אַלע ייִדן אַרויסגעטריבן געוואָרן קיין טיף־רוסלאַנד. פֿון די צוריק־געקומענע האָבן אַ סך עמיגרירט קיין אַמעריקע, דרום־אַפריקע און א״י. אין 1923 זײַנען דאָ געווען 486 ייִדן און אַרום אַזוי פֿיל פֿאַרן חורבן.

ייִדן האָבן זיך באַשעפֿטיקט מיט קרעמערײַ, מלאכה און מיטן עקספּאָרט פֿון פֿלאַקס, געהילץ, בהמות. בײַשטאָטישע ווירטשאַפֿט (גאָרטן, עופֿות) איז געווען אַ גרויסע הילף פֿאַרן אויסקום.

*

חיבת־ציון און שפּעטער ציוניזם זײַנען געווען גאַנץ פּאָפּולער אין איירהגאָלע. אין אַ ליסטע מנדבֿים פֿון 1909 פֿאַר ערדקויף אין ארץ־ישׂראל זײַנען דאָ די ווײַטערדיקע איירהגאָלער נעמען: יהושע כּהנאָוויטש, יוסף פֿײַטעלעוויטש, שלמה שטערן, משה־דובֿ מלאַמדאָוויטש, אַלטער מאָווישאָוויטש, שמואל לעוויטאַן, יצחק בירמאַן.

צבֿי־לייב איציקאָוויטש, מרדכי גרעוולער, לייב נעער, זיידל יודעלעוויטש, דובֿ־לייב לעוויטאַן, דובֿ פֿלעכטער, אַבא כּהנאָוויטש, ישׂראל שואוואַל, גוטמאַן לעוויטאַן, רחל סעסיצקי, משה־יעקבֿ ריק, לייב בלומבערג, שבתי אַמאַלסקי, אליהו שיקאָוויטש.

אין אַ פֿריִערדיקער רשימה פֿון 1900 ווערן אויסגערעכנט אַ ריי מנדבֿים פֿאַר א״י בראש מיטן מורשה אליהו־דוד ריק.

פֿון מצבֿות אויף אַ ירושלימער בית־עולם איז צו זען, אַז איירהגאָלער זײַנען נאָך פֿאַר חיבת־ציון געפֿאָרן קיין ארץ־ישׂראל:

פערל משאָוויל
(אשת יהושע מראַגאָלע),
תּרכ״ג;
מרדכי בר׳ שלום שכנא מראַגאָלע,
תּרל״ט;
שמואל בהרבֿ ר׳ יעקבֿ מקעלם
(הרבֿ המפֿורסם
אחי הגאון ר׳ אליהו ראַגאָלער).

**רבנים.** — ר׳ אַבֿרהם ראַגאָלער, ברודער פֿון ווילנער גאון. געלעבט אין 18טן יאָרהונדערט. פֿריִער מגיד־מישרים אין שקלאָוו און בסוף ימיו רבֿ אין נײַשטאָט־טאַווריק. זײַן וויכטיקסטער ספֿר **מעלות התורה** (תּקפ״ח). זײַנע זין: ר׳ גרשון, מו״צ שאַדעווע; ר׳ אליהו, אבֿ״ד נײַשטאָט־טאַווריק; ר׳ שמואל, אבֿ״ד שאַט; ר׳ משה החסיד פֿון קיידאַן.

ר׳ דוד קאַצענעלענבויגן, נאָך איירהגאָלע רבֿ אין קיידאַן און אה״ו (אַלטונא, האַמבורג, וואַנדסבעק). ניפֿטר

1756. זון פֿון ר׳ יחזקאל, בעל **כּנסת יחזקאל**.

ר׳ משולם־זלמן קאַצענעלענבויגן, ר׳ דודס זון, רבֿ ביז 1758, דערנאָך ביז 1770 אין קיידאַן, וווּ ניפֿטר געוואָרן 1771. האָט הסכּמות אויף **בית יעקבֿ א״ש** (פּפד״מ, תּקכ״ה), **תּפֿארת ישׂראל**, ישׂראל יפֿה (תּקל״ג). זײַנע ברידער: ר׳ אַבֿרהם קאַצענעלענבויגן, אבֿ״ד סלוצק, בריסק והגליל; ר׳ יואל ק״ב, אבֿ״ד שינאָווי, יאַרושאָוו, הרובאַשאָוו; ר׳ ישׂראל ק״ב, אבֿ״ד קאַלוואַריע, ווילקאָווישק.

ר׳ משה־מרדכי בר׳ מנחם קאַצענעלענבויגן, געבאָרן 1810. שפּעטער רבֿ אין קיידאַן, אַרום 1853־1855.

ר׳ אַהרן הלוי (גערופֿן: ר׳ אַרעלע), נאָך אייראַגאָלע אבֿ״ד ווילקאָמיר, וווּ ניפֿטר געוואָרן 1849.[2]

ר׳ אליהו ראַגאָלער (אויך: קאַלישער), געבאָרן 1794 אין נײַשטאָט־טאַווריק. פֿריִער רבֿ אין שאַט (1821), און נאָך ראַגאָלע 16 יאָר אין סלאַבאָדקע, 10 יאָר אין קאַליש, וווּ ניפֿטר געוואָרן ב׳ חשוון, תּר״י (1849). בעל **יד אליהו** (וואַרשאַ, תּר״ס). גאון בתּורה און גדול במידות. גרויסער אָרעמאַן און גרויסער מכניס־אורח. איין מאָל האָט אַן אורח זיינער צוגעגנבֿעט דאָס דימענט־רינגל פֿון זײַן רביצין. די רביצין האָט זיך געכאַפּט, האָט נאָכגעיאָגט דעם גנבֿ און פּאָליציי האָט אים אַרעסטירט.

ווען ר׳ אליהו האָט זיך דערוווּסט וועגן דעם, האָט ער געבעטן דעם פּאָליציי־שעף צו באַפֿרײַען דעם גנבֿ און געגעבן אַזאַ מאָטיוו: ער איז זיך נוהג יעדער אָוונט מפֿקיר צו זײַן אַלץ אין זײַן שטוב, כּדי ניט מכשיל צו זײַן אַ מאָל אַ ייִדן, וואָס וועט זינדיקן מיט אַ גניבֿה. דער אורח האָט מסתּמא געהערט וועגן דעם — און ער האָט זוכה געווען מָן ההפֿקר. דער רביצין האָט ער געזאָגט, אַז זי דאַרף בעטן מחילה דעם ייִדן פֿאַרן ביזיון און אומקערן אים דאָס רינגל.

ר׳ אליהו פֿלעגט זיך אָפּט באַקלאָגן: בײַם רבֿ קומט מען מיט אַ סך שאלות וועגן טרפֿות און ענלעכע זאַכן. קיינער קומט ניט פֿרעגן, צי ער האָט כּשר פֿאַרדינט זײַן רובל, צי די וואָגשאָל איז ריכטיק, צי דער לוין פֿאַרן אַרבעטער איז ניט פֿאַרהאַלטן.

ר׳ אליהו האָט זיך אויסגעלערנט אַ ביסל לאַטײַן פֿון אַ קאָנקאָרדאַנץ. ווען ער איז געווען רבֿ אין סלאַבאָדקע, איז איין מאָל געקומען אַהין פֿירשט וויטגענשטיין, וואָס אים האָט געהערט דאָס שטעטל. אין אָט דער צײַט איז דער זיבעצן־יעריקער און שפּעטער באַרימטער אַבֿרהם מאַפּו געווען אַ תּלמיד פֿון ר׳ אליהון און ער האָט זיך אויסגעלערנט לאַטײַן פֿון אַ תּהלים מיט

2) מיר ווייסן ניט גענוי די צײַט און ניט קיין פּרטים, נאָר דאָ איז זיכער געווען רבֿ איינער אַ ר׳ שמואל בר׳ חיים, וואָס איז שפּעטער געווען אבֿ״ד ירושלים. אַזוי זאָגט עדות זײַן מצבֿה אויפֿן הר הזיתים: „פּ״נ הרבֿ ר׳ שמואל בר׳ חיים פּרוש אבֿ״ד ראגאלע, תּרט״ו" [1855].

'אַטײַנישן תּרגום אין ר׳ אליהוס שטוב. זאַפּו האָט געזאָגט דעם רבֿ, אַז ער האָט אָר „פֿאַרטשעפּעט" די ווערטער, אָבער זיי ײַנען ניט פֿאַרבונדן אײנס מיטן אַנדערן. ר׳ זליהו האָט הסכּמות אויף ש"ס ווילנא תּקצ"ה), **טורי אבן, גבֿורות ארי׳, זרע קֹדש.**

ר׳ בנימין ראַבינאָוויץ, געבאָרן 181 אין שקוד. 1832־1852 רבֿ אין ־יקעלן, ביז 1859 אין שילעל, ביז 1861 אין ראַגאָלע, דאַן אין ווילקאָמיר, וווּ ניפֿטר עוואָרן אין 1870.

ר׳ יואל־יצחק בר׳ מרדכי קאַצענעלענבויגן, אַרום די 1860ער, שפּעטער רבֿ אין סיאַד, זעזמער, סעמי־ אַטיטש. לעצטע יאָרן געלעבט אין זשעכאַנאָוויץ, וווּ ניפֿטר געוואָרן 1891 אין נלטער פֿון 82 יאָר.

ר׳ אַבֿרהם־עבֿר יפֿה, געבאָרן 182 אין קיידאַן. 34 יאָר רבֿ אין ראַגאָלע און לאַזדיי, וווּ ניפֿטר געוואָרן אין 1911. מחבר פֿון **מחזה אברהם** (ווילנא, תּרנ"ב).

ר׳ צבֿי־יהודה ראַבינאָוויץ־תּאָר־ מים. האָט חידושי־תּורה אין **ברית יצחק,** יצחק איזאַקסאָן (ווילנא, תּרנ"ב. ע׳ 16). יפֿטר 1887.

ר׳ יעקבֿ בר׳ צבֿי־יהודה ראַבי־ אָוויץ־תּאומים, דאָ געבאָרן 1861. רבֿ אין פּיאָנטניצע, דערנאָך אין ראַגאָלע. ניפֿטר עוואָרן 1941 אין ירושלים. האָט חידושי תּורה אין **דרך שלום,** שלום איזראַעלסאָן סט. לואיס, תּרפּ"ו, ע׳ 23); ר׳ משה־יצחק וייטשיק, אויך רבֿ אין סוואַדאָשטש, הי"ד.

**ר"מים: —** ר׳ שמואל בר׳ ניסן ראַפּאָפּאָרט, געבאָרן 1842 אין קיידאַן. ר"מ 1876־1881. פֿון 1900 רבֿ אין שפּרינגפֿעלד (אַמעריקע). האָט חידושי־ תּורה אין ירושלימער **המאסף.** ניפֿטר 1938 אין ירושלים.

ר׳ יוסף־בן־ציון פֿרידמאַן, גע־ באָרן 1858 אין נײַשטאָט־טאַווריק, אויך ר"מ אין סלאַבאָדקע און נאָך 1918 רבֿ אין פּיקעלן, וווּ ניפֿטר געוואָרן 1929.

ר׳ משה שאַדאָווסקי, ר"מ אין אַ קליין ישיבה׳לע; ר׳ שמעון שרגא־פֿײַוול בר׳ שבֿח יאַשונסקי, סוף 1870ער און אָנהייב 1880ער יאָרן [לויט איין מקור — אויך רבֿ].

צווישן 1842 און 1924 זײַנען דאָ געווען 34 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

**אָפּשטאַמיקע. —** ר׳ שלום־ יצחק בר׳ דוד־בנציון לעוויטאַן, דאָ געב׳ 1880. 1908 רבֿ וואָרנע, 1910 מײַסיאַד. בעתן ערשטן וועלטקריג רבֿ אין אָסלאָ (נאָרוועגיע), דערנאָך אין שוועקשנע. דאָרטן אומגעקומען 1941 הי"ד. ספֿרים: **דבֿרי שלום, סוכּת שלום יצחק, ילקוט הדרוש, מנחת ש"י.**

ר׳ שמעון ראַגאָלער. תּלמיד־חכם אין ווילנע. תּלמיד פֿון ר׳ יהונתן אייבעשיץ. בעת דער צעפֿלאַמטער מחלוקת מיט ר׳ יעקב עמדין האָט ר׳ שמעון דערציילט, אַז אין 1755 האָט דער ווילנער גאון געזאָגט אויף די קמיעות פון ר׳ יהונתן אייבעשיץ: „יסודותם בהררי קֹדש" און אויף ר׳ יהונתן

גופא: „בעו״ה ס״ת שרוי בצער״. יעב״ץ (עמדין) האָט שפּעטער באַוויזן, אַז ר׳ שמעון האָט געפעלשט די רייד פון הגר״א. דער מלומד אין קבלה דוד כהנא האָט מסכּים געווען צו זיינע רייד, אָבער דער געלערנטער ש״י פין ניט.

ר׳ מאיר בר׳ אליהו ראַגאָלער, אב״ד ניישטאָט. בעל **דרך אָבות** (תקצ״ו). **נחלת אָבות.** ניפטר 1842 אין ירושלים.

ר׳ שמואל „הרב דראַגאָלי״ [אַזוי שרייבט אריה־לייב פרומקין], ראש בית־דין האשכנזים בירושלים. געהאָלפן אויסבויען הכנסת־אורחים אין ירושלים.

חיים יעקב עפּשטיין, 1877 — ניו־יאָרק, 1962. יידישער שרייבער; צבי־יהודה שטערן, רעפאָרם־ראַביי אין אַמע־ריקע.

**קאָרעספּאָנדענטן:** — יצחק־פּנחס ווילענציק, מאיר שאַבאַשעוויץ — **המליץ;** ידידיה בלומבערג, צבי־זאב סעגאַל — **הצפירה.**

**ניכבדים:** — ר׳ הלל קאַפּלאַן, ראש־הקהילה און עסקן (1880); הרבני הנגיד ר׳ זאב וואָלפּאָוויץ, שווער פון ר׳ יעקב־מאיר בהרב ר׳ מרדכי מווילנא, וואָס האָט שו״ת פון 1850 אין **עטרת יצחק** פון אב״ד שאַוול; ר׳ יעקב קעסטין, בעל **משפטי יעקב** (קידן, תרצ״ח), **שפע ימים** (קידן, תרצ״ט). אומגעקומען בעתן חורבן, הי״ד.

**ביבליאָגראַפיע.** — המליץ, 1883: 33; יודישעס פאָלקס־בלאַט, פּעטערבורג, 1883, ז׳ 283; המליץ, 1886: 22; 1887: 261; הצפירה, 1887: 285; כנסת ישראל, תרמ״ז, ע׳ 360; המליץ, 1888: 82; ח. בראַוערמאַן, אַנשי שם, א׳. וואַרשא, תרנ״ב, ע׳ 80; אַברהם קאַצינעלענבויגין, זרע יצחק. וואַרשא, תרנ״ח, הקדמה; המליץ, 1900: 41; חשבון הנדבות, 1909, ע׳ 15;

ד. כהנא, תולדות המקובלים, השבתאים והחסידים, ב׳. אודיסא, תרע״ג, ע׳ 61; ראובן בריינין, א. מאַפּו. ווילנא, תרפ״ח. ע׳ 21; ברוך קאָהן, ספר הזכרון. נ״י, תרפ״ח; אידישע שטימע. קאָוונע, 1934: 4838; ספר זכרון קידאַן, ת״א, 1977. ע׳ 185, 212; חלקת מחוקק, חוב׳ ג, ד׳; לקורות עיר ראַסיין, ע׳ 7; קהלת משה, מ. ווינר, נומ׳ 567; אהלי שם, ע׳ 113, 310.

תולדות ישיבת היהודים, ע׳ 53; תולדות חכמי ירושלים, ע׳ 229, 231; א.ל. פרומקין, תולדות אליהו, ע׳ 74, 187; דורות האחרונים, ע׳ 324; לעקסי־קאָן, 7; ספר הפרענומעראַנטן, 313; יהדות ליי״ט ג׳; י.ד. קמזונס יהדות ליטא.

Lietuviškoji Enciklopedija, I; Black Book, Biuletyn Żydowskiego Instytutu Historycznego W Polsce. Warszawa, 1987 nr. 141.

## אינטוריק INTURKĖ

אויטיאַנער קרייז. קליין שטעטע־לע. פאַרן ערשטן וועלטקריג האָבן דאָ געלעבט אַרום 260 יידן. יידישע פּרנסות: קרעמעריי, מלאכה, פישעריי און קליינהאַנדל.

פון 1898 איז דאָ געווען רב ר׳ יוסף־חיים בר׳ שלמה טראָפּ, געבאָרן 1872. שפּעטער רב אין ווישינטע.

ר׳ שלמה־זלמן מאַרקאָוויץ, גע־

באָרן אלול תּרמ״ח (1887), פֿריִער רבֿ אין קאָוואַרסק, דערנאָך דאָ ביז 1925, ווען ער איז געוואָרן אבֿ״ד אַנטאַליעפּט. 1941 אומגעקומען מיט זײַן זון אין קאָוונער געטאָ, הי״ד. זײַן פֿאָטער ר׳ משה, בעל **שם הגדולים השלישי**.

**אַלונטע**, זע: אַוואַנטע.

# אַליטע ALYTUS

קרײַזשטאָט. אַליטע איז איינע פֿון די אַלטע שטעט אין ליטע. דער נאָמען ווערט אָפֿט דערמאָנט אין די כראָניקעס פֿון די קרייצטרעגערס. אין די צײַטן פֿון די מלכים קעסטוטיס און אַלגירדאַס זײַנען דאָ פֿאָרגעקומען מערערע שלאַכטן מיט די קרייצטרעגערס. באַזונדערס גרויסע בלו־טיקע צונויפֿשטויסן זײַנען געווען אין 1377 און 1392. 1536 האָט קיניג זיגמונד אויגוס־טאָס איבערגעגעבן אַליטע און די אַרומיקע סבֿיבֿה צו יאָנאַס זאַבערעזשינסקי. 1581 האָט אַליטע באַקומען מאַגדעבורגער רעכט.

דער ניעמאַן האָט איבערגעשניטן די שטאָט, זײַנען מיט דער צײַט געוואָרן צוויי אַליטעס. בעת דער טיילונג פֿון פּוילן אין 1795 איז איין טייל געבליבן בײַ פּוילן און דער צווייטער בײַ רוסלאַנד — פֿון דעם זײַנען געוואָרן די פּוילישע אַליטע און די רוסישע אַליטע.

דער וווּקס פֿון שטאָט האָט זיך אַ הייב געטאָן פֿון 1775, ווען מען האָט אַהער אַריבערגעפֿירט די קרײַזגעריכטן. די עקאָנאָמיק האָט שטאַרק אויפֿגעלעבט אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען אַליטע איז געוואָרן אַ רוסישע פֿעסטונג. עס זײַנען אויפֿגעשטעלט געוואָרן מיליטערישע גאַרניזאָנען, עס זײַנען דורכגעפֿירט געוואָרן עטלעכע שאָסייען און ס׳איז אויסגעבויט געוואָרן די באַנליניע סוּוואַלק־גראָדנע.

1886 איז אויסגעבראָכן אַ שׂריפֿה אין דער רוסישער אַליטע, מיט אָפּגעברענטע 30 הײַזער. אָבער אין דער שׂריפֿה פֿון 1909 האָט געליטן אַ גרויסער טייל פֿון שטאָט.

קליינע אָנהייבן פֿון אַ ייִדישן ייִשובֿ זײַנען געווען שוין אין די צײַטן פֿון וויטאָווט דעם גרויסן (1388־1430), אָבער דאָס זײַנען געווען ייִדן יחידים. אַ ייִדישער ייִשובֿ מיט אַ מער־ווייניק אָרגאַניזירט לעבן האָט זיך אָנגעהויבן אַרום סוף זעכצנטן יאָרהונדערט. דאָס קען מען אויך לערנען פֿון די מצבֿות אויפֿן אַליטער בית־עולם, וואָס עטלעכע פֿון זיי זײַנען געווען בײַ 400 יאָר אַלט.

אין 1765 זײַנען געווען 300 יידישע שטײַער־צאָלערס, ד״ה אַרום 400־420 נפשות, (קליינע קינדער און גאָר אַלטע זײַנען געווען באַפרײַט פון שטײַערן). אין 1847 האָבן דאָ געלעבט אַרום 1000 ייִדן. אין 1886 האָבן אין רוסישן (ווילנער) טייל געוווינט 926 תּושבֿים, פון זיי 290 ייִדן. אין 1897 איז די צאָל ייִדן געווען 482. אין 1923 האָבן איןביידע אַליטעס — דעמאָלט שוין געווען פאַראייניקט — געלעבט 1730 ייִדן, אין 1931 — אַרום 2300 ייִדן און אַרום 2000 פאַרן חורבן (לויט אַן אַנדער מקור, זײַנען די לעצטע 2 ציפערן — 5000 און 4000).

אין אַליטע, ווי בכלל אין סוּוואַלקער געגנט, האָבן גרעסערע אָדער קלענערע ערד־שטחים געהערט צו ייִדן. נאָכן אויפקום פון דער אומאָפּהענגיקער ליטע האָט זיך דאָס שטאַרק פאַרערגערט און די צאָל ייִדישע ערד־באַזיצערס איז געוואָרן זייער קליין. אַ סך אַרויסגעהאָלפן האָבן די פיל בײַשטאָטישע לאַנדווירטשאַפטן און בײַשטוביקע גערטנערײַען, וואָס ייִדן האָבן קולטיווירט אין אַליטע און אומגעגנט.

עקאָנאָמיש האָבן ייִדן שטאַרק גענאָסן פון די פיל סאָלדאַטן, וואָס פלעגן זײַן סטאַציאָנירט אין די גרויסע קאַזאַרמעס אין שטאָט. נאָך מערער האָט צוגעטראָגן דערצו דער פאַקט, וואָס אין די לעצטע 70־80 יאָר ביזן צווייטן וועלטקריג זײַנען אַרום אַליטע אויסגעבויט געוואָרן מערערע שאָסייען און די שטאָט איז געוואָרן אַ וויכטיק דורכפאָראָרט פון מענטשן או סחורות.

*

אָנהייב צוואַנציקסטן יאָרהונ דערט האָט די ייִדישע אַליטע געהאַ מערערע פּאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס אַחוץ דער סאָציאַליסטיש־רעוואָלוציאָנע רער אַרבעטער־פּאַרטיי, האָט דעם אויבנאָ פאַרנומען די ציוניסטישע טעטיקייט. אין ז רשימה נעמען פון אַליטער מנדבֿים אי 1900 פאַרן פאָנד צו קויפן ערד אין ארץ ישׂראל געפינען זיך: ד״ר ש. ראַבינאָוויץ ישׂראל־משה רעמיגאָלסקי, חיים־משו לעווינסאָן, צבֿי פינקעלשטיין, אַהרן יור שעוויץ, קאָפּל קאַרזמער, ישׂראל־חיינ גלאַזמאַן, זלמן בלומענטאַל, בצלאל צערנע וויץ, חיים־גדליה סטאָלאַרסקי, מרדכ ראַקשיצקי, יעקבֿ נימאַניצקי, יוסף קו בישסקי, יעקבֿ ראַמיראָווסקי, יעקבֿ מינעס ליפמאַן דוביאַווסקי, שלמה בייראַל, חיים זעליג זעליכאָוו.

**רבנים** — ר׳ זאבֿ־וואָלף בר משה־יהושע דאָ רבֿ אין 1785. אין יענע יאָר איז ער געווען איינער פון די עדות אי דער באַקאַנטער מחלוקת הרבנים אי ווילנע. פון 1770 געווען פריִער ראב״ד אי גראָדנע.

ר׳ חיים־נתן בר׳ משה לעווין געבאָרן 1825 אין קיידאַן. רבֿ אי אַנטיפאָלע, ליווינהאָף, אַליטע, אַבע וועגגראָוו און ניקאָפּאָל, וווּ ניפטר געוואָר אין 1897.

ר׳ חיים־צבֿי־הירש ברודא, אין דער רוסישער אַליטע, דערנאָך רבֿ אין נעמאָקשט, שוועקשנע, זאַגער. זײַנע לעצטע יאָרן אויסגעלעבט אין ירושלים. חיבורים: **שארית חיים** (ווילנא, תּרמ״א) **רוח והצלה** (ווילנא, תּרמ״ו. געדרוקט מיט **מגלת אסתּר**); **ארחות חיים** (ווילנא, תּרס״ג); **שיר חדש** (סט. לואיס, תּרפּ״ב, געדרוקט מיט **שיר השירים**). גרויסער קעגנער פֿון דער מוסר־שיטה. האָט הסכּמה אויף **בית ועד לחכמים** פֿון אַהרן היימאַן (לונדון, תּרס״ב). זײַן זון ר׳ יהושע ראובֿן, געבאָרן 1877, איז 1904 געוואָרן רבֿ אין שעביז (וויטעבסקער גובערניע).

ר׳ יואל־זעליג זאַלקינד, געבאָרן 1839 אין ווילקאָמיר. רבֿ אין אַראַן, אַליטע, רייגראַד. מחבר פֿון **בית יואל** (וואַרשא, תּרמ״ה, געדרוקט מיט **פּחד יצחק**).

ר׳ יוסף־יעקבֿ ראָזענבערג, מו״צ אין שערשאָוו. דערנאָך רבֿ בײַ פֿערציק יאָר אין אַליטע, וווּ ניפֿטר געוואָרן אין 1922. זײַן איידעם, ר׳ משה־אַריה מילעווסקי, מו״צ אין פּרען און רבֿ אין דאַרשונישאָק, הי״ד.

ר׳ נוח־יצחק לעווינבוק, אַרום 1880ער־1890ער יאָרן (אין פּוילישער אַליטע); זײַן זון, ר׳ ראובֿן, דאָ געבאָרן 1873, רבֿ פֿון 1901. בעל **חקרי לבֿ** (1913), **מיטבֿ הגיוני היהדות** (פּיעטרקובֿ, תּרע״ד).

ר׳ אַהרן בר׳ משה־אַריה מילעווסקי, דאָ געבאָרן 1904, רבֿ 1929־1934, און פֿון 1937 רבֿ הכּולל אין מאָנטעווידעאָ. חיבורים: **מנחת אַהרן** (תּש״א), **נחלת אַהרן** (תּשי״א), **חלקת אַהרן** (תּש״ך). פֿאָטער אב״ד שאַדעווע.

ר׳ אליהו־דוד נחמן קאָלאָדיצקי. נאָך זײַן רבנות אין סייני עטלעכע יאָר דאָ רבֿ. ניפֿטר כ״ג טבֿת תּרפּ״ו. זײַן זון ר׳ יצחק געווען ר״מ אין רחובֿות. בעל **מנחת אליהו** (ירושלים, תּשט״ו).

ר׳ בצלאל לעווין, געבאָרן אין שאַוול, הי״ד; ר׳ יהודה יאַבלאָנסקי, געבאָרן 1882 אין סטאַוויסק, הי״ד.[1]

אין 1903 און 1911 זײַנען געווען 10 אַליטער פּרענומעראַנטן אויף צוויי רבנישע ספֿרים: **המאיר לעולם**, מאיר־מיכל ראַבינאָוויץ (ווילנא, תּרס״ג), **אמרי יעקבֿ**, יעקבֿ פּראַלגעווער (בילגורייא, תּרע״א).

**אָפּשטאַמיקע.** — פּראָפֿ׳ היינריך אוֹץ, דאָ געבאָרן 1859. אויטאָר פֿון Litraturgeschichte des Alten Testaments im Abrisz. Berlin, .1911;

ר׳ יעקבֿ־דוד ראַפּאָפּאָרט, דאָ געבאָרן 1860. רבֿ אין רובינישאָק [דעווינישאָק?], פֿון 1886, זיימל, פֿון 1896, און פֿון 1926 אין כּפֿר סבא, וווּ ניפֿטר געוואָרן 1927. איידעם פֿון ר׳ יוסף־זכריה שטערן, אב״ד שאַוול, וווּ געלעבט אַ סך יאָרן ווי אַ „פּרוש״ אין שטאָטישן בית־מדרש. בעל **חקר דין** (אָדעססא, תּרמ״ז).

1) איןביידע אַליטעס פֿלעגן זײַן באַזונדערע רבנים, איז געווען שווער אויסצורעכענען זייער אַקוראַטן כראָנאָלאָגישן סדר.

עזריאל־מרדכי טשייס, דאָ גע־באָרן 1874. פֿון 1888 אין מאַנטשעסטער (אַמעריקע). גרויסער נדבֿן, פֿאַר זײַן געלט איז אויפֿגעבויט געוואָרן דער בנין פֿון דער העברעיִשער רעאַל־גימנאַזיע אין קאָוונע. געשטאָרבן 1939.

צבֿי דרשן (ענריקע), דאָ געבאָרן 1906. אייניקל פֿון קעלמער מגיד. פֿון 1929 אין אַמעריקע.

חיים פעקער, דאָ געבאָרן 1908. פּראָפֿעסאָר פֿון פּראַקטישער מאַטעמאַטיק. מיטגליד פֿון די נאַציאָנאַלע אַקאַדעמיעס פֿאַר וויסנשאַפֿטן אין אַמעריקע און אין ישׂראל.

יוסף גלאַזמאַן, געבאָרן 1912. קאָמאַנדיר פֿון די יידישע פּאַרטיזאַנער אין ווילנער געטאָ. 1943 געפֿאַלן מיט זײַן גרופּע אין וואַלד אין קאַמף קעגן די נאַציס, הי״ד.

**שרײַבערס.** — ישׂראל חבס, געבאָרן 1868. פֿון 1907 אין ארץ־ישׂראל. 1932 געגרינדעט און רעדאַקטירט דאָס רעליגיעזע וואָכנבלאַט **היסוד**. געווען מיטרעדאַקטער פֿון **התרבות הישׂראלית**.

ברכה חבס, טאָכטער פֿון ישׂראל, געבאָרן 1900. עולה געווען מיט אירע עלטערן אין 1907. פֿון 1935 ביז 1953 רעדאַקציע־מיטגליד פֿון **דבֿר**. א מחברטע פֿון אַ דרײַסיק העברעיִשע ביכער: צווישן זיי: **אלכּסנדר זייד** (תּרצ״ה), **חומה ומגדל** (תּרצ״ט), **הגודרים בצפֿון** (תרצ״ט), **מכתּ־בים מן הגיטאות** (תּש״ג), **דוד בן גוריון ודורו** (תּשי״ב), **פורצי השערים** (תּשי״ז) א״אַ. האָט אויך רעדאַקטירט **ספֿר מאורעות תּרצ״ו** (תּרצ״ז), **ספֿר עלית הנוער, ספֿר העליה השניה** א״אַ.

דוד אומרו, אַ הי־געבאָרענער. געוווינט אין קאָוונע. דיכטער און דערציילער. געשריבן אין די קאָוונער יידישע ליטעראַרישע זשורנאַלן. אין 1940, אונטער דער באָלשעוויסטישער אָקופּאַציע, געווען רעדאַקטער פֿון דער טאָגצײַטונג **ווילנער עמעס**. מחבר פֿון **זשאַווער** (קאָוונע, 1937) און **דערנער** (קאָוונע, 1939). אומגעקומען 1941 אין ווילנע.

שמואל מאַטיס, געבאָרן 1914. געדרוקט לידער, דערציילונגען און ליטעראַרישע אַרטיקלען אין יידישע צײַטונגען, ס'רובֿ אין ליטע: **אידישע שטימע, פֿאָלקסבלאַט, מאָמענט, טויערן, בלעטער; צוקונפֿט** (נ״י), **דער שפּיגל** (בוענאָס־אײַרעס). 1941 אומגעקומען בעת אַנטלויפֿן פֿון קאָוונע צום מיזרח.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המגיד, 1871: 11; הצפֿירה, 1886: 41; חשבון הנדבֿות, 1909, ע' 16; ספר האישים, ת״א, תּרצ״ז. ע' 226); ל. פֿאָרעם, בויער פֿון אַ יִשובֿ — מעקסיקע. 1947. ז' 30; י. ווײַנשענקער, בויער און מיטבויער. מאָנטעווידעאָ, 1957. ז' 150; ישׂראל קלויזנר, וילנא בתקופֿת הגאון. ירושלים, תּש״ב, ע' 135.

אהלי שם, 8, 206; תּולדות אנשי שם (ראַנד), ע' 85; לקורות עיר קיידאַן ורבניה, ע' י״ב; יזכּור־בוך סואוואַלק, ז' 303; ג. קרסל, 1; לעקסיקאָן, 1, 5; „ליטע", I. זז' 1001, 1478, 1908; יהדות ליטא, ג'; ספֿר הפרענומעראַנטן, 432.

Augustas Janulaitis, Užnemunė po Prūsais. Kaunas, 1928, p. 190; Jonas Totoraitis. Sūduvijos Suvalkijos Istorija. Kaunas, 1938, pp. 82, 317, 363; Black Book.

# אַלסיאַד ALSEDŽIAI

טעלזער קרייז. דער מקום איז אַ גאַנץ אַלטער. 1471 איז דאָ אויפגעבויט געוואָרן דער ערשטער קלויסטער.

דער יידישער יישובֿ האָט זיך אָנגעהויבן אַרום צווייטער העלפֿט פֿון זיבעצנטן יאָרהונדערט. אין 1662 האָבן דאָ געוווינט אַ ביסל יידן, אין 1897 — 295, 1923 — 199 (אויף 1049 תּושבֿים) און פֿאַרן חורבן אַן ערך אַזוי פֿיל.

אין מיטן די 1880ער יאָרן האָבן אַ סך יידן אויסגעוואַנדערט מעבֿר לים. מיט פּרנסה איז געווען שלעכט. דער פֿאַל מיט אַ פֿויער, וואָס האָט דערהרגעט אַ יידן פֿאַר קומען מאָנען זיין חובֿ, האָט אַרויפֿגעוואָרפֿן אַ שרעק. אַפֿילו מיט פֿירן נאָרמאַל אַ חדר איז געווען שווער, ווייל דער אוראַדניק האָט געקראָגן די קאָנטראָל אויף די מלמדים.

די עקאָנאָמיק האָט זיך שטאַרק פֿאַרבעסערט, ווען אַלסיאַד האָט באַקומען דעם סטאַטוס פֿון אַ שטעטל. אַ דאַנק דעם זיינען איינגעשטעלט געוואָרן וועכנטלעכע מערק און עטלעכע יאַרידן אין יאָר. דאָס אַלץ האָט אויסגעפּועלט דער גבֿיר און עסקן ר׳ ישׂראל. דאָס איז געווען סוף 1880ער יאָרן.

אַז אַלסיאַד איז דאָך ניט געווען אַזאַ שטאַרק־פֿאַרוואָרפֿענער יידישער ווינקל, ווייזט דער פֿאַקט, אַז 1908 איז דאָ פֿאָרגעקומען אַ קאָנפֿערענץ פֿון 14 רבנים „מעָרי המחוז והסבֿיבֿה" וועגן קאָנטראָלירן דעם יידישן חינוך. צוליב אַלגעמיינעם אינטערעס איז כּדאַי איבערצוגעבן אַ פּאָר החלטות: לימודי־חול אין חדרים זאָלן ניט זיין מערער פֿון אָנדערהאַלבן שעה אַ טאָג און — וואָס איז כּמעט אין גאַנצן אומבאַקאַנט — אַרויסגעבן אַ טאָגצייטונג אין העברעיִש און יידיש. די קאָנפֿערענץ איז גערופֿן געוואָרן לויט דער איניציאַטיוו פֿון טעלזער רבֿ ר׳ לייזער גאָרדאָן.

געציילטע יידן פֿון שטעטל זיינען עולה געווען קיין ארץ־ישׂראל אין די זיבעציקער יאָרן פֿון 19טן יאָרהונדערט. איינער פֿון זיי איז „המופֿלג ר׳ דוד בר׳ בנימין מאַלשאַד", וואָס זיין מצבֿה פֿון תּר"ם געפֿינט זיך אויף אַ בית־עולם אין ירושלים.

**רבנים.** — ר׳ צבֿי־הירש ברודא. אין 1822 איז ער נאָך געווען רבֿ דאָ. שפּעטער לאַנגע יאָרן אין סאַלאַנט. באַקאַנט אונטערן נאָמען ר׳ הירש סאַלאַנטער. זיין פֿאָטער, הרבֿ החסיד ר׳ ישׂראל אַלסיאַדער, אייניקל פֿון הגאון ר׳ אַבֿרהם ברודא, בעל **אשל אַבֿרהם**; ר׳ אַבֿרהם קרעניץ.

ר׳ אַבֿרהם־אַבאַ בר׳ אַריה־לייב ז"ק, געבאָרן 1862 אין לוקניק, דאָ רבֿ פֿון 1890 ביז 1941, הי"ד. אין צווישן איז אַ קורצע צייט דאָ געווען רבֿ זיין איידעם ר׳ משה־שמואל שאַפּיראָ (שמוקלער), געבאָרן 1879 אין וואָלאָזשין, ווען זיין שווער איז געווען אַנדערשוווו [לויט איין מקור: אין יעלאָק].

ש.מ. דובינסקי, בעל **שמן רוקח** (ווילנא, תּרע"ב) האָט אַ שייכות מיט אַלסיאַד.

**קאָרעספּאָנדענטן:** — ז. קליין (**המליץ**), יום־טובֿ ליפּמאַן זיוו (**המליץ**, גאַנץ אָפּט), שמעון זאַק (**הזמן**).

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המליץ, 1885: 25, 35, 97; הצפֿירה, 1887: 285; חלקת מחוקק, תּרס״ב, ע׳ ל״א; הזמן, ווילנא, 1908: 100; משה זבדיה, מעין גֿנים, ד׳. פּיעטרקובֿ, 1914; משה־שמואל ודורו. נ״י, תּשכ״ד; הדואַר, נ״י, תּשכ״ג: ג׳; יהדות ליטא, ג׳; אהלי שם, 94. Lietuviškoji Enciklopedija; Black Book; Biuletyn Żydowskiego Instytutu Historycznego w Polsce. Warszawa, 1987, no. 141, p. 32.

## אַלעקסאָט ALEKSOTAS

פֿאָרשטאָט פֿון קאָוונע. אונטערן צאַר געהערט צו דער סוואַלקער גובערניע, אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע — פֿאָרשטאָט פֿון קאָוונע.

סוף זעכציקער יאָרן פֿון נײַנצנטן יאָרהונדערט איז געגאַנגען אַ גרעסערע עמיגראַציע פֿון אַלעקסאָטער ייִדן קיין אַמעריקע. אין אַ ליסטע פֿון 1869 זײַנען אויסגערעכנט די נעמען פֿון איין גרופּע: מ. אלקיסקי, ס. גאָטליב, ס. גאָלדבערג, ד. גרינבערג, ה. האָלצמאַן, ס. מאַרקאָווסקי, ס. מאַרקסאָן, ס. סעשאָווסקי, ס. פֿינקעלשטיין, י. ראַבינאָוויטש, מ. ראָזענבערג.

**רבנים.** — ר׳ אַבֿרהם בר׳ אַהרן שענקער. געבאָרן 1846 אין סלאַבאָדקע. געהאָלפֿן גרינדן דעם „כּולל הפּרושים" און די ישיבֿה „כּנסת ישׂראל", ווו געזאָגט שיעורים. זײַנע לעצטע יאָרן רבֿ אין אייבער־אַלעקסאָט. ניפֿטר 1884 אין מעראַן, איטאַליע.

ר׳ נפֿתּלי בר׳ שלמה אַמשטערדאַם. געבאָרן 1832 אין סאַלאַנט. 1867־1875 רבֿ העלסינגפֿאָרס, שפּעטער רבֿ אין יאַסוועז און אונטער־אַלעקסאָט. פֿון 1902 אין ירושלים, ווו ניפֿטר געוואָרן אין 1916.

ר׳ ברוך הורוויץ, געבאָרן 1870 אין פּאָנעדעל, פֿון 1900 ביז 1936, ווען ניפֿטר געוואָרן. זײַן זון ר׳ שרגא, ר״מ סלאַבאָדקע, געבאָרן דאָ 1900 און אומגעקומען 1941, הי״ד. ר׳ ברוכס איידיקל, ר׳ יהושע־לייב שענקער, געבאָרן 1910 אין ירושלים, רבֿ אין באַלטימאָר.

ר׳ שמואל־יעקבֿ ראַבינאָוויץ, געבאָרן 1857 אין קעלם. רבֿ אין איוויע (1887), אַלעקסאָט, סאָפּאָצקין און פֿון 1905 אין ליווערפּול, ווו ניפֿטר געוואָרן אין 1921. מחבר פֿון די ספֿרים: **הדת והלאומיות** (ווילנא, תּר״ס), **אורח ישר** (ווילנא, תּרס״ד), **לתקופֿת הימים** (לונדון, תּרע״ח), **ישרש יעקבֿ** (ליבֿרפּול, תּרפּ״ה). פֿון די „מזרחי"־פֿירערס אין ענגלאַנד.

צווישן 1842 און 1907 זײַנען דאָ געווען 103 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

**אָפּשטאַמיקע.** — פּראָפֿעסאָר הערמאַן מינקאָווסקי, באַרימטער מאַטעמאַטיקער, איז דאָ געבאָרן אין 1884. איינער פֿון די גרונטלייגערס פֿון אײַנשטיינס רעלאַטיוויטעט־טעאָריע. 1900 געשטאָרבן אין קיניגסבערג.

**שרײַבערס.** — יוסף־שלמה פּרענאָוויץ, געבאָרן 1871. פֿון 1888 אין אַמעריקע. געשריבן לידער, אַרטיקלען און צײַטונג־ראָמאַנען. זינט 1905 מיטאַרבע־טער פֿון **פֿאָרווערטס**. אויטאָר פֿון **געדיכטע** (פֿילאַדעלפֿיאַ, 1910), **געדיכטע** (1921). **פֿון לעבן** (1921). געשטאָרבן 1938 אין ניו־יאָרק.

יענטע טערדאַצקי, געבאָרן 1877. פֿון 1907 אין אַמעריקע. געדרוקט דערציילונגען, סקיצעס און איינאַקטערס אין אַ סך יידישע צײַטונגען און זשורנאַלן אין אַמעריקע. מחברטע פֿון **געקליבענע שריפֿטן** (נ״י, 1913). געשטאָרבן 1962 אין ניו־יאָרק.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — צום יוגנט, וויליאַמפּאָלע, 1935: 17; אידישע שטימע, 1939: 13; לעקסיקאָן, 7; תּולדות אנשי שם (ראַנד), ע׳ 136; יהדות ליטא, ג׳; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 447; ייִוואָ־בלעטער, נ״י, ב׳, XL, ז׳ 224.

## ANTALIEPTĖ אַנטאַלעפּט

עזשערענער קרײַז. אַ יידישער ייִשובֿ האָט זיך דאָ אָנגעהויבן אַרום לעצטן פֿערטל — און אפֿשר אַ ביסל פֿריִער — פֿון 17טן יאָרהונדערט. אין 1723 האָט מען דאָ פֿאַרריכט דעם בית־עולם, זײַנען דאָך יידן געוועזן אַ צײַט פֿאַר דעם.

די ייִדישע קהילה דאָ איז בעיקר אויפֿגעבויט געוואָרן פֿון די אַנטלאָפֿענע און טייל פֿאַרטריבענע יידן פֿון ווידזשון, 17 וויאָרסט פֿון אַנטאַלעפּט [זע קאַפּיטל ווידזשון].

ר׳ נתן בר׳ משה לעווין, וואָס איז געוועזן דאָ רבֿ אין 1858, דערציילט עס אין נאָמען פֿון די ייִדישע זקנים אין שטעטל. די אָרטיקע גלחים און די דאָמיניקאַנער מאָ־נאַכן האָבן דערלויבט די אַנטלאָפֿענע יידן זיך צו באַזעצן אין שטעטל. דער רבֿ הגליל פֿון ווידזשון, הגאון ר׳ אַבֿרהם קאַצענעלענ־בויגן, האָט דעמאָלט (1723) אַרויסגעגעבן אַ דערלויבעניש מתקן צו זײַן דעם אַנטאַלעפּטער בית־עולם.[1]

אין 1730 איז דאָ אויסגעבויט געוואָרן אַ קאַרמעליטן־מאָנאַסטיר. דער מאָנאַסטיר, וואָס האָט מיט דער צײַט געהאַט בײַ הונדערט מאָנאַשקעס, איז שפּעטער געוואָרן דער הויפּט־מקור פֿון פּרנסה פֿאַר די אָרטיקע יידן. די אַן ערך 400 ייִדישע נפֿשות, מיט זייערע 8־10 קרעמערס, וויייניק בעלי־מלאכות און אַ סך קאַראַבעלניקעס, זײַנען עקאָנאָמיש געוועזן שטאַרק אָנגעוויזן אויפֿן מאָנאַסטיר.

אַנטאַלעפּט האָט געליטן פֿון אַ סך שׂריפֿות. אין 1893 זײַנען 42 הײַזער אַוועק מיטן פֿײַער. נאָך אַ גרעסערע שׂריפֿה איז געוועזן אין 1898.

פֿאַרן ערשטן וועלטקריג האָבן דאָ געלעבט אַרום 350 יידן, אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע (1923) — 367, פֿאַרן חורבן — בײַ 300.

---

1) אין מקור איז געדרוקט: אַנטילאָפּ, אָבער דאָס איז געוויס אַנטאַלעפּט. קען זײַן, אַז בשעתו האָט זיך דאָס שטעטל גערופֿן אַזוי אויף רוסיש.

**רבנים.** — כאָטש אַנטאַלעפּט האָט שוין געהאַט עטלעכע הונדערט יידישע תּושבֿים אין 18טן יאָרהונדערט און אין דער ערשטער העלפֿט 19טן יאָרהונדערט, זײַנען אונדז ניט באַקאַנט קיין אַנטאַלעפּטער רבנים פֿון יענער תּקופֿה.

דער ערשטער אונדז באַקאַנטער רבֿ איז דער פֿריִער דערמאָנטער ר׳ נתן בר׳ משה לעווין, אַרום ערשטן צענדליק פֿון דער צווייטער העלפֿט 19טן יאָרהונדערט, פֿריִער רבֿ אין וויזשון.

אַן ערך אין די זעכציקער־זיבעציקער יאָרן פֿון 19טן יאָרהונדערט האָט דאָ פֿאַרנומען דעם כּסא־הרבנות ר׳ יודל אַנטאַלעפּטער. געוועזן דאָ רבֿ לאַנגע יאָרן. זײַן איידעם, ר׳ דוד־נוח קאָנוואָנט, האָט געזאָלט ווערן רבֿ נאָך אים, אָבער אַ מחלוקת האָט צעשטערט דעם פּלאַן און ער איז געוואָרן רבֿ אין רעזיצע (לעטלאַנד).

נאָך רבנים: ר׳ אַבֿרהם־דובֿ־ראובֿן לעווין, אַ דווינסקער; ר׳ שלמה־זלמן־טובֿיה מאַרקאָוויץ, געבאָרן 1887 אין ראַסיין. פֿריִער רבֿ אין קאָוואַרסק, אינ־טוריק און ביז 1925 אין אַנטאַלעפּט. זון פֿון ראַסיינער משה דער חיבורניק. 1941 אומ־געקומען אויפֿן קאָוונער נײַנטן פֿאָרט צוזאַמען מיט זײַן זון ר׳ חיים־שמשון, מחבר פֿון **דבֿר החיים**, הי״ד; ר׳ יהודה לעווין; ר׳ יצחק נאַסעל, געבאָרן 1911. פֿון 1937, הי״ד.

אין 1893 איז דאָ געווען מו״צ ר׳ מאיר־חיים בר׳ אַבֿרהם.

אין 1875 און 1885 זײַנען דאָ געווען 21 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — הכּרמל, תּרנ״ג: 42; המליץ, תּרנ״ג: 96; 1898: 109; ראַקישקער יזכּור־בוך, יאָהאַנעסבורג, 1952. ז׳ 346 א״וו; אהלי שם, ע׳ 14, 54; יהדות ליטא, ג׳; ספֿר הפּרענומעראַנטן, נומ׳ 509; י.ד. קַמזון, יהדות ליטא, ע׳ 227; Black Book.

# אַניקשט ANYKŠČIAI

# ANYKŠČIAI

אוטיאַנער קרײַז. שוין אָנהייב זעכצנטן יאָרהונדערט איז דאָס אָרט געווען נישקשהדיק באַוווינט. 1514 האָט קעניג זיגמונד דער ערשטער דאָ אויסגעבויט דעם ערשטן קלויסטער. 1792 האָט אַניקשט געקראָגן די רעכט פֿון אַ שטאָט.

דער יידישער יישובֿ האָט זיך אָנגעהויבן אַרום דער צווייטער העלפֿט פֿון 17טן יאָרהונדערט. אַרום צווייטן־דריטן צענדליק פֿון 18טן יאָרהונדערט איז דאָ שוין געווען אַ רבֿ — און אַ יידישע קהילה וואַקסט ניט אויס אין אַ פּאָר יאָר אויף קענען אויסהאַלטן אַ מרא דאַתרא.

סוף זיבעצנטן יאָרהונדערט איז אַניקשט שוין געווען אַ קהילה אין גליל וויזשון. אין 1704 איז די קהילה שוין גע־ווען געצוווּנגען אויסגעוואַקסן, אַז אַ שליח פֿון די שבתי־צבֿיניקעס, אַבֿרהם קויאַנקי פֿון

חבֿרון, האָט זיך אַהער אַראָפּגעלאָזן — בעת זײַן טור איבער אַ סך קהילות אין אייראָפּע — צו טאָן זײַן פֿאַרפֿירערישע אַרבעט.

אין 1768, בעת די רעגולאַציע־אַרבעטן פֿון ניעמאַן בײַ רומשישאָק, זײַנען באַשעפֿטיקט געוואָרן אויך ייִדישע אַרבע־טערס. דרײַ זײַנען געווען פֿון אַניקשט, איינער האָט געהייסן אָשקאָ לייבאָוויטש.

אין 1787 ווערט אָנגעגעבן אין אַ ספֿר אויפֿן אַניקשטער רבֿ: „ומצוּדתו פּרושׂה בגליל וויזון" — דאָס מיינט, אַז אַניקשטער רבנות איז דעמאָלט ניט געווען באַגרענעצט בלויז צו אירע גרענעצן.

אַניקשט האָט געליטן פֿון מערערע נאַטור־אומגליקן. אין 1869 איז דאָ געווען אַ גרויסע שׂריפֿה. אין 1873 האָבן אָפּגעברענט 400 הײַזער. געבליבן גאַנץ זײַנען נאָר 20. 1883 האָט דאָס דערבײַיִקע טײַכל פֿאַרפֿלייצט 20 ייִדישע הײַזער. 1891 האָט אַ שׂריפֿה חרובֿ געמאַכט כּמעט די גאַנצע שטאָט. 418 ייִדישע הײַזער זײַנען פֿאַרברענט געוואָרן. 1894 האָט אָפּגעברענט דער גאַנצער שטאָטצענטער. 1900 און 1902 זײַנען ווידער געווען שׂריפֿות.

אין רשימות מנדבֿים פֿאַר ייִדישע הונגער־לײַדנדיקע שטעטלעך אין ליטע אין 1871 און 1874 געפֿינען זיך מערערע אַניקשטער. די קלײַבערס: הרבֿ משה גורין, סענדער טרויב, ישׂראל שיינזאָן.

1883 איז געשאַפֿן געוואָרן אַ חבֿרה „גמילת חסד" מיט אַ קאַפּיטאַל פֿון 500 רובל — אַ גרויסע סומע אין יענער צײַט פֿאַר אַ קליינער קהילה. עטלעכע יאָר האָט די חבֿרה אַ סך געהאָלפֿן ניט־באַמיטל־טע ייִדן, אָבער אין 1887 איז אויפֿגעבראָכן געוואָרן די קאַסע, עס זײַנען אַרויסגעגנבֿעט געוואָרן משכּנות פֿון גאָלד, זילבער און אַנדערע טײַערע חפֿצים.

*

אין דער צווייטער העלפֿט פֿון נײַנצנטן יאָרהונדערט זײַנען ייִדן, מערסטנס עלטערע, געפֿאָרן קיין ארץ־ישׂראל. אויף אַ ירושלימער בית־עולם זײַנען פֿאַרצייכנט אַניקשטער:

הרבני . . . שמואל (אַניקשטער)
בר' מנחם מאָניש מוויינוטאַ, תּרי"ט;
ר' אשר בר' יוסף מאניקשט, תּרכ"ב
(הוא ר' אשר קאמאיקא);
ר' מאיר אניקשטער, תּרמ"ה;
שמעון (שו"ב) בר' יעקב מאניקשט, תּר"ס.

אויף אַ' ליסטע מנדבֿים פֿון 1900 פֿאַר בויען ארץ־ישׂראל זײַנען דאָ אַניקשטער.

*

אין אַניקשט איז געווען אַ קליינע אינדוסטריע און אַן אַקטיווער אַרבעטער־עלעמענט. אין יעדער רעוואָלוציאָנערן אויפֿברויז אין רוסלאַנד האָבן אַניקשטער זיך באַטייליקט. אין 1905 איז דאָ אָנגעגאַנגען אַ' שטאַרקע רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט, מיט ניט ווייניק ייִדישע באַטיי־ליקטע פֿון ס"ס און „בונד". ביזן צווייטן וועלטקריג איז דער „בונד" געווען דאָ זייער שטאַרק און האָט געפֿירט אַ פֿאַר־צווײַגטע אַרבעט. שפּעטער האָבן דאָמינירט די פֿאַרשיידענע ציוניסטישע פּאַרטייען.

אין 1834 האָבן דאָ געוווינט 678 ייִדן, אין 1847 — 1556, אין 1897 — 2754, אין 1906 — 5148, תּושבֿים, די מערסטע ייִדן, אין 1923 — 1748 און פֿאַרן חורבן אַן ערך אַזוי פֿיל.

אַניקשט האָט אויסגעמיטן דעם גירוש־ייִדן אין 1915, אָבער דעם 14טן יולי יענעם יאָר איז פֿאָרגעקומען אַ פּאָגראָם דורך אַ רעגימענט דראַגונער.

**רבנים.** — ר׳ גרשון בר׳ אבלי איסערליס, אַרום צווייטן־דריטן יאָרצענדליק פֿון אַכצנטן יאָרהונדערט. געווען אבֿ״ד אין אַ ריי קהילות.

ר׳ אַריה־לייב, פֿאָטער פֿון ר׳ שאול, אבֿ״ד זאָסלע, וואָס איז דער פֿאָטער פֿון ר׳ אריה־לייב, אבֿ״ד טאַווריק [אין זײַן הסכּמה אויף **חיי הנפֿש ונצחיותה** (1787) ווערט געזאָגט: „אַריה ליב בהגאבֿ״ד החובֿ״ק אניקסט״].

ר׳ אַבֿרהם ליכטענשטיין, ברודער פֿון ר׳ מרדכי אבֿ״ד בוטרימאַנץ. אויסער אַניקשט, געווען 54 יאָר רבֿ אין נאָך 10 שטעט: ליבאַווע, זאַבלודאָווע, וואָלקאָוויסק, ווילקאָמיר, קרייצבורג, פּראָשניץ א״אַ. בעל **כּנפֿי נשרים, אִגרת הצוֹפֿה, עמודי שמים, גאולת עולם** א״אַ.

ר׳ יעקעלי בר׳ אַבֿרהם עמדן בר׳ יעקבֿ הלוי שור, אבֿ״ד קראָזש והגליל [לויט **עיר ווילנא** איז שפּעטער דאָ געוואָרן רבֿ ר׳ אליהו ראַגאָלער, אָבער אין **תּולדות אליהו** ווערט עס ניט דערמאָנט].

ר׳ משה־אליהו בר׳ חיים. האָט הסכּמה אויף ש״ס ווילנא (תּקצ״ה); ר׳ משה־יואל הכּהן גוריון, בעל **ראשי בשמים** (ווילנא, תּרמ״ד). אין די זיבעציקער און אַכציקער יאָרן פֿון נײַנצנטן יאָרהונדערט. ניפֿטר געוואָרן 1897. פֿאָטער פֿון ר׳ מאיר־שלום, אבֿ״ד מאַליאַט.

ר׳ שלמה בר׳ יעקבֿ־מאיר שלאָסבערג, געבאָרן 1869, דאָ רבֿ 1894, שפּעטער אין קאַפּולע (מינסקער גובערניע), מאַנטשעסטער (אַמעריקע). בעל **אור יעקבֿ, גן הדמים**.

ר׳ אַבֿרהם־אַהרן בורשטיין, געבאָרן 1867 אין קאַמענעץ דליטא. פֿון 1891 רבֿ אין ציטעוויאַן, 1896 אין ריטעווע, פֿון 1897 אין אַניקשט, סאַלאַנט, שאַדעווע, 1902־1924 טאַווריק. ר״מ אין „מרכּז הרבֿ״ אין ירושלים, וווּ ניפֿטר געוואָרן אין 1926. בעל **נר אהרן** (ת״א, תּ״ש).

ר׳ שמואל אַבֿיגדור פּײַוולזאָן, געבאָרן 1859 אין ווײַגעווע. פֿון 1885 עטלעכע צענדליק יאָר רבֿ אין בייסעגאָלע, דערנאָך אין שוועקשנע, אַניקשט, פּלונגיאַן. ניפֿטר געוואָרן 1929 אין בערלין.

ר׳ אליהו־דובֿ בר׳ חיים שור, דאָ געבֿ׳ 1848. לאַנגע יאָרן דאָ רבֿ, פֿריִער אין זופּראַן, ליאַדי, בירזש. איידעם פֿון ר׳ נתן־נטע לוריא, אבֿ״ד קראַקינאָווע. 1936 ניפֿטר אין ירושלים. בעל **נטעי חיים** (ווילנא, תּרנ״ב).

ר׳ אַבֿרהם־מרדכי ווּעסעלער, געבאָרן 1892 אין סמילאָוויץ. פֿון 1938 רבֿ אין פּלונגיאַן, הי״ד. איידעם פֿון ר׳ יוסף־לייב בלאָך, אבֿ״ד טעלז; א. פּערלמאַן, פֿון 1922.

ר׳ קלמן־יצחק קאַדישעוויץ. 1878 געבאָרן אין לאָטאָווע, אַרום אַניקשט.

בעל תולדות יצחק (קיידאַן, תּרצ״ז). לעצטער רבֿ, הי״ד.

*

ר׳ משה־אַבֿרהם, שטאַמט פֿון ראַסיין, איז דאָ געווען מגיד־מישרים אַן ערך אין די 1860ער יאָרן. זײַן פֿאָטער ר׳ צבֿי־יהודה, אב״ד שידלעווע; ר׳ יצחק־ברוך טשאַרנאָ, ראש ישיבֿה; ר׳ חיים־שלמה גירשאָוויץ, מו״ץ אָדער ר״מ; ר׳ משה־שמואל שאַפּיראָ (שמוקלער), געבאָרן 1880 אין וואָלאָזשין, האָט געזאָגט שיעורים אין דער קליינער ישיבֿה, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין 1914.

צווישן 1833 און 1911 זײַנען דאָ געווען 72 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

**אָפּשטאַמיקע.** — ר׳ אַריה־לייב שאַפּיראָ, דאָ געבאָרן 1860, רבֿ יעזנע 1880, שערשאָוו 1888, וויטעבסק 1908.

ר׳ לייב לוריא אַניקשטער בר׳ יצחק, ד״צ אין ווילנע, ניפֿטר 1838; ר׳ יהודה־לייב בר׳ צבֿי האָט הסכּמה אויף ש״ס ווילנא תּקצ״ה.

ר׳ צבֿי־אָשר, „אַניקשטער מתמיד״, פֿלעגט זיצן און לערנען אַ גאַנצן טאָג אין טלית און תּפֿילין אין ווילנער שול.

ר׳ מאיר בר׳ אָשר אַניקשטער איז געווען אַ שם דבֿר בשעתו. זײַן פֿאַמיליע־נאָמען איז קאַמײַקאַ, וואָס מען פֿלעגט וויניק ניצן בײַם דערמאָנען אים. עולה געווען 1857 קיין ארץ־ישׂראל. גע־ווען דאָרטן מנהל „כּולל ווילנא, זאַמוט, קורלאַנד״. אויף אַן אָפּמאַך אין 1872 פֿון „איחוד הכּוללים״ אין ירושלים איז דאָ די חתימה פֿון מאיר בר׳ אָשר מאַניקשט. ער איז אויך געחתמעט אויף אַן אויפֿרוף פֿון „ראשי אלפֿי ישׂראל אין ארץ־ישׂראל״ צו העלפֿן ייִדן אין הייליקן לאַנד. איידעם פֿון הגאון ר׳ משה־מישל לוריא, אב״ד קראַקי־נאָווע. זײַן פֿרוי רבקה־ליפּע האָט פֿאַרפֿאַסט אַ קונטרס וועגן איר נסיעה קיין ארץ־ישׂראל אונטערן טיטל **זֵכר עולם** (תּרמ״ב, תּרמ״ד). זי האָט דאָרטן געשריבן צו אירע קינדער: „גליתם למדינות זָרות לאַמעריקאַ״.

**שרײַבערס.** — אָשר־לייב בריסק, מחבר פֿון **חלקַת מחוקק** (ירושלים, תּרפ״ב), אייניקל פֿון ר׳ מאיר אַניקשטער.

זלמן־ברוך קאַמייקאַ, געבאָרן 1879. פֿון 1889 אין אַמעריקע. געשריבן אַרטיקלען אין אַ ריי ייִדיש־אַמעריקאַנער צײַטונגען. אין שיקאַגער **אידישער קוריער** (1938־1944) האָט ער פֿאַרעפֿנטלעכט אַ גרויסע סעריע זיכרונות. אויטאָר פֿון **אידישע וועלטען** (שיקאַגאָ, 1912). געשטאָרבן 1957 אין מיאַמי.

בנימין קאַדער, געבאָרן 1882. געענדיקט אויף אַדוואָקאַטור אין פּעטער־בורגער אוניווערסיטעט. געלעבט אַ ריי יאָרן אין קאַווקאַז, 12 יאָר אין דײַטשלאַנד און פֿון 1937 אין שיקאַגאָ. רוסיש־ייִדישער דראַמאַטורג, געשריבן אויך דײַטש און ענגליש. ייִדישע ביכער: **לײַדענדע נשמות** (באַקו, 1921), **דערוואַכונג** (שיקאַגאָ, 1939), **אלעזר אַטלאַס** (נ״י, 1949). געשטאָרבן 1958 אין שיקאַגאָ.

לייב בערקאָוויטש, געבאָרן

1897. פֿון 1910 אין קאַנאַדע און זינט 1925 אין ניו־יאָרק. געדרוקט לידער און דערציילונגען אין קאַנאַדער און אַמעריקאַנער ייִדישע צײַטשריפֿטן. מיטרעדאַקטער פֿון די **ליטעראַרישע העפֿטן** (לאָס אַנדזשעלעס). אויטאָר פֿון **קליינוועלט** (ל״אַ, 1934). געשטאָרבן 1958.

דוד־הלל זעלעזניק, פֿון 1896 אין אַמעריקע. אין טרענטאָן, ניו־דזשורזי, געווען אַ דרשן אין אַ חבֿרה. מחבר פֿון **דברי דוד**, וואָס „ענטהאַלט אַ צאָל דרשות וועגן אידענטום״ (ניו־יאָרק, 1905, 1908).

**קאָרעספּאָנדענטן:** — יהודה־לייב טרויב (**המליץ**), חיים־דובֿ שיינזאָן (**הצפֿירה**), א. פֿרידמאַן (**הצפֿירה**), מאיר־רפֿאל גוריון (**המגיד**), ישראל־מיכל טרויב (**הלבנון**, אַרטיקל), סענדער טרויב (**המגיד**), ישׂראל שיינזאָן (**היום**, פ״ב), צבֿי פֿעלדמאַן.

פֿון אַניקשט שטאַמען אויך די באַוווּסטע ליטווישע שרײַבערס: י. ביליר־נאַס, א. וויענואָליס און באַראַנאוסקאַס, פּאָעט פֿון „אַניקשטשו שילעליס״ (אַניקשטער וועלדל).

**ניכבדים.** — אַבֿרהם קאַדישעוויץ, חיים קרעצמאַן, צבֿי־הירש ליפּשיץ, אַבֿרהם קאַריסעניץ [קאַדישעוויץ?], אַבֿרהם פּאַגראָווקע, ישׂראל קוטאַסאָוו, ישׂראל שיינזאָן, יהודה טרויב, צבֿי־הירש ליפּשיץ.

**ביבליאָגראַפֿיע** — (המגיד, 1871: 17, 36; 1873: 47; 1874: 3, הצפֿירה, 1883: 30; האסיף, תּרמ״ו, ע׳ 760; היום, פּעטערבורג, תּרמ״ז: 58; הצפֿירה, 1898: 66; המליץ, 1900: 30; דער נײַער וועג, 1906: 22.

א.ל. פֿרומקין, תּולדות חכמי ירושלים, ג׳. ירושלים תּרפ״ט, 255, 269; פּ. גראַייבֿסקי, חובֿרת המאה. ירושלים, תּרצ״ג, ע׳ י״ג; א.ש. הערשבערג, פּנקס ביאַליסטאָק, I, נ״י, 1949, ז׳ 110; א. שטיינמן, ספֿר המעלות. ת״א, תּשט״ז; הלבֿנון, גל׳ ז׳: 6; גל׳ ט׳: 25; אהלי שם, 465; עיר ווילנא, 22, 25, 108, 235; ד.ט. אפֿרתי, תּולדות אנשי שם, ע׳ 34;

חלקת מחוקק, חוב׳ ה׳, ז׳, מחברת ג׳; ח.ל. פֿוקס, 100 יאָר ייִדישע און העברעיִשע ליטעראַטור אין קאַנאַדע, ז׳ 38; ד.מ. ליפּמאַן, לתּולדות היהודים בקובֿנה וסלבודקה, ע׳ 69, 232; קהלת משה, ע׳ 465, 496; ייוואָ־בלעטער, ב׳ ז, נומ׳ 3־5, העלערס אַרטיקל; י.ד. קמזון, יהדות ליטא, ע׳ 209; „ליטע״, I, זז׳ 108, 1427; לעקסיקאָן, 2, 8; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 520; יהדות ליטא, ג׳.

Lietuviškoji Enciklopedija, I; Black Book.

## אַנישאָק[1] (אַנושישאָק) ONIŠKIS

אַ שטעטל אין ראַקישקער קרײַז. ייִדן האָבן אָנגעהויבן זיך באַזעצן דאָ תּחילת נײַנצנטן יאָרהונדערט. אין 1897 האָבן דאָ געוווינט 577 ייִדן (פֿון 617 תּושבֿים), פֿאַרן

1) רוסיש: גאַנושישקי. — געווען אַ צווייט שטעטל מיטן נאָמען האַנושישאָק.ביידע שטעטלעך ווערן אָפֿט פֿאַרמישט. „ליטע״, I, שיקט אָפּ האַנושישאָק צו אַנושישאָק; אין **אהלי שם** זײַנען ביידע שטעטלעך צעמישט; אַזוי אויך אין **יהדות ליטא**, ג׳ (ז׳ 290), ווו מ. בודזאָן און הירש לעקערט ווערן אָנגעגעבן ווי געבאָרענע אין אַנושישאָק — עס דאַרף זײַן: האַנושישאָק. ס׳איז בעסער צו קוקן אין ביידע שטעטלעך.

ערשטן וועלטקריג — ביי 350, 1923 — 342.

ייִדן האָבן זיך באַשעפֿטיקט מיט קרעמערײַ, מלאכה און מיט פֿערד־און בהמות־האַנדל. נאָכן ערשטן וועלטקריג, ווען דאָס שטעטל איז אָפּגעריסן געוואָרן פֿון אָפּזאַצמאַרק אין לעטלאַנד, איז די ייִדי־שע באַפֿעלקערונג געוואָרן אַלץ קלענער און פֿאַרן חורבן זײַנען געבליבן ביי 120 ייִדן.

אין דרײַ רשימות מנדבֿים פֿון 1898, 1900 און 1903 פֿאַרן פֿאָנד צו העלפֿן בויען ארץ־ישראל זײַנען דאָ מערערע אַנושישקער. די מורשים: מ. קאַפּלאַן, משה פען [פֿון?], ר. קאַפּלאַן.

**רבנים:** — ר׳ ישראל־איסר בר׳ נפֿתּלי־ הערץ קלאַצקין, געבאָרן 1844 אין אוזשפּאָל. פֿון 1873, דערנאָך אין ליוועניהאָף (קורלאַנד), ווו ניפֿטר געוואָרן 1921. זײַן זון ר׳ יהושע־מרדכי, אב״ד קאַרטוז־בערעזע (פּוילן). זײַן ברודער, ר׳ אליהו, אב״ד מאַריאַמפּאָל און לובלין.

ר׳ אַבֿרהם־דובֿ בר׳ אַריה פּאָפּעל, געבאָרן אין 1869. פֿון 1897 דאָ רבֿ, 1905 אין הײַדוצישאָק, דערנאָך אין מאַריאַמפּאָל. געווען אויך סיים־דעפּוטאַט. ניפֿטר געוואָרן 1923.

פֿון 1934 איז דאָ געווען רבֿ ר׳ נתן־צבֿי קאַפּלאַן.

אין די 1890ער איז געווען שו״ב מ. פּאָרטנאָי.

אַן אָפּשטאַמיקער פֿון אַנישאָק איז ר׳ אליעזר לעווין, געבאָרן 1898. 1927 ר״מ אין קעלם, 1929־1935 רבֿ אין וואַש־קי, שפּעטער רבֿ אין דעטראָיט. זײַן פֿאָטער ר׳ חיים־משה, בעל **דבֿרי חיים**. זײַן שווער ר׳ אַבֿרהם אָפּענבערג, אב״ד וואַשקי.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המליץ, 1898: 264; 1900: 31; 1903: 26; יעווריסקאַיאַ ענציקלאָפּעדיאַ, VI, ז׳ 618, אהלי שם, 108; לעקסיקאָן, 1; תּולדות אנשי שם (ראַנד), ע׳ 78; תּולדות ישיבֿת היהודים בקורלאַנד, ע׳ 154; „ליטע״, I, ז׳ 1622; יהדות ליטא, ג׳; ראַקישקער יזכּור־בוך, ז׳ 271 א״וו. Black Book.

## אַקמעיאַן (אַקמיאַן) AKMENĖ

מאַזשייקער קרײַז. אין 1705, בעת דער רוסיש־שוועדישער מלחמה, האָבן די שוועדישע סאָלדאַטן פֿאַרברענט דאָס שטעטל.

אין צווייטן פֿערטל פֿון נײַנצנטן יאָרהונדערט זײַנען דאָ שוין געווען ייִדן. אין 1839 איז דאָ געווען אַ פּרענומעראַנט אויף אַ רבנישן ספֿר.

ייִדן האָבן זיך פֿאַרנומען מיט קליינהאַנדל, קרעמערײַ, מלאכה און אַ טייל מיט לאַנדווירטשאַפֿט.

אַרום 1850־1860 איז דאָ געווען אַ רב, וואָס איז שפּעטער אַוועק קיין ארץ־ישראל. אויף אַ מצבֿה פֿון אַ בית־עולם אין ירושלים ווערט געזאָגט: „הרב הישיש ר׳ אייזיק בר׳ יוסף (וואונדער), הרב דאַקמיאַן, תּרל״ג.״

אַ צווייטער רבֿ איז געווען ר׳ אַהרן־אליהו כּהנא, פֿריִער רבֿ אין טירקשלע. דער לעצטער רבֿ נחום־מרדכי ווערבאָווסקי, געבאָרן 1878, איז געווען פֿון 1907 ביזן חורבן, הי״ד.

ר׳ יהודה־לייב דוואָרעץ, בעל **ארצות יהודה** (ווילנא, תּרמ״ז), האָט אַ שייכות מיט אַקמעיאַן.

צווישן 1839 און 1903 זײַנען דאָ געווען 23 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

די צאָל ייִדן אין 1923 איז געווען 360, פֿאַרן חורבן — אַרום 125.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — חלקת מחוקק, חוב׳ ה׳; יהדות ליטא, ג׳; ספֿר הפּרענומעראַנטן, נומ׳ 604.
A. Totoraitis, Sūduvijos Suvalkijos Istorija, p. 226; Black Book.

## אַראַן VARENA

אַליטער קרײַז. ווי אַן אָרט איז אַראַן שוין דערמאָנט אין דער צײַט פֿון וויטאָווט דעם גרויסן, ווי אַ ייִדישער ייִשובֿ איז עס גאָר יונג. זײַן אָנהייב איז אַרום סוף 18טן יאָרהונדערט. אַזוי שפּעט ווי 1847 האָבן דאָ געוווינט נאָר 158 ייִדן.

ביז 1870 איז אַראַן געווען אַ קליין און אָרעם שטעטל. אין יענעם יאָר איז דאָ סטאַציאָנירט געוואָרן אַ שטענדיקער גאַרניזאָן, שפּעטער האָט מען נאָענט צום שטעטל דורכגעפֿירט אַ באַנליניע — איז דער מקום אויפֿגעלעבט געוואָרן. אויך פֿאַר ייִדן האָבן זיך געעפֿנט נײַע פּרנסה־מקורות. זייער גײַסטיק לעבן איז באַווירקט געוואָרן פֿון עקאָנאָמישן אויפֿקום. ביז 1870 האָבן דאָ געוווינט בײַ 150 ייִדן, נאָכן אַרײַנקום פֿון גאַרניזאָן — בײַ 650.

די שריפֿות אין 1881 און 1894, ווען נאָר ווייניק הײַזער זײַנען געבליבן גאַנץ, האָבן אַ ביסל אָפּגעשטעלט דעם עקאָנאָמישן וווקס, אָבער ניט אויף לאַנג. אין 1897 איז שוין דאָ געווען אַ קיבוץ ייִדן פֿון 1473 נפֿשות, און אין אַ קאָרעספּאָנדענץ פֿון אַראַן אין 1905 רעדט זיך שוין וועגן פֿאַרשטאַרקטן ייִדישן עקאָנאָמישן מצבֿ אין שטעטל. עס האָט זיך אַנטוויקלט אַ שטיקל אינדוסטריע. אַ ריי מויערן זײַנען אויסגעוואַקסן, צווישן זיי אַ נײַער בית־מדרש און אַ הויז פֿאַר הכנסת אורחים (אין 1901). אַ ריי חברות זײַנען אַקטיוויזירט געוואָרן: ביקור־חולים, גמי־לות־חסד, תּומכי צדקה, לחם עניים.

אין מײַ 1915 האָט אַראַן דורכגעמאַכט דעם גירוש־ליטע.

נאָכן ערשטן וועלטקריג, ווען אַראַן איז צעטיילט געוואָרן צווישן פּוילן און ליטע, האָט זיך אָנגעהויבן אַן עקאָנאָמישע ירידה, ווייל דאָס שטעטל איז אָפּגעשניטן געוואָרן פֿון פּוילישן מאַרק. אין 1923 איז די ייִדישע באַפֿעלקערונג אַראָפּ צו 399 און אַן ערך אַזוי פֿיל ערבֿ חורבן.

דער ציון־געדאַנק האָט זיך דאָ פֿאַרשפּרייט פֿרי און גיך. אין 1898 זײַנען

דאָ געוועזן ביי 200 חבֿרים חובֿבֿי־ציון. אַ טייל נעמען זײַנען באַקאַנט פֿון אַ רשימה מנדבים אין 1909 פֿאַרן פֿאָנד צו קויפֿן ערד אין ארץ־ישראל[1]:

משה שומאַכער, אַבֿרהם־משה רואַזאַנאָוו, מרדכי גאָרדאָן, חיים קריינער, יוסף יערשאַנסקי, שלמה חאַזאַנאָוויטש, חיים טאטעליס, אַבֿרהם־יהודה וועקסלער, משה פֿראַנק, י״פ אינגעל, יוסף ווילקישקי, משה בלעכאַראָוויטש, אליעזר זוסמאַן, אליהו ראָגאָווסקי, אוריה פֿעסטענשטיין.

זאבֿ עלפֿמאַן, אַבֿרהם יעזעווסקי, דוד קוראַן, פּסח חאַזאַנאָוויטש, קאָפּל גאַלפּערן, רחבֿעם בעקער, דוד גורשעווסקי, חיים מיכאַלאָווסקי, א״ד גודאק, מרדכי לעווין, אַריה כּץ, צבֿי לובעצקי, יעקבֿ גורעל, שׂמחה גאָלוב.

אַ דעלעגאַט פֿון אַראַן האָט זיך באַטייליקט 1899 אין דער ציוניסטישער ועידה גלילית אין ווילנע.

**רבנים.** — ר׳ יואל־זעליג בר׳ ישׂראל זאַלקינד, געבאָרן 1839 אין וויל־קאָמיר. דאָ רבֿ אַרום מיטן 1860ער, שפּע־טער רבֿ אין אַליטע און רייגראַד. בעל **בית יואל**, אויף **פּחד יצחק** (וואַרשא, תּרמ״ה, געדרוקט מיטן טעקסט).

ר׳ מתּתיהו־גדליה בר׳ דוד קאַבאַצניק, געבאָרן אין איישישאָק. 1900־1902 דאָ רבֿ, שפּעטער אין סאַרנאָ (וואָלין); ר׳ אליעזר־יהודה בערמאַן, אין די 1880ער ביז 1899. געוועזן אויך קאַזיאָנער ראַבינער.

ר׳ שלמה־זוסמאַן בר׳ יהודה־לייב העניך, געבאָרן 1864. עטלעכע יאָר ר״מ ומו״צ אין מינסק, פֿון 1895 רבֿ אין האָראָדאָק און פֿון 1903 אין אַראַן; ר׳ צבֿי בליימאַן, לעצטער רבֿ, הי״ד.

צווישן 1835 און 1925 זײַנען דאָ געוועזן 50 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

**אָפּשטאַמיקע.** — שלום כּהן, דאָ געבאָרן 1889. געשריבן אַ סך פֿאָרשונגען אין ענציקלאָפּעדישער ביכער וועגן דער געשיכטע פֿון ייִדישע דאָקטוירים אין דער וועלט — אַלע אין ענגליש, חוץ אַ ביסל אין העברעיִש. געשטאָרבן 1955 אין ניו־יאָרק.

אַבֿרהם בלעכאַראָוויטש, באַקאַנ־טער חזן. צו 21 יאָר געוועזן ערשטער סאָליסט אין ריגער מלוכה־טעאַטער. אין די 1950ער אייבערחזן אין בוענאָס־אײַרעס און שפּעטער קאָנצערט־זינגער אין ניו־יאָרק.

משה מאַראַן, **יד משה** (וואַרשא, תּרנ״ז), **אהב מוסר** (וואַרשא, תּרנ״ז).

אַבֿרהם בר׳ משה [לעווינזאָהן], מחבר פֿון **בכּורי אברהם** (וואַרשא, תּרנ״ז).

**קאָרעספּאָנדענטן:** — שלום שטערן (**המליץ, הצפֿירה**), יהושע בודזאָן (**המליץ, הצפֿירה**), תּנחום רייזעס (**המליץ**), א. פֿרידמאַן (**הצפֿירה**), מ. מאַנאַכאָווסקי, פּסח אַבעלניצקי (**הזמן**) — אַזאַ קליין שטעטל מיט אַזוי פֿיל קאָרעספּאָנדענטן.

1) נאָך נעמען פֿון מנדבֿים זײַנען דאָ אין רשימות פֿון 1898 און 1903.

**ניכבדים.** — אין 1879 זײַנען געווען גבאים פֿון חבֿרה ש"ס: ישׂראל קאַפּנאַסקי [קאַפּלאַנסקי?], מאיר קאַלוואַריסקי; פֿון חברה קדישא: יוסף בר' חיים שלעווין, צבֿי־דובֿ בר' יהודה לעוויטאַן; אַנדערע חשובֿי העיר: חיים־דובֿ קריינער, יצחק לאַבעצקי, משה־נתן סראָצקי.

אַ גרויסער גבֿיר און נדבֿן איז געווען מרדכי צפֿנת. ער האָט געגעבן 3000 רובל אויף איין וואַנט פֿון דער ישיבֿה, וואָס דער חפץ־חיים האָט געבויט אין ראַדין. ער האָט געוואָלט געבן געלט פֿאַרן גאַנצן בנין, האָט דער חפץ־חיים ניט אָנגענומען, מיטן מאָטיוו, אַז אַ ישיבֿה דאַרף ווערן געבויט דורכן כּלל, ניט פֿון קיין יחיד. עטלעכע יאָר שפּעטער האָט צפֿנת באַנקראָטירט און געשטאָרבן. דער חפֿץ־חיים האָט דעמאָלט געבראַכט די פֿאַראָרעמטע אַלמנה קיין ראַדין און זי אויסגעהאַלטן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המליץ 1878: 21; הצפֿירה, 1878: 8; המליץ, 1879: 1; 1894: 155; 1898: 95; 1903: 46; הזמן, 1905: 31; חשבון הנדבֿות, 1909, ע' 18; מ.מ. ישר, דאָס לעבען און שאַפֿען פֿון חפֿץ־חיים. נ"י, תּש"ו, ז' 323; י.ל. חדקל, ספֿר החזנים. ב"אַ, 1957, ז' 162; ג. קרסל, 2; אהלי שם, ע' 14, 132; ספֿר הפרענומעראַנטן, 616; יהדות ליטא, ג'. Black Book.

# ב

## באָבט BABTAI

קאָוונער קרײַז. דער ערשטער קלויסטער איז דאָ געבויט געוואָרן אין 1862. דער עקאָנאָמישער וווקס פֿון שטעטל האָט זיך אָנגעהויבן אין מיטן נײַנצנטן יאָרהונדערט.

דער בראשית פֿון ייִדישן ייִשובֿ איז אַרום נײַנצנטן יאָרהונדערט. פֿאַר דער ערשטער וועלט־מילחמה האָבן דאָ געווױנט בײַ 950 ייִדן, אין 1923 — 153 און אַן ערך אַזוי פֿיל פֿאַרן חורבן.

אין 1905 איז אויסגעבראָכן אַ גרויסע שׂריפֿה, אַ טייל שטעטל איז אַראָפּ מיטן פֿײַער.

ייִדן האָבן זיך פֿאַרנומען מיט קרעמערײַ, מלאכה און גערטנערײַ. דער מיסחר פֿון עקספּאָרטירן געהילץ און אַגראַר־פּראָדוקטן קיין פּרײַסן איז געלעגן מערסטנס אין ייִדישע הענט.

אין 1903 און 1913 זײַנען דאָ געווען 2 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

אין 1878 איז דאָ געווען רבֿ ר׳ משה־אליהו בר׳ יעקבֿ בורשטיין, געבאָרן 1858. ווען ס׳איז ניט געווען קיין רבֿ, האָט מען זיך געווענדט צו אַ רבֿ אין קיידאַן.

ביבליאָגראַפֿיע. — אהלי שם, ע׳ 15; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 802; יהדות ליטא, ג׳. Lietuviškoji Enciklopedija, II., p. 592; Black Book.

## באָגאָסלאַווישיק PAGAILAVIŠKIS

קליין שטעטל, ווילקאָמירער קרײַז. ייִדן האָבן אָנגעהויבן קומען אַהער אַרום אָנהייב נײַנצנטן יאָרהונדערט. 1858 איז דאָ געבאָרן געוואָרן ר׳ אַבֿרהם־חיים ש״ס, רבֿ אין דאַרשונישאָק, זאָסלע, וווּ ניפֿטר געוואָרן.

פֿאַר דער ערשטער וועלט־מילחמה האָבן דאָ געלעבט אַ פּאָר הונדערט ייִדן. זיי זײַנען ניט געווען בכּוח אויסצוהאַלטן אַ רבֿ, אָבער אַ קאַזיאָנער ראַבינער איז דעמאָלט יאָ געווען — אַבֿרהם פּיק.

ייִדישע פּרנסות: קרעמערײַ, קאַראַבעלניקערײַ, האַנטווערקערײַ.

אין 1915, ווען ס׳איז שוין גע־

ווען אָפּגעשטעלט דער גירוש־ליטע, האָט די רוסישע מיליטערישע קאָמאַנדע אין קאָװנע גענומען פֿון די פֿאַרבליבענע שטעטלעך „זאַקלאַדניקעס״ (ערובֿניקעס), איינער פֿון באָגאָסלאַווישיק. ערבֿ חורבן האָבן דאָ געוווינט אַ 10 ייִדישע מישפּחות.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — ראַקישקער יזכּור־בוך, ז׳ 324.

## באַזיליאַן BAZILIONAI

שאַוולער קרײַז. אַ מאָל האָט זיך עס גערופֿן פּאַדאַגיאַי, אויך דאוגעלישקיאַי.

פֿאַרן ערשטן וועלטקריג האָבן דאָ געוווינט בײַ 200 ייִדן, פֿאַרן חורבן — בײַ 70.

ייִדן האָבן זיך פֿאַרנומען מיט קרעמערײַ, מלאכה און קאַראַבעלניקערײַ.

רבנים זײַנען געווען: ר׳ גרשון בר׳ זאבֿ ליפּשיץ, אַ הי־געבאָרענער [אַן אַנדער מקור: קורשאַן] אין 1855. פֿון 1891 רבֿ אין באַטאַק, שפּעטער אין טווער, דערנאָך אין באַזיליאַן. געלעבט אַ צײַט אין שאַוול. מחבר פֿון **בני גרשון** (ווילנא, תּרנ״ט); ר׳ ישראל שולמאַן, 13 יאָר נאָך ר׳ גרשונען.

אין 1904 איז געווען איין באַזיליאַנער פּרענומעראַנט אויפֿן ספֿר **בית ידידיה**, א׳, שאול־ידידיה שאָחעט (פּיעטרקובֿ, תּרס״ד).

**ביבליאָגראַפֿיע.** — אהלי שם, 334; יהדות ליטא, ג׳; ספר הפּרענומעראַנטן, 865.

## באַטאַק BATAKIAI

טאַווריקער קרײַז. דער מקום איז אַן אַלטער. 1509 איז דאָ שוין געווען אַ קלויסטער. ייִדן האָבן זיך דאָ באַוויזן ערשט אָנהייב נײַנצנטן יאָרהונדערט. פֿאַרן ערשטן וועלטקריג האָבן דאָ געלעבט בײַ 450 ייִדן, אין 1923 — 88 (אויף 230 תּושבֿים), אַן ערך אַזאַ צאָל פֿאַרן חורבן.

אין מערץ 1915 האָט באַטאָק דורכגעמאַכט די ערשטע דעם גירוש־ליטע אין ערשטן וועלטקריג. אָנגעהויבן האָט זיך עס פֿון אַ בילבול, אַז ייִדן האָבן אַרײַנגעוואָרפֿן אַ קאַץ אין אַ ברונעם צו פֿאַרסמען די קריסטלעכע באַפֿעלקערונג.

ר׳ גרשון בר׳ זאבֿ ליפּשיץ, געבאָרן 1855, איז דאָ געווען רבֿ פֿון 1891 ביז 1899, פֿריִער אין טווער און באַזיליאַן. שפּעטער זיך באַזעצט אין שאַוול. מחבר פֿון **בני גרשון** (ווילנא, תּרנ״ט).

ר׳ גרשון־שלום בר׳ משה־זעליג קאַב, דאָ געבאָרן אין 1878, האָט דאָ פֿאַרנומען דעם כּסא־הרבנות אין 1907.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המליץ, 1898: 132; אהלי שם, ע׳ 17, 334; „ליטע״, I., ז׳ 94; יהדות ליטא, ג׳. Lietuviškoji Enciklopedija, II., Black Book

## באַלבירישאָק BALBIERIŠKIS

מאַריאַמפּאָלער קרײַז. דער נאָמען שטאַמט פֿון אַ שטיין אין ניעמאַן, וואָס רופֿט זיך barbiera. אין אַלטע מקורות ווערט טאַקע דער מקום אָנגערופֿן bar-bieriškis. 1520 איז שוין דאָ געווען אַ קלויסטער.

פֿון אַ קליין הײַפֿל, וואָס קיניג זיגמונד דער אַלטער האָט עס געשאָנקען צו מאָטעיוס מיקיטינעץ, האָט מיט דער צײַט זיך געשאַפֿן אַרום אַ שטעטל, וואָס מענטשן האָבן אָנגעהויבן רופֿן: באַלביערישקיס. 1782 האָט גראַף טישקעוויטש עס אָפּגעקויפֿט. פֿון 1841 איז עס אַריבער צו זײַנע טעכטער און פֿון זיי האָט עס אָפּגעקויפֿט אַ ייִד.

דער „נײַער" בית־עולם איז געווען פֿון אַרום 1780. קען מען אָננעמען, אַז ייִדן האָבן אָנגעהויבן זיך באַזעצן דאָ אַרום 1750. 1797 האָבן געלעבט אין באַלבירישאָק 920 אײַנוווינערס, אַ טייל פֿון זיי זײַנען געווען ייִדן. אין שטעטל זײַנען דעמאָלט געווען 107 הײַזער. אין 1854 האָבן זיך דאָ געפֿונען 2424 תּושבֿים.

1881 איז אויסגעבראָכן אַ פּאָגראָם. געווען איז עס ערבֿ יום־כּיפּור. די פּויערים האָבן צעראַבירט קראָמען און הײַזער, צעשלאָגן ייִדן. 20 ייִדן זײַנען געוואָרן פֿאַרוווּנדט, איין ייִד איז דערהרגעט געוואָרן. זיי האָבן אויך אויפֿגעבראָכן דעם בית־מדרש און די שול און אַלץ דאָרטן חרובֿ געמאַכט. דער גלח האָט געוואָלט העלפֿן, געקלונגען אין די קלויסטערגלאָקן, אָבער עס האָט ניט געהאָלפֿן.

דער פּאָגראָם האָט אויך געטראָפֿן די אַרומיקע דערפֿער, ווו עס האָבן געלעבט ייִדן פּאַכטערס, שענקערס, קרעטשמערס. די פּויערים האָבן אויך געזוכט דעם רבֿ, אָבער ער איז געווען גוט באַהאַלטן. אָנגעהויבן האָט זיך עס פֿון דעם, וואָס אַ ייִדישער קרעמער האָט ניט געוואָלט אַרויסלאָזן פֿון קראָם אַ פּויער מיט ניט־באַצאָלטער סחורה.

אין די 1890ער יאָרן איז דאָ געווען אַ קליינע ביבליאָטעק. דער „ועד מפיצי השׂכּלה" אין אַדעס פֿלעגט פֿון צײַט צו צײַט צושיקן אַהין ביכער. אין 1898, גלײַך נאָכן ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס, זײַנען ייִדן געוואָרן טעטיקער פֿאַרן א"י־בוי. אין המליץ פֿון יענעם יאָר איז דאָ אַ לענגערע רשימה פֿון באַלבירישקער מנדבֿים פֿאַרן פֿאָנד צו קויפֿן ערד אין ארץ־ישׂראל. דער מורשה — שמואל קאָטלער.

פֿאַרן ערשטן וועלטקריג האָבן דאָ געלעבט בײַ 1000 ייִדן, אין 1923 — 560 און ערבֿ חורבן בײַ 350. באַלבירישאָק האָט דורכגעמאַכט דעם גירוש־ליטע אין 1915.

אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע איז דער עקאָנאָמישער מצבֿ פֿון שטעטל פֿאַרערגערט געוואָרן צוליבן אויסבוי פֿון שאָסייען און ־ אַ באַנליניע, וואָס האָבן פֿאַרקערעוועט דעם מיסחר — דעם הויפּט־

נערוו פון דער ייִדישער פּרנסה — צו אַנדערע שטעט. דאָס האָט געבראַכט צו אַ גרעסערער ייִדישער עמיגראַציע פון שטעטל.

**רבנים.** — ר׳ עוזר, ניפטר 1819. ש״י פין רופט אים: „הרבֿ הגדול, התוכן והמהנדס, אב״ד באַלבירישאָק.״ אויך זלמן זאַלקינד זאָגט אַזוי.

ר׳ צבֿי־הירש בר׳ אַבֿרהם כהנא, בעל **ליקוטי רצב״א**.

ר׳ שלמה־זלמן גאָרדאָן, ביז 1858, שפּעטער אב״ד מאַריאַמפּאָל. מען האָט אים גענומען אַהין פאַר אַ רבֿ, נאָר צוליבן כּבֿוד פון צווייטן אַלטן רבֿ האָט מען שלמה־זלמנען גערופן מו״צ. ניפטר 1872.

ר׳ אפרים בר׳ אַבֿרהם גבאי, עטלעכע יאָר דערנאָך מו״צ אין ריגע. איידעם פון ר׳ אַבֿרהם־דובֿ־ראובֿן, רבֿ אין אַנטאַלעפּט.

ר׳ חיים־ירמיהו בר׳ אברהם פלענסבערג, געבאָרן 1842 אין קיידאַן. 1869 רבֿ אין דאַרשונישאָק, 1873 — באַלבירישאָק, 1889 — שאַקי, ווו ניפטר געוואָרן כ״א תמוז, תרע״ד. חיבורים: **נזר הנצחון** (ווילנא, תרמ״ג), **שאלות חיים** (ווילנא, תרנ״ח), **דבֿרי ירמיהו**, דרושים (ווילנא, תרנ״ח), **אוצר חיים** (ווילנא, תרס״ה־תרס״ט. פּירוש על **אור ה׳** לר׳ חסדאי קרשקש, געדרוקט מיטן טעקסט), **מרכּבֿות עמי** (ווילנא, תר״ע. געדרוקט מיטן טעקסט פון **שיר השירים**), **דבֿרי ירמיהו** (ווילנא, תר״ע־תרפ״ז).

ר׳ שמואל־מאיר בר׳ יצחק אַש, ביז 1884; ר׳ משה־שמואל הורוויץ, ביז 1894.[1]

ר׳ אליעזר־יצחק אַלגאַזי; ר׳ ברוך גראָסבאַרד, פריער רבֿ אין גאַוורע, פיליפּאָווע (סוואַלקער גובערניע). זיין זון ר׳ אַריה־לייב, רבֿ אין פיליפּאָווע, 1913־1941 אין שירווינט, ווו אומגעקומען, הי״ד; ר׳ אליהו פינק; ר׳ חיים הלוי לעוו, הי״ד.

פון 1861 ביז 1933 זיינען דאָ געווען 64 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספרים, פון דעם 20 נאָר אין 1861.

סוף 1890ער איז דאָ געווען חזן ר׳ חנוך־זונדל זאַקהיים. ניפטר 1915 אין ווילנע. זיין פאָטער ר׳ יעקבֿ־שלום, ר״מ אין ביאַליסטאָק.

**אָפּשטאַמיקע.** — ר׳ יצחק בר׳ דוד יאשפא (יאַשפאַן?) מבאַלבירישאָק, בעל **אגרת הפורים**; שלמה־זלמן זאַלקינד, בעל **דברי שלמה, קול שלמה** (ווילנא, תרי״ט) — האָט אַ שייכות, מיר ווייסן ניט קיין פּרטים.

ר׳ חיים שיצקוס, אַרטיקלען אין **כנסת ישראל** (תרצ״ח, ת״ש); ד״ר יצחק פיינבערג, געבאָרן דאָ 1822. געשריבן פיל מעדיצינישע אַרטיקלען אין רוסישע און דייטשישע וויסנשאַפטלעכע זשורנאַלן.

---

1) דאָ זיינען נאָך געווען רבנים: ר׳ אַבֿרהם אליעזורסאָן, פריער אין בוטרימאַנץ; ר׳ יוסף־יהודה בערנשטיין, פריער אין רודאַמין, ראָגעווע, לוקניק, פילטען (קורלאַנד) — ביידע אַרום מיטן 19־טן יאָר־הונדערט, אָבער מיר קענען ניט אויסרעכענען זייער בערכדיקע דאַטעס פון דער היגער רבנות.

גרינדער פֿון מאַפּו־ביבליאָטעק אין קאָוונע. געשטאָרבן 1912.

ר׳ גבֿריאל בר׳ אַריה פֿײַנבערג, דאָ געבאָרן 1825. רבֿ אין ווילקי, סאַלאַנט, סלאַבאָדקע, מעמל, ווו ניפֿטר געוואָרן אין 1905; מרדכי ראָזענשטיין, זשורנאַליסט, שפּעטער אין לאָנדאָן און אַמעריקע.

ראובֿן הורוויץ, קאָרעספּאָנדענט (המליץ). לאַנגע יאָרן האָט דאָ געלעבט יצחק ריטענבערג, באַקאַנטער העברעיִשער

פֿון די ניכבדים: ר׳ יהושע־געצל ווינקעלשטיין (1896), יעקבֿ־משה גאָלדענבערג, שפּעטער אין פּרען.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — ש.ז. זאַלקינד, שמע שלמה, ווילנא, תּרכ״ו, ע׳ 100; יודישעס פֿאָלקסבלאַט, פּעטערבורג, 1881, ז׳ 28; המליץ, 1881: 38; הצפֿירה, 1881: 39; המליץ, 1882: 49; 1883: 18; 1898: 142; ילקוט מערבֿי, נ״י, תּרס״ד, ע׳ 116; ל. אָווצינסקי, תּולדות ישיבֿת היהודים בקורלאַנד. פּיעטרקובֿ, תּרס״ח, ע׳ 149.

אליהו זאַלודקאָווסקי, קולטור־טרעגער פֿון דער אידישער רעליגיע. דעטראָיט, 1930, ז׳ 226; אהלי שם, ע׳ 10; ש״י פֿין, קריה נאמנה, ע׳ 287; אהלי שם, 54; יזכּור־בוך סואוואַלק, 186; „ליטע״, I., 1615; י.ד. קַמזונס יהדות ליטא; יהדות ליטא, ג׳; ז. רייזען, 3; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 940.

A. Totoraitis. Sūduvijos Suvalkijos Istorija, p. 478; A. Janulaitis, Užnemunė po Prusais, p. 190; Lietuviškoji Enciklopedija, II. p. 801; Black Book.

## באָלניק BALNINKAI

ווילקאָמירער קרײַז. 1655 איז דאָס שטעטל חרובֿ געוואָרן פֿון מאָסקווער מיליטער. 1777 האָט עס געליטן פֿון אַ גרויסער שׂריפֿה.

ייִדן זײַנען געקומען אַהער אַרום דער שפּעטער העלפֿט פֿון 18טן יאָרהונדערט. 1797 האָבן דאָ געלעבט 52 ייִדן (אָן פֿרויען). 1873 איז דאָ געבויט געוואָרן דער ערשטער בית־מדרש.

אין 1896 איז דאָ געווען רבֿ ר׳ חיים בר׳ אליעזר רודין, געבאָרן 1867, שפּעטער רבֿ אין קאָוואַרסק.

באָלניק איז ניט געטראָפֿן געוואָרן פֿון גירוש ליטע אין ערשטן וועלט־קריג, זי האָט אָבער דורכגעמאכט אַ גרויסן פּאָגראָם דעם 23סטן יולי, 1915, ווען זי איז כּמעט חרובֿ געוואָרן. די ייִדישע עקאָנאָמיק אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע איז געווען אַ געשלאָגענע. פֿון 8 קראָמען זײַנען 6 געווען ייִדישע.

אין 1923 זײַנען דאָ געווען 237 ייִדן, אין 1933 — 142, אויף 616 אײַנוווינערס, אָן ערך אַזוי פֿיל ערבֿ חורבן.

אין פּאָדובי, לעבן שידלעווע, איז 1854 אויפֿגעשטעלט געוואָרן אַ ייִדישע קאָלאָניע אויף אומזיסטער רעגירונג־ערד, זײַנען דאָרטן געווען 7 מישפּחות פֿון באָלניק, לינקעווע, זיימל.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — יהדות ליטא, ג׳; אהלי שם, 161; „ליטע״, I, ז׳ 109.

Šis tas iš Balninkų parapijos istorija. Rytų Lietuva, Nr. 32-34; Recueil de Matériaux sur la Situation economique des Israelits de Russie, II., p. 367; Black Book.

# בוטרימאַנץ BUTRIMONYS

אַליטער קרײַז. עלטערע ייִדן פֿלעגן עס רופֿן באַלטערמאַנץ. 1897 האָבן דאָ געלעבט 1919 ייִדן (אויף 2394 תּושבֿים), 1923 — 948 און ערבֿ חורבן — בײַ 750.

ייִדן האָבן זיך פֿאַרנומען מער־סטנס מיט מיסחר, מלאכה, קאַראַבעל־ניקערײַ און בײַשטוביקער גערטנערײַ. זייער עקאָנאָמישער מצבֿ האָט געהאַט פֿאַרשיידענע פּעריאָדן, אָבער געווען מערער שלעכט ווי גוט. אַן עקאָנאָמישער קלאַפּ איז געווען די גרויסע שׂריפֿה אין 1869, געווען הונדערטער געליטענע און געדאַרפֿט אָנקומען נאָך הילף פֿון אויסלאַנד. דאָס ווערט דערמאָנט אין אַ דין־וחשבון פֿון „תּומכֵי דלים ברוסלאַנד וּפּאָלין", וואָס האָט געשיקט 500 רובל.

וועגן ייִדישן דַלות אין בוטרימאַנץ איז אַרומגעגאַנגען אַ וויץ פֿון באַקאַנטן לץ מאָטקע חבד צו א גבֿיר אין ווילנע: — אויב איר ווילט לעבן אייביק, גייט אַריבער וווינען קיין בוטרימאַנץ. — פֿרעגט דער גבֿיר: האָט דען דער מלאך־המוות דאָרטן ניט קיין שליטה? — ענטפֿערט מאָטקע: איך האָב אַ קבלה פֿון דורות, אַז פֿון שֵשת ימי בראשית אָן איז אין בוטרימאַנץ נאָך ניט געשטאָרבן קיין איין רײַכער ייִד . . .

דער השׂכּלה־גײַסט איז דאָ גע־ווען נישקשה פֿאַרשפּרייט. שוין אין די 1880ער יאָרן איז אַ גרופּע יוגנטלעכע געווען פֿאַרבונדן מיט דעם „ועד מפֿיצי השׂכּלה" אין אַדעס, וואָס פֿלעגט זיי שיקן ביכער. די אָנפֿירערס: יצחק־דובֿ בורשטיין, מרדכי סטיל.

אויך סוף נײַנציקער יאָרן האָט זיך געפֿירט א שטאַרקע בילדונג־טעטיקייט. פֿון „מַרבי השׂכּלה" אין פּעטערבורג האָט מען אַרײַנגעשיקט 200 ביכער און מען האָט געעפֿנט אַ ביבליאָטעק בײַ דער פּרי־וואַטער שול פֿון ה' שנײַדער.

*

די אַרבעט פֿאַרן א"י־בוי איז דאָ געווען גאַנץ שטאַרק, סײַ אין דער תּקופֿה פֿון חיבת־ציון, סײַ שפּעטער. דער גרע־סטער פֿאַקטאָר אין דעם איז געווען דער רבֿ ר' אליעזר שטראַשון, אַ הייסער מַטיף פֿאַר ייִשובֿ־א"י. אין **המליץ** זײַנען געדרוקט געוואָרן מערערע דאַנקאויסדרוקן פֿאַרן רבֿ צוליב זײַן העלפֿן פֿאַרשפּרייטן דעם רעיון פֿון בניין א"י.

געווען אַ חבֿרה „בנות ציון", טעטיק פֿאַר חיבת־ציון. פֿרוי א. כּהן האָט געלערנט מיט זיי ייִדישע געשיכטע. געווען אויך אַן „אגודת הציונים", אָנגעפֿירט דורך יעקבֿ־ניסן ליפּשיץ. די אגודה האָט געשיקט פּראָטעסטן קעגן די יעניקע אין ציוניזם, וואָס האָבן געפֿירט אַ קאַמף קעגן אַחד־העם.

ביי די חובבי־ציון זיינען געווען אַקטיוו ד״ר שלום ראַבינאָוויץ און מ. עדעלסאָן. אין אַ ריי נומערן פֿון **המליץ** זיינען פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן לאַנגע רשימות נעמען פֿון מנדבֿים פֿאַרן בניין הארץ. די מורשים: שלום אַבראַמאָוויץ, משה־אַהרן ליפֿשיץ, יעקבֿ־ניסן ליפֿשיץ, ד״ר סאַלאָמאָן ראַבינאָוויץ. אין ליסטע מנדבֿים פֿון פֿאָנד צו קויפֿן ערד אין ישׂראל (1903) זיינען אָנגעגעבן די קלייבערס: שמואל וואָלפֿיאַנסקי, צבֿי צעפּעלעוויטש, אפֿרים קישעלעוויטש, יעקבֿ־ניסן ליפֿשיץ.

אויף אַן אַלטן בית־עולם אין ירושלים זיינען דאָ די מצבֿות פֿון:

המופלג נפתלי זאב בר׳ אהרן דוד הכהן מבאלטרמאַנץ, תּרל״ח,

אברהם יזפא בר׳ מרדכי מבאלטרימאנץ, תּרמ״ג.

*

1885 איז די חבֿרה ביקור־חולים אַזוי פֿאַרשטאַרקט געוואָרן, אַז מען האָט גענומען אַ דאָקטער פֿאַרן שטעטל. 1886 איז געשאַפֿן געוואָרן אַ גמילות־חסד מיטן גרונד־קאַפּיטאַל פֿון 500 רובל פֿון גבֿיר נחום לייבאָוויץ. 1894 האָט מען געענדיקט בויען אַ גרויסן מויערנעם בית־מדרש. אַ סך האָט געהאָלפֿן דער בוטרימאַנצער תּושבֿ לייב קאַהאַן פֿון פּעטערבורג.

**רבנים.** — ר׳ מרדכי בר׳ אליעזר ליפּמאַן ליכטענשטיין, שפּעטער 33 יאָר רבֿ איז טוקום, קורלאַנד. דאָרטן ניפֿטר געוואָרן אין 1848, אין עלטער פֿון 62 יאָר. אייניקל פֿון ר׳ קלמן ליכטענשטיין, **אבֿ״ד** ביאַליסטאָק. ר׳ מרדכיס ברודער, ר׳ אַבֿ־רהם, בעל **כּנפֿי נשרים**, איז געווען רבֿ ומ״מ אין אַניקשט [לויט דער רבנות פֿון ר׳ מרדכין אין טוקום קומט אויס, אַז ער איז געווען רבֿ אין בוטרימאַנץ ביז 1815]

ר׳ אַבֿרהם אליעזרסאָן, אויך רבֿ אין באַלבירישאָק.

ר׳ אליעזר שטראַשון, בעל **עמוד אש** (וואַרשא, תּרע״ב), **אש דת.**

ר׳ אַבֿרהם־משה בר׳ חיים־אַהרן וויטקינד, געבאָרן 1882 אין אַמדור. אומ־געקומען 1941, הי״ד. בעל **תּועפֿת ראם** (קובֿנה, תּרפּ״ד).

אין די 1820ער איז דאָ געווען מו״צ ר׳ קלמן קלונימוס. ער ווערט דערמאָנט אין שאלות־ותּשובֿות פֿון ר׳ אַבלי פּאָסוואָלער.

לאַנגע יאָרן איז דאָ געווען מו״צ ר׳ יוסף יאַנקעלעוויטש און פֿאַר דעם ערשטן וועלטקריג אויך ר״מ אין דער קליינער ישיבה. מו״צ איז אויך געווען ר׳ בנימין בייניש פֿליישער, אַ הי־געבאָרענער, פֿון 1914 ראבֿ״ד אין בראָנזוויל (ברוקלין).

ר׳ גדליה נאַווארעדקער און ר׳ ברוך־יצחק סינגאַלאָווסקי זיינען דאָ געווען חזנים אין די 1890ער יאָרן.

**אָפּשטאַמיקע.** — ר׳ אַהרן באַלטרעמאַנצער, איינער פֿון די חכמי ירושלים אַרום די 1770ער, מחבר פון „לחם תּרומה״; הגאון ר׳ מאיר־שמחה הכּהן, אבֿ״ד דווינסק, ניפֿטר אין ריגע אלול

תּרפּ״ו. אויף דער באַקאַנטער רבנים־קאָנפֿערענץ פֿון 1910 אין פּעטערבורג געשטיצט די החלטה, אַז רבנים זאָלן האָבן אָפֿיציעלן צענז. בעל **אור שׂמח, משך חכמה.**

א.י. ליכטענשטיין, בעל **זרע אבֿרהם**; חיים בר׳ אורי, בעל **מצא חיים**; מ. גאָרדאָן, **משׂאת נפֿש** (ווילנא, תּרפּ״ג); יעקבֿ באַלטרימאַנץ, פֿון די ניכבדי ווילנע. ניפֿטר 1846. זײַן פֿאָטער שבתי דיין אין לאַזדיי.

אין די 1890ער יאָרן איז געווען אין ווילנע אַ באַקאַנטער חדר פֿון ישעיה באַלטרעמאַנצער. אַב. קאַהאַן, רעדאַקטער פֿון **פֿאָרווערטס**, האָט געלערנט בײַ אים גמרא און דיקדוק.

שאול גראַפּמאַן, משורר בײַם באַקאַנטן חזן קופּער אין ווילנע, שפּעטער חזן אין אַ ריי שטעט פֿון אַמעריקע. מישפּחהדיק פֿאַרבונדן מיט חזן סיראָטע; יעקבֿ אַלבערט, חזן אין אַמעריקע. זײַן זיידע איז געווען חזן אין בוטרימאַנץ.

ר׳ ישׂראל בר׳ צבֿי הכּהן, אַ ווילנער, האָט געלעבט אין שטעטל, מחבר פֿון **בכּורי ישׂראל** (ווילנא, תּרנ״ד).

**שרײַבערס.** — מנחם־מרדכי סילמאַן, געבאָרן 1852. געשטאָרבן 1930 אין קאָוונע.

קדיש־יהודה סילמאַן, געבאָרן 1881. פֿון 1907 אין ארץ־ישׂראל. האָט געשריבן אַ סך העברעיִשע לידער, דער־ציילונגען, פֿעליעטאָנען און סקיצן. האָט גרויסע פֿאַרדינסטן פֿאַר דער העברעיִשער קינדער־ליטעראַטור, העברעיִשן פֿאָלקסליד, הומאָר און פּאראָדיע. האָט אַרויסגעגעבן איבער צוואַנציק ביכער, צווישן זיי: **שירים לעם** (תּר״ע), **זמרי עם** (תּרפּ״ז), **לכו נרננה** (תּרפּ״ח), **סנסנים** (תּרפּ״ט), **ויהי בימי אחשורוש** (תּרפּ״ט), **חיפֿה** (תּרצ״א), **מרדכי והמן** (תּרצ״ד), **שמעון סבֿיבֿון** (תּרצ״ז) און אַנדערע. האָט איבערגעזעצט פֿון יִדיש יעקבֿ גאָרדינס **האלהים האדם והשׂטן** (תּרע״ב) און **אלישע בן אבֿויה** (תּרע״ו), דוד פּינסקיס **המשיח האלם** (תּרפּ״ה) און אַנדערע. געשטאָרבן 1937 אין ירושלים.

העניך הורוויץ, געבאָרן 1886, אויטאָר פֿון ענגלישע ביכער. געשטאָרבן 1961; דוד קאַפּלאַן, געבאָרן 1900. האָט אַ סך פֿאָרשונגען וועגן כעמיע, געשטאָרבן 1965 אין ירושלים.

שלמה בינדער, געבאָרן 1904. יִדישער זשורנאַליסט. כראָניקיאָר פֿון קאָוונער טאָגצייטונג **פֿאָלקסבלאַט**. ביז 1941 אין קאָוונע, דערנאָך אין ווילנער געטאָ. סוף 1943 דעפּאָרטירט געוואָרן אין אַן עסטישן לאַגער, ווּ אומגעקומען, הי״ד.

אַהרן פּערציקאָוויטש (פּרץ), גע־באָרן 1909. מעדיצינער. דורכגעמאַכט קאָוונער געטאָ און דאַכאַו. באַפֿרײַט גע־וואָרן 1945 און אַ יאָר אַרום עולה געווען קיין א״י. די ספּעציפֿישע מעדיצינישע פּראבלעמען אין געטאָ און לאַגער באשרײַבט ער אין זײַן בוך **דעם גורל אַנטקעגן** (יאָהאַנעסבורג, 1952). געלעבט אין חיפֿה.

**קאָרעספּאָנדענטן: המליץ** —

משה־יוסף הכהן, ק.ל. סילמאַן, אַבא־חיים מיקלישאַנסקי, ע. דראָגעניצקי. **הצפירה** — יעקבֿ קאַבאַצניק, זלמן־יעקל רעזניק. **המגיד** — יהושע יאַצאָוועסקי, חידושי־תורה.

**ביבליאָגראַפיע.** — המגיד, 1869: 14, 15; המליץ, 1882: 10; 1883: 86; 1894: 69, 197; 1898: 92, 102, 188, 233, 238; 1899: 121, 206, 209, 216; 1900: 69, 103, 104, 109; **הצפירה**, 1885: 46; 1886: 9, 190.

א. דרויאנובֿ, ספר הבדיחה והחידוד. פ"פ א"נ מײַן, 1922, ע' 105; אב. קאָהאַן, בלעטער פֿון מײַן לעבן. נ"י, 1926, ז' 115; חזנות. נ"י, 1937, ז' 161; עיר ווילנא, ע' 31, 163; תולדות ישיבת היהודים בקורלאַנד, ע' 93; חשבון הנדבות. ע' 27; תולדות חכמי ירושלים, ג', 83.

בית־הכנסת, ת"א, חוב' י"א־י"ב; חלקת מחוקק, חוב' ה', ז'; לתולדות היהודים בקובנה וסל־בודקה, ע' 69; ג' קרסל, 2; דורות האחרונים, ב', 287; יהדות ליטא, ג'; י.ד. קמזון, יהדות ליטא, ע' 15, 20; ספר הפרענומעראַנטן, 951. Black book.

# בייסעגאָלע BEISOGALA

קיידאַנער קרײַז. שוין אין 1539 האָט בייסעגאָלע געהאַט אַ קלויסטער, אָבער ערשט אין 1780 באַקומען רעכט אויף יאַרידן און 1791 רעכט פֿון אַ שטאָט. דאָס שטעטל איז ווייניק געוואַקסן. 1923 זײַנען דאָרטן געווען 806 אײַנוווינערס, אַרײַנגערעכנט די מענטשן פֿון אַרומיקן הויף און פֿון באַנסטאַנציע.

דאָס שטעטל האָט געהערט צו אַ פּוילישן פּריץ, אויסער צוויי הײַזער פֿון יוסף־אליהו און דוד אַטלאַס, אַן אַלטע ירושה. דער פּריץ האָט געוואָלט אָפּקויפֿן די צוויי הײַזער, געניצט סטראַשונקעס, אָבער עס האָט אים ניט געהאָלפֿן.

ייִדן האָבן אָנגעהויבן זיך באַזעצן אין שטעטל אָנהייב 19טן יאָרהונדערט. אין 1842 זײַנען שוין דאָ געווען 16 פּרענומע־ראַנטן אויף אַ ספר. אין 1847 האָבן דאָ געוווינט 461 ייִדן.

אין די הונגעריאָרן פֿון סוף 1860ער האָט אויך בייסעגאָלע אַ סך גע־ליטן. אין אַ רשימה פֿון ייִדישן מעמלער הילף־קאָמיטעט פֿאַר געליטענע פֿון הונגער אין ליטע פֿיגורירט אויך בייסעגאָלע — באַקומען 30 רובל.

אין 1897 האָבן דאָ געלעבט 634 ייִדן. אין 1911 איז אויסגעבראָכן אַ גרויסע שׂריפֿה. דער רבֿ און מערערע בעלי־בתים זײַנען אַרויס מיט אַ קול־קורא אין „המודיע" און געבעטן הילף.

ייִדן האָבן זיך פֿאַרנומען מיט קליינהאַנדל, גערטנערײַ און בײַשטוביקער ווירטשאַפֿט. ייִדישע יוגנטלעכע זײַנען אין 1880ער געווען פֿאַרבונדן מיט די „מפֿיצי

השׂכּלה״ אין אַדעס און געקראָגן פון זיי ביכער.

אין רשימות פון מנדבֿים אין 1898 און 1899 צו העלפן בויען ארץ־ישׂראל זײַנען דאָ מערערע בייסעגאָלער. דער מורשה: נפֿתּלי־הערץ גאָלדבערג.

אין 1923 האָבן דאָ געוווינט 106 ייִדן און ערבֿ חורבן — עטלעכע מישפּחות.

בייסעגאָלע האָט ניט געהאַט קיין אייגענעם בית־עולם, די מתים פלעגט מען ברענגען אויפן בית־הקבֿרות אין גרינקי־שאָק.

**רבנים.** — ר׳ אברהם־יצחק גרושקין, 19 יאָר ביז זײַן פּטירה אין 1885; זײַן איידעם ר׳ שמואל־אבֿיגדור פּײַוועל־סאָן, געבאָרן 1859 אין ווײַגעווע. פון 1885, שפּעטער רבֿ אין שוועקשנע, אַניקשט, פּלונגיאַן. האָט שאלות־ותּשובֿות אין **חמדת שאול**, שאול שאַפּיראָ (אדעסא, תּרס״ג, ע׳ י). ניפטר 1929 אין בערלין.

ר׳ אַהרן באַקשט, געבאָרן 1867 אין איוויע. שפּעטער רבֿ אויך אין שאַדע־ווע, צאַריצין (בעתן ערשטן וועלטקריג), סוואַלק (1921־1925), לאָמזשע (1925־1931), שאַוול, וווּ אומגעקומען 1941, הי״ד.

ר׳ ישׂראל־בנימין־בענדעט פּײַועלסאָן, געבאָרן 1865 אין ווײַגעווע. שפּעטער רבֿ אין וואַרזשאַן, שוקיאַן. מחבר פון עטלעכע ספֿרים. געשריבן חידושי־תּורה אין **כּנסת הגדולה** (1890), **הצפֿירה** (1901), **הפּלס** א״אַ. ניפטר 1934. איידעם פון ר׳ יעקבֿ וואַלפּע, אב״ד אוזווענט.

ר׳ ברוך־משה בר׳ שמואל־אַביגדור פּײַוולסאָן, דאָ געבאָרן 1882. רבֿ פון 1922 און פון 1938 אין ניו־יאָרק. שפּעטער אַוועק קיין ארץ־ישׂראל. בעל **ברכות משה** (נ״י, תּשי״ב); ר׳ יוסף־פּײַוול פּײַוועלסאָן, לעצטער רבֿ, הי״ד.

אַ ייִד אַ למדן איז דאָ געווען ר׳ אַבֿרהם בר׳ רפֿאל ליפּשיץ, אין צווייטער העלפט פון נײַנצנטן יאָרהונדערט. ער איז דאָ אין די שאלות ותּשובֿות **עטרת יצחק** פון יצחק־אײַזיק [ראַבינאָוויץ], אב״ד שאַוול.

צווישן 1842 און 1878 זײַנען דאָ געווען 45 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

**אָפּשטאַמיקע.** — ר׳ מאיר אַטלאַס, דאָ געבאָרן 1848. ר״מ אין טעלז, רבֿ אין ליבאַווע, סאַלאַנט, קאָברין, שאַוול, ווו ניפטר געוואָרן 1925.

ר׳ יוסף־יעקבֿ בר׳ אַלכּסנדר זיס־קינד מאַרקוס, דאָ געבאָרן 1879. רבֿ אין זשידיק, פון 1923 רבֿ אין באַלטימאָר. דאָרטן ניפטר 1933.

אליהו־יוסף גאָרדאָן, דאָ געבאָרן 1883. פון 1928 פּראָפעסאָר־מעדיצין אין אָהײַאָר אוניווערסיטעט.

**שרײַבערס.** — אלעזר אַטלאַס, געבאָרן 1851. 1884 געקומען קיין וואַרשע, ווו געווען פון די הויפּט־מיט־אַרבעטערס אין **הצפֿירה** און אין נחום סאָקאָלאָווס יאָרביכער **האסיף**. דאָרטן געדרוקט קריטישע מאמרים אויף די גרונדביכער פון חכמת־ישׂראל אין יענער צײַט. אין זײַן **הכּרם** (1888) האָבן זיך

באַטייליקט די גרעסטע העברעיִשע שרײַבערס און געלערנטע. ער איז שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן פּאָליטישן ציוניזם, אויך קעגן אחד־העמען און דער נײַער העברעיִשער ליטעראַטור. דאָס האָט אים געפֿירט צו ווערן אַ מיטאַרבעטער פֿון **הפלס**, אָרגאַן פֿון די אַנטיציוניסטישע רבנים. געשטאָרבן 1904 אין ביאַליסטאָק, ווו ער האָט זיך געהאַט באַזעצט אין 1895.

רפֿאל גרושקין, געבאָרן אַרום 1852. געלעבט אַ לעבן אין ווילקאָמיר. אָנגעהויבן מיט אַ סעריע אַרטיקלען וועגן צײַטפֿראַגעס אין **הלבנון** און **הצפֿירה**. געשריבן אויך קריטישע אָפּהאַנדלונגען, לידער, סאַטירעס, מאמרים וועגן ביבל־ווויסנשאַפֿט אין אַנדערע העברעיִשע צײַטשריפֿטן. געווען שטענדיקער מיט־אַרבעטער אין טעגלעכן **היום** (פּעטערבורג). מחבר פֿון **תּולדות רש״י הנגיד**. געשטאָרבן 1932.

**קאָרעספּאָנדענטן:** שרגא בן משה ליפּשיץ, נפֿתּלי הערץ גאָלדבערג — **המליץ**.

*

ר׳ נחומקע גראָדנער, איינער פֿון די לעגענדאַרע ייִדישע געשטאַלטן אין ערשטער העלפֿט פֿון 19טן יאָרהונדערט, איז 1812 געבאָרן אין אַ דערפֿל לעבן בייסעגאָלע. זײַן אמתער נאָמען איז ר׳ נחום קאַפּלאַן. דער טאַטע האָט אים ניט געקענט אַ סך לערנען, איז ער אַנטלאָפֿן קיין בייסעגאָלע און דאָרטן געלערנט אין בית־מדרש. אַרומגעוואָגלט איבער שטעט, ביז ער איז אָנגעקומען אין מירער ישיבֿה. דער משגיח פֿון ישיבֿה, ר׳ ישׂראל העליר, האָט געזאָגט: „תּורה לערנט ער פֿון אונדז, אָבער מידות קענען מיר לערנען בײַ אים.״

ר׳ נחומקע האָט רײַך חתונה געהאַט מיט אַ טאָכטער פֿון ניעשוויזער גבֿיר ר׳ יוסף־אליעזר הכּהן. האָט געלערנט בהרחבֿה, אָבער אָפּגעגעבן אַ פּאָר שעה אין טאָג פֿאַר אָרעמעלײַט. ער פֿלעגט זאָגן: „כּל העוסק בתּורה בלבֿד ואינו שָׁת לבֿ לכאבֿ האָדם מסביבו, גם לימוד התּורה אין בידו. חַייבֿ אָדם לרדת לעמק הבכא של יסורי העניים ומשם להתעלות לעולם האצילות של תּורת ה׳.״ דער שווער איז שפּעטער פֿאַראָרעמט געוואָרן, איז די גאַנצע מישפּחה אַריבער קיין גראָדנע. פֿון דעם קומט זײַן נאָמען ר׳ נחומקע גראָדנער.

אין אַ ווינטערטאָג, ווען עס איז געווען אַ גרויסער פֿראָסט און אַ סך שניי אָנגעלייגט אויפֿן וועג, האָבן די פֿרי־לערנערס פֿון גראָדנע, ווען זיי זײַנען געגאַנגען צום בית־מדרש, געזען ר׳ נחומ־קען טאַנצן אין שניי און האַלט אין איין זאָגן: לשם מיצווה, לשם מיצווה. אויף דער שאלה פֿון די לערנערס האָט ער געענט־פֿערט: אויף אָט דעם וועג דאַרפֿן דאָך גיין די מלמדים און קליינע קינדער צו לערנען, און זיי זײַנען אַלע שוואַכע באַשעפֿענישן — טרעט ער אויס אַ וועג פֿאַר זיי, זיי זאָלן ניט קראַנק ווערן. און נאָך אַ סך ענלעכע מעשׂיות ווערן דערציילט וועגן אים. ניפֿטר געוואָרן 1879.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המגיד, 1869: 11; המליץ, 1882: 13; 1898: 228; 1899: 109 (רשימה נעמען); השלח, 1904, ע' 478; אחיאסף, תּרס״ה, ע' 19; המודיע, 1911: 41 (רשימה נעמען); אהלי שם, ע' 15; א.א. פֿרידמן, ספֿר הזכרונות. ת״א, תּרפּ״ז, ע' 123.

א.ר. מלאכי, אָגרות סופֿרים. נ״י, תּרצ״ב, ע' פּ״א; הײַנטיקע נײַס, קאָוונע, 1937: 779; ב. קאַדער, אלעזור אַטלאַס. נ״י, 1949; תּולדות אנשי שם (ראַנד). נ״י, תּש״י. ע' 98; י.ל. מימון, למען ציון לא אחשה. ירושלים, תּרט״ו. כרך ב', ע' 6; ג' קרסל, 1; יהדות ליטא, ג'; ספֿר הפּרענומעראַנטן, נומ' 1223.

Lietuviškoji Encikl. II. p. 742: Jewish Encyclopedia, II., p. 273; Black Book.

# בירזש

# BIRŽAI

קרײַזשטאָט. פֿון די עלטערע מקומות אין ליטע. אין 1415 ווערט שוין די שטאָט דערמאָנט אין כראָניקעס. 1589 האָט זי געקראָגן מאַגדעבורגער רעכט. אין 1869 איז די צאָל תּושבֿים געווען 2630 און אין 1897 — 4500.

דער ייִדישער ייִשובֿ איז אויך פֿון די גאַנץ אַלטע וווינערטער אין ליטע. קריסטאָף ראַדזיוויל דער ערשטער (1547־1603) האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפֿעל, אַז קאַטאָליקן (ער איז געווען אַ לוטעראַנער) און ייִדן טאָרן ניט זײַן קיין בירגער־מײַסטערס אין שטאָט. פֿון דעם קען מען משער זײַן, אַז ייִדן זײַנען שוין געווען אין בירזש אַרום סוף לעצטן פֿערטל פֿון 16טן יאָרהונדערט.

אין 1609 האָט שוין אַ צאָל ייִדן געוווינט אין בירזש. זייערע רעכט זײַנען געווען באַגרענעצט. אַזוי, למשל, האָבן זיי געמעגט האָבן נאָר איין קצבֿ אויף זעקס קריסטלעכע קוילערס.

די בעסטע ראיה, אַז ייִדן האָבן זיך אָנגעהויבן באַזעצן אין בירזש סוף לעצטן פֿערטל פֿון זעכצנטן אָדער אָנהייב זיבעצנטן יאָרהונדערט קען מען געפֿינען אין **פּנקס מדינת ליטא**. אין אַ רשימה פֿון יאָר שפ״ג (1623) אין ערשטן ועד המדינה ווערט שוין דערמאָנט קאָפּשטײַער פֿון בירזשער גליל. בירזש איז אויך געווען איינער פֿון די דרײַ גלילים ראשיים אין זאַמעט [די אַנדערע: קיידאַן און וויזשון] — און אַ קהילה איז ניט אויסגעוואַקסן אין איין טאָג.

אין **פּנקס** (ברלין, תּרפּ״ח) ווערט אין די תּקנות ועד שפ״ג, סימן צ״ז, דערמאָנט **בירש**; אויף ז' 163, סימן תּרע״ז פֿון תּקנות ת״ל (1670) ק״ק בירז; אין תּקנות תל״ג (1673), סימן תּש״ו: „עוד ניתן כּתבֿ לגליל בירז״, און נאָך תּקנות וועגן בירזשער גליל, וואָס צו אים האָבן געהערט פּאָסוואָל, סאַלאַט, פּומפּיאַן, פּאָקראָי.

ביז רוסלאַנד האָט פּאַרנומען בירזש, האָט די שטאָט זיך געפֿונען אין רשות פֿון די ראַדזיווילס. אונטער זייער הערשאַפֿט האָבן ייִדן זיך געפֿילט זיכער. בירזשער ייִדישע סוחרים פֿלעגן פֿאָרן צו די יאַרידן אין ריגע. איין מאָל זײַנען זיי אַרעסטירט געוואָרן, ווײַל זיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו באַצאָלן דעם געפֿאָדערטן ספּעציעלן שטײַער צו דער ריגער שטאָט־מאַכט. זיי האָבן זיך געקלאָגט צו פּירשט ראַדזיוויל. יענער האָט גיך פּראָטעסירט און די ייִדן זײַנען גלײַך באַפֿרײַט געוואָרן.

די שפּעטערדיקע ראַדזיווילס זײַנען שוין געווען אַ סך ערגער צו ייִדן. אָנהייב 1660ער יאָרן איז פּאַקטיש פֿאָר־געקומען אַ ייִדן־גירוש פֿון בירזש. אין 1662 האָט פּירשט באָגוסלאַוו ראַדזיוויל געלאָזן אויפֿרופֿן אויף אַלע יאַרידן, אַז אין בירזש איז מער [!] ניטאָ קיין ייִד — פּשוט, ער האָט זיי אַרויסגעטריבן. דער גירוש איז געקומען צוליב דער העצע פֿון די אָרטיקע קריסטלעכע סוחרים, אָבער ער האָט לאַנג ניט אָנגעהאַלטן און ייִדן זײַנען געקומען צוריק.

אין 1683 האָבן די גוייִשע סוחרים ווידער אויסגעפּועלט אַ גירוש, אָבער ער איז ניט דורכגעפֿירט געוואָרן. אין דעקרעטן פֿון טריבונאַל פֿון 1700, 1711, 1717 ווערן באַהאַנדלט ענייִנים בשייכות מיט אַ פּסק־דין וועגן צונעמען בירגעררעכט פֿון ייִדן און געלטשטראָפֿן אויף זיי.

אין 1728 און 1729 זײַנען געקומען אָנקלאַגעס פֿון קריסטלעכע אַריס־טאָקראַטן, אַז ייִדן האָבן אויף אַ כּיטרען אופֿן גענומען אין אַרענדע שטײַער־אָפּצאָל, אָנשטעלנדיק באַצאָלטע קריסטן דאָס צו טאָן פֿאַר זיי.

דאָ איז וויכטיק צוצוגעבן, אַז אויף דער אַנדערער זײַט אָזערע פֿון בירזש, צוויי־דרײַ וויאָרסט פֿון צענטער שטאָט, האָט זיך געפֿונען אַ ריזיקער שטח ערד, וואָס האָט זיך גערופֿן „בירזשו דוואַראַס" (בירזשער הויף). ער האָט געהאַט אַן אייגענע אַדמיניסטראַציע, אַן אייגן געריכט מיט געזעצן, אַן אייגענע טורמע.

פֿון שפּעטסטנס מיטן דריטן פֿערטל פֿון זיבעצנטן יאָרהונדערט האָבן דאָ געוווינט מערערע ייִדן כּמעט אַ הונדערט יאָר און אפֿשר מערער. דאָס איז צו זען פֿון די לעצטנס פֿאַרעפֿנטלעכטע פּראָטאָקאָלן פֿון „בירזשער הויף־געריכט." דאָ שפּיגלען זיך אָפּ נאָר געריכטלעכע ענייִנים צווישן ייִד און ייִד, ייִד און גוי און קריסטן צווישן זיך. דער גרעסטער טייל דרייט זיך ארום ניט־באַצאָלטע חובֿות. אין איין פֿאַל רעדט זיך וועגן אַ ייִדן, וואָס האָט געהרגעט אַ מענטשן. דער ייִד האָט זיך מודה געווען און געקראָגן טויטשטראָף דורך אַראָפּהאַקן דעם קאָפּ.

אין די פּראָטאָקאָלן ווערן דערמאָנט אַ ריי נעמען: אַראָן יאָסעלעוויציוס, אַבראַם איצעלעוויציוס, איצל דאַנילעוויציוס, אַראָן מאַרקאָוויציוס, מאַרעק שלאָמאָוויציוס, שלמה מאַרקאָוויציוס, מאַרעק נאָכאַכאָוויציוס, אידל איזאַ־

קאָוויציוס, מאָזעס שמערלאָוויציוס, מאָזעס זאַלמאַנאָוויציוס, ישראל מאָזעשאָוויציוס, מאָזעס זונדעלאָוויציוס, איזראַעל איזאַ־קאָוויציוס, אידל נאַטאַנאָוויציוס, איזראַעל לאַזאַראָוויציוס, חיים שאַבשעוויציוס, ראַסיאַ אַבראַמאָציענע, אַבראַם מישאַ־נאָוויציוס, דוד עליאַשעוויציוס און פרוי ליפּקאַ, שכנא נאָכמאַנאָוויציוס, יאָזעף הירשעוויציוס, און אַנדערע. אָפּצוגעבן אַ שבועה פֿלעגט דאָס געריכט שיקן אַ ייִדן אין בית־מדרש אַרײַן (1695).

אין דובנאָוו־אַרכיוו פֿון ייִוואָ אין ניו־יאָרק געפֿינען זיך צוויי פּנקסים פֿון בירזש: פנקס הקהל והגליל, תּקי״ד־תּקצ״ו (1754־1836) און פֿון חבֿרה קדישא פֿון סוף 18טן יאָרהונדערט. אין דער צווייטער העלפֿט פֿון 18טן יאָרהונדערט איז בירזשער קהל געוועזן פֿאַרטונקען אין חובֿות צו די ראַדזיווילס און צו דער קירך, דעריבער האָבן די קהל־פֿירערס אָנגענומען אַ החלטה אַרײַנצולייגן אין חרם די אַלע, וואָס וועלן אַוועקפֿאָרן פֿאַר ימים־נוראים [ווען ייִדן באַצאָלן זייערע יערלעכע חובֿות צו זייערע בתי־מדרשים און בײַשטײַערונגען פֿאַר פֿאַרשיידענע חבֿרות], אָדער פּראַוועז חתונות, בריתן וכו׳ אין אַנדערע ערטער. אויף דער החלטה זײַנען דאָ 13 חתימות פֿון די קהל־פֿירערס.

אין די פּראָטאָקאָלן וועגן קהילה־וואַלן איז דאָ אַן אינטערעסאַנטער פּרט: ס׳ווערט באַשטימט אַ ספּעציעלע סומע פֿאַר ארץ־ישׂראל, באַזונדערס פֿאַר ירושלים „עד ביאַת הגואל״.

די תּקנות פֿון חבֿרה קדישא, 27 אין צאָל, שטיצן זיך אויף אַלטע תּקנות („תּקונים הקדומים״).

אויף די גרויסע יאַרידן אין בירזש פֿלעגן זיך אָפּט צונויפֿקומען רבנים פֿון זאַמעט און קורלאַנד צו באַטראַכטן רעליגיעזע שאלות.

בירזש איז איינע פֿון די ווייניקע שטעט אין ליטע, ווו עס האָבן זיך געפֿונען גרעסערע קאַראַימישע עדות. זיי זײַנען דאָ געווען שוין פֿון אַלטע צײַטן. לויט ר׳ שׂמחה יצחק פֿון לוצק (געשטאָרבן 1754), האָבן קאַראַימער געוווינט אין יענע שטעט שוין סוף 15טן יאָרהונדערט.

1578 איז אין בירזש געבאָרן געוואָרן החכם זרח בן נתן, איינער פֿון די באַקאַנטע קאַראַימישע געלערנטע. ניפֿטר געוואָרן 1657 אָדער 1658.

דאָ איז אויך געבאָרן געוואָרן החכם יוסף מעלינאָווסקי, איינער פֿון די קאַראַימישע גדולי המשׂכּילים. ער האָט געענדיקט און צונויפֿגעשטעלט דעם **חיזוק אמונה** פֿון יצחק בן אַבֿרהם (1533־1593), פֿון די גרעסטע קראָים חכמים.

אַרום אָנהייב אַכצנטן יאָר־הונדערט האָט דאָ געלעבט דער קאַראַי־מישער מלומד אַבֿרהם בן מרדכי. ער האָט מחבר געווען קאַראַימישע פּיוטים.

אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע זײַנען נאָך געווען איינצלנע קאַראַימישע משפּחות אין בירזש, פּאָסוואָל און סבֿיבֿה.

אין 1766 האָבן דאָ געלעבט 1040 ייִדן, אין 1847 — 1685, אין 1897

— 2510. אין ערשטן וועלטקריג האָט בירזש און די גאַנצע געגנט דורכגעמאַכט דעם גירוש־ליטע. אין 1923 האָבן דאָ געוווינט 1807 ייִדן, 1934 — בײַ 3000, אַן ערך אַזוי פּיל פֿאַרן חורבן. בײַם ראַנד שטאָט האָבן 1923 געלעבט 38 ייִדן, וואָס זײַנען ניט צוגערעכנט געוואָרן סטאַטיסטיש צו בירזש.

ביז 1870 האָט די שכנישע שימבורג אין קורלאַנד גענוצט דעם בירזשער בית־עולם.

ייִדן האָבן זיך פֿאַרנומען בעיקר מיט פֿלאַקס־און וואַלד־האַנדל. אַ טייל האָבן געצויגן חיונה פֿון מלאכה און פֿון קליינע אינדוסטריע אונטערנעמונגען: ווינטמילן, גאַרבאַרײַען, מעבל־פֿאַבריקלעך טאַרטאַקן, טעפּערײַען, ביר־ברויערײַען און אַנדערע.

אַרום 1908 האָבן גלחים דאָ געשאַפֿן אַ פּוילישן קאָאָפּעראַטיוו, וואָס איז געוואָרן אַ גאָר שטאַרקע קאָנקורענץ פֿאַר די ייִדישע קרעמערס. ווי אַ רעזולטאַט פֿון דעם האָט מען גענומען פֿאַראייניקן אַלע קליינע גמ״חס, כּדי צו קענען בעסער העלפֿן די ייִדישע קרעמערס. אין דער תּקופֿה פֿון דער אומאָפּהענגיקער ליטע האָט די ייִדישע עקאָנאָמיק דאָ שטאַרק געליטן פֿון די געשאַפֿענע רעגירונג־געשטיצטע האַנדל־און געברויך־קאָאָפּעראַטיוון.

*

אויף אַן אַלטן בית־עולם אין ירושלים געפֿינען זיך די מצבֿות פֿון:
משה צבי בר׳ אהרן מבירז, תּר״ל (מלמד).
הרבנית מבירז חי׳ ליבע בר׳ פלתּיאל, תּרל״ט.
צבי בר׳ אַברהם מבירז, תּר״ן.

**רבנים.** — ר׳ צבֿי־הירש הלוי הורוויץ, רבֿ אין ג׳ קהילות: קיידאַן, וויזשון, בירזש, שפּעטער אין זאַבלודאָווע (וואָס האָט אויך געהערט צו ראַדזיווילס פּירשטנ־טום). זײַן זיצאָרט איז געווען אין קיידאַן. איינער פֿון די ערשטע רבנים אין בירזש. מחבר פֿון **גאון צבֿי** (פּראַג, תּצ״ז) און **אספּקלריה המאירה**. זײַן חתימה איז דא אין ועד הארץ בלובלין, ב׳ ניסן תּ״ח (1648): צבֿי הירש בלא״א מו׳ הגאון מוה״ר יהושע־משה ש״ן סג״ל.

ר׳ יחזקאל קאַצענעלענבויגן, געבאָרן אַרום 1668 אין בריסק. פֿלעגט זיך חתמענען: אב״ד ור״מ קידאן ובירז והגלי־לות. פֿון 1713 אב״ד אה״ו (אַלטונאַ, האַמבורג, וואַנדסבעק). בעל **כּנסת ישׂראל** (אַלטונאַ, תּצ״ג), **מים יחזקאל** (פֿאַריצק, תּקמ״ו). ניפֿטר 1749.

ר׳ שלום ז״ק, אב״ד בירז והגליל. זון פֿון הקדוש ר׳ ישׂראל, וואָס איז צוזאַמען מיט ר׳ טובֿיהן אומגעקומען סוף 1659 אין אַ בלוט־בילבול אין ראָזינאָי. ניפֿטר אַרום 1725 (לויט יוסף לעווינשטיין — 1715). ז״ק מיינט: זרע קדושים. ר׳ שלומס איידעם — ר׳ יואל קאַצענעלענ־בויגן, אב״ד יאַרטשעוו און זײַן שווער — ר׳ משולם־זלמן ניימאַרק (זלמן מירלס),

אב״ד אַה״ו (אַלטונאַ, האַמבורג, וואַנדסבעק). און **כּנסת יחזקאל** (סימן ס״ד) פֿון ר׳ יחזקאל קאַצענעלענבויגן זײַנען דאָ שאלות־וּתשובֿות פֿון ר׳ שלומען. ר׳ שלומס ברודער, ר׳ נחום, אב״ד פּלאָצק.

ר׳ ישׂראל בר׳ שלום ז״ק. פֿריִער רבֿ אין זאַבלודאָווע און פֿון 1728 אין בירזש. האָט הסכּמה אויף **זרע ישׂראל** און **חדושי אגדות** פֿון ר׳ **ישׂראל**, אב״ד הרומלאבֿ.

ר׳ חיים בר׳ ישׂראל ז״ק; זײַן זון ר׳ יצחק, פֿריִער אב״ד פּאָסוואָל; ר׳ ישׂראל ז״ק. אויף **עמודי בית יהודה**, יהודא . . . איש הורוויץ . . . (אמשטרדם [תּקכ״ו]), דאָ הסכּמה פֿון „ישׂראל בהרה״ג המפֿורסם ר׳ חיים החונה פּה ק״ק בירז והמדינה.״ זײַן הסכּמה איז דאָ אויך אויף **צל המעלות** פֿון הורוויץ (קיניגשבערג, תּקכ״ה).

ר׳ אַבֿרהם־שלמה בר׳ גרשון; ר׳ נפֿתּלי־הערץ קלאַצקין; ר׳ מנחם־נחום קאַצענעלענבויגן, זון פֿון ר׳ אַבֿרהם, אב״ד סלוצק און בריסק. אין **זכר חיים** פֿון חיים ראַפּאָפּאָרט (לעמבערג, 1865) איז דאָ הספד ר׳ נחום אבד״ק בירז והגליל.

ר׳ שמעון שאַפּיראָ, ברודער פֿון ר׳ שמואל שאַפּיראָ, אב״ד דרויע, פּאָנעוועזש, טעלז; ר׳ שלמה־זלמן בר׳ מאיר זאַקש („זעלמעלע פֿרומאַק״), געבאָרן 1814. אויך רבֿ אין לוקניק, לינקעווע, קרעטינגע. ניפֿטר 1876.

ר׳ עזריאל בר׳ גרשון־מענדל זיוו. האָט צוויי תּשובֿות אין **גדולת מרדכי**, מרדכי רַבינר (ווילנא, תּרל״ח) און „מכתּבי הלכה״ אין **מחשבֿת משה** פֿון זײַן ברודער משה. געהאַט נאָך צוויי ברידער: ר׳ ראובֿן זיוו שקודער און ר׳ שמואל פּאָנעוועזשער. ר׳ משה זיוו איז געווען דיין אין שאַוול און רבֿ אין קריזבורג (קורלאַנד).

ר׳ אָשר־ניסן בר׳ יהודה־לייב לעווינזאָן, געבאָרן אין מאַריאַמפּאָל. האָט הסכּמה אויף **ארץ צבֿי**, צבֿי־הירש ראָם (ווילנא, תּרל״א־תּרל״ה). חיבורים: **גן נעול**[1] (תּרל״ד), **לקוטי שושנים** (תּרל״ה), **אפֿיקי יהודה** (תרל״ה), **צפֿנת פּענח** (תּרל״ה) — אַלע ווילנע. זײַן זון ר׳ מנחם־נחום־נתן, באַקאַנט אונטערן נאָמען „בירזשער עילוי״, מיט געניאַלע כּישרונות. יונגערהייט שוין געשמט ווי אַ גאון. חידושי־תּורה פֿון „הבחור הגאון הנודע העילוי מבירז״ געפֿינען זיך אין **זכּרון בספֿר**, י.ה. סינגער (ווילנא, 1900, ע׳ נ״א, 120). ניפֿטר געוואָרן צו 18 יאָר. 65 רבנים זײַנען געקומען צו זײַן לוויה. פֿיר טעג האָט מען געהאַלטן הספּדים.

ר׳ יוסף־זונדל, פֿריִער רבֿ אין קראָק און יאַנעווע, פֿון 1887 אין בירזש. איידעם פֿון ר׳ יצחק, אב״ד פּומפּיאַן. ניפֿטר 1896.

ר׳ פּנחס הכּהן לינטאָפּ, געבאָרן 1852 אין דווינסק. פֿון 1876 רבֿ אין וואַבאָלניק און פֿון 1888 רבֿ פֿון די חסידים אין בירזש. ניפֿטר 1914 אין רוסלאַנד.

---

1) ראשי־תּיבֿות פֿון זײַן יונג־פֿאַרשטאָרבענעם זון: גאון נחום נתן עלה ונתרומם למרום.

חיבורים: **פּתחי שערים** (תּרמ״א), **בנין האומה** (תּרס״ח), **חשבונו של עולם** (תּרע״ב). געשריבן מאמרי תּורה אין **כּנסת הגדולה** (1890). **הפּלס** (1901), **המודיע** (8:1911) און אַנדערע.

ר׳ אליהו־יעקבֿ־דובֿ בר׳ חיים שור, געבאָרן 1848 אין אַניקשט. פֿריִער רבֿ אין זופּראַן, לאַדי און נאָך בירזש 30 יאָר אין אַניקשט. פֿון 1932 אין ירושלים, וווּ ניפֿטר געוואָרן כ״ב אייר 1936. **בעל נטיעות חיים** (ווילנא, תּרנ״ב).

ר׳ בנימין מאָווּשע, געבאָרן 1887 אין טירקשלע. אומגעקומען אבֿ תּש״א, הי״ד; ר׳ יהודה־לייב בערנשטיין, הי״ד.[2]

*

ר׳ אַבֿרהם בר׳ שלמה־זלמן, ברודער פֿון ווילנער גאון, איז דאָ געווען מ״מ און מו״צ. דיין איז געווען [אַ ביסל פֿריִער] ר׳ דוד בר׳ חיים סו״ד [סֿפֿרא וְדיינא], מחבר פֿון **שירה לדוד**, פּירוש על שירהשירים (הוראדנא, תּקנ״ז) און מו״צ — ר׳ משולם־שרגא סג״ל, ניפֿטר 1859. ש.י. יאַצקאַן, רעדאַקטער און מחבר, שרײַבט, אַז זײַן מאַמע רחל איז געווען ר׳ משולם־שרגאס טאָכטער.

צווישן 1836 און 1911 זײַנען דאָ געווען 247 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

**אָפּשטאַמיקע.** — די באַרימטע רבנים־מישפּחה קלאַצקין שטאַמט פֿון בירזש. באַוווּסטער ריישער רבֿ ר׳ יעקבֿ, רבֿ אין פּראָג און מעץ, פֿאַרבונדן מיט הגאון ר׳ מרדכי מעלצער־קלאַצקין, רבֿ אין לידע, וווּ ניפֿטר געוואָרן. ר׳ מרדכי גימפּל יפֿה, רבֿ אין ראָזינאָי און פּתח־תּקוה, און ר׳ הלל פֿאַריטשער שטאַמען פֿון בירזשער ר׳ נפֿתּלי־הערץ קלאַצקין, 37 יאָר אבֿ״ד שימבורג (קורלאַנד). זײַנע זיבן זין זײַנען געווען לומדים און באַקאַנטע רבנים [וועגן די איבעריקע זען קאַפּיטל מאַריאַמפּאָל און ראַסיין].

פֿון הרבֿ החסיד ר׳ אַבֿרהם שוועקשנער איז אויסגעוואַקסן די מישפּחה חסידים גאונים ר׳ שמעון (ר׳ שימעלע בירזשער), ר׳ שמואלקע טעלזער, ר׳ משה מיינעס פֿון קראָזש און ר׳ צמח דראָביאַנער. ר׳ אַבֿרהם איז ברודער פֿון הגאון ר׳ דוד, איידעם פֿון טעלזער אבֿ״ד ר׳ זאבֿ, פֿאָטער פֿון ר׳ ישׂראל סאַלאַנטער.

ר׳ יהושע־יוסף פּרייל, דאָ געבאָרן 1858, איז פֿון 1884 געווען רבֿ אין קראָק. האָט געקענט אויך עטלעכע לשונות און העברעיִשע ליטעראַטור. געשריבן אַ סך פּובליציסטישע אַרטיקלען אין **הלבנון, המליץ**. בעל **מועצות ודעת** (תּרנ״ט), **אגלי טל** (וואַרשא, תּרס״א), **כּתבֿים נבֿחרים** (תּרפּ״ד). ניפֿטר 1896 אין קאָוונע.

ר׳ יוסף־אלחנן מלמד, דאָ געבאָרן 1859. געווען „מורה ורבֿ בישׂראל״

2) לויט איין מקור, איז דאָ געווען רבֿ ר׳ יצחק גור [גאָר?], שפּעטער אין ראַקישאָק, מסתּמא רבֿ פֿון די חסידים, 1907 ר״מ אין ירושלים, וווּ ניפֿטר געוואָרן אין 1910.

אין פֿאַרשיידענע שטעט פֿון רוסלאַנד. חיבורים: **שבֿטי ישׂראל; מאָנאָגראַפֿיע רבן של כל בני הגולה** (ווילנא, תּרס״ג). אויף דער עלטער אָווּעק קיין א״י. מנהל פֿון „מזרחי״־שול אין חבֿרון. ניפֿטר 1932 אין ירושלים.

1876 איז געבאָרן געוואָרן אין בירזש ר׳ אלחנן־בונעם וואַסערמאַן, איינער פֿון די גרויסע ראשי־ישיבֿות בדורו. געלערנט אין טעלזער ישיבֿה, שפּעטער אין ישיבֿה פֿון חפץ־חיים אין ראַדין. איידעם פֿון ר׳ מאיר אַטלאַס, אב״ד סאַלאַנט און שאַוול, צוויי יאָר ר״מ אין אַמטשיסלאַוו, 1910־1914 אין בריסק, 1915־1921 פֿון אַ טייל פֿון חפֿץ־חיים־ישיבֿה אין סמילאָוויץ. דעמאָלט האָט ער געשאַפֿן אַ ישיבֿה אין באַראַנאָוויטש. נאָך דער פּטירה פֿון ר׳ מאיר אַטלאַס האָט שאַוול אים אָנגעבאָטן זײַן שווערס כּסא־הרבנות. ער האָט עס ניט אָנגענומען — ער האָט געהאַלטן, אַז נאָר אַ ראש־ישיבֿה קען זיך אָפּגעבן אין גאַנצן מיט לימוד־התּורה. 1941 אומגעקומען אויפֿן נײַנטן פֿאָרט פֿון קאָוונע, הי״ד.

ר׳ אלעזר־מאיר פּרייל, געבאָרן 1881. רבֿ אין מאַנטשעסטער, ברוקלין, טרענטאָן, עליזאַבעט און ר״מ אין ישיבֿה־אוניווערסיטעט אין נ״י. געשריבן מאמרים אין **יגדיל תורה, הפּרדס, שערי ציון** א״אַ.

ר׳ וואָלף (דער בירזשער מלמד) איז געווען ר״מ אין נײַעם בית־מדרש פֿון מינסק. ר׳ אײַזל חריף און דער שרײַבער יהל״ל האָבן געלערנט בײַ אים.

**שרײַבערס.** — א.ב. קאָהען, געבאָרן 1873. אויטאָר פֿון **מעמואַרן פֿון 85 יאָר** (1958, ענגליש).

צבֿי גאָלאָמבאָק, געבאָרן, 1880. פֿון 1903 אין ענגלאַנד. 1914 אַרויסגעגעבן און רעדאַקטירט אַ יידישע אָוונט־צײַטונג. 1918 רעדאַקטירט זײַן וואָכנבלאַט **אידישע שטימע.** זינט 1928 אַרויסגעבער און רע־דאַקטער פֿון יידיש־ענגלישן וואָכנבלאַט **דזשוּיִש עקאָ** אין גלאַזגאו, ווו געשטאָרבן אין 1954.

יצחק־אַהרן בערגער, געבאָרן 1889. פֿון 1902 אין אַמעריקע. פֿאַרעפֿנ־טלעכט לידער אין די אַמעריקאַנער יידישע צײַטשריפֿטן. מחבר פֿון **הײַנט ווי אַמאָל** (נ״י, 1936). געשטאָרבן 1979 אין נ״י.

יוסף יהודה לייב זאָסניץ איז דאָ געבאָרן געוואָרן 1837. מאַטעמאַטיקער און פֿאָרשער פֿון נאַטור־וויסנשאַפֿט. צוליב זײַן רעליגיעזער פֿילאָסאָפֿיע אויף די יסודות פֿון השׂכּלה און באַזונדערס זײַן בוך **אָכן יש ה׳** (ווילנא, תּרל״ה) האָבן די אָרטאָדאָקסן אים שטאַרק גערודפֿט און געברענט זײַנע ביכער. עס האָט אים ניט געהאָלפֿן דער בײַטיטל „להָגן על הדת נגד הכּופֿרים״ און אויך ניט זײַנע אָפּטע רייד אין זײַן **המאור** (וואַרשא, תּרמ״ט) וועגן „תּורתנו הקדושה, רוח ה׳, ידע מה ד׳ אלהינו דורש מעמנו, והתּורה והמצוה שנתן לנו בחכמה יסדה ועליה נחיה לפֿניו״ וכו׳.

ראובֿן ברײַנין, באַקאַנטער העברעיִש־יידישער קריטיקער, האָט זאָס־

ניצן שטאַרק געריִמט פֿאַר זײַן דער איינ־ציקער ייִדישער געלערנטער, וואָס איז אַרויס קעגן דײַטש־ייִדישן לודוויג בערנע (שפּעטער געשמדט) פֿאַר זײַן בוך „מאַטעריע און קראַפֿט", ווו עס ווערט אין גאַנצן געלייקנט אין גאָט. ברײַנין שרײַבט, אַז בערנעס געדאַנקען האָבן בשעתו געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף דער ייִדישער יוגנט און זאָסניצעס אָכן יש ה׳ איז געווען אַ שאַרפֿער און נוציקער ענטפֿער אויף בערנעס אידייען.

אין נעקראָלאָג אויף זאָסניצעס טויט (1910, ניו־יאָרק) האָט דער **השלח** געשריבן צ״א, אַז „תּורתו וחכמתו שוות כּלום".

אין די זיכרונות פֿון אַבֿרהם־מאיר טײַץ (**אידישע שטימע**, קאָוונע) ווערט דערציילט אַ מעשׂה וועגן י.ל. זאָסניץ, וואָס איז ווייניק באַקאַנט. פֿון קינדווײַז אָן האָט ער געשטרעבט צו איבערנאַטירלעכע וויסנשאַפֿטן. צו 12 יאָר לערנט ער שוין „זוהר" אין ריגע און פֿירט זיך ווי אַ מין בעל־מופֿת. ווײַבער לויפֿן צו אים אויף אָפּשפּרעכעניש, ביז מען האָט אים געבראַכט אין קהל־שטיבל און גוט מקיים פּסק געווען.

ווען זײַנע עלטערן זײַנען אַוועק קיין ליובאַוויטש, איז ער געוואָרן אַ חסיד, געפֿאַסט תּעניתים וכו׳. ווען ער איז געווען אין בויסק, האָט ער דאָרטן געשאַפֿן אַ מין בית־ספֿר, וואָס האָט אַרויסגערופֿן אַ פֿײַערדיקע מילחמה קעגן אים מצד קהל. ער איז געוואָרן מחוסר־לחם, געגאַנגען אָפּגעריסן־אָפּגעשליסן, אַפֿילו ניט געהאַט אויף צו קויפֿן אַ ליכטל. און דאָ איז געשען אַ נס.

דער ריגער פּאָליטעכניקום האָט באַקומען אַ זייער פֿאַרפּלאָנטערטע שאלה פֿון אָקספֿאָרד. זײַנע מאַטעמאַטיקערס האָבן בשום אופֿן ניט געקענט פֿאַרענטפֿערן די פּראָבלעם. דער פּאָליטעכניקום האָט אויסגערופֿן אַ פּריז פֿון 300 רובל פֿאַרן ענטפֿערער.

ווען זאָסניץ האָט זיך דערוווּסט וועגן דעם, איז ער אַוועק צו פֿוס קיין ריגע און זיך פֿאָרגעשטעלט פֿאַרן דירעקטאָר. יענער האָט געזאָגט צו זײַנע קאָלעגן: אָט דער בעטלער וועט דאָס פֿאַרענטפֿערן די גרויסע מאַטעמאַטישע פּראָבלעם? אָבער נאָכן זיך דורכשמועסן אַ ביסל מיט זאָס־ניצן, האָט דער דירעקטאר געזען, אַז יענער איז אַ גרויסער מאַטעמאַטיקער און ער האָט מסכּים געווען צו זאָסניצעס בקשה אים צו געבן צײַט ביז מאָרגן אויפֿצוקלערן דאָס מאַטעמאַטישע רעטעניש.

אויף מאָרגן האָבן די גרעסטע מאַטעמאַטיקערס פֿון ריגע און אַנדערע לענדער זיך צונויפֿגעקליבן אין אַ גרויסן זאַל צו הערן דעם ענטפֿער. ווען זאָסניץ איז אַרויף אויף דער טריבונע אין זײַנע אָפּגעריסענע מלבושים, האָבן אַלע אויס־געשטעלט די אויגן פֿון שטוינונג. אָבער די שטימונג האָט זיך געביטן, ווען זאָסניץ האָט נאָך אַ שעה צײַט אויפֿקלערונגען פֿון

פֿאַרפּלאָנטערטע מאַטעמאַטישע פֿאָרמולעס פֿאַרענטפֿערט די שאלה. דער זאַל האָט געשטורעמט מיט אַפּלאָדיסמענטן. די סטודענטן האָבן אים געטראָגן אויף די הענט.

נאָך דעם האָט זאָסניץ באַקומען ווינרעכט אין ריגע און האָט געקראָגן אַ סך תּלמידים, צווישן זיי דער באַקאַנטער העברעיִשער שרײַבער י.ח. טבֿיובֿ און ד"ר שמעון ברײַנין, מחבר פֿון וויכטיקן מעדיציניש ווערק **אורח לחיים.**

**ניכבדים.** — ר' אַברהם בר' שלמה-זלמן [ברודער פֿון ווילנער גאון?], איז דאָ געווען מ"מ ומו"צ. האָט הסכּמה אויף **חובֿת הלבֿבֿות עם פּי' נאדר בקודש** (הוראדנא, 1790).

ר' חיים־מאיר גינזבורג, בעל „שפֿוט השופֿטים.“ נאָך עטלעכע יאָר אין שימבורג (קורלאַנד) אַריבער קיין בירזש. געוואָרן אַ סוחר, געעפֿנט דאָ א ישיבֿהלע און געזאָגט אַ שיעור אָן געלט.

ר' שניאור הללס איז דאָ געווען אַ מלמד, אָבער מבֿינים האָבן געוווּסט, אַז ער איז אַ גדול בתּורה. זײַן שווער, ר' מרדכי בר' יקותיאל, אב"ד שימבורג (קורלאַנד).

ר' יצחק בן־ציון בר' שמעון איזאַקסאָן, אַ געבאָרענער אין פּאָנעוועזש. מחבר פֿון **ברכת יצחק** (ווילנא, תּרנ"ב), **ברית יצחק** (ווילנא, תּרס"ב). ער גיט זיך אָן: „מגורי בק"ק בירז.“

אַ לענגערע צײַט האָט דאָ געלעבט דער שרײַבער נחמיה־דובֿ האָפֿ־מאַן. געשריבן אויך קאָרעספּאָנדענציעס פֿון בירזש אין **הלבֿנון** א"אַ העברעיִשע צײַטונגען.

ר' בנימין גאָנבאַך, גבֿיר און נדבֿן; ר' חיים קאַמענעצקי, אייניקל פֿון ר' חיים וואָלאָזשינער; ר' זלמן מעלער, שווער פֿון ר' שלום־צבֿי שנײַדערמאַן, רבֿ אין פֿילאַדעלפֿיע.

ר' אַריה כּהן, גבאי אין בית־מדרש. זײַן פֿאָטער געווען מוהל אין בירזש, שפּעטער אין פּאָסוואָל; ר' וועלוול כענקין, לייב פֿרידמאַן, לייב ראבינאָוויטש, אָשר גינזבורג. משׂכּילים: ראובֿן קליינשטיין, הירש גער, ברוך מיכעלסאָן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — הכּרמל, תּרכ"ד; המגיד, 1876: 16; ג.י. ליכטענפֿעלד, כּהן ללא אלהים [וועגן זאָסניץ]. וואַרשא, תּרל"ו. ע' 3; ד"ט אפֿרתי, תּולדות אנשי שם. וואַרשא, תּרל"ח, ע' 24; בן־יעקבֿ, אוצר הספֿרים. ווילנא, 1880, ע' 579.

א.ל. פֿײַנשטיין, עיר תּהלה. וואַרשא, 1886, ע' 142; המליץ, 1896: 103; הצפֿירה, 1896; 75; לוח אחיאָסף, תּרנ"ו; ב.צ. איינזענשטאַדט, חכמי ישׂראל באַמעריקאַ. נ"י, תּרס"ג, ע' 43; השלח, 1910, כּרך כ"ב, ע' 287; הד הזמן, ווילנא, 1910, ע' 7; יהל"ל, זִכּרון בספֿר. זיטאָמיר, 1910, ע' 7; משה זבֿדיה, מעין גנים. פּיעטרקובֿ, 1914.

יוסף לעווינשטיין, דור ודור ודורשיו. וואַרשא, 1914, ע' 122; א. דיינאַרד, זכרונות בת עמי, ב'. נוי אָרלעאַנס, תּרף, ע' 33; ש. טשרנוביץ (רבֿ צעיר), עם ־שחר. תּרפּ"ז, ע' רל"ז; ראובֿן ברײַנין, כּתבֿים, ב'. נ"י, תּרצ"ב, ע' 187; הפּרדס, נ"י, תּרצ"ב, חוב' ב'; אידישע שטימע, קאָוונע, 1933: 4244; ההד, תּרצ"ג, חוב' ד', ירושלים.

מ.מ. ישר, דאָס לעבען און שאַפֿען פֿון חפֿץ־חיים. נ"י, תּש"ו, ז' 587; אלה אזכּרה, א'. נ"י, תּשט"ז, ע' 82; דער פּוילישער ייִד. ריאָ, 1958, זז' 339־345; אנציקלופּדיה של הציונות הדתית. ת"א־ירושלים, תּשי"ח, ע' 489; ספר זכּרון קידאַן. ת"א, 1977, ע'

187; חלקת מחוקק, מחברת ג׳; חוב׳ ה; חוב׳ ז׳, מחברת ב׳.

עיר ווילנא, 8, 19; דעת קדושים, 9־13, 17; לקורות עיר קיידאַן, ט׳; שם הגדולים החדש, 49, 174; ד.מ. ליפמאַן, 42, 72, 79; אהלי שם, 23; ש. ווינר, קהלת משה, 419; ג. קרסל, 2; „ליטע״, I, ז׳ 1232, 1601; היסטאָרישע שריפֿטן, ב׳ 2, ז׳ 576; ל. אָווצינסקי, 154, 157, 167; לעקסיקאָן, 1, 2; יזכור־בוך סואוואַלק, 178; ספֿר הפרענומעראַנטן, 1287; יהדות ליטא, א׳, ג׳; קמזונס יהדות ליטא.

Lietuviškoji Enciklopedija, III; p. 1182; Jewish Encyclopedia, XI, p. 471; Black Book; Biržų Dvaro Teismo Knygos, 1620-1745. Parengė V. Raudelionas ir R. Firkovicius. Vilnius, 1982.

## בעטיגאָלע BETYGALA

קליין שטעטעלע, ראַסיינער קרײַז. ייִדן האָבן דאָ געלעבט לאַנג פֿאַרן ערשטן וועלטקריג. דערנאָך איז זייער צאָל געוואָרן אַלץ קלענער. אין 1923 זײַנען דאָ געווען 83 ייִדן, פֿאַרן חורבן — אַרום 50.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — יהדות ליטא, ג׳ ,Black Book.

# ג

## גאַוורע GAURĖ

טאַווריקער קרײַז. דער ייִדישער ייִשובֿ הייבט זיך אָן אַרום מיטן אַכצנטן יאָרהונדערט. אַ שפּעטערדיקער רבֿ אין זשידיק איז דאָ געבאָרן געוואָרן אין 1790.

אין 1923 האָבן דאָ געוווינט 17 ייִדן. פֿאַרן חורבן זײַנען דאָ נאָך געווען ייִדן.

1878 און 1902 זײַנען דאָ געווען צוויי פּרענומעראַנטן אויף די ספֿרים: **דבֿרי משה**, משה לוי זאַקס (ווילנא, תּרל״ח), **שערי פּדות**, שבתי ליפּשיץ (מונקאַטש, תּרס״ב).

אין צוויי רשימות ביישטײַערערס פֿון 1898 פֿאַרן פֿאָנד צו בויען ארץ־ישׂראל געפֿינען זיך ייִדן פֿון גאַוורע.

פֿון די רבנים זײַנען אונדז באַקאַנט:

ר׳ יעקבֿ יפֿה, זון פֿון ר׳ חיים זאבֿ־וואָלף יפֿה, אבֿ״ד שקוד; ר׳ ברוך גראָסבאַרד, דערנאָך רבֿ אין פֿיליפּאָווע (סוּוואַלקער געגנט) און באַלבירישאָק; זײַן זון ר׳ אַבֿרהם־אַריה־לייב, דאָ געבאָרן 1871, האָט 1898 איבערגענומען דעם פֿאָטערס רבנות אין גאַוורע. פֿון 1913 רבֿ אין שירווינט, ווו 1941 פֿאַרברענט געוואָרן מיטן בית־מדרש און אַלע ייִדן, הי״ד.

1790 איז דאָ געבאָרן ר׳ דובער בר׳ צבֿי־הירש דימאַנד. צו 18 יאָר ראבֿ״ד טאַווריק, שפּעטער רבֿ אין זשידיק און פּילטען (קורלאַנד). ניפֿטר 1850.

אין גאַוורע איז אין 1861 געבאָרן געוואָרן דער העברעיִש־ייִדישער שרײַבער נחמיה־דובֿ האָפֿמאַן. געהאַט פֿאַרשיידענע קורצע ליטעראַרישע סטאַנציעס אין זײַן לעבן — ווילנע, קיניגסבערג, ליק (פּרײַסן), וואַרשע, אפֿילו 9 חדשים אין ניו־יאָרק. 1889 עמיגרירט קיין דרום־אַפריקע און 1895 זיך באַזעצט אין קייפּטאָן. אומעטום געשריבן נאַטור־וויסנשאַפֿטלעכע מאמרים און וועגן טעכניק, מערסטנס אין העברעיִש. אין ייִדיש אַרויסגעגעבן בײַ 20 ביכלעך: **דיא געהיימע צוואה, דער טיראַן, דון יהודה אברבנאל, אונשולדיג פֿאַרמשפּט, צו דער תּליה** א״אַ.

אין דרום־אַפֿריקע איז האָפֿמאַן געווען דער פּיאָנער סײַ פֿון דער ייִדישער

פּרעסע און ליטעראַטור, סײַ פֿון דער העברעיִשער. זײַן בוך **ספֿר הזכרונות** (קייפּטאַן, 1916), אין ייִדיש מיט אַ חלק אין עבֿרית, איז דאָס ערשטע ייִדישע און העבריִשע בוך אין דרום־אַפֿריקע. פֿון זײַנע ביכער וועגן נאַטור־וויסנשאַפֿט: **אוצר נחמד** (ווילנא, תּרל״ז), **תּולדות חכמי הבאָטאַניק** (קאניגסבערג, תּרל״ט), **הנוסע** (ווילנא, תּרמ״ג), **מעשה חכמים** (תּרמ״ד), **ספּורי הטבֿע** (ווארשא, תּרמ״ז). אין אַפֿריקע האָט ער אויפֿגעהערט צו שרײַבן נאַטור־וויסנשאַפֿטלעכע ביכער. געשטאָרבן 1928 אין קייפּטאָן.

אַריה שלמה־זלמן, מחבר פֿון **בית אַהרן** (וואַרשא, תּרמ״ו) האָט אַ שייכות מיט גאַוורע.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המליץ, 1898; 132, 198; ספֿר זכּרון לסוקולובֿ, וואַרשא, תּרמ״ט, ע׳ 30; לקורות עיר ראַסיין ורבניה, ע׳ כ״ו; תּולדות ישיבֿת היהודים בקורלאַנד, ע׳ 148; יזכּור־בוך סואוואַלק, ז׳ 186; ג. קרסל, 1; לעקסיקאָן, 3; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 1564. Black Book.

# גאָרזד

# GARGŽDAI

קרעטינגער קרײַז. אויף דײַטש זיך גערופֿן גאַרסדען. פֿון די אַלטע קהילות אין ליטע. אין היסטאָרישע דאָקומענטן פֿון סוף 16טן יאָרהונדערט ווערן דערמאָנט גאָרזדער ייִדן, וואָס זײַנען אַחריותדיק פֿאַרן אויפֿמאָנען דעם גרענעץ־אָפּצאָל.

דאָס זײַנען אַלץ געווען איינצלנע ייִדן, ווי אַ קהילה האָט גאָרזד זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען אָנהייב 17טן יאָרהונדערט. אין 1639 האָט דער פּוילישער קעניג סטאַניסלאַוו דער פֿירטער געגעבן די ייִדן אין גאָרזד אַ טשאַרטער, וואָס גאַראַנטירט זיי בירגערשאַפֿט. די בתּי־תּפֿילה און דער בית־עולם זײַנען באַפֿרײַט געוואָרן פֿון שטײַערן.

אין לעצטן פֿערטל פֿון 17טן יאָרהונדערט איז גאָרזד שוין געווען, משמעות, אַן אײַנגעפֿונדעוועטע קהילה. אין יענער צײַט איז דער ועד מדינת ליטא געווען פֿאַרטונקען אין חובֿות און 1676 באַשלאָסן איבערצושיקן אַ חובֿ פֿון „אלף ר״ז [רובל זהב] לר׳ גרשון מגאָרזד״ — אַ ריזיקע סומע פֿאַר יענער צײַט.

אין דער צײַט פֿון פּוילישן אויפֿשטאַנד אין 1831 האָבן גאָרזדער ייִדן געליטן פֿון ביידע קעמפֿנדיקע צדדים. די קהל־לײַט זײַנען געצוווּנגען געוואָרן אָפּצוגעבן אַ שבֿועה ניט צו העלפֿן די אויפֿשטענדלערס קעגן צאַר און אַז „קיין שום סודות וועלן מיר דעם שונא ניט צוטראָגן.״

מיטן ערשטן פּוילישן אויפֿשטאַנד איז פֿאַרבונדן אַ טראַגיש געשעעניש אין גאָרזד. די רוסישע מיליטער־קאָמאַנדע האָט געדאַרפֿט איבערשיקן סאָל־

דאַטן פֿון ראַסיין צו פּאַלאָנגע. דער פּאַלאָנגער גלח האָט געהאַט אַ בריוו מיט אַ באַפֿעל, אַז דער בריוו זאָל גלייַך אָפּגעשיקט ווערן קיין ראַסיין.

קיין פּאָסט איז דעמאָלט ניט געווען אין זאַמעט, פֿלעגן אָרעמע ייִדן אויפֿהאַלטן די צווישנשטאָטישע פֿאַרבינ־דונג. האָט דער גלח גערופֿן צו זיך דעם גרעסטן בעל־הבית פֿון גאָרזד, זישע זיסמאַנאָוויטש, אַן עלטער־זיידע פֿון היסטאָריקער חיים שויס, און אים אָנגעזאָגט תּיכף אָפּצופֿירן דעם בריוו קיין ראַסיין. אָפּזאָגן איז געווען געפֿערלעך, האָט זישע געשיקט דעם אָרעמען וועלווע פֿאַקטאָר. יענער איז אַרייַנגעפֿאַלן מיטן בריוו בייַ די מורדים, וואָס האָבן אים גלייַך אויפֿגעהאַנגען. זישע איז פֿון עגמת־נפֿש יונג געשטאָרבן.

גאָרזד איז איינע פֿון די 19 ייִדישע קהילות, וואָס האָבן ניט געענט־פֿערט אויפֿן „אוקאַז״ פֿון דער רוסישער רעגירונג פֿון 1854, אַז אַלע ייִדן מוזן פֿאַרלאָזן זייערע וווינערטער, אויב זיי זייַנען ווייניקער פֿון 50 קילאָמעטער פֿון גרענעץ, און אַריבערפֿאָרן אין באַשטימטע גובערניעס טיפֿער אין רוסלאַנד.

גאָרזד איז געווען אַ רייַך שטעטל. איר וווילשטאַנד האָט זיך גענומען פֿון דעם שטאַרקן האַנדל מיט דעם שכנות־דיקן פּרייַסן, וואָס איז אויך געווען אַ נאָענ־טער און באַקוועמער אָפּזאַצמאַרק סייַ פֿאַרן ביסל אייגענע פֿאַבריקאַטן, סייַ פֿאַר אַרייַנגעפֿירטע סחורות פֿון אַנדערע טיילן פֿון ליטע. די גאַנצע עקאָנאָמיע פֿון שטעטל איז געווען אָפּהענגיק פֿון פּרייַסן.

יאָרן לאַנג האָט מען ייִדישע מתים פֿון מעמל געבראַכט צו קבֿורה אויפֿן היגן בית־עולם.

אין 1847 האָבן דאָ געוווינט 648 ייִדן, 1897 — 1455, אין 1923 — 1037 און פֿאַרן חורבן אַרום 800. איין יאָר פֿאַרן חורבן איז כּמעט דאָס גאַנצע שטעטל אַראָפּ פֿון פֿייַער.

מיט גאָרזד איז פֿאַרבונדן די באַוווסטע מעשׂה מיט ר׳ ברוך־בענדעט פּאָדקעווער, אַן אַנטלאָפֿענער פֿון די ת״ח־ות״ט פּאָגראָמען אין אוקראַיִנע. ער האָט דאָ שטאַרק אויסגענומען מיט זייַן חריפֿות און בקיאות אין לערנען, האָט איינער פֿון די גאָרזדער גבֿירים אויסגעגעבן זייַן טאָכ־טער פֿאַר אים.

די חתונה האָט זיך געצויגן זיבן טעג. אין לעצטן טאָג האָט ברוך־בענדעט פלוצלינג דערקענט צווישן די אָרעמעלייַט זייַן אַמאָליקע פֿאַרקנסטע כּלה פֿון לובלין, וואָס ער האָט זי געהאַלטן פֿאַר טויט. ניט געקוקט אויף אַלע בעטענישן און פּסק־דין פֿון די רבנים, אַז די פֿריִערדיקע תּנאָים זייַנען שוין בטל — האָט ער חתונה געהאַט מיט דער פֿריִערדיקער אָרעמער כּלה און געלעבט אין גאָרזד ביז זייַן טויט. — ר׳ ברוך־בענדעט איז דער פֿאָטער פֿון ר׳ שמואל החסיד אין ראַסיין, וואָס דער ווילנער גאון האָט אים גערופֿן: דער זאַמעטער חסיד.

*

גאָרזד איז געווען פֿון די געציילטע שטעט אין ליטע, ווו די השׂכּלה האָט געשלאָגן וואָרצלען שוין אין די 1880־1890ער יאָרן. דאָס איז געווען אַ רעזולטאַט פֿון דעם, וואָס די אָרטיקע ייִדן, האַרט בײַ דער גרענעץ מיט דײַטשלאַנד, זײַנען געווען אויסגעמישט געשעפֿטלעך מיט דער דײַטשישער סבֿיבֿה. אַחוץ דעם איז גאָרזד דעמאָלט געווען אַ הויפּטראַקט פֿאַרן טראַנספּאָרט פֿון השׂכּלה־ספֿרים.

אויך אין דער אַרבעט פֿאַר חיבת־ציון און ציוניזם איז גאָרזד געווען זייער רירעווודיק. שווער צו געפֿינען נאָך אַ שטעטל אין ליטע פֿון איר גרייס, וואָס זאָל האָבן אַזאַ צאָל רשימות נדבֿות פֿאַר א״י־בוי אין דער דעמאָלטיקער העברעיִשער פּרעסע אין אייראָפּע. פֿאַר נויט־לײַדנדיקע ייִדן איז דאָ אַ ליסטע פֿון גאָרזדער מנדבֿים אין 1872. דער הויפּטקלײַבער פֿאַר ארץ־ישׂראל איז געווען יחזקאל זוסמאַנאָוויץ, פֿאַר אַלגעמיינע ייִדישע נויטן — נתן־אליעזר זיוו, אויך ד״ר אַראָנסאָן.

**רבנים.** — ר׳ משה יפֿה. אין שטעטל האָט מען אים גערופֿן ר׳ משהלע. אַרום 1860־1874. אין זײַן צײַט האָט דאָ געטראָפֿן אַ שרעקלעכע מעשׂה. איינער פֿון די גוטע ייִדן, ר׳ זוסל פּרײַס, איז געווען גבאי פֿון שול. אין 1866 האָט ער ניט צוגעלאָזן אַ פֿאַרגרעבטן ייִדן אָפּצוקויפֿן אַ פּסוק אין „אתּה הראית״. אויף מאָרגן האָט מען געפֿונען דעם גבאי אַ דערוואָרגענעם אויפֿן פֿעלד. דער רוצח איז געוואָרן אַרעסטירט און פֿאַרמישפּט.

ר׳ יוסף, זײַן זון, געבאָרן 1846 אין ווילקאָמיר, רבֿ אין סלאָנים, גאָרזד, סאַלאַנט, פּאָקראָי, מאַנטשעסטער (ענגלאַנד). בעל **יוסף באור** (תּרנ״א), **השׂכל והיצר, אהבת ציון וירושלים** (תּש״ז). ניפֿטר 1897 אין מאַנטשעסטער.

ר׳ יצחק־יעקבֿ ראַבינאָוויץ, געבאָרן 1854 אין שערשאָוו. אַ קורצע צײַט רבֿ אין קאַרעליץ, דערנאָך ר״מ אין סלאַבאָדקער ישיבֿה „כּנסת ישׂראל״, פֿון 1894 רבֿ אין גאָרזד און זינט 1896 אבֿ״ד פּאָנעוועזש, ווו ניפֿטר געוואָרן אין 1919. מען האָט אים מערסטנס גערופֿן ר׳ איצעלע פּאָנעוועזשער. פֿון די גדולי התּורה בדורו און אויך אַן עסקן בצרכי ציבור, לאָקאַל און פֿון כּלל ישׂראל.

ר׳ אַהרן וואָלקין, געבאָרן 1865 אין שומיאַטש (ווײַסרוסלאַנד). נאָך גאָרזד[1] רבֿ אין שאַט [סיאַד?], אַמטשיסלאַוו, פּיל־ווישאָק, פּינסק. מחבר פֿון מערערע ספֿרים. אומגעקומען אין 1942, הי״ד.

ר׳ יצחק־אײַזיק פֿרידמאַן, געבאָרן 1874. דאָ רבֿ פֿון 1905, קורשאַן פֿון 1914, טאַווריק פֿון 1927. 1935 עולה געווען קיין ארץ־ישׂראל. 9 יאָר רבֿ אין נחלת יצחק (תּ״א), ווו ניפֿטר געוואָרן 1944. מחבר פֿון מערערע ספֿרים[2].

1) לויט אַן אַנדער מקור: גרוזד. די ביידע שטעטלעך פֿאַרמישן זיך אַנדערש מאָל און ס׳איז שווער אויפֿצוקלערן. זע: קאַפּיטל גרוזד.

2) לויט אנציקלופדיה של הציונות הדתית — רבֿ אין גרוזד.

ר׳ שבתי־אַהרן שאַפּיראָ, געבאָרן 1863. רבֿ פֿון 1922 ביז 1939, ווען ניפּטר געוואָרן. זון פֿון ריגער רבֿ ר׳ משה שאַפּיראָ און אייניקל פֿון ר׳ אײַזל חריף; ר׳ מאיר לעווין, פֿון 1934, הי״ד.

צווישן 1835 און 1911 זײַנען דאָ געווען 82 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

**אָפּשטאַמיקע.** — ר׳ שמואל חסיד. איינער פֿון דרײַלינג „חסידי זאַמוט״. דאָ געבאָרן 1751.

ר׳ שלמה־זלמן ש״ך, דאָ געבאָרן 1847. מגיד־שעורים אין טעלז. פֿון 1904 דיין אין יפֿו, שפּעטער מגיד־שעורים אין ישיבֿת הרבֿ קוק אין ירושלים. דערהרגעט געוואָרן דורך אַראַבער אין די פּאָגראָמען פֿון 1929, הי״ד.

חיים־בנימין שויס, געבאָרן 1884. היסטאָריקער. פֿון 1910 אין שיקאַגאָ, פֿון 1915 אין נ״י, לעצטע יאָרן אין לאָס אַנדזשעלעס. געשריבן וועגן ייִדישער געשיכטע, תּנ״ך און רעליגיע, צווישן אַנדערע: דער אידישער מאָנאָטע־איזם און דער מאַרקסיסטישער מאַטעריאַליזם (**אידישער קעמפּער**, 1916־1918), **ישראל און די פֿעלקער** (**וואַרהייט**, נ״י. 34 אַרטיקלען), סעריעס אָפּהאַנדלונגען איבער באַוווּסטע משומדים און באַרימטע ייִדישע שטעט. פֿון זײַנע ווערק: **ביבלישע געזאַנגען** (נ״י, 1916), **די גרויסע אידישע געשיכטע** (אייגנס און איבערגעזעצטס. נ״י, 1919־1925), **נבֿיאים** (נ״י, 2 בענד), **מעשׂיות פֿון בראשית** (נ״י, 1945), **היסטאָרישע שריפֿטן** (נ״י, 1956). איבערגעזעצט אָסקאַר ווײַלדס **דאָס בילד פֿון דאָריאַן גריי**, קונאָ פֿישערס **שפּינאָזעס לעבען און כאַראַקטער** (אין **דאָס נײַע לעבען**). האָט אויך אַ פּאָר ביכער אין ענגליש. געשטאָרבן 1953 אין לאָס. אַנדזשעלעס.

יודיקאַ־יהודית ציק, געבאָרן 1898. ייִדישע דיכטערין. זינט 1920 אין קאַנאַדע, די שפּעטערדיקע יאָרן אין אַמע־ריקע. געשריבן לידער אין די קאָוונער ייִדישע צײַטונגען און זאַמלונגען, אין די קאַנאַדער און אַמעריקאַנער ייִדישע אויסגאַבעס. לידערביכער: **נײַע יוגנט** (קאָוונע, 1923), **מענטש און צײַט** (קאָוונע, 1926), **וואַנדער־וועג** (מאָנטרעאָל, 1934), **שפּליטערס** (טאָראָנטאָ, 1934), **צער און פֿרייד** (טאָראָנטאָ, 1949). אין 1988 **נאָך** געלעבט אין ניו־דזשוירזי.

לייב שויס, געבאָרן 1915. ייִדי־שער זשורנאַליסט. געלעבט אין קאָוונע, פֿון 1944 אין ווילנע. אונטער דער קאָמוניס־טישער ממשלה וויצע־דירעקטאָר פֿון דער אָפֿיציעלער ליטווישער נײַס־אַגענטור „עלטאַ.״ רעפּאָרטער פֿון **דאָס וואָרט**, 1938 רעדאַקטער פֿון **אָוונט־בלאַט** און 1940 פֿון **פֿאָלקסבלאַט** — אַלע קאָוונע. מחבר געווען די פּיעסע **זאָג ניט קיין מאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג.**

**ניכבדים.** — ר׳ דובֿ־בער הכּהן באָראָכאָוו, מו״צ, אָנהייב 1900. פֿון 1905

אין אַמעריקע, ווּ ניפֿטר געוואָרן 1939. מחבר פֿון **ראשית בכּורים** (ירושלים, תּרצ״ב).

יואל זוסמאַן אַבעלמאַן, אָשר יפֿה, דן פֿאַלק; ד״ר יהודה אַראָנסאָן, גינעקאָלאָג. ר׳ ישׂראל סאַלאַנטער איז איין מאָל געקומען צו אים זיך אינפֿאָרמירן וועגן גינעקאָלאָגישע ענינים.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המגיד 1872: 2; המליץ, 1893: 171; י. ברוצקוס, וואָסכאָד 1896: 7־9; לוח אחיאָסף, תּרנ״ח, 342; המליץ: 1898: 29, 132; 1903; 120; חשבון הנדבות, תּרע״ד, ע׳ 35; אידישע שטימע, קאָוונע, 1937: 5769; אנציקלופדיה של הציונות הדתית, תּרצ״ח, ע׳ 382; א.ש. זאַקס, קעמפֿער פֿאַר פֿאָלקס־אויפֿלעבונג — ד״ר ה. פֿראַנק. ניו־יאָרק, 1945.

אפֿרים אָשרי, חורבן ליטע. נ״י, 1950, ע׳ 108; חיים שויס, היסטאָרישע שריפֿטן. נ״י, 1956, זז׳ 276, 281, 284; פּנקס מדינת ליטא, תּקנות ועד תּל״ו; חלקת מחוקק, מחברת ג׳; אהלי שם, 367, 451; תּולדות אנשי שם (ראַנד), ע׳ 79; לקורות עיר ראַסיין, ע׳ כ״ג; ד.מ. ליפּמאַן, לתולדות היהודים בליטא־זאַמוט, ע׳ 43; ייִוואָ־בלעטער, II., נומ׳ 3; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 1617; לעקסיקאָן, 4, 8; יהדות ליטא, ג׳.

Statistikos biuletinas, Kaunas, 1923, XII.; Black Book; Biuletyn Żydowskiego Instytutu Historycznego W Polsce. Warszawa, 1987. no. 141; Jewish Encyclopedia, IV., p. 311; VII., p. 57.

## גודלעווע GARLIAVA

קאָוונער קרײַז. ייִדן האָבן עס גערופֿן אויך דאָס ליטווישע גאַרלעווע. פֿאַר דער ערשטער וועלט־מילחמה האָבן דאָ געוווינט אַן ערך 400 ייִדן, אין 1923 — 311 און פֿאַרן חורבן אַרום 200. זיי האָבן זיך פֿאַרנומען מיט קליינהאַנדל, קרעמערײַ און מלאכה. כּמעט אַלע האָבן געהאַט אַ בײַשטוביקע ווירטשאַפֿט (גאָרטן, עופֿות, אַ קו).

אין 1887 איז דאָ געווען אַ גרויסע שׂריפֿה. 15 ייִדישע הײַזער זײַנען פֿאַרברענט געוואָרן.

כאָטש אַ קליין שטעטל, האָט עס געהאַט מערערע רבנים אין זײַן קורצער געשיכטע.

**רבנים.** — ר׳ שלמה־ראובֿן בהרבֿ ר׳ דוד, אַרום 1850ער און אָנהייב 1860ער. חיבורים: **בכּורי ראש און פּלפּלא רטיבתא** (ווילנא, תּרכ״ד). פֿריִער מ״מ אין קאָוונע.

ר׳ זבֿולון בר׳ יום־טובֿ ליפּמאַן, רבֿ אין דאַרשונישאָק, גודלעווע, פּיליפּאָווע, קראָזש, פּלונגיאַן.

ר׳ צבֿי־הירש בר׳ שלמה לאַמפּערט, מיטן 1860ער און 1870ער. האָט חידושים אונטערן טיטל „עמודי א״ש״ אין **פּסקי הגר״א מווילנא** (ווילנא, 1875). אין דער הקדמה שרײַבט ער „ר׳ צבֿי הירש בר׳ שלמה, החונה בעיר גוד־ליוואָ, כּי זה כּמו עֶשר שנים עמסתּי עלי עול ההוראה לנַהל עם ה׳ על דרך התּורה והמוסר.״

ר׳ חיים הלוי כּ״ץ, געבאָרן 1854 אין זאָסלע. פֿון 1881, שפּעטער אין איוויע און פֿון 1889 אין פּומפּיאַן, ווּ ניפֿטר

געוואָרן אין 1932. **בעל עונג חיים, מסילות חיים, נתיבות חיים, ישועות חיים, אַהבת חיים.** זײַנע זין: ר׳ יוסף־ראובֿן כ״ץ, דאָ געבאָרן 1877. פֿון 1903 רבֿ אין ווישינטע און שפּעטער אין גלובאָק, הי״ד; ר׳ שמריהו, אב״ד וויזשון; ר׳ משה־יונה, רבֿ סרעדניק; ר׳ שמואל־מנחם, אב״ד ווילאָן און פּאַלאָנגע.

ר׳ יהודה בר׳ משה בורשטיין, געבאָרן אין 1872. פֿון 1902, שפּעטער רבֿ אין אַמעריקע. איידעם פֿון ר׳ מרדכי ווייצעל, אב״ד סלאָנים.

הרבֿ כאַרשאַנסקי, פֿון 1922; ר׳ מאיר־לייב מעץ, געבאָרן 1893 אין **פּלונגיאַן**. געווען אויך רבֿ אין גרינקישאָק. בעל **נתיבֿ מאיר** (קיידאַן, תּרצ״א). אומגעקומען אין קראָק, הי״ד.

אין 1875 און 1911 זײַנען דאָ געווען 40 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

קאָרעספּאָנדענט פֿון **המליץ** איז געווען הצב״י למשפּחת פּילמאַזשעס.

אויף אַן אַלטן בית־עולם פֿון ירושלים געפֿינען זיך די מצבֿות פֿון

חיים בר׳ מענדל הלוי מגודלווא,

תּרכ״ו,

חיים בר׳ צבֿי הלוי מגודלעווי,

תּרכ״ז.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המליץ, 1887: 1; ח. לונסקי, תּולדות הגאון ר׳ מרדכי ווייצעל. ווילנא, תּרע״ז, ע׳ 18; אשל על קבֿרו של הקדוש אברהם איסר הלוי כּץ. תּ״א, תּרצ״ט, ע׳ 70; ע. בן־עזרא, ר׳ מרדכי־לי מסלונים. תּ״א, תּשי״ח, ע׳ 23; קהלת משה, ע׳ 181; אהלי שם, 31, 149; חלקת מחוקק, חובֿ׳ ז׳; מחברת ג׳; יהדות ליטא, ג׳; י.ד. קמזונס יהדות ליטא; ספֿר הפּרענומע־ראַנטן, 1634; Black Book.

## גודעל GUDELIAI

מאַריאַמפּאָלער קרײַז, 13 ק״מ פֿון באַלבירישאָק. לויט איר צאָל ייִדן אין 1923 — 177 — איז דאָס געווען אַ קליין ייִדיש שטעטעלע, מיט די געוויינלעכע ייִדישע פּרנסות: קרעמערײַ, מלאכה, בײַשטוביקע ווירטשאַפֿט (אַ גאָרטן, עופֿות, אַ קו).

אַ ייִדישער ייִשובֿ איז דאָ געווען שוין אין לעצטן פֿערטל פֿון נײַנצנטן יאָר־הונדערט. אין אַ רשימה פֿון מאַריאַמפּאָלער נדבֿות פֿאַר יישובֿ ארץ־ישראל ווערט אויך אָנגעגעבן גודעל.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המליץ, 1899: 46; Black Book.

## גירטעגאָלע GIRKALNIS

ראַסיינער קרײַז. אין 1847 האָבן דאָ געלעבט 168 ייִדן, 1897 — 530 (פֿון 648 תּושבֿים), 1923 — 270, פֿאַרן חורבן אַרום 130.

פֿון אירע רבנים זײַנען באַקאַנט:

ר׳ יהודה־לייב אָפּענהיים, שפּעטער דיין ומו״צ אין ראַסיין, ווו ניפֿטר געוואָרן אין 1879. איידעם פֿון ר׳ שמואל

לעווינסקי, אב״ד יאַסוועז, בעל **זכרון שמואל.** חידושי־תּורה אין **הלבֿנון** (1869).

ר׳ שמואל־נפֿתּלי הירש הלוי עפּשטיין, אַרום סוף 1860ער און אָנהייב 1870ער. בעל **אִמרי שפֿר.** זײַן זון ר׳ מרדכי יצחק רבֿ אין זיים, פֿון 1902 אין שעפֿילד (ענגלאַנד).

ר׳ צדוק בר׳ יהושע, אַרום מיטן 1880ער, בעל **שׂפֿתי צדק** (ווילנא, תּרמ״ט). דאָרטן דאָ חידושי־תּורה פֿון זײַן ברודער ר׳ ראובֿן.

ר׳ אַבֿרהם־מאיר בר׳ יעקבֿ־ראובן רובינשטיין, געבאָרן 1862. דאָ רבֿ פֿון 1892, שפּעטער אין יאַסוועז. בעל **בית אַבֿרהם** (פּיעטרקובֿ).

ר׳ מאיר סטאָלעוויץ, געבאָרן 1871 אין איישישאָק. פֿון 1903 דאָ רבֿ, שפּעטער אין כאַסלאַוויץ, קאָפּטשעווע, פֿון 1933 רבֿ ומו״צ אין ירושלים, ווו ניפֿטר געוואָרן אין 1951. בעל **מבית מאיר** (ווארשא־ירושלים, תּרס״ט, תּרע״א, תּרצ״ז, תּש״א, תּש״ז). האָט הסכּמה אויף **שם הגדולים השלישי,** מ. מאַרקאָוויץ (ווילנא, תּרס״ב).

ר׳ יצחק־אײַזיק ברודא; פֿון 1922 ר׳ יעקבֿ־משה ליעסין, איידעם פֿון ר׳ אליעזר יהושע זעליג שאַפּיראָ, אב״ד נײַשטאָט־טאַווריק.

צווישן 1861 און 1914 זײַנען דאָ געווען 29 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

**אָפּשטאַמיקע.** — דער גירטעגאָלער שו״ב ר׳ מנחם־מענדל איז געווען אַ צדיק און מקובל. 20 יאָר פֿאַרן שטאַרבן אין 1836 האָט ער אויפֿגעגעבן זײַן שחיטה און נאָר געזעסן און געלערנט תּורה אין ראַסיין.

הרבֿ הצדיק ר׳ צבֿי־אָשר מגיר־טאגאלא איז ניפֿטר געוואָרן 1873 אין ירושלים.

ר׳ צבֿי לאָס, דאָ געבאָרן אין 1850, איז געווען רבֿ אין יעזנע (1871־1884), שפּעטער מו״צ אין ניו־יאָרק. מחבר פֿון **עטרת צבֿי** (נ״י, תּרס״ב).

ר׳ שלמה־יעקבֿ בר׳ הלל־גבֿריאל שיין, דאָ געבאָרן 1855. ר״מ אין טאַווריק, שפּעטער רבֿ אין ציטעוויאַן און לאַצקעווע. ניפֿטר געוואָרן 1934 אין קאָוונע; ר׳ שמואל־יעקבֿ בר׳ יצחק סג״ל, גרויסער בעל־צדקה. ניפֿטר געוואָרן 1879.

טוערס פֿאַר ארץ־ישׂראל: ח.ד. פֿרידמאַן, ר.א. וויניק.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — חבֿצלת, ירושלים, תּרל״ג: 3; הלבֿנון, 1879: 39; ב״צ אייזענשטאדט, חכמי ישׂראל באַמריקא. נ״י, תּרס״ג, ע׳ 62; יעווריייסקאיא סטאַרינא, VI. ז׳ 551; לקורות עיר ראַסיין, ע׳ י״א, כ״ד; קהלת משה, ע׳ 98; דורות האחרונים, ע׳ 267; יהדות ליטא, ג׳; ספֿר הפּרענומעראַנטן, נומ׳ 1687; אהלי שם, 72, 101; Black Book

## געדרעוויץ GIEDRAIČIAI

ווילקאָמירער קרײַז. דאָס שטעטל האָט אויסגעמיטן דעם גירוש ליטע אין מײַ 1915, אָבער מיטן אויגוסט זײַנען אַלע ייִדן אַנטלאָפֿן קיין ווילנע. אין 1923 האָבן

דאָ געלעבט 421 ייִדן, פֿאַרן חורבן — בערך 200. ייִדישע פּרנסות: קרעמערײַ, מלאכה, לאַנדווירטשאַפֿט.

אין 1894 זײַנען דאָ געווען 5 פּרענומעראַנטן אויף **בכּורי ישׂראל**, ישׂראל בר׳ צבֿי הכּהן (ווילנא, תּרנ״ד־תּרנ״ה). איינער פֿון די פּרענומעראַנטן איז דער רבֿ ר׳ חיים בר׳ אהרן־מנחם הלוי הורביץ, געבאָרן 1855. דאָ רבֿ פֿון 1880. 1934 נאָך געווען רבֿ.

אין אַ רשימה מנדבֿים פֿון 1914 פֿאַר העלפֿן בויען ארץ־ישׂראל זײַנען דאָ געדרעוויצער. קלײַבער: א. הורוויץ.

ר׳ זונדל קרוק, רבֿ אין שירווינט, איז דאָ געבאָרן אין 1910.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — חשבון הנדבות . . . 1914. ע׳ 35; אהלי שם, 32; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 1721; יהדות ליטא, א׳, ג׳. Black Book.

## געלוואַן GELVONAI

ווילקאָמירער קרײַז. אַן עלטערער ייִדישער ייִשובֿ, שוין פֿון אָנהייב 17טן יאָרהונדערט. אויפֿן בית־עולם איז דאָ אַ מצבֿה פֿון 1659. אָבער די קהילה איז קיין מאָל ניט רעכט אויסגעוואַקסן. אין 1914 האָבן דאָ געוווינט בערך 400 ייִדן, אין 1923 — 427, אין 1934 — בערך 300 און פֿאַרן חורבן — בערך 250.

אין 1886 האָט דער פּריץ פֿון שטעטל פֿאַרווערט ייִדן דאָס רעכט פֿון פּאַשע אויף דער שטאָטישער לאָנקע. די ייִדן האָבן אים אָנגעקלאָגט אין געריכט און דער פּריץ האָט פֿאַרלאָרן. אין זעלביקן יאָר איז אויפֿגעשטעלט געוואָרן אַ נײַער בית־מדרש אנשטאָט דעם אַלטן. עס האָט אָפּגעקאָסט 2000 רובל.

ווילנע איז געווען דער אָפּזאַצמאַרק פֿון געלוואַנער ייִדישע מילכפּראָדוקטן, עופֿות און פּרוכט. ווען ווילנע איז דורך פּוילן אָפּגעריסן געוואָרן פֿון ליטע, האָט זיך דאָס שווער אָפּגערופֿן אויף דער ייִדישער עקאָנאָמיק פֿון שטעטל.

**רבנים.** — ר׳ מנחם־מענדל ליפּשיץ (מענדל שירווינטער), אין די 1880ער. נאָך געלוואַן רבֿ אין שירווינט. ניפֿטר 1921 אין קאָוונע.

ר׳ זלמן־פּנחס הכּהן קאַפּלאַן, געבאָרן 1840 אין פּאָנעוועזש. פֿריִער רבֿ אין יעזנע. אייניקל פֿון ר׳ אַבֿרהם, ברודער פֿון ווילנער גאון. זײַן זון אפֿרים קאַפּלאַן, איינער פֿון די באַוווּסטע ייִדישע פּובליציסטן אין אַמעריקע. ר׳ זלמן ניפֿטר 1921 אין געלוואַן.

ר׳ יהושע קלעוואַן, 1884 געבאָרן אין יאַנישאָק, 1921־1924. פֿון 1925 צען יאָר רבֿ איִן בוירלינגטאָן און פֿון 1936 אין וואַשינגטאָן. פֿאַר געלוואַן רבֿ אין זאַסקאָוויץ 1909־1915; ר׳ דניאל איינשטיין, פֿון 1934, הי״ד.

ר׳ אלעזר אָסטראָווסקי, געלעבט אין אַ דערבײַיִק דערפֿל, פֿלעגט שבת און יום־טובֿ קומען דאַוונען אין שטעטל און לערנען מיט דער חבֿרה „עין יעקבֿ.״

צווישן 1853 און 1874 זײַנען דאָ

געווען 9 פרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

**אָפּשטאַמיקע.** — ר׳ לייב־נוח באָס, דאָ געבאָרן 1859. 1894־1909 רבֿ אין שאַקאָט, ווו ניפֿטר געוואָרן. געשריבן מאמרים אין אַ ריי העברעיִשע צײַט־שריפֿטן. זײַן פֿאָטער ר׳ יצחק־אײַזיק איז דאָ געווען אַ מלמד.

ר׳ יוסף בר׳ יהודה, אַ הי־געבאָרענער, איז געווען מ״מ אין מערערע קהילות, שפּעטער רבֿ אין ברוקלין.

אלחנן־לייב לעווינסקי, געבאָרן 1857 אין פּאָדבערעזע, האָט פֿון 1864 פֿאַבראַכט דאָ זײַנע קינדערשע און יוגנט־לעכע יאָרן. פֿאָטער פֿון העברעיִשן פּובליציסטישן פֿעליעטאָן.

ח.נ. ביינאַשאָוויץ, אַ געבאָרענער דאָ, האָט פֿאַרעפֿנטלעכט 1881 אַ סעריע אַרטיקלען א״ט „ווער קען די וועלט?״ אין **הישׂראלי**, מאַינץ, תּרמ״א: 41־44.

יהודה־זלמן זילב, געשריבן קאָרעספּאָנדענציעס אין **הצפֿירה**, מאיר שוחט — זכרונות אין **אידישע שטימע**.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — הצפֿירה, 1886: 14; אנציקלופדיה של הציונות הדתית, א׳, ע׳ 223; השלח, כ״א, ע׳ 175; כ״ג, ע׳ 562; תּולדות אנשי שם, ראַנד, ע׳ 116; אהלי שם, ע׳ 32; דורות האחרונים, ב׳, ע׳ 298; „ליטע״, I, ז׳ 1617; ג. קרסל, 1; ספֿר הפרענומעראַנטן, נומ׳ 1729; יהדות ליטא, ג׳. Black Book.

## גרוזד GRUŽDŽIAI

שאַוולער קרײַז. אין 1897 האָבן דאָ געוווינט 480 ייִדן, אַן ערך אַזוי פֿיל פֿאַרן ערשטן וועלטקריג, אין 1923 — 150 און פֿאַרן חורבן — בײַ 120. ייִדישע פּרנסות: קרעמערײַ, מלאכה, לאַנדווירט־שאַפֿט. הינטערן שטעטל איז געווען אַ ייִדישע קרעטשמע.

אין 1887 זײַנען פֿאַרברענט געוואָרן 13 ייִדישע הײַזער מיטן בית־מדרש.

דאָס שטעטל איז געווען אַקטיוו פֿאַרן בניין הארץ שוין אין די 1880ער יאָרן. אין אַ רשימה „המתנדבֿים למען אחינו הקולונוסטים באה״ק״ פֿון 1886 ווערן אויסגערעכנט מערערע גרוזדער. דער קלײַבער: מ. שרגאַי. אין אַ צווייטער רשימה פֿון 1914 זײַנען דאָ נאָך נעמען בראש מיטן רבֿ י.א. פֿרידמאַן. ניט קיין ווונדער, אַז אַ חבֿרה אין שטעטל האָט זיך גערופֿן „חבֿצלת השרון.״

**רבנים.** — ר׳ משה בר׳ ישעיה רפֿאל שאַפּיראָ, געבאָרן אין דאָקשיץ. 24 יאָר דאָ רבֿ ביז זײַן פּטירה אין 1885.

ר׳ אַהרן וואָלקין, געבאָרן 1865, שפּעטער רבֿ אין סיאַד, אַמטשיסלאַוו, פּילווישאָק, פּינסק. מחבר פֿון מערערע ספֿרים. אומגעקומען 1942, הי״ד.

ר׳ יצחק־אײַזיק פֿרידמאַן, געבאָרן 1875 אין קאָוונע. פֿון 1905 דאָ רבֿ, פֿון 1914 אין קורשאַן, פֿון 1924 אין טאַווריק, פֿון 1935 אין נחלת־יצחק (ת״א), ווו ניפֿטר געוואָרן תּשרי תּש״ד. פֿון די הויפּטפֿירערס פֿון „מזרחי״ אין ליטע. מחבר פֿון **ישׂראל ותורתו, אמרי בינה, הגיון יצחק, חֵקר יצחק, תּורת ישׂראל וארצו.**

פֿאַרעפֿנטלעכט מאמרים און חדו"ת אין העברעיִשע צײַטשריפֿטן.

ר' יום־טובֿ ליפּמאַן, געבאָרן 1879 אין מאָלאָדעטשנע. נאָך שאַקאָט (1912־1908) רבֿ אין גרוזד ביז 1917. 2 יאָר רבֿ מאָלאָדעטשנע, פֿון דאָרטן ווידער אין גרוזד ביז 1923, ווען אַוועק קיין אַמע־ריקע און רבֿ אין ברוקלין. איידעם פֿון ר' זיסמאַן ברוידא, אבֿ"ד ראָזאַליע.

1876 און 1880 זײַנען דאָ געווען 27 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים [געשריבן: גרוז].

**ניכבדים.** — יצחק־לייב קרעטין, חיים־צבֿי פּערעצמאַן, לייב שאַפּיראָ, ראובֿן שאַפּיראָ, ישראל־בער קלאַנסקי, האָט געהאָלפֿן בויען נײַעם בית־מדרש. שמואל־משה לעווין, געשריבן אין **הלבֿנון**. שלמה־מאיר בהרבֿ אַרענזאָן, קאָרעספּאָנדענט (**הכּרמל**, תּרכ"א: 36).

**ביבליאָגראַפֿיע.** — הצפֿירה, 1885: 16; 1887: 93; המליץ, 1886: 172; חשבון הנדבות . . . 1914; תּולדות אנשי שם (ראַנד), ע' 79; ספֿר הפּרענומעראַנטן, נומ' 1802; יהדות ליטא, ג'; Black Book

## גרינקישאָק GRINKIŠKIS

קיידאַנער קרײַז. ייִדן זײַנען געקומען אַהער אָנהייב 19טן אָדער סוף 18טן יאָרהונדערט. זייער עקאָנאָמישער מצבֿ איז געווען אַ שווערער. אין 1884 איז

ניט געווען אַפֿילו קיין ליכט און האָלץ פֿאַרן בית־מדרש. אין יענעם יאָר האָט דער משׂכּיל פֿאַלק קאָנטאָראָוויטש געשאַפֿן אַ גמילות־חסד־ קאַסע.

אין 1923 האָבן דאָ געוווינט 235 ייִדן, פֿאַרן חורבן — אַרום 100.

**רבנים.**— ר' אַריה־ליב־דובער בר' צבֿי־הירש וואָלפּערט, געבאָרן 1840. פֿון 1876, פֿריִער רבֿ ווילקי.

ר' מאיר־לייב מעץ, געבאָרן 1892 אין פּלונגיאַן. פֿון 1934, פֿריִער אין גודלעווע. בעל **נתיבֿ מאיר** (קיידאַן, תּרצ"א). געשריבן חידושי־תּורה אין **כּנסת ישׂראל** (תּ"ש). 1941 אומגעקומען אין קראָק, הי"ד.

אונדז דוכט, אַז פֿאַר הרבֿ וואָלפּערט איז דאָ געווען מרא דאַתרא ר' חיים־צבֿי־הירש ברוידא, אַרום סוף 1860ער אָדער אָנהייב 1870ער. זײַנע שאלות־ותּשובֿות געפֿינען זיך אין **עטרת יצחק** פֿון ר' יצחק־אײַזיק [ראַבינאָוויץ], אבֿ"ד שאַוול, וואָס איז ניפֿטר געוואָרן אין 1853. ר' חיים איז געווען רבֿ אין אַליטע, נעמאָקשט, שוועקשנע, זאַגער. זײַנע אַ קאָרעספּאָנדענץ איז דאָ אין **המליץ** (1883: 37).*

צווישן 1842 און 1913 זײַנען דאָ געווען 41 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

*) געווען דאָ איינער אַ רבֿ ר' יחזקאל, אָבער מיר ווייסן גאָרניט וועגן אים.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המליץ, 1883: 37; 1884: 68; אהלי שם, ע' 34; ד.מ. ליפּמאַן, ע' 193; ספֿר הפרענומע־ראַנטן. נומ' 1824. Black Book.

## גרישקאַבוד GRIŠKABŪDIS

קליין שטעטל אין שאַקיִער קרײַז. אין 1797 האָבן דאָ געלעבט 10 ייִדן (582 קריסטן). פֿאַר דער ערשטער וועלט־מילחמה זײַנען דאָ געווען 25 ייִדישע מישפּחות, 1923 — 18. אין וואַלן צום ציוניסטישן קאָנגרעס אין 1933 זײַנען אָפּגעגעבן געוואָרן 18 שטימען. אין אַ רשימה פֿון ייִדישע בעלי־מלאכות אין ליטע אין 1938 ווערט דערמאָנט דאָס שטעטל. ערבֿ חורבן זײַנען דאָ פֿאַרבליבן 8 ייִדישע פֿאַמיליעס.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — אידישער שטימע, 1933: 4187; דער אידישער האַנטווערקער . . . 1938)
A. Janulaitis, Užnemunė po Prūsais. Kaunas, 1928, p. 160; Black Book.

# ד

## דאַבייק DABEIKIAI

אוטיאַנער קרייז. אַ קליינער ייִדישער ייִשובֿ איז געווען דאָ פֿון אַרום מיטן זיבעצנטן יאָרהונדערט. דאַבייק האָט דורכגעמאַכט דעם גירוש־ליטע אין ערשטן וועלטקריג.

אין 1923 האָבן דאָ געוווינט 175 ייִדן, פֿאַרן חורבן — בײַ 240.

ייִדן האָבן זיך באַשעפֿטיקט מיט מיסחר, קרעמערײַ, מלאכה און ערדאַרבעט. דער הויפּטהאַנדל איז געווען מיט פֿלאַקס, תּבֿואה, חזיר־האָר און אייער.

ר׳ אליעזר סאָלאָווייטשיק איז דאָ געווען רבֿ בײַ 50 יאָר.

דער שו״ב ר׳ צבֿי רעזניקאָוויץ, ר׳ אײַזיק ראַבינאָוויץ און ר׳ יהודה־אידל כּלבֿזאָן זײַנען געווען באַקאַנטע בעלי־תּפֿילה, וואָס פֿלעגן פֿאַרבעטן ווערן צו ימים־טובֿים אין די אַרומיקע שטעטלעך.

ירחמיאל פּראַק, אַ היי־געבאָרענער, האָט איבערגעזעצט אויף ייִדיש די פֿינף מגילות און **פּרקי־אָבֿות** (ווילנא, 1915).

**ביבליאָגראַפֿיע.** — יהדות ליטא, ג׳, ד׳. Black Book.

## דאוגעל DAUGAILIAI

אַ קליין שטעטעלע, אוטיאַנער קרײַז. פֿאַרן ערשטן וועלטקריג האָבן דאָ געוווינט בײַ 50 ייִדן, אין 1923 — 73. 1935 איז בטל געוואָרן דער ייִדישער ייִשובֿ.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — יהדות ליטא, ג׳. Black Book.

## דאַטנעווע DOTNAVA

קיידאַנער קרײַז. אין 17טן יאָר־הונדערט זײַנען געקומען אַהער מאָנאַכן־בערנאַנדינער, 1773 האָבן זיי דאָ געעפֿנט אַ זעקס־קלאַסיקע גימנאַזיע.

אָנהייב 18טן יאָרהונדערט איז דאָ שוין געווען אַ קענטיקער ייִדישער ייִשובֿ. דאָס איז צו זען פֿון דעם פֿאַקט, אַז אַרום 1720 האָט דאַטנעווע שוין געהאַט אַ רבֿ.

פֿאַרן ערשטן וועלטקריג האָבן דאָ געוווינט בײַ 450 ייִדן, אין 1923 — 204 און פֿאַרן חורבן בײַ 60. פּרנסות:

מיסחר, קרעמעריַי, גאַרבעריַי און בײַשטאָ־טישע ווירטשאַפט.

אין אַ רשימה פֿון בײַשטײַערערס פֿאַרן ארץ־ישׂראל־בוי זײַנען דאָ דאַט־נעווער יידן. דער קלײַבער: פּסח לעווין. עסקנים אין שטעטל: אליהו וואָלפע, יהודה ליפּניק.

**רבנים.** — ר׳ יחיאל מיכל דאַטנעווער, פֿון די גדולי הדור, אַרום 1720־1730ער. וועגן אים ווערט דערציילט, אַז אין דער נאַכט פֿון שׂמחת־תּורה תּצ״א (1731) האָט אין זײַן בית־מדרש געלערנט אַן עלף־יאָריק ייִנגל. דאָס ייִנגל האָט אָנ־געהויבן זבֿחים, געלערנט מנחות און אין דער פֿרי האָט ער געענדיקט ביידע מסכתּות.

ר׳ יחיאל־מיכל האָט ניט געגלייבט זײַנע אויגן, האָט ער צוגערופֿן דאָס ייִנגל, אים געפֿרעגט מערערע קשיות פֿון די מסכתות און ער איז פֿאַרווונדערט געוואָרן — דאָס ייִנגל האָט פֿאַרענטפֿערט אַלע זײַנע קשיות. דאָס ייִנגל איז געווען דער שפּעטערדיקער ווילנער גאון. ר׳ ישׂראל־מיכל האָט איבערגעלאָזן אין כּתבֿ־יד אַ **„פּירוש התּורה"** און אַ פּירוש אויף **ספֿרא דצניעותא**. אין ביידע כּתבֿ־יַדן ווערט קלאָר אָנגעגעבן: יחיאל מיכל אבד״ק דאַטנאָוואַ.

ר׳ אַבֿרהם־יהודה בר׳ חיים־אליה פּאָלטינאָוו, געבאָרן 1867. פֿון 1895 רבֿ אין טראַשקון, פֿון 1900 אין דאַטנעווע, שפּעטער אין ווישטינעץ, הי״ד.

ר׳ אַבאַ־העשל בר׳ שלמה־יעקבֿ שיין, פֿון 1908. פּאָטער אב״ד לאַצקעווע.

ר׳ שמואל מאַרקוס, געבאָרן 1879. פֿון 1922 דאָ רבֿ. ניט גענומען קיין שׂכירות, זיך אויסגעהאַלטן פֿון זײַן ווײַבס קראָם. ניפֿטר 1936; לעצטער רב ר׳ משה־אַהרן קושעלעווסקי.

אין 1842 זײַנען דאָ געווען 13 פּרענומעראַנטן און 1876 — 4.

ב. איטעלמאַן האָט געשיקט קאָ־רעספּאָנדענציעס צו **הצפֿירה**.

אַן אָפּשטאַמיקער פֿון דאַטנעווע איז ר׳ יצחק רובינשטיין. דאָ געבאָרן אין 1880. 30 יאָר קאַזיאָנער ראַבינער און פֿון 1928 הרבֿ הראשי אין ווילנע. באַקאַנטע פּירערישע פּערזענלעכקייט אין פּוילן און ליטע. ניפֿטר 1946 אין ניו־יאָרק.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — חשבון הנדבֿות, 1914, ע׳ 35; אידישע שטימע, 1934: 4651; י.ל. מימון, תּולדות הגר״א. ירושלים, תּשט״ו, ע׳ ל״ג; אהלי שם, ע׳ 64, 339; ספֿר הפּרענומעראַנטן, נומ׳ 1824; יהדות ליטא, ג׳; Black Book.

## דאַרשונישאָק DARŠUNIŠKIS

טראָקער קרײַז. אַ גאָר אַלטער מקום. וויטאָווט דער גרויסער האָט דאָ געבויט די ערשטע קירך. דאָ איז געווען אַ גרויסע פֿעסטונג. נאָך מערערע אַטאַקעס

אין 1365 דורכן דײַטשישן אָרדן, האָט ער עס פֿאַרנומען אין 1381.

דער ייִדישער ייִשובֿ האָט זיך דאָ אָנגעהויבן אַרום סוף 18טן אָדער תּחילת 19טן יאָרהונדערט. אין דער ערשטער וועלט־מילחמה האָט דאָס שטעטל ניט געליטן. אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע האָבן זיך ייִדן בעיקר פֿאַרנומען מיט קליינהאַנדל, האַנטווערקערײַ און בײַשטער־ביקערווירטשאַפֿט. אין 1937 זײַנען דאָ געווען 13 ייִדישע בעלי־מלאכות. פֿאַרן חורבן איז די צאָל ייִדן געווען אַרום 100.

**רבנים.** — ר׳ אַריה־צבֿי דײַכעס, רבֿ ומו״צ, פֿון 1854 דיין און ר״מ אין קאָוונע, וווּ ניפֿטר געוואָרן.

ר׳ פּסח בר׳ חיים פֿינפֿער, גע־באָרן 1838 אין ראַסיין. פֿאַר דאַרשונישאָק רבֿ אין וועגער. פֿון 1874 מו״צ אין אַ ווילנער פֿאָרשטאָט, דערנאָך אב״ד דאָרטן. בעל **מסורת התּורה והנבֿיאים** (ווילנא, תּרס״ו), **חקר אבֿות, ציון ומשפּט, שבֿחי ארץ החיים**. ניפֿטר 1913.

ר׳ חיים־ירמיהו פֿלענסבערג, גע־באָרן 1842 אין קיידאַן. פֿון 1869, שפּעטער רבֿ אין באַלבירישאָק (פֿון 1873) און פֿון 1689 אין שאַקי ביז זײַן פּטירה כ״א תּמוז תּרע״ד. מחבר פֿון עטלעכע ספֿרים. זײַן טאָכטער אסתּר, די באַקאַנטע פֿרוי פֿון ווילנער קאַזיאָנער ראַבינער און סענאַטאָר יצחק רובינשטיין.

ר׳ זבולון בר׳ יום־טובֿ ליפּמאַן ברי״ט, אב״ד דאַרשונישאָק, גודלעווע, פֿיליפּאָווע, קראָזש, פּלונגיאַן, וווּ ניפֿטר געוואָרן 1903.

ר׳ שלמה זילבערשטיין, דאָ רבֿ 1867־1869. עמיגרירט קיין אַמעריקע. חיבורים: **גלוי עינים** (1881), **הדעת והתּבֿונה** (1887), **מציאות יהוה והעולם** (1893) און וויסנשאַפֿטלעך־טעאָלאָגישע ביכער אין ענגליש.

ר׳ חיים־אַבֿרהם ש״ס בר׳ שמואל. 1858 געבאָרן אין באָגאָסלאַווי־שאָק. 1887־1888 דאָ רבֿ, שפּעטער אין זאָסלע, וווּ ניפֿטר געוואָרן.

ר׳ שמואל־יוסף שוהם, פֿון 1891, דערנאָך אין ווילקי, וווּ 1941 אומ־געקומען, הי״ד.

ר׳ יעקבֿ־בער הורוויטש, דערנאָך אין ערזווילק. שפּעטער פֿאַרלאָזן רבנות און זיך באַזעצט אין קאָוונע.

ר׳ משה־אַריה־לייב מילעווסקי, געבאָרן 1878 אין טרעסטינע. פֿריִער ר״מ אין מייטשעט און שאַדעווע, מו״צ אין פּרען [און רבֿ זאָסלע?]. 1941 אומגעקומען דאָ, הי״ד.

**אָפּשטאַמיקע.** — ר׳ אַבא־יעקבֿ באָרוכאָוויטש, געבאָרן 1848. רבֿ אין מיישעגאָלע, קופּישאָק, וועקשנע, ווילקאָ־ווישק, פֿון 1923. בעל **חבֿל יעקבֿ**.

ר׳ ישׂראל־חיים בר׳ אַריה־צבֿי דײַכעס. 1885 רבֿ אין נײַשטאָט־שאַקי, 1891 אין לידס ביז זײַן פּטירה 1937. מחבר פֿון עטלעכע ספֿרים. זײַן זון ד״ר שמואל דײַכעס רבֿ אין לאָנדאָן און זון ד״ר בצלאל דײַכעס רבֿ אין סאָנדערלענד (ענגלאַנד).

ר׳ יחיאל־דובֿ, געבאָרן 1891. 1929־1932 רבֿ אין וואַלי־ספּרינג (אַמע־ריקע), דערנאָך אין באַלטימאָר.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — צום אָנדענק פֿון עוזר פֿינקעל־שטיין. קאָונאַס, 1938, ז׳ .XII; אנציקלופדיה של הציונות הדתית, ע׳ 378; תולדות אנשי שם (ראַנד), ע׳ 133; י.ד. קמזונס יהדות ליטא; יהדות ליטא, ג׳;
P. Klimas, Ghillebert de Lannoy in Medieval Lithuania. N.Y., 1945, p. 50

## דוביניק DUBINGAI

קליין שטעטל, ניט ווײַט פֿון געדרעוויץ, ווילקאָמירער קרײַז. אַן אַלט אָרט, נאָך פֿון די צײַטן פֿון וויטאָווט דעם גרויסן. פֿאַרן ערשטן וועלטקריג האָבן דאָ געלעבט בײַ 260 ייִדן, פֿאַרן חורבן — אַרום 90.

## דויג DAUGAI

אַליטער קרײַז. גאַנץ אַלטער מקום. 1519־1530 איז דאָ געווען (עלטסטער) Seniūnas יאַן זאַבריזינסקי, פֿאַר אים — באַגוס באַגאָוויטינאַוויטש.

אין 1914 האָבן דאָ געוווינט בײַ 500 ייִדן, אין 1923 — 363 ייִדן און אַן ערך אַזוי פֿיל פֿאַרן חורבן. ייִדישע פּרנסות: מיסחר, קרעמערײַ, מלאכה און פֿישערײַ.

בדרך־כּלל זײַנען געווען גוטע באַציִונגען מיט די פּויערים. צונויפֿשטויסן פֿלעגן אַ מאָל פֿאָרקומען צווישן אַ פּויער אַ בעל־חובֿ מיט זײַן ייִדישן מַלווה. אין מיטן די 1880 יאָרן האָט געטראָפֿן, אַז אַזאַ פּויער האָט דערהרגעט דעם ייִדן. געווען אַזאַ פֿאַל מיטן דויגער חיים ראַבינאָוויטש.

אין 1905 איז דאָס גאַנצע שטעטל אַראָפּ מיטן פֿײַער, צווישן זיי די צוויי בתּי־מדרשים און 8 ספֿר־תּורות. געבליבן זײַנען נאָר 2 הײַזער.

1898 זײַנען דאָ געווען 3 פּרע־נומעראַנטן אויף **זכר חיים**, חיים־נתן בר׳ משה (וואַרשא, תּרנ״ח). אין דעם יאָר איז דאָ געשאַפֿן געוואָרן אַ לינת־הצדק דורכן ייִדישן דאָקטער מ.י. מיראַלס.

**רבנים.** — ר׳ אַבֿרהם־צבֿי כּץ, בײַ 40 יאָר דאָ רבֿ. 1892 ניפֿטר געוואָרן אין עלטער פֿון 80 יאָר. זײַן פֿאָטער ר׳ שמואל־איסר, 38 יאָר ר״מ אין ווילנע.

ר׳ אפֿרים־ניסן מה־יפֿית, שפּעטער רבֿ אין פּאַנעמון. זײַן זון ישׂראל־אַבֿרהם, ייִדיש־העברעיִשער שרײַבער, געשטאָרבן 1930 אין שווייץ, אין עלטער פֿון 33 יאָר.

ר׳ נחום שער, פֿון אַרום 1930. פֿריִער רבֿ אין ראָזאַליע, הי״ד.

**אָפּשטאַמיקע.** — בן־ציון כּץ, געבאָרן 1875, העברעיִש־ייִדישער שרײַבער, קולטור־פֿאָרשער, היסטאָריקער. פֿון 1931 אין ארץ־ישׂראל. געשריבן אַ סך פּובליציסטישע מאמרים אין דער העברעיִ־שער און ייִדישער פּרעסע. 1903 אַרויסגעגעבן און רעדאַקטירט דעם **הזמן** (פּעטערבורג). געווען פֿון די געציילטע ייִדישע מלומדים, וואָס האָבן געפֿאָרשט די ייִדישע געשיכטע אין רוסלאַנד און פּוילן אין שפּיגל פֿון דער הלכה־ליטעראַטור און

שאלות־ותשובֿות. דאָס איז דאָ אין זײַן בוך **לקורות היהודים ברוסיא ופולין וליטא במאות השש־עשׂרה והשבע־עשׂרה** (ברלין, תּרנ"ט). פֿריִער אַרויסגעגעבן **מזקנים אתבונן** (וואַרשע, תּרנ"ה) און **אור נוגה על שמי התּלמוד** (דאָרטן). אין ישׂראל אַרויסגעגעבן: **פּרושים, צדוקים, קנאים, נוצרים** (תש"ח), **לגילוי סוד המגילות הגנוזות** (תּש"י), **רבנות, חסידות, השׂכּלה** (תּשי"ט), **זכרונות. חמישים שנה בהיס־טוריה של יהודי רוסיה** (תּשכ"ג). געשטאָר־בן 1958 אין תּל־אָביב.

**קאָרעספּאָנדענטן:** יקותיאל־משה שאַפּיראָ (**המליץ**), א. גאָלובאָווסקי (**הצפֿירה**).

אין אַ רשימה פֿון 60 דויגער מנדבֿים אין 1914 פֿאַר בניין־א"י ווערט אָנגעגעבן דער קלײַבער ד. אילגאָווסקי.

אויף אַן אַלטן בית־עולם אין ירושלים איז דאָ אַ מצבֿה פֿון מרדכי בר' יעקב דויגער, תּר"ם.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המליץ, 1885: 37; עיר ווילנא, ע' 136; דורות האחרונים, ב', ע' 190; חשבון הנדבֿות, 1914, ע' 135; חלקת מחוקק, ה'; יהדות ליטא, ג'; ספֿר הפּרענומעראַנטן, נומ' 1988; ג. קרסל, 2.
Black Book; Jonas Totoraitis, Sūduvijos Suvalkijos Istorija. Kaunas, 1938.

## דוסיאַט DUSĖTOS

עזשערענער קרײַז. לויט דער

רבנות פֿון ר' מנחם־מענדל, איז דאָ געווען אַ ייִדישער ייִשובֿ אין מיטן אַכצנטן יאָר־הונדערט. אין 1847 האָבן דאָ געוווינט 486 ייִדן, 1897 — 1158, 1923 — 704 און פֿאַרן חורבן — בײַ 300.

ייִדן האָבן זיך באַשעפֿטיקט מיט מיסחר, קרעמערײַ, מלאכה, קאַראַבעל־ניקערײַ און אַ צאָל ייִדן מיט בײַשטאָ־טישער לאַנדווירטשאַפֿט.

פּסח 1905 זײַנען דאָ פֿאָרגעקו־מען פּאָגראָמען, מערסטנס דורך ווײַסרוסן. עס איז געווען אַ גרויסע שׂריפֿה אין שטעטל, אָבער ייִדן האָבן ווייניק געליטן, ווײַל דער ווינט איז ניט געגאַנגען אין דער זײַט פֿון די ייִדישע הײַזער. האָבן פּויערים געזאָגט, אַז ייִדן האָבן עס אונטערגעצונדן, און זיי האָבן פּאָגראָמירט ייִדישע קראָמען, באַפֿאַלן ייִדן און 70 ייִדן זײַנען פֿאַרוווּנדט געוואָרן. דער פּריסטאַוו און עטלעכע פּויערים האָבן פֿריִער גערופֿן דעם רבֿ און אים געזאָגט, אַז אויב ייִדן וועלן אין בית־מדרש שווערן, אַז זיי זײַנען אומשולדיק, וועט קיין זאַך ניט פּאַסירן. ייִדן אין טליתים און קיטלען האָבן געשוואָרן פֿאַר די אויגן פֿון פּריסטאַוו און עטלעכע פּויערים, אַז זיי זײַנען אומשולדיק. אָבער אויף מאָרגן איז דאָך אויסגעבראָכן דער פּאָגראָם.

דער ספּעציעל־געשאַפֿענער ייִדישער פֿאַרטיידיקונג־קאָמיטעט אין פּעטערבורג האָט געשיקט ד"ר שלמה כּאַראַנזשיצקי, אַדוואָקאַט פֿון קאָוונע, אויסצופֿאָרשן די סיבות פֿון פּאָגראָם. ער האָט אויך פֿאַרטיידיקט די ייִדן אין געריכט

און די פּאָגראָמשטשיקעס זײַנען פֿאַר־מישפּט געוואָרן אויף פֿאַרשיידענע טערמינען טורמע.

אין זעלביקן יאָר האָבן אָרטיקע ליטווינער אַוועקגעשיקט אַ פּעטיציע צום רוסישן מיניסטאָרן־קאַבינעט, אַז מען זאָל דערלויבן ייִדן צו וווינען איבער גאַנץ רוסלאַנד, ווײַל דעמאָלט וועלן זיי ניט זײַן אַזוי געפּאַקט אין ליטע.

אין 1875 און 1885 זײַנען גע־ווען 41 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

אין 1910 זײַנען אַ העלפֿט ייִדישע הײַזער און קראָמען אַראָפּ מיטן פֿײַער.

אין אַ רשימה מנדבֿים פֿאַר בויען ארץ־ישׂראל אין 1914 זײַנען דאָ 60 דוסיאַ־טער.

אויף אַן אַלטן בית־עולם אין ירושלים געפֿינען זיך די מצבֿות פֿון:

חיה שרה אשת ר׳ יודל מדושאַט, תּרי״ט.

יהודה בר׳ אַהרן הלוי מדושאַט, תּרכ״ג.

**רבנים.** — ר׳ מנחם־מענדל, רבֿ און מ״מ, שפּעטער מ״מ אין פּאָנעוועזש, אַרום 18טן יאָרהונדערט. בעל **תּמים יחדיו**, אַרויסגעגעבן דורך ר׳ אַבֿרהם בן הגר״א (ווילנא, תּקס״ח). איידעם פֿון ר׳ זאבֿ־וואָלף ליפּקין, אב״ד טעלז, פֿאָטער פֿון ר׳ ישׂראל־סאַלאַנטער.

ר׳ נתן־נטע זילבער, דאָ געבאָרן אַרום אָנהייב 19טן יאָרהונדערט. אייניקל פֿון הגאון ר׳ שימעלע בירזשער. ניפֿטר אָנהייב 1914.

ר׳ בונעם־צמח זילבער, דאָ גע־באָרן אַרום 1844, רבֿ פֿון 1914. פֿריִער רבֿ אין אַבעל און קאַמײַ. פֿאָטער פֿון ר׳ אליעזר סילווער, געבאָרן 1882, רבֿ אין העריסבורג (אַמעריקע), פֿון 1925 אין ספּרינגפֿעלד און פֿון 1931 רבֿ הכּולל אין סינסינעטי.

ר׳ טוביה־דובֿ שלעזינגער, זינט 1928. פֿריִער רבֿ אין אַבעל, הי״ד. האָט חידושי־תּורה אין **בית וועד לחכמים**, **כּנסת ישׂראל** (תּרצ״ט).

פֿון 1889 איז דאָ געווען שו״ב וש״צ ר׳ משה ריבֿקינד, דערנאָך אין פּאָקראָי; ש״צ ושו״ב איז דאָ אויך געווען ר׳ חנוך־זונדל סינגער, דערנאָך אין אַבעל און צײַקישאָק.

אין דער צווייטער העלפֿט פֿון נײַנצנטן יאָרהונדערט איז איינער פֿון די חשובֿי־העיר געווען הרבֿ הגבֿיר ר׳ שמואל־יצחק פּומפּיאַנסקי. דאָ ניפֿטר 1894.

1909 איז דאָ געבאָרן ר׳ אַבא שור, רבֿ אין וואָרנע, הי״ד.

**שרײַבערס.** — אַריה גאָל־דין, געבאָרן 1871. 1893־1900 געלעבט אין דוסיאַט, ווו געווען לערער. פֿונדאַנען געשיקט קאָרעספּאָנדענציעס און אַרטיקלען אין המליץ, **לאָדזשער טאַגעבלאַט** א״אַ. געשטאָרבן 1918 אין לאָדזש. 1897 איז דאָ געבאָרן געוואָרן זײַן זון יצחק, פֿון 1936 אין ארץ־ישׂראל.

ישׂראל זשאָפּער, געבאָרן 1897. אָריגינעלער נאָמען: יאָפּע. לאַנגיאָריקער מיטאַרבעטער פֿון קאָוונער **אידישע**

שטימע. האָט אויך מיטגעאַרבעט אין דער יידיש־ליטווישער **מוסו גאַרסאַס** (אונדזער שטימע). אומגעבראַכט 1941 דורך די נאַציס, הי״ד.

מרדכי יפה, געבאָרן 1899. ליטעראַרישער אַנטאָלאָגיסט, דיכטער, איבערזעצער. זײַן פֿאָטער איז דאָ געווען ראַבינער. פֿון 1927 אין קאַנאַדע, 1937 אין ניו־יאָרק, 8 יאָר אין ישׂראל און ווידער אין ניו־יאָרק. געשריבן לידער, דערציילונגען, קריטישע אַרטיקלען, איבערזעצונגען אין אָן אַ צאָל יידישע צײַטונגען און צײַט־שריפֿטן איבער דער וועלט, אויך אין העברעיִשע שריפֿטן. ביכער: **בילדער** (ווילנא, 1911), **פֿאַרהאַנגען** (אַדעס, 1920), **אָן אַ זײַט** (קאָוונע, 1927), **אַנטאָלאָגיע פֿון דער העברעיִשער פּאָעזיע** (ווילנע, 1935), **רינגען אין דער קייט** (נ״י, 1939), **ארץ־ישׂראל אין דער יידישער ליטעראַטור** (ת״א, 1961) א״אַ. רעדאַקטירט: **קאָוונער טאָג** (1923), **קאָוונער לעבן** (1923), **די ריגער דער שמײַסער און דער שטיפער** (1925), **די אידישע וועלט** (וואַנקוווער, 1928־1935). געשטאָרבן 1961 אין ניו־יאָרק.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — א.ל. פֿרומקין, תולדות אליהו. ווילנא, תר״ס, ע׳ 3; הפלס, תרס״ה, ע׳ 510; חשבון הנדבות, 1914, ע׳ 135; קריה נאמנה, ע׳ 208; חלקת מחוקק, ט׳; ד.מ. ליפמאן, לתולדות היהודים בליטא־זאמוט, ע׳ 43, 63; תולדות אנשי שם (ראַנד), ע׳ 79; לעקסיקאָן, 2, 3, 4; יעווריעיסקי ענציקלאָפּעדיאַ, VII, ז׳ 389; יזכּור־בוך ראַקישאָק, ז׳ 336 א״וו; ספֿר הפרענומעראַנטן, 1997, יהדות ליטא, ג׳.
Black Book.

## דראָביאַן DARBĖNAI

קרעטינגער קרײַז. זיך גערופֿן אויך דאַרביאַן. פֿון אָנהייב 19טן יאָר־הונדערט איז דאָ געווען אַ יידישער ייִשובֿ.

אין 1897 האָבן דאָ געוווינט 1129 יידן (פֿון 2050 תּושבֿים), אין 1923 — 601 און אַן ערך אַזוי פֿיל פֿאַרן חורבן.

צווישן 1835 און 1911 זײַנען דאָ געווען 83 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

אין אַ רשימה מנדבֿים אין 1872 פֿאַר יידישע הונגער־געליטענע אין ליטע זײַנען דאָ אויך דראָביאַנער.

אַזוי פֿרי ווי 1854 איז אַ דראָביאַנער עולה געווען קיין ירושלים. זײַן מצבֿה געפֿינט זיך אויפֿן אַלטן ירושלימער בית־עולם:

אליעזר דוב בר׳ דוד, תּרנ״ו (מבאי עיר הקדושה לפני מ״ב שנה)

אָנהייב 20סטן יאָרהונדערט און ווײַטער איז דאָ געווען שטאַרק סײַ די ציוניסטישע באַוועגונג, סיי די „אגודה״.

פֿון 1909 איז דאָ אַ רשימה פֿון דראָביאַנער מנדבֿים פֿאַרן א״י־בוי. דער קלײַבער: ישׂראל־לייב כּהן.

אין אַ ליסטע פֿון דראָביאַנער בײַשטײַערערס פֿאַרן „קרן האגודה״ אין 1913 ווערן אויסגערעכנט: הרבֿ יוסף אלכּסנדר, ח.א. דאַווידזאָן, שמואל־איסר לעווין, שלמה־משה לוי, שו״ב, חיים־אַהרן דווידזאָן, יהושע־נחמן בערזאַן, זלמן רוף,

מנחם קאַידאַן, אליעזר גיליס, אַבֿרהם־יצחק פעקיל, בער קיל, יוסף־יצחק לייבאָוויץ, דוד שבֿט.

בן־ציון שפּיץ, יעקבֿ־זאבֿ ערנ־שטיין, ברוך הײַלפּערין, בער גערשאָן, נחום־משה טײַץ, יהודה גאָלאָס, שמואל פֿרײַנטיל, לייב ברוצקוס, בונעם צוקער, אליעזר שער, צבֿי קלאָמפּוס, זאבֿ עטיס, יעקבֿ יאַקאָב.

די הויפּט־פּרנסה פֿון ייִדן איז געווען, ווי אין די מערסטע קליינע שטעט־לעך אין ליטע: מיסחר, מלאכה און צום טייל בײַשטוביקע ווירטשאַפֿט. געווען אויך אַ ייִדישער טאַרטאַק און עטלעכע ייִדישע אַרבעטשטיבער פֿאַר שטריקן און וואָל־באַאַרבעטונג.

**רבנים.** — ר׳ אריה־לייב שאַלמען, 40 יאָר רבֿ גלײַכצײַטיק אין דרײַ קהילות: קרעטינגע, פּאַלאָנגע, דראָביאַן. זײַן זיצאָרט איז געווען אין קרעטינגע, וווּ ניפֿטר געוואָרן. יונגערהייט געווען דיין אין ווילנע. זיידע פֿון ר׳ אֶלינקע קרעטינגער.

ר׳ אליהו מרגלית, ביז 1872, ווײַל דעמאָלט איז ער שוין געווען גבאי אין ירושלימער כּולל ווילנא וזאַמוט.

ר׳ יוסף בר׳ אַבֿרהם־אַלכּסנדר; זײַן איידעם ר׳ ישׂראל־איסר לעווין; לעצטער רבֿ ר׳ ישׂראל־איסר בר׳ שלמה הלוי ווײַסבאָרד, הי״ד.

ר׳ יצחק קאָפּעלאָוויץ איז דאָ געווען דײַן 20 יאָר, אַרום 1868־1888, שפּעטערדיקע יאָרן איז געווען שו״ב ר׳ שלמה־משה לוי.

**אָפּשטאָמיקע.** — ר׳ צמח דראָביאַנער, איינער פֿון דער מישפּחה חסידים גאונים: ר׳ שימעלע בירזוער, ר׳ שמואלקע טעלזער, ר׳ משה מיינעס קראָז־שער — אַלע אָפּשטאַמיקע פֿון הרבֿ החסיד ר׳ אַבֿרהם שוועקשנער. ר׳ אַבֿרהם איז ברודער פֿון הגאון ר׳ דוד, איידעם פֿון טעלזער אב״ד ר׳ זאבֿ־וואָלף ליפּקין, פֿאָטער פֿון ר׳ ישׂראל סאַלאַנטער.

דוד וואָלפֿסאָן, פּרעזידענט פֿון דער אַלוועלטלעכער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע נאָך ד״ר הערצל; יהושע בלאָך, 1890 — נ״י, 1957. לאַנגע יאָרן ביבליאָטעקאַר פֿון ייִדישן אָפּטייל אין ניו־יאָרקער שטאָט־ביבליאָטעק. געשריבן אין ייִדישע, העברעיִשע און ענגלישע אויסגאַבעס.

נתן סלאַוויט האָט געשריבן קאָרעספּאָנדענציעס אין **הצפֿירה** און גרשון־מיינע אַרענזאָן אין **המגיד**.

צווישן די חשובֿי־העיר אין דער צווייטער העלפֿט פֿון 19טן יאָרהונדערט זײַנען געווען א. תּלפּיות, אײַזיק וואָלפֿסאָן, יעקבֿ בערמאַן, ניפֿטר 1877.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המגיד, 1872: 10; המליץ, 1884, 1889: 31; הצפֿירה, 1888: 87; ד. בונימאָוויטש, מכתּבֿ מאליהו. ווילנא, תּרס״ב; חשבון הנדבֿות, 1909; הדרך, פ״פ א/מ, תּרע״ג; חלקת מחוקק, חובֿ׳ ט׳; יהדות ליטא, ג׳; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 2174. Black Book.

# ה

## האַנושישאָק

אַ קליין שטעטל אין טראָקער קרײַז. דער רוסישער גראַף אַלסאָפּיעוו, וואָס אים האָט געהערט דאָס שטעטל, האָט 1893 געשאָנקען די אָרטיקע ייִדן אַ פּלאַץ, ווו זיי האָבן אויסגעבויט אַ בית־מדרש. קיין דאָקומענטן אויף דעם זײַנען ניט געווען און קיין דירה־געלט האָט מען אַ פּיר צענדליק יאָר ניט געצאָלט.

אין 1929 האָט די ליטווישע קאָמיסיע פֿאַר ערד־רעפֿאָרם אָפּגענומען פֿון גראַף זײַן גאַנצע ערד, בתוכה אויך דעם פּלאַץ פֿון בית־מדרש. נאָך דער פּאַרצעלי־רונג פֿון אָט דער ערד, איז דער פּלאַץ אַרײַנגעפֿאַלן צום האַנושישקער אַפּטייקער ווילנוס, וואָס האָט געפֿאָדערט פֿון די ייִדן דעם שטח און די דירה־געלט פֿאַר אַלע פֿריִערדיקע יאָרן. נאָך לאַנגע פּראָצעסן האָט דער העכסטער ליטווישער טריבונאַל אָפּגעוואָרפֿן די פֿאָדערונגען פֿון ווילנוסן. דער אַדוואָקאַט מצד די ייִדן איז געווען לייב גאָרפֿונקל.

פֿון 1932 איז דאָ געווען רבֿ ר׳ אלחנן־יהודה בורלאַנד, פֿריִער רבֿ אין סורווילישיק.

**אָפּשטאַמיקע:** יהושע בודזאָן, דאָ געבאָרן אין 1858. ייִדישער ראָמאַנען־שרײַבער לויטן שניט פֿון שמ״רן. האָט אויך אָנגעשריבן אַ מאָנאָגראַפֿיע וועגן דער באַקאַנטער ווילנער ווילטעטיקער פֿרוי דבורה־אסתּר העלפֿער, וואָס בײַ איר פֿלעגט ער עסן „טעג״ אין זײַנע ישיבֿה־בחורשע יאָרן. נאָך ביכער: **חאַשקע די גראַפֿינע** (1889), **דער אַפֿריקאַנער חתן** (1893), **אַ מעשׂה פֿון אַ רבֿ מיט אַ רביצן** (1895), **אַ גיטראַייע ווײַב׳ל חלעבין** (1895), **איין כדאַייע זאַך כ׳לעבן** (1913), **דער מקח טעות** (1926), **דער גליומפּישקער פּרעזידענט** (1926), **דאָס חנופֿה ליכטעל** (1926) און אַ ריי אַנדערע זאַכן פֿון זעלביקן שניט. געשטאָרבן 1920 אין ווילנע.

ר׳ אַבֿרהם־דובֿ פּאָפּעל, געבאָרן דאָ 1869. פֿון 1897 רבֿ אין אַנושישאָק [אדער: האַנושישאָק?], 1905 אין הײַדוצי־שאָק, דערנאָך אין מאַריאַמפּאָל. געווען אויך סיים־דעפּוטאַט. ניפֿטר 1923.

הירש לעקערט, דאָ געבאָרן 1879, באַקאַנטער רעוואָלוציאָנער, וואָס זײַן שאָס אין ווילנער גענעראַל־גובערנאַ־טאָר פֿאָן וואָל האָט אָפּגעהילכט איבער גאַנץ רוסלאַנד. זײַן טויטשטראָף איז אויסגעפֿירט געוואָרן אין 1902. וועגן אים איז אַ סך געשריבן געוואָרן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — *אידישע שטימע*, 1933: 4339.

# ו

## וואַבאָלניק VABALNINKAS

בירזשער קרײַז. עלטערע ייִדן פֿלעגן עס רופֿן: אַבאָלניק. ייִדן האָבן אָנגעהויבן זיך באַזעצן דאָ אַרום סוף 18טן יאָרהונדערט. בײַם דערבײַיִקן וואַלד פֿון וואַבאָלניק איז שוין געווען אַ ייִדישע קרעטשמע אָנהייב 19טן יאָרהונדערט — אַ ייִדישע קרעטשמע וואָלט ניט געלעגן בײַ אַ וואַלד, אויב דערבײַ וואָלט ניט געווען קיין ייִדישער ייִשובֿ.

מיטן דאָזיקן קרעטשמער איז זיך פֿאַרלאָפֿן אַזאַ מעשה אין 1818: אין יענעם יאָר האָט דער קייסער אַלעקסאַנדער דער ערשטער באַזוכט בירזש. ניט ווײַט פֿון וואַבאָלניק האָט זיך צעבראָכן דעם קייסערס קאַרעטע און געבליבן שטעקן אין בלאָטע. דער קרעטשמער צבֿי, וואָס האָט געלעבט בײַם נאָענטן וואַלד, האָט אַרויסגעראַטעוועט דעם קייסער און זײַן סוויטע. אין חדשים אַרום איז דער קרעטשמער באַלוינט געוואָרן דורכן קייסער מיט אַ סומע געלט.

צווישן 1839 און 1911 זײַנען געווען 133 וואַבאָלניקער פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים, אין 1875 אַליין — 72.

אין 1883 איז אויסגעבראָכן אַ גרויסע שׂריפֿה. 200 מישפּחות זײַנען געבליבן אָן אַ דאַך, צווישן זיי דער בית־כּנסת און 4 בתּי־מדרשים.

אין 1915 האָבן קאָזאַקן פּאָגראָמירט דאָס שטעטל — ראַבירט, געשלאָגן, געשענדט פֿרויען, דערנאָך דורכגעפֿירט דעם גירוש־ייִדן.

אין 1923 האָבן דאָ געוווינט 441 ייִדן, פֿאַרן חורבן — אַרום 400. זיי האָבן זיך פֿאַרנומען מיט קליינהאַנדל, קרעמערײַ, מלאכה און ערדאַרבעט.

אין אַ רשימה פֿון מנדבֿים פֿאַר הונגער־לײַדנדיקע ייִדן אין ליטע אין 1872 זײַנען דאָ מערערע וואַבאָלניקער. די קלײַבערס: צבֿי ראָם, אַבֿרהם ביילעס.

אין אַ ליסטע בײַשטײַערערס פֿאַר בניין ארץ־ישׂראל אין 1900 געפֿינען זיך אַ סך נעמען פֿון וואַבאָלניקער, פֿון 1914 — 20 מנדבֿים. קלײַבער: ישׂכר יפֿה.

אויף אַן אַלטן בית־עולם אין ירושלים זײַנען דאָ מצבֿות פֿון די ווײַטערדיקע וואַבאָלניקער:

עטא הינדא בת ר׳ שמשון הכּהן, תּרכ״ד.
דוד בר׳ ישׂראל הלוי, תּרל״ב.
אליעזר שאול בר׳ פּסח, תּרמ״א.
אליהו בר׳ דוד לעווין, תּרמ״ח.
שמשון בר׳ יהודא ליב הכּהן, תּרמ״ט

**רבנים.** — ר׳ משה חריף,

געבאָרן 1781, ניפֿטר 1874; ר׳ אברהם־שלמה, רבֿ אין פּאָסוואָל, פּומפּיאַן, וואַבאָלניק, אַניקשט, ווו ניפֿטר געוואָרן.

ר׳ דוד־יחזקאל בר׳ יקותיאל, פֿריִער אב״ד זאַגער, שפּעטער אב״ד מיטאַווע (לעטלאַנד). ער האָט געהאַט אַן אויסערגעוויינלעכן הדרת־פּנים. די קעניגין עליזאַבעט, פֿרוי פֿון אַלעקסאַנדער דעם ערשטן, איז נתפּעל געוואָרן פֿון זײַן מַראה־פּנים בעת איר באַזוך אין מיטאַווע, ווען ער איז געווען צווישן אירע באַגעגענערס בײַ איר דורכפֿאָר. די קייזערין האָט אַרויס־געשטעקט איר קאָפּ פֿון קאַרעטע און געזאָגט: „מײַן הער ראַבינער, זעגנען זי מיך.״ ר׳ דוד־יחזקאל האָט אַרויפֿגעלייגט זײַנע הענט אויף איר קאָפּ און זי גע־בענטשט, דאָס איז געשען דעם 14טן יולי, 1810. אין **גדולת מרדכי** פֿון מרדכי ראַבינער (סימן י״ז) איז דאָ אַ שאלה צו אים. ר׳ דוד־יחזקאל איז ניפֿטר געוואָרן 1823 אין מיטאַווע. זײַן זון ר׳ אליה יאַקאָבסאָן איז געווען רבֿ אין ווינדוי און מיטאַווע. ניפֿטר 1854.

ר׳ גרשון; ר׳ יצחק וואַבאָל־ניקער; ר׳ פּנחס בר׳ יהודה־לייב לינטאָפּ, געבאָרן 1852 אין דווינסק. פֿון 1876, שפּעטער רב ומו״צ פֿון די חסידים אין בירזש (פֿון 1888). מחבר פֿון עטלעכע ספֿרים. אויף **דבֿרי חיים** פֿון חיים־אורי הכּהן (ווילנא, תּרמ״ט) איז דאָ אַ הסכּמה פֿון „דוד בנציון בר׳ אליהו מוואַבאָלניק״. ניפֿטר געוואָרן 1914.

ר׳ שלום־אלחנן בר׳ שמעון יפֿה, געבאָרן דאָ 1858. פֿון 1879 רבֿ אין אופּינע, 1886 — זיימל. פֿון 1889 עטלעכע יאָר רבֿ דאָ, שפּעטער רבֿ אין ס״ט לויִס און בית־מדרש הגדול פֿון ניו־יאָרק, ווו ניפֿטר געוואָרן אין 1924. בעל **פּרי אֶשל** (1877) **תּפֿלת שלמה** (1888), **שואל כּענין** (1895), **שׂיח שלמה** (1896).

ר׳ יהודה־לייב בר׳ אַבֿרהם פּאַרער, געבאָרן 1879. פֿון 1907; ר׳ זלמן ראַכלין, פֿון 1934.

אַרום 1870־1880 איז דאָ געווען מו״צ ומ״מ ר׳ דובער בר׳ עזריאל טויבער, פֿריִער אין פּשעראָסלע (סוּוואַלקער גובערניע), דערנאָך מו״צ אין מיטאַווע, טאַווריק, פֿון 1896 אין ירושלים. חיבורים: **דובב שׂפֿתי ישנים** (ירושלים, תּר״ס), **שלחן המגדים** (דאָרטן), **שלחן המורים** [געדרוקט?].

**אָפּשטאַמיקע.** — איינער אַ „הרבֿ שמעון מאַבאָלניק״ האָט צונויפֿ־געקליבן 60 תּשובֿות פֿון הגאון ר׳ אַבֿרהם־אַבלי פּאָסוואָלער און הגאון ר׳ אַהרן־דוד שקלאָווער און צוגעגרייט דעם ספֿר **באר אַבֿרהם** [געבליבן אין כּתבֿ־יד]. מיר זײַנען משער, אַז ער איז דער פֿאָטער פֿון ר׳ שלום־אלחנן יפֿה, אב״ד וואַבאָלניק.

אויף **דבֿרי חיים** פֿון חיים־אורי הכּהן (ווילנא, תּרמ״ט) איז דא אַ הסכּמה פֿון „דוד בנציון בר׳ אליהו מוואַבאָלניק״. האָט אויך אַ הסכּמה אויף **אֹהל אַבֿרהם** פֿון א.ל. גאָרדאָן (נ״י, תּרע״ט), ווו דער מחבר

זאָגט, אַז ר' דוד איז געווען רבֿ אין וואַבאָלניק. דער מחבר פֿון **אהל אַבֿרהם**, אַבֿרהם־לייב בר' צבֿי הלוי גאָרדאָן, איז אַליין אַ וואַבאָלניקער. קען מען אפֿשר אַקצעפּטירן זײַנע רייד וועגן ר' דוד־בן־ציונס רבנות אין וואַבאָלניק, אַרום צוויי צענדליק פֿון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט.

פּנחס שוקיאַן, דאָ געבאָרן 1856. וויכטיקע ציוניסטישע פּערזענלעכקייט אין ווילנע. געשריבן מאמרים אין **המליץ**. געשטאָרבן 1926.

ר' דובֿ־בער אַבראַמאָוויץ, געבאָרן דאָ 1860. רבֿ אין פֿילאַדעלפֿיע, ניו־יאָרק, ס"ט לויִס (1905־1920). פֿון די „מזרחי"־פֿירערס אין אַמעריקע. ניפֿטר געוואָרן 1921 אין ירושלים; ר' אָשר־לייב באַראָן, 1912 רבֿ אין באָסטאָן.

**שרײַבערס.** — שמואל־יעקבֿ יאַצקאַן, געבאָרן 1874. געשריבן אַ סך מאמרים אין **המליץ** און אויך מיטגעהאָלפֿן אין רעדאַקציע. ווען ער איז אַריבער קיין וואַרשע איז ער געווען נ. סאָקאָלאָווס אַ געהילף אין **הצפֿירה**. 1908 האָט ער געגרינדעט די וואַרשעווער טאָגצײַטונג **הײַנט**, וואָס איז גיך געוואָרן אַ גרויסע און פֿאַרשפּרייטע ייִדישע מאַסן־צײַטונג, מיט באַרימטע מיטאַרבעטערס. אין וואַרשע אַרויסגעגעבן און רעדאַקטירט נאָך שריפֿטן. פֿון מיטן די 1910ער געלעבט אין פּאַריז, ווּ אַרויסגעגעבן די טאָגצײַטונג **פּאַריזער הײַנט**. אין זײַן **פֿאַמיליען־ביבליאָטעק** און **הויז־ביבליאָטעק** זײַנען אַרויסגעגעבן געוואָרן בײַ הונדערט פּאָפּולער־וויסנשאַפֿטלעכע און היסטאָרישע בראָשורן. ביכער: **ספֿר חנוך לנער** (ווילנא, תּרנ"ד), **פּניני היהדות** (ווילנא, תּרנ"ה), **רבנו אליהו מווילנא** (וואַרשא, תּר"ס), **מכתּבֿים גלויים על הנעשׂה בחיים ובספֿרות** (וואַרשא, תּרס"ד). געשטאָרבן 1936 אין פּאַריז.

בנימין קרעמער, געבאָרן, 1887. פֿון 1907 אין וואַרשע. געשריבן דערציילונגען און אַרטיקלען אין אַ סך ייִדישע צײַטונגען און זשורנאַלן, צווישן זיי: **הײַנט**, **פֿאָלקס־שטימע**, **ליטעראַרישע בלעטער**, ווילנער צײַט, און אַנדערע. מחבר פֿון **חזיון ודמיון** (וואַרשא, 1923). אומגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ, הי"ד.

שׂרה־לאה ראָזענטאַל האָט געשיקט קאָרעספּאָנדענציעס צום **המליץ**.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המגיד, 1872: 17; המליץ, 1881: 14; הצפֿירה, 1883: 35; יודישעס פֿאָלקס־בלאַט, פּעטערבורג, 1883, ז' 168; המליץ, 1900: 24; חשבון הנדבֿות, 1914, ע' 47; ספֿר היובֿל של אגודת הרבנים האורטודוכּסים בארצות־הברית וקנדה. נ"י תּרפּ"ח, ע' קל"ח; אידישע שטימע, 1934; י. אפּל, בתוך ראשית התּחיה. תּ"א, תּרצ"ו; קריה נאמנה, ע' 288; עיר ווילנא, ע' 4.

אהלי שם, 23, 49, 160; אנציקלופּדיה של הציונות הדתית א'. ע' 21; חלקת מחוקק, מחברת ב', ג'; חובֿרת ה', ז'; ג. קרסל, 2; תּולדות ישיבֿת היהודים בקורלאַנד, ע' 115; יזכּור־בוך סוּואוואַלק, ז' 189; „ליטע", I, ז' 108; לעקסיקאָן, 4, 8; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 2528; יהדוקק, מחברת, ב', ג'; חוב' ה', ז'; תּולדות ישיבֿת היהודים בקורלאַנד, ע' 115; יזכּור־בוך סוּואוואַלק, ז' 189; „ליטע", I, ז' 108; לעקסיקאָן, 4, 8; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 2528; יהדות ליטא, ג'.

Jewish Encyclopedia, Vii, p. 63; Black Book.

## וואַרזשאַן VEVIRŽENAI

קרעטינגער קרײַז. זיך גערופֿן אויך ווערזשאַן, וועווערזשאַן, וואַרזשעלאַן.

ייִדן זײַנען דאָ געווען שוין אָנהייב דריטן פֿערטל פֿון זיבעצנטן יאָר־הונדערט. אין אַ ליסטע פֿון 1662 ווערן אָנגעגעבן 4 ייִדישע מענער און 5 ייִדישע פֿרויען.

אין 1839 זײַנען דאָ געווען 5 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים, אין 1865 און 1898 — 10.

פֿון 1855 זײַנען דאָ צוויי מצבֿות אויף אַ ירושלימער בית־עולם:

הרב המפֿורסם יחזקאל פּרוש

בהרב ר׳ שמואל מווערזאַן.

ישעיה בהרב הגדול יחזקאל מוירזאַן.

אויף אַ רשימה פֿון מנדבֿים צו העלפֿן קויפֿן ערד אין ארץ־ישׂראל אין 1914 געפֿינען זיך 20 וואַרזשאַנער. מורשה: דוד פֿאַלקאָווסקי.

אין 1923 האָבן דאָ געוווינט 259 ייִדן, פֿאַרן חורבן — בײַ 200.[1] ייִדן האָבן זיך באַשעפֿטיקט מיט קרעמערײַ, מלאכה און ערדאַרבעט.

וואַרזשאַן איז איינע פֿון די 19 קהילות אין ליטע, וואָס האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו ענטפֿערן אויפֿן „אוקאַז״ פֿון דער רוסישער רעגירונג פֿון 12טן מײַ, 1843, צו פֿאַרלאָזן זייערע וווינערטער, וואָס זײַנען נאָענטער פֿון 50 וויאָרסט פֿון די מערבֿדיקע גרענעצן. די רעגירונג האָט באַשטימט 8 גובערניעס אין טיף־רוסלאַנד, ווו זיך צו באַזעצן.

**רבנים.** — ר׳ דובער יפֿה; ר׳ אַבֿרהם־אַבא בר׳ בן־ציון, געבאָרן אין זעזמער. שפּעטער רבֿ אין טירקשלע, לידעוויאַן. האָט אַ תּשובֿה אין **דבֿרי משה**, ד״ט אפֿרתי (ווילנא, תּרל״ח, ע׳ מ״ה).

ר׳ אַבֿרהם שניצער, געבאָרן 1847 אין ראַסיין. 14 יאָר רבֿ אין ראָזאַליע, דערנאָך 24 יאָר דאָ רבֿ. ניט געוואָלט אָננעמען אַן אָנגעבאָטענע רבנות אין אַמע־ריקע. ניפֿטר געוואָרן 1911. זײַנע זין: ר׳ משה שניצער, ש״ץ ושו״ב אין לויקעווע און ר׳ דובער שניצער, שו״ב אין שאַדעווע. זײַן ברודער ר׳ משהל פּערעס (ר׳ משהל חריף), ר״מ אין וועקשנע, ניפֿטר 1873 צו 45 יאָר. ר׳ אַבֿרהם איז דער אָנקל פֿון ר׳ יוסף לייב בלאָך, אבֿ״ד טעלז.

ר׳ יהושע־העשיל יפֿה, דאָ גע־באָרן אין 1846. 5 יאָר דאָ רבֿ, פֿון 1891 רבֿ אין ניו־יאָרק, ווו ער איז ניפֿטר געוואָרן אין 1898. זײַן פֿאָטער ר׳ דובער איז דאָ געווען רבֿ פֿאַר אים.

ר׳ יוסף־אַבֿיגדור קעסלער, גע־באָרן 1885 אין קעלם. נאָך וואַרזשאַן (אַ קורצע צײַט) פֿאַרנומען דעם כּסא־הרבנות פֿון זײַן שווער, ר׳ זאבֿ טורבאָוויץ, אין קראָזש. פֿון 1923 אין ניו־יאָרק, ווו ניפֿטר געוואָרן אין 1956. בעל **תּפֿארת יוסף**. (נ״י, תּש״ג).

---

1) יהדות ליטא, ד׳, בטעות: 200 **משפחות**.

ר׳ שמואל בר׳ יצחק פֿאַנדילער, געבאָרן 1875. פֿון 1912 דאָ רבֿ צוויי יאָר, נאָך דעם עטלעכע יאָר אין זײַן געבוירנ־שטאָט ברעזין, (ווײַסרוסלאַנד), 1921 ווידער רבֿ דאָ, 1922־1927 אין ריטעווע. עטלעכע יאָר אין ארץ־ישׂראל, אָבער 1929 זיך אומגעקערט קיין ליטע צו ריטעווער רבנות. אומגעקומען 1941 אין ריטעווע, הי״ד.

ר׳ נחום־ברוך גינצבורג, געבאָרן 1882 אין פּאָנעווע. פֿאַר וואַרזשאַן רבֿ אין אופּינע, דערנאָך רבֿ אין קיבאַרט, יאַנעווע. בעל **מקור ברוך**. (קיידאַן, תּרפּ״ה־תּרצ״א). 1941 אומגעקומען אין יאַנעווע, הי״ד.

לעצטער רבֿ ר׳ יוסף־נתנאל גראַז, זינט 1922. פֿריִער רבֿ אין אוזווענט. שטאַמט פֿון שאַט. 1941 אומגעקומען אין וואַרזשאַן, הי״ד. האָט חידושי־תּורה אין **כּנסת ישׂראל** (תּרצ״ח).

ר׳ בנימין אַראָנאָוויץ, דאָ גע־באָרן 1865, ראש־ישיבֿה אין ישיבֿה־אוני־ווערסיטעט אין ניו־יאָרק.

אַן אָפּשטאַמיקע איז אויך רחל לוריע, געבאָרן 1886. פֿון 1898 אין אַמע־ריקע. געדרוקט דערציילונגען אין די ניו־יאָרקער ייִדישע צײַטונגען. אויטאָרין פֿון **מאָדנע מענטשן** (ניו־יאָרק, 1918), **זיבן ווײַבער און איינער** (נ״י, 1925). געשטאָר־בן 1929 אין ניו־יאָרק.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — חשבון הנדבֿות, 1914; א.א. פֿריד־מן, ספֿר הזכרונות. ת״א, תּרפּ״ו, ע׳ 40; אהרן שורין, תּולדותיו של הרב ר׳ שמואל פֿאנדילער מריטובה (נ״י, תּשי״ז); תּולדות אנשי שם (אפֿרתי), ע׳ 59; דורות האחרונים, ב׳, ע׳ 343; לקורות עיר ראַסיין, ע׳ כ״ט; תּולדות חכמי ירושלים, ע׳ 246; „ליטע״, I, ז׳ 1369; יהדות ליטא, ג׳; ספֿר הפּרענומעראַנטן, נומ׳ 2659; י.ד. קמזונס יהדות ליטא; חלקת מחוקק, מחברת ג׳, ה׳; תּולדות אנשי שם (ראַנד), ע׳ 118:

Jewish Encyclopedia, Vii, p. 62, 63; Biuletyn Żydowskiego Instytutu Historycznego W Polsce. Warszawa, 1987, no. 141, p. 32; Black book.

# וואָרנע

# VARNIAI

טעלזער קרײַז. אַן אַלט אָרט. וויטאָווט דער גרויסער האָט דאָ באַשטימט דאָס זיצאָרט פֿון בישאָף אין זאַמעט. דעמאָלט און הונדערטער יאָרן שפּעטער איז דער נאָמען פֿון אָרט געווען Medi-ninkai און אויך Varinai. באמת זײַנען דאָס צוויי נעמען פֿון ערטער פֿוןביידע זײַטן טײַכל פֿון וואָרנע.

אין 1874 איז דאָ פֿאָרגעקומען אַ בלוט־בילבול. אַ קריסטלעך ייִנגל איז פֿאַרפֿאַלן געוואָרן, זײַנען דער גלח און אַ כאַפּטע פּויערים אַרויס אין די גאַסן מיט שטאַנגען און מעסערס און געשלאָגן ייִדן מכּות־רצח. איינער פֿון די פֿאַרוווּנדעטע ייִדן אין שפּיטאָל האָט זיך דערוווּסט, אַז דאָס ייִנגל לעבט, איז ער אַרויסגעלאָפֿן,

נאָכגעיאָגט אים און געפֿונען. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער גלח האָט אים געגעבן געלט צו אַנטלויפֿן.

אין אַ צווייטן מקור איז דאָ אַן אַנדער ווערסיע פֿון זעלביקן פֿאַל. דער היזקנעכט פֿון אָרטיקן גלח איז פֿאַרשווונדן געוואָרן. דער גלח האָט דערציילט זײַנע פּויערים, אַז זײַן קנעכט איז אים געקומען צו חלום און „דערציילט", אַז יידן האָבן אים געקוילעט און אָפּגעשיקט דאָס בלוט קיין ירושלים. דער סוף איז ווי אין דער ערשטער ווערסיע.

דער יידישער יישובֿ האָט זיך דאָ אָנגעהויבן אַרום סוף 18טן יאָרהונדערט. אין 1879 האָבן דאָ געוווינט 1226 יידן, אין 1923 — 823, און 1939 — אַרום 500 (פֿון 2.500 תּושבֿים), אַזוי פֿיל אַן ערך פֿאַרן חורבן. יידן האָבן זיך פֿאַרנומען מיט קרעמערײַ, מלאכה און אַ טייל מיט ערדאַרבעט.

אַרום וואָרנע זײַנען געווען מערערע יידישע יישובֿניקעס: מאָטל שייפֿער, 3 וויאָרסט פֿון וואָרנע, געהאַט אַ וואַסערמיל. קינדער אין שיקאַגאָ; דוד קאַרקלאַנער, 1 וויאָרסט פֿון וואָרנע; הירש קרענגעל, אַ 10 וויאָרסט פֿון וואָרנע; וועלווע שנײַדער; משה דער יאַנעפּאָלער, אַרום 9 וויאָרסט פֿון וואָרנע; שלמה קאַץ דער ווידמאַנטער.[1]

*

חובֿבֿי־ציון זײַנען דאָ געווען שטאַרק אַקטיוו. אויף דעם זאָגן עדות מערערע רשימות פֿון וואָרנער מנדבֿים פֿאַרן אויפֿבוי פֿון ארץ־ישראל אין **המליץ** 1898, 1899, 1900, 1903. מורשים אין די פֿאַרשיידענע יאָרן זײַנען געווען חיים גוטמאַן, זאַלקינד ליכט (1898), מרדכי־צבֿי לעווין (1899), זאַלקינד ליכט (1899), חיים לעשעם (1903). אין 1898 זײַנען דאָ געווען 100 רעגיסטרירטע חובֿבֿי־ציון, אַ דאַנק דעם עסקן און גבֿיר ר' שלמה כּץ.

אויף אַן אַלטן בית־עולם אין ירושלים געפֿינען זיך די מצבֿות פֿון

הרב ר' שמחה בר' אלי' מווארנא, תּרכ"ה.

רבקה לאה בר' יחזקאל פּנחס מוורנא, תּרכ"ז.

פעשע בר' יהודה, תּרכ"ט.

דושא אשת פייוול מוורנא, תּרכ"ט.

יחזקאל פּנחס בר' מרדכי מוורנא, תּרל"א.

**רבנים.** — ר' משה יפֿה, פֿריִער רבֿ אין שוועקשנע, שפּעטער אין וואָרנע, ווו ניפֿטר געוואָרן 1796.

ר' שמואל־שמעלקע איטינגא; ר' בנימין ווערבער [פֿאַרבער], פֿריִער רבֿ אין ווײַנוטע, ניפֿטר חשוון תּרס"ב.

ר' אַהרן־שואל בהרבֿ ר' עזריאל; זײַן איידעם ר' נתן; ר' ישראל־יהושע בר' שמואל־אַריה סגל מלמד,[2] געבאָרן 1864, רבֿ אין קאָוואַרסק, וואָרנע (פֿון 1898), טרישיק.

ר' יוסף־לייב בלאָך, געבאָרן

---

1) וועגן די יישובֿניקעס לויטן וואָרנער יעקבֿ שייפֿער, לאָס אַנדזשעלעס.

2) לויט „אהלי שם", איז ער דער זעלביקער ווי ר' יהושע־העשל מלמד.

1849. פֿון 1902 ביז 1904, דערנאָך אין שאַדעווע און פֿון 1911 אב״ד ור״מ אין טעלז, ווו ניפֿטר געוואָרן אין 1930 [פּרטים — טעלז].

ר׳ שלום־יצחק בר׳ דוד בן־ציון לעוויטאַן, געבאָרן 1878 אין אייראַגאָלע. פֿון 1908 ביז 1909, דערנאָך רבֿ אין מײַסיאַד, אָסלאָ [נאָרוועגיע, אין ערשטן וועלטקריג), שוועקשנע, ווו אומגעקומען 1941, הי״ד. חיבורים: **ילקוט הדרוש** (וואַרשע, תר״פ־תרפ״ז, מיט א.ל. ווײַס־בלום), **דבֿרי שלום** (בודאַפּעשט, תרפ״ד), **סוכּת שלום יצחק** (פּיעטרקובֿ, תרפ״ז), **מנחת ש״י** (קיידאַן, תרצ״ח).

ר׳ לווי שפּיץ, געבאָרן 1887 אין קול. רבֿ אין פּלונגיאַן, וואָרנע, טאַווריק, ווו פֿאַרברענט געוואָרן תּמוז תש״א, הי״ד.

ר׳ יעקבֿ בר׳ זבולון אַבראַ־מאָוויטש, געבאָרן 1880. פֿריִער רבֿ אין סרעדניק, 1925־1937 אין וואָרנע, ווו ניפֿטר געוואָרן.

לעצטער רבֿ ר׳ אַבא שור, איידעם פֿון הרבֿ אַבראַמאָוויטש. געבאָרן 1909 אין דוסיאַט. אומגעקומען 1941, הי״ד.

אין 1875 האָט דער שטעטלשער ר׳ נחום־ליפּא־חנניה געגרינדעט דאָ אַ ישיבֿה, וואָס האָט עקסיסטירט ביז זײַן פּטירה אין 1910. ער האָט געזאָגט אַ שיעור אין ישיבֿה.

צווישן 1839 און 1934 זײַנען געווען 21 וואָרנער פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

**אָפּשטאַמיקע.** — אַבֿרהם (אַרלאָף) בער, באַרימטער חזן אין אַ פּאַריזער סינאַגאָגע, געבאָרן 1840 אין אַ דערפֿל לעבן וואָרנע. ביז 22 יאָר געלערנט ש״ס ופּוסקים. דורך אַ צופֿאַל האָט אַ מבֿין געהערט זײַן שטים אין לערנען, אים געהאָלפֿן צו לערנען מוזיק און איז גיך געוואָרן אַ באַקאַנטער חזן. געשטאָרבן 1913 אין פּאַריז.

ר׳ אליעזר דער וואָרנער איז דער פֿאָטער פֿון ר׳ קלמן מגיד, געבאָרן דאָ אין 1874 (לויט אַן אַנדער מקור — קאָוונע). פֿון 1902 קאַזיאָנער ראַבינער אין אַרמיאַנסק. נאָכן ערשטן וועלטקריג רבֿ אין קראָזש און וועקשנע, הי״ד.

ר׳ יהודה־לייב לאַזאַראָוו, דאָ געבאָרן 1875. באַקאַנטער דרשן אין ליטע. פֿון 1900 אין אַמעריקע. מחַבר פֿון דרוש־ספֿרים: **קהילת יהודה** (שיקאַגא, תרס״ב), **דבֿרי יהודה** (נ״י, תר״ע), **קול יהודה** (נ״י, תרע״א), **דגל יהודה** (נ״י, תרע״ד), **מטה יהודה** (נ״י, תרפ״א). ניפֿטר 1939 אין נ״י.

ר׳ משה־דובֿ מגיד, דאָ געבאָרן אין 1901. פֿון 1934 אין ארץ־ישׂראל. מיטגליד פֿון מרכּז „מזרחי״ אין לאַנד און פֿון שטאָטראַט אין תּל־אָביב.

**שרײַבערס.** — באָריס־זלמן־דוב שאַץ, געבאָרן 1866. סקולפּטאָר, מאָלער, שרײַבער. תּלמיד פֿון באַרימטן אַנטאָקאָלסקי. פֿון 1906 אין ארץ־ישׂראל, אויפֿגעשטעלט אין ירושלים די קונסטשול „בצלאל״, וואָס איז אַ ווינקלשטיין פֿון קונסט אין א״י. מערערע בילדער זײַנע געפֿינען זיך אין העברעיִשע שולביכער: מתּתיהו, ירמיהו הנבֿיא און אַנדערע

ביכער: **אחד מרבים** (תּרס״ז), **בצלאל — תּולדותיו, מהותו ועתידו** (תּר״ע), די אוטאָפּיע **ירושלים הבנויה** (תּרפּ״ד), **על אמנות, אמנים ומבקריהם** (תּרפּ״ד) — אַלע ירושלים. געשטאָרבן אין דענווער, קאָלאָראַדאָ, אין 1932.

בער קאַנטאָר, געבאָרן 1880. פֿון 1900 אין אַמעריקע, שפּעטער געלעבט אין ניו־ראַשעל. געשריבן סקיצן פֿון ייִדישן אַרבעטער־לעבן אין די לינקערע ייִדיש־אַמעריקאַנער צײַטונגען. אויטאָר פֿון לידערבוך **דער סוף צו מלחמות** (ניו־ראַשעל).

זלמן־פּנחס נאַטהאַנס, געבאָרן 1893. יונג געקומען קיין אַמעריקע. גע־ענדיקט דעם „ניו־יאָרק יוניווערסיטי״. לערער פֿון מאַטעמאַטיק און פֿיזיק אין ניו־יאָרקער מיטלשולן. אויטאָר פֿון **נאַטהאַנס פּאָפּולער ערקלעהרונג פֿון איינשטיינס רעלאַטיוויטעט־טעאָריע** (נ״י, 1931). האָט אַרויסגעגעבן לערנביכער אין ענגליש, אין די 1930ער געלעבט אין ניו־ראַשעל.

יעקב־דוד קאַמזאָן, געבאָרן 1900. פֿון 1926 אין ירושלים. געשריבן לידער אין ייִדיש, אָבער ס׳רובֿ אין העברעי־שע צײַטשריפֿטן. דער הויפּטמאָטיוו פֿון זײַנע לידער איז ירושלים און זײַן הויפּטבוך רופֿט זיך **ירושלים** (תּש״י). האָט אויך אַרויסגעגעבן לידערביכלעך פֿאַר קינדער. **שבת שלום, חתונה ביער, ילד קטן הלך לגן** און אַנדערע. אין ייִדיש: **פֿון ספֿר רזיאל המלאך** (ירושלים, תּרפּ״ו). אין 1959 אַרויסגעגעבן **יהדות ליטא**, אַ בוך אַלבאָם מיט בילדער פֿון אַ סך יידישע שטעטלעך אין ליטע, געשטאָרבן 1980 אין תּל־אָבֿיבֿ.

**קאָרעספּאָנדענטן:** מ. גאָרדאָן (הצפֿירה), ישעיה ריצפּע (המליץ).

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המגיד, 1874: 36; הצפֿירה, 1898: 175; המליץ, 1898: 132, 153; 1899: 54, 1900: 108, 1903: 45; ברוך שץ, חייו ויצירותיו, א׳, ירושלים, תּרפּ״ח; א. זאַלודקאָווסקי, קולטור־טרעגער פֿון אידישער ליטורגיע, דעטראָיט, 1930. ז׳ 138.

אידישע שטימע, 1937: 5718; ילקוט החבֿרה קדישא, ת״א־יפֿו והמחוז. ת״א, תּשט״ו, ע׳ י״ג; י.ד. קַמזונס יהדות ליטא; לקורות עיר ראַסיין, ע׳ כ״ג; תּולדות ישיבֿת היהודים בקורלאַנד, ע׳ 78; תּולדות חכמי ירושלים, ג׳, 82; לעקסיקאָן, 5, 8.

אהלי שם, ע׳ 53, 113, 350; ג. קרסל, 2; דורות האחרונים, ב׳, 123; יהדות ליטא, ג׳; חלקת מחוקק, חוב׳ ה׳, ז׳; מחברת ג׳; ספֿר הפרענומעראַנטן, 2674;

Allgemeine Zeitung des Judentums. Berlin, 1874, p. 676; J. Ehret, Litauen. 1900, p. 95; A. Janulaitis, Ŭznemunė po Prūsais. Kaunas, 1928, p. 592; Black Book.

## וואַשקי VAŠKIAI

בירזשער קרײַז. אַ מאָל האָט דאָס שטעטל געהייסן קאָנסטאַנטינאָווואַ.

פֿאַרן ערשטן וועלטקריג האָבן דאָ געוווינט אַרום 500 ייִדן, אין 1923 — 267, פֿאַרן חורבן — אַרום 200. אין 1915 האָט וואַשקי דורכגעמאַכט דעם גירוש־ליטע, ניט אַלע האָבן זיך אומקערט נאָכן קריג. ייִדישע פּרנסות: קרעמערײַ, מלאכה, פֿלאַקסהאַנדל.

1905 זײַנען רעוואָלוציאָנערן אָדער סתּם רויבערס באַפֿאַלן די „מאָנאָ־פּאָלקע״ (מלוכהשע בראַנפֿן־ברויערײַ), געראַבירט און געשאָסן אויף די אָנגע־שטעלטע. ייִדן זײַנען אַרויסגעלאָפֿן העלפֿן און פֿאַרטריבן די אָנפֿאַלערס. אין אַ פּאָר טעג אַרום זײַנען געקומען 200 דראַגונער, געהייסן אַלע ייִדן אַרויסצוגיין אויפֿן מאַרק, אויסגעשטעלט 2 האַרמאַטן און ביקסן און געגעבן אַן אולטימאַטום: אָדער באַצאָלן 200 רובל פֿאַרן שאָדן אָדער טויט.

אין אַ רשימה פֿון וואַשקיִער בײַשטײַערערס אין 1914 פֿאַר בניין ארץ־ישׂראל ווערן אָנגעגעבן די קלײַבערס: שרגא יאַצקאָן, משה דאָרפֿאַן.

פֿון אירע רבנים זײַנען באַקאַנט: ר׳ יהודה־לײ־ חריף; ר׳ אַבֿרהם האָפֿענבערג, געבאָרן 1853. פֿון 1883 ביז זײַן פּטירה אין 1929 דאָ געווען רבֿ. מחבר פֿון **קול ברמה**. פֿאַרעפֿנטלעכט חידושי־תּורה אין **כּנסת חכמי ישׂראל** פֿון א.י. אַבעלסאָן. אין **המליץ** איז געווען אַ בריוו פֿון „הרבֿ דוואַסקי״ וועגן ניט עמיגרירן קיין אַרגענטינע, ווײַל אין די דאָרטיקע ייִדישע קאָלאָניעס היט מען ניט אָפּ קיין ייִדישקייט. לויט דער צײַט פֿון בריוו, איז עס הרבֿ האָפֿענבערגס.

זײַן איידעם ר׳ אליעזר לעווין, געבאָרן 1898. פֿריִער ר״מ אין קעלמער „אור תּורה״, 1929־1935 דאָ רבֿ און שפּעטער אין דעטראָיט; ר׳ צבֿי־יעקבֿ יאַנ־קילעוו, לעצטער רבֿ, הי״ד.

צבֿיון (ד״ר ב. האָפֿמאַן), באַוווסטער ייִדישער פּובליציסט, פֿון די הויפּט־מיטאַרבעטערס פֿון **פֿאָרווערטס**, האָט דאָ פֿאַרבראַכט זײַנע קינדער־יאָרן.

פּנחס האָפֿענבערג האָט קאָרעספּאָנדירט אין **המליץ**.

אין 1911 איז דאָ געווען איין פּרענומעראַנט אויף **אמרי יעקבֿ**, יעקבֿ פּראַלגעווער (בילגורייא, תּרע״א).

ביבליאָגראַפֿיע. — ארז, ארבעה מאמרים, פּעטערבורג, 1893. ע׳ 17; הזמן, ווילנא, 1906: 7, 16; חשבון הנדבֿות, 1914; אהלי שם, ע׳ 345; יהדות ליטא, ג׳. תּולדות אנשי שם (ראַנד), ע׳ 78. Black Book.

## ווידוקלע VIDUKLĖ

ראַסיינער קרײַז. פֿון די עלטערע ייִדישע קהילות. מיטן 17טן יאָרהונדערט איז דאָ שוין געווען אַ קליינער ייִדישער יישובֿ. אין 1662 האָבן דאָ געלעבט 2 ייִדישע פֿאַמיליעס, אין 1847 — 2281 ייִדן — פֿון די געציילטע ייִדישע שטעט אין ליטע אין יענער צײַט, וואָס האָבן געהאַט אַזאַ צאָל ייִדן. אין 1897 איז זייער צאָל שוין געווען כּמעט פֿאַרטאָפּלט — 4380. דאָס איז געשען אַ דאַנק דעם גינסטיקן געאָגראַפֿישן מצבֿ פֿון שטעטל מיט אַ שאָסיי און באַנסטאַנציע דערבײַ, וואָס האָט געהאָלפֿן דער ייִדישער עקאָנאָמיק.

אין די שפּעטערדיקע יאָרן איז די עקאָנאָמישע לאַגע פֿון שטעטל אין גאַנצן

פֿאַרערגערט געוואָרן און צוזאַמען דערמיט איז געוואַלדיק פֿאַרקלענערט געוואָרן די צאָל ייִדישע תּושבים — אין 1923 האָבן געלעבט אין ווידוקלע סך־הכּל 221 יידן און אַן ערך אַזוי פֿיל פֿאַרן חורבן.

דאָס ייִדישע ווידוקלע האָט אַרום מיטן נײַנצנטן יאָרהונדערט געליטן פֿון אַ מאָדנעם אָנשיקעניש: 4 זין פֿון אַ געוועזענעם שוחט מיט אַנדערע חברה־לײַט פֿלעגן טעראָריזירן פּוילישע פּריצים אין דער געגנט. זיי פֿלעגן מיט כּוח צונעמען אַ סך עסנוואַרג, קומען דערנאָך קיין ווידוקלע און אַנדערע אַרומיקע שטעטלעך און געהייסן די ייִדן נעמען „צדקה". די ייִדן האָבן ניט געוווּסט, אַז דאָס איז גערויבט גוטס פֿון פּריצים. זיי האָבן געמיינט, אַז דער אָנפֿירער, „ליפּקע גנבֿ", איז אַ רײַכער ייִד, וואָס טיילט צדקה.

ייִדן האָבן זיך פֿאַרנומען מיט האַנדל, קרעמערײַ, מלאכה און לאַנדווירטשאַפֿט, מערסטנס אַרענדירטע ערד.

אין 1865 זײַנען דאָ געווען 19 פּרענומעראַנטן אויף אַ רבנישן ספֿר, אין 1913 און 1914 — צוויי פּרענומעראַנטן.

פֿון 1872 איז דאָ אַ רשימה פֿון ווידוקלער מנדבֿים פֿאַר הונגער־לײַדנדיקע ייִדישע שטעטלעך אין ליטע. דער קלײַבער: א.י. שלאָמאָוויץ.

אין 1879 האָט מען אײַנגעוואָרפֿן דעם אַלטן בית־מדרש און אויפֿגעבויט אַ נײַעם פֿאַר 6000 רובל.

פֿון 1914 איז דאָ אַ ליסטע פֿון ווידוקלער בײַשטײַערערס פֿאַרן אויפֿבוי פֿון ארץ־ישׂראל. דער קלײַבער: זאבֿ תּלם.

**רבנים.** — ר' יחזקאל שאַפּירא. זײַן פֿאָטער ר' צמח, גרויסער למדן אין קיידאַן, און זײַן זיידע ר' אַבֿרהם שאַפּיראָ, אב"ד טעלז. דער פֿאָטער האָט געלעבט פֿון 1777 ביז 1838.

ר' יחזקאל ראַבינאָוויץ, פֿון 1879 ביז 1902; זײַן זון ר' משה־אַבֿרהם־שמואל, פֿון 1902. מחבר פֿון **זכרון יחזקאל**; ר' ידידיה גאָרניאַנסקי [גאָר־בינסקי?].

ר' יהושע קאַפּלאַן, געבאָרן 1873. פֿון 1919 רבֿ אין קראָקי, דערנאָך אין סווינישאָק און פֿון 1927 ביז 1941 אין ווידוקלע, ווו אומגעקומען אין 1941, הי"ד. חיבורים: **שערי הקודש** (ווילנא, תּרס"ז), **מעיני יהושע** (ווילנא, תּר"ע), **שערי יהושע** (קיידאַן, תּרצ"ו), **ליקוטי שושנים** (קיידאַן, תּרצ"ז), **שערי הוספֿות** (תּרצ"ט).

ר' חיים־צבֿי, בעל **ברכת חיים**, האָט אַ שײַכות מיט ווידוקלע.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — הצפֿירה, 1879: 40; חשבון הנדבֿות, 1914; לקורות עיר קיידאַן, ע' ט'; אהלי שם, ע' 57; יהדות ליטא, ג'; ספֿר הפּרענומעראַנטן, נומ' 2725; א. דיינאַרד, זכרונות בת עמי, ע' 18; ספֿר זכרון קיידאַן, ע' 187.

Biuletyn Żydowskiego Instytutu Historycznego W Polsce. no. 141, p. 32; Black Book.

## ווידז[1] VIDZIAI

דער ייִדישער ייִשובֿ איז פֿון אַרום סוף אַכצנטן יאָרהונדערט. אַן ערך דעמאָלט איז דאָ שוין געווען אַ רבֿ. לויט אַ באַפֿעל פֿון ערשטן יאַנואַר 1800 איז ווידז געווען איינע פֿון די זיבן ערטער, ווו עס זײַנען אויפֿגעשטעלט געוואָרן שטאָט־פֿאַר־וואַלטונגען — אַ סימן, אַז זי האָט שוין פֿאַרמאָגט אַ געהעריקן שטאָטישן מעמד.

ווידז איז געווען איינע פֿון די ערשטע פֿינף קהילות אין ליטע, ווו חסידות האָט זיך געשאַפֿן אַ פֿעסטע פּאָזיציע. דאָס איז געשען אין דער צײַט, ווען דער ווילנער גאון האָט חסידות אַרײַנגעלייגט אין חרם.

אין 1864 האָבן דאָ געלעבט 725 ייִדן, אָבער אין 1897 איז עס אויפֿגעשטיגן צו 3480 — לויט דער צאָל דעמאָלט, פֿון די גרעסערע קהילות אין ליטע.

אין 1915 זײַנען די מערסטע ייִדן אַנטלאָפֿן פֿון שטעטל. אַ 50 ייִדישע מיש־פּחות, פֿון די אָרעמערע, האָבן זיך באַ־האַלטן אין בית־כּנסת. די קאָזאַקן האָבן זיי דערשנאַפּט, זיך אַרײַנגעריסן אין שול, געשלאָגן די מענער מכּות־רצח און פֿרויען פֿאַרגעוואַלטיקט.

**רבנים.** — ר׳ חיים, אַרום סוף אַכצנטן יאָרהונדערט. מחבר פֿון **גן־יה** (ברעסלאו, תּקצ״א); ר׳ אַריה־לייב רובין, געבאָרן 1850. עטלעכע יאָר נאָך 1910, דערנאָך אב״ד ווילקאָמיר, ווו ניפֿטר געוואָרן אין 1935. פֿון די פֿירערס פֿון „אגודת־ישׂראל״ אין ליטע.

זײַן איידעם ר׳ יוסף־שלמה כּהנימאַן האָט דאָ געגרינדעט אַ ישיבֿה, וואָס האָט גיך געקראָגן אַ גוטן נאָמען און איר צאָל תּלמידים איז אויסגעוואַקסן צו 175. שפּעטער רבֿ אין פּאָנעוועזש און בני־בּרַק.

ר׳ מרדכי פֿײַנשטיין, מו״צ אין לידע, רבֿ דאָ און דערנאָך אין עזשערעני, ווו ניפֿטר געוואָרן אין 1903; ר׳ אליהו גאָרדאָן, געבאָרן 1865, נאָך ווידז רבֿ אין דויגעלישאָק, מיאַדל, קאַמײַ, ניו־יאָרק, ווו ניפֿטר 1913. מחבר פֿון עטלעכע ספֿרים.

ר׳ אָשר־קלמן באַראָן, איידעם פֿון ר׳ אַריה־לייב רובין, דאָ געווען ראש־ישיבֿה.

**אָפּשטאַמיקע.** — ר׳ שלמה־זלמן קוק, דאָ געבאָרן 1844. גבאי פֿון „מושבֿ זקנים הכּללי״ אין ירושלים, ווו ניפֿטר געוואָרן 1929.

ר׳ דוד בהרבֿ יצחק־אײַזיק גינצ־בורג, דאָ געבאָרן 1862. רבֿ אין ראָטשעס־טער, ווילקסבאַר, ווו ניפֿטר געוואָרן 1921. אַ סך יאָרן וויצע־פּרעזידענט פֿון „אגודת־ישׂראל״ אין אַמעריקע.

מאיר קלומל, געבאָרן 1875, שפּעטער ארץ־ישׂראל, פֿון די גרינדערס פֿון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין פּוילן, דעלעגאַט צו מערערע ציוניסטישע קאָנגרעסן. געשטאָרבן 1933 אין תּל־אָבֿיבֿ.

---

1) קאָוונער גובערניע, אָבער אַ צײַט געווען אין ווילנער גובערניע.

ישׂראל אהרוני, געבאָרן 1882. זאַאָלאָג, פֿילאָלאָג. פֿון 1902 אין ארץ־ישׂראל. דאָצענט אין ירושלימער העברעיִשן אוניווערסיטעט וועגן זאָאָלאָגיע אין ארץ־ישׂראל און אין מיטל־מזרח. מחבר פֿון ביכער: **הארבה** (תּר״ף), **תּורת החי** (תּרע״ח), **זכרונות זואולוג עבֿרי** (תּש״ג־תּש״ו), **מגדיר לזוחלים המצויים ביותר בארץ־ישׂראל** (תּש״א), **מגדיר ליונקים** (תּש״ב), **מגדיר לבעלי כנף** (תּש״ב, לעצטע דרײַ מיט זײַן טאָכטער בת־שבע). געשטאָרבן 1946 אין ירושלים.

נתן גרינבלאַט־גוֹרן, געבאָרן 1887. העברעיִש־יִדישער שרײַבער און ליטעראַטור־קריטיקער. אין ליטע געווען פֿון די בולטסטע געשטאַלטן אין דער יִדישער און העברעיִשער ליטעראַטור און פּרעסע. פֿון 1935 אין ארץ־ישׂראל. געדרוקט ליטעראַריש־קריטישע אַרטיקלען אין אַ סך יִדישע צייטונגען און צײַט־שריפֿטן, ווי אויך אין העברעיִשע פּעריאָדישע אויסגאַבעס, צווישן זיי **השלוח, התּקופֿה, הזמן, העולם**. פֿון זײַנע ביכער: **במדרון** (קובנה, תּרפּ״ט), **בערובֿ חייה** (קובנה, 1935), **בתיה חן** (תּ״א, תּרצ״ט), **מבֿקרים בספֿרותנו** (תש״ד), **פּרקי ביאליק** (תּש״ט). געשטאָרבן 1955 אין תּ״א.

ברוך געלמאַן, געבאָרן 1910. געשריבן לידער אין דער יִדישער פּרעסע פֿון ווילנע און וואַרשע. אומגעקומען 1941 בעת אַ פּאָגראָם, נאָך פֿאַרן אַריינקום פון דער נאַצישער אַרמיי.

**ביבליאָגראַפֿיע**. — המליץ, 1903: 145; ספֿר היובֿל של אגודת הרבנים בארצות־הברית וקנדה. נ״י, תּרפּ״ח, ע׳ ק״מ; יהדות ליטא, א׳, ג׳; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 2627. ג. קרסל, 1; לעקסיקאָן, 2.

# ווייזשון VYŽUONIAI

אוטיאַנער קרײַז. דער נאָמען נעמט זיך פֿון פּוילישן ווייזשיאָ — אַ שלאַנג. אַן אַלט אָרט און אַן אַלטע יִדישע קהילה. אין 1406 איז שוין דאָ געווען אַ קלויסטער.

אין 1646 האָבן יִדישע בעלי־מלאכות דאָ באַקומען אַרבעט־דערלויבע־נישן. אין אַ בריוו פֿון 1667 פֿון בריסקער קהילה צו די „קראים במדינות זאַמוט" רעדט זיך וועגן תּיכף באַצאָלן אַ חובֿ צו ר׳ העשל בהר״ר אליקום מוויזון — און דער יִיד איז דאָך ניט אויסגעוואַקסן איינער אליין אין שטעטל.

פֿון 1670 ווערן כּסדר דערמאָנט אין די פּראָטאָקאָלן פֿון ועד ליטא רעגו־לערע שטײַער־אָפּרעכענונגען פֿון די דרײַ ליטווישע גלילים, וואָס איינער פֿון זיי איז דער ווייזשונער גליל — און אויך דאָס ווערט דאָך ניט אין איין טאָג. און נאָך פֿריִער ווערט דערמאָנט דער גליל וויזשון אין די פּראָטאָקאָלן פֿון ועד אַרבע ארצות. פֿון דעם אַלעם קען מען אָננעמען, אַז שוין

אָנהייב 17טן יאָרהונדערט איז דאָ געווען אַן אָנפאַנג פֿון אַ ייִדישן יישובֿ.

אין „פּנקס המדינה" ע' 163, סי' תּרע"ז פֿון „תּקנות ועד תּ"ל" [1670] ווערט גערעדט וועגן אַ חובֿ צו „גליל וויזין". וועגן חובֿות צו „וויזין והגליל" רעדט זיך אויך אין סימן תּתקמח, תּקנות תּקי"ב [1752] און סימן תּתקמט, תּקנות תּקכ"א [1761]. דאָס באַווײַזט, אַז די ווידזשונער קהילה איז יענע צײַטן געווען עקאָנאָמיש גוט אַרויפֿגעאַרבעט.

מיט ווידזשון איז פֿאַרבונדן איינע פֿון די טראַגישסטע געשעענישן אין דער געשיכטע פֿון ייִדישע שטעטלעך אין ליטע. די מעשׂה איז געווען פֿאַרשריבן אין ווידזשו־נער „פּנקס הקהל", וואָס איז פֿאַרפֿאַלן געוואָרן.

אַ משומד אין שטעטל האָט בײַ נאַכט אונטערגעלייגט אַ צלם אונטער אַ באַנק אין שול. געווען איז עס ערבֿ הושענא רבה. אין דער פֿרי איז ער אַוועק צום גלח און געמאָלדן, אַז ייִדן שלאָגן מיט „הושע־נות" אַ געגנבעטן צלם. פּאָליציסטן זײַנען גלײַך אַוועק און אַרומגערינגלט די שול און נאָכן אַרומזוכן אַלע ווינקעלעך געפֿונען אַ צלם אונטערן אָרון־קודש. מען האָט אַרעסטירט אַלע מענער אין שול און זיי אָפּגעפֿירט צו פוס קיין ווילנע. אין דער צײַט איז אַ ווילדער המון פויערים באַפֿאַלן ייִדן אין גאַס, צעשלאָגן און צעממיתט זיי, באַרויבט זייערע הײַזער און פֿאַרברענט די שול.

דאָס געריכט אין ווילנע האָט פֿאַרמישפּט אַלע אַרעסטירטע ייִדן צו תּליה. פּלוצעם האָט זיך אויפֿגעשטעלט אַ ייִד און געזאָגט, אַז ער האט דאָס געגנבֿעט דעם צלם און עס באַהאַלטן אין שול און קיינער האָט וועגן דעם ניט געוווּסט און איצטער האָט ער גרויס צער, וואָס אומשולדיקע מענטשן וועלן דאַרפֿן שטאַרבן צוליב זײַן טאַט. מען האָט אָנגענומען זײַן מודה זײַן זיך, אים האָט מען פֿאַרברענט און די אַלע פֿאַראורטיילטע ייִדן האָט מען באַפֿרײַט.

דאָס איז געשען שבֿעה עשׂר בתּמוז, תּק"ט (1749). דער נאָמען פֿון קדוש איז ר' מנחם מַן. יעדער יאָר פֿלעגט מען זאָגן „יזכור" נאָך אים (לויט אַ צווייטער ווערסיע, איז ער פֿאַרברענט געוואָרן אין קיידאַן).

עס זײַנען דאָ פֿאַרשיידענע ווערסיעס וועגן „מעשׂה ויזון". די פּרטים זײַנען אַנדערש, אָבער די קערנפּונקטן זײַנען אומעטום די זעלביקע: די צײַט, דאָס אָרט, דער בילבול פֿון משומד, דער קדוש. אין ווילנער בית־הכּנסת הגדול איז געווען אַ סידור אויף פּאַרמעט, וואָס דאָרטן איז געווען אַ באַזונדערע הזכּרה „על הקדוש הרבֿ החכם והפֿילוסוף ר' מנחם מַן מוויזון, שנשׂרף על קידוש השם בשנת תּק"ט" [1749]. אין אַנדערע ערטער איז דער נאָמען: ר' נאָטע מאַנע, און דער קדוש איז ניט קיין רבֿ, נאָר אַ פּשוטער ייִד „מדַלת העם."

פֿאַרן ערשטן וועלטקריג האָבן דאָ געלעבט בײַ 550 ייִדן, אין 1923 — 367, 1932 — אַרום 300 און פֿאַרן חורבן

אַן ערך אַזוי פֿיל. יִדישע פּרנסות: קרעמערײַ, מלאכה און קלײנהאַנדל מיט תּבֿואה, פֿלאַקס און עופֿות.

אין אַ רשימה מנדבֿים פֿאַר בנין הארץ אין 1872 זײַנען דאָ מערערע װיזשוּ־נער. מורשה: בן־ציון נײמאַרק, אַזױ אויך אין אַ ליסטע פֿון 1900. מורשה: ישׂראל־גרשון קולוויאַנסק.

אין 1896 און 1934 זײַנען געװען 6 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

**רבנים.** — ר׳ אָשר בר׳ שאול גינזבורג, אבֿ״ד װיזון והגליל — פֿון 1701, שפּעטער אין פּינסק, 1714־1737. בעל **מעונות אריות.** ר׳ אָשרס חתימה איז דאָ אויף תּקנות ועד ליטא אין ת״פ [1720] און תּצ״א [1731]. אויף זײַן הסכּמה אויף **נתיבֿ הישר** (דיהרנפֿורט, תּע״ב) חתמעט ער זיך: מויזון, תּס״ט [1709]. האָט אויך הסכּמות אויף **ברית שלום** (תּע״ג), **עיר חומה** (תּע״ד), **גאון צבֿי, מנחם אבֿ** (תּצ״ב). ער װערט דערמאָנט אין די תּשובֿות פֿון זײַן שװאָגער בעל **כּנסת יחזקאל**, סימן מ״ט. ר׳ אָשרס פֿאָטער, אבֿ״ד „מדינות רוסיה״.

ר׳ יצחק־אײַזיק גינזבורג, ר׳ אָשרס זון, און 1712־1715 אבֿ״ד דובנע.

ר׳ צבֿי־הירש הלוי הורוויץ, אבֿ״ד ור״מ אין די דרײַ קהילות קײדאַן, װיזשון, בירזש, שפּעטער רבֿ אין זאַבלו־דאָװע. בעל **גאון צבֿי** (פּראַג, תּצ״ו), חתמעט זיך דאָרטן: „חונה בדגל ג׳ גלילות מדינות זאַמוט קידאַן, װיזון, בירז״. זײַן פֿאָטער ר׳ יהושע משה אַהרן איז ניפֿטר געװאָרן 1649.

ר׳ מאיר בר׳ יצחק־אײַזיק גינז־בורג (ברודער פֿון ר׳ אָשר), אבֿ״ד װיזון ומדינות רוסיה [װײַסרוסלאַנד]. זײַן הסכּמה איז דאָ אויף **צמח מנחם** פֿון זײַן מחותּן ר׳ מנחם־נחום בר׳ יקותיאל זיסמאַן הכּהן (זלקווא, תּקכ״א), װי אויך אויף **בית יעקבֿ אש** (תּקכ״ה) און **תּקנתּא דמשה** (תּקכ״ז). ר׳ מאיר איז אַװעק פֿון װיזשון אין 1751.

ר׳ בנימין גינזבורג, ר׳ מאירס זון, אבֿ״ד גליל װיזון. האָט הסכּמה אויף **שער הרחמים** [סידור מיט אַ פּירוש]. פּנחס במ׳ יהודה (שקלאָװ, תּקמ״ח). אָנגעגעבן: חונה ק״ק װײזון והגליל. האָט אויך חידושים אין **תּקנתּא דמשה** (אַלעקסיץ, תּקכ״ז). ר׳ בנימינס זון, ר׳ יונה, דיין ומו״צ אין װילנא, זײַן חתימה אין פּנקס װילנא פֿון תּקנ״ז [1797].

ר׳ אליעזר דון־יחייא, געבאָרן 1838 אין דריסע. פֿון 1864 ביז 1876, שפּעטער רבֿ אין לוצין (קורלאַנד) ביז 1926, װען ניפֿטר געװאָרן. בעל **אבֿן שתּיה** (תּרנ״ג) און **טעם מגדים** (תּרצ״ט). ר׳ אליעזר אײדעם פֿון ר׳ אהרן־זעליג ציוני, אבֿ״ד דריסע.

ר׳ חיים בר׳ שבתי דון־יחייא, געבאָרן 1840. פֿון 1868 רבֿ אין האָראָ־דישץ (װיטעבסקער גובערניע), דערנאָך אין װיזשון, שקלאָװ און דריסע, אויף זײַן פֿאָטערס כּסא־רבנות.

ר׳ מאיר־אליהו בר׳ יהודה־יעקבֿ װײַנער, דאָ געבאָרן אין 1866. פֿון 1890 דאָ רבֿ, שפּעטער אין יעדװאַבנע (לאָמזשער גובערניע). מחבר פֿון **רבֿ טבֿחיא** (װאַרשע, תּרע״ג).

ר׳ שמריהו בר׳ חיים כּ״ץ, געבאָרן 1878 אין פּומפּיאַן. פֿון 1903 דאָ רבֿ. דאָ ניפֿטר געוואָרן אלול תּרע״ט. איידעם פֿון ר׳ אליעזר דון־יחייא.

ר׳ אַהרן־בענדעט הכּהן שמידט, פֿון 1922. 1934 נאָך געוועזן דאָ רבֿ. שפּעטער געזאָגט אַ שיעור אין דער הגר״א־שול אין ירושלים, ווו ניפֿטר גע־וואָרן 1965 אין עלטער פֿון 106 יאָר.

ר׳ זלמן מעלצער, געבאָרן 1902 אין סלאַבאָדקע. געשריבן חדו״ת אין **כּנסת ישׂראל** (קובנה, תּ״ש). אומגעקומען אלול תּ״ש, הי״ד.

**אָפּשטאַמיקע.** — ר׳ אַריה־לייב בר׳ אָשר, געבאָרן 1695 אין ווילנע, בעל **שאגת אַריה**. רבֿ אין פּינסק, ר״מ אין מינסק און פֿון 1765 רבֿ אין מעץ (פֿראַנק־רײַך), ווו ניפֿטר געוואָרן אין 1785. פֿון די גאוני הדור. אויסער **שאגת אריה** (פּ״פ דאָדער, תּקט״ז) נאָך חיבורים: **טורי אבֿן** (מעץ, תּקמ״א), **גבֿורת ארי** (ווילנא, תּרל״ד) אויף **תּענית** און (פּיעטרקובֿ, תּרפּ״ז) אויף **יומא ומכּות**. זײַן זון — ר׳ אָשר, אבֿ״ד קאַרלסרו.

אויף אַ כּתבֿ פֿון תּכ״ח [1668] אין טראָק איז דאָ די חתימה פֿון „נאום העשיל בן הר״ר אליקום געץ זצ״ל מווי־זון״. הלל־נח שטיינשנײַדער, בעל **עיר ווילנא**, שרײַבט, אַז ער ווייס ניט, צי ער איז געוועזן אַ רבֿ, אָבער „נאום״ איז כּמעט אַלע מאָל אין אַ חתימה פֿון אַ רבֿ. אפֿשר איז ער געוועזן אבֿ״ד אין ווילנע פֿאַר ר׳ אָשר בר׳ שאול?

די חתימות פֿון ר׳ שמשון בר׳ יוסף־יצחק מויזון געפֿינען זיך אויף אַ פּסק־דין אין ווילנער פּנקס פֿון תּל״ח ביז תּנ״ד [1694-1678]. ש״י פֿין מיינט, אַז ער איז אפֿשר געוועזן אבֿ״ד ווילנע נאָך הגאון ר׳ משה קרעמער. ניפֿטר אין ירושלים.

בן־ציון בר׳ אליעזר דון־יחייא בר׳ אליעזר, דאָ געבאָרן אין 1871. פֿון 1900 רבֿ אין מאַרינהויז־ווילאקי און פֿון 1926 רבֿ אין לוצין, ווו אומגעקומען אבֿ תּש״א, הי״ד, געשריבן אַ סך פּאָזיציעס אין **אוצר ישׂראל** פֿון י.ד. אײַזענשטיין, **יעווריי־סקאיא סטאַרינא, כּנסת ישׂראל, אהל תּורה** און אַנדערע. זײַן ספֿר **יחס אָבֿות** איז פֿאַר־לאָרן געגאַנגען. עס זײַנען געבליבן נאָר עטלעכע פּרקים.

ר׳ ברוך דון־יחייא, איידעם פֿון ר׳ יוסף־שלמה, אבֿ״ד האָזענפּוט. ר׳ ברוכס פֿריערדיקער פֿאַמיליע נאָמען איז שאַפּירא. זײַן פֿאָטער איז געוועזן אבֿ״ד ווידז.

יוסף בר׳ אַהרן מײַזל, דאָ גע־באָרן 1850. אין די 1890ער עמיגרירט קיין ענגלאַנד. איבערגעזעצט אויף העברעיִש מערערע ביכער פֿון ענגליש. מחבר פֿון **שלשת שירי עם** (מנשסתּר, תּרנ״ט) און **דגל ציון** (דאָרטן).

ר׳ יהודה־לייב דון־יחייא, דאָ געבאָרן. רבֿ אין שקלאָוו און טשערניגאָוו. זײַנע לעצטע יאָרן געלעבט אין ארץ־ישׂראל. איינער פֿון די גרינדערס פֿון „נס ציונה״ אין וואָלאָזשינער ישיבֿה.[1]

1) די מישפּחה דון־יחייא שטאַמט פֿון ספֿרדים, אין שלשלת הקבלה לר׳ גדליה דון־יחייא איז דאָ איר סדר־היוחסין.

חיים יפה, בעל **שנות חיים** (ווילנא, תרכ״ז) און י. זעליגמאַן, בעל **יד ישראל** (ווילנא, תרמ״ח) און **אוצר המספרים** (באַלטימאָר, תש״ב) האָבן אַ שייכות מיט ווייזשון.

**ביבליאָגראַפיע.** — המגיד, 1871: 32 (מודעה); 1872; המליץ, 1893; 77, 151; 900; פ. פעסיס, עיר דובנא ורבניה. קראקא, תרס״ב, 20, 29; העבר א׳, פטרוגרד, תרע״ח, ע׳ 164; ח. לונסקי, מהגיטו הוילנאי. ווילנא, תרפ״א, ע׳ 56; רבי אליעזר דון־יחייא. ירושלים, תרצ״ב. חוברת לזכרו; 1000 יאָר פינסק. נ״י, 1941, ז׳ 254.

פרץ אלופי, איישישאָק, קורותיה וחורבנה. ירושלים, תש״י, ע׳ 13; העבר, ת״א, תשי״ד, ע׳ 55; דעת קדושים, 202; קריה נאמנה, 56, 77, 210, 235, 271; עיר ווילנא, 12, 16, 53, 210, 235; לתולדות היהודים בליטא־זאַמוט, 60, 72.

תולדות היהודים בקורלאַנד, 75; אהלי שם, 40, 93; לעקסיקאָן, 8; אנציקלופדיה של הציונות הדתית, 626, 632; י.ד. קמזונס יהדות ליטא, 208, 249; יהדות ליטא, א׳, ג׳; ספר הפרענומעראַנטן, 2746. Black Book.

## ווײַגעווע VAIGUVA

שאַוולער קרײַז. אין 1897 האָבן דאָ געוווינט 193 ייִדן, פֿאַרן ערשטן וועלט־קריג — בײַ 600, אין 1923 — 118 און פֿאַרן חורבן — אַן ערך אַזאַ צאָל. פּרנסות: מיסחר, קרעמערײַ, מלאכה (ס׳רובֿ שנײַדערײַ).

אין דער געגנט פֿון ווײַגעווע זײַנען געוועזן מערערע ייִדישע לאַנדווירטן פֿאַר דער ערשטער וועלט־מילחמה. אויך נאָך דער אַגראַר־רעפֿאָרעם אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע זײַנען נאָך דאָ געבליבן אַ קענטיקע צאָל ייִדישע פּויערים.

דער העברעיִש־ייִדישער שרײַבער אליעזר־אליהו פֿרידמאַן, וואָס האָט אַ טייל פֿון זײַנע קינדער־יאָרן פֿאַרבראַכט אין ווײַגעווע, שרײַבט אין זײַנע זיכרונות, אַז אין די 1860ער יאָרן האָבן דאָרטן געלעבט 10 ייִדישע מישפּחות, „אַלע שנײַדערס, פֿאַרזונקען אין זייער נאָדל״. די גאַנצע שנײַדערײַ־אַרבעט ווערט געטאָן אין און פֿאַר די אַרומיקע דערפֿער. דער בית־מדרש איז אַן אַלטער, וואָס קיינער געדענקט ניט די צײַט פֿון זײַן אויפֿבוי. ווען פֿרידמאַן איז אַ צווייט מאָל געקומען אין שטעטל — צענדליקער יאָרן שפּעטער — האָט ער דאָרטן געפֿונען גרויסע ענדערונגען. עס זײַנען שוין געווען אַ חזן, שוחט און מלמד און צוויי סוחרים. איינער פֿון זיי איז דער „גבֿיר ונדיבֿ״ ר׳ ברוך פּײַוועלסאָן. ער האָט געהאַט אַ גרויסן הויף הינטערן שטעטל און אויסגעבויט אַ שיינעם בית־כּנסת.

רבנים זײַנען געווען: ר׳ יעקבֿ בר׳ יהודה־לייב פּראַלגעווער, געבאָרן 1861, זינט 1891, שפּעטער רבֿ אין שוקיאַן, מחבר פֿון **דברי יעקבֿ** און **נחלת יעקבֿ**.

ר׳ חיים־הערש שולאָוויץ, אַ קורצע צײַט, שפּעטער רבֿ אין קורטעוויאַן; ר׳ ישעיה פֿון מויש; ר׳ אפֿרים דובער בר׳ שלמה־זלמן ברעזשינסקי, געבאָרן 1860 אין

קורשאַן. זינט 1899. בעל **פליטי אפרים** (וואַרשא, תּרס״ג). אויפֿן דאָזיקן ספֿר זײַנען דאָ 17 ווײַגעווער פּרענומעראַנטן; לעצטער רבֿ ר׳ משה לוריא, הי״ד.

**אָפּשטאַמיקע:** — די זין פֿון ברוך פֿײַוועלסאָן: ר׳ שמואל־אַביגדור, דאָ געבאָרן 1859. רבֿ אין בייסעגאָלע, שוועקשנע, אַניקשט און פּלונגיאַן. ניפֿטר געוואָרן 1929 אין בערלין; ר׳ ישׂראל־בנימין בענדעט, דאָ געבאָרן אין 1865. רבֿ אין בייסעגאָלע (פֿון 1898), שפּעטער אין שוקיאַן, ווו ניפֿטר אין 1938; ר׳ אליהו־מאיר, דאָ געבאָרן אין 1867. רבֿ אין קראָק (פֿון 1897) און קופּישאָק, ווו ניפֿטר געוואָרן אין 1925.

ר׳ איצל קראָזשער, 1855 האָט ער דאָ געעפֿנט אַ ספּעציעלן „חדר.״

**ביבליאָגראַפֿיע.** — א.א. פֿרידמאַן, ספֿר הזכרונות. ת״א, תּרפ״ו, 40, 91; דגלנו, ה״ו, ורשה, תּרפ״ט; הײַנטיקע נײַעס, קאָוונע, 1937: 1779; יאָר אײַן — יאָר אויס, קאָוונע, 1939, ז׳ 221; אהלי שם, 49, 203; „ליטע״, II. ז׳ 244; יהדות ליטא, ג׳; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 2764. Black Book

## ווייווער VEIVERIAI

קליין שטעטל אין מאַריאַמפּאָלער קרײַז. אין 1923 האָבן דאָ געוווינט 137 ייִדן, פֿאַרן חורבן — בײַ 60.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — Black Book

## ווײַנוטע VAINUTAS

טאַווריקער קרײַז. פֿאַרן ערשטן וועלטקריג האָבן דאָ געלעבט אַרום 320 ייִדן, אין 1923 — 348 און פֿאַרן חורבן — בײַ 920.

די ייִדן האָבן זיך פֿאַרנומען מיט מיסחר, מלאכה און לאַנדווירטשאַפֿט, בעיקר מיט בײַשטוביקער גערטנערײַ.

זעלטן אַזאַ קליין שטעטל זאָל האָבן אַזוי פֿיל בײַשטײַערערס פֿאַרן ארץ־ישׂראל אויפֿבוי. אין 1898 איז דאָ אַ רשימה פֿון ווײַנוטער מנדבֿים. דער קלײַבער: ישׂראל יעבץ. אין אַ ליסטע פֿון 1903 איז דער מורשה: שלום־יצחק לעוויטאָוו. אין 1909 זײַנען דאָ די מורשים: ישׂראל יעבץ, יוסף אײַזיקאָוויטש, יהודה־אַבֿרהם אָשעראָוויטש, לייב שיינבערג. אין 1914 איז דער קלײַבער: צבֿי ראַבינאָוויץ.

אויף אַ מצבה אין אַלט־ירושלים איז דאָ: „הרבני . . . שמואל (אַניקשטער) בר׳ מנחם מאָניש מווײנוטא, תּרי״ט״ [1859].

*

אין 1872 איז דאָ אַ רשימה פֿון מנדבֿים פֿאַר ייִדישע הונגער־לײַדנדיקע ליטווישע שטעטלעך. צווישן זיי דער רבֿ ר׳ בנימין ליפּשיץ און דער עסקן יצחק־מאיר לעווינזאָן.

אַ קאָרעספּאָנדענט אין **המגיד** איז געווען חיים־יוסף שירענזאָן.

צווישן 1853 און 1931 זײַנען דאָ

געווען 35 פרענומעראַנטן אויף רבנישע ספרים.

**רבנים.** — ר׳ שמואל בר׳ אליעזר, בעל **כּף השמן**. ניפטר געוואָרן 1866, אין **המגיד**־נעקראָלאָג ווערט געזאָגט: „מת האדם הגדול"; ר׳ בנימין ליפשיץ, ניפטר געוואָרן 1871.

ר׳ בנימין פאַרבער, שפּעטער רבֿ אין וואָרנע. ניפטר געוואָרן חשוון תּרס״ב.

ר׳ צבֿי־זאבֿ שור. דערנאָך רבֿ אין קרעטינגע, ווו ניפטר געוואָרן אין 1929. שווער פון ר׳ בנימין פּערסקי, אב״ד קרעטינגע.

ר׳ עזרא בר׳ יהודה־לייב אַלט־שולער, געבאָרן 1858 אין מיר. פריִער רבֿ אין קאָלטיניאַן, דערנאָך דאָ 35 יאָר. פון 1936 אין כּפר־סבא, ווו אומגעקומען 1938 אין אַן אויטאָ־אומגליק. חיבורים: **תּקון דרך החיים** (וואַרשא, תּרנ״ו), **תּקנת ארצות** (וואַרשא, תּרנ״ט); **גלת מים** (פּיעטרקובֿ, תּר״ע), **תּקון האדם** (קובֿנה, תּרע״ו), **תּקנות עזרא** (פּיעטרקובֿ, תּרצ״א).

ר׳ יוסף־יעקבֿ שור, זון פון ר׳ צבֿי־זאבֿ, דאָ געבאָרן אין 1878. געשריבן חידושי־תּורה אין **כּנסת ישׂראל** (תּ״ש). אומגעקומען 1941, הי״ד.

**אָפּשטאַמיקע:** — נחום בן־ציון בר׳ שמואל־מאיר סאַנדעלאָוויץ, אַ היי־געבאָרענער. פון 1901 רבֿ אין טאַוויאַן. זיין פאָטער איז דאָ געווען שו״ב.

יעקבֿ האָדעס, דאָ געבאָרן 1886. יידיש־ענגלישער זשורנאַליסט. פון 1945 אין ירושלים, ווו געשטאָרבן אין 1961.

ר׳ אליהו אַבראַמאָוויץ איז שווער פון ר׳ שלום־יצחק לעוויטאַן, אב״ד מייסיאַד און שוועקשנע.

ח.צ. ווייַנבערג, בעל **ברכת חיים**, האָט אַ שייכות מיט ווייַנוטע.

**ביבליאָגראַפיע.** — המגיד, 1866, 1872: 28; המליץ 1898: 132, 1903: 5, 14, 32; חשבון הנדבות, 1909, 1914; חלקת מחוקק, מחברת ג׳; דאָס וואָרט, ווילנע, 1939: 760; י.ד. קַמזונס יהדות ליטא; יהדות ליטא, ג׳; ספר הפרענומעראַנטן, 2772; אהלי שם, 111. Black Book.

## ווילאָן VELIUONA

קאָוונער קרייַז. זיך גערופן אויך וועלאָן. אַן אַלט אָרט. דער קלויסטער איז געבויט געוואָרן דורך וויטאָווט דעם גרויסן.

דער יידישער יישובֿ האָט זיך אָנגעהויבן אַרום מיטן זיבעצנטן יאָר־הונדערט. אין 1686 זייַנען דאָ געווען 5 יידישע משפּחות (סוחרים, בעלי־מלאכות).

פאַרן ערשטן וועלטקריג האָבן דאָ געלעבט ביי 450 יידן, אין 1923 — 355, 1935 — אַן ערך אַזוי פיל און אַזוי אויך פאַרן חורבן. יידן האָבן זיך פאַרנומען מיט קרעמערייַ און מלאכה. אַ טייל האָבן זיך מפרנס געווען מיט טרייַבן פליטן איבערן ניעמאַן. אַ חיונה־צוגאָב איז געווען די בייַשטוביקע ווירטשאַפט כּמעט ביי יעדער ייִדן אין שטעטל.

צווישן 1842 און 1934 זייַנען דאָ

געוועזן 34 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

אין אַ רשימה מנדבֿים פֿאַר הונגער־געטראָפֿענע ייִדישע שטעטלעך אין ליטע אין 1872 זײַנען דאָ מערערע ווילאָנער.

אויף אַן אַלטן בית־עולם אין ירושלים געפֿינען זיך מצבֿות פֿון:

פייא בת הרב יוסף הכּהן אשת הרב המפ׳ יעקב (תּאומים) מווילאָן, תּרי״ט;

הרב ר׳ יעקב בר׳ דוד תּאומים (רב דווילאָן), תּרכ״ו;

שׂרה בת ר׳ העשיל מקאדאָן, תּרל״ט (אלמנת הרב יעקב מווילאָן).

דער גירוש־ליטע אין מײַ 1915 איז דאָ געווען זייער אַכזריותדיק. לויטן באַפֿעל האָבן אַלע ייִדן געמוזט זײַן אויסערן שטעטל אין משך פֿון צוויי שעה. די געבליבענע וועלן געהאַנגען ווערן.

**רבנים.** — ר׳ יהושע־העשיל בר׳ שאול, שפּעטער רבֿ אין ווילנע, ווו ניפֿטר געוואָרן 1749.

ר׳ שׂמחה־צבֿי שאַפּיראָ, רבֿ אין וואַרקלאַן (לעטלאַנד), ווילאָן, קליקאָל. ניפֿטר געוואָרן אין ירושלים.[1]

ר׳ משה־בצלאל לוריא, געבאָרן 1835 אין סוכאָוואָליע (גראָדנער גובערניע). 8 יאָר דאָ, 8 יאָר אין שאַקי, פֿון 1875 אין סייני און פֿון סוף 1907 אין סוואַלק, ווו ניפֿטר געוואָרן כ״ו ניסן, תּרע״ד. מחבר פֿון מערערע ספֿרים. זײַן זון ר׳ צבֿי־אריה לוריא, אב״ד קאָפּטשעווע און זשאַלודאָק.

ר׳ יעקבֿ יוסף בר׳ דובֿ, געבאָרן 1841 אין קראָזש. האָט דאָ געגרינדעט אַ ישיבֿה, וואָס האָט צוגעצויגן תּלמידים פֿון גאַנץ ליטע. שפּעטער רבֿ אין יורבורג, זאַגער, פֿון 1883 מו״צ און שטאָט־מגיד אין ווילנע און פֿון 1888 רב הכּולל אין ניו־יאָרק, ווו ניפֿטר געוואָרן ח׳ תּמוז, תּרס״ב. זײַן געגרינדעטע ישיבֿה אין ניו־יאָרק איז געוואָרן דער יסוד פֿון ישיבֿת ר׳ יצחק־אלחנן. בעל **לבית יעקבֿ** (ווילנא, תּרמ״ח).

ר׳ שמואל־מנחם כּץ, געבאָרן 1887 אין זאָסלע. נאָך ווילאָן 1914־1918 רבֿ אין ראָגאַטשעוו, שפּעטער אין פּאַלאָנגע ביז 1939. פֿון 1940 רבֿ אין תּל־אָבֿיבֿ, ווו ניפֿטר געוואָרן י״א תּמוז, תּשי״ד.

ר׳ ליבער מאַרוויס, פֿריִער רבֿ אין דויגעלישאָק, שפּעטער אין ווילאָן און פֿון 1922 אין לין (לעבן באָסטאָן) און דערנאָך אין ניו־יאָרק.

ר׳ צבֿי־הירש ימיני, איידעם פֿון ר׳ מעשיל, אב״ד ווישקעס; ר׳ צבֿי־לייב פּערסקי, געשריבן אין **כּנסת ישׂראל** (תּרצ״ט). אומגעקומען 1941, הי״ד.

*

אַן אָפּשטאַמיקער איז ר׳ יהונתן אַבעלמאַן, דאָ געבאָרן 1854. שפּעטער רבֿ ומורה 20 יאָר אין ביאַליסטאָק, ווו ניפֿטר

---

1) לויט דער אויבן־דערמאָנטער מצבֿה פֿון יעקבֿ תּאומים קומט אויס, אַז ער איז געווען רבֿ אין ווילאָן. אויב יאָ, קען דאָס זײַן פֿאַר הרבֿ שאַפּירא.

געוואָרן 1903 אין מיטן לערנען גמרא אין שול. בעל **זכרון יונתן** (ווילנא, תּרס״ה).

חיים ראָזענבערג, קאָרעספּאָנדענט פֿון **הצפירה** (1887).

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המגיד, 1872: 16; הפלס, תּרס״ג: ל״א; חלקת מחוקק, ה׳; אהלי שם, ע׳ 451; תּולדות אנשי שם (ראַנד), ע׳ 83; יזכּור בוך סואוואַלק, 175, 193; קמזונס יהדות ליטא, 215, 218; יהדות ליטא, ג׳; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 2790.

Biuletyn Żydowskiego Instytutu Historycznego W Polsce. Warszawa, 1987. no. 141; Black Book.

# ווילקאָווישק

# VILKAVIŠKIS

קרײַזשטאָט. דער נאָמען זאָל זיך נעמען פֿון וואָרט „ווילקאַס״, וואָס אין ליטוויש מיינט עס וואָלף, ווײַל אין די אַמאָליקע צײַטן פלעגן דאָ בושעווען מחנות וועלף.

ווילקאָווישק איז איינע פֿון די עלטסטע יִידישע קהילות אין ליטע. די קהילה האָט געהאַט אַ וויכטיקן פּינקס, אַ 400 יאָר אַלט. ד״ר ברוצקוס האָט עס אויסגעלײַען אין 1920ער יאָרן פֿאַר פֿאָרשונגען און ער איז פֿאַרפֿאַלן געוואָרן. פֿון פּינקס איז צו זען, אַז אַ יִידישער יישובֿ איז שוין דאָ געווען אַרום אָנהייב 16טן יאָרהונדערט.

דאָס איז קענטיק אויך פֿון אַ צווייטן היסטאָרישן פֿאַקט: אָנהייב 16טן יאָרהונדערט האָט די פֿירשטין באָנאַ ספֿאָרצאַ, פֿרוי פֿון זיגמונד־אויגוסט דעם צווייטן, געשאָנקען געהילץ דער ווילקאָווישקער באַפֿעלקערונג צו בויען געבעטהײַזער, בתוכם אויך צו בויען אַ שול. דעמאָלט איז געבויט געוואָרן די ביז די לעצטע טעג אַלטע שול, באַדעקט מיט אַ קופּערנעם קופּאָל. דער אָרון־קודש — פֿון לויטער זעלטענע חיות־שניצונגען, דרײַ עטאַזשן און עלף מעטער די הייך. אין שול זײַנען געווען ספֿר־תּורהס פֿון שפּאַניע מיט אַ סך אַנטיק־באַפּוצונגען.

די אַלטקייט־דאַטע ווערט אויך באַשטעטיקט פֿון טייל מצבֿות אויפֿן אלטן בית־עולם, וואָס זײַנען אין 1934 געווען בײַ 400 יאָר אַלט. לויט אַ מסורה אין אַ פּינקס פֿון אַ היגער חבֿרה משניות (אַלט 175 יאָר) ווערט אַפֿילו אָנגעגעבן, אַז יִידן זײַנען שוין געווען אין ווילקאָווישק סוף 14טן יאָרהונדערט, עס ווערן אָבער ניט פֿאַרצייכנט קיין באַשטעטיקנדיקע פֿאַקטן.

אין 1660 האָט די שטאָט באַקומען מאַגדעבורגער רעכט. 1795, בעת דער דריטער צעטיילונג פֿון פּוילן, איז ווילקאָווישקער געגנט צוזאַמען מיט סוּוואַלק אַרײַנגעפֿאַלן צו די פּרײַסן, 1807 האָט נאַפּאָלעאָן זיי פֿאַרטריבן און 1815 איז די געגנט אַריבער צו רוסלאַנד.

אַרום 1700 פֿלעגט מען ברענגען אַהער ייִדישע מתים פֿון קיניגסבערג, ווײַל די דאָרטיקע ייִדן האָבן ניט געהאַט קיין רעכט אויף אַן אייגענעם בית־עולם.

אין מיטן 18טן יאָרהונדערט איז אויסגעבראָכן אַ כאָלערע־עפּידעמיע אין ווירזשאַן, סוּוואַלקער געגנט. די אַנטלויפֿנדיקע ייִדן האָט מען ניט אַרײַנגעלאָזט קיין ווילקאָווישק, זײַנען זיי געבליבן אין דערבײַיִקן וואָסיער וואַלד, וווּהין די ווילקאָווישקער פֿלעגן זיי שיקן שפּײַז. אַ סך פֿון זיי זײַנען דאָרטן געשטאָרבן און ניקבר געוואָרן ניט ווײַט פֿון וואַלד. אוראייניקלעך פֿון די ווירזשאַנער זײַנען געבליבן אין ווילקאָווישק ביזן חורבן.

אין 19טן יאָרהונדערט איז דער עקאָנאָמישער מצבֿ פֿון ווילקאָווישק, ממילא פֿון אירע ייִדן, געווען אַ גוטער. די נאָענטקייט צו דער דײַטשישער גרענעץ און דעמאָלט די איינציקע באַנליניע אין דער גאַנצער געגנט זײַנען געווען אַ גרויסער עקאָנאָמישער פֿאַקטאָר פֿאַר ווילקאָווישק. אַ פֿאַקטאָר איז אויך געווען די בערשטערײַ מיט אירע פֿאַבריקן און הונדערטער אַרבעטערס. שפּעטער, נאָכן אויסבוי פֿון אַ נײַער באַנליניע אַליטע־מאַריאַמפּאָל־קאַזלאָווע־רודע און נאָכן סאָוועטישן אָפּשטעל פֿון שיקן רוי־מאַטעריאַלן פֿאַר די בערשטערײַ־פֿאַבריקן — האָט זיך אָנגעהויבן אַן עקאָנאָמישע ירידה.

אין 1869/70 האָט זיך דאָ אָנגעהויבן אַ גרעסערע עמיגראַציע פֿון ייִדן. אין אַ רשימה פֿון ווילקאָווישקער ייִדישע עמיגראַנטן אין יענע יאָרן געפֿינען זיך: ל. אַראָנבערג, ה. וואָלקאָוויץ, א. וואַרשאַווסקי, מ. לאָנדאָן, ס. לעווי, מ.ב. ליכטענשטיין, ס. נוימאַן, ט. מעמלאָנוסקי, ס. קאַריגאַרסקי.

אין די 1880, 1890ער יאָרן, און אויך שפּעטער, פֿלעגן ייִדן קומען אַהער, כּדי דורכצושמוגלען די דײַטשישע גרענעץ אָן אַ פּאַס. דאָס איז געווען אַ גרויסע פּלאָג, עס זײַנען געווען אַ סך דורכפֿאַלן און אויך ווילקאָווישקער ייִדן האָבן געליטן דורך דעם, ווײַל זיי האָבן אָפֿט געמוזט קומען צו הילף די געכאַפּטע גרענעץ־שמוגלערס. אין 1898 האָבן ייִדישע מַנהיגים פֿון ווילקאָווישק אַרויסגעגעבן אַ וואָרענונג אין **הצפֿירה** קעגן פּרוּוון אַריבערגיין די גרענעץ אָן אַ פּאַס. די הַתראה איז געחתמעט פֿון: צבֿי־הירש מה־יפֿית [רבֿ], ראַבינער אליהו שערעשעווסקי. דאָזאָרעס: סענדער טורבערג, אפֿרים־מענדל פּוסטאַפּעדסקי. גבאים: יחזקאל יפֿה, יהושע־ליפּמאַן יאַפּע.

דער העברעיִשער שרײַבער אליהו־זאבֿ לעווין־עפּשטיין, וואָס איז דאָ געבאָרן געוואָרן אין 1863, באַשרײַבט אַ ביסל דאָס אָרטיקע ייִדישע לעבן אין צווייטער העלפֿט 19טן יאָרהונדערט: ווילקאָווישק ליגט נאָענט צו דער פּרײַסישער גרענעץ און דאָס האָט זיך אויסגעווירקט סײַ אויסערלעך, סײַ קולטורעל. די שטאָט איז געווען תּמיד ריין. די ייִדן האָבן געקענט דײַטש בעסער ווי רוסיש. אין אַ סך ייִדישע הײַזער האָבן זיך געפֿונען די ביכער פֿון שילער, קלאָפּשטאָק, צשאָקי. אין שטאָט

האָבן דעמאָלט געלעבט אַרום 8000 ייִדן, כּמעט אַ ריין־ייִדישע שטאָט.

צווישן 1833 און 1911 זײַנען דאָ געוועזן 128 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספרים.

אין 1897 האָבן דאָ געוווינט 3480 ייִדן (אלג׳ צאָל תּושבים — 5788), פֿאַרן ערשטן וועלטקריג — אַרום 3500, 1923 — 3206, 1934 — 3600 און פֿאַרן חורבן — בײַ 3000.

ייִדן האָבן זיך פֿאַרנומען מיט מיסחר, קרעמערײַ, מלאכה און לאַנדווירטשאַפֿט. אויסער פֿאַר בערשטערײַ האָבן ייִדן געהאַט וואַרשטאַטן צו באַאַרבעטן חזיר־האָר און פֿאַבריקלעך פֿון פּאַפּיראָסן, זייף און אײַזן־גיסערײַ. די זײַדן־פֿאַבריק פֿון בנימין רוטענבערג, דאָ געבאָרן 1846, איז געוועזן די גרעסטע אין גאַנץ פּוילן.

וועגן ווילקאָווישק, מאַריאַמפּאָל און אַנדערע שטעט אין סוואַלקער גובערניע שרײַבט ד״ר ב. ברוצקוס: „דאָ האָבן אַ סך ייִדן, און ניט נאָר דאָרפֿס־יידן ... מער אָדער ווייניקער באַדײַטנדיקע שטיקער לאַנד. דאָ איז אויך שטאַרק אַנטוויקלט ייִדישע גערטנערײַ״.

*

אַזוי פֿרי ווי 1782 איז דאָ געשאַפֿן געוואָרן אַ גמילת־חסד־קאַסע. תּחילת זײַנען געוועזן 12 מיטגלידער מיט 155 רובל. אין 1872 האָט די חברה געהאַט אַן אייגענעם גרויסן בנין און דער קאַפּיטאַל איז געוועזן 4600 רובל. עסקנים: יהושע־העשל אוריזאָן, יוסף הַשׂכּל.

אין 1882 איז דאָ געוועזן אַ גרויסע שׂריפֿה. 180 משפּחות האָבן געליטן. נאָך אַ גרעסערע שׂריפֿה איז געשען אין 1886 מיט 300 אָפּגעברענטע הײַזער. אין 1895 איז ווידער געוועזן אַ גרויסע שׂריפֿה. די „אַליאַנס איזראַעליט אוניווערסאַל״ אין פּאַריז האָט געשיקט הילף, ווי אויך באַראָן הירש און באַראָן ראָטשילד.

אין 1896 האָבן פֿרויען און מיידלעך געשאַפֿן צוויי חבֿרות פֿאַר פֿרויען: „עוזר דלים״ און „לינת הצדק״. אין זעלביקן יאָר איז געגרינדעט געוואָרן די חבֿרה „בחורי חמד״ צו העלפֿן דער תּלמוד־תּורה אין איר קריזיס.

אין 1898 איז געשאַפֿן געוואָרן אַ „ועד לתּמיכת עניים״ און 1903 א „הכנסת־אורחים״ מיט 600 מיטגלידער. דער הויפּט־עסקן איז געוועזן דער למדן ר׳ יוסף ראַבינאָוויטש. אין 1910 האָט מען פֿאַראייניקט די 4 גמ״חס מיט אַ קאַפּיטאַל פֿון 12.000 רובל אין איין גרויסער חבֿרה „צדקה גדולה״.

סײַ סאָציאַל־געזעלשאַפֿלעך, סײַ קולטורעל איז ווילקאָווישק געוועזן צווישן די רירעוודיקסטע ייִדישע שטעט אין ליטע. צוליב דער נאָענטקייט פֿון דער דײַטשישער גרענעץ, איז דער השׂכּלה געוועזן לײַכטער אַרײַנצודרינגען. שוין אין 1865 האָט אַ גרופּע ווילקאָווישקער משׂכּילים געשיקט אַ בקשה צום „ועד מפיצי השׂכּלה״ אין

פּעטערבורג צו שיקן זיי העברעיִשע, רוסי־שע און דײַטשישע צײַטונגען.

1867 איז דאָ געווען אַ ייִדיש־רוסישע שול. איינער פֿון אירע לערערס איז געווען נחום־טוביה לאָנדאָן. 1895 איז ער אַוועק קיין אַמעריקע. פֿאַרעפֿנטלעכט אַ סך מאמרים אין **המודיע לחדשים, העברי, הלאום, בית ועד לחכמים** און פֿיל אַרבעטן אין **דזשויִש ענסיקלאָפּידיאַ**. אין 1879 איז דער לערער־מנהל פֿון אַ ייִדישער שול געווען [ראַבינער] אליהו שערעשעווסקי. 1901 איז פֿאָרגעקומען אַ ליטעראַרישער אָוונט צו שאַפֿן געלט אויף גרינדן אַ ביבליאָטעק. די עסקנים: ח.ש. נײַהויזן, גאָלדבערג. 1902 איז געגרינדעט געוואָרן אַ חדר מתוקן.

1903 איז געשאַפֿן געוואָרן אַ נײַער בית־ספר, מיט 3 מחלקות פֿאַר לימודי־קודש און אַלגעמיינע לימודים. דער איניציאַטאָר: ראַבינער שערעשעווסקי. געהאָלפֿן מיט געלט האָבן מ. קלבר [קלע־ווער?], י. בודינסקי. איינער פֿון די ערשטע וועלטלעכע לערערס דאָ איז געווען הלל שרײַבער (וואַרשאַווסקי). און 1889 איז דער אַגענט פֿאַר ביכער און ספֿרים געווען אַברהם מאַקאָווסקי.

*

דער ייִדישער אַרבעטער־עלע־מענט אין שטאָט איז פֿון אָנהייב 1890ער יאָרן געוואָרן אַלץ שטאַרקער און אָרגאַניזירטער. די ייִדיש־סאָציאַליסטישע באַוועגונג איז גיך געוואָרן אַ גרויסער כּוח אין ייִדישן געזעלשאַפֿטלעכן און עקאָנאָ־מישן לעבן. די הויפּט־השפּעה האָט תּחילת געהאַט דער „בונד“, אָבער פֿון מיטן ערשטן צענדליק פֿון 20סטן יאָרהונדערט האָבן פֿאַרנומען וויכטיקע פּאָזיציעס אויך די לינק־ציוניסטישע פּאַרטייען.

אין די בונדישע אומלעגאַלע צײַטשריפֿטן ווערן אָפֿט געבראַכט ידיעות וועגן שטרײַקן, פֿריִער פֿאַר אַ 10 שעהדיקן, שפּעטער פֿאַר אַן 8 שעהדיקן אַרבעטסטאָג, פֿאַר לוין־העכערונגען, רעוואָלוציאָנערע דעמאָנסטראַציעס און אויך צוזאַמענשטויסן מיט פּאָליציי. אויף איין מײַ־דעמאָנסטראַ־ציע איז אַרעסטירט געוואָרן דער 15 יאָריקער לייזער שאַכנאָוויטש. אַן אַנדערש מאָל איז אַ בונדישע אומלעגאַלע פֿאַרזאַמ־לונג אין אַ וואַלד באַפֿאַלן געוואָרן פֿון דראַגונער. עס זײַנען פֿאַרהאַלטן געוואָרן שנײַדער וואָלאָך, שמואל יפֿה, אליהו סלי־טאָווסקי. פֿאַר רעוואָלוציאָנערער אַרבעט איז אַרעסטירט געוואָרן ישׂראל קעניגסבערג, דאָ געבאָרן אין 1883.

די חיבת־ציון־באַוועגונג איז אין אָנהייב דאָ געווען זייער שוואַך. אויף דעם קלאָגט זיך אויך אַ קאָרעספּאָנדענט אין **המליץ** פֿון 1895. ווי דעם איינציקן טוער גיט ער אָן דעם גבאי ר׳ בנימין־לייב מאַרקוס. אָבער אין 1898 איז דאָ געשאַפֿן געוואָרן די חבֿרה „ציון“ מיט 60 חבֿרים חובֿבֿי־ציון און אין 1899 איז די צאָל געשטיגן צו 400. בראש איז געשטאַנען

פֿראָוויזאָר פֿײַנבערג. מען האָט פֿאַרקויפֿט 500 אַקציעס פֿון קאָלאָניאַל־באַנק.

אויף אַן אַלטן בית־עולם פֿון ירושלים זײַנען דאָ מצבֿות פֿון ווילקאָוויש־קער:

זאב־וואלף בר' דוד, תּרל״ח.

יצחק בר' משה הכּהן מווילקאָווישק, תּרמ״ח.

צבי בר' אהרן הכּהן מווילקאווישק, תּרנ״ט.

**רבנים.** — ר' צבֿי־הירש בר' שׂמחה כּץ ראַפּאָפּאָרט. אַ הסכּמה זײַנע פֿון תּפּ״ח (1728) איז דאָ אויף **דבֿרי הבּרית** פֿון צבֿי־הירש בר' מאיר (זאלקווי). אַ צווייטע הסכּמה אויף **מקום שמואל** (סימן פּ״ח).

ישׂראל ב״ר דוד קאַצענעלענבויגן; ר' יעקבֿ־יאָקל הורוויץ.

ר' ברוך־מרדכי ליפּשיץ, געבאָרן 1810. רבֿ אין סעמיאַטיטש, ווילקאָווישק, נאָוואַרעדעק, שעדלעץ, ווו ניפֿטר געוואָרן 1885. חיבורים: **בּרית יעקבֿ** (וואַרשאַ, תּרל״ו־תּרל״ז), **בּית מרדכי** (וואַרשאַ, תּרמ״א), **מנחת־בּכּורים.**

ר' אליעזר בר' פּנחס, געבאָרן 1791. דאָ רבֿ אַ סך יאָרן ביז 1886, ווען ניפֿטר געוואָרן. ר' אליעזר איז געווען זייער געאַכפּערט אין שטאָט, אַפֿילו בײַ קריסטן. דאָס זעט מען פֿון ווײַטערדיקן פֿאַל: דער רבֿ איז איין מאָל קראַנק געוואָרן און מען האָט אים געמוזט פֿירן קיין קיניגסבערג (אַלטע ייִדן האָבן עס גערופֿן: גינשפּעריק). דער דערבײַיִקער פּריץ האָט צוגעשטעלט אַ קאַרעטע מיט 4 פֿערד. צוליבן גרויסן עולם האָבן די פֿערד געצומען ווילדעווען, האָט מען זיי אויסגעשפּאַנט און אַ כאָפּטע מענטשן, ייִדן און קריסטן, האָבן זיך אײַנגעשפּאַנט און געבראַכט די קאַרעטע מיטן רבֿ צו דער באַנסטאַנציע, 4 קילאָמעטער ווײַט. נאָך ר' אליעזרס פּטירה האָט קהל באַשלאָסן צו בויען אַ בנין פֿאַרן „ביקור־חולים" אויף זײַן נאָמען.

ר' יעקבֿ־דוד בר' זאב (הרידבֿ״ז), פֿון 1887. געווען דאָ רבֿ נאָר 3 יאָר, צוליבן געזעץ, אַז רבנים מוזן קענען רוסיש. פֿון 1868 רבֿ אין איזבעלין, 1876 — באָבּרויסק, 1881 — ווילנע, 1883 — פּאָלאָצק, נאָך ווילקאָווישק 1890־1903 אין סלוצק. 1903־1905 רב הכּולל אין שיקאַגאָ. עולה געווען קיין צפֿת, ווו געגרינדעט אַ ישיבֿה. מחבר פֿון אַ ריי וויכטיקע חיבורים. פֿון די גאוני הדור. ניפֿטר געוואָרן 1914 אין צפֿת.

ר' צבֿי־הירש מה־יפֿית, געבאָרן 1840 אין פּרייל. רבֿ אין ליווינהאָף, קרייצבורג, איישישאָק און ביז 1914 אין ווילקאָווישק. ניפֿטר געוואָרן 1919 אין ליפּצק, טאַמבאָווער גובערניע.[1]

ר' אליהו גרין, געבאָרן 1875 אין

---

1) ר' יחיאל העלער איז געווען רבֿ אין וואָלקאָוויסק. ער האָט ניט געקענט זײַן רבֿ אין ווילקאָווישק (לויט יהדות ליטא, ג', 46), ווײַל דעמאָלט און צענדליקער יאָרן שפּעטער איז דאָרטן געווען רבֿ ר' אליעזר לאַנדא. — דאָ איז געווען רבֿ אויך ר' אבא־יעקבֿ באָראָכאָוו, בעל „חבֿל יעקבֿ". מיר זײַנען משער: אין ערשטן צענדליק פֿון 20סטן יאָרהונדערט (פּרטים — קאַפּיטל קופּישאָק). — לויט איין מקור, איז דאָ געווען רבֿ ר' משה־יצחק בראַווער, פֿריִער רבֿ אין קורקלע, דערנאָך אין קאַלוואַריִע.

גרובין. אומגעקומען אָבֿ תש״א אין פּילווי־שאָק, הי״ד.

*

ר׳ יעקבֿ ריינאָוויץ, דאָ געבאָרן 1818, דומ״ץ בײַ 30 יאָר. פֿון 1876 מו״צ אין לאָנדאָן, ווו ניפֿטר 1893. אין לאָנדאָן האָט מען אים גערופֿן ר׳ יאַנקעלעס. זײַן אײדעם ר׳ צבֿי לעווין געווען רבֿ אין מאַנ־טשעסטער; ר׳ בערל קאַמייקאַ, מו״צ; ר׳ יהודה־יצחק סעגאַל, מו״צ; א. כּץ, מו״צ, ניפֿטר צווישן 1930־1934; ר׳ אַבֿרהם פּאַלטינאָוו, מו״צ, אבֿ״ד דאַטנעווע, וויש־טינעץ.

אין די 1870־1880ער זײַנען דאָ געווען מלמדים: ר׳ זלמן חסיד (פֿון די געציילטע חסידים אין ווילקאָווישק), ר׳ משה ווישטיניצער (סודאַרסקי).

אין 1893 איז דער גבאי אין בית־המדרש הגדול געווען ר׳ בנימין־לייב מאַרקס. אַ ריי יאָרן איז דאָ געווען חזן ר׳ משה גרינוואַלד, געבאָרן 1843 אין קאַרעליץ. ניפֿטר געוואָרן 1910 אין טורעק. מען האָט אים אויך גערופֿן משה פּאָקראָיער און משה ווילקאָווישקער. אַ באַקאַנטער חזן אין קאָוונע, אין מיטן 19טן יאָרהונדערט, שטאַמט פֿון ווילקאָווישק.

*

טיפּן: אַן אויסגעדאַרטער שוסטער, וואָס מען האָט גערופֿן רבי יוחנן הסנדלר, פֿלעגט זיצן תּמיד אויפֿן קאַפּול, אָבער בין מנחה למעריב פֿלעגט ער זאָגן אַ שיעור פֿאַר חבֿרה ש״ס.

שמעון־דוד דער טרעגער, אַן אָרעמאַן אויף זיבן פּאָלעס, איז שבת קיין מאָל ניט געגאַנגען צו זײַן טיש אָן אַן אָרעמען אורח.

**אָפּשטאַמיקע.** — ר׳ יששכר־בער מלמד ליטויער בר׳ מרדכי מווילקאָ־ווישק מארץ ליטא המתגורר באונגרן בעיר סענט פעטער סמוך למישקאָלץ, בעל **אהל יששכר** (פּראַג, תּקס״ה).

ר׳ זבולון חרל״פּ, דאָ געבאָרן 1840. יונג עולה געווען קיין ארץ־ישראל. דיין אין בית־דין פֿון יהודה־לייב דיסקין אין ירושלים, ווו ניפֿטר געוואָרן 1898. בעל **מאור חיים** (ירושלים, תּרנ״א. פּירוש אויף משלי, געדרוקט מיטן אָריגינאַל).

דזשאָרזש מרגליות, דאָ געבאָרן 1853. תּנ״ך־פֿאָרשער און אָריענטאַליסט. 1924 געשטאָרבן אין ניו־ברייטן (ענגלאַנד). זיך געשמדט, ימ״ש.

ר׳ צבֿי קראַקאָווסקי, מחבר פֿון **חמודי דניאל**.

ר׳ מנחם־מענדל בר׳ צבֿי קראַ־קאָווסקי, געבאָרן דאָ אין 1869, אבֿ״ד טימקעוויץ, כאַסלאַוויץ, נאָוואַרעדעק און מ״מ ומו״צ אין ווילנע. ווו ניפֿטר געוואָרן אין 1930. בעל **עבֿודת המלך** און **ארזי הלבֿנון** (ווילנא, תּרצ״ו). האָט הסכּמות אויף **מטה משה** (תּרנ״ח), **תּהלה לדוד** (ירושלים, תּרס״א). שוואָגער פֿון ר׳ משה הלוי סאָלאָ־ווייטשיק, אבֿ״ד ראַסיין און כאַסלאַוויץ.

הרבֿ ר׳ דובער ווילקאָווישקער, באַרימטער זון פֿון סוואַלקער רבֿ ר׳ אַבֿרהם־אַבלי בר׳ ברוך.

ר׳ שמואל הלוי לעווין אין וויל־קאָווישק (שטאַמט פֿון ווילנע) האָט אַרויסגעגעבן אַ ריי ספֿרים פֿון ר׳ חיים וואָלאָזשינער און אַנדערע רבנים.

ר׳ עזריאל־יצחק גאָלדשמיד, בר׳ אַהרן ז״ל מווילקאָווישק, מחבר פֿון **חכימא דיהודאי** (וואַרשע, 1901).

ר׳ אַבֿרהם אפֿרתי, פֿאָטער פֿון באַקאַנטן רבֿ ר׳ דוד־טעבלי פֿון וויטעבסק, מחבר פֿון אַ ריי ספֿרים. ר׳ אַבֿרהמס זיידע — הגאון ר׳ לייזער פּרוזינער.

אין ניו־יאָרקער ייִוואָ־אַרכיוו איז דאָ אַ גרויסער כּתבֿ־יד פֿון שמעון קאַמבער מווילקאָווישק. געווען אַקטיווער חובֿבֿ־ציון דאָ.

ר׳ אַבֿרהם פּאָלטינאָוו, רבֿ אין דאַטנעווע און ווישטינעץ.

ר׳ מרדכי, בר׳ צבֿי־הירש גראָדזענסקי, בעל **ילקוט מרדכי, מאמר מרדכי, בית מרדכי** (קיידאַן, 1932, 1938).

ר׳ אַבֿרהם דיסקין, בעל **לבֿ בנימין** — האָט אַ שײַכות מיט ווילקאָווישק.

ד״ר נחמן ראַכמילעוויטש, דאָ געבאָרן 1876. סיים־דעפּוטאַט, וויצע־מיניסטער פֿאַר האַנדל און פֿינאַנסן אין דער ערשטער ליטווישער רעגירונג. פֿון 1935 אין ארץ־ישׂראל, ווו געווען ליטווישער קאָנסול. געשטאָרבן 1941.

**שרײַבערס.** — שמעון ראַוזוק, געבאָרן 1793. געשריבן געלעגנהייט־לידער אין העברעיִש. 25 יאָר ביבליאָטעקאַר אין לאָנדאָנער בית־הכּנסת. געשטאָרבן 1877.

יהודה קעניגסבערג, געבאָרן 1853. פֿון 1893 אין אַמעריקע. געשריבן אין די דאָרטיקע העברעיִש־ייִדישע צײַטשריפֿטן: **העבֿרי, התּקוה, הלאום, נאַצ־יאָן** און אַנדערע, ווי אויך אין **הישׂראלי** (מאַיִנץ, תּרל״ט).

אַבֿרהם־אליהו סאַנדלער, געבאָרן, 1857. מערסטנס געלעבט אין ווירבאַלן. פֿון די באַקאַנטסטע העברעיִשע לערערס אין ליטע אין משך פֿון אַ פֿופֿציק יאָר. מחבר פֿון אַ ספֿר דיקדוק. געשטאָרבן 1928 (מערער פּרטים אין ווירבאַלן).

אליהו־זאבֿ לעווין־ עפּשטיין, געבאָרן 1863. איינער פֿון די מיטגרינדערס פֿון דער קאָלאָניע **רחובות**. פֿון 1890 אין ארץ־ישׂראל. מחבר פֿון **זכרונותי** (1932). געשטאָרבן 1932 אין **רחובות**.

לעאָן קאַמייקאַ, געבאָרן 1864. האָט גרויסע פֿאַרדינסטן פֿאַר דער ייִדישער פּרעסע אין אַמעריקע. מיטשותּף אין אַרויסגעבן די פּיאָנערישע ייִדישע צײַטונגען **יודישע גאַזעטטען, ייִדישעס טאַגע־בלאַט** — נ״י און שיקאַגער **אידישער קוריער**. זינט 1904 געווען צווישן די אַרויס־געבערס פֿון **מאָרגען־זשורנאַל**. געשטאָרבן 1957 אין מיאַמי. זון פֿון ווילקאָווישקער רבֿ ר׳ דובֿ־בער און איידעם פֿון כּתריאל שׂרהזאָן.

יוסף בלאָך, געבאָרן 1871. געשריבן אַרטיקלען און ביכער אויף דײַטש וועגן סאָציאַליזם. געשטאָרבן 1936 אין פּראַג.

אליהו סינטאָווסקי, געבאָרן

1880. באַקומען זײַן ד״ר־טיטל פֿאַר זײַנע דיסטערטאַציעס אין בערנער אוניווערסי־טעט: **די אַנהויבן פֿון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג בײַ די רוסישע ייִדן** (טייל געדרוקט) און **אַדאַם סמיט און קאַרל מאַרקס** (בערן, 1912, דײַטש). פֿון 1914 אין ניו־יאָרק. אויף ייִדיש געשריבן אַרטיקלען אין די בונדיסטישע צײַטונגען אין ווילנע און ניו־יאָרק. געשטאָרבן 1943 אין נ״י.

אליעזר בר׳ שמעון בלאָך, איבערגעזעצט קאַמפּעס **מעשׂה ראָבינזאָהן** (וואַרשע, תּר״ט).

שרגא־פֿײַבוש בערקמאַן, אַרויס־געגעבן (מיט אָשר מרגלית) משה מענדעל־סאָנס **פֿעדאָן** (1861).

שמואל לעווין, געבאָרן 1883. 1913 באַקומען זײַן ד״ר־טיטל אין פֿילאָסאָפֿיע אין זשענעווער אוניווערסי־טעט. 1930־1939 דירעקטאָר פֿון דער ייִדי־שער קאָמערץ־גימנאַזיע אין קאָוונע. געשריבן אַרטיקלען איבער פּסיכאָלאָגיע און פּעדאַגאָגישע פּראָבלעמען אין קאָוונער **פֿאָלקסבלאַט, ווילנער טאָג** און אַנדערע. אומגעקומען בעת דער „גרויסער אַקציע״ אין קאָוונע אָקטאָבער 1941, הי״ד.

שמואל־משה מלמד, געבאָרן 1885. ד״ר־פֿילאָסאָפֿיע. פּובליציסט, פֿאָרשער, דענקער. געשריבן אין דײַטש, ענגליש, העברעיִש און ייִדיש. פֿון 1914 אין אַמעריקע, וווּ רעדאַקטירט ענגלישע, דײַטשישע און ייִדישע אויסגאַבעס. אויסער פֿילאָסאָפֿישע ביכער אין ענגליש און דײַטש (צווישן זיי — **פּסיכאָלאָגיע דעס יודישען גײַסטעס**), מחבר פֿון **מהות היהדות** (מיט דוד ניימאַרק. נ״י, 1915), **מײַן שטעטל** (שיקאַגאָ). זײַן ייִדיש ווערק **קאַנט, פּלאַטאָ און די נביאים** איז געבליבן אין כּתבֿ־יד. געשטאָרבן 1938 אין ניו־יאָרק.

יעקבֿ שאַפּיראָ, געבאָרן 1888. געשטאָרבן 1963 אין ניו־יאָרק; מ. דעמ־באָווסקי. אויטאָר פֿון **מיט די קאָזאַקן איבער בוקאָווינע און גאַליציע** (ווילקאָ־ווישק, 1923); צבֿי פּוסטאָפּעדסקי, געבאָרן 1899. אויטאָר פֿון דראַמע **ליכט פֿון מזרח** (ווילקאָווישק, 1934). זינט 1940 ניטאָ קיין ידיעות וועגן אים.

חיים וואַרשאַווסקי, געבאָרן 1907. מיטגליד פֿון מרכּז צ.ס. אין ליטע. מיטמחבר פֿון אַ שריפֿט וועגן **בער באָראָכאָוו**. אומגעקומען 1944 אין דאַכאו, הי״ד.

חיים מערימזאָן, אויטאָר פֿון **זכרונות פֿון אַ ניקאָלאַיעווער סאָלדאַט** (ווילנע, 1921). עס ווערט אָנגעגעבן, אַז די זכרונות ווערן געשריבן פֿון אַ ווילקאָוויש־קער פֿעלדשער, וואָס זײַן נאָמען זאָל זײַן חיים מערימזאָן.

א.מ. פֿיליפּאָווסקי. ארויסגעגעבן און רעדאַקטירט די שריפֿטן **די וועלט** (1934) און **די ייִדישע וועלט** (ווילקאָווישק, 1935). אויטאָר פֿון בוך לידער **פֿון שטערן אַ קראַנץ** (ווילקאָווישק, 1932).

יאַקאָב יאַפֿע, אויטאָר פֿון Ursachen und Verlauf der Juden-Pogrome in Oktober 1905. Bern, 1905.

משה לייבאָוויטש־מײַמון, באַוווּסטער רוסיש־ייִדישער מאָלער, דאָ געבאָרן 1860. 1883 געענדיקט פּעטערבורגער קונסט־אַקאַדעמיע. צוויי פֿון זײַנע באַקאַנטסטע בילדער — **אנוסים** און **חשמונאים** — האָט דער **המליץ** געגעבן זײַנע לייענערס ווי אַ פּרעמיע. **האנוסים** געפֿינט זיך אויך אין מערערע העברעיִשע כרעסטאָמאַטיעס.

**קאָרעספּאָנדענטן: המליץ** — יהודה ז״ק, מנחם־מענדל איגולקאָווסקי; **המגיד** — דוד אַהרענזאָן, קאָרעספּאָנדענציעס פֿון סאַן־פראַנציסקא (1879), יעקבֿ שאַפּיראָ; **הצפֿירה** — מ.צ. פּוסטאַפּעדסקי, יוסף איליון (אויך אין **הד הזמן** און נײַע **הצפֿירה**), מרדכי כּץ, מאיר־שלמה וואַרשאַווסקי, אָשר בר׳ פֿישל הכּהן, דינה קראַיעווסקאַ, א.ב. קרעטינגאַ, בנימין עטעלזאָן.

**ניכבדים.** — ר׳ חנוך־זונדל, וואָס מען פֿלעגט באַטיטלען „הגאון הקצין״ און 1733 האָט ער אויסגעקויפֿט אַ 13־יאָריק ייִנגל, וואָס איז פֿאַרכאַפּט געוואָרן פֿון סאָלדאַטן אין פּלונגיאַן און געבראַכט געוואָרן קיין ווילקאָווישק. דער נאָמען פֿון ייִנגל איז מרדכי (יפֿה) בר׳ יוסף, געבאָרן 1721 אין פּויזן. ער האָט חתונה געהאַט מיט ר׳ חנוך־זונדלס טאָכטער. 1756 איז ער געוואָרן רבֿ אין קיידאַן.

ר׳ משה בר׳ מרדכי יפֿה, ר׳ יצחק וואָלבערג, ר׳ נתן־נטע פֿרענקל, ר׳ יוסף ראוזיק, ר׳ נחום ראָזענהאָלץ — 1870, ר׳ אליעזר־דובֿ ראָטענבערג, איידעם פֿון ר׳ יעקבֿ בענדיטמאַן, מו״צ אין שאַוול; ר׳ דוד מ״ץ, ניפֿטר 1896, איידעם פֿון ר׳ יהודה־יצחק סג״ל.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המגיד, 1861: 38, 39; 1873: 4; 1875: 4; המליץ, 1879: 27; האסיף, תּרמ״ז, ע׳ 117; המליץ, 1895: 22; הצפֿירה, 1896: 75, 264; דער אידישער אַרבייטער. זשענעוו, 1896; הצפֿירה, 1898: 153; המליץ, 1899: 85; דער נײַער וועג, ווילנע, 1900: 2.

הצפֿירה, 1901: 6; דער וועקער, זשענעוו, 1903: 12; חכמי ישראל באַמריקא. נ״י, תּרס״ג, ע׳ 90; הפּדגוג, קרקוי, תּרס״ג, ע׳ 184; אַלבום עבֿרי, נ״י, 1905, ע׳ 8; די לעצטע פּאַסירונגען. 1905: 23; די שטימע פֿון בונד, סעפּטעמבער 1909. הד הזמן, ווילנא, 1910: 16;

י. לעווינשטיין, דור ודור ודורשיו. וואַרשא, 1914, ע׳ 40; פּנקס „יעקאַפּאָ״, ווילנע, 1922, ז׳ 361; לאַזאַר קאַהאַן׳ס יאָר־בוך פֿאַר אינדוסטריע. לאָדז 1925, ז׳ 75; א. זאַלודקאָווסקי, קולטור־טרעגער פֿון דער אידישער ליטורגיע. דעטראָיט, 1930. זז׳ 216, 217; נ. בוכבינדער, די געשיכטע פֿון דער אידישער אַרבייטער בעוועגונג אין רוסלאַנד און פּוילן. ווילנע, 1931, ז׳ 126.

אליהו־זאבֿ לעווין־עפּשטיין. זכרונותי. ת״א, תּרצ״ב; די אידישע וועלט. ווילקאָווישק, 1934: 13, 14; חזנות. נ״י, 1937, ז׳ 162; ס. דובנאָוו־ערליך, גאַרבער־בונד און בערשטער־בונד. וואַרשע, 1937; אידישער שטימע, 1938, נומ׳ 5994; יאָר אײַן — יאָר אויס. קאָונאַס, 1939, ז׳ 9.

בן־ציון דינור, בעולם שֶׁשָׁקַע. ירושלים תּשי״ח, ע׳ 111; דעת קדושים, 34, 154; לקורות עיר נאָוואַהרדאָק, ע׳ יד׳; „ליטע״, I., ז׳ 861, 1567; II., ז׳ 106; קהלת משה, ע׳ 37; חלקת מחוקק, חוב׳ ה׳, ז׳; אהלי שם, ע׳ 466.

תּולדות אנשי שם (ראַנד), ע׳ 12; תּולדות חבֿרת מרבי השׂכּלה, ב׳, 121; דורות האחרונים, ב׳, 187; ייִוואָ־בלעטער, XL. ז׳ 224; יזכּור־בוך סואוואַלק, זז׳ 13, 23, 124, 195; ג. קרסל, 2; לעקסיקאָן, 2־8; י.ד. קמזונס יהדות ליטא; יהדות ליטא, ג׳; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 2815.

Užnemunė po Prūsais, p. 190; Sŭduvijos

Suvalkijos Istorija, p. 104; Alliance Israelite Universelle, 1895, p. 63; Jewish Encyclopedia, VIII., p. 264, X., p. 333; Black Book; Recueil de Matériaux sur la Situation economique des Israelites de Russie, II., p. 140.

# ווילקאָמיר

# UKMERGĖ (VILKMERGĖ)

קרייזשטאָט. עלטערע ייִדן פֿלעגן עס רופֿן: וואַלקאָמיר. אַן אַלט אָרט, באַקאַנט שוין פֿון אָנהייב 13טן יאָר־הונדערט. די שטאָט, תּחילת געבויט אויף אַ בערגל, האָט געדינט ווי אַ פֿעסטונג. אין 13טן און 14טן יאָרהונדערט זײַנען דאָ פֿאָרגעקומען פֿיל מילחמות. אָנהייב 16טן יאָרהונדערט האָט ווילקאָמיר באַקומען מאַגדעבורגער רעכט. אין 1795, נאָך דער דריטער טיילונג פֿון פּוילן, איז ווילקאָמיר אָנגעשלאָסן געוואָרן צו רוסלאַנד. פֿון 1919 איז עס אַריבער צו ליטע.

דער ייִדישער ייִשובֿ דאָ האָט זיך אָנגעהויבן אין דער ערשטער העלפֿט פֿון 17טן יאָרהונדערט. אין 1665 האָבן שוין דאָ געלעבט 622 ייִדן — זיי זײַנען דאָך זיכער ניט געקומען אַלע אין איין יאָר. אין 1766 האָבן דאָ געוווינט 716 ייִדן, אין 1864 — 4561, אין 1897 — 7287, 1914 — אַרום 10.000, 1923 — 3885 [לויט אַן אַנדער מקור — 7000], 1935 — בײַ 6000 און אַן ערך אַזוי פֿיל פֿאַרן חורבן.

1798 האָט זיך דאָ באַזעצט דער ערשטער ייִדישער דאָקטער — בער (בערנאַרד) ערליך. געווען אַ רופֿא אין פּוילישן מיליטער.

אין 1828 [?1831], ערבֿ שבועות, זײַנען פּוילישע אויפֿשטענדלערס באַפֿאַלן ייִדן אין ווילקאָמיר. זיי האָבן פֿאַרכאַפּט הגאון אב"ד ר' אַרעלע און נאָך צען בעלי־בתּים און זיי פֿאַרמישפּט צום הענגען. צווישן זיי איז געווען הנגיד יצחק בר' אַבֿרהם יהושע אַבעס, וואָס האָט געהאַט אַ גרויסע אַכסניה. ער איז געווען גוט באַפֿרײַנדט מיט די גרעסטע פּוילישע פּריצים אַרום און יענע האָבן געפּועלט בײַ די אויפֿשטענדלערס אים צו באַפֿרײַען.

ווען די אויפֿשטענדלערס זײַנען געקומען אים אַרויסנעמען פֿון תּפֿיסה, האָט ר' יצחק געזאָגט, אַז ער וויל באַפֿרײַט ווערן נאָר דעמאָלט, אויב אַלע איבעריקע פֿאַרהאַלטענע וועט געשאָנקען ווערן דאָס לעבן. ער האָט זיי איבערגעצײַגט, אַז אַלע זײַנען אומשולדיק און עס איז אַן אמתער בלוט־בילבול.

די אויפֿשטענדלערס האָבן אַלעמען באַפֿרײַט, אַחוץ איינעם. זיי האָבן געזאָגט, אַז ער איז אַ מלשין, ער האָט

אַפּילו געמסרט אויף זײַנע אייגענע ייִדן. ווען מען האָט יענעם ייִדן געהאַנגען, איז צעריסן געוואָרן די שטריק און ער איז אַראָפּגעפֿאַלן אַ לעבעדיקער. די גויים האָבן אים געזאָגט: שמד זיך און ראַטעווע דײַן לעבן! יענער האָט געזאָגט: ניין, ניין! האָט מען אים אויפֿגעהאַנגען. דערמיט איז ער געוואָרן אַ קדוש און מכפּר געווען אויף זײַנע זינד. אין אָנדענק פֿון ר׳ יצחקס ראַטעווען די נײַן ייִדן, האָט מען אײַנגעפֿירט אַ יאָרצײַט פֿאַר אים אין שול, ווו ער פֿלעגט דאַווענען און לערנען.

וועגן אַ ווילקאָמירער ייִדן, וואָס די פּוילישע אויפֿשטענדלערס האָבן 1831 דערשאָסן, ווערט געבראַכט אין אַ שו״ת פֿון ר׳ שבתי בר׳ אַבלי יפה אין 1832 (אין **עטרת יצחק**, אב״ד שאַוול).

אין די 1830ער איז געשען אַן אינטערעסאַנטע געשיכטע. אין יענער צײַט האָט דער פֿאָטער פֿון באַרימטן יהודה־לייב גאָרדאָן געהאַט אַן אַכסניה אין ווילקאָמיר. איין פֿרימאָרגן האָט זײַן פֿרוי געפֿונען 800 רובל אונטערן צוקאָפּנס פֿון אַן אורח. דרײַ טעג שפּעטער איז געקומען אַ פּאָליאַק און זיך נאָכגעפֿרעגט וועגן זײַן פֿאַרלאָרן געלט. ער איז געוואָרן פֿאַרוווּנדערט, ווען מען האָט אים צוגעטראָגן די 800 רובל. דער פּאָליאַק איז געווען אַ גרויסער „שישקע״ אין ווילקאָמיר און פֿלעגט אָנטאָן ייִדן א סך צרות. נאָך דער מעשׂה איז ער געוואָרן גוט און פֿרום צו ייִדן. די ראשי־הקהילה האָבן באַדאַנקט די בעלי־אַכסניה.

די ייִדישע עקאָנאָמיע האָט געהאַט גוטע און שלעכטע צײַטן. אין דער ערשטער תּקופֿה האָבן ייִדן פֿאַרנומען וויכטיקע פּאָזיציעס אין האַנדל פֿון תּבֿואה, עקספּאָרט פֿון האָלץ און פֿלאַקס קיין דײַטשלאַנד. אין ייִדישע הענט האָבן זיך מערסטנס געפֿונען גאַרבערײַ, טעפּערײַ, דער מיסחר פֿון טעקסטיל און בוי־מאַטעריאַלן.

אין נײַנצטן יאָרהונדערט זײַנען די ייִדיש־עקאָנאָמישע פּאָזיציעס שטאַרק צעטרייסלט געוואָרן. דער יידישער האַנדל האָט געליטן דורכן אויסבוי פֿון די באַנליניעס ליבאַווע־ראָמני און פּעטער־בורג־וואַרשע און נאָך מער פֿון די אָפּטע נאַטור־אומגליקן.

אין 1831 איז אויסגעבראָכן אַ גרויסע כאָלערע־עפּידעמיע, אַזוי אויך אין 1838. אין דער גרויסער כאָלערע־מגיפֿה אין 1860 זײַנען געווען אַ סך קרבנות, באַזונדערס קינדער. ר׳ אַהרן קלאַצקאָ האָט געשאַפֿן אַ וועד צו העלפֿן די געטראָפֿענע. אין דעם איז געווען אַקטיוו שמואל פֿאָגע־לעוויץ.

די לאַגע איז געוואָרן ערגער צוליב דער העצע פֿון די פּויערים, אַז היות די ייִדן זײַנען די מערסטע קראַנקע, מאַכן זיי (דורך ברויט וכדומה), אַז אויך די פּויערים זאָלן קראַנק ווערן. וועגן דעם האָט געשריבן מ.ל. הערלעכטסזאָן (מ.ל. ליליענבלום).

אין 1860 איז ווידער געווען אַ חלירע־עפּידעמיע פֿון 46 קראַנקע, אָבער

*

מען האָט עס גיך פֿאַרכאַפּט. אין דעם האָבן צוגעהאָלפֿן ד״ר ברוידע, ד״ר לעווינשטערן (לעווינשטיין?), ד״ר עלפֿערפֿעלט (קריסט), מרדכי פּאַלאַץ, געהילף־קרײַזדאָקטער און שמואל פּאָגעלעוויץ.

סוף 1870 האָט ווידער געבושעוועט 6 וואָכן אַ כאָלערע־מגיפֿה. אין הילף־קאָמיטעט זײַנען באַזונדערס געווען אַקטיוו שטאָט־דאָקטער סטאַנקעוויטש, ד״ר לעווינשטיין, דער ייִדישער קרײַזדאָקטער.

דערצו זײַנען צוגעקומען אָפֿטע שׂריפֿות, עטלעכע זייער גרויסע. אין 1877 זײַנען אַראָפּ מיטן פֿײַער כּמעט אַלע ייִדישע הײַזער (אויסער פֿון יענער זײַט טײַך). אין אַ שׂריפֿה פֿון 1883 האָבן קריסטן געגעבן געלט פֿאַר די נשׂרפֿים. אַ גרויסע שׂריפֿה איז געווען אין 1895 און נאָך אַ גרעסערע אין 1904. אין דער לעצטער האָבן געליטן 3.067 ייִדן (308 קריסטן). די קריסטלעכע שכנים האָבן אַ סך געהאָלפֿן מיט שפּײַז און מיט זאַכן.

ווילקאָמיר איז אויך געווען צווישן די שווער־געטראָפֿענע קהילות אין די הונגעריאָרן 1868/70 אין ליטע. הילף איז עטלעכע מאָל געקומען פֿון מעמלער הילף־קאָמיטעט און אויך דורך אָרטיקע עסקנים. אין 1868 האָט דער אָרטיקער בעל־הבית מאיר שומאַן, אַ גוטער פֿידלער, געגעבן אַ קאָנצערט לטובֿת די הונגער־געליטענע. אים האָט געהאָלפֿן אַ קריסטלעכע פּיאַניסטקע. ד״ר ברוידע איז געווען צווישן די עסקנים.

אַ בילד וועגן דעם געשלאָגענעם ייִדישן עקאָנאָמישן מצבֿ אין מיטן 19טן יאָרהונדערט קען מען זען פֿון ווײַטערדיקן באַריכט: אין 1846 האָט משה מאָנטעפֿיאָרי זיך אָפּגעשטעלט אין ווילקאָמיר אויף זײַן וועג קיין פּעטערבורג. גאַנץ שטאָט איז אַרויס אים מקבל־פּנים זײַן, בראש מיטן רב ר׳ אַהרן הלוי. מען האָט אים איבערגעגעבן אַן עקסטראַ שריפֿט וועגן מצבֿ פֿון די אָרטיקע ייִדן, צוגעגרייט פֿון איינעם פֿון די ראשי־העדה, ר׳ אַהרן קלאַצקי. אין שריפֿט איז איבערגעגעבן געוואָרן, אַז אַ פֿערטל פֿון דער אָרטיקער ייִדישער באַפֿעלקערונג איז געשטאָרבן פֿון נויט און דחקות.

אויב מען זאָל אַפֿילו אָננעמען, אַז די גוזמאדיקייט פֿון באַריכט האָט געצילט צו קריגן מער געלט, באַווײַזט עס אָבער פֿאָרט, אַז די לאַגע איז געווען גענוג שלעכט. דער ראש־הקהל איז דעמאָלט געווען ר׳ בן־ציון ברוידא. צווישן די גבּירים — ר׳ מאַרקיל קאַדישזאָן.

אין 19טן יאָרהונדערט זײַנען געווען מערערע הונדערט ייִדישע לאַנדווירטן אין ווילקאָמיר און בעיקר אין דער סבֿיבֿה — אויך זייער מצבֿ איז געוואָרן ערגער. אין 1884 איז אַרויס אַ באַפֿעל צו קאָנטראָלירן די רעכט פֿון אַלע ייִדישע דאָרף־אײַנוווינערס. אין זעלביקן יאָר האָט די רעגירונג אַרויסגעוואָרפֿן אַ ייִדישע מישפּחה פֿון איר הויז אין דאָרף. אין זעלביקן יאָר האָט אַ פּויער דערהרגעט א ייִדישן דאָרפֿמענטש.

די אַלע געשעענישן האָבן אַרויסגערופֿן אַ גרויסע עמיגראַציע פֿון ייִדן

אין און אַרום ווילקאָמיר אין מיטן די 1880ער יאָרן. און די כוואַליע יידן־פּאָגראָ־מען אָנהייב אַכציקער יאָרן אין רוסלאַנד האָט נאָך פֿאַרשטאַרקט דעם דראַנג פֿון יידן צו זוכן אַנדערע לענדער, ווו יידן קענען רויִקער לעבן.

*

**השׂכּלה.** — די השׂכּלה האָט ניט געהאַט קיין לײַכטן וועג אין ווילקאָ־מיר, אָבער זי איז אויך ניט אַנטלאָפֿן פֿון קאַמף מיט אירע קעגנערס.

משׂכּילים אין ליליענבלומשן ווילקאָמיר, ווי אויך פֿריִער און שפּעטער, האָבן ניט געהאַט קיין צו רויִק לעבן. אויף איינעם פֿון אַ סך שרײַבט יהודה־לייב גאָרדאָן אין אַ בריוו: „התזכור את ר' חיים קאַצענעלענבאָגען, איש צדיק תּמים . . . בר־אורין, ספֿרא רבא . . . הידעת את קצו המר והנמהר, כּי מת בלא יומו ברעב ממש בעיר ווילקומיר?"

אין 1866 איז דאָ געשאַפֿן גע־וואָרן אַ ביבליאָטעק „אספֿת ספֿרי ישׁרון" , האָט גלײַך אויפֿגעפלאַקערט אַ גרויסער קאַמף מצד די פֿרומע. די גרינדערס זײַנען געווען: משה־לייב הערליכסטזאָן [ליליענבלום], אליעזר־יצחק גינצבורג, זאבֿ גינצבורג. אַ צימער האָט געגעבן דער גבֿיר אוריה גינצבורג. אין זעלביקן יאָר איז שבתי בערנשטיין געווען אַ חבֿר אין פּעטער־בורגער „מקיצי נרדמים", באַקאַנטע משׂכּלישע חבֿרה. אין 1868 האָט דאָ עקסיסטירט אַ בית־ספֿר, אָבער מיט ווייניק קינדער.

אָנהייב 1870ער יאָרן שרײַבט אַ קאָרעספּאָנדענט אין **המליץ**, אַז די השׂכּלה פֿאַרשטאַרקט זיך דאָ, אַ ביסל יידישע תּלמידים לערנען אויך אין דער שטאָטישער גימנאַזיע.

אין די 1870ער איז דאָ געווען אַ בית־ספֿר, ווו דער אינספּעקטאָר איז געווען כוואַטאָוו. 1875 האָט ער געשריבן אַ בריוו צום „ועד מרבּי השׂכּלה בישׂראל", אַז ער וויל עפֿענען מלאכה־קורסן בײַ זײַן שול, ווו עס זײַנען פֿאַראַן ליידיקע צימערן. עס פֿעלט אים 50 רובל. דער ועד האָט צוגעזאָגט צו העלפֿן.

אין 1885 איז געשאַפֿן געוואָרן אַ יידישע פּריוואַטשול, אָבער זי האָט זיך ניט לאַנג געהאַלטן. די אַנדערע יידישע קינדער־שולן האָבן געהאַט מער מזל.

אין 1886 איז אין תּלמוד־תּורה אײַנגעפֿירט געוואָרן דער לימוד פֿון רוסיש און פּויליש. 100 קינדער זײַנען געוואָרן באַשוכט און באַקליידט. 40 קינדער האָבן געגעסן „טעג". דער בודזשעט האָט באַטראָפֿן 2000 רובל. די הכנסה איז געקומען פֿון קאַראָבקע און ס'רוב פֿון נדבֿות. 1898 איז אויפֿגעבויט געוואָרן אַ נײַער בניין פֿאַר דער תּלמוד־תּורה. דאָרטן האָבן עטלעכע לערערס געלערנט חשבון און רוסיש.

1900 איז געשאַפֿן געוואָרן אַ יידישע מלאכה־שול מיטן נאָמען „עֵזר

דלים". געהאָלפֿן האָבן דער קרײַזדאָקטער קאַצענעלענבויגן און מיכל אַראָנזאָן (קאַסירער).

דער גאַנצער קאַמף פֿאַר השׂכּלה אין ווילקאָמיר דרייט זיך אַרום דעם נאָמען ליליענבלום. היסטאָריש איז דאָס ניט קאָרעקט — עס זײַנען דאָ געווען משׂכּילים פֿאַר אים, נאָך אים און אויך אין זײַן צײַט: שבתי בערנשטיין (געשטאָרבן 1868), אַהרן קלאַצקאָ, אינזשינער נחום־דובֿ שעסאָל (געשטאָרבן 1885), יהושע־טאָדרעס אָרלאָ־וויץ, בוזאַנסקי, שמואל פּאָגעלעוויץ. אָבער משה־לייב ליליענבלום איז פֿון די צענטראַלסטע משׂכּילישע פיגורן — סײַ אין ווילקאָמיר, סײַ אין לאַנדמאַסשטאַב, — איז דער השׂכּלה־קאַמף דאָ געוואָרן פֿאַרבונדן מיט זײַן נאָמען.

מ.ל. ליליענבלום איז געבאָרן 1844 אין קיידאַן, אָבער געלעבט און טעטיק געווען אַ לאַנגע צײַט אין ווילקאָ־מיר. דאָ האָט ער געעפֿנט אַ קליין ישיבֿהלע פֿאַר 15 בחורים. ווען ס'איז באַקאַנט גע־וואָרן זײַן אַפּיקורסות, האָבן די עלטערן אָפּגעצויגן די תּלמידים.

אין ווילקאָמיר איז רייף געוואָרן זײַן גאַנצע גײַסטיקע און אידעיִשע אַנט־וויקלונג און פֿון דאַנען האָט געקלונגען זײַן נאָמען אין דער גאַנצער השׂכּלה־וועלט. ליליענבלום, וואָס איז געווען פֿון די הויפּטקעמפֿערס פֿאַר „תיקונים בדת", האָט זיך געפֿילט געטראָ־פֿן, ווען זײַנע קעגנערס אין רבנישן לאַגער האָבן אים באַשולדיקט אין זײַן צווישן די „מהרסי הדת". אין זײַן מאמר „פּתח תּקוה" איז פֿאַראַן אַן עמאָציאָנעלע פֿאַרטיידיקונג קעגן דעם: „כּל קוראי מאמרי יודעים, כּי קטיגור קשה אָני לכל הרבנים בכלל, אַך מעולם לא עלה על לִבי לחשבֹם לאוהבי בצע ולמקבלי שוחד, וביִחוד בדבֿרים הנוגעים בדת ישׂראל, שהיא חשובֿה אצלם מכּל חיי העולם הזה וכל חיי העולם הבא יַחדו. ובכל לִבי הנני מאמין, כי הרבנים הֵנם טהורי־לב ואנשי צדק, ורק אני אומר, שחסרות להם ידיעות הרבה הנחוצות לכל רבֿ."

דער באַרימטער דוד פֿרישמאַן האָט געשריבן וועגן ליליענבלומען: „הנני מַרכּין עתּה את ראשי בִיראת־כּבוד לנוכח אהבת־האמת הגדולה עד־בלי־קץ של הלוחם הזה. לא רבים היו כּמוֹהו, אשר לִבם היה תּמים כּל־כּך עם דבֿריהם ועם מעשׂיהם."

*

פֿון סוף 1880ער און 1890ער יאָרן — מיטן אויפֿקום פֿון חיבת־ציון, ציוניזם און „בונד" — האָט זיך דאָ אָנגע־הויבן אַ שטאַרקע ייִדיש־פּאָליטישע טעטי־קייט.

אין 1887 איז דאָ געשאַפֿן גע־וואָרן „אגודת חובֿבֿי־ציון." די הויפּטאַרבעט איז באַשטאַנען אין קלײַבן געלט פֿאַר ארץ־ישׂראל — דורך קערוֹת אין די שולן ערבֿ יום־כּיפּור, נדבֿות פֿאַר

צענטראַלע פֿאָנדן פֿון בניין הארץ — און פּריוואַטע קורסן פֿאַר לשון־קודש און ייִדישער געשיכטע. 1893 איז געווען מורשה פֿון „ועד אודיסא" רפֿאל גרושקין און 1894 — משה ווײַנער.

אין אַ רשימה מנדבֿים פֿון 1914 פֿאַר העלפֿן קויפֿן ערד אין ארץ־ישׂראל געפֿינען זיך בײַ 200 ווילקאָמירער. דער קלײַבער: א. זוסמאַנאָוויץ. מוסדות: בית־המדרש חומה, קלויז זבחי צדק, ביהמ"ד תּלמוד־תּורה, בימ"ד מעגלי צדק, בימ"ד עבֿר הנהר (דורך מילונציק), בית־תּפֿילה ליובאַוויץ (דורך צבֿי היימאַן), בית־תּפֿילה לסנדלרים (דורך מ. שילין), בית־תּפֿילה דרחובֿ מצרים (דורך פּאַפּילסקי).

שמואל־שמעון בלום, דאָ געבאָרן אין 1860, שפּעטער אין אַמעריקע, איז געווען דעלעגאַט צום צווייטן ציוניסטישן קאָנגרעס. פֿאַר זײַן געלט איז געבויט געוואָרן דער „אֹהל שם" אין תּל־אָבֿיבֿ. נחום בלום איז געווען ליליענבלומס לערער. משה ווײַנער, פֿון ווילקאָמיר, איז דער גרינדער פֿון חובֿבֿי־ציון אין יאָהאַנעסבורג אין 1897.

אויף אַן אַלטן בית־עולם אין ירושלים געפֿינען זיך מצבֿות פֿון:

קדיש נפח מוואלקמיר, תּרי"ט.

זאלקינד בר' אליה מווילקאמיר, תּרל"א.

צבי בר' משה פאריץ מווילקמיר.

*

דער „בונד" איז דא תּחילת געווען די שטאַרקסטע ייִדישע פּאָליטישע פּאַרטיי — ניט לויט דער צאָל פֿון זײַנע מיטגלידער, נאָר לויט זײַנע אַקטיוויטעטן און נאָך מער לויט זײַן קעמפֿערישקייט.

אַבֿרהם מוטניק, דאָ געבאָרן אין 1868, אַקטיווער בונדיסט, איז אַרעסטירט געוואָרן פֿאַר רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט. געשטאָרבן 1930 אין בערלין. זײַן פֿאָטער ישׂראל־יעקבֿ איז געווען דאָ „טשאַסני פּאָווערעני" (פּריוואַט אַדוואָקאַט).

סענדער זעלדאָוו־ניעמאַנסקי, דאָ געבאָרן אין 1873, געווען דאָ אַקטיוו רעוואָלוציאָנער. ערשטער רעדאַקטאָר פֿון דער ערשטער ייִדישער אונטערערדישער געדרוקטער צײַטונג „די אַרבייטער שטיממע" (1897). 1924 געשטאָרבן אין לענינגראַד.

הירש באַראָן, דאָ געבאָרן אין 1880, איז פֿאַרמישפּט געוואָרן פֿאַר רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט. חיים באָרשטיין, דאָ געבאָרן אין 1883, איז אַרעסטירט געוואָרן 1903. ראָזע לעוויט, אַקטיווע רעוואָלוציאָנערקע, האָט רעדאַקטירט דעם ווילנער „דער שנײַדער" (1902). אומגעבראַכט געוואָרן דורך די באָלשעוויקעס.

**רבנים.** — ר' רפֿאל בר' יקותיאל זיסקינד הכהן, זיך אויך גערופֿן ר' רפֿאל האַמבורגער. געבאָרן 1723. פֿון 1743 ר"מ אין מינסק, 1745 — רבֿ אין ראַקאָוו, 1747־1762 אבֿ"ד ווילקאָמיר, 1763 — ר"מ פּינסק, 1772 — אבֿ"ד פּויזן און 1776 — אבֿ"ד אה"ו (אַלטונאַ, האַמבורג, וואַנדזבעק). 1799 האָט ר' רפֿאל

זיך אָפּגעזאָגט פֿון רבנות. דער קעניג פֿון דענעמאַרק, וואָס האַמבורג איז דעמאָלט געווען אונטער זײַן רשות, האָט אין אַ בריוו צו ר׳ רפֿאלן באַדויערט זײַן רעזיגנאַציע.

ר׳ רפֿאל איז געווען איינער פֿון די גרעסטע קעמפֿערס קעגן דער בערלינער השׂכּלה. הרבֿ י.ל. מַימון שרײַבט וועגן דעם: ווען ער האָט געדאַרפֿט אָננעמען האַמבורגער רבנות, איז ער געפֿאָרן אַהין אַ קוק טאָן. דאָרטן האָט מען אים געזאָגט, אַז אויב ער וויל דאָ ווערן רבֿ, זאָל ער פֿאָרן נאָך אַ המלצה צו משה מענדעלסאָן אין בערלין.

ר׳ רפֿאל האָט דעמאָלט נאָך ניט געהאַט געהערט אַזאַ נאָמען, איז ער געפֿאָרן. ווען ער איז געקומען צו מענדעלסאָנען, איז ער געוואָרן אויפֿגעציטערט: מענדעלסאָן איז געזעסן בײַ אַן אָפֿענעם תּנ״ך אין אַ בלויזן קאָפּ. ר׳ רפֿאל איז געוואָרן זייער אויפֿגערעגט און האַסטיק פֿאַרלאָזן דאָס הויז. מענדעלסאָן האָט אָבער אַליין געשיקט אַ בריוו קיין האַמבורג, אַז ווי באַלד ר׳ רפֿאל איז אַזאַ אויפֿריכטיקער איש־אמת, וועט ער זײַן אַ גוטער רבֿ.

ר׳ רפֿאל האַמבורגער האָט אַרײַנגעלייגט אין חרם יעדערן, וואָס לייענט משה מענדעלסאָנס „ביאור״ אויפֿן תּנ״ך. ר׳ שלמה דובנא, וואָס איז געווען איינער פֿון מענדעלסאָנס מיטהעלפֿערס אין זײַן דײַטשישן תּרגום פֿון תּנ״ך, האָט איין מאָל געפֿרעגט ר׳ רפֿאלן, פֿאַר וואָס ער איז קעגן „ביאור״. אויף דעם האָט ר׳ רפֿאל געענטפֿערט צווישן אַנדערע: יעדער שֵׁם מישׂראל און יעדע וויכטיקע געשעעניש בישׂראל זײַנען מרומז בתּורה, און אין פּרשה אֱמוֹר שטייט קלאָר: „משחתם בהם מום בם״ — ראשי־תּיבֿות פֿון: משה בן מנחם ברלין. ר׳ שלמה דובנא איז זייער באַווירקט געוואָרן פֿון ר׳ רפֿאלס רייד און מער ניט געקומען צו מענדעלסאָנען.

אַ תּלמיד פֿון מענדעלסאָנען, וואָס האָט געהערט די פֿריִערדיקע מעשׂה, איז געקומען צו ר׳ רפֿאלן און אים געפֿרעגט: אָבער ווו געפֿינט איר אַ רמז אין דער תּורה צו אײַער תּלמוד? — איז ר׳ רפֿאלס תשובה געקומען בליץ־שנעל: אין דער תּורה שטייט: „ה׳ מסינַי בא וכו׳ מימינו אֵש **דת לָמו — דת לָמו בסֵדר אַחר: תּלמוד.״**

ר׳ רפֿאל איז ניט געווען קיין חסיד, אָבער ער האָט ניט געגעבן זײַן חתימה אויפֿן חרם־בריוו פֿון הגר״א קעגן די חסידים. האָט מען אים געפֿרעגט: „הלא הגר״א דומה למלאך אלהים והוא חתום עליו?״ ענה: בעת שאַבֿרהם נִדרש להבֿיא את יצחק לעולה, בא אליו הדיבור מד׳ בעצמו, אַבֿל כּאשר בא להצילו: „אַל תּשלח ידך אל הנער״, נשמעו הדברים רק מפּי המלאך. זהו הלֶקח: אם הדבֿר נוגע להצלת נפֿשות אָז דַי דיבור של מלאך, אבֿל אם רוצים לשחוט אָדם, אָז אי־אפֿשר להתחשבֿ גם עם מלאכי מעלה, אלא מד׳ בעצמו.״

הרבֿ שאול הערשל, צוזאַמען מיטן בערלינער משׂכּיל דוד פֿרידלענדער, האָבן אַרויסגעגעבן אַ ספֿר „מצפּה

יקותיאל", ווו זיי באַפּאַלן און באַליידיקן שרעקלעך דעם אַלטן גאון ר' רפאל האַמ־בורגער און זײַן ספר **„תורת יקותיאל"**. דער ספר איז אַרויס אַנאָנים, אָבער מען האָט זיך גיך דערוווּסט, אַז זײַן אמתער מחבר איז ר' שאול בערלין, דער פֿראַנקפֿורטער רבֿ. די מעשׂה האָט בשעתּו אויפֿגערודערט די גאַנצע רבנישע וועלט.

ר' רפֿאלס חיבורים: **תּורת יקותיאל** (ברלין, תּקל"ב), **מרפּא לשון** (אַלטונא, תּק"ן), **ושבֿ הכּהן** (אַלטונא, תּקנ"ב), **דעת קדושים** (אַלטונא, תּקנ"ז). אין אליעזר קאַצענעלענבויגענס **זכר צדיק** (אַלטונא, תּקס"ה) איז דאָ אַ הספּד אויף ר' רפֿאלן. ניפֿטר כ"ו חשוון, תּקס"ד. זײַן פֿאָטער איז געווען אבֿ"ד פֿינלאַנד. געקענט גוט פּויליש און רוסיש און נושׂא־חן געווען בײַ שׂרים און מלוכה־לײַט.[1]

*

נאָך ר' רפֿאלן איז געווען רבֿ ר' שלמה בר' נתן סג"ל, פֿון די אײַנגייערס אין הויז פֿון ווילנער גאון און איינער פֿון זײַנע גרויסע תּלמידים. זיך אויך גערופֿן ר' שלמה וואָלאָזשינער. ר' שלמהס תּלמידים זײַנען געווען ר' אַבֿרהם־אַבלי בר' לייב קיידאַנער און ר' יעקבֿ־יעקל פּומפּיאַנער. ר' שלמהס אַ הסכּמה איז דאָ אויף **זרע יעקבֿ** [מהרבֿ יעקבֿ הכּהן, אַ פּירוש אויף **תּהלים**, הוראָדנא, תּקמ"ח), ער חתמעט זיך דאָרטן „שלמה הלוי לנדא". פֿריִער אבֿ"ד אין קאַלוואַריע. אין ווילקאָמיר אויפֿגעשטעלט אַ גרויסע ישיבֿה. ניפֿטר כ"ה תּמוז, תּקמ"ו. אין **ריח השׂדה** פֿון דרשן אליעזר הלוי איז דאָ אַ הספּד אויף ר' שלמה אבֿ"ד וויל־קאָמיר. זײַנע זין: ר' יוסף, אבֿ"ד ראַגאָלע; ר' משה, אבֿ"ד פּאָדזעלווע; ר' נתן, אבֿ"ד לוקניק.[2]

ר' חיים וואָלאָזשינער (בערלין), תּלמיד פֿון ווילנער גאון, איז געבאָרן ז' סיוון תּק"ט [1749] אין וואָלאָזשין. מגאוני הדור. גרינדער פֿון וואָלאָזשינער ישיבֿה און מחבר פֿון וויכטיקע ספֿרים. געוואָרן דאָ רבֿ אין 1790 און געבליבן נאָר איין יאָר. די סיבה: ער האָט ניט געוואָלט נעמען קיין שׂכירות און אויסגעשלאָגן חיונה פֿון מאַכן וואָל. די קאָנקורענטן פֿון אָט דער פּרנסה האָבן שטאַרק געהעצט קעגן אים און ער איז אַוועק פֿון ווילקאָמיר. ניפֿטר געוואָרן י"ד סיוון תּקפ"א [1821].

ר' יהודה־לייב בר' שלמה זאַל־קינד, רבֿ פֿערציק יאָר אין ווילקאָמיר און דווינסק. אין זײַן **זֵכר יהודה** (ברדיטשובֿ, תּרמ"ט), וואָס זײַנע זין האָבן אַרויסגעגעבן,

---

1) אין אוצר הספֿרים הלאומי אין ירושלים געפֿינען זיך צוויי בריוו פֿון ר' רפֿאלן צו משה מענדעלסאָן.

2) אין **עיר ווילנא** איז דאָ: „ר' שלמה פלק [פֿאַלק? וואלק?] הרבֿ דק"ק וואַלקמיר" (ע' 84) און אין **קריה נאמנה** (ע' 212): „ר' אַבֿרהם אַבלי אבֿ"ד ווילקאָמיר". זײַן זון ר' בנימין הצדיק. די מחברים פֿון די ביידע ספֿרים זײַנען פֿון די גרעסטע מוסמכים אין דעם עניין, קען מען זיך פֿאַרלאָזן אויף זיי. ר' שלמה און ר' אַבֿרהם אבלי זײַנען זיכער צווישן די גאָר פֿריִע רבנים פֿון ווילקאָמיר, אָבער מיר ווייסן ניט מערער פּרטימדיקע ידיעות וועגן זיי.

זאָגט זיך: „מאת הרבֿ יהודה ליב זאַלקינד הנודע בשם ר׳ ליב בטלן, אַשר ישבֿ על כּסא הרבנות ווילקאָמיר ודינאַבורג.״ זײַן זון, ר׳ ישעיה, רבֿ כאַרקאָוו, האָט דאָרטן אַ הקדמה. ניפֿטר 1858 אין דווינסק.

ר׳ אַהרן בר׳ שלמה הלוי, גערופֿן ר׳ אַרעלע אָדער ר׳ אַרעלע ווילקאָמירער. געבאָרן אין ווילנע. פֿריִער רבֿ אין אײַראַגאָלע, דערנאָך מו״צ און אבֿ״ד אין ווילקאָמיר. געלעבט אין גרויס אָרעמקייט, אין אַ קליינער כאַטע, אָבער שטאָט האָט זיך באַצויגן צו אים מיטן גרעסטן כּבֿוד. ווען מען האָט געוואָלט אים דערלייגן שׂכירות, האָט ער געענטפֿערט: „איך דאַרף ניט מערער, און פֿאַר מײַנע קינדער דאַרף איך ניט זאָרגן, און נעמען פֿון דער עֵדה איבערצולאָזן פֿאַר די קינדער — דאָס איז אַ גזֵלת הרבים״. אָבער די קהילה האָט ער געפֿירט בײַד חזקה. און מעשׂה שהיה בעת אַ מחלוקה אין שטאָט, האָט ער געזאָגט צום נגיד: „געלט דאַרף איך ניט, כּבֿוד זוך איך ניט, מורא פֿאַר מענטשן האָב איך ניט — אַרויס פֿון מײַן שטוב!״

ר׳ אַהרן איז געווען אַ בקי אין הוויות העולם. אַ גרויסער קעמפֿער קעגן חסידות. ווען ער איז דאָ ניפֿטר געוואָרן אין 1859, האָבן די חסידים זיך געפֿרייט מיט זײַן טויט. אַפֿילו אין די ימֵי הָאֵבֿל נאָך אים האָבן זיי דאָס מאָל געמאַכט זייער י״ט כּסלו נאָך רעשדיקער ווי תּמיד, אַפֿילו מיט מוזיק.

נאָך ר׳ אַהרנס פּטירה האָבן די חסידים געוואָלט אַן אייגענעם מורה־הוראה און אַפֿילו אַן אייגענעם רבֿ. דרײַ רבנים זײַנען געזעסן צוויי חדשים און געזוכט אַ פּשרה, אָבער עס האָט גאָרניט געהאָלפֿן. נאָך פֿיל צרות האָט מען קוים זיך דעררעדט וועגן אַ נײַעם רבֿ. אָבער חסידים האָבן אַלץ געוואָרפֿן שטיינער אין די פֿענצטערס פֿון רבֿ און פֿאַרשפּרייט מיאוסע פּאַמפֿלעטן.

בכלל האָט די מחלוקת צווישן חסידים און מתנגדים אין ווילקאָמיר שוין פֿריִער אָנגענומען שאַרפֿע פֿאָרמען. גלײַך נאָכן אַרויסטריט פֿון ווילנער גאון קעגן חסידות האָט זיך צעפֿלאַקערט דער דאָזי־קער קאַמף. עס האָט דערגרייכט צו אַזאַ מדרגה, אַז אַ חשובֿער חסיד אין ווילקאָמיר — קלאַנסקי — האָט געגעבן אַבֿרהם מאַפּון געלט פֿאַר זײַן **עַיִט צבֿוע** און געהייסן אַלע חסידים קויפֿן דאָס בוך, ווײַל דאָרטן ווערן שטאַרק אָנגעגריפֿן די מתנגדים. קלאַנסקי האָט געהאַט אַ פּאַכט פֿון פֿאַרקויפֿן יי״ש אין גאַנצן ווילקאָמירער קרײַז.

**אַנדערע רבנים:** ר׳ בנימין ראַבינאָוויץ בר׳ יחיאל. גערופֿן אויך ר׳ בנימין ווילקאָמירער. געבאָרן 1812 אין שקוד. 1832־1852 רבֿ אין פּיקעלן, ביז 1859 אין שילעל, איין יאָר אין אייראַגאָלע און פֿון 1861 דאָ רבֿ ביז זײַן פּטירה אין 1870. אין זײַן צײַט האָט געלעבט אין וויל־קאָמיר משה־לייב ליליענבלום און ר׳ בנימין האָט געפֿירט קעגן אים אַ מילחמה עד חָרמה. געלאָזן אַ סך ספֿרים אין כּתבֿ־יד. זײַן **משנת ר׳ בנימין** איז אַרויס 1911 אין פּאָלטאַוואַ. זײַנע זין: ר׳ אליהו־דוד

ראַבינאָוויץ־תּאומים (האדר״ת), אב״ד פּאָנעוועזש, מיר און פֿון 1901 אין ירו־שלים, שווער פֿון ר׳ אַבֿרהם־יצחק הכּהן קוק, הרבֿ הראשי אין ארץ־ישראל; ר׳ צבֿי־יהודה ראַבינאוויץ, אב״ד אייראַגאָלע.

ר׳ יוסף בר׳ ישׂראל־איסר. וועגן דער צײַט פֿון זײַן רבנות קען זײַן אַ פּלוגתּא. דער באַקאַנטער העברעיִשער ביבליאָגראַף אַבֿרהם־מאיר האַבערמאַן שרײַבט, אַז ר׳ יוסף איז געווען אב״ד וויל־קאָמיר. ר׳ רפֿאל נתן נטע ראַבינאָוויץ, דער בעל **דקדוקי סופרים**, אַ צווייטער גרויסער בר־סמכא, איז 1848 געווען זײַן תּלמיד אין ווילקאָמיר, זאָגט, אַז רבֿ איז ער דאָ גע־וואָרן שפּעטער. ווען שפּעטער? דאָס איז אָפּהענגיק פֿון דער טויטדאַטע, אָבער וועגן דעם זײַנען דאָ צוויי סתּירהדיקע מקורות: לויט הרבֿ ראַבינאוויץ איז עס 1862, לויטן באַקאַנטן ביאָגראַף י. לעווינשטיין — 1873. אויב די ערשטע דאַטע איז ריכטיק, האָט ר׳ יוסף דאָ געקענט זײַן אב״ד צווישן 1859 און 1861 — די צײַט, ווען ס׳איז אָנגעגאַנגען די גרויסע מחלוקת מיט די חסידים וועגן אַ נײַעם רבֿ. אויב די צווייטע דאַטע איז ריכטיק, האָט ר׳ יוסף דאָ געקענט זײַן רבֿ נאָך 1870, דאָס פּטירה־יאָר פֿון ר׳ בנימין ראַבינאָוויץ.

ר׳ רפֿאל דערציילט אין זײַן **קונטרס עִקרי העבֿודה**, אַז צו זײַן רבינס מאָס אין לערנען איז ניט געווען קיין גרענעץ. נאָך זײַן אָננעמען ווילקאָמירער רבנות האָט ער אַפֿילו אין דיני ממונות אַלע מאָל געפּסקנט אָן געלט. זײַן ווײַב האָט געהאַט אַ קרעמל, האָט ער זי אָנגעזאָגט, אַז זי זאָל גאָרניט פֿאַרקויפֿן זײַנע תּלמידים, עס זאָל ניט אויסקומען, אַז ער האָט אַ טובֿת־הנאה פֿון זײַן תּורה. אין **גאון יעקבֿ**, יעקבֿ כּהנא (לעמבערג, תּרכ״ג) איז דאָ צום סוף, „זכרון יוסף מהרבֿ יוסף בר׳ ישׂראל איסר מווילקאָמיר״, מחבר פֿון **ביאור שיטת בין השמשות**.

ר׳ משה בר׳ יהושע־אײַזיק שאַפּיראָ, שפּעטער רבֿ אין ריגע. חיבורים: **פּני משה** (ווילנא, תּרל״ב), **פּני משה** (וואַרשא, תּרנ״ה), **ברכת משה** (פּיעטרקוב, תּרס״ט). זײַן פֿאָטער, ר׳ אײַזל חריף, אב״ד קאַלוואַריִע, קוטנע, טיקטין, סלאָנים.

ר׳ שאול בר׳ ישׂראל פּאַדוואַ, 1884 ביז 1910. פֿריִער מו״צ אין וואָראָ־נאָוואַ, ברײַנסק, פּאָלאָצק. האָט הסכּמה אויף **דבֿרי דוד**, דוד טעבֿיל (ווילנא, תּרמ״ו) און אויף **אור מתוק**, ישׂראל בנימין לבֿיא המכונה לעמפּערט (ווילנא, תּרמ״ח). דאָ ווערט אָנגעגעבן: „חונה פּה ווילקאָמיר.״ האָט הסכּמה אויף **חמדת ישׂראל**, אליהו דובֿ בהרבֿ הג׳ ישׂראל דוד מווילקאָמיר (וואַרשא, תּרס״ב) און אויף **שם הגדולים השלישי**, מ. מאַרקאָוויץ (ווילנא, תּר״ע).

ר׳ אַריה־לייב יהודה רובין, געבאָרן 1850 אין ראַדושקעוויץ. פֿריִער רבֿ אין ווידז און פֿון 1912 ביז סוף חשוון תּר״צ אין ווילקאָמיר, ווו ניפֿטר געוואָרן. האָט „דבֿרים יקרים״ אין **מקור ברוך**, נחום־ברוך גינצבורג (קידאן, תּרפּ״ח־

תּרצ״א) און אַ הסכּמה אויף **מורה דעת**, **א.צ.** קוטניק (קובֿנה, תּרפּ״ה), ווי אויך שו״ת אין י.י. וויַנבערגס **שרידי אש** (ירושלים, תּשכ״ו). זײַנע איידעמס: ר׳ יוסף כּהנימאַן, אבֿ״ד פּאָנעוועזש ובני־ברק; ר׳ אשר־קלמן באַראָן, ר״מ פּאָנעוועזש.

ר׳ יוסף בר׳ אָשר־דובֿ זוסמאַנאָוויץ, געבאָרן 1895 אין ירושלים. מו״צ אין סלאַבאָדקע, לעצטער רבֿ פֿון 1936 ביזן אומקום, הי״ד. איידעם פֿון ר׳ משה־מרדכי עפּשטיין, רבֿ און ר״מ אין סלאַבאָדקע. חיבורים: **חלקו של יוסף** (קיידאַן, תּרפּ״ו), **משפּט ירושת משׂרה** (קובֿנה, תּרפּ״ח), **תּרועת מלך** (קיידאַן, תּרצ״ז);[3]

ר׳ יעקבֿ רעזניק, לעצטער רבֿ „פֿון יענער זײַט טײַך״, הי״ד.

ראשי־ישיבֿה: ר׳ ד.וו. ראַבמאַן, ר׳ דוד־יצחק טרויב (שפּעטער אַמעריקע), ר׳ לייב יאַנאָווסקי, י.ד. גאַרטמאַן, ר׳ אליהו קרעמערמאַן, ר׳ משה גראַץ, דאָ געבאָרן 1895, אומגעקומען אָבֿ תּש״א, הי״ד. ר׳ אַלתּר ברודאָ, דאָ געבאָרן 1899, אומגעקומען אבֿ תּש״א, הי״ד.

**מו״צ אָדער מ״מ:** ר׳ אליעזר ליפּמאַן ליפּשיץ (ר׳ ליפּעלע). דאָ געבאָרן 1780. מ״מ. געלערנט **זוהר** מיט הגאון ר׳ יעקבֿ־יעקיל פּומפּיאַנער. ניפֿטר דאָ 1843. פֿאָטער פֿון ר׳ יעקבֿ הלוי ליפּשיץ; ר׳ יעקבֿ־יעקיל פּומפּיאַנער, מו״צ, שטאַמט פֿון סווענציאַן, שפּעטער רבֿ אין פּומפּיאַן [זע: הערה פֿריִער].

ר׳ חיים־יצחק־אַהרן ראַפּאָפּאָרט [לויט **עיר ווילנא:** איינגלצין], געבאָרן 1809 אין סלאָנים. פֿריִער מ״מ אין איישישאָק, דערנאָך אין ווילקאָמיר. אויף דער **הגדה** (ווילנא, 1873) זײַנען דאָ „שני ביאורים מאת הרבֿ יצחק אַהרן מ״מ דק״ק ווילקאָמיר״. 1882 עולה געווען קיין ירושלים, וווּ ניפֿטר געוואָרן 1911 [געלעבט 102 יאָר]. זיך אויך גערופֿן: ווילקאָמירער מגיד. זײַן זון ר׳ **זאבֿ־וואָלף**, 19 יאָר דיין אין ווילנע. חיבורים: **בית אַהרן** (תּר״ג), **כּתר תּורה** (תּר״ל), **מנחת אַהרן** (תּרל״ד, געדרוקט מיט דער **הגדה**), **עיני יצחק** (תּרל״ח), — אַלע ווילנא; **זקן אַהרן** (תּר״ן), **חסד ואמת** (תּרנ״א), **שח יצחק** (תּרנ״ד), **כּליל תּפֿארת** (תּרנ״ה), **מאמר קדישין** (תּר״ס), **תּקנות השבֿים** — אַלע ירושלים.

ר׳ בן־ציון, ד״צ, פֿריִער אין ראַסיין. ניפֿטר 1860; ר׳ משה־דוד כּ״ץ, מו״צ (1872); ר׳ אַלכּסנדר הכּהן קאַפּלאַן, ד״צ, בעל **שלמי נדרים**; ר׳ מאיר פֿײַוויי־שאָק; רודניצקי; ר׳ דוד תּומר, אייניקל פֿון ר׳ יעקבֿ־דוד לוריא, ר״מ אין ביאַליסטאָק.

אַרום 1800 איז דאָ געווען אַ גרויסער בעל־תּפֿילה, ר׳ זלמן בער. אַפֿילו ווילנע פֿלעגט אים פֿאַרבעטן צו זײַן חזן ימים־נוראים.

ר׳ משה־בער טאַריפֿאַני,

3) לויט אַ פּאָר מקורות, זײַנען דאָ געווען רבנים אויך: ר׳ אליהו שור. זײַן זון ר׳ יעקב הלוי שור, אב״ד קראָזש, וואָס איז געווען איידעם פֿון ר׳ יחזקאל קאַצענעלענבויגן — אויב יאָ, קען עס זײַן **פֿאַר** ר׳ רפֿאל הכּהן; ר׳ יעקבֿ סווענציאַנער, שפּעטער רבֿ אין פּומפּיאַן. אויך ער וואָלט געדאַרפֿט זײַן צווישן די גאָר פֿריע רבנים פֿון ווילקאָמיר.

קאַזיאָנער ראַבינער, אַרום 40 יאָר, ניפֿטר געוואָרן דאָ 1890 אין עלטער פֿון 70 יאָר.[4]

צווישן 1828 און 1914 זײַנען דאָ געווען 336 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

**אָפּשטאַמיקע.** — משה בר׳ יהודה־לייב „הרבֿ דווילקאָמיר״. פֿון די ניכבדי ווילנע. ניפֿטר 1807; ר׳ יונה וויל־קאָמירער בר׳ יהודה הצדיק פֿון סמאַרגאָן. ניפֿטר 1826 אין ווילנע.

אויפֿן אַלטן בית־עולם אין ווילנע איז דאָ אַ מצבֿה: אריה ליב בן הרב משה אב״ד דווילקאמיר. ניפֿטר 1830; ר׳ אהרן בר׳ שלמה סג״ל, צווישן די מסכּימים אויפֿן ש״ס סלאַוואוטע (תּקצ״ה).

ר׳ יהודה הלוי ליפֿשיץ, געבאָרן 1829. רבֿ אין פּאָדזעלווע און מערעטש. ניפֿטר 1905. חיבורים: **דרך אמונה** (תּרנ״א), **דור ישרים** (תּרנ״ח), **נחל יהודה** (תּרע״ג, תּרפּ״א). ברודער ר׳ מנחם־מענדל, אב״ד געלוואַן, שירווינט.

ר׳ יעקבֿ ליפֿשיץ, געבאָרן 1838. פֿון 1870 אין קאָוונע, וווּ ניפֿטר געוואָרן 1921. בעל **זכרון יעקבֿ**.

ר׳ יואל־זעליג זאַלקינד, געבאָרן 1839, רבֿ אין אַראַן, אַליטע, רייגראַד. בעל **בית יואל** (וואַרשא, תּרמ״ה). געדרוקט מיט **פחד יצחק**.

ר׳ אַבֿרהם ליכטענשטיין, רבֿ ומ״מ אין לידע, זאַבלודאָווע א״אַ שטעט. בעל **כּנפֿי ישרים** (תּקפּ״ט).

ר׳ אלעזר קאַצענעלענבויגן, פּרנס דק״ק האַמבורג. זיך גערופֿן ר׳ לייזער ריסער, פֿאָטער פֿון באַוווּסטן גבֿריאל ריסער.

ר׳ יעקבֿ חלפֿן ווילקאָמירער. געשאָנקען ווילנע אַ בית־תּפֿילה אויף זײַן נאָמען; ר׳ זאבֿ־וואָלף איינגלצין [ראַפּאָפּאָרט], מו״צ וד״צ 19 יאָר אין ווילנע.

ר׳ שמואל גאָלדבלאַט, 20 יאָר מנהל פֿוןביידע תּלמוד־תּורהס אין פּינסק. ניפֿטר ט׳ תּמוז, תּרנ״ו. ריזיקע לוויה; ר׳ צבֿי־הירש ראָם, בעל **ארץ הצבֿי** (ווילנא, תּרל״ה).

ר׳ אפֿרים וויטעס בר׳ ישעיה רפֿאל מווילקאָמיר, בעל **אבֿל יחיד** (וואַרשא, תּרמ״ז).

ר׳ יוסף בר׳ משה יפֿה, געבאָרן 1846. רבֿ אין פּאָקראָי, סאַלאַנט, גאָרזד, פֿון 1893 אין מאַנטשעסטער, וווּ ניפֿטר 1897. בעל **יוסף ביאור** (ווילנא, 1881), **השׂכל והיצר** (מאַנטשעסטער, תּרנ״ה), **אהבֿת ציון וירושלים** (ירושלים, תּש״ז).

ר׳ צבֿי־הירש בר׳ עזריאל וואָלק, געבאָרן 1855. רבֿ אין פּאָפּעליאַן, קאָ־סעווע, קאַפּולע, פּאָלאָצק, פּינסק, ניפֿטר 1907. ברודער פֿון ר׳ אליעזר ליפּמאַן, רבֿ אין פּאָדבערעזע, דרויע.

ר׳ אליעזר־משה־צבֿי בר׳ בנ־ימין־מאיר לאַבאַ, געבאָרן 1863. רבֿ אין פּאָצינעל.

ר׳ יהודה־לייב פֿײַן, געבאָרן

---

4) **לויט המגיד**, 1861, איז ער פֿריִער געווען רבֿ, אָבער די רעגירונג האָט געמאַכט אַן אויסנאַם פֿאַר אים, ער זאָל קענען זײַן קאַזיאָנער ראַבינער. דאָס פֿאַלט ניט צונויף מיט דער כראָנאָלאָגיע פֿון ווילקאָ־מירער רבנים.

1871. רבֿ אין פּסעטשנע (גובֿ׳ מינסק), אָשמענע, סלאָנים, ווו אומגעקומען 1941, הי״ד.

ר׳ מנחם־מענדל יהושע־לייב בר׳ אַבֿרהם לאַקשין, געבאָרן 1873. רבֿ אין מיראַהאַד, האַדיץ, קריוואַ־ראָג, פֿון 1923 אין בראָנזוויל (נ״י).

ר׳ ישׂראל־יעקבֿ בר׳ אַבֿרהם יפֿה, געבאָרן 1874. פֿון 1897 רבֿ אין מאַנ־טשעסטער (ענגלאַנד). חיבורים: **כּנסת ישׂראל** (1910), **שופֿר ישׂראל** (קידן, תּרצ״א), **הדרת ישׂראל, בכּורי ישׂראל.** ניפֿטר 1934, קבֿורה אין ירושלים.

ר׳ אפֿרים־יצחק בר׳ ברוך פּריס־קעל, בעל **כּבֿוד אַכסניא** (ווילנא, 1904), **עיקרי הדת** (ווילנא, תּרצ״ח).

ר׳ אליהו־דובֿ בהרבֿ ר׳ ישׂראל־דוד הײַלפּערין, בעל **חמדת ישׂראל** (וואַרשא, תּרס״ב), **נשמת חיים, מקוה ישׂראל.**

ר׳ שמעון־דוד בר׳ אַבֿרהם אַנאָ־ליק. רבֿ אין שאַקי, טיקטין, שעדליץ. מחבר פֿון **אמרי רש״ד, אֹרח משפּט.**

ר׳ מענדל זילבער, געבאָרן 1882. פֿון 1900 אין אַמעריקע. ראַבײַ און פֿאָרשער. אויטאָר פֿון ענגלישע ביכער,

ר׳ יעקבֿ בר׳ מרדכי מעסקין, געבאָרן 1884. רבֿ אין נאָוואָ פּראַגאַ (כערסאָנער גובערניע), בוירלינגטאָן (ווערמאָנט) און פֿון 1933 אין ניו־יאָרק. חיבורים: **בית יעקבֿ** (נ״י, תּר״ץ), **סולם יעקבֿ** (נ״י, תּ״ש), **אבֿן יעקבֿ** (נ״י, תּש״ב), **משפּט יעקבֿ** (נ״י, תּש״ו). **הדרת מרדכי.**

ר׳ טובֿיה זיסקינד מילער, געבאָרן 1884. פֿון 1909 אין ארץ־ישׂראל. ציר אין „אספֿת הנבֿחרים״. גרויסע פֿאַרדינסטן פֿאַר אויסקויפֿן ערד און גרינדן נײַע יִישובֿים. געשטאָרבן 1962 אין חיפֿה,

שׂמחה־יצחק ברוידאָ, געבאָרן 1901. עילוי פֿון ווילקאָמירער ישיבֿה. איינער פֿון די געהרגעטע בחורים אין חבֿרונער ישיבֿה בעת די אַראַבישע פּאָגראָמען אין 1929, הי״ד,

ר׳ אליהו בר׳ שמואל וואָלק, בעל **ברכּת החמה.** ניפֿטר אין ירושלים.

זלמן פּאָמעראַנץ, איינער פֿון די באַרימטסטע קינסטלערס אין רוסלאַנד, איז געבאָרן אין ווילקאָמיר. ער האָט אויסגע־פֿונען דעם מעטראָנאָם. פֿון דעם איז אַרויס אַ נײַער זייגער און אייביקער קאַלענדאַר. דער מיניסטער גראַף אַדעלבערג האָט באַשטעלט בײַ אים 50 שטיק און פֿאַרבעטן דעם קינסטלער צו קומען קיין פּעטערבורג.

מיט ווילקאָמיר האָבן אַ שײַכות: א.ב. מאַלקאָוו, **דרך אמת** (וואַרשא, 1894) און א.נ. יפֿה, **ביכּורי ניסן** (ווילנא, תּרע״ט).

דער באַרימטער וואָפֿן־מיליאָנער באַזיל זאַכאַראָוו זאָל שטאַמען פֿון ווילקאָ־מיר. 1870 האָט ער חתונה געהאַט מיט דער דאָרטיקער חיה־עלקע קאַראַלינסקי. זײַן אמתער נאָמען איז מאַנעל זאַכאַר. דאָס ווערט באַשטעטיקט דורך אַ דאָקומענט פֿון ווילקאָמירער שטאָט־פֿאַרוואַלטונג.

**שרײַבערס.** — משה זייפֿערט, געבאָרן 1851 [1845?]. פֿון 1886 אין אַמעריקע. תּחילת געשריבן פּאָפּולער־וויסנשאַפֿטלעכע אַרטיקלען, פֿעליעטאָנען און דערציילונגען אין יִידישע, העברעיִשע

און רוסישע צײַטשריפֿטן. שפּעטער אַריבער צו שרײַבן פּיעסעס און אָפּערעטעס, 47 אין צאָל, וואָס אַ טייל פֿון זיי זײַנען געשפּילט געוואָרן אויף דער ייִדי־שער בינע. האָט אויך אָנגעשריבן עטלעכע צענדליק ראָמאַנען, וואָס אַ גרויסער טייל פֿון זיי איז געדרוקט געוואָרן אין **ייִדישעס טאָגעבלאַט** (נ״י). אין ווילנע זײַנען גע־דרוקט געוואָרן זײַנע ראָמאַנען **אהבֿה בתּענוגים** (ייִדיש) און **איטעלע און גיטעלע** (1888), אין ניו־יאָרק: **וויכנע דוואָשע די שדכנטע, מגילת דרייפֿוס, תּחית המתים, קיובא אָדער די שפּאַנישע אינקוויזיציאָן פֿון 19טן יאָהרהונדערט** (3 בענד), **גראַף פּאָטאָצקי** און אַנדערע. געשטאָרבן 1922 אין ניו־יאָרק.

ישׂראל־מרדכי פּייפּערט, געבאָרן 1851. פֿון 1880 אין ענגלאַנד, שפּעטער אין דרום־אַפֿריקע. אין די יאָהאַנעסבורגער צײַטשריפֿטן געדרוקט טיילן פֿון זײַן בוך **ילקוט הפּנינים** אָדער **געקליבענע פּערל**. געשריבן אין **המליץ, הצפֿירה** א״אַ אויסגאַבעס אין פּוילן.

רפֿאל גרושקין. דאָ געבאָרן אַרום 1855. זײַן ערשטער שרײַבערישער אַרויסטריט איז געווען 1873 אין **הלבֿנון** מיט אַ סעריע אַרטיקלען וועגן צײַטפֿראַגעס (אונטערן פּסעוודאָנים „רב האגר״), אין זעלביקן יאָר אויך אין **הצפֿירה**. געשריבן אויך קריטישע אָפּהאַנדלונגען, לידער, סאַטירעס, פֿעליעטאָנען, מאמרים וועגן ביבל־וויסנשאַפֿט אין **המליץ, הגת, תּלפּיות** (באַרדיטשעוו), **לוח אחיאָסף, הגורן**. שטענדיקער מיטאַרבעטער אין טעגלעכן **היום** (פּעטערבורג). אַרויסגעגעבן אַ קליין ביכל: **תּולדות רש״י הנגיד**. געשריבן אויך אַ ביסל ייִדיש. פֿון די ערשטע חובֿבֿי־ציון און אַקטיוו אין דער באַוועגונג. געווען דעלע־גאַט צו דער גרויסער אַסיפֿה פֿון חובבי־ציון אין ווילנע אין 1889. זײַן טאָכטער לאה איז די מאַמע פֿון אַבֿרהם שטערן (יאיר), פֿירער פֿון „לוחמי חרות ישׂראל״ (לח״י).

חבֿל הורוויץ הלוי, אַרום 1864, געבאָרן, משמעות, אין ווילקאָמיר. מחבר פֿון **פֿאָלקס־מאָטיוון** (לאָנדאָן, 1923). אײן לידל הייבט זיך אָן:

דאָרט אין די וועלדלאַך
אַרום ווילקאָמיר
איז שבת אום זומער
דער גאַנצער שפּאַציער.

אַבֿרהם מוטניק, געבאָרן 1868. איינער פֿון די גרינדערס און פֿירערס פון „בונד״. פֿון 1894 אין ווילנע. עטלעכע מאָל אַרעסטירט געוואָרן פֿאַר רעוואָלוציאָ־נערער אַרבעט. רעדאַקציע־מיטגליד פֿון די בונדישע אויסגאַבעס אין זשענעווע. אַרויסגעגעבן אַנאָנים מערערע בונדישע בראָשורן. לעצטע יאָרן געלעבט אין בער־לין, ווו געשטאָרבן אין 1930.

עקיבֿא גאָלענפּאָל. צווישןביידע וועלט־מילחמות געלעבט אין ווילקאָמיר. דאָרטן געווען העברעיִשער לערער אין דער ייִדישער קאָמערץ־גימנאַזיע. געשריבן אויף פֿאָלקלאָריסטישע טעמעס אין קאָוונער **אידישע שטימע, פֿאָלקסבלאַט** און אין **הד ליטא**. מחבר פֿון **לקסיקון הפֿולקלור העבֿרי** (קובֿנה, 1937). געשטאָרבן 1938 אין קאָוונע.

אַלעקסאַנדער זעלדאָוו־ניעמאַנ־סקי, געבאָרן 1873. האָט אַ סך געשריבן וועגן „בונד“ און אַרבעטער־ענינים אין ייִדיש און רוסיש. האָט רעדאַקטירט די ערשטע בונדישע געדרוקטע צײַטונג **דיא אַרבייטער שטיממע** (1897). ביכער: **די געשיכטע פֿון דער פּאַריזער קאָמונע** (זשענעווע, 1905), **ערצעהלונגען פֿון דער פראַנצויזישער געשיכטע** (וואַרשע, 1906), און עטלעכע בראָשורן. געשטאָרבן 1924 אין לענינגראַד.

מאיר־אַלטער גאַנצער, געבאָרן 1879. געשריבן אַרטיקלען אין העברעיִשע און ייִדישע אויסגאַבעס: **המליץ, הצפֿירה, העולם, דער יוד, הײַנט, מאָמענט** און אַנדערע. מחבר פֿון דער בראָשור **דער היסטאָרישער מאָמענט** (בערלין, 1919). געשטאָרבן 1940 אין תּל־אָבֿיבֿ.

ס. באַרנעט, געבאָרן 1879. פּראָפֿעסאָר פֿאַר לאַנדווירטשאַפֿטלעכער כעמיע. אויטאָר פֿון ענגלישע ביכער וועגן וויטאַמינען.

מאָריס טוביִאַש, געבאָרן, 1880. פֿון 1906 אין באָסטאָן. געשריבן אין אַנאַרכיסטישע צײַטונגען. אַרויסגעגעבן (מיט ז. אָסיפּאָוו) **צוריק צום שורש** (באָסטאָן, 1948). געשטאָרבן 1951 אין באָסטאָן.

משה זעלדאָוו, געבאָרן 1901. פֿון 1923 אין פּאַריז. לאַנגיאָריקער מיטאַרבעטער און מיטרעדאַקטער פֿון דער קאָמוניסטישער טאָגצײַטונג **די נײַע פּרעסע** (פּאַריז). געשטאָרבן 1951 אין פּאַריז.

צבֿי טאַבאָרי, געבאָרן 1904. פֿון די 1930ער געלעבט אין אַמעריקע. זינט 1949 דירעקטאָר פֿון תּורה־דעפּאַרטאַמענט ביי דער ייִדישער אַגענץ אין ניו־יאָרק, געדרוקט אַרטיקלען וועגן רעליגיעזע און ייִדיש־נאַציאָנאַלע ענינים אין ייִדישע און העברעיִשע צייטונגען און צײַטשריפֿטן.

כאַצקל פּראַקער, געבאָרן 1923. אָנגעהויבן צו שרײַבן לידער צו 13 יאָר. שוין דעמאָלט אַרויסגעוויזן זײַנע פּאָעטישע כּשרונות, אָבער איז דערטרונקען געוואָרן צו 16 יאָר. אין 1933 איז אַרויס אין וויל־קאָמיר אַ זאַמלונג פֿון פּראַקערס לידער א״נ **נאָכן צענטן יאָרצײַט**.

דוד־וועלוול מאיראָוויטש, גע־באָרן 1908. דיכטער. געשריבן לידער אין די קאָוונער זאַמלביכער **טויערן**, **בלעטער** און אַנדערע. אויטאָר פֿון **אונטער דער זון** (1935), **און קומען וועט דער טאָג** (1940) — ביידע קאָוונע. אומגעקומען 1941 אין ווילקאָמיר, הי״ד.

יעקבֿ רוביק, געבאָרן 1917. ייִדישער זשורנאַליסט. לעבט אין יאָהאַנעס־בורג.

רבקה באַסמאַן, געבאָרן 1925. דיכטערין. דורכגעמאַכט ווילנער געטאָ. פֿון 1949 אין ישׂראל. לידערביכער: **טויבן בײַם ברונעם** (1959), **בלעטער פֿון וועגן** (1967)), **ליכטיקע שטיינער** (1982), **צע־שאָטענע קרעלן**, **אָנרירן די צײַט** (1988) — אַלע תּל־אָבֿיבֿ. לעבט אין ישׂראל.

הערש דובינסקי, דאָ געבאָרן. עמיגרירט קיין באָסטאָן. געדרוקט דערציי־לונגען אין דער ייִדישער פּרעסע. מחבר פֿון **דיא אידישע גאַס** (באָסטאָן, 1908).

**קאָרעספּאָנדענטן, מאמריסטן.** — **המליץ:** אַבֿרהם שטערמאַן, בנימין־משה בוזאָווסקי, ישׂראל בוקאַנץ, נתן־נטע געל־ווינסקי, אליהו־יצחק דאַנציג (עמיגרירט קיין דרום־אַפֿריקע), נחום־דובֿ גאַרב, מ.ז. הורוויץ, מ. ווײַנער. משה זייפּערט, סעריע אַרטיקלען „תּולדות חכמת הרפֿואה״; יהודה זילב, אַלכּסנדר זעלדאָוו, ישעיה טווערסקי, א. מאירובֿיץ, יצחק נאָלמאַן, בנימין־יוסף לעווינזאָן, יהודה־זאבֿ ציפּעס, אַריה־לייב קאַמײַ, שלמה־זלמן קויפּמאַן (= ש.ז.ק, ש.זק״ן), ש.ז. סוחר (= ס־ר).

**הכּרמל:** משׂכּיל בוזאַנסקי, שמו־אל פּאָגעלעוויץ; **הצפֿירה:** אַריה־לייב פֿרידמאַן, (אַרטיקל, 1874), ב.י. לעווינסאָן, צבֿי־הירש פּאָגעלעוויץ; **המגיד:** זאבֿ גינצ־בורג, מ.א. שוידינישקי: **יודישעס פֿאָלקס־בלאַט:** מרדכי ווײַסברויד, יצחק לאָס (1887: 18).

אויפֿן **המגיד** זײַנען געווען 30 אַבאָנענטן.

**ניכבדים.** — ר׳ אַהרן קלאַצקי. ווען ער איז ניפֿטר געוואָרן אין 1886, אין עלטער פֿון 86 יאָר, האָט מען געשריבן וועגן אים: „הרבֿ הישיש והנכבד ושמו יוצא לתּהלה בכל ערי ליטא וזאַמוט.״ ער האָט זיך אײַנגעשטעלט, אַז מען זאָל ליליענ־בלומען ניט יורד לחיים זײַן.

ר׳ אַהרן קויפּמאַן, ערשטער שווער פֿון חנוך־העניך שערעשעווסקי, אבֿ״ד סאַלעצניק.

ר׳ עזריאל וואָלק, ניפֿטר געוואָרן 1896; ר׳ אַברהם זילבער, געווען א „מנין״ אויף זײַן נאָמען.

ר׳ דובער אפֿרתי, פֿון דער מישפּחה פֿון ר׳ מענדל ליובאַוויטשער, בעל „צמח צדק החדש.״

ר׳ יוסף־אליהו קלאַצקי, למדן, דאָ געבאָרן. ניפֿטר 1886 אין קורסק.

ר׳ ברוך מוט, 1895 געהאָלפֿן בויען כּולל קאָוונע.

ר׳ שמואל וואָלק, זײַן טאָכטער פֿרוי פֿון הגאון ר׳ יצחק בלאַזער (ר׳ איצעלע פּאָנעוועזשער); ר׳ ראובֿן זילבער, אַגענט פֿון **הפּלס.**

אַדוואָקאַט שמעון פּאָטרוך (1899); בן־ציון שאַפּיר, ישעיהו שאַפּיר, שמואל פֿייגעלאָוויץ, ד״ר ברוידע.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — זֵכר צדיק, אליעזר קאצענעלענ־באָגען. אַלטונא, תּקס״ה); המגיד, 1859: 47, הוספֿה; 1861: 11; 1866: 22; הכּרמל, תּרכ״ו: 10, 22; המגיד, 1867: 20; המליץ, 1868: 2, 26; 1871: 7; ד״ט אפֿרתי, תּולדות אנשי שם. וואַרשא, תּרל״ה, 29, 53; הצפֿירה, 1877: 28.

ש״י פֿין, שׂפֿה לנאמנים. ווילנא, תּרמ״א, ע׳ 138; שפֿ״ר׳ס כּנסת ישׂראל. וואַרשא, תּרמ״ו, ע׳ 1126; י.ל. ראָזענטהאַל, תּולדות חבֿרת מרבי השׂכּלה בישׂראל, א׳. פּטרבורג, תּרמ״ו, ע׳ 118; המליץ, 1886: 175, 192; המאסף, וואַרשא, תּרמ״ז, ע׳ 23; א. אפֿרתי, דור ודורשיו. ווילנא, תּרמ״ט, ע׳ 57; המליץ, 1890: 14, 73.

ח. בראַווערמאַן, אנשי שם, א׳. וואַרשא, תּרנ״ב, ע׳ כ״א, כ״ג; אגרות יל״ג, כּרך ב׳, ח׳ ג׳. וואַרשא, תּרנ״ה, ע׳ 170; לוח אחיאָסף, תּרנ״ח, ע׳ 342; ספֿר הזכרונות לסיר משה מונטפֿיורי. וואַרשא, תּרנ״ט; המליץ, 1900: 33; ש.י. יאַצקאַן, רבנו אליהו מווילנא. וואַרשא, תּר״ס, ע׳ 108; צבֿי־הירש קאַלפּ (ליפֿשיץ), מדור לדור. וואַרשא, תּרס״א, ע׳ 111, 113, 115.

המליץ, 1903: 19; הצפירה, 1904: 163; מרדכי בן הלל הכהן, מערב עד ערב, א׳. ווילנא, 1904, ע׳ 245; אַבֿרהם בר׳ אליהו, סערת אליהו, וואַרשא, 1914, ע׳ 40; י. לעווינשטיין, דור ודור ודורשיו. וואַרשא, 1914, ע׳ 40; מאַטעריאַלי דלאַ איסטאָרי יעווריייסקאָגאָ ראַבאָטשעגאָ דוויזשאַניע וו׳ ראָסי, נ.א. בוכבינדער. מאָסקווע, 1923, זז׳ 10, 14.

יעקבֿ ליפֿשיץ, זכרון יעקבֿ, פֿרנקפֿורט־קובֿנה, 1924־1930, ח״א, ע׳ 30, 133; ח״ב, ע׳ 49, 51; אידישע שטימע, 1924: 1583; קרית ספֿר, ירושלים, תּרפ״ד־תּרפ״ה, ע׳ 68; ברוך עפשטיין, מקור ברוך, ב׳, תּרפ״ח, ע׳ 1024; כּתבֿי יל״ג, ת״א, תּרפ״ח, ע׳ 18; יזכּר, א.צ. ברזין, ירושלים, תּר״ץ, ע׳ 106; ד.מ. ליפמאַן, לתּולדות היהודים בקובֿנה וסלבודקה, קידאַן, תּרצ״א, ע׳ 144. אידישע שטימע, 1933: 4296; 1934: 4838;

ישׂראל קלוזנר, קורות בית־העלמין הישן בווילנה. ווילנה, תּרצ״ה, נומ׳, 15; ש. גינזבורג, היסטאָרישע ווערק, נ״י, תּרצ״ז, ב׳ II, ז׳ 191, 255; ספֿר האישים, ת״א, תּרצ״ז, ע׳ 80; כּל כּתבֿי דוד פֿרישמאַן. ורשה, תּרצ״ח, ע׳ ל״ה; 1000 יאָר פינסק. נ״י, 1941. ז׳ 255; מ.מ. ישר, דאָס לעבען און שאַפֿען פֿון חפץ חיים. נ״י, תּש״ו, ז׳ 250; ערים ואמהות בישׂראל, ב׳. ירושלים, תּש״ח. ע׳ 32, 42, 56;

י. שאַצקי, קולטור־געשיכטע פֿון דער השׂכּלה אין ליטע. ב״אַ, 1950, ע׳ 19; רפֿאל נתן נטע רבינובֿיץ, מאמר על הדפסת התּלמוד. ירושלים, תּשי״ב, ע׳ רס״א; י.ל. מַימון, תּולדות הגר״א. ירושלים, תּשט״ו, ע׳ קכ״ג; מוסדות תּורה באירופּה. נ״י, תּשט״ז, ע׳ 12; דורות בונדיסטן, I. נ״י, 1956, ז׳ 122, 192, 335; סיני, תּמוז תּשי״ח, ע׳ רמ״ב; ר׳ משה שמואל ודורו. נ״י, תּשכ״ד, ע׳ 103. י.ד. קמזונס יהדות ליטא; כּל כּתבֿי מל״ל, ע׳ 167;

עיר ווילנא, ע׳ 32, 41, 84, 107, 145, 277, 289; קריה נאמנה, ע׳ 158, 212, 276; תּולדות אַנשי שם (ראַנד), ע׳ 44, 87; אהלי שם, ע׳ 131, 147, 466; דורות האחרונים, ב׳, 15, 111, 173; שם הגדולים החדש, ע׳ 16; חלקת מחוקק, ט׳; יהדות ליטא, ג׳; ג. קרסל, 1, 2; לעקסיקאָן, 1, 2, 3, 4, 5, 7; ב. כּהנס לעקסיקאָן, ז׳ 54, 355; ספֿר הפרענומעראַנטן, נומ׳ 2818.

J. Meisel, Haskalah. Berlin, 1919, p. 14; Jewish Encyclopedia, X. p. 303; Black Book.

# ווילקי VILKIJA

קאָוונער קרײַז. דער ייִדישער ייִשובֿ האָט זיך אָנגעהויבן אַרום מיטן 18טן יאָרהונדערט. אַרום 1790 איז שוין דאָ געווען אַ רבֿ.

דעם 20סטן מערץ 1792 האָט קעניג סטאַניסלאַוו אויגוסט באַשטעטיקט די מאַגדעבורגער רעכט פֿאַר ווילקי, וואָס אירע תּושבֿים האָבן שוין געהאַט אַ צײַט פֿריִער.

צאַר פּאַוול דער ערשטער האָט 1791 אָפּגעגעבן ווילקי און די אַרומיקע דערפֿער צו דער גרעפֿין מאַריאַנא זאַבעלאָ. די פּויערים האָבן זיך קעגנגעשטעלט, זײַנען געוואָרן ווידערשפּעניק, און בראש פֿון זיי האָט זיך געשטעלט אַ ייִד פֿון דער געגנט מיטן נאָמען אַבֿרהם מאַרקוס (די פּויערים האָבן אים גערופֿן: אַבֿרהם לייבאַ מאָרדכוי־לאָוויטש).

1819 איז מאַרקוס מיט אַן אָר־טיקן פּויער אָפּגעפֿאָרן קיין פּעטערבורג זיך

משתּדל זײַן פֿאַר די רעכט פֿון די פּויערים. 1823 האָט דער סענאַט באַשלאָסן איבער־צוגעבן דעם גאַנצן ענײן צו דער אָרטיקער מאַכט, וואָס האָט געשיקט פּאָליציאַנטן צו אַרעסטירן מאַרקוסן. די פּויערים האָבן זיך אײַנגעשטעלט פֿאַר מאַרקוסן מיט פֿלעקע־נער, אפילו מיט געווער, און ניט געלאָזן אים אַרעסטירן, אָבער שפּעטער האָבן זיי אים דאָך געכאַפּט און אים פֿאַרשיקט אויף סיביר. אַבֿרהם מאַרקוס איז געווען דער ערשטער ייִדישער פּאָליטישער קעמפֿער פֿאַר די אינטערעסן פֿון די ליטווישע פּויערים.

מאַרקוס איז פֿריִער געווען אַ ליוועראַנט פֿאַר דער פּרײַסישער אַרמיי. 1812 האָט ער געשפּיאָנירט די פֿראַנצויזן פֿאַר רוסלאַנד. אַ דאַנק זײַנע פֿאַרבינדונגען, האָט ער 1814 באַקומען אַ בריוו פֿון גענעראַל־גובערנאַטאָר אין וואַרשע, אַז ער „שטייט אונטער דער באַזונדערער שוץ פֿון זײַן מאַיעסטעט.‟ דאָס האָט אָבער ניט געהאָלפֿן אָפּצושרײַען דעם באַפֿעל אים צו פֿאַרשיקן קיין סיביר.

*

ווילקי ליגט לעבן ניעמאַן. פֿון מיטן 19טן יאָרהונדערט ביזן ערשטן וועלטקריג האָבן טייל ייִדן געהאַט פּרנסה פֿון איבערשיפֿןביימער און קלעצער פֿון קאָוונער און ווילנער גובערניעס קיין דײַטשלאַנד. דאָס אָפּרײַסן ווילנע פֿון ליטע האָט זיך אָפּגערופֿן זייער שלעכט אויף דער ייִדישער עקאָנאָמיק אין ווילקי.

אַז די אָרטיקע ייִדישע עקאָנאָמיק איז ניט געווען קיין געזונטע, באַווײַזט דער פֿאַקט, אַז אין 1886 זײַנען אין אַזאַ קליינעם מקום געווען גאַנצע 10 טראַקטירן. דאָס האָט אויך אַרויסגערופֿן שטאַרקע פּראָטעסטן מצד דער ליטוויש־רוסישער אינטעליגענץ. זײַנען טאַקע אַלע ייִדישע טראַקטירן פֿאַרמאַכט געוואָרן, אָבער פֿאַר ייִדן איז דאָס געווען אַ קלאַפּ.

בדרך כּלל האָבן ייִדן זיך פֿאַר־נומען מיט מיסחר, קרעמערײַ, מלאכה, אַ צאָל ייִדן האָבן געניצט בײַשטוביקעווירט־שאַפֿט — גאָרטן, עופֿות, סעדערײַ — ווי אַ צוגאָב צו חיונה.

אין 1923 האָבן דאָ געוווינט 829 ייִדן, פֿאַרן חורבן — בײַ 400.

אין די 1880ער יאָרן זײַנען ייִדן באַפֿאַלן געוואָרן פֿון צײַט־צו־צײַט אויסן שטאָט. דער ייִדישער מילנער איז געהרגעט געוואָרן דורך פּויערים. דער רבֿ האָט אויסגערופֿן אַ תּענית אויף גאַנץ שטעטל.

אין יענע יאָרן איז דאָ געעפֿנט געוואָרן אַ ישיבֿה. תּחילת האָבן דאָרטן געלערנט אויך ייִנגערע תּלמידים. די ישיבֿה האָט זיך עטלעכע מאָל פֿאַרמאַכט און מען האָט זי סוף־סוף פֿאַרקלענערט און איבערגעלאָזן נאָר די עלטערע בחורים. מען האָט עס גערופֿן „קיבוץ‟.

אין 1890 איז געשאַפֿן געוואָרן אַ תּלמוד־תּורה, ווו עס האָבן געלערנט 50 תּלמידים. דער הויפּט־אויפֿטוער — ר׳ דוד ראַקאָווסקי.

אין 1898 האָט א. גראָסמאַן

איינגעשטעלט אַ סדר אין דער מעטרי־קאַציע. ז. קאַלענדאַר האָט אויפֿגעשטעלט אַ „תּפֿארת בחורים״, ווו ער האָט געלערנט תּנ״ך און ייִדישע געשיכטע.

דער גירוש־ליטע פֿון מיי 1915 איז דאָ דורכגעפֿירט געוואָרן מיט גרויס אַכזריות. אַ גוססע פֿרוי, ווילענטשיק, איז אַרויפֿגעלייגט געוואָרן אויף אַ פֿור, ווו זי איז אַ פּאָר שעה שפּעטער אויסגעגאַנגען. פֿאַר אַ צווייטער ייִדישער פֿרוי, פּעסע פֿישעלעוויטש, האָט איר מאַן געבעטן פּאָליציי אים צו לאָזן כאָטש ביז איר יציאת־נשמה — דעם מאַן האָט מען אַרויסגעטריבן מיט אַלע ייִדן און די פֿרוי איז געבליבן איינע אַליין צו שטאַרבן.

*

אין 1898 איז דאָ געשאַפֿן געוואָרן „אגודת חובֿבֿי ציון,״ אַ דאַנק דער דרשה פֿון אָרטיקן משׂכּיל אָשר אָשע־ראָוויץ.

חיבת־ציון האָט דאָ געהאַט אַ סך חסידים. פֿאַראַן אַ ריי רשימות פֿון ווילקי־ער בײַשטײַערערס פֿאַר בניין הארץ: פֿון 1898 (דרײַ), 1900, 1903 און אַנדערע יאָרן. מורשים: א. יאַדלאָוויץ, אַבֿרהם־חיים ווערצלאָווסקי, העלמאַן, קלמן טריוואַש (רבֿ׳ס זון). דעלעגאַטן צו דער ציוניסטישער קאָנפֿערענץ אין ווילנע (1900) זײַנען גע־ווען: אָשר אָשעראָוויץ, ראובֿן־אַריה העלמאַן.

ווילקיִער חובֿבֿי־ציון און ציוניס־טן האָבן פֿאַרעפֿנטלעכט אין **המליץ** (1903) אַ פּראָטעסט קעגן אַרײַננעמען קולטור־אַרבעט אין דער טעטיקײַט־פּראָגראַם פֿון דער אַלוועלטלעכער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. געחתמעט: ראובֿן־אַריה העלמאַן, י״מ שלום, דובער יאַדלאָוויץ, חיים אַראָן, מרדכי ווערבלונסקי, שלמה פֿרידמאַן, א. ווילענציק, א״ז לוטערמאַן, י״ש בערמאַן, י״י שו״ב, יצחק ווילענציק, ח״ר ווילענציק.

**רבנים.** — ר׳ דוד בר׳ משה־מרדכי קאַצענעלענבויגן, אַרום 1790. **נאָך** אים זײַן ברודער ר׳ נחום און אייניקל ר׳ מרדכי.

ר׳ יהושע־העשל עליאַשזאָן, געבאָרן 1799 אין יאַנעווע. פֿריִער רבֿ אין שאַקי, יאַנעווע, זעזמער, **נאָך** ווילקי אין סוועניציאַן, פֿון 1867 אין סייני, ווו ניפֿטר געוואָרן אין 1874. געהאַט אַ פֿענאָמענאַלן זיכּרון, דעריבער האָט מען אים גערופֿן „ר׳ העשל די אײַזערנע קאָפּ״. געווען אַ שאַרפֿער קעגנער פֿון דער מוסר־באַוועגונג. ווען ר׳ ישׂראל סאַלאַנטער פֿלעגט קומען ערגעץ האַלטן דרשות וועגן מוסר, פֿלעגט ר׳ העשל קומען אַהין און אַרויסטרעטן קעגן, אָפֿט גלײַך נאָך ר׳ ישׂראלן.

ר׳ גבֿריאל בר׳ אַריה פֿײַנבערג, געבאָרן 1825 אין באַלבירישאָק. אין ווילקי 6 יאָר, דערנאָך רבֿ אין סאַלאַנט, סלאַבאָדקע, מעמל, ווו ניפֿטר געוואָרן 1905. בעל **באר רחובֿות** (בערלין, תּרנ״ג, געדרוקט מיט **חושן משפּט**).

ר׳ חנוך־זונדל ראַפּאָפּאָרט, אין 1872; ר׳ אַריה־לייב־דובער בר׳ צבֿי־הירש

וואָלפּערט, געבאָרן 1840. פֿון 1873, שפּעטער אין גרינקישאָק.

ר׳ הלל־דוד טריוואַש, געבאָרן 1841 אין ווילנע. פֿון 1875. רעדאַקטאָר פֿון **הפסגה**, אַ זשורנאַל צו באַקעמפֿן די השׂכּלה. 1906 איז אויך פֿאָרגעקומען אַ רבנים־אַסיפֿה אין ווילקי, כּדי צו זוכן מיטלען קעגן השׂכּלה. חיבורים: **ונגש הכּהן** (ווילנא, תּרמ״ב), **עבֿודת הכּהן** (וואַרשא, תּרמ״ט), **עדן גנים** (ווילנא, תּרנ״א), **פּרץ נבֿעה** (ווילנא, תּרנ״ט). ניפֿטר 1921 אין ווילקי. ר׳ הללס איידעם, ר׳ אַבֿרהם זאַק־היים, אבֿ״ד לייפּון און וואָליאַ (גראָדנער גובערניע).[1]

ר׳ אַבֿרהם־אַבא בר׳ דוד ראָזען, געבאָרן 1856. שפּעטער רבֿ אין צאַריצין, ראָטשעסטער, ניו־הייוון, ווו ניפֿטר געוואָרן אין 1915.

ר׳ ישׂראל בר׳ יצחק איזאַקסאָן, געבאָרן אין דאָרף זיקיבראַק (לעבן מיר). אַ קורצע צײַט דאָ רבֿ, פֿון 1902 — קוידע־נעוו, 1907 — ניו־יאָרק. פֿון 1909 ר״מ און משגיח אין ישיבֿה־אוניווערסיטעט אין נ״י.

ר׳ שמואל־יוסף שוהם. פֿון 1891 רבֿ אין דאַרשונישאָק, דערנאָך אין ווילקי, ווו אומגעקומען אין 1941, הי״ד. זײַן זון ר׳ יחיאל־דובֿ, געבאָרן 1891 אין דאַרשוני־שאָק, רבֿ אין ספּרינג־וואַלי, שפּעטער אין באַלטימאָר.

ר׳ אַבֿרהם בר׳ יצחק־דוד איז דאָ געווען ראש־ישיבֿה; ר׳ דוד־טעבֿיל בר׳ אלחנן דײַנאָווסקי, דאָ געבאָרן 1865, דומ״ץ אין ווילקי פֿון 1886, פֿון 1893 — ר״מ אין לאָמזשע, 1903 — אבֿ״ד ור״מ אין מאַלטש (גראָדנער גובערניע); ר׳ דוד־טובֿיה ראַקאָווסקי, פֿון אָנהייב 1890ער דאָ מו״צ.

צווישן 1842 און 1898 זײַנען געווען 138 ווילקיער פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

ר׳ קלמן טריוואַש, דאָ געבאָרן 1882. מו״צ אין אַ פֿאָרשטאָט פֿון מינסק, שפּעטער אין ניו־יאָרק.

**שרײַבערס.** — בנימין־נחמן סילקינער, געבאָרן 1882. פֿון 1904 אין אַמעריקע. העברעיִשער דיכטער. געדרוקט לידער אין אַ סך העברעיִשע צײַטשריפֿטן. מחבר פֿון דער פּאָעמע **מול אוהל תּמורה** (ירושלים, תּר״ע). **שירים** (נ״י, תּרפּ״ז). מיטמחבר פֿון **מילון אנגלי־עבֿרי** (נ״י, תּרפּ״ט). איבערגעזעצט אויף עבֿרית שעקספּירס **מאַקבעט** (וואַרשא, תּרצ״ט). געשטאָרבן 1933 אין נ״י.

משה ירדני, געבאָרן 1887. געשטאָרבן 1960 אין תּל־אָבֿיבֿ.

חיים יעלין, געבאָרן 1913. געדרוקט דערציילונגען און אַרטיקלען אין די קאָוונער **פֿאָלקסבלאַט, בריקן, בלעטער און ווילנער עמעס**. געווען קאָמאַנדיר פֿון די יידישע פּאַרטיזאַנער אין קאָוונער געטא

---

1) אין ווילקי איז געווען רבֿ ר׳ אליעזר־שאול שאולזאָן, פֿריִער רבֿ אין ציזעווע און נאָך ווילקי אין ראמסגייט (ענגלאַנד), אָבער מיר ווייסן ניט די צײַט פֿון זײַן היגער רבנות.

און אין וואַלד. 1944 געפאַלן אין קאַמף מיט געשטאַפּאָ אויף אַ קאָוונער גאַס, הי״ד.

משה־חיים פּרענק, געבאָרן 1914. געשריבן סקיצן און דערציילונגען אין קאָוונער **פאָלקסבלאַט**. דאָרטן געדרוקט אין המשכים זײַן ראָמאַן **בײַ די ברעגן פון ניעמאַן** (1934). נאָכן צווייטן וועלטקריג ניטאָ קיין ידיעות וועגן אים.

**קאָרעספּאָנדענטן: המליץ:** אָשר אָשעראָוויטש, יוסף־טוביה קויפמאַן, טוביה־חיים שוואַרץ, יקותיאל, ראַווין[?]. **הצפירה:** צ.א. שוואַרץ. **הפסגה:** ראובן אַריה־לייב העלמאַן פלעגט דאָרטן שרײַבן אויף מכתמים און באורי־מקרא. משה ראָזען האָט דאָרטן געשריבן חידושי־תורה.

**ניכבדים:** — שלמה מאַרקסאָן, פּאָטער פון העברעיִשן פּאָעט ב.נ. סילקי־נער; לייב ראַבינאָוויטש, יוסף־אליעזר סאַמעט, יעקב בר׳ מאיר שאַפּיראָ — אין די 1890ער.

**ביבליאָגראַפיע.** — המגיד, 1872: 20; המליץ, 1898: 4, 9; הצפירה, 1898: 223; המליץ, 1900, 41, 1903: 36, 136; לוח אחיאסף, תרס״ג, ע׳ 37; ספר היובל של אגודת הרבנים האורטודוקסים בארצות־הברית וקנדה. נ״י, תרפ״ח, ע׳ קל״ח; קלמן טריוואַש, בעקבות הפסגה. נ״י, תרפ״ט; בית־הכנסת, ת״א, תש״ח, גל׳ כ״ה־כ״ז.

תולדות אנשי שם (ראַנד), נ״י, תש״י. ע׳ 133; אַ. צנציפר, פעמי הגאולה, ירושלים, תשי״ב, ע׳ 49; י.ל. מימון, למען ציון לא אחשה. ירושלים, תשט״ו, ב׳, ע׳ 2, 57, 65; היסטאָרישע שריפטן, III. ז׳ 780; ליטע, I, ז׳ 98; ג. קרסל, 2; לעקסיקאָן, 4, 7; דורות האחרונים, ב׳, ע׳ 320; אהלי שם, ע׳ 34, 91, 114, 303, 306, 355; ד.מ. ליפמאן, ע׳ 193; חכמי ישראל באַמריקא, ע׳ 27; עיר ווילנא, 116; יזכור־בוך סואוואַלק, ז׳ 174; יהדות ליטא, ג׳; ספר הפרענומע־ראַנטן, נומ׳ 2819.

P. Klimas, Ghillebert de Lahnoy in Medieval Lithuania, N.Y. 1945, p. 50; Black Book.

## AUKŠTADVARIS ווייסאָקי־דוואָר

טראָקער קרײַז. אַן אַלט אָרט אין ליטע. שוין 1516 האָט דער מקום געקראָגן רעכט פון אַ שטאָט. אַ מצבה אויפן בית־עולם איז פון תק״כ (1760), קען מען משער זײַן, אַז דער ייִדישער יישוב דאָ איז פון אַרום אָנהייב 18טן יאָרהונדערט. אין 1923 האָבן דאָ געלעבט 297 ייִדן, פאַרן חורבן — אַרום 250.

צו די געוויינלעכע ייִדישע פּרנ־סות איז צוגעקומען די בײַשטוביקע ווירט־שאַפט, וואָס בײַ די מערסטע אָרטיקע ייִדן איז דאָס געווען אַ טייל פון זייער באַלעבאַטישקייט.

אין די 1880ער יאָרן איז דערבײַ געווען אַ גאַרניזאָן מיט מערערע ייִדישע סאָלדאַטן. דאָס איז געווען אויך אַ מקור פון פרנסה פאַר די אָרטיקע ייִדן. ערב אַ יום־טוב פלעגן די ייִדישע סאָלדאַטן זײַן אורחים אין פאַרשיידענע ייִדישע הײַזער. אין **המליץ** (1891) איז געדרוקט אַ דאַנק פון אַ סאָלדאַט פאַר דעם. אין פריִערדיקע יאָרן, אין 1886, פלעגט מען אײַנאָרדענען אַן

אַלגעמיינעם מאכל כשר פֿאַר די יידישע סאָלדאַטן אין גאַרניזאָן.

ווען אָנהייב ערשטן וועלטקריג ווערט דערציילט אַן אמתע מעשׂה שהיה: ווען עס זײַנען אויסגעבראָכן די ערשטע שלאַכטן, האָבן די אָרטיקע יידן געשיקט אַ טעלעגראַמע צום קייסער מיט אַ ווונטש, אַז רוסלאַנד זאָל האָבן אַ ניצחון איבערן שׂונא. דער רבֿ האָט דורכן גובערנאַטאָר געקראָגן אַן אָפֿיציעלן דאַנקבריוו פֿון קייסער. בײַם רבֿ אין אַ צימער איז געהאַנגען דער בריוו, אײַנגעפֿאַסט אין אַ גלאַנציקער ראַם.

ווען רוסישע אָפֿיצירן זײַנען געקומען סעקוועסטרירן דאָס הויז פֿון רבֿ, האָט דער רבֿ געבעטן צו לאָזן איין צימער לײדיק. די אָפֿיצירן האָבן געוואָלט באַשטראָפֿן דעם „ראַבין" פֿאַר אַזאַ חוצפּהדיקער בקשה, אָבער ווען זיי האָבן געזען דעם קייסערס בריוו אויף דער וואַנט, האָבן זיי נאָכגעגעבן דעם רבֿ. די אָפֿיצירן האָבן שוין ניט געצוווּנגען די יידן צו פֿאַרלאָזן דאָס שטעטל. צוליב די שלאַכטן זײַנען די יידן אַליין אַוועק, און אויף זייער וואָגלוועג האָט דעם קייסערס בריוו זיי ניט איין מאָל געהאָלפֿן.

*

די באַציִונג פֿון וויסאָקי־דוואָרער יידן צום בניין ארץ־ישׂראל אין די צײַטן פֿון חיבת־ציון און שפּעטער שפּיגלט זיך אָפּ אין די רשימות פֿון בײַשטײַערערס פֿאַר דעם: אין המליץ, 1899, 1903. רשימת הנדבֿות, 1914. ווי עסקנים אָדער מורשים ווערן אָנגעגעבן: אַריה־אליהו אַבראַמאָוויץ, בן־ציון קאַצענעלענסאָן, דן־ישעיה כּהן — 1899; פּ. עפּשטיין — 1914.

אין דער ציוניסטישער קרײַז־קאָנפֿערענץ פֿון 1899 אין ווילנע איז ווי־סאָקי־דוואָר געווען פֿאַרטראָטן מיט איין דעלעגאַט. 1902 האָט מען פֿאַרקויפֿט 62 שקלים.

אין מילחמת־השחרור פֿון ישׂראל אין 1948 איז געפֿאַלן אַריה־אליהו אַבראַ־מאָוויץ (מסתּמא אַן אייניקל פֿון אויבן דערמאָנטן), געבאָרן דאָ אין 1920.

**רבנים.** — ר' ראובֿן בר' שמעון ברא"ז, געבאָרן 1875. דאָ רבֿ פֿון 1900 ביז 1933, ווען עולה געווען קיין ארץ־ישׂראל. דער נאָמען שטאַמט פֿון די ראשי־תּיבֿות פֿון באַוווּסטן גאון פֿון דער מישפּחה ר' אלכּסנדר זיסקינד, בעל **יסוד ושורש העבֿודה** — ב' ר' א' ז'.

ר' מרדכי ראַבינאָוויץ, פֿריִער ר"מ אין טעלז; ר' אַהרן יעלינאָוויטש, הי"ד. פֿריִער אין סורווילישאָק.

נתן בר' יואל גרינוואַלד, גבֿיר, משׂכּיל, עסקן אין די 1890ער.

פּרץ בושאַצקי האָט געשריבן קאָרעספּאָנדענציעס אין **הצפֿירה**.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המליץ, 1891: 56; 1899: 214; 1903: 32; הצפֿירה, 1897: 218; יזכּור, ירושלים, תשט"ז; פּנקס „יעקאַפּאָ", ז' 361; אהלי שם, ע' 63, 204; „ליטע", I. ז' 111; יהדות ליטא, ג'.
Black Book.

## ווישאָקע־רודע VIŠAKIO RŪDA

אַ קליין שטעטל אין מאַריאַמפּאָלער קרײַז. ייִדן האָבן דאָ געלעבט פֿון מיטן 1850, און גיכער נאָך פֿריִער. ר׳ שמואל בר׳ יוסף גויכבערג איז דאָ געבאָרן געוואָרן אין 1877. פֿון 1900 רבֿ אין נײַשטאָט־שאַקי און שפּעטער אין קאַזלו־רודע. אין 1923 האָבן דאָ געוווינט 80 ייִדן און פֿאַרן חורבן — בײַ 60.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — אהלי שם, ע׳ 63. Black Book

## ווירבאַלן VIRBALIS

ווילקאָווישקער קרײַז. נאָך אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע האָבן עלטערע ייִדן עס גערופֿן ווערזשבעלאָווע. אויף אַלטע מצבֿות איז דער נאָמען: ווערבעלאָוו.

אין די דרײַסיקער יאָרן פֿון 16טן יאָרהונדערט האָט די קעניגין באָנאַ ספֿאָרצאַ, פֿרוי פֿון קעניג זיגמונד, אָנגעהויבן דאָ בויען אַ שטעטל. אין אירע בריוו רופֿט די קעניגין דאָס שטעטל Nova Volia. דעם דאָזיקן נאָמען האָט מען נאָך געניצט אַפֿילו אין 18טן יאָרהונדערט, אָבער פֿריִער האָט עס אויך געטראָגן דעם נאָמען ווירבאַלן.

אין 1559 טרעפֿט מען צום ערשטן מאָל דעם נאָמען Verbolov. די סיבה איז ניט באַקאַנט. אין 1561 זײַנען דאָרטן געווען 160 באַלעבאַטים פֿון הײַזער. פֿון זייערע נעמען איז צו זען, אַז קיין ייִדן האָבן נאָך דאָרטן ניט געלעבט.

דער ייִדישער יישובֿ אין ווירבאַלן האָט זיך אָנגעהויבן אַרום צווייטער העלפֿט פֿון 17טן יאָרהונדערט. דאָס איז צו זען פֿון דעם באַפֿעל פֿון קעניג זיגמונד דעם דריטן, דעם 5טן יולי 1669, אַז מען זאָל ניט בויען קיין סינאַגאָגעס אין שטעטל. ווען עס וואָלטן ניט געווען קיין ייִדן דאָרטן, וואָלט דאָך אַזאַ באַפֿעל ניט געווען.

מיט אַ 120 יאָר שפּעטער איז זיך פֿאַרלאָפֿן אַ מעשה נורא מיט אַ ייִדן פֿון ווירבאַלן, ר׳ אלעזר בר׳ שלמה, וואָס האָט געוווינט אין גראָדנע. אין 1790 האָט ער געפֿונען אַ טיכל אין איינעם פֿון די אַרומיקע בערגלעך אַרום שטאָט. היות דאָס טיכל האָט געהערט צו אַ קריסטלעך מיידל, וואָס איז געהרגעט געוואָרן אין זעלביקן אָרט, האָט מען דעם ייִדן באַשולדיקט אין דערמאָרדן דאָס מיידל. עס האָט ניט געהאָלפֿן די טענה און דער באַווײַז, אַז דאָס מיידל האָט געגראָבן זאַמד פֿון באַרג און זי איז פֿאַרשאָטן געוואָרן אויף טויט. מען האָט דעם ייִדן פֿאַרמישפּט צו צעשנײַדן אויף 4 שטיקער.

אין אַ ספּעציעל ביכל וועגן דעם ווערט דערציילט [דאָ ווערט אָנגעגעבן דאָס יאָר: 1770], אַז די באַשולדיקונג קעגן ר׳ אלעזרן איז געווען אין ניצן קריסטלעך בלוט פֿאַר ייִדיש־רעליגיעזע צוועקן. דער קעניג פּאָניאַטאָווסקי איז געווען קעגן בלוט־בילבול, אָבער ער האָט ניט געהאַט גענוג מאַכט עס צו אַנולירן. דער באַוווסטער גאון ר׳ אלכּסנדר זיסקינד, דער בעל **יסוד ושורש העבֿודה**, האָט באַזוכט ר׳ אלעזרן אין טורמע אין טאָג פֿון זײַן תּליה און געזאָגט מיט אים ווידוי.

אין אַן אַנדער ספּעציעל ביכל, בעסער דערציילט ווי אין דעם פֿריִערדיקן, ווערט נאָך צוגעגעבן, אַז מען האָט געוואָלט שענקען ר׳ אלעזרן דאָס לעבן, אויב ער וועט זיך שמדן. איינער פֿון די גדולי הוראָדנא, ר׳ יוסף רובינאָוויץ, האָט געהאַט צוטריט צום קעניג פּאָניאַטאָווסקי, האָט ער געהאַט די מעגלעכקייט צו קומען צו ר׳ אלעזרן אין טורמע און אים געשטאַרקט אין זײַן אמונה.

דער זעלביקער מחבר, ש.א. פֿרידענשטיין, האָט אַ צווייט מאָל אַרויסגעגעבן דאָס ביכל (**הרֹאה ואינו נראה**) אונטערן נאָמען **ספּורים** (ווילנא, תּרס״ג). וועגן דאָזיקן בלוט־בילבול רעדט זיך אויך אין **רשומות** (ת״א).

*

אין מיטן 1870ער און באַזונדערס אין 1880ער איז דאָ געווען אַ גרעסערע עמיגראַציע, ווי אין אַלע שטעטלעך פֿון סוואַלקער געגנט. דאָ האָט, משמעות, ניט אַזוי שטאַרק געווירקט דער עקאָנאָמישער מאָמענט, ווי די שאַרפֿע אַנטיסעמיטישע העצע פֿון טרויעריק־באַרימטן צורר היהודים לוטאָסטאַנסקי, וואָס ער האָט פֿאַרשפּרייט בײַם דורכפֿאָרן די גאַנצע געגנט אָנהייב 1880ער יאָרן.

אין 1878 איז דאָ געבויט געוואָרן דער בית־הכּנסת, איינער פֿון די שענסטע אין ליטע. סוף די 1890ער איז די תּלמוד־תּורה געווען מאַטעריעל גוט באַזאָרגט.

אין די יאָרן 1893־1897 האָט זיך אין דער גאַנצער געגנט דורכגעטראָגן אַ כוואַליע שטרײַקן. אויך די 75 ייִדישע בערשטערס פֿון ווירבאַלן האָבן זיך באַטייליקט אין דעם, ווי אויך אין 1901, אין דעם שטרײַק פֿון די ווילקאָווישקער בערשטערס.

ווירבאַלן, ווי אַ שטאָט נאָענט צו דער דײַטשישער גרענעץ, האָט געליטן פֿון אַן אָנלויף פֿון מענטשן פֿון גאַנץ רוסלאַנד צו שוואַרצן די גרענעץ. אַ סך פֿון די בעלנים אויף דעם זײַנען געווען ייִדן. די אָנגעלאָפֿענע ייִדן האָבן, פֿאַרשטייט זיך, געזוכט הילף בײַ די שטעטלשע ייִדן — און עס זײַנען געווען דורכפֿאַלן, צרות און אַפֿילו אומגליקן.

אין 1896 איז אַ ייִדיש מיידל געשאָסן געוואָרן בײַם אַריבערגיין די גרענעץ. די אָרטיקע ייִדישע כּלל־טוערס האָבן ניט איין מאָל געוואָרנט אין דער העברעיִשער פּרעסע ניט צו ריזיקירן מיט די גרויסע סכּנות צו שוואַרצן די גרענעץ.

*

סוף 1880ער יאָרן האָבן געלעבט אין ווירבאַלן בײַ 800 ייִדן, אין 1897 — 1219, 1923 — 1233 און פֿאַרן חורבן — בײַ 600.

אַ סך ייִדן פֿון ווירבאַלן, ווי אין אַלע שטעטלעך פֿון סוּוואַלקער געגנט, האָבן געצויגן חיונה פֿון זייערע גרעסערע און קלענערע ערד־שטחים. זייער מיסחר מיט דײַטשלאַנד האָט זיך באַזירט בעיקר אויפֿן עקספּאָרטירן אַהין אַגראַר־פּראָדוקטן. אויך גערטנערײַ, סעדערײַ און בײַשטאָטישע ווירטשאַפֿט האָבן פֿאַרנומען אַ קענטיק אָרט אין די ייִדישע פּרנסות, אין צוגאָב צום אַלגעמיינעם ייִדישן האַנדל.

די מישפּחה פּיליפּאָווסקי האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין ייִדישער גערטנערײַ און סעדערײַ. אַזוי דער זיידע הירשל, דער טאַטע אַבע און זײַנע זין שלום און יהודה. דער דריטער זון יעקבֿ האָט אויפֿגעשטעלט אַ בוימשול (בוים־„נויר־סערי”), וואָס איז געווען באַקאַנט איבער גאַנץ ליטע. נאָכן צווייטן וועלטקריג האָט ער געלעבט אויף זײַן פֿאַרעם ניט ווײַט פֿון מאָנטרעאָל.

אַרום ווירבאַלן און קאַלוואַריע זײַנען געווען די גרעסטע ייִדישע טאַבאַק־פּלאַנטאַציעס אין ליטע.

איינס פֿון די גרויסע ייִדישע געשעפֿטן דאָ, הויזמאַן עט לונץ, האָט שוין אין 1865 געהאַט פֿיליאַלעס אין יורבורג און קאַלוואַריע. אָנהייב 1890ער האָבן דאָ געוווינט בײַ 800 ייִדן, און איינער האָט עס ריכטיק דעפֿינירט: ניט קיין גבֿירים, אָבער ניט קיין קבצנים.

ביז דער ערשטער וועלט־מילחמה איז דער עקאָנאָמישער מצבֿ פֿון די ייִדן אין ווירבאַלן געווען ניט קיין שלעכטער. מיטן אָפּרײַסן ליטע פֿון רוסלאַנד, איז די לאַגע פֿאַרערגערט געוואָרן, אָבער אויך דעמאָלט איז ווירבאַלן געבליבן איינע פֿון די בעסער־סיטויִרטע ייִדישע שטעט אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע. אַ פֿאַקטאָר אין דעם איז געווען די פֿאַרנעמיקע אינדוסטריאַליזאַציע פֿון מערערע אונטערנעמונגען אין שטאָט, וואָס זײַנען ס'רובֿ געלעגן אין ייִדישע הענט.

*

פֿון סוף 1890ער ביזן ערשטן וועלטקריג איז דאָ געווען שטאַרק דער „בונד”. זײַן הויפּט־כּוח איז געלעגן אין דעם גוט־אָרגאַניזירטן פּראָפֿעסיאָנעלן פֿאַראיין פֿון די בערשטערס, בײַ 100 מיטגלידער. זיי האָבן געהאַט אַפֿילו אַן אייגענע אומלעגאַלע ביבליאָטעק.

וואָס שײַך צאָל און השפּעה אויפֿן אָרטיקן ייִדישן לעבן האָבן די חובֿבֿי־ציון און שפּעטער די ציוניסטן שטאַרק אַריבערגעשטויגן דעם „בונד”. דאָס איז אויך צו זען פֿון די מערערע רשימות פֿון ווירבאַלנער בײַשטײַערערס פֿאַר בניין הארץ, פֿאַרעפֿנטלעכטע באַזונדערס אין המליץ.

אין דער קאָנפֿערענץ פֿון חובֿבֿי־ציון אין ווילנע (1889) איז געווען באַטייליקט ר' דוד טעבֿלי קאַצענעלענבויגן, דעמאָלט רב אין ווירבאַלן. צו דער פֿירטער ציוניסטישער קאָנפֿערענץ אין רוסלאַנד איז דעלעגירט געוואָרן משה גליקין.

אין אַ רשימה בײַשטײַערערס פֿאַר א״י־בוי פֿון 1896 ווערן אָנגעגעבן: אפֿרים־דובֿ הכּהן לאַפּ, אב״ד, יצחק ביילאַק, שמואל־לייב גאָרדאָן [של״ג], יחזקאל גרינגאָלד, צבֿי גאָלדשטיין, צבֿי־זעליג דאַגולייצקי, משה־אידל האָכענבערג, שמואל־דוד ווישטינעצקי, ברוך וויזאַנסקי, אַבֿרהם ווערזבעלאָווסקי, משה לאַם, ראובֿן קאַפּלאַן, אַבֿרהם־אליהו סנדלר.

אין איין ליסטע מנדבֿים ווערן אויסגערעכנט: בית־הכּנסת, קלויז דחברה תהלים, ביהמ״ד, חבֿרה ש״ס החדשה, מנין ר׳ מרדכי דאַגולייצקי, מנין ר׳ שאול גרינגאָלד.

ווי מורשים ווערן דערמאָנט: שוידענישקי (1898), אַפּטייקער סאַלאָמאָן ווינדזבערג, אליהו וואַרשאַווסקי, צ.ז. דאַגו־לייצקי. ווי אַן עסקן: כּלבֿ בר׳ יהודה בלומ־גאַרד, רבֿ׳ס זון (געבאָרן דאָ 1808, געשטאָרבן 1897).

די ציוניסטישע אגודה אין ווירבאַלן האָט געשיקט אַ דעלעגאַט צום פֿינפֿטן ציוניסטישן קאָנגרעס. אין 1903 האָבן די ציוניסטן געהאַט אַן אייגענע ביבליאָטעק.

אין די 1870ער זײַנען אַוועק קיין ארץ־ישׂראל אַבא בר׳ יצחק און זײַן טאָכטער רבֿקה. זיי זײַנען געשטאָרבן אין ירושלים — 1882 און 1886.

אויף אַן אַלטן בית־עולם פֿון ירושלים געפֿינען זיך די מצבֿות פֿון:

(יֶלֶד) יהודא בר׳ משה צבי מווערביילאוו, תּרל״ג.

מאיר אברהם סנדלר בר׳ יחזקאל מווערבאַלאָוו, תּרל״ד.

משה נחום בר׳ שאול, תּרמ״ג.

ברוך בר׳ אברהם מווערבעלאוו, תּר״ן.

אַהרן בר׳ ברוך מווערבעלאוו, תּרנ״ג.

אין איין קאָרעספּאָנדענץ פֿון 1884 ווערט אָנגעגעבן, אַז אַ סך פֿאַרשטיי־ען דאָ לשון־קודש און ריידן אַפֿילו אין דער שפּראַך. טייל פֿון זיי פּרויען, וואָס קענען גרינדלעך דאָס לשון, ווי אסתּר־גאָלדע גאָלדבערג, ביילע־חנה יאַקאָבי.

*

ווי אַ גרענעץ־שטעטל מיט דײַטשלאַנד, האָט די השׂכּלה זיך דאָ אַרײַנגעריסן גאַנץ פֿרי. שוין אין 1839 האָבן 4 יִדישע קינדער געלערנט אין אַ פּוילישער פֿאָלקשול פֿון שטעטל — זייער זעלטן אין דער יִדישער ליטע פֿון יענער צײַט.

אַרום 1875 איז דאָ געגרינדעט געוואָרן אַ „חדר מתוקן" דורך אַבֿרהם־אליהו סנדלר, אַליין אַ געבאָרענער 1857 אין ווילקאָווישק. סנדלר, אין זײַנע איבער 50 יאָר דערציִערישער און געזעלשאַפֿט־לעכער אַרבעט אין ווירבאַלן, איז געווען דער רוח החיה פֿון דער יִדישער קולטור־אַרבעט אין שטאָט. האָט פֿאַרעפֿנטלעכט אַ בוך וועגן דיקדוק און אַ סך מאמרים — באַזונדערס וועגן חינוך — אין דער העברעיִשער פּרעסע. אין זײַן „חדר מתוקן" איז געווען אַ לערער דער באַקאַנטער העברעיִשער שרײַבער שמואל־לייב גאָרדאָן

(של״ג). אַ צווייטער לערער איז געווען פּסח שליאַמסקי, געשטאָרבן 1897. זײַנע תּלמידים האָבן געגעבן נדבֿה לזכרונו אין המליץ. נאָך לערערס: שלמה וויסטינעצקי, ישׂראל שור, מרדכי לעווין.

אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע איז סנדלר געווען אַ לערער אין דער אָר־טיקער העברעיִשער גימנאַזיע. געשטאָרבן אין 1928. זײַן פֿאָטער חיים־צבֿי האָט געהאַט אַ בוכגעשעפֿט.

**רבנים.** — ר׳ יהודה בלומגאַרד; ר׳ גרשון בר׳ משה וואַסערצוג, פֿון 1872, אפֿשר פֿריִער.

ר׳ דוד טעבֿל קאַצענעלענבויגן, געבאָרן 1850 אין טאַוריק. פֿון 1876 ביז 1894, שפּעטער רבֿ אין סוואַלק און פֿון 1907 אין פּעטערבורג. געווען אַ גרויסער עסקן בצרכי ציבור אין לאַנדמאַסשטאַב. אונטערן באָלשעוויסטישן רעזשים איז ער פֿאַרשיקט געוואָרן אויף סיביר.

שפּעטער איז אים דערלויבט געוואָרן זיך אומצוקערן קיין לענינגראַד. פֿונדעסטוועגן האָט ער באַוויזן אַרויסצו־געבן צוויי ספֿרים אין לענינגראַד: **מעין מי נפֿתּוח** און **דבֿרי דוד**, אין 1924 און 1928. פֿריִער, אין 1914, איז אַרויס זײַן **בר־מצוה** אין פּעטערבורג. ניפֿטר געוואָרן י״ב טבֿת, תּרצ״א.

ר׳ אפֿרים־דובֿ בר׳ אלחנן־צבֿי לאַפּ, געבאָרן 1859 אין ווישטינעץ. פֿון 1886 רבֿ אין זאַבלודאָווע (גראָדנער גובערניע), שפּעטער אַ פּאָר צענדליק יאָר דאָ רבֿ ביז זײַן פּטירה ט״ז חשוון, תּרפּ״ו. מחבר פֿון **זבֿחי אפֿרים** (פּיעטרקוב, תּרע״ד).

ר׳ יצחק אײַזיק אליעזר היר־שאָוויץ, געבאָרן 1871 אין ליבאַווע. פֿון 1906 רבֿ אין טילסען (קורלאַנד), שפּעטער אין איהומען און פֿון אַרום 1927 רבֿ אין ווירבאַלן. אין דער הקדמה פֿון זײַן **הליכות עם עולם** (קובֿנה, תּרפּ״ט) זאָגט ער צו צו באַווײַזן, אַז ייִדישע היסטאָריקערס האָבן געפֿעלשט ייִדישע געשיכטע און אַז ער וועט שרײַבן „היסתּוריה עבֿרית צרופֿה ובחונה״. באַוויזן אַרויסצוגעבן נאָר חובֿרת א׳. איידעם פֿון ר׳ לייזער גאָרדאָן, אבֿ״ד טעלז.

זײַן זון ר׳ אבֿרהם־שמואל איז געווען ר״מ אין באַראַנאָוויץ, אומגעקומען 1941 מיט זײַנע תּלמידים אין שקודוויל, הי״ד. זײַן צווייטער זון ר׳ נחמן איז געווען רבֿ אין יעלאָק און מו״צ אין אוטיאַן. אומ־געקומען, הי״ד. ר׳ יצחק־אײַזיק איז אומגעקומען 1941 אין ווירבאַלן, הי״ד. [לויט א.מ. האַבערמאַן אין קמזונס **יהדות ליטא**, איז דער לעצטער ווירבאַלנער רבֿ געווען ר׳ אַהרן דער לאָטעווער].

ר׳ ליפּע־זרח איז דאָ געווען מו״צ ושו״ב איבער דרײַסיק יאָר. אַן אָפּשטאַמיקער פֿון ווילנע. ניפֿטר געוואָרן אין קיבאַרט אין עלטער פֿון 80 יאָר.

צווישן 1839 און 1897 זײַנען דאָ געווען 90 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

**אָפּשטאַמיקע.** — צבֿי־הירש (פֿיליפּ) פֿיליפּאָווסקי, [אַ צווייטער!], דאָ

געבאָרן 1816. 1839 עמיגרירט קיין לאָנ־דאָן. געלערנטער און פֿאָרשער. זײַן ווערק וועגן **אַנטי־לאָגאַריטמען** (ענגליש, 1849) האָט אים געמאַכט אַ נאָמען אין דער מאַטעמאַטישער וועלט. פֿריִער אַרויס־געגעבן **מועד המועדים** — וועגן יִדישן און אַנדערע לוחות. רעדאַקטירט און אַרויסגעגעבן: **האָסיף**, יאָרבוך. לאָנדאָן, תר״ז־תּר״ט; **ספֿר העיבור** לר׳ אַבֿרהם בר׳ חייא (עדינבורג, תּרי״א); **מבֿחר הפּנינים** (לאָנדאָן, תּרי״א); **מצרף לכסף** לר׳ עזריה מן האדומים (תּרי״ד); **מחברת מנחם** למנחם בג׳ יעקבֿ בן סרק (תּרי״ד); **תּשובות** דונש בן לברט (תּרט״ו), **ספֿר היוחסין** (בנוסח אחר, תּרי״ז) א״אַ. — געשטאָרבן 1872 אין לאָנדאָן.

איזאַק לעוויטאַן, דאָ געבאָרן 1860. באַרימטער יִדיש־רוסישער מאָלער. געשטאָרבן 1900 אין מאָסקווע.

שלמה ווירבאַלנער, וואָס איז געקומען פֿון שקוד און מען האָט אים גערופֿן שקודסקי, איז געווען אַ גרויסער פֿינאַנסיסט אין דײַטשלאַנד. זאָל האָבן געווען איינער פֿון די גרינדער פֿון די געריכטס־יִדן פֿון פֿרידריך דעם גרויסן. זײַן זון דוד האָט געביטן זײַן פֿאַמיליע־נאָמען אויף ראָזענטאַל.

אַרטשיבאַלד פֿריימאַן, דאָ גע־באָרן 1880. מיטגליד פֿון ציוניסטישן אַקציאָנס־קאָמיטעט און פּרעזידענט פֿון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין קאַנאַדע. געשטאָרבן 1944 אין אָטאַוואַ (קאַנאַדע).

**שרײַבערס:** — נחמיה וואָלפּיאַנסקי, דאָ געבאָרן 1877. געשאַפֿן אַ סך קאָמפּאָזיציעס צו יִדישע און העברעיִ־שע לידער. אָנגעשריבן אַ ביכל וועגן אַ נײַער טעאָריע פֿאַר מוזיק [ניט געזען]. געשריבן פֿון צײַט צו צײַט לידער און פֿעליעטאָנען אין **אידישע שטימע** (קאָוונע). האָט אויך פֿיל שאַך־אויפֿגאַבעס דאָרטן און אין אויסלענדישע שאַכזשורנאַלן. אין כּתבֿ־יד: „משלים און פּתגמים פֿון תּנ״ך, תּלמוד און אַנדערע מקורות״. געשטאָרבן 1937 אין קאָוונע.

יהואש (שלמה בלומגאַרטן), גע־באָרן 1872, יִדישער פּאָעט און איבערזעצער פֿון תּנ״ך אויף יִדיש. פֿון 1898 אין אַמעריקע. אָנגעהויבן שרײַבן העברעיִשע לידער, דערנאָך אין גאַנצן אַריבער אויף יִדיש. האָט געדרוקט לידער, לעגענדעס, פֿאַבעלן פֿאָלקסמאָטיוון אויף יִדיש־נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע טעמעס, ווי אויך איבערזעצונגען פֿון מערערע לשונות, אין גרעסטן טייל פֿון דער יִדיש־אַמעריקאַנער פּרעסע און פּעריאָדיק, ווי אויך אין דער יִדישער פּרעסע פֿון וואַרשע, ווילנע, קאַנאַדע, אַרגענטינע א״אַ. י.ל. פּרץ האָט געזאָגט, אַז „יהואש איז דער אָנהייב פֿון דער נײַער יִדישער פּאָעזיע״. — פֿון זײַנע ביכער: **געזאַמעלטע לידער** (נ״י, 1907), **די נײַע שריפֿטען** (נ״י, 1910), **פֿאַבעלן** (נ״י, 1912), **אין זון און נעבעל** (נ״י, 1913), **פֿון דער וועלט און יענער** (נ״י), **פֿון ניו־יאָרק ביז רחובֿות און צוריק** (נ״י, 1917־1918), **אין געוועב** (נ״י, 1919־1921, 2 בב״). אָבער דאָס גרעסטע

און פֿאַרבאַבליבּיקסטע יהואשעס ווערק איז זײַן ריזיקע, וויסנשאַפֿטלעך־פּרעציזע איבערזעצונג פֿון תּנ״ך אויף ייִדיש — אַן אַרבעט, וואָס ער האָט אָפּגעגעבן אַ העלפֿט פֿון זײַן לעבן (פֿון 1907) און וואָס ער האָט אַליין באַצייכנט ווי „דער חלום פֿון זײַן לעבן".

אין 1912 איז אויך אַרויס אין ניו־יאָרק יהואָשעס **די לעהרען פֿון די פּאַטערס** (**פּרקי אָבות**). געשטאָרבן 1927 אין ניו־יאָרק.

משה עווענשטיין, 1905־1941, הי״ד; מרדכי־מענדל לעווין (ממ״ל) האָט דאָ געלעבט אַ סך יאָרן.

**קאָרעספּאָנדענטן:** אַבֿרהם־אליהו סנדלר (**המגיד, המליץ, היום** (פּט״ב), מערסטנס מאמרים); יהודה עלינפּערל (**הצפֿירה**); א.א. שוידינישקי (**אחיאסף, הגורן**); יהודה־לייב סעגאַלאָווסקי (**המליץ**).

**ניכבדים.** — הירש פּיליפּאָווסקי, משׂכּיל און גבֿיר. אין **המליץ** (אייר תּרנ״ב) דאָ זײַנע אַ מודעה: „אני מבֿקש לקנות ספּורי מעשׂיות בזאַרגאָן ולה״ק ולשלחם לאַמעריקאַ."

אליהו בר' יצחק וואַרשאַווסקי, אייניקל פֿון ווילנער גאון. פֿון די גרעסטע עסקנים. געשטאָרבן 1886.

יהודה־לייב פֿריידענבערג, משה־אַהרן יאַקאָבי, יעקבֿ־אַריה וואָלפֿע, שמעון פֿריינקל, יחזקאל־צבֿי ברוידא, אַבֿרהם לאַנדמאַן.

ישׂראל־מאיר וואָלפֿקאָוויץ, ש. גרינגאָלד, מ.מ. מאַריאַמפּאָלסקי, ט. יענטעלזאָן — ביידע געשאַפֿן דעם „הכנסת־אורחים" (1879).

יהודה־לייב סעגאַלאָווסקי, שמואל־דוד ווישטינעצקי — ביידע האָבן באַנײַט דעם „סומך נופֿלים" (1888) און אָנגעפֿירט מיט דעם; ל. רובינאָוויץ, פֿרידלענדער, יהודה לעווינקינד — אַלע פֿון דער צווייטער העלפֿט 19טן יאָרהונדערט.

ר' משה הלוי שטערמאַן, געבאָרן 1864 אין קאָברין, שפּעטער ר״מ אין סוּוואַלק און רבֿ אין קיבאַרט. האָט דאָ געלעבט אַ סך יאָרן.

ר' משה בר' אַבֿרהם, **בעל אור** פּני משה (אַלטונאַ, תּקנ״ב), האָט אַ שײַכות מיט ווירבאַלן; ר' פּסח זימאַנסקי, אין 1866 מיטגליד פֿון „מקיצי נרדמים".

**ביבליאָגראַפֿיע.** — וועגן בלוט־בילבול אויף ר' אלעָזורן: ש.א. פֿרידענשטיין, עיר גבורים. ווילנא, תּר״מ, ע' 28; אַ שרעקליכע געשיכטע פֿון ר' אלעזר הקדוש, פֿון פּלוני. פּיעטרקובֿ, תּרנ״ג; ש.א. פֿרידענשטיין, הרֹאֶה ואינו נראה. וואַרשא, תּרנ״ד, און „סִפּורים". ווילנא, תּרס״ג; י. לעווינשטיין, דור ודור ודורשיו. וואַרשא, 1914. ז' 19 א״א; רשומות, ת״א, פּרק ד', ע' 283; המליץ, 1881: 2.

המליץ, 1884: 27; רשימת החבֿרים לתמיכת בני ישׂראל עובדי אדמה בסוריא וארץ ישׂראל. אָדעססאַ תּרנ״ו; המליץ, 1897: 33, 166; 1898: 12, 82, 209, 228; 1899: 135; דער וועקער, זשענעוו, 1903: 12; א. דיינאַרד, זכרונות בת עמי, ב'. נו אָרלעאַנס, תּר״ף, ע' 67; אַכסניה של תּורה, וירבלן־ברלין, 1921.

תּולדות חבֿרת מרבי השׂכּלה, א', 168, 180; אידישע שטימע, 1937: 5708; מוסדות תּורה באירופּה. נ״י, תּשט״ז, ע' 178; חלקת מחוקק, חוב' ג', ה', ז', ט'; אהלי שם, ע' 60; „ליטע", I., ז' 1006; יהדות ליטא, ג'; ספֿר הפּרענומעראַנטן, נומ' 2972; יזכּור־בוך סוּוואַלק, זז' 147, 307.

Jewish Encyclopedia, V, p.383; X, p. 477; Augustas Janulaitis, Užnemunė po Prūsais. Kaunas, 1928, p. 190; Jonas Totoraitis, Sŭduvijos Suvalkijos Istorija. Kaunas, 1938, I., p. 104, 109, 604, 606; Black Book.

# ווישטינעץ

# VIŠTYTIS

ווילקאָווישקער קרײַז. 1530 איז דאָ שוין געווען אַ דאָרף. 1570 האָט קעניג אויגוסט געגעבן ווישטינעץ שטאָטרעכט. אין 1797 האָבן דאָ געוווינט 1579 תּושבֿים אין 287 הײַזער.

ווישטינעץ איז פֿון די עלטסטע ייִדישע ייִשובֿים אין ליטע. שוין אין 1589 האָט דער Seniūnas (דער עלטסטער) יעסמאַן דערלויבט ייִדן זיך צו באַזעצן אין דאָזיקן מקום, אָבער די פֿאָרעם פֿון אַ ייִדי־שער קהילה האָט דאָס שטעטל באַקומען ערשט אַרום אָנהייב 18טן יאָרהונדערט.

אין 1758 זײַנען אַ סך ייִדישע אַרבעטערס פֿון שטעטל געווען באַשעפֿ־טיקט בײַם בויען בריקן, פֿאַרריכטן מילדאַמבעס, וועגן און אַנדערע אַרבעטן. ווישטיניצער „קאַהאַל" פֿלעגט צאָלן פֿישאָפּצאָל, מאַרקאָפּצאָל און אַנדערע שטײַערן. אויב אין 1758 איז שוין געווען אַן אָרגאַניזירטער „קהל", קען מען מען אָננעמען, אַז אַ קענטיקער ייִדישער ייִשובֿ איז שוין דאָ געווען פֿיל יאָרן פֿריִער.

אין די 1870ער האָבן מערערע ייִדן פֿון ווישטינעץ, ווי בכלל פֿון שטעט אין סוּוואַלקער גובערניע, עמיגרירט קיין אַמעריקע. קלמן מרמר שרײַבט, אַז אין ניו־יאָרק ווי אין שיקאַגאָ זײַנען „די ערשטע ייִדיש־ריידנדיקע אײַנוואַנדערערס געקומען פֿון סוּוואַלקער גובערניע." אין אַ רשימה פֿון ייִדישע עמיגראַנטן קיין אַמעריקע אין 1869/70 געפֿינען זיך די ווישטיניצער ג. ברוין, ה. גאָלדבערג.

פֿון 1885 ביז 1899 האָבן דאָ געוווינט אַרום 1600 ייִדן, אין 1913 — בײַ 300, 1923 — 222 און פֿאַרן חורבן — בײַ 150. אין 1915 איז דאָס שטעטל אונטערגעצונדן געוואָרן פֿון אָפּטרעטנדיקן רוסישן מיליטער און גאַנץ ווישטינעץ איז אַוועק מיטן פֿײַער.

ווישטינעץ, ווי אַנדערע שטעטלעך אין סוּוואַלקער געגנט, האָט פֿאַרמאָגט אַ קענטיקן ייִדישן אַרבעטער־עלעמענט, בעיקר באַשעפֿטיקט אין בערשטערײַ־פֿאַבריקלעך און גאַרבאַרניעס. הונדערטער ייִדישע אַרבעטערס האָבן געצויגן חיונה פֿון דעם. באַזונדערס שטאַרק זײַנען געווען די בערשטערס. זיי זײַנען געווען באַטייליקט אין דער שטרײַקכוואַליע פֿון ייִדישע בערשטערס אין 1893 — 1897, אַזוי אויך אין 1709. זיי זײַנען

אָנגעפֿירט געוואָרן פֿון „בונד", וואָס האָט געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויפֿן אָרטיקן ייִדישן לעבן פֿון סוף 19טן יאָרהונדערט ביזן ערשטן וועלטקריג.

מיטן אויפֿקום פֿון חיבת־ציון און שפּעטער פֿון ציוניזם איז די השפּעה פֿון „בונד" שטאַרק פֿאַרמינערט געוואָרן. דער „בונד" איז געווען בעסער אָרגאַניזירט, אָבער אין צאָל איז ער געבליבן אַ מינאָריטעט. דאָס איז צו זען פֿון די מערערע רשימות מנדבֿים פֿאַר א"י־בוי, מערסטנס אין **המליץ**. ווי עסקנים אָדער מורשים ווערן אָנגעגעבן: אַבא־זאבֿ וואָלפּערט (מורשה), הרבֿ לאַפּ, יצחק קאַמינסקי, שו"ב ישעיה הכּהן, ד"ר הור־וויץ, חיים אַבעלאָוויץ, יעקבֿ ניימאַן.

אין 1899 איז פֿאָרגעקומען אַ ציוניסטישע קרייַז־קאָנפֿערענץ אין ווילנע. אַ דעלעגאַט פֿון ווישטינעץ האָט זיך באַטייליקט.

צוויי מצבֿות פֿון ווישטיניצער געפֿינען זיך אויף אַן אַלטן ירושלימער בית־עולם:

יוסף בר' פּסח מיטטענטהאל, תּרנ"ד,

באשא בר' נח הכּהן, תּרנ"ח.

רשימות מנדבֿים פֿאַר העלפֿן הונגער־געטראָפֿענע ייִדישע שטעטלעך אין ליטע זייַנען דאָ אין **המגיד** (1871, 1872).

אין 1901 איז אויסגעבראָכן אַ גרויסע שׂריפֿה, הונדערטער הייַזער זייַנען פֿאַרברענט געוואָרן. יענע צייַט איז קייזער ווילהעלם געווען אויף יאַכט אין דער געגנט, איז ער געקומען אין שטעטל אַרייַן און געגעבן 5000 מאַרק פֿאַר די נשׂרפֿים. שפּעטער האָט ניקאָלײַ דער צווייטער צו־געשיקט 5000 רובל.

צוליב איר נאָענטקייט צו דער דייַטשישער זייַט האָט ווישטינעץ געהאַט צרות פֿון אייגענע און פֿרעמדע, וואָס פֿלעגן קומען שוואַרצן די גרענעץ. מען האָט געשמוגלט ניט נאָר מענטשן, נאָר אויך אומלעגאַלע רעוואָלוציאָנערע ליטעראַטור פֿון אויסלאַנד, און אויסלאַזן פֿלעגט זיך דאָס אָפּט צו ייִדישע קעפּ.

די דייַטשישע קולטור האָט זיך אויסגעווירקט אויפֿן היגן ייִדישן לעבן, דאָס האָט גורם געווען די פֿאַרשטאַרקונג פֿון דער השׂכּלה. אין 1878 איז שוין דאָ אַ גע־שאַפֿן געוואָרן אַ בית־ספֿר פֿאַר ייִנגלעך און מיידלעך, ווו מען האָט געלערנט שפּראַכן און אַנדערע לימודים. די איניציאַטאָרן זייַנען געווען המשׂכּיל הנגיד מרדכי־מאיר לאַנדאָ און ר' יצחק ברוין, זייערע העלפֿערס: די משׂכּילים חיים פֿייַנבערג, משה קליינשמיד, פּאַסטאָוועלסקי.

**רבנים.** — ר' יעקבֿ בר' חיים הכּהן, בעל **זרע יעקב**, פּירושים צו **תּהלים** (הוראדנא, תּקמ"ח), **קהלת** (תּק"ס), **שיר־השירים** (ווילנא, תּקס"א), **רות** (תּקס"ב), **איכה** (תּקס"ד). אויפֿן תּהלים־פּירוש איז דאָ די הסכּמה פֿון משה־מרדכי קאצענעלענבויגן, חוב"ק קיידאַן.

ר' נתן שטערן, פֿריִער רבֿ אין ראַדזאַמין והגליל, דערנאָך אין ווישטינעץ און נייַשטאָט־שאַקי, ווו ניפֿטר געוואָרן אין 1844.

ר' יוסף־משה אַהרנזאָן (משה בר' אַהרן), געבאָרן 1805 אין סאַלאַנט. רבֿ

ומ״מ, שפּעטער אין ראַצק, מיר, זעלווע, מ״מ אין ניו־יאָרק, ניפטר געוואָרן 1875 אין שיקאַגאָ, חיבורים: **פּרדס החכמה** (סדילקאָוו, תּקצ״ו), **פּרדס הבינה** (אמסטער־דם, 1842 [1855?]), **מטעי משה** (ירושלים, תּרל״ח).

ר׳ חיים וואַסערצוג (ר׳ חיים פּיליפּאָיווער). פּריִער רבֿ אין טשענסטעכאָוו, רייגראַד, פּיליפּאָווע (מערסטע יאָרן), סעריי. קעגנער פֿון חסידות און געהאַט אויסצושטיין צרות פֿון די חסידים. געווען אַ גרויסער מֵקיל עד כּדי כּך, אַז גרויסע שכנותדיקע רבנים זײַנען געקומען צום קאָוונער רב ר׳ לייבעלע שאַפּיראָ מיט אַ פֿאָרשלאָג אים מחרים צו זײַן. אויף דעם האָט קאָוונער גאון זיי געענטפֿערט: „מיר לערנען אַ וואָך וואָס ער לערנט אַ טאָג; מיר עסן אַ טאָג וואָס ער עסט אַ וואָך — ווי קענען מיר אים מישפּטן?״ ניפטר געוואָרן 1865 אין ווישטינעץ.

ר׳ חיים בר׳ שמשון. ניפטר 1875; ר׳ אלחנן־צבֿי לאַפּ, פֿון 1868, ניפטר 1885 [?]. זײַן זון ר׳ אפֿרים־דובֿ, דאָ גע־באָרן 1859. רבֿ אין זאַבלודאָווע, ווירבאַלן־קיבאַרט. ניפטר 1825 אין ווירבאַלן. בעל **זבֿח אפֿרים** (פּיעטרקובֿ, תּרע״ד); ר׳ יצחק נידערלאַנד. ניפטר 1901.[1]

ר׳ דוד פּאַלטינאָוו; ר׳ אבֿרהם־יהודה בר׳ חיים־אליהו פּאַלטינאָוו, געבאָרן 1880, אויך רבֿ אין דאַטנעווע און מו״צ אין ווילקאָווישק, הי״ד.

ר׳ זלמן־יהושע קאַפּלאַן; ר׳ זלמן סודעלניצקי, 1934, הי״ד.

אין 1855 און 1883 זײַנען גע־ווען 38 ווישטינעצער פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

**אָפּשטאַמיקע.** — לעאָן האָלענדערסקי, דאָ געבאָרן 1808. באַשול־דיקט געוואָרן אין העלפֿן די פּוילישע אויפֿ־שטענדלערס אין 1831 און אַנטלאָפֿן קיין פּאַריז, ווו געשטאָרבן אין 1878. פֿאַרעפֿנטלעכט פֿאַרשונגען אין פֿילאָסאָפֿיע און געשיכטע, צ״אַ דאָס בוך **די ייִדן אין פּוילן** (פֿראַנצייזיש).

ר׳ משה הכּהן ווישטיניצער, זיידע פֿון ר׳ יצחק בר׳ אבֿרהם ווישטי־נעצקי, בעל **דבֿרי יצחק** (ווילנא, 1868), **דבֿרי השׂכּל** (וואַרשא, 1874).

ר׳ ישׂראל מיכאַלעווסקי, דאָ גע־באָרן 1831. פֿון 1886 חזן אין בית־המדרש הגדול אין ניו־יאָרק, ווו ניפטר געוואָרן 1911.

**שרײַבערס.** — יעקבֿ ראַמבערג, געבאָרן 1855. פֿון 1925 אין ארץ־ישׂראל. מחבר פֿון **מילון עבֿרי לכל רחבי הלשון העבֿרית** (וואַרשה־ת״א, תּרפּ״ד־תּרפּ״ז). באַוויזן אַרויסצוגעבן נאָר דרײַ בענד (פֿון כּרך ב׳ מיט־מחבר). שוועער פֿון מיכה־יוסף בערדיטשעווסקי. גע־שטאָרבן 1928 אין ת״א.

אבֿרהם־חיים חרל״פּ־היימאַן,

---

1) אַזוי לויט הצפֿירה, 1901. קומט אויס, אַז זײַן פּטירה־דאַטע 1886 אין **יהדות ליטא**, ג׳ איז ניט ריכטיק. אויך די פּטירה־דאַטע 1885 פֿון ר׳ אלחנן־צבֿי לאַפּ אין יהדות ליטא, ג׳, שטימט ניט מיט דער ידיעה אין הצפֿירה, 1901.

געבאָרן 1861. פֿון 1892 אין אַמעריקע. געדרוקט דערציילונגען און מאמרים אין די העברעיִשע צײַטשריפֿטן אין אייראָפּע און ס׳רובֿ אין אַמעריקע — **העברי, הפסגה, הלאום** און אַנדערע. ביכער: **זכרונות העיר כּבֿשן** (שיקאַגא, 1898), **בית האוצר** (שם, תּרס״ב), אַרויסגעגעבן אויך לערנביכער: **מורה עבֿרית השלם** (נ״י, תּרע״א), **עבֿרית לילדים** (נ״י, 1917) און אַנדערע. געשריבן אויך ייִדיש און איבערגעזעצט תּנ״ך אויף ייִדיש. געשטאָרבן 1916 אין ניו־יאָרק.

מאָריס ריינהאַרד, געבאָרן 1872.

אָריגינעלער נאָמען: משה־דוד אָפּענהיים. פֿון די 1880ער יאָרן אין אַמעריקע. געדרוקט אָריגינעלע און איבערגעזעצטע ראָמאַנען אין די ייִדישע צײַטונגען. ביכער: **אויף דעם לייטער פֿון הצלחה** (נ״י, 1895). ב. ליטאָנס **אַ וועלט אונטער דר׳ ערד** (שיקאַגאָ, 1896). געשטאָרבן אין לאָס אַנדזשעלעס.

מענדל סודאַרסקי, געבאָרן 1885.

פֿון 1937 אין אַמעריקע. איינער פֿון די פּירערס פֿון „פֿאָלקספּאַרטיי" אין ליטע. פֿון 1921 אין קאָוונע, ווו **פּראַקטיקירט** מעדיצין. פֿון 1937 אין אַמעריקע. רעדאַקטער פֿון קאָוונער טאָגצײַטונג **פֿאָלקסבלאַט** און מיטרעדאַקטער פֿון גרויסן בוך **ליטע** (נ״י, 1951). געשטאָרבן 1951 אין ניו־יאָרק.

נחמיה ראַבינזאָן, געבאָרן 1898.

פֿון 1940 אין ניו־יאָרק. יוריסט. פֿאַרעפֿנטלעכט אַ ריי בראָשורן וועגן ייִדישע פּראָבלעמען נאָכן צווייטן וועלטקריג (ענגליש): **די שפּאַניע פֿון פֿראַנקאָ און איר פּאָליטיק לגבי ייִדן** (1953), **קאָנווענץ איבערן סטאַטוט פֿון שטאָטלאָזע פּערזאָנען** (1954), **אייכמאַן — דער אייבערהאַר פֿון דער נאַצי מאָרדמאַשין** (1961) — אַלע אין נ״י, און נאָך אַנדערע בראָשורן. געשטאָרבן 1964 אין ניו־יאָרק.

נתן ראַבינזאָן, געבאָרן 1904. פֿון 1930 אין ארץ־ישׂראל. פּראָפֿעסאָר פֿון פֿיזיק און אַסטראָנאָמיע. אינטער־נאַציאָנאַלע אויטאָריטעט וועגן אויסנוצונג פֿון זונשטראַלן. געשטאָרבן 1964 אין חיפֿה.

קאָרעספּאָנדענטן אין **המליץ:** יצחק זאַלעזאָן, אַבֿרהם־יהודה כּהן, חיים־לייב מינדא, יהודה קעניגסבערג.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — דוד גאַנז, צמח צדק. וואַרשא, תּרל״א, ע׳ 144; המגיד 1871: 23, 42; 1872: 19, 28; 1879: 5; המליץ, 1895: 137; 1896: 172; דער אידי־שער אַרבייטער, 1897: 4/5; המליץ, 1898: 9; 1899: 119; 1900: 42, 43.

נ.א. בוכבינדער, די געשיכטע פֿון דער אידי־שער אַרבייטער־בעוועגונג אין רוסלאַנד און פּוילן. זשענעוו, 1900. זז׳ 26־33; הצפֿירה, 1901: 195; המליץ, 1903: 39; די לעצטע פּאַסירונגען, זשענעוו, 1905: 25; די שטימע פֿון בונד, זשענעוו, 1909; חשבון הנדבֿות, 1909, ע׳ 55; ס. דובנאָוו־ערליך, גאַרבער־בונד און בערשטער־בונד. וואַרשע, 1937. זז׳ 214, 231.

י. צוזמר, בעקבֿי הדור. נ״י, 1957, ע׳ 71; קמזונס יהדות ליטא; קהלת משה, ע׳ 257, 274, 446; חכמי ישׂראל באַמריקא, ע׳ 52; ייִוואָ־בלעטער, XL, ז׳ 224; ז.לקט מחוקק, חובֿ׳ ז׳; יזכּור־בוך סואוואַלק, זז׳ 54, 184, 187; יהדות ליטא, ג׳; ליטע, I, ז׳ 1381; ספֿר הפרענומעראַנטן, 2869; קרסל, 1, 2; לעקסיקאָן, 2, 5, 8.

Aug. Janulaitis, Užnemunė, p. 190, 198, 529, 532; J. Totoraitis, Sŭduvijos Suvalkijos Istorija, I. p. 329; Black Book.

## ווישיי VEISIEJAI

סייניער קרייז. אַן אַלט אָרט אין ליטע. אין 1501 האָט דער ברודער פֿון מיקל גלינסקי באַקומען דאָס אָרט במתּנה פֿון גרויספֿירשט אַלעקסאַנדער.

דער יידישער יישובֿ האָט זיך דאָ אָנגעהויבן אַרום אָנהייב 18טן יאָרהונדערט. אין אינווענטאַר פֿון ווישייער קלויסטער אין 1783 ווערט פֿאַרצייכנט, אַז דאָ זיינען פֿאַראַן „יידן, וואָס לעבן אין עטלעכע צענדליק מישפּחות נאָר אין שטעטל גופֿא. האָבן אַן אייגענע סינאַגאָגע און „קאַהאַל", באַקומענדיק די דערלויבעניש פֿון ווילנער בישאָף זיענקעוויטש אין 1748." אין 1790 איז דאָס שטעטל ווידער געוואָרן דאָרף און איז אָפּגעקויפֿט געוואָרן פֿון גראַף זיניעוו.

אין 1797 זיינען דאָ געווען 518 תּושבֿים, 85 הייזער. דעם 5טן נאָוועמבער 1811 האָט פֿינאַנץ־מיניסטער מאַטושעוויץ גערופֿן אַן אַל־מלוכהשע קאָנפֿערענץ פֿון יידישע פֿאָרשטייערס פֿון די צען גובערניעס אין פּוילן וועגן יידישן מיליטער־דינסט און שטייערן. דער דעלעגאַט פֿון לאָמזשער גובערניע איז געווען סענדער אַבראַמאָוויטש פֿון ווישיי.

אין די 1870ער יאָרן איז אָנגעגאַנגען אַן עמיגראַציע קיין אַמעריקע פֿון ווישיי און דער גאַנצער געגנט אַרום. אין אַן עמיגראַנטן־רשימה פֿון 1869/70 איז דאָ דער ווישייער א. מילער.

פֿאַר דער ערשטער וועלט־מילחמה האָבן דאָ געוווינט אַרום 800 יידן, אין 1923 — 516 און פֿאַרן חורבן — ביי 400. ווישיי האָט דורכגעמאַכט דעם גירוש־ליטע אין 1915.

די ביישטאָטישע לאַנדווירט־שאַפֿט און נאָך מער די ביישטוביקע ווירט־שאַפֿט (גרינס, פֿרוכטביימער, קו און עופֿות) זיינען געווען גאָר וויכטיקע עלעמענטן פֿון דער יידישער עקאָנאָמיק. מיסחר און מלאכה האָבן געטאָן דאָס איבעריקע. אין 1872 איז געווען זייער אַ גרויסע שׂריפֿה, וואָס אירע רעזולטאַטן האָבן זיך געלאָזט פֿילן יאָרן נאָכדעם.

אין אַ רשימה פֿון מנדבֿים אין 1872 צו העלפֿן נויט־ליידנדיקע יידן ווערן אָנגעגעבן די עסקנים: אליהו קאַפּלאָווסקי, ד"ר שמואל קוקליאַנסקי, אַבא־לייב טומאַן.

אין 1891 איז דאָ געעפֿנט גע־וואָרן אַ „בית־ספר לנערים", אונטער דער השגחה פֿון רבֿ ר' נתן־נטע קאַבאַק און דעם משׂכּיל בן־ציון ראַסטאָכאָצקי. די לערערס: מ.פ. וויינשטיין, ש. איזערסקי. מען האָט געלערנט אויך רוסיש.

אין 1899 און 1903 זיינען פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן ליסטעס פֿון ווי־שייער ביישטייערערס פֿאַר העלפֿן בויען ארץ־ישׂראל. דער קלייבער: דן ישעיה כּהן. 1899 זיינען די היגע ציוניסטן געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיטן מרכּז הציונים אין קעשענעוו.

אויף אַן אַלטן בית־עולם אין ירושלים זיינען דאָ מצבֿות פֿון

עטל בת ר' אברהם מווישיי, תּרל"ט,

יעקב יהושע בהרב צבי נכד „פּני יהושע", תּרמ"ה

**רבנים.** — ר' אליהו מרגלית,

געבאָרן 1811 אין קאַלוואַריע. רבֿ אין פּשעראַסלע (סוּוואַלקער גוב׳), ווישיי, ראַדון, ראַקישאַק, ווו ניפֿטר געוואָרן אין 1867.[1] אין **עמודי אור** פֿון ר׳ יחיאל העלער איז דאָ אַ תּשובֿה צו אים. זײַן זון ר׳ מרדכי, אבֿ״ד אין אַליקסט, מו״צ אין דיסנע. מחבר פֿון **סוגה בשושנים** (ווילנא, תּרל״ד). זײַן זון ר׳ אָשר, בעל **שונה הלכות** (אויף **הלכות גדולות**, ווילנא, תּרנ״ד), רבֿ אין ראַקישאָק. האָט פֿאַרעפֿנטלעכט אַ סך מאמרי־תּורה אין **המגיד**.

ר׳ נתן־נטע בהרבֿ שלמה יצחק קאַבאַק, געבאָרן 1854 אין קרעווע. פֿון 1890 דאָ רבֿ. בעל **שַלמי נדבֿה** אין **תּורת חטאת** להרמ״א (וואַרשא, תּרס״ד). מישפּחהדיק געבונדן מיטן צווייטן ישׂראל־פּרעזידענט י. בן־צבֿי.

ר׳ נחמן קאָליאַדיצקי, שפּעטער רבֿ אין סייני און אַליטע; ר׳ אַבֿרהם רעזניק.

ר׳ יוסף גאָלדין. פֿון 1934, פֿריִער אבֿ״ד שאַקי, הי״ד; ר׳ יחזקאל גאָלדשלאַק, הי״ד.

אין 1860 און 1893 זײַנען גע־ווען 27 ווישייער פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

**אָפּשטאַמיקע.** — אַהרן־אַבֿ־רהם קאַבאַק, דעם רבֿס זון. געבאָרן 1883 אין סמאַרגאָן, אָבער זײַנע קינדער־און יוגנט־יאָרן געלעבט אין ווישיי. פֿון 1911 אין ארץ־ישׂראל, העברעיִשער ראָמאַניסט. מחבר פֿון אַ סך ראָמאַנען: **לבֿדה** (וואַרשא, תּרס״ה), **דניאל שפּרנובֿ** (וואַרשה, תּרפּ״ג), די טרילאָגיע **שלמה מלכו** (פּאַריס־לונדון־ת״א, תּרפּ״ח־תּרפּ״ט, תּש״ו־תּשי״ב), **במשעול הצר** (ת״א, תּרצ״ז), **תּולדות משפּחה אחת** (ת״א, תּש״ג, ניט פֿאַרענ־דיקט). און אַנדערע. האָט אויך פֿאַרעפֿנטלעכט מערערע דערציילונגען און אַ ריי איבערזעצונגען פֿון דער וועלט־ליטעראַטור. האָט אויך געדרוקט אין דער העברעיִשער פּעריאָדיק עסייען וועגן דער העברעיִשער און אַלגעמיינער ליטעראַטור. האָט געשריבן אַ ביסל ייִדיש, אָבער נאָך זײַן באַזעצן זיך אין ארץ־ישׂראל אויפֿגעהערט שאַפֿן אין דאָזיקן לשון. געשטאָרבן 1944 אין ירושלים.

אַבֿרהם־מאיר מילער שטאַמט פֿון אַ מישפּחה מילנערס אין ווישיי. ער האָט דאָ געהאַט אַ וואַסערמיל. ביז דער צווייטער וועלט־מילחמה האָבן די דאָזיקע מילערס געלעבט אין ווישיי און קאָפּ־טשעווע פֿון טרײַבן מילן. אַבֿרהם־מאיר איז אַ שטיקל צײַט געווען רבֿ אין ווײַטן אָרענ־בורג, בײַ די קירגיזער סטעפּעס. שפּעטער אַריבער צו מיסחר און 1880 זיך באַזעצט אין מאָסקווע. דער באַקאַנטער אַדוואָקאַט אין ליטע און דעפּוטאַט אין ליטווישן סיים עוזר פֿינקעלשטיין איז זײַן זון. צוליבן פּריזיוו האָט מען געביטן זײַן פֿאַמיליע־נאָמען מילער.

1) אין ד״ט אפֿרתיס „דבֿרי משה״ ווערט אָנגעגעבן: „ר׳ יעקבֿ אבֿ״ד ווישיי״ — אפֿשר פֿאַר ר׳ אליהון.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המגיד 1867: 32; 1872; המליץ, 1894; 25; 1899: 214, 1903: 36; ד״ט אפֿרתי, דבֿרי משה. ווילנא, תּרל״ח, ע׳ 38; צום אָנדענק פֿון עוזר

פינקעלשטיין. קאָוּנאַס, 1938. ז׳ XII; בלעטער פאַר געשיכטע, מ. קרעמערס אַרטיקל. וואַרשע, 1938.
צבי שמשי, מגילת יוחסין. ירושלים, תשי״ג, ע׳ 20; יזכור־בוך סואוואַלק, ז׳ 188, 208; ייִוואָ־בלעטער, ב׳ XL, ז׳ 224; אהלי שם, ע׳ 64; חלקת מחוקק, חוב׳ ז׳; יהדות ליטא, א׳, ג׳; ג. קרסל, 2; ספר הפרענומעראַנטן, 2871; לעקסיקאָן, 8.
A. Janulaitis, Užnemunė po Prūsais, p. 191; A. Totoraitis, Sūduvijos Suvalkijos Istorija, pp. 230, 505; Black Book.

## VIEŠINTAI ווישינטע

פּאָנעוועזשער קרײַז. דער ייִדיש־ער ייִשובֿ האָט זיך אָנגעהויבן אָנפאַנג 19טן יאָרהונדערט. אין 1897 האָבן דאָ געוווינט בײַ 300 ייִדן, אין 1923 — 188 און פאַרן חורבן — אַ ביסל ווייניקער.

אין אַ שאלה־ותשובֿה פון אָנהייב 1830ער יאָרן רעדט זיך וועגן אַ דין־תּורה פון „מחזיקי הקאַראבקע דפה [ראָגעווע] עם הקהל ע״א פאראפיע הנקרת ווישענטא״. די שאלה געפינט זיך אין **עטרת יצחק** פון יצחק אײַזיק, אבֿ״ד שאַוול.

ייִדישע פּרנסות זײַנען געווען: קרעמערײַ, קליין־מיסחר און האַנטווערק־ערײַ. כּמעט יעדע ייִדישע מישפּחה האָט געהאַט אַ בײַשטוביקעווירטשאַפט: גרינסן, פרוכטביימער, אַ בהמה, עופות.

דער ערבֿ־פּסח פון 1879 איז געווען פול מיט שרעק פון אַ פּאָגראָם. אַ וואָך פריִער איז פאַרפאַלן געוואָרן אַ פויער, און עס האָט געבושעוועט אַ גרויסע העצע פון אַ בלוט־בילבול קעגן ייִדן. געשען אַ נס, אַז דער פויער האָט זיך גיך אָפּגעפונען.

אין 1879 האָט מען אָנגעהויבן בויען דעם בית־מדרש. גענעראַל קאָנסטאַנטין קאָמאַר, וואָס דאָס שטעטל האָט זיך געפונען אויף זײַן ערד, האָט געגעבן אויף דעם 25 רובל. ער איז בכלל געווען גוט צו ייִדן אין שטעטל און אָפט זיי געהאָלפן אויף פאַרשיידענע אופנים. דער בית־מדרש איז פאַרטיק געוואָרן אין 1882.

אין 1881 איז זיך פאַרלאָפן אַ געשעעניש, וואָס פלעגט זיך טרעפן זייער־זייער זעלטן אין אַ ליטוויש שטעטל: די טאָכטער פון אַ חסיד איז אַנטלאָפן מיט אַ שגץ. ווישינטע האָט געקאָכט ווי אין אַ קעסל.

ווישינטע האָט אויסגעמיטן דעם גירוש־ליטע אין 1915. אָבער יולי האָבן זיך אַרײַנגעריסן קאָזאַקן, געגאַנגען צו יעדער ייִדיש הויז, עס באַגאָסן מיט נאַפט — און דאָס שטעטל איז אַוועק אין פלאַמען.

אין אַ רשימה מנדבֿים פון 1914 פאַרן בוי פון ארץ־ישׂראל געפינען זיך אויך ווישינטער.

**רבנים.** — ר׳ יחיאל־מיכל בר׳ הלל יפה, זינט 1872. ניפטר 1899. ווי אַ זכר לחורבן פון אַ ליטוויש שטעטל איז דאָ כּדאַי צו ברענגען אַזאַ פאַקט: נאָך זײַן פּטירה איז געבליבן אַ טאָכטער אַ כּלה־מיידל. האָט מען באַשטימט 4 רבנים אויס־

צוקלײַבן אַ בחור, וואָס זאָל חתונה האָבן מיט איר און באַקומען די רבנות פֿון שטעטל.

ר׳ יוסף־ראובֿן בר׳ חיים כּץ, דאָ געבאָרן 1877. זינט 1903, דערנאָך רבֿ אין גלובאָק, הי״ד.

ר׳ בן־ציון בר׳ משה פֿעלדמאַן. פֿריִער ר״מ אין פּלונגיאַן, נאָך ווישינטע רבֿ אין אַלט־זאַגער.

ר׳ אפֿרים־דובער בר׳ שלמה־זלמן ברעזינסקי, געבאָרן 1860, בעל **פּליטי אפֿרים**.

ר׳ יוסף־חיים בר׳ שלמה טראָפּ, געבאָרן 1872. פֿון 1898 רבֿ אין אינטוריק, שפּעטער דאָ רבֿ.

ר׳ אַבֿרהם עפּשטיין, 1934 שוין געווען דאָ רבֿ. ניפֿטר געוואָרן ט״ז תּשרי תּרצ״ט, אין עלטער פֿון 60 יאָר; ר׳ יחיאל יָשפה, הי״ד.

מ.ז. הורוויץ האָט אַ פּירוש אויף **יהושע** (ווילנא, תּרל״ג) — האָט אַ שײַכות מיט ווישינטע.

*

יהושע לעווינזאָן, דאָ געבאָרן 1843, אייניקל פֿון ר׳ יהושע־זעליג אַשכּנזי, אב״ד יורבורג. העברעיִשער שרײַבער. געלעבט אין מיטאַווע (לעטלאַנד), ווו געווען צענדליקער יאָרן אינספּעקטאָר פֿון אָרטיקן בית־ספֿר. געשריבן אַ סך אין דער העברעיִשער פּרעסע, מערסטנס וועגן דער יידישער געשיכטע און באַרימטע פּערזענלעכקייטן, ווי אויך איבער נאַטור־וויסנשאַפֿט און טעכניק — אין **המגיד, המליץ, השחר** און אַנדערע. ביכער: **ארץ רוסיא ומלאה** (ווילנא, תּרכ״ט), **יעקבֿ קאפּל טהעבען** (ווארשא, תּרנ״ט). מיטמחבר פֿון **עבֿרית בלשון עם ועם** (וואַרשא, תּרנ״ז). האָט אויך איבערגעזעצט אויף העברעיִש לידער און דערציילונגען פֿון בײַראָן, ל. פֿיליפּסאָן א״אַ. געשטאָרבן 1911 אין ריגע.

דוד־יהודה פּאַריש האָט געשריבן קאָרעספּאָנדענציעס אין **המליץ**. האָט זיך באַטיטלט „צלען אופראַווא״ (מיטגליד פֿון שטאָטראַט). ער דאַנקט דעם גראַף אַנטאָן קאָמאַר פֿאַר געבן אַ שטיקל ערד פֿאַר אַ בית־עולם און שטענדיק העלפֿן ייִדישע אָרעמעלייט. איין מאָל געגעבן 60 פּוד מעל ערבֿ פּסח.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המליץ, 1879: 16, 25; 1895: 78; 1899: 189; ספֿר זכּרון לנ. סוקולובֿ. ווארשא, תּרמ״ט, ע׳ 64; חשבון הנדבֿות, תּרע״ד; אֶשל על קברו של הקדוש אברהם איסר הלוי כּץ. ת״א, תּרצ״ט, ע׳ 70; יאָר אײַן—יאָר אויס, קאָוונע, 1939; תּולדות ישיבֿת היהודים בקורלאַנד, ע׳ 126; „ליטע״, I, ז׳ 108; יהדות ליטא, ג׳; ג. קרסל, 2.
Jewish Encycl., VII., p. 68: Black Book.

## VEGERIAI — **וועגער**

מאַזשייקער קרײַז. ייִדישע ייִשובֿ פֿון אַרום אָנהייב נײַנצנטן יאָרהונדערט. לויט דער צאָל רבנים איז קענטיק, אַז אַ

מאָל איז וועגער געווען אַ קליינע, פֿײַנע קהילה, אין 1923 האָבן דאָ געוווינט 102 ייִדן, פֿאַרן חורבן — אַרום 40.

אין 1876 און 1896 זײַנען דאָ געווען 34 פּרענומעראַנטן אויף 2 רבנישע ספֿרים: **נאום דוד**, ב׳, שלום־דוד מאיראָוויץ (ווילנא, תּרל״ו); **זכר חיים**, חיים־נתן בר׳ משה (וואַרשא, תּרנ״ח).

1896 איז אויסגעבראָכן אַ גרויסע שׂריפֿה. ביידע שולן און 9 ספֿר־תּורות זײַנען פֿאַרברענט געוואָרן. דער רבֿ ר׳ גרשון בר׳ יצחק און ר׳ מנחם־מענדל זאַק האָבן אין **המליץ** באַדאַנקט פֿאַר העלפֿן די נשׂרפֿים.

ייִדן האָבן זיך פֿאַרנומען מיט קליינהאַנדל, קרעמערײַ, מלאכה און לאַנד־ווירטשאַפֿט.

**רבנים.** — ר׳ שמואל העלמאַן [קווייט]. אין זײַנער אַ תּשובֿה פֿון תּקצ״ח (1838) אין **עטרת יצחק**, פֿון יצחק־אײַזיק, אבֿ״ד שאַוול, ווערט ער באַטיטלט אזוי: „שמואל העלמאַן בהרבֿ ר׳ הלל אבֿ״ד וועגער.״

ר׳ נחום שאַפּירא, געבאָרן 1818 אין דאָקשיץ (מינסקער גובערניע). רבֿ אין פּאָקראָי, ליגום, וועגער, טרישיק, שאַט, ווו ניפֿטר געוואָרן 1902.

פּסח פֿינפֿער, געבאָרן 1838 אין ראַסיין. שפּעטער רבֿ אין דאַרשונישאָק, קאַזאַן, מו״צ אין אַ פֿאָרשטאָט פֿון ווילנע און דערנאָך דאָרטן רבֿ. ניפֿטר געוואָרן אין 1913. חיבורים: **שבֿחי ארץ החיים** (ווילנא, תּרל״ז), **מסורת התּורה והנבֿיאים** (ווילנא, תּרס״ו), **חקר אבֿות, חשק שלמה, מבֿוא מדרש ואגדה, מבין בכלי שיר, מספד רבֿ, סדור תּפֿלת פה, ציון למשפט, שׂפֿת חכם**.

ר׳ אַבֿרהם־אַבא ווערנער, געבאָרן 1837 אין טעלז. נאָך דער רבנות אין וועגער דײַן אין טעלז און קאַזיאָנער ראַבינער, דערנאָך רבֿ הכּולל אין פֿינלאַנד און פֿון 1892 רבֿ אין לאָנדאָנער „**מחזיקי הדת**". ניפֿטר געוואָרן 1911 אין לאָנדאָן.

ר׳ שלום־דוד מאיראָוויץ. חיבורים: **אהבֿת דוד** (ווילנא, תּרל״ב), **זמירות דוד** (ווילנא, תּרל״ו), **זכרון הקיסר ... אַלכּסנדר ניקאָלײַעוויטש** (ווילנא, תּרמ״א), **שאילת שלום** (ווילנא, תּרס״ד).

ר׳ גרשון בר׳ יצחק, ניפֿטר 1903. זײַנע איידעמס: ר׳ מנחם־מענדל בר׳ לוי יצחק ז״ק, אבֿ״ד קאַנדוי און ריגע, הי״ד.

ר׳ מרדכי שיף, מחבר פֿון **עטרת מרדכי** (סט. לואיס, תּרפּ״ד), **מחקרי מרדכי** (סט, לואיס, תּרצ״ה).

ר׳ אַבֿרהם בר׳ צבֿי בעגין, געבאָרן 1876 אין כאַסלאַוויטש. זינט 1903 דאָ רבֿ.

*

אַן אָפּשטאַמיקער איז ר׳ ברוך חומה בר׳ אַבֿרהם־אַבא, דאָ געבאָרן אין 1858. רבֿ אין שיקאַגאָ, פֿון 1890 אין א״י. חיבורים: **מקור ברוך** (ירושלים, תּרס״ה), **חומת אש דת או הקבלה והמסורת** (סט,

לואיס, תּרפּ״ז) **על תּולדות הבית השני**. אַרויסגעגעבן אויך אַ קונטרס **בית ישׂראל״**, ניפֿטר 1930 אין ראשון לציון.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המליץ, 1896: 103; תּלפּיות, נ״י, תּשט״ו, ג־ה; תּולדות אנשי שם (ראַנד), ע׳ 136; תּולדות ישיבֿת היהודים בקורלאַנד, ע׳ 152; אהלי שם, ע׳ 65; לקורות עיר ראַסיין וְרבניה, ע׳ ל׳; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 2903; יהדות ליטא, ג׳.
Black Book.

## VIEVIS װעװיע

טראָקער קרײַז. מען האָט עס אויך גערופֿן יעוויע.[1] דער ייִדישער ייִשובֿ איז פֿון אַרום אָנהייב נײַנצנטן יאָרהונדערט. פֿאַרן ערשטן וועלטקריג האָבן דאָ געלעבט בײַ 700 ייִדן, אין 1923 — 304 און אַן ערך אַזוי פֿיל פֿאַרן חורבן. זיי האָבן זיך פֿאַרנומען מיט קרעמערײַ, מלאכה און אַגראַר־פּראָדוקטן — גרינסן, פּירות, עופֿות, אייער — און עס אָפּגעזעצט אין ווילנע. נאָכן אָפּרײַסן ווילנע פֿון ליטע, איז די ייִדישע עקאָנאָמיק זייער אָפּגעשוואַכט געוואָרן.

אין 1915 האָט דאָס אָפּטרעטנדיקע רוסישע מיליטער אונטערגעצונדן דאָס שטעטל. נאָר אַ קליינער טייל ייִדן זײַנען שפּעטער צוריקגעקומען.

1) לייב זאַמעט [יודל מאַרק] אין זײַן רשימה נעמען פֿון ייִדישע שטעט אין ליטע (ייִדישע שפּראַך, נ״י) גיט עס בטעות ווי צוויי שטעטלעך.

צווישן 1884 און 1898 זײַנען דאָ געווען 17 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

**רבנים.** — ר׳ יהושע מעשיל הכהן צירקעל, פֿון 1861 ביז 1876. שפּעטער רבֿ אין אַלעקסאָט, 1881 אין באָריסאָוו, 1894 אין פּאָלאָצק, וווּ ניפֿטר געוואָרן י״ז סיוון תּרנ״ט.

ר׳ נוח בר׳ ישׂראל־יעקבֿ ווײַנער, געבאָרן 1845. פֿון 1877 ביז 1886, דערנאָך רבֿ אין נאָוואָגראָד (לאָמזשער גובערניע); ר׳ שלום־יעקבֿ ראַבינאָוויץ, פֿון 1887.

ר׳ חיים הלוי כּץ, געבאָרן 1854 אין זאָסלע. 1881 רבֿ אין גודלעווע, אַ פּאָר יאָר, ביז 1889, אין וועוויע, דערנאָך ביז 1932 אין פּומפּיאַן, וווּ ניפֿטר געוואָרן. זײַן זון ר׳ יוסף־ראובֿן, רבֿ אין ווישינטע, גלובאָק, הי״ד. חיבורים: **עונג חיים, מסילות חיים, נתיבֿות חיים, ישועות חיים, אהבֿת חיים**.

ר׳ שלום־יצחק שצופּאַק, געבאָרן 1877 אין ביאַליסטאָק. רבֿ אין יאַשון, וועוויע, קאָשעדאַר, סעריי, וווּ ניפֿטר געוואָרן 1939.

ר׳ נחמיה פֿײַן, פֿון 1933. אומגעקומען 1941, הי״ד.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — לוח אחיאסף, תּרנ״ו; אֶשל על קבֿרו של הקדוש אַבֿרהם־איסר הלוי כּץ. תּ״א, תּרצ״ט, ע׳ 70; אידישע שטימע, 1939: 6204; דורות האחרונים, ע׳ 122; יהדות ליטא, ג׳; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 2905.
Black Book

## ווענדזיגאָלע VENDŽIOGALA

קאָוונער קרייַז. אין קליינע צאָלן האָבן יִדן דאָ געלעבט אין פֿריִער־דיקע צייַטן, אָבער ווי אַ קהילה איז איר אָנהייב תּחילת אַכצנטן יאָרהונדערט.

אין 1915 זייַנען די יִדן אַרויסגעטריבן געוואָרן פֿון שטעטל. אין 1923 האָבן דאָ געוווינט 335 יִדן און פֿאַרן חורבן — בערך 300.

יִדן האָבן זיך פֿאַרנומען מיט מיסחר, קרעמערייַ און מלאכה. די בייַשטער־ביקע ווירטשאַפֿט כּמעט בייַ יעדער יִדיש הויז איז געווען אַ גוטער פּרנסה־צוגאָב. אַרום שטעטל זייַנען געווען אַ סך יִדישע יִישובֿניקעס, וואָס האָבן געלעבט פֿון ערדאַרבעט.

אין אַ רשימה פֿון מנדבֿים פֿאַר בנין הארץ אין 1914 זייַנען געווען 20 ווענדזיגאָלער. דער קלייַבער: מ. קיידאַנ־סקי.

**רבנים.** — ר׳ צמח ז״קש, געבאָרן 1796 אין קיידאַן. נאָך ווענדזיגאָלע רבֿ אין אַלט־זאַגער ביז זייַן פּטירה אין 1863. פֿאָטער פֿון העברעיִשן פֿאָרשער שניאור זק״ש.

ר׳ יהושע־צבֿי ראַבינאָוויץ, אויף דער עלטער עולה געווען קיין ירושלים, ווּ ניפֿטר געוואָרן. זייַן זון ר׳ יעקבֿ־גרשון, אב״ד סוירווילישאָק.

ר׳ יעקבֿ ראָזאַליער, שפּעטער רבֿ אין שקוד.

ר׳ אַהרן זעלצער, דערנאָך זיך אָפּגעזאָגט פֿון רבנות און געוואָרן אַ קרעמער אין שטעטל.

ר׳ ניסן־עובֿדיה בר׳ יהודה־דוד ראָזענסאָן, דאָ ניפֿטר געוואָרן אין 1924. אין ווילנער ייִוואָ־אַרכיוו אין ניו־יאָרק געפֿינט זיך זייַנס אַ כּתבֿ־יד מיט חידושי־תּורה. זייַן איידעם ר׳ יהודה גאָרפֿינקל האָט געגרינדעט אַ קליינע ישיבֿה אין יאַנעווע.

זייַן זון ר׳ ישׂראל־שלמה ראָזענסאָן, דאָ געבאָרן אין 1888, פֿון 1926 מו״צ וד״צ אין קאָוונע, ווּ ניפֿטר געוואָרן אין 1940. פֿון די „מזרחי״־פֿירערס אין ליטע. געשריבן אַ סך אַרטיקלען אין **אידישע שטימע** אויף יִדיש־נאַציאָנאַלע טעמעס.

לעצטער רבֿ ר׳ חיים בר׳ מנחם־יהודה קליבאַנאָוו, הי״ד.

**אָפּשטאַמיקע:** — ר׳ מאיר ראַבינזאָן [ראַבינאָוויץ?], דאָ געבאָרן, איז געווען רבֿ אין קראָק (1878), שפּעטער סווענציאַן (1883) און פֿון 1886 ביז 1930 אין ראַדושקעוויץ. ניפֿטר געוואָרן 1933 אין ירושלים.

עמוס לעווין, דאָ געבאָרן אין 1921. פֿון 1940 אין ארץ־ישׂראל. העברעיִשער שרייַבער. ביכער: **מַחזות** (1963), **הרפתקאותיו של מצפון** (1963).

**ביבליאָגראַפֿיע.** — אהלי שם, 193; דורות האחרונים, ב׳, 318; אנציקלופדיה של הציונות הדתית, א׳, 514; ג. קרסל, 2; ב. כּהנס לעקסיקאָן, 498; יהדות ליטא, ג׳.
Black Book.

# וועקשנע VIEKŠNIAI

מאַזשייקער קרײַז. דער ייִדישער יישובֿ האָט זיך אָנגעהויבן תּחילת 18טן יאָרהונדערט. אין 1766 האָבן דאָ געוווינט 274 ייִדן, אין 1847 — 1120, 1897 — 1646, 1923 — 497 און פֿאַרן חורבן אַן ערך אַזוי פֿיל. אין 1915 האָט וועקשנע דורכגעמאַכט דעם גירוש־ליטע. נאָר אַ טייל ייִדן פֿון די פֿאַרטריבענע האָבן זיך אומגעקערט אין שטעטל נאָך דער ערשטער וועלט־מילחמה.

די הויפּט־פּרנסות זײַנען געווען מיסחר, קרעמערײַ און מלאכה, טייל האָבן זיך פֿאַרנומען מיט ערדאַרבעט און וואַלדהאַנדל.

אין 1886 איז געווען אַ גרויסע שריפֿה. אַ האַלב שטעטל איז אַראָפּ מיטן פֿײַער.

*

חיבת־ציון און שפּעטער ציוניזם האָבן דאָ געפֿונען אַ סך אָנהענגערס. דאָס איז צו זען פֿון די רשימות נעמען פֿון וועקשנער ייִדן צו העלפֿן דעם בוי פֿון ארץ־ישׂראל — אין **המליץ**, 1898, 1899 (פֿאַרשיידענע ליסטעס). מורשים: משה־זלמן העלער, ב. לעווענבערג; **המליץ**, 1903, 90 נעמען; חשבון הנדבֿות, 1914, 80 מנדבֿים. מורשה: ב. לעווענבערג.

וועקשנע איז איינע פֿון די 13 שטעט אין ליטע, וואָס זײַנען געשטאַנען אין פֿאַרבינדונג מיטן ציוניסטישן מרכּז אין קעשענעוו. אין 1900 האָט זי זיך באַטייליקט אין דער קרײַז־קאָנפֿערענץ פֿון חובֿבֿי־ציון אין ווילנע. דער דעלעגאַט איז געווען הרבֿ ר׳ אַבא־יעקבֿ באַראַכאָוו.

אויף אַ בית־עולם אין אַלט־ירושלים געפֿינען זיך מערערע מצבֿות פֿון וועקשנער:

יצחק בר׳ הגאון ר׳ אברהם־אבלי יפה, תּרכ״ג.

(יצחק אחי הגאון ר׳ שבתי מוועקשנע)

יוסף שלמה בר׳ מענדל, תּרל״ד.

ברוך בר׳ יהודה, תּרל״ט.

בריינא בר׳ אליהו הלוי, תּרל״ט (אשת ברוך, גבאי ביהכ״נ הגדולה)

פייגא לפידות בר׳ יצחק הלוי, תּרמ״ה.

חיים צבֿי בר׳ יהודא ליב, תּרמ״ו, עסקן בקו״ח, גמ״ח.

גאלדא בת ר׳ ישעיה לפידות סגל מוועקשנע, תּרמ״ז.

חיה בר׳ לייב מוועקסנע, תּרנ״א.

מנוחה בר׳ אברהם נחמן, תּרנ״ד.

בן ציון בר׳ שלמה שלעז, חתן הגאון ר׳ שבתי יפה מוועקשנע, תּרנ״ו.

פריידא מלכּה בת ר׳ שבתי יפה אב״ד, תּרנ״ו.

חיים־וואָלף בר׳ יוסף, תּרנ״ט.

מערע בת ר׳ זיסקינד תּר״ס.

**רבנים.** — ר׳ אַבֿרהם־אַבלי יפֿה, דערנאָך רבֿ אין פּאָנעוועזש, לאָטאָווע. ניפֿטר 1820.

זײַן זון ר' שבתי יפֿה, ביז 1843. ניפֿטר 1855 אין ירושלים. מערערע שו״ת זײַנע געפֿינען זיך אין **עטרת יצחק** פֿון יצחק־אײַזיק, אב״ד שאַוול. טייל שו״ת זײַנען פֿאַרבונדן מיטן פוילישן אויפֿשטאַנד אין 1831. האָט הסכמה אויפֿן ש״ס סלאַוויטא. זײַן אייניקל ר' יצחק־אַריה רובאָוויץ האָט דבֿרי תּורה אין **תּורה מציון** (ירושלים, תּרמ״ז).

ר' משה שאַפּיראָ; ר' יוסף שלופער, אין די 1880ער, דערנאָך רבֿ אין סלאָנים.

ר' אַבא־יעקבֿ בר' יחיאל־מיכל באָראָכאָוו, געבאָרן 1848 אין דאַרשוני־שאָק, דאָ רבֿ תּר״ן־תּרס״א, תּרל״ג־תּרמ״ו אין מיישעגאָלע, תּרמ״ז־תּרמ״ט אין קופּי־שאָק, תּרס״א־תּרס״ג אין פּאָלאָצק, תּרס״ג־תּרפ״ז אין וואָלקאָוויסק. בעל **חבֿל יעקבֿ**״. פֿון 1923 אין ארץ־ישׂראל. ניפֿטר אין ירושלים ה' אייר תּרצ״ו.

ר' אַריה־לייב ליפּקין בר' ידידיה, געבאָרן 1840 אין זאַגער. 1901־1902. פֿריִער רבֿ אין פּומפּיאַן (1870־1877) און קרעטינגע. אַ ריי חיבורים אַנאָנים: **כּללי חכמת האמת, דבֿרי ידידיה** (תּרנ״ה), **אור היום** (תּרס״א), **חדושי אגדות מהרא״ל.** ניפֿטר 1903 אין וועקשנע.

זײַן איידעם ר' יקותיאל־זלמן סג״ל לעוויטס, 1905 דאָ געעפֿנט „שיעורים לבחורים״. שפּעטער רבֿ אין לינקעווע, הי״ד.

ר' אליהו־ברוך קמאַי, 1840 געבאָרן אין שקוד, 1885־1888. פֿריִער רבֿ אין שקוד (1868־1878), קאַרעליץ (1878־1885) און נאָך וועקשנע אין טשעכאַנאָוויץ (1888־1899). שפּעטער בײַ 16 יאָר אב״ד און ר״מ אין מיר. ניפֿטר 1917 אין מינסק.

ר' שלמה בר' אַהרן־יוסף פֿײַנזילבער, געבאָרן 1871 אין יאַלאָווקע (גראָדנער גובערניע). רבֿ אין טורעק (ווילנער געגנט), דערנאָך וועקשנע. אין ערשטן וועלטקריג 5 יאָר אין מינסק. נאָכדעם ווידער עטלעכע יאָר אין וועקשנע און פֿון דאָרטן אין קיידאַן. דאָ האָט ער פֿונאַנדערגעוויקלט אַ גרויסע תּורהדיקע און געזעלשאַפֿטלעכע טעטיקייט. חיבורים: **נשמת חיים** (תּרס״ח), **השלמת המדות** (תּרפ״ה), **יריעות שלמה** (תּרצ״ד). 1941 אומגעקומען, הי״ד;

ר' משה ראַבינאָוויץ; ר' שלמה־אפֿרים קראַוויצקי, דערנאָך לוקניק, ציטעוויאַן, הי״ד.

ר' קלמן בר' אליעזר מגיד, געבאָרן 1874 אין קאָוונע. פֿון 1902 קאַזיאָנער ראַבינער אין אָרמיאַנסק (קרים). נאָך דער ערשטער וועלט־מילחמה רבֿ אין קראָזש און וועקשנע, ווו אומגעקומען 1941 מיט זײַן עֵדה אין טירקשלער וואַלד, הי״ד.

*

ר' יוסף ראַבינאָוויץ איז געווען דיין אין קאָוונע. ער איז דאָ ניפֿטר געוואָרן

אין 1867. ס'איז ניט קלאָר, צי ער איז געווען דיין אויך אין וועקשנע, צי ניט.

ר' יצחק יפה, זון פֿון הרבֿ ר' אַבֿרהם־אַבלי, מו״צ. ניפֿטר געוואָרן 1863 אין ירושלים.

ר' ברוך לעווינבערג, ר״מ אין וועקשנער ישיבֿה פֿון 1898 ביז 1915, דערנאָך אין לוצין. געבאָרן 1875 אין זשידיק, ניפֿטר געוואָרן אין 1920.

ר' משה־זאבֿ בר' יוסף (ר' משהל חריף), ר״מ דאָ, ניפֿטר 1873 אין עלטער פֿון 45 יאָר. ברודער פֿון ר' אַבֿרהם שניצער, אב״ד ראָזאַליע און וואַרזשאַן; ר' יוסף־לייב עפשטיין, שו״ב.

ר' בן־ציון חיים בר' מאיר יודעלאָוויץ, ש״ץ ושו״ב אַ סך יאָרן. ניפֿטר דאָ אין 1940.

אין די יאָרן צווישן 1828 און 1923 זײַנען דאָ געווען 101 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

אין **המגיד** (1872) איז דאָ אַ רשימה פֿון וועקשנער בײַשטײַערערס פֿאַר אַ פֿאָנד צו העלפֿן ייִדישע שטעטלעך אין ליטע, געטראָפֿענע פֿון הונגער אין יענעם יאָר.

**אָפּשטאַמיקע.** — יהודה־לייב עפּל, דאָ געבאָרן 1857. פֿון די פֿירנדיקע חובֿבֿי־ציון אין ווילנע. אויטאָר פֿון **בתוך ראשית התחיה** (ת״א, תרצ״ו). געשטאָרבן 1934 אין תל־אָבֿיבֿ. זײַן זיידע, ר' ברוך הצורף (בָרוך וועקשנער), האָט זיך איין טאָג אויפֿגעהויבן און זיך אַוועקגעלאָזן קיין ארץ־ישׂראל. דאָרטן געהאָלפֿן בויען דעם בית־הכּנסת של ר' יהודה חסיד אין ירו־שלים.

ר' בן־ציון שלעז, דאָ געבאָרן מיטן 1850ער. פֿון אַרום 1871 אין ירו־שלים, ווו ניפֿטר געוואָרן. חיבורים: **הציבֿי ציונים** (ירושלים, תרל״א), **כּוכבֿי יעקבֿ** (ירושלים, תרל״ג), **דין אמונה** (וואַרשא, תרל״ו), **שארית ציון** (ירושלים, תרמ״ג), **כּל הכּתובֿ לחיים בירושלים** (ירושלים, תרמ״ו). האָט הסכּמה אויף **זכרון תּנחום**, תּנחום זרחי (ירושלים, תרנ״ב).

ר' חיים־יוסף יפה („וועקשנער מגיד״). חובֿבֿי־ציון פֿלעגן אים אַרומשיקן צו האַלטן דרשות פֿאַר רעיון ייִשובֿ ארץ־ישראל, וואָס האָבן געהאַט גרויס הצלחה. איין צײַט האָט ער געדרשנט אין ווילנער שולן גאַנצע צוויי חדשים, יעדער אָוונט אין אַן אַנדער אָרט. פֿון 1893 אין ירושלים, ווו ניפֿטר געוואָרן.

ר' יעקבֿ בעקער, דאָ געבאָרן 1863. ראש־ישיבֿה אין קעלם, רבֿ אין נאָוואָ אַדעס, שפּעטער אין פֿילאַדעלפֿיע.

מרים ש״ך, דאָ געבאָרן 1867. סעקרעטאַרין פֿון ד״ר הערצל. פֿון 1948 אין ארץ־ישׂראל. אויטאָרין פֿון **אשר אתּם התהלכתּי** (ת״א, תשי״א). געשטאָרבן 1957.

איר ברודער פֿאַביוס ש״ך, דאָ געבאָרן 1868. געשריבן אין דער דײַטשי־שער און ייִדיש־דײַטשישער פּרעסע ליטעראַריש־קריטישע אַרטיקלען.

ישעיה איזראַעלשטאַם, דאָ גע־באָרן 1870. פֿון 1900 אין דרום־אַפֿריקע. איינער פֿון די אָרגאַניזאַטאָרן פֿון דער דאָרטיקער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. געשטאָרבן 1950 אין יאָהאַניסבורג.

ר׳ יעקב־דוד גאָרדאָן, דאָ געבאָרן 1873. פֿון 1905 אין אַמעריקע. רבֿ אין שיקאַגאָ, נאָרפֿאָלק. בעל **דור ודורשיו.**

ר׳ זיסקינד לאָנדינסקי [לאַצינ־סקי?], הי״ד, ר״מ אין ישיבֿת חפֿץ־חיים אין ראַדין.

ר׳ חיים־טובֿיה בר׳ אַלכּסנדר מליניק מעיר ווקשנה, בעל **באר חיים** (ווילנא, תּרמ״ז).

חיים דרושקאָוויץ, בעל **שערי הוראה** (קובֿנה, תּרצ״ג), **הגר״א מווילנא** (קידן, תּ״ש); ח. שור, **עץ חיים** (ווילנא, תּרע״ד) — האָבן אַ שייכות מיט וועקשנע.

**שרײַבערס.** — אַבֿרהם אידעלסאָן, געבאָרן 1865. פֿון די ציוניס־טישע פּירערס אין רוסלאַנד. שפּעטער געלעבט אין פּאַריז און לאָנדאָן. רעדאַקטער פֿון **ראַזסוועט** און נאָכן ערשטן וועלטקריג פֿון **העולם**, אָרגאַן פֿון דער ציוניסטישער וועלט־באַוועגונג. אַן אָפּקלײַב פֿון זײַנע העברעיִשע און רוסישע מאמרים אין העברעיִשער איבערזעצונג איז דאָ אין **ספֿר אידלסון** (ת״א, 1946). געשטאָרבן 1921 אין בערלין.

ישׂראל עפֿרויקין, געבאָרן 1884. פֿון 1910 אין פּעטערבורג, דערנאָך אין ווילנע, פּאַריז, אין צײַט פֿון ערשטן וועלט־קריג אין מאָנטעווידעאָ און ווידער אין פּאַריז. מיטגרינדער פֿון יידישע פֿאָלקס־פּאַרטיי, יעקאָפּאָ, יידישער וועלטקאָנגרעס. געשריבן אין רוסישע צײַטשריפֿטן, מיט־רעדאַקטירט — אויסער אַנדערע — די וויכטיקע זאַמלביכער **אויפֿן שיידוועג** (פּאַריז, 1939) און **קיום** (פּאַריז, 1948־1952). פֿון זײַנע ביכער זעט מען, אַז ער איז געווען פֿול מיט ערנסטע מחשבֿות און טיפֿער זאָרג פֿאַרן קיום פֿון יידישן פֿאָלק: **אין חלום און אויף דער וואָר** (נ״י, 1944), **חשבון־הנפֿש** (פּאַריז, 1948), **קדושה און גבֿורה בײַ יידן אַמאָל און הײַנט** (נ״י, 1949), **אויפֿקום און אומקום פֿון יידישע גלות־שפּראַכן און דיאַלעקטן** (פּאַריז, 1951). געשטאָרבן 1954 אין פּאַריז.

אַהרן־יצחק גראָדזענסקי, געבאָרן 1891. געלעבט אין ווילנע (אויסער 1914־1921). יידישער זשורנאַליסט און שרײַבער. געדרוקט אין די צײַטונגען און צײַטשריפֿטן פֿון ווילנע, וואַרשע, קיִעוו, כאַרקאָוו און אַנדערע. 1924־1939 אַרויסגעגעבן און רעדאַקטירט די ווילנער נאָכמיטאָג־צײַטונג **דער אָוונט־קוריער,** וואָס האָט גיך געקראָגן אַ הויכן טיראַזש. האָט געמאַכט אויך אַ סך איבערזעצונגען פֿון רוסישע און דײַטשישע שרײַבערס. ביכער: **איינזאַמע קלאַנגען** (ווילנע, 1914. לידער), **לעבן** (1923), **אין אַ יידישן דאָרף** (1934). אומגעקומען 1941 אויף פּאָנאַר.

זלמן יעפֿרויקין, געבאָרן 1895.

געלעבט אין ליבאַווע (לעטלאַנד) ביז 1921, ווען עמיגרירט קיין אַמעריקע. געשריבן אַרטיקלען אין רוסישע, דײַטשישע און מערסטנס אין ייִדישע שריפֿטן. געווען דירעקטאָר פֿון אַרבעטער־רינג־מיטלשול און געדרוקט גרעסערע אַרבעטן וועגן ייִדישער דערציִונג. ארויסגעגעבן אַ ריי לערנביכער פֿאַר דער ייִדישער שול — **אונזער וואָרט, מײַן שפּראַכבוך, דאָס ייִדישע וואָרט** (אַלע נ״י, מיט ח. בעז) און אַריי אַנדערע. געשטאָרבן 1966 אין ניו־יאָרק.

יהודה ווײַנבערג, געבאָרן 1898. פֿון 1923 אין אַמעריקע. געשריבן אין די ייִדישע צײַטונגען פֿון ניו־יאָרק. אויטאָר פֿון **קינדער־פּיעסן** (נ״י, 1929). **אמת** (העברעיִש) (נ״י, 1930). געשטאָרבן 1971 אין ברוקלין.

חנוך קַלָעי, געבאָרן 1910, פֿון 1924 אין ארץ־ישראל. מיטאַרבעטער פֿון טאָגצײַטונג **הדור** (ת״א). פֿאַרעפֿנטלעכט לידער און דערציילונגען אין די ליטעראַרישע צײַטשריפֿטן. האָט אַרויסגעגעבן מערערע ביכער־איבערזעצונגען פֿון דײַטש, ענגליש, ייִדיש: **זורבה היווני** פֿון נ. קאַזאַנצאַקיס (תשי״ד), **טראָצקי** פֿון י. דויטשער (תשט״ו), **קורות האמנות, א. ה.** גאָמבריך (תשט״ז), **יהודים בעתות מהפכה,** (תשי״ח), **בדמייך חיי,** ל. ראָכמאַן (1961), **פני אָדם,** מ. בובער (תשכ״ב) און אַנדערע.

**ניכבדים:** — מרדכי נאַטאַנזאָן, „זָקן שקָנה חכמה״. 1880 געווען אַבאָנענט פֿון ווײַטן **הישראלי** (מײַנץ); יוסף גאָרדאָן, אַבא העלער, לייב גאָלדמאַן, לייב נאַטאַנזאָן, אַבֿרהם־בער עפּל, מרדכי גאַרבעל — אַלע אין די 1880ער.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — הכּרמל, תרכ״ו; חבֿצלת, ירושלים, תרל״ב: 47; המגיד, 1872: 20; המליץ, 1886: 94; המגיד, 1887: 48; המליץ, 1898: 9; 1899: 55, 223; 1903: 90; הפּלס, פּאָלטאַווע־בערלין, תרס״ג, חוב׳ כ״ו; תרס״ה, ע׳ 444; חשבון הנדבות, 1914, ע׳ 388.

ח. לונסקי, תולדות ר׳ מרדכי ווייצעל. ווילנא, תרע״ז, ע׳ 10; דאָס וואָרט, ווילנע, 1939: 600; י. ברוידס, וילנה הציונית ועסקניה. ת״א, ת״ש, ע׳ 40; וואָלקאָוויסקער יזכּור־בוך, I, נ״י, 1949, ז׳ 72; ל. פֿעלדמאַן, ייִדן אין יאָהאַנעסבורג, 1956, ז׳ 137; אלה אזכּרה, ב׳, נ״י, תשי״ז, ע׳ 208, 222; קרסל, 1, 2; קַמזונס יהדות ליטא, ע׳ 202; לעקסיקאָן, 1, 2, 3, 4, 7.

ב. כהנס לעקסיקאָן ז׳ 305; יהדות ליטא, ג׳; ספֿר הפּרענומעראַנטן, נומ׳ 2962; דורות האחרונים, ב׳, ע׳ 343; תולדות היהודים בקורלאנד, ע׳ 63, 71; שם הגדולים השלישי, ע׳ צ״ד; תולדות חכמי ירושלים, ג׳, ע׳ 230; אהלי שם, 52, 67, 302; ספֿר קיידאַן, ז׳ 189 תולדות אנשי שם (ראַנד), ע׳ 11, 16, 70, 85; קהלת משה, ע׳ 86; חלקת מחוקק, חובֿרת ז׳, ט׳; א. צנציפּר, פעמי הגאולה, ע׳ 26. Black Book.

# ז

## זאַגער

## ŽAGARĖ

שאַוולער קרײַז. אַן אַלט אָרט — ווערט שוין דערמאָנט אין 13טן יאָרהונדערט — און אויך פֿון די עלטערע ייִדישע קהילות אין ליטע. אַ טײַך האָט צעטיילט דאָס שטעטל אין צווייען — פֿון דעם זײַנען שפּעטער געוואָרן צוויי באַזונדערע ייִדישע קהילות: אַלט־זאַגער און נײַ־זאַגער. נײַ־זאַגער איז אַלט אַרום 250 יאָר (גערעכנט פֿון 1900) און אַלט־זאַגער מיט קרובֿ אַ הונדערט יאָר מערער. נײַ־זאַגער האָט גיך אַריבערגעשטויגן דעם אַלטן טייל שטאָט מיט איר ייִדישער באַפֿעלקערונג. אַלט־זאַגער האָט געהערט צום פּריץ הײַמאַן, נײַ־זאַגער דער מישפּחה נאַרושקין.

אין נײַ־זאַגער איז 1817 אויפֿגעבויט געוואָרן אַ בית־מדרש. שפּעטער זײַנען דאָ געווען 4 געמויערטע בתּי־מדרשים, ווי אויך אַ ייִדישע מיידלשול מיט 53 תּלמידות און צוויי ייִדישע פּריוואַטשולן. אויף שאַוולער גאַס, אין אַ שיין הויז, געבויט פֿון אַן אָרטיקן גבֿיר, איז געווען אַ חדר מיט צוויי מלמדים און 100 קינדער. ד״ר הערצבערג האָט געעפֿנט אַ בוכקראָם און אַ לייענזאַל.

לויט ידיעות פֿון דער אופּראַווע (שטאָט־פֿאַרוואַלטונג), זײַנען אין אַלט־זאַגער געווען — אַרום סוף נײַנצנטן יאָרהונדערט — 210 הויפֿן, פֿון זיי 52 קריסטלעכע. דאָרטן איז דעמאָלט געווען: אַ שול, אַ בית־מדרש, אַ באָד, אַ ייִדישע 2־קלאַסיקע שול פֿאַר מיידלעך, עקסיסטירט פֿון 1893. פֿון די 3000 תּושבֿים זײַנען דרײַ פֿערטל געווען ייִדן. די איבעריקע: ליטווינער, לעטן, דײַטשן.

ייִדן פֿירן דאָ אַ גרויסן תּבֿואה־האַנדל. אין איין יאָר האָבן דרײַ אָרטיקע ייִדישע סוחרים עקספּאָרטירט 300 וואַגאָנעס תּבֿואה. ייִדן פֿאַרנעמען זיך אויך מיט האַנדלען מיט גענדז, מילכוואַרג, חזיר־האָר. פֿון די 640 האַנטווערקערס זײַנען מערסטנס ייִדן. ייִדן באַשעפֿטיקן זיך אויך מיט גערטנערײַ.[1]

אין אַ באַריכט פֿון יִיק״א וועגן ייִדן אין זאַגער אין די 1898ער יאָרן זאָגט

1) די אַלע ידיעות זײַנען גענומען פֿון דער שריפֿט דאָס שטעטל זאַגער (קאָוונע, 1899, רוסיש) פֿון א. ביעלאָזאָרטשיק, אַ זאַגערער לערער. איבערגעזעצט בקיצור אין ייִוואָ־בלעטער (באַנד XIV, נומ׳ 5).

זיך: „מיט גערטנערײַ פֿאַרנעמען זיך ס׳רובֿ ייִדן. זיי דינגען אָפּ בײַ פּויערים און ניט־ייִדישע מעשטשאַנעס גאָרטנס און פֿאַר־קויפֿן די גרינסן אויף יאַרידן.״

אין 1705 האָט זאַגער שטאַרק געליטן פֿון רוסיש־שוועדישן קריג. געווען גרויסע חורבונות. ייִדישע פּרנסות זײַנען שווער געטראָפֿן געוואָרן, אָבער די ייִדישע עקאָנאָמיק האָט זיך געשטעלט צוריק אויף די פֿיס.

זאַגער איז גיך געוואַקסן און צוזאַמען מיט איר אויך דער ייִדישער ייִשובֿ. אין 1766 האָבן דאָ שוין געלעבט 840 ייִדן — אַ גרויסע צאָל פֿאַר יענע צײַטן; אין 1847 — 2260, 1897 — 5449 (אַלט־זאַגער — 1629, נײַ־זאַגער — 3820), 1923–1928 און פֿאַרן חורבן — בײַ 1000, מיט אַ 2000 צונויפֿגעטריבענע ייִדן פֿון אַנדערע שטעטלעך.

זאַגער, ווי אַ סך אַנדערע ייִדישע שטעט פֿון רוסלאַנד, האָט שטאַרק געליטן פֿון דער „רעקרוטשינע״, דאָס כאַפּן ייִדישע קינדער פֿאַר סאָלדאַטן, לויט דער גזירה פֿון ניקאָלײַ דעם ערשטן דעם 26סטן אויגוסט, 1827. איין פּאַראַגראַף פֿון דער גזירה זאָגט קלאָר: „די ייִדן, וואָס די קהילות שטעלן צו בעתן פּריזיוו, דאַרפֿן זײַן פֿון 12 ביז 25 יאָר.״

איין כאַפּערײַ אַזאַ אין זאַגער איז געשען בעת דער רבנות־צײַט פֿון ר׳ אליהו שיק. ער איז בכלל געווען אַ הייסער קעמפֿער פֿאַר אָרעמע און געדריקטע ייִדן — און זיי זײַנען געווען די הויפּט־געטראָ־פֿענע פֿון דער קינדער־כאַפּערײַ דורך טייל רישעותדיקע „קהל״־פֿירערס.

איין מאָל האָט ר׳ אליהו זיך דערוווּסט, אַז אין עטלעכע ערטער געפֿינען זיך פֿאַרכאַפּטע ייִדישע קינדער. ער האָט דעמאָלט גענומען אַ האַק אין האַנט, צו־נויפֿגעזאַמלט אַ המון אָרעמע ייִדן, גע־שטורעמט די ערטער און באַפֿרײַט די קינדער. אין זײַן שטוב פֿלעגט ער אויסבאַהאַלטן די קינדער, וואָס זײַנען גע־ווען בחזקת סכּנה פֿאַרכאַפּט צו ווערן.

אַ צווייטע מעשׂה וועגן ר׳ אליהון און „רעקרוטשינע״ ווערט דערציילט וועגן גראָדנע, ווו ער איז אויך געווען רבֿ: דאָרטן האָט ער געטראָפֿן אַ קהלשן תּקיף פֿון וואָלקאָוויסק, ווו מען פלעגט אָפּגעבן רעקרוטן ניט נאָר פֿאַרן לויפֿנדיקן „נאַבאָר״ (פּריזיוו), נאָר אויך פֿאַר שפּעטערדיקע יאָרן. דער רבֿ האָט געפֿאָדערט, אַז מען זאָל עס תּיכּף אָפּ־שטעלן. דער תּקיף האָט זיך קעגנגעשטעלט, האָט דער רבֿ אים געגעבן אַ פּאָר פֿײַער־דיקע פּעטש. דער תּקיף האָט אָנגעקלאָגט דעם רבֿ, וואָס איז פֿאַרמישפּט געוואָרן אויף תּפֿיסה. עס האָט זיך אויפֿגעהויבן אַזאַ רעש, אַז דער תּקיף אַליין האָט געהאָלפֿן צו באַפֿרײַען דעם רבֿ.

אַן אַנדערע מעשׂה־קאַנטאָניסטן ווערט דערציילט אין די זיכרונות פֿון באַקאַנטן העברעיִשן שרײַבער בשעתו א.ש. פֿריעדבערג: איין שבת איז אין מיטן שמונה־עשׂרה אַרײַנגעלאָפֿן אַן אַלמנה אין אַ נײַ־זאַגערער שול מיט געוויינען, אַז איר

בן־יחידל איז פֿאַרכאַפּט געוואָרן אַנשטאָט אַ גבֿירס אַ זינדל און אָפּגעפֿירט געוואָרן אין קהל־שטיבל. האָט זיך אויפֿגעשטעלט דער פּרנס־חודש און אַ געשריי געטאָן: חיים, וואַרף אַרויס די חצופּה! דער שמש האָט געטאָן וואָס מען האָט אים געהייסן.

יענעם שבת האָט זיך געפֿונען אין שול דער באַוווּסטער גאון, וואָס איז געקומען אין שטעטל און מען פֿלעגט אים רופֿן ר׳ יאַנקעלע בויסקער. נאָך דעם באַפֿעל פֿון פּרנס־חודש איז דער רבֿ־אורח צוגעגאַנגען צום אָרון־קודש, אים געעפֿנט און אויסגעשריִען מיט אַלע כּוחות:

— הייליקע תּורה, אין דיר שטייט געשריבן אין גאָטס נאָמען: „שַׁלַּח תְּשַׁלַּח את האֵם ואת הבנים תִּקח לך״ [אין חומש רעדט זיך וועגן פֿייגעלעך אין אַ נעסט, וואָס מען טאָר זיי ניט צונעמען, אויב מען פֿאַרטרײַבט ניט פֿריִער זייער מאַמען]. כ׳בין שוין אַלט אַכציק יאָר און ערשט הײַנט זע איך צום ערשטן מאָל, ווי איינער — דער פּרנס־חודש — האָט די מיצווה „מקיים״ געווען. געפֿונען אַן אומגליקלעכע מאַמע, האָט ער געהייסן זי אַרויסוואַרפֿן און איר איינציק קינד צוגע־נומען. הייליקע תּורה, צי האָט ער געטאָן ווי דו האָסט געבאָטן? — זאָל אים ווערן באַצאָלט אויף דער און אויף יענער וועלט.״ דער עולם דאַוונערס איז געוואָרן אויפֿ־געקאָכט, אַוועק אין קהל־שטיבל און באַפֿרײַט דאָס געכאַפּטע קינד.

סוף 1840ער זײַנען 18 יידישע משפּחות פֿון יאַנישאָק און זאַגער (בתוכם ק.ז. וויסאָצקי) אַרויס קיין דובנע, 30 וויאָרסט פֿון דווינסק, צו באַאַרבעטן די ערד פֿון אַ קאָלאָניע, וואָס די רעגירונג האָט געגעבן אומזיסט. דער עקספּערימענט איז שפּעטער דורכגעפֿאַלן.

אין 1862 איז די עקאָנאָמישע לאַגע געווען ניט שלעכט: פֿאַבריקן פֿון וועבערײַ, פּלאַקס, די לעצטע פֿון משה עליאַשעוו מיט 100 אַרבעטערס, 2 פֿאַב־ריקן פֿון שאַשקאָלסקי מיט 30 אַרבעטערס.

די גרויסע שׂריפֿות אין 1864 און 1881 האָבן געגעבן אַ שטאַרקן קלאַפּ דער יידישער עקאָנאָמיק. אין 1881 זײַנען אַראָפּ 400 הײַזער, צווישן זיי 3 קלויזן, בית־מדרש און בית־כּנסת. ד״ר הענטש, אַ קריסט, האָט שטאַרק געהאָלפֿן די נשׂרפֿים. 1902 איז כּמעט גאַנץ אַלט־זאַגער אַראָפּ מיטן פֿײַער.

סוף 1880ער און 1890ער איז דאָ געווען אַ גרעסערע יידישע עמיגראַציע, באַזונדערס קיין דרום־אַפֿריקע און אַ ביסל אויך קיין אַמעריקע. אין 1887 איז געגרינדעט געוואָרן אין פֿילאַדעלפֿיע די חבֿרה „רודפֿי צדק אנשי זאַגער״. אין 1895 איז אין יאָהאַנעסבורג שוין געווען אַ קענ־טיקע זאַגערער קאָלאָניע, אַז זי האָט געשטיצט די אַלטע היים מיט גרויסע נדבֿות. אין הצפֿירה פֿון יענעם יאָר איז דאָ אַ רשימה פֿון זאַגערער מנדבֿים אין יאָהאַנעסבורג.

אין 1898 זײַנען אין גאַנץ

קאָוונער גובערניע געווען 6010 ייִדישע בעלי־מלאכות, פֿון דעם אין שאַוול און זאַגער 2160.

נאָכן רעוואָלוציע־יאָר פֿון 1905 האָט זאַגער שטאַרק געליטן פֿון די שטראָף־עקספּעדיציעס פֿון דער רעגירונג. די אַרײַנגעשיקטע קאָזאַקן פֿלעגן שמײַסן, שלאָגן, צינדן הײַזער. איין מאָל האָבן זיי פֿאַרשפּאַרט אַלע ייִדישע מאַנסבילן אין שול גאַנצע צוויי מעת־לעת, פֿאָדערנדיק אַרויסצוגעבן די ערטער פֿון די רעוואָלו־ציאָנערן. פֿאַר אַ גרויסער סומע געלט זײַנען די ייִדן באַפֿרײַט געוואָרן.

ייִדן אין שטאָט זײַנען געווען זייער אויפגערעגט, הלמאַי ייִדישע פּאַרטיי־ען מאַכן מאַסוווקעס אין אַזאַ צײַט. דער צאָרן פֿון דער רעגירונג איז באַזונדערס גרויס געווען צוליב דעם, וואָס די רעוואָ־לוציאָנערן האָבן פּראָקלאַמירט אַ „זאַגערער רעפּובליק״.

*

**השׂכּלה** — זאַגער איז די איינ־ציקע שטאָט אין ליטע, וואָס אירע משׂכּי־לים מלומדים זײַנען געקרוינט געוואָרן מיטן נאָמען „חכמי זאַגער״. פֿאַר וואָס ניט „מַשׂכּילים,״ ווי אין אַלע איבעריקע שטעט?

יעקבֿ דינעזאָן, אַליין אַ זאַגערער און פֿון די מיטבויערס פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור, פֿרעגט די דאָזיקע שאלה און ער ענטפֿערט: די וועגן פֿון די זאַגערער השׂכּלה־חכמים זײַנען געווען פֿאַרשיידן פֿון די דרכים פֿון די אַנדערע מַשׂכּילים אין ליטע, סײַ אין זייער אויסגאַנגפּונקט, סײַ אין זייער ציל. מיט אַנדערע ווערטער האָט עס געמיינט: די זאַגערער חכמים האָבן געוואָלט בלײַבן „בתוך עמם״ און ניט סתּם זיך וואַרפֿן אויף אַפּיקורסות און ריזיקאַלישע וועגן פֿאַרן ייִדישן פֿאָלק.

דינעזאָנס רייד זײַנען ווײַט פֿון זײַן איבערצײַגנדיק. ראשית, כּמעט די גאַנצע השׂכּלה אין ליטע איז געווען אַנדער־שדיק אין איר נאַציאָנאַל־דענקערישער ריכטונג; והשנית, דער טיטל „חכמי זאַגער״ איז ניט געקומען צוליב זייער **שיטה** אין השׂכּלה, נאָר צוליב דעם פּשוטן טעם, וואָס אַזאַ **קליין** שטעטל האָט אַרויסגעגעבן פּראָפּאָרציאָנעל אַזאַ **גרויסע** צאָל משׂכּי־לים־מלומדים — און אין דעם איז זאַגער טאַקע געווען די איינציקע אין ליטע.[2]

איינער פֿון די באַקאַנטע „חכמי זאַגער״ איז געווען חיים ז״ק. יעקבֿ דינעזאָן שרײַבט וועגן אים: „אַ יוד אַ גדול בישׂראל, הן אין תּורה, הן אין חכמה. דער ערשטער און אפֿשר אויך דער גרעסטער פֿון אַלע „חכמי זאַגער״. יעדער דריטן יאָר האָט ער געמאַכט אַ סיום אויף ש״ס. געקענט צען שפּראַכן און שטאַרק באַהאַוונט אין פֿילאָסאָפֿיע. אָן זײַן הילף וואָלט לעאָן

2) פֿאַראַן אַ סבֿרה, אַז דער נאָמען „חכמי זאַגער״ שטאַמט פֿון שניאור ז״קש — איינער פֿון די גרעסטע זאַגערער חכמים.

מאַנדעלשטאַם ניט געקענט איבערזעצן טיילן פֿון רמב״ם אויף דײַטש. אויף **מחקרי ארץ**, ישׂכר־בער גאָרדאָן (ווילנא, תּרכ״ה), איז איינע פֿון די המלצות פֿון „החכם הכּולל״ ר׳ חיים כּ״ץ.

איינער פֿון די גרעסטע און באַקאַנטסטע „חכמי זאַגער״ איז שניאור זק״ש. געבאָרן 1815 אין קיידאַן, האָט ער לאַנגע יאָרן געלעבט אין זאַגער, וואָס זײַן פֿאָטער ר׳ צמח איז דאָרטן געווען רבֿ פֿון 1817. האָט אָפֿט צוגעגעבן צו זײַן נאָמען „איש זאַגער.״ למשל: אויף זײַן אַרויסגעגעבענעם זשורנאַל **היונה** אין 1851 (ברלין), שרײַבט ער זיך נאָך: „איש זאגר חדש״.

ד״ר שמעון בערנפֿעלד, בשעתּו באַקאַנטער העברעיִשער געלערנטער, שרײַבט וועגן שניאור זק״ש, אַז „בהבֿנת הפֿילוסופֿיא הדתית בישׂראל לא קָם כּמוהו״. פֿונדעסטוועגן, גיט צו בערנפֿעלד, אַז אין ברלין איז ער געווען „מצַפּה לשלחן אחרים״, און די חכמי אַשכּנז צונץ, גייגער, יעלינעק און אַנדערע פֿלעגן אים העלפֿן. אָבער ניט אויף אַלע „חכמי אַשכּנז״ האָט מען עס געקענט זאָגן.

בן־ציון דינאַבורג, דער שפּעטערדיקער ב. דינור, בילדונג־מיניס־טער פֿון מדינת ישׂראל, שרײַבט, אַז כאָטש שניאור זק״ש איז „בלי ספֿק אחד המופֿלאים בחכמי ישׂראל בזמַנו . . . חוקר בעל אינטואיציה מדעית מבֿריקה״ — האָבן אים טייל ייִדישע געלערנטע אין מערבֿ־אייראָפּע ניט אָנערקענט ווי אַן אמתן פֿאָרשער, און ער האָט שטאַרק געליטן פֿון דעם. דער גרויסער ביבליאָגראַף משה שטיינשנײַדער פֿלעגט אים אָפֿט אָנגרײַפֿן, אַפֿילו זידלען. מיכאל זק״ש האָט אים פּשוט גערודפֿט.

אין איינעם פֿון זײַנע בריוו קלאָגט זיך שניאור זק״ש אויף גרעצן, הלמאַי ער גיט ניט אָן זײַנע (שניאורס) פֿאָרשונגען וועגן אבן גבֿירול און אַנדערע, כאָטש ער באַניצט זיך מיט זיי. גראָד דער באַקאַנטער דײַטשישער פֿילאָסאָף שעלינג האָט געהאַלטן אַ וועלט פֿון אים.

זײַנע הויפּטפֿאָרשונגען זײַנען וועגן דער העברעיִשער ליטעראַטור אין מיטל־עלטער, ייִדישן פֿילאָסאָפֿיש־רעלי־גיעזן דענקען אין יענער צײַט און דער העברעיִשער פּאָעזיע אין דער „גאָלדענער תּקופֿה״ פֿון שפּאַניע. אויף די דאָזיקע טעמעס האָט זק״ש אַרויסגעגעבן אַ ריי שריפֿטן.

שניאור זק״ש איז געווען שטיק־לעך פֿרײַנט מיט יהודה־לייב גאָרדאָנס פֿרוי. צו שניאורס 70 יאָר האָט יל״ג אים געבענטשט אין אַ ליד מיט „שְנֵי־אור״ [יאָרן פֿון ליכט]. געשטאָרבן 1892 אין פּאַריז.

*

די מישפּחה מאַנדעלשטאַם האָט אַ גרויסן חלק אין דער השׂכּלה פֿון זאַגער און נאָך מערער אין ליטע־רוסלאַנד בכלל.

דער באַקאַנטסטער איז אַריה־לייב (לעאָן) בר׳ יוסף מאַנדעלשטאַם, געבאָרן דאָ 1819, ערשטער ייִדישער סטודענט פֿון ליטע אין אַ רוסישן אוניווערסיטעט (מאָסקווע). אין די 1840ער יאָרן איז ער באַשטימט געוואָרן פֿון דער רוסישער רעגירונג אַרויסצוגעבן לערנביכער, כּדי צו העלפֿן רעפֿאָרמירן דעם ייִדישן חינוך.

מאַנדעלשטאַם האָט געקראָגן אויף דעם 10,000 רובל — אַ ריזיקע סומע דעמאָלט — און האָט פּובליקירט אַ כרעסטאָמאַטיע מיט אָפּשניטן פֿון רמב״ם, אַ לערנבוך פֿון רוסיש, אַ דיקדוק (**חנוך נערים**, 1849), איבערגעזעצט תּנ״ך אויף רוסיש, אַרויסגעגעבן אַ תּנ״ך מיט מענדעלסאָנס „ביאור״, אַ רוסיש־העברעיִש און העברעיִש־רוסיש ווערטערבוך. אין דעם האָט ער געהאַט אַ שטאַב מיטאַרבעטערס. אין 1846 האָט ער אָנגעגעבן אַ „פּראָשעניע״ (בקשה) אים צו דערלויבן אַרויסגעבן אַ מאָנאַטלעכע שריפֿט **הַיָּרֵחַ**, אָבער ס׳איז גאָרניט געוואָרן פֿון דעם.

מיכה־יוסף לֶבנזון האָט געווידמעט אַ ליד צו אים (**שירים**, ברלין, תּרפּ״ד. ע׳ רמ״ה). אַ „מכתּם לאַריה לייב מאַנדעלשטאַם״ איז דאָ אין **אשכּל הסופֿר** פֿון יצחק־בער לעווינזאָהן (וואַרשע, תּרנ״א, ע׳ 56).

ס׳איז פּשוט שווער צו פֿאַרשטיין, ווי איז עס געקומען דערצו, אַז דער דאָזיקער „חכם זאַגער״, דערצו נאָך געשטיצט פֿון דער רוסישער רעגירונג, האָט געענדיקט זײַן לעבן אין נויט און דחקות און מיט אַ ביטערן סוף.

וועגן דעם דערציילט די פּעטערבורגער צײַטונג **נאָוואָסטי** (אויג׳ 31, 1890): אַן אַלטער מאַן איז געפֿאַלן טויט אויף אַ גאַס פֿון פּעטערבורג. מען האָט ניט אויסגעפֿונען ווער ער איז, האָט מען אים באַגראָבן אויפֿן קריסטלעכן בית־עולם. שפּעטער האָט מען זיך דערוווּסט, אַז דאָס איז דער באַרימטער לייב מאַנדעלשטאַם. אויף דעם האָט געשריבן דער פּאָעט משה חאַשקעס אין אַ ליד: „מאַנדעלשטאַם החוקר, איש לב ונפֿש ברכה — מעתּיק ספר קדשנו — ההוא יָמות כּכה?! . . . מאַנדעלשטאַם לעת זִקנה — עָרוֹם הלך בלי בגד — ואנחנו בני רחמנים — עמדנו הָה מנגד״. געשטאָרבן איז ער סעפּטעמבער 12, 1889.

יחזקאל מאַנדעלשטאַם, געבאָרן 1812 אין זאַגער, האָט אַרויסגעהאָלפֿן דעם ברודער אַריה־לייב אין זײַנע ליטעראַרישע אַרבעטן. חיבורים: **ספר השמות** [נעמען אין תּנ״ך]. וואַרשע, תּרמ״ט; **ספר באורים והערות על תּנ״ך** (קיִעוו, תּרנ״ד). געשטאָרבן 1891 אין פּאָלטאַווע.

בנימין מאַנדעלשטאַם, עלטסטער ברודער פֿון אַריה־לייב, געבאָרן סוף 18טן יאָרהונדערט אין זאַגער, בעל **חזון למועד**, בנימין בן יוסף לְמַטֵה השקֵדים. (וויען, תּרל״ז). דאָרטן געגעבן אַ פּראָגראַם פֿון אײַנפֿירן השׂכּלה און מלאכות בײַ ייִדן — מיט שטאַרקע רוסיש־אַסימילאַטאָרישע

טענדענצן. אין זײַן **פּאַריז** (וואַרשאַ, תּרל״ח) ווערט געגעבן דאָס לעבן פֿון גרויסשטאָט. געשטאָרבן 1856 אין סימפֿעראָפּאָל.[3]

אין 1883 איז אַרויס אין ווילנע **צוואה מאת מענדל מאַנדעלשטאַם** לבנו הדאָקטאר מעד נ. מאַנדעלשטאַם.

*

די גרענעץ מיט קורלאַנד, וואָס דורך איר איז געגאַנגען די השפּעה פֿון דער דײַטשישער קולטור, האָט לײַכטער געמאַכט דעם וועג פֿון דער השׂכּלה אין זאַגער. אַ דאַנק דעם איז ביסלעכווײַז אויפֿגעקומען אַ פּראָפּאָרציאָנעל גרעסערע צאָל משׂכּילים, צווישן זיי אויך מלומדים, ווי אין אַנדערע שטעטלעך פֿון אַזאַ גרייס אין ליטע. פֿון זייער זײַט, ווידער, איז געקומען אַ פֿאַרשטאַרקונג פֿון דער השׂכּלה אין שטעטל. אין 1841 האָט ד״ר מאַקס ליליענטאַל, באַפֿולמעכטיקטער פֿון דער רוסישער רעגירונג צו שאַפֿן אַלגעמיינע שולן פֿאַר ייִדן, וויזיטירט ייִדישע גרעסערע קהילות. זאַגער איז געווען ניט פֿון דער צו גרויסער צאָל שטעט אין ליטע, וואָס האָבן געשיקט בריוו מיט סימפּאַטיעס צו ד״ר ליליענטאַל.

שוין אין 1836 האָט דער זאַגערער יחיאל־מיכל עפּשטיין אַרויסגעגעבן זײַן **דרפי החשבון**.

אין 1862 ווערט דערציילט אין אַ קאָרעספּאָנדענץ אין **המליץ** וועגן אַ קאַמף אַרום עפֿענען אַ העברעיִשע שול. עס ווערט אויך איבערגעגעבן, אַז צווישן זאַגערער ייִדן זײַנען דאָ „אנשי חכמה ומדע, בינה והשׂכּל, . . . ולא נופלים בידיעות לשונות המתהלכות בארץ״.

אין 1865 גיט אַרויס ישׂכר בער גאָרדאָן, „יליד ווילנא מזאַגיר־חדש״, **מחקרי ארץ**, חכמת וידיעת הגעאָגראַפֿיע, אויף צו העלפֿן די „משתוקקים לחזות בנועם החכמות״, מיט המלצות פֿון אד״ם הכּהן און מרדכי פּלונגיאַן. די „מרבי השׂכּלה בישראל״ אין פּעטערבורג האָבן געשטיצט מיט אַ סומע געלט.

אין אַ רשימה פֿון 1866 פֿון „חבֿרה מקיצי נרדמים״ איז דאָ דער מיטגליד ברוך־בענדעט ווישאָצקי, פֿאָטער פֿון ק.ז. וויסאָצקי. אין 1871 האָט דער זאַגערער שבתי־מאיר פּערלמאַן געדרוקט אַן אַרטיקל אין **המגיד**, איבערגעזעצט פֿון אַ פּוילישער צײַטונג.

אין 1900 האָט מען אין דער תּלמוד־תּורה פֿון 100 קינדער געלערנט אויך לשון־קודש, רוסיש, חשבון. ר׳ נתן־נטע ווײַנבערג, „רבֿ מופֿלא וחסיד״, איז אַ געוויסע צײַט דאָ געווען לערער אויף לשון־קודש, רוסיש, דײַטש. די ייִדישע מיידלשול האָט אָנגעפֿירט אַ פֿרוי [וועגן פֿריִערדיקע ייִנגל־און מיידל־שולן ווערט אויבן דערמאָנט].

1910 איז דאָ געשאַפֿן געוואָרן אַן אָפּטייל פֿון דער בערלינער „יודישע

---

3) נעמען פֿון נאָך חכמים און משׂכּילים אין זאַגער אין די ווײַטערדיקע קאַפּיטלען, באַזונדערס אונטער שרײַבערס און אָפּשטאַמיקע.

ליטעראַרישע געזעלשאַפֿט". לעקציעס האָט דאָ געהאַלטן י. צימקין. אַקטיוו אין דער „געזעלשאַפֿט" זײַנען געווען: ש. יאַקובזאָן, יושבֿ־ראש, וו. יאַקובסאָן, סעקרעטאַר, און אײַזיק נאָוואַזענעץ, אַבֿרהם שיינוואַלד.

**באַוועגונגען.**— אין זאַגער איז געווען אַ קענטיקער יִדישער אַרבעטנדיקער עלעמענט און האָט דורך זײַנע אָרגאַניזאַציעס, באַזונדערס דעם „בונד", געהאַט אַ השפּעה אויפֿן יִדישן לעבן אין שטאָט. חיבת־ציון און ציוניזם זײַנען שפּעטער געוואָרן דער גרעסערער געזעלשאַפֿטלעכער כּוח.

פֿאַראַן אַ ריי רשימות אין **המליץ** פֿון זאַגערער מנדבֿים פֿאַר העלפֿן בויען ארץ־ישׂראל: 1897: 55; 1900: 28, 70; 1903: 8. אין 1893 און 1894 זײַנען די מורשים: ב. סגל, בן־ציון גאָלדבערג.

אין אַ רשימה מנדבֿים פֿון 1909 צו העלפֿן קויפֿן ערד אין ארץ־ישׂראל געפֿינען זיך די זאַגערער: ב. טאַנקעל, שרגא אידעלסאָן, הירש יאַקאָבסאָן, שלום־טוביה נײַווידל, בן־ציון קליין, יצחק אײַזענשטאַדט, יקותיאל קיקאָן (בביהמ"ד של הגבֿירה הינדע־גיטל זאַק), יאַוונאָוויטש, שעפֿטל גרינבלאַט, ישעיה קאַנטאָר. — אַלט־זאַגער: ניסן טרוביק, לייב יאַקאָבסאָן, בן־ציון שטיין, שבתי יאַקאָבסאָן, משה־חיים קאַפּלאַן, הרא"ב בן־ציון למדן, מענדל קלאַצקין, דוד מאַלדינער.

אויף אַן אַלטן בית־עולם אין ירושלים געפֿינען זיך די מצבֿות פֿון:

הרב צבי בהרב ר' זרח מזאגער, תּרכ"א.

פרומא בת ר' שמואל א' ר' יוסף מזאגער, תּרכ"ג.

יחזקאל בר' זאב כּץ מזאגער, תּר"ל.

ליב בר' ישראל בארי מזאגער, תּרל"ג.

ר' דובער בר' ליב מזאגער שהיה רב דמיליטעפאל, תּרנ"ט.

פֿון זאַגער שטאַמט פּראָפֿעסאָר עמנואל מאַנדעלשטאַם, פֿון די אָנפֿירנדיקע חובֿבֿי־ציון און פֿון ציוניזם אין זײַן ערשטער תּקופֿה. ער איז דאָ געבאָרן געוואָרן אין 1899, שפּעטער באַוווּסטער אויגן־דאָקטער. אויף דער קאַטאָוויצער קאָנפֿערענץ איז ער אויסגעקליבן געוואָרן אין „ועד מרכּזי" פֿון חובֿבֿי־ציון.

דובֿ־בער פּוזרינס בוך **שבֿת אחים** איז געווידמעט אים, ד"ר הערצל און ד"ר נאָרדוי, ווי די „נושׂאי דגל הציונות" (בר־דיטשובֿ, תּרס"א). דאָס בוך **קובֿץ שירים ומאמרים** פֿון יצחק ראָזעט (קיובֿ, תּר"ע) איז געווידמעט מאַנדעלשטאַמען. אין 1903־4 איז ער אַריבער צו די טעריטאָריאַליסטן. אין 1905 איז ער אַרויס מיט **אַנ' אָפֿענער בריעף צו די רוסישע ציוניסטען** (ווילנא, תּרס"ה, איבערגעזעצט פֿון פסח קאַפּלאַן) זיך ניט אָפּצוזאָגן פֿון פּלאַן צו באַזעצן יִדן אין קאָלאָניעס פֿון מיזרח־אַפֿריקע.

אויף די „אגודה" איז געווען אַקטיוו. אין אַ רשימה פֿון 1914 זײַנען דאָ די יערלעכע זאַגערער בײַשטײַערערס פֿאַרן „קרן האגודה": שלום־טובֿיה נײַווידל, דוד ברוכמאַן, נחום ראָזענפֿעלד, שלום גאָטליב, שעפֿטל מילוויצקי, מרדכי ליסוס, אליעזר

מילוויצקי, צבֿי יאַקאָבזאָן, עזריאל גאָלדבערג, אַבֿרהם־שמעון וואָלקין, פּנחס קימעלפֿעלד, משה־אַהרן טאַנקעל, לייב לעוויטאַס, שלום־צבֿי טרומפּייצקי, אַבֿרהם־יעקבֿ בלום, משה שיינינזאָן, יקותיאל זאַגאַרסקי, יוסף בלום, מרדכי אַרקין, יצחק מאַרקושעוויץ, מיכה וואַגענהיים, יהודה פֿרידמאַן, שלום טאָדעס, אלעזר שור, שלמה־משה שטיין, יצחק לאַנדאָן, אַבאַ־אליעזר טאַנקעל, דוד שוחט, שמואל־חנא עסזאָן, חנא זלאָט, יוסף בלאַס, משה יאַוורנאָוויץ, יעקבֿ־משה לאַן, חיים בלידון, מרדכי שאַפּאָוו, מרדכי שאַלאַמאָוו, יהודה־מאיר מײַסטער. פֿון אַלט־זאַגער: מרדכי בלידון, שמואל הילמאַן, שבתי גאַוורטאָנסקי, חיים־מענדל קאַהן, הרבֿ ר' צבי פּשעדמייסקי.

**זאַגער חדש:** משה שיינינזאָן, אײַזיק ליסוס, פּרץ גיטעלסאָן, מרדכי ליסוס, צבֿי־לייב יאַנקעלסאָן, יקותיאל זאַגאַרסקי, יצחק מאַרקושעוויץ, א.ס. מלמד, דוד אסתּרמאַן, משה יאַנאָוויץ, לייב ראַבינאָוויץ, מאיר לאַנדאָן, יחזקאל שיקשטיין, לייב ראָזענבערג, יודל קאַנטאָר, יוסף מאַנדעלשטאַם. אײַזיק לערמאַן, יוסף ווינער, מענדל ברוקער, צבֿי גאָלדבערג, חיים אַרענאָוו, בן־ציון מעלער, מענדל אַפּירױן, אָשר העלמאַן, דוד אסתּרמאַן, לייב אססין, צבֿי פּערעצמאַן, שכנא דוואָלאָיצקי, נח נוראָק, אָשר זעגערמאַן, יוסף סאַראָק, ד"ר חיים יאַנקעלעוויץ, שלום גאָטלער, שעפּטל און אליעזר מילוויצקי, צבי יאַקאָבסאָן, יצחק לאַנדאָן, יעקב־משה לאַן.

זאַגער יָשָן: הרבֿ ר' בן־ציון פֿעלדמאַן, אַבֿרהם־אליה לעוויטאַס, פֿישל פֿישהויט, משה־יצחק אָלשוואַנג, שמואל־אליהו הירשבערג.

**רבנים.** — ר' אליעזר בהג"מ אַבֿרהם, ניפֿטר געוואָרן 1779. אויף **עמודי בית יהודה**, יהודא איש הורוויץ (אמשטרדם, תּקכ"ו) דאָ הסכּמה פֿון „אליעזר בהרב מוהר"ר אברהם נר"ו אב"ד דשלש קהלות זאגור חדש ועיר חדש ושאַוויל והמדינה". האָט הסכּמה אויך אויף **צל המעלות** [קיניגסבערג, תּקכ"ה] פֿון זעלביקן מחבר.

ר' יהודה־לייב בר' שׂמחה טיקטינער. געלעבט אין אַכצנטן יאָרהונדערט. בעל **שלמי שׂמחה** (ווילנא, תּקס"ו.)

ר' דוד־יחזקאל בר' יקותיאל, פֿריִער אין וואַבאָלניק, נאָך זאַגער אין מיטאַווע, ווו ניפֿטר געוואָרן 1823. געהאַט אַן אומגעוויינלעך הדרת־פּנים [זע: קאַפּיטל וואַבאָלניק]. זײַן זון ר' אליהו יאַקאָבסאָן, אב"ד ווינדוי, שאַווילאַן (לעטלאַנד), ניפֿטר 1854.

ר' יחזקאל. דאָ זײַנער אַ כּתבֿ־יד פֿון 1820 א"ט **כּללי דקדוק**, ז' שערים. י. בן־יעקבֿ זאָגט אויף אים: „אב"ד זאַגער".

ר' יקותיאל זלמן, פֿון ר' חיים וואָלאָזשינערס תּלמידים. ניפֿטר געוואָרן 1848.[4]

4) יקותיאל זלמן הלוי לעוויטאַס געווען אויך רבֿ אין וועקשנע און לינקעווע; אין **עטרת יצחק** פֿון ר' יצחק־אײַזיק אב"ד שאַוול דאָ שו"ת פֿון תּקצ"ג (1833) פֿון יקותיאל זלמן בר' מרדכי סג"ל — מיר נעמען אָן, אַז אַלע דרײַ זײַנען **איין** רבֿ. דער לעצטער האָט זײַן הסכּמה אויפֿן ש"ס סלאַוויטא (1835).

ר׳ אליהו שיק, געבאָרן 1809 אין וואַסילישאָק. פֿאַר ניי־זאַגער רבֿ אין אַמסטיבאָווע, לונע, דערעטשין, לידע [לויט **עיר ווילנא**, איז דער סדר אַן אַנדערער]. אַ חודש צייַט רבֿ קאָברין, ווו ניפֿטר געוואָרן 1876.

ר׳ אליהו איז בן הקדוש ר׳ בנ־ימין שי״ק, בהרבֿ יו״ט ליפּמאַן שי״ק, בהגאון ר׳ חנוך העניך אב״ד שקלאָוו. הרבֿ שיקס ערשטע פֿרוי איז טאָכטער פֿון ר׳ יעקב אב״ד וואָלקאָוויסק, די צווייטע — טאָכטער פֿון ווילנער דיין ר׳ שלמה־זלמן זאבֿ־וואָלף.

ער האָט זיך שטאַרק אָנגענומען פֿאַר אָרעמעלייַט, אַ באַזונדערס שאַרפֿן קאַמף געפֿירט קעגן די „כאַפּערס״ אין דער צייַט פֿון דער „רעקרוטשינע״. אין איינער פֿון זייַנע דרשות קעגן די „כאַפּערס״ האָט ער געזאָגט: עס שטייט: „מי נתן יעקבֿ למשסה וישׂראל לבוזזים״. אייגנטלעך, האָט דאָך געדאַרפֿט שטיין „לבִזה״ אזוי ווי „למשִסה״. איז דער תּירוץ לויט אגדה און זוהר: „יעקבֿ״ איז דער המון־עם און „ישׂראל״ מיינט ראשיו ונכבדיו. בכן — מי נָתַן, אז דער המון־עם זאָל זיין „בָזוז ושָסוי״ און די ראשיהם זאָלן זייַן די בוזזים פֿון המון [נאָך מעשׂיות וועגן ר׳ אליהון און דער „רעקרוטשינע״ ווייַטער].

ר׳ אליהוס טאָכטער הדס האָט געלעבט אין ראָזשינאָי. זי פֿלעגט גאַנצענע טעג זייַן פֿאַרנומען מיט העלפֿן אָרעמע, פֿלעגט אַפֿילו פֿאָרן אין אַנדערע שטעט קלייַבן געלט פֿאַר זיי. אין אַן אָנדענק־שריפֿט **עלי הדס** פֿון ירוחם־פֿישל פּינס (ווילנא, תּרס״א) זייַנען דאָ „צוויא הספדים אויף די בעריהמטע וואָהלטעטיגע פֿרוי״.

ר׳ אליהוס חיבורים: **עיני אליהו** (מיט **עין יעקב**, ווילנא, תּר״ל־תּרל״ד), **דרך אָבֿות** (ווילנא, תּרמ״ב, עטלעכע אויסגאַבעס). האָט הסכּמה אויף **ושבֿ הכּהן**, מהרי״י כּהנא (וואַרשא, תּרל״ט).

ר׳ צמח בר׳ מתּתיהו זק״ש, געבאָרן 1796 אין קיידאַן. דאָ רבֿ ביז זייַן פּטירה אין 1862. פֿריִער ד״צ ומו״צ, שפּעטער אב״ד. פֿאָטער פֿון באַקאַנטן העברעיִשן געלערנטן שניאור זק״ש. האָט הסכּמה אויף **יד הקטנה**, ר׳ בעריש בר׳ יעקבֿ (קיניגשבערג, תּרט״ז, תּרי״ט). הבֿיא לדפֿוס ר״ש יפֿה מזאַגער חדש, וואָס האָט דאָרטן אויך זייַנע חידושים.

ר׳ דובֿ־בער בר׳ יהודא טריווש, געבאָרן 1724, שפּעטער דיין אין ווילנע, אַזאַ חתימה דאָ אין ווילנער פּנקס פֿון תּקכ״ו־תּק״ן (1766־1790). אין ווילנע איז געווען אַ „קלויז זאַגער״ אויף זייַן נאָמען. חיבורים: **רבֿיד הזהבֿ** (הוראדנא, תּקנ״ז), **שיר חדש** (על **שיר השירים**. ווילנא, תּק״ס). ניפֿטר כ״א תּשרי תקס״ג (1802).

ר׳ אורי־דוד בר׳ יוסף אַפּריון, אין אַלט־זאַגער. פֿריִער רבֿ אין נעמאָקשט. מחבר פֿון **אַפּריון דוד** (איידטקוהנען, 1872). האָט שו״ת אין **עטרת יצחק** פֿון יצחק־אייזיק, אב״ד שאַוול.

ר׳ יעקבֿ יוסף (ר׳ יאַנקעלע חריף), געבאָרן 1848 [?1841] אין קראָזש. ר׳ ישׂראל סאַלאַנטערס מוסר־שיטה האָט

געפֿאָרעמט זײַן גאַנץ לעבן. ערשטע רבנות אין ווילאָן, ווו געגרינדעט אַ ישיבֿה מיט אַ נײַער שיטה (ספּעציעלע שעהן פֿאַר מוסר), דערנאָך רבֿ אין יורבורג, זאַגער, פֿון 1883 שטאָט־מגיד און מורה־הוראה אין ווילנע און 1888 רבֿ הכּולל פֿון ניו־יאָרק. זײַנע דרשות פֿלעגן צוציִען טויזנטער. ניפֿטר 1902 אין ניו־יאָרק. בעל **לבית יעקבֿ** (ווילנא, 1888). אַ סך חידושי־תּורה זײַנע אין יצחק רייטבאָרדס **קהלת יצחק** (ווילנא, תּר״ס).

ר׳ חיים־צבֿי־הירש ברוידא, געלעבט אין נײַנצנטן יאָרהונדערט. פֿריִער רבֿ אין אַליטע, נעמאָקשט, שוועקשנע. שווער פֿון ר׳ זעליק־ראובֿן בענגיס, אבֿ״ד קאַלוואַריע. גרויסער קעגנער פֿון דער מוסר־שיטה. חיבורים: **שארית חיים** (תּרמ״א), **רוּח והצלה** (תּרמ״ו, מיט **מגילת אסתּר**), **אוצר חיים** (תּרנ״ט), **ארחות חיים** (תּרס״ג) — אַלע ווילנע; **שיר חדש** (סט. לואיס, תּרפּ״ב, מיט **שיר השירים**). האָט הסכּמה אויף **בית ועד לחכמים**, אַהרן היימאַן (לונדון, תּרס״ב).

ר׳ יצחק־אײַזיק ברוידא, פֿריִער רבֿ אין סיאַד. זיידע פֿון ר׳ שמעון זבֿדיה, מו״צ אין שאַוול און שווער פֿון ר׳ מרדכי מעלצער.

ר׳ חיים־יצחק בר׳ שאול קאָרבֿ, געבאָרן 1870 אין פּילטען (קורלאַנד). מו״צ אין פּאָנעוועזש, 6 יאָר רבֿ אין פּאַלאָנגע, מילחמה־צײַט אין פּאַולאָגראַד (אוקראַיִנע), נאָכדעם 4 יאָר אין אַלט־זאַגער, 1927 אין האַרלעם (נ״י), 1928 ר״מ אין שיקאַגאָ. פֿון 1952 אין ירושלים, ווו ניפֿטר געוואָרן 1957. בעל **נתיבֿות חיים** (נ״י, תּרפּ״ז־תּר״ץ), **טל שחקים** (סט. לואיס, 1941). אין **דבֿרי יצחק** פֿון ר׳ איצעלע פּאָנעוועזשער דאָ תּשובֿות צו אים.

ר׳ בן־ציון בר׳ משה פֿעלדמאַן, געבאָרן 1876. 1903 רבֿ אין ווישינטע, דערנאָך אין אַלט־זאַגער.

ר׳ יהודה־לייב ריף; זײַן זון ר׳ ישׂראל, דאָ געבאָרן 1870. פֿריִער רבֿ אין קורשאַן, דערנאָך אין נײַ־זאַגער. אומגעקומען 1941 בײַ ריגע, הי״ד. איידעם פֿון הגאון ר׳ רפֿאל שאַפּיראָ.

ר׳ ישׂראלס זון ר׳ יצחק חנוך־זונדל, געבאָרן 1904 אין וואָלאָזשין, אבֿ״ד אַלט־זאַגער. זײַן גרויסער אויפֿטו איז דאָס אײַנשטילן די לאַנגיאָריקע מחלוקת צווישן אַלט־און נײַ־זאַגער.

ר׳ יעקבֿ בר׳ ישׂראל כּץ, געבאָרן 1863 אין רומשישאָק. רבֿ אין קליקאָל, 1906־1914, און פֿון 1920, פֿון 1922 אין אַלט־זאַגער. ניפֿטר 1923 אין ווילדינגען (דײַטשלאַנד).

איינער פֿון די לעצטע רבנים איז דניאל זאַקס.[5]

*

5) אין אַלט־זאַגער איז געווען רבֿ ר׳ שלמה־זלמן בר׳ אליהו ראַגאָלער, דאָס האָט געקענט זײַן נאָר אין נײַנצנטן יאָרהונדערט. מחבר פֿון **בית אָבֿות**. — אין געפֿלאָנטער פֿון דיביידע זאַגערס איז געווען שווער אויסצורעכענען דעם גענויען כראָנאָלאָגישן סדר פֿון די רבנים.

**ר״מים, מו״צים, שו״בים.** — ר׳ חנוך־זונדל בר׳ ישעיה לוריא, געבאָרן 1787 אין בריסק. מגיד אין נײַ־זאַגער, מ״מ אין נאָוואַרעדעק און 1842 אין קראָטאָשין. ניפֿטר אין 1847. בעל **כנף רננים** (קראָטאָשין, 1842; פּרעסבורג, 1859; וואַרשע, 1888). זײַן **מוטות כּנפים** געבליבן אין כּ״י.

ר׳ שמעון בר׳ שאול הורוויץ, געבאָרן 1820 אין שקוד. דאָ געגרינדעט אַ ישיבֿה. שפּעטער רבֿ ומו״צ אין לייפּציג. האָט הערות צו **הפּלאה שבערכין** לר׳ י. ברלין (וויען, 1859). אין זײַן **מהלומות לְגוֹ כּסילים** (1872) פֿירט ער אַ שאַרפֿן קאַמף קעגן גייגערן און אַלע רעפֿאָרמערס. זײַנע הערות צו **ברכות** (ירושלמי) האָט אַרויסגעגעבן ד״ר מ. לעהמאַן (מאַינץ, 1875). 1879 זײַנען אַרויס זײַנע ביאורים צום ספר **התּניא** (וואַרשע). האָט אַ סך געשריבן אין **המסדרונה** און **הלבֿנון**. ניפֿטר 1900 אין לייפּציג.

ר׳ בן־ציון־וואָלף זאַקס, געבאָרן אַרום 1850, ר״מ. תּלמיד־חכם און משׂכּיל. געהאַט אַ רײַכע ביבליאָטעק מיט וויסנשאַפֿטלעכע ביכער. פֿאָטער פֿון שרײַבער אַבֿרהם־שׂמחה זאַקס.

נאָך ראשי־ישיבֿה: ר׳ קלמן פּילווישקער, ר׳ איציק קראָקער, וואָלפֿציק חריף, ר׳ צבֿי פּשעדמייסקי, פֿריִער רבֿ אין לײַזעווע.

ר׳ קלונימוס גאָלדשטיין, מו״צ, הי״ד; דער יאַנישקער ר׳ שמואל־צבֿי הערץ [לוקנייצקי], דומ״ץ, שפּעטער אין מיטאַווע. איידעם פֿון ר׳ יעקבֿ בענדיטמאַן, אבֿ״ד בויסק, און האָט חידושי־תּורה אין זײַן **זכרון יעקבֿ**. ניפֿטר 1894 אין עלטער פֿון 72 יאָר; ר׳ אַריה, מו״צ, פֿון דער מישפּחה שמואל חסיד ראַסיינער.

ר׳ לייב שוחט, שו״ב, קרובֿ פֿון ר׳ ישׂראל־לייב חײַמאָוויץ, אבֿ״ד מיטאַווע; ר׳ דוד שאָחעט, שו״ב; ר׳ קלמן מאַריִענהאָף (אין יעקבֿ דינעזאָנס צײַט), מלמד „מיט אַ סך דקדוק". עקסטרעם־פֿרומע האָבן ניט געשיקט קיין קינדער אין זײַן חדר; ר׳ יעקל בירזשער, מלמד; ר׳ יוסף אַלטשולער, חזן.

ש.ז. מגיד, **מוסר ודעת** (ווילנע, תּרכ״ח), ב. בייראַק, מנורת בצלאל (ווילנע, תּרמ״ט), א.ל. בינימינזאָהן, **מלחמה בשלום** (נ״י, תּרנ״ח), מ.י. לעכאָוויצקי, **אמרי בינה** (וואַרשע, תּר״ס) — די אַלע האָבן אַ שייכות מיט זאַגער.

צווישן 1828 און 1923 זײַנען געווען 381 זאַגערער פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

**אָפּשטאַמיקע.** — צווישן די 12 דיינים פֿון ווילנע אין 1786 זײַנען געווען ר׳ ראובֿן בן מיכאל מזאגר און ר׳ יצחק מזאגר.

ר׳ גרשון בר׳ שלמה הכּהן קלאַצקאָ, געבאָרן אַרום 1770, געלעבט אין ווילנע. גדול בתּורה. האָט חידושים אין **טורי זהבֿ** (ווילנע, תּקצ״ב).

ר׳ זאבֿ־וואָלף בר׳ אַריה־לייב ליפּקין, פֿאָטער פֿון ר׳ ישׂראל סאַלאַנטער. מו״צ אין זאַגער, פֿון 1830 רבֿ אין גאָלדינגען (קורלאַנד), שפּעטער אין טעלז.

חיבורים: **בן־אריה,** הגהות אויפֿן ש״ס (געדרוקט אין ווילנער ראָם־ש״ס); **בן־אריה,** הגהות אויף **טורים** (ווילנא, תּר״ס. געדרוקט מיטן טעקסט). ניפֿטר 1858.

ר׳ יששׂכר־בער גאַוואָנסקי, דאָ געבאָרן אַרום 1800, רבֿ אין פּאָפּעליאַן און וועקשנע. ניפֿטר 1870.

ר׳ יחזקאל הכּהן, מגיה אין ווילנער ראָם־דרוקערײַ, און דאָרטן זײַנען די מגיהים געווען „אנשי שם ומדע.״ אויף אַ מצבֿה אין אַלט־ירושלים איז דאָ: „הרב מ׳ ר׳ יחזקאל בר׳ זאב כּ״ץ מזאגר.״ ניפֿטר תּר״ל.

ר׳ ישׂראל סאַלאַנטער, געבאָרן 1810. מען האָט אים אײַנגערופֿן אויפֿן נאָמען פֿון סאַלאַנט, ווו ער האָט געלעבט אַ סך יאָרן, דאָרטן געשטיגן אין לערנען און אויך חתונה געהאַט. זײַן פֿאַמיליע־נאָמען איז ליפּקין. זײַן געשאַפֿענע מוסר־שיטה איז סײַ אין לימוד, סײַ אין התנהגות.

אַ ריי רבנים אין ליטע זײַנען אַרויסגעטראָטן קעגן ר׳ ישׂראלס שיטה, מורא האָבנדיק, אַז דאָס קען שעדיקן דעם דורות־לאַנגן דרך־הלימוד אין די ישיבֿות. די מוסר־שיטה האָט זיך פֿאַרשפּרייט אין אַ סך ליטווישע ישיבֿות, אָבער קיין מאַסן האָט עס ניט מיטגעריסן — ווי דאָס איז געשען מיט חסידות אין פּוילן — ווײַל אירע פֿאָדערונגען זײַנען זייער האַרבע און צוגעפּאַסט בעיקר פֿאַר די בני־עליה און ניט פֿאַרן המון.

וועגן ר׳ ישׂראל זײַנען דאָ אַ סך וווּנדערלעכע מעשׂיות. זאָל דאָ געבראַכט ווערן איינע. צו 14 יאָר האָט דער סאַלאַנטער ר׳ יעקבֿ אײַזענשטיין אים גענומען פֿאַר אַן איידעם, צוזאָגנדיק 300 רובל נדן. פֿאַר דער חתונה איז ר׳ יעקבֿ זייער אָרעם געוואָרן און האָט ניט געקענט געבן דעם נדן. אַ ייִד אַ גבֿיר האָט אָנגעבאָטן 10,000 רובל דעם פֿאַראָרעמטן מחותּן, אַז יענער זאָל אָפּלאָזן דעם שידוך און ר׳ ישׂראל זאָל חתונה האָבן מיט זײַן, דעם גבֿירס, טאָכטער. אָבער ניט ישׂראל, ניט זײַן פֿאָטער האָבן מסכּים געווען, און ר׳ ישׂראל האָט חתונה געהאַט מיטן אָרעמען מיידל.

חיבורים: **אמרי בינה** (וואַרשא, תּרל״ח), **עץ פּרי** (ווילנא, תּרמ״א), **אבֿן ישׂראל** (וואַרשא, תּרמ״ג), **אגרת המוסר** (קיניגשבערג), **אור ישראל** (ווילנא, תּר״ס). ניפֿטר געוואָרן 1883 אין קעניגסבערג.

קלונימוס־זאבֿ וויסאָצקי, געבאָרן 1824 אין זאַגער. פֿון די גרויסע נדבֿנים אין רוסלאַנד בשעתּו. אין 1848 געשאַפֿן אַ חבֿרה „חיי אָדם״ אין זײַן הויז און אַליין געזאָגט אַ בלאַט גמרא פֿאַר בעלי־מלאכות.

1858 האָט וויסאָצקי זיך באַזעצט אין מאָסקווע, ווו ס׳איז אים אַוועק גוט אין מיסחר. זײַן „וויסאָצקי־טיי״ איז געוואָרן אַ שם־דבֿר. זײַן ערשטע גרויסע נדבֿה איז געווען 10,000 רובל צו גרינדן אַ בילדונג־אַנשטאַלט אין מאָסקווע. געגעבן אַ סך נדבֿות פֿאַר די ישיבֿות אין וואָלאָזשין (ווו ער האָט פֿריִער געלערנט), מיר, קאָוונע, לאָמזשע, ירושלים, ווי אויך פֿאַר שפּיטאָלן, מושבֿ־זקנימס און אַנדערע סאָציאַלע

מוסדות. האָט געהאָלפֿן גרינדן און אויסהאַלטן דעם זייער וויכטיקן זשורנאל **הַשִׁלֹח**.

אַקטיוו און שטיצעריש פֿאַר חיבת־ציון. זיך באַטייליקט אין דער קאַטאָוויץ־קאָנפֿערענץ (1884) און אַרײַן אין „ועד מרכזי" פֿון חובבֿי־ציון. געגעבן גרויסע נדבות צו גרינדן דעם טכניון אין חיפֿה און פֿאַרן בית־ספֿר עבֿרי אין יפֿו.

נחמיה האָפֿמאַן ווידמעט וויסאָצקין זײַן בוך **ספּורי הטבֿע** (וואַרשא, תּרמ"ז), אַזוי אויך קלמן שולמאַן זײַן **מנחת ערבֿ** (ווילנא, תּרמ"ט) און יהודה גרַזובֿסקי זײַן **בית־ספֿר עבֿרי** (וואַרשא, 1902). מ.מ. דאָליצקי האָט אַ גאַנץ בוך וועגן וויסאָצקין א"נ **מופֿת לרבים** (פּ"פ דמײַן, תּרנ"ד). עטלעכע בריוו פֿון וויסאָצקין צו יהודה־לייב גורדון געפֿינען זיך אין **אִגרות יל"ג**. — געשטאָרבן 1904 אין מאָסקווע. אין דער צוואה צו זײַנע קינדער זאָגט ער זיי אָן צו זאָרגן ניט בלויז פֿאַר געלט, נאָר אויך פֿאַר מעשׂים טובֿים לטובֿת ייִדן.

ר' רפֿאל־נתן ראַבינאָוויץ, געבאָרן 1835, ניפֿטר געוואָרן 1888 אין קיִעוו. צו 22 יאָר האָט ער געפֿונען אין מינכענער קייזערלעכער ביבליאָטעק אַ „קאָדעקס העבראַיִקוס" — מאַנוסקריפּט פֿון תּלמוד בבֿלי, געשריבן אין 1342, וואָס איז ניט דורכגעגאַנגען די הענט פֿון די תּלמוד־צענזאָרס. נאָכן פֿאַרגלײַכן און אַנאַליזירן דעם טעקסט מיט די טעקסטן פֿון תּלמוד אין אַ ריי אַנדערע ביבליאָטעקן אין פֿאַרשיידענע לענדער, האָט ער אָנגעשריבן זײַן **דקדוקי סופֿרים** אין 16 בענד, וואָס איז איינער פֿון די גרעסטע תּלמוד־פֿאָרשונגען און אים פֿאַרשאַפֿט אַ וועלטנאָמען.

נאָך חיבורים: **קונטרס עיקרי העבֿודה** (פּרעסבורג, 1863) — כּללים וועגן קרבנות; **גאון יעקבֿ** — פּירוש על עירובין מרבי יעקב מווינא; **מורה המורה** (מינכען, 1871); **יחוסי תּנאים ואמוראים** (ליק, 1874) — גענעאַלאָגיע אויפֿן סמך פֿון אַ כּתבֿ־יד אין אָקספֿאָרד; **הערות ותיקונים צו עיר הצדק** פֿון י.מ. צונץ (ליק, 1875); **מאמר על הדפסת התּלמוד** (מינכען, 1877) — איבערבליק איבער די תּלמוד־אויסגאַבעס זינט 1484; **אֹהל אברהם** — קאַטאַלאָג פֿון דער מערצבאַכער־ביבליאָטעק (מינכען, 1888).

ר' אַריה־לייב בר' ידידיה־ליפֿמאַן ליפֿקין, געבאָרן 1840. אַ געוויסע צײַט דרשן אין שטעטל. 1877־1870 רבֿ אין פּומפּיאַן, פֿון 1878 אין קרעטינגע, 1902־1901 אין וועקשנע, ווו ניפֿטר געוואָרן. חיבורים: **דבֿרי ידידיה** (ווילנא, תּרנ"ה, געדרוקט מיטן **שיר השירים**), **אור היום** (ווילנא, תּרס"א), **שבֿילי המאורות** (פּיעטרקובֿ, תּרס"א), געדרוקט מיט **ברייתא דשמואל הקטן**), **חדושי אגדות מהרא"ל** (ירושלים, תּרס"ו).

ר' שלמה עליאַשעוו, געבאָרן 1841. געלעבט אַ לעבן אין שאַוול. מען האָט אים גערופֿן „שאַוולער מקובל". זײַן באַרימטסטער ספֿר איז **לשם שבֿו ואחלמה**. מבֿינים זאָגן, אַז דאָס איז איינער פֿון טיפֿסטע קבלה־ספֿרים. 1922 עולה געווען

קיין ירושלים, ווּ ניפֿטר געוואָרן כ״ז אדר תּרפ״ח (מער פּרטים אין קאַפּיטל שאַוול).

ר׳ בנימין־שלמה בר׳ דובער ראַבינער, איידעם פֿון ר׳ אַבֿרהם ראַצקער, געבאָרן 1852. פֿון 1891 אין ניו־יאָרק, דומ״ץ בײַם רב הכּולל ר׳ יעקבֿ יוסף. האָט חידושי־תּורה אין **עין יצחק** פֿון ר׳ יצחק־אלחנן און **גדולת מרדכי** פֿון זײַן זיידן ר׳ מרדכי בויסקער.

ר׳ שאול־ידידיה שוחט, געבאָרן 1854. רבֿ אין קאַרקלאַן, קאָווילעווסק (קאַטערינאָסלאַווער גובערניע), נאָוואָראָנ־צאָווקאַ (כערסאָנער גוב׳). שפּעטער אין אַמעריקע. 1906 רבֿ אין עמבאָי, 1908 — קענזעס סיטי, דערנאָך אין שיקאַגאָ, ווּ ניפֿטר געוואָרן אין 1927. חיבורים: **תּפֿארת שאול** (פּיעטרקובֿ, תּרנ״ט), **בית ידידיה** (פּיעטרקובֿ, תּרס״ז), **חכמת ידידיה**.

ר׳ מרדכי־יצחק־אײַזיק ראַבי־נאָוויץ בר׳ דובער ראַבינער, געבאָרן 1856, תּלמיד פֿון ר׳ ישׂראל סאַלאַנטער. רבֿ אין ליגעם, סאַלאַנט און פֿון 1917 אין מעמל. חיבורים: **שמן למנחה** (ווילנא, תּרע״ב), **תּמר דבֿורה** (ריגא, תּרפ״ט), **דעת מרדכי** (קיידאַן, תּרצ״ט). ניפֿטר 1920 אין קיניגסבערג, קבֿורה אין מעמל.

ר׳ מרדכי פּינסאָן [?], געבאָרן 1857, פֿון 1884 רבֿ אין סאַלעצניק, יאַשון, בעניקאַן (ווילנער גובערניע).

ר׳ צמח בר׳ דובער ראַבינער, געבאָרן 1864. ד״ר־פֿילאָסאָפֿיע. 30 יאָר מגיד הכּולל אין בולגאַריע. מערערע ווערק אויף נאַציאָנאַל־רעליגיעזע טעמעס. ניפֿטר 1936 אין סאָפֿיע.[6]

ר׳ יעקבֿ בר׳ מרדכי דינעזאָן. אבֿ״ד אוזווענט, שפּעטער „רבֿ דתי״ אין מיטאַווע, בעל **ישרש יעקבֿ**.

ר׳ שרגא יחס, מ״מ און לערער אין פֿרידריכשטאַדט (קורלאַנד). באַוווסטער מטיף.

ר׳ אהרן ש. מהריל מזיא, מחבר פֿון **פּרקי אָבֿות** עם פּירוש (ירושלים, תּרפ״ט).

ליבע־מרים גאַוואָנסקי, טאָכ־טער פֿון ק.ז. וויסאָצקי. געשאַפֿן אַ ישיבֿה („קיבוץ״) אין פּאָנעוועזש פֿאַר 17 בחורים, אַלץ על חשבון הגבֿירטע.

**שרײַבערס:** — יחיאל־מיכל בר׳ ישׂכר בער עפּשטיין מזאַגער, **דרכי החשבון** (ווילנא והוראדנא, תּקצ״ו). אַ מין לערנביכל פֿאַר אַריטמעטיק „לתּועלת ילדי בני ישׂראל ולא יודעי חשבון, למען לא נהי׳ לבֿוז בעיני העמים״ (הקדמה).

יהושע מזח, געבאָרן 1834. פֿאַמיליע־נאָמען: סג״ל. זייער פֿיל אַרומ־געוואַנדערט איבער שטעט אין רוסלאַנד, בעסאַראַביע און קרים. זײַנע לעצטע 25 יאָר געלעבט אין ווילנע. זייער פֿיל גע־שריבן אין די העברעיִשע צײַטונגען און צײַטשריפֿטן: **המגיד, המליץ, הצפֿירה,**

6) שמואל זאַנגער, געבאָרן 1866. שפּעטער אַמעריקע. פּראָפֿעסאָר אין בערלינער אוניווערסיטעט. אויטאָר פֿון וויסנשאַפֿטלעכע ביכער אויף דײַטש.

**השחר** א״א, ווי אויך אין די ייִדישע **קול מבשׂר, הוויז־פֿרײַנד** א״אַ. מזח איז דער מחבר פֿון איבער 6 הונדערט ביכער און ס׳רובֿ ביכלעך אין ייִדיש און העברעיִש. אַ טייל פֿון זײַנע העברעיִשע סיפּורים, שירים, מאמרים זײַנען אַרויס אונטערן טיטל **האשל** (וואַרשא, 1893־1894. 2 טיילן). די מערסטע ביכלעך זײַנען איבערזעצונגען אָדער באַאַרבעטונגען פֿון העברעיִשע ספרים, אויך פּאָפּולער־וויסנשאַפֿטלעכע דערציילונגען. ווי אַ משל זאָלן דאָ געבראַכט ווערן עטלעכע: **האמונה וההשׂכּלה** (וואַרשא, 1874), **פּערל פֿון ים התּלמוד** (וואַרשא, 1893), **עלילת דם אין ירושלים** (ווילנא, 1902); **אַבֿרהם אָבֿינו אין קאַלך־אויווען; שלמה המלך; בת־יפֿתּח; די וואַלד־מענשען, דער לייב, דער טיגער.** כאָטש זײַנע ביכלעך זײַנען פֿאַרשפּרייט געוואָרן אין הונדערטער טויזנטער עקזעמפּלאַרן, איז ער זײַן גאַנץ לעבן געווען אַן אָפּגעריסענער אָרעמאַן און 1917 אויסגעגאַנגען אין מיטן גאַס אין ווילנע.

ישׂראל לעווי, געבאָרן 1842. ביז 1874 געוווינט אין ווילקאָמיר און קאָוונע, דערנאָך אין פּעטערבורג. לעוויס גרעסטער אויפֿטו איז דאָס אַרויסגעבן **ייִדישעס פֿאָלקס־בלאַט**, אין וועלכן עס האָבן זיך געדרוקט גרויסע שרײַבערס פֿון זײַן צײַט: שלום־עליכם, יעקבֿ דינעזאָן, שמעון פֿרוג א״אַ. אין 1887 האָט ער זיך געמאַכט אַליין פֿאַרן רעדאַקטער, אָנגעהויבן חוזק מאַכן פֿון ייִדישן לשון, פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור און ייִדישן טעאַטער. דאָס האָט אויפֿגערעגט די ייִדישע שרײַבערס און די לייענערס. זײַן סוף איז געווען, אַז ער איז אַוועק קיין ווילקאָמיר, געזעסן אין קלויז און געלערנט גמרא, געפּראַוועט תּעניתים, און 1905 געשטאָרבן אין קלויז.

יהודה בלידין, געבאָרן 1845. פֿון 1891 אין אַמעריקע. זיך באַזעצט אין שיקאַגאָ און זיך באַטייליקט אין די אָרטיקע העברעיִשע און ייִדישע צײַטונגען. געשטאָרבן 1918.

אלעזר אַטלאַס, געבאָרן 1851 אין בייסעגאָלע. אַ זאַגערער איידעם, דאָ געלעבט 10 יאָר. פֿון 1895 אין ביאַליס־טאָק. פֿון די הויפּט־מיטאַרבעטערס אין **הצפֿירה**. זיך באַטייליקט אויך אין אַנדערע העברעיִשע צײַטשריפֿטן מיט מאמרים אין חכמת־היהדות. אַ שאַרפֿער קעגנער פֿון פּאָליטישן ציוניזם און אחד־העמען (זע אויך: בייסעגאָלע). מחבר פֿון **מה לפֿנים ומה לאחור** (וואַרשא, תּרנ״ח), געשטאָרבן 1904 אין ביאַליסטאָק.

יעקבֿ דינעזאָן, געבאָרן 1852 (1859?). פֿון 1885 אין וואַרשע, וווּ זײַן פֿרײַנדשאַפֿט מיט י.ל. פּרץ האָט געהאַט אַ דעצידירנדיקע השפּעה אויף זײַן ליטעראַ־רישן שאַפֿן. האָט געשריבן תּחילת אין העברעיִש, דערנאָך אַריבער אין גאַנצן אויף ייִדיש. שריפֿטן: **הנאהבים והנעימים** אָדער **דער שוואַרצער יונגערמאַנטשיק** (ווילנא, 1877), **אבֿן נגף** אָדער **אַ שטיין אין וועג** (ווילנא, 1890), **הערשעלע** (וואַרשא,

1891), **יאָסעלע** (וואַרשא, 1899), **קינדער־שע נשמות** (1904, ביילאַגע צום **פֿריַינד**), **טוביהלע** (וואַרשא), **דער קריזיס** (וואַרשא, 1905), **גיטעלעס יום־כּיפּור** (וואַרשא, 1909), **אינדיע** (נ"י, 1909), **פֿאַליק און זיַין הויז** (1926), **זכרונות און בילדער** (1928), **אַלע ווערק פֿון יעקבֿ דינעזאָן** (1923־1928) — אַלע וואַרשע א"אַ. געשטאָרבן 1919 אין וואַרשע.

שׂרה־פֿייגע פֿונאַר־מיינקין, גע־באָרן 1855, געשטאָרבן 1937 אין פּיטס־בורג; יחזקאל סויבער, געבאָרן 1864. פֿון 1885 אין אַמעריקע. — נ"י, פּיטסבורג, פֿילאַדעלפֿיע. געשריבן אין דער ייִדיש־אַמעריקאַנער פּרעסע. פֿון 1916 שטענדי־קער מיטאַרבעטער פֿון דער פֿילאַדעלפֿיער **אידישע וועלט**, ווו געדרוקט לידער, דערציילונגען, פֿאַבעלן. מחבר פֿון געזאַמעלטע **פֿאַבעלען און פּאָעמען** (נ"י, 1915). 1936 געשטאָרבן אין פֿילאַדעלפֿיע.

שמואל כּהן, געבאָרן 1865. געענדיקט ד"ר־מעדיצין אין דאָרפּאַט, פּראַקטיקירט אין וועליז (רוסלאַנד). געשריבן מעדיצינישע אַרטיקלען אין **המליץ**. מחבר פֿון **אות ברית**, תּולדות המילה בישׂראל מימי אַבֿרהם אָבֿינו עד היום הזה (קראקא, תּרס"ג).

ר' יהודה־לייב בר' יוסף יאָסע־לאָוויץ, פֿון 1875 אין ריגע. מחבר פֿון ייִדי־שע מעשׂה־ביכלעך: **הנודד אָדער דער פֿערוואָגעלטער** (1886), **דעם פּאָטערס צוואה** (1887), **דער גליק שידוך** (1888), **איין שעה אמת** (1888), **דער שוואַרצער פּעטער** (1890), **ר' זונדיל חסיד** (1892) — אַלע ווילנע.

ד"ר בן־ציון זאַלצבערג. זיַין פֿרוי דאָרע־ביילע בת יצחק־יעקבֿ מאָזעסזאָן איז אויך אַ זאַגערער. חיבורים: **מבֿוא לספֿר קהלת** (וואַרשא, תּרנ"ה), **משיבֿ כּהלכה** (לאָנדאָן תּרפּ"ה) — וועגן דאָקטוירים און פּאַציענטן.

א. ביעלאָזאָרטשיק, **דאָס שטעטל זאַגער** (קאָוונע, 1899, רוסיש). אַ זאַגערער לערער; ז. גאָרדאָן (זל"ג), געלעבט אין ניַי־זאַגער. מחבר פֿון **דער בלינדער עדות** (ווילנא, 1878).

אַבֿרהם־שׂמחה זאַקס, געבאָרן 1876. פֿון 1901 אין וואַרשע. זינט 1908 אין ניו־יאָרק. געווען ייִדיש־סאָציאַליסטיש טעטיק. זינט 1902 פֿאַרעפֿנטלעכט אַ ריי וויסנשאַפֿטלעכע אַרבעטן איבער סאָציאַלע און עקאָנאָמישע פּראָבלעמען, מערסטנס אין די ייִדיש־אַמעריקאַנער ציַיטונגען און זשורנאַלן. די מערסטע ביכער זיַינע באַהאַנדלען די זעלביקע פּראָבלעמען: **דער היסטאָרישער מאַטעריאַליזם** (ווילנע, 1907), **די גרונד־פּרינציפּן פֿון פּאָליטישער עקאָנאָמיע** (ווילנע, 1914, שפּעטער אַרויס אין אַ סך פֿאַרגרעסערטער פֿאָרעם). **די לעהרע פֿון סאָציאַליזם** (נ"י, 1915) און אַ ריי אַנדערע. אַרויסגעגעבן ביכער אויך אין ענגליש און דיַיטש. געשטאָרבן 1931 אין ניו־יאָרק. 1938 איז אַרויס אַ בוך וועגן אים: **א.ש. זאַקס: קעמפֿער פֿאַר פֿאָלקס־אויפֿלעבונג**, פֿון ד"ר הערמאַן פֿראַנק.

מאַרק ראַזומני, געבאָרן 1896.

פֿון קינדוויַז — מיט קליינע איבעררײַסן — געלעבט אין ריגע. געשריבן דערציי־לונגען, נאָוועלעס, נאָוועלעטן, משלים אין די ריגער ייִדישע צײַטשריפֿטן, שפּעטער אין סאָוועטיש היימלאַנד. ביכער: **אַראָנעא די שפּין** (1924), **הינטערגעסלעך** (1929), **דאָס לאַנד פֿון טויזנט געשטאַלטן** (1929), **איינער צווישן מיליאָנען** (1931) **די אידישע מלוכה** (1939) **מאָטקע כּאַבאַד** (1940), **צפֿון־שײַן** — אַלע אין ריגע. **אַ וועלט מיט ווונדער** (מאָסקווע, 1986), א״אַ. איבער־זעצונגען: ע. רעמאַרק, **אויפֿן מערבֿ־פראָנט קיין נײַס** (1923), ל. פֿויכטוואַנגער, **אידן** (1928) און אַנדערע. 1989 נאָך געלעבט אין ריגע.

חיה פעדלער, געבאָרן 1901. פֿון 1928 אין דרום־אַפֿריקע. געדרוקט לידער אין די אָרטיקע ייִדישע צײַטשריפֿטן, מחבר̇טע פֿון **שטילע געזאַנגען** (1951), **בלעטער־פֿאַל** (1954) — ביידע יאָהאַנעס־בורג, ווו געשטאָרבן 1953.

יצחק־אײַזיק לעוויטאַן, געבאָרן 1907. פֿון 1926 אין אַמעריקע. געשריבן וועגן חינוך אין **ייִוואָ־בלעטער** און אין **דערציִאונגס־ענציקלאָפּעדיע** און **הדואר** (נ״י). זײַנע עטלעכע ביכער זײַנען אין ענגליש.

אפֿרים בר׳ שלום מענקין איז אַ זאַגערער. ער אליין האָט צוגעגעבן צו זײַן נאָמען „זאַגאַרסקע״ און אויף זײַן בוך: „מילידי עיר זאַגר חדש״. אויטאָר פֿון **תּורת אַל־מות**, ח׳ א׳ (וואַרשא, 1860) — „לקוטי שושנים משדמת המדעים מופתים רבים וראיות נכוחות להשארת נפֿש האדם לקוחים מצד הטבע והשׂכל דבֿרי חכמים חדשים גם ישָנים . . . גם הראיתי מקור כּמעט לרובֿ דבֿרי חכמים באחת [באחַד] המקומות מתּלמוד בבֿלי באגדה או במדרש״. אויפֿן דײַטשישן שער־בלאַט איז דער נאָמען: E.M. Zagorske. אין בוך זײַנען דאָ „מכתּבֿי־תּהלה״ פֿון באַקאַנטע רבנים אָדער שרײַבערס: יצחק־וואָלף אָלשוואַנגער (טאַווריק), יעקבֿ באַריט (סימנע), צבי־הירש קאַצענעלענבאָגן (ווילנע), בנימין־דוד ראַבינאָוויץ מ״מ דוואַרשאָ, קלמן שולמאַן, יעקבֿ־מרדכי לעווינזאָהן [ימ״ל, סעריי]. אַלץ איז גע־שריבן אין פֿאָרעם פֿון אַ דיאַלאָג אויפֿצו־ווײַזן דעם אמת פֿון השארת הנפֿש. אפֿרים דיינאַרד, באַקאַנטער העברעיִשער שרײַבער בשעתו, שרײַבט, אַז אפֿרים זאַגאַרסקי איז זײַנס אַ קרובֿ, „איש הוגה דעות ומופֿלג בתּורה״; ער האָט אויך אָפּגעדרוקט דעם **צווייטן** טייל פֿון בוך, אָבער האָט ניט געהאַט קיין געלט צו באַצאָלן דעם דרוקער.

**קאָרעספּאָנדענטן.** — **המגיד:** שבתי־מאיר פערלמאַן, דאָ געבאָרן 1850. זײַן פֿאָטער ר׳ פסח מו״צ אין ניו־יאָרק; מענדל עליאַשעוו, יצחק ראַקוזין, יהושע כּהן, געשריבן פֿון נײַשטאָט־שירווינט.

חיים־יוסף מאַנדעלשטאַם, אויך אונטער חיי״ם; נתן רוביק, יהושע חײַמ־אָוויץ, געשריבן פֿון קרייצבורג (אויך אין **הכּרמל**), קלמן מאַריענהאָף.

**המליץ.** — יצחק־מאיר שמואל־אָוויץ, יליד זאַגר חדש, אַרטיקלען און

קאָרעספּאָנדענציעס געשריבן פון לאָנדאָן, אין זייער פּיל נומערן פון 1897; אפרים־אַהרן הכּהן, חיים־יוסף מאַנדעלשטאַם (אויך אין **הצפירה**), ח.מ. עליאַשעוו, שלום־טוביה נייַווידל.

**הצפירה.** — שלום־לייב ווייַנבערג, שמואל זימסער; **קול מבשר** — יהושע סגל; **יודישעס פאָלקס־בלאַט** — ל. פרידמאַן.

**ניכבדים.** — אויף י.ב. גאָרדאָנס **מחקרי ארץ** איז איינע פון די המלצות פון „הגביר הנכבד" שמעון הורביץ; ר' שלום־טוביה נייַווידל, ר' יוסף זאַק.

„הרב הגביר" ר' אליעזר פרידמאַן, איידעם פון הרב ר' צבי־הירש הלוי לנדא פון ווילנע, געגעבן 2000 רובל אויף העלפן בויען אַ קיך; ר' אורי יאַקאָב פון מאָסקווע; ר' שרגא יאַקאָבזאָן פון ארץ־ישׂראל.

ר' צבי קאַהן, ר' חיים־יוסף מאַנדעלשטאַם, ר' צבי־אַריה בהרב ר' משה־בצלאל לוריא, מנחם־מענדל עליאַשעוו, האָט בריוו צו יהודה־לייב גאָרדאָן.

ר' אַברהם עליאַשעוו, ניפטר 1862; ר' משה עליאַשעוו, ר' אַלכּסנדר זיסקינד הלוי, ר' ברוך־בענדעט וויסאָצקי, ר' יהושע ברוידא.

ר' שמואל גאָלדשמידט, ש. גאָרדאָן, י. יפה, ר' יצחק קאַדיסאָוו, בעל־מלאכה און למדן, ניפטר 1874; ר' יהושע קליין.

ד"ר הערצבערג, עסקן. זון פון אַן אָרעמען מלמד אין קורלאַנד. שטודירט אין ווילנער ראַבינער־סעמינאַר און אין דער מיליטערישער מעדיצינישער אַקאַדעמיע אין פּעטערבורג. ער איז געשטאַנען בראש פון דער יִדישער דעלעגאַציע אין 1886, ווען דער ברודער פון צאַר, פירשט אַלעקסיס אַלעקסאַנדראָוויטש מיט זייַן סוויטע האָט באַזוכט זאַגער. ווערט דערמאָנט אין אַ דראַמע פון ל. קוסמאַן. ער האָט געעפנט די ערשטע עפנטלעכע ביבליאָטעק אין שטאָט.

ראַבינער יהודה־לייב ברוידא (אין די 1880־1890ער יאָרן), ר' צבי־הירש יאַקאָבזאָן, ר' שרגא אידעלזאָן, ר' דוב מאָסענזאָן, ר' ישׂראל־יחזקאל גאָלדבערג.

ר' אפרים ברוידע, ר' משה ש. גרינבלאַט, ר' צבי־הירש רייצעס, בן־ציון גאָלדבערג,

ר' צבי־הירש גאָלדבערג, ר' יוסף־יעקב ראַזומני, ר' שרגא פרידמאַן, ר' שמואל זימסער, ר' דוד בר' אליקום באַס־קין, ר' יהושע ברוידע.

**ביבליאָגראַפיע.** — המגיד, 1858: 22; 1862: 15; המליץ, 1862: 17; המגיד, 1872: 17; תולדות אנשי שם, ד"ט אפרתי. וואַרשע, תרל"ה, ע' 42; הצפירה, 1879: 3; אוצר הספרים, י.א. בן־יעקב. ווילנע, 1880, ע' 242; המליץ, 1883: 99; עיר תהלה, אַריה ליב פייַנשטיין. וואַרשע, 1886, ע' 144.

האָסיף, תרמ"ז, ע' 117; תולדות מרבי השׂכּלה בישׂראל, י.ל. ראָזענטהאַל, ב'. פּעטערבורג, תר"ן, ע' 113; ח. בראַווערמאַן, אַנשי שם, א'. וואַרשע, תרנ"ב, ע' ל"ד; הַיֶקֶב, פּעטערבורג, תרנ"ד, ע' 32; המליץ, 1894: 151; 1895: 123;

וויסאָצקי־ביבליאָגראַפיע: מ.י. דאָליצקי, מופת לרבים. פ"פ דמיין, תרנ"ד; דרך צדקה. וואַרשע,

תרנ"ה; אגרות יל"ג. כרך א', ח' ב'. ע' 210; כרך ב', חלק ג'. וואַרשא, תרנ"ה. ע' 149, 161, 163, 164.

כל שירי משה חאַשקעס, א'. וואַרשא, תרנ"ו, ע' 37; המליץ, 1897: 55; 1898: 90, 167, 208; אַהרן איזגור, שלש תקופות. נעזין, תרנ"ח, ע' 46; המליץ, 1899: 55; ר. בריינין, ד"ר עמנואל מנדלשטם. ווארשא, תרנ"ט; יצחק בער לעווינזאָהן, באר יצחק. וואַרשא, תר"ס. ע' 134.

מיכאל זקש, שמעון בערנפעלד. ברלין, תר"ס, ע' 86; המליץ, 1900: 28, 43, 70; 1903 8; חכמי ישראל באַמעריקאַ. תרס"ג, ע' 56; דברי הימים לציון, ב'. קאַרני, תרס"ד, ע' 22; השלח, תרס"ד, ע' 480; ב.צ. אייזענשטאַדט, רבי קלונימוס זאב וויסאָצקי. נ"י, תרס"ה (זע אויך פריער).

לוח אחיאָסף, תרס"ה, ע' 20; אַלבום עברי. נ"י, 1905, ע' 5 (בילד); המליץ, 1906: 43; דער נייער וועג, 1906: 6; חשבון הנדבות . . . 1909, ע' 59; דער פנקס, רעד' ש. ניגער. וואַרשע, 1912; ש.ל. ציטרון, תולדות חיבת ציון. אודיסה, תרע"ד. ע' 252.

דור ודור ודורשיו, יוסף לעווינסאָן. וואַרשא, 1914, ע' 19, 127; הדרך, פ"פ א/מ, תרע"ד, גל' 8, 11; יעווריייסקאַיאַ סטאַרינאַ. 1916, ז' 396; אין חרובע וועלטן, א.ש. זאַקס. נ"י, 1917; כתבים לתולדות חיבת ציון וישוב א"י, א'. אודיסה, תרע"ט, ע' 104, 271, 312; כרך ב', ע' 215, 330, 692.

ספר השנה, עורך: נ. סוקולוב, 1920. זכרונות פרידברג; א. דיינארד, זכרונות בת עמי, ב'. נוי אָרליאַנס, תר"ף, ע' 53; מהגיטו הוילנאי, חייקל לונסקי. וילנה, תרפ"א, ע' 49; ספר הקונגרס, ירושלים, תרפ"ג, ע' 242; הפטרה, א.ז. רבינוביץ. ת"א, תרפ"ה, ע' 103.

ש. זק"ש, א. ניר. ירושלים, תרפ"ח [מיט גרויסער ביבליאָגראַפיע]; כתבי י.ל. גורדון. ת"א, תרפ"ח, ע' 125; מקור ברוך, ח', ב', ברוך עפשטיין. ווילנא, תרפ"ח, ע' תפ"ג; ספר־היובל של אגודת הרבנים האורתודוקסים באַרצות־הברית וקנדה. נ"י, תרפ"ח, ע' קמ"ז; א.ל. פרומקין, תולדות חכמי ירושלים. ירושלים, תרפ"ט, ע' 258.

ספר היובל למלאת חמשים שנה ליסוד פתח־תקוה. ת"א, תרפ"ט, ע' רע"א; י. אפל, בתוך ראשית התחיה. ת"א, תרצ"ו, ע' 302; ישראל קלוזנר, קורות בית־העלמין הישן בווילנה. ווילנה, תרצ"ח, ע' 116; ישראל קלוזנר, ווילנה בתקופת הגאון. ירושלים, תש"ב, ע' 151.

ד"ר ה. פראַנק: א.ש. זאַקס, קעמפער פאַר פאָלקס־אויפלעבונג. נ"י, 1945; ל. קוסמאַן, עזרא. נ"י, 1948, זז' 49, 59, 221 [הערות]; י. שאַצקי, קולטור־געשיכטע פון דער השכלה אין ליטע. בוענאָס־איירעס, 1950, ז' 112, 114; אלה אזכרה, א'. נ"י, תשט"ז, ע' 318; רוז'ינוי, ספר זכרון. ת"א, תשי"ז, ע' 54.

מ. עדעלבוים, די יידן־שטאָט מעזריטש. ב"אַ, 1957. ז' 332; אנציקלופדיה של הציונות הדתית. ת"א־ירושלים, תשי"ח, ע' 660; ידיעות פון ייוואָ. ניו־יאָרק, 1967: 101; חלקת מחוקק, חוב' ג', ה', ט'; לקורות עיר נאָוואַהרדאָק, ע' י"א.

קריה נאמנה, ע' 200; עיר ווילנא, 88, 100, 106, 120, 126, 161, 204, 221, 313; תולדות ישיבת היהודים בקורלאַנד, 63, 64, 68, 95, 115, 127; חכמי ישראל באַמעריקא, 58, 82, 92; תולדות אנשי שם (ראַנד), 46, 113; ייוואָ־בלעטער, XIV, נומ' 5; דורות האחרונים, ע' 287; אהלי שם, 363.

אוצר ישראל, ה', ע' 33; ו', ע' 798; קרית ספר, שנה ב', חוב' א', ע' 73; שנה ד', ע' 328; קהלת משה, ע' 295, 305; ספר זכרון (לסוקולוב), ע' 33; י. ברוידס, ווילנה הציונית ועסקניה. ע' 73, 101, 170, 212; תולדות חברת מרבי השכלה, ע' 64, 166; ג. קרסל, 1, 2; לעקסיקאָן, 1־5, 7; „ליטע", I. זז' 547, 640, 775, 861; יהדות ליטא, ג'; ספר הפרענומעראַנטן, 3027.

Paulina Wengeroff, Memoiren einer Grossmutter, B.2. Berlin, 1919, S. 146; Josef Meisel, Haskala. Berlin, 1919, S. 39; A. Margolis, The Jews in Eastern Europe. New York, 1936. p. 95 etc.; Recueil de Matériaux sur la Situation economique des Israelites de Russie, V.I, p. 276; Jewish Encyclopedia, V. VIII., p. 288, 290; Vol. X., p. 298; Biuletyn Żydowskiego Instytutu Historycznego W Polsce. Warszawa, 1987, no. 141; (אַרטיקל וועגן זאַמעט) Black Book.

# זאַסלע ŽASLIAI

טראָקער קרייז. אויפֿן בית־עולם איז געפֿונען געוואָרן אַ מצבה פֿון תּק״ב (1742). לויט דעם קען מען רעכענען, אַז אַ יידישע קהילה איז דאָ געווען שוין אַרום לעצטן פֿערטל פֿון זיבעצנטן יאָרהונדערט. אָבער ייִדן, ניט אָרגאַניזירט ווי אַ קהילה, זיינען דאָ געווען אין מיטן זעכצנטן יאָר־הונדערט. אין 1555 האָבן ייִדן זיך באַקלאָגט אויף נגישות מצד פּויערים. דער פֿירשט האָט באַפֿוילן צו באַשטראָפֿן די יעניקע, וואָס באַגייען עוולות קעגן ייִדן. געווען אַן אַלטער פּינקס, וואָס איז פֿאַרברענט געוואָרן אין אַ גרויסער שׂריפֿה פֿון 1794. אין זיבעצנטן יאָרהונדערט האָבן דאָ געלעבט אַ ביסל קאַראַימער.

אין 1847 האָבן דאָ געוווינט 836 ייִדן, 1897 — 1325, 1923 — 1067 און פֿאַרן חורבן — אַרום 900. ביי דער באַנ־סטאַנציע (4 ק״מ פֿון שטאָט) האָט זיך אויסגעבויט אַ נייער קוואַרטאַל פֿון מער־סטנס ייִדן. זיי האָבן געהאַט אַן אייגענע שול, וואָס מען האָט גערופֿן „בית־מדרש דסטאַנציע.״

אין 1915 האָבן קאָזאַקן פֿאָגראָמירט די ייִדן — גערויבט, געשלאָגן פֿאַרגוואַלטיקט פֿרויען.

ייִדן האָבן אויסגעשלאָגן חיונה פֿון קליינהאַנדל, מלאכה, קאַראַבעלניקעריי און עקספּאָרט פֿון פֿרוכט קיין אויסלאַנד. אַ סך ייִדן האָבן ווי אַ צוגאָב קולטיווירט אַ ביישטוביקע ווירטשאַפֿט.

זאַסלע איז געווען איינע פֿון די שטעט אין ליטע, וואָס זיינען געטראָפֿן געוואָרן פֿון הונגער אין די יאָרן 1868/71. דער הילף־קאָמיטעט אין מעמל פֿאַר הונגער־געליטענע ייִדישע שטעט האָט 1869 געשיקט זאַסלע 30 רובל.

אין 1889 איז דאָ אויסגעבראָכן אַן עפּידעמיע פֿון קינדער־קראַנקייטן. געווען טויטפֿאַלן. די עסקנטע אַרום דעם איז געווען פֿריילן ט.מ. מישעלעניץ. אין 1896 איז דאָ געשאַפֿן געוואָרן אַ „תּפֿארת בחורים״.

1905 האָט זאַסלע געליטן פֿון אַ גרויסער שׂריפֿה. 300 משפּחות האָבן פֿאַרלאָרן זייערע הייזער. עס האָט גענומען יאָרן די זאַסלער ייִדן צו קומען צו זיך פֿון גרויסן פֿייער.

זאַסלער מנדבֿים פֿאַר בנין ארץ־ישׂראל געפֿינען זיך אין עטלעכע רשימות פֿון **המליץ** פֿון 1898 און 1900. די מור־שים: משה־אַהרן כּץ, נחמיה לעווין. אויף אַן אַלטן בית־עולם אין ירושלים איז דאָ אַ מצבֿה פֿון ליב בר׳ שמואל מזאסלע, תּרמ״ג [1883].

**רבנים.** — אין זיכרונות פֿון אַ ליטווישן רבֿ ווערט איבערגעגעבן, אַז אין 1788־1790 איז געווען אַ גרויסע מחלוקת צוליב אַ שוחט־מוהל, ווי אויך צוליב אַ רבֿ. דער מינסקער גרויסער גבֿיר ר׳ ישׂראל־נוח האָט געזוכט אַ כּסא־רבנות פֿאַר זיין איידעם, האָט ער צוגעזאָגט די זאַסלער

בעלי־בתּים פֿאַרשיידענע הנחות פֿאַר קהל און קלענערע שׂכירות פֿאַרן רבֿ, אויב שטאָט וועט נעמען זײַן איידעם פֿאַרן מרא־דאַתרא. דער רבֿ זאָל דעמאָלט האָבן געווען ר׳ מנחם־נחום, וואָס האָט זיך ניט אײַנגעגעבן צו אידענטיפֿיצירן.

ר׳ יצחק בר׳ שלמה־זלמן, שפּעטער מ״מ ומו״צ אין ווילנע. זײַן ברודער ר׳ זאבֿ, שו״ב אין זאָסלע.

ר׳ דוד בר׳ שלמה זלמן, אַרום 1790־1831, ווען ניפֿטר געוואָרן.

ר׳ שאול בר׳ אַריה רובין. זײַן אָנקל ר׳ מאיר רובין, בעל **מיישר תּועי דרך**; ר׳ יצחק־מאיר ראַבינאָוויץ; ר׳ משה בר׳ יצחק קלאַצקאָ, אַרום 1840־1890.

ר׳ אליעזר־יצחק־ליפּא שערע־שעווסקי, געבאָרן 1840 אין ווילנע. רבֿ אין סילעצניק (1864), שירווינט (1869), זאָסלע, 1883־1888, נעסוויזש (פֿון 1889). ניפֿטר 1920.

ר׳ חיים־אַבֿרהם ש״ס, געבאָרן 1858 אין באָגאָסלאַווישאָק. 1887 רבֿ אין דאַרשונישאָק און פֿון 1888 אין זאָסלע, וווּ ניפֿטר געוואָרן אין 1938. אין 1895 האָט ער, צוזאַמען מיט ר׳ יהודה נעוויאַזקאָ, דורכגעפֿירט אַ געלטאַקציע פֿאַר ייִדישע נישׂרפֿים אין איישישאָק. אין **כּנסת ישׂראל** (תּרצ״ח) דאָ זײַנע חידושי־תּורה.

ר׳ משה לעווין, אומגעקומען 1941, הי״ד.

אַרום 1740־1750 איז דאָ געווען מגיד־מֵישרים ר׳ מרדכי ראָבינזאָן (ר׳ מרדכי מערעטשער, אויפֿן נאָמען פֿון זײַן מערעטשער שווער שעוועלאָוויץ). 40 יאָר דיין בבית־דין של מעלה אין ווילנע אין דער צײַט פֿון ר׳ אַבֿרהם־אַבלי פּאָסוואָלער. דאָס קען זײַן דער „מרדכי בר׳ צבֿי שהיה מ״מ דק״ק זאָסלע״, וואָס ווערט אָנגעגעבן ווי „איינער פֿון דרײַ״, וועלכע האָבן אַרויסגעגעבן **פּועל צדק**, עם באור אשכּנזי (ווילנא, תּקפ״ז) — תּרי״ג מצוות מיט פּירושים פֿון ש״ך און אַנדערע, איבערגעזעצט און מיט הערות.

ר׳ מנחם־מענדל בר׳ דוד איז דאָ געווען מו״צ 1834־1874.

צווישן 1854 און 1925 זײַנען דאָ געווען 97 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

**אָפּשטאָמיקע.** — ר׳ חיים בר׳ יהודה־לייב־נוֹח כּץ, געבאָרן 1854. רבֿ אין גודלעווע, וועוויע [איוויע?], פּומפּיאַן (פֿון 1889). פֿון די ערשטע רבנים צו אַגיטירן פֿאַר ציוניזם. חיבורים: **עונג חיים, מסילות חיים, נתיבֿות חיים** — אויף **שלחן ערוך; ישועות חיים, אהבת חיים** — דרושים. ניפֿטר 1932. זײַנע 4 זין אַלע רבנים אין ליטע.

ר׳ יעקבֿ קלמס [קאַלמעס?], געבאָרן 1880. רבֿ אין פּושאַלאַט, סאַלאָק, באָגאָראָדסק, מאָסקווע (1926־1933). פֿון 1933 אין ארץ־ישׂראל. חבֿר פֿון רבנות הראשית. ניפֿטר 1952.

בן־ציון האַלפּער, 1884 — פֿילאַדעלפֿיע, 1924. פֿון 1901 אין ענגלאַנד, פֿון 1911 אין אַמעריקע. מומחה פֿון אַראַביש, אַשוראָלאָגיע און עגיפּ־

טאָלאָגיע. אַרויסגעגעבן העברעיִשע ביכער, געשריבן וויסנשאַפֿטלעכע מאמרים אין העברעיִשע צײַטשריפֿטן, ווי אויך אין **דאָס אידישע פֿאלק**.

י.ש. ש״ס, **ישועות שמשון** (ווילנא, תּרצ״ג).

ר׳ שמואל־מנחם כּץ געבאָרן 1887. רבֿ אין ווילאָן, ראַגאַטשאָוו (אין ערשטן וועלטקריג), פּאַלאַנגע. פֿון 1940 אין ארץ־ישׂראל. רבֿ אין תּל־אבֿיבֿ, וווּ ניפֿטר געוואָרן 1954.

**שרײַבערס.** — פֿייוול־יונה סאַנדלער, געבאָרן 1905. פֿון 1923 אין אַמעריקע, פֿריִער אין פֿילאַדעלפֿיע, דערנאָך אין ניו־יאָרק. געווען קאָמוניסטיש אַקטיוו און געשריבן אין ייִדיש־קאָמוניסטישע שריפֿטן פֿון אַמעריקע און סאָוועט־רוסלאַנד. 1956 — נאָך די סטאַלין־הריגות פֿון ייִדישע שרײַבערס — אַריבער צום רעכט־סאָציאַליסטישן לאַגער און געדרוקט אין אַלגעמיין־ייִדישע צײַטונגען און זשורנאַלן. אויטאָר פֿון **סטאַלין אין פֿאָלקסליד** (וואַרשע, 1950). געשטאָרבן 1981 אין ניו־יאָרק.

אליהו פורת, געבאָרן 1906, פֿון 1930 אין ארץ־ישׂראל. האָט אַ סך איבערזעצונגען אויף העברעיִש: **אנשים, שנים, חיים** פֿון א. ערנבורג (1961), **פּסיכולוגיה של האשה**, פֿון ה. דויטש (1961), **יום אחד בחיי איוואן דניסוביץ**, פֿון א. סאָלזשעניצין (1963) **פּיתּוח כּלכּלי בארצות תּת־מפֿותּחות**, פֿון מ. ה. דוב (1964), **סוציאליזם וחבֿרת השפֿע**, א. גאָרץ (1965), **אני מאמין פּילוסופֿי**, י. פּינק (1965), **פּילוסופֿיית הכּלכּלה**, דז. ראָבינסאָן (1965) און אַ ריי אַנדערע. געשטאָרבן 1966 אין קיבוץ עין־החורש.

אהרן קלאָוס, געבאָרן 1914. העברעיִשער זשורנאַליסט. געשטאָרבן 1961 אין תּל־אָבֿיבֿ.

**קאָרעספּאָנדענטן.** — **הצפֿירה:** נחמיה לעווין, ר׳ פֿאָגעלסאָן, מרדכי גרינבערג; **המליץ:** אבֿרהם־יעקבֿ אַראָנזאָן; **הפּסגה:** לייב לעוויטאַן (מאמר).

**ניכבדים:** — אליהו שאַפּיראָ; שמואל־אידל שלאַפּאָבערסקי (1886), שווער פֿון ר׳ יוסף־מאיר דזשייקאָבסאָן, רבֿ אין אַמעריקאַנער שטעט; ר׳ יהודה לייב־נוח כּץ. זון ר׳ חיים, אב״ד גודלעווע, פּומפּיאַן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — א. אפֿרתי, דור ודורשיו. ווילנא, תּרמ״ט, ע׳ 58; המליץ, 1895: 141; 1896: 132; 1898: 198, 232; 1900: 74; הצפֿירה, 1901: 194; אידישע שטימע, 1939: 6291; שלמה־דוד מראַדושקביץ, מספּר הזכרונות של רבֿ ליטאי. פּאַריס [1951?]; י. צוזמר, בעקבֿי הדור. נ״י, 1957, ע׳ 112.

עיר ווילנא, ע׳ 84. 116, 278; חלקת מחוקק, ה׳; תּולדות ישיבֿת היהודים, ע׳ 70; אהלי שם, 149; יזכּור־בוך סוּאוואַלק (אינדעקס); לקורות עיר ראַסיין, ע׳ כ״ו; יהדות ליטא א׳, ג׳; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 3106; ג. קרסל, 1, 2; לעקסיקאָן, 6; ב. כּהנס לעקסיקאָן, ז׳ 395. Black Book.

## זאַראַן ŽARENAI

אַ קליינטשיק שטעטל אין

טעלזער קרײַז. אין 1923 האָבן דאָ געוווינט 174 ייִדן, פֿאַרן חורבן — בײַ 40.

אין די 1920ער האָט זאַראַן נאָך געקענט זיך פֿאַרגינען צו האָבן אַ רב — ר׳ יעקבֿ־משה אַבעלאָוו.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — Black Book

## זופּראַן

א קליין ייִדיש שטעטל. אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע האָבן דאָ נאָך געלעבט מערערע צענדליק ייִדישע מיש־פּחות. לויט די רבנים איז צו זען, אַז אין מיטן נײַנצנטן יאָרהונדערט איז דאָ געווען אַ גרעסערער ייִדישער ייִשובֿ. צווישן 1880 און 1934 זײַנען דאָ געווען 17 פּרענומע־ראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

**רבנים** — ר׳ יעקבֿ בר׳ דוד ווילענציק, געבאָרן 1851, דאָ רבֿ פֿון 1874, שפּעטער אין פּיקעלן. איידעם פֿון ר׳ חיים נאַטאַנזאָן, אב״ד זשידיק.

ר׳ משה־מישל שאַפּיראָ, געבאָרן 1855. רבֿ אין פּאָנעוועזש, זופּראַן (פֿון 1882), ראָגעווע. מחבר פֿון מערערע ספֿרים.

ר׳ אליהו־יעקבֿ־דובֿ בר׳ חיים שור. געבאָרן 1848 אין אַניקשט. נאָך זופּראַן רבֿ אין לאַדי, בירזש, אַניקשט. געווען אויך ר״מ אין קראַקינאָווע. פֿון 1932 אין ירושלים, ווּ ניפֿטר כ״ב אייר, 1936. בעל **נטיעות חיים** (ווילנא, תּרנ״ב).

**ביבליאָגראַפֿיע.** — אהלי שם, 155; „ליטע״, 1; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 3173.

## זיימ ŽEIMIAI

קיידאַנער קרײַז. זייער אַן אַלט אָרט אין ליטע. 1320 האָט געדימינאַס דאָ געקעמפֿט קעגן דײַטשישן אָרדן און מנצח געווען. קיין מאָל איז דאָ ניט אויסגעוואַקסן אַ קענטיקער ייִדישער ייִשובֿ. פֿאַרן ערשטן וועלטקריג האָבן דאָ געלעבט אַ 200־225 ייִדן, אין 1923 — 110 און פֿאַרן חורבן אַרום 80.

**רבנים.** — ר׳ מרדכי־יצחק עפּשטיין, געבאָרן 1857 אין יאַנעווע. פֿון 1893 דאָ רבֿ, 1902 אין שעיפֿעלד (ענגלאַנד). זײַן פֿאָטער ר׳ שמואל־נפֿתּלי־הירש, אב״ד גירטעגאָלע, בעל **אמרי שפֿר**.

ר׳ יוסף־חיים אורינסאָן, געבאָרן 1880. זינט 1903, שפּעטער רבֿ אין סוואַ־דאָשטש.

ר׳ אַבֿרהם־חיים גלאַצער, גע־באָרן אין קאָברין. פֿון 1906 ביז 1913, שפּעטער רבֿ אין טאָלטשין (מינסקער גובערניע), 1921 — סלאָוועשנע און 1924 אין נוואַרק (אַמעריקע). ניפֿטר 1941. בעל **פּרי חיים**.

ר׳ חיים בר׳ מנחם־יהודה קליבאַנאָוו, דערנאָך רבֿ אין ווענדזיגאָלע, הי״ד.

פֿון זיימ שטאַמט פּנחס הכּהן מאָרדעל. דאָ געבאָרן ט״ו שבט תּרכ״א.

געלערנט אין שאַט, קאָוונע, דערנאָך געלעבט אין יעליסאַוועטגראַד. 1881 עמיגרירט קיין אַמעריקע. איינער פֿון די גרויסע מדקדקים פֿון העברעיִשן לשון. אויפֿגעשטעלט אַ רעוואָלוציאָנערע שיטה אין העברעיִשן דיקדוק. זי איז ניט אָנגענומען געוואָרן פֿון העברעיִשע פֿילאָלאָגן. אחד־העם, ח.נ. ביאַליק, ד״ר דוד ניימאַרק א״אַ האָבן זיך אַרויסגעזאָגט פֿאַר זײַן שיטה. געשריבן פֿילאָלאָגישע אַרטיקלען אין **השלח, התּורן** א״אַ. האָט אַרויסגעגעבן **ספר יצירה**, המיוחס לאַברהם אָבֿינו, ערוך וּמסודר מחדש בנוסחא נכונה וישרה (פילדלפיא, תּרנ״ה). געשטאָרבן 1934 אין פֿילאַדעלפֿיע.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — י. צוזמר, בעקבֿי הדור. פֿילדלפֿיה, 1957. ע׳ 3; תּולדות ישיבֿת היהודים, ע׳ 471; ג. קרסל, 2; אהלי שם, 202. Black Book.

## זיימל ŽEIMĖLIS

שאַוולער קרײַז. לויט די מצבֿות אויפֿן בית־עולם קען מען אָננעמען, אַז דער ייִדישער ייִשובֿ איז אַלט געווען אַרום 200 יאָר (רעכענענדיק פֿון 1940). אָבער לויט דער געבוירן־דאַטע 1738 פֿון אַ דאָרטיקן ייִדישן געלערנטן (זע ווײַטער), דאַרף מען אָננעמען, אַז ייִדן האָבן שוין געלעבט אין זיימל אין לעצטן פֿערטל פֿון 17טן יאָר־הונדערט.

געווען אַ צײַט, ווען זיימל האָט געהערט צו קורלאַנד. דעמאָלט האָט דאָס שטעטל געהייסן: זעמלין אָדער זאַמעלאַן.

אין אַ ידיעה אין **המגיד** פֿון 1863 ווערט געזאָגט, אַז אין 1862 איז דאָ אויסגעבויט געוואָרן דער **ערשטער** בית־מדרש. עס לייגט זיך ניט אויפֿן שׂכל, אַז אַ ייִדישע קהילה זאָל זײַן בײַ 150־175 יאָר אָן אַ בית־מדרש.

אין 1854 איז אין פּאָדובי (לעבן שידלעווע) געגרינדעט געוואָרן אַ ייִדישע קאָלאָניע אויף אומזיסטן רעגירונג־באָדן. דאָרטן האָבן זיך קאָלאָניזירט אויך 7 מישפּחות פֿון זיימל, לינקעווע און באָלניק.

פֿאַרן ערשטן וועלטקריג האָבן דאָ געוווינט בײַ 500 ייִדן, אין 1923 — 378 און פֿאַרן חורבן — אַרום 200. ייִדישע פּרנסות: קליינהאַנדל, קרעמערײַ און מלאכה. אַ צוגאָב־חיונה פֿון כּמעט יעדער מישפּחה איז געווען בײַשטוביקע ווירטשאַפֿט.

בדרך כּלל איז דאָס צוזאַמענלעבן מיט די ליטווינער געווען גוט. אין 1891 איז געשאַפֿן געוואָרן אַ „לחם עניים״. דער בירגער־מײַסטער, פּירשט ליווען, האָט יעדע צענטע וואָך צוגעשטעלט 35 פּוד מעל, 50 פֿונט צוקער, 3½ ק״ג טיי. דעם „לחם עניים״ האָט אויך געהאָלפֿן דער קריסטלעכער דאָקטער סעקטאָר. די ייִדישע מנדבֿים זײַנען געווען: ר׳ צבֿי־הירש אַבראַמאָוויץ, ר׳ אליה־מתּתיהו חיות (דעמאָלט ראש־הקהל). עסקן: ר׳ מרדכי עליאַשעוויץ.

אין זעלביקן יאָר איז אָבער געשען אַן אויפֿטרייסלענדיקער פֿאַל: אַ

פויער האָט זיך אַרײַנגעריסן אין בית־מדרש און מחלל געווען אַלע ספר־תּורות, ווי אַ נקמה פֿאַר פֿאַרלירן אַ מישפּט קעגן ייִדן.

אין 1901 איז פֿאָרגעקומען אַ פּאַגראָם־פּראָצעס. דער אָנקלאָגער מצד די יידן איז געווען דער קאָוונער אַדוואָקאַט עוזר פינקלשטיין.

אין רשימות פֿון בײַשטײַערערס פֿאַר בניין ארץ־ישראל פֿון 1900 און 1903 געפֿינען זיך אַ סך זיימלער מנדבֿים.

**רבנים.** — הגאון המקובל ר׳ שלמה, פֿון 1824 ביז 1864, ווען ניפֿטר געוואָרן. געלעבט אין גרויס דחקות. זײַן אייניקל ר׳ משה־יהודה ראַבינאָוויטש, מחבר פֿון **מספּד גדול וכבד** אויפֿן זיידן.

ר׳ בנימין בר׳ דובֿ דימאַנד, פֿון 1864, שפּעטער אב״ד פּאָסוואָל און סימפֿעראָפּאָל. זײַן פֿאָטער אב״ד טאַווריק, זשידיק.

ר׳ יצחק־מאיר בר׳ אַבֿרהם־יהודה יאָסעלזאָן, געבאָרן 1851 אין יאַנישאָק. פֿון 1876 אין זיימל, שפּעטער רבֿ אין דובלין (אירלאַנד).

ר׳ שלום־אלחנן הלוי יפֿה, געבאָרן 1858 אין וואַבאָלניק. 1879 רבֿ אין אופּינע, פֿון 1883 אין זיימל, שפּעטער אין וואַבאָלניק, ס״ט לויִס און ניו־יאָרק. חיבורים: **פּרי אשל** (ווילנא, תּרל״ז), **שואל בענין** (ירושלים, תּרנ״ה), **תּשובֿה כּהלכה** (ירושלים, תּרנ״ו).

ר׳ אַבֿרהם־יצחק קוק, געבאָרן 1865, דאָ אב״ד 3 יאָר (פֿון 1887), דערנאָך אין בויסק, 1903 אין יפֿו, 1918 — ירושלים און פֿון 1921 הרבֿ הכּולל פֿון ארץ־ישראל. איינער פֿון די גרעסטע רבנים־משפּיעים בדורו, וואָס זײַן השפּעה ציט זיך נאָך עד היום. האָט אַ סך חיבורים אויף הלכהשע, רעליגיעז־דענקערישע און נאַציאָנאַלע טעמעס. ניפֿטר 1935 אין ירושלים.

ר׳ יעקבֿ־משה פֿײַנשטיין, געבאָרן 1862. פֿון 1890 ביז 1895, שפּעטער רבֿ אין פּאָרטלאַנד (אַמעריקע).

ר׳ יעקבֿ־דובֿ ראַפּאָפּאָרט, געבאָרן 1860 אין אַליטע. 10 יאָר רבֿ אין רובינישאָק, 1896 אין זיימל און פֿון 1926 אין כּפֿר־סבא, ווו ניפֿטר געוואָרן אין 1927. איידעם פֿון ר׳ יוסף־זכריה שטערן, אב״ד שאַוול, און שווער פֿון ר׳ אָשר־ניסן לעוויטאַן, ר״מ אין שאַוול. געלעבט יאָרן אין שאַוול ווי א „פּרוש״. אויף זײַן ספֿר **חקר דין** (אָדעסאַ, תּרמ״ז) גיט ער זיך אָן „מק׳ שאַוויל״ (אַרויס נאָר דאָס ערשטע העפֿט). ר׳ יעקבֿ־דודס זון ר׳ אַריה האָט געהאַט אַ קאָנפֿעקטן־פֿאַבריק אין שאַוול, ווו ער איז געבאָרן געוואָרן אין 1888. שפּעטער עולה געווען קיין ארץ־ישראל.

ר׳ חיים־זלמן קראָן, רבֿ אויך אין פּאָקראָי, פּיקעלן, הי״ד; ר׳ ישראל קרעניץ, שפּעטער רבֿ אין נעמאָקשט, הי״ד; ר׳ לייב סיגער, הי״ד; ר׳ אַריה־לייב שנײַדער, הי״ד. געשריבן אין **כּנסת ישראל** (ת״ש).

צווישן 1898 און 1911 זײַנען געווען 11 זיימלער פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

**אָפּשטאַמיקע.** — שלמה־זאַלקינד הורוויץ, געבאָרן 1738. יונגערהייט אַוועק קיין בערלין. געלערנט

ביי משה מענדעלסאָן. שפּעטער זיך באַזעצט אין פּאַריז. קעמפער פאַר יידישע רעכט. מיטגליד פון „סנהדרין" אין נאַפּאָלעאָנס צייט. קאַטאַלאָגירער פון אָריענטאַלישע שריפטן אין דער פּאַריזער נאַציאָנאַל־ביבליאָטעק. פאַרעפנטלעכט ביכער וועגן פילאָלאָגיע. געשטאָרבן 1812 אין פּאַריז.

ר' צבי־יהודה בר' אַברהם־יצחק קוק, געבאָרן 1891, איינער פון די ראשי־ישיבה אין „מרכז הרב" אין ירושלים. בעל **למצות הארץ** (ירושלים, תש"ח).

**קאָרעספּאָנדענטן:** — אַהרן העליר (המגיד), בן־ציון בערמאַן, צבי־הירש ראָזענטאַל, בנימין צמחאָוויץ — המליץ.

**ביבליאָגראַפיע.**—המליץ, 1862: 50; המגיד, 1863: 1; המליץ, 1885: 33; כנסת ישראל, ע"י ש"י פין, וואַרשא, 1886, ע' 333; המליץ, 1891: 22; 1900: 68; 1903: 17; ד. תדהר, אנציקלופדיה לחלוצי הישוב ובוניו. ת"א, תשי"ב, ע' 157; תולדות ישיבת היהודים בקורלאַנד, ע' 33, 451; ספר הפרענומעראַנטן, 3286; יהדות ליטא, ג'; חכמי ישראל באַמריקאַ, ע' 678.
Recueil de Matériaux su la Situation economique des Israelites de Russie, II., p. 367; Black Book.

## זעזמער

## ŽIEŽMARIAI

טראָקער קרייז. אין 1667 האָבן דאָ שוין געוווינט יידן. אויף אַ פסק־דין פון ה' סיוון תק"י (1750) אין ווילנער פנקס איז דאָ אַ חתימה פון הרב ר' הלל במוהר"ר ר' שמואל ז"ל מזעזמער. אין 1766 איז שוין געווען אַ קהילה פון 482 יידן. בעת דער גרויסער „מחלוקת הרב" אין ווילנע, אין די 1780ער, זיינען אויך גערופן געוואָרן עדות פון זעזמער. אין זיבעצנטן יאָר־הונדערט האָבן זיך דאָ געפונען אַ ביסל קאַראַימער.

אין 1867 האָבן דאָ געלעבט 1372 יידן, פאַר דער ערשטער וועלט־מילחמה — ביי 700, 1923 — 1205 און פאַרן חורבן — אַרום 900. זיי האָבן מערסטנס זיך פאַרנומען מיט קליינהאַנדל, מלאכה, לאַנדווירטשאַפט, פישעריי. סוח־רים האָבן עקספּאָרטירט בולוועס און פעלן.

דער ספּראַווניק (אַ העכערער פּאָליציסט) זאַטשעוויטש האָט געטאָן יידן אַ סך טובות. ער פלעגט געבן יידן הלוואות. אַליין אַ ד"ר האָמאָפּאַטיע, פלעגט ער גיין אומזיסט צו אָרעמע יידישע קראַנקע. דער פּוילישער פּריץ זיגמונט סטרומילאַ האָט פיל געהאָלפן יידישע אָרעמעלייט. אין זיין צוואה האָט ער געלאָזן 200 רובל פאַר יידי־שע קבצנים (אין די 1890ער).

1895 איז אויסגעבראָכן אַ

גרויסע שׂריפֿה. די „אַליאַנס איזראַעליט" אין פּאַריז האָט צוגעשיקט 700 רובל. אין קאָמיטעט צו פֿאַרטיילן דאָס געלט זײַנען אַרײַן: יעקבֿ ראַצקי, נפֿתּלי הערץ שאקר [?], יצחק זרח, משה ראָזענבערג, א"מ אַנצעלאָוויץ, פּנחס כּץ, משה בײנעשאָוויץ, נפֿתּלי ביילעס, לייב אילינסקי, מרדכי ראָזענבערג.

*

ר' צבֿי־הירש זעזמערער איז געווען פֿון די „עשׂרה ראשונים" עולים אין „עלית הגר"א" 1804. אין פּנקס הכּולל פֿון תּקע"ו (1816) אין צפֿת ווערט ער באַצייכנט ווי איינער פֿון די נגידים אין ירושלים. אין אַ צווייט אָרט ווערט ער גערופֿן „הרב המופלג הנגיד המפורסם מו"ה צבי־הירש במו"ה אפרים כּץ מזעזמיר."

עס זײַנען דאָ רשימות פֿון זעזמערער מנדבֿים פֿאַר העלפֿן בויען ארץ־ישׂראל אין **המליץ** (1878, 1900) און פֿאַר ייִדישע שטעט אין ליטע, געטראָפֿענע פֿון הונגער אין די יאָרן 1869־1872 (**המגיד**, 1872). דער מורשה פֿאַר זאַמלען בײַ־שטײַערונגען פֿאַר א"י איז געווען אוריה ווײַנער.

זעזמער האָט זיך באַטייליקט מיט אַ דעלעגאַט אין דער אַלרוסישער קאָנפֿערענץ פֿון ציוניסטן אין 1898.

אויף אַן אַלטן בית־עולם אין ירושלים געפֿינען זיך מצבֿות פֿון צוויי זעזמערער:

צביה אשת ר' מרדכי,
תּר"ן [1890],
ישׂראל בר' ראובן.

**רבנים.** — ר' יהושע־העשל עליאַשזאָן. געבאָרן 1799 אין יאַנעווע [קראָזש?]. פֿריִער רבֿ אין שאַקי, יאַנעווע, דערנאָך זעזמער, ווילקי, סוועניציאַן, סייני, ווו ניפֿטר געוואָרן אין 1874. צוליב זײַן געוואַלדיקן זיכּרון און חריפֿות אים גערופֿן „די אײַזערנע קאָפּ". אַ קעגנער פֿון חסידות. האָט הסכּמה אויף **יַד יצחק** פֿון יצחק צבֿי הכּהן (ווילנא, 1867).

ר' צבֿי־הירש, געבאָרן 1812. פֿאָטער פֿון ר' מיכעלע זעזמערער און ר' דוד זעזמערער, ביידע ניפֿטר 1868. זײַן אייניקל ר' יצחק בר' בנימין־ביניש, פֿון די ראשי ישיבֿות אין ווילנע. זײַן איידעם ר' דוד בר' יקותיאל, מו"צ אין ווילנע. ניפֿטר 1864.

ר' מרדכי עליאַשבערג, געבאָרן 1817 אין צײַקישאָק. פֿון 1854 ביז 1861, דערנאָך 28 יאָר אין בויסק (לעטלאַנד), ווו ניפֿטר געוואָרן 1889. איינער פֿון די ערשטע באַקאַנטע רבנים צוצושטיין צו חיבת־ציון. אחד־העם האָט אַ מאמר וועגן אים אין זײַן **על פרשת דרכים**. ער שרײַבט, אַז ר' מרדכי איז „פֿון די גרויסע רבנישע חלוצים פֿאַר ייִשובֿ ארץ־ישׂראל" און אַז „זײַן ספֿר **שבֿיל הזהבֿ** איז מער ווערט ווי אַ קאָלאָניע אין א"י." חיבורים: **תּרומת יד** (ווילנא, תּרל"ה), **שבֿיל הזהבֿ** (וואַרשא, תּרנ"ז).

ר' יעקבֿ קראָזשער, ניפֿטר 1877; זײַן זון ר' יקותיאל־לייב עליאָן, געבאָרן

1845. פֿון 1874 ביז 1896, **שפּעטער רבֿ** אין דאַגראַ (וויטעבסקער גובערניע), ווו ניפֿטר געוואָרן אַ אייר, תּר״ס. זײַן איידעם: ר׳ מנחם־מענדל באַרינבוים, אבֿ״ד יוכאָוויץ (וויטעבסקער גובערניע). זײַן שוואָגער ר׳ משה זאַקס, אבֿ״ד נעמאָקשט. קרובֿ פֿון ר׳ שלמה־זלמן הורוויץ, בעל **זבֿד טובֿ, רחובֿות עיר** (ווילנא, תּרנ״א) חיבורים: **גליון מהרי״ל** (וואַרשא, 1893), **חִבת הקֹדש** (וואַרשא, תּרנ״ט).

ר׳ יואל־יצחק קאַצענעלענבויגן, געבאָרן 1809 אין קעלם. ווען ער איז נאָך געווען יונג, האָט קעלם געוואָלט אים נעמען פֿאַר אַ רבֿ, אָבער ער איז אַנטלאָפֿן אין נאַוואַרעדקער ישיבֿה, געלערנט בײַ הרה״ג ר׳ מרדכי זיסקינד. פֿאַרן פֿאָרן צוריק אַהיים האָט ער געהאַלטן זייער אַ טיפֿע דרשה. ר׳ מרדכי איז צוגעגאַנגען צו אים, אַרומגעכאַפּט און געזאָגט פֿאַר אַלע־מען אין די אויגן: נאָך זײַן פּטירה זאָל נאַוואַרעדאָק נעמען יואלן פֿאַר אַ רבֿ. צוליב פֿאַרשיידענע סיבות איז עס ניט אויס־געקומען. געווען רבֿ אין סיאַד, זעזמער, אייראַגאָלע, סעמיאַטיטש, עזשערעני. ניפֿטר געוואָרן 1891. בעל **זרע יצחק** (וואַרשא, תּרנ״ח).

ר׳ משה בר׳ פֿײַוויש שאַפּיראָ, געבאָרן 1862. פֿון 1890 רבֿ אין סלאַבאָדאַ (סוּוואַלקער געגנט), און 1896־1930 אבֿ״ד זעזמער. בעתן ערשטן וועלטקריג געווען פֿאַרוואָגלט אין אוקראַינע. ניפֿטר 1930.

לעצטער רבֿ ר׳ ישׂראל־תּנחום פֿאָרטמאַן, הי״ד.

צווישן 1836 און 1903 זײַנען געווען 204 זעזמערער פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

**אָפּשטאָמיקע.** — ר׳ שמעון זרחי, געבאָרן 1788. געלערנט מיטן ווילנער גאונס זון משה. אבֿ״ד יאַקאָבֿ־שטאָדט (לעטלאַנד) און טאַווריק. ניפֿטר 1860 אין ירושלים. אין **עטרת יצחק** פֿון יצחק אײַזיק [ראַבינאָוויץ] דאָ שו״ת פֿון ת״ר [1840] פֿון „שמעון בר׳ מוהרי״ז מטאוורינ״.

ר׳ חיים־יצחק שילמאַן, געבאָרן 1877, אבֿ״ד יאַנעווע. בעל **זרע יצחק** (קיידאַן, תּרצ״ד). ניפֿטר 1930.

ר׳ בנימין־ביינוש פֿליישער, גע־באָרן 1885. פֿון 1914 ראבֿ״ד אין ברוקלין, פֿריִער מו״צ אין בוטרימאַנץ.

ר׳ אַבֿרהם־אַבלי בר׳ בן־ציון, געבאָרן 1889. רבֿ אין טירקשלע, וואַר־זשאַן, לידעוויאַן, ניפֿטר 1929.

ר׳ קלמן ביינושעוויטש, געבאָרן 1893. איידעם פֿון ר׳ צבֿי אָפּענהיים, אבֿ״ד קעלם, און נאָך זײַן פּטירה אין 1926 פֿאַר־נומען קעלמער כּיסא־רבנות, אומגעקומען 1941, הי״ד.

**שרײַבערס.** — יצחק־משה רומש, געבאָרן 1822. געלערנט אין אַ ווילנער ישיבֿה. ווען זײַן שווער און קרובֿים האָבן זיך דערוווּסט, אַז ער וויל פֿאָרן שטודירן אין אויסלאַנד, האָט מען אים געבראַכט אין קייטן צוריק אַהיים. זײַן גאַנץ לעבן זיך פֿאַרנומען מיט לערערײַ אין פֿאַרשיידענע ערטער, פֿון 1853 עטלעכע

יאָר מיט יהודה־לייב גאָרדאָן אין פּאָנע־וועזש. געשריבן מאמרים און דערציילונגען אין **המליץ, הכּרמל** א״אַ. זײַנע באַארבעטע ביכער אין העברעיִש פֿון פֿאַרשיידענע שרײַבערס האָבן געהאַט גרויס הצלחה, באַזונדערס זײַן **כּור עוני** פון ד. דיפּאָס **ראָבינזאָן קרוזאָ** (ווילנא, תּרכ״ב). אַנדערע ביכער: **שלושה רשעים** (ווילנא, תּרל״ו), **מגילת אסתּר השניה** (ווילנא, תּרמ״ג), **בת חיל** פון ל. פֿיליפּסאָן (וואַרשא, תּרמ״ט) און **שׂער שבאִשה** (ווילנא, תּרנ״א). געשטאָרבן 1894 אין ווילנע.

אַבֿרהם־שמואל שוואַרץ, געבאָרן 1878. פֿון 1900 אין אַמעריקע. געענדיקט ד״ר־מעדיצין. תּחילת געשריבן לידער אין **צוקונפֿט, מיניקעס יום־טובֿ בלעטער** (נ״י) א״אַ. שפּעטער געדרוקט זײַנע לידער נאָר אין העברעיִשע צײַטשריפֿטן. געשטאָרבן 1957 אין ניו־יאָרק.

**קאָרעספּאָנדענטן.** — מ.א. בן־אַהרן [אַראָנזאָן] — **הצפירה**; אידל־יהודה שאַפּיראָ — **המגיד, המליץ**.

ח.י. סלוצקי, **נטעי נאמנים** (ווילנא, תּקצ״ו), האָט אַ שײַכות צו זעזמער.

**ניכבדים.** — גבאי בית־המדרש הישן ר׳ מאיר בצלאל גאָלדבערג; גבאי בית־הכּנסת נתן־נטע סטראַשון; גבאי בית־המדרש החדש ר׳ משה־חיים בר׳ אַהרן; פֿאַרטרעטער פֿון קאַזיאָנעם ראַבינער דוד גרינבערג. (וועגן ניכבדים זען אויך פריִער).

ביבליאָגראַפֿיע — הכּרמל, תּרכ״א: 18; המגיד 1869: 9; 1872: 17; ספֿר זכּרון לסוקולובֿ. וואַרשא, תּרמ״ט, ע׳ 107; המליץ, 1896: 40, 90; הצפֿירה, 1898: 196, 290; המליץ, 1898: 228; 1900: 30.

לוח אחיאסף, תּרס״א, ע׳ 420; אלחנן האַר־קאַווי, דור ישרים. נ״י, 1903, ע׳ 53; ש.ל. ציטרון, תּולדות חבת ציון. אודיסא, תּרע״ד, ע׳ 163; י. ניסנ־בוים, הדת והתחיה הלאומית, ווילנא, תּר״פּ; ספֿר היובֿל של אגודת הרבנים האורטודוכּסים בארצות־הברית וקנדה. נ״י, תּרפ״ח. ע׳ קמ״ח; צום יוגנט. סלאַבאָדקע, 1930: 8, 9; ישׂראל קלוזנר, וילנא בתּקופֿת הגאון. ירושלים, תּש״ב, ע׳ 109.

עיר ווילנא, ע׳ 116, 133, 215, 304; קריה נאמנה, ע׳ 122; דורות האחרונים, ע׳ 287; תּולדות חכמי ירושלים, ע׳ 143; קהלת משה, 457; תּולדות ישיבֿת היהודים בקורלאַנד. ע׳ 65, 73; אוצר ישׂראל, ה׳, ע׳ 213; חלקת מחוקק, חוב׳ ה׳, ז׳; יזכּור־בוך סוּאוואַלק, ע׳ 174; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 3225; קמזונס יהדות ליטא; ג. קרסל, 1, 2; יהדות ליטא, ג׳. Black Book.

## זעלווע[1]* ZELVA

מאַריאַמפּאָלער קרײַז. אין 1923 האָבן דאָ געוווינט 350 יידן, פֿאַרן חורבן — בײַ 80. זיי האָבן זיך פֿאַרנומען מיט מיסחר, קרעמערײַ, מלאכה און גערטנערײַ. אין 1885 זײַנען פּויערים באַ־

1) עס איז דאָ אַ צווייטע זעלווע, אַ גרעסערע, אין ביאַליסטאָקער וואָיעוואָדשאַפֿט, באַקאַנט מיט אירע „זעלוועער יאַרידן", ווו עס פֿלעגן פֿאָרקומען פֿון צײַט־צו־צײַט זיצונגען פֿון „ועד ליטא". אין דער אָנגעגעבענער צאָל פּרענומעראַנטן זײַנען געוויס די מערסטע ניט פֿון דער ליטווישער זעלווע. דאָס קען אויך חל זײַן אויף די רבנים. זען אויך די הערה צו פּאַדזעלווע.

פֿאַלן די ייִדן, צעראַבירט און צעשלאָגן. מען האָט אַרײַנגעשיקט פּאָליציי צו היטן.

צווישן 1888 און 1934 זײַנען געווען 54 זעלווער פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

פֿון די רבנים: ר׳ יהונתן בר׳ חיים; ר׳ אַבֿרהם־אַבא בר׳ חיים; ר׳ פּסח ראַטשקאָ (פּרענומעראַנט אויף איינעם פֿון די פּרענומערירטע ספֿרים); ר׳ אַריה לעווי, געשריבן חידושי־תּורה אין סלאַבאָדקער **כּנסת ישׂראל**.

אַן אָפּשטאַמיקער איז ר׳ אַריה־לייב קאַפּלאַן, רבֿ אין מערערע שטעט אין אַמעריקע. זון פֿון הרבֿ ר׳ אלחנן קאַפּלאַן פֿון זעלווע.

קאָרעספּאָנדענטן: זאבֿ קאַפּלאַן, שמעון־דובער פֿריידקין, נחום פֿרידמאַן, יצחק־אַבֿיגדור שערעשעווסקי — אַלע **המליץ**.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — תּולדות אנשי שם (ראַנד), ע׳ 132; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 51228 .Black Book

## זשידיק ŽYDIKIAI

מאַזשייקער קרײַז. דער ייִדישער ייִשובֿ האָט זיך אָנגעהויבן אַרום סוף לעצטן פֿערטל פֿון אַכצנטן יאָרהונדערט. אין 1897 האָבן דאָ געלעבט 914 ייִדן, 1923 — 799, פֿאַרן חורבן — אַרום 300. זיי האָבן זיך באַשעפֿטיקט מיט קליינהאַנדל, קרעמערײַ, קאַראַבעלניקערײַ, מלאכה. אַ צאָל ייִדן האָבן זיך פֿאַרנומען מיט לאַנדווירטשאַפֿט. אין 1915 האָט זשידיק דורכגעמאַכט דעם גירוש־ליטע.

צווישן 1865 און 1898 זײַנען געווען 32 זשידיקער פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

דער צונויפֿלעב מיט גויים איז ניט געווען שלעכט. אין 1890 האָט אַ פּריץ געגעבן 30 פּוד מעל און 20 מעטער האָלץ פֿאַר ייִדישע אָרעמעלייט.

אין אַ רשימה מנדבֿים פֿאַר געטראָפֿענע ייִדן אין ליטע פֿון הונגער אין 1872 זײַנען דאָ מערערע זשידיקער **(המגיד)**.

פֿאַרן ערשטן וועלטקריג איז די „אגודה" געווען דאָ זייער שטאַרק. אין אַ ליסטע פֿון זשידיקער מנדבֿים פֿון אַ יער־לעכן בײַשטײַער פֿאַר דער „אגודה" גע־פֿינען זיך די ווײַטערדיקע נעמען: שרגא שלעז, הרבֿ יעקבֿ־יוסף מאַרקוס, אפֿרים כּהן, אוריה כּהן, אַבֿרהם יאָפּע, אַריה־דובֿ בוים, אליעזר קאָפּעלאָוויטש, אַהרן־שמעון פֿלאָרענס, אלעזר יאָפּע, אַבֿרהם־זאבֿ העלער, אליהו טוכמאַן, אליעזר־יצחק בערקמאַן, אַבא יאָזעף, אַבֿרהם־יצחק קאָ־לעקטאָר, ברוך בענדעט קאַמענעצקי.

דובֿ־יהודה לעווין, זעליק שיר־מאַן, זלמן לענטין, חיים־צבֿי יאָזעף, חיים סעגאַל, יעקבֿ־יחיאל זילבער, יעקבֿ־משה שמידט, יצחק־זאבֿ דאַווידאָוויטש, יהודה־אידל פֿלאָרענס, ישׂראל־יעקבֿ קאָפּע־לאָוויטש, יצחק־פּרץ באָד, ישׂראל בוב,

יהודה־לייב בראַכמאַן, יעקבֿ־שרגא ציפּין, יצחק ציפּין.

יצחק גריף, יונה יאָזעף, מרדכי אַלק, מאיר פלאָרענס, מרדכי לעווין, מנחם לעווין, מאיר רוף, נפֿתּלי־הערץ מאַזור, צבֿי קרעמער, צבֿי מיכלזאָן, צבֿי שאָטלאַנד, צבֿי קאָפּעלאָוויטש, צבֿי ציפּין, שמריה שלעז, שמואל־מרדכי בריקמאַן, שמעון שפּינט־מאַן, שמואל־יעקבֿ העלפּער, שמואל בוב, יעקבֿ בוב, דוד כּהן, שרגא לעווין.

אין אַ צווייטער רשימה זײַנען דאָ: גרשון פּערעס, דובֿ כּהן, דובֿ יאָפֿע, דובֿ פֿרידמאַן, יעקבֿ כּץ, מאיר קאָווענסקי, משה־לייב לוסקי, נפֿתּלי־הערץ קאַפּלינסקי, הרבֿ ר׳ זלמן סאָראָצקין, הרבֿ ר׳ אַריה־לייב זאַלצמאַנאָוויטש, צבֿי־מאיר חורגין, ר״מ, משה טענדער.

פּסח דוואָרעצקי, שרגא ראַבי־נאָוויטש, אליהו־דובֿ קאַמאַנעצקי, שו״ב וש״צ, אפֿרים־צבֿי אַלפּערט, אַבֿרהם־משה ראַטנער, שלום כּהן, שבתי שושן, שמעון לייזעראָוויטש, יהודה זאַלצמאַן, בנימין־חיים אַלפּערשטיין, יעקבֿ ווילנער, אײַזיק לוסקי, זלמן דוניעץ, יעקבֿ־אלימלך דוואָ־רעצקי.

דובֿ מירסקי, יוסף און יעקבֿ מירסקי, מרדכי לייבאָוויטש, יוסף אינדעכ־שטיין, שאול שולקאָוויטש, אַבאַ־יעקבֿ אַבעלאָוויטש, אליעזר גאָלדשטיין, אָשר לוסקי, אַהרן קאָנדעוויק, ברוך סאַוויצקי, מאיר סאַוויצקי, יצחק שעליובסקי, מיכל קאָווענסקי, משה־זרח שנײַדער, אַבֿרהם־יעקבֿ כּאַראַבראָוויצקי, יעקבֿ אָסטראָווסקי, ישׂראל־אלחנן פּיקעלני, אלחנן פּיקעלני, מרדכי־אליהו קאַלבשטיין, דובֿ טורעצקי, יצחק קאָוואַלסקי, אַבֿרהם בושל.

**רבנים.** — ר׳ דובֿער בר׳ צבֿי דימאַנד, פֿריִער אבֿ״ד טאַווריק און נאָך זשידיק אין פּילטען (קורלאַנד). ניפֿטר 1850. פֿאָטער פֿון ר׳ באַלי בנימין, אבֿ״ד פּאָסוואָל, סימפֿעראָפּאָל.

ר׳ משה־שלמה לעווינבערג, פֿון 1858 ביז 1896, ווען ניפֿטר געוואָרן. 1890 איז דאָ געווען אַ גרויסע מחלוקת צוליב אַ נײַעם דאָקטער. איין צד האָט געמסרט, אַז דעם רבֿס צוויי זין האָבן געפֿעלשט זייערע מעטריקעס צום פּריזיוו. די זין זײַנען אַנטלאָפֿן, אָבער דעם רבֿ האָט מען אַרעס־טירט אַ קורצע צײַט. זײַן זון ר׳ ברוך איז געווען ר״מ אין וועקשנע און לוצין (לעטלאַנד).

ר׳ חיים בר׳ אַבֿרהם נאַטאַנזאָן, געבאָרן 1838 אין נאַווראַן. פֿריִער רבֿ אין פּיקעלן, פֿון 1897 דאָ. אין אַ פּרענומע־ראַנטן־רשימה פֿון 1899 איז דאָ: „הרבֿ דפּה ר׳ חיים נאַטאַנזאָן.״ ניפֿטר געוואָרן 1904 אין זשידיק. בעל **שׂפֿתי חן** (ווילנא, תּר״ס), **דבֿרי חן** (פּיעטרקובֿ, תּרס״ד). שווער פֿון ר׳ יוסף בן־ציון פֿרידמאַן, ר״מ אין סלאַ־באָדקע, שפּעטער אבֿ״ד פּיקעלן.

ר׳ אַבֿרהם־זאבֿ העלער, געבאָרן 1886 אין הלוסק. פֿון אַרום 1910, שפּעטער רבֿ אין מאַריאַמפּאָל, הי״ד.

ר׳ יוסף־יעקבֿ מאַרקוס, 1923 נאָך געווען דאָ רבֿ. שפּעטער רבֿ אין באַלטימאָר.

ר׳ יצחק ביעגון, געבאָרן 1878 אין לאָהישין. איידעם פֿון ר׳ חיים טעלזער (ראַבינאָוויץ). פֿון 1928 דאָ, שפּעטער רבֿ אין ראַדווילישאָק. נאָך דער פּטירה פֿון זײַן שווער האָט מען אים ניט צוגענומען צו פֿאַרנעמען ר׳ חיימס אָרט ווי אַ ראש־ישיבֿה אין טעלז, ווײַל ער איז געווען אָפּן פֿאַרן רעליגיעזן ציוניזם. אומגעקומען אלול תּש״א אין ראַדווילישאָק, הי״ד. בעל **שׂדה יצחק** (קיידאַן, תּרצ״ב).

לעצטער רבֿ ר׳ אליהו לוצקי, געבאָרן 1898 אין קופּישאָק. אומגעקומען אָבֿ תּש״א, הי״ד.

ר׳ צבֿי־מאיר חורגין, ר״מ אין זשידיקער ישיבֿהלע; ר׳ אליהו־דובֿ קאַמענעצקי, שו״ב וש״צ — ביידע פֿאַרן ערשטן וועלטקריג.

**אָפּשטאַמיקע.** — ר׳ באַלי־בנימין דימאַנד, געבוירן 1839. רבֿ אין זיימל, פֿון 1870 אין פּאָסוואָל און פֿון 1884 אין סימפֿעראָפּאָל. ניפֿטר געוואָרן 1894. זײַן זון ר׳ בן־ציון, מחבר פֿון **עמק הבכא.**

ר׳ צבֿי־הירש שלעז. דאָ געבאָרן אַרום 1855. געגרינדעט מערערע ישיבֿות אין רוסלאַנד און זיי אויסגעהאַלטן מיט די הכנסות פֿון זײַנע ספֿרים: **שיחות חולין של תּלמידי חכמים** (וואַרשא, תּרל״ו), **נפֿלאות מתּורת השי״ת** (וואַרשא, תּרל״ט), **לוח ציון** (ברדיטשובֿ, 1891), **מיני תּרגימא** (ברדיטשובֿ, תּרס״א), **בנפֿלאותיך אָשׂיחה** (פּאָלטאַוואַ, תּרס״ט). זײַן פֿאָטער ר׳ בן־ציון, מחבר פֿון עטלעכע ספֿרים, איידעם פֿון ר׳ שבתי יפֿה, אב״ד וועקשנע.

ר׳ גרשון בר׳ שלום גוטמאַן, געבאָרן 1872. דיין אין קאָוונע 30 יאָר און ר״מ אין ר׳ הערשלס ישיבֿה. ניפֿטר 1940.

ר׳ ברוך בר׳ משה־שלמה לעווענבערג, געבאָרן 1875. 1898־1914 ר״מ אין וועקשנע, דערנאָך אין לוצין (לעטלאַנד). ניפֿטר 1920.

**שרײַבערס.** — ישׂראל־הירש קליין, געבאָרן 1887. פֿון 1903 אין באָסטאָן. רעדאַקטירט זשורנאַל **העפֿטן** (נ״י, 1939). מערסטנס געשריבן וועגן קאָאָפּעראַטיווער לאַנדווירטשאַפֿט. געשטאָרבן 1943 אין ניו־יאָרק.

נחמיה קליין, געבאָרן 1892. פֿון 1906 אין אַמעריקע. געשריבן לידער אין **צוקונפֿט, אויפֿקום, אידישער קעמפֿער, טאָג, מאָרגען זשורנאַל** א״אַ. געשטאָרבן 1956 אין ניו־יאָרק.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המגיד, 1872; המליץ, 1891: 11; הצפֿירה, 1890; 282; 1896: 68; הדרך, פֿרנקפֿורט א/מ, תּרע״ד, גל׳ 8; אנציקלופּדיה של הציונות הדתית, ע׳ 280; תּולדות אנשי שם (ראַנד), ע׳ 133; דורות האחרונים, ב׳, ע׳ 341; יהדות ליטא, ג׳; לעקסיקאָן, 8; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 3282; תּולדות ישיבֿת היהודים בקורלאַנד, ע׳ 149. Black Book.

# ט

## טאַוויאַן TAUJENAI

ווילקאָמירער קרײַז. דער אָנהייב פֿון ייִדישן ייִשובֿ איז אַרום סוף אַכצנטן יאָרהונדערט. לויט דער צאָל רבנים אין דער צווייטער העלפֿט נײַנצנטן יאָרהונדערט, קען מען אָננעמען, אַז דעמאָלט איז טאַוויאַן געווען אַ גרעסערע קהילה ווי אין די שפּעטערדיקע יאָרן.

פֿאַרן ערשטן וועלטקריג האָבן דאָ געוווינט אַרום 150 ייִדן, אין 1923 — 91 און פֿאַרן חורבן בײַ 30. ייִדן האָבן זיך פֿאַרנומען מיט קרעמערײַ, מלאכה און בײַשטוביקע ווירטשאַפֿט איז געווען אַ וויכטיקער טייל פֿון אויסקומעניש.

אין 1839, 1875 און 1908 זײַנען דאָ געווען 4 פּרענומעראַנטן אויף די ספֿרים: **הלכות רבֿ אַלפֿס** (ווילנא, תּקצ״ט), **ארץ צבֿי**, צבֿי־הירש ראָם (ווילנא, תּרל״ה), **צבֿא רבֿ**, צבֿי־הירש לעווין (פּיעטרקובֿ, תּרס״ח).

**רבנים.** — ר׳ חיים־צבֿי בר׳ מאיר, אַרום 1870־1880ער יאָרן; ר׳ נחום זונדעלאָוויץ, פּרענומעראַנט אויף איינעם פֿון די דערמאָנטע ספֿרים.

ר׳ אליהו בר׳ חיים־ירוחם סאָבעל, געבאָרן 1882. 1907 דאָ רבֿ. איידעם פֿון ר׳ מנחם־מענדל, אבֿ״ד קרעטינגע.

ר׳ צבֿי ווײַנבערג; זײַן איידעם ר׳ בן־ציון בר׳ שמואל־מאיר זונדעלאָוויץ, געבאָרן 1901 אין ווײַנוטע.

אין **עטרת יצחק**, יצחק־אײַזיק [ראַבינאָוויץ] דאָ שו״ת פֿון שלמה קלמן ח״ר [?] יקיר בטאַוויאַן.

1860 איז דאָ געבאָרן געוואָרן דובֿ לייבאָוויץ (אַריאל), איינער פֿון די ערשטע „בילו״־אַגיטאַטאָרן אין רוסלאַנד. פֿון 1884 אין ארץ־ישׂראל. פֿון די מתנחלים־פּיאָנערן אין גדרה, ווו געשטאָרבן אין 1943. מחבר פֿון בראָשור **המושבֿה גדרה**. געשריבן אין דער העברעיִשער פּרעסע.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — תּולדות ישיבֿת היהודים בקורלאַנד, ע׳ 191; אהלי שם, 111, 191; **א. צנציפּר**, **פּעמי הגאולה**, ע׳ 53; ג. קרסל, 2; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 3327; יהדות ליטא, ג׳. Black Book.

# טאַווריק TAURAGĖ

קרײַזשטאָט. ווערט דערמאָנט אָנהייב זעכצנטן יאָרהונדערט. זי האָט מערסטנס געהערט צו פּרײַסן, וואָס טאַווריק איז געווען 8 ק״מ פֿון איר גרענעץ. אין 1793 איז די שטאָט, אין אַן אָפּמאַך פֿון יענעם יאָר, אַריבער צו רוסלאַנד.

דער ייִדישער ייִשוב האָט זיך אָנגעהויבן אַרום מיטן אַכצנטן יאָר־הונדערט, אָבער וועגן איינצלנע ייִדן ווערט פֿאַרצייכנט שוין מיט אַ פּאָר הונדערט יאָר פֿריִער. אין מיטן זעכצנטן יאָרהונדערט האָבן ייִדן פֿון טאַווריק זיך פֿאַרנומען מיט פּאַרם־אַרענדעס. אין 1589 איז געווען אַ ייִד אַרענדאַר.

לויט שטאָטישע כראָניקעס פֿון מעמל, זײַנען די ערשטע ייִדן דאָרטן געקומען פֿון טאַווריק. אין די מעמלער כראָניקעס פֿון 1830 ווערט דערמאָנט דער שוחט יוסף וואַלד, אַ געקומענער פֿון טאַווריק. זײַנע קינדער זײַנען שפּעטער געוואָרן גרויסע האָלץ־סוחרים. זײַן איידעם איז ר׳ יוסף וואָלגעמוט, רבֿ אין ליובעק.

אין 1845 איז דאָ אויסגעבראָכן אַ גרויסע כאָלערע־עפּידעמיע מיט אַ סך קרבנות. דאָס האָט אָפּגעשוואַכט דעם פּראָצעס פֿון ייִדישן עקאָנאָמישן וווּקס. אָבער מיט עטלעכע יאָר שפּעטער, אין 1858, איז פֿאַרענדיקט געוואָרן דער שאָסיי טילזיט־טאַווריק־פּעטערבורג, וואָס האָט שטאַרק אַ שטויס געטאָן דעם עקאָנאָמישן פּראָגרעס פֿון שטאָט. פֿון דעמאָלט ביזן ערשטן וועלטקריג איז טאַווריק געווען פֿון די רײַכע ייִדישע קהילות אין ליטע.

אין די הונגעריאָרן פֿון ליטע אין 1869/72 האָבן טאַוריקער ייִדן געשיקט הילף די הונגער־געטראָפֿענע ייִדישע שטעטלעך. אין **המגיד** פֿון 1871 און 1872 זײַנען דאָ רשימות פֿון טאַווריקער מנדבֿים.

אַרום טאַווריק זײַנען געווען דערפֿער, ווו עס האָבן געלעבט ייִדישע מישפּחות. אין 1804 איז געקומען אַ באַפֿעל פֿון דער מאַכט אַרויסצושיקן אַלע ייִדישע אײַנוווינערס פֿון די דערפֿער. די גזירה איז דעמאָלט צײַטווײַליק אָפּגעשריִען געוואָרן, אָבער שפּעטער געוואָרן דורכגעפֿירט. פֿון דאָזיקן ייִדישן דאָרף־עלעמענט שטאַמען מסתּמא די פּאָר ייִדישע פֿאַמיליעס פֿון טאַווריק, וואָס האָבן אין 1854 זיך קאָלאָניזירט אין אַ ייִדישער דאָרפֿישער קאָלאָניע אין ראַסיינער קרײַז, וואָס איז יענעם יאָר געגרינדעט געוואָרן אויף אומזיסטער ערד פֿון דער רעגירונג.

טאַווריק איז איינע פֿון די 19 ייִדישע קהילות אין ליטע, וואָס האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו ענטפֿערן אויף דעם רעגי־רונג־באַפֿעל פֿון 1853, אַז אַלע ייִדן, וואָס וווינען ווייניקער פֿון 50 ווי‍אָרסט פֿון דער גרענעץ, מוזן זיך אַריבערקלײַבן אין באַשטימטע גובערניעס אין טיף־רוסלאַנד.

אין די 1880ער יאָרן איז דאָ אָנגעגאַנגען אַ גרעסערע ייִדישע

עמיגראַציע. איינע פֿון די הויפּט־סיבות: די כוואַליע פּאָגראָמען אין רוסלאַנד אין יענער צײַט. אין אַ רשימה פֿון יידישע עמיגראַנטן אין יענע יאָרן ווערן אָנגעגעבן די טאַווריקער: ע. אַרכינאָוויטש, מ. ראַפּאָפּאָרט.

*

די טאַווריקער ייִדן האָבן געהאַט גוטע סאָציאַלע מוסדות. זיי האָבן זיך באַזונדערס גוט אַנטוויקלט אין 1890ער יאָרן.

1894 האָט דער ביקור־חולים געהאַט אַ הכנסה פֿון 1261 רובל און הוצאה — 1074. אין 1895 איז דער ביקור־חולים פֿאַרבעסערט געוואָרן דורך די געלטער פֿון קריסלאָווסקיס צוואה. אין 1894 איז געשאַפֿן געוואָרן דער „לינת־הצדק" מיט 150 חבֿרים און אין 1895 די „צדקה גדולה" מיט אַ קאַפּיטאַל פֿון 485 רובל.

די עלטסטע סאָציאַלע חבֿרה איז דער „גמילת־חסדים", וואָס איז געגרינדט געוואָרן אין 1860. אין 1861 זײַנען אַרויסגעגנבֿעט געוואָרן אַלע משכּנות. משמעות, אַז צוליב דעם איז די חבֿרה גיך אונטערגעגאַנגען. אין 1893 איז געשאַפֿן געוואָרן אַ גמ"ח פֿון דער ירושה־צוואה פֿון גבֿיר קריסלאָווסקי.

צוליב דער נאָענטקייט פֿון פּרײַסן איז דאָ אָנגעגאַנגען אַ גרויסער גרענעץ־שמוגל, סײַ פֿון סחורות, סײַ פֿון מענטשן. ניט איין מאָל זײַנען די אַריבערלויפֿערס דערשאָסן געוואָרן.

פֿאַרן ערשטן וועלטקריג איז כּמעט דער גאַנצער מיסחר מיט פּרײַסן געלעגן אין ייִדישע הענט: תּבֿואה, עופֿות, פּירות, האָלץ. אין 1915, צוליב די גרויסע שלאַכטן אַרום דער שטאָט, איז טאַווריק חרובֿ געוואָרן. נאָר 4 גאַנצע הײַזער זײַנען געבליבן. 1915־1917 האָבן די דײַטשן אויסגעבויט די באַנליניע פּאַגעגן־טאַווריק־שאַוול. דאָס האָט צוגעהאָלפֿן דעם אויפֿבוי פֿון דער חרובֿער שטאָט.

אין 1867 האָבן דאָ געוווינט 3634 ייִדן (6655 אַלגעמיינע צאָל), פֿאַר ערשטן וועלטקריג — אַרום 2500, 1923 — 1777 (14 ייִדן האָבן געלעבט אויסערן שטאָט און זײַנען סטאַטיסטיש ניט צוגערעכנט געוואָרן), און פֿאַרן חורבן — בײַ 2000.

**יישובֿ ארץ־ישראל.** — זינט חיבת־ציון און ציוניזם האָבן טאַווריקער ייִדן געגעבן זייערע בײַשטײַערונגען פֿאַרן א"י־בוי. אַ גרויסער פֿאַקטאָר אין דעם זײַנען די טאַווריקער רבנים, וואָס זײַנען מערסטנס געווען אָנהענגערס פֿון בויען ארץ־ישראל, ניט ווי דער רובֿ רבנים אין ליטע.

שוין אין די ערשטע יאָרן פֿון חיבת־ציון, אין 1886, זײַנען געווען טאַווריקער מנדבֿים צו העלפֿן „קאָלוניסטים ועובֿדי אדמה" אין ארץ־ישראל. זייערע נעמען זײַנען דאָ אין **המליץ** 1886. מורשים: י.מ. מענדעלעוויטש, ר"א סגל, ב. נאַטאַנזאָן. נאָך נעמען פֿון מנדבֿים אין **המליץ** פֿון 1898 (7 רשימות), מורשה: מ.י. גאָרדאָן, פֿון 1900 (2 רשימות), פֿון 1903 (2 רשימות). אין איינער פֿון זיי געפֿינען

זיך בײַ 300 נעמען. מורשה: לערער פּסח מאַרגאָלין.

דער ערשטער מטיף אין נײַנצנטן יאָרהונדערט פֿאַר העלפֿן בויען ארץ־ישׂראל איז געווען ר׳ נתן פֿרידלאַנד, שטאָט־מגיד אין טאַווריק. מערסטנס פֿלעגט ער אַרומ־פֿאָרן דרשנען אין אַנדערע שטעט. ער איז געבאָרן 1815. אַ געווויסע צײַט האָט ער געלערנט בײַ ר׳ יוסף זונדל אין סאַלאַנט. 1860 געקומען קיין פּאַריז צו אַדאָלף קרעמיע און זיך משתּדל געווען בײַ אים צו העלפֿן דעם ייִדישן יִשובֿ אין א״י. אין אַלע זײַנע דרשות פֿלעגט ער תּמיד ריידן אויך וועגן העלפֿן א״י. 1870 איז ער געוואָרן דער אָפֿיציעלער משולח פֿון הרב ר׳ צבֿי־הירש קאַלישער און ר׳ אליהו גוטמאַכער, די פֿירערס פֿון דער „חבֿרה ליִשובֿ ארץ־ישׂראל״.

אין 1854 האָט פֿרידלאַנד אַרויסגעגעבן זײַן ספֿר־דרוש **כּוס ישועות ונחמה.** שוין דעמאָלט האָט ער אַרויסגעזאָגט דעם געדאַנק פֿון שיבֿת־ציון, אַ סך יאָרן פֿאַר חיבת־ציון. ער רופֿט צו עליה און גאולת הקרקע, און איבער פֿערציק יאָר פֿאַר ד״ר הערצל רופֿט ער אַלע פֿעלקער, אַז זיי זאָלן געבן ייִדן רעכט צו קומען קיין ארץ־ישׂראל. ער האָט אויך אַרויסגעגעבן **סולו, סולו המסילה** (לעסלא). פֿרידלאַנד איז ניפֿטר געוואָרן 1883 אין א״י [ווײַטער — זײַן מצבֿה].

אין 1898 איז דער מורשה פֿון חובֿבֿי־ציון געווען משה־יוסף גאָרדאָן. אים געהאָלפֿן האָבן: גרשון עפּשטיין, גבֿיר יוסף גאָרפֿונקל, דיין ומו״צ ר׳ ברוך־נתנאל נײַווידל. די דרשות פֿון פּײַוול וואָלק זײַנען געווען אַ גרויסע אינספּיראַציע פֿאַר בנין א״י. אין 1901 האָבן די „בנות ציון״ געגעבן קורסן אין ייִדישער געשיכטע און געטאָן ציוניסטישע אַרבעט. געווען אַ „בית מִקרא הציונים״.

מיט טאַווריק איז פֿאַרבונדן דער נאָמען פֿון פּראָפֿ׳ הערמאַן שאַפּיראָ, דער פֿאָטער פֿון דער אידיי פֿון קרן קיֶמת לישׂראל און פֿון העברעיִשן אוניווערסיטעט אין ירושלים. שאַפּיראָ איז געבאָרן 1840 אין ערזווילק, אַ 25 קילאָמעטער פֿון טאַווריק, אָבער דאָ איז ער אויפֿגעוואַקסן (געלעבט ביז 1866) און זײַן נאָמען איז פֿאַרבונדן מיט דער שטאָט. אין ווילנע, ווו ער האָט חתונה געהאַט, האָט מען אים גערופֿן „הירשל טאַווריקער״. אין 1868 האָט ער באַשלאָסן צו פֿאָרן שטודירן אין דײַטשלאַנד. זײַן פֿרוי איז געווען קעגן און ס׳איז געקומען צו אַ גט. אין בית־דין בײַם גט האָבןביידע זייער געוויינט.

אין ירושלימער „בית־הספֿרים הלאומי״ געפֿינען זיך שאַפּיראָס מערערע בריוו און שריפֿטן. איינע פֿון זיי איז אַ „מסכת היתּולים״ אין כּתבֿ־יד א״נ **מסכת חסידים,** שירים מן „תּלמוד סורי״. שפּעטער האָט שאַפּיראָ געשריבן צו ראובֿן ברײַנין: „חלילה לי להוציא עתּה דבֿר כּזה מתּחת ידי. לפֿנים לִגלגתּי על דבֿרי חכמים, עתּה הנני עפֿר לכפּות רגליהם.״ שאַפּיראָ האָט געהאַלטן, אַז אַלע וויסנשאַפֿטן האָבן זייערע וואָרצלען אין דער תּורה. געווען קעגן אָפּשאַפֿן דעם קלענסטן מינהג. חיים־זלמן עליאַשעוויטש, באַקאַנט אונטער זײַן

שרײַבערישן נאָמען חזא״ל, איז שאַפּיראָס שווער. געשטאָרבן 1898 אין קעלן.

אין אַ רשימה מנדבֿים פֿאַר א״י פֿון 1909 געפֿינען זיך די ווײַטערדיקע טאַוריקער: א. בלומענטאַל, א. שלאָסבערג, הגאב״ד אַברהם־אַהרן בורשטיין, אליעזר כּהן, מרדכי האָלצבערג, יצחק־גרשון האָלצבערג, אַבֿרהם גיטלסאָן, אַבֿרהם גלאַט, גרשון עפּשטיין, אַבֿרהם־לייב שנײַדער, אַבֿרהם־משה הורוויץ.

אוריה־יעקל פּעליגאַל, גדליה־ראובֿן קלעניצקי, דוד־נתן בלום, יוסף זאַקס, יצחק בלומענטאַל, ליפּמאַן שאַפּיראָ, לייב ראַבינאָוויטש, מאיר זיסלע, מרדכי היר־שאָוויטש, משה לייבאָוויטש, פּנחס קרעצמער, שלמה האָלצבערג, שמואל לאַסאַס, אליהו בלומענטאַל, שו״ב, בענדעט געצמאַן, נחום־זאבֿ ראָזינג.

נטע יאָזעף, שמואל זאָליס, אליעזר פֿישמאַן, דוד פֿרידמאַן, הלל כּהן, זוסמאַן בערמאַן, זונדל גייזעראָוויטש, יצחק מילער, יצחק בלום, יהושע באָרוכאָוויטש, יעקל לעווינזאָן, משה־לייב באַנק, מאָניש גראַף, שמואל־ראובֿן עפּל, ישׂראל היר־שאָוויטש, יחזקאל־יוסף קלמנאָוויטש, יעקל רייכמאַן, נטע שאַראָוו, אַבֿרהם שלאָסבערג, אַבֿרהם עפּל.

אַהרן פֿעדער, אליהו לעוויטאַ, אַבֿיגדור קראָם, בנימין לאַזאָווסקי, בנימין קאַנאַפּקאַ, בנימין עפּשטיין, ברוך פֿעדער, ברוך פּאַגרעמאַנט, דוד לעוויטאַ, זײַנוויל ברוידע, זאבֿ שיפֿערן, זעליק גפֿן, יצחק אַבראַמאָוויטש, יצחק נחומאָוויטש, יצחק אַרשינאָוויטש.

ישׂראל חאַצקעלעוויטש, משה־יוסף גאָרדאָן, משה מלמדאָוויטש, צבֿי פּאַיורש, נחמן שבתילזאָן, זונדל שפּיץ, יעקבֿ־יוסף סופֿר, מענדעלסאָן, מאיר באָריכאָוויטש, מאַנאַ גאָלדשמיד, נחמן הורוויץ, נפֿתּלי הילאָוויטש, נטע הורוויץ, צבֿי פּאַלאַנגען, ראובֿן־דוד בלינד, שלמה זאַקס, שלמה־יצחק אַבראַמאָוויטש, שרגא הײַלפּערין, שרגא אַבראַמאָוויטש, שבתי פֿישער, אַבֿרהם־דובֿ פֿײַט [פֿינט?], אַלטע בערשטיין, שיינע־דבֿורה שערעשעווסקי, שיינע ראָזינג, חאַשע־רבֿקה שערעשעווסקי.

בקלויז ראַבינאָוויטש, ע״י לייב פֿאָגעל: ישעיה־לייב ראַבינאָוויטש, קלמן זימאַן, דוד פֿראָפּ, צבֿי־מרדכי בערמאַן, ח. ביניאַמאָוויטש, שמואל גירש, דוד עפּשטיין, משה־הלל שמאַשעוויטש, שמואל גירש, דוד עפּשטיין, משה־הלל שמאַשעוויטש, אַבֿרהם כּץ.

בקלויז אײַזיק ס״גל, ע״י יצחק ווערבלאָווסקי: ישׂראל־יצחק שערעשעוו־סקי, שלמה זיסמאַן, יצחק־מענדל נאָוויצקי, משה פֿאָגלין, שו״ב, אליהו־לייב קאַדישעוויטש, חנה ווערבלאָווסקי, קאָפּל זיוו, שמואל עפּשטיין, שמואל ווײַנער, אַלכּסנדר דוביאַנסקי, ראובֿן וואָלפֿסאָן, יחזקאל רייף.

אלחנן הערינג, לייב־טובֿיה בלינד, משה־דובֿ פֿרידמאַן, עזריאל מאָוור־שאָוויטש, צבֿי זיוו, שלמה סג״ל, יוסף שערעשעווסקי, שמואל פּאַגראַמאַנסקי, אליעזר תּפּוח, אליהו פּאַגראַמאַנסקי, אפֿרים פּריסמאַן, יוסף לאַסאַס, אַהרן לייזעראָוויטש, שלמה־אליהו שוחט, משה פּאַגראַמענט.

בקלויז בלאָך, ע״י יעקבֿ היר־שאָוויטש: מרדכי פּאָלאַנגען, יעקבֿ פֿריד־מאַן, משה־יצחק ביניאַמינאָוויטש, ניסן פֿיש, זלמן קאַפּלאַן, יצחק־צבֿי ראָזינג.

אויף אַן אַלטן בית־עולם פֿון ירושלים געפֿינען זיך די מצבֿות פֿון:

הרה״ג שמעון בהרב זרח, שהיה רב ומורה טאוריג ויקובשטאט, תּר״ך.

הרבנית אסתר אשת הרה״ג ר׳ שמעון זרחי, תּרכ״א.

משה בר׳ אליהו מטאוריג, תּרל״ט (ממשפּחת הגר״א)

נתן בר׳ יוסף פֿרידלאַנד מטאוריג, תּרמ״ג.

תּנחום בר׳ הגאון ר׳ שמעון זרחי, תּרנ״ב.

**השׂכּלה.** — טאַווריק איז איינע פֿון די ווינציקע שטעט אין ליטע, וווּהין די השׂכּלה האָט זיך פֿרי אַרײַנגעריסן. דער הויפּטפֿאַקטאָר: די נאָענטקייט פֿון דער פּרײַסישער גרענעץ.

1850 האָט יהודה־לייב קאָ־כאָווסקי געשיקט אַ בקשה צום דירעקטאָר פֿאַר שולן אין קאָוונע, אַז מען זאָל דער־לויבן עפֿענען אַ פּריוואַטע ייִדישע שול. די בקשה איז באַפֿרידיקט געוואָרן. 1861 איז דאָ געווען אַ „מורה דת ולשונות העמים״ צבֿי־הירש רודייצקי. ער האָט געשריבן קאָרעספּאָנדענציעס אין **הכּרמל**. אַרום מיטן נײַנצנטן יאָרהונדערט האָט דאָ געגעבן „שטונדן״ פֿײַוול ראָטשטיין, באַקאַנטער משׂכּיל.

אין 1866 שרײַבט אַ לערער פֿון טאַווריק, אַז ער גרייט זיך צו פֿאַרפֿאַסן אַ בוך אין לשון־קודש וועגן דער געשיכטע פֿון רוסלאַנד און פּרוווט איבערזעצן **תּהלים** אויף רוסיש.

אַפֿילו אין דער תּלמוד־תּורה, וואָס מען האָט געגרינדעט אין 1884, האָט מען אַרײַנגענומען אין פּראָגראַם דעם לימוד פֿון רוסיש און דײַטש. אין 1889 זײַנען געווען דרײַ מלמדים אין תּלמוד־תּורה און דער לערער א. קאָראַן אויף חשבון און רוסיש. דער יערלעכער בוד־זשעט איז געווען 1200 רובל — אַ גרויסע סומע אין יענער צײַט. דער גבֿיר ש. מײַזל האָט געהאָלפֿן מיט געלט.

סוף נײַנצנטן און אָנהייב צוואַנ־ציקסטן יאָרהונדערט זײַנען דאָ געווען עטלעכע ייִדישע בתּי־ספֿר מיט מערערע לערערס: וו. לאַזאָווסקי, מנחם־מענדל צוקערזיס, משה־יוסף גאָרדאָן, דוד לעווין, חיים־יצחק פֿײַוול, פּסח מאַרגאָלין.

**רבנים.** — ר׳ אַריה־לייב בר׳ שאול, אַרום מיטן 1820ער און סוף 1830. מען האָט אים גערופֿן „ר׳ לייבעלע מהרש״א״ צוליב זײַן חריפֿות און „דער חָסד״ צוליב זײַן גוטסקייט און צידקות. צוליב די אָפֿטע עלילות־דם האָט ר׳ לייבעלע באַשלאָסן זיך אויסצולערנען פֿראַנצייזיש, כּדי אין אַן עת־צרה זאָל ער קענען זיך צונויפֿריידן מיט די פּריצים און רעגירונג־לײַט. צוליב דעם האָט זײַן ווײַב זיך געגעגט מיט אים.

אין איינער אַזאַ צרה (אָדער סכּנה) האָט ר׳ לייבעלע זיך אַוועקגעלאָזן

פֿון טאַווריק קיין פּעטערבורג צו ניקאָלײַ דעם ערשטן. עס פֿעלן פּרטים וועגן דעם, אָבער ס'איז באַקאַנט, אַז צוליב די גרויסע טילטולי־דרך אין ווינטער אויף די פֿורן, איז ער קראַנק געוואָרן און ניפֿטר געוואָרן אויף זײַן צוריקוועגס אין ווילנע ט"ז ניסן תּקצ"ט (1839). צו קבֿורה איז ער געבראַכט געוואָרן קיין טאַווריק. זײַן פֿאָטער ר' שאול איז געווען אב"ד זאָסלע, בן הרה"ג ר' אוריה־לייב אב"ד אַניקשט, איינער פֿון די פּרענומעראַנטן אין יצחק־בער לעווינזאָנס **תּעודה בישׂראל** איז ר' אַריה־לייב בהרבֿ שאול רבֿ בק"ק טאַווריק — און דאָס איז אין 1828.

ר' שמעון זרחי, געבאָרן 1788 אין זועמער. 1835־1840 רבֿ אין יאַקאָבֿ־שטאַדט, שפּעטער אין טאַווריק. 1860 ניפֿטר געוואָרן אין ירושלים [פֿריִער — זײַן מצבֿה]. אין 1847 איז דאָ געווען אַ גרויסער הונגער. ר' שמעון האָט זיך באַטייליקט אין העלפֿן די געליטענע. בעתן הונגער האָט מען אין זײַן שטוב צעטיילט יעדע וואָך בײַ 1000 פֿונט ברויט פֿאַר אָרעמע. אויסער תּורה־לערנען — מער־סטנס בײַ הגאון ר' אַריה־לייב קאַצענעלענ־בויגן אין קיידאַן, וווּ ער האָט חתונה געהאַט צו 15 יאָר — האָט ער שטודירט אויטאָדידאַקטיש אַלגעברע און אַסטראָ־נאָמיע, געלייענט ביכער אין לאַטײַן און גריכיש.

ר' שמעונס מאַמע איז די טאָכ־טער פֿון ווילנער דיין ר' אַהרן צעקהויזער. זײַן זון ר' תּנחום זרחי, בעל **זכרון מנחם**. זײַן איידעם ר' שמואל־מרדכי ראַשקעס האָט געהאַט צוויי זין: 1) ר' אַריה־לייב אב"ד שניפּישאָק, שפּעטער ראש־ישיבֿה „פּרי יצחק" אין ירושלים. 2) שאול־פּנחס ראַבינאָוויץ — שפּ"ר (פּרטים זע: אָפּטייל „שרײַבערס"). בעל **נחלת שמעון** (ווילנא, תּרנ"ז). אין **עטרת יצחק**, יצחק־אײַזיק [ראַבינאָוויץ], זײַנען דאָ שו"ת פֿון ת"ר (1840) פֿון שמעון בר' מוהרי"ז מטאַוורואג. יהודה־לייב גאָרדאָן שרײַבט אין אַ בריוו צו שפּ"רן, אַז ער האָט געהאַט די הסכּמה פֿון הרב זרחי אויף זײַן פּאָעמע „אהבֿת דוד ומיכל".

ר' משה־יצחק הלוי סג"ל, געבאָרן 1812 אין ראַסיין. פֿאַר טאַווריק (פֿון 1854) רבֿ אין ווינדאו, גאָלדינגען—לעט־לאַנד, נאָכדעם: ליבאַווע, פּלונגיאַן, פּאַלאָנגע, אויגוסטאָווע. צוליב זײַן שאַרפֿן קאַמף קעגן די תּקיפֿים, זיך ניט געקענט אײַנהאַלטן לאַנג אין איין אָרט. זײַנע איידעמס: ר' זאבֿ־דובֿ ליפּשיץ, רבֿ שאַוור־לאַן, שפּעטער אין סרעדניק; תּנחום־שרגא רעוועל (1838־1896), אב"ד לינקעווע, פּרען; ר' כּתריאל־נתן־אהרן, אב"ד קור־שאַן, אויגוסטאָווע. ר' משה־יצחק ניפֿטר 1870. האָט הסכּמה אויף **תּורת העולה** להרמ"א, פֿון ישׂראל יפֿה (קעניגסבערג, תּרי"ד).

ר' גרשון־מענדל זיוו, אַן ערך 1880־1902, ווען ניפֿטר געוואָרן. משמעות, אַז יאָרן פֿריִער געווען נאָר מו"צ. אין 1868

געוועזן איינער פֿון טאַווריקער בית־דין־צדק. האָט הסכּמה אויף **בני גרשון**, גרשון ליפּשיץ (ווילנא, תּרנ״ט). זײַן פֿאָטער ר׳ יהודה־לייב, אב״ד קראָזש, טעלז, פּלונגיאַן. נאָכן באַפֿעל פֿון דער צאַרישער רעגירונג אין 1904, אַז אַלע מוזן האָבן פֿאַמיליע־נעמען, האָט ער אָנגענומען דעם נאָמען זיוו. ר׳ גרשונס זיידע ר׳ עזריאל איז איינער פֿון די ערשטע רבנים אין קאָוונע (נאָכדעם ווי זיי האָבן געמעגט טראָגן דעם טיטל „רבֿ״ פֿון קאָוונע).

ר׳ יצחק־זאבֿ אָלשוואַנגער, געבאָרן ט״ז אלול תּקפ״ה (1825) אין פּלונגיאַן. פֿון 1846 ביז 1878, ווען געוואָרן רבֿ אין פּעטערבורג. געשטודירט וויסנשאַפֿטן. באַהערשט גוט רוסיש און דײַטש. אָנגעשריבן אַ לויבנדיקע בראָשור אין דײַטש פֿאַר צאַר אַלעקסאַנדער דעם צווייטן, נאָך זײַן געראַטעוועט ווערן פֿון אַן אַטענטאַט אויף אים אין 1865. דעם צאַרס אַדיוטאַנט גראַף אַדעלבערג האָט 1866 אים געשיקט אַ דאַנקבריוו אין נאָמען פֿון קייזער.

לויט אַן אַנדער מקור (**הכּרמל**, תּרכ״ו), האָט הרבֿ אָלשוואַנגער אָננגעשריבן נאָר אַ **ליד** אין דײַטש לכּבֿוד יענער געשעניש. ער האָט שטאַרק קריטיקירט דעם „בית־מדרש לרבנים״ אין זשיטאָמיר (אין אַ בריוו פֿון 1864), וואָס גיט ניט אַרויס ניט קיין „רבֿ״, ניט קיין „חכם״. האָט אַ הסכּמה אויף **יסודי העקרים**, יצחק דאַנציג (ס״ט פּטרבורג, 1888). ניפֿטר געוואָרן 1896 אין פּעטערבורג.

ר׳ אַבֿרהם־אַהרן הכּהן בורשטיין, געבאָרן 1867. 1891 רבֿ אין ציטעוויאַן, דערנאָך ריטעווע, אַניקשט, סאַלאַנט, טאַווריק. בעתן ערשטן וועלטקריג ר״מ אין ישיבֿה פֿון באַגאָראָדסק, רבֿ אין טשערקאַסי, נאָכן קריג ווידער אין טאַווריק. פֿון 1924 אין ירושלים, ווו ניפֿטר געוואָרן אין 1926. זיך באַטייליקט אין קאַטאָוויצער אסיפֿה (1912) פֿון „אגודת ישׂראל״. אין נחום־ברוך גינצבורגס **מקור ברוך** (קידן, תּרפּ״ח, ע׳ 25, 36, 60, 106) געפֿינען זיך זײַנע חידושי־תּורה.

ר׳ יצחק־אײַזיק פֿרידמאַן, געבאָרן 1874 אין אַ ייִדישער קאָלאָניע פֿון יעקאַטערינאָסלאַווער גובערניע. רבֿ אין גרוזד (גאָרזדז?], קורשאַן, טאַווריק (פֿון 1927). 1935 עולה געוועזן קיין ארץ־ישׂראל. געוועזן 9 יאָר רבֿ אין נחלת־יצחק (ת״א), ווו ניפֿטר געוואָרן 1944. איינער פֿון די גרינדערס פֿון „מזרחי״ אין ליטע און פֿון זײַנע מנהיגים. חיבורים: **ישׂראל ותּורתו** (וואַרשא, תּר״ע); **אמרי בינה** (ווארשא, תּרע״ג); **טל־תּחיה** (ס״ט לואיס, תּרפּ״ד); **הגיון יצחק** (קיידאַן, תּרפּ״ז); **חקר יצחק** (קיידאַן, תּרפּ״ז); **תּורת ישׂראל וארצו** (נ״י, תּרצ״ח).

ר׳ לוי־צבֿי שפּיץ, געבאָרן 1887 אין קול. רבֿ אין פּלונגיאַן, וואָרנע, טאַווריק, ווו אומגעקומען תּמוז תּש״א, הי״ד.

**מו״צ, ר״מ, מ״מ:** — ר׳ שלמה פֿרידבערג, מו״צ (1868); ר׳ ברוך־נתנאל נײַווידל, מו״צ. דאָ געבאָרן 1847; ר׳

בנימין בר׳ יהושע, מו״צ. איידעם פֿון ר׳ לייב שׂרהס [ראָסטאָװסקי] פֿון פּלונגיאַן. האָט הסכּמה אויף **חרוזי המצות**, יוסף־יוזל ראַטנער (װאַרשא, תּרנ״ו).

ר׳ שלמה־יעקבֿ בר׳ הלל גבֿריאל שיין, געבאָרן 1855, ר״מ. פֿאַרדעם רבֿ אין ציטעװיאַן, נאָכדעם אין לאַצקעװע.

ר׳ נתן פֿרידלאַנד, מ״מ (פּרטים — פֿריִער); ר׳ ביינוש ראַבינאָװיץ, ד״צ. ברודער פֿון ר׳ שלום, אבֿ״ד יאַנישאָק, שפּעטער רבֿ אין גאָלדינגען (קורלאַנד), בעל **דבֿרי שלום ואמת**.

ר׳ דובער בר׳ צבֿי־הירש דימאַנד, ראבֿ״ד. שפּעטער רבֿ אין זשידיק, פּילטען (קורלאַנד); ר׳ דוד שערעשעװסקי, מו״צ; ר׳ יהודה־לייב קיװעלעװיץ, ר״מ.

ר׳ יוסף [?] גאָרפֿונקל, מו״צ, אייניקל פֿון ר׳ שמואל בר׳ יוסף סג״ל, ספֿרא ודיינא אין ביאַליסטאָק; ר׳ דובער טויבער, מ״מ ומו״צ. פֿריִער אין װאַבאָלניק, פּשעראָסלע, מיטאַװע. ניפֿטר 1896 אין ירושלים.

ר׳ דוד־שלמה עפּשטיין, מו״צ; ר׳ חיים־יצחק ביאַלאָסטאָצקי, מגיד, פֿריִער אויך אין אַנדערע שטעט און צום סוף אין גראָדנע, װוּ ניפֿטר געװאָרן אין 1940.

ר׳ יעקבֿ שערעשעװסקי, ראַבינער אין די 1890ער יאָרן.

יהודה־ליב, **מבֿחר הפּנינים** (װילנא, תּרל״ה); ח.ש. סליװקין **אַספּקלריה המאירה** (װאַרשא, תּרנ״ז) — האָבן אַ שײַכות מיט טאַװריק.

צװישן 1828 און 1914 זײַנען געװען 213 טאַװריקער פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

**אָפּשטאָמיקע.** — שמואל־יוסף שערעשעװסקי, געבאָרן 1831. איבערזעצער פֿון תּנ״ך אויף כינעזיש. לעצטע יאָרן געלעבט אין טאָקיאָ (יאַפּאַן). געשטאָרבן אין ניו־יאָרק.

איסר־בער װאָלף, געבאָרן 1844. נדבֿן און עסקן אין קאָװנע, װוּ געשטאָרבן 1935.

ר׳ מנחם־דובֿ בר׳ בנימין דאַגוצקי, דאָ געבאָרן 1846. 1886 רבֿ אין בורמינגהעם, 1891 — יאָהאַנעסבורג, 1896 — ראָטשעסטער.

ר׳ דוד־טעבֿלי קאַצענעלענבויגן, דאָ געבאָרן 1850. אבֿ״ד װירבאַלן, סוּװאַלק, פּעטערבורג־לענינגראַד, װוּ ניפֿטר געװאָרן י״ב טבֿת תּרצ״א. פֿון די באַקאַנטע רבנים־שתּדלנים אין רוסלאַנד בשעתּו. חיבורים: **מעין מי נפֿתּוח** (לענינגראַד, תּרפּ״ד); **דבֿרי דוד** (דאָרטן, תּרפּ״ח).

ר׳ ברוך ראַבינאָװיץ, דאָ געבאָרן 1880. רבֿ אין זוכאָװיץ (מאָלעװער גובערניע), 1906־1915, שפּעטער אין װיטעבסק און פֿון 1926 אין שיקאַגאָ. זון פֿון ר׳ יהושע בר׳ ישׂראל־דוד אבֿ״ד פּאַיורע, איידעם פֿון ר׳ אַבא־לייב שאַפּיראָ, אבֿ״ד װיטעבסק.

ר׳ יוסף־יוזל בר׳ דוד ראַטנער מטאַװריג, בעל **חרוזי המצות**, פּירוש על **הגדה** (װאַרשא, תּרמ״ז, תּרנ״ו) און **משלי** עפּ״י י.י. ראַטנער (װאַרשא, תּרנ״ז).

ר׳ חיים־פֿישל עפּשטיין, געבאָרן

1874, רבֿ אין גרוזאָווע, סייני, דאָרפּאַט, ליבאַווע און אין אַמעריקאַנער קהילות. ניפֿטר 1942 אין ס״ט לויס.

ר׳ טוביה בהרבֿ גרשון מענדל זיוו. האָט הסכּמה אויף נ. האָפּמאַנס **אוצר נחמד** (ווילנא, תּרל״ד).

**שרײַבערס:** — שאול פּנחס ראַבינאָוויץ (שפּ״ר), 1845[1] — פֿראַנקפֿורט־מײַן, 1911. אמתער נאָמען: ראַשקעס. ר׳ שמואל־מרדכי ראַשקעס, איידעם פֿון הרבֿ ר׳ שמעון זרחי, האָט געהאַט צוויי זין: ר׳ אַריה־לייב, אבֿ״ד שני־פּישאָק, און שאול־פּנחס. ר׳ יצחק־אײַזיק ראַבינאָוויץ, אויך אַן איידעם פֿון הרבֿ זרחי, האָט ניט געהאַט קיין קינדער, האָט ער אַדאָפּטירט שאולן, ווען יענער האָט זיך געדאַרפֿט שטעלן צום פּריזיוו.

ד״ר יוסף מײַזל, איידעם פֿון שפּ״רן, האָט ארויסגעגעבן אַ גרויסע מאָנאָגראַפֿיע וועגן אים. מײַזל איז אויך דער מחבר פֿון 'Geschichte der Juden in Polen und Russland. געשטאָרבן 1957 אין תּל־אָבֿיבֿ. שפּ״ר האָט אַרויסגעגעבן מערערע ביכער: **מוצאי גולה** (וואַרשא, תּרנ״ד), **ר׳ יום טובֿ ליפּמאַן צונץ** (וואַרשא, תּרנ״ז), **ר׳ זכריה פֿראַנקעל** (וואַרשא, תּרנ״ח), **על ציון ועל מקראיה** (וואַרשא, תּרנ״ח), **רבי יוסף איש רוסהיים** (וואַרשא, תּרס״ב), אָבער זײַן גרעסטער אויפֿטו איז די איבערזעצונג פֿון גרעץ־געשיכטע מיט אַ סך הוספֿות און תּיקונים, וואָס זײַנען ווײַט אַרויס פֿון די ראַמען פֿון איבערזעצונג (8 בענד, תּרמ״ח־תּרמ״ט).

וועגן שפּ״רן ווי אַ ריין־העברעיִשן שרײַבער איז כּדאַי צו ברענגען דעם ווײַטערדיקן פֿאַקט: אונטערן נאָמען רש״ף איז ער אַרויס מיט אַ פֿאָרשלאָג אין **המגיד** (1874: 9) צו גרינדן אַ בית־ספֿר, ווו ייִדיש זאָל זײַן די לערנשפּראַך פֿון אַלע לימודים.

ר׳ יצחק־לייב ברוך (באָרו־כאָוויטש), געבאָרן 1873. פֿון 1926 אין ארץ־ישׂראל. פֿון 1898 געדרוקט לידער, דערציילונגען, היסטאָרישע און ליטע־ראַרישע עסייען, שפּראַכפֿאָרשונגען אין **השלוח, המליץ, הצפֿירה** און אין דער ארץ־ישׂראלדיקער פּרעסע. ביכער: **סיפּורים** (תּרפּ״ח), **בפּרוזדור המות, הגולם מפּראג** (תּש״ב), **כּתבים**. האָט אויך אַרויסגעגעבן מערערע אַנטאָלאָגיעס פֿון דער אַלטער העברעיִשער ליטעראַטור און פֿון מיטל־עלטער. האָט ביי צוואַנציק ביכער־איבערזעצונגען פֿון ענגליש, דײַטש און ייִדיש, צווישן די לעצטע: שלום אש׳ס טרילאָגיע **לפני המבול, בעל התּהלים, על פּי התּהום** און ק. צעטניקס **סלמנדרה**. געשטאָרבן 1953 אין ת״א.

ביניש עפּשטיין, געבאָרן, 1896. פֿון 1926 אין אַמעריקע. זיך באַטייליקט מיט זשורנאַליסטישע און פּובליציסטישע אַרטיקלען אין **אונזער וועג, טאָג, מאָרגען־זשורנאַל** א״אַ ניו־יאָרקער אויסגאַבעס, אין וואַרשעווער **מאָמענט**, אין די העברעיִשע

1) לויט אַן אַנדער מקור — טאַראַגין, אוטיאַנער קרײַז.

**המשקיף** (ת״א), **חזית העם** (ירושלים) א״אַ. געשטאָרבן 1981 אין ניו־יאָרק.

נחמיה־דובֿ האָפֿמאַן, געבאָרן 1860 אין גאַוורע, האָט יאָרן געלעבט אין טאַווריק. פֿון דאָרטן געשיקט קאָרעספּאָנדענציעס און אַרטיקלען אין **הצפֿירה** א״אַ, אָפֿט מיט דער צושריפֿט „יליד טאראַגען״[2]

**קאָרעספּאָנדענטן:** — א. פּערעלמאַן (**המגיד**); צבֿי־הירש רודייצקי, י.וו. אָלשוואַנגער — **הכּרמל**; משה־אַהרן וואָלפֿאָוויץ (**המליץ**, אויך חדו״ת אין **הפּסגה**, (תּרנ״ח, ע׳ 70, תּרנ״ט, ע׳ 70, תּר״ס ע׳ 93, תּרס״א, ע׳ 75); משה־יוסף גאָרדאָן (**המליץ**, אויך באורי מקרא אין **הפּסגה**); חיים־פֿישל עפּשטיין (שירים אין **הפּסגה**); חיים־טובֿיה שוואַרץ (**המליץ**); משה־דובֿ בעדער (**המליץ, הצפֿירה**); מ.א. דויד, (**הד הזמן**, 1910); יצחק־לייב ברוך־כאָוויץ (**המליץ**), געווען גובה לבנין א״י.

**ניכבדים.** — ר׳ יעקבֿ קריס־לאַווסקי, גרויסער גבֿיר און בעל־צדקה. געלאָזן אַ צוואה פֿון 40.000 רובל פֿאַר פֿאַרשיידענע מוסדות. אַליין געלעבט מיט אַ שטיקל טרוקן ברויט, געטראָגן אָרעמאַנסקע מלבושים, אָבער צדקה — אָין לשער. געשטאָרבן 1887.

ר׳ יצחק־אײַזיק בר׳ אַהרן סג״ל.

2) טאַווריק אויף דײַטש איז Tauragen. געווען אין ליטע אַ קליין שטעטל טאָראַגין, קען טרעפֿן, אַז אַ מאָל מישן זיך די צווי ענלעך־קלינגענדיקע נעמען.

1861 אויסגעגעבן 2,500 רובל און אויס־געבויט אַ קלויז אויף זײַן נחלה אין עק שטאָט פֿאַר יענע, וואָס קענען ניט ווינטער־צײַט גיין אין שול אין צווייטן עק שטאָט.

ר׳ עזריאל־גרשון מענדעלאָוויץ, ר׳ יצחק־גרשון האָלצבערג — גבאים פֿון תּלמוד־תּורה (1884); ר׳ שמואל־יעקבֿ מאַן; ר׳ צבֿי־הירש גיטקין, נדבֿן; ש. מײַזל, גבֿיר, עסקן; ר׳ ברוך־בענדעט בלאָך.

אַדוואָקאַטן: אַריה גאָלדבערג, זעליק לאָס, ליפּמאַן שירעזאָן — 1903; ד״ר יצחק זאַמל; דוד צימבעלמאַן, אַריה־לייב בײַקאָוויטש, גבֿיר, נדבֿן. געהאָלפֿן הרבֿ י.א. פֿרידמאַן אַרויסגעבן זײַן **חקר יצחק**.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — הכּרמל, תּרכ״א: 18; המגיד, 1871: 12; 1872: 13, 20; 1874: 9, 92; המליץ, 1884: 11; 1886: 195; האסיף, תּרמ״ז, I, ע׳ 88; המליץ, 1889: 35, 38; אגרות יל״ג, כּרך ב׳, חלק ד׳. וואַרשא, תּרנ״ה, ע׳ 440; לוח אַחיאָסף, תּרנ״ז „הזכּרת נשמות״; המליץ, 1898: 16, 29, 55; 1900: 28, 62; 1903: 5, 132.

חשבון הנדבות, 1909, ע׳ 61, 64; א.ל. פרומקין, תּולדות אליהו. ווילנא, תּר״ס, 4, 76; התּרן, נ״י, 1917: ט״ז; י. נוסנבוים, הדת והתּחיה הלאומית. וורשה, תּר״פּ, ע׳ ל״ח; אידישע שטימע, 1924: 1592; א.א. פֿרידמאַן, ספֿר הזכרונות. ת״א, תּרפּ״ו, ע׳ 91; יוסף קלוזנר, האוניברסיטה שלנו. ת״א, תּרצ״ב, ע׳ 8.

י. אפּל, בתוך ראשית התּחיה. ת״א, תּרצ״ו, ע׳ 161; י. ברודס, וילנה הציונית ועסקניה. ת״א, 1939, ע׳ 55; אידישע שטימע, 1939: 6241; יוסף מײַזל, ר׳ שאול פּינחס רבינובֿיץ. ת״א, 1943, זז׳ 9, 10, 165; ספֿר קיידאַן, ת״א, 1977, ע׳ 186; תּולדות אַנשי שם (ראַנד), ע׳ 120; השלח, כּרך י״ד, ע׳ 58; לעקסיקאָן, 3, 7.

ג. קרסל, 1, 2; לעקסיקאָן כּהן, ז׳ 418; אהלי שם, ע׳ 101, 137, 464; לקורות עיר ראַסיין, ע׳ כ״ו; „ליטע״, I, ז׳ 1430; י.ד. קמזונס „יהדות ליטא״. ע׳

237; חלקת מחוקק, חוב׳ ג׳, ה׳, ז׳; קרית ספר. ירושלים, כּרך ד׳, ע׳ 181; אוצר ישראל, ה׳, ע׳ 213; תּולדות חברת מרבי השׂכּלה, ב׳, ע׳ 64, 166; ייוואָ־בלעטער, XL, ז׳ 224; יהדות ליטא, ג׳; א.ר. מלאכי, פּרקים, כּרך ג׳, ע׳ 195־216; ספר הפּרענומעראַנטן, 3328.

Jew. Encyclopedia, X., p. 299; Black Book.

## TAURAGNĖ טאַראַגין

אוטיאַנער קרייַז. 1846 און 1883 זייַנען דאָ געווען 16 פּרענומעראַנטן אויף צוויי רבנישע ספרים: **ארץ צבי**, צבי־הירש ראָם (ווילנא, תּרל״ה); **קרני צבי**, צבי־זאבֿ וויערניק (וואַרשא, תּרמ״ג, תּרמ״ה).

אין 1897 האָבן דאָ געווינט 596 ייִדן, פֿאַרן ערשטן וועלטקריג — בייַ 450, 1923 — 477 און פֿאַרן חורבן — בייַ 300. ייִדישע פּרנסות: קלייַנהאַנדל, קרעמערייַ, מלאכה און לאַנדווירטשאַפֿט.

**רבנים.** — ר׳ שמואל בר׳ אַריה־לייב אַלבין. ניפֿטר 1862 אין עלטער פֿון 64 יאָר.

ר׳ יוסף־יהושע בר׳ בער אוטיאַנער, ניפֿטר 1874.

ר׳ אליעזר־צבי פּינעס, פֿון 1875 ביז 1937, ווען ער איז ניפֿטר־געוואָרן כ״א טבֿת תּרצ״ג אין עלטער פֿון 94 יאָר; זייַן זון ר׳ יעקבֿ, הי״ד.

אין אַ רשימה מנדבֿים צו קויפֿן ערד אין ארץ־ישׂראל זייַנען דאָ טאַראַגנער. דער קלייַבער: יצחק שאַחאַטאָוויץ.

מנשה איידעלמאַן מטאראגין האָט געשריבן חידושי־תּורה אין **כּנסת ישׂראל** (סלאָבאַדקע, ת״ש).

רחל מאַנעשעוויטש איז געווען אַ גרויסע בעלת־צדקה אין שטעטל. יהודה־לייב גאָרדאָן האָט אַ שיר וועגן איר.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — כּל שירי יל״ג, חלק ה׳. ווילנא, תּרנ״ח, ע׳ 17; הייַנטיקע נייַס, קאָוונאָס, 1937; 8; ספר הפּרענומעראַנטן, 3396; יהדות ליטא, ג׳; י.ד. קמזונס יהדות ליטא. Black Book

## TVERAI טווער

שאַוולער קרייַז. אין 1897 האָבן דאָ געווינט 173 ייִדן, אין 1923 — 102 און פֿאַרן חורבן בייַ 60. זיי האָבן זיך פֿאַרנומען מיט קרעמערייַ, האַנטווערק און בייַשטוביקער ווירטשאַפֿט (אַ קו, עופֿות, אַ גאָרטן).

אין 1883 זייַנען געווען 2 טווערער פּרענומעראַנטן אויפֿן ספר **קרני צבי**, צבי־זאבֿ וויערניק (וואַרשא, תּרמ״ג).

אין אַ שׂריפֿה אין 1898 זייַנען 18 ייִדישע הייַזער פֿאַרברענט געוואָרן.

ר׳ גרשון בר׳ זאבֿ ליפֿשיץ, געבאָרן 1855 אין קורשאַן [באַזיליאַן?], איז דאָ געווען רבֿ פֿון 1891 ביז 1901, פֿריִער רבֿ אין באַטאָק (פֿון 1879) און נאָך טווער אין באַזיליאַן. מחבר פֿון **בני גרשון** (ווילנא, תּרנ״ט).

פֿון 1902 איז געווען רבֿ ר׳

יצחק־אײַזיק בר׳ יהושע טײַץ, געבאָרן 1864. האָט חידושי־תּורה אין **כּנסת ישׂראל** (סלאַבאָדקע, תּ״ש).

לעצטער רבֿ ר׳ ברוך יפֿה, הי״ד.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — אהלי שם, ע׳ 82, 334; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 3448; יהדות ליטא, ג׳.
Black Book.

## טירקשלע TIRKŠLIAI

מאַזשייקער קרײַז. ייִדן האָבן דאָ געוווינט פֿון אַרום סוף אַכצנטן יאָר־הונדערט. זיי האָבן זיך באַשעפֿטיקט מיט קרעמערײַ, מלאכה און בײַשטובּיקערווירטשאַפֿט.

אין 1865 און 1895 זײַנען געווען 4 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים: **ערי יהודה**, יהודה ליב מסערהייא (ווילנא, תּרכ״ה), **זכר חיים**, חיים נתן בר׳ משה. (וואַרשא, תּרנ״ה).

אין 1897 האָבן דאָ געלעבט 242 ייִדן, אין 1913 — בײַ 110, 1923 — 119 און פֿאַרן חורבן עטלעכע מישפּחות.

טריקשלע האָט דורכגעמאַכט דעם גירוש־ליטע אין 1915. דעם צענטן מײַ האָבן די ייִדן געקראָגן אַ באַפֿעל צו פֿאַר־לאָזן דאָס שטעטל אין משך פֿון 3 שעה.

אין אַ רשימה מנדבֿים פֿאַר בנין ארץ־ישׂראל אין **המליץ** (1903), געפֿינען זיך די נעמען פֿון אַ ריי טירקשלער. מורשה: יחזקאל ציוין.

**רבנים.** — ר׳ אַהרן־אליהו כּהנא, אַרום מיטן נײַנצנטן יאָרהונדערט. שפּעטער רבֿ אין אַקמעיאַן. זיידע פֿון ר׳ יהודה־לייב דוואָרעץ, בעל **ארצות יהודה** (ווילנא, תּרמ״ז).

ר׳ יעקבֿ יפֿה, דאָ געבאָרן 1834. נאָך טירקשלער רבנות געווען דומ״ץ אין שקוד. שפּעטער רבֿ אין הייווערהיל, ווו ניפֿטר געוואָרן 1913.

ר׳ טוביה בר׳ משה בײַ, געבאָרן 1846. 1879 רבֿ אין ציטעוויאַן, שפּעטער אין טירקשלע. אייניקל פֿון ר׳ שמואל, מו״צ אין טעלז. זײַן זון איידעם פֿון ר׳ מרדכי פֿישל, אב״ד יאַנישאָק.

ר׳ אַבֿרהם־אַבלי בר׳ בן־ציון, געבאָרן 1880 אין זעזמער. שפּעטער רבֿ אין וואַרזשאַן, לידעוויאַן. ניפֿטר געוואָרן אין 1929.

*

ר׳ בנימין מאָוושע איז געבאָרן 1887 אין טירקשלע. רבֿ אין בירזש און קראַקינאָווע, ווו אומגעקומען אָבֿ תּש״א, הי״ד.

פּראָפֿ׳ הערמאַן שאַפּיראָ, איינער פֿון די ראשונים־מנהיגים פֿון ציוניזם, האָט דאָ אויפֿגעשטעלט אַ ישיבֿהלע אַרום מיטן 1860ער און געווען איר ר״מ צוויי יאָר.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המליץ, 1903: 5; דורות האחרונים, ב׳. ע׳ 173; ספֿר היובֿל של אגודת הרבנים האורטו־דוכּסים בארצות־הברית וקנדה. נ״י, תּרפ״ח, ע׳ קמ״ד; אהלי שם, ע׳ 83; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 3589.
Black Book.

# טעלז TELŠIAI

קרײַזשטאָט. אַן אַלט אָרט אין ליטע, ווערט שוין דערמאָנט אין היסטאָרישע דאָקומענטן פֿון 1320. דער ערשטער קלויסטער איז דאָרטן אויפֿגעשטעלט געוואָרן אין 1536. אין 1710 האָט טעלז שטאַרק געליטן פֿון שוועדישן מיליטער, בעת זײַן אינוואַזיע אויף רוסלאַנד.

די צוויי פּוילישע אויפֿשטאַנדן אין 1831 און 1863 האָבן געהאַמעוועט דעם עקאָנאָמישן וווּקס פֿון שטאָט. 1908 איז כּמעט גאַנץ טעלז אַראָפּ מיטן פֿײַער. אין ערשטן וועלטקריג איז די שטאָט געווען אָקופּירט אַ פֿיר יאָר דורכן דײַטשישן מיליטער.

קיין גענויע דאַטע וועגן אויפֿקום פֿון אַ ייִדישן ייִשובֿ אין טעלז איז ניטאָ. אָבער אויפֿן סמך פֿון זײַטיקע געשעענישן קען מען משער זײַן אַן ערך די צײַט, ווען ייִדן זײַנען שוין דאָ געווען תּושבֿים. מיר ווייסן, אַז ליטע האָט זיך אָפּגעשפּאָלטן פֿון פּוילישן „ועד ארבע ארצות" אין 1623. אין דעם געשאַפֿענעם „ועד ליטא" איז טעלז געווען אַ טייל פֿון קיידאַנער גליל. פֿון דעם קען מען זען, אַז אין יענעם יאָר, אָדער אַ ביסל שפּעטער, איז טעלז שוין געווען אַ קליינע ייִדישע קהילה. מיט אַנדערע ווערטער: אַרום ערשטן פֿערטל פֿון זיבעצנטן יאָרהונדערט האָבן אַ צאָל ייִדן שוין געלעבט אין טעלז.

קיין גרויסע קהילה איז טעלז קיין מאָל ניט געוואָרן, אַפֿילו לויט די מאָסן פֿון ייִדישע שטעט אין ליטע. אין 1939 האָט זי געהאַט כּמעט די זעלביקע צאָל ייִדן ווי מיט הונדערט יאָר פֿריִער.

אָנהייב מיטן אַכצנטן יאָרהונדערט האָט טעלז דורכגעמאַכט אַ בלוט־בילבול. ר' הלל טווערער האָט געהאַט אַ וואַסערמיל אויפֿן זאַראַנער וועג. אַרום 1758 איז געקומען צו אים דער „פּאַראַבאָק" (דינער) פֿון גלח אין פּורפּלע (אַ דאָרף ניט ווײַט פֿון טעלז) אָפּנעמען ווייץ. דערנאָך איז ער געפֿאָרן צו לייזער דעם קצבֿ אָפּנעמען אַ בהמהלע. אויף צוריקוועגס פֿון גלח האָט לייזער באַמערקט, ווי דער שטרוי אין הינטערשטן טייל פֿון זײַן וואָגן איז עפּעס צו הייך. ער שטעלט אָפּ דאָס פֿערד, הייבט אויף דאָס שטרוי, — און ווערט אַ דערציטערטער: אַרומגעוויקלט מיט שטיקער גאָלד פֿון צלָמים ליגט אַ טױטער דעם גלחס דינער.

גראָד איז דעמאָלט אָנגעפֿאָרן ר' הלל טווערער, און לייזער האָט אים דערציילט די שרעקלעכע מעשׂה. ביידע זײַנען גיך געפֿאָרן צוריק קיין טעלז, און נאָך אַ ייִשובֿ־הדעת מיט די בני־בית באַשלאָסן צוצונעמען דאָס גאָלד און דעם מת אַרײַנוואַרפֿן אין עזורע. ווען זיי זײַנען צוגעגאַנגען צום וואָגן, זײַנען זיי געבליבן פֿאַרשטיינערט: דער טױטער קערפּער איז ניטאָ דאָרטן.

גלײַך אויף מאָרגן פֿרי זײַנען געקומען צו לויפֿן דער פּורפלער גלח, דער טעלזער אויספֿאָרשער מיט אַ סטראַזשניק (פּאָליציסט) און געפֿרעגט לייזערן: ווו איז דער קערפּער? מען האָט אים גוט צע־שלאָגן, געשמידט אין קייטן און אָפּגעפֿירט קיין ווילנע. לויט דער עצה פֿון טעלזער רבֿ, האָט מען פֿאַרקויפֿט דאָס גאָלד און גע־נומען אַ גוטן קריסטלעכן אַדוואָקאַט.

אויפֿן מישפּט האָט דער גלח געטענהט, אַז לייזער האָט אָנגערעדט זײַן דינער צוצורויבן דאָס גאָלד פֿון קלויסטער און דערנאָך אים דערהרגעט. געווען אַ שווערע לאַגע. מיט אַ מאָל איז געקומען אַ גרויסע איבערראַשונג: דער פּראָקוראָר אַליין הייבט זיך אויף און זאָגט: „לייזער איז אומשולדיק!״ ער דערציילט, אַז ער איז אין געהיים געפֿאָרן קיין טעלז, זיך צו־געקוקט ראש־השנה צום גלויבן פֿון די ייִדן און זייערע מינהגים און איז געקומען צום אויספֿיר, אַז אַ ייִד קען אַזאַ זאַך ניט טאָן.

דעמאָלט זאָגט לייזערס פֿאַרטיי־דיקער צום גלח: רופֿט אַרויס מיטן כּוח פֿון רעליגיע דעם טויטן און זאָל ער עדות זאָגן. דער גלח ענטפֿערט: דאָס איז אוממעגלעך. אויך דער רבֿ ענטפֿערט דאָס זעלביקע אויפֿן אַרויסרוף פֿון אַדוואָקאַט.

אויף דעם זאָגט דער פֿאַרטיי־דיקער: אויב אַזוי וועל איך אַרויסרופֿן דעם טויטן, און ער ווענדט זיך צו איינעם אַ שרעקלעך־פֿאַרבאַנדאַזשירטן מענטשן אויף די לעצטע בענק פֿון זאַל: קום דו אַהער און זאָג עדות! דער „געהרגעטער״ האָט דערציילט, אַז די משרתים פֿון גלח זײַנען אים באַפֿאַלן אין שטאַל, געשלאָגן אים מכּות־רצח, ביז ער איז אַנידערגעפֿאַלן אָן סימנים פֿון לעבן. יענע האָבן זיכער געמיינט, אַז ער איז טויט און אים אַרײַנ־געוואָרפֿן אין לייזערס פֿור, ווו ער איז ביסלעכווײַז געקומען צו זיך און אַוועק צו זײַן מאַמען. דער גלח האָט געקראָגן אייביקע תּפֿיסה און די משרתים צו 20 יאָר.

אין 1827 איז געווען אַן אָנהייב פֿון אַ בלוט־בילבול. געשען איז עס פֿאַר פּסח, די צײַט פֿון בלוט־בילבולים. אין דאָרף פֿון גוט־באַזיצער דימשאַ, אין טעלזער געגנט, איז פֿאַרשווונדן געוואָרן דער זיבן־יאָריקער שגץ פּעטראָוויטש. דער פּאַסטעך זשוקאָווסקי האָט געזאָגט, אַז ער האָט געזען, ווי ייִדן האָבן פֿאַרהאַלטן דאָס ייִנגל און עס ערגעץ אַוועקגעפֿירט. פּאָליציי האָט אויפֿגעאַקערט די גאַנצע געגנט און טאַקע געפֿונען דעם טויטן קערפּער פֿון שגץ, אָבער ס׳איז ניט געווען קיין שפּור, אַז ייִדן זײַנען די שולדיקע.

די גאַנצע מעשׂה דערציילט דער טרויעריק־באַרימטער צורר־היהודים לוטאָ־סטאַנסקי, אָבער מיט זײַן אויסגעטראַכטער הוספֿה: פֿאַר דער אויספֿאָרשונג האָבן צוויי ייִדן זיך מודה געווען אין דערהרגענען דעם שגץ, אָבער די צוויי זײַנען שפּעטער גע־פֿונען געוואָרן טויט — דאָס איז אַ קלאָרער ווונק, אַז ייִדן האָבן דערמאָרדעט די צוויי ייִדן, כּדי זיי זאָלן ניט קענען זײַן קיין עדות.

אין דער צײַט פֿון אויפֿשטאַנד אין 1831 איז אין טעלז געהאַנגען געוואָרן

איינער אַ ר׳ מאָניש לוקניקער. די מאַכט האָט אים באַשולדיקט אין העלפֿן די אויפֿשטענדלערס. די כּלה פֿון באַקאַנטן העברעיִשן ליטעראַטור־פֿאָרשער שניאור זק״ש איז דעמאָלט געווען אין טעלז און צוגעזען די תּליה. די ייִדן האָבן געליטן סײַ פֿון די מורדים, סײַ פֿון די קאָזאַקן.

טעלז האָט ניט אויסגעמיטן דעם גרויסן הונגער אין ליטע אין 1869/72. אין דער גובערנאַטאָרישער קאָמיסיע פֿאַר טעלזער ייִדן זײַנען באַשטימט געוואָרן: ד״ר מאַפּו, יהודה־לייב גאָרדאָן, די סוחרים לייב קאַנצעל, יל״גס שווער, און בערמאַן. שפּעטער האָבן מיטגעהאָלפֿן: ר׳ אײַזיק ראַבינאָוויטש און פּרוי, ר׳ אידל גאָרדאָן, ר׳ מאיר אַטלאַס, ר׳ יהושע־העשל מרגליות, ר׳ יצחק עליאַשעוו, ר׳ חיים ראַבינאָוויטש און זײַן איידעם ברוידע, ראַבינער חזנאָוויטש, ר׳ ישעיה בײַ, ר׳ שבתי ראַסיינסקי, ר׳ אַהרן ניימאַרק, ר׳ גרשון מאיראָוויטש. אין **המגיד** 1872 און 1874 זײַנען דאָ רשימות נעמען פֿון טעלזער ייִדן, וואָס האָבן געהאָלפֿן הונגער־געטראָפֿענע ייִדישע שטעטלעך אין ליטע.

אין 1894 איז אויסגעבראָכן אַ כאָלערע־עפּידעמיע אין שטאָט. דער רבֿ ר׳ לייזער האָט געשאַפֿן אַ קאָמיטעט צו העלפֿן אָרעמע מיט דאָקטוירים און רפֿואות. אים האָט געהאָלפֿן ר׳ מרדכי הײַלפּערין. ד״ר בערנשטיין פֿלעגט באַזוכן אָרעמע קראַנקע אומזיסט.

אין 1853 איז לעבן סיאַד אויפֿגעשטעלט געוואָרן אַ ייִדישע קאָלאָניע אויף אומזיסטער רעגירונג־ערד פֿון 127 דעסיאַטין מיט 5 מישפּחות פֿון 38 נפֿשות. שפּעטער זײַנען צוגעקומען נאָך 11 פֿאַמיליעס פֿון טעלז און אַרומיקע שטעטלעך.

אין די 1880ער יאָרן און שפּעטער האָבן פֿיל ייִדן געלעבט אין די אַרומיקע דערפֿער און דאָרטן געפֿונען זייער פּרנסה.

ייִדן האָבן זיך באַשעפֿטיקט מיט קליינהאַנדל, קרעמערײַ, מלאכה. אַ צאָל ייִדן האָבן געמיסחרט מיט תּבֿואה און געהילץ, טייל האָבן צוגעשטוקעוועט זייער חיונה פֿון זייער בײַשטוביקער ווירטשאַפֿט (עופֿות, אַ קו, אַ גאָרטן).

אין 1797 האָבן דאָ געלעבט 1650 ייִדן און קאַראַימער (זייער צאָל איז געווען אַ קליינע), אין 1847 — 2248 ייִדן, 1864 — 4204, 1897 — 3088, 1923 — 1545 (103 ייִדן אויסן שטאָט זײַנען סטאַטיסטיש ניט צוגערעכנט געוואָרן) און פֿאַרן חורבן — אַרום 2000 (מיט צונויפֿגעטריבענע ייִדן פֿון אַנדערע שטעטלעך).

**די ישיבֿה.** — די ישיבֿה איז געווען די קרוין פֿון טעלז און איר צענטראַלער נערוו. זי איז געשאַפֿן געוואָרן אין 1875, אָבער געבויט געוואָרן איז זי אַ סך יאָרן שפּעטער. די גרינדערס: ר׳ מאיר אַטלאַס, שפּעטערדיקער רבֿ פֿון שאַוול, ר׳ יצחק־יעקבֿ אָפּענהיים, שפּעטערדיקער רבֿ פֿון קעלם און ר׳ שלמה־זלמן אַבעל, וואָס

וועגן אים רעדט זיך ווײַטער. טעלזער ישיבֿה ווי אַ באַגריף האָט זיך אָנגעהויבן ערשט מיט הגאון ר׳ אליעזר גאָרדאָן.

וועגן דער באַזונדערער שיטה פֿון טעלזער ישיבֿה שרײַבט איין מחבר אַזוי: „שונה דרך הלימוד [בטלז] מישיבֿת וואָלאָזין: שם בחירה חפֿשית, בישיבֿת טלז — רק מסכת אחת לכל הבחורים ובה נבֿחנו בכל חודש. בה גם מוסר, חצי שעה ליום. גם דרך השיעור שונה משם: ר׳ אליעזר מבֿריק בחידושיו, מדלג מענין לענין — התחיל בנזיקין, עבר לקדשים וסיים בזרעים. הלימוד בטלז ב„חבֿרותא״: ר״מ פותח, אחד שואל, שני משיבֿ, שלישי דוחה וכו׳״. די שיטה האָט אָנגעהאַלטן ביזן סוף.

אין אַן אַנדער מקור ווערט אַזוי פֿאָרמולירט טעלזער ישיבֿה: „בהירות המחשבֿה, פשטות התפֿיסה, פֿילוסיפֿיה דתית, הזדכּכות המידות לפֿי שיטת המוסר המיוחדת של טלז״, צוזאַמען מיטן פֿאַרשטיין „אויף אַן אָרט״ און ניט פֿאַרפּילפּלען פּסוקים און מימרות.

אין דער ישיבֿה איז פּראַקטיצירט געוואָרן אַן אינדיווידועלער חינוך, צוגעפּאַסט צו די כּשרונות און נטיות פֿון יעדן בחור: האָט איינער אַרויסגעוויזן התמדה, העלפֿט מען אים צו זײַן אַ בקי; האָט אַ צווייטער זיך אַרויסגעהויבן מיט פֿאַרטיפֿטקייט, העלפֿט מען אים זײַן אַן עמקן; אין אַ דריטן האָט מען געזען אַ נטיה צו עסקנות, העלפֿט מען אים אין דעם.

וויל מען האָבן אַ שטיקל באַגריף וועגן דער גײַסטיק־תּורהדיקער השפּעה פֿון טעלזער ישיבֿה אויפֿן ייִדישן לעבן בכל תּפֿוצות ישׂראל, איז גענוג אַ קוק צו טאָן אויף דער ווײַטערדיקער ניט־סיסטעמאַטיש־אָנגעוואָרפֿענער רשימה פֿון רבנים, וואָס האָבן געלערנט אין איר און שפּעטער — אין זייער גרעסטן טייל — פֿאַרשפּרייט דעם „רוח טעלז״ אין הונדערטער ייִדישע קהילות איבער דער וועלט:

ר׳ אַבֿרהם־אליהו רעגענשבורג, רבֿ אין פֿאַרשיידענע קהילות פֿון פּוילן און ליטע, שפּעטער אין שיקאַגאָ; ר׳ יום־טובֿ־ליפּמאַן לעווין, רבֿ אין שאַקאָט, גרוזד — ליטע, מאַלאָדעטשנע, ברוקלין; ר׳ יצחק לאַקס, רב אין בראָנקס, וועסטשעסטער; ר׳ שמעון גראָסבײַן, רבֿ אין ברוקלין.

ר׳ משה שאַצקעס, רבֿ אין ליפּנישאָק, איוויע און לאָמזשע, ר״מ אין ניו־יאָרק ישיבֿה־אוניווערסיטעט; ר׳ מיכאל היגער, בעל **אוצר הברייתות**, שרײַבט, אַז טעלז און סלאַבאָדקע האָבן אויסגעפֿורעמט זײַן לעבן; ר׳ נחמיה ראָבינסאָן, רבֿ אין שיקאַגאָ, איידעם פֿון ר׳ אַבֿרהם חריף; ר׳ אַבֿרהם קאַלמאַנאָוויטש, רבֿ אין ראַקעוו, טיקטין.

ר׳ יוסף־דוד פֿײַן, רבֿ אין אַ שטעטל לעבן מאָזיר, מינסקער גובערניע, דערנאָך אין פּאָרטלאַנד, אַמעריקע; ר׳ אליעזר פּופּקאָ, רבֿ אין ביעלאָוועזש, וועליזש, פֿילאַדעלפֿיע; ר׳ דובֿ רעוועל, פֿון די הויפּטגרינדערס פֿון דער יצחק־אלחנן ישיבֿה אין ניו־יאָרק, אויך ר״מ.

ר׳ משה־זאבֿ כּהן, 1911 רבֿ אין פּלאָטעל, דערנאָך אין אַבעל, ברעסלוי, ליווינהאָף, פֿון 1924 אין שיקאַגאָ; ר׳ נפֿתּלי צבֿי־הירש טראָפּ, 25 יאָר ר״מ אין ישיבֿה פֿון חפֿץ־חיים, ניפֿטר 1929; ר׳ ישׂראל לעוו, רבֿ אין פּאָנעוועזש, טרענטאָן (אַמעריקע); ר׳ ברוך ראַבינאָוויטש, רבֿ אין זוכאָוויץ, וויטעבסק און פֿון תּרפ״ו אין שיקאַגאָ.

ר׳ יצחק־אײַזיק פֿרידמאַן, רבֿ אין קורשאַן, טאַווריק. 1944 ניפֿטר אין נַחלת־יצחק, ת״א; ר׳ אליעזר פּשעדמעסקי, פֿון 1923 לאַנגע יאָרן רבֿ אין בראָנקס; ר׳ משה־שמעון זיוויץ, רבֿ אין פּיקעלן, באַלטימאָר, פּיטסבורג, דאָרטן ניפֿטר 1936; ר׳ משה־מרדכי שקאָפּ, ר״מ אין גראָדנער ישיבֿה, שפּעטער רבֿ אין אַמעריקע.

ר׳ משה־ברוך פּײַוולזאָן, רבֿ אין בייסעגאָלע; ר׳ אליעזר־מאיר פּרייל, רבֿ אין לאָנדאָן, ר״מ אין ישיבֿת ר׳ יצחק־אלחנן אין נ״י; ר׳ אַהרן־דוד בוראַק, פֿון 1917 רבֿ אין ברוקלין; ר׳ אַבֿרהם־נחמן שוואַרץ, ר״מ אין קראָק, נאָווי אַדעס, באַלטימאָר; ר׳ דובֿ־צבֿי היימאַן, ר״מ אין באַלטימאָר.

ר׳ אהרן־שלמה־זלמן זאַלמאַנאָוויטש, רבֿ אין סאַפּיזישאָק, דאָקשיץ, מאָנטרעאָל; ר׳ יוסף גאָלדין, לעצטער רבֿ פֿון שאַקי; ר׳ אַבֿרהם־לייב שור, רבֿ אין שאַקי, קרילאָוו, שיקאַגאָ (1929); ר׳ זאבֿ זיסערמאַן, רבֿ אין לעווקיעוו (וואָלין); ר׳ משה־חיים מירוויש, רבֿ אין קייפּטאָן (דרום־אַפֿריקע).

ר׳ משה ראָזענשטיין, משגיח אין לאָמזשער ישיבֿה; ר׳ אלחנן וואַסערמאַן, ר״מ אין אַ ריי ישיבֿות, הי״ד; ר׳ יצחק קאָסאָווסקי, רבֿ אין איוויע; ר׳ קלמן בר׳ אליעזר מגיד, רבֿ אין אַרמיאַנסק (1912); ר׳ ברוך־יצחק חדש, רבֿ אין לאַנדווערעוואָ (1888); ר׳ יעקבֿ־דוד גאָרדאָן, רבֿ אין נאָרפֿאָלק, ווירדשיניע.

ר׳ אַבֿרהם־יעקבֿ ניימאַרק, רבֿ אין פּרען (1905); ר׳ מרדכי־זאבֿ זילבערמאַן, רבֿ אין מאָטעלע; ר׳ אײַזיק־לייב סטאָליאַר, רבֿ אין ראַצק; ר׳ צבֿי־יהודה אָלשוואַנג, רבֿ אין דרויע, שיקאַגאָ. דערצו דאַרף מען נאָך צוגעבן די איבערגעפּלאַנצטע גרויסע ישיבֿת טעלז אין קליוולאַנד און איר אָפּטייל אין שיקאַגאָ.

די דערמאָנטע רשימה איז נאָר אַ קליין צעטל פֿון די הונדערטער רבנים און סתּם לומדים, וואָס האָבן געלערנט אין טעלזער ישיבֿה. אַ שאַרף וואָרט וועגן רוח טעלז האָט געזאָגט דער „מינסקער גדול״ (פּערלמאַן). ווען ער האָט באַזוכט ר׳ לייזער גאָרדאָן: טעלזער עזרע, פֿעלדער און וועלדער פֿאַרשפּרייטן דעם רוח פֿון **קצות החושן** (אַ ספֿר, וואָס מען האָט שטאַרק געניצט אין ישיבֿה)

**חיבת־ציון.** — די באַוועגונג צו בויען ארץ־ישׂראל האָט ניט געהאַט קיין לייכטן וועג אין טעלז, וואָס איז — באַזונדערס אין יענער תּקופֿה — געווען פֿולשטענדיק דאָמינירט פֿון דער ישיבֿה און דעם בית־הרבֿ. תּחילת האָט ר׳ לייזער, טעלזער רבֿ, געהאַט סימפּאַטיע פֿאַר חיבת־ציון, אָבער ער איז גיך געוואָרן אַ קעגנער.

חיים־יוסף יפֿה, איינער פֿון די מגידים פֿאַר חיבת־ציון, דערציילט, אַז ר׳ לייזער האָט אים ניט געלאָזן האַלטן זײַן דרשה אין בית־מדרש. פֿונדעסטוועגן האָט זיך אַלץ געפֿונען אַ קליינע גרופּע סימפּאַטיקערס פֿאַר חיבת־ציון און עטלעכע אַקטיווע עסקנים.

אין 1889 איז די טעלזער „חיבת־ציון" לעגאַליזירט געוואָרן דורך דער מאַכט. טעלז איז געווען איינע פֿון די ווייניקע שטעט אין ליטע, וואָס זײַנען פֿאַרבעטן געוואָרן זיך צו באַטייליקן אין דער אסיפֿה אין אַדעס צו קלײַבן דעם ערשטן צענטראַלן ועד פֿון חובֿבֿי־ציון.

אין 1898 זײַנען פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן אין **המליץ** דרײַ רשימות פֿון טעלזער מנדבֿים פֿאַר בניין הארץ און אין 1899 — צוויי רשימות. פֿון די ערשטע אַקטיווע חובֿבֿי־ציון זײַנען געווען גרשון עפּשטיין און יוסף־הלל בערמאַן, וואָס איז געווען קאַזיאָנער ראַבינער אין פּאַלאָנגע (1888), פֿרידריכשטאַט (1898), ראָסטאָוו אויפֿן דאָן (1907). ער איז געבליבן אין סאָוועט־רוסלאַנד און מסתּמא דאָרטן געשטאָרבן.

אין 1899 זײַנען געווען 41 רעגיסטרירטע חובֿבֿי־ציון. יענעם יאָר האָבן זיי געשיקט 340 רובל פֿאַר א״י.

אין 1910 איז פֿאָרגעקומען אַ ציוניסטישע קאָנפֿערענץ פֿון קאָוונער און סוּוואַלקער גובערניעס, איז טעלז געווען דאָרטן פֿאַרטראָטן מיט אַ דעלעגאַט. מיט דער צײַט האָט די ציוניסטישע באַוועגונג זיך אַלץ מער אַרײַנגעריסן קיין טעלז, אָבער דער דאָמינירנדיקער כּוח אין שטאָט איז ביז די לעצטע טעג געבליבן די ישיבֿה און דער בית־הרבֿ.

דורך צעוואָרפֿענע יחידים איז טעלז געווען פֿאַרבונדן מיט ארץ־ישׂראל אַ סך יאָרן פֿאַר חיבת־ציון. אויף אַן אַלטן בית־עולם אין ירושלים זײַנען דאָ מצבֿות פֿון טעלזער:

חנה אשת ר׳ אייזיק, תּרכ״ב (ע׳ מ״ה).

ליב בר׳ יעקב, תּרכ״ג (ע׳ מ״ו).

ר׳ אייזיק נגר, תּרכ״ו (ע׳ מ״ו).

ר׳ יעקבֿ בר׳ בנימין זאב, תּרכ״ח (ע׳ י״ג).

עטא גישע אשת משה יהושע בר׳ יחיאל, תּרל״ו (ע׳ ט׳).

זלאטא בר׳ משה, תּר״ן (ע׳ ט׳).

שיינא בר׳ יעקב מענדילש, תּרנ״א (ע׳ י״ט).

ר׳ אביגדור בהרה״ג ר׳ אברהם אב״ד מטעלז.

(די עמודים זײַנען פֿון **חלקת מחוקק**, זען צום סוף).

פֿון די אַנדערע פּאַרטייען האָבן די ס״ס אַרויסגעוויזן דאָ אַ ביסל אַקטיווי־טעט פֿאַרן ערשטן וועלטקריג. אין 1906 זײַנען געווען דעלעגאַטן פֿון טעלז צו זייערס אַ ראַיאָן־קאָנפֿערענץ. דער „בונד" איז געווען אַקטיווער און אויך אויף אַ לענגערער צײַט. אָבער די אויסווירקונגען פֿון די דאָזיקע צוויי פּאַרטייען אויף דעם גײַסטיקן און סאָציאַל־געזעלשאַפֿטלעכן לעבן פֿון יידישן טעלז זײַנען געווען קנאַפּע.

*

דער וועלטלעכער חינוך האָט דאָ געהאַט נאָך אַ שווערערן וועג ווי „חיבת־ציון". אמת, אין 1859 איז שוין דאָ געעפֿנט געוואָרן אַ ייִדישע קרוינשול. די ערשטע לערערס זײַנען געווען: אַבֿרהם־שׂמחה מאַפּוּ און מאיר שאַפּירא. אין 1866 איז דאָ געשאַפֿן געוואָרן אַ לערנשול פֿאַר ייִדישע מיידלעך. אָבער די איניציאַטיוו פֿאַרביידע שולן איז געקומען מער פֿון אויסן, ניט פֿון אינעווייניק. ביידע שולן זײַנען סײַ לעגאַל, סײַ האַלב־פֿינאַנציעל געשטיצט געוואָרן פֿון דער רעגירונג — צוליב איר אינטע־רעסן־פּאָליטיק לגבי דער ייִדישער טראַדיציאָנעלער דערציִונג.

אין צווייטן פֿאַל איז דער הויפּט־איניציאַטאָר טאַקע געווען אַ ייִד, אָבער אַ פֿרעמדער — דער באַרימטער העברעיִשער פּאָעט יהודה־לייב גאָרדאָן. ער איז אויך געווען איר מנהל און איינער פֿון אירע לערערס. ער האָט געלעבט אין טעלז פֿון 1865 ביז 1872 און איז געווען דער מפֿקח אויף דער מלוכהשער „יעווריעיסקאָיע אוטשילישטשע". די מלוכהשע געלטשטיצע איז ניט געווען גענוג, האָבן די עלטערן געמוזט צוצאָלן שׂכר־לימוד.

געווען אויך אַ צאָל ייִדישע ייִנגלעך, וואָס האָבן געלערנט אין דער אַלגעמיינער שטאָטישער מלוכה־שול. דער אינספּעקטאָר פֿון דער מלוכהשער קרײַז־שול האָט זיך געווענדט נאָך שטיצע פֿאַר אָרעמע ייִדישע קינדער פון דער שטאָטי־שער שול, ווי אויך פֿאַר קויפֿן ביכער פֿאַר זיי.

כאָטש עס גייט אַריבער די צײַטגרענעץ פֿון דאָזיקן בוך, איז כּדאַי צו באַמערקן, אַז נאָך די גרעסטע אָנשטרענ־גונגען צו עפֿענען אַ „תּרבות"־שול אין טעלז פֿון דער אומאָפּהענגיקער ליטע, האָט זיך דאָס קיין מאָל ניט אײַנגעגעבן.

אין 1879 איז געשאַפֿן געוואָרן אַ שול פֿאַר ייִדישע מיידלעך צו לערנען האַנטווערק. די גבֿירטע פֿייגע לוריע, טאָכטער פֿון טרישקער רבֿ ר' קלמן־ירחמיאל, און אַנדערע פֿרויען האָבן זיך פֿאַרנומען מיט דעם.

**רבנים.** — אַרום די פֿריִערדיקע רבנים איז אַ גרויס רעטעניש. אונדזערע ידיעות וועגן די ערשטע רבנים אין טעלז גרייכן צו די זיבעציקער־אַכציקער יאָרן פֿון 18טן יאָרהונדערט. אַפֿילו אַז מען זאָל ניט רעכענען די צײַט פֿון ייִדישן באַזעצן זיך אין טעלז דעם ערשטן פֿערטל פֿון 17טן יאָרהונדערט, ווי מיר האָבן אויבן משער געווען, נאָר אָנהייב צווייטער העלפֿט פֿון יענעם יאָרהונדערט, — איז נאָך אַלץ דאָ אַ בלויז פֿון איבער הונדערט יאָר.

וואָס איז געשען אין משך פֿון אָט דער צײַט? עס לייגט זיך ניט אויפֿן געדאַנק, אַז אַ ייִדישע קהילה, אַפֿילו אַ קליינע, זאָל זײַן אַזוי פֿיל יאָרן אָן אַ רבֿ, מיר האָבן ניט קיין תּשובֿה אויף דער שאלה, און מיר מוזן אָנהייב מיטן ערשטן רבֿ, וואָס איז אונדז באַקאַנט, והוא —

הרבֿ הגאון ר' יחזקאל. קיין פּרטים זײַנען אויך וועגן אים ניט באַקאַנט. מיר ווייסן נאָר, אַז אויף אַ ספֿר פֿון 1787

איז צווישן די הסכמה־געבערס דאָ אויך „יחזקאל החוב״ק טעלז וגלילות זמוט״ (יהודא איש לבית הלוי הורוויץ, **חיי הנפש ונצחיותה**. פּאַריצק, תּקמ״ז). אויף דעם סמך קען מען רעכענען, אַז ר׳ יחזקאל איז געווען מרא דאַתרא אין טעלז אין די אַכציקער יאָרן פון 18טן יאָרהונדערט, און מסתּמא אויך פֿריִער.

ר׳ יהודה־לייב בר׳ עזריאל זיוו. פֿאַר טעלז רבֿ אין קראָזש און דערנאָך אין פּלונגיאַן. לויטן רעגירונג־באַפֿעל פֿון 1804, אַז אַלע מוזן האָבן פֿאַמיליע־נעמען, האָט ער אָנגענומען „זיו״ פֿאַר זײַן לעצטן נאָמען.

ר׳ משה טעלזער, אַ מקובל. איינער פֿון דרײַלינג „אגודת חסידי זאַמוט״, וואָס האָבן 15 יאָר זיך אָפּגע־זונדערט פֿון דער וועלט און נאָר פֿאַרטאָן אין לערנען. ניפֿטר 1810. (די אַנדערע צוויי: ר׳ שמואל ראַסיינער. ר׳ מרדכי פּאָקראָיער. זייערע חידושי־תּורה אין ר׳ יעקב בענדיטמאַנס **תּורת חסידים**).

ר׳ אַבֿרהם שאַפּיראָ, פֿאָטער פֿון ר׳ שמעון שאַפּירא, אב״ד בירזש; זײַן זון ר׳ שמואל, פֿריִער רבֿ אין דרויע. ניפֿטר 1838.

ר׳ אַבֿרהם מרגליות, פֿריִער רבֿ אין דריסע; זײַן זון ר׳ יהודה־לייב. צווישן די מסכּימים אויפֿן סלאַוויטער ש״ס (1835) איז דאָ אַ חתימה פֿון „ליב בהרבֿ ר׳ אַבֿרהם״. קען זײַן, אַז דאָס איז דער זעל־ביקער ר׳ יהודה־לייב מרגליות.

ר׳ זאבֿ־וואָלף ליפּקין, פֿאָטער פֿון ר׳ ישׂראל סאַלאַנטער. געווען ר״מ אין זאַגער, פֿון 1830 רבֿ אין גאָלדינגען (קורלאַנד) און פֿון אַרום 1835 ביז זײַן פּטירה אין 1858 אב״ד טעלז.[1] זײַנע **הגהות בן־אריה** זײַנען געדרוקט אין ש״ס ווילנא און אין **טורים** (ווילנא, תּר״ס). ער איז איינער פֿון די בעלי־הסכּמות אויפֿן ש״ס ווילנא (1835). זײַן אייניקל ר׳ אַריה־לייב ליפּקין איז געווען רבֿ אין קרעטינגע. ר׳ זאבֿ־וואָלפֿס איידעם ר׳ מנחם־מענדל, מ״מ אין דוסיאַט און פּאָנעוועזש.

ר׳ יוסף ראָזין (רייזין), פֿון 1864 ביז 1873, שפּעטער אין סלאָנים, ווו ניפֿטר געוואָרן אין 1885. געפֿירט אַ גרויסע מחלוקת מיט וואָלאָזשינער ישיבֿה פֿאַר אַרויסגעבן אייגענע צדקה־פּושקעס, געזאָגט, אַז דאָס איז גזילה לגבי די פּושקעס פֿאַר ייִשובֿ ארץ־ישׂראל. חיבורים: **עדות ביהוסף** (ווילנא, תּרכ״ו), **פּורת יוסף** (וואַרשא, תּרמ״ד), **שארית יוסף** (וואַרשא, תּרע״ד). האָט הסכּמות אויף **אמונה והשגחה** (לקוטים מהגר״א), שמואל בר׳ אַבֿרהם מסלוצק (ליק, תּרכ״ד); **אמונת**

1) אין איין אָרט ווערט אָנגעגעבן ר׳ שאול־טובֿיה בר׳ מרדכי ווי רבֿ אין טעלז. אין **עטרת יצחק** פֿון ר׳ יצחק־אײַזיק אב״ד שאַוול געפֿינען זיך עטלעכע תּשובֿות צו ר׳ שאול־טובֿיהן. די שאלות זײַנען פֿון טעלז אין די דרײַסיקער יאָרן פֿון נײַנצנטן יאָרהונדערט. דער מַגיה גיט צו „שהיה אח״כ דירתו בשאַוול ונודע לגאון ר׳ שאול־טובֿיה״. ר׳ יצחק־אײַזיק רופֿט אים „ידידי המופֿלג בטעלז״, אָן די געוויינלעכע רבנישע טיטלען. דאָס וואַרפֿט אַ שטיקל ספֿק אויף ר׳ שאול־טובֿיהס רבנות אין טעלז. עס איז אויך שווער אַרײַנצופּאַסן די צײַט פֿון זײַן רבנות דאָ.

**חכמים**, סדר דובֿ־בער טורש (וואַרשאַ, 1885); **דברי שלום ואמת**, שלום בר׳ יהושע, אב״ד יאַנישאָק. ר׳ יצחק־יעקבֿ רײַנעס איז געווען זײַן איידעם, ר׳ יעקבֿ־ישעיה בר׳ אַריה־לייב ראָזענבלום, אב״ד דאַוויד־האָראָדאָק, זײַן אייניקל.

ר׳ יהושע העליר, געבאָרן 1814. מערערע יאָרן דרשן און מגיד אין גראָדנע, ראב״ד אין פּאַלאָנגע און 1876־1880 אב״ד טעלז. פֿאַרבעטן געוואָרן צו זײַן מ״מ אין ווילנע, אָבער אויף זײַן וועג אָפּצוגעמען זײַן פֿרוי פֿון טעלז דאָרטן ניפֿטר געוואָרן, כ״ג סיוון, תּר״ם. חיבורים: **דברי יהושע** (קאָניגסבערג, תּר״ב), **דברי יהושע** (ווילנאַ, תּרט״ז, מערערע אויסגאַבעס), **חוסן יהושע** (ווילנאַ, תּרכ״ב), **תּולדות יהושע** (ווילנאַ, תּרכ״ו), **מעוז הדת** (ווילנאַ, תּרל״ג), **מעיני יהושע** (ווילנאַ, תּרל״ט); **אוהל יהושע** (ווילנאַ, תּרמ״ב).

ר׳ אליעזר גאָרדאָן, געבאָרן 1840 אין סוויר. אַ קורצע צײַט רבֿ אין סלאָבאָדקע, פֿון 1874 אין קעלם און פֿון 1884 אב״ד און ראש־ישיבֿה אין טעלז. געגרינדעט די גרויסע ישיבֿה און געשאַפֿן די שיטה פֿון לערנען, וואָס איז שפּעטער באַקאַנט געוואָרן ווי די „טעלזער שיטה״. 1910 איז ער געקומען קיין לאָנדאָן צו קלײַבן געלט פֿאַר דער ישיבה, נאָך דער גרויסער שׂריפֿה אין 1908, און פּלוצלונג דאָרטן ניפֿטר געוואָרן.

ר׳ יוסף שאַפּאָטשניק, רבֿ אין לאָנדאָן, האָט שפּעטער געשריבן וועגן דער סיבה פֿון ר׳ לייזערס טויט אַזוי: ר׳ אליעזר גאָרדאָן איז 1910 געקומען קיין לאָנדאָן קלײַבן געלט פֿאַר טעלזער ישיבֿה. אין לאָנ־דאָן האָט ער זיך פֿאַרגעשטעלט ווי דער רבֿ פֿון טעלז פֿאַר דעם רבֿ־הכּולל פֿון ענגלאַנד ד״ר אַדלער. דער לעצטער האָט געזאָגט צו ר׳ לייזערן, אַז ער האָט ניט געהערט פֿון אַזא רבֿ אין טעלז. בײַם שמועס אין זײַן הויז האָט ער אויך באַליידיקט ר׳ לייזערן. פֿון גרויס עגמת־נפש איז ר׳ לייזער קראַנק געוואָרן און ניפֿטר געוואָרן ד׳ אדר, תּר״ע. ד״ר אַדלער איז געקומען צו ר׳ לייזערס לוויה און געבעטן מחילה בײַם ניפֿטר (קיין באַשטעטיקונג פֿאַר דער דאָזיקער ווערסיע האָבן מיר ניט אָנגעטראָפֿן). חיבורים: **תּשובת רבי אליעזר** (פּיעטרקובֿ, תּרע״ג), **דבֿרי רבי אליעזר** (ניו־יורק). [פֿון 1879 איז טעלז עטלעכע יאָר געווען אָן אַ רבֿ].

ר׳ יוסף־לייב בר׳ מרדכי בלאָך, איידעם פֿון ר׳ אליעזרן. געבאָרן 1849 אין ראַסיין. פֿון 1884 ר״מ און זינט 1911 אב״ד ור״מ אין טעלז. אין דער צווישנצײַט רבֿ אין וואָרנע און שאַדעווע. ער האָט אײַנגעפֿירט זײַן דרך־הלימוד און אַרײַנגעבראַכט מוסר אין טעלזער ישיבֿה, וואָס איז אין זײַן צײַט געוואָרן איינע פֿון די פֿאָר צענטראַלע ישיבֿות אין ליטע.

הרבֿ מאיר בערלין (בר־אילן) האָט אים אַזוי כאַראַקטעריזירט: „שוין בײַ דער ערשטער באַגעגעניש מיט ר׳ יוסף־לייבן האָב איך געקראָגן דעם אײַנדרוק, אַז ער געהערט צו יענע מענטשן, וועלכע ווייסן זיך אַליין אָפּצושאַצן און ווילן דאָס געבן אַנדערע צו פֿאַרשטיין. מען האָט

געזען פֿאַר זיך אַ מענטשן, וואָס איז פֿאַרפֿאַנצערט אין פֿירערשאַפֿט בײַ יעדער תּנועה (. . .). יעדער וואָרט, וואָס ער האָט אַרויסגערעדט, סײַ אין תּורה און סײַ אין דבֿרי־חול, איז געווען געוויגן און געמאָסטן (. . .). די שטאַרקייט זײַנע האָט אימפּאָנירט און האָט געווירקט צו קוקן אויף אים ווי אויף אַ מנהיג." ניפֿטר געוואָרן 1930 אין טעלז. חיבורים: **חומר ויצירה** (טלז, תּרצ"ב); **שעורי דעת** (תּ"א, תּש"א־תּשי"ג, ב' חלקים).

זײַן זון ר' אַבֿרהם־יצחק בלאָך, געבאָרן 1891 אין טעלז. 1921־1930 ר"מ, פֿון 1930 אבֿ"ד און גײַסטיקער מַנהיג פֿון ישיבֿה. פֿירנדיקער מיטגליד פֿון „אגודת־ישׂראל". אומגעקומען תּמוז תּש"א, הי"ד. שפּעטער אַרויס זײַנע **שעורי רבנו הגרא"י** (טאָרונטה, תּשי"א).

**מו"צ, ר"מ, מ"מ.** — ר' אַבֿרהם־אַבא בר' יעקבֿ ווערנער, דאָ גע־באָרן 1837, דיין. פֿריִער רבֿ אין וועגער. נאָך טעלז רבֿ הכּולל אין פֿינלאַנד ביז 1891, דערנאָך 20 יאָר רבֿ אין לאָנדאָן, וווּ ניפֿטר געוואָרן אין 1911. איינער פֿון זײַנע זין אין ישׂראל האָט געביטן דעם פֿאַמיליע־נאָמען אויף „חומה".

ר' שלמה־זלמן בר' שרגא־פֿײַ־וויש ש"ך, געבאָרן 1846 אין גאָרזד. פֿלעגט זאָגן שיעורים אין ישיבֿה אין די 1890ער יאָרן. פֿון 1904 אין ארץ־ישׂראל. דיין אין יפֿו, מגיד שיעורים אין הרבֿ קוקס ישיבֿה אין ירושלים. אומגעקומען אין די אַראַ־בישע פּאָגראָמען פֿון 1729, הי"ד.

ר' מאיר אַטלאַס, געבאָרן 1848. דאָ ר"מ, שפּעטער רבֿ אין ליבאַווע, סאַלאַנט, קאָברין, שאַוול, וווּ ניפֿטר געוואָרן 1925.

ר' שמעון שקאָפּ, געבאָרן 1860 אין טוריץ (מינסקער גובערניע). ר"מ 1884־1902, שפּעטער רבֿ אין מאַלטש, ברײַנסק. פֿון 1920 אבֿ"ד ור"מ אין גראָדנע. מיטגליד פֿון „מועצת גדולי התּורה" אין פּוילן. האָט געהאַט זײַן אייגענע שיטה אין לערנען אין ישיבֿה. חיבורים: **שערי ישר** (וואַרשע, תּרפּ"ח), **שערי תּורה** (ירושלים, תּש"ה). ניפֿטר ווילנע, 1940.

ר' חיים־שלום־טובֿיה ראַבי־נאָוויץ, געבאָרן 1860 אין לוקניק. 1890 ר"מ אין סלאַבאָדקע, 1892־1900 רבֿ אין מײַסיאַד, ר"מ אין טעלז ביז 1931, ווען ניפֿטר געוואָרן ח' חשוון, תּרצ"א. געהאַט אַן אייגענע שיטה אין לערנען.

ר' אליהו־מאיר בר' יוסף־לייב בלאָך, דאָ געבאָרן אין 1894, ר"מ ביז 1940. מיטגרינדער פֿון טעלזער ישיבֿה אין קליוולאַנד, וווּ ניפֿטר געוואָרן 1955.

ר' עזריאל בר' חיים ראַבינאָוויץ, דאָ געבאָרן 1904. ר"מ פֿון 1931, אומ־געקומען כ' תּמוז, תּש"א, הי"ד.

ר' ישׂראל אָרדמאַן, ר"מ, איי־דעם פֿון ר' אַבֿרהם־יצחק בלאָך,ביידע אומגעקומען 1941, הי"ד.

ר' מרדכי ראַבינאָוויץ, ר"מ; ר' טובֿיה בײַ, מו"צ, רבֿ אין ציטעוויאַן.

**משגיחים, מנהלים:** — ר'

יהודה־לייב בר׳ רפֿאל כאַסמאַן, געבאָרן 1869 אין איוויע. פֿון 1896 מנהל רוחני אין ישיבֿה, 1903 — רבֿ אין ליודווינאָווע, 1909 — רבֿ אין שטוטשין, פֿון 1927 מנהל רוחני אין חבֿרונער ישיבֿה. ניפֿטר 1936 אין ירושלים.

ר׳ פּנחס־משה גאָרדאָן, אַרום אָנהייב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, מנהל רוחני. פֿריִער ר״מ אין ביאַליסטאָק.

ר׳ שמואל פֿאָנדילער, משגיח. רבֿ אין וואַרזשאַן, ריטעווע. אומגעקומען 1941 אין ריטעווע, הי״ד.

ר׳ זלמן בר׳ יוסף־לייב בלאָך, דאָ געבאָרן 1886. פֿון 1924 מנהל רוחני. אומגעקומען תּמוז תּש״א, הי״ד.

ר׳ משה אָלשוואַנג, געבאָרן 1902 אין לוקניק, משגיח. אומגעקומען כ׳ תּמוז תּש״א, הי״ד.

בן־ציון־זאבֿ קרעניץ, ערשטער משגיח מוסרי, שפּעטער רבֿ אין וועקשנע.

ר׳ יעקבֿ כּץ, מנהל רוחני, פֿון 1903 ביז 1908. שפּעטער רבֿ אין קליקאָל, ווו ניפֿטר געוואָרן 1923.

ר׳ אַבֿנר אָקליאַנסקי, געבאָרן 1883 אין טימקאָוויץ, ר״מ און מנהל פֿון מכינה לישיבה. אומגעקומען תּמוז תּש״א, הי״ד.

ר׳ פּנחס העלפֿאַן, געבאָרן דאָ 1898, ר״מ אין מכינה לישיבֿה. אומגעקומען כ׳ תּמוז תּש״א, הי״ד.

ר׳ מרדכי כּץ, מנהל פֿון מכינה לישיבֿה. מיטגרינדער פֿון טעלזער ישיבֿה אין קליוולאַנד און ר״מ דאָרטן. איידעם פֿון ר׳ יוסף־לייב בלאָך.

ר׳ אַבֿרהם־מרדכי וועסלער, געבאָרן 1892 אין סמאָלאָוויץ. מנהל רוחני פֿון „יבֿנה“ לערער־סעמינאַר, רבֿ אין אַניקשט, פּלונגיאַן. אומגעקומען 1941, הי״ד. איידעם פֿון ר׳ יוסף־לייב בלאָך.

חזנים: ר׳ אַבֿרהם בלווישטיין, אין די 1860ער; ר׳ מאיר־בער סקאָבעליאָוו, אַרום 1885, שפּעטער אין שאַוול און באָסטאָן. באַקאַנטער חזן בשעתו. ניפֿטר 1904.

צווישן 1839 און 1923 זײַנען געווען 88 טעלזער פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

**אָפּשטאַמיקע.** — א.ל. אסתּרמאַן, געבאָרן 1869. זון פֿון אַ טעלזער מלמד. געענדיקט בערלינער אוניווערסי־טעט. אין ציוניזם מיטגעאַרבעט מיט ד״ר לעאָ מאָצקין, ד״ר שמריהו לעווין א״אַ. נאָכן ערשטן וועלטקריג שופֿט אין תּל־אָבֿיבֿ. געשטאָרבן אלול תּש״ד.

בן־שמואל מלַמד, געבאָרן 1869. מיט ד״ר לעאָ מאָצקין געשאַפֿן „יונג איזראַעל“ אין דײַטשלאַנד. פֿון די באַקאַנ־טע ציוניסטישע טוערס אין דײַטשלאַנד.

ר׳ יהודה זילבערט, 37 יאָר רבֿ אין נאָווגאָראָד; ר׳ ברוך חומא, אין די 1880ער יאָרן אין שיקאַגאָ. באַקאַנט אין די אָרטאָדאָקסישע קרײַזן; ר׳ בן־ציון פֿעלמאַן, ר״מ אין פּלונגיאַן.

ר׳ אַבֿרהם־אליהו קאַפּלאַן, גע־באָרן 1890 אין קיידאַן. זײַן מאַמע פֿראַדל האָט 1901 אַ צווייט מאָל חתונה געהאַט אין טעלז מיט ר׳ יעקבֿ ראַבינאָוויטש. געלערנט 4 יאָר אין טעלזער ישיבֿה און

שפּעטער ווידער געלעבט אין טעלז בעתן ערשטן וועלטקריג. איינער פֿון די גרינדערס פֿון דער רעליגיעזער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „צעירי ישׂראל", איז אויך דער מחבר פֿון איר הימן „לדור". אין טעלז האָט ער געשאַפֿן „אגודת בנות ישׂראל".

פֿון 1919 געווען ר"מ אין ד"ר עזריאל הילדעסהיימערס בית־מדרש לרב־נים אין בערלין. אין בערלינער דײַטש־העברעיִשן **ישורון** פֿאַרעפֿנטלעכט טיפֿ־זיניקע לומדיש־וויסנשאַפֿטלעכע אַרבעטן. ניפֿטר געוואָרן צו 34 יאָר אין בערלין.

ר' אַבֿרהם־אליהו האָט פֿאַרמאָגט גאונישע כּישרונות. האָט פּלאַנירט אַ נײַעם פּירוש אויפֿן תּלמוד. ווען מען האָט אים אַ מאָל געפֿרעגט: און וואָס איז מכּוח רש"ין? האָט ער געענטפֿערט, אַז רש"יס פּירוש דאַרף שוין אויך אַ נײַעם פּירוש. הגאון ר' איסר־זלמן מעלצער רופֿט אים „הענק הצעיר". סײַ ער, סײַ הגאון ר' יחזקאל סַרנא אונטערשטרײַכן די „עַזות דקדושה" פֿון פּלאַן מחבר צו זײַן אַ נײַעם פּירוש אויפֿן תּלמוד. דער חפֿץ־חיים האָט געזען אין אים דעם מנהיג „שעתיד להחזיר את העטרה ליושנה." חיבורים: **בעקבֿות היראה.** (ירושלים, תּשי"ח־תּש"ל); **בעקבות היראה.** דבֿרי מחשבה (ירושלים, תּש"ך). צום סוף זײַנע בריוו, ווי אויך זײַנע לידער מיט אייגענע נאָטן.

ר' אַבֿרהם־יצחק פּערלמאַן, געבאָרן 1890. פֿון 1913 אבֿ"ד שקודוויל. בעל **פּני אַבֿרהם** (קיידאַן, תּרפּ"ח). אומ־געקומען 1941, הי"ד.

ר' תּנחום בר' שמעון זרחי, בעל **זכרון מנחם** (תּרנ"א). עולה געווען קיין ירושלים.

ר' משה בר' אליהו־חיים העל־פֿאַן, געבאָרן 1905. פֿון 1938 אין אַמע־ריקע. רבֿ אין עטלעכע שטעט.

ר' חיים שאַכנאָוויטש, געבאָרן 1907. רבֿ אין ברעזיטשע. 1933 ר"מ אין דווינסק. פֿון (?)1945 אין שיקאַגאָ.

ר' אוריה־גדליה טעלזער, אַ מוסרניק אין סלאַבאָדקער ישיבֿה, אָבער אַוועק צו דער נאַוואַרעדקער ישיבה, ווײַל — לויט זײַנע רייד — אין סלאַבאָדקע האַלט מען פֿון „רוממות האָדם" און ער האַלט פֿון „כּפֿירת האדם". ער פֿלעגט זיך פֿאַרנעמען, אויסערן לערנען, מיט זעגן און האַקן האָלץ פֿאַר אָרעמע.

ישׂראל־אַבא ציטראָן (קטרוני), חבר פֿון הועד הלאומי, פֿון די „מזרחיי"־פֿירערס אין א"י. געשריבן הלכה־מאמרים; ישׂראל אַהרוני, באַקאַנטער נאַטור־וויסנ־שאַפֿטלער פֿון ארץ־ישׂראל.

ר' חיים־זלמן שערל, רבֿ אין האָזענפּוד (לעטלאַנד), איידעם פֿון הרבֿ שיץ, אבֿ"ד רובינישאָק.

אַ שײַכות מיט טעלז האָבן:

ש. יאַנקעלעוויץ, אור **מתּעה** (וואַרשאַ, תּרנ"ג); י. שאַפּירא, **תּפֿארת יעקבֿ** (ווילנא, תּרנ"ט), ש. ראָזענבערג, **ברית מלח** (ווילנא, תּרס"ז); נחום בר' אליעזר זק"ש מטעלז, **לקוטי תּורת אָמן** (ווילנא, תּרס"ז); ש.ז. אַבראַמאָוויץ מטעלז, **עטרת שלמה** (פּיעטרקובֿ, תּרע"ג); י. וואַרהאַפֿטיג, **דבֿרי ירוחם** (בילגוריי, תּרצ"ב); י.ג. שיין, **הפּרגוד** (נ"י, תּרצ"ז).

**שרײַבערס. —** אַבֿרהם זוסמאַן, געבאָרן 1831. פֿון 1856 אין ירושלים. מיטגרינדער פֿון דער ערשטער עפֿנטלעכער ביבליאָטעק אין שטאָט. מיטגרינדער פֿון דער צײַטונג **האריאל** אין די 1870ער. פֿון 1877 זיך פֿאַראייניקט מיט **החבֿצלת.** געשטאָרבן 1915 אין ירושלים.

משה קריין, געבאָרן 1892. פֿון 1920 אין יאָהאַנעסבורג, ווּ רעדאַגירט **דאָס נײַע וואָרט** (1916). געשריבן לידער און אַרטיקלען. פֿון 1930 אין מאָסקווע, אויף אַ הויכן אַמט אין סאָוועטישן האַנדל־מיניסטעריום. געשטאָרבן 1933 אין בערלין.

יעקבֿ ראַבינאָוויטש, געבאָרן 1909. ייִדישער זשורנאַליסט. סעקרעטאַר פֿון דער צ״ס־פּאַרטיי אין ליטע. דורכגעמאַכט קאָוונער געטאָ. פֿון 1948 אין מאָנטרעאָל. געשריבן אין קאָוונער טאָג־צײַטונג **דאָס וואָרט, אַפֿריקאַנער אידישע צײַטונג, דרום־אַפֿריקע, קענעדער אָדלער.** פֿון 1980 רעדאַקטירט די מאָנטרעאָלער זײַט פֿון **אַלגעמיינער זשורנאַל** (נ״י). מחבר פֿון **בלעטער פֿון ייִדיש ליטע** (ת״א, 1974).

בערל כּהן, פֿון 1951 אין ניו־יאָרק. מחבר און רעדאַקטער פֿון מערערע ביכער.

יהודה־לייב גאָרדאָן (יל״ג) האָט געלעבט אין טעלז פֿון 1865 ביז 1872, מנהל און לערער פֿון דער רוסיש־ייִדישער קרוינשול.

דער העברעיִשער פּאָעט יצחק ראַבינאָוויץ, אַ געבאָרענער 1846 אין קאָוונע האָט חתונה געהאַט אין טעלז און דאָ געלעבט 22 יאָר. געשטאָרבן 1900 אין ניו־יאָרק. בעל **זמירות ישראל** (וואַרשע, תּרנ״א), **על נהר כּבֿר** (נ״י, תּרנ״ט), **פּרחי חורף** (נ״י, תּר״ס). אין אַ בריוו צו יל״ג שרײַבט ער: „והיה לנו לזכרון הימים הרחוקים ההם, אשר בהם ישבֿנו יחד בעיר אחת.״

אויך מרדכי נאַטאַנזאָן, העברעיִשער שרײַבער, געבאָרן אין ווילנע, האָט געלעבט אין טעלז און דאָ געשטאָרבן אין 1864.

**קאָרעספּאָנדענטן. — המליץ:** איל״ה (אויך **הצפֿירה**), אַבֿרהם דימאַנט, זאבֿ האָלצבערג, חנה לעווין, שלמה פֿריד־מאַן, יהושע־העשיל קאַלמאַן (אויך **המגיד, הכּרמל**, אויך חידושי־תּורה).

**המגיד:** אליעזר־בנימין דאָבקין (אויך **הצפֿירה**, אויך אַרטיקלען), יצחק מאַרקוס, מאיר בריק, איידל גאָרדאָן.

**הצפֿירה:** חיים אַהרנסאָן, זייגערמאַכער, שפּעטער אין פּעטערבורג; ברוך מרגליות.

**הכּרמל:** אַבֿרהם־שׂמחה מאַפּו, לערער אין י.ל. גאָרדאָנס שול; מאיר־אליהו שאַפּיראָ.

ש. זאַק — **הד הזמן**; יהושע־העשיל מרגליות — **כּבֿוד הלבֿנון** (חידושי־תּורה); אַבֿרהם־יצחק פּערלמאַן — **יגדיל תּורה**, 1909.

**ניכבדים. —** ר׳ יהודה־לייב חסיד. אַליין געווען אַ מילנער, אָבער זיך איבערגעשריבן אין שאלות־ותּשובֿות מיט אַ

ריי רבנים. שוואָגער פֿון ר׳ אַבא חסיד פֿון קראָזש (אַבא אריכא, ר׳ אַבא רוזינא). אויף אים זאָגט מען, אַז דער ווילנער גאון איז איין מאָל געקומען קיין קראָזש צו הערן תּורה פֿון אים. דער ווילנער גאון האָט געזאָגט אויף ר׳ לייבן, אַז ער איז „אַ נשמה אָן אַ גוף.״

צווישן די גאונים, וואָס שטאַמען פֿון הרבֿ החסיד ר׳ אַבֿרהם, ווערט אָנגעגעבן ר׳ שמואלקע טעלזער. ער האָט געלעבט אַרום דער ערשטער העלפֿט פֿון נײַנצנטן יאָרהונדערט.

ר׳ שלמה־זלמן אַבעל, געבאָרן 1857 אין נײַשטאָט־סוגינד. איינער פֿון די גרעסטע עילויים בשעתו. האָט אַ סך מיטגעהאָלפֿן צו גרינדן טעלזער ישיבֿה, וווּ ער האָט, שוין צו אַכצן־נײַנצן יאָר, געזאָגט אַ שיעור. ניפֿטר געוואָרן צו 29 יאָר. זײַן פֿאָטער ר׳ קלמן האָט אַרויסגעגעבן דעם זונס **בית שלמה** (ווילנא, 1893). האָט אויך געהאַט גרויסע ידיעות אין וויסנשאַפֿט. אין **הלבֿנון** (שנה י״א) זײַנען פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן זײַנע 9 אַרטיקלען א״נ „תּולדות חיי הצמחים״. געשריבן אויך שירים אין דער דעמאָלטיקער העברעיִשער פּרעסע. ר׳ שלמה־זלמן איז געווען אַן אור־אייניקל פֿון ר׳ אַבֿרהם, ברודער פֿון ווילנער גאון. פֿלעגט זיך אויך חתמענען שז״א.

ר׳ ישׂראל־מיכל טרויב, געבאָרן 1858. האָט מערסטנס געוווינט אין טעלז; ר׳ אַבֿיגדור מרגליות, אַוועק קיין ירושלים, וווּ געשטאָרבן 1882; ר׳ אַבֿרהם מרגליות, געשטאָרבן 1886.

ר׳ מיכאל קרוסקאל (מיכל וואָרנער), געשטאָרבן 1889; ר׳ צבֿי־הירש אָרדמאַן, אַרויסגעגעבן די שו״ת **עטרת יצחק** פֿון יצחק־אײַזיק, אב״ד שאַוול.

ר׳ משה פּערלמאַן, געבאָרן 1862 אין סעלץ, גראָדנער גובערניע. זון פֿון ר׳ ירוחם־לייב, „דער מינסקער גדול״. בעל **מדרש הרפֿואה** (ת״א, תּרפ״ו־תּרצ״ד, דרײַ טיילן) — אַלע מאמרים פֿון תּלמוד וועגן מעדיצין און היגיענע. מבֿינים זאָגן, אַז עס איז איינער פֿון די בעסטע מחקרים אויף דער דאָזיקער טעמע. חיים־נחמן ביאַליק האָט אים שטאַרק געמוטיקט אין זײַן אַרבעט. ד״ר י.ל. קאַצענעלסאָן, אַ גרויסער בר־סמכא אין תּלמודישער מעדיצין, האָט זייער געלויבט דאָס ווערק און געשריבן הערות צו דעם. ניפֿטר געוואָרן 1935 אין קאָוונע.

ר׳ אַבֿרהם רובינשטיין, איידעם פֿון ר׳ שמעון זרחי, אב״ד טאַווריק. געשטאָרבן 1891; ר׳ יעקבֿ ראַבינאָוויטש.

ר׳ יצחק־אײַזיק ראַבינאָוויטש. געגרינדעט די ישיבֿה „פּרי יצחק״ אין ירושלים. אין טעלז איז געווען אַ קלויז אויף זײַן נאָמען (1881). געשטאָרבן 1898.

ר׳ קלמן הלוי אַבעל; ר׳ יחזקאל בערמאַן; ר׳ טובֿיה־גרשון זאַקס; ר׳ צאַלע נאַפּטאַלין; ר׳ צבֿי בר׳ מנחם נאַפּטאַלין.

ר׳ שמואל ליבערמאַן, גבאי פֿון קראַנקנהויז; ר׳ דוד ראַסטאָווסקי.

ר׳ דובֿ־בער רײַוויד; ר׳ מאיר בר׳ קלמן שיינזאָן; ר׳ נחמיה שבתילזאָן [שבתילבוים?]; ר׳ צבי שלעז; ר׳ יוסף

קאַפּלאַנסקי. ר' משולם־שאול אָרדמאַן, מחבר פֿון **מעלות התורה והמצוות** (קידן, תּרצ"ז).

עסקנים פֿאַר ארץ־ישׂראל (1899): ראַבינער שמעון בערמאַן, ד"ר ברוידע, ד"ר זיוו, ד"ר בערנשטיין, פֿישל כּץ, שמואל ליבערמאַן, אַבֿרהם־יצחק נאַפּטאַלין, אײַזיק פֿרידמאַן.


**ביבליאָגראַפֿיע.** — הכּרמל, 1866: 28; המגיד, 1869: 15; 1872: 2, 3, 11; 1874: 29; הלבֿנון: 1875: 18־27; המליץ, 1879: 8, 28; קהלת, ע"י צעדערבוים. פּעטער־בורג, תּרמ"א: 11, 19; ש"י פֿין, שׂפֿה לנאמנים. ווילנא, תּרמ"א, ע' 160; המליץ, 1882: 16; הצפֿירה, 1883: 36; 1886: 199; האסיף, תּרמ"ו, ע' 77; 1887: 65; המליץ, 1888: 149; הצפֿירה, 1891: 3.

ח. בראַוערמאַן, אנשי שם. וואַרשא, תּרנ"ב, ע' ל"ז; המליץ, 1894: 32; 1898: 94, 132, 151; 1899: 75, 85, 127; הצפֿירה, 1898: 27; מ.ל. ליליענבלום, דרך לעבֿור גולים. וואַרשא, תּרנ"ט, ע' 158; א.ל. פֿרומקין, תּולדות אליהו. ווילנא, תּר"ס, ע' 3; דער נײַער וועג, 1906: 23; העולם, תּר"ע, ל"ד־ל"ה.

יהושע־העשיל לעווין, עליות אליהו. וואַרשא, 1914, ע' 36; יוסף שאַפּאָטשניק, חרות עולם. לאָנדאָן, 1928, ע' 30; מאיר בערלין, פֿון וואָלאָזשין ביז ירושלים. נ"י, 1933. ז' 203; י. אַפּל, בתוך ראשית התחיה. ת"א, תּרצ"ו, ע' 61; מ. גערץ, מוסרניקעס. ריגע, 1936, ז' 60; ספֿר האישים, תּרצ"ז. ע' 24, 53, 54, 603; אידישע שטימע, 1938: 5959.

בית־הכּנסת, ת"א, תּש"ז, חוב' 7; תּש"ח, כ"ה־כ"ז; א.ש. הערשבערג, פּנקס ביאַליסטאָק. נ"י, 1949, ז' 182; יצחק אריגור, אילן ונופֿו. ירושלים, תּשי"ב, ע' 50; י.ל. כּהנוביץ, מהומל עד תּל־אביב. תּשי"ב, ע' 77; תּלפּיות, נ"י, תּשט"ו, ג־ד, ע' 866; אלה אזכּרה, א'. נ"י, תּשט"ז, ע' 26; ספֿר קיידאַן, ת"א, 1977, ע' 187; ספֿר טלז, ת"א, 1984.

לתּולדות היהודים בליטא זאַמוט, ע' 53; לקורות עיר קיידאַן, ע' 6; לקורות עיר ראַסיין, ע' כ"ג; אוצר ישׂראל, א'; תּולדות ישיבת היהודים בקורלאנד, ע' 51, 56; תּולדות אנשי שם (ראַנד), 3, 46, 48, 59, 91, 93, 96, 98, 117, 120, 123, 127, 133, 135, 511; אהלי שם, ע' 39, 111, 302, 350.

אגרות יל"ג, כּרך א', 108; כּרך ב', חלק ד', ע' 440; י.ל. ראָזענטהאַל, תּולדות חבֿרת מרבי השׂכּלה בישׂראל, א', ע' 137, 151; ב', ע' 187; חלקת מחוקק, חוב' ה', ז'; האנציקלופדיה של הציונות הדתית, ע' 39, 416; חכמת ישׂראל במזרח־אירופּה, ערך ש. מירסקי, ע' 324־337; י.ד. קמזונס יהדות ליטא; ג. קרסל, 2; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 3616; ב. כּהנס לעקסיקאָן; יהדות ליטא, א', ג'.

J.J. Ljutostanski, Jüdische Ritual-Morde in Russland; Morris A. Gutstein, A priceless heritage. N.Y. 1953, p. 131; Recueil de Matériaux sur la Situation economique des Israelites de Russie, II., p. 368. Black Book.


## טראַשקון TROŠKŪNAI

פּאַנעוועזשער קרײַז. דער יידישער יישובֿ האָט זיך אָנגעהויבן אַרום סוף אַכצנטן יאָרהונדערט. אַ מאָל איז דאָ געווען אַ וויכטיקער צענטער. 1807 האָט פֿונקציאָנירט אַ גימנאַזיע פֿון די בערנאַרדינער.

גראַף א. קאַמער פֿלעגט אַ סך העלפֿן יידן. 1885 האָט ער אַרײַנגעשיקט אַ לײַיף [האַלבער צענטנער] ווייץ פֿאַר מעות חיטים.

אין 1887 איז געווען איין פּרענומעראַנט אויפֿן רבנישן ספֿר **אבֿל יחיד**, אפֿרים וויטעס (וואַרשא, תּרמ"ז).

אין 1897 האָבן דאָ געוווינט 779 יידן, פֿאַרן ערשטן וועלטקריג — בײַ 500, 1923 — 424 און פֿאַרן חורבן — בײַ 150.

אין 1904 זײַנען 150 יידישע

הײַזער אַראָפּ מיטן פֿײַער. דאָס האָט זיך אָפּגערופֿן אויפֿן ייִדיש־עקאָנאָמישן װוקס פֿון שטעטל, וואָס האָט זיך באַזירט אויף מיסחר, מלאכה און בײַשטוביקער ווירט־שאַפֿט.

טראַשקון האָט דורכגעמאַכט דעם גירוש־ליטע אין 1915. פֿאַרן גירוש, דעם 13טן יולי, האָבן קאָזאַקן געמאַכט אַ גרויסן פּאָגראָם, צעראַבירט, פֿאַרגוואַל־טיקט פֿרויען, געצונדן הײַזער.

**רבנים.** — ר׳ אַבאַלע גרינ־שטיין, אין די 1840ער יאָרן. ער האָט איבערגעלעבט אַ שרעקלעכע מישפּחה־טראַגעדיע. ערשט אויף דער עלטער איז אים געבאָרן געוואָרן אַ ייִנגל, עקיבֿאַלע. ער האָט אַרויסגעוויזן געוואַלדיקע כּישרונות אין לערנען און גאָר גיך האָט גאַנץ ליטע געקלונגען מיטן „טראַשקונער עילוי״. שפּעטער איז ער אַוועק לערנען אין וואָלאָ־זשינער ישיבֿה און אויך דאָרטן האָט ער אַלעמען איבערגעשטיגן.

ניט ווײַט פֿון שטעטל האָט געלעבט אַן אַלטער גראַף, וואָס פֿלעגט טאָן ייִדן אַ סך טובֿות: געבן געלט אויף יום־טובֿ פֿאַר אָרעמע ייִדן, לאָזן נעמען האָלץ פֿון זײַן גרויסן וואַלד, העלפֿן בעת אַ שׂריפֿה. דעם גראַפֿס זון איז געווען אַ גוטער שאַכ־שפּילער, און ווען ער האָט געהערט, אַז עקיבֿא איז אַ גרויסער קענער אין שפּילן שאַך, האָט ער אים פֿאַרבעטן צו זיך און זיי פֿלעגן אָפֿט שפּילן שאַך. דער יונגער גראַף האָט אויך געהאָלפֿן צו שיקן עקיבֿאן קיין פּאַריז צו לערנען אַלגעמיינע לימודים. אין פּאַריז איז עקיבֿא אויך גיך באַרימט גע־וואָרן ווי אַ גרויסער שאַכשפּילער. אַ פּאָר יאָר שפּעטער האָט ער חתונה געהאַט מיטן גראַפֿס שוועסטער און זיך געשמדט.

דער טאַטע דער רבֿ איז געקומען קיין פּאַריז אויפֿזוכן זײַן זון, און ווען ער האָט אויסגעפֿונען, אַז יענער האָט זיך געשמדט, איז ער פֿון חרפּה שוין ניט געפֿאָרן צוריק קיין טראַשקון און איז פֿון צרות גיך געשטאָרבן אין פּאַריז.

אַנדערע זאָגן, אַז עקיבֿא האָט שפּעטער חרטה געקראָגן אויף זײַן טאַט, איז אַנטלאָפֿן פֿון זײַן ווײַב, אָבער ער איז אַרײַן ווי אין וואַסער, און קיינער האָט ניט געוווּסט ווו ער איז אַהינגעקומען.

נאָך רבנים: ר׳ בנימין בר׳ יהודה־לייב גיטעלזאָן, געבאָרן 1851 אין אוזוועגט. רבֿ אין אַוואַנטע, 1883־1890 אין טראַשקון און פֿון 1890 אין קליוולאַנד. אייניקל פֿון הצדיק ר׳ הירשעלע שילעלער. חיבורים: **הפּותח והחותם** (נ״י, תּרנ״ח), **נגיד ונפֿיק** (ירושלים, תּרס״ד).

ר׳ חיים־אליהו פּאָלטינאָוו, גע־באָרן 1867. נאָך טראַשקון רבֿ אין דאַט־נעווע.

ר׳ שלום־אַריה בר׳ זוסמאַן שטאַם, געבאָרן אין סווינישאָק, אייניקל פֿון ר׳ לייב אבֿ״ד פּאָסוואָל. צו 22 יאָר דאָ רבֿ, שפּעטער אין קובילון, דונײַעוויץ (ווילנער געגנט), האָראָדאָק (וויטעבסקער גובערניע).

ר׳ יעקבֿ־משה שמוקלער, ביז 1937, דערנאָך אין שאַנץ, הי״ד; ר׳ אליעזר שיינקמאַן, הי״ד.

**אָפּשטאָמיקע.** — ר׳ משה־דובער בר׳ שלמה־דוד יפה, דאָ געבאָרן. בעל **זכרון דבֿרים** (ווילנא, תּרנ״ו).

אַבֿרהם קאָטליאַר, געבאָרן 1857. פֿון 1888 אין אַמעריקע. פּיאָנער פֿון דער העברעיִשער פּאַראָדיע און סאַטירע אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן. מחבר פֿון מסכת **דרך ארץ החדשה** (פּיטסבורג, תּרנ״ג). אין בוך האָט ער אין זייער אַ געלונגענער פֿאָרעם נאָכגעמאַכט דעם גמרא־נוסח און אויסגעלאַכט אַ ריי דערשיינונגען אין ייִדישן לעבן פֿון אַמעריקע. געשטאָרבן 1943 אין קליוולאַנד.

אַ שייכות צו טראַשקון האָבן: ל.י. קלאַצקי, **ערך תּפֿלה** (ווילנא, תּרנ״ט); ש.מ. ביימאייל, **שמן למאור** (ווילנא, תּרס״ז); מאיר רובין, **מיישר תּועה דרך**.

קאָרעספּאָנדענטן אין **המליץ** — אַהרן קאָטליאַר, חיים יוזיפּאָוויץ.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המליץ, 1887: 73; אהלי שם, ע׳ 46; ש.ל. ציטראָן, משומדים, ב׳ 3, וואַרשע, 1927. ז׳ 1147; ג. קרסל, 2; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 3684; חכמי ישׂראל באַמריקאַ, ע׳ 28, 87; יהדות ליטא, ג׳.
Black Book

## טרישיק TRYŠKIAI

טעלזער קרייז. איינצלנע ייִדן זיינען דאָ געווען שוין אין פֿערטן פֿערטל פֿון זיבעצנטן יאָרהונדערט. אַזוי איז באַקאַנט וועגן אַ ייִד מאיר, וואָס האָט געוווינט דאָ אין 1685. טרישיק איז אויך איינע פֿון די שטעט אין ליטע, וואָס זיינען דאָרטן געווען אין צווייטן פֿערטל פֿון אַכצנטן יאָרהונדערט. אָבער אַן אָרגאַניזירטער ייִדישער ייִשובֿ האָט זיך אָנגעהויבן ערשט סוף אַכצנטן יאָרהונדערט.

1868 איז אויסגעבראָכן אַ גרויסע שׂריפֿה, דער גרעסטער טייל פֿון שטעטל, מיט אַלע בתּי־תּפֿילה, זיינען אַראָפּ מיטן פֿייער. אין דער שׂריפֿה פֿון 1887 זיינען 100 ייִדישע מישפּחות געוואָרן נשׂרפֿים. דער ניי־אויפֿגעבויטער בית־מדרש איז אויך פֿאַרברענט געוואָרן. דער פּריץ פּילסודסקי מיט זיינע לייט האָבן געהאָלפֿן לעשן. ער האָט אויך געהאָלפֿן די נשׂרפֿים.

אין די הונגעריאָרן פֿון טייל ליטע אין 1869/72 האָט דער ייִדישער הילף־קאָמיטעט אין מעמל געשיקט 30 רובל.

אין 1881 איז געווען אַ בלוט־בילבול. פֿאַסטעכער האָבן געזאָגט, אַז אַ טרישקער ייִד האָט דערהרגעט אַ פֿאַסטעך. דער שקר איז גיך אויפֿגעדעקט געוואָרן.

אין 1897 האָבן דאָ געוווינט 681 ייִדן, פֿאַרן ערשטן וועלטקריג — ביי 300, 1923 — 395 און פֿאַרן חורבן — אַרום 200.

די ייִדישע הויפּט־פּרנסות זיינען געווען: קליינהאַנדל, קרעמעריי, האַנטוועררק, ביישטוביקע ווירטשאַפֿט. אין די 1890ער יאָרן איז די ייִדישע עקאָנאָמיק אָפּגעשוואַכט געוואָרן און אַ סך ייִדן האָבן עמיגרירט מעבֿר לים.

די הילף פֿאַר בניין ארץ־ישׂראל איז ניט אָפּגעשטעלט געוואָרן אויך אין דער צײַט פֿון עקאָנאָמישער ירידה. פֿון 1899, 1903 און 1909 זײַנען פֿאַראַן רשימות פֿון טרישקער מנדבֿים צו העלפֿן קויפֿן ערד אין ארץ־ישׂראל. אין דער׳ רשימה פֿון 1909 זײַנען דאָ די נעמען פֿון: י. קאַפּלאַן, י. גרינשפּון, א. קאַהן, א. גרינבערג, דײַטש־מאַן, א. קריסטאַל, צ. גרושלאַווסקי, צ. פּיל, ר. לעווין, ל. לעווין, נ. קראַוועץ, ח. פֿרומין. מורשים: יצחק קוואַס, צבֿי מאַלק.

**רבנים.** — ר׳ לוי בר׳ אַריה־לייב שאַפּיראָ, שפּעטער זעקס יאָר אין עזשערעני, ווו ניפֿטר געוואָרן 1880. זײַנע חידושי־תּורה אין **אבֿן הראשה**, אליהו קלאַצקאָ (וואַרשא, תּרמ״ז, דף נ״ט). מחבר פֿון **בית לוי**[1].

זײַן ברודער ר׳ שמואל־משה, געבאָרן 1843. פֿון 1869 רבֿ אין רעמיגאָלע, פֿון 1874 אין טרישיק, דערנאָך אין קורשאַן און באָברויסק (פֿון 1899), פֿאַר די אַש־כּנזים.

ר׳ נחום שאַפּיראָ, געבאָרן 1818 אין דאָקשיץ (מינסקער גובערניע). רבֿ אין פּאָקראָי, ליגעם, וועגער, טרישיק, שאַט, ווו ניפֿטר געוואָרן אין 1902.

ר׳ חיים בר׳ משה פּון, פֿון 1891 ביז 1897. ניפֿטר געוואָרן 1903 אין עלטער פֿון 85 יאָר. אין זײַן צײַט איז דאָ געווען קאַזיאָנער ראַבינער משה־זאבֿ ראַקאָוו־שציק.

ר׳ ישׂראל־יהושע סג״ל, פֿון 1898.[2] פֿריִער רבֿ אין קאָוואַרסק און וואָרנע; ר׳ מרדכי־שרגא ראָבינזאָן.

ר׳ אליהו בן־ציון פּון, זון פֿון ר׳ חיים, פֿון 1922 ביזן אומקום אין 1941, הי״ד.

אין 1842, 1861, 1911 זײַנען דאָ געווען 11 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים: **עטרת שאול**, שאול לוריא (ווילנא, תּר״ב); **תּאמי צבֿיה**, צבֿי־הירש בלאָך (קאניגסבערג, תּרכ״א); **אמרי יעקבֿ** יעקבֿ פּראַלגעווער (בילגורייא, תּרע״א).

פֿון טרישיק שטאַמט ר׳ חיים־יעקבֿ בר׳ שעפּטל דאַווגאָווסקי, דרשן און מוסמך. איידעם פֿון ר׳ זאבֿ־וואָלף, אבֿ״ד ערזווילִיק.

**שרײַבערס.** — זאבֿ־וואָלף קאַפּלאַן, געבאָרן 1826. באַקאַנט אונטערן נאָמען זק״ן, פֿון די באַוווּסטע משׂכּילים־שרײַבערס. געשטאָרבן 1888 אין ריגע.

דובֿ־בער גאָלדבערג, געבאָרן 1868. פֿון 1887 אין דרום־אַפֿריקע. געדרוקט אַרטיקלען אין **המליץ**, **הצפֿירה**, **די אידישע פֿאָהן** און אין אַנדערע ייִדישע און העברעיִשע זשורנאַלן אין דרום־אַפֿריקע. האָט איבערגעזעצט עסייען פֿון

1) פֿאַר ר׳ לוין האָט דאָ געקענט זײַן רבֿ ר׳ קלמן ירחמיאל. קען זײַן, אַז זײַן פֿאַמיליע־נאָמען איז גליקמאַן, וואָס יל״ג שרײַבט וועגן אים, אַז ער איז געווען אבֿ״ד טרישיק אין 1868. זײַן זון יוסף האָט דאָ געגעבן „שטונדן״, שפּעטער געפּאָרן לערנען אין ווילנער ראַבינער־סעמינאַר.

2) אין המליץ פֿון 1898 שטייט קלאָר, אַז ר׳ ישׂראל־יהושע איז דאָ געוואָרן רבֿ אין דעם יאָר.

אחד־העם אויף יִדיש. געשטאָרבן אין יאָהאַנעסבורג.

משה־יצחק סעוויץ (שאַיע־וויטש), געבאָרן 1896. פֿון 1911 אין יאָהאַנעסבורג. געדרוקט דערציילונגען, אַרטיקלען, פֿעליעטאָנען און איינאַקטערס אין די דרום־אַפֿריקאַנער יִדישע צײַט־שריפֿטן. געשטאָרבן 1939 אין יאָהאַנעס־בורג.

**קאָרעספּאָנדענטן:** — חיים־שלום בהרבֿ ר׳ מרדכי־שרגא ראָבינזאָן (**המליץ, הצפֿירה**), א.ל. רובינשטיין (**המליץ**).

**ניכבדים:** — ר׳ יעקבֿ־חנוך גרינבערג, אין די 1890ער מנהל פֿון תּלמוד־תּורה; ד״ר פֿעלדשטיין, געהיילט אומזיסט אָרעמע קראַנקע און אויך געגעבן זיי רפֿואות; פֿריילנס ס. גרינשטיין און פּ. קוואַס, געהאָלפֿן באַקליידן און באַשוכן אָרעמע יִדישע קינדער.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המליץ, 1879: 18; 1881: 14; 1891: 159; 1898: 153; 1899: 106; 1903: 103; אגרות יל״ג, כּרך א׳, ח״א. וואַרשא, תּרנ״ד, ע׳ 24; חשבון הנדבֿות, 1909, ע׳ 64; **אידישע שטימע**, 1924: 1592; ג. קרסל, 2; לתּולדות היהודים בליטא־זאַמוט. קידאַן, תּרצ״ד, ע׳ 53, 231, 232; ספֿר הפרענומע־ראַנטן, 3709; לעקסיקאָן, 2; יהדות ליטא, ג׳. Biuletyn Żydowskiego Instytutu Historycznego W Polsce, 1987, no. 141 (אַרטיקל וועגן זאַמעט); Black Book.



# יאַנישאָק

# JONIŠKIS

שאַוולער קרײַז. פֿון די ייִנגערע יִדישע יישובֿים אין ליטע. אין 1783 איז דאָ ניט געווען קיין איין ייִד. אַ יִדישע קהילה האָט אָנגעהויבן אויפֿקומען אַרום סוף 18טן יאָרהונדערט. צוליב דער נאָענט־קייט צו דער לעטישער גרענעץ האָט זיך דאָ שטאַרק אַנטוויקלט דער מיסחר. דאָס האָט צוגעצויגן יִדן און זייער צאָל איז גיך געוואַקסן.

אין 1847 איז דאָ געווען אַ קהילה פֿון 1042 יִדן און אין 1897 איז זייער צאָל מער ווי פֿאַרטאָפּלט געוואָרן.

נאָכן גירוש־ליטע אין 1915 איז דער ייִשובֿ שטאַרק פֿאַרקלענערט געוואָרן — אין 1923 האָבן דאָ געלעבט 978 ייִדן און פֿאַרן חורבן — בײַ 700.

18 ייִדישע מישפּחות פֿון יאַני־שאָק זײַנען געווען אין דער ייִדישער קאָלאָניע דובינאָווע, עזשערענער קרײַז, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן 1847 אויף אומזיסטער ערד פֿון דער רעגירונג.

ייִדן האָבן זיך פֿאַרנומען מיט קרעמערײַ, מלאכה און אַ קליינע צאָל מיט לאַנדווירטשאַפֿט. דער ייִדישער מיסחר האָט זיך קאָנצענטרירט אויף תּבֿואה, פֿערד, בהמות, גענדז, אָבער זייער הויפּטהאַנדל איז געווען מיט פֿלאַקס.

צווישן 1839 און 1923 זײַנען געווען 129 יאַנישקער פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

אַן עד־ראיה, דער באַקאַנטער בנימין מאַנדעלשטאַם, מאָלט אַזוי דאָס שטעטל פֿון די 1840ער יאָרן: „ואין בנין או בית נכון בלתּי איזה סֻכּות קטנות מצופּות תּבֿן, כּסֻכּות כּלבֿים.“ אָבער דאָס האָט זיך גיך געענדערט און אַנשטאָט די סוכּות זײַנען אויסגעוואַקסן גרויסע מויערן.

יאַנישאָק האָט געהאַט אַ ייִדישן אַרבעטער־עלעמענט, וואָס איז שוין אין די פֿריִע צײַטן געווען אויך פּאָליטיש אַנט־וויקלט. אין 1843 האָט אַ רוסישער אונטער־אָפֿיציר און צוויי סאָלדאַטן געפֿירט אַ ייִדישן אַרעסטאַנט (אַ פּאָליִ־טישן) פֿון שאַוול. 16 ייִדן פֿון יאַנישאָק זײַנען ניט ווײַט פֿון שטאָט באַפֿאַלן די סאָלדאַטן, זיי געבונדן און באַפֿרײַט דעם אַרעסטירטן.

יאַנישאָק האָט ניט אויסגעמיטן דעם גרויסן הונגער, וואָס האָט געבושעוועט אין טיילן פֿון ליטע אין 1869/72. דער הילף־קאָמיטעט אין מעמל פֿאַר די ייִדישע הונגער־געטראָפֿענע שטעטלעך האָט 1869 אַרײַנגעשיקט 50 רובל פֿאַר די געליטענע. פֿונדעסטוועגן זײַנען אין שטאָט נאָך געווען גענוג באַמיטלטע ייִדן, וואָס האָבן געהאָלפֿן ניט נאָר די אָרטיקע ייִדישע אָרעמע הונגער־לײַדנדיקע, נאָר אויך די געליטענע פֿון אַנדערע שטעט. אין אַ ליסטע פֿון מנדבֿים פֿאַר הונגעריקע אין 1872 זײַנען דאָ פֿיל יאַנישקער. דער קלײַבער: אַבֿרהם העליר.

די ייִדן זײַנען ביסלעכווײַז געקומען צו זיך. אין 1879 האָט מען אָנ־געהויבן בויען אַ בית־מדרש. אין זעלביקן יאָר האָט די קהילה אויפֿגענומען אַ דאָקטער פֿאַר 300 רובל. דער תּנאַי איז געווען: היילן אָרעמע אומזיסט. אין דעם יאָר איז אויך אָרגאַניזירט געוואָרן אַ פֿײַער־לעשער־קאָמאַנדע בראָש מיט ה׳ פּער (געלט האָט מען גענומען פֿון קאַ־ראָבקע. די קריסטן האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו באַטייליקן). 1881 האָבן יאַנישקער ייִדן געשיקט 40 פּוד מַצות פֿאַר נשׂרפֿים אין פּאָקראָי און 1884 ווידער הילף פֿאַר פֿרעמדע נשׂרפֿים. 1904 איז יאַנישאָק אַליין געוואָרן אַ גרויסער נשׂרף: 200 הײַזער זײַנען אַראָפּ מיטן פֿײַער.

*

דער ציוניזם איז גלײַך אין זײַנע ערשטע יאָרן אַרײַנגעדרונגען קיין יאַנישאָק. אין אַ רשימה מנדבֿים (**המליץ**, 1898) פֿאַר ארץ־ישׂראל זײַנען דאָ אַ סך יאַנישקער. אין אַ צווייטער רשימה (**המליץ**, 1903) ווערן אָנגעגעבן די מורשים: מ.צ. קלאַצקין, מ. מילויצקי. דער סעקרעטאַר פֿון דעם ציוניסטישן פֿאַראיין אין 1900 איז געווען אליעזר־זאבֿ דוניע. זײַן טעטיקייט איז שפּעטער פֿאַרשטאַרקט געוואָרן מיט דער הילף פֿון ד״ר ב. פֿרידמאַן.

אויך די „אגודה״ איז שפּעטער געוואָרן אַקטיוו. אין אַ רשימה פֿון 1913 זײַנען דאָ יערלעכע יאַנישקער בײַשטײַערערס פֿאַר דער „אגודה״: זלמן קאַצענעלענבאָגן, שמואל אידלזאַק, זלמן זינגעראָוויץ, יהודה־זאבֿ פּינסקי, הרבֿ יעקבֿ לייב, ר״מ, יעקבֿ שעוציג, יצחק בראם, יואל הענדלער, אַבֿרהם זיוו, אַבא־יצחק גאָלאָמבּ.

הרבֿ ר׳ נחום־בצלאל דזימיטראָווסקי, שלום־מאיר שאַפּיראָ, אפֿרים־מאיר פּלאַקס, בנימין שפּירקא, אַבֿרהם־חיים קאַפּלאַן, יוסף מילווידסקי, יוסף־שלמה כּהן, נתנאל וואָלפֿסאָן, שמעון סוועטניק, יהודה קימל, ברוך־צבֿי יפֿה, נתנאל שו״ב, בנימין שו״ב, ר״מ ר׳ יהודה.

**רבנים.** — ר׳ משולם־זלמן בר׳ דוד קאַצענעלענבאָגען. היות ער איז ניפֿטר געוואָרן אין 1830, דאַרף מען אָננעמען, אַז ער איז געווען רב **פֿאַר** ר׳ שלום ראַבינאָוויץ.[1]

ר׳ שלום בר׳ יהושע ראַבינאָוויץ, פֿון 1808 ביז 1847, שפּעטער רבֿ אין גאָלדינגען (קורלאַנד). תּלמיד פֿון ר׳ חיים וואָלאָזשינער. 1857 דעלעגאַט צו דער פּעטערבורגער אסיפֿה פֿון רבנים און מלומדים וועגן שאלות אין ענייני היהדות. ניפֿטר 1872 [**עיר ווילנא**: תּרכ״ב]. בעל **דברי שלום ואמת** (ווילנא, תּרל״ג), אַרויסגעגעבן דורך זײַן ברודער ר׳ ביינוש, וואָס איז געווען דיין אין ראַסיין און אַ ביסל פֿון זײַנע אייגענע חידושי־תּורה אַרײַנגעגעבן אין יענעם ספֿר. ר׳ שלומס שו״ת געפֿינען זיך אין **עטרת יצחק** פֿון ר׳ יצחק־אײַזיק, אב״ד שאַוול, און זײַנע חידושי־תּורה אין **זכרון יעקבֿ** פֿון ר׳ יעקבֿ בענדיטמאַן. זײַן פֿאָטער ר׳ משה־יהושע ראַבינאָוויץ (יהושעלע נײַשטאָטער) האָט געזאָגט שיעורים אין וואָלאָזשין, שפּעטער שיעורי אַלפֿס פֿאַר לומדים מופֿלגים אין ווילנע, ווו געווען גבאי־משגיח אין ר׳ מײַלעס ישיבֿה. דאָרטן ניפֿטר געוואָרן אין 1851. ר׳ שלום איז אייניקל פֿון ר׳ זעלמעלע (ר׳ שלמה־זלמן בר׳ יצחק), תּלמיד פֿון ווילנער גאון.

---

1) 1. לויט ש.י. יאַצקאַן, איז דאָ געווען רבֿ ר׳ מאיר בר׳ שלמה־זלמן, ברודער פֿון ווילנער גאון. אזוי אויך לויט ד.מ. ליפּמאַן, נאָר ער גיט דעם ברודערס נאָמען: משה, — ד״ט אפֿרתי און ח. בראַווערמאַן גיבן: „ר׳ מאיר מק״ק יאַנישאָק, אחי הגר״א״, אָבער אָן „אב״ד״. אויב יאָ, דאַרף מען משער זײַן, אַז ער איז געווען דאָ רבֿ **פֿאַר** ר׳ משולם־זלמן.

2. ר׳ משולמס פֿאָטער געווען אב״ד אין צײַקישאָק, סרעדניק, ווילקי.

ר׳ אַבֿרהם העלער, געבאָרן אין סוואַלק. פֿון אַרום 1860 ביז 1877, שפּעטער רבֿ אין האָזענפּוט (לעטלאַנד) און פֿון 1882 רבֿ ומו״צ אין ליבאַווע. ניפֿטר 1923. מחבר פֿון **יפֿה נוף** (פּיעטרקובֿ, תּרס״ח). זײַן פֿאָטער ר׳ יחיאל אב״ד סוואַלק א״אַ קהילות. זײַן זון ר׳ לייב, מו״צ אין שאַוול.

ר׳ יחיאל מיכל וואָלפֿסאָן, געבאָרן אין סלוצק. פֿון 1869 רבֿ אין פּאַריטש, 1875־1877 אין סעלץ, דערנאָך 22 יאָר אין יאַנישאָק, ווו ניפֿטר געוואָרן 1900, אין עלטער פֿון 55 יאָר. איינער פֿון די ערשטע רבנים מתּיר צו זײַן דאָס ניצן אַ מאַשינקע פֿאַר מציצת מילה. מחבר פֿון **שׂפֿת הים**. האָט הסכּמות אויף **אַמתּחת בנימין**, בנימין חעשין (ווילנא, תּרמ״ה), **זכרון חיים**, חיים כּ״ץ בּכרך (ווילנא, תּרמ״ט), **ברכת יצחק**, יצחק בן ציון איזעקסאָן (ווילנא, תּרנ״ד), **בני גרשון**, גרשון ליפּשיץ (ווילנא, תּרנ״ט), ח.נ. שאָכעט, **זכר חיים** (נ״י, תּרע״ג).

ר׳ נחום־בצלאל בר׳ יצחק הלוי דזימיטראָווסקי, געבאָרן 1871 אין אייִשישאָק. פֿון 1900 ביז זײַן אומקום אין 1941, הי״ד.[2]

ר״מים אין יאַנישקער ישיבֿה: ר׳ יעקבֿ־לייב און ר׳ יהודה (1912); מו״צ — ר׳ אליהו־ישׂשׂכר יפֿה; שו״ב: ר׳ נתנאל [וואָלפֿסאָן?] און ר׳ בנימין [שפּירקא?] חו״ב: ר׳ אליעזר ראַבינאָוויץ, אַ געבאָרענער אין זאַגער. ניפֿטר דאָ 1879. איידעם פֿון היגן ר׳ משה־מרדכי קאַצענעלענבאָגן.

מו״צ ר׳ אליהו־ישׂשׂכר יפֿה, פֿון 1889 רבֿ אין שקודוויל: מו״צ ר׳ אַהרן־שמואל בר׳ שמעון כּ״ץ, דאָ געבאָרן 1870. פֿון 1897 דאָ 4 יאָר, שפּעטער מו״צ אין ראַסיין און דערנאָך דאָרטן אב״ד, הי״ד.

**אָפּשטאַמיקע.** — ר׳ אַבֿרהם־אַבלי יפֿה, אב״ד וועקשנע, פּאָנעוועזש, לאָטאָווע. ניפֿטר 1820.

ר׳ שמואל־צבֿי־הערץ [לוקנייצקי], דאָ געבאָרן 1822. דומ״ץ אין זאַגער, שפּעטער מיטאַווע. האָט חידושי־תּורה אין **זכרון יעקבֿ**, יעקבֿ בענדיטמאַן, זײַן שווער. ניפֿטר 1894.

ר׳ יצחק־מאיר בר׳ אַבֿרהם־יהודה יאָסעלזאָן, דאָ געבאָרן 1851. פֿון 1876 אב״ד זיימל, שפּעטער דובלין (אירלאַנד).

ר׳ מאיר יאַנישקער, ברודער פֿון ווילנער גאון.

ר׳ אליעזר־יעקב חוואַס דאָ געבאָרן 1850. איז דער פֿאָטער פֿון דער כּולל־אידעע: אַרײַננעמען יונגעלײַט, וועלכע זאָלן זיצן ווי פּרושים און לערנען, באַזאָרגן זיי און זייערע מישפּחות מיט חיונה. שוין אין 1874 האָט ער געשאַפֿן

2) אָנגעטראָפֿן: „ר׳ מרדכי פֿישל אב״ד יאַנישאָק״. אין **עטרת יצחק**, יצחק אײַזיק, זײַנען דאָ שו״ת פֿון מרדכי פֿישל בר׳ יהודה לייב מיאַנישאָק״, אָבער אָן טיטל; ר׳ בן־ציון גינצבורג, אב״ד יאַנישאָק, שווער פֿון ר׳ אהרן־שמואל כּ״ץ, אב״ד ראַסיין.

דעם ערשטן כּולל פֿון צען יונגעלײַט אין סלאַבאָדקע. עובֿדיה לאַכמאַן, אַ פּרומער בערלינער מיליאָנער, האָט אים שטאַרק געהאָלפֿן. ר׳ אליעזר־יעקבֿ איז דער אַנאָנימער מחבר פֿון „עץ פּרי״ (תּרמ״ה) [פֿײַערדיקע מאמרים פֿון גאונים וועגן שאַפֿן כּוללים]. דער חפץ־חיים האָט געזאָגט אויף אים: „ער האָט אויפֿגעהאַלטן פֿערציק יאָר תּורה בײַ ייִדן״. שווער פֿון ר׳ נפֿתּלי־צבֿי טראָפּ, ר״מ ישיבֿת ראַדין, ניפֿטר 1919.

ר׳ אליהו־דוב לייזעראָוויץ, דאָ געבאָרן 1856. משגיח אין סלאַבאָדקער ישיבֿה. פֿון 1925 ר״מ פֿון סלאַבאָדקער ישיבֿה אין חבֿרון. פֿלעגט זאָגן אַ שיעור גמרא אין תּל־אבֿיבֿ, וווּ ניפֿטר געוואָרן אין 1941.

ר׳ שלום בר׳ אָשר איזראַלסאָן, דאָ געבאָרן 1861, קרובֿ פֿון ר׳ ישׂראל סאַלאַנטער און זײַן תּלמיד אין מעמל. פֿון 1897 אין אַמעריקע. רבֿ אין מילוואָקי און טאָראָנטאָ. חיבורים: **נוה שלום** (שיקאַגאָ, תּר״ס), **דבֿרי שלום** (סט. לואיס, תּר״פּ), **דרך שלום** (תּרפּ״ו).

ר׳ שמואל אידלזאַק, געבאָרן 1862. פֿון 1894 ר״מ אין ראָוונע, 1899 — אין סלאַבאָדקע, איישישאָק א״אַ. פֿון 1925 אין ארץ־ישׂראל. בעל **דבֿרי שמואל** (תּ״א, תּש״א). ניפֿטר 1947.

ד״ר באָריס קאַגאַן, געבאָרן דאָ 1869. ייִדישער כּלל־טוער אין אַמעריקע, גענעראַל־דירעקטאָר פֿון „דזשאָינט״. קאָרעספּאָנדענט פֿון **וואָסכאָד**. געשטאָרבן אין 1929 אין אַרקאַדיע (קאַליפֿאָרניע).

ר׳ יהושע קלעוואַן, דאָ געבאָרן 1884. רבֿ אין זאַסקאָוויץ (1909־1915), געלוואַן. שפּעטער רבֿ אין בוירלינגטאָן (ווערמאָנט), פֿון 1936 אין וואַשינגטאָן.

ר׳ חיים־יוסף טראָפּ, דאָ געבאָרן 1892. פֿון 1930 ר״מ אין ישיבֿת חפֿץ־חיים אין ראַדין. 1940 אַרעסטירט געוואָרן דורך די סאָוועטן און אוטיאַן פֿאַר אָנפֿירן זײַן וואַנדערנדיקע ישיבֿה פֿון 50 תּלמידים. 1945 באַפֿרײַט געוואָרן אין סיביר. פֿון 1947 ר״מ אין חפֿץ־חיים־ישיבֿה אין ניו־יאָרק.

ר׳ אַבֿרהם־חיים טראָפּ, דאָ געבאָרן 1897. ר״מ אין ראַדינער ישיבֿה, שפּעטער ר״מ אין ישיבֿת יצחק־אלחנן אין ניו־יאָרק.

ר׳ ראובֿן בר׳ נפֿתּלי־צבֿי טראָפּ. דאָ געבאָרן 1904. ר״מ אין ישיבֿת חבֿרון. ניפֿטר 1953 אין תּ״א.

**שרײַבערס.** — חיים־ישׂראל זאַקס, געבאָרן 1867. געלעבט אין שאַוול. חבר פֿון המרכּז הציוני אין ליטע. געשריבן אַ סך מאמרים אין **אידישע שטימע** (קאָוונע). פֿון 1932 אין ארץ־ישׂראל. געשטאָרבן 1934 אין תּל־אָבֿיבֿ.

אַהרן באַראָן, געבאָרן 1886. עמיגרירט קיין אַמעריקע. פֿאַרן ערשטן וועלטקריג געדרוקט מוזיק־רעצענזיעס אין ניו־יאָרקער **טאָג** און **טאָג־מאָרגען־זשורנאַל**. געשטאָרבן 1953 אין ניו־יאָרק.

יהודה־לייב סעגאַל, געבאָרן

1910. פֿון 1915 אין פּרעטאָריע, דרום־אַפֿריקע. פֿון 1928 געשריבן לידער אין **דרום־אַפֿריקע**, אַרטיקלען און לידער אין דער **אַפֿריקאַנער אידישע צײַטונג**, האָט אויך אָנגעשריבן אַ פּיעסע **חורבן**, וואָס איז געשפּילט געוואָרן אין פּרעטאָריע.

אַ געוויסע צײַט האָט דאָ געלעבט דער העברעיִשער שרײַבער יהושע לעווינזאָן. דאָ האָט ער אָנגעשריבן אַ ליד לכּבֿוד משה מאָנטעפֿיאָרי, וואָס האָט זיך דאָ אָפּגעשטעלט אַ ווײַלע אויף זײַן וועג קיין פּעטערבורג. דער אָנהייב פֿון ליד: „הקשבֿ קול הקורא מיאַנישקי אליך, שגם שם הופֿעת בהוד פּניך.״

**קאָרעספּאָנדענטן. — המליץ:** אליעזר בר״ש קערבל, יהושע־דובֿ פּופּקאָ, אליעזר־זאבֿ דוניע, מאיר־דוד הערץ (אויך אין **הצפֿירה**); ברוך ראַבינאָוויץ — **הלבנון**; פּ.סח.[?] — **היום** (פּעטערבורג).

**ניכבדים.** — פֿון די 1860־1880ער יאָרן: ר׳ יהודה־לייב באַראַנאָווסקי, ניפֿטר צו 59 יאָר (אַ הספּד וועגן אים אין ב. וואַכשטיינס **מפֿתּח ההספּדים**).

ר׳ יעקבֿ שלאַפּאָבערסקי. אין הונגעריאָר 1869 זײַנען דאָ געווען בײַ 300 ייִדישע געליטענע פֿון הונגער. ער האָט געהאָלפֿן שאַפֿן אַן עפֿנטלעכע קיך.

ר׳ חיים־דובֿ קלאַצקין, זון פֿון ר׳ ישׂראל־איסר, אבֿ״ד האַנושישאָק, ליוועןהאָף (קורלאַנד); ד״ר ב. פֿרידמאַן.

ר׳ דוד קאַצענעלענבויגן, אָנהייב 1870 געלעבט אין מאָסקווע, ווו ער האָט געפֿירט גרויסע מיסחרים. נאָכן גירוש מאָסקווע (1891־1892) זיך אומגעקערט אין זײַן היימשטאָט יאַנישאָק, ווו געווען פֿון די חשובֿי העיר.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המגיד, 1869: 26; 1872: 15; ד.ט. אפֿרתי, תּולדות אנשי שם, תּרל״ה, ע׳ 42; בנימין ממַטה השקדים, חזון למועד. וויען, תּרל״ז, ע׳ 6; הצפֿירה, 1879: 3; ח. בראַווערמאַן, אנשי שם, א׳. וואַרשא, תּרנ״ב, ע׳ 24; המליץ, 1898: 188; 1900: 4; 1903: 90.

ש.י. יַצקן, רבנו אליהו מווילנא. וואַרשא, תּר״ס, ע׳ 23; ד״ר שמואל כּהן, אות ברית. קראקא, תּרס״ג, ע׳ 211; הדרך, פֿ״פֿ אַ/מ, תּרע״ג: 3, 5, 11; פּנקס יעקאַפּאָ, ווילנע, תּרצ״א, ז׳ 720; ש. גינזבורג, היסטאָרישע ווערק, 1. נ״י, תּרצ״ז, ז׳ 268; משה־מאיר ישר, דאָס לעבען און שאַפֿען פֿון חפֿץ־חיים. נ״י, תּש״ו, ז׳ 159.

תּולדות אנשי שם (ראַנד), ע׳ 60, 61, 116; ב. וואכשטיין, מפֿתּח ההספּדים, ע׳ 18; קהלת משה, נומ׳ 276; עיר ווילנא, 175; אהלי שם, 83, 91, 198, 338; לקורות עיר ראסיין, ע׳ כ״ח; ד. תּדהר, ע׳ 932; תּולדות ישיבֿת היהודים בקורלאנד, ע׳ 65, 120, 451; חכמי ישראל באַמריקאַ, ע׳ 12; לעקסיקאָן, 1, 6; יהדות ליטא, ג׳; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 3973; יזכּור־בוך סוּאוואַלק, ז׳ 132; לקורות עיר ראסיין, כ״ב; ספֿר היחס למשפּחת ריבלין. ע׳ 12.

J. Totoraitis, Sŭduvijos Suvalkijos Istorija. Kaunas, 1938, p. 320; Black Book.

## יאַנישקעל JONIŠKELIS

בירזשער קרײַז. דער אָנהייב פֿון ייִדישן ייִשובֿ איז אַרום סוף אַכצנטן יאָרהונדערט, 1810 איז דאָ ניפֿטר געוואָרן דער מקובל ר׳ מרדכי, פּאָקראָיער רבֿ, איינער

פֿון דער „אגודת חסידים שלשה חבֿרים״ אין זאַמעט (די אַנדערע צוויי: ר׳ משה טעלזער און ר׳ שמואל ראַסיינער).

צווישן 1876 און 1895 זײַנען געווען 13 יאָנישקעלער פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים: **זיר יצחק**, יוסף זונדל מבירז (ווילנא, תּרל״ו); **זכר חיים**, חיים־נתן בר׳ משה (וואַרשא, תּרנ״ה).

1889 האָט דער אָרטיקער פּויִלישער גראַף געעפֿנט עטלעכע קראָמען צו קאָנקורירן די ייִדישע קרעמערס.

1905 איז דאָ געווען רבֿ ר׳ שרגא־פֿײַוויש בר׳ מרדכי טוריץ, געבאָרן 1872. פֿון 1937 האָט דאָ פֿאַרנומען דעם כּסא־רבנות ר׳ יהודה־לייב סידערער.

אין 1923 האָבן דאָ געוווינט 162 ייִדן און פֿאַרן חורבן — אַרום 200, ייִדן האָבן זיך פֿאַרנומען מיט קרעמערײַ און מלאכה. בײַשטוביקע ווירטשאַפֿט (אַ קו, עופֿות, גאָרטן) איז געווען אַ צוגאָב צו חיונה.

1874 איז דאָ געבאָרן געוואָרן בנימין מילער. איינער פֿון די גרינדערס פֿון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין אַמע־ריקע. געשטאָרבן 1949 אין פֿילאַדעלפֿיע.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — אהלי שם, ע׳ 92; ספֿר הפּרע־נומעראַנטן, 3974. Black Book.

# יאַנעווע JONAVA

קאָוונער קרײַז. דער נאָמען פֿון שטאָט שטאַמט פֿון פּוילישן קעניג און ליטווישן גרויספֿירשט **יאַן** סאָביעסקי. אויפֿן אָרט, ווו עס געפֿינט זיך איצט יאַנעווע, איז אַ מאָל געווען אַ גרויסער הויף פֿון בישאָף יאָזעף קאָרווין־קאָסאַקאָווסקי און זײַן ברודער. דער נאָמען פֿון הויף איז געווען יאַנאָוואָ.

אין די 1770ער יאָרן איז אויסגעבראָכן אַ קריגערײַ צווישן די ברידער קאָסאַקאָווסקי און די בעלי־בתּים פֿון דעם דערבײַיִקן שטעטל סקאָרולאַ, אויף דער לינקער זײַט פֿון דער וויליע, אויפֿן נאָמען פֿון דעמאָלטיקן האַר פֿון אָרט סקאָרולסקי.

אין סקאָרולאַ האָבן דעמאָלט געלעבט בײַ 300 ייִדן, אַ סך פֿון זיי אַרבעטמענטשן: שמידן, פּליטניקעס, פֿישערס און בעלי־מלאכות. די קאָסאַ־קאָווסקיס האָבן צוגערעדט די ייִדן פֿון סקאָרולאַ, אַז זיי זאָלן אַריבערגיין וווינען צו זיי אין יאַנאָוואָ, אויף דער צווייטער זײַט וויליע. די ייִדן האָבן מסכּים געווען און געקראָגן אַ סך וויכטיקע הנחות: דאָס רעכט

צו האַקן האָלץ פֿון די וועלדער; געבויט פֿאַר זיי אַ בית־מדרש און אַ מרחץ, געגעבן אפֿילו אַ טייל שׂכירות פֿאַר אַ רבֿ און 3 דעסיאַטין ערד אויף אַ בית־עולם. יעדער ייִד האָט באַקומען זײַן נחלה אויף אייביק, מען האָט נאָר געדאַרפֿט געבן אַ קליינעם יערלעכן אָפּצאָל צו די פּריצים. אַלץ איז געחתמעט געוואָרן אין ספּעציעלע אָפּמאַכן. איין אָפּמאַך, פֿון 19טן נאָוועמבער, 1777, איז נאָך געפֿונען געוואָרן — ער איז גע־געבן צו אַבֿרהם שמולעוויץ. די אָנהייב־דאַטע פֿון ייִדישן ייִשובֿ אין יאַנעווע איז 1775.[1]

דער עקאָנאָמישער מצבֿ אין לעצטן פֿערטל פֿון נײַנצנטן יאָרהונדערט איז געווען אַ שלעכטער, מערסטנס צוליב נאַטור־קאַטאַסטראָפֿעס. אין 1877 איז געווען אַ שרעקלעכע פֿאַרפֿלייצונג, אין 1895 און 1904 — גרויסע שׂריפֿות. צו העלפֿן די נשׂרפֿים האָט מען גענומען מערערע טויזנט רובל פֿון קאַראָבקע. אין 1881 איז געשאַפֿן געוואָרן אַ „תּמחוי" (אומזיסטע קיך) פֿאַר ייִדישע אָרעמעלײַט „בעת הנוראה הזאת" — אַזוי ווערט געזאָגט אין באַריכט.

אין 1884 האָבן 60 אַרומיקע פּריצים געעפֿנט אַ קאָאָפּעראַטיווע קראָם, וואָס האָט אַ סך געשעדיקט די ייִדישע קרעמערס. 1887 איז אויך געפֿאַלן דער וויכטיקער תּבֿואה־מיסחר, וואָס איז מער־סטנס געלעגן אין ייִדישע הענט. 1889 איז געווען אַ גרויסע ייִדישע עמיגראַציע. אין 1894 אַליין האָבן אויסגעוואַנדערט 150 ייִדן פֿון שטאָט.

אין אַ באַריכט פֿון 1895 זאָגט זיך, אַז דער עקאָנאָמישער מצבֿ פֿון די ייִדן איז אַ שלעכטער. די לאַגע פֿון די ייִדישע סוחרים פֿון דער ערשטער גילדע — געווען 13 אַזעלכע — איז אַ גוטע, אָבער דער מצבֿ פֿון די איבעריקע ייִדישע סוחרים איז אַ געדריקטער. דאָ אַ סך ייִדישע בעלי־מלאכות, אָבער זיי שלאָגן קוים אויס אויף אָרעמער חיונה. נאָר די גוטע ייִדישע סטאָלערײַ בײַ מעבל־אויסאַרבעטונג באַצאָלט זיך גוט. די ייִדישע וואַסער־מענטשן, „סטירניקעס", וואָס זייער צאָל איז געווען אַ גאַנץ קענטיקע און זיי פֿלעגן פֿאַרדינען 10־12 רובל אַ וואָך פֿאַר לאָזן פּליטן אויף דער ווילִיע, לײַדן שטאַרק פֿון דעם, וואָס מען האָט אויסגעהאַקט די וועלדער אַרום. דאָס זעלביקע האָט גע־טראָפֿן דער גרויסער צאָל בעלי־עגלות, וואָס זייער פּרנסה איז געשעדיקט געוואָרן צוליבן בוי פֿון דער באַנליניע ליבאַווע־ראָמנע. אין די שפּעטערדיקע יאָרן איז יאַנעווע געווען פֿון די בעסער עקאָנאָמיש־סיטויִרטע קהילות אין ליטע.

יאַנעווע האָט דורכגעמאַכט דעם גירוש־ליטע אין 1915. די אָרטיקע מאַכט האָט — אַנדערש ווי אין די איבעריקע שטעט — אַרויסגעוויזן אײַנזעעניש מיט די

1) אין איין מקור ווערט אָנגעגעבן, אַז 1522 איז שוין געווען דאָ אַ ייִשובֿ. דאָרטן זײַנען געווען צוויי בית־עולמס, וואָס איינער איז שפּעטער געוואָרן אַ פֿאַשעפֿעלד. אויב יאָ, איז יענער ייִשוב חרובֿ געוואָרן אָן שפּורן.

ייִדן. דער מיליטערישער קאָמענדאַנט אין שטאָט איז אַרויסגעטראָטן קעגן די פֿאַרשפּרייטע שפּיאָנאַזש־העצעס קעגן ייִדן און געזאָגט: „דאָ זײַנען ניטאָ קיין ייִדן און ליטווינער, נאָר רוסישע בירגערס.״ די פּאָליציי האָט פֿאָרגעלייגט די ייִדן צו מאַגיניזירן זייערע סחורות אונטער איר השגחה.[2]

דער הויפּטנערוו אין דער ייִדי־שער עקאָנאָמיק איז געווען דער האָלצהאַנדל, תּבֿואה־מיסחר און באַזונדערס די מעבל־פֿאַבריקאַציע, וואָס איז געווען באַקאַנט ווײַט איבער די גרענעצן פֿון ליטע. דאָס האָט באַשעפֿטיקט הונדערטער ייִדישע אַרבעטערס. געווען אויך אַ סך ייִדישע בעלי־מלאכות. אַ צוגאָב־חיונה — און אַ מאָל אויך די הויפּט־פּרנסה — זײַנען געווען בײַשטוביקע לאַנדווירטשאַפֿט און נאָך מערער בײַשטוביקע גערטנערײַ און סעדערײַ. ייִדן האָבן געהאַט אַ סך פֿעלדער און גערטנער אַרום פֿאַרן ערשטן וועלט־קריג און אויך נאָכדעם.

*

אין 1847 האָבן דאָ געוווינט 813 ייִדן, 1895 — 3070 (אַלגעמיינע צאָל — 3350), 1897 — 3975, 1923 — 2701 און פֿאַרן חורבן — בײַ 3000. האַרט לעבן שטאָט האָבן געלעבט 171 ייִדן און 21 אין אַ דערבײַיִק אָרט, וואָס זײַנען סטאַטיסטיש ניט צוגערעכנט געוואָרן.

יאַנעווע האָט געהאַט אַ שטאַרקן ייִדישן אַרבעטנדיקן עלעמענט, און דער „בונד״ האָט דאָ אויסגעבויט פֿעסטע פּאָזיציעס סוף 18טן און ערשטן צענדליק פֿון 19טן יאָרהונדערט. אין די אומלעגאַלע בונדישע אויסגאַבעס זײַנען דאָ אָפֿטע קאָרעספּאָנדענציעס וועגן דער טעטיקייט פֿון יאַנעווער „בונד״. ער האָט דאָ געהאַט אַ גוט־אָרגאַניזירטע חֶבֿרה, אַז אַפֿילו פֿון אַרומיקע ערטער פֿלעגט מען זיך ווענדן נאָך הילף אין אַן עת־צרה. אין 1902 איז געווען אַזאַ פֿאַל מיט קיידאַן, ווו די פּאָליציי האָט געהאָלפֿן כוליגאַנעס ברעכן אַ שטרײַק. די געקומענע יאַנעווער האָבן אין אָוונט אַזוי צעמזיקט די פּאָליציסטן, אַז זיי זײַנען צעבלוטיקטע אַנטלאָפֿן.

דער „בונד״ האָט זיך אויך געמישט אין אַלגעמיין־ייִדישע ענייִנים פֿון שטאָט. אין 1902 האָט דער יאַנעווער פּריסטאַוו שטאַרק צעשלאָגן סתּם אַ ייִדן, יאַנקל ראַקער. די מישפּחה האָט געפֿאָדערט פֿון די קהלשע פֿירערס אָנצוקלאָגן דעם פּריסטאַוו, וואָס האָבן מורא געהאַט דאָס צו טאָן. זײַנען ייִדישע אַרבעטערס געקומען שבת אין שול, מעכּבֿ געווען דאָס דאַוונען און געפֿאָדערט אָנקלאָגן דעם פּריסטאַוו. עס איז אויסגעבראָכן אַ גרויס געשלעג, אָבער דער סוף איז געווען, אַז דער פּריס־טאַוו איז געבראַכט געוואָרן צו אַ מישפּט.

מיטן אויפֿקום פֿון ציוניזם און די ציוניסטישע אַרבעטער־פּאַרטייען, איז די פּאָליטיש־געזעלשאַפֿטלעכע דאָמינאַציע אין היגן ייִדישן לעבן אַריבער צו זיי. אין

2) וועגן גירוש־יאַנעווע איז דאָ אַ סך אין רשומות, ב׳ (ת״א).

1898 איז דאָ געשאַפֿן געוואָרן אַן „אגודה ציונית". אין זעלביקן יאָר זײַנען אָרגאַניזירט געוואָרן די „בנות ציון". זייער פֿירערין איז געווען צביה־לאה, טאָכטער פֿון ר׳ נפֿתלי אײַזענשטאַדט, זון פֿון בעל „פּתחי תּשובֿה". זי איז געשטאָרבן אין 1899. אירע מיטהעלפֿערס זײַנען געווען די פֿריילנס סעגאַל און דאָראָ בערזיניצקי. אין צוויי רשימות מנדבֿים (פֿון 1898 און 1903) פֿאַרן פֿאָנד צו בויען ארץ־ישׂראל געפֿינען זיך אַ סך יאַנעווער. דער מורשה: שמריה שטערן.

בײַ 200 יאָר פֿאַר חיבת־ציון זײַנען יאַנעווער שוין געווען אין ארץ־ישׂראל. איינער פֿון די שליחי האַשכּנזים אין ירושלים אין 1701 און 1712 איז געווען „האלוף כּמהו״ר אַבֿרהם יאַנ[ע]־ווער" (יאַנעווע נאָענט צו קאָוונע), פֿון די מַנהיגי האַשכּנזים אין ירושלים. ניפֿטר געוואָרן 1712 בדרך שליחותו. איינער פֿון יענער תּקופֿה אין ירושלים איז געווען ר׳ שׂמחה יאַניוער. האָט געמאַכט ציורים פֿון ארץ־ישׂראל.

**רבנים.** — ר׳ אַבֿרהם יאַנעווער [ברודא], געווען אויך רבֿ אין סעריי. אַרום 1750־1760ער. מחותּן פֿון ווילנער גאון [פּרטים: סעריי, רבנים].

ר׳ יהושע־העשל בר׳ ברוך עליאַשזאָן, דאָ געבאָרן 1799. פֿריִער רבֿ אין שאַקי, דערנאָך יאַנעווע, זעזמער, ווילקי, סווענציאַן, און פֿון 1867 אין סייני, וווּ ניפֿטר 1871. זײַן פֿרוי איז די באָבע פֿון העברעיִשן שרײַבער אליעזר־אליהו פֿריד־מאַן. צוליב זײַן פֿענאָמענאַלן זכּרון גערופֿן „ר׳ העשל די אײַזערנע קאָפּ". גרויסער קעגנער פֿון דער מוסר־באַוועגונג און געקעמפֿט קעגן איר. ווען ר׳ ישׂראל סאַ־לאַנטער פֿלעגט קומען ערגעץ האַלטן דרשות, פֿלעגט ר׳ יהושע־העשל קומען דערנאָך מיט אַ דרשה קעגן מוסר. האָט הסכּמה אויף **יד יצחק** פֿון יצחק צבֿי הכּהן (ווילנא, 1867). ער האָט שטאַרק געליטן פֿון קהל און סוף־סוף איז אויסגעבראָכן אַ מחלוקת צווישן זיי. איינע פֿון די הויפּט־סיבות: די רביצין איז געווען זייער אַ שיינע און דער רבֿ פֿלעגט גיין מיט איר שפּאַצירן — אַ זאַך, וואָס איז דעמאָלט ניט געווען אָנגענומען בײַ ייִדן.

ר׳ אַלכּסנדר־משה לפּידות, גע־באָרן 1819 אין ווילנע. פֿון אַרום 1836, דערנאָך רבֿ אין אַ פֿאָרשטאָט פֿון גראָדנע, שפּעטער 40 יאָר אין ראַסיין,וווּ ניפֿטר געוואָרן 1906. מחבר פֿון מערערע ספֿרים (פּרטים — ראַסיין).

ר׳ חיים־יהושע הכּהן בר׳ ראובֿן בלומענטאַל, פֿון 1857 ביז 1867. פֿריִער אבֿ״ד מאַריאַמפּאָל און לאַזדייַ, ר״מ ומו״צ אין ביאַליסטאָק און נאָך יאַנעווע רבֿ אין קאַמעניץ דליטא ביז 1880. ניפֿטר אין בריסק דליטא. אייניקל פֿון ר׳ מענדל ראַצקער.

ר׳ יוסף זונדל, פֿריִער רבֿ אין קראָק, דערנאָך יאַנעווע און פֿון 1887 אַ פּאָר צענדליק יאָר אין בירזש.

ר׳ יצחק ליפּקין, זון פֿון ר׳ ישׂראל סאַלאַנטער, רבֿ אין קראָזש, יאַנע־

וועגן פּראָשניץ, שפּעטער עולה געווען קיין א״י.

ר׳ משה־אַריה־הלוי, פֿון אַן ערך 1874 ביז 1892, ווען ניפֿטר געוואָרן. האָט הסכּמה אויף **חפֿץ חיים** (ווילנא, 1873). פֿאָטער פֿון ר׳ שמואל־צבֿי ווײַן, רבֿ אין ניו־יאָרק.

ר׳ חיים בר׳ אַבֿרהם סג״ל (ר׳ אַבֿרהם ראַצקער), געבאָרן 1845 אין סלאַבאָדקע. פֿריִער רבֿ אין סודאַרג, ראַצק (סוואַלקער גובערניע) און פֿון 1892 ביז 1914 אין יאַנעווע, ווו ניפֿטר געוואָרן. אַ גאון בדורו און אַ סך פֿלעגן קומען נעמען סמיכה בײַ אים, בעל **אורח לחיים** (ווילנא, תּרל״ט). זײַנע חידושי תּורה געפֿינען זיך אויך אין **תּשובֿה שלמה** פֿון חיים־פֿישל עפּשטיין (פּיעטרקובֿ, תּרע״ד). ער האָט אַ סך הסכּמות אויף ספֿרים: **הגיוני א״ב**, אַבֿרהם דובער גאָלדענזאָהן (וואַרשע, תּרנ״ט); **בני גרשון**, גרשון ליפּשיץ (ווילנא, תּרנ״ט); **ברית יצחק**, יצחק איזעקסאָן (ווילנא, תּרס״ב); **פּסקי הלכות המרדכי**, מרדכי שאַטץ (וואַרשע, תּרס״ב); **נפֿש הגר**, מרדכי לעווענשטיין (פּיעטרקובֿ, תּרס״ו); **מנהגי ישֻׁרון**, אַבֿרהם־אליעזר הירשאָוויץ (ווילנא, 1914) און זײַן **אוצר כּל מנהגי ישֻׁרון המשֻׁכלל** (סט. לואיס, 1917).

ר׳ חיים־יצחק בר׳ משה־יחיאל שילמאַן, געבאָרן 1877 אין זעזמער. פֿון 1918 ביז 1930, ווען ניפֿטר געוואָרן. בעל **זרע יצחק** (קיידאַן, תּרצ״ד).

ר׳ נחום־ברוך בר׳ צמח־דוד גינצבורג, געבאָרן 1882 אין פּאָנעוועזש. רבֿ אין אופּינע, וואַרזשאַן, קיבאַרט און פֿון 1930 אין יאַנעווע, ווו אומגעקומען 1941, הי״ד. געגרינדעט אַ ישיבֿה. לעצטער **נשׂיא** פֿון אגודת הרבנים בליטא. בעל **מקור ברוך** (קיידאַן, תּרפּ״ה־תּרצ״א). האָט חידושי־תּורה אין סלאַבאָדקער **כּנסת ישׂראל**.

ר״מים: ר׳ יהודה גאַרפֿינקל; ר׳ מענדל טײַץ, הי״ד.

אַהרן יאָנאַטאַנזאָן, מחבר פֿון **כּלי שיר** (ווילנא, תּרנ״ד), מלמד פֿון תּנ״ך, לשון־קודש און דײַטש. אויך גערופֿן: אַהרן שקודער.

צווישן 1839 און 1913 זײַנען געווען 30 יאַנעווער פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

**אָפּשטאַמיקע.** — ר׳ אַבֿרהם־אַבא שלאָמאָוויץ, געבאָרן 1852. פֿון 1888 רבֿ אין אוטיאַן, 1894 — אין סוואַדאָשטש. געגרינדעט אַ ישיבֿה אין אוטיאַן. מחבר פֿון **נגה אש** (ווילנא, תּרנ״ו). ניפֿטר 1906 אין ווילנע.

ר׳ מרדכי־יצחק בר׳ שמואל־נפֿתּלי־הירש עפּשטיין, געבאָרן 1857. 1893 רבֿ אין זיים, פֿון 1902 רבֿ אין שעפֿילד (ענגלאַנד). פֿאָטער געווען אב״ד גירטעגאָלע.

ר׳ שלמה־דוד כּהנא, געבאָרן אין 1869. איידעם פֿון וואַרשעווער ראב״ד ר׳ שמואל־זײַנוול קלעפּפֿיש. 1895 פֿאַרנומען זײַן שווערס אָרט. זיך פֿאַרשאַפֿט אַ נאָמען דורך זײַנע תּשובֿות, בייִחוד וועגן עניָנים פֿון עגונות. האָט געשאַפֿן אַ „לשכּה לעניני עגונות״, וואָס האָט געהאָלפֿן טויזנטער

עגונות נאָך דער ערשטער וועלט־מילחמה. געווען נשיא פֿון „אגודת־ישׂראל" אין פּוילן. 1940 אַוועק קיין ירושלים, ווו געווען רבֿ און ראש־ישיבֿה.

אַבֿרהם מאירסאָן, געבאָרן 1881, פּראָפֿעסאָר אויף נוראָלאָגיע אין האַרוואַרד־אוניווערסיטעט. אויטאָר פֿון גרונטביכער אויף זײַן געביט. געשטאָרבן 1948 אין ברוקלין.

ר' זלמן פּערצאָווסקי, געבאָרן 1900, לעצטער רבֿ פֿון קופּישאָק, הי"ד.

ר' יחזקאל יאַנעווער, באַוווסטער חסיד, 20 יאָר משולח פֿון רש"ז פֿון קאַפּוסט. ווען ער איז קראַנק געוואָרן אויף די פֿיס, האָט דער קאַפּוסטער אדמו"ר אים אויסגעהאַלטן בעתן זיצן אין גריווע, ווו ער האָט געלערנט תּלמידים, ווי צו אַרבעטן פֿאַר חסידות.

ר' חיים־בער בר' יוסף־משה וואַרשאַווסקי, רבֿ אין ברוקלין אין פֿאַרשיידענע קאָנגרעגאַציעס.

דוד כּהן, דאָ געבאָרן 1901. מאָלער פֿון ייִדישן רעליגיעזן לעבן און ייִדישע פֿאָלקסמענטשן. אומגעקומען 1941, הי"ד.

מיט יאַנעווע האָבן אַ שײַכות: א.ד. גאָלדענזאָהן, **הגיוני א"ב** (וואַרשא, תּרנ"ט); מ. לעווענשטיין, **נפֿש הגר** (פּיעטרקובֿ, תּרס"ו); צבֿי־הירש בר' יצחק מיאַנאָווע (פּיעטרקובֿ, תּרס"ט).

**שרײַבערס.** — מאָריס ווינטשעווסקי, אָריגינעלער נאָמען ליפּע בן־ציון נאָוואַכאָוויץ. געבאָרן 1856. געלעבט צוועלעכע יאָר אין רוסישע שטעט, 15 יאָר אין לאָנדאָן און פֿון 1893 אין ניו־יאָרק. דער זיידע פֿון דער ייִדישער סאָציאַליסטישער ליטעראַטור. געשריבן דערציילונגען, דראַמעס, אַרטיקלען, פֿעליעטאָנען, אָבער דאָס בלײַביקסטע און השפּעהדיקסטע זײַנען זײַנע לידער, כּמעט אַלע פֿון סאָציאַלן אינהאַלט. ער האָט תּחילת געשריבן אין העברעיִש, אַפֿילו נאָך אין די 1920ער יאָרן, אָבער זײַן הויפּטשאַפֿונג און אַלע זײַנע ביכער זײַנען אין ייִדיש. ער האָט אויך געשריבן לידער אין ענגליש. פֿון זײַנע ביכער: **בן־נצס פֿאָלקס־געדיכטע** (לאָנדאָן, 1885), **יהי אור!** (נוּאַרק, 1890), **לידער און געדיכטע** (נ"י, 1910), **מאָריס ווינטשעווסקיס שריפֿטן** (נ"י, 1920), **קאַמפֿס־געזאַנגען** (מינסק, 1924), **געזאַמלטע ווערק** (נ"י 1927/28, 10 בענד) **געקליבענע ווערק** (מינסק, 1935) און אַנדערע. געשטאָרבן 1932 אין ניו־יאָרק.

ד"ר ישׂראל דאַווידזאָן, געבאָרן 1870. פֿון 1888 אין אַמעריקע. פּראָפֿעסאָר פֿון העברעיִשער ליטעראַטור אין מיטלעלטער אין ניו־יאָרקער ייִדיש טעאָלאָגישן סעמינאַר. געשריבן אויך קריטישע עסייען וועגן שרײַבערס און ביכער און פֿאַרשערישע אַרבעטן וועגן תּנ"ך. האָט אויך געפֿאָרשט די פּיוטים פֿון דער „גניזה". פֿון זײַנע ווערק: **ספֿר מלחמות ה'** (נ"י, תּרצ"ד), **פּיוטים ושירים מן הגניזה במצרים** (נ"י, תּרפ"ח), **אוצר השירה והפיוט**, מזמן חתימת כּתבֿי הקודש עד ראשית תּקופֿת ההשׂכּלה ושירי קודש עד זמננו (נ"י,

תּרפ״ה־תרצ״ג), **אוצר המשלים והפּתגמים מספרות ימי־הבינײם** (ירושלים, תּשי״ז). אין ענגליש אַרויסגעגעבן 1907 אַ בוך מיט איבער 500 העברעיִשע פּאַראַדיעס. געשטאָרבן 1939 אין ניו־יאָרק.

יעקבֿ גינצבורג, געבאָרן 1870. פֿון 1890 אין פֿילאַדעלפֿיע. בײַ 40 יאָר אַרויסגעגעבן דאָרטן די יידישע טאָגצײַטונג **אידישע וועלט** (1914־1942). מחבר פֿון העברעיִשן לידערבוך **כּנף רננים** (פּיטסבורג, 1892). געשטאָרבן 1944 אין פֿילאַדעלפֿיע.

אַבֿרהם־שלמה וואַלדשטײן, געבאָרן 1874. פֿון 1896 אין אַמעריקע, וווּ געקראָגן זײַן ד״ר־טיטל אין סאָציאַלע וויסנשאַפֿטן. פֿון 1912 ביז 1925 אין ארץ־ישׂראל און — מיט אַן איבעררײַס פֿון 4 יאָר אין נ״י — שוין פֿאַרבליבן דאָרטן ביז זײַן טויט אין ירושלים אין 1932. געשריבן אין יידיש, העברעיִש און ענגליש וועגן סאָציאַלע און אַרבעטער־פּראָבלעמען. אַ צײַט געווען מיטרעדאַקטער און רעדאַקטער פֿון **אידישער קעמפֿער** (נ״י). אויטאָר פֿון צוויי ענגלישע ביכער וועגן דער מאָדערנער העברעיִשער ליטעראַטור (1916) און מאָדערנעם פּאַלעסטינע (1927). איז אויך מחבר פֿון ענגליש־העברעיִשע און העברעיִש־ענגלישע ווערטערביכער.

נתן יאַנאָסאָוויטש, געבאָרן 1892. געשריבן מאמרים אין די קאָוונער יידישע צײַטונגען וועגן דער געשיכטע פֿון יידן אין ליטע. 1941 אומגעקומען אין סלאַבאָדקער געטאָ.

דוב זיסלע (גזית), געבאָרן 1897. פֿון 1924 אין ארץ־ישׂראל. געווען לערער אין שולן פֿון „זרם העובֿדים״ און פֿון 1940 זייער מפֿקח. געדרוקט מאמרים און סקיצעס וועגן חינוך־ענײנים. מחבר פֿון **תּולדות ההתישבות החקלאית** (תּשכ״ב), און **תּלמי חינוך** (תּשכ״ג). מיטמחבר פֿון ביכער וועגן „תּורת הצומח״ און „תּורת החי״. געשטאָרבן 1960 אין גבֿעתיים.

איזי שאַפּיר (אײַזיק שליאַ־פּאָטשניק), געבאָרן 1905. פֿון 1923 אין אַרגענטינע. פֿאַרעפֿנטלעכט דערציילונגען אין **נײַ־וועלט, די פּרעסע, דרום־אַמעריקע, אויפֿגאַנג, אין גאַנג**. זײַן פֿאָטער איז געווען פֿעלדשער אין יאַנעווע.

נוח שטערן, געבאָרן 1912. פֿון 1935 אין ארץ־ישׂראל. פֿון 1924 — שוין צו צוועלף יאָר — זײַנען געדרוקט געוואָרן זײַנע לידער און סקיצעס אין די קאָוונער **נתיבֿות** און **הד ליטא**, שפּעטער אין אַמעריקע און ארץ־ישׂראל. מחבר פֿון **בין ערפּלים** (ת״א, תּשכ״ו) און צוויי ביכער איבערזעצונגען. לעצטע יאָרן געליטן פֿון מרה־שחורה און 1960 באַגאַנגען זעלבסמאָרד.

**קאָרעספּאָנדענטן. — המליץ:** יצחק גאַלינסקי, דוד־יצחק קאָנגיסער (און אויך אַרטיקלען, טייל פֿון פּעטערבורג, י.ק.= קאָנגיסער), חיים־צבֿי אַבראַמסאָן, שי״ר [?], מ.צ. ברוידע, יצחק מינץ, אַבֿרהם ווייצשטיין (= א. וו״ש); ליפּאַ גלינסקי מיאַנאָוואַ — **כּנסת ישׂראל**, תּרצ״ט.

ישעיה קאָלביאַנסקי, 1892, פֿון 1950 אין פּאַריז. מאָלער.

**ניכבדים.** — ר׳ יעקבֿ־יאָקל

הכּהן בר׳ יוסף־משה־שׂמחה ראַפּאָפּאָרט; מאיר דרואָצער, געשטאָרבן 1872, געלאָזן נדבֿות פֿאַר אַלע סאָציאַלע מוסדות, פֿאַר תּלמוד־תּורה אַליין 1500 רובל.

יהושע־העשל מײלעכאָוויטש, נדבֿן. געשיקט נדבֿות אויך פֿון אירקוטסק (סיביר), וווּ געשטאָרבן אין 1879; צבֿי־יהודה בראַגאָווסקי, משׂכּיל, למדן, עסקן.

שמואל־לייב בוראַק, נדבן; ברוך בראַמזאָן, אלימלך בראַגאָווסקי — ביידע מיטגלידער פֿון „מקיצי נרדמים".

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המגיד, 1874: 4; המליץ, 1879: 4; 1881: 10, 25; 1895: 75; 1898: 4; 1899: 229; פּאַסלעדניאַ איזוועסטיאַ, 1902: 22/8, 22/10; 1903: 90; א.א. פֿרידמאַן, ספֿר הזכרונות. ת״א, תרפ״ו, ע׳ 40; א.ש. הערשבערג, פּנקס ביאַליסטאָק. נ״י, 1949, ז׳ 376; בחינות, ירושלים, תּשי״ז: 11; עיר ווילנא, 116; תּולדות ישיבֿת היהודים בקורלאַנד. ע׳ 69, 471;

אלה אזכּרה, ב׳, 149; דורות האחרונים, ב׳, 274; אנציקלופדיה של גלויות, כּרך וַרשה, ע׳ 305; יזכּור־בוך סואוואַלק, 174, 179. „ליטע", I. ז׳ 90, 1580; ד. תּדהר, 986; „ליטע", II. ז׳ 111; י.ד. קמזונס יהדות ליטא; לעקסיקאָן, 2, 3, 8; ג. קרסל, 1; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 3981; יהדות ליטא, א׳, ג׳; ב. כּהנס לעקסיקאָן, ז׳ 516. Black Book

## יאַסווען JOSVAINIAI

קיידאַנער קרײַז. דער אָנהייב פֿון ייִדישן ייִשובֿ איז אַרום לעצטן פֿערטל פֿון 18טן יאָרהונדערט.

אין 1831 איז אויסגעבראָכן אַ גרויסע חלירע־מגיפֿה. געוועז אַ סך מתים. אַזוי איז פֿאַרשריבן אין פּינקס פֿון דער חבֿרה קדישא.

אין 1896 איז דאָ געשאַפֿן געוואָרן אַ „ביקור־חולים ולינת הצדק". דער הַכנסת־אורחים האָט גוט געאַרבעט. אין 1898 איז געווען אַ גרויסע מחלוקת צוליב אַ רב — געווען דעמאָלט צוויי רבנים.

אין 1895 האָבן דאָ געוווינט 300 ייִדן, 1897 — 534, 1923 — 341, פֿאַרן חורבן — בײַ 270. נאָך פֿאַרן גירוש־ליטע אין 1915 זײַנען פּויערים באַפֿאַלן די ייִדן, גערויבט ייִדישע קראָמען און דירות.

ייִדן האָבן זיך פֿאַרנומען מיט מיסחר, קרעמערײַ, מלאכה. אַ גרויסער טייל האָט געהאַט צוגאָב־פּרנסה פֿון בײַשטוביקער גערטנערײַ.

**רבנים.** — ר׳ אליעזר הכּהן, דאָ געבאָרן אַרום סוף אַכצנטן יאָרהונדערט. רבֿ אַרום די 1830ער יאָרן. עולה געווען קיין ירושלים אין 1845 און אין זעלביקן יאָר ניפֿטר געוואָרן.

ר׳ שמואל בר׳ ישׂראל סג״ל לעווינסאָן, אַרום די 1840־1860ער. איידעם פֿון ר׳ יהודה־לייב אָפּפּענהיים, אבֿ״ד גיר־טעגאָלע. האָט הסכּמה (פֿון תּר״ח) אויף **הגדה** עם ביאור „תּקות ישׂראל" פֿון ברוך עלילזאָהן (וואַרשא, תּרכ״ח). אויף דער הסכּמה זאָגט זיך: „שמואל בר׳ ישׂראל סג״ל הרב דיאַסווין." ניפֿטר געוואָרן 1881. אויפֿן שער פֿון זײַן ספֿר **זכרון שמואל** (ווילנא, תּרמ״ה) זאָגט זיך: „נפֿטר זה אַרבע שנים". זײַנע זין: ר׳ משה הלוי, אבֿ״ד יור־בורג; ר׳ ישׂראל־צבֿי, אבֿ״ד לידז (ענגלאַנד).

ר׳ נפֿתּלי אַמשטערדאַם, געבאָרן 1832 אין סאַלאַנט. 1867־1876 רבֿ אין העלסינגפֿאָרס, אַ פּאָר יאָר מו״צ אין פּעטערבורג און פֿון די 1880ער יאָרן אב״ד יאַסווען, שפּעטער אַלעקסאָט. 1902 עולה געווען קיין ירושלים, וווּ ער האָט פֿאַרשפּרייט תּורה־מוסר פֿון זײַנע רביים ר׳ זונדל און ר׳ ישׂראל סאַלאַנטער. זײַנע אַ תּשובֿה געפֿינט זיך אין **פּרי יצחק** פֿון יצחק בלאַזער (ווילנא, תּרמ״ה, דף צ״א). ניפֿטר 1916 אין ירושלים.

ר׳ אַבֿרהם־מאיר בר׳ יעקבֿ רובינשטיין, געבאָרן 1862, אַ פּירטער דור פֿון הגאון ר׳ רפֿאל האַמבורגער. פֿון 1892 אב״ד גירטעגאָלע, שפּעטער אב״ד יאַסווען, ביז אַרום 1915. אין אַ רשימה פֿון יאַסווע־נער בײַשטײַערערס פֿאַרן „קרן האגודה" אין 1912 איז דאָ זײַן נאָמען. בעל **בית אַבֿרהם** (פּיעטרקובֿ, תּרס״ז, ח״ג תּרע״ג),

ר׳ יצחק־אליהו גפֿן, פֿריִער אב״ד ריטעווע; ר׳ אַבֿרהם־דובֿ טירנא, לעצטער רבֿ, הי״ד. מחבר פֿון **חנוך הבנים** (קיידאַן, 1924).

אין 1874 און 1878 זײַנען דאָ געווען 7 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

**אָפּשטאָמיקע.** — ר׳ יצחק־מיכל אליהו הכּהן, דאָ געבאָרן אין 1839. זון פֿון ר׳ אליעזר, אב״ד יאַסווען. עולה געווען מיטן פֿאָטער קיין ירושלים, וווּ ניפֿטר געוואָרן 1914. איינער פֿון די אַרויסגעבערס און מיטרעדאַקטער פֿון **הלבנון** און **אַריאל**; ר׳ זאבֿ ראַפּייקאַ, רבֿ אין ערזשוויליק.

יצחק אַניקשט, דאָ געבאָרן 1870. פּעדאַגאָג, ציוניסטישער עסקן, דעלעגאַט צו אַ פּאָר ציוניסטישע קאָנג־רעסן. געשריבן מאמרים אין **המליץ**. אומ־געקומען 1941 אין קאָוונער געטאָ, הי״ד.

דובֿ קאַגאַן האָט געשריבן קאָרעספּאָנדענציעס אין **הצפֿירה**; אַבֿרהם־שמעון ראַפּייקאַ האָט געשריבן חידושי־תּורה אין סלאַבאָדקער **כּנסת ישׂראל**.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — הצפֿירה, 1896: 82; המליץ, 1898; הדרך, פ״פ אַ/מ, תּרע״ג: 3; צבֿי־אַבֿרהם איש־שלום, רוסין [ראַסיין], תּרפ״ג, ע׳ 16; א.ל. פֿרומקין, תּולדות חכמי ירושלים. ירושלים, תּרפ״ט, ע׳ 267; ד.מ. ליפּמאַן, לתּולדות היהודים בליטא־זאַמוט. קידן, תּרצ״ד, ע׳ 47; שערים, ב׳ אדר א׳ תּשכ״ה. ספֿר הפּרע־נומעראַנטן, 3992; יהדות ליטא, א׳, ג׳; אהלי שם, ע׳ 92; 72? לקורות עיר ראַסיין, ע׳ כ״ד; ד. תּדהר, א׳, ע׳ 373. Black Book

# יורבורג JURBARKAS

ראַסיינער קרײַז. אַנדערע פֿלעגן עס רופֿן יורבאַריק, יורבעריק. אויף אַ מצבֿה פֿון 1888 איז דאָ: יורבורג. מיט הונדערטער יאָרן פֿריִער ווערט שוין יור־

בורג דערמאָנט אין רבנישע ספֿרים. אין דײַטש: געאָרגענבורג. יורבורג איז איינע פֿון די עלטסטע ייִשובֿים אין ליטע, האָט געהערט צום קיידאַנער גליל פֿון „ועד ליטא״. דאָס מיינט, אַז דאָ האָט שוין עקסיסטירט אַ קליינע ייִדישע קהילה אין ערשטן פֿערטל פֿון 17טן יאָרהונדערט (די פֿאַקטישע גרינדונג פֿון „ועד ליטא״ איז געווען אין 1623). אָבער ייִדן האָבן דאָ שוין געלעבט אַ צײַט פֿריִער.

אין די שו״ת מהר״ם מלובלין (סימן ז׳) רעדט זיך וועגן אַן עגונה „אשת של כמר יהודה בר כתריאל אחיו של אשת כמר נתן המכונה קרפל״, וואָס איר מאַן איז געהרגעט געוואָרן אין יורבורג. די ערשטע גבֿיית עדות איז פֿון שנ״ג [1593] און די צווייטע פֿון שנ״ז [1597].

דער צווייטער עדות דערציילט: „אויף דען מֶכֶס [שטײַערן־מאָנונג] צו יורבר״ג האָב איך אימר דאָרן [דאָרטן] געהערט מן כמה עכו״ם לפי תומם דר [דאָס] דער פאיוול [פֿאַוועל] האָט הורג גיוועזין כמר יודא הי״ד . . . אחיו של קרפל אונ׳ זײַן אייגנער אייד׳[ים] האָט מיר געזאָגט . . . אונ׳ צו יורבר״ג איז דאָש גאַנץ מקום פול דז פאוויל האָט הורג גיוועזין כמר יודא הי״ד״. פֿון דעם איז צו זען, אַז שוין אין לעצטן פֿערטל פֿון **זעכצנטן** יאָר־הונדערט האָבן דאָ שוין געלעבט ייִדישע מישפּחות (די ציטירטע ווערטער זײַנען פֿון ד״ר מרדכי קאָסאָווער אין „ליטע״, I.).

דער בעסטער באַווײַז אויף דער אַלטקייט פֿון יורבורגער ייִדישן ייִשובֿ וואָלט געקענט זײַן די אָרטיקע באַרימטע שול מיט איר שענסטן אָרון־קודש אין ליטע, וואָס ווערט אָנגעגעבן דאָ און דאָרטן, אַז זי איז 400 יאָר אַלט (פֿון 1930). עס איז אָבער אַ שטאַרק ספֿקדיקער מקור. ס׳איז דאָ אַ מחלוקת צווישן גרויסע אַרכיטעקטן: טייל פֿון זיי האַלטן, אַז די שול איז געבויט געוואָרן אַרום סוף 18טן יאָרהונדערט. אין 1611 האָט יורבורג באַקומען רעכט פֿון אַ שטאָט. דאָס פֿאַלט כמעט צונויף מיט די בראשיתדיקע פֿאָרמירונג־יאָרן פֿון דער יורבורגער קהילה.

אין 1650 זײַנען געווען 7 ייִדישע הײַזער, דאָס מיינט אַרום 8־10 מישפּחות. אין 1683 איז אויסגעבראָכן אַ סיכסוך צווישן ייִדן און די איבעריקע תּושבֿים פֿון שטעטל וועגן דער הייך פֿון שטײַערן. ייִדן האָבן געטענהט, אַז זיי זײַנען אַ דריטל פֿון די אײַנוווינערס, אָבער זייערע שטײַערן זײַנען פּראָפּאָרציאָנעל אַ סך העכער. אין 1689 איז שוין געווען אַ שול און אַ חדר.

אין אַן אָפֿיציעלן אַקט פֿון 17טן נאָוועמבער, 1714, ווערט געבראַכט דער נאָמען פֿון רבֿ אײַזיק לאַזאַרעוויץ.

יורבורגער ייִדן האָבן מיטן 17טן יאָרהונדערט געהאַט די אַרענדע פֿון מאָנען שטײַערן אין יורבורג, בירזש און אַנדערע שטעט. זיי האָבן דאָס געטאָן אונטערן דעקמאַנטל פֿון קריסטן. אין דער דאָזיקער צײַט פֿלעגן ייִדן פֿון קאָוונע קומען אַהער און פֿירן זייערע געשעפֿטן.

אַרום אָנהייב אַכצנטן יאָר־הונדערט איז דאָ געווען אַ סיכסוך פֿון קהל

מיטן רבֿ. דער לעצטער האָט אָנגעקלאָגט קהל פֿאַרן ווילן נעמען אַן אַנדער רבֿ. דער רבֿ האָט אַרויסבאַקומען אַ „שוצבריוו" פֿון קעניג קעגן קהל (ענלעכע פֿאַלן זײַנען אויך געווען אין אַנדערע ערטער).

*

נאָכן אונטערדריקן דעם פּוילישן אויפֿשטאַנד אין 1831 האָבן יורבורגער ייִדן געהאַט אַ טראַגישן עפּילאָג. אין ראַסיינער אונטערשטן געריכט איז אַרײַנגעטראָגן געוואָרן אַן אָנקלאָג אויף עטלעכע יורבורגער ייִדן, אַז דורך זייערס אַ מסירה איז געהרגעט געוואָרן אַ ייִד. די אָנגעקלאָגטע זײַנען געווען: טעוול בר׳ מאיר דאַנילעוויטש, לייזער בר׳ שמואל שרעשאָווסקי, בערל בר׳ מרדכי לייפּציקער, חיים לייבאָוויטש, שמערל בר׳ מאיר שרעשאָווסקי, אײַזיק שאַפּשעלעוויטש.

זיי זײַנען באַשולדיקט געוואָרן, אַז זיי האָבן געמסרט פֿאַרן קאָמאַנדיר פֿון די אויפֿשטענדלערס, סטאַראָווינסקי, אַז דער יורבורגער תּושבֿ ראובֿן ראָזענפֿעלד איז אַן אָנהענגער פֿון די רוסן. אויף דעם סמך האָבן די אויפֿשטענדלערס אַרעסטירט ראָזענפֿעלדן (מיט אַ פּאָליאַק — נאַרוטאָוויץ) און זיי געפֿירט צו אַ געריכט, אָבער אויפֿן וועג אַהין האָט מען זיי אויפֿגעהאַנגען אין אַ וואַלד. די הויפּט־באַשולדיקונג איז געווען קעגן דאַנילעוויטשן, אָבער נאָכן אָפּזיצן 13 חדשים אין ראַסיינער טורמע איז ער באַפֿרײַט געוואָרן, ווײַל עס איז ניט געווען קיין קלאָרער באַווײַז פֿאַר דער מסירה אויף ראָזענפֿעלדן.

*

יורבורג איז געווען איינע פֿון די נײַנצן ייִדישע קהילות (פֿון 33), וואָס האָבן זיך אָפּגעזאָגט אויסצופֿירן דעם באַפֿעל פֿון דער צאַרישער מאַכט אין 1843 צו פֿאַרלאָזן זייערע וווינערטער, וואָס געפֿינען זיך ווייניקער ווי 50 וויאָרסט פֿון דער מערבֿ־גרענעץ. אין זייער ענטפֿער צו דער מאַכט האָבן זיי געשריבן, אַז די יעניקע, וואָס באַפֿוילן אַרויסצוטרײַבן די ייִדן, זאָלן אויך זוכן אַן אָרט, וווהין זיי צו באַזעצן.

דער רוסישער קראָנפּרינץ האָט באַזוכט דאַרמשטאַדט אין 1843, האָט די יורבורגער קהילה געבעטן די דאַרמשטאַדטער קהילה צו אינטערווענירן בײַ אים וועגן דער גזירה. זי האָט עס געטאָן. אַן ענלעכע בקשה צו דער בערלינער קהילה איז געבליבן אָן אַן ענטפֿער.

אין 1862 איז דאָ געווען אַ שרעקלעכע פֿאַרפֿלייצונג פֿון ניעמאַן. 80 הײַזער זײַנען געלעגן אין וואַסער. מענטשן האָבן זיך געראַטעוועט אויף די דעכער פֿון העכערע הײַזער.

ייִדן האָבן זיך פֿאַרנומען מיט מיסחר פֿון האָלץ, געפֿליגל, פֿיש און אייער, וואָס זיי פֿלעגן עקספּאָרטירן קיין דײַטשלאַנד, ווי אויך מיט קרעמערײַ און האַנטווערק. אין 1865 איז דאָ געעפֿנט געוואָרן אַ פֿיליאַלע פֿון איינער פֿון די

גרעסטע האַנדל־פירמעס אין דײַטשלאַנד „הויזמאַן עט לונץ״.

דער סטאַציאָנירטער גאַרניזאָן האָט געגעבן פּרנסה אַ סך ייִדישע מיש־פּחות. אין אים האָבן זיך געפֿונען פֿיל ייִדישע סאָלדאַטן. אין 1861 האָבן זיי געגעבן געלט אויף שרײַבן אַ ספֿר־תּורה. ווען ס׳איז פֿאַרטיק געוואָרן, האָבן די ייִדישע סאָלדאַטן געטראָגן די ספֿר־תּורה אין גאַס און ייִדן האָבן געוואָרפֿן בלומען אויף זיי. די העכסטע לײַט פֿון שטאָט בראש מיטן פּולקאָווניק סאַראָקין זײַנען געקומען אין שול אַרײַן צו דער שׂימחה.

יורבורג איז ווייניקער געטראָפֿן געוואָרן פֿון גרויסן הונגער, וואָס האָט פֿאַרכאַפּט גרויסע טיילן ליטע אין 1869/72. אין אַ רשימה מנדבֿים פֿון 1872 פֿאַר ייִדישע הונגער־לײַדנדיקע אין אַנדערע שטעט געפֿינען זיך מערערע יורבורגער. די קלײַבערס: יצחק־אײַזיק וואָלבערג, שלמה ברעסלוי.

סוף 1880ער יאָרן איז דאָ געשאַפֿן געוואָרן אַ ייִדישע קרעדיט־קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפֿט. עס האָט גענומען דרײַ יאָר צו קריגן די דערלויבעניש.

די באַציִונגען מיט די פּויערים אין די 1880־ער און 1890ער זײַנען געווען גוטע. קריסטן פֿלעגן געבן אַ סך נדבֿות פֿאַר ייִדישע אָרעמעלײַט. פֿלעגן קומען אָפֿט צום רבֿ און ברענגען הינער, אייער וכדומה פֿאַר אָרעמע ייִדן. דער משׂכּיל ל. דײַנער [באַנער?] איז 1889 געווען דער ייִדישער פֿאָרשטייער אין שטאָטראַט.

אין 1764/66 האָבן דאָ געוווינט 2333 ייִדן, 1862 — 2550, 1923 — 1887 און פֿאַרן חורבן — בײַ 2300.

*

מיטן אויפֿקום פֿון חיבת־ציון און ציוניזם האָבן יורבורגער ייִדן זיך באַטייליקט מיט בײַשטײַערונגען פֿאַרן א״י־בוי. אין אַ רשימה פֿון 1896 ווערן אויסגערעכנט יורבורגער מנדבֿים: לייב גוט, מרדכי גאַרזאָן, אַבֿרהם־לייב האָמלער, שמואל העלבערג, אַבֿרהם הערשעלעוויץ, דוד־שלמה יאַבלאָנסקי, חיים־נתן יאָזעפֿער, חיים יאָזעליט, אַבא לייבאָוויץ, לייב מענדעלסאָן, אַבֿרהם מיאַקינין, יעקבֿ סעגאַל, גבֿריאל פֿײַנבערג, ע.ח. פּוסטאַפּעדסקי, אַבֿרהם־יצחק קאָפּעלאָוו, הערץ קאַפּליץ, מאַקס רובינאָוויץ, ד״ר צעזאַר ראַבינאָוויץ, שמעון רחלסאָן, דובֿ ריבקין. מורשים: צבֿי פֿײַן, אַבֿרהם־יצחק קאָפּעלאָוו.

צבֿי פֿײַן איז געווען אַ חבר פֿון „חבֿרת תּמיכת בני ישׂראל עובֿדי אדמה״ אין ארץ־ישׂראל.

אויף אַן אַלטן בית־עולם אין ירושלים איז דאָ די מצבֿה פֿון רבקה גיטל בת ר׳ מרדכי מרגליות מיורבורג, תּרמ״ח.

*

יורבורג איז פֿון די ערשטע

יידישע שטעט אין קאָוונער ליטע, ווו די השׂכּלה האָט אָנגעהויבן אַרײַנצודרינגען גאַנץ פרי. דער גרעסטער פאַקטאָר איז געווען די נאָענטקייט צו דער פּרײַסישער גרענעץ — אַ פאַקטאָר, וואָס האָט זיך אויסגעווירקט אויך אויף אַנדערע יידישע שטעטלעך, נאָענטע צו דײַטשלאַנד. שוין תּחילת נײַנצנטן יאָרהונדערט זײַנען דאָ געווען מער ווי איינצלנע משׂכּילים. אין 1832 האָט אַן אָרטיקער רײַכער ייִד אַראָפּגעבראַכט דעם באַרימטן אַבֿרהם מאַפּו צו זײַן דער הויזלערער פון זײַנע קינדער. ער האָט געגעבן „שטונדן" אויך פאַר אַנדערע יידישע קינדער. ער האָט ניט נאָר געלערנט לשון־קודש, נאָר אויך אַנדערע שפּראַכן.

אין 1866 איז נתן־נטע מאַנו־שעוויץ געווען מיטגליד אין „חבֿרת מקיצי נרדמים" פון פּעטערבורג.

אין 1884 איז דאָ געגרינדעט געוואָרן אַ תּלמוד־תּורה מיט 95 קינדער. די לערן־פּראָגראַם איז 1889 אויסגעברייטערט געוואָרן און האָט אַרײַנגענומען אויך חשבון און רוסיש. 30 יורבורגער יידן אין ניו־יאָרק האָבן געשיקט 100 רובל אויף דעם. אין אַ רשימה פון 1889 ווערן אויסגערעכנט זייערע נעמען **(המליץ)**. אין 1893 זײַנען געווען צוויי לערערס אויף רוסיש. פון קאַראָבקע האָט מען גענומען געלט צו העלפן דער תּלמוד־תּורה.

אין 1889 איז געעפנט געוואָרן אַ יידיש־רוסישע רעגירונג־שול פאַר ייִנגלעך און מיידלעך, 160 תּלמידים. 1895 האָט די שול נאָך עקסיסטירט.

דער יורבורגער בית־כּנסת איז אַזוי פאַרכאַפּנדיק מיט זײַן קינסטלערישער סטרוקטור, אַז דער איטאַליענישער מאָלער אַנדריולי האָט אים געמאָלן אין 1850. דער אָרון־קודש פון שול איז איינער פון די שענסטע אין ליטע.[1]

**רבנים.** — ר' אײַזיק לייזער־אָוויץ, ווערט דערמאָנט אין אַן אָפיציעלן דאָקומענט פון 1714.

ר' אַריה־יהודה־לייב, אין אַכצנ־טן יאָרהונדערט. ר' לייב אב"ד יורבאָרג ווערט דערמאָנט אין ר' עקיבֿא איגרס תּשובֿות. האָט הסכּמה אויף **חובת הלבבות** מיטן פּירוש פון משה בר' ראובן דיינא דיורבורג (ווילנא, 1790).

ר' יהושע־זעליג אַשכּנזי, געבאָרן אַרום 1780/90. געווען אויך רבֿ אין פּילטען (קורלאַנד). ר' יהושע־זעליג האָט מוותּר געווען אויף שׂכירות. זײַן שווער איז געווען זייער רײַך און ער האָט געלעבט אין שווערס פּאַלאַץ, אויסן שטעטל. ער פלעגט קומען אין אַ קאַרעטע אויף פּסקענען שאלות. לעצטע יאָרן געלעבט אין זאַגער, ווו ניפטר געוואָרן 1831. זײַן ברודער ר' יצחק שילעלער. זײַן אייניקל יהושע לעווינזאָן, מחבר פון **ארץ רוסיא ומלאה** (ווילנא, תּרכ"ט).

ר' משה הלוי בר' שמואל לעווינזאָן, זינט 1861. זײַנע לעצטע יאָרן רבֿ אין קיניגסבערג, ווו ניפטר געוואָרן

1) אין **אידישע אילוסטרירטע צײַטונג** (בערלין, 1924: 19) זײַנען דאָ צוויי בילדער פון דער שול.

1885. זײַן פֿאָטער, אב״ד יאַסווען און זײַן ברודער ר׳ ישׂראל־צבֿי, אב״ד לידז. האָט הסכּמה אויף י.י. ראַטנערס **חרוזי המצוֹת** (וואַרשא, תּרנ״ו).

ר׳ יעקב יוסף בר׳ דובֿ־בער, געבאָרן 1841 [1848?] אין קראַזש. רבֿ אין ווילאָן, יורבורג, פֿון 1883 מ״מ ומו״צ אין ווילנע און 1888 רבֿ הכּולל אין ניו־יאָרק, וווּ ניפֿטר געוואָרן ח׳ תּמוז, תּרס״ב, בעל **לבית יעקבֿ** (ווילנא, 1888). האָט חידושי־תּורה אין **קהלת יצחק**, יצחק רייטבאָרד (ווילנא, תּר״ס). זײַן ישיבֿה **עץ חיים** איז געווען דער יסוד פֿון ישיבֿת ר׳ **יצחק־אלחנן** אין ניו־יאָרק.

ר׳ יחזקאל בר׳ הלל־אַריה ליבשיץ, געבאָרן 1862 אין ראַסיין. פֿון 1887 ביז 1891, דערנאָך אין בויסק, פּלאָצק און 1907־1932 אין קאַליש, וווּ ניפֿטר געוואָרן, י״ג אדר ב׳ תּרצ״ב. געהאַט אַלגעמיינע בילדונג. לויט ש. ווינרס **קהלת משה**, האָט ר׳ יחזקאל איבערגעזעצט פֿון דײַטש די דערציילונג **גלגל החוזר** (וואַרשא, תּרמ״ז) און זיך געחתמעט מיטן פּסעוודאָנים „סופֿר מהיר״. זײַן **המדרש והמעשה** (פּיעטרקובֿ, תּרס״א, ג׳ ח׳) איז מערערע מאָל איבערגעדרוקט געוואָרן. זײַן פֿאָטער איז געווען רבֿ אין פּאָפּעליאַן, פּלונגיאַן, סוּוואַלק, לובלין.

ר׳ אַבֿרהם בר׳ אָשר דימאַנט, געבאָרן 1863 אין יאַנישאָק. עטלעכע צענדליק יאָר ביז 1940, ווען ניפֿטר געוואָרן.

ר׳ חיים־ראובֿן רובינשטיין, געבאָרן 1888. פֿריִער דיין, דערנאָך רבֿ. בעל **דברי ראובן**. אומגעקומען אב תּש״א, הי״ד.

*

ר׳ משה בר׳ ראובֿן, ספֿרא ודיינא דק״ק יורבאַרג, האָט פּירוש „נאדר בקודש״ אויף **חובֿת הלבֿבֿות** (הוראדנא, 1790). אויף זײַן זיידן איז געמאַכט געוואָרן אַ בלוט־בילבול אין אַכצנטן יאָרהונדערט. אויפֿן סמך פֿון די אויסזאָגענישן פֿון עֵדי־שקר איז ער פֿאַרמישפּט געוואָרן צום טויט. די מעשׂה־נורא איז אַ טעמע אין **שבֿט אלה** פֿון מרדכי פּלונגיאַן.

ר׳ יצחק־דוד אַלפּעראָוויץ איז דאָ געווען ש״ץ ושו״ב אַרום 1910. בעל **שירי דוד**.

מיט יורבורג האָבן אַ שײַכות: מ.ז. גאָלדשטיין, **פּתחי עולם** (ווילנא, תּרמ״ג), **עלים לדוגמא** (דאָרטן); מ.ח. לעווינסאָן, **לקט המשנה** (וואַרשא, תּרמ״ו); א. זלמנסקי, **דבֿר אַבֿרהם** (ווילנא, תּרס״ג); י.נ. פֿראַם, **ליקוטי יעקבֿ** (גראַיעוואַ, תּרע״ב).

צווישן 1842 און 1914 זײַנען דאָ געווען 159 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

**אָפּשטאַמיקע.** — ר׳ ישׂראל יורבריגער, מ״מ אין ווילנע, אַרום 1780־1800. אייניקל פֿון הגבֿיר ר׳ משה יורבריגער (איידעם פֿון הגאון ר׳ יהודה טיקטין, בעל **באר היטבֿ**). ר׳ ישׂראלס ברודער ר׳ דוד, ספֿרא ודיינא אין ווילנע (ניפֿטר 1798), „ממרביצי התּורה בווילנא.״ מחבר פֿון **באר שבֿע** (חידושים על **שבת**,

**עירובין, ביצה**) און **אבני שוהם** (על הרמב״ם). ניפטר 1821.

ר׳ שלמה פיינבערג (ר׳ שלמה יורבאַרגער). דאָ געבאָרן 1821. נדבן און עסקן. 1857 אַוועק קיין קאָוונע. חתונה געהאַט מיט באַראָנעסע ראָזאַ פאָן ליכטענשטיין פון ווין. פון 1866 אין קעניגסבערג. געהאַט טיטל פון צאַר: „האַנדל־ראַט־געבער.״ זיך באַטייליקט אין דער באַקאַנטער אספת הרבנים אין פעטערבורג, גערופן פון אַלעקסאַנדער דעם דריטן דורך דעם קאָמיטעט צו העלפן רוסישע יידן נאָך די פאָגראָמען אין 1881. געשטאָרבן 1893 אין קעניגסבערג.

ר׳ צבי ראָם, 1842־1886. ניפטר אין מעראַן (איטאַליע); ר׳ שלמה שאַכנאָוויץ, מחבר פון **חכמת קריאת התורה** (קידן, 1924).

מענדל שלאָסבערג איז דאָ געבאָרן אין 1843. שפעטער אַוועק קיין לאָדזש צו זיין פאָטער הערש, וואָס איז געווען אַ מלמד. מענדל האָט גרויסע פאַרדינסטן פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער טעקסטיל־אינדוסטריע אין פוילן.

ר׳ משה כאַסקין, דאָ געבאָרן. 1900 געוואָרן רב אין קראַקינאָווע.

ר׳ שלום־דוד בר׳ מאיר מאיר־אָוויץ מיורבורג, מחבר פון **זמירות דוד.**

שלמה גאָלדשטיין, געבאָרן 1914. אַביטורענט פון דער העברעישער גימנאַזיע אין יורבורג. שטודירט אויף כעמיע־אינזשינער אין קאָוונער אוניווער־סיטעט און גראַדוירט אויף דעם אין רוימער אוניווערסיטעט. איינער פון די פירערס פון „החלוץ״ אין ליטע. דורכגעמאַכט קאָוונער געטאָ, ווו געווען מיטאָרגאַניזירער פון אומלעגאַלן ציוניסטישן „מצו״ק״ — „מרכז ציוני וויליאַמפּולה קובנה״. פון 1948 אין סקאָקי, אַמעריקע. דאָרטן אויף פירע־רישע פאָזיציעס פון ציוניסטישע, פראָ־ישראלדיקע און אַלגעמיין־יידישע אָרגאַניזאַציעס. אָנגעפירט מיט דער געזעל־שאַפט, וואָס האָט מיט גרויסע אָנשטרענ־גונגען אָפגעשטעלט דעם געפלאַנטן מאַרש פון די אָרטיקע נאַציס. דער קאַמף אַרום דעם איז שפעטער געוויזן געוואָרן אין פילם „סקאָקי״. געגעבן גרויסע בייסטייערונגען פאַר יידישע און ישראלדיקע מוסדות, צווישן זיי דער ירושלימער אוניווערסיטעט. יאָרן לאַנג מיטגליד פון ציוניסטישן אַקציאָנס־קאָמיטעט און זיין פרעזידיום. פרעזידענט רעיגען האָט אים באַשטימט פאַר אַ מיטגליד אין אַמעריקאַנער קאָנסול צו פאַראייביקן דעם חורבן.

די פירמע „ברידער סאַמעט״ איז געווען איינע פון די גרעסטע אונטער־נעמונגען אין לאָדזש. אירע גרינדערס און אָנפירערס זיינען געווען די ברידער זלמן און טוביה סאַמעט, געבאָרן אין יורבורג 1857 און 1858.

**ניכבדים.** — ר׳ חיים־שמואל בר׳ אליהו־גרשון מזא״ה כהן, גביר און משכיל. געשטאָרבן 1894; שלמה בר׳ ישראל ברעסלוי, למדן, נדבן. מישפחה 1879 געגעבן 500 רובל צו גרינדן אַ גמ״ח.

הירש נאָטעלעס, געשיקט העברעישע פאָעמע צום צאַר. באַקומען דאַנק און אַ גאָלדענעם רינג צום אָנדענק.

זלמן פֿײַנבערג, געגעבן 60 רובל אַ חודש אויף באַקן ביליק ברויט פֿאַר אָרעמע.

ראובן ווײַסבראָד, ד״ר שאָלץ, דוד ראַבינאָוויץ, יהודה־לייב וואָלק, דובֿ־בער ראַבינאָוויץ.

אַריה־יוסף מאַזור, שמואל בערנשטיין, שערעשעווסקי (געוווינט אין פּעטערבורג), ש. אַבעלזאָן.

טובֿיה קאַרנאָווסקי, משׂכּיל און גבֿיר. אים איז געווידמעט **קסת הסופֿר** פֿון יעקבֿ לאַפּין (בערלין, 1857).

**קאָרעספּאָנדענטן. — המליץ:** נחום־אליעזר דוסקעס, נא״ד [נחום־אליעזר דוסקעס], ש. רחלזאָן, פּנחס שאַכנאָוויץ, זעליג שאַכנאָוויץ, נ״ר בן אבנ״ר.

**הצפֿירה:** אליהו אַבראַמסאָן, מתּתיהו לעווינזאָן, צ.א. פֿרידמאַן, שפּ״ז [שאַכנאָוויץ פּנחס זעליג?].

**הכּרמל:** דובֿ־נתן בר׳ יחזקאל מאיראָוויץ.

סקולפּטאָר וויליאַם זרח, געבאָרן דאָ 1887. געמאָלן אויך אַ סך בילדער פֿון יורבורג.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — הכּרמל, תּרכ״א: 40, 50; ס.א. בערשאַדסקי, ליטאָווסקי יעווריעי. פּעטערבורג, 1863, ז׳ 22; המגיד, 1863: 17; 1872: 3; 1880: 18; המליץ, 1886: 92; 1889: 33, 231; 1893: 148; 1898: 107; 1899: 209; 1900: 71, 109; לוח אחיאָסף, תּרנ״ג, ע׳ 153; רשימת החבֿרים לתמיכת בני ישׂראל עובֿדי אדמה בסוריא וא״י. אָדעססא, תּרנ״ח.

שם הגדולים החדש. . . . 1903, ע׳ 79; יוסף לעווינשטיין, דור ודור ודורשיו. וואַרשא, 1914, ע׳ 125; ש.ל. ציטרון, יוצרי הספֿרות העבֿרית החדשה. וואַרשא, 1922. ע׳ 39; צבֿי־אַבֿרהם איש־שלום. רוסיין, תּרפּ״ג, ע׳ 16; לאַזאַר קאַהאַן׳ס אילוסטרירטער יאָרבוך פֿאַר אינדוסטריע. לאָדז, 1925. זז׳ 51, 78; ראובֿן ברײַנין, אַבֿרהם מאַפּו, ווילנא, תּרפּ״ח, ע׳ 35.

„ליטע״, I, ז׳ 191, 1163; אידישע שטימע, 1940, נומ׳ 6502; י.ד. קמזונס יהדות ליטא; תּולדות ישיבֿת היהודים, ע׳ 126, 145; אהלי שם, ע׳ 58; ש. ווינר, קהלת משה, ע׳ 101; ייִוואָ־בלעטער, ב׳ 2, ז׳ 231; לקורות עיר ראסיין, ע׳ כ״ה; ד.מ. ליפּמאַן, ע׳ 60; עיר ווילנא, ע׳ 194; קריה נאמנה, 247; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 4056; יהדות ליטא, ג׳;

Allgemeine Zeitung des Judentums, Berlin, 1843, p. 748; Festschrift zu S. Dubnows siebzigsten Geburtstag. Berlin, 1930, pp. 237, 240, 245; A. Breier, M. Eisler, M. Grünwald, Holzsynagogen in Polen. Wien, 1934; G. Lukanski, Jewish Art in European Synagogues, London, 1947; (עטלעכע בילדער פֿון יורבורגער שול) Jewish Encyclopedia, 5, p. 357; Black Book; Biuletyn Żydowskiego Instytutu Historycznego W Polsce. Warszawa, 1987, no. 141. (אַרטיקל וועגן זאַמעט).

## יעזנע JĖZNAS

אַליטער קרײַז. ווי אַ הויף איז יעזנע באַקאַנט פֿון סוף פֿופֿצנטן יאָרהונדערט. פֿריִער געהערט צו דער קיניגין העלענאַ, וואָס האָט עס איבערגעגעבן במתּנה צום פֿירשט מיקיטינעץ. שפּעטער אַריבער צו האָלאָווצינסקי.

יעזנע איז פֿון די ייִנגסטע ייִדישע ייִשובֿים אין קאָוונער ליטע — פֿון צווייטן פֿערטל נײַנצנטן יאָרהונדערט. אין 1923 האָבן דאָ געוווינט 286 ייִדן און פֿאַרן חורבן אַן ערך 300.

אויפֿן וועג צווישן יעזנע און ווילנע — אַ מרחק פֿון אַן 80 וויאָרסט —

זײנען געווען מערערע יִדישע קרעטשמעס. אין 1881 האָט געהאַלטן בײַ אַ פּאָגראָם אין שטעטל. דער גלח פּאָווטשינסקי האָט אײַנגעשטילט די אָנפֿאַלערס און זיי זײַנען זיך צעפֿאָרן אין זייערע דערפֿער.

אין די 1890ער זײַנען אין גאַרניזאָן געווען מערערע יִדישע סאָל־דאַטן. ימים־טובֿים פֿלעגן זיי עסן בײַ יִדן פֿון שטעטל. אין 1898 האָבן זיי זיך באַטייליקט אין דער געלטזאַמלונג פֿאַר יִשובֿ ארץ־ישׂראל.

1912 האָט יעזנע נאָך ניט געהאַט קיין אייגענעם בית־עולם, געניצט דעם בית־הקבֿרות אין בוטרימאַנץ, 12 וויאָרסט פֿון שטעטל. 1915 דורכגעמאַכט דעם גירוש־ליטע.

אויסער די געוויינלעכע יִדישע פּרנסות, האָבן טייל יִדן זיך אויך פֿאַרנומען מיט לאַנדווירטשאַפֿט. געהאַט אייגענע אָדער געדונגענע ערד־שטחים, וואָס זיי פֿלעגן אַליין זייען, אַקערן, שנײַדן.

אין 1894 איז געווען אַ יעזנער פּרענומעראַנט אויפֿן ספֿר **סדר הלמוד**, מרדכי־יעקבֿ האַבער (ווילנא, תּרנ״ד).

אין אַ רשימה מנדבֿים פֿון 1903 פֿאַר בניין ארץ־ישׂראל געפֿינען זיך מערערע יעזנער. מורשה: יהודה־זלמן זילבער.

**רבנים.** — ר׳ צבֿי לאָס, געבאָרן 1850 אין גירטעגאָלע. פֿון 1871 ביז 1884, שפּעטער מו״צ אין ניו־יאָרק. בעל **עטרת צבֿי** (נ״י, תּרס״ב). זײַן אָנקל ר׳ מרדכי לאָס, אבֿ״ד קול און סיאַד.

ר׳ אַריה־לייב בר׳ שמואל־משה שאַפּיראָ, געבאָרן 1860 אין אַניקשט. פֿון 1881 ביז 1887, 1888 — שערשאָוו, 1900 — קהילת אַשכּנזים אין וויטעבסק. פֿאָטער אב״ד רעמיגאָלע, טרישיק, קורשאַן, באָב־רויסק.

ר׳ צבֿי־הירש בר׳ שמואל איש הורוויץ, געבאָרן 1864. פֿון 1884 אין יעזנע, 1890 אין קאָשעדאַר, פֿון 1903 רבֿ אין סאָנדערלענד (ענגלאַנד), 1911 — אין ליעדז (ענגלאַנד).

ר׳ זלמן־מנחם הכּהן קאַפּלאַן, שפּעטער אב״ד געלוואַן, ווו ניפֿטר געוואָרן 1921. זון אפֿרים, באַוווסטער יִדישער פּובליציסט אין אַמעריקע.

ר׳ משה־שלום בר׳ שלמה־איסר שטול. פֿון 1903, פֿון 1907 אין פֿרויענבורג (קורלאַנד).

ר׳ יצחק־אַריה בר׳ גרשון־תּנחום בעליצקי, געבאָרן 1883 אין יאַסינאָווקע (גראָדנער גובערניע), פֿון 1907, פֿון 1921 — רבֿ אין מאַליאַט.

ר׳ ישׂראל־זיסל דוואָרעץ, גע־באָרן 1888 אין דווינסק. רבֿ אין קאַמײַ, דערנאָך אין יעזנע, און פֿון 1926 אין ארץ־ישׂראל. רעדאַקטער פֿון **תּבֿונה** (ירושלים).

לעצטער רבֿ ר׳ משה בר׳ נחום ליטוואַק. אומגעקומען 1941, הי״ד.

**אָפּשטאַמיקע.** — ר׳ ישׂראל שוואַרצבלאַט, געווען רבֿ אין אַדעס אין 1867; ר׳ נטע בר׳ יצחק־אײַזיק בעליצקי, דאָ געבאָרן 1908. לעצטער רבֿ פֿון מאַליאַט. אומגעקומען אבֿ תּש״א אין אוטיאַן.

**שרײַבערס.** — יצחק־אײַזיק

פרץ (פּערציקאָוויטש), געבאָרן 1899. פֿון 1934 אין ארץ־ישׂראל. העברעיִשער פילאָלאָג. איינער פֿון די מיטגרינדערס פֿון אוניווערסיטעט אין תּל־אָבֿיבֿ, דעקאַן פֿון עבֿרית־פֿאַקולטעט. פֿון די 1920ער פֿאַר־עפֿנטלעכט מאמרים און פֿאָרשונגען וועגן לשון אין דער העברעיִשער פּרעסע פֿון פּוילן, ליטע און ארץ־ישׂראל. געהאַט אַ ספּעציעלן אָפּטייל וועגן עבֿרית אין **דבֿר**. ביכער: **תּחביר הלשון העבֿרית** (תּש״ג), **עיקרי התּחביר העבֿרי** (תּש״ד), **עבֿרית כּהלכה** (תּשי״ג־תּשי״ח), **דיוקי סגנון** (תּשי״ז), **עברית חיה** (תּשכ״ב). געשטאָרבן 1967 אין תּל־אָבֿיבֿ.

**קאָרעספּאָנדענטן:** מרדכי קו־ריצקי (**המליץ**), אַבֿרהם־יוסף דובין (**המודיע**, 1912), יהודה־זַלמן זילבער — דרײַ שירים אין **הנצָנים** (וואַרשע, תּרנ״ה, ח׳ א׳) פֿון נ.ה. ניימאַנאָוויץ.

**ניכבדים:** — ר׳ ירחמיאל בר׳ שמואל, 23 יאָר געלערנט אַ פּרק משניות מיט בעלי־בתּים. ניפֿטר 1912.

גוטמאַן, ראש הקהילה, פֿאָטער פֿון שרײַבער יצחק־אײַזיק פּערציקאָוויטש; ר׳ יחיאל־מיכל קוריצקי.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המליץ, 1881: 41; 1903: 26; המודיע, 1912; ספֿר האישים, ת״א, תּרצ״ז, ע׳ 406; ספֿר יזנה. ת״א, 1967; תּולדות ישיבֿת היהודים, ע׳ 151; ג. קרסל, 2; אהלי שם, ע׳ 58, 347, 464; יהדות ליטא, ג׳; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 4077; „ליטע״, I, ז׳ 993; י. ד. קמזונס יהדות ליטא; לתולדות היהודים בליטא־זאַמוט, ע׳ 232; חכמי ישׂראל באמריקאַ, ע׳ 62.
A. Janulaitis, Užnemunė po Prūsais. Kaunas, 1938, p. 47; A. Levy, History of the Sunderland Jewish Community. London, 1956, p. 178.

## יעלאָק YLAKIAI

מאַזשייקער קרײַז. אין 1897 האָבן דאָ געוווינט 775 ייִדן, אין 1923 — 409 און אַן ערך אַזוי פֿיל פֿאַרן חורבן.

אויסער די געוויינלעכע ייִדישע פּרנסות, האָבן טייל ייִדן זיך אַרויסגעהאָלפֿן אויך מיט בײַשטוביקער אַגראַר־ווירט־שאַפֿט.

יעלאָק איז געווען פֿון די ערשטע שטעט אין ליטע צו אָרגאַניזירן אַן „אגודה״־סניף.

אין צוויי רשימות בײַשטײַערערס פֿון 1913 און 1914 פֿאַרן „קרן האגודה״ געפֿינען זיך מערערע יעלאָקער:

אליעזר כּץ, אליהו־טאָדרעס לאַגשאָן, אליהו זעליקמאַן, ברוך יפֿה, ברוך־לייב לעווינזאָן, דוד מײַזל, יצחק גרין, יוסף־לייב אַרנעסט, יחזקאל כּץ, יוסף לעווין, יהודה־לייב כּץ, יהודה־לייב כּהן, מיכל שפּיץ, מאיר גראָסמאַן, קלמן באַשעס.

הרב שמואל־יעקבֿ ראַבינאָוויץ, אליעזר אידעלזאָן, חיים־צבֿי פֿײַן, דובֿ בר׳ יהודה הכּהן, יהודה־לייב גראָסמאַן, דוד לעווענבערג, יהודה־לייב קאַבער, יהודה־לייב לוריע, יצחק קורס, נפֿתּלי דוכן, צבֿי־לייב באַשעס, שלמה מײַזל, שׂמחה גליקעל־מאַן, צבֿי מײַזל, משה־מרדכי טאַבאַטשניק.

אין אַ רשימה מנדבֿים פֿון 1903 פֿאַר בניין ארץ־ישׂראל זײַנען דאָ מערערע יעלאָקער. די קלײַבערס: ק״י זימאַן, יהודה בלומענטאַל.

צווישן 1865 און 1917 זײַנען דאָ געווען 41 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

**רבנים.** — ר׳ שיימע לוריע, אַרום 1855־1884, שפּעטער מו״צ אין שאַוול ביז זײַן פּטירה אין 1910 (פּרטים—קאַפּיטל שאַוול). אור־אייניקל פֿון ר׳ יחזקאל לונץ, ערשטן שאַוולער רבֿ. ער איז אויך מישפּחה מיט ר׳ יוסף־זכריה שטערן, אבֿ״ד שאַוול.

ר׳ שמואל־יעקבֿ ראַבינאָוויץ, געבאָרן אין שוועקשנע. כּל ימיו דאָ רבֿ. ניפֿטר אַרום 1930. זון פֿון ר׳ יששׂכר־בער גאַווראָנסקי, רבֿ אין פּאָפּעליאַן און שוועקשנע. חיבורים: **המזכּיר** (ווילנא, תּרנ״ח), **מבֿצרי הדת** (ווילנא, תּרס״ד), **באר יעקבֿ** (ווילנא, תּרס״ד), **משפּטי שמואל** (ווילנא, תּרע״ד).

ר׳ נחמן הירשאָוויטש, געבאָרן 1902, שפּעטער מו״צ אין אוטיאַן, ווו אומגעקומען אין 1941, הי״ד,

ר׳ יוסף־מאיר פּאַקעלנישקי, לעצטער רבֿ, הי״ד.

ר׳ מאיר־מרדכי זילבערמאַן, מו״צ ומ״מ; ר׳ יצחק גרין, שו״ב; ר׳ יעקבֿ בר׳ יצחק, ש״צ ושו״ב.

וו. טריוואַקס, **קהלת משה** (וואַרשא, תּרס״ב), כּ.מ. זיוו, **גולת כּל בֿ** (וואַרשא, תּרס״ו), טובֿיה ברודא, **עשׂירית האיפֿה** — האָבן אַ שײַכות מיט יעלאָק.

מרדכי בן־ציון ראַטהויז, געשריבן קאָרעספּאָנדענציעס אין **המליץ**.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המליץ, 1903: 7; הדרך, פּ״פּ אַ/מ, תּרע״ג, תּרע״ד; ש. כּהן, קורות היהודים בשיאוליאַי; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 4087; ד. תּדהר, ע׳ 396; יהדות ליטא, ג׳. Black Book

# כ

## כווײדאַן KVEDARNA

טאַוריקער קרײַז. פֿריִערדיקער נאָמען: קאָנסטאַנטינאָוואַ. אין 1662 האָבן דאָ געוווינט 3 יידישע מענער און 4 ייִדישע פֿרויען, אָבער אַ ייִדישער ייִשובֿ האָט זיך אָנגעהויבן אין צווייטן פֿערטל פֿון אַכצנטן יאָרהונדערט.

אין 1765 האָבן דאָ געוווינט בײַ 650 ייִדן. אין ערשטן וועלטקריג זײַנען די מערסטע ייִדן אַנטלאָפֿן פֿון שטעטל. 1923 האָבן דאָ געלעבט 394 ייִדן און פֿאַרן חורבן — אַרום 350.

כווײדאַן איז איינע פֿון די 19 קהילות אין ליטע, וואָס האָבן ניט געענטפֿערט אויפֿן „אוקאַז״ (באַפֿעל) פֿון 12טן

מײַ, 1843, אַז אַלע ייִדן מוזן פֿאַרלאָזן זייערע וווינערטער, וואָס זײַנען ווײניקער פֿון 50 ווערסט פֿון דער מערבֿ־גרענעץ.

אין 1842, 1876 און 1911 זײַנען געווען 24 כווײדאַנער פרענומעראַנטן אויף די רבנישע ספֿרים: **עטרת שאול**, שאול לוריא (ווילנא, תּר״ב), **נאום דוד**, שלום־דוד מאירובֿיץ (ווילנא, תּרל״ו), **אמרי יעקבֿ** יעקבֿ פֿראַלגעווער (בילגורייא, תּרע״א).

פֿון 1872 איז דאָ אַ רשימה פֿון כווײדאַנער בײַשטײַערערס פֿאַר געטראָפֿענע ייִדישע שטעט אין ליטע אין די הונגעריאָרן 1869/72.

אין צוויי רשימות פֿון 1898 און 1899 ווערן אָנגעגעבן די נעמען פֿון כווײדאַנער מנדבֿים פֿאַר בנין ארץ־ישׂראל. מורשים: י. מישניץ, צבֿי־אליעזר מאיר־אָוויץ.

אין 1898 איז געענדיקט געוואָרן דאָס בויען דעם בית־מדרש.

ייִדן האָבן זיך פֿאַרנומען מיט קרעמערײַ, מלאכה, מיסחר פֿון פֿלאַקס, געפֿליגל, תּבֿואה, און טייל מיט לאַנדווירט־שאַפֿט. די ייִדישע עקאָנאָמיק אין לעצטן פֿערטל פֿון נײַנצנטן יאָרהונדערט האָט שטאַרק געליטן פֿון גרויסע שׂריפֿות. אין דער שׂריפֿה פֿון 1880 איז אַ העלפֿט שטעטל אָראָפּ מיטן פֿײַער, אין 1881 זײַנען געבליבן נאָר 2 הײַזער און אין 1896 — 10 הײַזער פֿון 110.

**רבנים.** — ר׳ שמואל פֿרידמאַן. זײַן זון ר׳ אליעזר, אבֿ״ד קעלם; ר׳ אַריה־לייב ראַפּאַפּאָרט, פֿון 1872.

• ר׳ יצחק־צבֿי קריגער, געבאָרן אין 1849. 4 יאָר דאָ רבֿ (אַרום 1888), 3 יאָר אין שיקאַגאָ, פֿון 1893 אין נײַשטאָט־שירווינט, וווּ ניפֿטר געוואָרן 1888.

ר׳ משה בר׳ יהודה־לייב ראָזין, געבאָרן 1878 אין ברײַנסק, 1900־1928, ווען אַוועק קיין אַמעריקע, ווו געווען רבֿ אין פֿאַרשיידענע קהילות פֿון ניו־יאָרק. כּדי צו האָבן מער צײַט צום לערנען, האָט ער געשאַפֿן אַ פּריוואַטן בית־מדרש אין כווײ־דאַן און האָט אויפֿגעשטעלט אַ ישיבֿה צוזאַמען מיטן „חזון איש״. ר׳ משהס שווער איז ר׳ הלל־דוד טריווש, אבֿ״ד ווילקי. ניפֿטר געוואָרן 1957 אין ניו־יאָרק. חיבורים: **דבֿרי סופֿרים** (ווילנא, תּרע״ב), **שאילות משה** (נ״י, תּ״ש), **נזר הקודש** (אויף דרײַצן מסיכתּות, מערערע חלקים. טייל ווילנע, תּר״ץ. אַנדערע נ״י, תּשי״ג). דער ספֿר האָט אים מפֿרסם געמאַכט אין דער רבנישער וועלט.

לעצטער רבֿ ר׳ שרגא־פֿײַוול גבֿרן, הי״ד.

1896 איז דאָ געווען דיין ר׳ צבֿי־יהודה לייב בר׳ משה לוריא.

*

אין כווײדאַן האָט געלעבט אַ ריי יאָרן דער גאון הדור ר׳ אַבֿרהם־ישעיהו קאַרעליץ, דער „חזון איש״. ער האָט חתונה געהאַט אין כווײדאַן, וווּ זײַן ווײַב האָט געהאַלטן אַ קרעמל און ער איז געזעסן און ווײַטער געלערנט.

אין זײַן נאָמען ווערט דערציילט וועגן דער גרויסער אהבֿת ארץ־ישׂראל פֿון די כווײדאַנער ייִדן. ווען אַפֿילו אַ משולח

פֿון אַ ישיבֿה פֿלעגט קומען קלײַבן געלט פֿאַר זײַן מוסד, האָט ער געמוזט דרשענען, ריידן צום עולם, דערציילן די וויכטיקייט פון דער זאַך און מיט כּוח אַרויסקריגן מאַקסימום 15 רובל פֿון די פֿאָר הונדערט מישפּחות אין שטעטל. אָבער ווען עס פֿלעגט קומען אַ משולח פֿון ארץ־ישׂראל ליידיקן די קופּת ר׳ מאיר בעל נס, האָט ער ניט געדאַרפֿט דרשענען, און דורכן יאָר האָט מען ארויסגענומען פֿון די פּושקעס אַ 300 רובל — אַ ריזיקע סומע אין יענער צײַט פֿאַר אַזאַ קליינער קהילה. ניפֿטר געוואָרן 1953 אין בני־ברק.

*

ר׳ שלמה־זלמן ש״ך, אַ גאון אין תּורה, איז געבאָרן 1847 אין גאָרוזד, אָבער האָט געלעבט אַ סך יאָרן אין כווײַדאַן. שטאַמט פֿון דער מאַמעס זײַט פֿון ש״ך און פֿון טאַטנס צד פֿון ווילנער גאון. ער האָט ניט געוואָלט אָננעמען קיין רבנות, כאָטש ער איז געווען גרויס אין תּורה. איין מאָל איז ער געקומען אין בית־מדרש פֿון לויקעווע, ווו דער אָרטיקער רבֿ האָט אין זײַן שיעור געגעבן אַ תּירוץ אויף אַ שווערער קשיא. ר׳ שלמה־זלמן, ניט זאָגנדיק ווער ער איז, האָט אָפּגעפֿרעגט דעם תּירוץ און געגעבן אַן אַנדערן. דער לויקעווער רבֿ האָט אים אַרומגעכאַפּט און געהאַלדזט.

ר׳ שלמה־זלמן פֿלעגט אָפֿט קומען קיין טעלז און הגאון ר׳ לייזער גאָרדאָן פֿלעגט אים לאָזן זאָגן אַ „שיעור" אין זײַן ישיבֿה.

עס איז אים געגאַנגען גוט אין מיסחר און איז געווען אַ גרויסער בעל־צדקה. ער האָט געקענט רוסיש, פּויליש, דײַטש און געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף די פּריצים אַרום כווײַדאַן. נאָך איין גרויסער שׂריפֿה אין שטעטל האָט ער געפּועלט בײַ די אַרומיקע פּריצים צו ברענגען צענדליקער וועגענער האָלץ און אַנדערע מאַטעריאַלן אויפֿצובויען די פֿאַרברענטע ייִדישע הײַזער. 1904 איז ער עולה געווען קיין א״י. הרב קוק האָט אים באַשטימט צו זײַן אַ מגיד־שיעור אין זײַן ישיבֿה. אומגעקומען בעת די אַראַבישע פּאָגראָמען אין 1929 (אין מוצא).

אָפּשטאַמיקע. — ר׳ חיים ראָזין, זון פֿון היגן אבֿ״ד ר׳ משה, איז דאָ געבאָרן געוואָרן אַרום 1905. געווען רבֿ אין ברוק־לין. מחבר פֿון **בכּורי חיים**

**שרײַבערס.** — יוסף לעווינזאָן (הלוי), געבאָרן 1868. געווען פּאַריזער שטענדיקער קאָרעספּאָנדענט פֿון **הצפֿירה**. געשריבן אויך אין **המצפּה** און אַנדערע העברעיִשע צײַטשריפֿטן. געשטאָרבן 1927 אין מערסעדעס, לעבן בוענאָס־אײַרעס.

יחזקאל־יעקבֿ הדס, געבאָרן 1885. פֿון 1889 אין לאָנדאָן. געווען דער סעקרעטאַר פֿון דער ציוניסטישער עקזעקו־טיווע אין ענגלאַנד. פֿון 1905 געדרוקט דערציילונגען, סקיצן, ראָמאַנען, איבער־זעצונגען אין ייִדישע און העברעיִשע צײַטונגען, לאַנגיאָריקער מיטאַרבעטער פֿון **דזשויִש קראָניקל** (לאָנדאָן), איבערגעזעצט צוויי טיילן **שולחן ערוך** אויף ענגליש. פֿון 1949 אין ישׂראל.

ד.ב. כהנא האָט געשיקט קאָרעספּאָנדענציעס צו הצפירה.

**ביבליאָגראַפיע.** — המגיד, 1872: 28; הצפירה, 1898: 87; א.א. פרידמאַן, בית ארזים. ברדיטשוב, תרנ״ז, ע׳ 6; המליץ, 1898: 219; 1899: 229; א.א. פרידמאַן, ספר הזכרונות. תל־אביב, תרפ״ו, ע׳ 8; מ. ליזרוביץ, קובץ מאמרי הערכה לצורתו של הרב הגאון הקדוש רבנו שלמה זלמן ש״ך. ת״א, תר״ץ, ע׳ 15, 18.

א.צ. ברזין, יזכר. ירושלים, תר״ץ, ע׳ 58; ק. כהנא, האי״ש וחזונו. ירושלים, תשט״ו. הקדמה, ע׳ 35; טאָג, נ״י, אָקט׳ 14, 1957; לעקסיקאָן, 3, 5; אהלי שם, ע׳ 349; תולדות אנשי שם (ראנד), ע׳ 123; יהדות ליטא, ג׳; ספר הפרענומעראַנטן, 4145.
Allgemeine Zeitung des Judentums. Berlin, 1881, p. 482; Biuletyn Żydowskiego Instytutu Historycznego W Polsce. Warszawa, 1987, no. 141, p. 32; Black Book.

# ל

## לאַזדיי LAZDIJAI

סייניער קרייַז. דער גרינדער פון דערפל איז געווען לאַזדאַס און דאָס שטעטל איז שוין געבליבן אויף זייַן נאָמען. אין 1597 האָט דאָס שטעטל באַקומען מאַגדע־בורגער רעכט פון קעניג זיגמונד דעם דריטן. פון דער יוריסדיקציע פון שטאָט־ראַט זייַנען אַרויסגענומען געוואָרן עטלעכע מענטשן [קענטיק, פּריווילעגירטע], צווישן זיי פון די פלעצער פון יידן אין קאָכמאַ [מסתמא אַ געסל]. בכן, שוין אין 1597 זייַנען שוין דאָרטן געווען אַ ביסל יידן.

יידן האָבן אָנגעהויבן צו קומען אַהער סוף לעצטן פערטל פון 16טן יאָר־הונדערט, אָבער ווי אַ קהילה איז זי פאָרמירט געוואָרן ערשט אַרום דריטן אָדער פירטן פערטל פון 17טן יאָרהונדערט. אונדזער מיינונג איז זיך סומך אויף די ידיעות וועגן ערשטן רב אין לאַזדיי.

אין דער אַלגעמיינער צאָל 1537 תושבים אין 1857 זייַנען געווען אַ סך יידן. אין 1887 האָבן דאָ געוווינט אַרום 1500 יידן, 1923 — 1141, 1935 — ביי 1700 און פאַרן חורבן — אַרום 1500. נאָך גירוש־ליטע אין 1915 האָבן ניט אַלע לאַזדייער יידן זיך אומגעקערט צום שטעטל.

אין 1872, יאָר פון גרויסן הונגער אין טיילן פון ליטע, האָט מען דאָ געקליבן געלט פאַר די געליטענע יידישע שטעט. די קלייַבערס: יהודה גליקמאַן, מאיר־שמחה זילבערמאַן.

אויסער די געוויינלעכע יידישע פרנסות, האָבן אַ סך יידישע משפחות אין לאַזדיי — ווי פיל יידן אין דער אַמאָליקער סוואַלקער גובערניע — זיך פאַרנומען מיט לאַנדווירטשאַפט. פון מיטן נייַנצנטן

יאָרהונדערט ביזן ערשטן וועלטקריג איז לאַזדיי געווען אַרומגערינגלט מיט אַ סך ייִדישע פֿעלדער און גערטנער. אַפֿילו אין 1930 — אַ צײַטאָפּשניט, וואָס געהערט ניט צו אונדזער דאָזיקער אַרבעט — זיינען געווען 20 ייִדישע לאַנדווירטן אין לאַזדיי. די ייִדן, וואָס אַגריקולטור איז ניט געווען זייער הויפּט־פּרנסה, האָבן ווי אַ צוגאָב צו חיונה קולטיווירט בײַשטוביקע אָדער בײַשטאָטישע גערטנערײַ און סעדערײַ.

די אַלגעמיינע ייִדישע עקאָנאָמיק אין שטעטל האָט שטאַרק געליטן פֿון די גרויסע שׂריפֿות אין די 1870ער און 1880ער יאָרן. אין 1874 איז כּמעט גאַנץ לאַזדיי אַראָפּ מיטן פֿײַער. אין 1879 האָט אַ שׂריפֿה חרובֿ געמאַכט 200 הײַזער. דער פּוילישער פּריץ מישינסקי פֿון דערפֿל מאָטעל האָט געגעבן 3000 רובל פֿאַר ייִדישע און קריסטלעכע נשׂרפֿים. אויך אַרומיקע ייִדישע שטעטלעך זײַנען געקומען צו הילף.

אין 1886 זײַנען 250 הײַזער פֿאַרברענט געוואָרן. אַ ייִדיש מיידל איז אומגעקומען אין פֿײַער. אין 1888 איז ווידער געווען אַ גרויסע שׂריפֿה מיט 100 פֿאַרברענטע הײַזער. די הויפּט־סיבה פֿון די ריזיקע שׂריפֿות זײַנען געווען די שטרוי־דעכער, וואָס כּמעט אַלע הײַזער זײַנען געווען געדעקט מיט זיי. אין 1886 האָט דער מאַגיסטראַט פֿאַרבאָטן צו בויען הײַזער מיט שטרוידעכער אין צענטער שטאָט.

נאָך אַזעלכע אומגליקן איז זייער געשטיגן די ייִדישע אָרעמקייט. אין 1891 איז פֿאַרשטאַרקט געוואָרן דער „לחם עניים". פֿאַר יעדער אָרעמער ייִדישער מישפּחה האָט מען געגעבן 60 קאָפּיקעס אַ וואָך. אין 1910 איז ווידער געווען אַ גרויסע שׂריפֿה.

ניט געקוקט אויף די אַלע אומ־גליקן, האָבן ייִדן זיך געסטאַרעט ווי ווײַט מעגלעך אויפֿצוהאַלטן דאָס גײַסטיק־סאָציאַלע לעבן. אין 1887 זײַנען געווען 14 מלמדים, 3 פּריוואַט־לערערס, 14 חבֿרות.

*

מיט ארץ־ישׂראל איז לאַזדיי פֿאַרבונדן פֿון 1881. אין יענעם יאָר האָט סוּוואַלק געשאַפֿן אַן אגודה „יסוד המעלה". דער הויפּטגרינדער און אידעאָלאָג איז געווען דער סוּוואַלקער אליעזר־מרדכי אַלטשולער. דער ציל: עולה זײַן און גרינדן קאָלאָניעס, געבויט אויף אַרבעט. אין סוּוואַלקער אַגודה זײַנען געווען חבֿרים פֿון לאַזדיי. מען האָט געשיקט צוויי דעלעגאַציעס צו זוכן קויפֿן אַ נחלה. איינער פֿון דער צווייטער דעלעגאַציע איז געווען דער לאַזדייער מענדל בוראַק. צוליב פֿאַרשיידענע סיבות איז פֿון „יסוד המעלה" גאָרניט געוואָרן. צוויי זין פֿון אַלטשולערן, שלמה און זלמן, האָבן געלעבט אין לאַזדיי.

אין 1901 האָט זיך געפֿירט אַן ענערגישע ציוניסטישע טעטיקייט. מען האָט פֿאַרקויפֿט שקלים, זיך בײַגעשטײַערט פֿאַר פֿאָנדן פֿון ארץ־ישׂראל־בוי.

אויפֿן ירושלימער בית־עולם זײַנען דאָ 3 מצבֿות פֿון לאַזדייער:

איש תם . . . עשה צדקה . . . גרשון בר׳ משה מלאודיי, תר״ן [1890].

ראובן בר׳ יהודה פֿריד מלאודי, תרנ״ה.

חיה־אסתּר בת הרב ר׳ יודל ראש הגליל מלאַזדיע, תּרנ״ז.

*

פֿון די שטעטלשע מוסדות זײַנען ניט אַלע גוט געפֿירט געוואָרן. אין 1891 זײַנען געווען 50 קינדער אין דער תּלמוד־תּורה, אָבער דער מוסד האָט געליטן פֿון אָפּגעלאָזנקייט, דעריבער אויך אַזאַ קליינע צאָל תּלמידים. אין 1894 איז אונטערגעגאַנגען דער „לינת הצדק״. אין 1901 איז נאָך ניט געווען פֿאַרענדיקט דער בניין פֿון „הכנסת אורחים״, וואָס מען האָט אָנגעהויבן בויען מיט צען יאָר צוריק.

**רבנים.** — ר׳ צבֿי־הירש ברודא (ר׳ צבֿי־הירש לאַזדייער), געלעבט אַרום לעצטן פֿערטל פֿון זיבעצנטן יאָרהונדערט און ערשטע העלפֿט פֿון אַכצנטן יאָרהונדערט. אבֿ״ד זאַבלודאָווע, דערנאָך לאַזדיי, שפּעטער ראבֿ״ד הוראָדנא. דאָ זײַנע אַ הסכּמה פֿון תּפ״ח [1728] אויף **דברי הברית** פֿון אַברהם־צבֿי בר׳ מאיר, אבֿ״ד לאַזדיי. אויף דער הסכּמה זאָגט זיך: צבֿי הירש במוהר״ש ברודא החונה בק״ק זאבלודאווא אבֿ״ד ור״מ דק״ק לאַזדיי.

ר׳ אַבֿרהם־צבֿי בר׳ מאיר, בעל **דברי הברית** (זאַלקווי, 1729). מסתּמא פֿאַרנומען לאַזדייער כּסא־רבנות נאָך ר׳ צבֿי־הירש.

ר׳ אַבֿרהם בר׳ יחזקאל (ניפֿטר 1798), שווער פֿון ר׳ יהודה־לייב בן הגר״א; ר׳ אַבֿרהם־משה (ניפֿטר 1825).

ר׳ חיים־יהושע הכּהן בר׳ ראובֿן בלומענטאַל, פֿון 1853 (אַ פֿאָר יאָר), פֿריִער רבֿ אין מאַריאַמפּאָל, דערנאָך ר״מ ומו״צ אין ביאַליסטאָק, 1857־1867 אין יאַנעווע, שפּעטער רבֿ אין קאַמענעץ ביז 1880. ניפֿטר געוואָרן אין בריסק דליטא.

ר׳ יוסף־משה בר׳ אַהרן אַהרנזאָן, געבאָרן 1805 אין סאַלאַנט. מו״צ ומ״מ אין מיר, זעלווע, „רבֿ ומורה״ אין ווישטינעץ, לאַזדיי, ראַצק, פֿון 1862 אין „עדת ישורון״ אין ניו־יאָרק. צוליב שאַרפֿע מחלוקתן מיט אַנדערע ניו־יאָרקער רבנים, האָט ער זיך 1875 געלאָזן אין וועג צו פֿאָרן קיין ארץ־ישׂראל, איז אָבער ניפֿטר געוואָרן אין שיקאַגאָ כ״ה אלול, תּרל״ה. חיבורים: **פּרדס החכמה** (סדילקובֿ, תּקצ״ו), **פּרדס הבינה** אַמסטרדם, 1842 [1856!], **מטעי משה** (ירושלים, תּרל״ח).

ר׳ צבֿי־הירש בר׳ אַבֿרהם כּהנא, אויך רבֿ אין באַלבירישאָק. מחבר פֿון **ליקוטי רצב״א**.

ר׳ יהודה־לייב גינזבורג. 1866 געווען דאָ חבֿר פֿון פּעטערבורגער „מקיצי נרדמים״. האָט חידושי־תּורה אין **הלבֿנון** (שנה א׳).

ר׳ אַבֿרהם עבֿר בר׳ שלום־שכנא יפֿה, געבאָרן 1823 אין קיידאַן. פֿריִער רבֿ אין אייראַגאָלע און 1873/74 אין לאַזדיי, ווו ניפֿטר געוואָרן אין 1908 [ניט 1911]. בעל **מחזה אַבֿרהם** (ווילנא, תּרנ״ב) און **פּתח אַברהם** . . . זה ספֿר פּתח דבֿרי של

חיבורי **מי באר** (וואַרשא, תּרנ״ט), אָבער ניט באַוויזן אַרויסצוגעבן דעם גאַנצן ספר.

זײַן זון ר׳ יהודה־לייב, געבאָרן 1842 אין קיידאַן, זינט 1908. בעל **אבן לב** (ווילנא, תּר״ס) [לויט איין גירסא, זיך נאָר פֿאַרנומען מיט מיסחר אין לאַזדיי].

לעצטער רבֿ ר׳ יעקבֿ־אַריה הכהן גערשטיין, הי״ד. זײַן ברודער ר׳ יהודה־לייב ראבֿ״ד אין אַנטווערפּן, ליאָן, ר״מ דמתיבתא ר׳ יעקבֿ יוסף אין ניו־יאָרק.

*

ר׳ יוסף־משה־אַבֿרהם, מחבר פֿון **צוואה** (ניו־יאָרק, תּשי״ב). אויפֿן שער־בלאַט: „שהיה מ״מ ומו״צ דק״ק לאַזדיי.״ (די ערשטע אויסגאַבע איז: וואַרשא, 1845)

צווישן 1855 און 1879 זײַנען געווען 29 לאַזדייער פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

**אָפּשטאַמיקע.** — ר׳ שבתי, דיין אין ווילנע, אַרום 1760.

ישׂראל פרײַס, געבאָרן 1869. ביז 18 יאָר געלערנט אין ישיבֿות. פֿון אַרום 1890 אין אַמעריקע. פּיאָנער פֿון חיבת־ציון־געדאַנק צווישן פֿרומע ייִדן. זינט 1885 געשריבן קאָרעספּאָנדענציעס אין **המליץ, המגיד, הצפֿירה.** געדרוקט אַרטיקלען, ס׳רובֿ אויף ייִדיש־היסטאָרישע טעמעס אין **טאָג, טאָג־מאָרגען־זשורנאַל, אַמעריקאַנער** א״אַ. ביכער: **יודישע דאָקטוירים** (1898), **ציוניזמוס אין דער יודישער געשיכטע** (1900), **ילקוט ישׂראל** (1902), **תּולדות גדולי ישׂראל** (1904) — אַלע ניו־יאָרק. געשטאָרבן 1942 אין טאָראָנטאָ.

יוסף אַחרון, דאָ געבאָרן 1886. זײַן פֿאָטער איז געווען דער מתיקות־דיקסטער הפֿטורה־זאָגער און נעילה־דאַוונער אין לאַזדיי. „אַחרונס ייִדישע קאָמפּאָזיציעס זײַנען פֿול מיט אָפּקלאַנגען און ווידערקלאַנגען פֿון די אַלטע ביבלישע טראָפּ־נגינות און אַנדערע סינאַגאָגאַלע נוסחאות״. אַחרון איז אויך געווען אַ גרויסער פֿידל־קינסטלער.

ר׳ יאָסל זעף, פֿון די חשובֿי העיר אין סוואַלק. הויפּט־גבאי פֿון קלויז; שמואל־באָרטן סעקלער, געבאָרן 1897, שפּעטער אין אַמעריקע. טעכניק־פֿאָרשער, געמאַכט מערערע טעכנישע אויסגעפֿינסן.

דוד כּהן, געבאָרן 1901. מאָלער. זײַן פֿאָטער געווען מלמד אין שטעטל. אומגעקומען 1941, הי״ד.

דער לאַזדייער יאַקאָב פֿאָן אידעלסאָן איז 1843 געווען רוסישער קאָנסול אין קיניגסבערג. כאָטש געשמדט, פֿלעגט ער העלפֿן ייִדן אין אַן עת צרה.

**קאָרעספּאָנדענטן:** — **המליץ** — שמריה גיסאָווסקי, צבֿי־אַריה גינצבורג, אַבֿרהם־יצחק הורוויץ, יוסף מײַערבערגער, שמואל בוראַק, זלמן־מרדכי בערנשטיין. **הצפֿירה** — אליקום לעווינזאָן, יהודה אַכראָן (אַחרון), אלי״ס. **הד הזמן** — ח.מ. רובינער.

**ניכבדים:** — י.ל. בערשטיין, משה גאָלדבערג, אַבֿרהם־יצחק הורוויץ, מ.

בוראַק, משה־דובֿ בהרבֿ ר׳ זרח פֿריד. זײַן פֿרוי איז די שוועסטער פֿון ר׳ דוד טעבֿלי אפֿרתי, מחבר פֿון אַ ריי ספֿרים.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המגיד, 1872: 3; ד״ט אפֿרתי, תּולדות אַנשי שם. וואַרשא, תּרל״ה, ע׳ 38; הצפֿירה, 1887: 170, 217; א.ל. פֿרומקין תּולדות אליהו. ווילנא, תּר״ס, ע׳ 66; ילקוט מערבֿי, נ״י, תּרס״ד, ע׳ 116; הד הזמן, 1908; א.ש. הערשבערג, פּנקס ביאַליסטאָק. נ״י, 1949, ז׳ 376;

י. י. גרינוואַלד, השוחט והשחיטה בספֿרות הרבנית. נ״י, תּשט״ו, ע׳ 6; ספֿר קיידאַן. תּ״א, 1977, ע׳ 209; אהלי שם, ע׳ 197; דעת קדושים, ע׳ 12; תּולדות אנשי שם (ראַנד). ע׳ 108; עיר ווילנא, ע׳ 163; „ליטע״, 2, ז׳ 559; יזכּור־בוך סואוואַלק, זז׳ 81, 86, 195; חלקת מחוקק, חובֿ׳ ה׳, מחברת א׳; יהדות ליטא, ג׳; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 4206.

Augustas Janulaitis, Užnemunė po Prūsais. Kaunas, 1928, p. 191; Jonas Totoraitis, Sūduvijos Suvalkijos Istorija. Kaunas, 1938, p. 370; Black Book.

## לאָטאָווע LOTAVA

שטעטעלע אַרום אַניקשט, אוטיאַנער קרײַז. לויט דער רבנות־צײַט פֿון איינעם פֿון אירע רבנים איז קענטיק, אַז דאָ איז געווען אַ קליינע קהילה ניט שפּעטער ווי אָנהייב נײַנצנטן יאָרהונדערט. דער נאָמען פֿון דאָזיקן רבֿ איז ר׳ אַבֿרהם־אַבלי בר׳ ישׂראל יפֿה, פֿריִער רבֿ אין וועקשנע און פּאָנעוועזש. ניפֿטר 1820.

1875 איז דאָ געבאָרן געוואָרן ר׳ קלמן־יצחק קאַדושעוויץ, אבֿ״ד אַניקשט, בעל **תּולדות יצחק** (קיידאַן, תּרצ״ז). אומגעקומען 1941, הי״ד. מען האָט אים גערופֿן „דער לאָטאָווער.״

**ביבליאָגראַפֿיע.** — א.ל. פֿרומקין, תּולדות חכמי ירושלים, ג׳, ע׳ 230.

## לאַנדווראָווע LENTVARYS

אַ קליין שטעטעלע אין טראָקער קרײַז. אין דער צווייטער העלפֿט פֿון נײַנצנטן יאָרהונדערט איז דאָ געווען אַ גרעסערער ייִדישער ייִשובֿ. אין 1888 האָט די קליינע קהילה גענומען אַ רבֿ, ר׳ ברוך־יצחק בר׳ אַבֿרהם־אליִעזר חדש, געבאָרן אין 1862. ער האָט חידושי־תּורה אין „המודיע״ (1911).

אין 1894 זײַנען דאָ געווען 4 פּרענומעראַנטן אויף „בכּורי ישׂראל״ פֿון ישׂראל בר׳ צבֿי הכּהן (ווילנא). אין די 1920־1930ער יאָרן האָבן דאָ געלעבט מערערע צענדליק ייִדישע מישפּחות. אומגעקומען אין טראָק מיט אַ צוויי טויזנט ייִדן פֿון די אַרומיקע שטעטלעך.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — דורות האחרונים, ע׳ 153; אהלי שם, ע׳ 97; „ליטע״ I, ע׳ 1870; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 4233.

## לאַצקעווע LECKAVA

מאַזשייקער קרייַז. ייִדן האָבן אָנגעהויבן זיך דאָ באַזעצן אַרום לעצטן פערטל פון אַכצנטן יאָרהונדערט.

אין 1897 האָבן דאָ געוווינט 830 ייִדן. אין 1915 האָט לאַצקעווע דורכגעמאַכט דעם גירוש־ליטע. נאָכן ערשטן וועלטקריג זייַנען אַ טייל ייִדן ניט צוריקגעקומען אין היימשטעטל און אַ טייל פון די צוריקגעקערטע האָבן זיך באַזעצט אין מאַזשייק.

אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע האָבן דאָ געלעבט אַרום 120 ייִדן, פאַרן חורבן — אַרום 40.

ייִדן האָבן זיך פאַרנומען מיט קליינהאַנדל, קרעמערייַ און קאַראַבעלניקערייַ.

צווישן די יאָרן 1828 און 1898 זייַנען דאָ געווען 34 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספרים.

אין 1901 איז דאָ געשאַפן געוואָרן אַ חברה „בנות ציון" צו העלפן קלייַבן געלט פאַר ארץ־ישראל. די פרויען בלאָך און נחומזאָן האָבן דאָרטן געלערנט לשון־קודש.

די „אגודה" איז געווען אַקטיוו. אין אַ רשימה בייַשטייַערערס פון 1913 פאַרן „קרן התעמולה" פון „אגודה" זייַנען דאָ די ווייַטערדיקע לאַצקעווער:

אַהרן שימעל, בנימין צעכאַצקי, ירחמיאל קליין, שו"ב, ש.מ. שמידט, ש"ץ, יהושע מאַרקוס, חיים באַרקאַן, אַבֿרהם־מרדכי גליקמאַן, צבֿי הדס, אַהרן וואָלפזאָן, נחמן פושינסקי, בן־ציון כהן.

בצלאל גרינבערג, צבֿי כהן, יצחק־יואל צינדלער, עזריאל שטיל, ל.ש. מינסטער, לייב קרופּ, נתן־משה בלאָך, דוד־יצחק פיל, לייב גליקמאַן, טויבע קרעמער, פעסל גליק, פרומע־יענטע בלעכער.

יעקבֿ נחומזאָן, אליהו פרישמאַן, יעקבֿ־יהודה גליק, אַהרן שפּילג, אהרן־שלמה אַרענשטאַם, יעקבֿ שלעז, שלום שלעז [לעצטע צוויי פון אַ דאָרף — פּירזגאַרן?].

אין **המליץ** און **הצפירה** האָבן געשריבן קאָרעספּאָנדענציעס אליעזר גאַלאַנט און ח. באַרקאַן.

**רבנים.** — ר' אַבֿרהם הורוויץ, פון 1864 ביז 1898.

ר' שלמה־יעקבֿ בר' הלל שיין[1], פון 1898 ביז זייַן פּטירה אין 1934 אין עלטער פון 80 יאָר. ווען דער ייִשובֿ האָט זיך זייער פאַרקלענערט, האָט ער אויך ניט פאַרלאָזן זייַן קהילה. מחבר פון **אבֿני שיש** און קונטרס **פּקוח נפש**. האָט חידושי־תורה אין **המודיע** (1911: 15).

זייַן זון ר' אַבא־הירש קליין [!], רבֿ אין דאַטנעווע; ר' יעקבֿ אַבעלסאָן, לעצטער רבֿ, הי"ד. זייַן זיידע אַבֿרהם־יואל אַבעלסאָן, 15 יאָר רבֿ אין אַדעס. געווען אָנגענומען אין דער אַדעסער שרייַבער־קאָלאָניע. ביאַליק, ראַבניצקי, ליליענבלום פלעגן אָפט קומען צו אים.

---

1) פריִער רבֿ אין ציטעוויאַן און ר"מ אין טאַווריק.

**אָפּשטאַמיקע.** — ר׳ יעקבֿ־משה פֿײַנשטיין, געבאָרן 1862. רבֿ אין זיימל און פֿון 1897 אין פּאָרטלאַנד (אַמעריקע). איידעם פֿון ר׳ שלמה אַבראַמסאָן, ר״מ אין שאַוול.

ר׳ משה־צמח ליפּמאַן, געבאָרן 1866. פֿון 1895 רבֿ אין פּאַסייק (ניו־דזשוירזי). האָט חידושי־תּורה אין ירושלימער **המאסף**.

ר׳ מרדכי לאַצקעווער, מו״צ אויפֿן „גרינעם באַרג״ אין קאָוונע. זײַן איידעם ר׳ נחום־גרשון בערלין, אבֿ״ד סוועַנציאַן.

ר׳ משה־צבֿי הערשמאַן, פֿון די ניכבדי סינסינעטי (אַמעריקע). אַ הי־געבאָרענער. זײַן איידעם ר׳ יעקבֿ זיוויץ, זון פֿון פּיטסבורגער רבֿ ר׳ משה־שמעון זיוויץ.

ז. בעקער, געבאָרן 1896. מאָלער. 1941 אומגעקומען אין קאָוונער געטאָ, הי״ד.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — דורות האחרונים, ב׳, ע׳ 206; אהלי שם, ע׳ 101, 197, 202, 312; חכמי ישראל באַמריקא, ע׳ 78; ספֿר הפרענומעראַנטן, 2487; יהדות ליטא, ג׳; הדרך, פּ״פּ אַ/מ, תּרע״ג; אידישע שטימע, 1934: 4651; 1938: 5901.

## לודווינאָווע LIUDVINAVAS

מאַריאַמפּאָלער קרײַז. אין 1719 האָט דאָס שטעטל באַקומען מאַגדעבורגער רעכט פֿון קעניג אויגוסט דעם צווייטן. אַ מאָל זיך עס גערופֿן Trobos — אָן אָפּשטעלאָרט פֿאַר יעגערס און סתּם בײַ־נאַכטיקע פֿאַרבײַפֿאָרערס אין פּוניער וואַלד. אַ טייל פֿון וואַלד הייסט אַזוי.

אין 1757 האָבן געוווינט אין שטעטל 312 תּושבֿים, די מערהייט פֿון זיי ייִדן. לויט דעם קען מען זאָגן, אַז דער ייִדישער ייִשובֿ דאָ האָט זיך אָנגעהויבן אַרום ערשטן אָדער צווייטן פֿערטל פֿון אַכצנטן יאָרהונדערט.

אין 1923 האָבן דאָ געלעבט 85 ייִדן און פֿאַרן חורבן — אַרום 60.

אין 1841 און 1861 זײַנען דאָ געווען 2 פּרענומעראַנטן אויף **תּולדות הארץ**, יוסף שיינהאַק (וואַרשאַ, תּר״א) און **תּאמי צבֿיה**, צבֿי־הירש בלאָך (קעניגסבערג, תּרכ״א).

אין די הונגעריאָרן פֿון 1869/72 אין גרויסע טיילן פֿון קאָוונער ליטע האָבן מערערע הינגע ייִדן עמיגרירט אין אַנדערע לענדער. אין 1872 האָט לודווינאָווע באַקומען 30 רובל פֿון הילף־קאָמיטעט אין מעמל פֿאַר הונגער־לײַדנדיקע ייִדן. אָבער אין שטעטל זײַנען נאָך געווען ייִדן, וואָס האָבן געקענט העלפֿן אַנדערע ייִדישע הונגער־געטראָפֿענע שטעטלעך. פֿון זעל־ביקן יאָר איז דאָ אַ רשימה פֿון לודווי־נאָווער מנדבֿים פֿאַר אַזעלכע שטעטלעך. דער קלײַבער: נחמן בערנשטיין. דער קאָרעספּאָנדענט פֿון יענער רשימה אין **המגיד** איז אַהרן לעוויצקי.

**רבנים.** — ר׳ יהושע בעניך, פֿון ר׳ חיים וואָלאָזשינערס תּלמידים, אַרום

1820־1810, שפּעטער רבֿ אין טיקטין, זאַמבראָוו, ווו ניפֿטר געוואָרן אין 1858. זײַן זון ד״ר שמואל בעניך, פֿילאָלאָג און אָריענטאַליסט. פֿון 1878 אין אַמעריקע.

ר׳ יעקבֿ בר׳ פּנחס יפֿה, אַרום 1840־1820ער. פּאָטער „שׂר ונגיד" אין קאַלוואַריע. זון ר׳ חנוך־זונדל, אבֿ״ד פּול־טוסק, ניפֿטר 1891, ר׳ יעקבֿ, איידעם פֿון ר׳ שמואל, אבֿ״ד קאַרלין און אַנטיפּאָלע. ר׳ יעקבֿ איז ניפֿטר געוואָרן אין 1869. בעל **גופֿי הלכות**, א׳, לר׳ יעקבֿ מלודווינאָוו, (וואַרשא, תּקפּ״ב. חלק ב׳ איז ניט געדרוקט געוואָרן).

ר׳ יעקבֿ בר׳ אליקום געציל הכּהן, געבאָרן 1809. פֿון אַרום 1840 ביז 1875. ניפֿטר 1876.

ר׳ אַבֿרהם־יעקבֿ גרשון בר׳ עזריאל־מאיר לעסער, געבאָרן 1835 אין מיר, אַרום 1876־1880. פֿריִער רבֿ ומו״צ אין אַמסטיבאָווע, האַלינקע, האָראָדאָק (ווילנער געגנט). פֿון 1882 רבֿ אין שיקאַגאָ, 1898 אין סינסינעטי. לאַנגע יאָרן „נשׂיא הרבנים האורתּודוקסים" אין אַמעריקע. האָט הלכה־מאמרים אין **בית ועד לחכמים** (נ״י). איידעם פֿון ר׳ יוסף בר׳ יהודה, מו״צ קלעצק. בעל **אֹהל מועד** און **באחרית הימים**. ניפֿטר געוואָרן 1925.

ר׳ ישׂראל־נתן קרעניץ, רבֿ אָדער מו״צ, אַרום 1900. שפּעטער רבֿ אין זיימל, נעמאָקשט, הי״ד. ברודער ר׳ בן־ציון־זאבֿ, אבֿ״ד פּרען און וועקשנע [שוועקשנע?].

ר׳ יהודה־לייב בר׳ רפֿאל כּאַס־מאַן,[1] געבאָרן 1869 אין איוויע. פֿון 1903 ביז 1909, ווען געוואָרן אבֿ״ד שטוטשין ביז 1914 און פֿון 1921 (מילחמה־צײַט געווען אין רוסלאַנד) ביז 1927, ווען עולה געווען קיין ארץ־ישׂראל. מנהל רוחני פֿון חבֿרונער ישיבֿה. חיבורים: **אור יהל** (ירושלים, תּרצ״ח), **מחנה יהודה** (תּ״א, תּשכ״א). ניפֿטר 1936 אין ירושלים. זײַן זון רפֿאל כּאַסמאַן, העברעיִש־ייִדישער זשורנאַליסט, רעדאַקטער און איבערזעצער.

**אָפּשטאַמיקע.** — איינער פֿון די ערשטע ייִדישע אימיגראַנטן אין שיקאַגאָ און פֿון אירע עסקנים און נדבֿנים איז דוד זעמאַנסקי, געבאָרן 1839 אין לודווינאָווע. געקומען קיין אַמעריקע אין 1860 און 1865 זיך באַזעצט אין שיקאַגאָ, דאָרטן געשאַפֿן דעם בית־המדרש הגדול.

דער לודווינאָווער נאַטאַן מאַרקס, געבאָרן 1845 אין לודווינאָווע, איז אויך געווען פֿון די ערשטע ייִדישע אימיגראַנטן אין שיקאַגאָ. ער האָט גע־האָלפֿן זעמאַנסקין גרינדן דעם בית־המדרש הגדול. דער בית־היתומים אין שיקאַגאָ איז אויסגעבויט געוואָרן כּמעט נאָר מיטן געלט פֿון מאַרקסן און טראָגט זײַן נאָמען.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המגיד, 1872: 20; 1877: 19; הכּרמל, שנה ז׳, גל׳ 17; ספֿר היובֿל של אגודת הרבנים האורתּודוקסים בארצות הברית וקנדה. נ״י, תּרפּ״ח, ע׳ קל״ז; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 4327; עיר ווילנא, ע׳

1) אהלי שם גיט דעם נאָמען: אָסטרינסקי, געבאָרן 1874.

178; דעת קדושים, ע' 31, 40; אוצר ישׂראל, כּרך ו', ע' 62; חכמי ישׂראל באַמריקא, ע' 19, 67; אהלי שם, 204, 309.

Jewish Encyclopedia, VII. p. 56, 57; History of the Jews in Chicago, edited by H.L. Meitis. N.Y., 1924, p. 114; Aug. Janulaitis, Užnemunė po Prūsais. Kaunas, 1928, p. 189; Jonas Totoraitis, Sūduvijos Suvalkijos Istorija. Kaunas, 1938, p. 564; Black Book.

## LAUKUVA לויקעווע

טאַווריקער קרײַז. דער ייִדישער ייִשובֿ האָט זיך אָנגעהויבן אַרום לעצטן פֿערטל פֿון אַכצנטן יאָרהונדערט. אין 1897 האָבן דאָ געלעבט 418 ייִדן, אין 1923 — 305 און פֿאַרן חורבן אַן ערך אַזוי פֿיל.

ייִדן האָבן בעיקר זיך פֿאַרנומען מיט מיסחר, קרעמערײַ און בײַשטוביקער ווירטשאַפֿט.

דער ערשטער אונדז באַקאַנטער רבֿ דאָ איז ר' יצחק־זאבֿ בר' יהושע אַראָנאָוויץ, אַרום 1830־1850. פֿון 1852 רבֿ אין האָזענפּוט (קורלאַנד) 24 יאָר. דאָרטן ניפֿטר געוואָרן אין 1876.

ר' צבֿי־הירש לעוויטס (לעוויטאַס). זײַן פֿאָטער ר' יקותיאל־זלמן הלוי סג״ל (ניפטר 1848), אב״ד זאַגער און וועקשנע.

ר' אליהו־משה בר' זילבערט, געבאָרן 1869. רבֿ פֿון 1902 ביז 1910.

פֿון 1911 רבֿ ר' חיים־זעליג קאַפּלינסקי [ניט — קאַפּלאַנסקי], אַן אָפּשטאַמיקער פֿון קנישין. זײַן זון ר' ישׂראל־הלל, וואָס האָט געלערנט אין די ישיבֿות פֿון קעלם און טעלז, איז געהרגעט געוואָרן 1929 בעתן גרויסן אַראַבישן פּאָגראָם אין דער סלאָבאָדקער ישיבֿה פֿון חבֿרון. ר' חיים־זעליג איז אומגעקומען 1943 אין אַ לאַגער, הי״ד.[1]

ר' משה שניצער, ש״ץ ושו״ב. זון פֿון ר' אַבֿרהם, אב״ד ראָזאַליע און וואַרזשאַן. ר' משהס ברודער ר' דובֿ־בער, אב״ד סימנע און קאָוואַרסק. ניפֿטר געוואָרן 1911.

**אָפּשטאַמיקע.** — ר' צבֿי־יהודה קושעלעוויץ, רבֿ אין פּאָדזעלווע, ראַצק, טיקטין, פֿון 1908 אין סעמיאַטיטש, ווו ניפֿטר געוואָרן אין 1919. זײַן פֿאָטער ר' משה זאַקס איז געווען שו״ב אין לויקעווע.

ר' חיים־צבֿי הער, דאָ געבאָרן 1891. „לויקעווער מתמיד". תּלמיד פֿון חפֿץ־חיים. 27 יאָר פֿון די פֿירערס פֿון אָרטאָדאָקסישן ייִדנטום אין קאַנאַדע. ניפֿטר 1957.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — א.צ. ברזין, יזכור. ירושלים, תּר״ץ.

1) דאָ איז געווען רבֿ אויך ר' שמואל־שלמה בר' אַבֿרהם, אָבער מיר ווייסן ניט גענוי ווען. האָט הסכּמה אויף שיר **אַקדמות**, ש.ח. יעלין (פּיעטרקובֿ, תּרפ״א).

ע' 112; דאָס יִדישע וואָרט. וויניפּעג, 1957, מערץ 1; תּולדות ישיבת היהודים בקורלאַנד, ע' 78; אהלי שם, ע' 104; יהדות ליטא, ג'; לקורות עיר ראַסיין ורבניה, ע' כ"ט. Black Book

# לוקניק

# LUOKĖ

טעלזער קרײַז. פֿון די עלטערע יִדישע יִישובֿים אין ליטע. אין 1599 ווערט דערמאָנט אַ יִיד אין לוקניק, איליאַ אַוור־דאָוויטש. אין 1662 האָט דאָ נאָך אַלץ געלעבט נאָר איין יִיד. אין ליטווישע מקומות, ווו יִדן האָבן זיך פֿאַרנומען מיט אַרענדע אין זיבעצנטן יאָרהונדערט, ווערט דערמאָנט אויך לוקניק. לוקניק פֿיגורירט אויך אין אַ רשימה פֿון ליטווישע שטעטלעך, ווו יִדן האָבן געלעבט סוף זיבעצנטן יאָרהונדערט.

דאָס זײַנען אַלץ געווען יִדן־יחידים. גענומען זיך אויסקריטאַליזירן ווי אַ קהילה האָט לוקניק ערשט אין ערשטן פֿערטל פֿון אַכצנטן יאָרהונדערט. אַרום 1750־1760 איז דאָ געווען אַ רבֿ — אַ סימן מובֿהק פֿאַר אַ קהילה — און 1766 האָבן דאָ שוין געלעבט 566 יִדישע שטײַער־צאָלערס, וואָס קען מיינען אַרום 700 נפֿשות (קליינע קינדער, גאָר אַלטע זײַנען געווען באַפֿרײַט פֿון שטײַערן, און מסתּמא זײַנען געווען אויך „נעלמים").

אין 1847 האָבן דאָ געוווינט 949 יִדן, אין 1897 — 798, אין 1923 — 513 און פֿאַרן חורבן — אַרום 400.

אין 1861 איז דאָ געווען אַ גרויסע שׂריפֿה. אין דער שׂריפֿה פֿון 1887 האָבן 170 יִדישע מישפּחות פֿאַרלאָרן זייערע הײַזער. גרויסע הילף פֿאַר די נשׂרפֿים איז געקומען פֿון פּריץ פּילסודסקי.

ערבֿ פּסח 1888 איז דאָ פֿאַרפֿאַלן געוואָרן אַ קריסטלעך מיידעלע. ס'איז גלײַך געוואָרן אַ שטימונג פֿון אַ פּאָגראָם. צום גליק, האָט דאָס קינד זיך אַײַנגעפֿונען אין דער לעצטער מינוט.

אין 1900 האָט ווידער געהאַלטן בײַ אַ בלוט־בילבול. בעתן בלאַנדעס־בילבול אין ווילנע האָט זיך דאָ פֿאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז אַ לוקניקער קריסטלעך מיידל, וואָס לעבט אין ווילנע, איז צעשניטן געוואָרן דורך יִדן. פּויערים פֿון די דערפֿער האָבן שוין אָנגעהויבן צו שטראָמען אין שטאָט אַרײַן. אָבער דער סוף האָט זיך אויך דעמאָלט געענדיקט בכי־טובֿ.

אין די פּאָגראָמיאָרן פֿון די 1880ער אין רוסלאַנד האָבן מערערע יִדן עמיגרירט קיין אַמעריקע. אין אַן עמי־גראַנטן־רשימה פֿון 1889/90 זײַנען דאָ צוויי לוקניקער: ע. גרודזינסקי, ל. זאַלצ־מאַן. פֿאַראַן אַ פּיקאַנטער בריוו פֿון ר' ישעיה בר' אָשר פֿון לוקניק, וואָס שרײַבט פֿון באָסטאָן צו זײַנע קרובֿים אין שטעטל,

אַז מען זאָל ניט פֿאַרלאָזן רוסלאַנד, ווײַל אין אַמעריקע הערשט אַנטיסעמיטיזם.

צווישן די יאָרן 1898 און 1911 זײַנען דאָ געווען 19 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

אין 1903 איז דאָ געשאַפֿן געוואָרן אַ פּאָליטישע גרופּע „דורשי ציון".

לוקניק האָט געהאַט איינע פֿון די שענסטע שולן אין ליטע. אַ בילד פֿון דער שול געפֿינט זיך אין **אידישע בילדער** (ריגע, 1937: 16).

**רבנים.** — ר' יעקבֿ יעקלי בר' אַבֿרהם אבֿוש. אויף **עמודי בית יהודה**, יהודא . . . איש הורוויץ . . . (אַמשטרדם, תּקכ"ו) איז דאָ אַ הסכּמה פֿון „יעקב בהרב מוהר"ר אברהם נר"ו החונה בק"ק לוקניק והגליל." זײַן הסכּמה איז אויך דאָ אויף **צל המעלות** פֿון יהודא הורוויץ [קיניגשבערג, תּקכ"ה]. זײַן פֿאָטער איז דער מחבר פֿון **קנה אַבֿרהם** והיא **ברכת אַבֿרהם** (וואַרשע, תּקמ"ד). ר' אַבֿרהם איז זײַנע לעצטע יאָרן געווען אב"ד פֿראַנקפֿורט אַם מײַן, ווו ער איז ניפֿטר געוואָרן 1769. אויפֿן שער־בלאַט פֿון **קנה אַבֿרהם** ווערט אָנגעגעבן: „ר' יעקבֿ יעקלי אב"ד לוקניק **בן המחבר**", קען מען משער זײַן, אַז ער האָט געקענט זײַן דאָ רבֿ צווישן די 1750ער און אָנהייב 1780ער. אין **דור ודור ודורשיו** פֿון יוסף לעווינשטיין, דעם באַקאַנטן רבנישן גענעאַלאָג, זאָגט זיך, אַז ר' יעקבֿ אב"ד לוקניק איז ניפֿטר תּקמ"א (1781).

ר' יוסף בר' מאיר־יצחק סלוצ־קער. ווען ער איז נאָך געווען אַ יונגערמאַן, האָט לוקניק אים אַרויסגעפֿאָדערט פֿאַר אַ רבֿ. האָט שאלות־ותּשובֿות אין **עטרת יצחק** פֿון ר' יצחק־אײַזיק [ראַבינאָוויץ], אב"ד שאַוול.

ר' שמואל בר' יוסף, פֿון אַרום 1830ער. אַרויסגעגעבן מיט אַ פּירוש דעם **איל משֻׁלש** להגר"א און „סֵדר אותו בסדר נכון" (ווילנא והוראדנא, תּקצ"ד); ר' נתן בר' שלמה סגל, פֿאָטער אב"ד ווילקאָמיר.

ר' שלמה־זלמן בר' מאיר זק"ש, דאָ געבאָרן אין 1814. פֿון אַרום 1857. אין 1860 איז דאָ זײַן נאָמען אין אַ רשימה פֿון ייִדן, וואָס האָבן געהאָלפֿן בויען דעם פֿאַברענטן בית־מדרש. פֿריִער רבֿ אין בירזש, לינקעווע און נאָך לוקניק אין קרעטינגע, ווו ניפֿטר געוואָרן אין 1876. מען האָט אים גערופֿן „זעלמעלע פֿרומאַק."

ר' יוסף־יהודה בערנשטיין. פֿריִער רבֿ אין רודאַמין, ראַגעווע און נאָך לוקניק אין פּילטען (קורלאַנד), באַלבירי־שאָק. זײַן זון נוח־טובֿיה, געבאָרן 1873 אין פּילטען, רבֿ אין אַמור, יעקאַטערינאָ־סלאַווער גובערניע. מחבר פֿון **מי נח**.

ר' שלמה־נתן בר' יצחק־אַהרן קאָטלער, געבאָרן 1855 אין קאָוונע. רבֿ אין אוזווענט, אין די 1890ער יאָרן רבֿ אין ניו־יאָרקער „תּפֿארת ירושלים". 1901 זיך צוריקגעקערט קיין ליטע און געווען אב"ד קורשאַן און לוקניק. (1922 נאָך געווען דאָ רבֿ). ווידער אַוועק קיין אַמעריקע, 7 יאָר רבֿ אין דעטראָיט, שפּעטער עולה געווען קיין ירושלים, ווו ניפֿטר געוואָרן אין 1945. חיבורים: **בית שלמה** (ס"ט לואיס, תּרפּ"ז),

**כרם שלמה** (ירושלים, תרצ״ו). האָט חידושי־תורה אין **יגדיל תורה** (סלוצק, 1909, 1910). האָט הסכּמה אויף **מעין גנים**, משה זבדיה (1914).

לעצטער רבֿ ר׳ שלמה־אפרים קראַוויצקי, געווען אויך רבֿ אין וועקשנע און ציטעוויאַן, הי״ד. איידעם פֿון ר׳ שלמה פֿײַנזילבער, אב״ד קיידאַן, הי״ד.

**אָפּשטאַמיקע.** — עמנואל באַנק, געבאָרן 1840. זיך אויפֿגעהאָדעוועט בײַ זײַן טאַנטע סאָלאָווייטשיק אין לוקניק. פֿון די גרויסע יוריסטן אין צאַרישן רוסלאַנד. געשטאָרבן 1891 אין שווייץ.

ר׳ חיים ראַבינאָוויץ, געבאָרן 1860. ר״מ אין סלאַבאָדקער ישיבֿה, דערנאָך אב״ד מײַסיאַד און ר״מ אין ישיבֿת טעלז, ווו ניפֿטר געוואָרן 1931.

ר׳ אַבֿרהם־אַבא ז״ק, געבאָרן דאָ 1862. פֿון 1890 אב״ד אַלסיאַד. 1941 אומגעקומען מיט זײַן עדה, הי״ד.

ר׳ צבֿי־יהודה הירש אָלשוואַנג בר׳ נחום, דאָ געבאָרן אין 1873. 25 יאָר רבֿ אין שיקאַגאָ, 4 יאָר מנהל־משגיח אין טעלזער קליוולאַנד־ישיבֿה. 1949 עולה געווען קיין ישׂראל. משפּחהדיק פֿאַרבונדן מיט די גאונים ר׳ לייזער גאָרדאָן און ר׳ שמעון שקאָפּ.

ר׳ משה אָלשוואַנג, דאָ געבאָרן 1902. משגיח אין טעלזער ישיבֿה, הי״ד.

ר׳ דובֿ־אַריה אָלשוואַנג, רבֿ אין גראַיעווע, קראַסלאָווקע. ניפֿטר געוואָרן 1942 אין סאַמאַרקאַנד.

**ניכבדים.** — ר׳ דובֿ־מרדכי ווישיוויאַנסקי, אַ געבאָרענער אין לוקניק, איינער פֿון די באַוווּסטע תּלמידים פֿון הגאון ר׳ אליהו ראַגאָלער. ער האָט געוווינט אין לוקניק, אָבער האָט ניט געוואָלט אָננעמען קיין רבנות, האָט נאָר געזאָגט אַ שיעור גמרא פֿאַר לומדים.

ר׳ משה־אליהו ריינוואַלד האָט געשריבן קאָרעספּאָנדענציעס פֿאַרן **המליץ** (אָפּט אונטערן פּסעוודאָנים מאו״ר אָדער מאי״ר). אין אַן אַרטיקל האָט ריינוואַלד געבראַכט ראיות פֿון תּלמוד, רמב״ם, יורה־דעה און אַנדערע מקורות, אַז דער רעדאַקטאָר פֿון **המליץ** אַלעקסאַנדער צעדערבוים האָט געמאַכט אַ טעות וועגן דאַרפֿן האַלטן אַ מת מער ווי איין טאָג. צעדערבוים איז אַרויס קעגן „השׂגת איש ושמו משה אליהו ריינוואַלד מלוקניק״ אין זײַן בראָשור **משלוח מנות בעד החיים אל המתים** (פּטרבורג, תּרמ״א).

ר׳ שמחה אָשרי און ר׳ חיים גאָלגוט — פֿון די חשובֿע בעלי־בתּים, ר׳ תּנחום בעלפֿאָרט, וואָס האָט געלעבט אין אירקוטסק, האָט צוגעשיקט געלט פֿאַר די ייִדישע אָרעמעלײַט אין לוקניק.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — הכּרמל, תּר״ך; המגיד: 1876: 16; המליץ, 1884; 1885: 170; 1888: 63; א.ל. פרומקין, תּולדות אליהו. ווילנא, תּר״ס, ע׳ 24, 72; מ. עדעלבערג, די ייִדן־שטאָט מעזריטש. ב״א, 1957, ז׳ 312; אהלי שם, ע׳ 10; עיר ווילנא, ע׳ 211; לתּולדות היהודים בליטא־זאַמוט, ע׳ 62, 78; תּולדות אנשי שם (ראַנד); ייִוואָ־בלעטער, XL, ז׳ 224; יהדות ליטא, ג׳; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 4365;

Biuletyn Żydowskiego Instytutu Historycznego W Polsce. Warszawa, 1987, no. 141 (אַרטיקל וועגן זאַמעט); Black Book.

## ליגעם LYGUMAI

שאַוולער קרײַז. אין 1876 האָבן דאָ געוווינט בײַ 350 ייִדן, אין 1897 — 482, 1923 — 240 און פֿאַרן חורבן — אַרום 120. ביז 1701 האָט ליגעם געהאַט אַ גרעסערן ייִדישן ייִשובֿ ווי שאַוול, וואָס ביז יענעם יאָר האָט זי געניצט דעם ליגעמער בית־עולם. 1915 האָט עס דורכגעמאַכט דעם גירוש־ליטע.

ייִדישע פּרנסות: קליינהאַנדל, קרעמערײַ, מלאכה און בײַשטוביקע ווירט־שאַפֿט.

אין 1876 זײַנען געווען 18 פּרע־נומעראַנטן אויף **נאום דוד**, שלום־דוד מאיראָוויץ (ווילנא, תּרל״ו).

אין 1876 זײַנען 60 ייִדישע הײַזער אַוועק מיטן פֿײַער. אין 1887 זײַנען אויסגעבראָכן צוויי גרויסע שׂריפֿות אין צוויי טעג, איינע נאָך דער אַנדערער. 64 ייִדישע הײַזער זײַנען פֿאַרברענט געוואָרן, צווישן זיי דער בית־מדרש און בית־כּנסת. געמאָלדן וועגן דעם האָבן משה־לייב קראַקינאָווסקי, מרדכי קריגער, אַהרן ליגום.

**רבנים.** — ר׳ פּסח, אין די 1850־1860ער יאָרן. ניפֿטר געוואָרן 1867.

ר׳ נחום שאַפּירא, געבאָרן 1818 אין דאָקשיץ (מינסקער גובערניע). רבֿ אין פּאָקראָי, ליגעם, וועגער, טרישיק, שאַט, וווּ ניפֿטר געוואָרן 1902.

ר׳ צבֿי־יהודה בר׳ בנימין ראַבי־נאָוויץ, אויך רבֿ אין אייראַגאָלע, אַ פּרע־נומעראַנט אין 1876 ווי דער אבֿ״ד ליגעם. ניפֿטר געוואָרען צו 44 יאָר;[1] ר׳ דובֿ ראַבינאָוויץ, ביז 1887.

ר׳ מרדכי־יצחק אײַזיק ראַבי־נאָוויץ, געבאָרן 1856 אין נײַ־זאַגער, דאָ פֿון 1887, פֿון 1902 אין סאַלאַנט, 1917 אין מעמל, וווּ ניפֿטר 1920. זײַן זון ר׳ אליעזר־יהודה, לעצטער רבֿ פֿון מעמל. אומגעקומען 1941 אין קיידאַן, הי״ד. חיבורים: **שמן למנחה** (ווילנא, תּרע״ב), **תּמר דבֿורה** (ריגא, תּרפ״ט), **דעת מרדכי** (קיידאַן־ירושלים, תּרצ״ט־תּשכ״ד).

ר׳ משה הורוויץ, רבֿ אין אַדעלסק (גראָדנער גובערניע), ליגעם (פֿון 1907). אַ קורצע צײַט, אונטער די סאָוועטן, רבֿ אין רוסלאַוול, שפּעטער אַוועק קיין אַמעריקע. חיבורים: **דרשות הרמ״ה** (ווילנא, תּר״ע, תּרע״א), **חזיונות הרמ״ה** (ווילנא, תּרע״ג, תּרע״ד), **הגיונות הרמ״ה** (וואַרשע, תּר״ץ), **הסתּכּלות הרמ״ה באמ־**

---

1) לויט **אהלי שם**, זאָל 1878 דאָ האָבן געווען רבֿ ר׳ יהודה־לייב בר׳ יוסף־זעליג זאַהאַראַ, געבאָרן 1850, שפּעטער רבֿ אין וויסאָקי־ליטאָווסק, 1890 אין ברעסלוי. — ר׳ צבֿי־יהודה האָט הסכּמה אויף **זכרון חיים**, חיים כּ״ץ בכרך (ווילנא, תּרמ״ט).

**ריקא"** (נ"י, תּרצ"ט). ניפֿטר אין ברוקלין. האָט חידושי־תּורה אין **יגדיל תּורה.**

ר' ישׂראל־ניסן טײַץ, ביז אַרום 1921; לעצטער רבֿ ר' יהודה־לייב לאַבאַ, הי"ד.

**אָפּשטאַמיקע.** — מרדכי־בצלאל שנײַדער, געבאָרן 1865. פֿון 1896 אין ווילנע. גאָר יונג אָנגעהויבן מיט לערערײַ. געווען דאָרטן צענדליקער יאָרן אַ צענטראַלע פּערזענלעכקייט אויפֿן געביט פֿון חינוך און ציוניזם. זינט 1888 געדרוקט אין **הצפֿירה** מאמרים וועגן חינוך־עיניינים און 1889 האָט ער אַרויסגעגעבן זײַן לערנבוך **בית־הספֿר** (ווילנא, אַרויס אין מערערע אויפֿלאַגעס). האָט זיך פֿאַרנומען מיט פֿאָרשן דאָס העברעיִשע לשון און געשריבן קריטישע מחקרים אויף באַקאַנטע דיקדוק־ספֿרים (**השלוח, התּקופֿה** א"אַ). זײַן וויכטיקסט בוך איז **תּורת הלשון העבֿרית בהתפּתחותה ההיסטורית** (ווילנא, תּרצ"ט־תּ"ש. כּרך ג' איז שוין געווען אויסגעזעצט, אָבער 1940 צעוואָרפֿן געוואָרן דורך די אַרײַנקומענדיקע סאָוועטן). אומגעקומען 1941 אויף פּאָנאַר, הי"ד.

רפֿאל ראַבינאָוויץ, געבאָרן 1897. געווען מנהל פֿון דער העברעיִשער גימנאַזיע אין ראַסיין און פֿון העברעיִשן־סעמינאַר „תּרבות" אין קאָוונע. פֿון 1932 אין תּל־אָבֿיבֿ פּראַקטיקירט ווי אַן אַדוואָקאַט, אָנגעפֿירט מיטן אַרויסגעבן דעם „התּלמוד המנוקד".

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המגיד, 1876: 23; הצפֿירה, 1887: 117; לקורות עיר ראַסיין, ע' כ"ג; אהלי שם, ע' 31, 369; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 4390; ג. קרסל, 2; יהדות ליטא, ג'; קורות היהודים בשיאוליאַי; תּולדות ישיבֿת היהודים בקורלאַנד, ע' 50. Black Book

## ליגעמיאַן LINKMENAI

אוטיאַנער קרײַז, אויף דער פּויליש־ליטווישער גרענעץ. אין 1923 האָבן דאָ געלעבט 80 ייִדן, פֿאַרן חורבן — בײַ 40. זיי האָבן זיך באַשעפֿטיקט מיט קרעמערײַ, מלאכה און בײַשטוביקער ווירטשאַפֿט.

אַן אָפּשטאַמיקער פֿון ליגעמיאַן איז ר' יהודה בראַוער, דאָ געבאָרן אין 1891, איידעם פֿון אָרטיקן גבֿיר עקיבֿא איצקאָוויטש. פֿון 1912 אין אַמעריקע. 11 יאָר רבֿ אין עקראָן (אָהײַאָ), 21 יאָר אין קענזעס־סיטי און 1944־1948 אין מעקסיקע־סיטי, דערנאָך אין לאָס אַנדזשעלעס. בעל **גור אַריה, דבֿרי יהודה.** זײַן פֿאָטער ר' משה־יצחק רבֿ אין קורקלע, קאַלוואַריע, ווילקאָווישק און 13 יאָר אין סו־סיטי (אַיאָוואַ).

דאָס שטעטל האָט געהאַט דרײַ שמידן, איז דער שטעטלשער צונאָמען טאַקע געווען: ליגעמיאַנער שמידן. צוויי פֿון זיי זײַנען געווען אויך לומדים: ר' הירשע־לייב און ר' יצחק נפּחא [אַזוי גערופֿן], וואָס איז געווען אַ זוהר־ייִד, מיט אָפּטע תּיקון־חצותן. ווען ער איז ניפֿטר געוואָרן, האָט מען פֿאַרמאַכט אַלע חדרים און קראָמען.

ביבליאָגראַפֿיע. — ל: פֿאָרעס, בויער פֿון אַ יִשובֿ— מעקסיקע. מעקסיקע, 1947, ז׳ 16; דרום־אַפֿריקאַנער ראש־השנה יאָרבוך, יאָהאַנעסבורג, תּשי״ד; תּולדות אנשי שם (ראַנד), ע׳ 12; אנציקלופדיה של הציונות הדתית, ע׳ 348. Black Book

## לידעוויאַן LYDUVĖNAI

ראַסיינער קרײַז. אין 1662 האָבן דאָ שוין געוווינט אַ פּאָר ייִדישע מישפּחות — 4 מענער, 4 פֿרויען און קינדער, אָבער ווי אַ ייִדישער ייִשובֿ האָט לידעוויאַן אָנ־געהויבן עקסיסטירן אַרום ערשטן פֿערטל נײַנצנטן יאָרהונדערט.

אין 1854 האָבן עטלעכע ייִדישע פֿאַמיליעס פֿון לידעוויאַן זיך קאָלאָניזירט אין דער ייִדישער קאָלאָניע פּרעני (לעבן שידלעווע), וואָס איז דעמאָלט אויפֿ־געשטעלט געוואָרן אויף אומזיסטער רעגירונג־ערד.

אין 1883 זײַנען אויסגעבראָכן דרײַ גרויסע שׂריפֿות אין צוויי טעג. עס זײַנען געבליבן דער בית־מדרש און צוויי הײַזקעס. אין די שׂריפֿות זײַנען פֿאַרברענט געוואָרן אַ 70 ייִדישער הײַזער. רע־כענענדיק לכל־הפּחות איין מישפּחה אין אַ הויז און אַ דורכשניטצאָל פֿון אַ ייִדישער מישפּחה אויף 5, קומט אויס, אַז דעמאָלט האָבן דאָ געלעבט אַ 350 ייִדן. די ייִדישע הויפּט־פּרנסה איז געווען ערדאַרבעט און גערטנערײַ. פֿאַרן חורבן האָבן דאָ נאָך געלעבט אַ 40־50 ייִדן.

ר׳ אַבֿרהם־אבלי בר׳ בן־ציון, געבאָרן 1889 אין זעזמער, איז דאָ געווען רבֿ, אויך אין וואַרזשאַן און טירקשלע. ניפֿטר 1929.

ר׳ מרדכי בר׳ אַריה, 40 יאָר געווען דאָ שו״ב, אַ קרובֿ פֿון למדן ר׳ שאול־טובֿיה קאַצענעלענבאָגן פֿון שאַוול.

ביבליאָגראַפֿיע. — הצפֿירה, 1883: 21; לקורות עיר ראַסיין ורבניה, ע׳ ל״ט.
Recueil de Matériaux sur la Situation economique des Israelites de Russie. Paris, 1906, II., p. 399, 367; Biuletyn Żydowskiego Instytutu Historycznego W Polsce. Warszawa, 1987, no. 141, p. 32; Black Book.

## ליובאַווע LIUBAVAS

מאַריאַמפּאָלער קרײַז. אין 1757 זײַנען דאָ געווען 425 תּושבֿים אין 84 הײַזער. קיין ייִדן ווערן ניט דערמאָנט (ווי בײַ לודווינאָווע, וואָס איז ניט ווײַט פֿון ליובאַווע).

אין 1855 זײַנען געווען צוויי ליובאַווער פּרענומעראַנטן אויפֿן רבנישן ספֿר פּרדס הבינה, משה בר׳ אהרן [אהרנ־זאָן]. יאָהאַניסבורג [דײַטשלאַנד], תּרט״ו [געדרוקט: אַמסטרדם, 1842].

אין 1923 האָבן דאָ געלעבט 90 ייִדן, פֿאַרן חורבן — עטלעכע מישפּחות.

1895 איז דאָ געבאָרן געוואָרן אפֿרים גרינבערג. 1941 אַנטלאָפֿן קיין רוסלאַנד, ווו ער איז געשטאָרבן. רעדאַק־

טער פֿון טאָגצײַטונג **דאָס וואָרט** (קאָוונע). מיטגליד פֿון צ.ס. מרכּז אין ליטע.[1]

**ביבליאָגראַפֿיע.** — ספֿר הפּרענומעראַנטן, 4305. Aug. Janulaitis, Užnemunė po Prūsais. Kaunas, 1928. p. 190; Black Book.

## לײַזעווע LAIŽUVA

מאַזשייקער קרײַז. דער ייִדישער ייִשובֿ האָט זיך אָנגעהויבן אַרום ערשטן פֿערטל פֿון אַכצנטן יאָרהונדערט. אין דער צײַט פֿון פּוילישן אויפֿשטאַנד קעגן רוסלאַנד אין 1831 האָבן לײַזעווער ייִדן געהאָלפֿן די מורדים. פֿאַראַן אַ דאָקומענט וועגן דעם מיט די חתימות פֿון זעליג הירשאָוויץ, ישׂראל וואָלפֿאָוויץ (ביידע קהל־לײַט) און ישׂראל הירשאָוויץ.

אין 1879 האָבן דאָ געלעבט 75 ייִדן (20 מישפּחות). אין יענעם יאָר איז אויפֿגעבויט געוואָרן אַ „נײַער, שיינער בית־מדרש.“ דעמאָלט איז דאָ געווען אַ גמ״ח און אַ חבֿרה „אַלפֿס“.

אין 1883 איז אויסגעבראָכן אַ גרויסע שׂריפֿה. אַ סך קריסטן האָבן גע־האָלפֿן די ייִדישע און ניט־ייִדישע נשׂרפֿים:

באַראָן פֿאָן נאַלקין, אַגענט שמערלינג, פֿאָן ווײַזעל, אָרטיקער גלח (פּראָטעסטאַנט), אַ גלח פֿון קליקאָל, ד״ר בוכאָוו. באַראָן נאַלקין האָט געשיקט 25 רובל און הונדערט טויזנט ציגל פֿאַר אַ זייער ביליקן פּרײַז. פויערים אין מיטן פֿעלדשניט האָבן אומזיסט געפֿירט ציגל. 1888 איז ווידער געווען אַ גרויסע שׂריפֿה.

אין די יאָרן 1853, 1876, 1898 זײַנען דאָ געווען 23 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

אין אַ רשימה מנדבֿים פֿאַר ייִדישע הונגער־געטראָפֿענע שטעטלעך אין ליטע אין 1869 זײַנען דאָ מערערע לײַזעווער.

אין 1897 האָבן דאָ געוווינט 434 ייִדן, אין 1923 — 127 און פֿאַרן חורבן — בײַ 50.

אַרום צווייטער העלפֿט פֿון נײַנצנטן יאָרהונדערט איז דאָ געווען רבֿ ר׳ מיכאל בראָד, געבאָרן 1810 אין שאַוול, דערנאָך רבֿ אין שאַוולאַן. האָט מערערע שאלות־ותּשובֿות אין **עטרת יצחק** פֿון יצחק־אײַזיק [ראַבינאָוויץ], אבֿ״ד שאַוול. ער איז ניט געווען צופֿרידן מיטן קליינעם שטעטל. אויף עמוד מ׳ שרײַבט ער צו ר׳ יצחק־אײַזיקן: „אולי יוכל להיות בעזרי . . . לחלצני מהמסגר הלזה, כי צר לי המקום מאוד הן במילי דעלמא, הן במילי דשמיא“ — און ער בעט אים העלפֿן צו קריגן אַן אַנדער מקום תּורה. ער איז טאַקע שפּעטער געוואָרן מו״צ אין שאַוול, פֿון 1854 ביז זײַן פּטירה אין 1884.

---

1) אַ צווייטער מקור: געבאָרן אין נײַשטאָט־שאַקי.

רבנים זײַנען דאָ אויך געווען: ר׳ יצחק הורוויץ (ר׳ יצחק לײַזעווער), געווען אויך מו״ץ ור״מ אין קעלם; ר׳ שבתי בר׳ יצחק גאַרב, פֿון 1884; ר׳ צבֿי פּשעד־מייסקי, פֿריִער ר״מ אין אַלט־זאַגער. 1922 דאָ ניפֿטר געוואָרן אין עלטער פֿון 41 יאָר.

אין 1884 איז דאָ געווען קאַזיאָנער ראַבינער ר׳ ניסן לעווין.

אַן אָפּשטאַמיקער פֿון לײַזעווע איז ר׳ מרדכי בר׳ חיים־צבֿי שיף. זײַן פֿרוי איז די טאָכטער פֿון ר׳ גרשון וועגער, אב״ד וועגער. האָט ניט געוואָלט אָננעמען קיין רבנות און עמיגרירט קיין אַמעריקע. גראָד דאָרטן איז ער יאָ געווען רבֿ אין סינסינעטי 3½ יאָר — אָבער ניט גענומען קיין שׂכירות. מחבר פֿון **עטרת מרדכי** (סט׳ לואיס, תּרפּ״ד), **מחקרי מרדכי** (דאָרטן, תּרצ״ה).

ר׳ יעקבֿ־דוד בר׳ יהודה גאָרדאָן, געבאָרן 1873 אין וועקשנע. פֿון פֿינף יאָר, נאָכן טויט פֿון זײַן פֿאָטער, זיך אויפֿגעהאָדוועט בײַם אָנקל ר׳ יוסף גאָרדאָן אין לײַזעווע. נאָך דער גרויסער שׂריפֿה אין שטעטל (1886) איז דער אָנקל פֿאַראָרעמט געוואָרן און ר׳ יעקבֿ־דוד איז אַוועק לערנען אין פּאָפּעליאַן, טעלז און קאָוונער כּולל (נאָך זײַן חתונה מיט בת השו״ב ר׳ יוסף־לייב עפּשטיין פֿון קראָזש), עמיגרירט קיין אַמעריקע און 1907 געוואָרן רבֿ אין נאָרפֿאָלק און אומגעגנט.

**קאָרעספּאָנדענטן:** — מאיר שאול וויגאָדער (**הצפֿירה**), מאיר־יואל וויגאָדער (**המליץ**).

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המגיד, 1872: 10; הצפֿירה, 1879: 5; המליץ, 1883: 47; אידישער לעבן, 1922: 31; אהלי שם, ע׳ 302, 312, 451; תּולדות אנשי שם (ראַנד), ע׳ 136; ייִוואָ־בלעטער, II, נומ׳ 3; יהדות ליטא, ג׳; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 4416. Black Book

## לייפּון LEIPALINGIS

סייניִער קרײַז. די עלטסטע ידיעה וועגן אָרט איז פֿון 1503, ווען יאַן פּליוסקאָוו האָט עס געקראָגן פֿון קעניג. 1508 האָט קעניג זיגמונד איבערגעגעבן דאָס הייפֿל צו יאַן סאַפּיעגאַ. פֿריִער האָט עס געהייסן לייפּוניק, דערנאָך לייפּון אָדער לייפּאַלינגען.

דער ייִדישער ייִשובֿ דאַטירט זיך פֿון אַרום אָנהייב נײַנצנטן יאָרהונדערט. אין 1897 האָבן דאָ געוווינט 134 ייִדן, אין 1923 — 153 און פֿאַרן חורבן אַן ערך אַזוי פֿיל.[1] אין 1915 האָט לייפּון דורכגעמאַכט דעם גירוש־ליטע.

אין 1847 איז אין אָדער בײַ לייפּון אויפֿגעשטעלט געוואָרן אַ ייִדישע קאָלאָניע אויף אומזיסטער ערד פֿון דער רעגירונג, אויך מערעטשער ייִדן האָבן זיך דאָרטן באַזעצט.

אין פֿריִערדיקע צײַטן האָבן

1) די ציפֿער „100 מישפּחות" — ד״ה בײַ 500 ייִדן — פֿאַרן חורבן אין **יהדות ליטא**, ד׳ — מוז זײַן אַ דרוקפֿעלער.

ס'רובֿ ייִדן דאָ זיך פֿאַרנומען מיט לאַנד־ווירטשאַפֿט. שפּעטער איז זייער הויפּט־פּרנסה געווען קליינהאַנדל און קרעמערײַ, מיט אַ צוגאָב פֿון גערטנערײַ.

ר' ישׂראל־יצחק פֿײַנבערג איז געווען רבֿ. איידעם פֿון ר' אַבֿרהם־אַבלי, אב"ד טירקשלע, וואַרזשאַן, לידעוויאַן.

נאָך אים — אָדער פֿאַר אים — איז געווען רבֿ ר' אַבֿרהם זאַקהיים בר' משה־נתן, געבאָרן 1858 אין מאַלאַ־דעטשנע. פֿריִער מו"צ אין קאָוונע און אב"ד ווידישאָק און נאָך לייפּון אב"ד וואָליע, לונע, מו"צ ומ"מ אין סימפֿעראָפּאָל (קרים). איידעם פֿון ר' הלל הכהן טריווש, אב"ד ווילקי. געהאָלפֿן זײַן שווער רעדאַקטירן עטלעכע נומערן פֿון **הפּסגה** (ווילנע, 1904־1895). ניפֿטר געוואָרן 1939 אין פּתח־תּקוה. חיבורים: **נטעי איתן** (וואַרשאַ, תּרס"א — ירושלים, תּרצ"ח, 8 טיילן); **התּורה והמלאכה** (ירושלים, תּרפ"ח); **חזיון העולם** (ירושלים, תּרצ"ג)

דער לעצטער רבֿ איז געווען ר' יצחק־אײַזיק סטעפּנער, אומגעקומען אין 1940, הי"ד.

אין 1911 זײַנען געווען 2 לייפּונער פּרענומעראַנטן אויפֿן רבנישן ספר **אמרי יעקבֿ**, יעקבֿ פּראַלגעווער (בילגורייא, תּרע"א).

איינער פֿון די שוחטים אין לייפּון, יהושע־זאבֿ אַבֿנר, איז געווען פֿון די ערשטע חובֿבֿי־ציון. ער איז אויך געווען שוחט און מַגיד אין סוּוואַלק, ווּ ער איז געבוירן געוואָרן. אַבֿנר איז געשיקט געוואָרן פֿון די סוּוואַלקער חובֿבֿי־ציון אײַנצוקויפֿן פֿאַר זיי אַ שטיקל נחלה אין א"י, אַן ערך אין די נײַנציקער יאָרן. ער איז פֿון די גרינדערס פֿון דער קאָלאָניע „יסוד המעלה" פֿון די אַנשי מצזעריטש. מחבר פֿון „ציר נאמן" (ירושלים, תּרנ"ח), ווּ ער גיט איבער פּרטים וועגן זיך אין זײַן הקדמה. געשטאָרבן 1899 אין ירושלים אין עלטער פֿון 55 יאָר.

**ספֿר הפּרענומעראַנטן**, 4420; ד. תּדהר, ע' 78; יזכּור־בוך סוּוואַלק, ז' 89; יהדות ליטא, ג'.
J. Totoraitis Sŭduvijos Suvalkijos Istorija. Kaunas, 1938, p. 507; Black Book; Recueil de Matériaux sur la Situation economique des Israelites de Russie. Paris, 1906. I., p. 366.

# לינקעווע LINKUVA

שאַוולער קרײַז. פֿאַרן ערשטן וועלטקריג האָבן דאָ געוווינט בײַ 1200 ייִדן, אין 1923 — 625 און פֿאַרן חורבן — בײַ 700. זיי האָבן זיך פֿאַרנומען מיט

מיסחר (מערסטנס פלאַקס), קרעמערײַ, מלאכה, בײַשטוביקער און בײַשטאָטישער ווירטשאַפט.

אין 1839, 1895 און 1911 זײַנען געווען 21 לינקעווער פרענומעראַנטן אויף רבנישע ספרים.

אין דער ייִדישע קאָלאָניע פּאָדובי (לעבן שידלעווע), וואָס איז 1854 אויפגעשטעלט געוואָרן אויף אומזיסטער רעגירונג־ערד, זײַנען געווען אויך 7 מישפּחות פון לינקעווע, זיימל, באָלניק.

אין אַ שׂריפה פון 1883 זײַנען 60 ייִדישע הײַזער און 40 קראָמען אַראָפּ מיטן פײַער. 150 ייִדישע מישפּחות זײַנען געוואָרן נשׂרפים. אין 1890 האָבן 30 ייִדישע פאַמיליעס פאַרלאָרן זייערע הײַזער אין אַ שׂריפה. אין 1889 האָט אַ פּולישער גראַף געעפנט אַ פּאָר קראָמען צו קאָנקורירן די ייִדישע קרעמערס.

אין 1901 איז דאָ פאָרגעקומען אַ פּאָגראָם־פּראָצעס קעגן צעווילדעוועטע כוליגאַנעס. די אָנקלאָגערס: די אַדוואָקאַטן עוזר פינקעלשטיין (קאָוונע) און צענקאָווסקי (שאַוול).

*

מיטן אויפקום פון חיבת־ציון און ציוניזם, זײַנען אויך לינקעווער ייִדן צוגעשטאַנען העלפן בניין ארץ־ישׂראל. אין דרײַ רשימות פון מנדבים צו קויפן ערד פאַר קאָלאָניעס אין ארץ־ישׂראל זײַנען דאָ אַ סך לינקעווער (**המליץ**, 1886, 1898, 1903). קלײַבערס: יצחק קאַפּולער, י.מ. קאַפּולער.

אין אַ ליסטע מנדבים פּאַר ארץ־ישׂראל אין 1909 זײַנען דאָ די לינקעווער:

יצחק קאַפּולער, זאבֿ פעלדהון, ישׂראל פראַנק, בנימין עווין, בצלאל בר״י באַר, בצלאל בר״ש באַר, בן־ציון הורוויץ, שמואל באַר, משה קריגער, יוסף ליפשיץ, אליעזר הירש, שמואל קאַן, יהודה פליין, אליעזר שפוך [?], מתּתיהו קילון, פּסח אַלכּסנדראָוויטש.

אויף אַן אַלטן בית־עולם אין ירושלים געפינען זיך די מַצבֿות פון:

אסתּר [מלינקעווע] בת ר׳ שלמה הכּהן מאוטיאַן, תּרל״ד;

משה בר׳ יהושע מלינקווע.

אויף אַ מצבֿה פון 1861 איז דאָ „אשת השוחט [אָן נעמען] מלינקובֿה.

**רבנים.** — ד״ר הערמאַן פראַנק האָט געשריבן, אַז אויפן כּסא־הרבנות אין לינקעווע זײַנען געזעסן צוואַנציק דורות רבנים. אונדז האָט זיך ניט אײַנגעגעבן צו געפינען מקורות, וואָס זאָלן באַשטעטיקן דעם דאָזיקן פאַקט. אויב דאָס זאָל זײַן ריכטיק, וואָלט דער לינקעווער ייִדישער ייִשובֿ געדאַרפט זײַן אַלט מינימום אַ 400 יאָר, און מיר האָבן ניט קיין שפּורן צו דעם. רבנים פון לינקעווע האָבן מיר נאָר פון נײַנצנטן יאָרהונדערט.

ר׳ יואל־יצחק בר׳ מרדכי קאַצענעלענבויגן, בעל **זרע יצחק**. אויך רבֿ אין סיאַד, זעזמער, סעמיאַטיטש, עזשערעני (6 יאָר). שפּעטער פאַרלאָזן רבנות. איידעם

פֿון ר׳ אַבֿרהם־אַבא הלוי איש הורוויץ פֿון קעלם. ניפֿטר געוואָרן 1891 אין עלטער פֿון 82 יאָר.

ר׳ צבֿי־הירש הכּהן ראַבי־נאָוויץ[1]. וועגן אים זײַנען אַרומגעגאַנגען פֿאַרשיידענע קלאַנגען און ס׳איז שווער צו קאָנטראָלירן זייער הונדערט־פּראָצענטיקן אמת. ער זאָל זיך ניט האָבן געהאַלטן לאַנג אויפֿן לינקעווער כּסא־הרבנות, ווײַל מען האָט אים חושד געווען אין אַפּיקורסות. ער איז שפּעטער אַוועק קיין דווינסק. סײַ דאָס, סײַ דאָס ווײַטערדיקע שרײַבן מיר מיט אַ „ויש לעיין".

דער באַקאַנטער ש. אַנ־סקי האָט אים איין מאָל באַזוכט אין דווינסק און ער באַשרײַבט אים אַזוי: „אַן עלטערער ייִד מיט אַ גרויסער, שיינער, רבנישער באָרד, געקליידט ווי אַ רבֿ און מיט אַלע מאַניערן פֿון אַ רב, פֿלעגט ער גאַנצענע טעג זיצן (אָן אַ היטל) בײַ דער גמרא און לערנען. דעם תּלמוד האָט ער געהאַלטן פֿאַר דאָס גרעסטע ווערק, וואָס די מענטשהייט האָט אַרויסגעבראַכט. ער פֿלעגט תּמיד אַנטדעקן אין תּלמוד אַלץ נײַע און נײַע וווּנדער פֿון דעם מענטשלעכן גײַסט."

צבֿיון (ד"ר ב. האָפֿמאַן), באַקאַנטער ייִדישער פּובליציסט, וואָס זײַן וואַשקי איז ניט געווען צו ווײַט פֿון לינקעווע, פֿלעגט פֿון צײַט צו צײַט האָבן שמועסן מיט ר׳ הירשלען, ווי ער רופֿט אים. לויט צבֿיונען, פֿלעגט דער רבֿ פֿאַרטראָגן זײַנע אַפּיקורסישע רייד. אַז ער האָט איין מאָל געזאָגט צום רבֿ, אַז די ערד דרייט זיך אַרום דער זון, האָט דער רבֿ געענטפֿערט געלאַסן: „עס איז ניט וויכטיק, צי די זון דרייט זיך אַרום דער ערד, צי די ערד דרייט זיך אַרום דער זון, וויכטיק איז נאָר, אַז דער קאָפּ זאָל זיך ניט דרייען."

מיטן זעלביקן עניין איז אפֿשר פֿאַרבונדן אַן אַנדער מעשה, וואָס איז אַרויסגעקומען אין אַ פֿאַרדרייטער פֿאָרעם. אפֿרים דיינאַרד, באַקאַנטער העברעיִשער שרײַבער בשעתו, האָט געשריבן וועגן איינעם אַ הרבֿ טראַהוב ווי אב"ד לינקעווע. ער זאָל האָבן אַראָפּגעריסן די אַמוֹראים, האָט מען אים גערופֿן צו אַ בית־דין פֿון דרײַ רבנים, וואָס האָבן געפּסקנט, אַז ער מוז פֿאַרלאָזן לינקעווע.

די גאַנצע מעשה האָט ניט קיין יסוֹד, ווײַל אין קיין מקור — אויף וויפֿל אונדז איז באַקאַנט — ווערט ניט דערמאָנט אַ רבֿ טראַהוב ווי אַ רבֿ אין לינקעווע. אַזוֹי ווי אפֿרים דיינאַרד איז ניט אַלע מאָל פֿאַרלאָזלעך מיט זײַנע מעשׂיות — לויט די רייד פֿון באַקאַנטן ייִדיש־העברעיִשן ליטעראַטור־פֿאָרשער א.ר. מלאכי — קען געמאָלט זײַן, אַז ער האָט געהערט אַן ענלעכע מעשׂה וועגן ר׳ צבֿי־הירש ראַבי־נאָוויץ און ער האָט עס פֿאַרמישט מיט אַ נאָמען טראַהוב.

נאָך רבנים: ר׳ מאיר הכּהן ראַבינאָוויץ, פֿאָטער פֿון וויסנשאַפֿטלעכן שרײַבער צבֿי־הירש ראַבינאָוויץ.

---

1) אין „יהדות ליטא", ג׳ (אינדעקס) איז ער בטעות צונויפֿגעמישט מיט אַ צווייטן ר׳ צבֿי־הירש ראַבינאוויץ, זון פֿון ר׳ יצחק־אלחנן, קאָוונער רבֿ, און אַליין שפּעטער אב"ד קאָוונע.

ר׳ נחום־שרגא רעוועל בר׳ משולם־זלמן הלוי. געבאָרן 1836 אין ראַסיין, דאָ רבֿ 17 יאָר, אין פֿרען 12 יאָר. איידעם פֿון ר׳ משה־יצחק הלוי סג״ל, אב״ד טאַוריק, פּאָנעוועזש א״אַ. שוואָגער פֿון ר׳ זאבֿ־דובֿ ליפּשיץ, אב״ד סרעדניק. ניפֿטר 1896 אין קאָוונע.

ר׳ שלמה־זלמן זק״ש („זעלמעלע פֿרומאַק״), געבאָרן 1814. רבֿ אין בירזש, לינקעווע, לוקניק און קרעטינגע (פֿון אַרום 1857).

ר׳ צבֿי־הירש לעוויטס. אין 1898 נאָך געווען רבֿ. אין י. סובֿאַלסקיס **כּנסת הגדולה** (1890) דאָ זײַנס אַ מאמר.

ר׳ נטע־ירחמיאל ליטווין, פֿריִער רבֿ אין שאַקאָט, אַ קורצע צײַט ר״מ אין אַ שאַוולער ישיבֿה. פֿון 1929 רבֿ אין קורשאַן, הי״ד. שטיפֿברודער פֿון ר׳ אשר־ניסן לעוויטאַן, ר״מ אין שאַוול.

לעצטער רבֿ ר׳ יקותיאל־זלמן לעוויטס. פֿריִער אב״ד וועקשנע, הי״ד. איידעם פֿון ר׳ אַריה ליפּקין, אב״ד קרעטינגע און וועקשנע.

אין 1883 איז דאָ געווען קאַזיאָנער ראַבינער אַהרן הכּהן כּאַראַש.

**אָפּשטאַמיקע.** — ר׳ חיים־זאבֿ וואָלף בר׳ אַהרן קריגער, געבאָרן 1858. ניפֿטר 1913. זײַן זון ר׳ ישׂראל־אַבא, אב״ד קאָשעדאַר, דערנאָך באָסטאָן.

ד״ר דובֿ רעוועל, געבאָרן 1885. ראש־ישיבֿה אין ישיבֿה־אוניווערסיטעט אין ניו־יאָרק. ניפֿטר 1940. פֿאָטער ר׳ נחום־שרגא, אב״ד לינקעווע.

ר׳ יחזקאל וואָלפּערט, אַ היי־געבאָרענער. רבֿ אין סעריי און נײַשטאָט־שאַקי. לעצטע יאָרן געלעבט אין ביאַליס־טאָק, ווו ניפֿטר געוואָרן י״ח טבת, תּר״ע.

**שרײַבערס.** — צבֿי הכּהן ראַבינאָוויטש, געבאָרן 1832. אַרויסגעגעבן אַ רײ ביכער וועגן מעכאַניק, פֿיזיק, כעמיע, מאַטעמאַטיק, דאָס באַקאַנטסטע — **המנו־חה והתּנועה** (ווילנא, תּרכ״ז), **משפּטי המגבילים** און **לוחות המגבילים** (פּעטער־בורג, 1871), **תּולדות האש והמים** (ווילנא, תּרל״ו), **ספֿר ההרכּבה וההפֿרדה** (דאָרטן). די ביכער זײַנען ניט קיין קאָמפּילאַטיווע, נאָר געשריבן פֿון אַ מומחה אין די דער־מאָנטע וויסנשאַפֿטן. אין **המליץ** האָט ער פֿאַרעפֿנטלעכט צענדליקער מאמרים איבער די אַלע ענייַנים. — געווען אַקטיוו אין „חבֿרה מרבי השׂכּלה״ אין פּעטערבורג, אָבער קיין מאָל ניט אַרויסגעטראָטן מיט אַ שאַרף וואָרט קעגן די פֿרומע (אין זײַנע פּובליציסטישע אַרטיקלען). ער איז אויך ניט געווען פֿאַר דראַסטישע רעליגיעזע רעפֿאָרמען אין ייִדישן לעבן. אין אַ שריפֿט וועגן ייִדן האָט ער געשריבן, אַז ייִדן האָט מען ניט פֿײַנט צוליב זייערע **פֿעלערן**, נאָר צוליב זייערע גרויסע **פּישרונות**. דורכן משומד ניקאַנדער וואַסילעוויטש האָט ער זיך באַקאַנט מיטן מיניסטער דעליאַנאָוו און דורך אים געהאָלפֿן אַ סך ייִדן. אַ דאַנק דעליאַנאָוון איז ראַבינאָוויטש געוואָרן אַן ערן־בירגער פֿון רוסלאַנד. געשטאָרבן 1889 אין פּעטערבורג.

אַבֿרהם לעווינסאָן, געבאָרן 1888, פֿון 1905 אין שיקאַגאָ. פּראָפֿעסאָר פֿאַר קינדער־קראַנקייטן. פֿאַרעפֿנטלעכט

אין ענגליש פֿאָרשונגען אין מעדיצין. געשריבן אין **השלוח** און **התּורן** וועגן ייִדישע סטודענטן אין אַמעריקע. אין בערלין אַרויסגעגעבן **טוביה הרופא וסִפּרו מעשׂה טוביה** (ברלין, 1924). אויף העב־רעיִש זײַנען איבערגעזעצט געוואָרן זײַנע **הטיפּול בילדים** (ת״א, 1933) און **הילד המפגר** (ת״א, 1954). געשטאָרבן 1955 אין שיקאַגאָ.

מיכאל גראָסמאַן, געבאָרן 1911. פֿון 1931 אין דרום־אַפֿריקע. געשריבן אין די העברעיִשע **רסיסים** (שאַוול), **בסד** (יאָהאַנעסבורג), פֿון 1936 אין **אַפֿריקאַנער אידישע צײַטונג**. מחבר פֿון **אין ליכט פֿון אָוונט** (ת״א, 1971). געשטאָרבן 1983 אין תּל־אָביב, וווּהין ער איז געקומען 1978.

פּ.ב. אַלכּסנדרוביץ, מחבר פֿון **הלאומיות והעם העברי** (קיידאַן, תּרפ״ט), מאמרים אין **הד ליטא** (קאָוונע).

**קאָרעספּאָנדענטן:** — זאב בר׳ צבי לינקעווער (יודישעס פֿאָלקס־בלאַט, פּעטערבורג), יצחק קאַפּולער (= ק.ר., המליץ)

**ביבליאָגראַפֿיע.** — יודישעס פֿאָלקס־בלאַט, 1882, ז׳ 483; המליץ, 1886: 172; ספר הזכרון לסוקולוב, וואַרשע, תּרמ״ט, ע׳ 103; המליץ, 1898: 9; 1903: 120; הפּלס, פּאָלטאַווע, תּרס״ג, חוב׳ כ״ו; חשבון הנדבות, 1909, ע׳ 80; אפרים דיינאַרד, זכרונות בת עמי. סט. לואיס, תּר״ף, ע׳ 113.

ש.ל. ציטראָן, משומדים. וואַרשע, 1923, ז׳ 62; א.ש. הערשבערג, פּנקס ביאַליסטאָק. נ״י, 1949, ז׳ 402; חלקת מחוקק, חוב׳ ג׳, ה׳, ט׳; ש. ווינר, קהלת משה, נומ׳ 447; „ליטע״, 1, ז׳ 779, 1302; תּולדות ישיבת היהודים בקורלאַנד, ע׳ 64, 65; לקורות עיר ראַסיין ורבניה, ע׳ י״ב; ג. קרסל, 2.

ד. תּדהר, ע׳ 131; לעקסיקאָן, 1; ב. כּהנס לעקסיקאָן, ז׳ 98; א.ל. פֿרומקין, תּולדות אליהו, ע׳ 78; יהדות ליטא, ג׳; ספר הפּרענומעראַנטן, 4440; Recueil de Matériaux economique des Israelites de Russie. Paris, 1906, II., P. 367; L. Goldblatt, It was but Yesterday. Johannesburg, 1957; Jewish Encyclopedia, X., p. 303; Black Book.

## לישקעווע LIŠKIAVA

אַן אַלט אָרט, ניט ווײַט פֿון לייפּון, סייניער קרײַז. ערשטע ידיעות וועגן דאָזיקן מקום שטאַמען פֿון סוף 15טן יאָר־הונדערט. גרויספֿירשט אַלעקסאַנדער האָט עס געגעבן במתּנה צו מיכאַיִל געלינסקי. 1662 האָבן דאָ געלעבט 110 תּושבים, קיין איין ייִד ניט צווישן זיי. די דאָמיניקאַנער, וואָס זײַנען שפּעטער געוואָרן די באַלע־באַטים פֿון דעם אָרט, וועלנדיק מאַכן פֿון לישקעווע אַ שטעטל, האָבן פֿאַרבעטן ייִדן צו קומען אַהין.

אין 1740 זײַנען דאָ געווען 16 הײַזקעס, האָבן 9 געהערט צו פּויערים און גאַנצע 11 צו ייִדן. 1797 האָט פּרײַסן צו־געוומען דעם דאָמיניקאַנער מאָנאַסטיר מיט אַלע זײַנע גיטער, צווישן זיי אויך דאָס דערפֿל Vilkiantinis מיט 6 Smuklės (שענקען), באַוווינט פֿון ייִדן. נאָך אָנהייב 20סטן יאָרהונדערט האָבן דאָ געלעבט ייִדישע מישפּחות.

אין די יאָרן 1890, 1895, 1908 זײַנען דאָ געווען 10 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספרים. אין דער אומאָפּהענגיקער

ליטע איז דאָ געווען אַ נישקשהדיקער ייִדישער ייִשובֿ. 1923 האָבן דאָ געוווינט 146 ייִדן, דער רבֿ איז געווען ר׳ אפֿרים־צבֿי מיניבורג. אין אַ רשימה פֿון ייִדישע בעלי־מלאכות אין 1938 ווערט אָנגעגעבן אויך לישקעווע (דאָרטן: ליסקאָוואַ).

**ביבליאָגראַפֿיע.** — אידישע שטימע, 1922; דער אידישער האַנטווערקער, 1938; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 4453

Jonas Totoraitis, Sŭduvijos Suvakijos Istorija. Kaunas, 1938, p. 370; Black Book.

# מ

## מאַזשייק MAŽEIKIAI

קרײַזשטאָט. אונטערן צאַר האָט עס געהערט צו שאַוולער קרײַז. אין 1901 איז איר נאָמען געענדערט געוואָרן אויף מוראַוויאָוואַ, אויפֿן נאָמען פֿון ווילנער גענעראַל־גובערנאַטאָר מוראַוויאָוו. אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע איז עס אָנגערופֿן געוואָרן מיטן אַלטן נאָמען.

מאַזשייק איז איינער פֿון די סאַמע ייִנגסטע ייִדישע ייִשובֿים אין ליטע. מען קען רעכענען — אַזוי קומט אויס לויט אונדזערע חשבונות — אַז ייִדן זײַנען געקומען אַהער ניט פֿריִער ווי אָנהייב מיטן העלפֿט פֿון נײַנצנטן יאָרהונדערט.

לויט אַ רעגירונג־באַפֿעל פֿון 1882 איז ייִדן פֿאַרווערט געוואָרן זיך צו באַזעצן אין מאַזשייק. דער דאָזיקער באַפֿעל איז אַנולירט געוואָרן אין 1903.

דער חרם־באַפֿעל פֿון 1882 האָט געוויס געצילט נאָר לגבי **נײַע** ייִדן, ווײַל אַ ייִדישער ייִשובֿ אין מאַזשייק האָט שוין עקסיסטירט מיט עטלעכע יאָרצענדליק פֿריִער, און ס׳איז ניט באַקאַנט, אַז די רעגירונג זאָל האָבן אַרויסגעטריבן די **אַלטע** ייִדן פֿון שטאָט.

אַז ייִדן האָבן געלעבט אין מאַזשייק נאָך **פֿאַר** 1882, אין דעם קען ניט זײַן דער קלענסטער ספֿק, פּונקט ווי עס קען ניט זײַן קיין צווייפֿל, אַז די **אַלטע** ייִדישע תּושבֿים זײַנען ווײַטער געבליבן אויף אָן אָרט.

די רײַסיקסטע ראיה איז דער פֿאַקט, אַז אין 1885 — דרײַ יאָר **נאָכן** חרם־באַפֿעל — האָט מאַזשייק שוין געהאַט אַ **רבֿ**. אין זעלביקן יאָר זײַנען 12 פּרענומעראַנטן געווען אויף אַ רבנישן ספר. אין 1897 — 6 יאָר **פֿאַרן** מבֿטל מאַכן דעם איסור־באַפֿעל — האָבן געוווינט אין

מאַזשייק 435 ייִדן, לויט דער אָפּיציעלער באַפֿעלקערונג־ציילונג איבער גאַנץ רוסלאַנד. אַ פּאָר יאָר פֿריִער זײַנען דאָ געווען גאַנצע 24 פּרענומעראַנטן אויף אַ רבנישן ספֿר.

דער יונגער יישובֿ איז גיך גע־וואַקסן. צוויי סיבות: 1. צוויי וויכטיקע באַנקנופּן און נאָענט צו אַ גרענעץ. 2. נאָכן גירוש־ליטע אין ערשטן וועלטקריג האָבן זיך צוריקגעגרט ניט בלויז די מאַזשייקער אַרויסגעטריבענע ייִדן, נאָר אַ סך פֿאַרטריבענע ייִדן פֿון די אַרומיקע שטעט־לעך האָבן זיך דעמאָלט באַזעצט אין מאַזשייק. ייִדן האָבן זיך פֿאַרנומען מיטן עקספּאָרט פֿון האָלץ און אַגריקולטור־פּראָדוקטן. מאַזשייק איז געווען אַ באַ־מיטלטע שטאָט, און ייִדן האָבן עס גערופֿן „קליינע אמעריקע".

אין 1923 האָבן געוווינט אין מאַזשייק 682[1] יידן און פֿאַרן חורבן בײַ 900 ייִדן.

אין 1901 איז פֿאַרשטאַרקט געוואָרן די ציוניסטישע טעטיקייט. די פֿריִער־אָרגאַניזירטע „אגודת הציונים" איז פֿאַרגרעסערט געוואָרן. אין די פֿריִערדיקע יאָרן איז לייב־זלמן עפּל געווען דער מורשה פֿון „ועד אודיסא לתּמיכת יהודים עובֿדי־אדמה בסוריא וארץ־ישׂראל".

אויך די „אגודה" איז דאָ געווען אַקטיוו. אין אַ רשימה פֿון „אגודה"־בײַ־שטײַערערס אין 1913 געפֿינען זיך די מאַזשייקער: צבֿי־זאבֿ איטעלסאָן, בן־ציון יהודה טאָוו, ישׂראל פּאָרטנאָי, חיים גליק־מאַן, לייב עפּל, לייב פֿון, שרגא מעץ, אליעזר אבֿרך, אַבֿרהם העץ, אַבֿרהם העקסט.

*

דער ערשטער רב איז געווען ר' זאבֿ־וואָלף בר' יצחק־אײַזיק אַברך, געבאָרן 1845 אין ריטעווע. 1873 מו"צ אין פּיקעלן, 1875 רבֿ אין סיאַד און פֿון 1885 ביז 1922 אין מאַזשייק, ווו ניפֿטר געוואָרן. בעל **רבֿיד הזהבֿ** (וואַרשא, תּרנ"ח). האָט חידושי־תּורה אין **יגדיל תּורה** (1911, 1912). זײַן הסכּמה געפֿינט זיך אויף זעליג־יוסף שנײַדערס איבערזעצונג פֿון **תּהלים** (ווילנא, 1908).

1922 איז דאָ געוואָרן רבֿ ר' יוסף־זאבֿ מאַמיאָפֿע. אומגעקומען 1941, הי"ד.

אַרום 1880־1910 איז דאָ געווען שוחט ר' יצחק קרוגער.

ר' משה זאַקס, געבאָרן 1829 אין ווילנע, איז דאָ געווען ראש־ישיבֿה, שפּעטער מו"צ אין ראַסיין, רב אין פּילי־פּאָווע (סוּוואַלקער געגנט) און 21 יאָר רב אין נעמאַקשט, ווו ניפֿטר 1905. בעל **דבֿרי משה** (ווילנא, תּרל"ח).

ר' שמואל־משה רובינשטיין, דאָ געבאָרן אָדער געווען אַ תּושבֿ. מחבר פֿון **תּורת הקבלה** (1922).

צווישן 1885 און 1914 זײַנען דאָ

---

1) 89 ייִדן בײַם ברעג שטאָט זײַנען סטאַ־טיסטיש ניט צוגערעכנט געוואָרן.

געווען 45 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

**שרײַבערס.** — חיים קרוגער, געבאָרן דאָ 1875, דעם שוחטס זון. ייִדיש־העברעיִשער זשורנאַליסט. פֿון 1907 אין מאָנטרעאָל, ווו געווען שוחט, בעל־תּפֿילה, ראש־ישיבֿה. אָנגעהויבן שרײַבן העברעיִש אין ווילנער **הזמן** (1906) און ייִדיש אין 1921. דעמאָלט געוואָרן רעדאַקציע־מיט־גליד פֿון **קענעדער אָדלער**. דאָרטן געדרוקט אַרטיקלען אויף פּאָליטיש־עקאָנאָמישע ענייַנים, דערציילונגען, צײַטונג־ראָמאַ־נען. מחבר פֿון **דער רמב״ם, זײַן לעבן און שאַפֿן** (מאָנטרעאָל, 1933). געשטאָרבן 1933 אין מאָנטרעאָל.

לייב יודייקין, געבאָרן 1904. פֿון 1925 אין דרום־אַפֿריקע. ייִדישער זשורנאַליסט. געדרוקט דערציילונגען פֿון ייִדישן לעבן אין דרום־אַפֿריקע אין די אָרטיקע ייִדישע צײַטשריפֿטן.

משה מאַרקוסאָוויץ האָט גע־שריבן קאָרעספּאָנדענציעס אין **המליץ**.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — הצפֿירה, 1901: 166; הדרך, 1914: 11; לעקסיקאָן, 4, 8; יהדות ליטא, ג׳; ד. תּדהר, ע׳ 1133; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 4632. Black Book

# מאַליאַט

# MOLETAI

אַליטער קרײַז. דער ייִדישער ייִשובֿ האָט זיך אָנגעהויבן אַרום צווייטן דריטל פֿון אַכצנטן יאָרהונדערט. דאָס קען מען לערנען פֿון פֿאַקט, אַז אין 1765 האָבן דאָ שוין געוווינט בײַ 700 ייִדן — אַזאַ קהילה ווערט ניט געבאָרן אין איין אָדער צוויי צענדליק יאָרן.

אין 1847 האָבן דאָ געלעבט 1006 ייִדן, 1897 — 1948, 1914 — בײַ 2000, 1923 — 1343 און פֿאַרן חורבן — בײַ 1100.

אין צײַט פֿון פּוילישן אויפֿ־שטאַנד אין 1863 איז אַ מאַליאַטער ייִד, „ר׳ בערעלע מתמיד״, געזעסן אין ווילנע על התּורה ועל העבֿודה. האָט ער באַקומען אַ ידיעה, אַז זײַן ווײַב אין מאַליאַט גייט שווער צו קינד, האָט ער גלײַך גענומען אַ פֿויער און מיט פֿור־און־וואָגן זיך געלאָזן אַהיים. אויפֿשטענדלער־לעגיאָנערן. זײַנען אים באַפֿאַלן און אַרויפֿגעלייגט זייערע וואָפֿן אויף דער פֿור. עטלעכע וויאָרסט ווײַטער זײַנען אָנגעקומען קאָזאַקן. די לעגיאָנערן זײַנען אַנטלאָפֿן, אָבער ר׳ בערעלע איז געבליבן אין וואָגן, מען האָט אים אַרעסטירט און אָפּגעפֿירט קיין ווילנע, ווו מוראַוויאָוו האָט אים פֿאַרמישפּט צום טויט. די שתּדלנות פֿון ר׳ יענקעלע ווילנער האָט ניט געהאָלפֿן.

אין 1860 האָט אויסגעבראָכן אַ גרויסע שׂריפֿה. 130 הײַזער זײַנען פֿאַרברענט געוואָרן, בתוכם אַלע שולן מיט 10 ספֿר־תּורהס. אין דער שׂריפֿה פֿון 1888 זײַנען די מערסטע הײַזער אַראָפּ מיטן פֿײַער. נאָר 40 הײַזער זײַנען געוועזן פֿאַרזיכערט. אַן ענלעכע ריזיקע שריפֿה איז געווען אין 1906.

אין 1884 זײַנען פֿאָרגעקומען אָנפֿאַלן אויף ייִדן. אין 1880ער יאָרן און שפּעטער אָנהייב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט איז געווען אַ גרויסע ייִדישע עמיגראַציע, באַזונדערס פֿון מענער און מערסטנס קיין דרום־אַפֿריקע.

סוף יולי 1915 האָט מאַליאַט דורכגעמאַכט דעם גירוש־ליטע. אין איין טאָג זײַנען די ייִדן אַרויסגעטריבן געוואָרן אין פֿאַרחתמעטע פֿראַכטוואַגאָנעס קיין פּענזע.

די ייִדישע פּרנסות זײַנען געווען די געוויינלעכע: קרעמערײַ, קליין־מיסחר, מלאכה און קליינע בײַשטוביקע גערטנערײַ. דערצו זײַנען נאָך צוגעקומען אַ סך מיידלעך זאָקן־מאַכערקעס, וואָס האָבן געאַרבעט פֿאַר ווילנער פֿאַבריקלעך.

אויסערן ציוניזם, האָט אויך דער „בונד" געהאַט זײַן אַקטיווע גרופּע. מאַליאַט האָט געהאַט אַ קליינעם ייִדישן אַרבעטנדיקן עלעמענט, וואָס איז געווען דער מענטשן־רעזערוו פֿון „בונד".

מיט ארץ־ישׂראל איז מאַליאַט פֿאַרבונדן פֿון די אָנהייב 1880ער יאָרן דורך דער „עליה" פֿון ייִדן, וואָס זײַנען געפֿאָרן אהין אויסלעבן זייערע יאָרן. אויף אַן אַלטן בית־עולם אין ירושלים געפֿינען זיך מצבֿות פֿון:

ברוך בר׳ שמריה כּ"ץ, תּרכ"ז (ברוך אחי הגאון מאיר מאלאטער).

יוסף חנוך בר׳ יהודה ממאַלַט, תּרמ"ג.

זלאַטע אשת אברהם יצחק מלאַטער, תּרמ"ג.

חיה בת אברהם יצחק מלאַטער, תּרמ"ט.

אברהם יצחק גאָרדאָן בר׳ יהודה ממַלאַט, תּרנ"ב.

מיט דער פֿאַרשטאַרקונג פֿון ציוניזם האָט מאַליאַט זיך אויך אײַנגערייט אין עליה־שטראָם קיין ארץ־ישׂראל.

**רבנים.** — ר׳ מאיר־שלום בר׳ שמריהו הכּהן גוריון, געבאָרן אין קאַרעליץ, אַרום די 1820/30ער יאָרן. 14 יאָר פֿון הגאון ר׳ חיים וואָלאָזשינערס תּלמידים. ר׳ חיים האָט געשיקט ר׳ מאירן קיין ווילנע צו זײַן דער ראש וראשון אין דער ווילנער ישיבֿה. פֿאַר מאַליאַט רבֿ ומו"ץ אין איוויע. 1837 אַוועק קיין ירושלים, ווו ניפֿטר געוואָרן אין 1839. זײַן זון ר׳ משה־יואל גוריון אב"ד אַניקשט, בעל **ראש בשמים** (ווילנא, תּרמ"ד); ר׳ אַהרן בר׳ יחזקאל (1833).

ר׳ אליהו הלוי אַלצגוט (ר׳ אליה סמאַרגאָנער) איז זײַנע לעצטע יאָרן געווען דאָ אב"ד. ר׳ אליהו איז ניפֿטר געוואָרן אין 1863, קומט אויס, אַז זײַן מאַליאַטער רבנות איז אויסגעפֿאַלן אַרום 1858־1863. פֿריִער 39 יאָר דיין אין ווילנע. געווען פֿון די בעלי־הסכּמה אויפֿן ווילנער ש"ס פֿון תּקצ"ה, בעת דער גרויסער מחלוקת מיט די מדפּיסים פֿון סלאַוויטער ש"ס. געלאָזן אַ

חיבור **יד אליהו** אין כּתבֿ־יד. זײַן בן־יחיד הרבֿ החכם ר׳ נחום טוען [?] איז ניפֿטר געוואָרן 1884 אין עלטער פֿון 78 יאָר.

ר׳ נחמיה מאַליאַצקי; ר׳ ישׂראל־דוד הײַלפּערין, ניפֿטר 1883; זײַן זון ר׳ משה הײַלפּערין.

ר׳ יעקבֿ־משה בר׳ אַהרן הכּהן יאַקאַ, געבאָרן 1868, פֿון 1901. פֿריִער רבֿ אין וואָזנאָסענק. בעל **תּרומת יעקבֿ**.

ר׳ אַבֿרהם־דובֿ רײַנעס, דערנאָך רבֿ אין פּרען און פֿון 1912 ר״מ אין לידער ישיבֿה, וואָס עס האָט געגרינדעט זײַן פֿאָטער הגאון ר׳ יצחק־יעקבֿ.

ר׳ יצחק־אַריה בילעצקי, געבאָרן 1887 אין יאַסינאָווקע (גראָדנער גובֿ׳). פֿון 1920, פֿריִער אבֿ״ד יעזנע (פֿון 1907). בעל **בית יצחק**. ניפֿטר ט״ז אלול תּרצ״ג. פֿאָטער ר׳ תּנחום־גרשון אבֿ״ד יאַסינאָווקע. בעל **גנת ביתן, גנת חמד״י**.

זײַן זון ר׳ נטע־חיים, פֿון 1933 ביז 1941, ווען אומגעקומען, הי״ד. זײַן ברודער ר׳ לוי בילעצקי געווען רבֿ ברוקלין.

אַרום 1810־1820 איז דאָ געווען מו״צ ר׳ שלמה.

אין די יאָרן 1828, 1845, 1885, 1894 זײַנען דאָ געווען 36 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

**אָפּשטאַמיקע.** — ר׳ ישׂראל־אידל בר׳ יהודה־לייב זרחי, מו״צ אין ווילנע (אַרום 1840־1860). ניפֿטר 1862.

ר׳ יהושע פֿײַנזינגער. געבאָרן 1839. באַרימטער ווילנער שטאָט־חזן. ניפֿטר 1927 אין בערלין.

ר׳ רפֿאל גאָרדאָן, געבאָרן 1847. פֿון 1901 רבֿ אין וואַשילקאָווע און ביאַלי־סטאָק, ווו ניפֿטר געוואָרן 1931. מחבר פֿון **נחל עדן** (ווילנא, תּרנ״ח).

ר׳ אַבֿרהם־משה בורגין, רבֿ אין זאַבלודאָווע (פּוילן), פֿון 1895 ביז 1904.

ר׳ שמואל קאַגאַן, איינער פֿון די ר״מים אין סלאַבאָדקער ישיבֿה „אור החיים.״

**שרײַבערס.** — אַריה־גרונעם גאָרדאָן, געבאָרן 1826. פֿון אָנהייב 1880ער העברעיִשער לערער אין וואַרשע. מחבר פֿון **אורח מישור** (ווארשא, תּרנ״א) — דערקלערט איבער 11000 ווערטער אין תּנ״ך; **מלון תּנ״כי, עבֿרי־ז׳רגון** (ווארשא, תּרע״ד). איבערגעזעצט אויף העברעיִש **מפֿעלות היהודים** פֿון מ.י. שליידען (ווילנא, תּרמ״ב).

שמואל (הערץ) בורגין, געבאָרן 1870. שרײַבער און רעוואָלוציאָנער. אַנטלאָפֿן פֿון סיביר און 1903 געקומען קיין ניו־יאָרק, זינט 1906 ביז 1925 (מיט איבעררײַסן) מיטאַרבעטער פֿון **פֿאָר־ווערטס, צוקונפֿט** — ניו־יאָרק. נאָך זײַן ווערן אַ קאָמוניסט, געשריבן אין **פֿרײַהייט, מאָרגן־פֿרײַהייט**. מחבר פֿון **די טראָסטס און זייער בעדײַטונג** (פֿילאַדעלפֿיע, 1909), **די געשיכטע פֿון דער אידישער אַרבעטער־בעוועגונג אין אַמעריקאַ, רוסלאַנד און ענגלאַנד** (נ״י, 1915). געשריבן אַ סך אין רוסישע צײַטשריפֿטן. געשטאָרבן 1949 אין ניו־יאָרק.

יונה שאַפּיראָ, געבאָרן 1880. פֿון 1889 מיט עלטערן אין ווילנע. מיטגרינדער פֿון דער „יִדישער דעמאָקראַטישער

פאַרטיי", 1919־1927 איר פאָרשטייער אין ווילנער שטאָט־פאַרוואַלטונג. מיטגרינדער פון **ווילנער טאָג**, ווו געשריבן אַרטיקלען אויף עקאָנאָמישע און געזעלשאַפטלעכע טעמעס.

שמואל האָראָוויץ, געבאָרן 1901. פון 1924 אין ארץ־ישראל. פון 1953 פּראָפעסאָר פאַר לאַנדווירטשאַפט אין ירושלימער העברעיִשן אוניווערסיטעט און פון 1964 דעקאַן פון דעם אַגריקולטור־פאַקולטעט. האָט פאַרעפנטלעכט פאָרשאַרבעטן אין העברעיִשע און פרעמד־שפּראַכיקע ביכער. זיינע הויפּטווערק אין העברעיִש: **תורת השדה** (תשט"ז־תשי"ט) און **יסודות עבודת האדמה** (1959).

**ניכבדים.** — אַרום 1800־1850 האָט דאָ געלעבט דער גביר און מקובל ר' ישראל הלוי הורוויץ. די מישפּחה הורוויץ איז געווען פאַרשפּרייט אין שטעטל: ר' מיכל הורוויץ, רב און גביר, ר' אליהו הורוויץ, ר' רפאל הורוויץ, ר' שמואל־אליעזר הורוויץ.

ר' אַהרן שאַלניק, 35 יאָר שוחט און בעל־תפילה. ניפטר אַרום 1847; ר' יעקב שחר, מלמד אין תלמוד־תורה; ר' לייב ווילאָפסקי, בעל־תפילה און מלמד; ר' אליהו־דוד ווייִדעס, עסקן.

**ביבליאָגראַפיע.** — „ספר זכרון" לסוקולוב, וואַרשא, תרמ"ט, ע' 19; פון יאָר צו יאָר. וואַרשע, 1927, ז' 57; תולדות חכמי ירושלים, ג'. ירושלים, תרפ"ט, ע' 176; פנקס יעקאַפּאָ. ווילנע, תרצ"א, ז' 802; ד.מ. ליפמאַן.. לתולדות היהודים בקובנה וסלבודקה. קידן, תרצ"א, ע' 57; א.ש. הערשבערג, פנקס ביאַליסטאָק. נ"י, 1949, ז' 462.

המאור, נ"י, אלול תשי"ט, ע' 5; „זאַבלו־דאָווע." בוענאס־איירעס, 1961, ז' 167; עיר ווילנא, 78, 114, 159; חלקת מחוקק, חוב' ה', מחברת ד'; חוב' ז', ע' ט'; חוב' ט'; ג. קרסל 1; לעקסיקאָן, 1, 8; „ליטע", I, ז' 104; אהלי שם, ע' 115, 231, 357, 380; ב.צ. אייזענשטאַדט, דורות האחרונים, ב', ע' 331; יהדות ליטא, א', ג'; ד. תדהר, ע' 618, 662. ספר הפרענומעראַנטן, 4664. Black Book

# מאַריאַמפּאָל

# MARIAMPOLĖ

קרייזשטאָט. אויף איין זייט טייך לעבן שפּעטערדיקן מאַריאַמפּאָל האָט זיך געפונען אַ גרויס דאָרף סטאַראַפּאָלע, וואָס זיין אָנהייב איז אין 1739. אין 1758 האָט דער מאַריאָניטן־אָרדן באַקומען דאָס רעכט אויפצובויען אַ מאָנאַסטיר און אַ קלויסטער אויף דער צווייטער זייט טייך. דאָס אָרט איז אָנגערופן געוואָרן מאַריאַמפּאָל [מאַריאַ־מפּאָל, אויפן נאָמען פון מאָנאַסטיר „די הייליקע מאַריאַ"].

אין 1792 האָט מאַריאַמפּאָל געקראָגן מאַגדעבורגער רעכט, וואָס איז אויך חל געווען אויף סטאַראָפּאָלע. פון דעמאָלט זיינען ביידע ערטער געוואָרן איין שטאָט — מאַריאַמפּאָל. אין 1797 זיינען אין שטאָט געווען 1178 תושבים אין 139

הייזער — בכן, סוף 18טן יאָרהונדערט נאָך אַ קליינער ייִשובֿ, ניט קיין שטאָט, נאָר אַ שטעטל.

מיט דער דריטער צעטיילונג פֿון פּוילן אין 1795 איז מאַריאַמפּאָל, ווי גאַנץ סוּוואַלקער געגנט, אַריבער צו פּרײַסן, אַ קורצע צײַט געהערט צום וואַרשעווער פֿירשטנטום און נאָכן ווינער קאָנגרעס אין 1815 איז עס אײַנגעשלאָסן געוואָרן אין די גרענעצן פֿון רוסלאַנד.

ווען איז דער בראשית פֿון ייִדישן ייִשובֿ דאָ?

מען קען מיט זיכערקייט משער זײַן, אַז דער אָנקום פֿון די ערשטע ייִדן קיין מאַריאַמפּאָל פֿאַלט צונויף מיטן אויפֿבוי פֿון מאַריאָניטן־מאָנאַסטיר און קלויסטער אין 1758. די דאָזיקע קריסטלעכע אַנשטאַלטן האָבן געהאַט אַן עקאָנאָמישע צוציקראַפֿט פֿאַר ייִדן, דער עיקר פֿאַרן ייִדישן קרעמער און בעל־מלאכה. אַזוי איז געווען אין אַנדערע מקומות אין ליטע און מאַריאַמפּאָל איז ניט געווען קיין אויסנאַם.

נאָך אַ שלאָגיקערע ראיה פֿאַר דער ערשטיקייט פֿון ייִדישן ייִשובֿ דאָ איז דער פֿאַקט, אַז אין 1780 האָט מאַריאַמפּאָל שוין געהאַט אַ רבֿ, און עס נעמט צײַט, ביז אַ ייִדישע קהילה וואַקסט אויס צו אַ מדרגה פֿון קענען אויסהאַלטן אַ מרא דאַתרא. מען קען דעריבער זאָגן, אַז ייִדן האָבן אָנגעהויבן זיך באַזעצן אין מאַריאַמפּאָל אַרום סוף צווייטן פֿערטל פֿון אַכצנטן יאָרהונדערט, און אפֿשר נאָך אַ ביסל פֿריִער.

בעתן פּוילישן אויפֿשטאַנד אין 1831 האָבן מאַריאַמפּאָלער שטאַרק געליטן פֿון די אויפֿשטענדלערס. אַן אָרטיקע רײַכע מישפּחה איז געהאַנגען געוואָרן דורך זיי. 4 פּרנסים פֿון דער קהילה זײַנען אַוועקגעפֿירט געוואָרן געבונדענע אין וואַלד און נאָך זייער תּליה געבליבן דאָרט לאַנג הענגען.

אין 1897 האָבן דאָ געוווינט 3268 ייִדן (די אַלגעמיינע צאָל — 6737), פֿאַרן ערשטן וועלטקריג — בײַ 5000, 1923 — 2545 און פֿאַרן חורבן אַן ערך אַזוי פֿיל. פֿאַר סוכּות 1915 איז געקומען אַ מיליטערישער באַפֿעל — אַזוי אויך צו אַנדערע שטעט אין סוּוואַלקער געגנט — אַז אַלע ייִדן, יונג און אַלט, מוזן אַרויס אַרבעטן אויף די שאָסייען, ווײַל זיי ווײַזן אַרויס פֿרײַנדשאַפֿט צו דײַטשלאַנד.

אויסער קליין־מיסחר, קרעמערײַ און די פֿאַרשיידנסטע מלאכות, האָבן ייִדן געהאַנדלט מיט פֿלאַקס, תּבֿואה, געפֿליגל, וואָס פֿלעגן מערסטנס עקספּאָרטירט ווערן קיין דײַטשלאַנד. דאָ, ווי אין אַלע ייִדישע שטעטלעך פֿון דער סוּוואַלקער געגנט, האָבן ייִדן געהאַט אַ צוגאָב־חיונה פֿון בײַשטאָטישער און בײַשטוביקער ווירטשאַפֿט.

פּראָפֿ' ב. ברוצקוס שרײַבט: סוּוואַלקער גובערניע צייכנט זיך אויס מיטן העכסטן פּראָצענט ייִדן, וואָס זײַנען באַשעפֿטיקט בײַ לאַנדווירטשאַפֿט. ניט נאָר דאָרף־ייִדן, נאָר אויך שטאָטישע (קאַלוואַריע, ווילקאָווישק, מאַריאַמפּאָל א״א) האָבן מער אָדער ווייניקער באַטײַטיקע

שטיקער לאַנד. דאָ איז אויך שטאַרק אַנט־וויקלט ייִדישע גערטנעריַי.

ניט אַלע מאָל האָבן ייִדישע סוחרים געהאַט אַ רויִק לעבן, צוליב שיקאַנעריַיען פֿון דער פּאָליציי. אין 1869 האָט די ייִדישע קהילה געבעטן די „אַליאַנס איזראַעליט" אין פּאַריז צו אינטערווענירן קעגן רישעותדיקע מעשׂים פֿון פּאָליציי לגבי ייִדישע סוחרים.

1868־1870, אין דער צײַט פֿון גרויסן הונגער אין טיילן פֿון ליטע,[1] איז דאָ געווען אַ קליינע ייִדישע עמיגראַציע. אין אַ רשימה פֿון ייִדישע עמיגראַנטן קיין אַמע־ריקע אין 1870 געפֿינען זיך די מאַריאַמפּאָלער: ב. גליקמאַן, פּ. קיבליצקי, מ. שמואלזאָן. די ייִדישע עמיגראַציע פֿון מאַריאַמפּאָל קיין אַמעריקע האָט זיך אָנגע־הויבן מיט אַ יאָר צענדליק אָדער מערער פֿריִער, ווײַל נאָך פֿאַר 1871 איז שוין געווען אין ניו־יאָרק אַ „בית הכּנסת מאַריאַמפּאָלער ילידי פולין אוהבי שלום".

די 1870ער־1890ער זײַנען גע־ווען אַ תּקופֿה פֿון אויפֿשטעלן ייִדישע געזעלשאַפֿטלעכע מוסדות: 1875 — סומך נופֿלים, 1879 — גמילת־חסד, הכנסת אורחים, 1881 — די שטאָטישע פֿײַער־לעשער־קאָמאַנדע, דער עיקר דורך ייִדן, 1893 — אגודת בקור־חולים, מיט אַ קאַפּיטאַל פֿון 1600 רובל, אַ גאַנץ פֿײַנע סומע פֿאַר יענער צײַט. פֿונדעסטוועגן קלאָגט זיך 1887 אַ מאַריאַמפּאָלער קאָרעספּאָנדענט אין אַ העברעיִשער צײַטונג, הלמאי דער בית־מדרש איז אונטערגעשפּאַרט מיט סלופּעס און מען דאַרף זאָרגן פֿאַר אַ נײַעם בית־מדרש.

אין 1893 איז אויסגעבראָכן אַ גרויסע שׂריפֿה. 80 הײַזער פֿון 200 מישפּחות זײַנען אַוועק מיטן רויך. דאָס האָט פֿאַרלאַנגזאַמט דעם פּראָצעס פֿון ייִדישן אויפֿבוי אין שטאָט.

*

**חינוך.** — אַרום 1860ער איז דאָ שוין געווען אַ ייִדיש־וועלטלעכע שול. איינער פֿון די לערערס, משה גאָלדשטיין, גיט איבער אין אַ ראַפּאָרט וועגן היגן בית־ספֿר, אַז דאָרטן זײַנען דאָ 7 לערערס און 85 תּלמידים. 5 לערערס לערנען תּנ"ך, משנה און גמרא, 2 לערערס — רוסיש, דײַטש, חשבון, געאָגראַפֿיע. אַ זמן שׂכר־לימוד איז 10 רובל. אין אַ באַריכט צום פּעטערבורגער ועד פֿון „מרבי השׂכּלה בישׂראל" ווערט געבעטן אַרויסצוהעלפֿן אויף דירה־געלט. דער ועד האָט שפּעטער אויסגעפֿאָרשט און געפֿונען, אַז דער „בית־ספֿר נערך בטובֿ טעם ודעת" און באַשלאָסן צו געבן 200 רובל אויף צוויי יאָר דירה־געלט. אין 1860 איז איינער פֿון די לערערס געווען אַבֿרהם־אַריה־לייב שאַפּיראָ.

מאַריאַמפּאָל האָט געהאַט אַ סך משׂכּילים, און אויך די תּלמוד־תּורהס זײַנען

1) מאַריאַמפּאָלער ייִדן האָבן זיך געקענט דערלויבן דעמאָלט צו העלפֿן די הונגער־געטראָפֿענע ייִדישע שטעטלעך אין ליטע. אין אַ רשימה נדבֿות פֿון 1871 זײַנען דאָ זייערע נעמען. דער קלײַבער: ב. רובינזאָן.

געווען האַלבע בתּי־ספר. אין 1871 האָבן די משׂכּילים געשאַפֿן אַ תּלמוד־תּורה, ווו מען האָט אויך געלערנט רוסיש, דײַטש, חשבון, געשיכטע. אין 1886 האָט די תּלמוד־תּורה געהאַט 5 מחלקות, און מען האָט נאָך דאָרטן אַלץ געלערנט אַלגעמיינע לימודים.

ביז 1879 האָט עקסיסטירט אַ בית־ספר „שעור", ווו מען האָט בעיקר געלערנט תּנ"ך און גמרא, אויך לימודי־חול, שפּעטער גיך אונטערגעגאַנגען.

אין 1881 — און נאָך פֿריִער — זײַנען געווען מערערע ייִדישע שילערס אין דער מלוכהשער לאַנגיאָריקער רוסישער גימנאַזיע פֿון מאַריאַמפּאָל.

**ארץ־ישׂראל.** — נאָך פֿאַרן אויפֿקום פֿון חיבת־ציון האָבן טייל מאַריאַמפּאָלער ייִדן שוין געפּרוּווט עפּעס טאָן, כּדי צו קענען זיך באַזעצן אין ארץ־ישׂראל. דער אידעאָלאָג פֿון גאַנצן עניין איז געווען אליעזר מרדכי אַלטשולער, תּלמיד־חכם און משׂכּיל, וואָס איז געבאָרן געוואָרן 1844 אין מאַריאַמפּאָל. 1862 איז ער אַריבער ווױנען אין סוּוואַלק און דאָרטן געשאַפֿן אין 1881 די חבֿרה „יסוד המעלה", וואָס אירע מיטגלידער האָבן געוואָלט קויפֿן נחלות אין ארץ־ישׂראל און זיך דאָרטן באַזעצן. די מערסטע מיטגלידער זײַנען געווען סוּוואַלקער, די איבעריקע — פֿון מאַריאַמפּאָל, לאַזדיי און אַנדערע שטעטלעך אין סוּוואַלקער גובערניע. (מערערע פּרטים וועגן דער חבֿרה געפֿינען זיך אין ספר **סואוואלק**. דאָרטן זײַנען אויך געדרוקט גרויסע טיילן פֿון אַלטשולערס אַ טאָגבוך. אַלטשולער איז 1921 געשטאָרבן אין סוּוואַלק.)

אין 1899 איז פֿאָרגעקומען אַ קאָנפֿערענץ אין סוּוואַלק פֿון אַלע ציוניסטישע אַגודות אין די אַרומיקע שטעט. צווישן די רעדנערס איז געווען „הרב זאבֿ השׂכל" [?] פֿון מאַריאַמפּאָל. אין ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס (1897) איז דער מאַריאַמפּאָלער דעלעגאַט געווען גדליה גיטעלעוויץ. אַבא־יצחק ראָזענטאַל איז געווען דעלעגאַט צו אַ פּאָר ציוניסטישע קאָנגרעסן.

אין זעלביקן יאָר איז געווען אַ ועידה גלילית אין ווילנע. הרבֿ אליהו קלאַצקין האָט פֿאַרטראָטן מאַריאַמפּאָל. אין דער צווייטער אַלרוסישער ציוניסטישער קאָנפערענץ איז דער דעלעגאַט ווידער געווען א.י. ראָזענטאַל. ער איז אויך געווען דער פֿאָרשטייער פֿון סוּוואַלקער געגנט צו דער ציוניסטישער קאָנפֿערענץ אין 1908.

אין דרײַ רשימות בײַשטײַערערס אין **המליץ** פֿאַר בניין הארץ אין 1900 זײַנען דאָ די נעמען פֿון מערערע מאַריאַמפּאָלער. דער קלײַבער: א.י. ראָזענטאַל. אין אַ רשימה פֿון מנדבֿים אין 1909 זײַנען דאָ אַרום 100 מאַריאַמפּאָלער: חיים־אהרן קאַפּלאַן, נוח אַמראָוויץ, אַהרן אַגושעוויטש, אַבא־יצחק ראָזענטאַל, אפֿרים שאַטענשטיין, יעקבֿ אײַזיקאָוויטש, יעקבֿ גינזבורג, יצחק דימאַנט, זאבֿ עפּשטיין, ד"ר יעקבֿ קלאַצקין, זלמן גודינסקי, תּנחום אפֿרת, חיים־דובֿ בלאַזבערג.

שמואל באַנדולין, דובֿ בערענ־

שטיין, הושע ברונשטיין, אַלכּסנדר גינז־בורג, נפתּלי גליקסאָן, זלמן דימענט, משה־דובֿ היימאַן, אַברהם הירשאָוויטש, זלמן העכשטיין, יחיאל ווילקאָזערסקי, יצחק ווײַסבערג, נחום זיס, שלמה יעדוואָבניצקי, יהודה־אַבא לעווינזאָן,

מאיר מעקלעמבורג, אַבֿרהם־חיים נאַטאַנזאָן, מרדכי־יצחק סגל, משה סוראַלסקי, חיים סלאָנימסקי, יהושע פֿראַנק, יוסף קאַפּלאַן, בנימין רובינסקי, אַבא־יצחק ראָזענטאַל, משה שאַטענשטיין, נחמיה ברונשטיין, אײַזיק אַחרון, יוסף אַבעלסאָן, אַברהם דענישעווסקי, יהושע טוטעווסקי, חנוך טראָצקי.

חיים־יוסף לוריע, מרדכי־לייב לעבעדין, חיים קאַפּלאַן, מאיר קובעלסקי, יעקבֿ אײַזיקאָוויטש, זכריה אַחרון, פּסח אויסטערין, נחום ביאַלאָבלאָצקי, פּרץ בלאָך, שמואל בערנשטיין, פּנחס גאָלדבערג, זלמן גאַרבאַרסקי, נחום ביאַלאָסטאָצקי, פּנחס גאָלדבראַנד, אַבא־דוד גוטמאַן, בנימין גרינשפּאַן, יעקב־יהושע וואָלבערג, יעקב־אליעזר זימאַנסקי.

אליעזר לאָנדאָן, אהרן־יעקב לייזעראָוויטש, יעקב מישעלסקי, יצחק סטאַפּאָווסקי, אפרים קאַווין, חיים־אַהרן קאַפּלאַן, גרשון ראָזוואַנישקי, אַברהם־אַבא ראָזענטאַל, אליעזר־שרגא ראָזענטאַל, אליעזר־תּנחום ראָזענטאַל, אליהו־תּנחום ראָזענטאַל, שמואל־יצחק און פּסח־דוד גרינשטיין, אַברהם הורוויץ, יהודה וואַקס־מאַן,

אליהו ווישווינעצקי, נחום האָרענזאָן, נחום ראָזענטאַל, בנימין יאַנע־לעוויטש, משה יאַנקאָווסקי, יעקב כּהנא, אַהרן־זעליק לאַבינסקי, יעקבֿ לייבאָוויטש, אַבֿרהם־דובֿ מלאך, אַריה־לייב מיכאַלינסקי, מרדכַי מעקלעמבורג, יהושע־לייב מרגליות, שלמה־יצחק מרגליות, ירחמיאל סאָטניק, אַברהם־משה פּאָמעראַנץ, אַבֿרהם־יצחק קאַלשטיין.

א גוטע צוגרייטונג פֿאַר דער ציוניסטישער טעטיקייט אין מאַריאַמפּאָל איז געווען אַן אַקטיווע אָרגאַניזאַציע פֿון חיבת־ציון. דאָס איז געשען אַ דאַנק דעם מאַריאַמפּאָלער י. יאַסינאָווסקי, וואָס האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָל בײַ די חובֿבֿי־ציון, פֿאַקטיש געווען צווישן די אָנפֿירערס פֿון דער באַוועגונג. אין **כּתבים לתּולדות חבת־ציון וישוב ארץ־ישׂראל** (כּרך ב׳, אודיסה, תּרע״ט) ווערט אַ סך גערעדט וועגן אים.

די ציוניסטישע באַוועגונג, אין אַלע אירע שאַטירונגען, איז גיך געוואָרן דער דאָמינירנדיקער געזעלשאַפֿטלעכער פֿאַקטאָר אין אָרטיקן יִדישן לעבן. אָבער דער „בונד״ האָט אויך זיך אויסגעבויט פֿעסטע פּאָזיציעס, באַזונדערס אין ערשטן יאָרצענדליק פֿון 1900. מאַריאַמפּאָל, ווי אַנדערע שטעט אין סוּוואַלקער גובערניע, האָט פֿאַרמאָגט אַ קענטיקן יִדישן אַרבעטער־עלעמענט, וואָס האָט געגעבן דעם מענטשן־רעזערוו פֿאַרן „בונד״. דער „בונד״ פֿלעגט אויך אין געוויסע פֿאַלן מיטאַרבעטן מיט דער אַלגעמיינער רעוואָ־לוציאָנערער באַוועגונג. אין רעוואָלוציע־יאָר פֿון 1905 האָט פּאָליציי געפֿונען בעת

הויז־רעוויזיעס 25 רעוואָלווערן און ביקסן. אין 1905 זײַנען אויך אַרעסטירט געוואָרן מיטגלידער פֿון ס.ס. (ציוניסטן־טעריטאָ־ריאַליסטן). זיי זײַנען באַשולדיקט געוואָרן אין גרייטן אַן אויפֿשטאַנד. 1906 זײַנען זיי געמישפּט געוואָרן אין ווילנער קריג־געריכט.

**רבנים.** — אין פֿריִערדיקע צײַטן איז קאַלוואַריע געווען אַ גרעסערע קהילה פֿאַר מאַריאַמפּאָל. דעמאָלט איז מאַריאַמפּאָל געווען אונטערגעוואָרפֿן דער רבנות פֿון קאַלוואַריע. אַזוי שרײַבט איינער פֿון די מאַריאַמפּאָלער רבנים, ר׳ יהונתן עליאַשבערג.

ערשטער רבֿ ר׳ חיים בר׳ זבולון פערלמוטער, פֿון 1780 ביז 1820. פֿריִער געווען דאָ מו״צ, ווי עס זאָגט זיך קלאָר אין זײַן ספֿר **אלף אומר קרא** (הוראדנא, תּקנ״ה): חיים מ״מ ומ״ץ דק״ק סטאַרפּאָלי [מאַריאַמפּאָל] בר׳ זבולון־יעקבֿ.

אין 1819 איז אויסגעבראָכן אַ גרויסע מחלוקת צווישן די בעלי־בתּים. איינער איז פאַרסמט געוואָרן, אַ סך בעלי־בתּים זײַנען אַרײַנגעזעצט געוואָרן אין קאַלוואַריער תּפֿיסה, דאָרטן געפּײַניקט געוואָרן, אָבער קיינער האָט ניט ארויסגעגעבן דעם שולדיקן. צוליב דער מחלוקת האָט ר׳ חיים פֿאַרלאָזן מאַריאַמפּאָל און 1820 געוואָרן מרא דאַתרא אין שערשאָוו, וווּ ער האָט געפֿירט זײַן רבנות ביז זײַן פּטירה אין 1851, אין עלטער פֿון 88 יאָר. דעריבער איז ער מער באַקאַנט אונטער ר׳ חיים שערשאָווער. זײַן צווייטער חיבור: **שירה לחיים** (וואַרשא, תּקע״ד).

ר׳ חיימס איידעם ר׳ יהודה לייב חרל״פּ, אָנקל פֿון די רבנים ר׳ אפֿרים־אליעזר חרל״פּ פֿון מעזריטש, ר׳ משה־אריה־חרל״פּ פֿון טרעסטינע און ר׳ אַבֿרהם־גרשון חרל״פּ פֿון סוכאָוואָליע. ר׳ יהודה־לייב איז פֿריִער[2] געווען מ״מ ומו״צ אין ווילקאָווישק.

צוליב אומבאַקאַנטע סיבות זײַנען דעמאָלט אויסגעקליבן געוואָרן **צוויי** רבנים: ר׳ שבתי [אלטשולער?] און ר׳ יהודה־לייב לעווינזאָן. ר׳ שבתי איז ניפֿטר געוואָרן אין 1850 און זײַן אָרט האָט פֿאַר־נומען ר׳ יהושע הכּהן, פֿון 1853 רבֿ אין לאַזדיי.

ר׳ עזריאל־אַריה־לייב ראַקאָוו־סקי (ר׳ לייבעלע פּלאָצקער). צוליב אַ מחלוקת אין שטאָט אין 1858, געוואָרן רבֿ אין סטאַוויסק, שפּעטער אין אַמטשיסלאַוו, פּלאָצק, מיר.

ר׳ שלמה־זלמן גאָרדאָן, פֿריִער רבֿ אין באַלבירישאָק. צוליבן כּבֿוד פֿון צווייטן רבֿ ר׳ יהודה־לייב לעווינזאָן האָט מען ר׳ שלמה־זלמן גערופֿן מו״צ.

נאָך דער פּטירה פֿון ר׳ יהודה־לייב לעווינזאָן אין 1875 איז געקומען אויף זײַן אָרט ר׳ יהונתן עליאַשבערג. 1879 איז ניפֿטר געוואָרן ר׳ שלמה־זלמן גאָרדאָן און

---

2) אין „יהדות ליטא", כּרך ג׳, ע׳ 326, איז אָנגעגעבן, אַז ר׳ יהודה־לייב איז דאָ געווען רבֿ פֿון 1865 ביז 1872. לויט איין מקור, איז ער ניפֿטר גע־וואָרן אין 1840.

זײַן רבנות האָט איבערגענומען ר׳ יעקב־בער לעווינזאָן, זון פֿון ר׳ יהודה־לייב, אָבער געווען דאָ רב נאָר צוויי יאָר, דעמאָלט איז ר׳ יהונתן געבליבן דער איינציקער רבֿ ביז 1892, ווען ער איז געוואָרן אב״ד וואָלקאָוויסק, ווו ניפֿטר געוואָרן אין 1899. 1892 האָט די קהילה צוריקגערופֿן איר אַלטן רבֿ ר׳ עזריאל ראַקאָווסקי, וואָס איז ניפֿטר געוואָרן 1894.

עד כּאן די רייד פֿון העברעיִש־יִידישן שרײַבער אַבֿרהם־חיים (היימאַן) חרל״פּ, געדרוקט אין **נר מערבֿי** (נ״י). ער איז אַליין אַן אָפּשטאַמיקער פֿון ר׳ יהודה־לייב חרל״פּ און אין זײַן יוגנט געוווינט אין מאַריאַמפּאָל. צו זײַנע רייד זײַנען נייטיק הוספֿות סײַ וועגן די פֿריִערדיקע יאָרן, סײַ שפּעטער.

1. ר׳ יהונתן עליאַשבערג איז געבאָרן 1850 אין קאָוונע. דאָ רבֿ 1879־1887. פֿאַרעפֿנטלעכט אַ סעריע אַרטיקלען אין **המליץ** (1881) וועגן חינוך־ענײנים. ניפֿטר געוואָרן אין וואָלקאָוויסק ח׳ כּסלו, תּרנ״ט. בעל **דרכי הוראה** (ווילנא, 1884).

2. ר׳ עזריאל־אריה ראַקאָווסקי איז דאָ געבאָרן אין 1821. זײַן אָנקל און רֶבי איז ר׳ יעקבֿ קאַרלינער, בעל **משכּנות יעקבֿ**. האָט הסכּמה אויף **אור עולם**, צבֿי־הירש מרגליות (אדעסא, תּרנ״א). געזאָגט אויף אים, אַז ער האָט דורכגעלערנט 145 מאָל תּלמוד בבֿלי וירושלמי.

3. ר׳ חיים־יהושע הכּהן בר׳ ראובֿן בלומענטאַל בר׳ מענדל ראַצקער. נאָך לאַזדייער ערשטער ר״מ אין ביאַליסטאָק, 1857־1867 רבֿ אין יאַנעווע (פּוילן) און ביז 1880 רבֿ אין קאַמענעץ. ניפֿטר געוואָרן אין בריסק דליטא.

4. ר׳ אליהו קלאַצקין, געבאָרן 1852 אין אוזשפּאָל, ווו זײַן פֿאָטער ר׳ נפֿתּלי־הערץ איז געווען רבֿ. פֿון 1881 רבֿ אין קאַרטוז־בערעזע, 1892־1910 אין מאַריאַמפּאָל, דערנאָך אין לובלין, פֿון 1925 דיין ראשי אין בית־דין פֿון ר׳ חיים זאָנענפֿעלד אין ירושלים. האָט געקענט עטלעכע לשונות און געווען אַ יַדען אין אַלגעמיינע וויסנשאַפֿטן. געווען אַ מֵקיל אין עניין מציצה און מַתּיר געווען צו ניצן אַ מאַשינקע, דער מאָטיוו: אַמאָליקע צײַטן איז ניט געווען קיין חשש פֿון אָנשטעקן דורכן מוהלס מויל, אָבער אין דער נײַער צײַט איז דאָ אַזאַ געפֿאַר. ניפֿטר געוואָרן 1932 אין ירושלים. חיבורים: **אבֿן הראשה** (וואַרשא, תּרמ״ז), **אבֿן פּנה** (פּיעטרקוב, תּרס״ז), **דבֿר אליהו** (לובלין, תּרע״ה), **קונטרס לדוגמא** (לובלין, תּרפּ״א), **מלואי אבֿן** (לובלין, תּרפּ״ה) **חִיבת הקֹדש** (ירושלים, תּרפּ״ו), **דברים אחדים** (ירושלים, תּרפּ״ט). האָט הסכּמה אויף **ארץ ירדן** פֿון יצחק־יעקבֿ רחלין (וואַרשא, תּרנ״ו) און **מחזיקי הדת**, יעקבֿ ליפֿשיץ (פּיעטרקובֿ, תּרס״ג). אַרויסגעגעבן אַ בראָשור מיט דרשות און אַרטיקלען אין רוסיש **רעטשי אי סטאַטי** (קאָוונע, 1906).

5. ר׳ אַבֿרהם־דובֿ פּאָפּעל. געבאָרן 1870 אין האַנושישאָק, ווו געווען רבֿ 1897־1905, שפּעטער אין היידוצישאָק

און דערנאָך אין מאַריאַמפּאָל, ווו ניפטר געוואָרן אין 1923. געווען יושבֿ־ראש פֿון אגודת־הרבנים אין ליטע און דעפּוטאַט אין ליטווישן סיים.

6. לעצטער רב ר׳ אַבֿרהם־זאבֿ הלוי העלער, געבאָרן 1886 אין הלוסק. פֿריִער רבֿ אין זשידיק, דערנאָך אין מאַריאַמפּאָל פֿון 1923. אומגעקומען אלול תּש״א, הי״ד. געשריבן אין **כּנסת ישׂראל, תּבֿונה, צום יוגנט** (קאָוונע), **הנאמן** (טלז).

**מו״צים:** — ר׳ שלמה־פּנחס באָטניציקי, געבאָרן 1830 אין אַלעקסאָט. בײַ 50 יאָר דאָ ד״צ ומו״צ. געווען אַ גרויסער שווײַגער, אָבער אַ גרויסער העלפֿער פֿון מענטשן. אין דַיָינות געווען אַ שטאַרקער מֵקיל. בײַ אַן אָרעמען קצבֿ איז ערב פּסח טרייף געוואָרן אַ בהמה, וואָס ער האָט געקויפֿט פֿאַרן אָפּגעלייגטן נַדן פֿון זײַן טאָכטער. דער קצבֿ איז פֿאַרצווייפֿלט, די טאָכטער האַלט אין איין חלשן. לויפֿט ער צו ר׳ שלמהן, יענער קומט אין בוינע, איז בודק די בהמה און לאָזט זיך צום רבֿ ר׳ אליהו קלאַצקין. דער רבֿ איז אויך פֿאַר־צווייפֿלט, ער זעט ניט קיין וועג לקוּלָא. רופֿט זיך אָפּ ר׳ שלמה צום רבֿ: רבי, לאָזט מיר נעמען די אחריות אויף זיך. דער רבֿ קוקט אים אָן מיט רחמנות און זאָגט: גוט, און ר׳ שלמה האָט געפּסקנט: כָּשר.

ר׳ יעקבֿ־מאיר גאָלד (קראַוו־טשינסקי), געבאָרן 1867 אין גרײַעווע. פֿריִער רבֿ אין איזאַבעלין און קאַפּולע. ניפֿטר ב׳ כּסלו, תּרע״ד אין גאָראָדיאַ (מינסקער גובערניע).

נח־נתן חיימזאָן, **אבֿן בחן** (קראָטאָשין, תּר״ג), אליהו הערץ, **אמרי שפֿר** (וואַרשא, תּרנ״ו), י.א. ווילדמאַן, **בנין יהושע** (וואַרשא, 1898), ב. שוואַרצמאַן, **תּכנית הנפֿש** (ווילנא, תּרס״ג), א.א. ריבאַק, **אמרי אבֿות** — די אַלע האָבן אַ שײַכות מיט מאַריאַמפּאָל.

צווישן 1839 און 1913 זײַנען דאָ געווען 134 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

**אָפּשטאַמיקע.** — ר׳ אַבֿרהם־יואל אַבעלסאָן, געבאָרן 1841. רבֿ אין סאָקאָלאָווו (גוב׳ שעדלעץ), סטאַוויסק, טוראָוו (מינסקער גובערניע) און פֿון 1913 רב ומו״צ אין אַדעס. 1893 אַרויסגעגעבן **כּנסת חכמי ישׂראל.** ניפֿטר 1903 אין אַדעס.

ר׳ אליעזר־מרדכי אַלטשולער, געבאָרן 1848. אידעאָלאָג און אָרגאַניִ־זאַטאָר פֿון סוּוואַלקער חבֿרה „יסוד המעלה״ צו קויפֿן ערד אין ארץ־ישׂראל און זיך באַזעצן דאָרטן. אויך מאַריאַמפּאָלער זײַנען געווען צווישן אירע מיטגלידער (זע אויבן וועגן אים).

ר׳ אָשר־ניסן לעווינזאָן, זון פֿון רבֿ ר׳ יהודה־לייב, רבֿ אין בירזש. חיבורים: **גן נעול** (ווילנא, תּרל״ד), **ילקוט שושנים** (תּרל״ה), **ליקוטים מספֿר אפֿיקי יהודה** (תּרל״ה), **צפֿנת פענח** (תּרל״ה).

משה־פֿיליפּ גינזבורג, געבאָרן 1862. 1885 עמיגרירט קיין שיקאַגאָ. פֿון די ערשטע ציוניסטישע טוערס דאָרטן. אַרויסגעגעבן Daily Jewish Courier.

ר׳ נחום בר׳ מאיר פּאַלטעראָוויץ, אב״ד סימנע, אַ הי־געבאָרענער; יוליוס גרינסטאָן, געב׳ 1873, האָט אַ סך פֿאָרשונגען אין חכמת ישׂראל. געשטאָרבן 1955 אין פֿילאַדעלפֿיע.

אַהרן בראָנשטיין, געבאָרן 1874. פֿון 1940 אין ניו־יאָרק. פֿאָרשער פֿון ראַק־קראַנקייט. פּראָפֿעסאָר פֿון מעדיצין אין די אוניווערסיטעטן פֿון מאָסקווע, קאָוונע, ניו־יאָרק.

יחזקאל במהור״ר יצחק זצ״ל איש מאַריאַם פּאָליאַ, **פורחת הגפן — יום יזרעאל** (ניו־יאָרק, תּר״ע). פֿון שער: „היער ווירד ערקלעהרט דער טאָג ווען השם יתברך וועט צוזאַמען נעהמען זיין צוזייעטע און צושפּרייטע פֿאָלק״.

**שרייבערס.** — שמואל־צבֿי פּעלטין, געבאָרן דאָ 1831. 1855 זיך באַזעצט אין וואַרשע. פֿון 1865 רעדאַקטאָר־ארויסגעבער פֿון דער וויכטיקער יידיש־פּוילישער צײַטשריפֿט **איזראַעליטאַ**. ער האָט געפֿירט אַ קאַמף סײַ קעגן אַנטיסעמיטיזם, סײַ קעגן יידישע פֿעלערן און קרומקייטן. געשריבן אַ סך פֿאָרשערישע אַרטיקלען וועגן רעליגיע, עטיק, יידישער געשיכטע, ווי אויך דערציילונגען פֿון יידישן לעבן. געשטאָרבן כ״ה תּשרי, תּרנ״ז אין וואַרשע.

משה בר׳ יעקבֿ גאָלדשטיין, געבאָרן דאָ אַרום צוויייטן פֿערטל פֿון נײַנצנטן יאָרהונדערט. איבערגעזעצט אויף רוסיש די **הגדה** און טיילן פֿון **מחזור**. לערער פֿון יידישער רעליגיע אין דער מאַריאַמפּאָלער רוסישער גימנאַזיע.

אָשר בוכהאַלטער, געבאָרן 1852. פֿון 1890 אין אַמעריקע. פֿאַרעפֿנטלעכט מאמרים אין **המליץ, העבֿרי** און אַנדערע העברעיִשע צײַטשריפֿטן.

אַבֿרהם־אַבא ראַקאָווסקי, געבאָרן 1854. אין די 1870ער האָט ער געדרוקט מאמרים און איבערזעצונגען אין דער העברעיִשער פּרעסע (באַזונדערס אין **הצפֿירה**). האָט איבערגעזעצט־באַאַרבעט אויף העברעיִש היסטאָרישע דערציילונגען: **נדחי ישׂראל** (לויט ל. פֿיליפּסאָן, וואַרשע, תּרל״ה), **הנקמה** (וואַרשע, תּרמ״ג). באַזונדערס איז געווען באַקאַנט זײַן **חוטר מגזע ישי** (וואַרשע, תּרמ״ג), אַ באַאַרבעטע איבערזעצונג פֿון ביקאָנספֿילד **דוד אַלראי**. געווען זייער באַליבט בײַ די קינדער פֿון די העברעיִשע שולן אין ליטע. 1949 איז אַרויס אין ירושלים זײַן איבערזעצונג פֿון עמיל זאָלאַס **אני מאשים**. געשטאָרבן 1921 אין זאַמבראָוו.

דזש. יודעלסאָן, געבאָרן 1855. פֿון 1879 אין אַמעריקע. געשריבן אין יידיש־ענגלישע און אַלגעמיין־ענגלישע צײַטונגען. געשטאָרבן 1891.

יהודה בוכהאַלטער, געבאָרן 1860. פֿון סוף 1880 אין אַמעריקע. אַ יאָר צײַט געווען באַהעלפֿער אין נ. סאָקאָלאָווס **הצפֿירה**. שפּעטער געווען פֿון די שטענדיקע קאָרעספּאָנדענטן אין אַמעריקע פֿאַר **המליץ, הצפֿירה** א״אַ. האָט אויך געשריבן

אַרטיקלען אין דער אַמעריקאַנער העבּ־רעיִש־יִידישער פּרעסע. האָט צוויי בראָ־שורן: **נודד במקומו** און **יתרון דעת החכמה** (ניט קלאָר, אויב זיי זײַנען אַרויס אין דרוק).

אַבֿרהם פֿראַנק, געבאָרן 1884. העברעיִשער זשורנאַליסט, דערציילער. צענדליקער יאָרן זיך באַטייליקט מיט דערציילונגען אין דער העברעיִשער פּרעסע און אין די העברעיִשע קינדער־צײַטונגען פֿון פּוילן. ביכער: **ילדי המערות בבניין אבנים, ילדי המערות בבניין הקורות, ילדי המערות בעמק הנעלם** (דרײַ ביכער איבערזעצונגען, פֿרנקפֿורט, תרפ״ב־תּרפ״ג, תּ״א, תּשי״ד). **כּנור קטן** (תּרס״ט), **שיחות ואגדות לבני הנעורים** (תּרפ״ג), **על המשואות** (תּרפ״ט) — אַלע וואַרשע. געשריבן אויך יִדיש אין **הײַנט, מאָמענט** א״אַ. אומגעקומען אין חורבן.

אליהו גומענער, געבאָרן 1888. 1912 געענדיקט יוריספּרודענץ אין פּעטער־בורג. געשריבן אין דער רוסישער פּרעסע און אין דער יִדישער פּרעסע פֿון דער ס״ס־פּאַרטיי. מחבר פֿון אַ **קאַפּיטל אוקראַיִנע** (ווילנע, 1921). 1942 אומגעבראַכט געוואָרן אין דוואָרעץ (ווײַס־רוסלאַנד), הי״ד.

אַלטער־יצחק אַבעלסאָן, געבאָרן 1888. עמיגרירט קיין אַמעריקע. ענגלישער פּאָעט.

ניסן פֿראַנק, געבאָרן 1889. געלעבט אַ לעבן אין פּאַריז. שרײַבעריש אַקטיוו אין דער פּאַריזער יִדישער פּרעסע. רעדאַקטער פֿון **פּאַריזער לעבן**, מיט־רעדאַקטער פֿון **פּאַריזער בלעטער**. פֿון 1927 איינער פֿון די הויפּט־מיטאַרבעטערס פון טאָגצײַטונג **פּאַריזער הײַנט**. דאָרטן געדרוקט איבערזעצונגען פֿון פֿראַנצייזישע דערציילונגען און אויך געדרוקט זײַנע ראָמאַנען **ראַשעל, דאָס לעבן רופֿט, יִדישע טעכטער** א״אַ. מחבר פֿון **דער זיג** (1911), **באָן, די געבורטסשטאָט פֿון בעטהאָווען** (1922), **פּאַריזער מאָטיוון** (1924) — אַלע פּאַריז. 1943 געשטאָרבן פֿון אַ האַרץ־אַטאַקע אין דער אונטערערדישער פּאַרטיזאַנקע אין פֿראַנקרײַך.

ד״ר אליהו סעגאַל, געבאָרן 1891. געענדיקט מעדיצין אין ווירצבורגער אוניווערסיטעט. דורכגעמאַכט קאָוונער געטאָ און דאַכאַו. פֿון 1947 אין אר״ץ־ישׂראל. געשריבן אַרטיקלען אין די קאָוונער **אידישע שטימע, הד ליטא, נתיבות** און מעדיצינישע אַרטיקלען אין **המשקיף** (תּ״א) און **חרות** (תּ״א). האָט איבערגעזעצט מ. דוכאָווניס **מחקר בתולדות העם העבֿרי בארץ־ישׂראל במאה החמישית לספה״נ**. געשטאָרבן 1963 אין תּל־אָבֿיבֿ.

ישׂראל יאַבלאָקאָווסקי, געבאָרן 1893. רעדאַקטער פֿון **היכל ששקע** (תּ״א, 1962) — אָנדענקבוך פֿון קאָוונער העברעיִשער גימנאַזיע. געשטאָרבן 1964 אין תּ״א.

ברוך בן־יהודה, געבאָרן, 1894. פֿון 1911 אין ארץ־ישׂראל. האָט פֿאַרעפֿנ־

טלעכט העברעיִשע לערנביכער פֿון מאַטע־מאַטיק און די ביכער: **תּולדות הציונות** (תּש״ג און ווײַטער), **הקרן המחנכת — תּנועת מורים למען ציון וגאולתה** (תּשי״ב). האָט איבערגעזעצט **גיאוגראַפֿיה פֿיזית** פֿון **א.** גיקי (תּרפּ״ט). רעדאַקטירט דעם העברע־יִשן טייל פֿון **מילון למוסיקה** (תּרצ״ח) און פֿון י. קרישעווסקיס **מִלון כּיס צרפתי־עִברי** (תּרצ״א און ווײַטער). מיטרעדאַקטירט די ענציקלאָפּעדיע **נעורים** (תּש״ך און ווײַטער).

יהונתן באַטניצקי, געבאָרן 1899. געווען סעקרעטאַר פֿון ייִדישן נאַציאָנאַל־ראַט אין ליטע. פֿון 1928 אין דרום־אַפֿריקע. רעדאַקציע־מיטגליד פֿון **אַפֿרי־קאַנער**, רעדאַקטער פֿון וואָכנבלאַט **די פּאָסט**, 1939־1948, און פֿון **אַפֿריקאַנער אידישע צײַטונג** — אַלע יאָהאַנעסבורג, געדרוקט אַרטיקלען אויך אין **צוקונפֿט** (נ״י), **דבֿר** (תּ״א) א״אַ. מחבר פֿון **ישׂראל צווישן מזרח און מערבֿ** (1950). געשטאָרבן 1980 אין יאָהאַנעסבורג.

משה גלוך, געבאָרן 1910. ייִדי־שער זשורנאַליסט. פֿריִער געאַרבעט אין טאָגצײַטונג **פֿאָלקסבלאַט**, דערנאָך אין טאָגצײַטונג **דאָס וואָרט** — ביידע קאָוונע. געפֿאַלן אין פֿראָנט קעגן די דײַטשן אין 1943; בנימין קאַמילסקי, געבאָרן 1910 — שפּעטער אין מעקסיקע, זשורנאַליסט.

שמואל־שבח קאַנטאָראָוויטש, העברעיִשער שרײַבער און מדקדק, שטאַמט פֿון מאַריאַמפּאָל. זײַן פֿאָטער זאבֿ בר׳ יואל האָט אַ לעבן לאַנג געוווינט אין מאַריאַמפּאָל, ווו ער איז געשטאָרבן אין עלטער פֿון 64 יאָר.

שמואל־שבֿח האָט געשריבן אַ סך פּעדאַגאָגישע מאמרים אין **הצפֿירה** (וואַרשעווער), **העולם, הפדגוג, קול המורה, השחר, כּנסת ישׂראל.** האָט אַרויסגעגעבן: **משלי מוסר וּמכתּמים** (תּרמ״ח), **משלי חכמינו** (ווילנא, תּרנ״ח), **דקדוק לתלמידים** (ורשה, תּר״ע), **דקדוק השׂפה העברית, תּורת הלשון העבֿרית** (אודיסה, תּרע״ד). ח.נ. ביאַליק האָט געשריבן וועגן זײַן דיקדוק־ספֿר: „איני יודע ספֿר אַחר, שהחומר הלשוני יהיה מעובד בו מכל צדדיו כּספֿר הזה״. אין די לעצטע יאָרן פֿון זײַן לעבן איז ער געווען לערער אין „תּחכּמוני״ און גימנאַזיע „חנוך״ אין וואַרשע.

**קאָרעספּאָנדענטן: — המליץ:** משה־זאבֿ שוחט, אפֿרים שאַטענשטיין, מרדכי־צבֿי הורוויץ, מרדכי־יצחק בערג־מאַן, נפֿתּלי השׂכּל, דוד סמאָליאַר, מרדכי־יצחק געבין [?], נתן־שמואל אַווסווײַניק; **הצפֿירה:** שבֿח שאַפּיראָ, יהודה אַחרון, א. שאַפּיראָ, יוסף עליאַשבערג, אוריאַלזאָן, ש״י ברודא **(היום).**

**ניכבדים.** — משה סאלניק, יעקבֿ־קאָפּל גודינסקי, נחום־יוסף מלי־נאַרסקי, אליעזר־תּנחום ראָזענטאַל, זאבֿ קאַנטאָראָוויטש, יחזקאל פּרייזיע [?], יצחק ווײַסבערג, יחיאל־גרשון ראָזענטאַל.

אַבא ליפֿשיץ, שמואל גינצבורג, יצחק בעלאָבלאָצקי (ניפֿטר נ״י 1929),

שׂמחה־זלמן פֿריד, משפּחה השׂכּל, קלמן בלאָך, קאַנדידאַט צו די אָפֿיציעלע קרײַז־ראַטן אין 1862.

עטלעכע ניכבדים האָבן 1880 זיך אַבאָנירט אויף **הישׂראלי** אין מײַנץ: רחל הטושקעל [השׂכּל?], מאיר קאַפּלאַן, מאיר פּאַלטעראָוויץ, ראַבינאָוויץ, קויפֿמאַן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המגיד, 1871: 44; 1872: 12, 15; המליץ, 1879: 27; 1884: 27; הצפֿירה, 1876: 49; 1886: 74; י.ל. ראָזענטהאַל, תּולדות חבֿרת מרבי השׂכּלה בישׂראל. פּטרבורג, תּר״ן, ח״ב, ע' 115, 125, 129; האסיף, תּרנ״ד, ע' 173.

לוח אחיאָסף, תּרנ״ד, תּרנ״ז; המליץ, 1899: 49; 1900: 40, 43; נר מערבֿי, נ״י, תּרס״ד, ע' 116־117 (כראָנאָלאָגיע פֿון מאַריאַמפּאָלער רבנים); דער נײַער וועג, 1906: 11; יהושע לעווינזאָהן, ידיעות גלילות הארץ. ווילנא, 1908, ע' 39; חשבון הנדבֿות, 1909, ע' 87.

י. ניסנבוים, עלי חלדי. ורשה, תּרפּ״ט, ע' 145; 50 יאָהר געשיכטע פֿון אידישען לעבען אין פֿילאַדעלפֿיאַ, מ. פֿריהמאַן, 1929, ז' 27; ח.א. קפּלן, פזורי. ורשה, 1936, ע' 221; א.ש. הערשבערג, פנקס ביאַליסטאָק. נ״י, 1949, ז' 376; אודים, ירושלים, תּש״ך, ע' 268; עיר ווילנא, 164, 292.

חכמי ישׂראל באַמריקאַ, ע' 15; ג. קרסל, 1, 2; י.ד. קמזון, יהדות ליטא; „ליטע“, I., ז' 861, 1373; יזכּור־בוך סואוואַלק, ז' 86; לעקסיקאָן, 1, 2, 7; ב. כּהנס לעקסיקאָן, ז' 50; ד. תדהר, ע' 980; אנצי־קלופדיה של הציונות הדתית, א', ע' 18; ייִוואָ־בלעטער, XL, ז' 224; יהדות ליטא, ג'; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 4779.

Bericht der Alliance Israelita Universelle, I. Paris, 1870, p. 62; H. J, Meitis, History of the Jews in Chicago. New York, 1924; Augustas Janulaitis, Užnemunė po Prūsais. Kaunas, 1928; Jonas Totoraitis, Sūduvijos Suvalkijos Istorija. Kaunas, 1938, p. 77; Black Book.

## מוסניק MUSNINKAI

ווילקאָמירער קרײַז. דער ייִדישער ייִשובֿ איז דאָ געווען פֿון אַרום אָנהייב אַכצנטן יאָרהונדערט. האָט איינעם פֿון די עלטסטע פּנקסים אין ליטע — דער „פּנקס דח״ק גחש״א דק״ק מושניק [339 פֿולע עמודים] משנות תּצ״ד־תּקפּ״ו [1734־1826].

אין 1923 האָבן דאָ געלעבט 351 ייִדן און פֿאַרן חורבן בײַ 250.

ייִדן האָבן זיך מפֿרנס געווען פֿון קרעמערײַ, קאַראַבעלניקערײַ און מלאכה. מערסטע פֿון זיי האָבן געהאַט אַ בײַשטער־ביקע ווירטשאַפֿט (גאָרטן, בהמה, עופֿות). אַ קליינע צאָל ייִדן האָבן זיך פֿאַרנומען מיט עקספּאָרטירן תּבֿואה, געפֿליגל, געהילץ.

ס'איז מאָדנע, אַז פֿון אַזאַ אַלטער קהילה זײַנען באַקאַנט נאָר צוויי רבנים, און אַפֿילו זיי אָן עפּעס אַ ביאָגראַפֿישן שטריך: הרבֿ קאַרנאָ און ר' אברהם־יצחק בעניאַש, הי״ד. דער שו״ב, ש״ץ ומו״צ ר'. שלמה־יצחק בערזאַק איז אומגעקומען 1941, הי״ד.

1857 איז דאָ געבאָרן געוואָרן דוד נוֹטיק. פֿערציק יאָר העברעיִשער לערער אין ווילנע. דאָרטן אויפֿגעשטעלט די ערשטע שול פֿאַר מיידלעך „יהודיה“ און געווען פֿון די מיטגרינדערס פֿון ווילנער העברעיִשער גימנאַזיע. איינער פֿון די מחברים פֿון באַקאַנטן **מקרא מפֿורש**, אַ פּירוש צוגעגעבן אין די טעקסטן פֿון תּנ״ך

(ווילנא, תּרס״ט, אַ סך אויפֿלאַגעס). האָט אויך געשריבן ייִדיש און רוסיש. געשטאָרבן 1919 אין ווילנע.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — פֿון נאָענטן עבֿר, I., וואַרשע 1937, ז׳ 25; יהדות ליטא, ג׳; ג. קרסל, 2. ד. תּדהר, ע׳ 1364. Black Book

## מײַסיאַד MOSĖDIS

קרעטינגער קרײַז. ייִדן זײַנען דאָ געווען שוין אין דריטן פֿערטל פֿון זיבעצנטן יאָרהונדערט. אין אַ ציילונג פֿון 1662 ווערן אָנגעגעבן צוויי ייִדישע מענער און אַ פֿרוי (אָן די קינדער). אָבער ווי אַ קהילה האָט מײַסיאַד זיך גענומען פֿאָרמירן אַרום סוף אַכצנטן יאָרהונדערט.

אין 1897 האָבן דאָ געלעבט 363 ייִדן, 1923 — 175 און פֿאַרן חורבן — בערך 200.

אין 1869/71, די הונגעריאָרן אין גרויסע טיילן פֿון ליטע, האָט אויך מײַסיאַד שטאַרק געליטן. דער מעמלער ייִדישער קאָמיטעט פֿאַר הונגער־לײַדנדיקע האָט אַ ביסל געהאָלפֿן. אין אַ רשימה פֿון ייִדישע עמיגראַנטן אין יענע יאָרן געפֿינט זיך דער מײַסיאַדער מ. אַבראַם.

מײַסיאַד איז איינע פֿון די 19 ייִדישע קהילות אין ליטע, וואָס האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו ענטפֿערן אויפֿן רעגירונג־באַפֿעל פֿון 1843, אַז ייִדן, וואָס וווינען ווייניקער פֿון 50 וויאָרסט פֿון דער מערבֿ־גרענעץ, מוזן זיך אַריבערקלײַבן טיפֿער אין רוסלאַנד (אין באַשטימטע 8 גובערניעס).

אין אַ רשימה פֿון „אגודה״־בײַשטײַערערס אין 1913 זײַנען דאָ די מײַסיאַדער: יצחק לאָנדאָן, שמואל אַבעל, איטע הורוויץ.

ייִדן האָבן זיך מפֿרנס געווען פֿון קרעמערײַ, מלאכה און בײַשטוביקער גערטנערײַ.

**רבנים.** — ר׳ חיים ראַבינאָוויץ, געבאָרן 1860 אין לוקניק, דאָ רבֿ 1892־1899. שפּעטער געווען ראש־ישיבֿה אין טעלז ביז זײַן פּטירה ח׳ חשוון, תּרצ״א. מען האָט אים אויך גערופֿן ר׳ חיים מײַסיאַדער.

ר׳ אליהו־מרדכי בר׳ צבֿי־יחיאל וואָלקאָווסקי, געבאָרן 1874, פֿון 1899 דאָ רבֿ, שפּעטער סאַלאָק. אין ערשטן וועלט־קריג רבֿ אין פּאָדאָלסק, פֿון 1932 אבֿ״ד קראָזש. 1934 מיטגליד פֿון ירושלימער ראַבינאַט. חיבורים: מסכת **ברכות** עפּ״י א.מ. הלוי [אליהו־מרדכי וואָלקאָווסקי]. (ווילנא, 1911), **מערכת התּלמוד והפּוסקים** (ירושלים, תּרפ״ט־תּש״ו. 11 בענד), **שני המאורות הגדולים** (קיידאַן, תּרצ״ד), **תּורת מעשׂה בראשית בבֿיאור מדעי** (ירושלים, תּשי״א). 1962 ניפֿטר אין ירושלים.

ר׳ יקותיאל־איסר האָדעס, ניפֿטר 1924 אין ירושלים.

ר׳ שלום־יצחק בר׳ דוד בן־ציון לעוויטאַן, געבאָרן 1880 אין אייראַגאָלע. פֿריִער רבֿ אין וואָרנע, 1910־1915 דאָ, אין

ערשטן וועלטקריג רבֿ אין אָסלאָ (נאָרוועגיע), דערנאָך אין שוועקשנע, ווו אומגעקומען 1941, הי״ד. חיבורים: **דברי שלום** (בודאַפּעשט, תּרפ״ד), **סופת שלום יצחק** (פּיעטרקובֿ, תּרפ״ז), **ילקוט הדרוש** (מיט אליעזר־ליפּא ווײַסבלום. וואַרשע, תּר״פ־תּרפ״ז, ב׳ ח׳), **מנחת שַי** (קיידאַן, תּרצ״ח). חידושי־תּורה אין **ראש אלפּי ישׂראל** (לאָנדאָן, תּרע״ז) און **יגדיל תּורה**.

ר׳ יששׂכר־בענדעט ראַבינאָוויץ. פֿאָטער ר׳ שמואל־יעקבֿ, אב״ד יעלאָק.

ר׳ כָּלבֿ־מאיר זיוו, הי״ד[1]. בעל **גולת כָּלב** (וואַרשע, תּרס״ו). געווען רבֿ אויך אין שילעל.

אין 1876, 1839, 1911 זײַנען געווען 8 מײַסיאַדער פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

**אָפּשטאַמיקע.** — אַריה אסתּרמאַן, געבאָרן דאָ 1869. ציוניסטישער עסקן אין דײַטשלאַנד, דעלעגאַט צו ציוניס־טישע קאָנגרעסן. פֿון 1920 — אין א״י. מאמרים אין העברעיִשער פּרעסע. געשטאָרבן 1944 אין ירושלים.

משה־צבֿי סגל, געבאָרן 1876. געלעבט אַ ריי יאָרן אין ענגלאַנד. 1906־1909 געלערנט תּנ״ך און סעמיטישע לשונות אין אָקספֿאָרד אוניווערסיטעט, ווו ער האָט פֿריִער באַקומען זײַן ד״ר־טיטל פֿאַר סעמיטישער פֿילאָלאָגיע. פֿון 1925 אין ארץ־ישׂראל און תּנ״ך־דאָצענט, שפּעטער פּראָפֿעסאָר, אין האוניברסיטה העבֿרית פֿון ירושלים. געשריבן מאמרים און ביכער וועגן תּנ״ך־פֿאָרשונג, ליטעראַ־טור נאָכן תּנ״ך און לשון העברעיִש. ביכער: **יסודי הפֿוניטיקה העבֿרית** (תּרפ״ח), **ספֿר חכמת בן־סירא השלם** (תּרצ״ג), **דקדוק לשון המשנה** (תּרצ״ו), **פּרשנות המקרא** (תּש״ד), **מבֿוא המקרא** (תּש״ו־תּש״י), **מסורת וּבִקורת** (1957). אַרויסגעגעבן ווערטערביכער: העברעיִש־ענגליש, ענג־ליש־העברעיִש. געשריבן אויך אין ענגליש.

ר׳ עזריאל ראַבינאָוויץ, געבאָרן 1904 אין טעלז. פֿון די לעצטע ראשי־ישיבֿה אין טעלז. אומגעקומען כ׳ תּמוז, תּש״א, הי״ד. זון פֿון ר׳ חיים, אב״ד וואָרנע, מײַסיאַד און ר״מ אין טעלזער ישיבה.

1) צווייטער מקור: **שילעל.**

**ביבליאָגראַפֿיע.** — הדרך, 1914: 11; ספֿר האישים, ת״א, תּרצ״ז, ע׳ 351; אהלי שם, ע׳ 113; ג. קרסל, 2; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 4870; יהדות ליטא, ג׳; ד. תּדהר, ע׳ 704.

Biuletyn Żydowskiego Instytutu Historycznego W Polsce. Warszawa, 1987, no. 141, p. 32

## מיראָסלאַוו MIROSLAVAS

אַליטער קרײַז. פֿון די ייִנגערע ייִדישע ייִשובֿים אין ליטע. אין 1897 האָבן דאָ געוווינט 240 ייִדן, אין 1923 — 124 און פֿאַרן חורבן בײַ 80. אין 1915 דורכגעמאַכט גירוש־ליטע.

ייִדן האָבן זיך פֿאַרנומען מיט מיסחר, קרעמערײַ און מלאכה, מערערע מישפּחות האָבן געצויגן חיונה פֿון לאַנד־ווירטשאַפֿט.

רבנים זײַנען געווען: ר׳ משה שאַפּיראָ; ר׳ שמואל־אַהרן בר׳ יצחק פּלאָטקין, מיטן 1920ער רבֿ אין אַ גראָדנער פֿאָרשטאָט; ר׳ שמואל חצור.

דער הי־געבאָרענער בנימין ב. ברוידע איז געווען פּרעזידענט פֿון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע

**ביבליאָגראַפֿיע.** — „ליטע", 1, ז׳ 1480; יהדות ליטא, ג׳. Black Book

# מערעטש MERKINE

אַליטער קרײַז, ביזן ערשטן וועלטקריג געהערט צו טראָקער קרײַז. מערעטש געפֿינט זיך אויף אַ הייכן אָרט און איז פֿון אַלטע צײַטן געניצט געוואָרן ווי אַ פֿעסטונג. 1377 איז דער שלאָס (Pilis) באַפֿאַלן געוואָרן פֿון די קרייצטרעגערס. 1391 האָט וויטאָווט דער גרויסער עס צוגענומען פֿון יאָגײַלאָן.

1394 האָבן די ליטווינער פֿאַרברענט דעם שלאָס, ווײַל זיי האָבן ניט געגלייבט, אַז זיי קענען עס פֿאַרטיידיקן קעגן מאַרשאַלעק ווערנער טעטינגען פֿון דײַטשישן אָרדן. 1403 האָט דער זעלביקער מאַרשאַלעק עס אָנגעהויבן אויפֿבויען צוריק.

1576 האָט מערעטש באַקומען מאַגדעבורגער רעכט. 1655 איז דאָס שטעטל אָפּגעברענט און חרובֿ געוואָרן, ווען די מאָסקאָוויטן זײַנען באַפֿאַלן ליטע. 1676 איז באַנײַט געוואָרן דער ווידעראויפֿ־בוי פֿון מערעטש. צוליב איר פּרעכטיקער נאַטור־שיינקייט האָבן ליטווינער גערופֿן דאָס אָרט „קעניגין פֿון די קאַנאַריקס" (Lakštingalų Karalienė).

מערעטש איז פֿון די גאָר אַלטע ייִדישע ייִשובֿים אין ליטע. אין דער צווייטער העלפֿט פֿון פֿופֿצנטן יאָרהונדערט האָבן דאָרטן שוין געלעבט ייִדן. אין 1486 האָט קאַזימיר יאָגעלאָ אויפֿגעפֿאָדערט אײַנצומאָנען שטײַערן פֿון ייִדן אין מע־רעטש, פֿון אַ געוויסן יענקאַ יאַצקאָוויטש און זײַנע זין. מסתּמא זײַנען דעמאָלט גע־ווען נאָך ייִדן אין יענעם מקום, וואָס האָבן שוין געהאַט באַצאָלט זייערע שטײַערן.

אין דאָקומענטן פֿון 1539 און 1551 ווערן שוין דערמאָנט ייִדן — אַ סיכסוך צווישן אַ ייִדן מיט אַ קריסטלעכן בעל־חובֿ און וועגן שטײַערן. אין **פנקס מדינת ליטא** (ברלין, תרפ״ה) ע׳ 132, סימן תתקב, תּקנות תּנ״ח [1698] ווערט

דערמאָנט ק״ק מערעטש. אין 1765 זײַנען געווען 444 ייִדישע צאָלערס פֿון קאָפּ־שטײַער. אין 1768־1772 זײַנען אַ סך ייִדישע אַרבעטערס געווען באַשעפֿטיקט בײַ די גרויסע גראָבאַרבעטן צווישן מערעטש און רומשישאָק, כּדי צו פֿאַרלײַכטערן די שיפֿערײַ אויפֿן ניעמאַן.

אין 1847 האָבן דאָ געוווינט 1565 ייִדן, 1897—1900, 1923—1435 און פֿאַרן חורבן — אַרום אַזוי פֿיל.

סוף 1840ער יאָרן האָבן ייִדן פֿון מערעטש זיך באַזעצט אין קאָלאָניעס, וואָס די רוסישע רעגירונג האָט דעמאָלט געגעבן ייִדן אומזיסט בתּנאַי, אַז זיי זאָלן באַאַרבעטן די ערד. אַזאַ קאָלאָניע איז געגרינדעט געוואָרן אין 1849 אין פּאַנאַשישאָק (לעבן טראָקי). די ערשטע צען ייִדישע מישפּחות זײַנען געקומען פֿון מערעטש. ייִדן פֿון מערעטש זײַנען אויך געגאַנגען אין די קאָלאָניעס דיקשנע און לייפּון, ביידע געגרינדעטע אין 1847.

די קהילה האָט געהאַט אַ „פּנקס דחבֿרה „שלחן ערוך״ דמערעטש תּרל״ג־תּרנ״ח״ [1873־1898]. לויט די תּקנות, האָבן די חבֿרים געדאַרפֿט לערנען „שלחן ערוך״ טעגלעך בין מנחה למעריבֿ.

אין 1893 זײַנען אויסגעבראָכן עטלעכע שׂריפֿות און 15 ייִדן זײַנען באַשולדיקט געוואָרן אין אונטערצינדן די הײַזער. אין 1897 האָט דאָ געבושעוועט אַ כאָלערע־עפּידעמיע.

די ייִדישע פּרנסות זײַנען געווען קליינהאַנדל, קרעמערײַ, מלאכה. דער פּראָצענט בעלי־מלאכה איז געווען זייער אַ הייכער. אַ טייל האָבן זיך פֿאַרנומען מיט טרײַבן האָלץ אויפֿן ניעמאַן קיין דײַטשלאַנד. אַ סך ייִדן האָבן פֿאַרמאָגט גערטנער און פֿעלדער אַרום הויז, וואָס איז געווען אַ קענטיקער חלק פֿון זייער חיונה.

*

מערעטש געהערט צו דער ניט גרויסער צאָל ייִדישע שטעטלעך אין ליטע, וואָס האָט געהאַט אַ ייִדיש־וועלטלעכע שול אָנהייב 1850ער. דאָ איז אַזאַ שול געשאַפֿן געוואָרן אין 1853. פּאַקטיש איז דאָס ניט דער פֿאַרדינסט פֿון די אָרטיקע משׂכּילים. די שול איז אַריבערגעפֿירט געוואָרן פֿון אַן אַנדער שטאָט, ווײַל זי האָט ניט געהאַט גענוג תּלמידים. אָבער דער עצם טראַנספֿער פֿון אַ ייִדיש־וועלטלעכער שול קיין מערעטש איז אַ סימן, אַז דאָס שטעטל איז געווען באַקאַנט מיט זײַן השׂכּלה־גײַסט. די שול האָט אויך אין מערעטש ניט לאַנג זיך געהאַלטן.

אין 1857 האָט דאָ עקסיסטירט אַ „בית־ספֿר עבֿרי לנערי ישׂראל״ — פֿון די ערשטע פֿון דעם סאָרט אין ליטע. דער גרינדער איז געווען וואָלקאָווסקי. דער בית־ספֿר האָט זיך ניט גוט אַנטוויקלט. די סיבה: דער אינספּעקטאָר און לערער פֿון אַלגעמיינע לימודים איז געווען אַ קריסט, וואָס קען נאָר רוסיש און קען ניט געבן גוטע דערקלערונגען צו די שילערס. דאָס איז אַרויסגעבראַכט געוואָרן אין אַ בריוו פֿון די ייִדישע עלטערן צום רוסישן שולן־אינספּעקטאָר פֿאַרן ווילנער ראַיאָן.

אין 1860 איז געעפֿנט געוואָרן אַ

יידישע קרוינשול, געשטיצט פֿון דער רעגי־רונג. איינער פֿון די לערערס איז געווען יוסף־אליעזר עפשטיין, אַ תּלמיד פֿון ווילנער בית־מדרש לרבנים. מחבר פֿון **דבֿרי הימים למלכי רוסיא** (ווילנא, תּרל״ג). אין דער שול איז געווען אַהרן בר׳ אָשר קאָוויראַנסקיא „משגיח בית הספֿר אשר להממשלה בעיר מערעץ״, אַליין אַ געענ־דיקטער פֿון רבנים־סעמינאַר אין ווילנע. אין דער הקדמה־המלצה זאָגט דער אינ־ספּעקטאָר אויף עפשטיינען: „כּבֿוד המשׂכּיל השלם העומד לשרת בקֹדש בבית־הספֿר מהממשלה העומד תּחת השגחתי.״

**רבנים.** — ר׳ יצחק במוהר״ץ [במורנו הרב ר׳ צבֿי], אין 1835. עס איז דאָ זײַנע אַ הסכּמה, צווישן אַ ריי אַנדערע הסכּמות, אויפֿן ש״ס ווילנא (תּקצ״ה) בעתן גרויסן סיכסוך מיט די סלאַוויטער מדפּי־סים. דאָרטן איז ער געחתמעט: חופ״ק מערעץ.

ר׳ דוד וואָלפֿע, גערופֿן אויך ר׳ דוד מערעצער און ר׳ דודל קראָזשער. ניפֿטר געוואָרן 1884.

ר׳ אַריה־לייב שטערנפֿעלד, גע־באָרן אין מערעטש, גאָר יונג דאָ געוואָרן רבֿ.

ר׳ בן־ציון בר׳ אַריה שטערנפֿעלד, געבאָרן 1835. שפּעטער רבֿ אין שערשאָוו, כּאַסלאַוויטש, קאַלוואַריע, ביעלסק. חיבורים: **שערי ציון**, שו״ת (פּיעטרקובֿ, תּרס״ג), **שערי ציון** (וואַרשא, תּרפּ״ג). ניפֿטר 1914.

ר׳ יהודה בר׳ אליעזר־ליפּמאַן הלוי ליפֿשיץ, געבאָרן 1829 אין וויל־קאָמיר. פֿון 1885 ביז 1905. פֿריִער רבֿ אין פּאָדזעלווע (1864־1884). חיבורים: **דרך אמונה** (וואַרשא, תּרנ״ה). אויפֿן שַער: חונה בק״ק מערטש; **דור ישרים** (פּיעטרקובֿ, תּרס״ח־תּר״ע, ב׳ ח׳); **נחל יהודה** (פּיע־טרקובֿ, תּרע״ג). געשריבן חידושי־תּורה אין **הפלס** (תּרס״ב, תּרס״ג, תּרס״ה, תּמיד באַ־טיטלט: חופ״ק מערטש). זײַן ברודער ר׳ יעקבֿ, מחבר פֿון **זכרון יעקבֿ** (פֿראַנקפֿורט־קאָוונא, ג׳ ח׳), צווייטער ברודער ר׳ צבֿי־הירש הלוי קאַלפֿ לבית ליפֿשיץ מחבר פֿון **מדור לדור** (וואַרשא, תּרס״א).

ר׳ מיכל־דוד בר׳ יוחנן שטופּל, געבאָרן 1865 אין נעמענצין, ווילנער גובערניע. 1896 פֿאַרנומען דעם כּסא־הרבנות אין וויסאָלי (יעקאַטערינעסלאַווער גובערניע), שׂדה־לבן (בעלאַצערקאָוו), שפּעטער אין מערעטש, ווו ער איז אומ־געקומען על קידוש־השם אין 1941. די ערשטע וואָכן פֿון דער נאַצישער אָקופּאַציע האָט הרבֿ שטופּל זיך געהאַט אויסבאַהאַלטן בײַ אַ ליטווינער. די נאַציס האָבן געגעבן אַן אולטימאַטום די יידן אין מערעטש: ברענ־גען דעם רבֿ אָדער אויסשעכטן אַלע יידן אין שטעטל.

עס איז געוואָרן אַ גרויסער קלאָג. וואָס זאָל מען טאָן? קיינער וויל ניט גיין אָנזאָגן דעם רבֿ די שרעקלעכע בשׂורה. אָנגעזאָגט האָט עס אים דער ליטווינער, וואָס האָט אים אויסבאַהאַלטן. דער רבֿ האָט זיך אָנגעטאָן די שבתדיקע בגדים, גענומען אַ ספֿר־תּורה און מיט אַ געהויבענעם קאָפּ געגאַנגען צום טויט. בַעל **באר מים חיים** (בערלין, תּרפּ״ה).

אַרום 1876 איז דאָ איין יאָר געווען מו"צ ר' משה־זבולון מרגליות, געבאָרן 1851 אין קראָזש. שפּעטער 12 יאָר אין סלאָבאָדקע (סוואַלקער) און פֿון 1889 רבֿ אין באָסטאָן. ר' דוד וואָלפּע איז זײַן אָנקל.

צווישן 1833 און 1912 זײַנען געווען 83 מערעטשער פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

**אָפּשטאָמיקע.** — ר' דוד טעבֿלי אפֿרתי, געבאָרן 1851. זײַן פֿאָטער ר' אַבֿרהם, זון פֿון הגאון ר' לייזער פּרוזינער. זײַן עלטער־זיידע איז דער גאון ר' חנוך־העניך פֿון קאַלוואַריע, זון פֿון גאון עולם ר' יהודה יסו"ד. ר' דוד־טעבלי איז מישפּחהדיק פֿאַרבונדן מיט ר' דוד־טעבֿלי בריסקער (עלטער־זיידע), מיט ר' דוד־טעבֿלי פֿון בראָדי, אבֿ"ד האַרחוב וליסא, און מיט ר' דוד־טעבֿלי ליפּשיץ פֿון סלאָנים. ר' דוד־טעבֿלי אפֿרתי איז אויך באַקאַנט אונטערן נאָמען ר' דוד־טעבֿלי מוויטעבסק, ווו ער האָט געלעבט אַ ריי יאָרן. ער איז ניפֿטר געוואָרן אין פֿראַנקפֿורט־מײַן אין זײַן עכטער בליצײַט — צו 34 יאָר.

אין זײַן קורץ לעבן האָט ער דאָך באַוויזן ארויסצוגעבן מערערע חיבורים, **תּולדות אנשי שם** (ווארשא, תּרל"ה), **קובֿץ עץ החיים** (פּרעמישלא־בערלין, תּרמ"א־תּרמ"ד), **מטע אפֿרתי** (פּרעמישלא, תּרמ"ב), **קהלת דוד האפֿרתי** (בערלין, תּרמ"ד).

ר' דוד־טעבֿליס באָבע איטע, טאָכטער פֿון הרבֿ ר' מרדכי מרגלית, איז געווען מפֿורסם מיט אירע ידיעות אין תּלמוד. זי איז געבאָרן אין מערעטש און דאָרטן געשטאָרבן צו 91 יאָר.

ר' זלמן־יעקבֿ בר' ברוך־מרדכי פֿרידערמאַן [פֿרידמאַן?], געבאָרן 1865. עמיגרירט 1892 קיין אַמעריקע. רבֿ אין ניו־יאָרק און פֿון 1893 אין באָסטאָן. חיבורים: **אמת ואמונה** (נ"י, תּרנ"ה), **מנחת יעקבֿ** (נ"י, תּרס"ב), **נחלת יעקב** (נ"י, תּרע"ד).

הערי פֿישל, געבאָרן 1865. יונג אַוועק קיין אַמעריקע. נדבֿן פֿאַר מערערע יִדיש־געזעלשאַפֿטלעכע מוסדות. אויפֿגעשטעלט דעם „מכון הרי פֿישל" אין ירושלים און דעם בניין פֿאַר דער תּרבות־שול אין מערעטש. געשטאָרבן 1948 אין ירושלים.

ר' מרדכי בר' צבֿי מערעצער איז דאָ צווישן די בעלי־הסכּמה אויפֿן ש"ס ווילנא (תּקצ"ה).

מאַקס לעאָפּאָלד מרגלית, געבאָרן 1866. פּראָפֿעסאָר פֿאַר סעמיטישע שפּראַכן און תּנ"כישער פֿאָרשונג אין אַמעריקאַנער אוניווערסיטעטן. רעדאַקטירט די נײַע ענגלישע איבערזעצונג פֿון תּנ"ך. געשטאָרבן 1932 אין פֿילאַדעלפֿיע.

ר' נתן בודזינסקי, געבאָרן 1869. 1900 רבֿ אין שיקאַגער שול „בני משה".

ר' יעקבֿ־משה בר' אײַזיק אַבעלאָוו, אַ הי־געבאָרענער, גערופֿן „טראָקער חזן". געווען חזן אויך אין אַנדערע שטעט פֿון ליטע און פֿון 1884 אין אַ שול פֿון וואַרשע, ווו ניפֿטר געוואָרן 1889 אין עלטער פֿון 43 יאָר. אַ בקי בתּורה און פֿלעגט אָפֿט זאָגן אַ שיעור פֿאַר מתפּללים.

פֿאַרעפֿנטלעכט מאמרים אין **הלבֿנון**. אַריה און רויזע, פֿון די מערעטשער אַבעלאָווס, זײַנען 1866 עולה געווען קיין ירושלים. 1876 האָבן זיי דאָרטן נאָך געלעבט.

דוד־אליהו סטאון, געבאָרן 1888. פֿון 1906 אין אַמעריקע. מיטגרינדער פֿון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין אַמע־ריקע. מיטגליד פֿון ציוניסטישן אַקציאָנס־קאָמיטעט. פּראָקוראָר פֿון סטייט מאַסאַ־טשוזשעטס. זײַן ברודער לויִס (1884־1957), 35 יאָר פּראָקוראָר אין באָסטאָן.

שמעון־הירש ריווקינד, געבאָרן 1901, יונג אַוועק קיין אַמעריקע. 1941 געוואָרן ראַיאָן־שופֿט אין ניו־יאָרק.

ר׳ אַבֿרהם־שמואל דוביצקי, אב״ד סאָסמאָקען (קורלאַנד), שפּעטער פֿרויענקירכן (קורלאַנד).

מאיר־בער סקאָבעליאָוו, באַרימ־טער חזן מיט אַ העלדן־טענאָר, אין טעלז, שאַוול, פֿון 1902 אין באָסטאָן. ניפֿטר 1904 אין ניו־יאָרק.

אַ ריי יאָרן האָט געלעבט אין מערעטש ר׳ יצחק מרגלית, מחבר פֿון **מעוז התלמוד** (וואַרשע, תּרכ״ט). רבֿ אין דרוזגעניק, שפּעטער אין ניו־יאָרק.

י. ביינאָשעוויץ, מחבר פֿון **קול דוד** (פּיעטרקובֿ, תּר״ע), האָט אַ שײַכות מיט מערעטש.

**שרײַבערס:** — אַהרן פֿרענקעל, געבאָרן אין 1886. העברעיִש־ייִדישער זשורנאַליסט און רעדאַקטער. פֿון 1903 אין אַמעריקע. געווען רעדאַקציע־מיטגליד אין **היום** און **הדואר**. וויצע־רעדאַקטער פֿון **התּורן** (נ״י), מיטרעדאַקטער פֿון **דאָס אידישע פֿאָלק** (נ״י). אַרויסגעגעבן אַ העברעיִש וואָכנבלאַט **האומה**. געשטאָרבן 1941 אין ניו־יאָרק.

דוד ברעזאָווסקי, געבאָרן 1896. געלעבט אין ווילנע און אַ ריי יאָרן אין גראָדנע. געדרוקט פֿעליעטאָנען, אַר־טיקלען, הומאָריסטישע לידלעך אין ווילנער ייִדישער פּרעסע, בעיקר אין **ווילנער טאָג**. פֿון 1924 ביז מיטן 1939 רעדאַקטירט די טאָגצײַטונג **גראָדנער מאָמענט**. געשריבן רעוווי־נומערן פֿאַר דער ייִדישער טעאַטער־טרופּע אין גראָדנע. איבערגעזעצט מאַקסים גאָרקיס מײַן **קינדהייט** (ווילנע, 1920) און **די מוטער** (ווילנע, 1922). פֿאַרעפֿנטלעכט די פּאָפּולער־וויסנשאַפֿטלעכע בראָשורן: **לופֿט, מצרים, ספּאַרטאַק, די פֿאַרשטערטע שׂמחה, דער באַזיגטער אָקעאַן** א״אַ. פֿון גראָדנע דעפּאָרטירט געוואָרן קיין טרעב־לינקע, הי״ד.

ד״ר מנחם גלען, געבאָרן 1898. אָריגינעלער נאָמען: גלעמבאָצקי. פֿון 1914 אין אַמעריקע, ד״ר־פֿילאָסאָפֿיע. זינט 1914 געדרוקט דערציילונגען, סקיצעס און אַר־טיקלען אין ייִדיש, העברעיִש און ענגליש. ביכער: **על גדות הנימן** (ירושלים, תּרצ״ז), **רש״י — דער פֿאָלקסלערער** (נ״י, 1940), **המלון המעשי** (נ״י, 1947). געשטאָרבן 1978 אין פֿילאַדעלפֿיע.

יעקבֿ גלען, געבאָרן 1905. פֿון 1923 אין אַמעריקע. ד״ר־מעדיצין. פֿון 1963 געדרוקט וועכנטלעך מעדיצינישע אַרטיקלען אין **פֿאָרווערטס**. אויף אַנדערע טעמעס געשריבן אין **ההד, העולם, הדואר** און אַנדערע העברעיִשע שריפֿטן. ביכער:

צו געזונט און צו לעבן (נ״י, 1968), **די צוקער־קראַנקייט אין אונדזער צײַט** (נ״י, 1973). געשטאָרבן 1974 אין ניו־יאָרק.

**קאָרעספּאָנדענטן: — הצפירה:** בנימין קאַפּלאַן, א. וויטקינד, מרדכי־צבֿי הורוויץ. **המליץ:** בנימין הכהן [קאַפּלאַן?], דוד זייבערג, יעקבזאָן, חיים גאַדאָווסקי, ג. זייבערג, חיים־יצחק לאוקאַליצקי.

**ניכבדים:** — בער ד״צ [דיין?], בצלאל מאָנאָסאָווסקי (1886), יענעלאָוו, זייבערג. דוד זייבערג האָט געשריבן (1888) אַ גרויסן אַרטיקל וועגן ראשון־לציון, ווו ער איז אַ תּושבֿ. דאָרטן דערציילט ער, אַז ער איז געקומען קיין מערעטש צו דערפֿילן זײַן חובֿ צו מַלכות, און אויב ער וועט באַפרײַט ווערן „אָעופֿה כּנשר להר מרום ציון״.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — יוסף־אליעזר עפּשטיין, דבֿרי הימים למלכי רוסיא. ווילנא, תּרל״ג, הקדמה; דוד־טעבֿלי האפֿרתי, תּולדות אנשי שם, א׳. ווארשא, תּרל״ה, ע׳ 27; חבצלת, תּרל״ח: 33; המליץ, 1888: 3; האסיף, תּרמ״ט; י.ל. ראָזענטהאַל, תּולדות חבֿרת מרבי השׂכּלה בישׂראל, ב׳. פּטרבורג, תּר״ן, ע׳ 115.

י. ליפּסקי, מכתּמים וחִדודים. וואַרשא, תּרס״ב, ע׳ 23; פּנקס מדינת ליטא, ע״י שמעון דובנובֿ. ברלין, תּרפּ״ה, ע׳ 132; פֿון נאָענטן עבֿר, I. וואַרשע, 1937, ז׳ 139; י. שאַצקי, קולטור־געשיכטע פֿון דער השׂכּלה אין ליטע. בועניאָס־אײַרעס, 1950. ז׳ 102; אלה אזכּרה, ב׳. נ״י, תּשי״ז, ע׳ 29; י. צוזמר, בעקבֿי הדור. נ״י, 1957, ע׳ 119 ספֿר מרטש, ת״א, 1988; לעקסי־קאָן, 2, 3, 7.

עיר ווילנא, ע׳ 22, 26; ליטע, I, 1513, 1521; אהלי שם, 120, 295, 304; חכמי ישׂראל באַמ־ריקא, ע׳ 80, 93; ג. קרסל, 1, 2; יזכּור־בוך סואוואַלק, ז׳ 195; ב. כּהנס לעקסיקאָן, ז׳ 163; לקורות עיר ראַ־סיין, ע׳ כ״ז; יהדות ליטא, א׳ ג׳; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 5063.

Recueil de Matériaux sur la Situation économique des Israelites de Russie. Paris, 1906, II., p. 366; Jonas Totoraitis, Sůduvijos Suvalkijos Istorija, I., Kaunas, 1938, p. 361; Black Book.

# נ

## נאַווערײַן NEVARENAI

טעלזער קרײַז. ייִדן האָבן דאָ געוווינט אָנהייב נײַנצנטן יאָרהונדערט, און אפֿשר אַ ביסל פֿריִער.

אין 1923 האָבן דאָ געלעבט 95 ייִדן, פֿאַרן חורבן — אַרום 70.

די ייִדן האָבן געצויגן פּרנסה פֿון קרעמערײַ, מלאכה און בײַשטוביקער ווירטשאַפֿט.

1838 איז דאָ געבאָרן געוואָרן ר׳ חיים בר׳ אַבֿרהם נאַטאַנזאָן, שפּעטער רבֿ אין פּיקעלן און זשידיק. מחבר פֿון **שׂפֿתי חן** (ווילנא, תּר״ס), **דבֿרי חן** (פּיעטרקובֿ,

תּרס"ד). אין אַ רשימה פֿון זשידיקער פּרע־נומעראַנטן אין 1899 איז דאָ „הרבֿ דפּה ר' חיים נאַטאַנזאָן, בעל שפתי חן." ניפֿטר געוואָרן 1904 אין זשידיק.

1883 איז דאָ געבאָרן געוואָרן ישׂראל־לייב [בן־ישׂראל] פּופּס, באַקאַנטער העברעיִשער פּובליציסט בשעתּו. אָנגעהויבן מיט מאמרים אין ווילנער **הזמן** (1906) און שפּעטער אין **השלוח**. אין אַ גרויסער סעריע אַרטיקלען דאָרטן (בענד יט', כ', כ"א, כ"ד) האָט ער געשריבן וועגן דער פּראָבלעם „לאָן" (וווהין), מיט וועלכער עס האָט דעמאָלט געשטורעמט אין דער העברעיִשער ליטעראַטור און פּובליציסטיק. מיט דער הילף פֿון אַ גרופּע העברעיִשע שרײַבערס אין אַדעס, ווו ער האָט שפּעטער געלעבט, איז ער אַוועק שטודירן אין היידלבערגער אוניווערסיטעט, דערנאָך אין בערן. ער איז באַפֿאַלן געוואָרן פֿון אַ נערוון־קראַנקייט און 1912 איז ער באַגאַנגען זעלבסמאָרד דורך דערטרינקען זיך.

אויף אַן אַלטן בית־עולם פֿון ירושלים איז דאָ אַ מצבֿה פֿון משה בר' נתן נאַווראַנער, תּרמ"א.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — חלקת מחוקק; ג. קרסל, 2. Black Book

## נײַ־ראַדווילישאָק

## NEMUNĖLIS-RADVILIŠKIS

אַ קליינער יִדישער ייִשובֿ אין בירזשער קרײַז. אַ געוויסע צײַט געהאַט אַפֿילו אַן אייגענעם רבֿ — ר' נפֿתּלי־הערץ שוצקעווער. אין 1923 האָבן דאָ געוווינט 205 ייִדן. אין אַ רשימה פֿון ייִדישע בעלי־מלאכה אין ליטע אין 1938 איז דאָ דער נאָמען.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — דער אידישער האַנטווערקער, 1938 Black Book.

## נײַשטאָט־טאַווריק[1] ŽEMAIČIŲ NAUMIESTIS

טאַווריקער קרײַז. פֿאַרן ערשטן וועלטקריג זיך גערופֿן נײַשטאָט־סוגינד. לויט דער רשימה רבנים פֿון שטאָט, קען מען משער זײַן, אַז ייִדן האָבן געוווינט זיך באַזעצן דאָ אַרום צווייטן פֿערטל פֿון אַכצנ־טן יאָרהונדערט. אַנדערע מיינען, אַז דער ייִדישער ייִשובֿ דאָ איז אַ סך עלטער.

אין 1923 האָבן דא געוווינט 667 ייִדן און פֿאַרן חורבן — בײַ 500. 1915 זײַנען די ייִדן אַנטלאָפֿן צוליב דער נאָענט־קייט צום פֿראָנט.

1) אין ליטע זײַנען געווען 3 נײַשטאָטס מיט אַ צווייטן נאָמען: טאַווריק (סוגינד), פּאָנעוועזש, שאַקי (שירווינט). אין אַ סך מקורות, באַזונדערס אַלטע,

אין די 1880ער יאָרן האָט זיך אָנגעהויבן אַ גרעסערע ייִדישע עמיגראַציע פֿון שטאָט. נאָר אין 1884 האָבן אויסגע־וואַנדערט פֿונדאַנען איבער 100 ייִדן. אין דעם יאָר זײַנען אויך געווען אַ סך ייִדישע באַנקראָטן. דער הויפּטפֿאַקטאָר פֿון דער עמיגראַציע איז געווען די גרויסע פּאָגראָ־מען־כוואַליע אין די 1880ער יאָרן אין רוסלאַנד. כאָטש אין ליטע גופֿא זײַנען דעמאָלט ניט פֿאָרגעקומען קיין פּאָגראָמען, זײַנען אָבער די שרעקלעכע נײַסן וועגן זיי ניט געבליבן אָן אַן אויסווירקונג אויף די געמיטער פֿון די ייִדן. באַזונדערס אויפֿ־געטרייסלט די היגע ייִדן האָט די ידיעה, אַז אין אַ פּאָגראָם אין ניזשני־נאָווגאָראָד איז 1884 דערהרגעט געוואָרן דער נײַשטאָט־סוגינדער ברוך בלאָך מיט זײַן ווײַב און צוויי קינדער.

אין די 1890ער און אָנהייב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט האָט זיך ווידער פֿאַרגרעסערט די ייִדישע עמיגראַציע פֿון נײַשטאָט, און דאָס מאָל איז די סיבה געווען גאָר אַן אַנדערע. אַזוי ווי פֿריִער, אַזוי אויך איצט איז די ייִדישע אויסוואַנדערונג געגאַנגען מערסטנס קיין דרום־אַפֿריקע. איינער פֿון די ערשטע עמיגראַנטן אַהין איז געווען סעמי מאַרקס, אַן אָרעמער יונגער־מאַן פֿון שטעטל, וואָס איז דאָרטן געקומען אין 1898. ער איז גיך געוואָרן אַ גרויסער אינדוסטריאַליסט און אַ מאַגנאַט פֿון גאָלדמינעס און דימענטן. ער איז געוואָרן גאָר אַ נאָענטער מקורבֿ צום בורישן פּרעזידענט קרוגער.

איין יאָר האָט סעמי מאַרקס און זײַן שוואָגער און שותּף לויִס געשיקט צו זייער געבוירן־שטעטל 1,000 פֿונט צו בויען אַ בית־מדרש. אַזאַ קאָלאָסאַלע סומע אין יענער צײַט האָט אויפֿגערודערט גאַנץ נײַשטאָט־סוגינד.

די אומגלייבלעכע הצלחה פֿון סעמי מאַרקס, וואָס די קלאַנגען וועגן איר האָבן זיך גיך פֿאַרשפּרייט אויך אין די אַרומיקע שטעטלעך, האָט אָנגעלאָקט ייִדן פֿון נײַשטאָט־סוגינד און אומגעגנט צו עמיגרירן קיין דרום־אַפֿריקע.

אַ קלענערע ייִדישע עמיגראַציע האָט זיך אָנגעהויבן נאָך פֿאַר די 1880ער יאָרן. אין דעם דערמאָנטן גרויסן עמיגראַציע־יאָר פֿון 1884 זײַנען אָנגע־קומען גרעסערע געלטסומעס פֿון **אַלטע** נײַשטאָט־סוגינדער לאַנדסלײַט אין דרום־אַפֿריקע אויף בויען אַ ביקור־חולים. בראש פֿון זיי איז געשטאַנען שלמה שמוליאַן. די ערשטע צוויי ליטווישע ייִדן אין דרום־אַפריקע זײַנען טאַקע דער פֿריִער דערמאָנ־טער סעמי (שמואל) מאַרקס און זײַן ברודער אליהו.

אויף אַ ירושלימער בית־עולם זײַנען דאָ מצבות פֿון עטלעכע נײַשטאָטער:

דוד בר׳ מאיר מניישטאדט סוגינד, תּרכ״ז.

שמואל בר׳ מרדכי מעיר חדש, תּרכ״ט.

---

ווערט ניט אָנגעגעבן דער צווייטער נאָמען. מיר האָבן געפּרוּווט, ווי ווײַט מעגלעך, אויסצוזונדערן די דרײַ שטעט. צי דאָס האָט זיך אײַנגעגעבן, איז שווער צו זאָגן. ס׳איז דעריבער כּדאי צו קוקן אין אַלע דרײַ נײַשטאָטס.

ר׳ מיכל בהרה״ג ר׳ אליהו [נכד ר׳ אַברהם, אחי הגר״א] מעיר חדש סגינטי, תּרל״ח [צווייטער זון ר׳ לייב אויך דאָ נקבר גע־וואָרן, תּר״ן].

*

ייִדן האָבן זיך באַשעפֿטיקט מיט קרעמערײַ, מלאכה און האַנדל, בעיקר מיט עקספּאָרטירן תּבֿואה און פֿלאַקס קיין דײַטשלאַנד. אַ בײַשטוביקע ווירטשאַפֿט (אַ בהמה, געפֿליגל, אַ גאָרטן) איז געווען אַ חיונה־צוגאָב בײַ טייל ייִדן.

נײַשטאָט־טאַווריק איז געווען איינע פֿון די 19 קהילות אין ליטע, וואָס האָבן זיך אָפּגעזאָגט אויסצופֿאָלגן דעם רעגירונג־באַפֿעל פֿון 1843, אַז ייִדן, וואָס וווינען ווייניקער ווי 50 ווערסט פֿון דער מערבֿ־גרענעץ, מוזן פֿאַרלאָזן זייערע וווינ־ערטער און זיך אַריבערקלײַבן אין איינער פֿון די באַשטימטע 8 גובערניעס אין רוסלאַנד.

**רבנים.** — ר׳ זבֿולון יהושע, אין די ערשטע יאָרן, ווען נײַשטאָט איז געוואָרן אַ קהילה.

ר׳ אַבֿרהם בר׳ שלמה־זלמן, ברודער פֿון ווילנער גאון, בעל **מעלות התּורה** (קעניגסבערג, תּרי״א)[2]. פֿריִער מ״מ אין ראַגאָלע.

זײַן זון ר׳ אליהו. ר׳ אליהוס ברודער ר׳ גרשון, מו״צ אין שאַדעווע און דער צווייטער ברודער ר׳ שמואל, אבֿ״ד שאַט.

ר׳ אליהוס זון, ר׳ שלמה־זלמן ראַבינאָוויץ, שפּעטער רבֿ אין אַלט־זאַגער, בעל **בית אָבֿות**. איינער פֿון די מסכּימים אויפֿן ש״ס סלאַוווטע.

ר׳ אַבֿרהם בר׳ שלמה־זלמן, דאָ געבאָרן 1825, גלײַך נאָך זײַן פֿאָטערס פּטירה אין 1843. שפּעטער אבֿ״ד שילעל און 1892־1893 אין שיקאַגאָ, וווּ ניפֿטר געוואָרן.[3] בעל **זכרון אַבֿרהם**.

ר׳ שמעון בר׳ אליהו קליקאָלער, אויך רבֿ אין קליקאָל און פּילטען (קורלאַנד).

ר׳ אליעזר־יהושע־זעליג בר׳ יעקבֿ שאַפּירא, אור־איניקל פֿון לייזער נײַשטעטער, וואָס פֿלעגט צוקומען צו די צאַרן פּאַוול און זײַן זון אַלעקסאַנדער זיך משתּדל זײַן פֿאַר ייִדן. דאָ רבֿ פֿון 1898, ניפֿטר געוואָרן 1927.

ר׳ יעקבֿ־משה ליעסין, פֿריִער רבֿ אין גירטעגאָלע.

אַרום די 1820ער איז דאָ געווען מו״צ ר׳ יעקבֿ בענדיטמאַן, שפּעטער מו״צ אין שאַוול און פֿון 1832 אבֿ״ד בויסק. ניפֿטר געוואָרן 1861. בעל **זכרון יעקבֿ** (ווילנא, תּרל״ה) און **תּורת חסידים**.

צווישן 1854 און 1931 זײַנען דאָ געווען 22 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

**אָפּשטאַמיקע.** — ר׳ אליהו ראַגאָלער, דאָ געבאָרן 1794. אויך גערופֿן:

---

2) לויט איין מקור: נאָר מ״מ.

3) אַזוי לויט **הצפֿירה**, 1893. לויט אַן אַנדער מקור — ניט געווען דאָ רבֿ.

ר׳ אליה קאַלישער. רבֿ אין שאַט, אייראַגאָלע, סלאַבאָדקע און קאַליש, ווו ניפֿטר געוואָרן ב׳ חשון, תּר״י [1849]. בעל **יד אליהו** (וואַרשא, תּר״ס).

ר׳ אליהוס ברודער ר׳ שמואל קעלמער (פֿרומקין), דאָ געבאָרן 1797. ניפֿטר 1866 אין ירושלים.

ר׳ אליהו ראַגאָלערס פֿאָטער ר׳ יעקבֿ איז געווען מפֿורסם אין ליטע ווי אַ גאון און צדיק. מען האָט אים גערופֿן „ר׳ יעקעלע ניישטעטער״ אויפֿן נאָמען פֿון זיין שטעטל. גאָר יונג שוין געשמט ווי אַן עילוי. ווי אַ זיבן־יאָריקער ייִנגל איז ער איין מאָל געקומען מיט זיין פֿאָטער ר׳ אליהו קיין מעמל. דער מעמלער רבֿ האָט אים פֿאַרהערט אין לערנען און געזאָגט, אַז ס׳איז דאָ צו פֿיל גוזמא וועגן ייִנגלס עילוייִשקייט. האָט ער אים געפֿרעגט אַ קינדישע שאלה: אויפֿן וואַנט הענגט אַ בילד מיט אַן אונטערשריפֿט: א. ל. ש. א. ב. [ראשי־תּיבֿות פֿון אַ מאמר אין בּרכות ג׳ א׳: אוי לי שהחרבֿתּי את ביתי], וואָס באַטייַטן די אותיות? — דער ייִנגל איז אין כּעס געוואָרן צוליב אַזאַ לייַכטער שאלה און געענטפֿערט: „אוי לרבנות שמקברת את בעליה״. צוליב דעם, זאָגט מען, האָט ער קיין מאָל ניט געוואָלט אָננעמען קיין כּסא רבנות. ניפֿטר 1824 אין ניישטאָט.

ר׳ שלמה־זלמן בר׳ קלונימוס הלוי אַבעל, דאָ געבאָרן 1857, אור־אייניקל פֿון ר׳ אַבֿרהם, ברודער פֿון ווילנער גאון, פֿון די גרינדערס פֿון ישיבֿה אין טעלז, ווו געזאָגט אַ שיעור שוין צו 18 יאָר. באַשאָנקען מיט גאונישע כּישרונות, אָבער ארויסגעריסן געוואָרן צו זיינע 29 יאָר אין 1886. זיין **בית שלמה** (ווילנא, 1893) איז אַרויסגעגעבן דורך זיין פֿאָטער.

ר׳ יוסף בן־ציון פֿרידמאַן, דאָ געבאָרן 1857. ר״מ פֿון סלאַבאָדקער ישיבֿה, נאָכן ערשטן וועלטקריג רבֿ אין פּיקעלן.

ר׳ אַבֿרהם־צבֿי ערשלער, 1861. זיין מאַמע איז פֿון ווילנער גאונס מישפּחה. פֿון 1885 אין אַמעריקע. רבֿ און מַטיף אין פֿילאַדעלפֿיע.

ר׳ יהושע ניישטעטער, פֿאָטער פֿון ברוך־נתנאל נייווידל, מו״צ אין טאַוור־ריק.

**שרייַבערס.** — אליהו נייווידל, דאָ געבאָרן 1821,[4] פֿון ר׳ חיים וואָלאָ־זשינערס מישפּחה. יונגערהייט אין ראַסיין, שפּעטער קאָוונע און וואַרשע. העברעיִשער פּריוואַט־לערער. מחבר פֿון **מורה שׂפת עבֿר** און **אָבֿ לבֿנים** (וואַרשא, תּרמ״ב). געשטאָרבן 1886 אין וואַרשע. אייניקל פֿון בנימין בייניש ניישטעטער.

יעקבֿ לאַפּין, מחבר פֿון **מעיל צדקה** (בערלין, 1856) און **קסת הסופֿר** (בערלין, 1857) „מעיר חדש סוגינד״. געווען לערער, אָרעם און קראַנק אויף

---

4) יהדות ליטא, ג׳: געבאָרן עזשערעני. אָבער **האסיף**, תּרמ״ז, וואָס ברענגט אויך די ערשטע ידיעה פֿון זיין שטאַרבן, שרייבט: ניישטאָט. אויך ג. קרסל גיט: ניישטאָט. זע אויך קאַפּיטל עזשערעני, הערה.

שווינדזוכט. איינציקער זון צבֿי־הירש הימעלפֿאַרב. געהאַט דרײַ ברידער אין נײַשטאָט: שרגא פֿײַבֿוש, לייזער־לייב און שלום־שכנא. זײַן מאַמע כינע איז דאָ געשטאָרבן אין 1819. אין בוך געפֿינען זיך אַ ריי בריוו פֿון באַקאַנטע משׂכּילים אין ליטע. אין אַ רשימה מנדבֿים (**המליץ**, 1884) דאָ זאבֿ לאַפּין פֿון נײַשטאָט.

ל. ראַבינאָוויץ, קאָרעספּאָנדענט פֿון **הצפֿירה**.

**ניכבדים.** — ר׳ יעקבֿ ליפּשיץ, ר׳ נחום בערנשטיין, גבאי ר׳ יהודה לייבאָוויץ, ר׳ שלמה ערזווילקער, אַזוי גערופֿן דעם פֿאָטער פֿון פּראָפֿ׳ הערמאַן שאַפּירא; ר׳ יצחק גינצבורג, ד״ר פּאול וואָלק, אַפּטייקער יוליאַן ווײַנשטיין.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המליץ, 1884: 96; האסיף, תּרמ״ז, ע׳ 124; הצפֿירה, 1893: 221; ד. בונימאָוויטש, מכתּב מאליהו. ווילנא, תּרס״א, ע׳ 12; י. לעווינשטיין, דור ודור ודורשיו. וואַרשא, 1914, ע׳ 41; סיני, תּש״ך, חובֿ׳ ב־ג, ירושלים; ספֿר טלז, ירושלים, 1985, ע׳ 43; אוצר ישׂראל, א׳.

עיר ווילנא, ע׳ 22, 772; אהלי שם, ע׳ 80, 137, 365; ג. קרסל, 2; „ליטע", 2, ז׳ 846. לקורות עיר קיידאַן; תּולדות ישיבֿת היהודים בקורלאַנד, ע׳ 95, 143, 145; לקורות עיר ראַסיין, ע׳ כ״ו; תּולדות אליהו, א.ל. פֿרומקין, ע׳ 4, 10, 65; י.ד. קמזון, יהדות ליטא.

חכמי ישׂראל באמריקא, ע׳ 20; ספֿר הפּרע־נומעראַנטן, 5332; יהדות ליטא, ג׳; חלקת מחוקק, חובֿרת ג׳, מחברת ג׳, ע׳ ל״ו; חובֿ׳ ז׳, מחברת ב׳, ע׳ י״ג; חובֿ׳ ט׳, מחברת א׳, ע׳ ג׳; תּולדות אנשי שם (ראַנד), ע׳ 46; תּולדות אנשי שם (אפֿרתי), ע׳ 42; Jewish Encyclopedia, IX p. 240; G. Saron, L. Hotz, The Jews in South Africa. Cope Town, 1955, p. 69; Black Book.

## נײַשטאָט־פּאָנעוועזש[1]

## NAUJAMIESTIS

קליינער יידישער שטאָטישער יישובֿ. 15 ק״מ פֿון פּאָנעוועזש. די קלענסטע פֿון די נײַשטאָטס אין ליטע. איינס פֿון די געציילטע יידישע ערטער אין ליטע, וווּ ס׳איז געווען אַ קאַראַימער יישובֿ פֿון אַלטע צײַטן. אין 1658 ווערט שוין דערמאָנט דער היגער קאַראַימער־יישובֿ, וואָס איז גיך אויסגעוואַקסן.

1710 איז אויסגעבראָכן אַ מגיפֿה אין שטעטל. 1751 האָט דאָס שטעטל אָפּגעברענט און 1786/87 איז דאָ געווען אַ גרויסער הונגער.

די צאָל פֿון די קָראים איז געגאַנגען אַלץ אַראָפּ, אין 1851 האָבן זיי געציילט 1805 נפֿשות (שוין מיט פּאָסוואָל און סאַלאַט). יצחק בן אַבֿרהם איז געווען זייער רבֿ. אין דער צווייטער העלפֿט פֿון אַכצנטן יאָרהונדערט איז זייער גײַסטיקער פֿירער געווען אַבֿרהם קאַפּלאַנאָווסקי.

דער ערשטער אונדז באַקאַנטער רבֿ איז ר׳ אליעזר בר׳ אַבֿרהם, אַרום מיטן אַכצנטן יאָרהונדערט. אויף **עמודי בית יהודה**, יהודא איש הורביץ (אַמשטרדם, תּקכ״ו) איז דאָ אַ הסכּמה פֿון „אליעזר בהרבֿ מוהר״ר אַברהם נר״ו אבֿ״ד דשלש קהִלות זאַגער חדש, עיר חדש ושאַוויל

1) זע הערה אויף ז׳ 286.

והמדינה". האָט אויך אַ הסכּמה אויף **צל המעלות** (קיניגשבערג, תּקכ"ה).[2]

אַ צווייטער פֿון די גאָר אַלטע רבנים איז ר' שלום, אַרום סוף אַכצנטן יאָרהונדערט. אויף אים זאָגט זיך: „ר' שלום הרבֿ דעיר חדש־זאַמוט."[3]

אין די 90־1880ער איז דאָ געוועזן רבֿ „אַבֿרהם בלא"א מהר' ר' משה ברוין החופ"ק עיר חדש בחבל פּאָניוועז". ער איז דער מחבר פֿון פּירוש **זר זהבֿ** על **איסור והיתּר הארוך** לר' יונה גירונדי (ווילנא, תּרנ"א).

אויף דעם דערמאָנטן ספֿר זײַנען דאָ 9 פּרענומעראַנטן פֿון נײַשטאָט־פּאָנעוועזש.

אין 1923 האָבן דאָ געלעבט 157 ייִדן, פֿאַרן חורבן — בײַ 40 עטלעכע קאַראַימער מישפּחות האָבן נאָך געלעבט ביזן סוף.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — ספֿר הפּרענומעראַנטן, 5332; יהדות ליטא, א'. Black Book.

# נײַשטאָט־שאַקי[1] KUDIRKOS NAUMIESTIS

שאַקיִער קרײַז. אין 1935 האָט נײַשטאָט באַקומען דעם צוגאָב־נאָמען קודירקאַ, ליטווישער פּאָעט און מחבר פֿון נאַציאָנאַלן הימן, אַ געבאָרענער אין נײַשטאָט. אונטער די צאַרן האָט עס געהייסן וולאַדיסלאַוואָו. אָפֿט זיך גערופֿן אויך נײַשטאָט־שירווינט, צוליב דעם טײַכל שירווינטאַ און דעם דײַטשישן שטעטל שירווינד אויף דער צווייטער זײַט טײַכל. נײַשטאָט איז געבויט געוואָרן אויפֿן אָרט פֿון פֿריִערדיקן דאָרף דוביליײַטשיאַי. פֿון 1866, ווען קיניגרײַך פּוילן איז אײַנגעטיילט געוואָרן אויף 10 גובערניעס, איז נײַשטאָט געווען אַ קרײַזשטאָט.

דער ייִדישער ייִשובֿ אין נײַשטאָט־שאַקי איז אַ גאַנץ פֿריִיִקער. אין קעניגלעכן באַפֿעל פֿון 1569 אײַנצומאָנען צינש פֿון ייִדן ווערט דערמאָנט אויך וולאַדיסלאַוואָו. אין 1643 האָט וולאַדיסלאַוואָו באַקומען מאַגדעבורגער רעכט. די אָרטיקע קריסטלעכע תּושבֿים האָבן געבעטן צו פֿאַרווערן ייִדן צו וווינען אין שטעטל.

2) מיר נעמען אָן, אַז דער עיר חדש איז די פּאָנעוועזשער. די „שלש קהלות" זײַנען אַ קלאָרער דרײַעק אין זאַמעט: זאַגער־שאַוול־נײַשטאָט־פּאָנעוועזש. נײַשטאָט־טאַווריק איז צו ווײַט, און נײַשטאָט־שאַקי איז גאָר אין סוואַלקער געגנט.

3) לויט „עיר ווילנא" — נײַשטאָט־סוגינד.

1) זען הערה אויף ז' 286.

דאָס קען זײַן אַ סימן, אַז אַ ביסל ייִדן זײַנען שוין דעמאָלט געווען.

אָנהייב 19טן י״ה (נײַשטאָט האָט דעמאָלט געהערט צו פּרײַסן) האָט די פּרײַסישע רעגירונג געמאָלדן וועגן אַ פּריז פֿון 1500 מאַרק פֿאַרן בויען דעם ערשטן מויער אין שטעטל. דעם פּריז האָט געוווּנען יצחק אַבעלסאָן, זון פֿון ר׳ אַבא אַבעלסאָן, דעמאָלט רבֿ דאָ. אַ שטאָט, וואָס האָט זיך געקענט דערלויבן צו נעמען אַ רבֿ, איז שוין געווען אַן אָרגאַניזירטע קהילה, וואָס איז ניט געשאַפֿן געוואָרן אין איין טאָג.

אין 1797 האָבן דאָ געוווינט 429 ייִדן (קריסטן — 565). אַזוי האָט אָנגעגעבן די פּאָליציי־קאָמיסיע דעם 29סטן מײַ יענעם יאָר. אין 1800 זײַנען דאָ געווען 2320 תּושבֿים, פֿון זיי בײַ 1400 ייִדן. אין 1803 איז די צאָל ייִדישע הײַזער געווען בײַ 125. געווען ייִדן אין שטעטל, וואָס האָבן פֿאַרמאָגט פֿון 10,000 ביז 50,000 טאַלער — ריזיקע סומעס אין יענער צײַט. אין 1897 האָבן דאָ געוווינט 2091 ייִדן (אַלגעמיינע צאָל — 4595), פֿאַרן ערשטן וועלטקריג — בײַ 1500, אין 1923 — 991 און פֿאַרן חורבן בײַ 800.

אין נײַשטאָט־שאַקי געפֿינט זיך דער קבֿר פֿון הרב הגאון ר׳ יהודה בן הגר״א, ווי עס ווײַזט אַ מצבֿה אויפֿן היגן בית־עולם. אַלטע לײַט האָבן דערציילט, אַז ווען ער איז געפֿאָרן קיין קעניגסבערג זיך היילן, איז ער געוואָרן קראַנק אויפֿן וועג און ניפֿטר געוואָרן דאָ אין תּקע״ו (1816).

אין 1871 איז דאָ אויסגעבראָכן אַ כאָלערע־עפּידעמיע, דאָס זעלביקע אין 1893. אין 1871 זײַנען נאָך צוגעקומען צרות פֿון נאַטשאַלניק כודיאַקאָוו, וואָס האָט טעראָריזירט די ייִדן. אַ ייִד האָט איין מאָל געקויפֿט פֿיר פֿעסלעך ווײַן אויף אַ ליציטאַציע, האָט דער באַאַמטער ניט אָוועקגעגעבן ניט דעם ווײַן, ניט דאָס געלט און נאָך צעשלאָגן דעם ייִדן. האָט דער נאַטשאַלניק פֿאַרשפּאַרט דעם ייִדן אין תּפֿיסה, ניט דעם שלעגער.

אין 1881 האָט דער בירגער־מײַסטער קאַטושעוויץ אַרויסגעגעבן אַ באַפֿעל, אַז ייִדן טאָרן ניט האַלטן קיין קריסטלעכע דינסטן, די גזירה איז גיך אַנולירט געוואָרן.

אין 1881 איז אויסגעבראָכן אַ גרויסע שׂריפֿה. עס האָבן געליטן 200 ייִדי־שע און קריסטלעכע מישפּחות. דער קריסטלעכער קאָמיטעט האָט איבערגעגעבן 473 רובל דעם ייִדישן קאָמיטעט פֿאַר נשׂרפֿים. אין צוויי וואָכן פֿון 1889 זײַנען געווען צוויי שׂרֵפֿות. 20 הײַזער זײַנען אַראָפּ. אין 1887 זײַנען 87 הײַזער אַוועק מיטן פֿײַער.

אין 1882 זײַנען פֿאָרגעקומען אָפֿטע אָנפֿאַלן אויף ייִדן, דאָס האָט אַרויסגערופֿן אַ גרעסערע ייִדישע עמיגראַציע.

אין 1883 זײַנען אַלע בתּי־מדרשים (אויסער 2) פֿאַרמאַכט געוואָרן צוליב אַ מסירה, אַז דאָרטן איז באַהאַלטן וואָפֿן.

אין 1887 האָט די חבֿרת הפּרו־

שים אין קאָוונע אָפּגעקויפט אַ הויף 4־3 וויאָרסט פֿון נײַשטאָט־שאַקי פֿאַר 5700 רובל. דער ציל איז געווען צו באַזעצן דאָרטן 200 ייִדישע מישפּחות אויף ערד. וואָס איז געוואָרן פֿונעם פּלאַן האָט זיך ניט אײַנגעגעבן אויסצוגעפֿינען.

נײַשטאָט־שאַקי איז געלעגן האַרט בײַ דער פּרײַסישער גרענעץ, און די אָרטיקע ייִדן האָבן געליטן פֿון ייִדישע רעקרוטן, וואָס פֿלעגן אַנטלויפֿן פֿון זייערע פּריזיווערטער, כּדי צו שוואַרצן די גרענעץ. אַלע ייִדישע שטעטלעך אין ליטע, נאָענט צו דער פּרײַסישער גרענעץ, האָבן געליטן דערפֿון.

ייִדן האָבן זיך פֿאַרנומען מיט מיסחר, קרעמערײַ, מלאכה און טייל אויך מיט לאַנדווירטשאַפֿט. דער הויפּטהאַנדל איז געגאַנגען אויף פּרײַסן, ווּהין מען האָט עקספּאָרטירט תּבֿואה, גרינסן, פֿרוכט און געפֿליגל.

אָנהייב צוואַנציקסטן יאָר־הונדערט האָט זיך דאָ גוט אַנטוויקלט זײַד־וועבערײַ, אין גאַנצן אין ייִדישע הענט. געווען 18 אַטעליעס מיט 40 אַרבעטערס, 60 לערן־ייִנגלעך, אויסער בעלי־בתּים. געווען אויך 4 פֿאַבריקן פֿון חזיר־האָר מיט 108 אַרבעטערס, כּמעט אַלע ייִדן, אָבער די אַרבעט־באַדינגונגען און דער לוין זײַנען געווען שלעכט.

טייל ייִדן אין נײַשטאָט־שאַקי האָבן געהאַט אייגענע פֿעלדער און גערטנער. אַ גרויסער טייל פֿון מאָדערן־געפֿירטע הויפֿן האָט געהערט צו ייִדן. אַ סך האָבן אויך געהאַט אַ צוגאָב־פּרנסה פֿון זייער בײַשטוביקער ווירטשאַפֿט.

*

נײַשטאָט־שאַקי האָט געהאַט אַ קענטיקן ייִדישן אַרבעטער־עלעמענט. דער „בונד" האָט דאָ געפֿירט אַ שטאַרקע טעטיקייט און זיך אויסגעבויט פֿעסטע פּאָזיציעס אין ייִדיש־געזעלשאַפֿטלעכן לעבן. אין רעוואָלוציע־יאָר פֿון 1905 האָט פּאָליציי געפֿונען רעוואָלווערן אין אַ קלויז. מען האָט קיינעם ניט געכאַפּט, אָבער אויף דער קהילה איז אַרויפֿגעלייגט געוואָרן אַ קאָנטריבוציע פֿון 3000 רובל.

איינער פֿון די ערשטע, וואָס האָט אָנגעהויבן צו פֿירן אַ רעוואָלוציאָנערע פּראָפּאַגאַנדע צווישן ייִדן, איז געווען יאַנקל־אַבא (אפּאָלאָן) פֿינקענשטיין (אָדער: פֿינקעלשטיין?), וואָס איז געבאָרן געוואָרן 1851 אין נײַשטאָט־שאַקי. ער האָט אײַנגעאָרדנט אַן אומלעגאַלע ביבליאָטעק אין שטאָט. געווען אַ סטודענט פֿון ווילנער ראַבינער־שול און איז אויסגעשלאָסן גע־וואָרן פֿאַר רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט. אַנטלאָפֿן פֿון רוסלאַנד, געלעבט אין קעניגסבערג, זשענעווע, לאָנדאָן, פּאַריז. האָט געאַרבעט אין לאָנדאָנער **טײַמס**. שפּעטער אַריבער צו די חובֿבֿי־ציון און דערנאָך צו די טעריטאָריאַליסטן און מיטגעאַרבעט מיט זאַנגווילן אין איט״אַ.

מיטן אויפֿקום פֿון ציוניזם האָבן די ציוניסטישע פּאַרטייען איבערגענומען די דאָמינירנדיקע ראָל אין היגן ייִדישן געזעל־

שאַפּטלעך־פּאָליטישן לעבן. די היגע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע איז געווען איינע פֿון די פֿינף ציוניסטישע אגודות אין סוּוואַלקער גובערניע, וואָס האָבן געשיקט אַ דעלעגאַט צום פֿינפֿטן ציוניסטישן קאָנגרעס. דער דעלעגאַט איז געווען יצחק ניסענבוים. אין די קרײַז־קאָנפֿערענצן פֿון ציוניסטן אין ווילנע 1899 און דרוזגעניק 1913 איז נײַשטאָט געווען פֿאַרטראָטן מיט דעלעגאַטן.

אין 1898 איז פֿאַרעפֿנטלעכט אין **המליץ** אַ רשימה פֿון נײַשטאָט־שאַקיער מנדבֿים פֿאַר בנין־הארץ. מורשה: זלמן זובישסקי. צוויי רשימות נעמען זײַנען געדרוקט אין **המליץ** 1899. קלײַבערס: עטע ראָזענבערג, חנה ווישטינעצקי. נאָך אַ רשימה נעמען געפֿינט זיך אין **המליץ** 1903. מורשה: שלמה לאַנדוי.[2]

אויף אַן אַלטן נײַשטעטער בית־עולם אין ירושלים איז דאָ אַ מצבֿה פֿון „הרבני יוסף צבֿי בר׳ משה הכּהן, תּרל״ט.״

*

אין 1878 האָט דאָ עקסיסטירט אַ רעגירונג־געשטיצטע יידישע קרוינשול. דער דירעקטאָר איז געווען אַ. יעוואַר־קאָווסקי, איינער פֿון די לערערס י. ראָזער.

אין 1879 איז דאָ געעפֿנט געוואָרן אַ יידישע ביבליאָטעק מיט העברעיִש־רוסישע ביכער. די גרינדערס און טוערס אַרום דעם זײַנען געווען די צוויי דערמאָנטע לערערס.

אין 1880 איז געגרינדעט גע־וואָרן אַ תּלמוד־תּורה, וווּ מען האָט אויך געלערנט לשון־קודש, רוסיש, חשבון.

אין 1887 האָט די תּלמוד־תּורה פֿאַרצייכנט גוטן פּראָגרעס. איר בודזשעט האָט באַטראָפֿן 1000 רובל אַ יאָר. אויסער דעם זײַנען געווען 4 חדרים מיט 4 מלמדים.

אין 1891 האָבן פֿרויען געשאַפֿן אַן אגודה צו העלפֿן אָרעמע קינדער פֿון תּלמוד־תּורה.

הר״י [?] ברוידא פֿון וולאַדיס־לאַוואָוו האָט געשיקט צום ועד פֿון „מרבי השׂכּלה בישׂראל״ אין פּעטערבורג אַ כּתבֿ־יד פֿון זײַנע צוויי ספֿרים **דבֿרי הימים** און **תּולדות בצלאל**. אין לעצטן רעדט ער אויך וועגן דער חשיבֿות פֿון מלאכה בײַ יידן. אינטערעסאַנט, אַז דער דאָזיקער משׂכּיל האָט דעם דאָזיקן ספֿר געשריבן אין יידיש.

אין אַ קאָרעספּאָנדענץ פֿון 1880 ווערט געזאָגט, אַז נײַשטאָט [שאַקי] ניי־טיקט זיך ניט אין פֿרעמדער הילף, ווײַל „עירנו עשירה היא ביַחס ובעֹשר״. אַ ראיה: פֿאַרן דאַוונען איין שבת האָט מען געגעבן 60 רובל דעם באַקאַנטן חזן פֿון פּאַריז ר׳ ישׂראל.

**רבנים.** — ר׳ אַבא דיין, 1740־1752, שטאַמפּאָטער פֿון די אַבעלסאָנס און בערנשטיינס אין נײַשטאָט־שאַקי.

ר׳ מנחם־נחום חריף בר׳ דוד. מיט אים איז פֿאַרבונדן אַ מחלוקת־הרבֿ, אַן

2) אַ ליסטע פֿון נײַשטאָט־שאַקיער מנדבֿים פֿאַר הונגער־לײַדנדיקע יידן אין ליטע איז געדרוקט אין **המגיד**, 1872.

ערך אין די 1750־1760ער יאָרן.[3] אין יענער צײַט האָבן צווײ פּרעטענדירט אויפֿן לײדיקן כּיסא־הרבנות פֿון נײַשטאָט: ר׳ נחום חריף [שאפּירא?] און ר׳ לײב אַשכּנזי, אב״ד יורבורג. די קהילה האָט באַשלאָסן, אַז בײדע קאַנדידאַטן זאָלן שבת זאָגן אַ דרשה, דערנאָך וועט מען באַשליסן. דער ערשטער בעל־דרשן איז געווען ר׳ נחום. אין מיטן פֿון זײן דרשה איז פּלוצלונג אַרויפֿגעלאָפֿן אויף דער בימה דאָס עילויי־שע בחורל פֿון ר׳ לײבן און פֿאַרוואָרפֿן ר׳ נחומען מיט שאלות. עס איז געוואָרן אַ גרויסער טומל און ס׳האָבן זיך געשאַפֿן צווײ צדדים. פּאָליצײ האָט אַרעסטירט ר׳ נחומען, ר׳ לײבן און זײַן ייִנגל, און דער ראַפּאָרט איז אַוועק צו קעניג פֿרידריך דעם גרויסן. יענער האָט געפּסקנט, אַז ר׳ לײב זאָל זײַן רבֿ. ר׳ לײב האָט געוואָלט מפּײס זײן ר׳ נחומען, איז ער אַוועק צו אים, איבערגעגעבן די רבנות און אַלײן אַוועק צוריק קײן יורבורג. ר׳ נחום איז ניפֿטר געוואָרן 1820.

ר׳ אליהו בר׳ שלמה, געבאָרן אַרום 1750־1770.

ר׳ אַבא אַבעלסאָן, אָנהײב נײַנ־צנטן יאָרהונדערט. אין 1809 האָט די פּרײַסישע רעגירונג אויסגערופֿן אַ פּרײַז פֿון 1500 „רײַכסטאַלער" צו עמעצן, וואָס וועט אויפֿבויען דעם ערשטן מויער אין שטאָט. דעם פּרײַז האָט געוווּנען יצחק אַבעלסאָן, זון פֿון ר׳ אַבא אַבעלסאָן, דעמאָלט רבֿ דאָ.

ר׳ נתן שטערן, פֿריִער רבֿ אין ראַדזאמין והגליל און ווישטינעץ. דאָ ניפֿטר געוואָרן אין 1844. מען האָט אים גערופֿן „די אײַזערנע קאָפּ". שטאַמט פֿון דער רמ״א־מישפּחה. פֿאָטער פֿון ר׳ יוסף־זכריה, אב״ד שאַוול.

ר׳ אריה־לײב בר׳ יחיאל ברוידא.

ר׳ אליהו־יהודה דײַכעס, געבאָרן 1816. שפּעטער אַוועק קײן ירושלים, ווּ ניפֿטר געוואָרן 1858 אין עלטער פֿון 42 יאָר. אויף אַ ירושלימער בית־עולם איז דאָ זײַן מצבֿה: שר וגדול בתּורה . . . הרה״ג . . . ר׳ אליהו יהודא דײכעס אבד״ק נײַשטאָט־שירווינט, בן הרב הג׳ . . . דוד אבד״ק אײשישאָק, בנו של הרה״ג . . . איש אלקי ר׳ אריה־ליב אב״ד לידא — תּרי״ח, בן מ״ב.

ר׳ בצלאל הכּהן, פֿון אַרום 1860 ביז 1868, ווען ניפֿטר געוואָרן.

ר׳ יצחק אַש. לויט אײן מקור (**דזשויִש ענסיקלאָפּעדיאַ**), איז דאָ געווען רבֿ אויך ר׳ יצחקס זון ר׳ שמואל־מאיר, וואָס איז ניפֿטר געוואָרן — לויטן זעלביקן מקור — אין 1885. אין אַ קאָרעספּאָנדענץ פֿון נײַשטאָט־שאַקי אין 1881 ווערט דערמאָנט „הרב הגאון ר׳ שמואל־מאיר אַש."

ר׳ ישׂראל־חיים דײַכעס, ר׳ אליהו־יהודהס פּלימעניק, געבאָרן 1851 אין דאַרשונישאָק. פֿון 1884 דאָ רבֿ און פֿון 1900 אין לידס (ענגלאַנד). געקראָגן

3) היות די ממשלה־צײַט פֿון פֿרידריך דעם גרויסן איז געווען 1740־1786, נעמען מיר אָן די מיטלצײַט ווי די דאַטע פֿון דער מחלוקת.

שׂכירות 20 רובל אַ וואָך. צוליב דער שווער־געוואָרענער עקאָנאָמישער לאַגע אין נײַשטאָט האָט מען שפּעטער אים ניט געקענט צאָלן אזא הייכע שׂכירות אין יענער צײַט. האָט קהל באַשלאָסן אים אָפּ־צוגעבן דעם מאָנאָפּאָל אויף הייוון. 10 יידישע מישפּחות, וואָס האָבן געלבט פֿון פֿאַרקויפֿן הייוון, האָבן געמאַכט אַ געוואַלד. ניפֿטר געוואָרן 1937 אין לידס. חיבורים: **פּרחי האביב** (ווילנא, תּר״ל), **קונטרס מערכות ישׂראל** (אין **אורח לחיים** פֿון חיים ראַצקער (ווילנא, תּרל״ט), **קונטרס הערות והגהות על הריב״ש**, **אמרי יושר** (ווילנא, תּרמ״ז), **מקוה ישׂראל** (לידס, תּרע״ב), **דרשות מהרי״ח** (לידז, תּר״פ), **טהרת הקודש** (לידס, תּרפ״ט), **ילקוט מהרי״ח** (לאָנדאָן, תּר״ץ). זײַן זון שמואל, געבאָרן 1878, פֿון 1905 רבֿ און מטיף אין סאַנדערלענד (ענגלאַנד), פֿון 1918 לערער פֿון תּלמוד אין לאָנדאָנער בית־מדרש לרבנים. געשריבן אַ סך מאמרים אין ענגליש־העברעיִש וועגן חכמת ישׂראל. צווייטער זון, ד״ר בצלאל דײַכעס, רבֿ אין סאַנדערלענד. מחבר פֿון ספֿרים אין הלכה און אגדה.[4]

ר׳ יחזקאל בר׳ יצחק־אײַזיק וואָלפּערט, עטלעכע יאָר פֿון 1901. לעצטע יאָרן געלעבט אין ביאַליסטאָק, ווו ניפֿטר געוואָרן י״ח טבֿת, תּר״ע.

ר׳ שמואל בר׳ יוסף גאָכבערג, געבאָרן 1877. שפּעטער רבֿ אין קאַזלו־רודע.

ר׳ סענדער ווילענסקי, פֿריִער רבֿ אין סודאַרג.

ר׳ נחמיה פּאָרטמאַן, דאָ געבאָרן 1883, בעל **תּורת חיים**. אומגעקומען מיט זײַן עדה תּמוז תּש״א, הי״ד.

ר׳ אַבֿרהם בר׳ יקותיאל איז דאָ געווען דיין. ניפֿטר געוואָרן י״ג אדר תּרנ״ג אין ירושלים.

ר׳ אליעזר ראַנין, געבאָרן 1873 אין קאָרעץ, איז דאָ געוואָרן מו״צ אין 1904. חיבורים: **שׂיח אליעזר** (ווילנא, תּרס״ו), **ילקוט אליעזר** (קובנה, תּרע״א)

ר׳ דוד־יצחק פרידמאַן איז דאָ געווען מו״צ אַרום 1860־1870ער יאָרן. זײַן זון ר׳ אַבֿרהם, געבאָרן 1862, איז 1889 דאָ געווען ר״מ אין ישיבֿהלע, 1892 מו״צ אין „נײַעם פלאַן״ פֿון קאָוונע, 1897 רבֿ אין לונסק, יעקאַטערינאָסלאַווער גובערניע.

צווישן 1828 און 1933 (די מערסטע אין די פֿריִערדיקע יאָרן) זײַנען דאָ געווען 342 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים — פֿון די גרעסטע ציפֿערן אין ליטע.

**אָפּשטאַמיקע.** — ר׳ יוסף־זכריה שטערן, זון פֿון ר׳ נתן, דאָ געבאָרן 1831. פֿון די גדולי הדור אין ליטע. רבֿ אין יאַסינאָװוקע (גראָדנער גובערניע), פֿון 1861

4) ר׳ יצחק־צבֿי קריגער, געבאָרן 1849, איז געווען אב״ד כווידאַן 4 יאָר, אַרום די 1880ער, שפּעטער 3 יאָר רבֿ אין שיקאַגאָ. 1895 געקומען קיין נײַשטאָט־שאַקי, ווו ער איז ניפֿטר געוואָרן אין 1896. צי ער איז געווען דאָ רבֿ אין דעם יאָר־צוויי, איז אונדז ניט באַקאַנט.

— 43 יאָר אין שאַוול. ניפֿטר 1904 (פּרטים — שאַוול).

ר׳ שלמה בר׳ פֿײַטל פּוכער, דאָ געבאָרן 1833. געלערנט אין ווילנער רבנים־סעמינאַר. פֿון 1859 קאַזיאָנער ראַבינער אין מיטאַווע. דאָרטן געגרינדעט אַ תּלמוד־תּורה און פֿאַר מיידלעך אַ בית־ספֿר. רעליגיע־לערער פֿאַר ייִדישע מיידלעך אין דער שטאָטישער גימנאַזיע. כאָטש אַ משׂכּיל, האָט ער געקעמפֿט קעגן ייִדישע מהרסי הדת און גאָר באַזונדערס קעגן די מיסיאָנערן אין מיטאַווע. יענע האָבן געמאַכט עטלעכע פּרווון אים צו צו דערמאָרדן, ער איז קוים ניצול געוואָרן. 1864 איז ער געפֿאָרן צום אינערן־מיניסטער אין פּעטערבורג בעטן, אַז קורלענדער ייִדן זאָלן האָבן וואַלרעכט צו שאופּאַליטעטן. פֿון 1893 קאַזיאָנער ראַבינער אין ריגע, ווו געשטאָרבן אין 1899.

ר׳ משה־יהושע ראַבינאָוויץ, גערופֿן שיִעלע נײַשטעטער, איינער פֿון די פּרנסי ווילנע אין דער ערשטער העלפֿט פֿון נײַנצנטן יאָרהונדערט. איידעם פֿון הגאון ר׳ זעלמעלע ווילנער. זײַן זיידע ר׳ שלום, אב״ד נײַשטאָט; הערי לויִס ראָזענטאַל, דאָ געבאָרן אַרום 1860. תּנ״ך־מפֿרש. דער־צויגן אין מאַנטשעסטער (ענגלאַנד). געקומען צוריק קיין נײַשטאָט, שטודירט העברעיִש, געוואָרן סוחר. אויטאָר פֿון **סוד קדושים** (מאַנטשעסטער, 1895) — פּירוש אויף די נבֿיאותן פֿון דניאל.

ר׳ ישעיה וואָלגעמוט, „קלויז־ראַבינער" אין האַמבורג און מו״צ בײַם דאָרטיקן רבֿ ר׳ אָשר שטערן. 44 יאָר רבֿ אין מעמל. ניפֿטר י״ח טבֿת, תּרנ״ח, אין עלטער פֿון 81 יאָר.

ר׳ קלונימוס קלמן בהרבֿ נחמן כּ״ץ ז״ל מאורלאַ בוולאַדיסלאַוואָוואַ. רבֿ אין זאַבלודאָווע. בעל **שבֿת אחים**. האָט הסכּמה אויף **פּתחי טהרה**, שמעון עפּשטיין (ווילנא, 1851).

ר׳ אליהו תּאומים, רבֿ אין מאַנ־טשעסטער.

ר׳ ישׂראל־משה זאַקס, מגיד.

אַריה־לייב בלומענטאַל, תּל־מודיסט, מאַטעמאַטיקער.

ד״ר גאָרדאָן, דאָ געבאָרן 1874, זון פֿון בערל דער מלמד. פֿון 1892 אין אַמעריקע. געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויפֿן ייִדישן חינוך אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן. געשטאָרבן 1943 אין מיניאַפּאָליס.

ר׳ אַבֿרהם הערשמאַן, דאָ גע־באָרן 1880. רבֿ אין דעטראָיט. ניפֿטר 1959.

מרדכי באָבטעלסקי, דאָ געבאָרן 1889. פּראָפֿעסאָר פֿון כעמיע אין די הויכ־שולן פֿון אוראַל און וויטעבסק. פֿון 1925 אין ירושלימער אוניווערסיטעט. פֿאַרעפֿנ־טלעכט פֿאָרשערישע אַרבעטן אין דײַט־שישע און פֿראַנצייזישע זשורנאַלן פֿאַר כעמיע. געשטאָרבן 1965 אין ירושלים.

אַבא־הלל סילווער, דאָ געבאָרן 1893. רעפֿאָרם־ראַבײַ. פֿון די ציוניסטישע

און יידישע פּירערס אין אַמעריקע. געשטאָרבן 1964.

מאַקס באַנד, באַקאַנטער מאָלער. אין דער יוגנט געמאָלן שילטן אין שטאָט. אַ קורצע צײַט קונסטלערער אין דער היגער העברעיִשער פּראָגימנאַזיע.

מחוץ למחנה: פיליפ גאָרדאָן, געב׳ 1855, שפּעטער אין שוועדן. משומד־מיסיאָנער, ימ״ש.

**שרײַבערס.** — צבֿי־הירש בערנשטיין, געבאָרן 1846. פֿון 1870 אין ניו־יאָרק. איינער פֿון די פּיאָנערן פֿון דער יידישער און העברעיִשער פּרעסע אין אַמעריקע. אין 1870 האָט ער אַרויסגעגעבן אין ניו־יאָרק די ערשטע יידישע צײַטונג אין אַמעריקע **דיא פּאָסט** און אין 1871 די ערשטע העברעיִשע צייטונג **הצופה בארץ החדשה**. ער האָט אויך אַרויסגעגעבן די **היברו־ניוס** אין 4 שפּראַכן: העברעיִש, יידיש, ענגליש, דײַטש. ער האָט זיך אויך באַטייליקט אין דער העברעיִשער פּרעסע אין אויסלאַנד מיט תּורה־מאמרים און קאָרעספּאָנדענציעס. געשטאָרבן 1907 אין ניו־יאָרק.

אַדאָלף (משה) ראַדין, געבאָרן 1848. ראַבינער אין קינפּין (פּרײַסן). פֿון 1884 אין אַמעריקע. געווען עקסטרעמער אַסימילאַטאָר. נאָך די 1880ער יאָרן געוואָרן נאַציאָנאַל־געשטימט. געווען זייער פּאָפּולער פֿאַר זײַן גרויסער אַרבעט לטובת יידישע אימיגראַנטן פֿון רוסלאַנד. אין זײַן לוויה (1909) אין ניו־יאָרק זײַנען געווען 40 טויזנט מענטשן. אַ רשימה פֿון זײַנע מאמרים און ביכלעך איז דאָ אין **תּלישת עשבים**.

יעקבֿ טער, געבאָרן 1861. פֿון 1891 אין אַמעריקע. געשריבן אַ סך פּיעסעס און היסטאָרישע אָפּערעטעס, וואָס זײַנען געשפּילט געוואָרן אויף דער יידישער בינע: **אמנון ותּמר** אָדער **דער גליקלעכער פּאַסטעך, די זילבערנע האָכצייט, בוסתּנאי** אָדער **דער לעצטער פּרינץ פֿון מלכות בית־דוד, מלחמות היהודים** אָדער **די גערויבטע פּרינצעסין** א״א. ביכער: **נאַטור און לעבן** (ראָמאַנען, ערצעהלונגען, דראַממע. סקי־צען, אַנעקדאָטען, פּאָעזיע אונד וויטצען) (1898), **ביטערער טעות, דער פּערפֿאַסער אין קינד־בעט, דער פּראָצענטניק** אָדער **די וועלט קעהרט זיך איבער** (1901), **דער געהיימער מאָרד** (1914) — אַלע אין ניו־יאָרק. **די אידישע נשמה** (וואַרשאַ, 1910). געשטאָרבן 1935 אין ניו־יאָרק.

ישראל־איסר גאָלדבלום, געבאָרן 1863. שטודירט אין דײַטשלאַנד און פּאַריז, וווּהין ער איז געקומען אין 1886. געשריבן פֿאָרשערישע מאמרים אין דער העברעיִשע פּרעסע וועגן די אוצרות העברעישע מאַנו־סקריפּטן אין די גרויסע ביבליאָטעקן פֿון אייראָפּע און צוויי ביכער אויף דער זעל־ביקער טעמע. פֿלעגט שרײַבן אונטערן פּסעוודאָנים יאפ״ז (ישראל איסר פּרח זהבֿ). געשטאָרבן 1925. אין **העבֿרי** שרײַבט ער זיך „מעיר נײַשטאָט".

אָשר ראַדין, פֿון 1885 אין

וואַרשע, ווו געשטאָרבן אין 1895. אָפּטער מיטאַרבעטער אין **המגיד**. מחבר פֿון **גיאוגראַפיא קטנה** (קעניגסבערג, 1860).

הערמאַן בערנשטיין, געבאָרן 1876. פֿון 1893 אין אַמעריקע. געווען אַ קורצע צײַט אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר אין אַלבאַניע. גרינדער און ערשטער רעדאַקטער פֿון ניו־יאָרקער טאָגצײַטונג **דער טאָג**, כאָטש אַליין האָט ער ניט געשריבן ייִדיש. זײַן עיקרדיקע זשורנאַליסטישע און ליטעראַרישע טעטיקייט איז געווען אויף ענגליש. געווען מיטאַרבעטער פֿון **ניו־יאָרק טײַמס** אין אויסלאַנד. האָט איבערגעזעצט אויף ענגליש ווערק פֿון טאָלסטאָי, טשעכאָוו, גאָרקי און אַנדערע רוסישע שרײַבערס. אויטאָר פֿון עטלעכע ביכער אויף ענגליש, צווישן זיי: Celebrities of our Time (1924); The Truth about the Protocols of Zion (1935), ווו ער ווײַזט אויף די שקרים פֿון יענעם בילבול־בוך אויף ייִדן. געשטאָרבן 1935 אין שעפֿילד.

שמואל תּלפּיות, געבאָרן 1877. פֿון 1894 אין מאָנטרעאָל. איינער פֿון די גרינדערס פֿון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין קאַנאַדע. געדרוקט אַ סך מאמרים וועגן חכמת־ישׂראל, ייִדישער געשיכטע און געזעלשאַפֿטלעכע טעמעס אין ייִדישע, העברעיִשע און ייִדיש־ענגלישע צײַטונגען. מחבר פֿון **געקליבענע שריפֿטן** (מאָנטרעאָל, 1939). געשטאָרבן 1951 אין מאָנטרעאָל.

שלמה־יוסף הערבערג, געבאָרן 1884. פֿון 1920 אין ארץ־ישׂראל. געדרוקט לידער און דערציילונגען אין **הפּועל הצעיר, דבר, מאזנים** און אנדערע העברעיִשע שריפֿטן אין ארץ־ישׂראל. מחבר פֿון **במעגל** (ת״א, 1964). זײַן הויפּט־ליטעראַרישע אַרבעט באַשטייט פֿון איבערזעצונגען. האָט איבערגעזעצט אויף העברעיִש בײַ 40 ביכער פֿון דײַטש, רוסיש, ייִדיש: מ. גאָרקיס **פֿומה גורדייבֿ** (1927), **מפּעל בית אַרטמונובֿ** (1934); פּ.מ. דאָסטאָיעווסקיס **אידיוט** (תּרפּ״ט) און **שדים** (תּר״ץ); **זרמים בסוציאַליזם**, פֿון וו. טשערנאָוו; מ.י. בערדיטשעווסקיס **על אדמת נכר** (תּרצ״ו); י. דינעזאָנס **הרשלה** (1937); י. לעשטשינסקיס **היהודים ברוסיה הסוביטית ממהפּכת אוקטובר עד מלחמת העולם השניה** (תּש״ג); א. באָגדאַנאָווס **תּורת הכּלכּלה המדינית** (תּש״ו); מ. גאָרקיס **האוניברסיטאות שלי** (1954) און אַ ריי אַנדערע.

אפֿרים גרינבערג, געבאָרן 1895. פֿון די צ.ס. פֿירערס אין ליטע. 1940 אַרעסטירט געוואָרן דורך דער באָלשעוויסטישער מאַכט. באַפֿרײַט געוואָרן אין 1941 זיך עוואַקויִרט קיין רוסלאַנד, ווו ער איז 1942 אויסגעגאַנגען פֿון הונגער. רעדאַקטער פֿון דער טאָגצײַטונג **דאָס וואָרט**. געשריבן אַרטיקלען אויף ציוניסטישע און אַלגעמיין־ייִדישע טעמעס אויך אין די קאָוונער **די צײַט, דער וועג** און אין **הד ליטא**.

קלמן לאַנדוי, געבאָרן 1912.

אינזשינער־כעמיקער. פֿון 1935 אין מעקסיקע. געדרוקט פּאָליטישע אַרטיקלען, ווי אויך מאמרים איבער ליטעראַטור און קונסט אין די מעקסיקאַנער **אידישע שטים, פֿרײַוועלט, דער וועג.** פֿון 1947 רעדאַקטירט **דאָס וואָרט.**

**קאָרעספּאָנדענטן. — המליץ:** חיים־זאבֿ סודאַווסקי, אַלכּסנדר פֿרידמאַן, אַבא וואַלערשטיין, יוסף־צבֿי וואַלבערג (אויך אַרטיקלען, אין סעריע „פּלאי הבריאה") שמעון־זאבֿ נאַטעלזאָן, יחיאל־שעפּטל ראַבינאָוויץ.

**הצפֿירה:** פֿרוי ג. דײַכעס, זלמן זובישסקי, א.ח. חרלפּ, ל. זימאַן, י.א. סודאַווסקי, חיים־זאבֿ סודאַווסקי, ג. קאַפּלאַן.

**המגיד:** אליהו בר׳ מרדכי אַבראַמזאָן, אמ"ר [?], מרדכי בערנשטיין, צבֿי־הירש בערנשטיין (אויך אַרטיקלען און חידושי־תּורה, ווי אויך אין **הלבֿנון** און **הכּרמל**); ישׂראל־איסר גאָלדבלום (**העבֿרי,** 1880).

**ניכבדים.** — ר׳ קלונימוס קלמן בהרבֿ נחמן כּץ ז"ל מאורלא בוואַדיסלאַוואָוואַ" — אַזוי זאָגט זיך אין זײַן הסכּמה אויף **זכרון יהודה** פֿון יהודה אַבעלסאָן.

ר׳ יהודה בר׳ יצחק אַבעלסאָן, דאָ געוווינט אַרום מיטן נײַנצנטן יאָרהונדערט. מחבר פֿון **זכרון יהודה** (ווילנא, תּרי"א — אַרײַנפֿיר צו **טהרות; זכרון יהודה** (ווילנא, תּר"ך) — די סיסטעם פֿון **משנה; זכרון יהודה** (בערדיטשובֿ, תּר"ן) — אַרײַנפֿיר צו **קדשים.**

ר׳ אַריה בר׳ צבֿי בערנשטיין (ניפֿטר 1888); ר׳ יהודה מאַטלאַווסקי (ניפֿטר 1891).

ר׳ משה איידלשטיין (ניפֿטר 1903); ר׳ מנחם אַלטמאַן, זון פֿון מו"צ [אַלטפֿעלד?].

ר׳ מנחם־מענדל אַלטפֿעלד, מוהל; ר׳ יעקבֿ־קאָפּל פּראַגער.

ר׳ יהודה־אליעזר פּסחאָוויץ, ר׳ צבֿי־יונה שירווינדטער.

ר׳ פּנחס מאַטלאַווסקי, ר׳ שמואל סאַלאַנסקי.

ר׳ מאיר בערקמאַן, ר׳ יצחק גערשאָנאָוויץ.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המגיד, 1862; 1872: 3, 18; דוד גאַנז, צמח צדק. וואַרשא, תּרל"א, ע׳ 144; העבֿרי, בראָדי, 1880: 4; היום, תּרמ"ז: 275; ספֿר זכּרון לסוקולוב, ווארשא, תּרמ"ט, ע׳ 16, 84 הצפֿירה, 1895: 130; 1896: 87; המליץ, 1898: 287; 1899: 203, 207; 1903: 28; לוח אחיאָסף, תּרנ"ט, ע׳ 382; תּר"ס [וועגן שלמה פּוכער];

תּלישת עשבים על קבֿר ד"ר אדולף מ. רַדין (נ"י, תּר"ע); א.ל. פֿרומקין, תּולדות חכמי ירושלים, ג׳. ירושלים, תּרפּ"ט, ע׳ 237, 245); נ.א. בוכבינדער, די געשיכטע פֿון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג אין רוסלאַנד. ווילנע, 1931. ז׳ 20; ספֿר האישים. ת"א, תּרצ"ז, ע׳ 68; א.ש. הערשבערג, פּנקס ביאַליסטאָק, I. ניו־יאָרק, 1949. ז׳ 462;

ח.ל. פֿוקס, 100 יאָר ייִדישע און העברעאישע ליטעראַטור אין קאַנאַדע. מאָנטרעאָל, 1980, ז׳ 324; ספֿר סואוואַלק, ז׳ 194, 205 עיר ווילנא, 57; 105; „ליטע", 1, ז׳ 1001; אהלי שם, 63, 126, 355, 459, 463; חלקת מחוקק, ה׳; תּולדות ישיבֿת היהודים בקורלאַנד, ע׳ 126;

תּולדות חבֿרת מרבי השׂכּלה, ע׳ 148, 151, 187; י.ד. קמזונס יהדות ליטא; ייִוואָ־בלעטער, 1־2 (ברוצקוס); חכמי ישׂראל באַמריקא, ע׳ 20, 93; ג.

קרסל, 1, 2; לעקסיקאָן, 1, 2, 4, 8; יהדות ליטא, ג׳; ספר הפרענומעראַנטן, 5334, 5335 [ביידע צוויי גרויסע נײַשטאָטס].

Recueil de Matériaux sur la Situation economique des Israelites de Russie. Paris, 1906, I, p. 343; Allgemeine Zeitung des Judentums, 1871, p. 180; M. Bersohn, Dyplomatarjusz dotyczący Żydów W dawnej Polsce. Warszawa, 1910, p. 82; Augustas Janulaitis Užnemmunė po Prūsais. Kaunas, 1928, p. 160; Jonas Totoraitis, Sūduvijos Suvalkijos Istorija. Kaunas, 1938, I., p. 116; Jewish Encyclopedia, VII., p. 56; IX., p. 239; X., p. 266, 478; Black Book.

## נעמאָקשט NEMAKŠČIAI

ראַסיינער קרײַז. ייִדן האָבן אָנגעהויבן קומען אַהער אַרום אָנהייב דריטן פֿערטל זיבעצנטן יאָרהונדערט. אין 1662 זײַנען דאָ געווען 7 ייִדישע מענער און 5 פֿרויען.

אין 1847 האָבן דאָ געוווינט 255 ייִדן, אין 1897 — 954, 1923 — 704 און פֿאַרן חורבן — בײַ 500.

די ייִדישע הויפּט־פּרנסות זײַנען געווען קליינהאַנדל, קרעמערײַ און מלאכה. אַ סך ייִדן האָבן געהאַט צוגאָב־חיונה פֿון בײַשטוביקער ווירטשאַפֿט — אַ גאָרטן, אַ סאָד, אַ בהמה, געפֿליגל.

1890 האָט דאָס שטעטל נאָך ניט געהאַט קיין דאָקטער. נאָר אַ פֿעלדשער איז נאָך געווען יאָרן שפּעטער. 1892 איז געשאַפֿן געוואָרן אַן אַגודה פֿון מיידלעך צו העלפֿן ייִדישע אָרעמעלײַט.

די רוסן האָבן ניט באַוויזן דאָ דורכצופֿירן זייער גירוש־ליטע. אין 1917 איז כּמעט גאַנץ נעמאָקשט אַוועק מיטן פֿײַער.

נעמאָקשטער ייִדן פֿלעגן זיך אָפּרופֿן אויף אַקציעס צו העלפֿן בניין ארץ־ישׂראל. אין רשימות פֿון 1898, 1899 1903 זײַנען דאָ נעמאָקשטער בײַשטײַערערס פֿאַר ארץ־ישׂראל. די קלײַבערס: יוסף־יצחק כּ״ץ, אַבאַ־אליהו אַבעלסאָן, אליעזר־יצחק זאַקס.

**רבנים.** — ר׳ אורי־דוד אַפּריון בר׳ יוסף, געבאָרן אין קאַרעליץ. אויף זײַנער אַ תּשובֿה פֿון תּר״ט [1849] אין **עטרת יצחק** פֿון ר׳ יצחק־אײַזיק [ראַבי־נאָוויץ] חתמעט ער זיך: חופ״ק נעמאָקשט. מען קען, בכן, רעכענען, אַז ר׳ אורי־דוד איז דאָ געווען רבֿ אַרום 1840־1850ער יאָרן, שפּעטער אב״ד זאַגער. בעל **אפּריון דוד** (איידטקוהנען, תּרל״ג).

ר׳ משה זאַקס (זק״ש), געבאָרן 1829 אין ווילנע. ר״מ אין מאַזשייק, וואָלאָזשין, מו״צ אין ראַסיין, 18 יאָר אב״ד נעמאָקשט, פֿיליפּאָווע ביז 1886 און נאָכדעם ווידער נעמאָקשט ביז זײַן פּטירה, ר״ח שבֿט, תּרס״ה. בעל **דבֿרי משה** (ווילנא, תּרל״ח). האָט הסכּמה אויף **אמרי שפֿר**, שמואל נפֿתּלי הירש עפּשטיין (ווילנא, תּרל״ד).

ר׳ חיים־צבֿי־הירש ברווידא, פֿריִער רבֿ אין אַליטע און נאָך נעמאָקשט

אין שוועקשנע און אַלט־זאַגער. חיבורים: **שארית חיים** (ווילנא, תּרמ״א), **רוח והצלה** (ווילנא, תּרמ״ו, געדרוקט מיט **מגלת אסתּר**), **אוצר חיים** (ווילנא, תּרנ״ט), **ארחות חיים** (ווילנא, תּרס״ג), **שיר חדש** (סט. לואיס, תּרפּ״ב (געדרוקט מיט **שיר השירים**). האָט הסכּמה אויף **בית ועד לחכמים**, אַהרן הײַמאַן (לונדון, תּרס״ב). שווער פֿון ר׳ זעליג־ראובֿן בענגיס, אבֿ״ד קאַלוואַריִע.

ר׳ בן־ציון יהודה־לייב בר׳ משה זאַקס (זק״ש), געבאָרן 1870. פֿריער רבֿ אין פּשעראָסלע און 1905־1932 אין נע־מאָקשט, ווו ניפֿטר געוואָרן. בעל **בכּורי ציון וענבֿי ציון** (קובֿנה, תּרפּ״ח). האָט הסכּמה אויף **המבֿאר**, חיים הערצמאַן (ביאַליסטאָק, תּרע״ג). זון פֿון ר׳ משה זאַקס.

ר׳ ישׂראל קרעניץ, לעצטער רבֿ, הי״ד.

צווישן 1842 און 1913 זײַנען דאָ געווען 72 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

**אָפּשטאַמיקע.** — ר׳ אליעזר־דוב לייזעראָוויטש, דאָ געבאָרן 1853. זעכציק יאָר מ״מ אין בריסק דליטא. ניפֿטר 1933.

משה מאַרקאָוויץ, דאָ געבאָרן 1855, שפּעטער געלעבט אין ראַסיין. אַ טיפּ אַן אוניקום. פֿון פֿאַך אַ שוסטער, אַ ייִד אַ קבצן, שווער אויפֿן פֿעדער, פֿון 40 ערשט אָנגעהויבן אַ ביסל שרײַבן — און פֿון דעמאָלט גענומען אַרומפֿאָרן איבער שטעט און שטעטלעך, ווו געזאַמלט אַ סך ביאָ־ביבליאָגראַפֿישע מאַטעריאַלן וועגן רבנים. האָט פֿאַרמאָגט אַ געוואַלדיקן זיכּרון. מען האָט אים גערופֿן „דער חיבורניק.״

דער באַקאַנטער ייִדיש־רוסישער שרײַבער מרדכי בן־עמי איז איין מאָל געקומען צו אים אַזש פֿון פּעטערבורג און שפּעטער אים באַשריבן אין **וואָסכאָד**. זאבֿ יעבץ האָט געשריבן וועגן אים אין **הצפֿירה**, י.א. טריווש אין **הד הזמן** און אַ ריי אַנדערע באַקאַנטע שרײַבערס. חיבורים: **שם הגדולים השלישי** (ווילנא, תּר״ע), **לקורות עיר קיידאַן ורבניה** (וואַרשא, תּרע״ג), **לקורות עיר ראַסיין ורבניה** (דאָרטן), **לקורות עיר נאָוואַהרדאָק ורבניה** (דאָרטן). — זײַן זון ר׳ שלמה־טוביה, אבֿ״ד אַנטאַליעפּט, און אייניקל ר׳ חיים־שמשון, בעל **דבֿר החיים**, זײַנען אומגעקומען 1942 אויפֿן נײַנטן פֿאָרט אין קאָוונע, הי״ד.

דוד־מתּתיהו ליפּמאַן, דאָ געבאָרן 1888. דיפּלאָמירטער אַפּטייקער. פֿון 1925 אין צײַקישאָק, ווו געעפֿנט אַן אַפּטייק. בעל **לתולדות היהודים בקובנה וסלבודקה** (קיידאַן, 1931). אָנגעקליבן אַ גרויסן מאַטעריאַל וועגן ייִדישע גדולים אין ליטע. איך האָב עס געזען בײַ אים אין 1930 בעת מײַן לערערײַ אין נעמאָקשט, וווּהין ער פֿלעגט אָפֿט קומען צו זײַנע עלטערן. געשריבן אַ ריי מאמרים וועגן דער געשיכ־טע פֿון ייִדן אין ליטע אין די קאָוונער **אידישע שטימע, דאָס וואָרט, הד ליטא, נתיבֿות**, צווישן אַנדערע: נאַפּאָלעאָן אין ליטע, דאָס לעבן פֿון ר׳ ישׂראל סאַלאַנטער, פּרטים וועגן ווילנער גאון, הגאון ר׳

אַלכסנדר לפידות א״אַ. אומגעקומען 1941 אין צײַקישאָק, הי״ד.[1]

וויליאַם סיגעל, געבאָרן 1893. פֿון 1906 אין אַמעריקע, ייִדישער אַרטיסט און דראַמאַטורג. פֿון זײַנע געדרוקטע פּיעסעס: **וואו זײַנען מײַנע קינדער?** (וואַרשע, 1926), **דאָס חופּה־קלייד** (דאָרטן), **הײַנטיקע מיידלעך** (דאָרטן), **מזל־דיקע טעג** (ניו־יאָרק, 1943), **דער גרויסער חכם** (נ״י, 1949). געשטאָרבן 1966 אין ניו־יאָרק. אָריגינעלער נאָמען: וועלוול־יצחק הערצאָג.

קאָרעספּאָנדענטן אין **המליץ**: דוד הלוי, יהושע־יחזקאל פֿורמאַנסקי, אליעזר־יצחק זאַקס.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המליץ, 1898: 132; 1899: 152; 1903: 28; אידישע שטימע, 1934: 4838; ז. זילבער־צווײַג, לעקסיקאָן פֿון ייִדישן טעאַטער, באַנד 2, ז׳ 1470; „ליטע״, I, ז׳ 1383; אהלי שם, ע׳ 457; יהדות ליטא, ג; יזכור־בוך סואוואַלק, זז׳ 186, 187; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 5405.
Biuletyn Żydowskiego Instytutu Hystorycznego W Polsce, 1938, no. 141, p. 32 (אַרטיקל וועגן זאַמעט); Black Book.

---

1) ד. מ. ליפּמאַן האָט מיך אין נעמאָקשט אײן מאָל געפֿרעגט, צי איך ווייס דעם באַטײַט פֿון נאָמען Lietuva. אויף מײַן ענטפֿער „ניין״ האָט ער געזאָגט, אַז ער האָט געהערט אַ מאָל פֿון עמעצן, אַז דאָס מיינט לײַטובֿה — לטובֿה פֿון ייִדן. ער האָט ניט געדענקט פֿון וועמען ער האָט דאָס געהערט.

מיט יאָרן שפּעטער האָב איך צופֿעליק אָנגעטראָפֿן דעם זעלביקן טײַטש אין רבנישן ספֿר פֿון צבֿי אַבֿרהם איש שלום [פֿרידמאַן] מראַסיין (רוסין, תּרפּ״ג). צי דאָס איז געווען ליפּמאַנס פֿאַרגעסענער מקור, ווייסן מיר ניט.

## נעמונײַץ NEMUNAITIS

קליינשטאָטישער ייִדישער ייִשובֿ אין אַליטער קרײַז פֿון מיטן נײַנצנטן יאָרהונדערט און פֿריִער. אין אַ רשימה נעמען פֿון בײַשטײַערערס פֿאַר הונגער־געליטענע ייִדן סוף 1860ער יאָרן זײַנען דאָ מערערע נעמונײַצער, מיט דעם קלײַבער דער מו״צ יעקב פֿינקעל. אַ קליינע קאָרעספּאָנדענץ פֿון שטעטל אין 1861 איז אַ סימן פֿון אַקטיוון ייִדישן לעבן. אויף אַ ספֿר פֿון 1861 געפֿינען זיך 4 נעמונײַצער פּרענומעראַנטן — **תּאמי צבֿיה**, צבֿי־הירש בלאָך, (קאָניגסבערג, תּרכ״א). שוין פֿון די 1860ער יאָרן איז דאָ געווען אַ קליינע ייִדישע קהילה מיט אַן אייגענעם מורה־הוראה, ר׳ יוסף ברעסץ, און זיכער מיט אַן אייגענעם בית־מדרש, אין 1892 געפֿינען מיר שוין דאָ אַ רבֿ: ר׳ פּסח הערץ בר׳ בנימין בערמאַן, וואָס איז דאָ געבאָרן געוואָרן אין 1871. אין 1923 האָבן דאָ געלעבט 143 ייִדן. פֿאַרן חורבן זײַנען דאָ געווען 15 ייִדישע מישפּחות.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המגיד, 1861: 35; 1872: 20; אהלי שם, ע׳ 129; יהדות ליטא, ד׳, ע׳ 317; Black Book.

# ס

## סאַלאַט SALOČIAI

בירזשער קרייז. ביז 1882 איז ייִדן געווען פֿאַרווערט דאָ צו וווינען. משמעות, אַז „שטילערהייט" האָבן ייִדן דאָ געלעבט אויך פֿריִער, ווייל אין 1883 איז שוין געווען דאָ אַ רבֿ, ר' יוסף בר' משה יפֿה[1], געבאָרן 1846 אין ווילקאָמיר. פֿריִער רבֿ אין פּאָקראָי, פֿון 1886 אין גאָרזד און 1893 אין מאַנטשעסטער (ענגלאַנד), ווו ניפֿטר געוואָרן אין 1897. חיבורים: **יוסף ביאור** (ווילנא, 1881) און **השׂכל והיצר**.

1910 איז דאָ געווען רבֿ ר' חיים־שאול לעוויטאַן, אין 1912 — מו"ץ ר' זאבֿ.

קאַראַימער האָבן דאָ געלעבט פֿון אַלטע צייטן, זיי ווערן שוין דערמאָנט אין 1660. אָנהייב נײַנצנטן יאָרהונדערט האָבן זיי נאָך געוווינט דאָ, אַנדערע זאָגן — אויך אין דער זעלבשטענדיקער ליטע.

1746 איז דאָ געבאָרן געוואָרן ישׂכר בעהר פֿאַלקענסאָן (אָדער: פֿאַלקענסאָן־בעהר)[2]. געהאַט אַ קליין קרעמל אין שטעטל. שפּעטער אַוועק קיין בערלין, ווו משה מענדעלסאָן און זײַנע פֿרײַנד האָבן אים געהאָלפֿן קריגן וועלטלעכע בילדונג. 1772 באַקומען טיטל ד"ר־מעדיצין. פּראַקטיקירט אין ברעסלוי און מאָליעוו אויפֿן דנעפּער. געשריבן לידער אין דײַטש. מחבר פֿון Gedichte eines polnischen Juden. געטע האָט געשריבן אַ רעצענזיע וועגן בוך.

מאיר־רפֿאל סעגאַל האָט געשריבן קאָרעספּאָנדענציעס אין **המליץ**.

פֿאַר דער ערשטער וועלט־מילחמה האָבן דאָ געלעבט בײַ 300 ייִדן, אין 1923 — 194 און פֿאַרן חורבן אַרום 100.

*

דער גאַנצער היסטאָרישער קאַפּיטל פֿון סאַלאַט איז ניט קלאָר. די הויפּט־סיבה איז די גלײַך־קלינגעדיקייט פֿון די נעמען סאַלאַט — סאַלאַנט. אויך ענציקלאָפּעדיעס זײַנען מחולק אין ענין. הייסן הייסט עס, אַז ייִדן איז געווען פֿאַרווערט זיך צו באַזעצן אין סאַלאַט ביז 1882. טאָ ווי אַזוי האָט דאָרטן געקענט זײַן אַ רבֿ אין 1883? און ווי האָט דאָרטן געקענט געבאָרן ווערן אַ ייִד אַזש אין 1746? אָנגענומען, אַז דיביידע זאַכן זײַנען טעותדיק, טאָ ווי

---

1) לויט „דזשויִש ענסיקלאָפּידיאַ". לויט „יהדות ליטא", ג' — סאַלאַנט.

2) אַזוי לויט דזשויִש ענסיקלאָפּידיא, מיט רעזערוו. לויט דער ליטווישער ענציקלאָפּעדיע — געבאָרן אין סאַלאַנט.

דערקלערט זיך עס, אַז אין 1879/80 האָט דער אָרטיקער גלח געפֿירט אַ העצע, אַז מען זאָל ייִדן ניט פֿאַרדינגען קיין דירות? נאָך שווערער איז צו פֿאַרענטפֿערן אַן אַנדער פֿראַגע. סאַלאַטער ייִדן פֿלעגן אָנהייב 1920ער יאָרן קומען אויף גרעסערע מערק און יאַרידן אין נאָענטן פּאָסוואָל, צווישן זיי 60 און 65 יאָריקע, דאָס הייסט געבאָרענע אַרום 1855־1860 אין סאַלאַט? אפֿשר איז די גזירה „ביז 1882" געווען אַ קורץ־יאָריקע און פֿריִערדיקע יאָרן האָבן ייִדן יאָ געקענט לעבן אין סאַלאַט.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — יהדות ליטא, א׳, ג׳.
Jewish Encyclopedia, II., p. 643; VII., p. 57; Black Book

# סאַלאַנט

# SALANTAI

קרעטינגער קרײַז. אַ ייִדישער יישובֿ האָט זיך אָנגעהויבן אַרום אָנהייב אַכצנטן יאָרהונדערט. אין 1765 האָבן דאָ געלעבט 279 ייִדן, וואָס צאָלן קאָפּשטײַער, ד"ה, אַז די אַלגעמיינע צאָל ייִדישע נפֿשות (אַלטע, אָרעמע, קינדער ביז 10 יאָר זײַנען געווען באַפֿרײַט פֿון שטײַערן) איז געווען נאָענט צו 400.

אין 1831 האָט דער סאַלאַנטער גבֿיר ר׳ אליהו גוטקין געראַטעוועט 12 ייִדן פֿון דער תּליה. בעתן פּוילישן אויפֿשטאַנד פֿון יענעם יאָר האָבן די מורדים געכאַפּט 12 ייִדן „פֿאַרברעכערס" אין קורצאַן — דעמאָלט אַ קליינער ייִדישער יישובֿ — און זיי פֿאַרמישפּט צו הענגען. ר׳ אליהו איז אַוועקגעלאָפֿן אין סאַלאַנטער קלויסטער — געווען דאָרטן געפּאַקט, ווײַל עס איז געווען „סעקמינעס" (ליטוויש־קאַטוילישע חגא) — און גערופֿן דעם גלח ראַטעווען די ייִדן. דער גלח איז אַרויס בראש פֿון אַ גרויסער פּראָצעסיע צום תּליה־פּלאַץ און געראַטעוועט די פֿאַרמישפּטע.

סאַלאַנט איז געווען איינע פֿון די 19 ייִדישע קהילות, וואָס האָבן זיך אָפּגעזאָגט אויסצופֿירן דעם קייזערלעכן אוקאַז (באַפֿעל) פֿון 1843 צו פֿאַרלאָזן זייערע ווינערטער און זיך אַריבערקלײַבן אין 8 באַשטימטע גובערניעס אין רוסלאַנד, אויב זיי געפֿינען זיך ווייניקער פֿון 50 וויאָרסט פֿון די מערבֿ־גרענעצן.

אין 1847 האָבן געוווינט 990 ייִדן אין סאַלאַנט און אומגעגנט, 1880 אין סאַלאַנט — אַרום 300 ייִדישע מישפּחות. זיי האָבן יענעם יאָר געהאַט: 60 קראָמען, איין דאָקטער, איין פֿעלדשער, איין אַפּטייקער; איין וואַסערמיל, 20 פֿלאַקס־סוחרים, 15 שוסטערס, 7 שנײַדערס און אַנדערע בעלי־מלאכות.

ביז 1883 האָט זיך ייִדן געלעבט גאַנץ רויִק אין סאַלאַנט. יענעם יאָר האָט

פֿירשט באָגדאַן אָגינסקי אָפּגעקויפֿט די שטאָט און אין 1885 האָט ער געפֿאָדערט זײַנע נחלות, וואָס ייִדן האָבן הײַזער אויף זיי. ער האָט געטענהט, אַז די ייִדן צאָלן ניט קיין צינש. דער פסק־דין פֿון געריכט איז געווען: ייִדן דאַרפֿן צאָלן יערלעך 60 רובל פֿאַר יעדער הויז.

אין 1897 האָבן דאָ געלעבט 1106 ייִדן (אויף 2449 תּושבֿים), אין 1923 — 670 (אויף 8458 תּושבֿים) און פֿאַרן חורבן — בײַ 500. אין 1915 האָט סאַלאַנט דורכגעמאַכט דעם גירוש־ליטע.

די הויפּט־פּרנסות זײַנען געווען: קרעמערײַ, מיסחר, אַ סך מיט פֿלאַקס, און מלאכה. אַ קליינער טייל האָט צוגעשטוקע־ווועט צו חיונה אַ בײַשטוביקע ווירטשאַפֿט.

*

סאַלאַנט איז געווען מישפּחהדיק פֿאַרבונדן מיט ארץ־ישׂראל אַ לאַנגע צײַט פֿאַרן אויפֿקום פֿון חיבת־ציון, אַזש פֿון די 1840ער יאָרן. עדות זײַנען די מצבֿות אויף אַן אַלטן בית־עולם אין ירושלים:

יוסף זונדל בר׳ בנימין ביינוש מסלאנט, תּרכ״ו. (עלה ארצה תּקצ״ט, נפֿטר בן פּ״א).

רחל רבקה בר׳ צבֿי מסאלאנט, תּרט״ז (אשת הרה״ג ר׳ זונדל מסלאנט).

צביה בת ר׳ יוסף זונדל מסלאנט, תּרכ״א.

משה בר׳ יצחק אייזיק מסלאנט, תּרל״ג.

רחל [מסלנט] אשת ר׳ אשר משאד, תּרל״ה.

האָדע גיטע בת ר׳ יונה מסלאנט, תּרמ״ד

בנימין בינש בהרב ר׳ שמואל מסלאנט, תּר״ס.

מיטן אויפֿקום פֿון חיבת־ציון און ציוניזם האָט סאַלאַנט צוגעטראָגן איר חלק אין העלפֿן בויען ארץ־ישׂראל.

ר׳ ביינוש סאַלאַנט איז איינער פֿון די זיבן, וואָס האָבן אויפֿגעשטעלט „נחלת שבֿעה" אין ירושלים.

ר׳ זאבֿ־וואָלף בר׳ משה לעווינ־זאָן, געווען אַ באַקאַנטער דאָקטער אין זאַמעט. אויף דער בקשה פֿון די מנהיגים פֿון די פּרושים אין ירושלים צו זײַן דאָרטן אַ דאָקטער, איז ער עולה געווען 1846 און פּראַקטיקירט אין ירושלים ביז זײַן טויט אין 1873. זײַן אייניקל ר׳ יעקב־לייב סאַלאַנט איז געווען מו״צ אין ירושלימער פֿאָרשטאָט מזכּרת־משה. ר׳ יעקב־לייב איז דער מחבר פֿון **שארית יעקבֿ, שלטי הזהבֿ** א״אַ.

נחום יודעלעוויץ בר׳ שלמה, דאָ געבאָרן אין 1862, גרויסער עסקן און גבֿיר, איז געווען מורשה פֿון אַדעסער וַעד. האָט זיך באַטייליקט אין דער באַקאַנטער ציוניס־טישער אסיפֿה אין מינסק. דעלעגאַט צו ציוניסטישע קאָנגרעסן (7, 10, 11, 13). פֿון 1921 אין ריגע. 1933 עולה געווען קיין ארץ־ישׂראל. געשטאָרבן אין תּל־אָבֿיבֿ. שוואָגער פֿון טעלזער ראש־ישיבֿה ר׳ חיים ראַבינאָוויטש.

יעקבֿ בר׳ יחזקאל־מאיר בער־מאַן, דאָ געבאָרן 1878. האָט געלערנט אין טעלזער ישיבֿה, שפּעטער געווען לערער אין מעמל. איינער פֿון די פֿירנדיקע „מזרחי"־פּערזענלעכקייטן. רבֿ אין באַר־דיטשעוו. דעלעגאַט צו די ציוניסטישע קאָנגרעסן (12, 13, 14). געשריבן אַרטיק־

לען אין דער ייִדישער פּרעסע. בעל **תּורת המדינה בישׂראל** (ירושלים, תּש״ו).

דאָ קען מען נאָך צורעכענען הגאון ר׳ יוסף־זונדל סאַלאַנטער, עולה געווען 1837, און ר׳ נפֿתּלי אַמשטערדאַם, עולה געווען 1902. [פּרטים וועגן זיי אין קאַפּיטל „אָפּשטאַמיקע״].

אין רשימות[1] נעמען פֿון בײַשטײַערערס פֿאַר בניין ארץ־ישׂראל (**המליץ**, 1898, 1900) געפֿינען זיך אַ סך סאַלאַנטער. די מורשים: יום־טוב ליפּמאַן זיוו, ד. וואַזבוצקי.

אין אַ רשימה פֿון מיטגלידער אין דער חבֿרה צו שטיצן ייִדן ערד־אַרבעטערס אין סיריע און ארץ־ישׂראל אין 1896 זײַנען דאָ די ווײַטערדיקע סאַלאַנטער: יוסף אורדאַנג, חיים גיטקין, ליפּמאַן זיוו, בן־ציון כּהן, צבֿי כּהן, יהושע שאַרף, דוד און זלמן וואַזבוצקי.

עסקנים פֿון דער „אגודה״ זײַנען געווען: הרבֿ ר׳ מרדכי ראַבינאָוויץ, ר׳ צבֿי מושקאַט, ר׳ משה מילנער. אין אַ רשימה פֿון „אגודה״־בײַשטײַערערס אין 1913 זײַנען דאָ די סאַלאַנטער: נחום יאַנקעלעוויץ, יו״ט ליפּמאַן זיוו, נחמיה גיטקין, בענדעט זעגערמאַן, יחזקאל־מאיר בערמאַן, דובער זאַגען [?], נתן־יעקבֿ בערקאָוויץ, אַבֿרהם־מרדכי אלשא [?], צבֿי־הירש גרינקער, יצחק פּאַצינקע, עזריאל זאַקש, שמואל־דוד יאָסעלאָוויץ, אַבּא זילבער, שמואל ציז, משה פּלאָטניק, אַלטער דינעס, אלחנן זאַגענקאַן, מאיר גערב, זלמן טײַץ, משה פֿריטצל, יהודה־לייב היימאַן, שאול מאָוושאָוויץ, זלמן מלמד, יצחק־לייב יפֿה, דוד דאַווידאָוו, טוביה קאַנגיסער, שלמה ווײַנער, רפֿאל־צבֿי מאָוושאָוויץ, שלמה קאַפּלאַן.

**רבנים.** — ר׳ צבֿי־הירש בר׳ אַהרן ברוידא, פֿריִער רבֿ אין אַלסיאַד, שפּעטער לאַנגע יאָרן (אין 1780 איז ער דאָ שוין געווען רבֿ) דאָ אב״ד. שפּעטער אַ פּאָר צענדליק יאָר אין ירושלים, ווו ניפֿטר געוואָרן אין 1865. האָט 30 יאָר געלערנט שטייענדיק בײַם שטענדער און געבליבן אַ קראַנקער אויף די פֿיס. האָט געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף ר׳ ישׂראל סאַלאַנטער, וואָס איז געווען זײַן תּלמיד. ר׳ עקיבֿא איגר האָט זייער געהאַלטן פֿון אים. מען פֿלעגט אים רופֿן „ר׳ הערשל תּוספֿות״ אָדער „ר׳ הערשעלע סאַלאַנטער״. געווען אַ גרויסער עָניו און תּמים. אַלע ייִדן, אַפֿילו דעם פּשוטסטן, פֿלעגט ער באַטיטלען אין בריוו: „הגאון האמתּי״. אַ סאַלאַנטער ייִד האָט זיך געפֿילט געטראָפֿן, האָט ער ר׳ הירשן אָנגעפֿרעגט: רבי, היתּכן? האָט דער רבֿ געענטפֿערט מיט תּמימות: עס איז איצט אַזא מינהג, אַז יעדן ייִדן רופֿט מען „הגאון האמתּי״, וְהָא ראיה, צו **מיר** שרײַבן אויך אַלע אַזוי. זײַן ברודער ר׳ בנימין אב״ד גראָדנע און ברודער ר׳ אַריה־לייב אב״ד קאַלוואַריע. זײַן איידעם ר׳ שמואל אַביגדור תּוספאה, בעל **תּנא תּוספאה**, אב״ד קאַרלין־פּינסק. האָט הסכּמות אויף ש״ס סלאַוויטא, **הלכות רבֿ אַלפֿס** (ווילנא, 1839), **טורי אבֿן**

1) אַ ליסט פֿון סאַלאַנטער מנדבֿים פֿאַר הונגער־לײַדנדיקע ייִדן אין הונגעריאַר אין ליטע פֿון 1872 איז דאָ אין **המגיד** (1872: 17).

און **גבֿורות ארי** פֿון אַריה לייב אב״ד מיץ (ווילנא, 1835, 1862).

ר׳ יואל־יצחק קאַצענעלענבויגן בר׳ מרדכי, געבאָרן 1809. אויסער סאַלאַנט, רבֿ אין סיאַד, זועמער, סעמיאַטיץ, נאָווע־אַלעקסאַנדראָווסק (עזשערעני). איידעם פֿון ר׳ אַבֿרהם־אבא הורוויץ קעלמער. בעל **זרע יצחק**. ניפֿטר געוואָרן 1891.

ר׳ ישעיה בר׳ אליהו סאַלאַנטער. האָט געפֿירט אַ גרויסן קאַמף קעגן חסידות, צוזאַמען מיט ר׳ לייבעלע שאַפּיראָ, קאָוונער רבֿ, וואָס איז ניפֿטר געוואָרן אין 1853. ר׳ ישעיה האָט געקענט זײַן דאָ רבֿ אַרום אָנהייב מיטן נײַנצנטן יאָרהונדערט[2]. פֿריִער מו״צ אין קראָזש.

ר׳ הלל מילייקאָווסקי, געבאָרן 1819 אין ווילנע. פֿריִער רבֿ אין קרעווע און נאָך סאַלאַנט אין פּאָנעוועזש, שקלאָוו, כאַסלאַוויטש, מאַטיסלאַוו, ווו ער איז ניפֿטר געוואָרן כ״ג סיון, תּרנ״ט (1899). מען האָט אים גערופֿן אויך ר׳ הלל חריף און ר׳ הלל סאַלאַנטער — אַ סימן, אַז אין סאַלאַנט איז ער געווען רב אַ לענגערע צײַט. זײַן פֿאָטער ר׳ צבֿי־הירש איז געווען שו״ב אין ווילנע. ר׳ הלל איז געווען זייער טעטיק אין פֿאַרטיידיקן פֿאַר דער רעגירונג די פּאָליטיש־רעכטלעכע אינטערעסן פֿון די ייִדן אין רוסלאַנד. 1885 האָט ער זיך באַטייליקט אין דער באַקאַנטער אספֿת הרבנים און 1894 איז ער געווען אַ מיטגליד אין רבנים־קאָמיטעט, וואָס די רוסישע רעגירונג האָט גערופֿן צו באַהאַנדלען דעם מצבֿ פֿון די רוסישע ייִדן.

ר׳ גבֿריאל פֿײַנבערג, געבאָרן 1825 אין באַלבירישאָק. רבֿ אין ווילקי (7 יאָר), סאַלאַנט (12 יאָר), סלאַבאָדקע, מעמל, ווו ניפטר געוואָרן אין 1905, בעל **באר רחובֿות** (בערלין, תּרנ״ג, געדרוקט מיטן **חושן משפּט**).

ר׳ יוסף בר׳ משה יפֿה, געבאָרן 1846 אין ווילקאָמיר. פֿריִער רבֿ אין סלאָנים, גאָרזד, פּאָקראָי. נאָך סאַלאַנט[3], פֿון 1893, רבֿ אין מאַנטשעסטער (ענגלאַנד), ווו ניפֿטר 1897. חיבורים: **יוסף באור** (ווילנא, תּרנ״א), **עלים לתּרופֿה, השׂכל והיצר** (מאנטשעסטער, תּרנ״ה), **אהבֿת ציון וירושלים** (ירושלים, תּש״ז).

ר׳ מאיר אַטלאַס בר׳ דוד, געבאָרן 1848 אין בייסעגאָלע. ר״מ טעלז, אב״ד ליבאַווע, סאַלאַנט (ביז 1899), קאָבֿ־רין, שאַוול, ווו ניפֿטר געוואָרן י״ב שבֿט תּרפ״ו. איידעם פֿון ר׳ לייזער גאָרדאָן, אב״ד טעלז, און שווער פֿון ר׳ אלחנן וואַסערמאַן, ר״מ אין בריסק און באַראַ־נאָוויטש.

2) ער ווערט דערמאָנט ווי סאַלאַנטער רבֿ אין „דזשויִש ענסיקלאָפּעדיאַ״, יזכּור־בוך סואוואַלק און בײַ יהודה־ליב מימון. אַזוי אויך „יהדות ליטא, ג׳ (ע׳ 354), כאָטש אין איר רשימה פֿון סאַלאַנטער רבנים איז דער נאָמען פֿון ר׳ ישעיהן אויסגעלאָזן — מסתּמא אַ טעות הדפֿוס.

3) זע: סאַלאַט.

ר׳ אַבֿרהם־אַהרן בורשטיין בר׳ יהושע בלומענטאַל, געבאָרן 1867 אין קאַמעניץ דליטא. 1891־1892 רבֿ אין ציטעוויאַן, 1893־1897 אין ריטעווע, אַניקשט, סאַלאַנט (פֿון 1900), שאַדעווע, טאַוריק. אין ערשטן וועלטקריג ר״מ אין רוסלאַנד — ר״מ אין באָגאָראָדסקער ישיבה און אונטער די סאָוועטן רב אין טשערקאַס. אין 1919 זיך אומגעקערט צו זײַן רבנות אין טאַוריק. 1924 געוואָרן ר״מ אין הרב א.י. קוקס „מרכּז הרבֿ״ אין ירושלים, ווו ער איז ניפֿטר געוואָרן ט׳ כּסלו, תּרפ״ו. בעל **נר אַהרן** (ירושלים, תּ״ש).

ר׳ מרדכי־יצחק־אײַזיק ראַבי־נאָוויץ, געבאָרן 1856 אין נײַ־זאַגער, פֿריִער רבֿ אין ליגעם (אין דער הקדמה פֿון זײַן **דעת מרדכי** ווערט געזאָגט, אַז ער איז געווען 33 יאָר אין ליגעם), 1902־1916 אין סאַלאַנט, און פֿון 1917 אין מעמל, ווו ניפֿטר געוואָרן סיוון 1920. זײַן זון ר׳ אליעזר־יהודה, אב״ד מעמל, בעל **עין יהודה**. אומגעקומען 1941 אין קיידאַן, הי״ד. ר׳ מרדכי איז אור־אייניקל פֿון ר׳ מרדכי אב״ד בויסק, בעל **גדולת מרדכי**. חיבורים: **שמן למנחה** (ווילנא, תּרע״ב), **תּמר דבֿורה** (ריגא, תּרפ״ד), **דעת מרדכי** (קיידאַן, תּרצ״ט; ח״ב ירושלים, תּש״ט. דאָרטן דאָ זײַן פּולע ביאָגראַפֿיע). אין זײַנע צײַטן האָבן סאַלאַנטער ייִדן, משמעות, געהאַט צרות פֿון אַרומיקע פּויערים. אין אַ שאלה אין **דעת מרדכי** (ע׳ 172) לייענען מיר „אנשים רָעים הדָרים בכּפֿרים הסמו־כים לסלאַנט גונבֿים את האִלנות מביה״ק [מבית־הקבֿרות] הישן וכּורתים אותם לעצמם.״

ר׳ משה־יונה ווינער, הי״ד; ר׳ דובער־הירש [ר׳ מאיר־צבֿי?] קאַלף, געבאָרן 1884, הי״ד.

ר׳ יהושע־העשל בר׳ גרשון איז דאָ, געווען ש״ץ ושו״ב אין דער צײַט פֿון ר׳ צבֿי־הירש ברוידא. אין דער צײַט איז דאָ געווען שו״ב הצדיק ר׳ דוד בר אַהרן הכּהן, בָקי אין גאַנץ אַלפֿס און שלחן־ערוך. פֿלעגט זאָגן אַ שיעור אין חבֿרה „אַלפֿס״ פֿאַר די גרעסטע לומדים. מען האָט אים גערופֿן דער „קליינער אלפֿס״. אויף זײַן „חוקי החבֿרה כּנסת ישׂראל״ דאָ אַ הסכּמה פֿון ר׳ שמואל סאַלאַנטער.

מ. קאַזלאָווסקי, מחבר פֿון **נצחיות הנפֿש** (ווילנא, תּרפ״ד), האָט אַ שײַכות מיט סאַלאַנט.

צווישן 1835 און 1895 זײַנען געווען 109 סאַלאַנטער פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

**אָפּשטאַמיקע.** — „הרבֿ החכם המפֿואר״ ר׳ יהודה־אָשר בר׳ מנחם גינצ־בורג, געבאָרן 1765. פֿאָטער פֿון מרדכי־אַהרן גינצבורג. פֿון די באַוווּסטע משׂכּילים אין ווילנע און העברעיִשער שרײַבער. געלאָזן אין כּתבֿ־יד אַ חיבור וועגן דיקדוק און אַלגעברע. געשטאָרבן 1823.

ר׳ יוסף־זונדל סאַלאַנטער, דאָ געבאָרן אין 1786. פֿון די גרונטלייגערס פֿון

דער מוסר־שיטה, רבי פֿון ר׳ ישׂראל סאַ־לאַנטער. ר׳ יוסף־זונדל איז געווען אַ תּלמיד פֿון ר׳ עקיבֿא איגר און ר׳ חיים וואָלאָזשינער. אַן אָפּשטאַמיקער פֿון ר׳ אורי־שרגא אַשכּנזי, וואָס איז עולה געווען קיין ירושלים אַרום תי״ג (1653). שווער פֿון ר׳ שמואל סאַלאַנטער. האָט זיך אָפּגעזאָגט פֿון רבנות. אויסער אַ פּאָר שעה אין האַנדל, זײַן גאַנצע צײַט אָפּגעגעבן צו לימוד־התּורה. געווען אָנגעטאָן אין די איינפֿאַכסטע מלבושים און זיך געפֿירט מיט אויסערגעווייינלעכער עניוות. וועגן זײַן דאָזיקער מידה זײַנען אַרומגעגאַנגען אַ סך מעשׂיות, איינע פֿון זיי:

ער איז איין מאָל געקומען צום ווילנער גבֿיר ר׳ גרשון אַמשטערדאַם, אים אָפּגעבן עפּעס אַ פּעקל פֿון אַ סאַלאַנטער. אַזוי ווי ער איז געגאַנגען אָנגעטאָן אין איינפֿאַכע בגדים, האָט דער גבֿיר אים אָנגענומען פֿאַר אַ בעל־עגלה און אים געגעבן שׂכר־טירחה און אַ כּוס יי״ש. אויף דער פֿראַגע פֿון ר׳ גרשונען: קענסטו ר׳ יוסף־זונדלען? איז דער ענטפֿער געווען זייער געמעקעט. האָט דער גבֿיר פֿאַרשטאַנען, אַז דער „בעל־עגלה״ איז ר׳ יוסף־זונדל אַליין.

1838 איז ר׳ יוסף־זונדל עולה געווען קיין ירושלים, ווו ער איז געווען מורה־הוראה 3 יאָר, דערנאָך עס איבערגעגעבן זײַן איידעם ר׳ שמואל סאַלאַנט. ער האָט געהאָלפֿן גרינדן חבֿרות און מוסדות, צווישן זיי דאָס אויסברייטערן דעם בניין בית־כּנסת „די חורבֿה״. ער האָט געלעבט אין אַ פֿינצטער צימער, די טיר איז געווען דאָס פֿענצטער, אין הויף פֿון דער „חורבֿה״. זיך מתפּרנס געווען פֿון מאַכן עסיג, זיך באַגנוגנט מיט אַ קבֿ של חרובֿין, געפֿאַסט תּעניתים, געלערנט תּורה און מתפּלל געווען אויף גאולה שלימה.

פֿיל מענטשן פֿלעגן קומען צו אים יעדן טאָג — אַנדערע צו פֿרעגן אַ הלכה, אַנדערע בעטן אַן עצה אָדער אַ ברכה. ער פֿלעגט אויפֿנעמען יעדע שעה, יעדע מינוט, ווער עס האָט נאָר געוואָלט. פֿרײַנד פֿלעגן אים עצהנען: רבי, מאַכט אויפֿנעם־שעהן. פֿאַר זיי האָט ער געהאַט אַ גרייטן ענטפֿער: ער לערנט פֿון רבונו־של עולם, וואָס מיר זאָגן אויף אים: „שאתּה מפּרנס אותנו תּמיד בכל עת ובֿכל שעה״. ניפֿטר געוואָרן ג׳ חשוון, תּרכ״ו. זײַן זון ר׳ יהודה־אַריה־לייב און זײַנע צוויי טעכטער האָבן אַלע חתונה געהאַט אין סאַלאַנט און דאָרטן געלעבט מיט זייערע מישפּחות.

ר׳ אורי סג״ל, תּלמיד פֿון ר׳ יוסף־זונדל. ס׳איז דאָ ר׳ יוסף־זונדלס אַ בריוו „לתּלמידי ר׳ אורי סג״ל מסאַלאַנד באיישישאָק.״

ר׳ יוסף־משה אַהרנזאָן איז דאָ געבוירן 1805. ער איז מערערע יאָרן געווען מ״ץ ומ״מ אין מיר, דערנאָך אין זעלווע „ומשם נתקבל לרבֿ ומורה בק״ק ראַצקע״, לאַזדיי, ווישטינעץ. 1862 איז ער געוואָרן רבֿ אין „עדת ישורון״, ניו־יאָרק, מיט אים איז פֿאַרבונדן אַ גרויסע מחלוקת וועגן דער כּשרות פֿון געשטאָכענע קעלבער (אָפּצאַפּן אַ גרויסן טייל בלוט דורך אַן אָדער פֿון האַלדז). ער איז בכלל געווען אַ קעמפֿער פֿאַר אַלץ, וואָס ער האָט געהאַלטן

פֿאַר הייליק. ער האָט געפֿירט אַ גרויסע מחלוקת קעגן ניו־יאָרקער רב פֿון בית־המדרש הגדול ר׳ אַבֿרהם־יוסף אַש צוליב זײַן אײַנגעפֿירטן נוסח הגט; קעגן די רבנים, וואָס האָבן געגעבן אַ הכשר אויפֿן ווײַן אין קאַליפֿאָרניע; קעגן די שליחים פֿון ישיבֿה „עץ חיים״ אין ירושלים. ס׳איז אים גע־וואָרן ענג אין נ״י און ער האָט זיך געלאָזן אין וועג קיין א״י. ער איז אָבער ניפֿטר געוואָרן אין מיטן וועג, אין שיקאַגאָ, כ״ה אלול תּרל״ה (1875). חיבורים: **פרדס החכמה** (סדילקאָבֿ, תּקצ״ו), **פרדס הבינה** אמשטרדם, 1842 [1856], **מטעי משה** (ירושלים, תּרל״ה).

אפֿרים כּהן, געבאָרן 1829. 1858 געענדיקט ווילנער ראַבינער־סעמינאַר. אין יענעם יאָר איז ער באַשטימט געוואָרן פֿאַרן „אינספּעקטאָר פֿון באַזונדערע אָנגעלעגנ־הייטן פֿון ייִדן.״ ער איז אויך גערופֿן געוואָרן פֿון דער רוסישער רעגירונג זיך צו באַטייליקן אין פּעטערבורגער רבנים־קאָמיסיע.

ר׳ נפֿתּלי אַמשטערדאַם, איינער פֿון די בעסטע תּלמידים פֿון ר׳ יוסף־זונדל סאַלאַנטער און ר׳ ישׂראל סאַלאַנטער, דאָ געבאָרן אין 1832. 1867 געוואָרן רבֿ אין העלסינגפֿאָרס. פֿון 1876 מו״צ און סגן צו ר׳ יצחק בלאַזער אין פּעטערבורג, שפּעטער רבֿ אין יאַסווען און אַלעקסאָט. פֿאַרלאָזן זײַן רבנות און זיך באַזעצט אין קאָוונע און געלעבט פֿון זײַן ווײַבס בעקערײַ. 1902 עולה געווען קיין ירושלים, ווו געווען טעטיק אין פֿאַרשפּרייטן די מוסר־שיטה. דאָ זײַנע אַ תּשובֿה צין ר׳ יצחק בלאַזערס **פּרי יצחק** (ווילנא, תּרמ״א, דף צ״א). ניפֿטר 1916 אין ירושלים.

ר׳ אַבֿרהם־אַריה־לייב, זון פֿון ר׳ ישׂראל סאַלאַנטער, דאָ געבאָרן אַרום 1839, אב״ד ברעזנא. איידעם פֿון ר׳ יום־טובֿ־ליפּמאַן היילפּערין, אב״ד ביאַליסטאָק.

ר׳ אלחנן כּהן (חנן סאַלאַנטער) איז געווען פֿאָרשטייער אין פּעטערבורג פֿון ר׳ ישׂראל סאַלאַנטער און ר׳ אלינקע קרעטינגער, כּדי איבערצוגעבן זיי יעדע וויכטיקע ידיעה וועגן ייִדן. לשם זה האָבן זיי 1858 אים אויפֿגעעפֿנט אַ געשעפֿט פֿון טײַערע אַרטיקלען, בכדי צוצוציִען שׂררות און זיך דערוויסן פֿון זיי וואָס מערער פּלענער פֿון דער רוסישער רעגירונג וועגן ייִדישע ענינים. געשטאָרבן אין 1879.

ד״ר ליפּמאַן ליפּקין, זון פֿון ר׳ ישׂראל סאַלאַנטער, דאָ געבאָרן 1846. געענדיקט די אוניווערסיטעטן אין יענאַ און פּעטערבורג, באַוווּסטער מאַטעמאַטיקער. געשטאָרבן 1876 אין פּעטערבורג.

ר׳ צבֿי הירשבערג, שו״ב אין מיטאַווע, ווו ניפֿטר געוואָרן אין 1857; דובער מאַנישעוויץ, 1858־1914. פֿאַבריקאַנט פֿון די באַרימטע מצות אין אַמעריקע.

לואי לוריע, געבאָרן 1887. פֿון 1917 אין באָסטאָן. פּסיכיאַטער. דאָצענט פֿון פּסיכאָלאָגיע אין סינסינעטי־אוניווער־סיטעט. מיטרעדאַקטער פֿון אַן אַמעריקאַנער זשורנאַל פֿאַר פּסיכאָלאָגיע.

וויליאַם ל. לאורענס, איינער פֿון די מיטאויסגעפֿינערס פֿון דער אַטאָם־באָמבע, איז דאָ געבאָרן געוואָרן 1888. 1905 פֿאַרלאָזן סאַלאַנט. זײַן ייִדישער

נאָמען איז: יהודה־לייב־וואָלף זיוו זײַן פֿאָטער האָט געהאַט אַן אַפּטייק אין שטאָט. איינער אַ זיוו — מסתּמא פֿון דער זעל־ביקער מישפּחה — איז געווען אַקטיוו אין חיבת־ציון און געשריבן קאָרעספּאָנ־דענציעס אין המליץ.

ר׳ ישׂראל סאַלאַנטער און ר׳ שמואל סאַלאַנט זײַנען ניט קיין אָפּשטאַ־מיקע פֿון סאַלאַנט, אָבער עס וואָלט ניט געווען יושרדיק, אַז מען זאָל ניט זאָגן עטלעכע ווערטער וועגן די צוויי גאונים, ווען עס רעדט זיך וועגן דער שטאָט, וואָס זיי טראָגן איר נאָמען און האָבן דאָרטן יאָרן געלעבט.

ר׳ ישׂראל סאַלאַנטער איז גע־באָרן געוואָרן ו׳ חשוון, תּקע״א (1810) אין זאַגער. ער איז דער באַשאַפֿער פֿון דער מוסר־שיטה, וואָס האָט געלייגט איר חותם אויפֿן תּורהדיקן ייִדנטום אין ליטע און ווײַט־ווייט אויסער אירע גרענעצן. נאָך זײַן חתונה מיט אסתּר־פֿייגע, טאָכטער פֿון ר׳ יעקבֿ אײַזענשטיין, אין סאַלאַנט, האָט ר׳ ישׂראל געלעבט אַ ריי יאָרן אין שטעטל. ער איז געווען איינער פֿון אַ חבֿרה גרויסע לומדים אין סאַלאַנט, וואָס האָבן געלערנט אין הויז פֿון אַ גבֿיר, וואָס האָט זיי אַלעמען אויסגעהאַלטן און באַזאָרגט מיט אַלעם נייטיקן.[4] ר׳ ישׂראלס פֿאַמיליע־נאָמען איז ליפּקין. 1840 איז ער געוואָרן ר״מ אין ר׳ מײַלעס ישיבֿה אין ווילנע. 1849 האָט ער אויפֿגעשטעלט אַ ישיבֿה אין קאָוונע, וואָס איז געוואָרן דער צענטער פֿון דער מוסר־באַוועגונג.

סײַ וועגן ר׳ ישׂראל סאַלאַנטער און סײַ וועגן זײַן שיטה איז דאָ אַ רײַכע ליטעראַטור. געווען רבנים, וואָס זײַנען שאַרף ארויסגעטראָטן קעגן ר׳ ישׂראלס מוסר־שיטה, ווײַל דאָס איז געווען קעגן דעם דורותדיק־טראַדיציאָנעלן דרך־הלימוד אין די ישיבות. אינטערעסאַנט, אַז אויך אַבֿרהם מאַפּו האָט שטאַרק קריטיקירט ר׳ ישׂראלס שיטה אין זײַן ראָמאַן **עיט צבֿוע**, און ניט קיין אַנדערער ווי משה־לייב ליליענבלום איז אַרויסגעטראָטן קעגן מאַפּון, אַרויסהייבנדיק די הייך־מאָראַלישע פּערזענלעכקייט פֿון ר׳ ישׂראל און זײַן הייך־עטישע שיטה.

וועגן ר׳ ישׂראל סאַלאַנטער ווערט דערציילט די באַקאַנטע מעשׂה: אין 1849 איז אויסגעבראָכן אַ גרויסע כאָלערע־עפּידעמיע אין ווילנע. עס זײַנען געווען אַ סך ייִדישע קרבנות. צו שחרית יום־כּיפּור איז ער אַרויף אויף דער בימה אין דער גרויסער ווילנער שול און האָט אַלעמען מתּיר געווען צו עסן. פֿאַר אַלעמען אין די אויגן האָט ער געגעסן אַ בולקע און געמאַכט קידוש אויף ווײַן. צוזאַמען מיט אים זײַנען געשטאַנען אויף דער בימה צוויי מורי־הוראה. פֿאַראַן וועגן דעם זייער אַ שיינע דערציילונג פֿון דוד פֿרישמאַן.

ר׳ ישׂראל איז ניפֿטר געוואָרן כ״ה שבֿט, תּרמ״ג אין קיניגסבערג, זײַן

4) אויסער ר׳ ישׂראלן, זײַנען געווען אין דער חבֿרה: ר׳ זונדל סאַלאַנט, ר׳ שמואל סאַלאַנט, ר׳ משה־יצחק (שפּעטער אב״ד פּאָנעוועזש, פּלונגיאַן א״אַ), ר׳ משה צייטלין (שפּעטער אב״ד ראַסיין), ר׳ אלכּסנדר־משה לפּידות (שפּעטער אב״ד יאַנעווע, ראַסיין), ר׳ דובֿ־בער ליפּשיץ (שפּעטער אב״ד סרעדניק).

פרוי — 1871 אין ווילנע. חיבורים: **אמרי בינה** (וואַרשא, תרל״ח), **עץ פרי** (ווילנא, תרמ״א), **אבן ישראל** (וואַרשא, תרמ״ג), **אגרת המוסר** (קעניגסבערג), **אור ישראל** (ווילנא, תר״ס). אַ סך חידושי־תורה זײַנע געפינען זיך אין **קהלת יצחק**, יצחק בר׳ ניסן (ווילנא, תר״ס, ע׳ 8, 24, 54, 80, 81, 84, 118, 182), עטלעכע חידושים אין **פרי הארץ**, אַברהם ביק (פרעסבורג, תר״ן), אַ ביסל חידושים אין **כנסת ישראל** (וויליאַמפּאָלע, אדר תרצ״ח) הסכמות: אויף **הגדה** פון יצחק דאַנציג (וואַרשא, תר״ל) און אויף **הלכות רב אלפס**. הספדים: **כבוד ישראל**, דוד־שלמה סלוסטש (וואַרשא, תרמ״ג), **הלל וזמרה**, אהרן־אליעזר קלי־ניצקי (ווארשא, תרמ״ה), **יורה ומלקוש**, יוסף־חיים קרא (ווילנא, 1894).

אויך ר׳ שמואל סאַלאַנט איז ניט קיין אָפּשטאַמיקער פון סאַלאַנט. ער איז געבאָרן געוואָרן 1816 אין ביאַליסטאָק. נאָך זײַן חתונה מיט דער טאָכטער פון ר׳ יוסף־זונדל, האָט ער עטלעכע יאָר געלעבט אין סאַלאַנט. ער איז אויך געווען איינער פון דער גרופּע גרויסע לומדים, וואָס האָבן געלערנט און געלעבט אויף דער סאַלקע, וואָס דער גביר ר׳ אליה ר׳ נחמיהס האָט אָפּגעגעבן. 1841 איז ער מיט .זײַן פרוי עולה געווען קיין ירושלים, ווו ער איז אויסגעקליבן געוואָרן פון דער אַשכּנזישער קהילה. ניפטר כ״א אָב, תרל״ט.

**שרײַבערס.** — בער פאַלקענ־סאָן, דאָ געבאָרן 1746[5]. תּחילת געווען אַ סוחר אין ליטע און פּרײַסן, שפּעטער זיך באַפרײַנדט מיט פּראָפעסאָרן פון קעניגסבערגער אוניווערסיטעט און מיט משה מענדעלסאָן און זײַנע פרײַנד אין בערלין, ווו ער האָט 1772 געענדיקט אויף מעדיצין. פּראַקטיקירט אין מאָהילעוו, פּעטערבורג און האָזענפּוט, ווו געשטאָרבן אין 1781. נאָך זײַענדיק אין קעניגסבערג האָט ער אָנגעהויבן שרײַבן לידער אין דײַטש. 1772 איז אַרויס זײַן בוך לידער Gedichte eines polnischen Juden (Leipzig).

מרדכי־אַהרן גינצבורג, דאָ גע־באָרן 1795. פאָטער פון דער נײַער העברעיִשער פּראָזע. פון 1835 געלעבט אין ווילנע. דאָרטן געגרינדעט, מיט שלמה־זלמן זאַלקינד, איינעם פון די ערשטע בתּי־ספר לילדי ישראל „על־פי יסודי החִנוך המתוקן״. כאָטש אַליין אַ משׂכּיל, איז ער אַרויס קעגן דער שיטה פון ד״ר מ. ליליענ־טאַל, דעם רעפּרעזענטאַנט פון דער רוסי־שער רעגירונג, אין די ייִדישע שולן. געשטאָרבן 1846.[6] אד״ם הכּהן לעבענזאָהן, אין **קינת סופרים** (ווילנא, תר״ז), האָט געגעבן די הספּד־רעדעס אויף גינצבורגס לוויה. ער גיט צו, אַז גינצבורג „לא נספד כּהלכה״ און אַז מען האָט אים ניט אָפּגע־געבן דעם געהעריקן לעצטן כּבוד.

אין **קול שלמה**, שלמה־זלמן זאַל־קינד (ווילנא, תרי״ט) איז דאָ „קינה על מות

5) זע: סאַלאַט.

6) אין „קורות הספרות העברית החדשה״, ב׳, פון ד״ר נ. סלושץ (ורשה, תרס״ה, ע׳ 107), ווערט אָנגעגעבן בטעות, אַז גינצבורג איז געבאָרן געוואָרן אין ווילנע.

רמ״א גינצבורג״. אַ שיר אויף זײַן טויט פֿון מרדכי נאַטאַנזאָן געפֿינט זיך אין גינצבורגס **ימי הדור** (ווילנא, תּרכ״א). אין **המוריה** (וואַרשא, תרל״ח) איז דאָ „סוניט אל המחבר״ פֿון י״ה סבר״י [יהושע העשיל סירקין בר״י]. בוקי בן יגליס **שירת הזמיר** (וואַרשא, תּרנ״ה) איז „לזכר נשמת מורנו הגדול בשׂפת עבֿר מרדכי־אַהרן גינצבורג.״ אַ שיר לכבֿוד מ.א. גינצבורג איז געדרוקט אין ש.ז. זאַלקינדס **שמע שלמה** (ווילנא, תּרכ״ו). חיבורים און תרגומים: **גלות הארץ החדשה** (ווילנא, תּקפ״ג. די צווייטע אויפֿלאַגע: **מסע כריסטאף קאָלאָמבוס** או **גלות הארץ החדשה**. וואַרשא, תּרמ״ד), **קרית ספֿר** (ווילנא, תּקצ״ה), **תּולדות בני האדם** (דאָרטן), **המלאכות אל קיוס קאַלו־גולה** (ווילנא, תּקצ״ז), **עתּותי רוסיא** (ווילנא, תּקצ״ט) **הצרפֿתּים ברוסיא** (ווילנא, תּר״ג), **מגיד אמת** (ליפּסיא, 1843). געחתמעט: יונה בן אמתּי. קעגן ד״ר מ. ליליענטאַל), **דבֿיר** (ווילנא, תּר״ד), **פּי החרות** (ווילנא, תּר״ו), **חמת דמשק** (קעֶניגסבערג, 1860), **ימי הדור** (ווילנא, תּרכ״א), **אביעזר** (ווילנא, תּרכ״ד), **תּקון לבן הארמי** (ווילנא, תּרכ״ד), **המוריה** (וואַרשא, תּרל״ח), **כּתבֿים נבחרים** (וואַרשא, תּרע״א, מיט אַרײַנפֿיר פֿון יעקבֿ פֿיכמאַן).

שאול הורוויץ, משׂכּיל און שרײַבער. אייניקל פֿון ר׳ שאול קאַצענעלענבויגן פֿון ווילנע און ברודער־זון פֿון ר׳ לייב קאַצענעלענבויגן פֿון בריסק. געווען פֿופֿצן יאָר אַדוואָקאַט. אין זײַן בוך **מײַמאָנידאַ** (רוסיש) באַהאַנדלט ער דעם רמב״מס „הלכות גזלה ואבדה״ און קלערט אויף וועלכע הלכות פּאַסן זיך מיט די געזעצן פֿון רוסישן קאָדעקס און וועלכע ניט. געשטאָרבן 1827.

אלעזר שולמאַן, געבאָרן 1837. תּחילת געשריבן סיפּורים אין **השחר, האסיף, המליץ**. באַאַרבעט און אַרויסגעגעבן וויקטאָר הוגאָס **האובדים והנדחים** (אדעססא, תּרכ״ז). שפּעטער פֿאַרעפֿנטלעכט זײַנע וויסנשאַפֿטלעכע מאָנאָגראַפֿיעס **תּולדות אַנשי השם**, גדולי סופֿרי גרמניה וילידי ישׂראל: וועגן היינע (ווינא, תּרל״ו) און בערנע (ברדיטשובֿ, תּרנ״ג). ער איז דער ערשטער אין העברעיִש, וואָס האָט זיך פֿאַרנומען מיט פֿאָרשן ייִדיש און ייִדישע ליטעראַטור, ווי דאָס איז צו זען פֿון זײַן וויכטיק בוך **שׂפֿת יהודית אַשכּנזית וספֿרותה** (ריגה, תּרע״ג). געשטאָרבן 1904 אין קיִעוו, ווו ער האָט געלעבט אַ לעבן.

יוסף־חיים יפֿה, געבאָרן 1865. פֿון 1892 אין ניו־יאָרק. געדרוקט לידער אין די ניו־יאָרקער ייִדישע צײַטונגען און צײַטשריפֿטן, אויך אין **יוד** (וואַרשא־קראָקע) א״אַ. מחבר פֿון **ליעדער** (נ״י, 1914) און **געזאַנגען** (נ״י, 1936). געשטאָרבן 1938 אין בראָנקס (נ״י).

יצחק מירקין, געבאָרן 1871. פֿון 1913 אין פּתח־תּקוה, דערנאָך אין ירושלים. לערער פֿון תּלמוד, פּסיכאָלאָגיע און פּעדאַגאָגיק אין מזרחי־סעמינאַר פֿון ירושלים. פֿאַרעפֿנטלעכט לידער, מאמרים וועגן חינוך־ענײַנים און דענקערישע

אַרבעטן אין העברעיִש און דײַטש (1901 געענדיקט דעם פֿילאָסאָפֿישן פֿאַקולטעט אין בערן). אויטאָר פֿון דער לידער־זאַמלונג **חזיונות ושעיפים** (יפֿו, תּרע״ז), **תּולדות החינוך וההוראה** (תּרפּ״ד), **פּסיכולוגיה בכיוון פּדגוגי** (תּרפּ״ט). געשטאָרבן 1941 אין ירושלים.

קאָרעספּאָנדענטן. — **המליץ:** מרדכי בר׳ ראובֿן הורוויץ, אליעזר זיגער; **הצפֿירה:** ח.ב. באלקינד, יום־טובֿ ליפּמאַן זיוו (און **המליץ**). רבֿקה עלקין (**יודישעס פֿאָלקס־בלאַט**, פּעטערבורג, 1882).

**ניכבדים.** — ר׳ אַלכּסנדר־סענדר בר׳ צבֿי בסאַלאַנט איז 1783 געווען פּרנס הגליל. אַזוי איז געשריבן אין אַ בריוו פֿון ר׳ מרדכי־יצחק־אײַזיק ראַבינאָוויץ, אב״ד סאַלאַנט, צו ר׳ צבֿי־יחזקאל מיכל־זאָהן, אב״ד פּלאָנסק, דאַטירט ח׳ אלול תּרע״ג, סלאַנט. אין אַן אַנדער בריוו, פֿון כ״ד תּשרי, תּקמ״ג [1782], געשריבן צום זעלביקן אַלכּסנדר סענדר און זײַן זון צבֿי־הירש, איז דאָ אַ שאלה וויפֿל אתרוגים ער האָט באַקומען. אין בריוו איז אויך דאָ אַ מעשׂה מיט „הגאון הגדול המפֿורסם מו׳ צבֿי הירש״ [בר׳ אַהרן ברוידא], וואָס האָט זיך אָפּגעזאָגט פֿון רבנות אין מעמל.

ר׳ לייב סיניִער, גבֿיר און נדבֿן, געהאָלפֿן אַרויסגעבן מרדכי־אַהרן גינצבורגס **דבֿיר** (וואַרשאָ, תּרמ״ד). אין גינצבורגס **קרית־ספֿר** (ווילנא, תּקצ״ה) געפֿינען זיך 11 בריוו פֿון „הר״ר יב״א סיניער״ פֿון סאַלאַנט — מסתּמא איז דאָס דער זעלביקער.

ר׳ פֿאַלק, נאמן העדה אין 1830; ר׳ יעקבֿ אײַזענשטיין, שוועבר פֿון ר׳ ישׂראל סאַלאַנטער; ר׳ בנימין־ביינוש, פֿאָטער פֿון ר׳ יוסף־זונדל סאַלאַנטער, האָט אַרויסגעגעבן פֿון כּתבֿ־יד דעם **חדושי הר״ן** אויף **ראש השנה**; ר׳ בצלאל שאַטייקער, שוועבר פֿון ווילנער ניכבד ר׳ אליהו שטראַשון; ר׳ מאיר סג״ל און ר׳ חיים שור —ביידע מלמדים פֿון מ.א. גינצבורג; זיוו, אַפּטייקער, פֿאָטער פֿון וויליאם לאָורענס.

ר׳ שלמה יודעלעוויטש, אין 1888 האָט ער געלאָזט רעמאָנטירן דעם בית־מדרש אויף זײַן חשבון; ר׳ אליה ר׳ נחמיהס, למדן און גבֿיר. האָט אָפּגעגעבן די סאַלקע פֿון זײַן הויז פֿאַר אַ גרופּע לומדים אין זײַן שטאָט (**פּרטים — זע אויבן**).

ר׳ נתן פֿרידלאַנד, משולח לייִשובֿ ארץ־ישׂראל פֿון הרבֿ ר׳ צבֿי־קאַלישער און הרבֿ ר׳ אליהו גוטמאַכער, האָט אַ געוויסע צײַט דאָ געלעבט אין הויז פֿון ר׳ יוסף־זונדל.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המגיד, 1872: 17; 1876: 23; ש״י פֿין, שׂפֿה לנאמנים. ווילנא, תּרמ״א, ע׳ 148, 158; יעקבֿ בכרך, המסע לארץ הקדושה. וואַרשא, תּרמ״ה, ע׳ 102; הצפֿירה, 1887: 227, 286; המליץ, 1887: 219 י. גורלאנד, כּבוד הבית. ווילנא, תּרמ״ח, ע׳ 59.

רשימת חבֿרים לתּמיכת בני ישׂראל. אָדעססאַ, 1896; „ר׳ מרדכי־אַהרן גינצבורג״. פּעטער־בורג, תּרנ״ז (אָפּדרוק); המליץ, 1898: 17, 246, 280; 1900: 104; אחיאסף, תּרנ״ח, ע׳ 342; תּר״ס, ע׳ 83; א. אפֿרתי, דור ודור ודורשיו. ווילנא, תּרמ״ט, ע׳ 61; י.ה. סינגער, זכּרון בספֿר. ווילנא, 1900, ע׳ 10.

ד. בונימאָוויטש, מכתּב מאליהו. ווילנא, תּרס״א, ע׳ 23, 26; ש. ראָזענפֿעלד, ר׳ ישׂראל סאַלאַנ־טער, וואַרשא, 1910; ז. רייזען, פֿון מענדעלסאָן ביז

מענדעלע, ווילנע, 1913 (פֿון זייט 209); הדרך פ״פ א/מ, תרע״ג; פנקס ייִוואָ. ווילנע 1927/28, ז׳ 47; א. ריבלין, הצדיק ר׳ יוסף זונדל ורבותיו. ירושלים, תרפ״ז.

ברוך עפשטיין, מקור ברוך, ב׳. ווילנא, תרפ״ח, ע׳ 1012; א.ל. פֿרומקין, תולדות חכמי ירושלים, ג׳. ירושלים, תרפ״ט. ע׳ 220, 264; אידישע שטימע, 1934: 4844; ספֿר האישים, ת״א, תרצ״ז, ע׳ 114; ע.מ. ברודא, משפחת ברודא. ורשה, תרצ״ח. ע׳ 32; מרדכי יצחק אייזיק ראַבינאָוויץ, דעת מרדכי, קיידאַן, תרצ״ט, הקדמה.

אידישע שטימע, 1939: 38, 6187; ליטוויש־ער איד, נ״י, 1946: 7/8; ש. ראָזענפֿעלד, געקליבענע שריפֿטן. נ״י, 1947, ז׳ 88; בית־הכנסת, ת״א, תש״ח, גל׳ ב׳; י.ל. מימון, למען ציון לא אחשה, א׳. ירושלים, תשי״ד, ע׳ 34 ועוד; כרך ב׳, ע׳ 185־196; סיני, תשי״ז, אָב, ע׳ רע״ד.

דבֿ כץ, תנועת המוסר. ירושלים, 1967־1970; משה־מנחם וואלדען, יכבד אָב. ירושלים, תשכ״ח, ע׳ 56־57 (פֿאַטאָסטאַט); י.ד. קמזון, יהדות ליטא; ספֿר הפרענומעראַנטן, 5538; יזכור־בוך סוא־וואַלק, ז׳ 181, 187; קריה נאמנה, ע׳ 261; בן־ציון אייזענשטאַדט, דורות האחרונים, ע׳ 50, 221.

ג. קרסל, 1, 2; לעקסיקאָן 4, 8; תולדות ישיבֿת היהודים בקורלאַנד, ע׳ 50, 68, 122; חלקת מחוקק, חוב׳ ג׳, ע׳ י״ב, כ״ב; מחברת ג׳, ע׳ כ״ב; חוב׳ ה׳, מחברת א׳; חוב׳ ה׳, מחברת ד׳, חוב׳ ט, מחברת ד׳; ד. תדהר, אנציקלופדיה לחלוצי הישובֿ, ע׳ 108, 213; 284, שם הגדולים החדש ע׳ 28; אוצר ישראל א׳, ע׳ 167; ה׳, ע׳ 213. יהדות ליטא, ג׳; מ. זאַלמאַנאָוויץ, זכרון הלל.

Lietuviškoji Enciklopedija, III., p. 298; Jewish Encyclopedia, VIII., p. 96; M.G. Glenn, Israel Salanter, New York, 1953; Black Book.

## סאַלאַק SALAKAS

קרייַז עזשערעני, שפּעטער זיך גערופֿן זאַראַסייַ. פֿון די אַלטע ייִדישע יישובֿים אין ליטע.

אין 1862 איז געוואָרן אַ גרויסע שפּאַנונג צווישן ייִדן און גויים און עס האָט געדראָט מיט אַ פּאָגראָם. דער גובערנאַטאָר האָט אַרויסגעגעבן אַ שאַרפֿע וואָרענונג צו די העצערישע רעדל־פֿירערס און דער פּאָגראָם איז אויסגעמיטן געוואָרן.

אין 1886 איז אויסגעבראָכן אַ גרויסע שׂריפֿה. עס זייַנען פֿאַרברענט געוואָרן 70 הייַזער און אַלע דרייַ בתּי־מדרשים.

אויסער קרעמערייַ און מלאכה, האָבן ייִדן זיך פֿאַרנומען מיט ערדאַרבעט, פֿישערייַ און האָלץ־מיסחר. די נאָענטקייט צו דער באַנסטאַנציע און דער פּוילישער גרענעץ זייַנען געווען אַ גינסטיקער פֿאַקטאָר פֿאַרן ייִדישן מיסחר. דאָס האָט זיך געענדערט לרעה נאָכן ערשטן וועלט־קריג, ווען סאַלאַק איז אָפּגעשניטן געוואָרן פֿון דער באַנסטאַנציע און פֿון ווילנע.

פֿאַר דער ערשטער וועלט־מילחמה האָבן דאָ געוווינט אַרום 1700 ייִדן, אין 1923 — 917 און אַ ביסל ווייני־קער פֿאַרן חורבן. אין 1915 האָבן קאָזאַקן געמאַכט אַ פּאָגראָם.

**רבנים.** — ר׳ יהודה־לייב מאָהליווער, פֿאָטער פֿון ר׳ שמואל מאָהלי־ווער. געווען דאָ רבֿ אויף זייַנע עלטערע יאָרן און דאָ ניפֿטר געוואָרן.

ר׳ מרדכי בר׳ נוח קייב (קייר?), פֿון 1880 צוויי יאָר, ווען פּלוצעם ניפֿטר געוואָרן אין עזשערעני.

ר׳ נפֿתּלי־הערץ קרעניץ (קראָניץ?), פֿון אַרום 1883.

ר׳ אליהו־מרדכי וואַלקאָווסקי, געבאָרן 1874. פֿון 1899 רבֿ אין מײַסיאַד, שפּעטער אין סאַלאָק (ביז 1910), פּאָדאָלסק (רוסלאַנד), קראָזש, 1932־1934, ווען עולה געווען קיין ארץ־ישׂראל. ניפֿטר געוואָרן 1962 אין ירושלים. חיבורים: **מערכת התלמוד והפּוסקים** (ירושלים, תּרפ״ט־תּש״ו, 11 בענד), **שני המאורות הגדולים** (קיידאַן, תּרצ״ד), **תּורת מעשׂה בראשית בביאור מדעי** (ירושלים, תּשי״א).

ר׳ יעקבֿ קעלמעס, געבאָרן 1880 אין זאָסלע. פֿריִער רבֿ אין פּושעלאַט, 1910־1914 סאַלאָק, דערנאָך אין באָגאָראָדסק (רוסלאַנד) און 1926־1933 הויפּט־רבֿ אין מאָסקווע. 1933 זיך אַרויסגעריסן קיין ארץ־ישׂראל. געווען מיטגליד פֿון הרבנות הראשית אין ארץ־ישׂראל. ניפֿטר געוואָרן 1952 אין ירושלים.

ר׳ יעקבֿ ראַלבע, לעצטער רבֿ, הי״ד. שוואָגער פֿון יעקבֿ קראָניץ, פֿון די רעוויזיאָניסטישע פֿירערס אין ליטע.

אין די 1880ער זײַנען דאָ געווען שו״בים: ר׳ דוד משה און ר׳ אשר בר׳ שניאור־זלמן.

צווישן 1875 און 1899 זײַנען דאָ געווען 32 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

**אָפּשטאַמיקע.** — אַריה בעהם, געבאָרן 1877. 1889 אַריבער מיט עלטערן קיין כּאַרקאָוו. ד״ר־מעדיצין. דעלעגאַט צום פֿירטן ציוניסטישן קאָנגרעס. קעמפֿער פֿאַר אַ ייִדישער מדינה אין ארץ־ישׂראל. פֿון 1914 אין ארץ־ישׂראל און געשאַפֿן אין ירושלים דעם ערשטן פּאַסטער־אינסטיטוט אין לאַנד. מיטגרינדער פֿון **הרפֿואה**, אָרגאַן פֿון „ההסתּדרות הרפֿואית״ אין א״י. פֿאַרעפֿנטלעכט פּאָפּולערע בראָשורן וועגן מעדיצין און געזונט: **המלחמה, הבריאות והמחלות המידבקות בארץ־ישׂראל** (תּרע״ה). **על הכלבת** (תּרע״ד), **על החלירע** (תּרע״ו) און אַנדערע. געשטאָרבן 1941 אין תּל־אָבֿיבֿ.

יעקבֿ קראָניץ (אָדער קרעניץ), קאָאָרדינאַטאָר פֿון די ציוניסטישע „התּחיה״־אַגודות אין ווילנער און אַנדערע גובערניעס. דעלעגאַט צו ציוניסטישע קאָנגרעסן. פֿון די פֿירנדיקע פֿיגורן פֿון דער רעוויזיאָניסטשער באַוועגונג אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע. געשטאָרבן 1939 אין קאָוונע.

**ניכבדים.** — ר׳ אליעזר־מתּתיהו בראַוואָ האָט אין 1878 אויפֿגעבויט דעם „בית עניים״ (חרובֿ געוואָרן אין 5 יאָר אַרום); ש. בראַוואָ און ז. בראַוואָ — פֿון די ערשטע משׂכּילים אין שטעטל; ר׳ דובֿ־אַריה ראָם, ר׳ יצחק־זאבֿ כּץ, ר׳ שאול פֿײַנבלום.

**קאָרעספּאָנדענטן:** — אלחנן ראַפּאָפּאָרט, גימנאַזיסט **(המליץ)**, מ״י יאַפּיט **(המליץ)**, M.B.־מתּתיהו בראַוואָ **(היום)**.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — הצפֿירה, 1881: 5; לוח אחיאסף, תּרנ״ד, ע׳ 243; ספֿר שמואל. ירושלים, תּרפ״ג, ע׳ 1; „ד״ר אריה בעהם ז״ל״. חוברת זכּרון. ת״א, תּש״ב; תולדות ישיבֿת היהודים בקורלאַנד, ע׳ 158; יהדות ליטא, ג׳; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 5543. ד. תּדהר,

אנציקלופדיה לחלוצי הישוב, ע׳ 180, 687, 1277.
Black Book

## סאַלדוטישאָק SALDUTIŠKAI

קליין שטעטל אין אוטיאַנער קרײַז. אין די 1870ער איז דאָ געווען אַ גרעסערער ייִדישער ייִשובֿ, וואָס האָט אַפֿילו געקענט זיך דערלויבן צו האָבן אַ רבֿ. אין 1882 איז נאָך געווען רבֿ ר׳ אַהרן בר׳ אַבא שטיין, געבאָרן 1855, שפּעטער רבֿ אין שקומיאַן.

אַ קליינער ייִשובֿ איז נאָך געווען אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע. צו די וואַלן פֿון ציוניסטישן קאָנגרעס אין 1933 זײַנען דאָ אָפּגעגעבן געוואָרן 16 שטימען. אין אַ רשימה פֿון ייִדישע בעלי־מלאכות אין ליטע אין 1938 איז דאָ דער נאָמען פֿון שטעטל.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — אהלי שם, ע׳ 142; אידישע שטימע 1933; דער אידישער האַנטווערקער אין ציפֿערן אין ליטע. קאונאַס, 1938.

## סאַפּיזישאָק ZAPYŠKIS

קאָוונער קרײַז. אַן אַלטער מקום אין ליטע. פֿריִער זיך גערופֿן סאַפּיעגישקיס, אויפֿן נאָמען פֿון פּאַווילאַס סאַפּיעגאַ, וואָס אים האָט געהערט דער הויף לעבן שטעטל. שפּעטער האָט עס געהייסן זאַפּיסגיס און צום סוף זאַפּישקיס[1]). ייִדן האָבן עס גערופֿן סאַפּיזישאָק. ווען ייִדן האָבן זיך אָנגעהויבן דאָ באַזעצן, איז ניט באַקאַנט. פֿון די פֿאַראַנענע ידיעות קען מען אָננעמען, אַז דאָס האָט געקענט זײַן אַרום אָנהייב נײַנצנטן יאָרהונדערט. אין 1797 איז די אַלגעמיינע צאָל אײַנוווינערס געווען 107. ייִדן ווערן ניט דערמאָנט.

אין 1923 האָבן דאָ געלעבט 293 ייִדן און פֿאַרן חורבן — בײַ 200. אין 1939 האָבן דאָ געוווינט 750 תּושבֿים. ייִדן האָבן זיך פֿאַרנומען מיט קרעמערײַ און מלאכה, זייער הויפּטהאַנדל — שיפֿן קלעצער אויפֿן ניעמאַן (דאָס שטעטל איז געלעגן אויפֿן דער לינקער זײַט פֿון טײַך).

**רבנים.**— ר׳ ישׂראל אַביגדור; ר׳ יעקבֿ ז״ק, רבֿ ומו״צ (1871); ר׳ חיים־זאבֿ־וואָלף בר׳ אַהרן קריגער, געבאָרן 1858 אין לינקעווע. ניפֿטר געוואָרן 1913.

זײַן זון ר׳ ישׂראל־אַבא, דערנאָך רבֿ אין קאָשעדאַר, שפּעטער אין באָסטאָן.

ר׳ אַהרן־שלמה זאַלמאַנאָוויץ, געבאָרן 1870 אין ריטעווע, שפּעטער רבֿ אין דאָקשיץ (מינסקער גובערניע). פֿון 1924 רבֿ אין מאָנטרעאָל ביז זײַן פּטירה אין 1941.

ר׳ יוחנן זופּאָוויץ (זרחי), געבאָרן

---

1) לויט א.יאַנולײַטיס, האָט דאָס אָרט אין זעכצנטן יאָרהונדערט זיך גערופֿן פּאַנעמונע.

1874 אין איישישאָק. רבֿ אין מיאַדל, סימנע, סאַפּיזישאָק און ראַדווילישאָק. מיטגליד פֿון מרכּז „מזרחי" אין ליטע. פֿון 1931 רבֿ אין טבֿריה, ווו ניפֿטר געוואָרן אין 1946.

ר' מאיר ווערזבלאָווסקי, געבאָרן 1881 אין שאַקי. רבֿ אין שימאַנץ, סאַפּיזי־שאָק, קראָק, ווו אומגעקומען אין 1941, הי"ד. האָט הוספֿות צו ר' יצחק־אײַזיק חבֿרס **בית יצחק** און זײַן **גנזי מרומים** (קובֿנה, תּרצ"א).

ר' יצחק בר' חיים־מאיר גרין, געבאָרן 1880, אומגעקומען מיט זײַן עדה אין 1941, הי"ד. זײַן ברודער ר' אליהו־אַהרן, אב"ד ווילקאָווישק.

אין 1855 זײַנען דאָ געווען 3 פּרענומעראַנטן אויף **פּרדס הבינה**, משה בר' אַהרן [יאָהאַניסבורג, תּרט"ו].

**אָפּשטאַמיקע.** — ר' יהודה־דובֿ בר' נתן בערנשטיין איז געבוירן גע־וואָרן 1863 אין אַלעקסאָט, אָבער האָט מערסטנס געלעבט דאָ. מען האָט אים גע־רופֿן „סאַפּיזישקער עילוי". איינער פֿון די גרינדערס פֿון דער ר' יצחק אלחנן ישיבֿה אין ניו־יאָרק. דאָרטן געווען ראש־ישיבֿה און אויך מו"צ אין ניו־יאָרק. האָט אַ סך חדו"ת אין „המאסף" (ירושלים).

ד"ר משה קריגער בהרבֿ ר' חיים־זאבֿ איז דאָ געבוירן געוואָרן אין 1885. איינער פֿון די גרינדערס פֿון דער ציוניסטישער אגודה אין שטעטל. 1921 עולה געווען קיין א"י. געשריבן אַ סך מעדיצינישע מאמרים אין דער העברעיִשער פּרעסע.

יחזקאל שטרײַכמאַן, דאָ געבאָרן 1906. מאָלער. פֿון 1924 אין ישׂראל. האָט געהאַט זײַנע קונסט־אויסשטעלונגען אין אייראָפּע און ארץ־ישׂראל.

**ניכבדים.** — ר' יצחק בר' צבֿי פֿראַנק, ר' יעקבֿ־יוסף, שו"ב, ר' דובער זילבערמאַן, ר' טובֿיה פֿעכמאַן, ר' ישׂראל־איסר מערינג.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המגיד, 1871: 41; יהדות ליטא, ג'; ספֿר האישים. ת"א, תּרצ"ז, ע' 444; אהלי שם, ע' 306; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 5631; תּולדות אנשי שם (ראַנד), ע' 46;

Augustinas Janulaitis, Užnemunė po Prūsais. Kaunas; Jonas Totoraitis, Sūduvijos Suvalkijos Istorija. Kaunas, 1938 p. 612; Black Book.

## סובאַטש SUBAČIUS

פּאָנעװעזשער קרײַז. סובאַטש איז געווען 3 וויאָרסט פֿון דער באַנסטאַנ־ציע. מיט דער צײַט איז בײַ דער סטאַנציע אויסגעוואַקסן אַ נײַ־סובאַטש, וואָס איז גיך איבערגעשטיגן אַלט־סובאַטש און אַהין האָבן זיך איבערגעהויבן אַלע וויכטיקסטע אינסטיטוציעס. אויך דער רבֿ פֿון אַלט־סובאַטש האָט זיך אַריבערגעקליבן אַהין.

סובאַטש האָט ניט דורכגעמאַכט דעם גירוש־ליטע. אָבער ווען קאָזאַקן זײַנען אַרײַן אין שטעטל דעם 10טן יולי, 1915, האָבן אַלע ייִדן אָנגעהויבן לויפֿן פֿון דאָרטן. זיי זײַנען באַפֿאַלן געוואָרן פֿון אַן אַנדער באַנדע קאָזאַקן, וואָס האָבן זיי באַרויבט און

געשלאָגן מכּות־רצח. די איינציקע ייִדישע מישפּחה, וואָס איז געבליבן אין שטעטל, איז אַרײַנגעוואָרפֿן געוואָרן אין טורמע און דאָרטן גוט צעמזיקט געוואָרן.

צוליב דער נאָענטקייט פֿון דער באַנסטאַנציע איז נײַ־סובאָטש גיך געוואָרן אַ וויכטיקער האַנדל־צענטער. ייִדישע סוחרים און קרעמערס האָבן שטאַרק פּראָפּיטירט פֿון דעם און דער גאַנצער ייִדישער עקאָנאָמישער מצבֿ פֿון שטעטל האָט זיך געהויבן.

פֿאַרן ערשטן וועלטקריג האָבן דאָ געוווינט בײַ 400 ייִדן, אין 1923 — 352 און פֿאַרן חורבן — בײַ 80.

פֿון אַרום 1866 איז דאָ געוועזן רבֿ 40 יאָר ר׳ שלמה־זלמן. זײַן צווייטע פֿרוי איז די טאָכטער פֿון ר׳ יקותיאל זוסמאַן, אב״ד ראַזאַליע.

1904 איז דאָ געוואָרן רבֿ ר׳ שמואל בר׳ יהודה שער, געבאָרן 1878. איידעם פֿון ר׳ שלמה־זלמן (בזיווג ראשון). ר׳ שמואלס שוואָגער ר׳ ליפּמאַן, אב״ד שוקיאַן. צווייטער שוואָגער ר׳ חיים־משה אַלטמאַן, דיין ומו״צ אין סוואַלק. שפּעטער פֿון די גדולי המשפּיעים אין ברוקלין.

נאָך רבנים: ר׳ משה זאַכער; ר׳ משה מילשטיין; ר׳ יעקבֿ עפּשטיין, לעצטער רבֿ, הי״ד [צווייטער מקור: ר׳ חיים בליצשטיין, הי״ד].

מערערע יאָרן פֿלעגט צו ימים־נוראים קומען דאַוונען אַ באַוווסטער חזן, ר׳ אַבֿרהם־יצחק קאַצאָוויטש (אַבעלער שוחט).

אין 1876 זײַנען דאָ געוועזן 4 פּרענומעראַנטן אויף זיר יצחק פֿון יוסף זונדל מבירז (ווילנאַ, תּרל״ו). [ר׳ יוסף־זונדל איז געוועזן 30 יאָר אב״ד בירז.]

פֿון סובאָטש שטאַמט אפֿרים פֿריש, דאָ געבאָרן 1880, געשטאָרבן 1957 אין ניו־יאָרק. רעפֿאָרם־ראַבײַ. מחבר פֿון צוויי ענגלישע ביכער.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — יזכּור־בוך ראַקישאָק. יאָהאַנעסבורג, 1952. ז׳ 327; „ליטע“, I, ז׳ 107; יהדות ליטא, ג׳; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 5671; אהלי שם, ע׳ 201. יזכּור־בוך סוּואַוואַלק, ז׳ 162. Black Book

## סודאַרג SUDARGAS

קליין שטעטל אין שאַקיִער קרײַז. 1797 האָבן דאָ געוווינט 22 ייִדן (176 קריסטן). שפּעטער איז דאָ אויסגעוואַקסן אַ גרעסערע ייִדישע קהילה. אין 1856 איז די צאָל ייִדן געווען 627, נאָכן ערשטן וועלטקריג — בײַ 300 און פֿאַרן חורבן בײַ 70. אין אַ רשימה פֿון ייִדישע בעלי־מלאכות אין ליטע אין 1938 געפֿינט זיך אויך סודאַרג.

אין 1866 און 1879 זײַנען געוועזן 12 סודאַרגער פּרענומעראַנטן אויף צוויי רבנישע ספֿרים.

**רבנים.** — ר׳ חיים בר׳ אַבֿרהם סג״ל, געבאָרן 1845 אין סלאַבאָדקע, שפּע־טער רבֿ אין ראַצק, דערנאָך אין יאַנעווע, וווּ ניפֿטר געוואָרן אין 1914. **בעל אורח לחיים** (ווילנא, תּרל״ט). אין **תּשובֿה שלמה** פֿון חיים־פֿישל עפּשטיין (פּיעטרקובֿ, תּרע״ד) זײַנען פֿאַראַן זײַנע חידושי־תּורה. אַ סך געשריבן אין תּורהדיקע צײַטשריפֿטן. זײַנע הסכּמות געפֿינען זיך אויף די ווײַטערדיקע ספֿרים: **בני גרשון**, גרשון ליפּשיץ (ווילנא, תּרנ״ט); **הגיוני א״ב**, אַבֿרהם־דובער גאָלדענזאָהן (וואַרשא, תּרנ״ט); **ברית יצחק**, יצחק איזעקסאָן (ווילנאָ, תּרס״ב); **פּסקי הלכות המרדכי**, מרדכי שאַטץ (וואַרשא, תּרס״ב); **נפֿש הגר**, מרדכי לעווענשטיין (פּיעטרקובֿ, תּרס״ו); **מנהגי ישרון** אַבֿרהם־אליעזר הירשאָוויץ (ווילנא, 1914); **אוצר כּל מנהגי ישרון המשכּלל**, אַבֿרהם־אליעזר הירשאָוויץ (סט. לואיס, 1917).

פֿון די אַנדערע רבנים: ר׳ צבֿי ראָם, געבאָרן 1844, ניפֿטר געוואָרן 1886. מחבר פֿון **ארץ צבֿי** [ניט קלאָר, צי ער איז געווען נאָך הרבֿ סג״ל אָדער פֿאַר אים].

ר׳ סענדער ווילענסקי, אויך רבֿ אין נײַשטאָט־שאַקי.

ר׳ אליהו־אַבֿרהם בר׳ דוד־מנחם רעגענשבורג, פֿון 1922 אין שיקאַגאָ. נאָך אים איז ניט געווען קיין רבֿ אין סודאַרג. זײַן פֿאָטער איז געווען אב״ד סיאַד.

משה־יצחק בלאָך, דאָ געבאָרן 1893, איז 1941 דערשאָסן געוואָרן אין אַרכאַנגעלסק „בײַם אַנטלויפֿן." ער איז אהין פֿאַרשיקט געוואָרן פֿאַר זײַן ציוניזם.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — דער אידישער האַנטווערקער אין ליטע, 1938; ספֿר היובֿל של אגודת הרבנים בארצות־הברית וקנדה; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 5673; יהדות ליטא, ג׳.

Užnemunė po Prūsais, p. 160

## סוואַדאָשטש[1] SVEDASAI

אוטיאַנער קרײַז. ייִדן זײַנען געקומען אַהער אַרום פֿירטן פֿערטל פֿון אַכצנטן יאָרהונדערט.

פֿאַרן ערשטן וועלטקריג האָבן דאָ געלעבט בײַ 600 ייִדן, אין 1923 — 245 און אַן ערך אַזוי פֿיל פֿאַרן חורבן. פֿאַר 1914 האָבן עטלעכע ייִדישע קינדער געלערנט אין דער אָרטיקער רוסישער פֿאָלקשול. די חסידים און מתנגדים אין שטעטל האָבן געהאַט זייערע באַזונדערע בתּי־מדרשים, אָבער דער רבֿ איז געווען איינער, אַזוי אויך דער שוחט.

אין 1915 האָט סוואַדאָשטש ניט דורכגעמאַכט דעם גירוש־ליטע, אָבער אַ סך ייִדן זײַנען אַנטלאָפֿן קיין רוסלאַנד.

ייִדן האָבן זיך פֿאַרנומען מיט קרעמערײַ, קאַראַבעלניקערײַ, מלאכה. געווען אויך סוחרים פֿון האָלץ און פֿלאַקס.

---

1) אַנדערע האָבן עס אויסגעליגט אויך שוואַדאָשץ.

**רבנים.** — ר׳ שמואל בר׳ חיים, שפּעטער אב״ד אוטיאַן און קופּישאָק. ניפטר געוואָרן אַרום 1822.

ר׳ יהושע־מרדכי בר׳ ישׂראל־איסר קלאַצקין, געבאָרן 1862 אין אַ דערפל לעבן פּאָנעוועזש. דאָ רבֿ אַרום מיטן 1880ער. שפּעטער אב״ד האָראָדאָק, קאַרטוז־בערעזע, ראַסיין, ליבאַווע, וווּ ניפטר געוואָרן ח׳ שבט, 1925. זײַן פאָטער אב״ד אוזשפּאָל, האַנושישאָק, ליווינהאָף. זײַן זיידע ר׳ נפתלי־הערץ קלאַצקין, אב״ד אוזשפּאָל און שימבערג (קורלאַנד).

ר׳ בנימין־בער קיניגסבערגער. נאָך זײַן פּטירה אין 1890 האָט די קהילה באַשלאָסן ניט צו נעמען קיין רבֿ און די שׂכירות אָפּגעבן דער אַלמנה און אירע קינדער. דאָס איז געווען אַ „גזירה לשעה״, אַ פּאָר יאָר שפּעטער איז דאָ שוין געווען אַ רבֿ. דער דאָזיקער רבֿ איז געווען ר׳ אַבֿרהם־אַבא בר׳ זאבֿ־מרדכי שלאָמאָוויץ, געבאָרן 1852 אין יאַנעווע און דאָ געוואָרן רבֿ אין 1894. בעל **נגה אש** אויף **באר היטבֿ** פֿון יורה־דעה (ווילנא, תּרנ״ו) און הערות צו **פּתחי תּשובֿה** פֿון ר׳ אַבֿרהם־צבי הירש אײַזענשטאַדט. ר׳ אַבֿרהם־אַבא איז ניפטר געוואָרן אַרום 1809־1810, ווײַל אויף אַ דאַנקבריוו פֿון דער קהילה פֿון 1908 איז ער נאָך געחתמעט, „החונה פּה״, וואָס איז די געוויינלעכע צושריפֿט פֿון אַ רבֿ.[2]

ר׳ יוסף־חיים הלוי בר׳ יעקבֿ אורינסאָן, געבאָרן 1880. פֿריִער רבֿ אין זיים. 1911 איז ער שוין דאָ געווען מרא דאַתרא. האָט חידושי־תּורה אין **יַגדיל תּורה** (1911, 1912).

ר׳ משה־יצחק ווייציק, הי״ד; ר׳ יוסף שאַכנאָוויץ, פֿריִער רבֿ ומו״צ אין פּלונגיאַן, הי״ד.

1895 זײַנען געווען 5 שוואַדאָש־טשער פּרענומעראַנטן אויף **זכר חיים**, חיים נתן בר׳ משה (וואַרשא, תּרנ״ה).

**ניכבדים.** — ר׳ אַבא־אליהו פֿייגעלסאָן האָט דאָ געלעבט לאַנגע יאָרן. 1908 האָט ער געקראָגן אַ דאַנקבריוו פֿון דער קהילה פֿאַר זאָגן „שיעורים במדרש ואגדות״. ער איז דאָ ניפטר געוואָרן אין 1919 און זײַן פֿרוי בלומע־טויבע — אין 1914. זייער זון שמואל האָט געלעבט אין גראָדנע. ער איז דער מחבר פֿון אַ קליינער בראָשור **אֵל עולם**, השתּלשלות האמונות והדעות (ווילנאָ).

אויפֿן בריוו זײַנען אויך אונטער־געשריבן: דובֿ גפֿויץ [?], אַהרן־יצחק גרו־דין, זלמן זעליקמאַן.

ביזן ערשטן וועלטקריג איז געווען שוחט ר׳ נתן פֿרידמאַן, וואָס איז אויך געווען אַ גמרא־מלמד; ר׳ זלמןניימאַרק, וואָס זײַן זון ר׳ שבתי איז געווען רבֿ אין ראָגעווע; משה־יעקבֿ פֿאַרבער, שווער פֿון רעדאַקטער ראובֿן רובינשטיין; אַריה־לייב נימויטין, האָט חידושי־תּורה אין **כּנסת ישׂראל** (תּרצ״ט, ת״ש).

ל.מ. ניימאַרק האָט געשריבן קאָרעספּאָנדענציעס אין **המליץ**.

---

2) געחתמעט איז „אבא שלמיץ״, אָבער דאָס איז זיכער אַ טעות־הכּתבֿ, ווײַל אַזאַ רבֿ איז דאָרטן ניט געווען, און עס דאַרף הייסן: שלאָמאָוויץ. — אַ געוויסע צײַט איז דאָ געווען רבֿ דער מלמד ר׳ אַבא־אליהו גאָלאָמב, פֿאָטער פֿון העברעיִשן שרײַבער צבֿי־נָתן גאָלאָמב.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המליץ, 1890: 19; אַהרן חיות, ששים ושלוש שנה בירושלים, רחביה, תשי״ד, ע׳ 83; לקורות עיר ראסיין ורבניה; תולדות אנשי שם (ראנד), ע׳ 137; אהלי שם, ע׳ 202; יזכּור־בוך ראַקישאָק, ז׳ 356; ספר הפרענומעראַנטן, 5678; יהדות ליטא, ג׳. Black Book.

## SUVAINIŠKIS סווינישאָק

ראַקישקער קרייז. סווינישיק ליגט אויף דער ליטוויש־לעטישער גרענעץ, נאָר אַ טייל טיילט אָפּביידע לענדער. נאָך 1808, ווען מען האָט מער ניט אַריינגעלאָזן קיין נייע ייִדן קיין קורלאַנד, האָבן מערערע פֿון זיי זיך באַזעצט אין סווינישיק.

אין 1897 האָבן דאָ געוווינט 684 ייִדן, אין 1923 — 250 און פֿאַרן חורבן — ביי 200. אין 1915 האָט דאָס שטעטל דורכגעמאַכט דעם גירוש־ליטע.

ייִדן האָבן זיך מפֿרנס געווען פֿון קרעמעריי און מלאכה. ביזן ערשטן וועלט־קריג האָבן אַ סך ייִדן געהאַנדלט מיט תּבֿואה, וואַלד, בהמות און רויכוואַרג, וואָס זייער אָפּזאַצמאַרק איז געווען ריגע. דאָס איז כּמעט אָפּגעפֿאַלן מיטן אויפֿקום פֿון אַ זעלבשטענדיק לעטלאַנד.

**רבנים.** — אַרום 1890 און שפּעטער איז דאָ געווען רבֿ ר׳ מרדכי אידל. זיין אָנקל ר׳ יוסף־אליעזר בר׳ שמואל פֿרידמאַן, אבֿ״ד האָדיץ (פּאָלטאַוער גובערניע).

ר׳ חיים־יונה בר׳ דובער־נחום איטקין, געבאָרן 1882, דאָ רבֿ 1908 און שפּעטער. האָט פֿאַרן ערשטן וועלטקריג האָט מען אַראָפּגעבראַכט אַ נייעם רבֿ, אָבער ער איז אַוועק מיט אַלעמען בעתן גירוש־ליטע.

ר׳ יהושע בר׳ מאיר קאַפּלאַן, געבאָרן 1873. רבֿ אין קרוקי, סווינישאָק, 1920־1926 און פֿון 1927 אין ווידוקלע, וווּ אומגעקומען אבֿ תּש״א, הי״ד. חיבורים: **שערי הקדש** (ווילנא, תּרס״ז־תּר״ע), **מעיני יהושע** (ווילנא, תּרע״א), **שערי יהושע** (קיידאַן, תּרצ״ו), **ליקוטי שושנים** (קיידאַן, תּרצ״ז), **שערי הווספות** (קיידאַן, תּרצ״ט).

ר׳ אַבֿרהם־מיכל וויינער, געבאָרן 1888, פֿריִער ר״מ אין ראַקישאָק. אומגע־קומען מיט זיין עדה אבֿ תּש״א, הי״ד. האָט חידושי־תּורה אין **כנסת ישראל** (תּ״ש).

אַן אָפּשטאַמיקער איז ר׳ שלום־אַריה בר׳ זוסמאַן שטאַם, אייניקל פֿון ר׳ לייב, אבֿ״ד פּאָסוואָל. רבֿ אין טראַשקון, דונייעוויץ, סמאָליין (מאָלעווער גובֿ׳), 1898 האָראָדעק (וויטעבסקער גובֿ׳).

**ביבליאָגראַפֿיע.** — ילקוט משפחות, אדעססא, תּרנ״ג, ע׳ 16; יזכּור־בוך ראַקישאָק, ז׳ 362; אהלי שם, 41, 46, 57, 205; יהדות ליטא, ג׳. Black Book.

## SURVILIŠKIS סורווילישאָק

קיידאַנער קרייז. אין 1923 האָבן דאָ געוווינט 104 ייִדן און פֿאַרן חורבן ביי 50. דעם ייִדישן ייִשובֿ קען מען רעכע־נען פֿון אַרום אָנהייב נייצנטן יאָרהונדערט.

דער עקאָנאָמישער מצבֿ פֿון די ייִדן אין שטעטל איז קיין מאָל ניט געווען קיין געהויבענער. דער עיקר האָבן זיי זיך פֿאַרנומען מיט קרעמערײַ און מלאכה. ניט אַלע צײַטן איז איין מלאכה געווען גענוג אויסצושלאָגן חיונה, דעריבער האָבן אַנדערע האַנטווערקערס געהאַט עטלעכע פּראָפֿעסיעס: קצבֿים פֿלעגן אויך באַקן ברויט און אַ ביסל אונטערהאַנדלען, ווינטער פֿלעגן בעלי־מלאכה סאָרטירן פֿלאַקס, וכדומה.

אין 1842 איז דאָ געווען איין פּרענומעראַנט אויף **עטרת שאול**, שאול לוריא (ווילנא, תּר״ב).

פֿון די רבנים זײַנען אונדז באַקאַנט: ר׳ חיים־מאיר בר׳ אַבֿרהם־מנחם פֿעלדבערג. 1899 שוין געווען דאָ רבֿ ביז אַרום 1914. פֿון 1915 רבֿ אין קראָקי, קיידאַנער קרײַז. אור־אייניקל פֿון ר׳ אַבֿרהם, ברודער פֿון ווילנער גאון. זײַן איידעם ר׳ דוד גאָלדבערג, אב״ד קראָקי, הי״ד.

ר׳ יעקבֿ־גרשון ראַבינאָוויץ, שפּעטער אב״ד וועגדזיגאָלע. זײַן פֿאָטער ר׳ יהושע־צבֿי, אב״ד וועגדזיגאָלע, ניפֿטר געוואָרן אין ירושלים. זײַן זון מיכל־יצחק ראַבינאָוויץ, העברעיִשער שרײַבער, געשטאָרבן 1948 אין ירושלים.

ר׳ אלחנן־יהודה בורלאַנד, ביז 1931. שפּעטער רבֿ אין האַנושישאָק, טראָקער קרײַז.

ר׳ אַהרן יעלינעוויץ, 1931־1932, דערנאָך אב״ד וויסאָקי־דוואָר, ווו אומגעקומען מיט זײַן עדה אין 1941, הי״ד; ר׳ יהודה־לייב נעמיאָטין, פֿון 1934.

**אָפּשטאַמיקע.** — ר׳ מאיר ראַבינאָוויץ, אב״ד קראָק און ראַדושקעוויץ און ר׳ קלמן ראַבין [אָוויץ], מו״צ אין קאַלוואַריִע — ביידע זין פֿון ר׳ יעקבֿ־גרשון.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — ספֿר האישים. ת״א, תּרצ״ז, ע׳ 454; אהלי שם, ע׳ 204; דורות האחרונים, ב׳ 318; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 5719.
Recueil de Matériaux sur la Situation economique des Israelites de Russie, p. 215; Black Book.

## סטאָקלישאָק STAKLIŠKĖS

אַליטער קרײַז. אין 1847 האָבן דאָ געוווינט 443 ייִדן, אין 1897 — 808, 1913 — בײַ 550, 1923 — 391 און פֿאַרן חורבן אַרום 280.

אין 1873 איז אויסגעבראָכן אַ גרויסע שׂריפֿה, 97 ייִדישע הײַזער זײַנען אַראָפּ מיטן פֿײַער. אַ סך ייִדישע הײַזער זײַנען פֿאַרברענט געוואָרן אין 1893. דער ווילנער גובערנאַטאָר האָט צוגעשיקט 200 דאָלאַר צו העלפֿן די נשׂרפֿים.

אין 1885 זײַנען פּויערים באַ־פֿאַלן אין מיטן נאַכט אַ ייִדיש הויז, וואָס

איז אויסגעבויט געוואָרן ניט צו ווײַט פֿון קלויסטער און אַלץ חרובֿ געמאַכט. דאָס האָט פֿאַרגרעסערט די ייִדישע עמיגראַציע פֿון שטעטל, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן נאָך די פּאָגראָמען תּחילת 1880ער יאָרן אין רוסלאַנד, כאָטש סטאָקלישאָק גופֿא האָט פֿון זיי ניט געליטן. אין 1887 זײַנען יעדע וואָך אַרויסגעפֿאָרן אַ סך ייִדישע עמי־גראַנטן. שוין כמעט אַ העלפֿט סטאָק־לישקער ייִדן זײַנען געווען אין אַמעריקע. צוליב דעם איז אויך יענעם יאָר געשלאָסן געוואָרן די ייִדישע שולע, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין 1877.

די ייִדישע הויפּט־פּרנסות זײַנען געווען קרעמערײַ און מלאכה. טייל האָבן זיך פֿאַרנומען מיט פֿישערײַ און האָלץ־מיסחר און אויך געהאַנדלט מיט אַגרי־קולטור־פּראָדוקטן.

אין אַ רשימה מנדבֿים פֿאַר געטראָפֿענע ייִדיש־ליטווישע שטעטלעך אין הונגעריאָר פֿון 1872 געפֿינען זיך מערערע סטאָקלישקער ייִדן.

אין אַ ליסטע פֿון מנדבֿים אין 1900 פֿאַר העלפֿן בויען ארץ־ישׂראל זײַנען דאָ אַ סך סטאָקלישקער. קלײַנבערין: אסתּר כּהן.

סטאָקלישקער האָבן שוין אַרום די 1850ער געוווינט אין ארץ־ישׂראל. אויף אַן אַלטן בית־עולם אין ירושלים זײַנען דאָ די מצבֿות פֿון

הרב המופלג יעקב יהודא בר׳ אריה משטאקלישאק, תּרכ״ב.

הינדע בר׳ שלמה זלמן משטאקלישאק, תּרכ״ג.

אין 1894 זײַנען דאָ געווען 20 פּרענומעראַנטן אויף **בכּורי ישׂראל**, **ישׂראל** בר׳ צבֿי הכּהן [קילמיסקי]. (ווילנא, תּרנ״ד־ה׳).

**רבנים.** — ר׳ שלמה־ראובֿן ראַבינאָוויטש [שאַפּיראָ?], פֿון 1872. 1894 נאָך געווען רבֿ.

ר׳ יהודה־אידל הורוויץ. זײַן פֿאָטער ר׳ אַבֿרהם, וואָס מען האָט גערופֿן אַבֿרהם לוצינער, איז געווען ד״ץ אין ווילנע. ר׳ יהודה איז מחותּן פֿון העברעיִשן שרײַבער משה־אליעזר ביילינסאָן.

ר׳ ישעיה־זעליג בר׳ משה האַלפּערין, פֿריִער רבֿ אין סופּראַסלע, דערנאָך אין סטאָקלישאָק. אַ קורצע צײַט פֿאַר סופּראַסלע ראש־ישיבֿה אין ביאַלי־סטאָק. מחבר פֿון **מוסדי ישעיה** (ווילנא, תּרנ״א־תּרנ״ה, ג״ח); זײַן זון ר׳ חנניה.

ר׳ דובֿ־צבֿי קראַוויצקי, 1922 דאָ רבֿ, אויך פֿריִער און שפּעטער.

ר׳ דובער בערגמאַן, געבאָרן 1881 אין לאָמזשע, פֿריִער רבֿ אין סעמי־לישאָק. אומגעקומען מיט זײַן עדה אין סטאָקלישאָק אבֿ תּש״א, הי״ד.

דאָ איז אַרום 1860 געבאָרן געוואָרן דער ייִדישער שרײַבער **ישׂראל־זאבֿ** קרייער, וואָס האָט אַלע זײַנע ביכלעך געשריבן אונטערן נאָמען י״ז בן־אַריה. סוף 1880ער געווען לערער אין ווילנער תּלמוד־תּורה. אין ערשטן וועלטקריג אַוועק צו זײַן

געבוירן־שטעטל און אַרום 1919 דאָרטן געשטאָרבן עלנט און פֿאַרגעסן. אויטאָר פֿון **אַ וועלט מיט וועלטעלאַך** (ווילנא, 1894) — אין גאַנצן איבערגעאַרבעט אַ רוסיש ביכל וועגן אַסטראָנאָמיע און געאָגראַפֿיע; **מעשׂה בן אַריה** — האָט אויסגעהאַלטן בײַ 50 אויפֿלאַגעס (די 48סטע — וואַרשע, תּרנ״ט). איבערגעזעצט ש. אַנ־סקיס **דיא מלחמה פֿאַר׳ן לעבען** (ווילנא, תּרס״ד). האָט אויך אַרויסגעגעבן אַ **דקדוק עבֿרי**.

א.צ. ראַבינאָוויץ האָט געשריבן קאָרעספּאָנדענציעס אין **הצפֿירה** און צבֿי באַריט אין **המליץ**.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המגיד, 1872: 13; 1873: 44; הצפֿירה, 1887: 116; א.מ. בעלינסאָן, שלמי אמוני ישׂראל. אָדעססא, תּרנ״ח, ע׳ 107; המליץ, 1900: 40; א.ש. הערשבערג, פּנקס ביאַליסטאָק, I. נ״י, 1949, ז׳ 378; לעקסיקאָן, 8; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 5751; יהדות ליטא, ג׳; ד. תּדהר, אנציקלופדיה לחלוצי הישובֿ ובוניו, ע׳ 993. Black Book

# סיאַד SEDA

מאַזשייקער קרײַז. אַ ייִדישער ייִשובֿ האָט זיך אָנגעהויבן מיטן זיבעצנטן יאָרהונדערט. אין 1650 זײַנען דאָ געווען 15 ייִדישע שטייער־צאָלערס, וואָס מיינט אַ 40־50 ייִדן (קינדער אונטער 10 יאָר, גאָר אַלטע און קבצנים זײַנען ניט באַשטײַערט געוואָרן).

אין 1897 האָבן דאָ געוווינט 1384 ייִדן, פֿאַרן ערשטן וועלטקריג אַרום 800, 1923 — 815 און פֿאַרן חורבן — בײַ 400.

אין 1853 איז לעבן סיאַד אויפֿגעשטעלט געוואָרן אַ ייִדישע קאָלאָניע פֿון 127 דעסיאַטין אויף אומזיסטער רעגירונג־ערד. תּחילת זײַנען געווען 5 מישפּחות, 38 נפֿשות (מסתּמא אַלע פֿון סיאַד). צו זיי זײַנען צוגעקומען נאָך 11 פֿאַמיליעס פֿון אַרום טעלז. משמעות, אַז די דאָזיקע קאָלאָניע האָבן דאָס די ליטווינער גערופֿן „זשידו דוואַראַס״ (ייִדישער הויף).

פֿון אַ שׂריפֿה אין 1885 איז אַראָפּ צוויי דריטל פֿון שטעטל, צווישן זיי די צוויי בתּי־מדרשים. דער פּריץ גראַף פּליאַטער האָט געגעבן 200 רובל פֿאַר די נשׂרפֿים. זײַנע מענטשן האָבן געהאָלפֿן לעשן דאָס פֿײַער. הילף איז אויך געקומען מצד אַנדערע קריסטן.

אין 1879 איז געשאַפֿן געוואָרן אַ גמ״ח.

ייִדן האָבן זיך פֿאַרנומען מיט קרעמערײַ, מיסחר, מלאכה און קליין־לאַנדווירטשאַפֿט.

פֿון 1859 ביז 1911 זיינען דאָ געווען 60 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

פֿון די 1860ער יאָרן זײַנען דאָ

מַצבֿות פֿון סיאַדער אויף אַן אַלטן בית־עולם אין ירושלים:

מאיר חיים בר׳ צבי סופר משאַד, תּרכ״א.

הרב ר׳ אַברהם [שו״ב] בר׳ יעקב הכּהן משאַד, תּרכ״ג.

רחל מסאַלאַנט אשת ר׳ אשר משאַד, תּרל״ה.

**רבנים.** — ר׳ אַבֿרהם בר׳ ניסן לוריא, געלעבט אין אַכצנטן און ערשטן פֿערטל נײַנצנטן יאָרהונדערט. מחבר פֿון **נסיונות אַבֿרהם** (באור דקדוקי רש״י על תנ״ך ודקדוקי הש״ס ומפֿרשים ראשונים) (ווילנא, תּקפ״א). אין טיטל: אַבֿרהם בר׳ ניסן משאַד. ש״י פֿין זאָגט אויף אים: „תּורני מופֿלג ומדקדק גדול.״

ר׳ יואל־יצחק בר׳ מרדכי קאַצענעלענבאָגן, געבאָרן 1809. דאָ רבֿ אַרום 1840־1850, שפּעטער אין זעזמער, לינקעווע, סעמיאַטיטש, עזשערעני, דערנאָך פֿאַרלאָזן רבנות. בעל **זרע יצחק** (וואַרשע, תּרנ״ח). ניפֿטר 1891. איידעם פֿון ר׳ אַבֿרהם־אַבא הלוי איש הורוויץ פֿון קעלם.

ר׳ נתן־נטע בר׳ שמואל־צבֿי פּויזנער ניימאַרק, אַרום 1850־1860.

ר׳ דוד רעגענשבורג, מגזע מהר״ם יפֿה. רבֿ אין ווינדוי (לעטלאַנד) און אַרום 1860־1880 אין סיאַד, דערנאָך אין פּאָפּעליאַן. אין זײַן **אִגרת תּהלה** (בערלין, תּרפ״ה) שטייט: אב״ד שאַדי. האָט הסכמה אויף שו״ת **בית יהודה**, יהודה אָשר בר׳ אליהו אײַזערמאַן (ווילנא, תּר״מ), געחתמעט: אבד״ק שאַד, תּרל״ו. אייניקל פֿון הרבֿ הצדיק ר׳ מרדכי לינקעווער, תּלמיד און שוואָגער [אַנדער מקור: פלימעניק) פֿון ר׳ אליהו ראַגאָלער. זײַן מאַמע איז געשטאָרבן אין לינקעווע. זײַן זון ר׳ מנחם־דובֿ, אב״ד זעמבראָווע, איז דאָ געבאָרן אין 1855 [קען עס אפֿשר מיינען, אַז זײַן פֿאָטער איז שוין יענעם יאָר געווען דאָ רבֿ]. זײַן זון ר׳ אליהו שלום, רבֿ אין לאָנדאָן. זײַן אייניקל ר׳ חיים־דוד רעגענשבורג, רבֿ אין שיקאַגאָ. ר׳ דודן פֿלעגט מען רופֿן: ר׳ דודל סיאַדער. ניפֿטר 1891.[1]

ר׳ ישׂראל־עזרא לעווין, געבאָרן 1853, דאָ רבֿ 1892־1903, ווען **ניפֿטר** געוואָרן.

ר׳ אַהרן בר׳ יעקבֿ־צבֿי וואָלקין, געבאָרן 1865 אין שומיאַץ. פֿריִער רבֿ אין גאָרזד, 1903־1911 סיאַד, דערנאָך אַמטשיסלאַוו, פּילווישאַק, פּינסק, ווּ אומגעקומען 1942,, הי״ד. חיבורים: **בית אהרן**, על בבא מציעא (פּיעטרקובֿ, תּרס״ה); **מצח אהרן** (פּיעטרקובֿ־פּינסק, תּרס״ח־תּרפ״ו); **בית אַהרן**, על כּתובות (פּיעטרקובֿ, תּרע״א); **בית אַהרן**, על בבא קמא (ווילנא, תּרפ״ג); **חושן אַהרן** (וואַרשא, תּרפ״ז־תּרצ״ח); **זקן אַהרן** (פּינסק, תּרצ״ב־תּרצ״ח); **סביב ליראיו** (פּינסק, תּרצ״ה).

---

1) אין איין מקור (**מעין גנים**) ווערט געזאָגט, אַז ר׳ יצחק־אײַזיק ברודא איז געווען אב״ד זאַגער און סיאַד. ער איז דער שווער־פֿון ר׳ מרדכי מעלצער און איידעם פֿון הגאון ר׳ לייב, בעל **שלמי שמחה**. מיר קענען ניט מכריע זײַן, ניט אויף יאָ, ניט אויף ניין. — אין אַ קאָרעספּאָנדענץ פֿון 1885 ווערט אָנגעגעבן: „רבֿ דמתא ר׳ מרדכי לאָס״. אַזוי זאָגט זיך אויך אין **חכמי ישׂראל באַמריקאַ** און אין אַ רשימה פֿון ניכבדים. דאָרטן ווערט נאָך צוגעגעבן, אַז ער איז געווען רבֿ אויך אין קול. זײַן פּלימעניק ר׳ צבֿי לאָס, בעל עטרת **צבֿי**, איז געווען רבֿ אין יעזנע.

ר׳ מרדכי גראַף, פֿון 1912, ניפֿטר געוואָרן צווישן 1930 און 1934.

ר׳ מרדכי ראַבינאָוויץ, פֿון 1935. פֿריִער ר״מ אין טעלז. לעצטער רבֿ, הי״ד.

אַרום די 1850־1860ער יאָרן איז געווען מו״ץ ר׳ משה־ברוך הלוי הורוויץ. אַ שרײַבער פֿון זײַן דור, א.א. פֿרידמאַן, וואָס האָט אים געקענט, שרײַבט וועגן אים: „איש נפֿלא . . . בקי פּשוט בע״פּ בש״ס ופּוסקים, פּרוש ומובֿדל.״ געווען מפֿורסם ווי אַ צדיק אין גאַנץ זאַמעט. מגזע של״ה הקדוש. זײַן זון ר׳ יעקבֿ־מאיר איז דאָ געבאָרן געוואָרן [זע: אָפּשטאַמיקע].

אין די 1870־1880ער יאָרן איז דאָ געווען אַ ישיבֿה. דער ראש־ישיבֿה איז געווען ר׳ זאבֿ־וואָלף בר׳ יצחק־אײַזיק אַבֿרך, געבאָרן 1845 אין פּלונגיאַן. פֿון 1873 ר״מ אין פּיקעלן, 1875־1885 ר״מ אין סיאַד, דערנאָך אב״ד מאַזשייק ביז זײַן פּטירה י״ג חשוון תּרפּ״ב. אין דער הקדמה פֿון זײַן ספֿר **רבֿיד הזהבֿ** (וואַרשע, תּרנ״ח) זאָגט זיך: „שתּים עשׂרה שנה נִהלתּי ישיבֿה גדולה — שתּי שנים בעיר פּיקעלין ועשׂר שנים בעיר שאַד במדינת זאַמוט.״[2] ר׳ זאבֿ־וואָלפֿס פֿאָטער, ר׳ אליעזר בר׳ טאָדרעס, איז געווען רבֿ אין ריטעווע. האָט אויך געשריבן חידושי־תּורה אין **שערי תּורה** (קונטרס ח׳). האָט הסכּמה אויף זעליג־יוסף שנײַדערס איבערזעצונג פֿון **תּהלים** (ווילנא, 1908).

**אָפּשטאַמיקע.** — ר׳ אליהו־שלום בר׳ דוד רעגענשבורג, דאָ געבאָרן 1855. 1896 רבֿ אין לאָנדאָן. פֿון מאַמעס צַד אייניקל פֿון ר׳ יעקיל, אב״ד יאַנעווע.

ר׳ יעקבֿ־מאיר בר׳ משה־ברוך הלוי הורוויץ, דאָ געבאָרן 1855. פֿון 1885 דומ״ץ אין פּינסק [וועגן פֿאָטער זע פֿריִער].

בנימין זיוו, געבאָרן 1879. פּראָפֿעסאָר עקאָנאָמיסט. פֿון 1934 אין ארץ־ישׂראל, ווו געוואָרן דער דעקאַן פֿון עקאָנאָמישן פֿאַקולטעט אין דער היכשול פֿאַר יוריספּרודענץ און עקאָנאָמיק. פֿריִער פֿאַרעפֿנטלעכט פֿאַרשאַרבעטן און ביכער וועגן עקאָנאָמיק אין רוסיש, פֿון 1934 אַלץ אין העברעיִש: **כּסף ואשראי בארץ־ישׂראל** (תּרצ״ז), **תּורת הפּיננסים** (תּרצ״ח), **תּורת הכּלכּלה המדינית** (תּרצ״ט), **יסודות הסטטיסטיקה** (תּש״ג) א״אַ. האָט אויך איבערגעזעצט אַ פּאָר גרונטביכער וועגן עקאָנאָמיק אין העברעיִש. געשטאָרבן 1947 אין תּל־אָבֿיבֿ.

**שרײַבערס.** — יהושע מז״ח (חײַמאָוויץ־סג״ל), געבאָרן 1834. זײַנע עלטערן לאה (געשטאָרבן 1889) און חיים בן יעקבֿ (געשטאָרבן 1882) האָבןביידע געלעבט אין סיאַד. זאָגן אַנדערע, אַז מזח איז געבאָרן געוואָרן אין סיאַד, ניט אין

2) אין **יהדות ליטא**, כּרך ג׳, ווערט **סיאַד** אין דעם פֿאַל און עטלעכע אַנדערע פֿאַלן אָנגעגעבן ווי **שאַט**. אַ קלאָרער טעות. דאָס זײַנען צוויי שטעט אין ליטע, ווײַט אַ 150 ק״מ איינע פֿון דער אַנדערער. די ליטוואַקעס, כּידוע, זײַנען ניט געווען צו אָפּגעהיט מיטן ש׳ שמאלית, איז עס אַרויסגעקומען שאַד. אין ספֿרים און אויף מצבֿות האָט מען טאַקע ס׳רובֿ געשריבן שאַד, ווי הרבֿ אַבֿרך טוט עס אין זײַן הקדמה, אָבער ער האָט צוגעגעבן „במדינת זאַמוט״, כּאָטש דאָס איז נאָך אַלץ ניט קיין זיכערער סימן, ווײַל שאַט איז **אויך** געווען אין זאַמעט.

זאַגער.[3] מזח איז געווען פֿון די ערשטע באַטייליקטע שרײַבערס אין דער העברעיִשער פּרעסע פֿון אָנהייב 1860ער יאָרן, אין דער צווייטער העלפֿט פֿון נײַנצנטן יאָרהונדערט האָט ער מיטגעאַרבעט כּמעט אין אַלע העברעיִשע שריפֿטן. פֿון זײַן שפּע געדרוקטע אַרבעטן איז נאָר אַ קלענער טייל אַרויס אין בוכפֿאָרעם: **האמונה וההשׂכּלה** (ווילנא, תּרל"ד), **האסופות**, מכתּבים משׂר של ים (וואַרשא, א־ד, תּרמ"ה, תּרמ"ו, תּרמ"ז, תּרמ"ח), **טפּח מגולה** (וואַרשא, תּרמ"ו) **במת ישחק** (וואַרשא, תּר"ן) — וועגן יידישן טעאַטער; **ספּורי ישׂראל** (ברדיטשבֿ, תּרנ"ב), **האשל** (וואַרשא, תּרנ"ג־תּרנ"ד), **אוצר חדש** (ווילנא, תּרנ"ח), **תּומת עבֿריה** (ווילנא, תּרס"ד), **עלילת שוא** (ווילנא, 1908). אין זײַן **גן פּרחים** האָבן זיך באַטייליקט די בעסטע העברעיִשע שרײַבערס און מלומדים. געשטאָרבן 1917 אין ווילנע.

ראובֿן מאַטיס, געבאָרן 1890. דורכגעמאַכט שאַוולער געטאָ און דאַכאו. פֿון 1948 אין קייפּטאָן. געדרוקט לידער און אַרטיקלען אין די קאָוונער **פֿאָלקסבלאַט**, **אידישע שטימע** א"אַ, אין די ייִדישע אויסגאַבעס פֿון שארית־הפּליטה אין מינכן, אין **קיום** (פּאַריז) און **צוקונפֿט** (נ"י), **דרום אַפֿריקע**. העברעיִשע דערציילונגען און לידער פֿאַרעפֿנטלעכט אין **העולם**, **דפים** און **ניצוץ**. געשטאָרבן 1958 אין קייפּטאָן.

יצחק בן־דור (בינדער), געבאָרן 1893. העברעיִשער זשורנאַליסט. פֿון 1913 אין ארץ־ישׂראל געאַרבעט אַ צײַט אין **דבֿר** (תּ"א) און רעדאַקטירט דעם עקאָנאָמישן אָפּטייל. מחבר פֿון **רבֿדים — מבֿחר כּתבֿים ואגרות** (תּ"א, תּשי"א). געשטאָרבן 1948 אין ירושלים.

לאה גרינשטיין־קאַפּלאַן, געבאָרן 1907. פּאָעטעסע. געדרוקט לידער אין די קאָוונער ייִדישע צײַטונגען **פֿאָלקסבלאַט**, **אידישע שטימע** און אין די ליטעראַרישע זשורנאַלן **שליאַכן**, **טויערן**, **בלעטער**, **קווייטן**. 1944 לעבעדיק פֿאַרברענט געוואָרן אין איר אונטערגעצוונדענעם בונקער אין קאָוונער געטאָ.

דוד שאַפּיראָ און ישעיה בר' אבֿרהם־מרדכי ראַבינאָוויץ האָבן געשריבן קאָרעספּאָנדענציעס אין **המליץ**.

**ניכבדים.** — ר' מאיר זימאַן, א. קאַהאַן, ל. טיגער, אַ זאַקס, ר' אפֿרים־אהרן בר' גרשון־מענדל כּהן, האָט חידושי־תּורה אין **המגיד**, 1872; ר' שמריה בר' יחיאל־מיכאל הכּהן (**ניפֿטר** 1878), ר' יחיאל בר' משה ברווידא, ר' יצחק־יעקבֿ בר'

3) די מחלוקת סיאַד־זאַגער איז אַ פֿאַרפּלאָנטערטע און „יש פּנים לכאן ולכאן". ג. קרסל, וואָס איז זייער אָפּגעהיט און פּינקטלעך אין זײַן **לכּסיקון**: שאַט [זיכער געמיינט: סיאַד]. ער האָט אַ שטאַרקע אַסמכתּא:ביידע עלטערן האָבן געלעבט אין סיאַד. אויך אין נ. סאָקאָלאָווס **ספֿר זכּרון** ווערט שאַד [סיאַד] אָנגעגעבן ווי מזחס געבוירן־אָרט. זלמן רייזען, וואָס מזח האָט געלעבט אין זײַן ווילנע 25 יאָר, האָט געקענט וויסן וועגן מזחן אַ סך פּרטים, גיט נײַ־זאַגער ווי זײַן אָפּשטאַם. רייזען זאָגט, אַז מזח איז אַ ראשי־תּיבֿות: מְזאגער חדש. מכריע זיין קענען מיר ניט, אָבער אַ פּשרה קען מען מאַכן: אין **זאגער** האָבן מיר בעיקר געגעבן דעם **יידישן** מזח, דאָ ווען מיר געבן בעיקר דעם **העברעיִשן** מזח.

ראובֿן רעטאָוויץ, ר׳ אַהרן זאַקש, ר׳ אַבֿרהם־אליעזר בינדער, ר׳ אליעזר אָרדאַנג, ר׳ שמעון־אַבא גאָרדאָן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — ש״י פֿין, שׂפֿה לנאמנים. ווילנא, תּקפֿ״א, ע׳ 149; המגיד, 1872: 125; ד״ט אפֿרתי, תּולדות אַנשי שם. וואַרשא, תּרל״ה. ע׳ 46; ייִדישעס פֿאָלקס־בלאַט, פּעטערבורג, 1886: 16; הצפֿירה, 1891: 195; 1901: 10 (רשימה מנדבֿים פֿון סיאַדער ייִדן פֿאַר נשׂרפֿים)

המליץ, 1898: 169; א.ל. פֿרומקין, תּולדות אליה. ווילנא, תּר״ס. ע׳ 6, 26; משה זבדיה, מעין גנים. פּיעטרקובֿ, 1914; א.א. פֿרידמאַן, ספֿר הזכרונות. ת״א, תּרפּ״ו. ע׳ 114; ליטווישער איד. נ״י, 1946: 7; י.ד. קַמזון, יהדות ליטא. ירושלים, תּשי״ט. ע׳ 195; ספֿר זומברוב. 1964;

תּולדות אנשי שם (ראַנד), ע׳ 127; תּולדות חכמי ירושלים, ע׳ 259; חלקת מחוקק, ה׳; חובֿ׳ ט׳, מחברת א׳; חכמי ישׂראל באַמריקאַ, ע׳ 62; אהלי שם, ע׳ 116, 152, 201, 457; ש. ווינר, קהלת משה, נומ׳ 447; ד. תּדהר, אנציקלפּדיה לחלוצי הישוב וּבוניו, 142, 367, 1149; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 5822; יהדות ליטא, ג׳; לעקסיקאָן, 2, 5; ג. קרסל, 2; תּולדות ישיבֿת היהודים, ע׳ 71;

Recueil de Matériaux sur la Situation economique des Israelites de Russie, II., p. 368; Jewish Encyclopedia, VIII, p. 209; Blaćk Book; Biuletyn Żydowskiego Instytutu Historycznego W Polsce, Warszawa, 1987 (אַרטיקל וועגן זאַמעט)

# סימנע

# SIMNAS

אַליטער קרייַז. די שטאָט איז געגרינדעט געוואָרן סוף פֿופֿצנטן יאָר־הונדערט. 1626 האָט סימנע באַקומען מאַגדעבורגער רעכט.

דער ייִדישער יישובֿ האָט זיך אָנגעהויבן אַרום סוף זיבעצנטן יאָר־הונדערט. אין 1766[1] האָבן דאָ געוווינט 325 ייִדישע קאָפּשטייַער־צאָלערס, אין 1856 — 736, 1897 — 493, 1923 — 662 און פֿאַרן חורבן אַרום 600. אין 1915 האָט סימנע דורכגעמאַכט דעם גירוש־ליטע.

אין 1855 זייַנען געווען 8 פּרע־נומעראַנטן פֿון סימנע אויפֿן ספֿר **פּרדס הבינה** [יאָהאַניסבורג, תרט״ו] פֿון משה בר׳ אַהרן און אין 1890 — 3 סימנער חותמים אויף **מפיק מרגליות**, דובער הורוויץ (ווילנא, תּר״ן).

אין אַ רשימה פֿון 1872 פֿאַר ייִדן הונגער־געליטענע אין ליטע געפֿינען זיך מערערע סימנער. די קלייַבערס: יעקבֿ־דוד לעוויט, אַבֿיגדור כהנא. אין אַ ליסטע פֿון 1888 (**הצפֿירה**) זייַנען דאָ די נעמען פֿון 420 סימנער ייִדן.

ייִדן האָבן זיך פֿאַרנומען מיט

1) לויט צוויי אַנדערע מקורות, האָבן 1797 — 30 יאָר שפּעטער — דאָ געוווינט 703 תּושבֿים אין 103 הייזער, אָבער ייִדן ווערן ניט דערמאָנט [יאַנולייַטיס און טאָטאָרייַטיס]. דאָס לאָזט זיך דער־קלערן נאָר אויף אַזאַ אופֿן: אַ געוויסע צייַט **פֿאַר** 1797 איז אַרויס אַ גזירה פֿאַר ייִדן ניט צו וווינען אין שטעטל, און ס׳איז געווען אַ גירוש־סימנע פֿאַר יעניקע ייִדן, וואָס האָבן דאָרטן געלעבט.

מיסחר, קרעמעריי, מלאכה און פּישעריי. ווי ס׳רובֿ יידן אין סוּוואַלקער געגנט, האָבן אויך אַ סך סימנער געהאַט אַ צוגאָב־פּרנסה פֿון ביישטוביקער ווירטשאַפֿט (סעדעריי, גערטנעריי) און ביישטאָטישער לאַנדווירט־שאַפֿט. אַרום סימנע זיינען געווען זעקס גרויסע יידישע גיטער, פֿון אַרום 1500 העקטאַר יעדער. זיי האָבן געהערט צו: חיים פֿרייד, יצחק פֿראַנק, ישׂראל פֿראַנק, שלום ביינשטיין [ווײַנשטיין?], אַבֿרהם זימאַן, מאַקס גאָלדבערג.

אין 1860ער איז זיך פֿאַרלאָפֿן אַ מעשׂה, וואָס האָט אויפֿגערודערט דאָס שטעטל. ר׳ יעקבֿ־דוד לעוויט, שפּעטער פֿון די חשובֿי־העיר, האָט אין זיינע יונגע יאָרן געלערנט אין לאָמזשער ישיבֿה. ער האָט מערסטנס געלערנט בחבֿרותא מיט אַ סוּוואַלקער בחורל און זיי האָבן זיך גוט צונויפֿגעלעבט. מיט אַ סך יאָרן שפּעטער, אין איין שיינעם פֿרימאָרגן, קומט צופֿאָרן אַ רוסישער סאָלדאַט מיט אַ פֿאָדערונג, אַז איינער, יעקב דוד לעוויט, זאָל זיך גלייך צושטעלן צו זיין פּאָלקאָווניק. אין שטעטל איז געוואָרן אַ גרויסע מהומה. דער געפֿאָדערטער האָט זיך באַהאַלטן אויפֿן בוידעם פֿון שול און דעם סאָלדאַט האָט מען געזאָגט, אַז אַזאַ מענטש איז ניטאָ דאָ.

אַ קורצע צייט שפּעטער זיינען געקומען צוויי פֿול־באַוואָפֿנטע סאָלדאַטן און געפֿאָדערט אַרויסצוגעבן יעקב־דוד לעוויט, אין קעגנפֿאַל וועט מען פֿאַרברענען דאָס גאַנצע שטעטל. אין סימנע איז גע־וואָרן אַ יללה, דער רבֿ האָט געפּסקנט, אַז יעקבֿ־דוד זאָל זיך צושטעלן צו די סאָל־דאַטן. ער האָט אויסגעפֿאָלגט דעם פּסק־דין און דער רבֿ האָט אויסגערופֿן אַ תּענית פֿאַר אַלע יידן. אין דריי שעה אַרום איז אַריינגעפֿאָרן אין שטעטל אַ שיינע קאַ־רעטע, געשפּאַנט אויף פֿיר פֿערד, און פֿון איר איז אַרויסגעגאַנגען יעקבֿ־דוד און נאָך אים — אַ פּאָלקאָווניק, דאָס איז געווען זיין אַמאָליקער חבֿר אין לאָמזשער ישיבֿה [דערציילט פֿון צבֿי לעוויט, ברוקלין].

**רבנים.** — ר׳ יוסף אַפּריון, פֿאַרן דריטן פֿערטל פֿון נײַנצנטן יאָר־הונדערט. זיין זון ר׳ אורי־דוד, אבֿ״ד נעמאָקשט און זאַגער.

ר׳ חיים־נחום פּאָלטעראָוויץ, ניפֿטר געוואָרן 1897, מגזע הט״ז [טורי זהבֿ]. די קהילה האָט באַשטימט שׂכירות פֿאַר דער אַלמנה מיט די קינדער.

זיין זון ר׳ יהודה־אליה פּאָלטע־ראָוויץ, געבאָרן 1878. פֿון 1900 ביז אַרום 1913־14. האָט הסכּמה אויף **גבֿעת פּנחס**, פּנחס פֿוריא (ווילנא, תּרע״ד), געחתמעט: אבֿ״ד דק״ק סימנא.

ר׳ יוחנן זופּאָוויץ (זרחי), געבאָרן 1874 אין איישישאָק. פֿריִער רבֿ אין מיאַדל, ביז אַרום 1922 אין סימנע, שפּעטער אין ראַדווילישאָק. פֿון די פֿירנ־דיקע מזרחיסטן אין ליטע. זינט 1934 אין ארץ־ישׂראל. רבֿ אין טבֿריה, ווו ניפֿטר געוואָרן אין 1946.

ר׳ דובער שניצער, פֿריִער שו״ב אין שאַדעווע, דערנאָך אבֿ״ד סימנע און קאָוואַרסק, ווו אומגעקומען 1941, הי״ד.

זיין פֿאָטער ר׳ אַבֿרהם, ש״צ ושו״ב אין לוויקעווע.

אין די 1750ער איז דאָ געווען מ״מ ומו״צ ר׳ אַבֿרהם־אַבלי, מחבר פֿון **סדר אַבֿרהם**, „בן החסיד המקובל מהור״ר ירמיה ז״לה״ה מק״ק קלווריעא . . . פֿרנק־פֿורט דאדר [תּקי״ב, 1752], און צום סוף פֿון דער הקדמה „מ״מ ומ״צ בק״ק סימנאַ.״ אויך מחבר פֿון **מדבר סין** (דאָרטן, תּקכ״ט).

ר׳ אַבֿרהם לאַנדא איז דאָ געווען קאַזיאָנער ראַבינער אין די 1870ער יאָרן.

**אָפּשטאַמיקע.** — אויפֿן **ספֿר זכירה** (ווילמרשדארף, תּפ״ט) ווערט אָנגעגעבן: מהר׳ זכריה בר׳ יעקבֿ סימנֶר . . . הנקרא ר׳ זכריה מק״ק פלונגייאַן,[2]

ר׳ יעקבֿ באַרי״ט, דאָ געבאָרן אין 1797. באַקאַנט אויך אונטערן נאָמען ר׳ יאַנקעלע קאָוונער און ר׳ יאַנקעלע חריף. זײַן פֿאַמיליע־נאָמען נעמט זיך פֿון זײַן חתונה האָבן מיט אַ טאָכטער פֿון אַ רײַכן ייִדן אין קאָוונע בערי״ט [בן ר׳ יהודה טײַץ]. געווען ר״מ און מיטגליד פֿון ווילנער בית־דין. גרויסער ייִדישער כּלל־טוער בשעתּו. באַטייליקט אין די אַלרוסישע רבנים־אסיפֿות אין פּעטערבורג (1856, 1862, 1868) און אין אַ ייִדישער דעלעגאַציע צום צאַר ניקאָלײַ דעם ערשטן און צום צאַר אַלעקסאַנדער דעם צווייטן. ניפֿטר געוואָרן 1883 אין ווילנע.

אויף אַ קאָנפֿערענץ מיטן ווילנער גובערנאַטאָר פּאָטאָפּאָוו האָט יענער געזאָגט צו דער ייִדישער דעלעגאַציע, אַז ייִדישע קינדער זײַנען גע־וואָרן ניהיליסטן צוליב זייער שלעכטער דערציִונג. אויף דעם האָט הרבֿ באַרי״ט געענטפֿערט: כּל־זמן מיר אַליין האָבן דערצויגן אונדזערע קינדער, זײַנען זיי בײַ אונדז ניט געווען קיין ניהיליסטן, אָבער גלײַך ווי איר האָט גענומען אין אײַערע הענט די דערציִונג פֿון אונדזערע קינדער, זײַנען זיי דאָס געוואָרן.״

וועגן ר׳ יאַנקעלע קאָוונער ווערט נאָך דערציילט: איינער פֿון די רוסישע גרויסע לײַט אין פּעטערבורג האָט אים אַ מאָל געפֿרעגט: „פֿאַר וואָס האָט די תּורה געמאַכט אַ חילוק צווישן אַ גוי און אַ ייִדן? דאָרטן ווערט געזאָגט (דברים כג׳, כא׳): „לנכרי תשיך ולאחיך לא תשיך״ — ווו איז יושר און צדק״? אויף דעם האָט ר׳ יעקבֿ געענטפֿערט: „ר׳ עובֿדיה ספֿורנו, מיט 400 יאָר צוריק, האָט דעם זעלביקן פּסוק געטײַטשט פּונקט פֿאַרקערט — **לטובֿת** דעם קריסט, ניט לרעה פֿאַר אים: „לנכרי תשיך״ — **גיב** דעם קריסט די פּראָצענטן, אויב דו האָסט אים צוגעזאָגט; „ולאחיך לא תשיך״ — אַ ייִדן זאָלסטו ניט געבן קיין פּראָצענטן, אויב אַפֿילו צוגעזאָגט, ווײַל פֿאַר אַ ייִדן איז ניט נאָר אָסור צו **נעמען**

2) אויב אַ זון פֿון אַ סימנער ייִדן האָט אַרויסגעגעבן אַ ספֿר אין 1729, דאַרף מען רעכענען, אַז דער ייִדישער ייִשובֿ דאָ האָט זיך אָנגעהויבן אַרום סוף זיבעצנטן יאָרהונדערט. דאָס איז דער יסוד פֿון דער אינפֿאָרמאַציע אָנהייב קאַפּיטל.

פראָצענטן, נאָר ער טאָר אַפילו ניט **געבן** קיין פּראָצענטן — אָבער בײַ אַ קריסט איז אַנדערש, אים **מעג** מען געבן פּראָצענטן.

ר׳ יעקבֿ האָט געקענט גוט אַסטראָנאָמיע און געווען אַ גרויסער מאַטעמאַטישער קענער. ער האָט אַ גרעסערע באַשרײַבונג מיט מערערע אַלגעברײיִשע פֿאָרמולעס וועגן אַן אָרט אין די כּתבֿים פֿון ווילנער גאון.

האָט הסכּמות אויף: **בּכּורי יוסף**, יוסף־זונדל בר׳ חיים הוטנער (ווילנא, תּרל״א); **הלכה פּסוקה**, צבֿי־פּנחס ליפּשיץ (ווילנא, תּרל״א); **זכרון יעקבֿ**, יעקבֿ בענדיטמאַן (ווילנא, 1874); **מבֿחר החשבון**, יחזקאל יעקבֿ לטבלא (ווילנא, 1875). ר׳ יעקבֿס זון ר׳ משה־יהודה באַריט האָט חידושי תּורה אין **קהלת יצחק**, יצחק בר׳ ניסן (ווילנא, תּר״ס, ע׳ מ״ט)

נגיד און מנהיג איז דאָ געווען ר׳ אברהם־יעקבֿ אַלשאַנדסקי. געשטאָרבן 1888.

מ. מירקעס און אַלכּסנדר־תּנחום פּעלבראָווסקי האָבן געשיקט קאָרעס־פּאָנדענציעס אין **הצפֿירה** און משה־יהודה באַריט — אין **המליץ**.

**ביבליאָגראַפֿיע**. — המגיד, 1872: 12; כּנסת ישראל, שפּ״ר, ווארשא, תּרמ״ז, ע׳ 159; הצפֿירה, 1897: 235; צונזערס ביאָגראַפֿיע. נ״י, 1905. ז׳ 43; י.ל. מימון, למען ציון לא אחשה, ב׳. ירושלים, תּשט״ו, ע׳ 57; קריה נאמנה, ע׳ 229; אוצר ישראל, ב׳, ע׳ 285; הכּרמל, נומ׳ 22; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 5861; יהדות ליטא, ג׳; ליטע, 1, ז׳ 1369, 1853; לקורות עיר ראַסיין, ע׳ כ״ט; קהלת משה, ע׳ 421; דורות האחרונים, ב׳, ע׳ 343; אהלי שם, ע׳ 137.

A. Janulaitis, Užnemunė po Prūsais. Kaunas, 1928 p. 190; J. Totoraitis, Sūduvijos Suvalkijos Istorija, 1938, pp. 79, 472; Jewish Encyclopedia, II., p. 535; Black Book.

## סמילג SMILGIAI

14 ק״מ פֿון ראָזאַליע, פּאָנע־װעזשער קרײַז. אין 1923 האָבן דאָ געוווינט 37 ייִדן, פֿאַרן חורבן — עטלעכע מישפּחות.

פֿריִערדיקע יאָרן איז דאָ געווען אַ קליינע ייִדישע קהילה, וואָס האָט זיך געקענט פֿאַרגינען צו האָבן צוויי רבֿנים. איינער, ר׳ משה־יונה יפֿה איז דאָ געווען רבֿ אַרום די 1870־1880ער.

נאָך אים זײַן איידעם ר׳ זלמן־אַהרן בר׳ דובֿ דאַט, געבאָרן 1859 אין קײַדאַן. געווען 16 יאָר רבֿ אין פּושאַלאַט, ווּ ניפֿטר געוואָרן אין 1916. ער האָט ניט געוואָלט לעבן פֿון זײַן רבנות, האָט ער געעפֿנט אין סמילג אַן אַפּטייק, ווּ זײַנע זין האָבן געאַרבעט. זײַן שׂכירות פֿון פֿיל יאָרן האָט ער אָפּגעגעבן צו בויען אַ בית־מדרש. מחבר פֿון **תּולדות אהרן**. געשריבן מאמרים אין **המליץ** און אַנדערע העברעיִשע צײַטשריפֿטן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — יהדות ליטא, ג׳; אנציקלופדיה של הציונות הדתית, ע׳ 31, 502; ספר קיידאן, ע׳ 209.
Black Book

ערשטע צוויי צענדליק יאָר פֿון צוואַנציק־סטן יאָרהונדערט, שפּעטער אב״ד סטאָק־לישאָק, ווו ער איז אומגעקומען אָבֿ תש״א, הי״ד.

ביזן חורבן איז געווען מָרא דאַתרא ר׳ ישעיה־משה שעסקין, אומגע־קומען מיט זײַן עדה אין 1941, הי״ד. מחותּן פֿון ר׳ יצחק־אַריה בעליצקי, אב״ד יעזנע און מאַליאַט.

ר׳ יעקבֿ בן צבֿי, מחבר פֿון נהורא דיעקבֿ (וואַרשא, תּרנ״ט) האָט אַ שײַכות מיט סעמילישאָק. צי געווען דאָ אַ רבֿ, ווייסן מיר ניט.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המגיד, 1872: 14; יהדות ליטא, ג׳.
Black Book

## סעמילישאָק SEMELIŠKĖS

טראָקער קרײַז. 1923 האָבן דאָ געלעבט 274 יידן און פֿאַרן חורבן בײַ 250. יידן האָבן זיך מפֿרנס געווען פֿון מיסחר, מלאכה און בײַשטוביקער ווירטשאַפֿט.

אין אַ רשימה מנדבֿים פֿאַר הונגער־לײַדנדיקע יידישע שטעטלעך אין 1872 געפֿינען זיך אויך סעמילישקער.

ר׳ דובער בערגמאַן, געבאָרן 1881 אין לאַמזשע, איז דאָ געווען רבֿ אַרום

## סעריי SEIRIJAI

אַליטער קרײַז. אַן אַלט אָרט. די ערשטע ידיעה וועגן אָרט איז פֿון 1523, ווען יאַן סאַפּיעגאָ האָט עס באַקומען פֿון קעניג זיגמונד דעם אַלטן. 1797 האָבן דאָ געוווינט 1094 תּושבֿים אין 215 הײַזער. 1807 איז דאָ אויסגעוואַקסן אַ וועבערײַ־אינדוסטריע.

יידן האָבן דאָ געלעבט פֿון מיטן אַכצנטן יאָרהונדערט. 1867־1871 זײַנען געווען יאָרן פֿון הונגער און עפּידעמיעס אין גרויסע טיילן פֿון ליטע און סעריי איז גע־ווען איינע פֿון זיי[1]. אין 1881 איז געהרגעט געוואָרן אַ ייִד, וואָס האָט געלעבט אין אַ דערבײַיִק דאָרף. אין זעלביקן יאָר זײַנען סערייער יידן באַפֿאַלן געוואָרן פֿון שרעק פֿאַר אַ פּאָגראָם מצד די אַרומיקע פּוילישע

1) כאָטש סעריי איז אַליין געווען אַ געטראָפֿענע פֿון הונגער, האָט זי דאָך געהאָלפֿן הונגער־געליטענע יידן אין אַנדערע שטעטלעך פֿון ליטע. אין **המגיד** פֿון 1872 זײַנען דאָ 2 רשימות נעמען פֿון סייריִער מנדבֿים פֿאַר אַזעלכע שטעטלעך. אין איינער פֿון זיי זײַנען דא סייריִער יידן אין אמעריקע. אַ דריטע רשימה איז פֿון 1874.

ערד־אַרבעטערס (פֿאַר וואָס גראָד ערד־אַרבעטערס וועט דערקלערט ווערן שפּע־טער).

אין אַ רשימה פֿון ייִדישע עמיגראַנטן פֿון רוסלאַנד קיין אַמעריקע אין 1869/70 געפֿינען זיך די סערייער: ע. בערגמאַן, א. ביצקאָווסקי, ל. ברודזינסקי, ל. דושוויצקי, ג. טראָצקי, ר. לעווין, אַ. לאָסדאָיסקי, ס. סאַבסבערג, א. קאַץ, א. קרעפּקי, ס. שאַלמע.

אין 1912 איז אַ האַלב שטעטל אַראָפּ מיטן פֿײַער.

פֿאַרן ערשטן וועלטקריג האָבן געוווינט אין סעריי אַרום 1800 ייִדן, אין 1923 — 880 און פֿאַרן חורבן — בײַ 700. אין אַפּריל 1915 איז דאָ דורכגעפֿירט געוואָרן דער גירוש־ליטע.

ייִדן האָבן זיך פֿאַרנומען מיט מיסחר, קרעמערײַ, מלאכה און פישפֿאַנג, אָבער אין סעריי, ווי מערסטע שטעטלעך אין סוּוואַלקער געגנט, האָבן ייִדן געהאַט אַ וויכטיקע צוגאָב־פּרנסה — לאַנדווירט־שאַפֿט. געווען ייִדן־פּריצים מיט גרויסע מאַיאָנטקעס אויף הונדערטער העקטאַר ערד, וואָס זײַנען באַאַרבעט געוואָרן פֿון אַ סך פּויערישע אַרבעטערס. געווען אויך קלענערע יידישע מאַיאָנטקעס, וואָס האָבן אָבער אויך געמוזט אָנקומען אָן גוייִשע אַרבעטהענט. די אַלע פּויערישע ערד־אַרבעטערס זײַנען ניט געווען צופֿרידן פֿון זייער לוין און די אַרבעט־באַדינגונגען, און אין 1881 — די צײַט פֿון די פּאָגראָמען אין רוסלאַנד — זײַנען סייריִער ייִדן געווען פֿאַר אַ פּאָגראָם מצד די גוייִשע ערד־אַרבעטערס, אָבער זיי זײַנען אָפּגעקומען מיט שרעק. אויסער די גרויסע און קלענערע ייִדישע לאַנדווירטן, האָבן די מערסטע ייִדן געהאַט אַ בײַשטוביקע ווירט־שאַפֿט — גערטנערײַ, סעדערײַ, געפֿליגל.

*

סעריי איז געווען פֿון די השׂכּלה־שטעטלעך אין ליטע נאָך אין די 1870ער יאָרן. אין 1873 האָט מען אין דער תּלמוד־תּורה געלערנט האַנטווערק — 40 קינדער פלעגן נאָך די לימודים קומען אין תּלמוד־תורה זיך לערנען אַ מלאכה. דאָס איז ניט געווען פֿון די צו אָפֿטע דערשײַנונגען אין ליטע פֿון יענע יאָרן. נאָך אַ גרעסערער חידוש איז דער פֿאַקט, אַז אין 1873 האָט מען אין תּלמוד־תּורה געלערנט **ייִדיש ווי אַ לימוד** — דאָס איז פֿון די סאַמע זעלטנסטע פֿאַלן — און אפֿשר דער אײנציקער — אין יענצײַטיקער ליטע. געהייסן האָט עס: „מעַט בלשון אִמו".

אין 1887 איז דאָ געגרינדעט געוואָרן אַ מאָדערנער „חדר", אַ סאָרט „חדר מתוקן". מען האָט געקויפֿט אַ הויז מיט אַ גאָרטן אַרום. 4 לערערס האָבן געלערנט 50 תּלמידים אין 4 צימערן: מקרא, גמרא, חשבון, רוסיש. די לערערס זײַנען געווען: י.י. ווישייסקי, מ.מ. ראַגאָלסקי, י. סיינענסקי. זיי זײַנען געווען די גרינדערס פֿון נייעם „חדר". אין זעלביקן יאָר איז פֿאַרטיק געוואָרן אַ נייער בנין פֿאַר דער תּלמוד־תּורה און דאָרטן האָט מען

אויך צוגעגעבן רוסיש און חשבון צו דער געוויינלעכער לימודים־פּראָגראַם.

אין 1891 זײַנען פֿאַרשטאַרקט געוואָרן די חבֿרות „לחם עניים", „הכנסת־אורחים" און „מלביש ערומים". אין 1896 איז געגרינדעט געוואָרן אַ „לינת הצדק", בראש מיט הרבֿ ר"י וואָלפּערט. די חבֿרה האָט געדאַרפֿט דעקן אַלע הוצאות פֿאַר דאָקטוירים און רפֿואות.

*

מיט ארץ־ישׂראל איז סעריי פֿאַרבונדן אַזוי פֿרי ווי 1810. אין „אִגרת הכּולל" מהרבנים בא"י לאחיהם בליטא ובריסן על אֹדות נדבֿות א"י בכלל ולתּושבֿי צפֿת בפֿרט (שקלאָוו, תּק"ע) איז איינער פֿון די חתומים שאול בר' שמעון מְשֶׂרהיי.

אויף אַן אַלטן בית־עולם אין ירושלים איז דאָ אַ מצבֿה פֿון 1884 פֿון סייריִער יהודה לייב בר' מאיר הכּהן, תּרמ"ד.

מיטן אויפֿקום פֿון חיבת־ציון און דער ציוניסטישער באַוועגונג האָט סעריי געגעבן איר חלק צום אויפֿבוי פֿון ארץ־ישׂראל. אין די רשימות מנדבֿים פֿאַר ארץ־ישׂראל סוף נײַנצנטן און אָנהייב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט זײַנען דאָ הונדערטער נעמען פֿון סייריִער: **המליץ**, 1884, 1898, 1899, 1903. די מורשים, אין פֿאַרשיידענע יאָרן, זײַנען געווען: הרב יחזקאל וואָלפּערט, יום־טוב ליפּמאַן זיוו, ד"ר קאַבאַקער, ש.ז. וואַזבוצקי, צבֿי סימסאָן, לערער רפֿאל וואָלפּיאַנסקי. ערבֿ יום־כּיפּור פֿלעגט מען אַרויסשטעלן אין די בתּי־מדרשים קערות פֿאַר ארץ־ישׂראל. אין 1899 איז פֿאָרגעקומען אין ווילנע אַ ציוניסטישע ועירה גלילית פֿון 51 שטעט. דער דעלעגאַט פֿון סעריי איז געווען הרבֿ ר' יצחק־אײַזיק וואָלפּערט.

אין אַ רשימה פֿון נדבֿות פֿאַר א"י אין 1909 געפֿינען זיך די סערייער: זלמן וואַזבוצקי, הלל קליינזאָן, דוד וואַזבוצקי, ד"ר יעקבֿ לינסקי, איסר היימאַן, יוסף גאַרבאַרסקי, יוסף־דוד פֿרענקל, נוח פֿאגיר, צבֿי־אַריה סימסאָן, אַבֿרהם זעף, אַריה־לייב פּינקאָווסקי, יעקבֿ ראַצקאָווסקי, שמואל־פּנחס ליפּסקי, שלמה ראַצאַן, שלמה עבֿרי.

יצחק ראַצקאָווסקי, צבֿי גאַרבאַרסקי, אַבֿרהם קורסניאַנסקי, דובֿ צווילינג, ירוחם גאַרבאַרסקי, אליעזר זיף, חיים־יהודה פּרוסאַק, אַריה קאָפּעלמאַן, אַלטער אירען, צבֿי זיסקין, אַריה קש (?), שמואל־משה שאַלקאָווסקי, אַריה־דובֿ בראָדאָוו, אליעזר פּרוסאַק, ישׂראל־אַהרן פּרוסאַק, יצחק שמידט, דובֿ שאַלקאָווסקי, יהודה ראָזענצווײַג, אַהרן סעלסקי, יעקבֿ הורוויץ.

צבֿי שאַלקאָווסקי, בנימין־מאיר אַהרנסאָן, מנוחה מילער, משה קרינסקי, חיים ראַגאָווסקי, עזריאל־יצחק קאַלמאַנסקי, יהודה־לייב ביאַלאָסטאָצקי, אליעזר־זאבֿ פֿינקל, אליעזר־דוד סענעוויטש, דוד ראָזענבערג, מאיר־מרדכי ראַגאַלסקי, מרדכי נון.

אין אַ רשימה פֿון יערלעכע בײַשטײַערונגען פֿאַר דער „אַגודה" געפֿינען זיך די סערייער: הרבֿ ר' ישׂראל גאָלדין,

אַבֿרהם זעף, אַריה־לייב פּינקאָווסקי, אריה־לייב אַבֿנר, אליעזר מערעצקי, אַהרן בערנעט, אליעזר רייז, אַבאַ יאַבלאָנסקי, גרשון היימאַן, דובֿ צווילינג, דובֿ סלאַוואַטיצקי, דובֿ־אַהרן בראָדאָוו, דובֿ שקלאַראָווסקי, העניע ראָץ.

זאבֿ שקלאַראָווסקי, חיים־יוסף דונישקי, חיים שולזינגער, חוה וואַזבוצקי, יחזקאל קאַזאַקער [קאַבאַקער?], יחזקאל עמינדבֿ, מרדכי בראָדאָווסקי, מרדכי קאַגאַן, מנחם־מענדל ש״צ ושו״ב, יהודה־לייב קריגער, ישׂראל סידער, משה שוואַרצבאָרד, משה באָגדאַנסקי, עטל ראַגאַלסקי, פּנחס־זעליק סטראַזש, שמואל פֿאָרדשטיין, שבתי שׂראָלאָוויץ, שלמה סלאַוואַטיצקי, שמעון און תּנחום אַבעלסקי.

**רבנים.** — ר׳ אַבֿרהם ברוידא, אַרום 1760־1770ער, חבֿר פֿון ווילנער גאון אין קבלה.[2] זײַן פֿאָטער ר׳ אַהרן, אבֿ״ד קאַלוואַריע. זײַנע ברידער: ר׳ בנימין, אבֿ״ד גראָדנע, קאַלוואַריע (ניפֿטר 1818); ר׳ צבֿי־הירש, אבֿ״ד סאַלאַנט; ר׳ אַריה־לייב, אבֿ״ד קאַלוואַריע.[3]

ר׳ חיים בר׳ שמשון וואַסערצוג, מער באַקאַנט אונטערן נאָמען ר׳ חיים פֿיליפּאָווער, איז געווען רבֿ אין סערײי אַרום 1840ער און מיטן 1850ער יאָרן. פֿריִער איז ער געווען מרא דאַתרא אין טשענשטעכאָוו, רייגראַד, פֿיליפּאָווע און נאָך סערײי אין ווישטינעץ, ווו ער איז ניפֿטר געוואָרן אין 1865.[4]

ר׳ חיים האָט גענומען שׂכירות נאָר אויף אויסקומעניש. אין די נעכט האָט ער מערער געלערנט ווי געשלאָפֿן. ער איז געווען אַ גרויסער מקיל און האָט אַפֿילו איין מאָל געפּסקנט קעגן אַ פּסק־דין פֿון ווילנער גאון. צוליב דעם און צוליב זײַן צו פֿיל מקיל זײַן האָבן רבנים געוואָלט אים מעבֿיר זײַן פֿון רבנות. צווישן זיי האָבן זיך געפֿונען די גרויסע גאונים פֿון זײַנע שכנות־דיקע שטעט: ר׳ יצחק־אײַזיק חבֿר פֿון סוואַלק און ר׳ משה־יצחק אַביגדור פֿון סייני. מיט די טענות זײַנען זיי געקומען צום גאון ר׳ לייבעלע שאַפּיראָ פֿון קאָוונע — און דער קאָוונער רבֿ זאָל זיי האָבן געזאָגט: מיר לערנען אַ וואָך וואָס ער לערנט אַ טאָג, און מיר עסן אַ טאָג וואָס ער עסט אַ וואָך — ווי קענען מיר אים מישפּטן?

ר׳ יוסף־אלחנן הלוי, געבאָרן 1801 אין סייני, פֿריִער רבֿ ומו״צ אין פֿיליפּאָווע, רייגראַד, און פֿון 1853 דאָ אבֿ״ד ביז זײַן פּטירה ז׳ תּשרי, תּרל״ז. זון

2) מיר האָבן אָנגעטראָפֿן עטלעכע מאָל: ר׳ אַבֿרהם יאַנעווער, מחותּן פֿון הגר״א; דער ווילנער גאון איז געזעסן 13 חדשים אין סערײי בײַם מחותּן דעם רבֿ פֿון שטעטל ר׳ אַבֿרהם יאַנעווער; „הצדיק הגאון ר׳ אַבֿרהם מסערהייי״, זײַן טאָכטער איז די פֿרוי פֿון ר׳ יהודה־לייב, זון פֿון ווילנער גאון. ס׳איז קלאָר: ר׳ אַבֿרהם יאַנעווער איז ר׳ אַבֿרהם ברוידא, אבֿ״ד סערײי.

3) אין **ספֿר היחס למשפחת ריבלין** (ירושלים, תּרצ״ח) ווערן איבערגעגעבן ווי רבנים אין סערײי: ר׳ אַהרן ב״ר אַבֿרהם שיינעס, איידעם פֿון בעל „התניא״ און ר׳ זלמן־זיסל בהרבֿ ר׳ צבֿי שיינעס. מיר האָבן ניט קיין באַשטעטיקונג אויף דעם. אפֿשר זיינען זיי פֿון די ברוידאס?

4) דער צוגאָב „הי״ד״ אויף ר׳ חיימען אין יהדות ליטא, ג׳, זײַט 333 איז אַ טעות. דאָרטן אויף ז׳ 47 ווערט ריכטיק אָנגעגעבן זײַן פּטירה־דאַטע — 1865.

פֿון „הרבֿ המפֿורסם" ר׳ מאיר בר׳ וואָלף הלוי, חסיד פֿון סייני. בעל **עינות מים** (1856). יונגערהייט געשריבן שירים. האָט חידושי־תּורה אין **המגיד** (1862). צו זײַנע חידושי־תּורה פֿון 1886 אין שפ״רס **כּנסת ישׂראל** ווערט צוגעגעבן ז״ל צום מחברס נאָמען, אין **הצפֿירה** פֿון 1877 איז געדרוקט אַ טייל פֿון זײַן צוואה.

ר׳ גרשון בהרבֿ ר׳ יוסף ראַווינ־סאָן [ראַבינזאָן?], פֿון 1876, פֿון 1882 אין פּאַלאָנגע, דערנאָך טשענסטאָכאָוו, וולאַצ־לאַוועק, 1897 אין מסטיסלאַוו, 1903 — מאַנטשעסטער (ענגלאַנד), דערנאָך קליוור־לאַנד, ווו ניפֿטר געוואָרן 1908.

ר׳ יחזקאל בר׳ יצחק וואָלפּערט, פֿון אַרום 1880ער ביז אַרום 1900. שפּעטער רבֿ אין נײַשטאָט־שאַקי, דערנאָך אין ביאַליסטאָק, ווו ניפֿטר געוואָרן אין 1910.

ר׳ אַבֿרהם־צבֿי־פּנחס עליאַש־בערג, געבאָרן 1863. פֿריִער רבֿ אין קאָפּ־טשעווע, 1901־1908 אין סערייַ, 1909 — טיקטין. 1929 עולה געווען קיין ירושלים, ווו ניפֿטר געוואָרן 1943. זײַן זון ר׳ יצחק־אַריה, מחבר פֿון **רגשי יצחק**.

ר׳ ישׂראל גאָלדין, געבאָרן 1874 אין לונאַ. פֿריִער אין לאַפּי, 1909־1924 אין סערייַ, שפּעטער אין ראָטשעסטער (אַמע־ריקע). זײַנע זין: ר׳ יוסף, אב״ד שאַקי, ר׳ חיים, רבֿ אין באָסטאָן, ר׳ אַהרן, רבֿ אין פּאָטאַקעט (ראוד אײַלענד). איידעם פֿון ר׳ צבֿי־הירש דירעקטאָר, אב״ד מסטיסלאַוו (רוסלאַנד), סאָקאָלקע. האָט חדו״ת אין **הפּרדס**, צוויי תּשובֿות אין **דברי מלכיאל**.

ר׳ שלום־יצחק שצופּאַק, געבאָרן אין ביאַליסטאָק 1877. רבֿ אין יאַשון, וועוויע, קאָשעדאַר, פֿון 1930 אין סערייַ, ווו ניפֿטר געוואָרן 1939.

א. קרנא, לעצטער רבֿ, פֿריִער אב״ד קאָשעדאַר.

סוף אַכצנטן יאָרהונדערט איז געווען „ר׳ אַריה־ברוך מ״מ ומו״צ דק״ק טשערהיי" — אַזוי איז ער געחתמעט אין זײַן הסכּמה אויף **דרך המלך**, יחיאל מיכל בר׳ יהודא־לֵיב מקאַלווריִע (שקלאָוו, 1798).

ש״צ ושו״ב אין נײַנצנטן יאָר־הונדערט איז געווען ר׳ ישׂראל־יעקבֿ ברוידא און אין 1913 — ר׳ מנחם־מענדל.

חיים־זאבֿ־וואָלף, מחבר פֿון **דבֿרי חיים** (איידקוהנען, 1872) און י.ש. ש״ס, מחבר פֿון **ישועות שמשון** (ווילנא, תּרצ״ג) — האָבן אַ שײַכות מיט סערייַ.

צווישן 1841 און 1911 זײַנען געווען 73 סערײַער פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

**אָפּשטאַמיקע.** — ר׳ חיים בר׳ שלמה־זלמן, גערופֿן אויך ר׳ חיים סערײַער און ר׳ חיים מגיד. געווען מ״מ ומ״ץ אין ווילנע. תּלמיד־חבֿר פֿון ווילנער גאון. אין זײַנע כּתבֿים (כּ״י) רופֿט ר׳ חיים דעם הגר״א „מורי ורבי". געווען איינער פֿון די צוויי, וואָס דער ווילנער גאון האָט געשיקט מיט דער באַרימטער שליחות צו אַלע ייִדי־

שע קהילות אין ליטע און ווײַסרוסלאַנד קעגן חסידות. הגאון ר׳ רפֿאל האַמבורגער, אב״ד אה״ו (אַלטונאַ, האַמבורג, וואַנדסבעק), האָט גערופֿן די ייִדישע מנהי־גים צו באַשטימען ר׳ חײמען אַרומצופֿאָרן איבער ייִדישע יישובֿים און זאָגן פֿאַר זײ תּורה ומוסר. ש״י פֿין, דער מחבר פֿון **קריה נאמנה**, שרײַבט, אַז ר׳ חיים איז אפֿשר געווען מ״מ פֿריִער אין סערײ און דערנאָך אין ווילנע, וווּ ער איז ניפֿטר גע־וואָרן אין 1804.

ר׳ יחזקאל סערײיער, גערופֿן אויך ר׳ יחזקאל ווילנער, זון פֿון ר׳ יהודה־לייב, זון פֿון ווילנער גאון. אין **שיר השירים** עם פירוש הגר״א ווערט ער דערמאָנט. טויבע, ר׳ יחזקאלס טאָכטער, געשטאָרבן 1861, פֿרוי פֿון ווילנער גבֿיר אַבֿרהם עפּרון.

ר׳ מנחם־מענדל, פֿון די ערשטע תּלמידים פֿון ווילנער גאון, עולה געווען קיין ירושלים. ווען הגר״א האָט זיך אויפֿגעהאַלטן אין סערײ, האָט ר׳ מנחם־מענדל אים משמש געווען.

ר׳ יששכר־בעריש בר׳ לייב סערײיער, זון פֿון ווילנער גאון. געלעבט אין וואַרשע, וווּ ניפֿטר געוואָרן אין 1845. אויף זײַן מצבֿה איז צוגעגעבן: „מתּושבֿי יקירי וואַרשא״.

ר׳ יהודה־ליב [בן עוזר], מחבר פֿון **ערי יהודה** (ווילנא, תּרכ״ה), גיט זיך אָן אויפֿן שער: „מילידי עיר סערהייא.״ דאָ אַ סך הסכּמות אויפֿן ספֿר.

עוז בר׳ שמעון סימן (Simon) איז דאָ געבאָרן אין 1849. 1869 געוואָרן מ״מ אין סאוטהעמפּטן (ענגלאַנד), אין 1884 — רבֿ און מטיף אין מאַנטשעסטער.

ר׳ מנחם־מענדל יהודה־לייב בר׳ יואל שלום פֿון סערײ איז געווען ד״ר־מעדיצין אין ריגע. מחבר פֿון **משיבֿ נפֿש** (ווילנא, תּרס״ו. 3 טײלן). דער פֿאָטער איז געווען אַ גרויסער למדן, אָבער ניט געוואָלט אָננעמען קײן רבנות. ר׳ ברוך עפּשטײן, מחבר פֿון באַקאַנטן ספֿר **מקור ברוך**, זאָגט וועגן אים: „מלא וגדוש חריפֿות ובקיאות בספֿרות התּלמודית והרבנית.״

יעקבֿ ראָבינזאָן, געבאָרן 1889. אינטערנאַציאָנאַלער יוריסט. סיים־דעפּו־טאַט אין ליטע. יורידישער בעל־יועץ פֿון דער ישׂראל־דעלעגאַציע אין יו־ען אין די ערשטע יאָרן פֿון מדינת ישׂראל. האָט אָנגעפֿירט מיט אַ סעריע ביבליאָגראַפֿיעס וועגן חורבן אייראָפּע אין ייִדיש, העברעיִש און ענגליש (14 בב׳, 1942־1973), צווישן זײ: **ביבליאָגראַפֿיע פֿון ייִדישע ביכער וועגן חורבן און גבֿורה; ביבליאָגראַפֿיע פֿון אַר־טיקלען וועגן חורבן און גבֿורה אין ייִדישער פּעריאָדיקע; והיה העקובֿ למישור** (1965) וועגן אייכמאַן־פּראָצעס. פֿון די ערשטע מיטרעדאַקטאָרן פֿון דער קאָוונער **אידישע שטימע** און פֿון אירע מיטאַרבעטערס. געשטאָרבן 1977 אין ניו־יאָרק.

**שרײַבערס.** — אַלכּסנדר־זיס־קינד בר׳ משה מײַמון, געבאָרן 1809 אין קעלם. העברעיִשער שרײַבער. בעל **קובֿץ**

**מאמרים בעניָנים שונים** (ווילנא, תּרנ״ד) [אַרויסגעגעבן דורך זײַנע ברידער שאול און צבֿי־הירש], געשריבן מערסטנס א״נ א״ז ברמ״מ. געדרוקט חידושי־תּורה אין **המגיד** און **הלבֿנון**. תלמיד־חכם, נדבֿן, עסקן. געשטאָרבן 1887.

יעקב־מרדכי לעווינזאָן (געשריבן א״נ ימ״ל) איז טאַקע געבאָרן 1831 אין גראָדנע, אָבער ווי אַ סערייער איידעם האָט ער לאַנגע יאָרן געוווינט אין סעריי, וווהין ער איז געקומען אין 1853. האָט זיך מערסטנס געשריבן אונטער „ימ״ל מסערהייא״. געענדיקט ווילנער ראַבינער־סעמינאַר, אָבער בעיקר זיך פֿאַרנומען מיט מיסחר. זײַן פֿאָטער איז געווען אב״ד ומ״מ אין גראָדנע.[5] פֿאַרעפֿנטלעכט אַ סך אַרטיקלען אין דער העברעיִשער פּרעסע (**הלבֿנון, הכּרמל, המגיד**) וועגן כעמיע, זאָאָלאָגיע, עלעקטריציטעט, פֿיזיאָלאָגיע, רעליגיע א״אַ. געשריבן אַ סך אויך אין פּוילישן **יוטשענקאָ**. ימ״לס ספֿר **האָדם בצלם אלהים** (על השארת הנפֿש), חלק א׳, (קעניגסבערג, תּרט״ו) איז מער ניט געדרוקט געוואָרן. זײַן שווער מרדכי קויפֿמאַן, אויך אַ סערייער, האָט געהאַט אַ באַנק אין ווירבאַלן. געשטאָרבן 1878 אין וואַרשע, ימ״לס מצבֿה איז דאָ אין ש. יעווונינס **נחלת עולמים**.

אליעזר־יצחק שאַפּיראָ, געבאָרן, 1835. מחבר פֿון אַ ריי העברעיִשע ביכער, אַ סך איבערגעזעצטע, און אַרויסגעגעבער פֿון ביכער. אין דער הקדמה (געשריבן 1864 אין סעריי) פֿון זײַן איבערגעזעצטן **הפּודה ומציל** (וואַרשא, 1866) שרײַבט ער, אַז דאָס איז „תּחלת מעשׂי בשׂדה הליטעראַטור העבֿריה״. אין משך פֿון לאַנגע יאָרן געדרוקט סיפּורים, מאמרים און איבערזעצונגען אין דער העברעיִשער פּרעסע. אַרויסגעגעבן **מגד ירחים**, אסופֿת ספּורים מתורגמים עם שירים מקוריים (וואַרשא, תּרל״א); אַ סעריע דערציילונגען אונטערן נאָמען **בית האוצר; מכתּבֿים בספֿר** (וואַרשא, תּרל״א); **יד חרוצים** (וואַרשא, תּרל״ט) און נאָך אַ ריי ביכער פֿון אַנדערע שרײַבערס. אין **אגרות יל״ג** (וואַרשא, תּרנ״ה) זײַנען דאָ בריוו צו אים פֿון יהודה־לייב גאָרדאָן. געשטאָרבן 1915 אין וואַרשע. זײַן שוואָגער יצחק גאָלדמאַן, מחבר פֿון **הפּחד בלילות** (וואַרשויא, תּרל״ו).

פּאול ט. גודווין, געבאָרן 1885. אָריגינעלער נאָמען פֿון פּסח גודאַנסקי. פֿון 1907 אין אַמעריקע. אָנגעהויבן דרוקן דערציילונגען און לידער אין **פֿרײַע אַרבייטער שטימע** (נ״י), אַרום 1910. אין די 1920ער פֿאַרעפֿנטלעכט דאָרטן און אין **פֿאָרווערטס** אַ סעריע אַרטיקלען וועגן שטוב־מאַלערײַ (אַליין געווען אַ שטובמאָלער).

**יהושע זימאַן**, געבאָרן 1898. געענדיקט 1923 דעם עקאָנאָמישן פֿאַקולטעט פֿון אוניווערסיטעט אין סאַראַטאָוו (רוסלאַנד). אַרעסטירט געוואָרן פֿאַר זײַן

---

5) זײַן זון וולאַדימיר קאָסאָווסקי (אמתער נאָמען: נחום־מענדל לעווינסאָן), איינער פֿון די הויפּט־פֿירערס פֿון „בונד״.

אָנגעהעריקייט צו דער ציוניסטיש־סאָציאַ־ליסטישער פּאַרטיי, אָבער דער אורטייל איז פֿאַרביטן געוואָרן אויף אַרויסטרײַבן אים פֿון לאַנד. פֿון 1924 אין ארץ־ישׂראל. געדרוקט מאמרים און פֿאָרשונגען אין דער העברעיִשער פּרעסע וועגן עקאָנאָמיק און דער געשיכטע פֿון דער ציוניסטישער קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישׂראל, ווי אויך אין ביכער און בראָשורן: **הפלפלה הארץ־ישׂראלית במספרים** (1929), **הפלפלה הארצי־ישׂראלית** (וואַרשאַ, 1932), **ששים שנות בנין הארץ** (1943), **בנין הארץ** (1945), **מחיבת ציון למדינת ישׂראל** (1952). די מערסטע ביכער זײַנע זײַנען איבערגעזעצט געוואָרן אויף פֿאַרשיידענע לשונות.

**קאָרעספּאָנדענטן. — המליץ:** דוד ראַבינזאָן, מרדכי־עוזר סימאַנסקי, אַבֿנר [?], חיים־יהודה הכהן, יש״י ברוידא.

**הצפֿירה:** י. קאַלמאַנסקי, חיים־יהודה גאַזאַנסקי [הכּהן?], י.י. ברודא מקעלם, אהרן־דוד מעלצער, אליעזר־יצחק שאַפּיראָ.

**המגיד:** י. ווײַסברעם, אליעזר־יצחק שאַפּיראָ, מאיר הורוויץ, אַלכּסנדר מײַמון.

די ייִדיש־דײַטשישע זשורנאַלן אין דײַטשלאַנד האָבן געהאַט קאָרעספּאָנדענטן אין סעריי.

**ניכבדים. —** ר׳ יהודה־לייב, זון פֿון ווילנער גאון, איידעם פֿון סערייער רבֿ. געוווינט אין סעריי זײַן גאַנץ לעבן נאָך דער חתונה. אויף זײַן וועג קיין קעניגסבערג צוליב זײַן קראַנקייט, איז ער ניפֿטר געוואָרן אויף דער גרענעץ מיט פּרײַסן און ניקבר געוואָרן אין נײַשטאָט־שאַקי, כ״ה שבֿט, תּקע״ו.

ר׳ זאבֿ בר׳־יצחק־ישׂראל מק״ק סעריי האָט אָפּגעפֿונען דעם כּתבֿ־יד פֿון ווילנער גאונס פּירוש אויף **שיר השירים**. געפֿונען האָט ער עס ביי ר׳ יחזקאל, ר׳ יהודה־לייבס זון.

ר׳ זונדל חלפֿן, אַ גרויסער למדן און מדַקדק. ווען דער ווילנער גאון האָט זיך אויפֿגעהאַלטן אין סעריי, האָט מען ר׳ זונדלען צוגעטיילט דעם כּבֿוד צו לייענען פֿאַר אים צו זײַן „עליה" בעת קריאת התּורה. ר׳ זונדלס פֿאָטער האָט געהייסן ר׳ משה יפֿה.

ר׳ ישׂראל בורלוינער [בערלינער?], למדן און גבֿיר. בײַ אים האָט זיך אויפֿגעהאַלטן און געלערנט דער ווילנער גאון, ווען ער איז געווען אין סעריי. ר׳ ישׂראלס טאָכטער רייזל איז די פֿרוי פֿון ר׳ יהודה בַכרך, אבֿ״ד סייני.

מ. הורוויץ איז געווען דער משגיח איבער אַלע צדקה־עניינים אין גאַנצן ראַיאָן, אַרום 1860ער יאָרן.

דוד וואַזבוצקי, עסקן; יש״י ברוידא, פֿון די מנהלים פֿון תּלמוד־תּורה; מאַרקוס מערעצקי, נדבֿן, אויסגעבויט נײַעם בניין פֿון תּלמוד־תּורה, געשאַפֿן הכנסת־אורחים. ניפֿטר געוואָרן 1898 אין מעמל. זײַן פֿרוי — דבֿורה; רפֿאל וואָלפּיאַנסקי, לערער; משה שאפּיראָ, משׂכּיל; ד״ר קאַבאַקער; חיים־הערש נון.

אין פֿאַרשיידענע צײַטן האָבן לענגער אָדער קירצער געלעבט אין סעריי באַקאַנטע פּערזענלעכקייטן.

ראש וראשון — דער ווילנער גאון. ער האָט זיך דאָ אויפֿגעהאַלטן דרײַצן חדשים בײַ זײַן מחותּן ר׳ אַבֿרהם ברוידא [לויט אַן אַנדער מקור — ווייניקער באַגלייבלעך — בײַ ר׳ ישׂראל בורלוינער]. דאָ האָט דער הגר״א פֿאַרענדיקט זײַן **אדרת אליהו.**

ר׳ יעקבֿ איש טישטוויטש, מחבר פֿון **פּירוש חכמים** אויף **בחינת עולם** (הוראדנא, 1795), דאַנקט אין זײַן הקדמה „כּל קהל עדת ישורון שבק״ק סערהייא״ פֿאַרן אויסהאַלטן אים און זײַן זון „בעת המלחמות״.

דוד גאָרדאָן, געבאָרן 1826 אין מערעטש, האָט 1844 זיך באַזעצט אין סעריי. ער האָט דאָ געגעבן „שטונדן״ און אַליין זיך ווײַטער געלערנט. 1850 אַוועק קיין ענגלאַנד, שפּעטער קיין ליק, פּרײַסן, וווּ ער האָט רעדאַקטירט דעם **המגיד.** געשטאָרבן 1886.

חיים זאַק, מלומד, פֿון די „חכמי זאַגער״. האָט געהאָלפֿן לעאָן מאַנדעל־שטאַמען איבערזעצן דעם תּנ״ך, פֿון רמב״ם און אַנדערע ספֿרים אויף דײַטש [זע קאַפּיטל: זאַגער]. דאָ געלעבט לאַנגע יאָרן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — הכּרמל, תּרכ״א: 41; המגיד, 1863: 57; 1872: 16, 49; 1873: 23; 1874: 34; 1876: 39; 1878: 10; הצפֿירה, 1877: 35; 1886: 31; 1887: 119, 157; כּנסת ישׂראל, שפּ״ר, וואַרשא, תּרמ״ו; ש. יעווניך, נחלת עולמים, ווארשא, תּרמ״ו, ע׳ 22 (מצבֿה);

המליץ, 1884: 53 (בײַ 100 נעמען); המליץ, 1891: 188; 1898: 246; 1899: 67; 1903: 97 (בײַ 80 נעמען); 1903: 39 (גרויסע ליסטע נעמען); ש.י. יאַצקאַן, רבנו אליהו מווילנא. ווארשא, תּר״ס, ע׳ 156; חשבון הנדבֿות . . . לקנית אדמה בא״י. 1909, ע׳ 106; יהושע העשיל לעווין, עליות אליהו. וואַרשא, 1914, ע׳ 42; הדרך, פראַנקפֿורט/א.מ, תּרע״ד, גליון 11;

ברוך עפּשטיין, מקור ברוך, ח׳ ב׳. ווילנא, תּרפּ״ח, ע׳ 1012; העולם, 1934: מ״ו; אידישע שטימע, קאָוונע, 1939: 6204; י.ל. מַימון, תּולדות הגר״א. ירושלים, תּשט״ו, ע׳ קפ״א; אנציקלופדיה של הציונות הדתית, א׳. ירושלים, תּשי״ח, ע׳ 300; דעת קדושים, ע׳ 38, 39 (הערה), 40; קריה נאמנה, ע׳ 140, 227; ספֿר היחס למשפחת ריבלין אליעזר ריבלין, ע׳ 40,20;

ספֿר היובֿל של אגודת הרבנים בארצות הברית וקנדה, ע׳ קל״ט; אהלי שם, ע׳ 141, 350, 485, 553; ש.א. פֿרידענשטיין, עיר גבורים, ע׳ 55; ד.מ. ליפּמאַן, לתולדות היהודים בקובנה וסלבודקה, ע׳ 226; חלקת מחוקק, חוב׳ ז׳; תּולדות אנשי שם (ראַנד), ע׳ 14;

יעקבֿ ליפֿשיץ, זכרון יעקבֿ, ע׳ 178; יזכּור־בוך סואוואַלק, ז׳ 61, הערה, ז׳ 184; ליטע, I, ז׳ 1521; דורות בונדיסטן, ז׳ 11; ג. קרסל, 1, 2; לעקסיקאָן, 2, 8; ד. תּדהר, 2142; ייִוואָ־בלעטער, XL, ז׳ 224; ספֿר הפרענומעראַנטן, 6066; יהדות ליטא, ג׳.

A. Janulaitis, Užnemunė po Prŭsais, p. 486; Black Book

## סקאָפּישאָק SKAPIŠKIS

ראַקישקער קרײַז, אין דער צאַרישער צײַט געהערט צו נאָוואָ־אַלעק־סאַנדראָווסק (עזשערעני).

אין 1847 האָבן דאָ געוווינט 282 ייִדן (אויף 1010 קריסטן), האַרט פֿאַרן ערשטן וועלטקריג — בײַ 200, 1923 — 215 און פֿאַרן חורבן — ביי 160.

די ייִדישע פּרנסות זײַנען געווען: קרעמערײַ, מלאכה און מיסחר (זאָמען, פלאַקס, וואַלד, אָזיערעס).

אין די הונגעריאָרן פון ליטע אין 1869/72 האָט זיך פאַרגרעסערט די ייִדישע עמיגראַציע פון שטעטל. אין אַ ליסטע ייִדישע עמיגראַנטן פון 1869/70 געפינען זיך צוויי סקאָפּישקער: ס. גערבער, י. שמערל.

סוף נײַנצנטן יאָרהונדערט און ביזן ערשטן וועלטקריג פלעגט די קהילה געבן יעדן ייִדישן אָרעמאַן 20[?] רובל אויף פסח. סומעס צדקה אויף ייִדישע ימים־טובים פלעגן קומען פון די פּריצים און קאַטוילישע גלחים. די באַציִונגען מיט די קריסטן זײַנען געווען גוטע.

פאַר דער ערשטער וועלט־מילחמה איז דאָ געווען רבֿ ר׳ עזריאל גאָרדאָן, נאָך אים — ר׳ מענדל און ר׳ מנחם קאָפּעלאָוויטש, הי״ד.

**אָפּשטאַמיקע.** — ירחמיאל פעלדמאַן, געבאָרן 1877. ייִדישער שרײַבער. עמיגרירט קיין דרום־אַפריקע אין 1910. געשריבן אין די ייִדישע אָרטיקע צײַטשריפטן און אין דער ענגלישער פּרעסע. מחבר פון **שוואַרץ און ווײַס** (וואַרשע, 1935) — דערציילונגען פון דרום־אַפריקאַנער לעבן; **טרייער** (יאָהאַנעסבורג, 1945); **שוואַרץ און ווײַס** (ניו־יאָרק, 1957). האָט איבערגעזעצט פּרצעס דערציילונגען אויף ענגליש. געשטאָרבן 1968 אין יאָהאַנעסבורג.

לייבל פעלדמאַן, געבאָרן 1896. פון 1910 אין דרום־אַפריקע. אויטאָר פון **ייִדן אין דרום־אַפריקע** (ווילנע, 1937); **100 יאָר אינדיער אין דרום־אַפריקע** (יאָהאַנעסבורג, 1956); **מאַצודי, ווי אַזוי איך בין געוואָרן אַ דימענט־גרעבער** (דאָרטן, 1964). געשטאָרבן 1975 אין יאָהאַנעסבורג.

**ביבליאָגראַפיע.** — יזכור־בוך ראַקישאָק, ז׳ 370; יהדות ליטא, ג׳; ייִוואָ־בלעטער, XL, ז׳ 224; לעקסיקאָן, 6; ב. כהנס לעקסיקאָן, ז׳ 448,
Recueil de Matériaux sur la Situation economique des Israelites de Russie, II, p. 214; Black Book.

## סרעדניק SEREDŽIUS

קאָוונער קרײַז. דער ייִדישער ייִשובֿ האָט זיך אָנגעהויבן סוף אַכצנטן יאָרהונדערט. אין 1797 האָבן דאָ געלעבט סך־הכּל 8 ייִדן (210 קריסטן), אין 1847 — אַרום 1090, 1897 — 1174, 1914 — אַרום 700, 1923 — 449, 1935 — זעלביקע צאָל און פאַרן חורבן — אַן ערך אַזוי פיל.

סוף נײַנצנטן יאָרהונדערט האָט זיך אָנגעהויבן אַן עמיגראַציע פון ייִדן. 1912 איז אַ האַלב שטעטל אַראָפּ מיטן פײַער. 1915 האָט סרעדניק דורכגעמאַכט דעם גירוש־ליטע. אין ערשטן וועלטקריג כּמעט אין גאַנצן אָפּגעברענט.

ייִדן האָבן זיך באַשעפטיקט מיט קרעמערײַ, מלאכה און מיסחר, באַזונדערס

מיט האָלצהאַנדל. אַ וויכטיקער צוגאָב צו פּרנסה זײַנען געווען זייער בײַשטאָטישע לאַנדווירטשאַפֿט און בײַשטוביקע ווירטשאַפֿט (גערטנערײַ, סעדערײַ). אַן עקאָנאָמישער אַרויסהעלף איז אויך געווען דאָס טרײַבן פּליטן אויפֿן ניעמאַן און דוביסע קיין דײַטשלאַנד. פֿאַרן ערשטן וועלטקריג זײַנען דאָ געווען זייער פֿיל יידישע „וואַסערמענטשן״.

אין אַ רשימה בײַשטײַערערס פֿאַר בניין ארץ־ישראל אין 1895 זײַנען דאָ מערערע סרעדניקער.

צווישן 1842 און 1914 זײַנען דאָ געווען 48 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

**רבנים.** — ר׳ דוד קאַצענעלענבויגן, נאָך צײַקישאָק דאָ רבֿ, דערנאָך אב״ד ווילקי.[1] זײַן זון ר׳ משולם־זלמן, אב״ד יאַנישאָק, ניפֿטר 1830.

ר׳ חיים ליפֿשיץ, גערופֿן זיך אויך ר׳ חיים סרעדניקער. זײַן פֿאָטער ר׳ אליעזר איז געווען תּלמיד פֿון ווילנער גאון. פֿריער רבֿ אין זשעטל, דערנאָך אין סרעדניק ביז זײַן פּטירה אין 1865 אָדער 1866. דאָ אין די שו״ת **עטרת יצחק** פֿון יצחק־אײַזיק, אב״ד שאַוול.

זײַן זון ר׳ דובֿ־בער זאבֿ־וואָלף ליפֿשיץ,[2] געבאָרן 1827. זיך אויך גערופֿן ר׳ בער סרעדניקער. 1849 ביז מיטן 1864 רבֿ אין שאַוולאַן, אַ יאָר־צוויי איןווינדאו (קורלאַנד) און פֿון 1866 ביז זײַן פּטירה אין 1900 אין סרעדניק. זײַן זון ר׳ הלל־אַריה־לייב ליפֿשיץ, אב״ד סוּוואַלק, לובלין. איידעם פֿון ר׳ משה־יצחק סג״ל, **אב״ד** טאַווריק און אַנדערע קהילות. שוואָגער פֿון ר׳ מנחם־שרגא־פֿײַוול רעוועל, **אב״ד** פּרען. אָנקל פֿון ר׳ דובֿ־אַריה לעווינטאַל, **אב״ד** פֿילאַדעלפֿיע. חיבורים: **מעין חיים** (ווילנא, תּר״ל), **באר חיים**, פּירוש לסידור (ווילנא, תּרל״ט, געדרוקט מיטן טעקסט), **רוח חיים** (וואַרשא, תּרמ״ד. פּירוש אויף **קהלת**, געדרוקט מיטן טעקסט).[3]

זײַן איידעם ר׳ ישראל בר׳ יצחק־יונה הכּהן געבאָרן 1878 אין קוידענעוו. פֿון 1900 ביז 1920. פֿון 1920 ערשטער מיליטערישער ראַבינער אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע. האָט אַ סך הלכה־מאמרים אין העברעיִשע צײַטשריפֿטן. פֿון די מזרחי־פֿירערס אין ליטע. זײַן פֿאָטער אב״ד האָראָדאָק.[4]

1) לויט מ. מאַרקאָוויץ, **לקורות עיר ראַסיין**, ע׳ כ״ח. מיר האָבן ניט געפֿונען קיין באַשטעטיקונג אויף דעם.

2) אָפּט ווערט דער פֿאַמיליע־נאָמען אויסגעלייגט: ליבשיץ.

3) לויט **משפחת ברודא** איז דאָ געווען רבֿ ר׳ זאבֿ־וואָלף **ברודא**. דאָס איז געוויס דער זעלביקער, וואָס האָט מסתּמא שפּעטער געביטן זײַן פֿאַמיליע־נאָמען.

4) לויט **אהלי שם**, איז אַ קורצע צײַט דאָ געווען רבֿ ר׳ יעקבֿ־שלמה פּיזמאַן [?], געבאָרן 1871 אין אָסטראָלענקאָ, ווו געווען מו״ץ פֿון 1904.

לויט **אידישע שטימע** (קאָוונע), איז דאָ געווען רבֿ ר׳ יעקבֿ בר׳ זבֿולון אַבראַמאָוויטש, געבאָרן 1880. פֿון 1925 אב״ד וואָרנע. ניפֿטר 1937. די כראָנאָלאָגישע טאַבעלע פֿון סרעדניקער רבנים איז פֿאַרפֿולט ביז 1920. די ערשטע רבנות־יאָרן פֿון ר׳ משה־יונה כּ״ץ זײַנען ניט קיין גענויע, דעריבער קענען די צוויי דערמאָנטע רבנים זיך אַרײַנפּאַסן נאָר אין יענער צײַט.

ר׳ משה־יונה בר׳ חיים כּץ, פֿון די 1920ער יאָרן ביז זײַן פּטירה אין 1936. זײַן פֿאָטער איז געווען אבֿ״ד גודלעווע און פּומפּיאַן. זײַנע ברידער: ר׳ שמריהו, אבֿ״ד וויזשון, ר׳ שמואל־מנחם, אבֿ״ד ווילאַן און פּאַלאָנגע, ר׳ יוסף־ראובֿן, אבֿ״ד ווישינטע און גלובאָק.

זײַן איידעם ר׳ זלמן אידל קאַר־בוז, לעצטער רבֿ, הי״ד. געשריבן אין סלאַבאָדקער **כּנסת ישׂראל**.

אין 1894 איז דאָ געווען „קיבוץ חבֿרים״. הרבֿ יהודה־לייב מַימון האָט דאָרטן געלערנט אַ געוויסע צײַט.

ר׳ אַבֿרהם־אליהו איישיסקי איז דאָ געווען זיבן יאָר שו״ב וש״ץ, שפּעטער שו״ב וש״ץ אין קיידאַן. ניפֿטר געוואָרן 1903.

ר׳ יצחק שענקער, **עִיון יצחק** (בילגורײַ, תּרצ״ה) האָט אַ שײַכות מיט סרעדניק.

**אָפּשטאַמיקע.** — ר׳ יונה־דובֿ בלומבערג־הררי, דאָ געבאָרן 1850. פֿון די ערשטע חובֿבֿי־ציון, 1907 עולה געווען קיין ארץ־ישׂראל. איינער פֿון די באַגרינדערס פֿון רעליגיעז־נאַציאָנאַלן געדאַנק אין בניין ארץ־ישׂראל. געשריבן אַ סך תּורהדיקע מאמרים וועגן ארץ־ישׂראל אין **המליץ** און אין דער „מזרחי״־פּרעסע. אין זײַן ספֿר **מִצוַת ישיבֿת ארץ־ישׂראל** (ווילנא, תּרנ״ח) ברענגט ער תּורהדיקע מקורות פֿאַרן חובֿ פֿון ייִדן צו באַזעצן ארץ־ישׂראל. אין 1914 איז אַרויס זײַן מאמר **הדִבור העבֿרי עפּ״י מקורי חז״ל**. געשטאָרבן 1931 אין תּל־אבֿיבֿ.

ר׳ דובֿ־אַריה הכּהן לעוועַנטאַל, דאָ געבאָרן 1864. פֿון 1891 געווען רבֿ אין פֿילאַדעלפֿיע איבער 60 יאָר. איינער פֿון די באַקאַנטע רבנים אין אַמעריקע. איידעם פֿון ר׳ אלעזר קליינבערג, מו״צ אין ווילנע. זײַן פֿאָטער ר׳ אַבֿרהם איז געווען אַ תּלמיד פֿון הגאון ר׳ לייבעלע קאָוונער (שאַפּיראָ). ניפֿטר געוואָרן אין 1952.

מאיר יעלין, געבאָרן 1910. ייִדי־שער שרײַבער. געווען מיטגליד פֿון צ״ס־מרכּז אין ליטע. דורכגעמאַכט קאָוונער געטאָ און נאָכדעם געלעבט אין ווילנע ביז 1973, ווען עולה געווען קיין ישׂראל. פֿאַרעפֿנטלעכט דערציילונגען און אַרטיק־לען אין די קאָוונער **דאָס וואָרט, שליאַכן, טויערן, בלעטער** א״א. אויטאָר פֿון **פּאַרטיזאַנער אין קאונאַסער געטאָ** (מאָס־קווע, 1948, מיט ד. געלפּערן); **אין די פֿאָרטן פֿון טויט** (ליטוויש. ווילנע, 1957); **זייערע בליקן האָבן זיך באַגעגנט** (מאָס־קווע, 1972); **דער פּרײַז פֿון יענעם ברויט** (1977); **בלוט און וואָפֿן** (1978); **די מיראַזשן פֿונעם אַמאָק־לויפֿער אָסקאַר גריק** (1981); **באָרוועס איבער שניי** (1984) — אַלע תּל־אָבֿיבֿ.

צבֿי פֿאָגעל האָט געשיקט קאָרעספּאָנדענציעס אין **הצפֿירה**.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — הצפֿירה, 1895: 140 (נעמען); המליץ, 1903: 65; דער אידישער לעבן, טעלז־קאָוונע, 1935: 49; אידישע שטימע, 1937: 5718; ספֿר האישים. ת״א, תרצ״ז, ע׳ 252; ע.מ. ברודא, משפּחת ברודא. ורשה, תרצ״ח, ע׳ 29; פּנקס זשעטל. ת״א, 1957, ז׳ 50; לקורות עיר ראַסיין, ע׳ כ״ח.
„ליטע״, .I, ז׳ 1613; ג. קרסל, 1;

לעקסיקאָן, 4; ב. כּהנס לעקסיקאָן, ז׳ 304; אהלי שם, 12, 143; תּולדות ישיבת היהודים בקורלאַנד, ע׳ 89; סיני, ירושלים, כּרך מ״צ, חוב׳ ז׳; ספר הפּרענומע־ראַנטן, 6126; חכמי ישראל באַמריקא, ע׳ 67; אנציקלופדיה של הציונות הדתית, ע׳ 300; יהדות ליטא, ג׳. A. Janulaitis, Užnemunė po Prūsais, p. 160; Black Book

# ע

## עזשערעני ZARASAI

קרייזשטאָט. פון 1836 האָט די שטאָט געהייסן נאָוואָ־אַלעקסאַנדראָווסק, אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע — עזשערעני און פון 1929 — זאַראַסײַ. אין פאָלקס־לשון: די ליטווישע סיביר״ [ניט „דאָס״, פאַרשטייט זיך].

דער סאַמע ערשטער נאָמען איז געווען דער ליטווישער עזעראַס, צוליב די אָן אַ שיעור אָזערעס אין יענער געגנט. ייִדן האָבן פון דעם געמאַכט: עֶזרת. מיט דעם איז פאַרבונדן אַ וויץ אָדער אפשר אַ מעשה שהיה: אַ ייִשובניק האָט אַ מאָל געדאַווענט פאַרן עמוד, איז ווען ער איז געקומען צו „קומה ד׳ בעֶזרת ישראל״, האָט ער צוליב מורא פאַר פּאָליציי אויסגעשריִען: קומה ד׳ בעֶזרת נאָוואָ־אַלעקסאַנדראָווסק ישראל . . .

דער ייִדישער ייִשוב האָט זיך אָנגעהויבן אַרום סוף אַכצנטן יאָרהונדערט. אין 1847 האָבן דאָ געוווינט 453 ייִדן, אין 1897 — 3348 (לויט אַ צווייטן מקור 4277, (אויף 6370 תּושבים), פאַרן ערשטן וועלטקריג — בײַ 2500, 1923 — 1329 און פאַרן חורבן — בײַ 1100.[1]

אין די 1870־1880ער יאָרן זײַנען אין עזשערעני געווען מערערע ייִדישע רעגירונג־אַנגעשטעלט — אַ ניט צו אָפּטע דערשײַנונג אין ליטוויש־שטעטלעך אין יענע יאָרן. אבער אין 1884 זײַנען ייִדישע באַאַמטע אָפּגעזאָגט געוואָרן אויפן סמך פון אַ צירקוליאַר פונעם געהילף פון קאָוונער גובערנאַטאָר.

אין די 1890ער יאָרן זײַנען אַרום עזשערעני געווען גאַנצע זיבן ייִדישע

1) אין יהדות ליטא, ד׳, ווערט אָנגעגעבן, אַז אין עזשערעני זיינען אויסגעהרגעט געוואָרן 467 ייִדישע מענער, 1112 ייִדישע פרויען און 687 ייִדישע קינדער — דאָ זײַנען זיכער אַרײַנגערעכנט טייל צונויפגעטריבענע ייִדן פון די אַרומיקע שטעטלעך. די כּמעט דרײַ מאָל העכערע צאָל פרויען לגבי די מענער איז אויך אַ קלאָרער באַווײַז אויף דעם.

קאָלאָניעס אויף פּרײַ־געגעבענער ערד פֿון דער רוסישער רעגירונג. אין די קאָלאָניעס האָבן געלעבט 1037 ייִדן. אפֿשר די סיבה פֿון אַזאַ געדעטעניש, וואָס איז ניט צו פֿאַרצייכענען אין אַנדערע ייִדישע שטעט אין ליטע מיט אַזעלכע קאָלאָניעס, איז דער פֿאַקט, וואָס אָנהייב 1890ער יאָרן איז געווען אַ גרויסע אָרעמקייט אין שטעטל, האָבן אַ סך ייִדן אויך פֿון זשערני גע־פּרוווט מזל מיט ערדארבעט אויף אייגענעם (געשאָנקענעם) באָדן. [זע: ייִשובֿים, דובי־נאָווע]. אין אַ קאָרעספּאָנדענץ פֿון 1891 אין המליץ רעדט זיך. אַז פֿיל ייִדן זײַנען פּשוט אָן ברויט און אָן געהעריקע בגדים. דער פֿאַקט, אַז בײַ 500 ייִדן דאַרפֿן אָנ־קומען צו מעות־חיטים, איז אַ גענוגיקע ראיה אויף דעם.

בדרך כּלל איז דער עקאָנאָ־מישער מצבֿ פֿון זשערענער ייִדן ביזן ערשטן וועלטקריג געווען אַ גאַנץ גוטער. אַחוץ מיט קרעמערײַ, מלאכה און פֿישערײַ, האָבן זיי געמיסחרט מיט תּבֿואה און פֿלאַקס און שטאַרק מצליח געווען.

אַ רעכט ביסל פֿאַרערגערט האָט זיך די ייִדישע שטעטלשע עקאָנאָמיק פֿון 1910, ווען די ליטווינער האָבן געעפֿנט אַ קאָאָפּעראַטיוו פֿאַר קראָמען און האַנדל. אָבער דער גרעסטער עקאָנאָמישער קלאַפּ איז געקומען נאָכן ערשטן וועלטקריג, ווען עס זײַנען אויפֿגעקומען, צוזאַמען מיט ליטע, די אומאָפּהענגיקע מלוכות פֿון פּוילן און לעטלאַנד. טיילן פֿון זשערענער קרײַז זײַנען דעמאָלט אַריבער צו יענע מלוכות. דערמיט איז ניט נאָר פֿאַרקלענערט געוואָרן דער נאַטירלעכער מאַרק פֿון די אָפּגעריסענע אַרומיקע שטעטלעך, נאָר ס'איז אויך כּמעט אָפּגענומען געוואָרן דער גרויסער אָפּזאַצמאַרק פֿון די נאָענטע לעטישע און פּוילישע טיילן. דעמאָלט האָט זיך אָנגע־הויבן די גרויסע עקאָנאָמישע ירידה פֿון זשערענער קהילה.

*

חיבת־ציון און ציוניזם האָבן זיך דאָ גיך פֿאַרשטאַרקט. דאָס אַ דאַנק דעם רבֿ ר' מרדכי פֿײַנשטיין, וואָס פֿלעגט אָפֿט ריידן וועגן בנין הארץ אין זײַנע דרשות. און אַ רבֿ פֿאַר אים, ר' מאיר־שלום הכּהן, איז געווען צווישן די חתומים אויף אַ ציוניסטישן קול־קורא אין 1900.

אין 1896 זײַנען דאָ געווען בײַ 200 חובֿבֿי־ציון. אין אַ רשימה בײַשטײַערערס פֿון 1898 פֿאַר העלפֿן בויען ארץ־ישׂראל געפֿינען זיך מערערע זשערענער. מורשים: יהודה שטיין, ירחמיאל בערמאַן.

שׂרה פלינער, דאָ געבאָרן אין 1870, איז אומגעקומען בעת די אַראַבישע פּאָגראָמען אין 1929. זי איז פֿאַרברענט געוואָרן אין עין־זיתים.

שׂרה עזריהו, געבאָרן 1873 אין דווינסק, איז 1881 אַריבערגעקומען קיין זשערעני און דאָרטן געדונגען אַ גרויסע מיל. פֿון 1905 געלעבט אין יפֿו, ירושלים, אפּיקים, ווו זי איז געשטאָרבן אין 1962. העברעיִשע שרײַבערין, וואָס האָט פֿאַר־

עפּנטלעכט אירע זיכרונות וועגן ייִדישן לעבן אין שטעטל אין איר בוך **פּרקי חיים.** איר נאָמען איז העברעיִזירט.

אויף אַ ציוניסטישן עסקן איז 1903 געוועזן אַ מסירה, אַז ער פֿירט אַ רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט קעגן דער רעגירונג. פּאָליציי איז געקומען און געפֿונען אין זײַן שטוב ציוניסטישע בראָשורן, צײַטונגען, חשבונות פֿון שקלים און אַלץ אָפּגעשיקט צום קאָוונער גובערנאַטאָר. אין וואָכן אַרום איז אַלץ אומגעקערט געוואָרן מיט דער באַמערקונג, אַז עס איז ניטא קיין פֿאַרברעכן אין די אַלע זאַכן.

**רבנים.** — ר׳ יוסף בר׳ ישׂראל אַשכּנזי, תּלמיד פֿון ר׳ חיים וואָלאָזשינער. געבאָרן 1794. פֿריִער ר״מ אין יאַקאָבשטאַדט (קורלאַנד), דערנאָך אב״ד עזשערעני. זײַנע זין: ר׳ משה אַשכּנזי, ר״מ יאַקאָבשטאַדט; בן־ציון אַשכּנזי, מו״צ אין דווינסק. מחבר פֿון **אהל יוסף על ספר היראה** לרבינו יונה (ווילנא, תּרכ״ה). ניפֿטר 1867.

ר׳ יואל־יצחק קאַצענעלענבויגן, געבאָרן 1809, אב״ד סיאַד, עזשערעני, זעזמער, סעמיאַטיטש [?], לינקעווע [דער כראָנאָלאָגישער סדר איז ניט גענוי]. שפּעטער פֿאַרלאָזן רבנות. ניפֿטר געוואָרן 1891, אין עלטער פֿון 82 יאָר. זײַן פֿרוי איז די טאָכטער פֿון ר׳ אַבֿרהם־אַבא הלוי איש הורוויץ פֿון קעלם. מחבר פֿון **זרע יצחק** (וואַרשא, תּרנ״א?). אויף **אבֿן שלמה** (ווילנא, תּרל״ג), פֿון שמואל מאַלצאַן, איז דאָ הסכּמה פֿון תּרל״ב: יואל־יצחק בר׳ מרדכי מנאָווא אַלעקסאַנדראָווסק [דאָ רבֿ פֿון 1868].

ר׳ אַהרן זאבֿ[2]; ר׳ מאיר־שלום הכּהן, פֿריִער רבֿ אין ווידז.

ר׳ לוי בר׳ אַריה־לייב שאַפּיראָ, פֿריִער אב״ד טרישיק. מחבר פֿון **בית לוי.** ווען ער איז קראַנק געוואָרן, האָט די קהילה אים געגעבן 1000 רובל אויף היילן זיך. נאָך זײַן פּטירה אין 1880 האָט מען געגעבן 1000 רובל זײַן מישפּחה. זײַן פֿאָטער איז ר׳ לייבעלע שאַפּיראָ, קאָוונער אב״ד. זײַן ברודער ר׳ שמואל־משה שאַפּיראָ, רבֿ אין רעמיגאָלע, טרישיק, ראַסיין, באָברויסק.

זײַן ברודער ר׳ רפֿאל שאַפּיראָ, געבאָרן 1837 אין סמאַרגאָן, פֿון 1881 ביז 1885, 1886־1899 אין באָברויסק, דערנאָך אב״ד און ר״מ אין וואָלאָזשין (ווו שוין פֿריִער געוועזן 20 יאָר ר״מ). בעל **תּורת רפֿאל** (ירושלים תּש״ג). איינער פֿון די גדולי ישׂראל בשעתו, מיט אייגענער שיטה אין לערנען. איידעם פֿון נצי״ב. ר׳ רפֿאלן האָט מען גערופֿן „דער גרויסער שווײַגער", פֿונדעסטוועגן פֿלעגט ער ניט פֿאַרשווײַגן, ווען ער פֿלעגט באַמערקן אַ קרומע זאַך אין זײַן וועלט. לדוגמא: דער דווינסקער גאון ר׳ מאיר־שׂמחה הכּהן האָט אויפֿן שער פֿון זײַן ספֿר **אור שׂמח** אָנגעשריבן: „חוּבר ברצון אָבֿינו שבשָמים". ווען ר׳ רפֿאל האָט עס איבערגעלייענט, האָט ער געפֿרעגט

2) לויט **דורות האחרונים,** ב׳ — מער פּרטים זײַנען אונדז ניט באַקאַנט.

בניחותא: „פֿון וואַנען ווייסט ער דאָס?״ ניפֿטר געוואָרן 1921 אין מינסק. האָט הסכּמות אויף **אַמתּחת בנימין**, בנימין חעשין (ווילנא, תּרמ״ה) און **דבֿרי יצחק** (ווילנא, 1883).

ר׳ מרדכי פֿײַנשטיין, געבאָרן 1836. פֿריִער מו״צ אין לידע און רבֿ אין ווידז. זון פֿון מו״צ ר׳ פֿײַטל סלאָנימער. געשריבן אַ סך מאמרים אין **הלבֿנון** און **הירח**. האָט הסכּמה אויף **זכר חיים**, ח.נ. שאָכעט (נ״י, תּרע״ג). נאָך זײַן פּטירה אין 1903 איז אויסגעבראָכן אַ מחלוקת וועגן אַ נײַעם רבֿ.

פֿאַרן ערשטן וועלטקריג איז דאָ געוועזן רבֿ הרבֿ בורשטיין; הרבֿ בורגין; ר׳ אליהו רעזניק, געבאָרן 1886 אין סוויר. לעצטער רבֿ, אומגעקומען אלול תּש״א, הי״ד.

ר׳ רפֿאל־נחמן פֿון נאָוואָ־אַלעקסאַנדראָווסק, פֿון די תּלמידים פֿון האדמו״ר ר׳ שניאור־זלמן שניאורסאָן, איז אויף דער עלטער געוואָרן דאָ דיין. ניפֿטר אין דווינסק.

מיט זשערעני האָבן אַ שײַכות: ש. מאַלצאַן, **אבֿן שלמה** (ווילנא, תּרל״ג); ד.ב. הורוויץ, **מפיק מרגליות** (ווילנא, תּר״ן); א. סגל, **בית אבֿרהם** (ווילנא, תּרס״ח).

צווישן 1845 און 1911 זײַנען דאָ געוועזן 81 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

**אָפּשטאָמיקע.** — אליהו נײַווידל, דאָ[4] געבאָרן אין 1821. מחבר פֿון צוויי העברעיִשע לערנביכער: **מורה שׂפֿת עבֿרית** (וואַרשא, 1874), **אם לבנים** (וואַרשא, תּרמ״ב). 1886 געשטאָרבן אין וואַרשע [זע אויך: נײַשטאָט־שאַקי].

מנחם גליקמאַן, דאָ געבאָרן אין 1870. מאָלער. 1903 געענדיקט פּעטער־בורגער קונסט־אַקאַדעמיע. אָנהייב 1945 געשטאָרבן פֿון הונגער אין לענינגראַד.

יורי פּען, באַוווסטער ייִדיש־רוסישער מאָלער, דאָ געבאָרן אין די 1870ער. געענדיקט פּעטערבורגער קונסט־אַקאַדעמיע, שפּעטער געוווינט אין וויטעבסק. געמאָלן אַ סך בילדער פֿון ייִדישן לעבן אין רוסלאַנד. עטלעכע בילדער זײַנען דאָ אין אַמאָליקע העברעיִשע לערנביכער. געשטאָרבן אין סאָוועט־רוסלאַנד.

**ניכבדים.** — ר׳ געצל־אליעזר דרויאַן, שפּעטער רבֿ אין קראַסנאָ־סעלקע. אין אַ רשימה פֿון זשערענער מנדבֿים פֿאַר בניין ארץ־ישׂראל ווערט צוגעגעבן צו זײַן נאָמען „חונה פה ק״ק קראַסנאָ־סעלקאַ״.

דער זשערענער פּומפּיאַנסקי איז געוועזן איינער פֿון די צוויי שליחים פֿון האדמו״ר בעל „צמח צדק״ אין פּעטערבורג צו האַלטן אַן אויג אויף ייִדישע כּלל־ענייִנים.

---

3) אַזוי לויט שפּ״רס **כּנסת ישׂראל**, תּרמ״ו, ע׳ 1128. אין ניט קיין קלענערן אויטאָריטאַטיוון מקור — **האסיף**, תּרמ״ז — ווערט זײַן געבוירן אָרט גערופֿן נײַשטאָט־סוגינד, אויך ג. קרסל גיט אזוי. מיר קענען ניט מכריִע זײַן.

ר׳ שמעון בערמאַן. זײַן נאָמען געפֿינט זיך אין „רשימת החבֿרים לחבֿרת מקיצי נרדמים" (ליק, תּרכ"ו); יחיאל־אַהרן זאַנדבערג, געווען דאָ דאָקטער 25 יאָר. געשטאָרבן 1891; אַבֿרהם־משה צימערמאַן, פֿאָרזיצער פֿון „מעשטשאַנסקי אופּראַוואַ"; ר׳ מענדל לעווין, 1898 געשאַפֿן ביבליאָטעק פֿון העברעיִש־רוסישע ביכער; אײַזיק יפֿה, קאַזיאָנער ראַבינער.

**קאָרעספּאָנדענטן. — המליץ:** י. פֿײַנשטיין (אויך אונטער י. אבֿן־יפֿה), צ. פּאָליאַקאָוו, משה־עוזר לעווין, יוסף פֿרענקל, צבֿי־יעקבֿ אָפּענהיים; **הצפֿירה:** משה־מאיר הירשאָוויץ; **הד הזמן** ד. איש־אסף [יאָסעפֿזאָן?].

דובֿ קור מזאַראַסײַ האָט גע־שריבן דבֿרי־תּורה אין סלאַבאָדקער **כּנסת ישׂראל** (תּרצ"ח, ת"ש).

אין גינזבורג־מאַרעקס **יעווריי־סקאַיאַ נאַראָדניאַ פּיעסני וו׳ ראַסיִא** (פּעטערבורג, 1901) זײַנען דאָ מערערע געזאַמלטע ייִדישע פֿאָלקסלידער פֿון ז.מ. לעווין פֿון נאָוואָ־אַלעקסאַנדראָווסק, שפּע־טער אין גראָדנע.

**ביבליאָגראַפֿיע. —** הצפֿירה, 1881: 5; המליץ, 1891: 68; 1898: 107, 198, 270; 1903: 145; א.צ. ברזין, יזכּר. ירושלים, תּר"ץ, ע׳ 260; מאיר בערלין, פֿון וואָלאָזשין ביז ירושלים. נ"י, 1933 ז׳ 307 א"וו; ד.מ. ליפּמאַן, לתולדות היהודים בקובנה וסלבודקה. קידאַן, תּרצ"ד, ע׳ 231.

יזכּור־בוך פֿון ראַקישאָק און אומגעגנט. יאָהאַנעסבורג, 1952, 306, 320; שׂרה עזריהו, פּרקי חיים. ת"א, תּשי"ז; ר׳ משה שמואל ודורו. נ"י, תּשכ"ד, ע׳ 86, 89; קהלת משה, 447; תּולדות ישיבֿת היהודים, ע׳ 97; דורות האחרונים, ב׳, ע׳ 174; ח.מ. היילמאַן, בית רבי, ג׳, ע׳ 40; ג. קרסל, 2; ספֿר הפּרע־נומעראַנטן, 6158; יהדות ליטא, א׳ ג׳.

Die Verfolgŭng der Juden in Russland. Berlin, 1891, p. 18; Recueil de Matériaux, I., p. 150; Jew. Encyclopedia, IX., p. 342; Black Book.

## ערזווילִיק ERŽVILKAS

טאַווריקער קרײַז. אין 1897 האָבן דאָ געלעבט 144 ייִדן, אין 1923 — 222 און פֿאַרן חורבן — בײַ 200. ייִדן האָבן זיך באַשעפֿטיקט מיט קרעמערײַ, קליינהאַנדל און מלאכה. געווען אויך עטלעכע קאַראַבעלניקעס.

ערזווילִיק איז איינע פֿון די 19 קהילות אין ליטע, וואָס האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו ענטפֿערן אויפֿן רעגירונג־אוקאַז (באַפֿעל) פֿון 12טן מײַ, 1843, אַז ייִדן מוזן פֿאַרלאָזן זייערע וווינערטער, וואָס זײַנען ווייניקער פֿון 50 וויאָרסט פֿון די מערבֿ־גרענעצן. עס זײַנען געווען באַשטימט 8 גובערניעס טיפֿער אין רוסלאַנד, וווּהין די אַרויסגעטריבענע זאָלן זיך אַריבערקלײַבן.

**רבנים. —** ר׳ יוסף ערזווילִקער בר׳ ישׂראל בר׳ לייב, אַרום די 1820־1830ער יאָרן. זיידע פֿון ר׳ אליה־מאיר בר׳ ברוך פֿײַוולסאָן. ר׳ אליה־מאיר איז געווען רבֿ אין קראָקי און קופּישאָק.

ר׳ פּײַװל בורסקי, אין די 1870ער יאָרן.

ר׳ זאבֿ־װאָלף לערמאַן, ניפֿטר 1899 [1890?], איידעם פֿון ר׳ דוד ראַבי־נאָװיטש, אב״ד איירּאַגאָלע און שװער פֿון דעם דרשן און מוסמך ר׳ חיים־יעקבֿ בר׳ שעפּטל דאַװגאָװסקי פֿון טרישיק.

ר׳ מנחם גערבער, מיטגליד פֿון „המכון לחֵקר התּלמוד״ אין ירושלים, בעל **הגיון התּלמוד**. איידעם פֿון ר׳ זעליג תּרשיש קעלמער, מחבר פֿון **עין תּרשיש** (קובֿנה־ירושלים, תּרצ״ב־תּרצ״ח). ניפֿטר 1946 אין בני־ברק.

ר׳ יעקבֿ־צבֿי הורװיטש, שפּע־טער בעל־הבית אין קאָװנע; ר׳ טובֿיה־דובֿ שלעזינגער, אין 1920ער יאָרן. שפּעטער אב״ד דוסיאַט, הי״ד.

ר׳ זאבֿ ראַפּייקאַ, פֿון 1933 [מסתּמא דער לעצטער רבֿ]. געבאָרן אין יאַסװען.

אין 1878 זײַנען דאָ 2 ערזװיל־קער פּרענומעראַנטן אויף **דבֿרי משה**, משה לוי זאַקס (װילנא, תּרל״ח).

**אָפּשטאַמיקע.** — צבֿי־הער־מאַן שאַפּיראָ, מאַטעמאַטיקער און ציוניס־טישער פֿירער. דאָ געבאָרן 1848 און געשטאָרבן 1898 אין קעלן. געװען פֿון די ערשטע צו שאַפֿן אַן אגודה פֿון חובֿבֿי־ציון אין אַדעס מיט ד״ר לעאָ פּינסקער און משה־לייב ליליענבלום. ער איז דער פֿאָטער פֿון געדאַנק פֿון קרן־קימת און פֿון אַ העברעישן אוניװערסיטעט אין ירושלים. נאָך אין 1882 האָט ער פֿאַרעפֿנטלעכט אַ סעריע אַרטיקלען װעגן דעם אין **המליץ** (נומ׳ 22, 26, 29, 33, 37). אין 1884 האָט ער זיך פֿאָרגעשטעלט דעם אוניװערסיטעט װי אַ „בית־מדרש התּורה, החכמה והעבֿודה.״ ראובֿן ברײַנין, דער באַקאַנטער קריטיקער, האָט אים אַזױ כאַראַקטערי־זירט: „הוא היה איש אומלל כּל ימי חייו. בהיותו רבֿ באחת הערים הקטנות [בליטא] שאף להיות פּרופֿיסור, ובהיותו פּרופֿיסור שאף לרבנות . . . במותו השאיר אחריו רק שבֿרי־לוחות, רק התחלות, ראשי־פּרקים, לא כּתבֿ אַף ספֿר אחד לפֿי כּוחותיו וכשרו־נותיו האמתּיים.״ אין ירושלימער „בית־הספֿרים הלאומי״ געפֿינען זיך שאַפּיראָס אַ סך בריװו און שריפֿטן, צװישן זיי אויך אַ „מַסכת היתּולים״ אין כּתבֿ־יד מיטן נאָמען **מסכת חסידים**, שירים מן תּלמוד סורִי. ער האָט אויך אָנגעשריבן סאַטירישע שריפֿן: **מסכת פדיון, מסכת עקרות און אַנדערע** — אַלע געשריבן אין לשון תּלמוד. די אַלע שריפֿטן זײַנען פֿון שאַפּיראָס יונגע יאָרן. װעגן זיי האָט ער שפּעטער געשריבן צו ראובֿן ברײַנין: „חלילה לי להוציא עתּה דבֿר כּזה מתּחת ידי. לפֿנים לגלגתּי על דבֿרי חכמים, עתּה הנני עָפר לכפּות רגליהם״.

נחמיה־דובֿ האָפֿמאַן, געבאָרן 1857 [אַנדערע: 1860] אין גאַװורע, ליטע, אָבער פֿאַרבראַכט זײַנע קינדערשע און יוגנטלעכע יאָרן אין ערזװיליק. דאָרטן געלערנט אין דער רוסישער פֿאָלקשול און 1869 אויך בײַם אָרטיקן רבֿ ר׳ פּײַװל בורסקי. אַװעק פֿון שטעטל אין 1873. פֿון 1889 אין דרום־אַפֿריקע. ייִדיש־העברעיִ־

שער שרײַבער. האָט געשריבן אַ סך וויסנשאַפֿטלעכע אַרטיקלען אין העברעיִשע צײַטשריפֿטן אין אייראָפּע. אין דרום־אַפֿריקע פּיאָנער פֿון דער יִדישער און העברעיִשער פּעריאָדישער פּרעסע. אַרויסגעגעבן אַ גרעסערע צאָל יִדישע ביכער. אין זײַנע אַרטיקלען אין **הישראלי** (מײַנץ) און אַנדערע צײַטשריפֿטן פֿלעגט ער צוגעבן צו זײַן נאָמען: „אויס ערזווילקען". געשטאָרבן 1928 אין קייפּטאַון.

ר' שמעון גלאַזער, דאָ געבאָרן אין 1877, פֿון 1923 רבֿ אין ניו־יאָרק. האָט איבערגעזעצט אויף ענגליש דעם רמב"ם'ס **משנה תורה** (נ"י, תרפ"ז). זײַן ענגלישע „געשיכטע פֿון יִדן" (נ"י, 1930, 6 טיילן) איז באַזירט אויף גרעצן און דובנאָוון. געשטאָרבן 1939.

משה־אַריה האָפֿמאַן און דובער בר' אַריה עפּשטיין האָבן געשריבן וויסנשאַפֿטלעכע אַרטיקלען אין **הישראלי**, צוגעגעבן צום נאָמען: „פֿאָן ערזווילקען".

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המגיד, אייר, תרמ"ב, וועגן הערמאַן שאַפּיראָ; השלח, תרנ"ח, ג', ע' 569; י. קלוזנר, האוניברסיטה שלנו. ת"א, תרצ"ב, ע' 8; ראובן בריינין, כל כתבי, ב'. נ"י, תרצ"ו, ע' 32־42; ב.צ. דינבורג, מפּלסי דרך. ת"א, תש"ו, ע' 62.

י. קלוזנר, דרכי לקראת התחיה והגאולה. ת"א, תש"ו; פּרופיסור צבי־הרמן שפּירא. נהלל, תשי"ד. רשימה אוטוביאוגרפית; קרית ספר, ירושלים, כרך ד', ע' 181; יהדות ליטא, ג'; אהלי שם, 155, 177, 366; ג. קרסל, 1; לעקסיקאָן, 3; ספר הפּרענומעראַנטן, 6233;

The Jews in S. Africa, ed. C. Sharon, L. Hotz. Cape Town, 1955, p. 43; Black Book.

# פּ

## פּאַגיר PAGIRIAI

קיידאַנער קרײַז. אַ קליין יִדיש שטעטל. אין 1923 האָבן דאָ געלעבט 83 יִדן, פֿאַרן חורבן — אַרום 40.

משמעות, אַז אין פֿריִערדיקע יאָרן איז די צאָל יִדן דאָ געווען אַ גרעסערע, אויף אַזוי פֿיל, אַז זיי האָבן זיך געקענט דערלויבן אַפֿילו צו נעמען אַ רבֿ. דאָס איז געשען אין 1880, ווען דאָ איז געוואָרן רבֿ דובֿ־זונדל בר' אפֿרים־יצחק בעקער, געבאָרן אין 1855. 1940 איז דאָ געווען רבֿ מוהרי"ק [?] יאָזעפֿאָוויץ,

מסתּמא אויך אין פֿריִערדיקע יאָרן און דער לעצטער רבֿ.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — אהלי שם, ע׳ 144. Black Book.

## פּאַיורע PAJŬRIS

טאַווריקער קרײַז. אין 1923 זײַנען דאָ געווען 296 ייִדן, פֿאַרן חורבן — בײַ 120. אַ סך ייִדן האָבן עמיגרירט קיין דרום־אַפֿריקע.

ייִדן האָבן זיך פֿאַרנומען מיט מיסחר, קרעמערײַ, מלאכה. ס׳רובֿ ייִדן האָבן צוגעשטוקעוועט צו זייער חיונה אַ בײַשטוביקע ווירטשאַפֿט: אַ גאָרטן, אַ סאָד, עופֿות און אַ בהמה.

דער ערשטער אונדז באַקאַנטער רבֿ איז ר׳ ישׂראל־דוד ראַבינאָוויץ, בערך 1850־1865, פֿון דער גזע פֿון ר׳ משה רבֿקש. זײַן זון ר׳ יהושע, אב״ד זוכאָוויץ (1912). זײַן אייניקל ר׳ ברוך, אב״ד זוכ־אָוויץ (מאָליעווער גוב׳), 1906־1915, שפּעטער רבֿ אין וויטעבסק און פֿון 1926 אין שיקאַגאָ. ר׳ ברוך איז געבאָרן 1880 אין טאַווריק. ר׳ ישׂראל־דוד איז ניפֿטר געוואָרן 1865 אין עלטער פֿון 86 יאָר. זײַן שווער ר׳ אַריה־לייב שאַפּיראָ, אב״ד וויטעבסק.

ר׳ דוד־אָשר צעכאַנאָוויץ, געווען אַ סך יאָרן דער מרא דאַתרא. ניפֿטר גע־וואָרן סעפּטעמבער 1937.

פֿאַר אים זײַנען געווען רבנים: ר׳ שלום־גרשון בר׳ משה זעליג קאַב (אָדער קעב); ר׳ אליהו בן־ציון בר׳ מרדכי־יוסף גאַרבער, געבאָרן 1882, דאָ רבֿ פֿון 1908[1]. דער לעצטער רבֿ פֿון 1937 איז ר׳ משה קראַוועץ, הי״ד.

ישׂראל דוד בהר׳ ר״י [?] מפּאַ־יורע האָט הסכמה אויף **חרוזי המצות**, י.י. ראַטנער (וואַרשע, תּרנ״ו) — ווער איז ער, ווייסן מיר ניט.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — אידישע שטימע, 1937, אהלי שם, ע׳ 58, 120, 144; תּולדות אַנשי שם (ראַנד), ע׳ 120; יהדות ליטא, ג׳. Black Book.

1) די כראָנאָלאָגיע פֿון די 3 פֿאַר לעצטע רבנים איז אַ צעטומלטע. **אידישע שטימע** גיט, אַז צעכאַנאָוויץ איז דאָ געווען רבֿ 40 יאָר, ד״ה פֿון 1897; **יהדות ליטא**, ג׳, ע׳ 339, שרײַבט, אַז קאַבס רבנות דאָ איז 1910־1925; **אהלי שם** גיט גאַרבערס רבנות פֿון 1908. קלאָר, אַז דאָ איז אַ פֿאַרדרייעניש. עפּ״י שׂכל וואָלט מען געדאַרפֿט אָננעמען די דאַטע פֿון קאָוונער **אידישע שטימע**, וואָס גיט אויך די פּטירה פֿון צעכאַ־נאָוויצן און איז ריין לאָקאַל געווען די נאָענטסטע צום לעבעדיקן מקור. אָבער דאָס לאָזט זיך בשום אופֿן ניט מאַכן, סײַדן אָננעמען, אַז אין צײַטונג איז אַרײַנגעפֿאַלן אַ דרוקפֿעלער. מען קען אויך ניט קאָנטראָלירן די דאַטעס פֿון **יהדות ליטא**, ווײַל דאָרטן פֿעלן בכלל ביבליאָגראַפֿישע מקורות.

## פּאָדזעלווע[1] ŽELVA

ווילקאָמירער קרײַז. גערופֿן אויך זעלווע. פֿון די עלטערע ייִדישע ייִשובֿים אין ליטע, אָבער קיין מאָל ניט אויסגעוואַקסן צו אַ גרעסערער ייִדישער קהילה. אין אַכצנטן יאָרהונדערט האָט פּאָדזעלווע נאָך געהערט צו דער ייִדישער קהילה פֿון ווילקאָמיר, געניצט דעמאָלט אויך איר בית־עולם. אַרום מיטן אַכצנטן יאָרהונדערט האָט פּאָדזעלווע געהאַט אַ מ״מ ומו״צ, און מען דאַרף רעכענען, אַז זי איז שוין דעמאָלט געווען אַן אָרגאַניזירטע קהילה.

אין אַ רשימה פֿאַר ייִדישע הונגער־לײַדנדיקע אין 1872 — אַ יאָר פֿון גרויסן הונגער אין טיילן פֿון ליטע — געפֿינען זיך בײַשטײַערערס פֿון פּאָדזעלווע. דער קלײַבער: אַבֿרהם גינצבורג.

אין 8 יאָר איז דאָס שטעטל געטראָפֿן געוואָרן פֿון 3 גרויסע שׂריפֿות: אין 1878 זײַנען אַראָפּ מיטן פֿײַער 130 הײַזער, אין 1881 האָבן געליטן בײַ 400 ייִדן, אין 1887 זײַנען אַראָפּ 180 הײַזער.

ייִדישע פּרנסות זײַנען געווען קרעמערײַ, קליינהאַנדל און מלאכה. אַ סך ייִדן האָבן זיך אַרויסגעהאָלפֿן מיט בײַ־שטוביקער ווירטשאַפֿט: אַ גאָרטן, עופֿות, מילכיקס, אַ מאָל אויך מיט דערבײַיִקע סעדער.

אין 1880 האָבן דאָ געלעבט בײַ 500 ייִדן, אין 1923 — 364 און פֿאַרן חורבן — בײַ 300.

**רבנים.** — אַרום מיטן אַכצנטן יאָרהונדערט איז דאָ געווען מ״מ ומו״צ ר׳ משה בר׳ שלמה־זלמן, ברודער פֿון ווילנער גאון. זײַנע אַנדערע ברידער: ר׳ אַבֿרהם ראַגאָלער און ר׳ מאיר, אבֿ״ד יאַנישאָק. לויט איין מקור, איז ר׳ משה דאָ געווען אבֿ״ד.[2]

ר׳ יהודה בר׳ אליעזר־ליפּמאַן הלוי ליפֿשיץ, געבאָרן 1829 אין וויל־קאָמיר. פֿון 1864 ביז 1884, דערנאָך רבֿ אין מערעטש, וווּ ניפֿטר געוואָרן אין 1905. געשריבן מאמרים אין **הלבֿנון**. זײַנע ברידער: ר׳ יעקבֿ, „רעכטע האַנט" פֿון הגאון ר׳ יצחק־אלחנן ספּעקטאָר, בעל **זכרון יעקבֿ**.

ר׳ מנחם־מענדל, אבֿ״ד געלוואַן און שירווינט; ר׳ צבֿי־הירש, מחבר פֿון **מדור אל דור**. חיבורים: **דרך אמונה**

1) פּאָדזעלווע האָט געהייסן אויף ליטוויש זעלוואַ. ליטוואַקעס האָבן מערסטנס געניצט פּאָד־זעלווע, אָבער אַ מאָל אויך זעלווע. די זעלווע איז בײַ 25 ק״מ פֿון ווילקאָמיר. 2) פֿאַראַן אַ צווייטע זעלווע 23 וויאָרסט פֿון וואָלקאָוויסק און 36 וויאָרסט פֿון סלאָנים. פֿון „ספֿר הפּרענומעראַנטן" גיבן מיר 2 נומערן, ווײַל עס קען געמאָלט זײַן, אז דאָ און דאָרטן האָבן די צוויי זעלוועס זיך צונויפֿגעמישט.

זע אויך: זעלווע, כאָטש לויטן אינהאַלט איז ניט קענטיק, אַז דאָס זאָל זײַן פּאָדזעלווע.

2) סערת־אליהו, ע׳ 40. — אַז ר׳ משה און ר׳ מאיר זײַנען ברידער פֿון ווילנער גאון, שרײַבן ד.ט. אפֿרתי, ח. בראַווערמאַן, ש.י. יאַצקאַן (זע: ביבליאָגראַפֿיע).

(וואַרשא, תּרנ״ה), **דור ישרים** (פּיעטרקובֿ, תּרס״ח־תּר״ע), **נחל יהודה**, (פּיעטרקובֿ, תּרע״ג).

ר׳ נפֿתּלי־דוד בר׳ דובֿ־יהודה מאָסענזאָן, געבאָרן 1861. רבֿ פֿון 1885, שפּעטער אין וואָראָנעזש.

ר׳ צבֿי־יהודה קושעלעוויץ בר׳ משה (זאַקס), פֿון 1890 דריַי יאָר, שפּעטער אין ראַצק, טיקטין, סעמיאַטיטש, ווו ניפֿטר געוואָרן 1919.

ר׳ משה־גבֿריאל לעווין, געבאָרן 1861. דאָ רבֿ פֿון סוף 1892, שפּעטער רבֿ אין וואַשילישאָק, סעמיאַטיטש, צאַריצין [איצט: סטאַלינגראַד].

ר׳ מנחם־נחום בר׳ מרדכי אַריה־לייב קריינעס, געבאָרן 1857 אין סמאַרגאָן. 1888 רבֿ אין קראָנשטאַט, וואָס געמוזט פֿאַרלאָזן „מחמת המציק״. דאָ רבֿ פֿון 1898.

ר׳ אַריה־לייב הלוי לעווי, לעצטער רבֿ, הי״ד.

ר׳ אליעזר־אליהו דײַכעס, געבאָרן 1797. איז דאָ געווען מו״צ, שפּעטער רבֿ אין איישישאָק און פּופּציק יאָר מו״צ אין ווילנע, ווו ניפֿטר געוואָרן 1881.

צווישן 1845 און 1895 זײַנען געווען 25 פּאָדזעלווער פּרענומעראַנטן אויף צוויי רבנישע ספֿרים: **עמק הלכה**, זאבֿ־וואָלף בר׳ יהודה (ווילנא, תּר״ה); **בכּורי ישׂראל**, ישׂראל בר׳ צבֿי הכּהן [קילמינסקי]. (ווילנא, תּרנ״ד־תּרנ״ה).

**אָפּשטאָמיקע.** — ר׳ יצחק גראָדזענסקי, דאָ געבאָרן 1801, 7 יאָר אבֿ״ד שירווינט, שפּעטער ר״מ אין אַנטאָקאָליע און דערנאָך מו״צ. ניפֿטר געוואָרן 1867 אין ווילנע. געגרינדעט אויך ר׳ איצעלע שירווינטער. זײַן זון ר׳ אליהו־אליעזר, 15 יאָר אין ווילנע, איידעם פֿון ר׳ ישׂראל סאַלאַנטער. זײַן ייִנגסטע טאָכטער רחל, פֿרוי פֿון ר׳ שמריה הכּהן ~~גאָרדאָן~~, זון פֿון ר׳ משה־יואל, אב״ד אַניקשט.

צבֿי־ניסן גאָלאָמב, געבאָרן 1853. פֿון 1873 אין ווילנע. העברעיִש־ייִדישער מחבר פֿון אַ סך ביכער, צווישן זיי לערנביכער פֿאַר געזאַנג און מוזיק. אין העברעיִש: **חדר לתינוקות בבית רבן** ללמדם לשון הקודש בחוקי הדקדוק (ווילנא, תּרמ״ג); **מנצח בנגינות** (ווילנא, תּרמ״ג, אויך ייִדיש); **זמרת יה** (ווילנא, תּרמ״ה, אויך ייִדיש); **להקת נביאים** (ווילנא, תּרמ״ט); **חכמי ישׂראל** (ווילנא, תּרס״א) און אַנדערע. — אין ייִדיש: **פּראַקטיקע איז אַ לעהרע** (1875); **אַ יונגע טויב פֿאַר אַ קרבן** (1878); **דער פֿערבאָטענער ברית** (1878); **קול יהודה — קלענגע דער יודען** (תּרמ״ז); **אויפֿפֿירונג** — וועגן היטן די געזונט אין דער צײַט פֿון חאָלערע (1892) און אַנדערע. אַרויסגעגעבן אויך אַ **העברעאיש־אידישעס ווערטערבוך** ... אויסדריקע און תּורה־ווערטער, וועלכע ווערען בענוצט אין אידישען געשפּרעך און אין איהר ליטעראַטור (1910) — אַלע ווילנע. געשטאָרבן 1934 אין ווילנע. זײַן פֿאָטער אַבא אליהו איז געווען מלמד אין

שטעטל, שפּעטער רבֿ אַ קורצע צײַט אין סוואַדאָשטש.

שמואל פּאַפּילסקי האָט געשיקט קאָרעספּאָנדענציעס צום **המגיד**.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המגיד, 1872: 10; ד"ט אפֿרתי, תּולדות אנשי שם. וואַרשא, תּרל"ה, ע' 42; הצפֿירה, 1881: 20; ספֿר זכּרון לסוקולוב. וואַרשא, תּרמ"ט, ע' 155; ח. בראַוועדמאַן, אנשי שם. וואַרשא, תּרנ"ב, ע' 24; ש.י. יַצקן, רבנו אליהו מווילנא. וואַרשא, תּר"ס, ע' 23; סערת אליהו. וואַרשא, 1914, ע' 40; עיר ווילנא, ע' 52, 62; תּולדות ישיבֿת היהודים בקורלאנד, ע' 361, 371; „ליטע", 1, ז' 1528; לעקסיקאָן, 2; ג. קרסל, 1, 2; יהדות ליטא, ג'; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 3228, 6269; ספֿר היחס למשפּחת ריבלין, ע' 12.
Jewish Encyclopedia, VI. p. 40.; Black Book.

# פּאַלאַנגע PALANGA

קרעטינגער קרײַז. זייער אַן אַלט אָרט. אין 1372 ווערט שוין פּאַלאַנגע דערמאָנט אין דײַטשישע כראָניקעס. פּאַלאַנגע האָט אַ מאָל געהערט צום דיס־טריקט פֿון פּילטען (קורלאַנד), ווו ייִדן איז געווען דערלויבט צו וווינען פֿון אַלטע צײַטן און צו אָרגאַניזירן קהילות (אין קורלאַנד בכלל זײַנען געווען גרויסע שטערונגען פֿאַר ביידע זאַכן).

די עלטסטע ייִדישע קהילה אין פּילטען־ראַיאָן איז געווען פּאַלאַנגע. אין פּינקס חבֿרה קדישא פֿון 1831 ווערט געזאָגט, אַז אין אַ פֿריִערדיקן פּינקס, וואָס איז פֿאַרפֿאַלן געוואָרן, איז געווען פֿאַרשריבן, אַז דער בית־כּנסת און דער בית־עולם זײַנען דאָ אויפֿגעשטעלט געוואָרן אין 1487, אָבער מען קען ניט זײַן זיכער מיט דער דאַטע.

איינצלנע ייִדן און אַפֿילו קליינע גרופּעס זײַנען דאָ זיכער געווען אין פֿריִע צײַטן. דוד־מאַטעס ליפּמאַן, היסטאָריקער פֿון ייִדישע ייִשובֿים אין ליטע, שרײַבט, אַז שוין אין די צײַטן פֿון קעסטוטיס (1300־1382) פֿלעגן ייִדן פֿון אַנדערע טיילן ליטע קומען האַנדלען אין קרעטינגע און פּאַלאַנגע. אין 1555 ווערט דערמאָנט אַ ייִדישער אַרענדאַטאָר פֿון צאָל אויף אימ־פּאָרטירטע סחורות. אין 1639 איז ייִדן אין פּאַלאַנגע און גאָרזד גאַראַנטירט געוואָרן בירגערשאַפֿט. זיי האָבן געקראָגן רעכט אויף האַנדל, מלאכה און באַנוץ פֿון אַרו־מיקע פֿאַשעפֿעלדער. די בתּי־תּפֿילה און דער בית־עולם זײַנען באַפֿרײַט געוואָרן פֿון שטײַערן.

אין 1662 האָבן דאָ געלעבט 16 ייִדישע מענער און 24 פֿרויען. אַז מען זאָל צורעכענען די קינדער, וועט זיך באַקומען אַ קליינער ייִשובֿ ייִדן. אַ פּריווילעגיע פֿון אויגוסט דעם דריטן אין 1742 צו קענען אַפּעלירן צום קעניג אין געוויסע פֿאַלן איז

געבליבן אין קראַפֿט ביז דער רוסישער אַנעקסיע פֿון קורלאַנד אין 1795. אַ מער־ווייניקער אָרגאַניזירטע יידישע קהילה קען מען רעכענען פֿון אַרום סוף צווייטן דריטל פֿון זיבעצנטן יאָרהונדערט.

פֿאַלאָנגע איז געפּלאָגט געוואָרן פֿון פֿיל גרויסע שׂריפֿות — אין 1820, 1831 (אין צײַט פֿון פּוילישן אויפֿשטאַנד), אין די 1850ער יאָרן, אין 1905.

פֿאַלאָנגע איז איינע פֿון די 19 קהילות אין ליטע, וואָס האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו ענטפֿערן אויף דעם רעגי־רונג־באַפֿעל פֿון 1843, אַז ייִדן, וואָס וווינען ווייניקער ווי 50 ווי‌אָרסט פֿון די מערבֿ גרענעצן, מוזן זיך אַריבערקלײַבן אין באַשטימטע 8 גובערניעס טיפֿער אין רוסלאַנד.

אין 1883 האָט דער ראַיאָנער בילדונג־אינספּעקטאָר גוזר געווען, אַז די יידישע שילערס אין דער מלוכה־שול מוזן קומען לערנען אויך שבת. ייִדן האָבן אויפֿגעהויבן אַ גרויסן טומל און אָפּגע־שריִען די גזירה.

אין 1815 איז געשלאָסן געוואָרן דער אַלטער בית־עולם. גראַף טישקעוויטש, וואָס אים האָט געהערט פֿאַלאָנגע און אומגעגנט, האָט נאָך פֿיל פּראָצעסן צוגע־נומען דעם אַלטן בית־הקבֿרות און געגעבן ייִדן אַן אַנדער שטח ערד. די ייִדן, בראש מיטן רבֿ ר׳ יוסף־הלל בערמאַן, האָבן מסכּים געווען.

אין 1897 האָבן דאָ געוווינט 1100 ייִדן. אין 1923 — 625 און פֿאַרן חורבן אַן ערך אַזוי פֿיל.

ייִדן האָבן זיך פֿאַרנומען מיט מיסחר, קרעמערײַ און מלאכה. פֿאַלאָנגע ליגט בײַם באַלטישן ים, וואָס זײַנע ברעגעס זײַנען רײַך מיט בורשטין. ייִדן האָבן געמאַכט דערפֿון אַ גרויסע אינדוסטריע. עס זײַנען אויפֿגעשטעלט געוואָרן צענדליקער פֿאַבריקלעך צו באַאַרבעטן בורשטין און מאַכן דערפֿון פֿאַרשיידענע צירונגען, אָרנאַמענטן, צאַצקעס א״אַ. די בורשטין־פּראָדוקציע האָט געהאַט אַ גרויסן אָפּזאַצמאַרק אין אייראָפּע. געווען פֿאַב־ריקלעך מיט 40־50 אַרבעטערס. כּמעט אַלע אַרבעטערס אין דאָזיקן פֿאַך זײַנען געווען ייִדן.

זומערצײַט האָבן פֿאַלאָנגער ייִדן געהאַט גוטע פּרנסה פֿון די דאַטשניקעס, וועלכע פֿלעגן קומען אַהער פֿון אַלע עקן ליטע צום באַלטישן ים. צענדליקער אויף צענדליקער זומערהײַזער זײַנען דאָ אויס־געבויט געוואָרן אויפֿצונעמען די טוריזנטער געסט. געווען ייִדן, וואָס האָבן זיך גענומען צו לאַנדווירטשאַפֿט. יצחק זימאַן האָט 1873 דאָ געהאַט אַ פֿאָלוואַריק און גערופֿן ייִדן צו ווערן ערד־אַרבעטערס.

אין די 1880ער יאָרן האָבן מערערע פֿאַלאָנגער ייִדן געוווינט אין מאָס־קווע — זיכער רײַכע, ווײַל אַנדערש האָבן ייִדן ניט געהאַט קיין ווױנרעכט. איינער פֿון זיי, ה׳ בעקער, פֿון די גרעסטע בורשטין־פֿאַבריקאַנטן אין רוסלאַנד.

אין 1878 איז דאָ אויפֿגעבויט געוואָרן אַ פּרעכטיקער בית־מדרש. עס האָבן געהאָלפֿן: ברכיה בריק, יהושע טויער, אַבֿרהם באָרנשטיין, די היימאַן־מישפּחה.

*

סײַ אין דער צײַט פֿון חיבת־ציון, סײַ שפּעטער בײַם אויפֿקום פֿון ציוניזם, האָבן פּאַלאַנגער ייִדן געהאָלפֿן בויען ארץ־ישׂראל. אין איין רשימה בײַשטײַערערס פֿון 1886 געפֿינען זיך די פּאַלאַנגער: הרבֿ ג. ראַבינסאָן, יוסף־זאבֿ בערנשטיין, י.מ. גוטמאַן, מ.נ. שלעזינגער, ב. קאַצענעלענבויגן, פּ. רײַנוס, י. בערנשטיין, ב. היימאַן, ש. זאַנג [נאָך 15 נעמען — **המליץ**].

נאָך נעמען געפֿינען זיך אין **המליץ**, 1900, אין **חשבון הנדבֿות**, 1909. אַ לאַנגע רשימה נעמען פֿון בײַשטײַערערס אין 1896 זײַנען דאָ אין **רשימת החבֿרים לתּמיכת חבֿרת בני ישׂראל עובדי אדמה בסוריא וארץ־ישׂראל** (אָדעסאַ, תּרנ"ח):

ליבע אורסזאָן, יהושע־בער איציקסאָן, יוסף־זאבֿ בערנשטיין; גיטע, אָשר (אַדוואָקאַט), ד"ר מאיר, דובער, ד"ר ישׂראל, עלקע, אַננאַ, צעלינע — אַלע בערנשטיין. אַלע גוטמאַן: הערץ, וואָלף, ישעיה, מאַרקוס, משה, שלמה, יצחק, שמואל; ד"ר דריבין סימאָן, איזידאָר הערמער, ד"ר כעמיע לעאָן זימאַן, שמואל טענדלער.

מינע טענדלער, אַלכּסנדר יודעלמאַן, שלום כּהן, אַבֿרהם לעווי, דובער לעווי, צבֿי־הירש לעווי, שמואל לעווי, הלל פֿרישמאַן, יעקבֿ פֿירשט, באָריס קאַמענעצקי, אַננאַ קאַמענעצקי, מאַקס בריק, מאַרקוס קאַפּלאַנסקי, מאיר־שלום קאַרפּוס, פּסח רײַנוס, יוליוס רײַנוס, ראובֿן שוחט. מורשה: יוסף בערנשטיין.

**רבנים.** — ר' יעקבֿ, 1719; ר' דובער עפּשטיין, אַרום 1850־1865.

ר' משה־יצחק בר' משולם־זלמן הלוי סעגאַל (משה־איצל פּאָנעוועזשער), געבאָרן 1812 אין ראַסיין. דאָ רבֿ ביז 1868. פֿריִער רבֿ אין ווינדאו, גאָלדינגען—קורלאַנד, שוועקשנע, קרעטינגע, טאַווריק, ליבאַווע (קורלאַנד), פּלונגיאַן, פּאָנעוועזש, אויגוסטאָווע. ניפֿטר 1870. ער האָט זיך ניט געהאַלטן לאַנג אויף אַ כּסא־רבנות, ווײַל ער פֿלעגט פֿירן דעם שאַרפֿסטן קאַמף קעגן די תּקיפֿים פֿאַר זייער דריקן און באַעוולען אָרעמעלײַט. די קהל־לײַט פֿלעגן אים שנײַדן זײַן שׂכירות צוליב דעם, און דער רבֿ איז געווען געצוווּנגען זיך צו באַשעפֿטיקן מיט פֿאַרשיידענע מיסחרים, אַפֿילו מיט פֿערדהאַנדל — מסתּמא דער איינציקער משונהדיקער פֿאַל אין דער געשיכטע פֿון רבנים. ר' זאבֿ־דובֿ ליפֿשיץ, זײַן איידעם, אבֿ"ד שאַוולאַן און סרעדניק, און זײַן איידעם ר' תּנחום־שרגא, אבֿ"ד לינקעווע און פּרען.

ר' יהושע בר' אַהרן העליר, געבאָרן 1814. אַ סך יאָרן מ"מ אין גראָדנע. דאָ רבֿ פֿון 1869, פֿון 1874 אין ווילנע. געפֿאָרן אָפּנעמען זײַן פּרוי פֿון טעלז און דאָרטן ניפֿטר געוואָרן כ"ג סיוון, תּר"מ. אין פּאַלאַנגע און טעלז אײַנגעפֿירט

אַ רײ סאָציאַלע תּקנות: ייִדישע אַרבעטערס בײַ ייִדישע בעלי־בתּים זאָלן אַרבעטן האַלבע טעג ערבֿ שבת און ערבֿ יום־טובֿ. יעדער טאָג אַ האַלבע שעה אָפּרו אויף מנחה א״א. חיבורים: **דבֿרי יהושע, תּולדות יהושע, חוסן ישועה, מעוז הדת, מעיני יהושע, אהל יהושע** [פּרטים — טעלז]. זײַנע ברידער: ר׳ יחיאל, רבֿ אין הלוסק, וואָלקאָוויסק, סוואַלק, פּלונגיאַן; ר׳ מאיר, רבֿ אין טראָק, קאַשטוקאָוויץ; ר׳ ישׂראל, רבֿ אין קוידענעוו, פֿריִער ר״מ אין מינסק.

ר׳ נחום־מיכל בר׳ אַבֿרהם־דובֿ כּהנא, עטלעכע יאָר ביז זײַן פּטירה אין 1880. פֿריִער רבֿ אין שוקיאַן. אויפֿן היגן אַלטן בית־עולם איז דאָ אַ מצבֿה; „ר׳ נחום מיכל בר׳ אַברהם־דוב, בן 41״ — אָן וועלכן טיטל. נאָך אים איז אויסגעבראָכן אַ מחלוקת וועגן אַ נײַעם רבֿ.

ר׳ גרשון בר׳ יוסף ראַווינסאָן (ראַבינזאָן?). פֿון 1876 רבֿ אין סעריי, 1881־1887 אין פּאַלאָנגע, שפּעטער טשענסטאָכאָוו, 1893 אין וולאָצלאַוועק, 1897 אין מסטיסלאַוו, 1903 אין מאַנ־טשעסטער (ענגלאַנד), ראבֿ״ד אין קליוו־לאַנד. ניפֿטר 1908.

ר׳ יוסף־הלל בר׳ ישׂראל בער־מאַן, פֿון 1888 ביז 1898, שפּעטער רבֿ אין פֿרידריכשטאַט (קורלאַנד) און ראָסטאָוו־דאָן. אור־אייניקל פֿון ר׳ חיים וואָלאָ־זשינער. געווען דאָ אויך קאַזיאָנער ראַבינער. ניפֿטר 1928.

ר׳ צדוק בר׳ שמואל הלוי הור־וויץ, געבאָרן 1869. פֿון 1898 דאָ רבֿ, שפּעטער אין וואָראָמינשטינאָ און דאַש־קאָווסקאָ — מאָלעוועער גובערניע.

ר׳ חיים־יצחק קאָרב, געבאָרן 1870 אין פּילטען. פֿריִער מו״ץ אין פּאָ־נעוועזש. דאָ רבֿ 1908־1914, שפּעטער רבֿ אין פּאַוולאָגראַד, אַלט־זאַגער (4 יאָר), 1930־1950 ר״מ אין שיקאַגאָ. פֿון 1952 געוווינט אין ירושלים, ווו ניפֿטר געוואָרן אין 1957. חיבורים: **נתיבֿות חיים** (נ״י, תּרפּ״ז־תּרצ״ט, 3 טיילן), **טל שחקים** (סט. לואיס, תּש״א). אין **דבֿרי יצחק** פֿון זײַן שווער ר׳ איצעלע פּאָנעוועזשער זײַנען דאָ תּשובֿות צו אים. זײַן זון ר׳ שלמה, דיין אין קאָוונער בית־דין.

ר׳ שמואל־מנחם הלוי כּץ, גע־באָרן 1887 אין זאָסלע. פֿריִער רבֿ אין ווילאָן, בעתן ערשטן וועלטקריג אין ראָ־גאַטשעוו, דערנאָך אב״ד פּאַלאָנגע ביז 1940, ווען עולה געווען קיין ארץ־ישׂראל. ניפֿטר 1954 אין תּל־אָבֿיבֿ. זײַן ברודער ר׳ משה־יונה, אב״ד סרעדניק. זייער פֿאָטער ר׳ חיים, אב״ד פּומפּיאַן. ר׳ שמואל־מנחמס זון אַבֿרהם־איסר איז געפֿאַלן אַ קדוש בעת די אַראַבישע פּאָגראָמען אין 1936־1939; לעצטער רבֿ ר׳ אַהרן־יצחק כּץ, הי״ד.

ר׳ יחזקאל־פֿײַוול בר׳ זאבֿ־וואָלף, געבאָרן 1755 אין פּאַלאָנגע, ווו געווען מגיד־מישרים יונגערהייט, שפּעטער אין דערעטשין און פֿון 1811 מ״מ אין ווילנע 22 יאָר. באַרימטער דרשן אין זײַן צײַט. 1796 איז ער פֿינף מאָל גערופֿן געוואָרן צום ווילנער גאון און געדרשנט אין זײַן בײַזײַן. ניפֿטר 1833 אין ווילנע.

חיבורים: **מוסר השׂכל** (דהירנפֿורט, תּק״ן), **תּולדות אָדם**, תּולדות ר׳ שלמה זלמן מוואלאזין (דהירנפֿורט, תּקס״א־תּקס״ט). פֿאָטער געווען פֿון די חשובֿי העיר אין פּאַלאָנגע.

ר׳ אַבֿרהם באָרנשטיין, מו״ץ אַ סך יאָרן, אַרום אָנהייב נײַנצנטן יאָר־הונדערט.

צווישן די יאָרן 1828 און 1904 זײַנען געווען 53 פּאַלאָנגער פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

**אָפּשטאָמיקע.** — הרבֿ ר׳ זרח בר׳ שמואל דערעטשינער, אַ געבאָרענער אין פּאַלאָנגע, איינער פֿון די חסידי הדור. געלעבט אין אַ קליין דערפֿל לעבן ווילנע, ווו זײַן פּרנסה איז געווען זעגן ברעטער. פֿלעגט קומען אין זײַנע יישובֿניקישע מלבושים קיין ווילנע, ווו ער האָט געקענט נאָר זײַן בן־עיר ר׳ יחזקאל־פֿײַוול, דעם שטאָטישן מגיד [וועגן אים זען פֿריִער]. ניפֿטר געוואָרן 1826.

ר׳ צבֿי־הירש באָרנשטיין, געבאָרן דאָ 1812. 1840־1844 מו״ץ אין ליבאַווע, ווו ניפֿטר געוואָרן צו 32 יאָר. זון פֿון ר׳ אַבֿרהם, פּאַלאָנגער מו״צ.

ר׳ יהודה מאַרק, אַ געבאָרענער אין פּאַלאָנגע. 1893־1895 רבֿ אין דייטאָן (אַמעריקע). געקומען צוריק קיין פּאַלאָנגע, געווען דאָ דיין ביז 1877, ווען ניפֿטר געוואָרן.

**שרײַבערס, געלערנטע.** —

יעקבֿ־יהודה מאַרק, געבאָרן 1856. פֿון 1920 אין אַמעריקע. שטודירט קאָמערץ־וויסנשאַפֿט אין דײַטשלאַנד. געשריבן אַרטיקלען אין **המגיד, המליץ, הצפֿירה; יידישעס טאָגעבלאַט, מאָרגען־זשורנאַל** — נ״י. מחבר פֿון **גדולים פֿון אונזער צײַט** (נ״י, 1927). אַרויס נאָך זײַן טויט אין העברעיִש: **במחיצתם של גדולי הדור** (ירושלים, 1958). געשטאָרבן 1929 אין ניו־יאָרק.

יוליוס ברוצקוס, געבאָרן 1870. היסטאָריקער, פֿירנדיקער ציוניסט. מיטגליד פֿון ציוניסטישן אַקציאָנס־קאָמיטעט, מיטגרינדער פֿון דער רעוויזיאָניסטישער באַוועגונג. סיים־דעפּוטאַט און וויצע־מיניסטער פֿאַר יידישע עניינים אין ליטע. געלעבט אין פּעטערבורג, קאָוונע, בערלין, פּאַריז, ניו־יאָרק און פֿון 1946 אין ארץ־ישׂראל. מיטרעדאַקטער פֿון **וואָסכאָד** און **ראַזסוועט**. געשריבן וואָגיקע היסטאָרישע אַרבעטן אין **אַלגעמיינע יידישע ענציקלאָפּעדיע**, אין **שריפֿטן פֿאַר עקאָנאָמיק און סטאַטיסטיק** (בערלין, 1928), **היסטאָרישע שריפֿטן** (וואַרשע, 1929). געדרוקט אויך אויף רוסיש און ענגליש וואָגיקע פֿאָרשאַרבעטן וועגן יידן אין רוסלאַנד, צווישן זיי **געשיכטע פֿון יידן אין קורלאַנד** (פּעטערבורג, 1896). געשטאָרבן 1951 אין פּתח־תּקוה.

באָריס ברוצקוס, געבאָרן 1885. עקאָנאָמיסט, ספּעציאַליסט אין אַגראַר־פֿראַגעס און יידישער קאָלאָניזאַציע און סטאַטיסטיק. פּראָפֿעסאָר פֿאַר אַגריקולטור

און עקאָנאָמיק אין פּעטערבורגער הויכשול פֿאַר לאַנדווירטשאַפֿט און פֿון 1935 אין ירושלימער אוניווערסיטעט. געדרוקט ס׳רובֿ אין רוסיש. מיטגעאַרבעט אין **וואָסכאָד** און **יעווריעיסקאַיאַ זשיזן**. אויך ייִדיש געשריבן אין **די שטימע, לוח קדימה, צוקונפֿט**. מיטרעדאַקטירט **בלעטער פֿאַר ייִדישער דעמאָגראַפֿיע, סטאַטיסטיק און עקאָנאָמיק** (בערלין, 1923־1924). אויטאָר פֿון **די ייִדישע לאַנדווירטשאַפֿט אין מזרח־אייראָפּע** (בערלין, 1924). געשטאָרבן 1938 אין ירושלים.

יואל ברוצקוס, געבאָרן 1885. לערער פֿון מאַטעמאַטיק און פֿיזיק אין קאָוונער „גימנסיה עבֿרית״ און פֿון העברעיִשן לערער־סעמינאַר „תּרבות״. מיטגליד פֿון מרכּז פֿון די אַלגעמיינע ציוניסטן אין ליטע. 1921 דעפּאָרטירט געוואָרן פֿאַר זײַן ציוניסטישער טעטיקייט קיין סיביר, ווּ געשטאָרבן אין 1951.

יודל מאַרק, געבאָרן 1897. פֿילאָלאָג, פּעדאַגאָג, רעדאַקטער, מחבר. געלעבט אין ליבאַווע (לעטלאַנד), קאָוונע, פֿון 1936 אין אַמעריקע. געשריבן אַרטיק־לען אין **נײַס** (קאָוונע), **פֿרימאָרגן** (ריגע), **ווילנער טאָג** און אַ ריי צײַטשריפֿטן פֿון ניו־יאָרק. רעדאַקטירט קאָוונער טאָגצײַטונג **פֿאָלקסבלאַט**. פֿאַרעפֿנטלעכט אַ סך אַר־בעטן איבער לינגוויסטיק אין **ייִוואָ־בלעטער** (ווילנע־נ״י) און **ייִדישע שפּראַך**, וואָס ער האָט רעדאַקטירט. מיטרעדאַקטער פֿון **דער גרויסער ווערטערבוך פֿון דער ייִדישער שפּראַך**. מחבר פֿון אַ סך לערנביכער פֿאַר דער ייִדישער שול: **שול־גראַמאַטיק** (קאָוונע, 1921), **איינהייטלעכע פֿאָלקשול** (קאָוונע, 1922), **אַרבעטבוך פֿאַר ייִדיש אין מיטלשול** (נ״י, 1939), **חומש פֿאַר קינדער** (נ״י, 1944) א״אַ. אַנדערע ביכער: **היסטאָרישע געשטאַלטן** (בוענאָס־אײַרעס, 1957), **שמעון דובנאָוו** (נ״י, 1962). **אַבֿרהם סוצקעווערס פּאָעטישער וועג** (ת״א, 1974), **גראַמאַטיק פֿון דער ייִדישער שפּראַך** (נ״י, 1978). איבערגעזעצט פֿון דײַטש: וו. האָדאָן, **ייִנגל אָדער מיידל** (ריגע, 1929), טאָמאַס מאַן, **טאָניאָ קרעיגער** (ריגע, 1930). געשטאָרבן 1975 אין לאָס אַנדזשעלעס.

מענדל מאַרק, 1900. פֿון די גרינדערס פֿון די ייִדיש־וועלטלעכע שולן אין לעטלאַנד. פֿון 1938 אין קאַנאַדע און פֿון 1945 אין אַמעריקע. געשריבן אין **דער שטראָם** (ליבאַווע), רעדאַקטירט **יוגנט־בלאַט** און מיטרעדאַקטירט **ייִדישע שול־באַוועגונג אין לעטלאַנד** (ריגע, 1926). איבערגעזעצט פֿון רוסיש ד״ר ב. הערצפֿעלדס בוך **מוטער און קינד** (ריגע, 1933). געשטאָרבן 1974 אין מיאַמי־ביטש (פֿלאָרידע).

**ניכבדים.** — ר׳ אַבֿרהם בערנ־שטיין, ראש העדה (1878), גבֿיר און בעל־טובֿות, ר׳ פּסח בריק, ר׳ דובֿ־צבֿי כּהן, ר׳ דובער כּהן, ר׳ אַלכּסנדר זאַפּיר, ר׳ יוסף בערנשטיין, ר׳ הלל זאַנג (געוווינט אין מאָסקווע).

**קאָרעספּאָנדענטן. — המליץ:** משה ברוצקית, שלמה מרגלית, יצחק זימאַן, פּסח בהרה"ג מוהרי"ק [פּסח ברי"ק?]; יוסף דעסלער (**המגיד**), שמואל־דוד מאַרק (**הצפֿירה**).

**ביבליאָגראַפֿיע.** — הלבֿנון, 1878: 25; הצפֿירה, 1878: 47; המליץ, 1881: 40; 1886: 172; רשימת חבֿרים לתמיכת בני ישראל ... אדעסא, תרנ"ח; המליץ, 1898: 24; 1900: 40, 111; חשבון הנדבֿות, 1909, ע' 108; אידישע שטימע, 1934: 4816, 4818) ספֿר טלז, ת"א, 1984, ע' 38; קריה נאמנה, ע' 241, 253; עיר ווילנא, ע' 198; תולדות אַנשי שם (ראַנד), ע' 113.

יזכּור־בוך סואוואַלק, ז' 132; אהלי שם, ע' 36, 198; תולדות ישיבֿת היהודים בקורלאַנד, ע' 105, 133, 134; דורות האחרונים, ב', ע' 104; ספֿר היובֿל של אגודת הרבנים בארצות הברית וקנדה, ע' קל"ט; אוצר ישׂראל, א', ע' 279; לעקסיקאָן, 1, 4; ב' כּהנס לעקסיקאָן, ז' 368; יהדות ליטא, ג'; ספֿר הפּרענומע־ראַנטן, 6346;

L. Wasilewski, Die Ostprovinzen des alten Polenreiches. Krakau, 1916, p. 54; Jewish Encyclopedia, IV, p. 311; V., p. 318; Biuletyn Żydowskiego Instytutu Historycznego W Polsce, 1987 nr. 141. (אַרטיקל וועגן זאַמעט) Black Book.

## פּאָנעדעל PANDĖLIS

ראַקישקער קרײַז. פֿריִער אין קרײַז פֿון נאָוואָ־אַלעקסאַנדראָווסק (עזשערעני). דער ייִדישער ייִשובֿ האָט זיך אָנגעהויבן אַרום ערשטן פֿערטל פֿון אַכצנטן יאָרהונדערט. אין 1847 האָבן דאָ געוווינט 904 ייִדן, 1897 — 1131, 1914 — אַרום 800, 1923 — 611, 1935 — אַרום 500, פֿאַרן חורבן — אַרום 400.

ייִדישע פּרנסות זײַנען געווען מיסחר, קרעמערײַ, מלאכה. ייִדן האָבן עקספּאָרטירט אייער קיין ריגע, באַאַרבעטן פֿלאַקס קיין דווינסק, געהאַנדלט אויך מיט האָלץ און תּבֿואה. אַ קליינער טייל האָט אויך געהאַט אַ בײַשטוביקע ווירטשאַפֿט — אַ גאָרטן, אַ סאַד, אַ בהמה און עופֿות. מיטן אויפֿקום פֿון אַ זעלבשטענדיק לעטלאַנד, איז אָפּגעפֿאַלן דער גרויסער לעטישער אָפּזאַצמאַרק, וואָס האָט שטאַרק געטראָפֿן דער ייִדישער עקאָנאָמיק פֿון שטעטל.

פּאָנעדעל איז געווען אַ פֿאַנאַטיש־פֿרום שטעטל. השׂכּלה, חיבת־ציון און ציוניזם האָבן דאָ כּמעט ניט געהאַט קיין דריסת־הרגל.

**רבנים.** — ר' חיים בר' שמעון ווײַלער, אַ חסידישער גדול, זײַן טאָכטער איז די מאַמע פֿון היסטאָריקער אלתּר דרויאַנאָוו.

ר' בן־ציון יהודה־לייב גרשוני זיוו (בן־ציון פּאָנעדעלער), זון פֿון ר' משה בר' גרשון־מענדל זיוו, אבֿ"ד קריזבורג, שאַוול.

ר' משה אָגינס, געבאָרן אין קוועטקי, לעבן בירזש. דאָ ניפֿטר געוואָרן צווישן 1930 און 1934; ר' איציק דובאָוו.

לעצטער רבֿ ר' מיכל פּון. האָט דבֿרי־תּורה אין **כּנסת ישׂראל** (תּרצ"ח). אומגעקומען 1941, הי"ד.

אַ באַוווסטער דרשן און דײַן פֿון פּאָנעדעל איז געווען ר' אליקום־געצל

אַלטשול. ער איז פֿריִער געווען רבֿ „בק״ק לוצין והאוייעזד במדינת ליפֿלאַנד״, און נאָך פּאָנעדעל אין דערעטשין, ראַצק, הלוסק. אין פּאָנעדעל האָט ער געמוזט זײַן אַן ערך אין לעצטן צענדליק פֿון אַכצנטן יאָרהונדערט. ר׳ אליקומס הסכמה איז דאָ אויפֿן **דרך המלך** פֿון יחיאל בר׳ יהודה מק״ק קלווריִע [שקלאָוו, תּקנ״ח]. זײַן פֿאָטער ר׳ זאבֿ־וואָלף איז דער מחבר פֿון **חמשה חלוקי אבנים** (שקלאָוו, תּקנ״ד) און **זבֿד טובֿ** (שקלאָוו, תּקנ״ג; ווארשא, תּקע״ד). ר׳ זאבֿ־וואָלפֿס איידעם איז ר׳ אַבֿרהם מרגליות, אב״ד טעלז, און זײַן אייניקל ר׳ משה־זבֿולון מרגליות, רבֿ אין באָסטאָן (1889) און ניו־יאָרק (1906).

אין 1876 און 1884 זײַנען דאָ געווען 6 פּרענומעראַנטן אויף צוויי רבנישע ספֿרים: **זיר יצחק**, יוסף זונדל מבירז (ווילנא, תּרל״ו); **אַמתּחת בנימין**, בנימין העשין (וואַרשא, תּרמ״ד).

**אָפּשטאַמיקע.** — ר׳ ברוך הלוי הורוויץ, דאָ געבאָרן אין 1870, אב״ד אַלעקסאָט פֿון 1900 ביז זײַן פּטירה, א׳ תּשרי, תּרצ״ו. אין צווישן געווען אויך 20 יאָר ר״מ אין סלאַבאָדקע.

אַ געוויסע צײַט האָט פּראַקטיקירט אין פּאָנעדעל דער דאָקטער יהודה בר׳ מרדכי הלוי הורוויץ, באַקאַנט ווי „אססיא דווילנא״. דאָס האָט געמוזט זײַן אַרום די 1750ער יאָרן.

י.ל. מאיראָוו האָט געשריבן קאָרעספּאָנדענציעס אין **המליץ**.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — י. שאַצקי, קולטור־געשיכטע פֿון דער השׂכּלה אין ליטע. בוענאָס־איירעס, 1950. זז׳ 21־23; תּולדות ישיבֿת היהודים בקורלאַנד, ע׳ 122; יהדות ליטא, ג׳; יזכּור־בוך סואוואַלק, ז׳ 181; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 6394; ד. תּדהר, אנציקלופּדיה לחלוצי הישובֿ ובוניו, ע׳ 1035. Black Book.

# פּאָנעוועזש

# PANEVĖŽYS

קרײַזשטאָט. דריט־גרעסטע שטאָט אין קאָוונער ליטע (אויסער מעמל). אַן אַלט אָרט. אין פֿערצנטן יאָרהונדערט איז שוין דאָ געווען אַ קליינער ייִשובֿ. אין 1780 האָט פֿירשט ניקאָלײַ טישקעוויטש, וואָס אים האָט געהערט די שטאָט, אויסגעהאַקט אַ וואַלד צווישן אַלט־און נײַ־פּאָנעוועזש. דערמיט האָט ער שטאַרק פֿאַרגרעסערט די שטאָט און געהאָלפֿן אויך אויסבויען די פֿאָרשטאָט ניקאָלײַ. אַלט־פּאָנעוועזש האָט זיך אַ מאָל גערופֿן „פֿערמע״.

נאָך דער דריטער טיילונג פֿון פּוילן (1795) איז פּאָנעוועזש אַריבער צו רוסלאַנד און געוואָרן אַ קרײַזשטאָט (פֿון 1842) אין קאָוונער גובערניע. ביז 1842

איז דער הויפּט־אַדמיניסטראַטיווער צענ־טער פֿון גאַנצן ראַיאָן געווען דאָס שטעטל אופּיטע, בײַ 15 ק"מ ווײַט. דורך ווערן די קרײַזשטאָט איז פּאָנעוועזש געוואָרן דער אַדמיניסטראַטיווער הויפּטצענטער פֿון גאַנ־צן אַרום, ווי אויך דער עקאָנאָמישער הויפּטנערוו פון דער גאַנצער סבֿיבֿה.

די קאַראַימער האָבן זיך אָנגע־הויבן צו באַזעצן אין פּאָנעוועזש לאַנגע צײַטן פֿאַר די ייִדן. דער קאַראַימער חכם סולטאַנסקי שרײַבט, אַז דער גרויספירשט וויטאוטאַס האָט אַ טייל פֿון 153 געפֿאַנגענע קאַראַימישע מישפּחות באַזעצט אין פּאָנעוועזש. 1697 איז דאָ געווען אַ קענטיקער קאַראַימישער ייִשובֿ. אַבֿרהם בן מרדכי קאַפּלאַנאָווסקי, איינער פֿון די קאַראַימישע מנהיגים אין יענער צײַט, האָט געלעבט אין פּאָנעוועזש. ער איז אויך געווען אַ גרויסער סוחר פֿון זאַלץ און טאַבאַק, זײַנע געשעפֿטן האָבן געגרייכט ריגע און ווילנע. נאָך עטלעכע שׂריפֿות איז ער אַוועק קיין טראָקי, אָבער 1794 זיך צוריקגעקערט קיין פּאָנעוועזש. ער איז געשטאָרבן אָנהייב נײַנצנטן יאָרהונדערט. זײַן ברודער איז געווען קאַראַימישער דיין אין טראָקי. אין דער העברעיִשער נאַציאָנאַל־ביבליאָטעק פֿון ירושלים געפֿינט זיך אַ תּעודה פֿון 1793 וועגן דעם. אין 1932 האָבן דאָ נאָך געלעבט בײַ 100 קאַראַימער.

בדרך כּלל זײַנען די באַציִונגען צווישן ייִדן און קאַראַימער געווען ניט קיין שלעכטע, אָבער אין 1827 איז אויסגע־בראָכן אַ קאָנפֿליקט צווישן זיי. יענעם יאָר איז אַרויס דאָס געזעץ, אַז ייִדן ווערן אויך גענומען אין מיליטער. לויטן געזעץ האָט די קהילה געדאַרפֿט צושטעלן די רעקרוטן, אויב אין איר געפֿינען זיך מערער פֿון 500 מענער. די קאַראַימער האָבן זיך גערעכנט פֿאַר אַ באַזונדערער עֵדה. די צאָל פֿון זייערע מענער איז דעמאָלט געווען 78, בכֵן זײַנען זיי געווען פֿרײַ פֿון מיליטער. די פֿירערס פֿון פּאָנעוועזשער קהל האָבן געזאָגט, אַז אין פּרט פֿון מיליטער־דינסט זײַנען ייִדן און קאַראַימער גלײַך, דאָס הייסט, מען דאַרף צורעכענען די קאַראַימער צו דער צאָל רעקרוקטן, וואָס קהל דאַרף צושטעלן. איין נאַכט זײַנען די קהל־לײַט באַפֿאַלן דעם קאַראַימישן קוואַר־טאַל, פֿאַרכאַפּט 6 יונגעלײַט און איינעם פֿון זיי אָפּגעגעבן פֿאַר אַ רעקרוט. די קאַראַימער האָבן אָנגעקלאָגט די קהילה, און נאָך אַ סך גילגולים האָבן זיי געוווּנען.

*

דער ייִדישער ייִשובֿ האָט זיך אָנגעהויבן אַרום מיטן זיבעצנטן יאָר־הונדערט. פֿון די ערשטע פֿאַר יאָרהונדער־טער האָבן מיר וויייניק ידיעות. אַרום מיטן אַכצנטן יאָרהונדערט איז דאָ געבויט גע־וואָרן אַ גרויסע הילצערנע שול מיט זייער שיינע אינעווייניקסטע באַפּוצונגען. אָבער דער ערשטער אונדז באַקאַנטער רבֿ איז ערשט פֿון אָנהייב נײַנצנטן יאָר. אונטער דער רוסישער הערשאַפֿט איז ביז 1882 ייִדן פֿאַרווערט געווען צו וווינען אין גרויסע טיילן פֿון שטאָט.

אין 1766 זײַנען דאָ געווען 254

ייִדישע קאָפּשטײַער־צאָלערס, אין 1847 — 1447 ייִדן. אין 1865 איז די אַלגעמיינע צאָל תּושבֿים געווען 8,071, פֿון זיי 3,648 ייִדן און 70 קאַראַימער, אין 1884 — 15,030 אײַנוווינערס, פֿון זיי 7,899 ייִדן, אין 1897 — 6,627 (אַלג' צאָל: 13,044). אין שטאָט זײַנען געווען 8 בתּי־מדרשים, איינער פֿון ציגל. פֿאַרן ערשטן וועלטקריג האָבן דאָ געלעבט בײַ 7000 ייִדן, אין 1923 — 6845 (21 אין וועלזיס, בײַם ראַנד פֿון שטאָט), פֿאַרן חורבן — אַרום 8500. בעתן גירוש ליטע אין 1915 איז די ייִדן געגעבן געוואָרן 24 שעה צו פֿאַרלאָזן די שטאָט. צווישן די פֿאַרפֿאַקטע אין פֿראַכטוואַגאָנעס זײַנען געווען 43 ייִדן פֿון מושבֿ־זקנים אין עלטער פֿון 67 ביז 92 יאָר. פֿאַר דעם זײַנען אָנגעגאַנגען דראָענ־דיקע העצעס קעגן די ייִדן. דער מיליטע־רישער קאָמענדאַנט האָט אַרויסגעגעבן אַ וואָרענונג, אַז פֿאַר אַ פּאָגראָם וועט זײַן אַ קריגגעריכט.

ייִדן האָבן זיך פֿאַרנומען מיט קרעמערײַ, מלאכה און מיסחר, באַזונדערס מיט עקספּאָרטירן פֿלאַקס, תּבֿואה און געהילץ. נאָכן פּוילישן אויפֿשטאַנד אין 1863, מיט אַלע זײַנע נאָכווייעניש, איז די שטעטלשע עקאָנאָמיק אָפּגעשוואַכט גע־וואָרן אַ געוויסע צײַט, אָבער זי האָט זיך גיך פֿאַרבעסערט. מערערע ייִדישע מיש־פּחות האָבן קולטיווירט בײַשטאָטישע גערטנערײַ און סעדערײַ, וואָס זײַנען געווען אַ וויכטיקער צוגאָב צו זייער פּרנסה. פֿאַר דעם פֿלעגן זיי אַרענדירן גרויסע שטחים פֿעלד אויסערן שטאָט, אַ מאָל אויך זיי אָפּקויפֿן. אין 1887 איז דאָ געעפֿנט גע־וואָרן אַ דרוקערײַ פֿון נ. פֿייגענזאָן, וואָס האָט זיך געהאַלטן לאַנגע יאָרן.

*

אין 1831 און 1863 האָט די שטאָט שטאַרק געליטן פֿון די פּוילישע אויפֿשטאַנדן. 1831 האָבן פּוילישע סטור־דענטן־מורדים פֿון ווילנע געהאַנגען דאָ אומשולדיקע ייִדן. אַ פּאָר ייִדן זײַנען גערעטעוועט געוואָרן אין לעצטן מאָמענט דורך צוויי אָנגעלאָפֿענע פּוילישע פֿירערס.

אין 1858 האָט זיך פֿאַרשפּרייט אַ גרויסע כאָלערע־עפּידעמיע אין שטאָט און אומגעגנט.

אין 1861 איז אויסגעבראָכן אַ גרויסע שׂריפֿה. עס זײַנען פֿאַרברענט גע־וואָרן כּמעט אַלע ייִדישע הײַזער, בתוכם דער בית־מדרש. הילף איז געקומען פֿון די פּוילישע פּריצים קודרעוויץ, בושינסקי, גרוזעווסקי, פֿריילן טשאַסקיאַווסקאַ.

אין אַ רשימה פֿון 1871 און 1872 ווערן אויסגערעכנט די נעמען פֿון פּאָנעוועזשער מנדבֿים פֿאַר ייִדישע הונגער־געליטענע שטעטלעך אין ליטע. דער קלײַבער: זאבֿ וואָלפֿסאָן.

אין די 1880ער יאָרן איז פּאָנע־וועזש געפּלאָגט געוואָרן פֿון נאָכאַנאַנדיקע שׂריפֿות. אין 1881 איז אַ האַלב שטאָט אַראָפּ מיטן פֿײַער. צווישן זיי 3 בתּי־מדרשים. קריסטן האָבן געהאָלפֿן אַלעמען, אָן אונטערשייד. דער שטאָטדאָקטער מאַיגיס און מאַרשאַל פּוזינא האָבן געגעבן די ייִדישע נשׂרפֿים צו 50 און 100 רובל

לכבוד שבת. אין דער שריפה פון 1882 זיינען אראפ 50 הייזער, צווישן זיי א בית־מדרש און 2 שולן. מערץ 18, 1883 זיינען פארברענט געווארן 60 הייזער.

אין 1884 איז ארויס א באפעל, אז אלע יידן פון די ארומיקע דערפער מוזן פארלאזן זייערע וווינערטער אין משך פון צוויי וואכן.

אין 1887 זיינען דא סטאציאנירט געווארן יידישע סאלדאטן אין ארטיקן גארניזאן. ס'איז געשאפן געווארן פאר זיי א „מאכל כשר."

סוף 1880ער פלעגט דער פוילישער גראף פון שטאט אנטאן יידן צרות. ער האט אויך געעפנט קראמען צו קאנקורירן מיט די יידישע קרעמערס. בכלל האבן די פאליאקן דא ניט אלע מאל געלעבט גוט מיט די יידן. אין א קארעספאנדענץ פון 1860 ווערט איבערגעגעבן וועגן א גוואלדיקער שינאה זייערס צו יידן, באגלייט פון דראונגען.

אין לעצטן פערטל פון נייצנטן יארהונדערט און שפעטער איז געווען א גרעסערע יידישע עמיגראציע פון פאנעוועזש קיין דרום־אפריקע. אין 1900 זיינען געווען אין קייפטאן שוין אזוי פיל פאנעוועזשער, אז יענעם יאר האבן זיי דארטן געשאפן א „בית המדרש דפוניבזש". אין יאהאנעסבורג איז פאנעוועזש געווען איינע פון די ערשטע לאנדמאנשאפטן. צו איר יובילייאיז 1949 ארויסגעגעבן געווארן א שריפט פון „בית־המדרש דחברה לינת הצדק וגמילות חסדים דפאניוועזש".

**מוסדות. השכלה.** — 1886 האט זיך געענדיקט דער אויפבוי פון קראנקנהויז. דער פלאץ און די בנינים האבן געקאסט 10 טויזנט רובל. די איניציאטיוו איז געקומען פון גביר מ.ה. קיסין. בראש פון אנשטאלט זיינען געשטאנען: א. דעמבא, י. בערלין, מ. שידערסקי, י. ספיר, אדוואקאט ד. זאקהיים. אין 1893 איז געווען אן אפטייק ביים קראנקנהויז, וווּ מען האט ארויסגעגעבן אומזיסטע רפואות פאר ארעמע.

1890 איז דא אויפגעשטעלט געווארן א סומך נופלים. די גרונטסומע איז געווען משה־צבי קיסינס 500 רובל אין זיין צוואה. אין 1898 איז אין דער קאסע געווען 3,402 רובל. הלוואות האט מען געגעבן אן פראצענט, אבער דער מאקסימום איז געווען 100 רובל.

אין „הכנסת־אורחים" האט מען געגעבן ארעמע דורכגייערס 3 טעג עסן, אבער לענגער, חוץ אויסנאמפאלן, האט מען זיי ניט געהאלטן.

1898 איז דא געשאפן געווארן א „לינת־הצדק" און איז גיך געווארן זייער אויפטועריש.

אין דער תלמוד־תורה פלעגן לערנען מערסטנס ארעמע קינדער, פלעגט מען פון צייט צו צייט מאכן „אוונטן" צו העלפן דעקן די גרויסע הוצאות. איין אוונט, מיט דער באטייליקונג פון אליקום צונזער,

וואָס האָט געזונגען זײַנע לידער, האָט אַרײַנגעבראַכט אַ סך געלט. אין 1893 האָבן 100 קינדער געלערנט אין תּלמוד־תּורה, ווו מען האָט אויך געלערנט לימודי־חול.

דער באַרימטסטער מוסד איז געווען די ישיבֿה, וואָס מען האָט גערופֿן „פּאָנעוועזשער קיבוץ", געגרינדעט געוואָרן דורך הרבֿ ר' איצעלע פּאָנעוועזשער אין 1909. דער „קיבוץ" איז אויסגעהאַלטן געוואָרן פֿון די געלטער, וואָס עס האָט געגעבן די גאַוּוראָנסקי־מישפּחה אין מאָס־קווע. אין „קיבוץ" האָבן געלערנט בחורים און פּרושים לומדים, וואָס זײַנען ספּעציעל אָפּגעקליבן געוואָרן פֿאַר דעם. זיי האָבן געקראָגן אַ מאָנאַטלעכע שטיצע אויף פֿולער אויסקומעניש. טייל פֿון זיי זײַנען אָפּגעווען אין „קיבוץ" אַ סך יאָרן. דער „קיבוץ" האָט זיך געפֿונען אין „גליקעלעס קלויז."

זייער אינטערעסאַנט איז די געשיכטע פֿון גרינדן די ישיבֿה. עס זײַנען געווען דרײַ הצעות וועגן אָרט פֿון דער ישיבֿה: 1. אין בריסק דליטא, דורך ר' חיים סאָלאָווייטשיק (בריסקער). 2. אין ווילנע, דורך ר' חיים־עוזר גראָדזענסקי. 3. אין פּאָנעוועזש, דורך ר' איצעלע פּאָנעווע־זשער. ר' שלמה גאָץ, איידעם פֿון וויסאָצקין, איז געפֿאָרן קיין בריסק זיך אָנצופֿרעגן די מיינונג פֿון ר' חיים בריסקער. זײַן ענטפֿער איז געווען אַזאַ: וועגן בריסק קען מען זאָגן, אַז דאָס אָרט איז פּאַסיק, אָבער דער רבֿ איז ניט פּאַסיק [ד"ה וועגן זיך!]; אין ווילנע, איז דער רבֿ פּאַסיק, אָבער ניט דאָס אָרט; פּאָנעוועזש? — איז דער רבֿ פּאַסיק און דער מקום איז פּאַסיק. האָט מען אָנגענומען זײַן דעה און אויפֿגעשטעלט די ישיבֿה אין פּאָנעוועזש.

*

דער רוח־השׂכּלה האָט זיך אַרײַנגעריסן קיין פּאָנעוועזש אַרום צווייטן פֿערטל פֿון נײַנצנטן יאָרהונדערט. שטאַרק פֿאַרשפּרייט אָבער האָט זיך די השׂכּלה פֿון אָנהייב 1850ער יאָרן, מיטן אָנקום פֿון יהודה־לייב גאָרדאָן, דעם גרעסטן העברע־ישן משורר אין זײַן דור, וואָס האָט געעפֿנט אַ קרוינשול אין 1853 און דאָ געוווינט ביז 1861. אין זײַנע בריוו ווערט פּאָנעוועזש אָפּט דערמאָנט. עס איז גוט באַקאַנט זײַן רופֿן פּאָנעוועזש — „פּה־ניבֿז", אָבער ס'איז ניט באַקאַנט זײַנס אַ צווייט ווערטערשפּיל אויף דער שטאָט: „מפּניו עֹז". דאָס האָט יל"ג געניצט אין אַ נוסח אויף דער מצבֿה פֿון דער פּאָנעוועזשער חנה בת תּנחום כּהנשטאַם. ער האָט אויך געשריבן דעם מצבֿה־נוסח אויף תּנחום כּהנשטאַם [אויף אים זאָגט ער אין אַ בריוו „אָבֿי חותנתי"].

אין יהודה־לייב גאָרדאָנס שול איז פֿון 1853 געווען לערער יצחק רומש, געבאָרן 1820 אין זעזמער. 1861, נאָך יל"גס אַוועקפֿאָר, האָט ער געעפֿנט אַ ייִדישע מיידלשול, וואָס האָט עקסיסטירט אַ סך יאָרן, שפּעטער אויך צוזאַמען מיט

ייִנגלעך. אין רומשעס שול האָט מען געלערנט: רוסיש, דײַטש, פֿראַנצייזיש, עבֿרית, חשבון און האַנטאַרבעט. אין 1882 האָט די „חבֿרת מרבי השׂכּלה בישׂראל" אין פּעטערבורג געשיקט 150 רובל פֿאַר רומשעס שול. די חבֿרה האָט געשיקט דאָס געלט, ווײַל אָנהייב 1880ער יאָרן זײַנען געווען עטלעכע גרויסע שׂריפֿות און אַ סך עלטערן זײַנען פֿאַראָרעמט געוואָרן. רומש האָט איבערגעזעצט און באַאַרבעט אַ ריי ביכער אויף העברעיִש, באַזונדערס פּאָפּולער איז געווען זײַן **כּור עוני** (ווילנא, תּרכ"ו), אַ ברייט־באַאַרבעטע איבערזעצונג פֿון **ראָבינזאָן קרוזאָ**, מיט זיינע פֿאַרשיידענע צוגעגעבענע טיילן.

יהושע־העשל סירקין, אַ געבאָרענער 1838 אין שקלאָוו, איז געקומען 1857 קיין פּאָנעוועזש, ווו ער האָט חתונה געהאַט און דאָ געלעבט בײַ צען יאָר. זײַן פרוי און יל"גס פרוי זײַנען געווען שוועסטערן. אויך יל"ג האָט חתונה געהאט אין פּאָנעוועזש. סירקין האָט געשריבן אין **המגיד** וועגן חיבת־ציון און וויסנשאַפֿטלעכע ענייִנים. מחבר פֿון העברעיִשע ביכער. אין **אוצר חכמה**, ע"י יוסף כּהן צדק (לעמבערג, תּרכ"ה), זײַנען דאָ הערות הרמ"א (פֿון כּתבֿ־יד) וועגן **מורה נבֿוכים**, מיט סירקינס תּיקונים און הערות. אין יל"גס צוואה איז סירקין איינער פֿון די צוויי אַפּוטרופּסים אַרויסצוגעבן זײַנע כּתבֿים. אין יל"גס **אגרות** געפֿינען זיך אַ סך בריוו צו סירקינען, פֿלעגט זיך שרײַבן: י.י. סירקין. געווען אַקטיוו אין דער פּאָנעוועזשער משׂכּילים־גרופּע. צוזאַמען מיט יהודה־לייב גאָרדאָן האָט ער דאָ אָרגאַניזירט „אגודת המשׂכּילים".

אין די 1850ער האָט זיך דאָ פֿאַרנומען מיט לערערײַ אויך משה הכּהן פראָזער, אַ העברעיִשער מאמרים־שרײַבער. ער פֿלעגט געבן העברעיִשע „שטונדן". יל"ג האָט אים געשריבן מערערע בריוו.

אין 1868 האָבן משׂכּילים געוואָלט עפֿענען אַ ביבליאָטעק. פֿון פֿרומען סעקטאָר האָט מען געמאַכט פֿאַרשיידענע שטערונגען, אָבער עס האָט זיי ניט געהאָלפֿן.

1886 האָבן יונגע משׂכּילים געשאַפֿן אַן „אגודה ללַמד ילדים עניים תּורה ומלאכה": ליבערשטיין, טרויב, דעמבאָ, בערמאַן, גראָסמאַן, סעגאַל, לעווינשטיין, דראַקין. די משׂכּילים האָבן געלערנט די לימודים און זיי האָבן באַצאָלט די בעלי־מלאכה צו לערנען די קינדער אַ פֿאַך. אַ צווייטע חבֿרה איז אָרגאַניזירט געוואָרן אונטערן נאָמען „שוקדי מלאכה".

אין 1890ער האָט די לערערקע טשערנע קליס געעפֿנט אַ פּריוואַטשול פֿאַר מיידלעך. 1896 איז זי אַרעסטירט געוואָרן פֿאַר רעוואָלוציאָנערער אַרבעט.

אין 1905 איז דאָ געגרינדעט געוואָרן אַ „יעווריייסקי אוטשילישטשע" פֿאַר ייִדישע ייִנגלעך און מיידלעך.

פֿאַר אַן אויפֿזעער פֿון די שולן אין פּאָנעוועזש איז 1859 דורך דער צאַרישער רעגירונג באַשטימט געוואָרן פּ. שטערן, אַ היי־געבאָרענער.

**ארץ־ישׂראל.** — פּאָנעוועזש

איז געווען פֿון די ערשטע שטעט אין ליטע, ווו ייִדן האָבן אָנגעהויבן טראַכטן וועגן עולה זײַן קיין ארץ־ישׂראל. שוין אין 1867 — צוואַנציק יאָר פֿאַר חיבת־ציון — האָבן ייִדן פֿון פּאָנעוועזש געשיקט בריוו צו מתּתיהו שטראַשון אין ווילנע און זיך נאָכגעפֿרעגט ווי אַזוי מען קען זיך באַזעצן אין ארץ־ישׂראל.

אין 1871 איז שוין דאָ געווען אַ מורשה פֿון „חבֿרת תּמיכת בני ישׂראל עובֿדי אדמה בסוריה וארץ־ישׂראל". זײַן נאָמען: זעליק גראַנעוויץ. אין אַ ליסטע פֿון 1895 צו שטיצן די דערמאָנטע חבֿרה געפֿינען זיך די פּאָנעוועזשער: לייב טאָדעס, בן־ציון ליבענשטיין, טובֿיה מעסמאַן, יצחק פּלוים.

פּאָנעוועזש איז געווען פֿאַרבונדן ממש מיט ארץ־ישׂראל שוין פֿון די 1850־1860ער יאָרן, ווי עס איז צו זען פֿון די ווײַטערדיקע מצבֿות אויף אַן אַלטן בית־עולם אין ירושלים, אַלע פֿון פּאָנעוועזש:

מאיר בר' זאב, תּרכ"ו (מגיד).

אַברהם יוסף בר' שלום, תּר"ל.

גיטל בת ר' משה, תּרל"ב.

יוסף בר' ליב, תּרל"ח.

נתן הלוי מפּאניוועז, תּרל"ט.

מיכאל בר' יהודא מפּאניוועז, תּר"ם.

יצחק בר' צבי מפּאניוועז, תּרמ"ו.

יענטא בר' בן־ציון, תּר"ן.

איטא בת ר' נחמן הכּהן, תּר"ן.

שפּרינצע בת ר' ישׂראל אשת הרה"ג . . . ר' צבי פּרוש, תּר"ן.

ניסן בר' דוד הכּהן, תּרנ"ג.

רחל בת ניסן מפּאניוועז, תּרנ"ג.

אברהם בר' יחיאל מיכל שובאצקי, תּרס"ב (ת"ח, עסקן, מנהל כּולל ווילנא זאמוט עד יום מותו).

[אויסגעבויט די „בית־אברהם"־הײַזער פֿאַר אָרעמע. ניפטר בן פּ"ו]

מיטן אויפֿקום פֿון חיבת־ציון און ציוניזם איז פּאָנעוועזש געווען אַ גרייטער באָדן אויפֿצונעמען די נײַע אידייען. אין 1883 איז אַ גרופּע פֿון ביאַליסטאָק און פּאָנעוועזש עולה געווען קיין ארץ־ישׂראל און זיך באַזעצט אין פּתח־תּקוה. 5 יאָר שפּעטער זײַנען דאָ שוין געווען 5 מיש־פּחות פֿון פּאָנעוועזש. אליעזר־אלחנן שאַליט, דאָ געבאָרן אין 1846, איז עולה געווען אין 1882. ער איז איינער פֿון די גרינדערס פֿון ראשון־לציון.

אין 1890ער יאָרן האָט זיך באַזעצט אין חדרה ר' יעקבֿ בערמאַן, קליידער־האַנדלער אין פּאָנעוועזש. דער אָרטיקער „אגוד דורשי ציון" האָט געהאַט אַ חלק אין אַ נחלה פֿון חדרה. עס זײַנען געווען טעטיק „פּרחי ציון" פֿון ייִנגלעך ביז 13 יאָר. זייער אָנפֿירער אַן אייניקל פֿון הרבֿ ר' יחיאל העליר. די טעטיקייט פֿון די חובֿבֿי־ציון איז פֿאַרשטאַרקט געוואָרן אַ דאַנק הרבֿ דמתא ר' יצחק־יעקבֿ ראַבי־נאָוויץ און מו"צ ר' מרדכי בערקאָוויץ.

רשימות פֿון פּאָנעוועזשער מנד־בֿים פֿאַר א"י־בוי זײַנען דאָ אין **הצפֿירה** (1895), **המליץ** (1899, 2 רשימות) **המליץ** (1900, 2 רשימות). די מורשים: סאָלאָמאָן קיסין, לייב טאָדעס.

אין 1899 איז פֿאָרגעקומען אין ווילנע אַ גרויסע ציוניסטישע קאָנפֿערענץ.

פּאָנעוועזש האָט געשיקט צוויי דעלעגאַטן. איינער פֿון זיי הרבֿ ר׳ יצחק ראַבינאָוויץ. 1901 איז דאָ געעפֿנט געוואָרן אַ „בית מקרא לציונים״.

*

פֿאַרן ערשטן וועלטקריג איז דאָ געווען אַקטיוו אויך די „אגודה״, אין אַ ליסטע פֿון יערלעכן מיטגליד־אָפּצאָל אין 1913 געפֿינען זיך די פּאָנעוועזשער:

דובער רובינשטיין הכּהן, צמח ברוידא, הרב ר׳ יצחק־יעקבֿ ראַבינאָוויץ, יוסף געלאַצקי, יהושע־לייב שאַלאַמאָוו, לייב ראָזין, יצחק־יעקבֿ קלאַצקין, יצחק הורוויץ, צבֿי טראָצקי, אַבא פּאָרטנאָוו, הרב ר׳ אפֿרים, מו״צ, יצחק ראָזין, שעפֿטל פֿולער, שמואל־יעקבֿ לעוויט, שבתי טובער, אליהו קורלאַנדשיק, יקותיאל שאַגאַם, מאיר־יעקבֿ גאָשקוטינסקי, בן־ציון קלאַסטער, ניסן בוך.

*

פּאָנעוועזש האָט געהאַט ניט קיין קליינעם ייִדישן אַרבעטער־עלעמענט, וואָס האָט זיך גרופּירט אַרום דעם „בונד״. דער „בונד״ האָט געפֿירט אַ גאַנץ אַקטיווע אונטערערדישע אַרבעט. אין 1897 איז די לערערקע טשערנע קליס אַרעסטירט געוואָרן פֿאַר בונדישער רעוואָלוציאָנערער אַרבעט. אין 1903 האָט אַ בונדיסט אָפּגעגאָסן אַ זשאַנדאַר מיט וויטריאָל. אָנהייב הײַנטיקן יאָרהונדערט, ביז נאָענט צום ערשטן וועלטקריג, האָט דער „בונד״ דורכגעפֿירט אַ ריי שטרײַקן, פּאָליטישע דעמאָנסטראַציעס, אויסגעקעמפֿט 8 שעה־דיקן אַרבעטסטאָג. אין פּאָנעוועזש זײַנען געדרוקט געוואָרן אומלעגאַלע בונדישע בראָשורן ווי דער **אַרבייטער** און אַנדערע. פֿון פּאָנעוועזש שטאַמען עטלעכע וויכטיקע בונדישע פֿירערס (זע: אָפּשטאַמיקע).

**רבנים.** — ר׳ אַבֿרהם־אבלי יפֿה, אוראייניקל פֿון בעל „הלבֿושים״, אַ געבאָרענער אין יאַנישאָק. פֿריִער רבֿ אין וועקשנע, דערנאָך אין לאָטעווע. זײַנע חידושי־תּורה געפֿינען זיך אין **פּרי אֶשל**, שלום־אלחנן יפֿה (ווילנא, תּרל״ו). ניפֿטר 1820. זײַן פֿאָטער ר׳ ישׂראל, אב״ד יאַנישאָק. זײַן זון ר׳ יצחק, מו״צ אין וועקשנע (ניפֿטר ירושלים, תּרכ״ג).

זײַן זון ר׳ שבתי יפֿה, שפּעטער אב״ד מיטאַווע און וועקשנע. ניפֿטר 1856 אין ירושלים. זײַנס אַ כּתבֿ־יד שאלות־ותּשובֿות געפֿינט זיך אין ירושלימער נאַציאָנאַל־ביבליאָטעק.

ר׳ יעקבֿ בר׳ יצחק הלוי, ביז 1839.

ר׳ שאול בר׳ דובֿ שאַפּיראָ, געבאָרן 1797 אין קראַקינאָווע. 1829 רבֿ אין פּומפּיאַן, שפּעטער מו״צ און פֿון 1839 רבֿ אין פּאָנעוועזש. פֿון 1853 רבֿ אין שאַדעווע, ווו ניפֿטר געוואָרן אין 1859. האָט געקענט חכמת החשבון, געאָמעטריע און אַלגעברע. זײַן פֿאָטער ר׳ דובֿ־בער איז ברודער פֿון ר׳ יעקבֿ שאַפּיראָ, מו״צ אין שאַוול. זײַן מאַמע קיילע, שוועסטער פֿון ר׳ משה־מישל לוריא, אב״ד קראַקינאָווע. בעל

**חמדת שאול** (אדעססא, תרס״ג). זײַנע חידושי־תורה געפֿינען זיך אין **אמרי משה** פֿון מ.מ. לוריא און **תולדות משה** פֿון מ. ראַפּאָפּאָרט (ביידע — וואַרשא, תרמ״ט) און שאלות־ותשובֿות אין **עטרת יצחק**, אבֿ״ד שאַוול.

ר׳ שאול האָט קיינעם ניט נושׂא־פּנים געווען, ווען מען האָט געדאַרפֿט זאָגן דעם אמת. ער האָט מורא געהאַט, טאָמער ווערט ער גופֿא ניכשל אין ניט זאָגן דעם אמת און מענטשן וועלן דאָס פֿאַרשווײַגן פֿאַר זײַן כּבוד וועגן, האָט ער באַשטימט צוויי ניכבדי העיר, אַז אין אַזאַ פֿאַל זאָלן זיי אים באַמערקן וועגן דעם.

ר׳ שאול שאַפּירא איז געווען זייער עקסטרעם אין זײַן קעגנערשאַפֿט צו די קלענסטע רעפֿאָרמען אין ייִדישן לעבן. האָט זיך געפֿונען עמעצער, וואָס האָט געוואָלט פֿירן דעם השׂכּלה־קאַמף קעגן רבֿ מיט דער הילף פֿון דער צאַרישער רעגי־רונג. 1849/50 איז אָנגעקומען קיין פּעטערבורג אַ מסירה פֿון פּאָנעוועזש, געשריבן אין דײַטש, קעגן רבֿ שאול בן דוד שאַפּיראָ. דאָרטן איז געזאָגט געוואָרן, אַז ער איז אָבערגלייבעריש, איז קעגן די העכסטע באַפֿעלן פֿון קייזער, קעגן תּפֿילות פֿאַרן געזונט פֿון קייזער. ער האָט אויך געגעבן אַ קללה אויף אַ געלערנטן מאַן, ווײַל יענער איז געווען פֿאַר אַן אַלגעמיינער ייִדישער דערציִונג. יענעם ייִדן האָט מען צעשלאָגן און פֿאַרטריבן פֿון פּאָנעוועזש.

ר׳ שמואל בר׳ אַבֿרהם שאַפּיראָ, געבאָרן 1777. רבֿ אין דרויע, פּאָנעוועזש, טעלז. ניפֿטר געוואָרן 1838. מחבר פֿון **מעיל שמואל**. ברודער ר׳ שמעון, אבֿ״ד בירזש.

ר׳ משה־יצחק בר׳ משולם הלוי סגל, געבאָרן 1812 אין ראַסיין (ר׳ משה־איצל פּאָנעוועזשער). רבֿ אין סאַסמאָקן, ווינדוי, גאָלדינגען — קורלאַנד; שוועקשנע, קרעטינגע, טאַווריק, ליבאַווע (לעטלאַנד), פּלונגיאַן, פּאָנעוועזש, פּאַלאָנגע, אויגוס־טאַווע. ער האָט זיך לאַנג ניט געהאַלטן אויף אַ רבנות־שטעלע, ווײַל ער איז געווען זייער שטרענג צו די תּקיפֿים און גבֿירים אין שטאָט, וואָס באַוועלן די אָרעמע. צוליב דעם פֿלעגט מען אים אויך שנײַדן זײַן שׂכירות, און ער איז געווען געצוווּנגען זיך צו פֿאַרנעמען אויך מיט זײַטיקע פּר־נסות. זײַנע איידעמס: מנחם־נחום שרגא־פֿײַוול רעוועל, אבֿ״ד לינקעווע, פּרען; ר׳ כּתריאל נתן אַהרן, אבֿ״ד קורשאַן, אויגוס־טאַווע; ר׳ זאבֿ־דובֿ ליפֿשיץ, אבֿ״ד שאַווּר־לאַן, סרעדניק; ר׳ משה־יצחק האָט הסכּמה אויף **תּורת העולה** להרמ״א מאת ישׂראל יפֿה (קעניגסבערג, תּרי״ד) און **טורים** (קאָניגסבערג, תּרכ״א־תּרכ״ד). חידושי־תּורה אין **קהלת יצחק**, יצחק בר׳ ניסן (ווילנא, תּר״ס, ע׳ י״ב, 68). ניפֿטר 1870.

ר׳ הלל בר׳ צבֿי מילייקאָווסקי, געבאָרן 1819 אין ווילנע. פֿאַר פּאָנעוועזש רב אין קרעווע און שפּעטער אין שקלאָוו, כּאַסלאַוויטש, אַמטשיסלאַוו. ניפֿטר 1899. מען האָט אים אויך גערופֿן ר׳ הלל סאַלאַנ־טער [פּרטים אין: סאַלאַנט].

ר׳ אליהו־דוד ראַבינאָוויץ־תּאו־

מים (האדר״ת). 1842 געבאָרן אין פּיקעלן. 1871־1891 אב״ד פּאָנעוועזש, פֿון 1891 רבֿ אין מיר, פֿון 1901 אב״ד עדת האש־כּנזים בירושלים, ווו ניפֿטר געוואָרן ג׳ אדר, תּרס״ה. זײַן צוואה געפֿינט זיך אין אליעזר שטיינמאַנס **ספֿר המעלות** (ת״א, תּשט״ז). זײַן פֿאָטער רבֿ אין פּיקעלן, שילעל, איירּאַגאָלע, ווילקאָמיר. זײַנע אַ שוועסטער איז געווען פֿון די פֿרויען מופֿלגות בתּורה אין איר דור, „היתה נושׂאת ונותנת בהלכה וחקירה.״ חיבורים: **זכר למקדש** (וואַרשאַ, תּרמ״ט), **אחרית השנים** (וואַרשאַ, תּרנ״ג), **שתּי תּשובֿות בענין כלאיים ושמיטה** (ירושלים, תּרס״ו), **תּשובֿה מיראה** (ירו־שלים, תּרס״ו). — האָט מאמרים און חידושי־תּורה אין **התּבֿונה, המגיד, הלבֿנון, כּנסת הגדולה, כּנסת חכמי ישׂראל, הצופֿה, עיטור סופֿרים**, שו״ת אין **חמדת שאול**, שאול שאַפּירא (אָדעססאַ, תּרס״ג). האָט הגהות אויף **ספֿר יראים השלם** (ווילנא, תּרנ״ב־תּרס״ב) און „דבֿרים יקרים״ אין נחום־ברוך גינצבורגס **מקור ברוך** (קיידאַן, תּרפּ״ח־תּרצ״א). — הסכּמות אויף: **אמתּחת בנימין** (ווילנא, תּרמ״ה), **אור מתוק**, ישׂראל־בנימין לבֿיא־לעמפּערט (ווילנא, תּרמ״ח), **זכרון חיים**, חיים בכּרך (ווילנא, תּרמ״ט), **ברכּת יצחק**, יצחק ב״צ איזעקסאָן (ווילנא, תּרנ״ב); **חסדי יהונתן** (פּיעטרקובֿ, תּרנ״ו); **אמונת התּחיה**, משה נתנאל בר׳ דניאל (ברדיטשובֿ, 1896); **נוה שלום**, שלום איזראַעלסאָן (שיקאגא, 1900); **יד אליהו**, אליהו־משה לעווין (ווילנא, 1900 — „מכתבֿ תּהלה״); **רבֿ מלכּיא**, מיכאל דײַטש (ירושלים, תּרס״ה); **מזכּרת לגדולי אוסטרהא**, מ.מ. ביבער (ירושלים, 1907, ע׳ 7, אַ מין הסכּמה־בריוו); **זכר חיים**, ח.נ. שאָכעט (נ״י, תּרע״ג).

דער האדר״ת איז געווען אַ גדול ומפֿורסם בדורו, דעריבער איז שטוינענדיק די מעשׂה, ווי שלעכט די רײַכע פּאָנעוועזשער קהילה האָט אים באַהאַנדלט. אויפֿגענומען האָט מען אים מיט גרויס פּאַראַד. אויפֿן פֿײַערלעכן קבלת־פּנים האָט מען אים באַשאָטן מיט די גרעסטע שבֿחים. אָבער צוליב זײַן קליינער שׂכירות האָט זײַן פֿרוי געמוזט עפֿענען אַ קראָם צו האָבן גענוג פּרנסה. אין 1883 האָט ווילקאָמיר אים אָנגעבאָטן דעם כּיסא־הרבנות. די פּאָנעוועזשער קהילה האָט גלײַך צוגעשיקט צו אים דרײַ חשובֿי־העיר מיט אַ צוזאָג צו העכערן זײַן שׂכירות מיט 6 רובל, אָבער ניט געהאַלטן וואָרט. ער שרײַבט אין אַ בריוו: „אָז החילותי [לסבול] מחסור ודחק באופן מבהיל ... וכּבֿר קרה, כּי גם אַרבעים שבועות רצופֿים לא שָׁלמו השׂכירות.״ צוליב דעם האָט ער געמוזט אַריבערגיין אין אַ קלענערער דירה. עס איז אים געווען אַזוי שלעכט, אַז „ששה שבֿועות רצופֿים לא פּסקנו הוראות איסור והיתּר ואין עונה.״ דאָס אַלץ איז שווער צו גלייבן, אָבער די עדות זײַנען זײַנע אייגענע בריוו.

ר׳ משה־מישל־שמואל בר׳ יוסף שאַפּירא, געבאָרן 1855. שפּעטער רבֿ אין זופּראַן און ביז 1933 אַ פֿופֿציק יאָר אין ראַגעווע. אייניקל פֿון ר׳ שאול שאַפּירא. חיבורים: **הארות השמש** (אָדעססאַ,

תּרמ״ט), **תּבֿואות שמש** (קיידאַן, תּרפּ״ט), **מזרח שמש** און **עין השמש**, אויפֿן **ספֿר מהרי״ל** (קיידאַן, תּרצ״ב, געדרוקט מיטן טעקסט).

ר׳ יצחק־יעקבֿ בר׳ שמואל־לייב ראַבינאָוויץ (ר׳ איצעלע פּאָנעוועזשער). געבאָרן 1854 אין שערשאָוו (גראָדנער גובערניע). אַ קורצע צײַט רבֿ אין קאַרעליץ און ר״מ אין ביאַליסטאָק, פֿון 1889 ר״מ אין סלאבאָדקער ישיבֿה „כּנסת ישׂראל״, 1892־1894 רבֿ אין גאָרזד [גרוזד?], און פֿון 1894 [אַ פּאָר יאָר איז פּאָנעוועזש געווען אָן אַ רבֿ] אב״ד פּאָנעוועזש ביז זײַן פּטירה אין 1919. איינער פֿון די גדולי הדור און פֿון די רבנישע עסקנים אין לאַנדמאַס־שטאַב. 1910 זיך באַטייליקט אין דער רבנים־אסיפֿה אין פּעטערבורג. 1911 דאָ געשאַפֿן דעם באַקאַנטן „קיבוץ״ פֿאַר גרויסע לערנערס, וואָס גרייטן זיך צו זײַן מורי־הוראה. דער „קיבוץ״ איז רײַך געשטיצט געוואָרן פֿון מרים גאַוראָנסקי, טאָכטער פֿון מיליאָנער ק.ז. וויסאָצקי. בחורים האָבן געקראָגן 20 רובל אַ חודש און חתונה־געהאַטע 40 רובל — אַ ניט־געהערטער אויסהאַלט אין יענער צײַט. דער „קיבוץ״ האָט זיך געפֿונען אין „גליקעלעס קלויז״. [זע אויך פֿריִער]

ר׳ איצעלע איז געווען קעגן פּילפּול אין לערנען, נאָר פֿאַרן לאָגישן אַנאַליז פֿון ענייִנים. ער האָט מתּיר געווען מציצת מילה דורך אַ מאַשינקע, ווײַל „אין המציצה חובֿה ע״פּ הלכה להיות בפּה דווקא.״ משום עניוות האָט ער ניט אַרויסגעגעבן קיין ספֿרים. זײַן תּלמיד דניאל זאַקס האָט אַרויסגעגעבן אַ קליינעם קובֿץ פֿון זײַנע חידושים אויף **קידושין** און **בבא מציעא** (ירושלים, תּש״ז) און אויך ספֿר **זכר יצחק**, שו״ת וביאורים בש״ס (ירושלים, תּש״ט). זײַנע חידושי־תּורה ווערן געבראַכט אין **מקור ברוך**, נחום־ברוך גינצבורג (קידאַן, תּרפּ״ח, ע׳ 38, 48, 88, 96) און אין **דעת מרדכי**, מרדכי יצחק־אײַזיק ראַבינאָוויץ (קידאן, ע׳ 6, 171). האָט הסכּמה אויף **מחזיקי הדת**, יעקבֿ ליפּשיץ (פּיעטרקובֿ, תּרס״ג).

ר׳ חיים־יעקבֿ כווידאַנסקי, עטלעכע יאָר אין ערשטן ווּעלטקריג. מחבר פֿון **דרך המלך** (קיידאַן, תּרפּ״ט).

ר׳ יוסף־שלמה כּהנימאַן, געבאָרן 1887 אין קול. רבֿ אין נאָוואַרעדעק, ווידז און פֿון 1919 אין פּאָנעוועזש. דאָרטן געגרינדעט אַ ישיבֿה, תּלמוד־תּורה און אַ העברעיִשע גימנאַזיע פֿאַר מיידלעך. דעפּוטאַט אין ליטווישן סיים. פֿון 1940 אין ארץ־ישׂראל. אין בני־ברק אויפֿגעשטעלט אַ גרויסע ישיבֿה, אַ גאַנצע ריי תּורהדיקע אַנשטאַלטן, מוסדות פֿאַר יתומים און יתומות און אַנדערע סאָציאַלע אינסטי־טוציעס.

**מו״צ, ר״מ, מ״מ, ש״צ.** — ר׳ יהושע־העשיל בר׳ גרשון בר׳ יעקב געווען דאָ ש״ץ ושו״ב (אַרום 1800). **ער עלטער**־עלטער זיידע פֿון יהושע־העשיל סינגער, מחבר פֿון **זכּרון בספֿר** (ווילנא, 1900), מחברס זיידע ר׳ יצחק איז געווען ש״ץ אין פּאָנעוועזש, סלאַבאָדקע, טשערניגאָוו,

סאַלאַנט (בימי הגאון ר׳ צבֿי־הירש ברודא) און צום סוף און יאַקאָבשטאַדט (קורלאַנד). יהושע־העשיל סינגער איז אַ פּלימעניק פֿון חנוך־זונדל חזן, פֿון דער דאָרטיקער באַ־קאַנטער גבֿירים־משפּחה. פּאָנעוועזשער חזנס, וואָס האָבן אויסגעוואַנדערט קיין ענגלאַנד אָדער אַמעריקע, האָבן געביטן זייער פֿאַמיליע־נאָמען אויף סינגער, ווײַל אין יענע לענדער איז שווער אַרויסצורײדן דעם ח׳.

ר׳ מנחם־מענדל, מ״מ, אַ געבאָ־רענער אין לובלין, פֿריִער מ״מ אין דוסיאַט, איידעם פֿון ר׳ זאבֿ ליפּקין, אב״ד טעלז. ר׳ אַבֿרהם בן הגר״א האָט אַרויסגעגעבן זײַן ספֿר **תּמים יחדיו** (ווילנא, תּקס״ח).

ר׳ שלמה־זלמן הורוויץ, דיין אין פּלונגיאַן, קורטעוויאַן, פּאָנעוועזש. פֿאָטער פֿון ר׳ יוסף־יוזל, גרינדער פֿון דער עק־סטרעמער מוסר־ישיבֿה אין נאָוואַרעדעק, ווו מען האָט געלערנט זיך צו איזאָלירן פֿון דער וועלט און אין גאַנצן זיך איבערגעבן דעם לימוד־התּורה.

ר׳ משה־יצחק ראַבין, געבאָרן 1834 אין שאַט. 40 יאָר דאָ מו״צ און אַ סך יאָרן ר״מ. דאָ ניפֿטר געוואָרן 1902. בעל **מילואים למשה** (ווילנא, תּרס״ט).

ר׳ צבֿי שאַפּיראָ, דיין, אַרום נײַנצנטן יאָרהונדערט; ר׳ מרדכי בער־קאָוויץ, מו״צ ומ״מ. האָט הסכמה אויף **אור מתוק**, ישׂראל־בנימין לבֿיא־לעמפּערט (ווילנא, תּרמ״ח).

ר׳ ירוחם לייבאָוויץ, געבאָרן 1874 אין לובען (מינסקער גובערניע). מוסר־משפּיע אין ישיבֿה. ניפֿטר 1936 אין מיר.

ר׳ משה־דובֿ צפֿתמאַן, געבאָרן 1888 אין פּיעטערקאָוו. מנהל רוחני אין ישיבֿה. אומגעקומען אלול תּש״א, הי״ד.

ר׳ אשר־קלמן באַראָן, משפּיע רוחני אין ישיבֿה, געבאָרן 1891 אין טראָק, אומגעקומען אלול תּש״א, הי״ד; ר׳ חיים־ישׂכר־דובֿ, איינער פֿון די לעצטע ראשי־ישיבֿה אין פּאָנעוועזש.

ר׳ חיים־יצחק קאָרב, מו״צ, געבאָרן 1870 אין פּילטען (קורלאַנד), דערנאָך רב פּאַלאַנגע, פּאַוולאָגראַד (ערשטן וועלטקריג), זאַגער, 1927 רבֿ אין האַרלעם (נ״י), ר״מ שיקאַגאָ. ניפֿטר 1957 אין ירושלים. איידעם פֿון ר׳ משה־יצחק ראַבין. חיבורים: **נתיבֿות חיים** (נ״י, תּרפ״ז־תּרצ״ט), **טל שחקים** (ס״ט לואיס, תּש״א).

ר׳ חיים־יצחק ביאַלאָסטאָצקי, מגיד דאָ און אין אַנדערע ליטווישע שטעט. ניפֿטר געוואָרן 1940 אין גראָדנע; ר׳ שמואל־אַהרן פֿרידמאַן, חזן. אַרום סוף 19טן יאָרהונדערט. תּלמיד פֿון „מינסקער גדול״. שפּעטער חזן אין ס״ט לויִס, קליוו־לאַנד, ווו ניפֿטר געוואָרן; ר׳ משה ראָגאָוו, חזן, שפּעטער חזן אין דעטראָיט, קליוו־לאַנד.

אַבֿרהם־אליהו פּומפּיאַנסקי, גע־באָרן 1835 אין ווילנע, איז דאָ געווען קאַזיאָנער ראַבינער פֿון 1860 ביז 1872. פֿון 1873 ראַבינער אין ריגע און גאַנץ ליפֿלאַנד־גובערניע ביז זײַן פּטירה אין 1893. געווען אויך העברעיִשער פּאָעט,

רוסישער שרײַבער און איבערזעצער. רע־דאַקטאָר פֿון רוסישן חודשניק **יעווריײסקי זאַפּיסקי.** איבערגעזעצט אויף רוסיש: **תּהלים,** מיט אַ ביאור אויף לשון־קודש (וואַרשאַ, 1871); **משלי,** מיט אַ ביאור עבֿרי; **קובֿץ דרושים** [זײַנע דרשות אין פּאָנעוועזש] (ריגע, 1870) און זײַן דראַמע **שלמה המלך דער קלוגער** [ייִדיש? ניט געפֿונען דאָס ביכל] (ריגע, 1881). זײַנע העברעיִשע לידער אַרויסגעגעבן א״נ **שירי ציון** (ווילנא, תּרמ״ה). אין **כּבוד הבית** פֿון יעקבֿ גורלאַנד (ווילנא, תּרי״ח) איז דאָ אַ הקדמה־שיר פֿון א.א. פּומפּיאַנסקי, „תּלמיד בלשכּה התּשיעית״ [פֿון ווילנער ראַבינער־סעמינאַר]. יהודה־לייב גאָרדאָן האָט געשריבן וועגן פּומפּיאַנסקיס העברעיִשע לידער: „השירים טובֿים עד בלי די לרבֿ, אשר שירתו לא אומנתו״. האָט אַ „מכתּבֿ־תּהילה״ אין **האמונה וההשׂכּלה** פֿון יח״ס מז״ח (ווילנא, תּרל״ד).

די ווײַטערדיקע האָבן אַ שײַכות מיט פּאָנעוועזש:

י. זאבֿ, **אדרת יהודה** (וואַרשאַ, תּרנ״ג). מ.י. האַבער, **סדר הלמוד** (ווילנא, תּרנ״ד). צ. ליפּשיץ, **חמודי צבֿי** (ווילנא, תּרנ״ו). מ. נתנאל, **אמונת התּחיה** (ברדיט־שובֿ, 1896). א.י. גאָלדבערג, **מקור הברכות** (ברלין, תּרס״ה). ב. שוואַרצמאַן, **משׂאת בנימין** (פּיעטרקובֿ, תּרס״ו). מ.י. גאָלדבערג, **מעלות הצדקה** (ווילנא, תּרע״א). א. ראָגאָווין, **באר איתן** (ווילנא, תּרע״ג).

צווישן 1828 און 1914 זײַנען געוועזן 377 פּאָנעוועזשער פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

**אָפּשטאָמיקע.** — יצחק בר׳ פּינחס מפּאָניוועז [מהדורה תּניינא], **רבֿ פּעלים,** מס׳ **חידושי יצחק בן פּינחס** (ווילנא, תּרי״ז).

הרבֿ הצדיק ר׳ משה־זלמן דאָב־קין, פֿון די חשובֿי־ ווילנע, איידעם פֿון ר׳ אַבֿרהם־לייב, אב״ד פּאָסוואָל.

שמואל־שרגא פֿייגענזאָן, געבאָרן 1838. אויפֿגעוואַקסן און דערצויגן אין פּאָנעוועזש. אַרויסגעבער פֿון ראָמס באַ־רימטן ווילנער ש״ס אין 1886. האָט אַ גרויסן חלק אין זײַנע אַלע הוספֿות און הידורים. ניפֿטר 1928.

ר׳ זלמן־פּינחס קאַפּלאַן, געבאָרן 1840. רבֿ אין יעזנע און געלוואַן, ווו ניפֿטר געוואָרן 1921. איידעם פֿון הגאון ר׳ מיכל שאַטער. אייניקל פֿון ר׳ אַבֿרהם, ברודער פֿון ווילנער גאון.

אַדאָלף לאַנדוי, דאָ געבאָרן אין 1842. גרינדער־אַרויסגעבער פֿון **וואָסכאָד** און **יעווריײסקאַיאַ ביבליאָטעקאַ,** פֿון די בעסטע און השפּעהדיקסטע רוסיש־ייִדישע צײַטשריפֿטן אין רוסלאַנד. זייער פּראָגראַם: 1. פֿולע רעכט פֿאַר ייִדן. 2. ייִדן דאַרפֿן זיך באַטייליקן אין אַלגעמיינעם רוסישן לעבן. 3. אָפּהיטן אייגענע נאַציאָנאַל־היסטאָרישע אוצרות. געשטאָרבן 1902 אין בערלין.

מאַרק לוואָוויטש דיליאָן, דאָ געבאָרן אין 1843. 1867 גראַדויִרט פֿון יורידישן פֿאַקולטעט אין מאָסקווע. באַרימ־טער יוריסט אין רוסלאַנד. גענעראַל־

סעקרעטאַר פֿון רוסישן סענאַט. פּאַרנומען אַ ריי הויכע מלוכה־פּאָסטנס. געשטאָרבן 1903 אין פּעטערבורג.

ד״ר יצחק בר׳ אַהרן דעמבאָ, געבאָרן אין 1846. אַריבער מיט עלטערן קיין קאָוונע, געענדיקט אוניווערסיטעט אין פּעטערבורג. באַקאַנטער כּלל־טוער אין רוסלאַנד, וואָס האָט גרויסע פֿאַרדינסטן פֿאַרן פֿאַרטיידיקן דאָרטן די יידישע שחיטה. האָט וועגן דעם אַרויסגעגעבן בראָשורן און ביכער אין עטלעכע שפּראַכן: Anatomisch-physologische Grundlagen der Viehschlach tens (Leipsie, 1894); Das Schlachten vom Standpunkte des Humanisten und Higiene (ib. 1894); **טביחת הבהמה באופנים רבים ושונים** (ווילנא, תרנ״ג).

ר׳ שמעון־טוביה בר׳ טוביה קאַפּלאַן, דאָ געבאָרן 1858. 1881 רבֿ ומ״מ אין בית־כּנסת „ישרי לבֿ״ אין וואַרשע, 1888 מ״מ אין קאָוונע, שפּעטער אין מאַנטשעסטער (ענגלאַנד), עדינבורג, און פֿון 1900 אין ניו־יאָרק. בעל **שבֿיל טובֿ, שם משמעון**.

ר׳ יצחק בן־ציון איזעקסאָן, אַ געבאָרענער אין פּאָנעוועזש. מחבר פֿון **ברכת יצחק** (ווילנא, תרנ״ב). צום סוף הערות פֿון פּאָנעוועזשער רבֿ ר׳ אליהו־דוד ראַבינאָוויץ. שפּעטער געלעבט אין בירזש.

יוסף־שלמה מיל (דזשאָן מיל), 1870 — נ״י, 1952. פֿון די גרינדערס און טעאָרעטיקערס פֿון „בונד״; פּאַוול בערמאַן, 1873 — פּעטערבורג, 1922. פֿון די אַק־טיווע „בונד״־טוערס.

ר׳ נחום־ברוך גינצבורג, דאָ גע־באָרן אין 1882. רבֿ אין אופּינע, וואַרזשאַן, קיבאַרט, און פֿון 1930 אין יאַנעווע, ווו אומגעקומען אבֿ תש״א, הי״ד. בעל **מקור ברוך** (קיידאַן, תרפ״ח־תרצ״א).

גדעון מער, געבאָרן 1894, פֿון 1913 אין ארץ־ישׂראל. באַרימט מיט זיינע מאַלאַריע־פֿאָרשונגען. געשטאָרבן 1961 אין חיפה.

ר׳ יצחק בר׳ קלמן סאַדין, גע־באָרן אין 1897. פֿון 1897 רבֿ אין ברוקלין, 1921 — אין וווּסטער און 1922 ווידער אין ברוקלין.

ר׳ שלמה בר׳ חיים־יצחק קאָרב, געבאָרן אין 1899. מו״צ אין קאָוונע, ווו אומגעקומען 1941 הי״ד.

אַדוואָקאַט שמואל לאַנדוי, דע־פּוטאַט פֿון ליטווישן גרינדונג־סיים. געשטאָרבן 1940 אין ווילנע.

**שרייבערס.** — דוד אַפּאָטהע־קער, געבאָרן 1855. פֿון 1888 אין אַמע־ריקע. געוווינט אין פֿילאַדעלפֿיע און ניו־יאָרק. תּחילת געשריבן העברעיִש, דערנאָך אַריבער אויף יידיש. געשריבן אַרטיקלען און מערסטנס הומאָרעסקעס אין **וואַרהייט, פֿאָלקס־אַדוואָקאַט** און אַנדערע יידיש־אַמעריקאַנער אויסגאַבעס. אַרויסגעגעבן הומאָריסטיש־סאַטירישע בלעטער: **דיא בייטש, דיא פֿלעדערמויז** און די וואָכנ־בלעטער **דיא נייע היימאַטה, דאָס פֿאָלקס־בלאַט**. רעדאַקטירט **דיא אידישע ביהנע**

(נ״י, 1909), **דער קיבעצער, קונדס**. אַמאַ־טאָרן האָבן געשפּילט זײַנע פּיעסעס: **דער לעצטער שטרײַק, דער אַנאַרכיסט, משיחס צײַטען** און אַנדערע. אויטאָר פֿון **הנבל — די לייער**. צעהן שעהנע פֿאָלקס־ליעדער ... אויף העברעאיש אונד יודיש דײַטש (טשערנאָוויץ, 1881); **שולחן ערוך הלכות תיקון** (דאָרטן); **הומאָריסטישע שריפֿטען** (נ״י, 1911־1912). געשטאָרבן 1911 אין ניו־יאָרק.[1]

יעקבֿ־עזריאל דאַווידזאָן, געבאָרן אין די 1860ער. איינער פֿון די ערשטע ייִדישע זשורנאַליסטן אין דרום־אַפֿריקע. געשטאָרבן 1913 אין יאָהאַנעסבורג.

שלמה עפּשטיין, געבאָרן 1866. פֿון 1884 אין ארץ־ישׂראל און זינט 1893 אין ניו־יאָרק. געדרוקט אַרטיקלען אין **הצפֿירה, המליץ, התּורן** (נ״י), שפּעטער אין די ניו־יאָרקער **אידישע גאַזעטטען, ייִדי־שעס טאַגעבלאַט** א״אַ. געשטאָרבן אין ניו־יאָרק.

מש״ש מפּאָניוועז — אַזוי שרײַבט ער זיך אויף זײַן **דער רחמנות אָדער ערבאַרימונג** ... אין ליעדער ... איבער גיזעצט ערטערווײַז ... פֿון לשון קודש ... (ווילנא, 1881). זײַן אמתער נאָמען — מ. שאַלמין. האָט אויך געשריבן אין **המליץ**.

ניסן ראַבין, געבאָרן 1868. שפּעטער געלעבט אין ווילנע. געדרוקט מאמרים אין **המודיע**. מחבר פֿון **די ווירק־ליכע עקאָנאָמיע**. ערקלערונג איבער די עקאָנאָמישע רעכט פֿון דער תּורה אַלס פֿערגלײַך צום סאָציאַליזם (ווילנע, 1906); **די אידישע שטימע**. בילדער און ערצעה־לונגען פֿון אידישען לעבען (ווילנא, 1911). געשטאָרבן אין ווילנע. פֿאָטער ר׳ משה־יצחק געווען דאָ מו״צ.

מאיר־זלמן בר׳ בנימין־מרדכי הורוויץ, אַ הי־געבאָרענער. מחבר פֿון **תּלמוד לשון עבֿר** (ווילנא, תּרס״ב). געווען דאָ לערער מערערע יאָרן.

אליהו אָשעראָוויטש, געבאָרן 1879. געהערט צום „בונד", פֿון 1919 אַריבער צו דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין רוסלאַנד. ליטעראַטור־קריטיקער, רע־דאַקטער, רעדאַקטירט **שטערן** (1919), **וועקער** (1920), **אָקטיאַבער** (ביז 1929), **פּיאָנער** (1927) — אַלע מינסק. מיטגעאַרבעט אין אַנדערע ייִדישע שריפֿטן, צווישן זיי — **אַפֿן שפּראַכפֿראָנט** (קיִעוו). **רויטע וועלט** (כאַרקאָוו), **עמעס** (מאָסקווע). געשריבן זייער פֿיל ליטעראַטור־קריטישע אַרטיקלען וועגן סאָוועטיש־ייִדישע שרײַבערס. מיטרעדאַקטירט **לענינ קעגנ בונד** (מינסק, 1935), **לינגוויסטישע זאַמלונג** (מינסק, 1933, 1934, 1936). נאָך זײַן אַרעסט אין 1937 אומגעקומען אין אַ סאָ־וועטישן לאַגער.

גרשון גאַרווין, געבאָרן 1885. פֿון 1898 אין אַמעריקע. זינט 1917 גע־

1) אין „לעקסיקאָן פֿון דער מאָדערנער ייִדי־שער ליטעראַטור", באַנד 1 זײַנען די געבאָרן־און טויט־דאַטעס פֿאַרדרייט: 1911 און 1955. ער האָט ניט געקענט געבאָרן ווערן 1911 און אַרויסגעבן אַ בוך אין 1881 ... ער האָט אויך ניט געלעבט קיין 100 יאָר.

דרוקט לידער, דערציילונגען, הומאָרעס־קעס, פּעליעטאָנען אין **מיללערס וואָכנ־שריפט, יִידישעס טאַגעבלאַט, דער גרויסער קונדס**. געווען רעדאַקטער פון עטלעכע יִידישע פאַכזשורנאַלן — אַלע ניו־יאָרק.

יוסף־אליהו העלער, געבאָרן 1888. געלעבט אין רוסלאַנד, דײַטשלאַנד און פון 1938 אין לאָנדאָן. באַקומען זײַן ד״ר־טיטל אין בערלינער אוניווערסיטעט. פאַרעפנטלעכט דענקערישע מאמרים און שריפטן אין יִידישער און אַלגעמיינער פילאָסאָפיע אויף דײַטש, ענגליש, העברעיִש. געשריבן אין **העולם, הדואר, בצרון, קמה** א״אַ. מיטמחבר פון **אחד העם, האיש, פעלו ותורתו** (תשט״ז). אַרויסגעגעבן אַ בראָשור וועגן חיים־נחמן ביאַליק (תש״ד). איבערגעזעצט אויף העברעיִש **כל כתבי אפלטון** (תרפ״ט, כרך א׳). געדרוקט עסייען אין ענגליש וועגן דער העברעיִשער ליטע־ראַטור. געשטאָרבן 1957 אין לאָנדאָן.

הלל לוריע, געבאָרן 1890. עמיגרירט קיין דרום־אַפריקע. געדרוקט אַרטיקלען, דערציילונגען, פּעליעטאָנען אין **די יודישע פאָהן, דער אַפריקאַנער** — יאָהאַנעסבורג; **יודישע גאַזעטטען, וואַרהייט** — נ״י; **דער פרײַנד** (וואַרשע) א״אַ.

מאיר בירמאַן, געבאָרן 1891. 1939־1949 געלעבט אין שאַנכײַ, דערנאָך אין ניו־יאָרק. געדרוקט באַשרײַבונגען וועגן יִידישע פּליטים פון צווייטן וועלטקריג אין סיביר, וועגן יִידיש לעבן אויפן ווײַטן מיזרח, וועגן יִידן־כינעזער. רעדאַקטער פון דער איינציקער יִידישער צײַטונג אין יענע ווײַטע מקומות **דער ווײַטער מזרח** (כאַרבין, 1919־1920). געשטאָרבן 1955 אין נ״י.

זלמן טראַוב, געבאָרן 1896. געלעבט אין מאָסקווע, קיִעוו, פון 1921 אין קאָוונע און זינט 1939 אין ארץ־ישׂראל. געדרוקט אַרטיקלען אין **יעווריעיסקאַיאַ זשיזן** (מאָסקווע), **דאָס אידישע פאָלק** (קיִעוו). מיטאַרבעטער פון קאָוונער טאָג־צײַטונגען **אידישע שטימע** און שפּעטער **דאָס וואָרט** און פון די וואָכנבלעטער **ערד און פרײַהייט, די וועלט, אונזער רוף** א״אַ און אין **הד ליטא**. געשטאָרבן 1965 אין חיפה.

ד״ר אַבֿרהם קיסין, געבאָרן 1899. מיטגליד פון מרכז צ״ס אין ליטע. רעדאַקטער פון **במשעולי החנוך**, אָרגאַן פון די העברעיִשע לערערס אין ליטע. מחבר פון העברעיִשע לערנביכער פאַר זאָאָלאָגיע און באָטאַניק. 1945 אומגעקומען אין דאַכאַו אַ קורצע צײַט פאַר דער באַפרײַונג, הי״ד.

שלומית פלוים, געבאָרן אַרום 1900. פון 1911 אין א״י. געלערנט אין די אוניווערסיטעטן פון רוים און ניו־יאָרק. זיך געקענט מיט ראַבינדראַנאַט טאַגאָר און געאַרבעט אין איינעם פון זײַנע דערציִונג־מוסדות אין אינדיע. פאַרעפנטלעכט אַר־טיקלען אין העברעיִש און אַנדערע לשונות וועגן חינוך־עניינים און אײַנדרוקן פון אינדיע. ביכער: **בת ישׂראל נודדת** (ת״א, תרצ״ה), **רבינדרנת טגור המשורר, הפילו־**

סוף, הסופֿר, המחנך ... (ת״א, תש״ו). געשטאָרבן 1963 אין ירושלים. פֿאָטער געווען משׂכּיל און למדן.

דוד פֿראַם, געבאָרן 1903. ייִדי־שער פּאָעט. פֿון 1927 אין דרום־אַפֿריקע. פֿאַרעפֿנטלעכט לידער און פּאָעמעס אין די קאָוונער **אידישע שטימע, נײַס, פֿאָלקס־בלאַט** און אין די ייִדישע צײַטשריפֿטן פֿון יאָהאַנעסבורג. ביכער: **לידער און פּאָעמעס** (ווילנע, 1931); די פּאָעמעס **דאָס לעצטע קאַפּיטל** און **אפֿשר** זײַנען 1947 אַרויס אין לאָנדאָן אין באַזונדערע אויסגאַבעס; **אַ שוואַלב אויפֿן דאַך** (יאָהאַנעסבורג, 1985). געשטאָרבן 1988.

נתן באָלעל, געבאָרן 1905. דורכגעמאַכט קאָוונער גימנאַזיע און קאַצעטן. פֿון 1951 אין ישׂראל. געדרוקט אַרטיקלען אין **פֿאָלקסבלאַט** (קאָוונע), **אונזער וועג, אונזער וועלט** — מינכען, **לעצטע נײַעס** (ת״א). געשטאָרבן 1982 אין יאָהאַנעסבורג.

הירש אָשעראָוויטש, געבאָרן 1908. פֿון 1956 אין ווילנע און זינט 1971 אין ישׂראל. ייִדישער פּאָעט. פֿון 1934 געאַרבעט אין טאָגצײַטונג **דאָס וואָרט** און 1936־1940 אין טאָגצײַטונג **אידישע שטימע** — ביידע קאָוונע. געשריבן אין **סאָוועטיש היימלאַנד** (מאָסקווע), אין די ישׂראלדיקע **גאָלדענע קייט, לעצטע נײַעס, בײַ זיך** א״א. ביכער: **באַגינען** (ווילנע, 1941), **פֿונ קלעמ אַרויס** (מאָסקווע, 1947), **מײַן גוטער קליאָן** (מאָסקווע, 1962) און אַנדערע. פֿון זײַנע לעצטע ביכער: **אין דער וועלט פֿון עקדות** (1975), **געזאַנג און לאַבירינט** (1977), **בלויע בומעראַנגען** (1979), **בײַם עץ הדעת** (1981), **אַ לידער־היים** (1990) — אַלע תּל־אָבֿיבֿ, באַקומען מערערע ליטעראַטור־פּרעמיעס.

חיים מאַלטינסקי, געבאָרן 1910. געלעבט אין מינסק, פֿון 1947 אין בירא־בידזשאַן און זינט 1973 אין ישׂראל. ייִדי־שער פּאָעט, דערציילער. פֿון 1927 פֿאַרעפֿנ־טלעכט לידער אין **יונגער אַרבעטער, אָקטיאַבר, שטערן** — מינסק; **יונגוואַלד** (מאָסקווע) און אַנדערע ייִדיש־סאָוועטישע אויסגאַבעס. פֿון זײַנע ביכער: **ווי דאָס לעבן איז טײַער** (כאַרקאָוו, 1931); **אָן אַ שאָטן** (מינסק, 1936); אויף ווײַסרוסיש איז אַרויס זײַנס אַ בוך לידער פֿון **אַקסל צו אַקסל** (מינסק, 1963); **יאָרן, יאָרן מײַנע** (מאָס־קווע, 1973). **די ערד פֿאַרשטייט** (1976), **מײַן מאַמעס אָנבליק** (1977), **דער מאָס־קווער משפּט איבער די בירא־בידזשאַנער** (1981), **אין זיבן זונען** (1983) — אַלע ת״א. געשטאָרבן 1986 אין ת״א.

שמואל לייבאָוויטש, געבאָרן 1912. פֿון 1929 אין דרום־אַפֿריקע. גע־דרוקט דערציילונגען אין **אַפֿריקאַנער אידישע צײַטונג, פֿאָרויס, דרום־אַפֿריקע**. געשטאָרבן 1976 אין יאָהאַנעסבורג.

יוסף שיין, געבאָרן 1915. 1945 געענדיקט די טעאַטער־אַקאַדעמיע אין מאָסקווע. פֿון 1951 אין ישׂראל, שפּעטער אין פּאַריז. טעאַטראַל, דערציילער. גע־שריבן וועגן טעאַטער און קונסט אין

**גאָלדענע קייט, לעצטע נײַעס** — ת״א, **אונזער קיום, אונזער וואָרט** — פּאַריז. האָט אויך רעזשיסירט „הבימה״־פּאָר־שטעלונגען. ביכער: **אַרום מאָסקווער ייִדישן טעאַטער** (1964), **דער קאָמעדיאַנט אויפֿן שטיין** —ביידע פּאַריז.

מרים דיליאָן, סקולפּטאָרין. דאָ געבאָרן 1858.

**קאָרעספּאָנדענטן.** — **המליץ:** מרדכי בערקאָוויץ, אייזיק־מיכל טרויב, יצחק רומש, אליעזר בהרבֿ ר׳ זאבֿ שוואַרין, אַבֿרהם־יצחק כּץ, יוסף אַלון, איש־שלום [פֿרידמאַן], ש. ריידער (האָט דאָ בוכהאַנד־לונג), דוד־ברוך בערמאַן, נטע־יעקבֿ שאַפּיראָ, א.א. פּומפּיאַנסקי (אַרטיקל), סענדעראָוויץ (אַרטיקל), מש״ש [מ. שאַל־מין], א. שיינזאָן, ב. שאַפּיראָ, א. בן־יפֿה [שיינזאָן], מ.א. רובינשטיין, נ.י. שאַפּיראָ. **הצפֿירה:** יוסף־זלמן ריידער (סעריע אַרטיקלען, 1901), אַבֿרהם־יצחק הכּהן, מיכל ראַבינאָוויץ. **יודישעס פֿאָלקס־בלאַט:** לייב־טובֿיה מעסמאַן. **המגיד:** יהושע־העשיל סירקין (אַרטיקלען).

**ניכבדים.** — ר׳ תּנחום אַרענ־שטאַם, דאָ געבאָרן 1773. שווער פֿון יהושע־העשל סירקין. איינער פֿון די ראשי הקהילה. גבֿיר און בעל־צדק. ניפֿטר 1858.

ר׳ משה־צבֿי קיסין, דאָ געבאָרן 1824. אויסגעבויט בית־תּפֿילה אויף זײַן נאָמען. מיטגליד פֿון שטאָטראַט. ניפֿטר 1893.

ר׳ יחיאל שאַפּיראָ, איינער פֿון די בני־עליה, ניפֿטר 1874; 1857 איז דאָ געווען ישיבֿת ר׳ מאיר שו״ב.

ר׳ חיים ברודא, למדן און נדבֿן, געבאָרן אין ווילנע, אָבער אָפּגעלעבט אַ לעבן אין פּאָנעוועזש. זײַנע גוטע ווערט־לעך־חידושים זײַנען דאָ אין **זכרון בספֿר**, פֿון י. ה. סינגער (ווילנא, 1900). ניפֿטר 1889. אין זײַן צוואה: 2000 רובל פֿאַר תּלמוד־תּורה. זײַנע קינדער ר׳ צמח און ר׳ נתן־נטע האָבן צוגעלייגט 1500 רובל און מען האָט געקויפֿט אַ בניין פֿאַר דער תּלמוד־תּורה. איידעם פֿון פּאָסוואָלער רבֿ ר׳ אַבֿרהם מינץ.

ר׳ נפֿתּלי־הערץ קרעטשמער, אַ געבאָרענער אין ביאַליסטאָק, האָט חתונה געהאַט אין פּאָנעוועזש און דאָ שוין פֿאַרבליבן. געווען ר״מ („הערצלס ישיבֿה״), גרויסער בקי און תּורה־אויטאָ־ריטעט, אויפֿגעשטעלט חבֿרות משניות, חיי־אָדם און שלחן־ערוך. בעל **נועם המצוות** (פּיעטרקובֿ, תּרס״ה־תּרע״ב, 5 חלקים). ניפֿטר 1913.[2]

ר׳ יצחק בערמאַן, אַ ייִד אַ גבֿיר, פֿלעגט אָפֿט זיצן פֿאַרשלאָסן בײַ זיך אין שטוב און לערנען. ער האָט געמיינט, אַז ער איז מְגַלה עמוקות. ווען מען פֿלעגט אים אויפֿווײַזן זײַנעם אַ טעות פֿון אַנדערע מקורות, פֿלעגט ער מאַכן געוואַלדן. 1851 האָט ער אַרויסגעגעבן אַ ספֿר אין

2) לויט **תּולדות אנשי שם** (ראַנד), איז ר׳ הערצל געווען רבֿ אין עטלעכע שטעט פֿון אַמעריקע. מיר ווייסן ניט וועלכע ווערסיע איז די ריכטיקע.

קעניגסבערג אונטערן נאָמען **חדושי יצחק בן פנחס**. י.י. סירקין (אין **רשֻמות**, ת״א) רײַסט אים שטאַרק אַראָפּ און באַטיטלט אים מיט ניט פֿײַנע נעמען. דער פֿאַקט איז אָבער, אַז זײַן נאָמען געפֿינט זיך אין יעדער וויכטיקער געזעלשאַפֿטלעכער אַרבעט.[3]

**נדבֿנים, עסקנים, משׂכּילים:** — נפֿתּלי פֿרידמאַן, געבאָרן 1863 אין אַ הויף לעבן שאַוול. לאַנגע יאָרן געלעבט אין פּאָ־נעוועזש, ווו געשטאָרבן 1921. דעפּוטאַט אין די לעצטע רוסישע דומעס; לעוו יאַקאָוולעוויטש, מישפּחה מיט יהודה־לייב גאָרדאָן; ד״ר מרדכי־משה סאָבאָל, פּאָדפּאָלקאָווניק, זיך אויסגעצייכנט אין קריג. געשטאָרבן אין פֿיליפּאָפּאָל.

ר׳ אלחנן־אַראָן אַרענשטאַם, עזריאל בערמאַן, שמואל־יצחק דוואָר־קאָוויץ, יחיאל לעווינשטיין, נחום־דוד קיסין,מאיר גוריון, זלמן העלער, יצחק ליפּקין (ר׳ ישׂראל סאַלאַנטערס זון, אַ קורצע צייט), דוד קיסין, שלום לאַנדא, יוסף ראַדין, זלמן קיסין, יצחק ראַדין, ישׂראל־נוח הורוויץ, אליעזר לעווינשטיין, נתן ברודאָ, זאבֿ וואָלפֿסאָן, בן־ציון סובאָצקי, אַהרן קעניגסבערג, יצחק ברעגאָווסקי, מרדכי קיסין, יצחק בערלין, אַהרן קעניגסבערג, בן־ציון לעווינשטיין, י. וָפּסי, ישׂראל קיסין (1888 דערטרונקען געוואָרן).

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המליץ, 1860: 1; 1871: 10; המגיד, 1871: 49; 1872: 13; יודישעס פֿאָלקס־בלאַט, 1883: 203; 1886: 28; הצפֿירה, 1886: 51; המליץ, 1886: 4, 41; ספֿר זכּרון, ווארשא, תּרמ״ט, ע׳ 84.

אליעזר אפֿרתי, דור ודורשיו. ווילנא, תּרמ״ט, ע׳ 44; תּולדות חבֿרת מרבי השׂכּלה, ב׳, תּר״ן, ע׳ 24; המליץ, 1893: 188; לוח אחיאָסף, תּרנ״ג, ע׳ 53; תּרנ״ד; תּרנ״ה; האסיף, תּרנ״ד, ע׳ 166; המליץ, 1895: 137; רשימת החברים לתּמיכת בני ישראל . . . לשנת 1896 (אדעססא, 1898); דער אידישער אַרביי־טער, 1897: 2/3.

המליץ, 1898: 19, 28, 44; 1899: 217, 223; 1900: 49, 10; כּל שירי יל״ג. ווילנא, תּרנ״ח. חלק ה׳, ע׳ 138, 139; יהושע־העשיל סינגער, זכּרון בספֿר. ווילנא, 1900, ע׳ 136, 141; א.ל. פֿרומקין, תּולדות אליהו. ווילנא, תּר״ס, ע׳ 3, 46; ייִדישע פֿאָלקסלידער, גינזבורג־מאַרעק. פּעטערבורג, 1901; הפּלס, תּרס״ג; כ״ט, תּרס״ה.

שמואל כּהן, אות ברית. קראקא, תּרס״ג, ע׳ 212; שאול שאַפּיראָ, חמדת שאול. אדעססא, תּרס״ג (הקדמה); הדרך, פֿראנקפֿורט א/מ, תּרע״ד, גל׳ 8; א. דיינאַרד, זכרונות בת עמי, ב׳, נוי אָרלעאַנס, תּר״ף, ע׳ 71; קאַזיאָנע יעווריעסקיע אוטשילישטשא, ס.ג. לאָזינ־סקי. פּעטערבורג, 1920. ז׳ 357; ברוך עפּשטיין, מקור ברוך, ד׳. ווילנא, תּרפּ״ח, ע׳ תּתקעט.

א. לעווין, קאַנטאָניסטן. וואַרשע, 1934, ז׳ 23. פֿון אַרכיוו פֿון ווילנער גענעראַל־גובערנאַטאָר, 1828, נומ׳ 114; שאול גינזבורג, היסטאָרישע ווערק, 1. נ״י, 1937, ז׳ 173; א.ש. הערשבערג, פּנקס ביאַלי־סטאָק, 1. נ״י, 1949. ז׳ 378; עבֿר הדני, חדרה. ת״א, ע׳ 24; ל. פֿעלדמאַן, ייִדן אין יאָהאַנעסבורג. יה״ב, 1956, ז׳ 152.

מוסדות תּורה באירופּה. נ״י, תּשט״ז, ע׳ 143; אליעזר שטיינמַן, ספֿר המעלות. ת״א, תּשט״ז, ע׳ 146; ספֿר קיידאַן. ת״א, 1977, ע׳ 187; עמנואל אֶטקס. ציון. ירושלים, תּשמ״ח: צ; ד. תּדהר, אנציקלופּדיה לחלוצי הישובֿ ובוניו, ע׳ 190, 323, 402, 810, 827, 1190, 1285, 1686; חלקת מחוקק, חובֿ׳ ג׳, ה׳, ז׳, ט׳; קריה נאמנה, ע׳ 208; רשומות, כּרך 1, ע׳ 490; עיר ווילנא, 29.

ספֿר הפּרענומעראַנטן, 6395; ג. קרסל, 1, 2; „ליטע״, 1, ז׳ 90, 197; „ליטע״, II. ז׳ 106, 110, 113,

3) דאָס איז געוויס דער זעלביקער ר׳ יצחק בר׳ פּנחס מפּאָניוועז, וואָס ווערט דערמאָנט ־פֿריִער.

117, 74 (א.ר. מלאכי); תּולדות אנשי שם (ראַנד), ע׳ 88, 113; לעקסיקאָן, 1, 2, 5, 7, 8; אהלי שם, ע׳ 367; ב. כּהנס לעקסיקאָן, 52, 194; קרית ספר, ירושלים, כּרך ל״ג, חוב׳ ב׳, ע׳ 263; ש.ל. ציטרון, תּולדות חבת ציון, ע׳ 63.

תּולדות ישיבֿת היהודים. ע׳ 53; יהדות ליטא, א׳, ג׳; י.ד. קַמזונס יהדות ליטא; דורות בונדיסטן, 1; לקורות עיר קיידאַן ורבניה, ע׳ ט׳; חכמי ישׂראל באמריקא, ע׳ 110; קולטור־טרעגער פֿון אידישער ליטורגיע, ז׳ 239.

Allgemeine Zeitung des Judentums. Leipzig, 1860, S. 271; Recueil de Matériaux sur la Situation economique des Israelites de Russie. Paris, 1906. p. 239; L. Hotz, G. Sharon, The Jews in South Africa. Cape Town, 1955. p. 40; Jewish Encyclopedia, IV, p. 512, 603; VII, p. 55; X., 123, 268, 303. Black Book.

## פּאַנעמון PANEMUNĖ

פֿאָרשטאָט פֿון קאָוונע. פֿריִערדיקע יאָרן האָט עס געהערט צו סוּוואַלקער גובערניע. אין 1797 האָבן דאָ געוווינט 490 תּושבים, מערסטע ייִדן, אין 51 הײַזער. אין 1923 איז די צאָל ייִדן געווען 387 און אַן ערך אַזוי פֿיל פֿאַרן חורבן.

צווישן 1855 ביז 1907 זײַנען דאָ געווען 39 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

ייִדן האָבן זיך פֿאַרנומען מיט מיסחר, קרעמערײַ, מלאכה, אָבער בײַ די מערסטע פֿון זיי איז די הויפּט־פּרנסה געקומען פֿון בײַשטוביקער ווירטשאַפֿט — גערטנערײַ, סעדערײַ — און בײַשטאָטישער ווירטשאַפֿט — אַרענדירטע ערד, וואָס איז באַאַרבעט געוואָרן פֿון הונדערטער פּויערים. עס זײַנען באַקאַנט די ברידער פּאַנעמונסקי, יאַנקיוּוסקי א״אַ. אַ סך ייִדישע פֿעלדער און גערטנער האָבן אַרומגעזוימט פּאַנעמון, ווי אויך די אַנדערע פֿאָרשטעט פֿון קאָוונע: סלאַבאָדקע, אַלעקסאָט, מאַריעוויאַנקע.

אין אַ ליסטע עמיגראַנטן קיין אַמעריקע אין 1869/70 געפֿינט זיך דער נאָמען פֿון פּאַנעמונער י.ל. פּרעגשטיין.

אין אַ רשימה מנדבֿים פֿון העלפֿן ארץ־ישׂראל אין 1909 זײַנען דאָ די ווײַטערדיקע פּאַנעמונער: ליפּמאַן מזל, משה־חיים שלומין, עזראָ שאַפּיראָ, לייב ראָזענטאַל, אסתּר לעווינשטיין, האַנע פֿראַנק, אליהו גאָלדשטיין.

אַרום די 1880ער איז דאָ געווען רבֿ ר׳ אַבֿרהם ליכטענשטיין, פֿון 1890 — ר׳ בנימין בר׳ יעקבֿ מײַזל, געבאָרן 1855. פֿריִער רבֿ אין קאָשעדאַר. איידעם פֿון ר׳ שמואל בר׳ ישׂראל האַלפּערין, אבֿ״ד מינסק. אין די שפּעטערע יאָרן איז געווען רבֿ ר׳ מרדכי־דוד הענקין, געבאָרן 1882 אין נעזין (רוסלאַנד), דערנאָך אין שאַדעווע, ווּ אומגעקומען אלול תּש״א, הי״ד.

**אָפּשטאַמיקע.** — אַבֿרהם איש־כּישור (שפּינדעלמאַן), דאָ געבאָרן 1863. האָט אַ סך געהאָלפֿן ד״ר הערצלען אין זײַנע ערשטע פּאָליטישע שריט אין לאָנדאָן. הערצל דערמאָנט אים אויך אין זײַנע טאָגביכער. פֿון לאָנדאָן אַוועק קיין אַמעריקע, דערנאָך אין ארץ־ישׂראל, ווּ

געוואָרן אַ רעוויזיאָניסט. 1945 געשטאָרבן אין ירושלים. זײַן פֿאָטער מרדכי שפּינדעלמאַן האָט אין פּאַנעמון געהאַט אַ שוועבל־פֿאַבריק.

בערנאַרד הורוויץ, געבאָרן דאָ אין 1863. איינער פֿון די באַקאַנטע עסקנים אין שיקאַגאָ. פֿון די גרינדערס פֿון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע. דעלעגאַט צו ציוניסטישע קאָנגרעסן. זײַן ברודער הערי איז געווען דעלעגאַט צום זיבעטן ציוניסטישן קאָנגרעס.

פֿון די חשובֿי־העיר איז געווען ר' אַבֿרהם־גרשון פֿײַנבערג, אַ תּלמיד פֿון ר' ישׂראל סאַלאַנטער. בקי בש"ס. האָט ניט אָנגענומען דאָס רבנות אין שטאָט און געלעבט פֿון מיסחר. געשטאָרבן צו 74 יאָר אין 1898.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — א. אפֿרתי, דור ודורשיו. ווילנא, תּרמ"ט, ע' 41; לוח אחיאָסף, תּרנ"ח, ע' 313; חשבון הנדבֿות, 1909. ע' 109; סואוואַלקער יזכּור־בוך, ז' 238, 485; תּולדות אנשי שם, ע' 145; ייִוואָ־בלעטער, XL. ז' 224; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 6397.
Aug. Janulaitis, Užnemunė po Prūsais, p. 190; H.L. Meites, History of Jews in Chicago, N.Y., 1924, p. 151, 154; Black Book.

## PANEMUNĖLIS פּאַנעמונעק

אַ קליין שטעטל אין ראַקישקער קרײַז. פֿאַר דער ערשטער וועלט־מילחמה האָבן דאָ געוווינט בײַ 200 ייִדן. 1915 דורכגעמאַכט דעם גירוש־ליטע. גלײַך נאָכן קריג האָבן דאָ געלעבט בײַ 90 ייִדן, אין 1923 — 102 און פֿאַרן חורבן — בײַ 80, אומגעקומען מיט די ייִדן פֿון ראַקישאָק[1].

די ייִדישע עקאָנאָמיק אין שטעטל האָט זיך באַזירט בעיקר אויף דער דערבײַיִקער באַנסטאַנציע, וואָס איז גענוצט געוואָרן מערסטנס פֿאַרן טראַנספּאָרטירן תּבֿואה און פּרוכט. מיטן אויפֿקום פֿון לעטלאַנד אין 1918 איז אָפּגעריסן געוואָרן דער אָפּזאַצמאַרק פֿון דווינסק און דער גאַנצער לעטישער אַרום. דעמאָלט האָט זיך אָנגעהויבן די עקאָנאָמישע ירידה פֿון שטעטל.

די גרעסטע צאָל ייִדן זײַנען געווען חסידים. אין שטעטל איז ניט געווען קיין ייִדישער בית־עולם, די ייִדן האָבן גענוצט דעם בית־הקבֿרות פֿון קאַמײַ (11 ק"מ ווײַט).

1879 איז דאָ געבאָרן געוואָרן אַלטער עפּשטיין. פֿון 1908 אין אַמעריקע. אַקטיווער בונדיסט. זינט 1910 געדרוקט סקיצעס, דערציילונגען, אַרטיקלען אין **פֿאָרווערטס, צוקונפֿט, פֿרײַע אַרבעטער שטימע** — נ"י. שפּעטער געווען שטענ־דיקער מיטאַרבעטער פֿון **טאָג** (נ"י). ביכער: **די קאַריערע און אַנדערע ערצעה־לונגען** (נ"י, 1921), **דער הויקער און**

1) אין יהדות ליטא, כּרך ד', זאָגט זיך, אַז פּרטים פֿון זייער אומקום זײַנען ניט באַקאַנט, אָבער אין בוך „ליטע", באַנד 2, ווערן געגעבן אַלע איינצל־הייטן.

**אַנדערע ערצעהלונגען** (נ״י, 1923). געשטאָרבן 1959 אין ברוקלין.

**ביבליאָגראַפיע.** — יזכור־בוך ראַקישאָק, ז׳ 331; „ליטע״, 2; לעקסיקאָן, 7; יהדות ליטא, ג׳. Black Book.

# פּאָסוואָל

# PASVALYS

בירזשער קרײַז. 1546 האָט זיגמונד אויגוסט געגעבן פּאָסוואָל שטאָט־רעכט. דער ייִדישער ייִשובֿ האָט זיך אָנגעהויבן אַרום זיבעצנטן יאָרהונדערט. אין די צײַטן פֿון „ועד ליטא״ ווערט פּאָסוואָל דערמאָנט ווי אַ שטעטל אין גליל בירז.

פֿון עלטערע צײַטן האָבן דאָ געלעבט קאַראַימער — אַ סבֿרא, נאָך פֿאַר די ייִדן. אין 1643 ווערט שוין דערמאָנט דאָ אַ קאַראַימער ייִשובֿ. איינער פֿון זייערע מנהיגים, שלמה בן אַהרן פּאָסוואָלער, האָט ביז 1719 געלעבט אין פּאָסוואָל. ביז 1805 איז נאָך געווען דאָ אַ קאָמפּאַקטער קאַראַימישער ייִשובֿ, אָבער גרופּעס קאַראַימישע משפּחות האָבן דאָ געוווינט לאַנגע צײַטן שפּעטער, נאָך אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע. בעת דער נאַצי־הערשאַפֿט זײַנען די עטלעכע קאַראַימישע מענער (ניט די פֿרויען) דעפּאָרטירט געוואָרן צוזאַמען מיט די ייִדן.

סוף נײַנצנטן יאָרהונדערט איז געווען אַ גרעסערע ייִדישע עמיגראַציע פֿון פּאָסוואָל קיין דרום־אַפֿריקע. דער רע־דאַקטער ש.י. יאַצקאַן, אַליין אַ וואַבאָל־ניקער, האָט אין 1897 געשריבן: „פּאָסוואָל בנויָה כּולה על עפֿרות זהבֿ אַפֿריקאַ״.

פּאָסוואָל האָט דורכגעמאַכט דעם גירוש־ליטא אין מײַ 1915. די ייִדן האָבן באַקומען דעם „אוקאַז״ צו פֿאַרלאָזן פּאָס־וואָל אין 24 שעה. די אַרויסגעטריבענע פּאָסוואָלער ייִדן זײַנען אויף איין באַנ־סטאַנציע פֿאַרהאַלטן געוואָרן 10 טעג אין די פֿאַרחתמעטע פֿראַכטוואַגאָנעס, ביז דער עשאַלאָן איז אָפּגעשיקט געוואָרן אין דער טשערניגאָווער גובערניע.

אין 1897 האָבן דאָ געלעבט 1590 ייִדן (תּושבֿים — 3050), אין 1923 — 748 און פֿאַרן חורבן — בײַ 1400 (מיט די צונויפֿגעטריבענע ייִדן פֿון אַרום).

ייִדן האָבן זיך פֿאַרנומען מיט קרעמערײַ, מיסחר און מלאכה. אַ טייל האָבן געהאַט אַ בײַשטוביקע ווירטשאַפֿט — אַ גאָרטן, אַ בהמה, געפֿליגל.

*

מיט ארץ־ישׂראל איז פּאָסוואָל

פֿאַרבונדן נאָך פֿאַר חיבת־ציון. אויף אַן אַלטן בית־עולם אין ירושלים שטייען צוויי מצבֿות פֿון

אליעזר הלוי, תּרכ״ט.

מרדכי בר׳ חיים מפאסוואל, תּרל״ט.

איינער פֿון די באַשטימטע „הגבאים הכּוללים" (פֿון קהילות ירושלים וצפֿת) אויף חלוקה־געלטער איז געווען ר׳ אַבא פּאָסוואָלער.

אין אַ „רשימת המתנדבֿים למען אחינו הקולוניסטים" פֿון 1886 געפֿינען זיך די ווײַטערדיקע פּאָסוואָלער: א. פֿרידמאַן, מ. גרשון, א. טרייסטמאַן, י. באַראָן, י.ל. אוטיאַנסקי, י. זאָמען, מ. טראָטמאַן, מ.נ. הילקעוויטש, ש. פֿרידמאַן.

אין 4 ליסטעס בײַשטײַערערס פֿון 1898־1899 פֿאַר העלפֿן בויען ארץ־ישׂראל געפֿינען זיך אַ סך נעמען פֿון פּאָס־וואָלער. די מוֹרשים: לערער זלמן־יעקבֿ מיכאַלעוויץ, ר״מ סגל.

**רבנים.** — ר׳ זאבֿ־וואָלף, ניפֿטר געוואָרן 1779. היות דער צווייטער רבֿ האָט איבערגענומען פּאָסוואָלער רבנות פֿון 1760 און געווען דאָ רבֿ אַ סך יאָרן שפּעטער, איז אָנצונעמען, אַז ר׳ זאבֿ־וואָלף איז דאָ געווען רבֿ **פֿאַר** יענעם.

ר׳ יצחק בר׳ חיים ז״ק,[1] אבֿ״ד פּאָסוואָל, בירזש, פֿון 1760. זײַנע ברידער: ר׳ משולם ז״ק, אבֿ״ד פּאָקראָי; ר׳ ישׂראל, אבֿ״ד בירז והמדינה.

זײַן איידעם ר׳ אַבֿרהם־שלמה, חתונה געהאַט מיט ר׳ יצחקס טאָכטער דינה. האָט הסכּמה אויף **שירה לדוד** לדוד בה״ג חיים סו״ד דק״ק בירז והגליל (הוראדנא, תּקנ״ז). ניפֿטר תּקס״ו.

זײַן זון ר׳ אַבֿרהם־אַבלי פּאָס־וואָלער, דאָ געבאָרן 1864. אין די 1790ער דאָ אבֿ״ד עטלעכע יאָר און פֿון 1802 ביז זײַן פּטירה י״ג אָבֿ, 1836, ראבֿ״ד אין ווילנע.[2] ר׳ אַבֿרהם־אַבלי, אַ גאון בדורו, האָט ניט איבערגעלאָזן קיין ספֿרים. זײַנע חידושי־תּורה געפֿינען זיך אין: **מנחה בלולה**, שמעון בר׳ דובער (ווילנא, תּקצ״ב); **יהגה חכמה**, דוב בער קדש שטנהאייזאן (ווילנא והוראדנא, תּקצ״ו) — די מערסטע חידושים זײַנען פֿון זײַן רבין ר׳ אַבֿרהם־אַבלי; שו״ת **בגדי ישע**, שמואל הלוי בר׳ יוסף סג״ל (ווילנא, תּר״ד. אבֿן העזר, דף ג׳); **זכרון יעקבֿ**, יעקבֿ בענדעטמאַן ((ווילנא, תּרל״ד. סי׳ כ״ב, דף כ״ב); שו״ת **עטרת יצחק**, יצחק אײַזיק, אבֿ״ד שאַוולי ע׳ 247); **נחלת שמעון**, שמעון זרחי (ווילנא, תּרנ״ז. ע׳ 44, 73־75, 128־129); **קהלת יצחק**, יצחק בר׳ ניסן (ווילנא, תּר״ס. ע׳ 40); **חמדת שאול**, שאול שפּירא (אָדעסאַ, תּרס״ג, ע׳ נ״ג).

1) לויט לעווינשטיינס **דור ודור ודורשיו** איז דאָ געווען אבֿ״ד ר׳ זלמן בה״ג יצחק ז״ק. ער גיט אָן ר׳ זלמנס פּטירה־דאַטע אויף תּק״ט (1749), קומט אויס, אַז דער זון איז געווען דאָ אבֿ״ד **פֿאַר** זײַן פֿאָטער. אין אַ צווייט אָרט האָבן מיר ניט געפֿונען קיין באַשטעטי־קונג פֿאַר דעם.

2) אין יהדות ליטא", ג׳, זײַט 23, איז אַ טעות אין זײַן רבנות־צײַט — געווען דאָ רבֿ נאָר עטלעכע יאָר ביז 1802.

ר׳ אַבֿרהם־אַבלי איז געווען מראשי־המסכּימים בדורו. זײַנע הסכּמות געפֿינען זיך אין: **תּולדות אדם**, יחזקאל פֿייבל בר׳ זאבֿ־וואָלף (דהירנפֿורט, תּקס״א אָדער תּקס״ט, ב׳); **עמוד הימיני**, ח׳ א׳, אַבֿרהם בר׳ אָשר, מ״מ דק״ק מינסק (מינסק, תּקע״א); **ברית עולם**, יצחק אשכּנזי (ווילנא, 1819); **היכלות הזהר** (עם ביאור הגר״א). ווילנא והוראדנא, תּק״פ; **קנה חכמה**, נתן בר׳ אַבֿרהם (דאָרטן, תּקפּ״א); **בית אַבֿרהם** (צוואת אַבֿרהם דאַנציג). (ווילנא, תּקפּ״א); **חמדת צבֿי**, צבֿי הירש אב״ד לוקאַטש (מאָהליבֿ, תּקפּ״ה); **מנחה בלולה**, שמעון בר׳ דובֿ בער (ווילנא והוראדנא, תּקצ״ב); **בית ועד**, אַבֿרהם אַהרן ברודא (ווילנא, תּקצ״ב); **יהגה חכמה** דובֿ בער קדש (ווילנא והוראדנא, תּקצ״ב); **טורי אבֿן** (ווילנא, 1835); **איי הים**, יהודה הלוי עדל (אוסטרהא, 1835); **בית יצחק**, יצחק אײַזיק חבֿר (סדילקאָב, תּקצ״ו); **דרך אבֿות**, מאיר בן אליהו (ווילנא, תּקצ״ו); **נתיבֿות עולם**, צבֿי־הירש קאַצינעלינבויגין (ווילנא, תּרי״ט); **דבֿרי יוסף**, יוסף בכרך (ווילנא, תּרל״א).[3] געגעבן הסכּמות אַפֿילו אויף משׂכּילישע ביכער: **גלות הארץ החדשה**, מ.א. גינצבורג (ווילנא, תּקפּ״ג); **תּעודה בישׂראל**, יצחק בער לעווינזאהן (ווילנא והוראדנא, תּקפּ״ח). הספּדים: אין **גליא מסכת**, ח״ב, דוד אב״ד נאָוואַרעדעק (ווילנא, תּר״ד); **דרפי יוסף**, ב׳, יוסף אליעזר ליבר עדל.

הגאון ר׳ יצחק וואָלאָזשינער האָט געזאָגט, אַז ר׳ אַבֿרהם־אַבלי איז געווען בבֿחינת חסד שבחסד, האָט געגעבן אַ סך צדקה אַפֿילו פֿון זײַן קליינער שׂכירות. ווי אַ קליינער בײַשפּיל פֿון זײַן גוטסקייט איז די ווײַטערדיקע מעשׂה: צוליב זײַן גוטסקייט האָט ער קיינעם ניט געקענט אָפּזאָגן צו געבן אַ הסכּמה אויף אַ ספֿר — און ער האָט טאַקע געגעבן הסכּמות אָן אַ שיעור. האָט זיך געטראָפֿן, אַז איין מאָל איז געקומען צו אים סתּם אַ ייִד, ניט קיין מחבר. האָט יענער דערציילט, אַז ער איז אַ גרויסער אָרעמאַן און האָט ניט אויף נדן פֿאַר זיינע צוויי טעכטער, וויל ער קריגן אַ המלצה־בריוו פֿון ר׳ אַבֿרהם־אַבלין, וואָס וועט אים העלפֿן אין דעם. ר׳ אַבֿרהם־אַבלי איז נאָכגעקומען זײַן בקשה.

אין עטלעכע וואָכן אַרום איז יענער ייִד געלעגן אַ שיכּורער אין גאַס און די המלצה האָט זיך געוואַלגערט לעבן אים. ידידים האָבן געכאַפּט די המלצה און געבראַכט צו ר׳ אַבֿרהם־אַבלין. זיי האָבן געמיינט, אַז ער וועט אויפֿטאַנצן פֿון כּעס, אָבער ער האָט זיי געזאָגט בניחותא: נו, איז וואָס? אַז יענער איז אַ שוטה, דאַרף איך זיך ניט מרחם זײַן אויף מענטשן?

— אין אַ פּאָר וואָכן אַרום איז דער ייִד דער שיכּור ווידער געקומען צו ר׳ אַבֿרהם־אַבלין און געבעטן אַ נײַע המלצה, ווײַל די אַלטע האָט ער פֿאַרלאָרן. אויף דעם האָט דער ווילנער ראב״ד געענטפֿערט: איצט פֿאַרשטיי איך וואָס מענטשן זאָגן: „שיכּור ווי לוט״, פֿאַר וואָס זאָגן זיי ניט: „שיכּור ווי נח״, ער האָט זיך דאָך אויך אָנגעטרונקען? איז דער תּירוץ: נח איז ניט

3) צוויי הסכּמות (געבליבענע) זײַנען אַרײַן נאָך זײַן פּטירה.

שיכּור, ווײַל ער האָט געטרונקען **נאָכן** חתונה מאַכן זײַנע טעכטער, אָבער דו, לוט, ווי גייסטו שיכּורן **פֿאַרן** חתונה מאַכן דײַנע טעכטער? . . .״[4]

נאָך רבנים: ר׳ אַבֿרהם־לייב בר׳ שלמה מינץ, ברודער פֿון ר׳ נטע, אב״ד טיקטין, און פֿון ר׳ יצחק־צבֿי (ר׳ אײַזיק־הירש), אב״ד קאָברין און סלאָנים. זײַנע שו״ת זײַנען דאָ אין **חמדת שאול**, שאול שאַפּיראָ (אָדעסאַ, תּרס״ג).

ר׳ אליהו־בנימין (באַלי) דימאַנד, געבאָרן 1839 אין זשידיק. רבֿ אין זאַמעלאַן (זיימל). 1870־1883 אין פּאָסוואָל, דערנאָך אין סימפֿעראָפּאָל, ווו ניפֿטר געוואָרן 1899. געהאַט אויסצושטיין גרויסע צרות פֿון קנאָים אין פּאָסוואָל, וואָס יָרדו לחייו. געווען קלאַנגען אין דער פּרעסע, אַז לויט אַ פּסק־דין פֿון דרײַ רבנים (קופּישקער רבֿ ר׳ סענדער, רעמיגאָלער רבֿ ר׳ נחמיה, און אַ דריטער), איז ער דערוויטערט געוואָרן פֿון פּאָסוואָלער רבנות. אין **המליץ** איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אַ הכחשה פֿון פּאָסוואָלער בעלי־בתּים: יהודה־לייב פֿליישמאַן, משה־מאיר בערמאַן, שלמה בהרבֿ ר׳ שלום־דוד בן משה זאַלצמאַן, משה בר׳ יהודה־דוד בר׳ יוסף, גבאי בימ״ד, שמעון פֿרידמאַן, יחיאל־מיכל מרגלית, נפתּלי־זונדל מרגלית, יצחק בר׳ לייב זאַמען, שרגא בהרבֿ בנימין גרין. ר׳ אליהו־בנימינס זון ר׳ יוסף בן־ציון, געבאָרן 1877. רבֿ אין סימפֿעראָפּאָל פֿון 1892. מחבר פֿון **אלומת יוסף** (וואַרשאַ, תּרע״א), **עמק הבכא** און **אוצר נחמד**. שפּעטער רבֿ און ראַבינער אין יאַלטאַ. געשריבן וויסנשאַפֿטלעכע מאמרים אין העברעיִשע צײַטשריפֿטן. זײַן פֿאָטער ר׳ דובער, אב״ד טאַווריק, זשידיק. זײַן ברודער, רבֿ און פֿאָרשער ר׳ אליעזר דימאַנד אין מאָסקווע. זײַן שוואָגער אליעזר־ליפּמאַן זילבערמאַן, אַרויסגעבער און רעדאַקטער (מיט דוד גאָרדאָן) פֿון **המגיד**.

ר׳ בן־ציון קרעטשמער, איידעם פֿון ר׳ אליהו־בנימין, פֿון 1883 ביז 1884. שפּעטער רבֿ אין סימפֿעראָפּאָל. ניפֿטר 1930. זײַנע ברידער: ר׳ אַבֿרהם, מו״צ אין אַנטאָקאָל (פֿאָרשטאָט פֿון ווילנע); ר׳ יוסף, רבֿ אין באַכמוט (רוסלאַנד).

ר׳ מרדכי בר׳ משה ראַבינאָוויץ, עטלעכע יאָר ר״מ אין קיידאַן, 1864־1885 רבֿ אין ראָגעווע פֿון 1885 ביז זײַן פּטירה אין 1898 אין פּאָסוואָל. האָט שו״ת אין **חמדת שאול**, שאול שאַפּיראָ (אָדעסאַ, תּרס״ג, ע׳ ס״א). שווער פֿון ר׳ משה־מישל שאַפּיראָ, אב״ד פּאָנעוועזש, ראָגעווע.

זײַן זון ר׳ משה ראַבינאָוויץ, געבאָרן 1863 אין קיידאַן, ווו געווען ר״מ, שפּעטער רבֿ אין ראָגעווע און סובאָט (לעטלאַנד) און פֿון 1899 ביז זײַן פּטירה 1925 אין פּאָסוואָל. האָט שו״ת אין **חמדת**

4) **עיר ווילנא** גיט, אַז אַ ברודער פֿון ר׳ אַבֿרהם־אבלין, ר׳ חיים, איז געווען אב״ד פּאָסוואָל. דער בעל **עיר ווילנא** איז אַ גרויסער נאמן אויף די ענינים, אָבער מיר האָבן ניט געפֿונען קיין באַשטעטיקונג אויף דעם; מאידך, „לא מצאתי — אינה ראיה״. — ר׳ אַבֿרהם־אַבּליס ערשטע פֿרוי איז די טאָכטער פֿון פּאָסוואָלער מו״צ ר׳ אליקום־געציל. די טעכטער פֿון זײַן צווייטן זיווג זײַנען די פֿרויען פֿון: ר׳ חיים ז״ק, אַ צווייטע, אסתּר מינע, פֿון הגבֿיר יצחק עליאַשעוו (געשטאָרבן 1872 אין טעלז), די דריטע פֿון ר׳ אַבֿרהם־משה פֿון בירזש.

**שאול** (ע׳ נ״א); ר׳ אליהו שענקמאַן, ביז 1929.

ר׳ יצחק בר׳ משה אַגולניק, געבאָרן 1897 אין קאַמײַ, איידעם פֿון ר׳ משה ראַבינאָוויץ, פֿון 1930 ביז זײַן אומקום אין 1941, הי״ד.

*

ר׳ אליקים געציל, שווער פֿון ר׳ אַבֿרהם־אַבלי פּאָסוואָלער, מ״מ ומו״צ אַרום מיטן אַכצנטן יאָרהונדערט. זײַנע שאלות־ותּשובֿות זײַנען דאָ אין **חמדת שאול**, שאול שאַפּירא (אָדעסא, תּרס״ג, ע׳ ל״ט).

ר׳ נוח־יעקבֿ, דיין 40 יאָר, אַרום די 1850ער און העכער. אָנקל פֿון ר׳ שמואל־יצחק הילמאַן, אבֿ״ד בערעזינע, גלאַזגוי און לאָנדאָן. געווען אַ מטופּל מיט אַ סך קינדער און אַ גרויסער אָרעמאַן. זײַן מישפּחה איז די גאַנצע צײַט אויסגעהאַלטן געוואָרן דורכן אָרטיקן גבֿיר דוד אבא׳ס (מייזעראָוויטש). קיינער האָט וועגן דעם ניט געוווּסט. דער סוד איז אַרויס בעתן הספּד פֿון דיין אויף דער לוויה פון דוד־אַבאן: „ר׳ דוד־אַבא, פערציק יאָר האָסטו מיך אויסגעהאַלטן, ווער וועט מיך איצט אויסהאַלטן?״

(דערציילט פֿון זײַן אייניקל ראָזע פירסט־וואַגנער אין ניו־יאָרק, 1965)

ר׳ יהושע־זבולון בערמאַן, קאַזיאָנער ראַבינער, געהילף־ראַבינער ר׳ אליקום־געצל הירשהאָרן. ר׳ מרדכי קאַנטאָר־לייבאָוויץ, געווען דאָ 46 יאָר חזן. ניפֿטר 1933.

מיט פּאָסוואָל האָבן אַ שײַכות:

יוסף בר׳ אָשר, **כּפּות זהבֿ** (ווילנא והוראדנא, תּקצ״ו); מאיר בר׳ אליהו, **דרך אָבֿות** (ווילנא, תּקצ״ו); א. עמריך, **מגלה סוד** (ווילנא, תּקצ״ו); מ.ש. בערמאַן, **לקוטי בשׂמים** (וואַרשא, תּרס״ג).

צווישן 1836 און 1911 זײַנען געווען 149 פּאָסוואָלער פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

**אָפּשטאַמיקע.** — „ר׳ איציק בן הגבֿיר פ״ו [?] כהר״ר הירץ פוסווילער״ איז געווען דיין אין מעץ (פֿראַנקרײַך), אַרום 1740־1770. ער האָט געהאָלפֿן אַרויסגעבן אַ ספֿר (פֿון תּקכ״ו), ווו דער מחבר שרײַבט וועגן אים אין דער הקדמה: „הרבֿ המאור הגדול יושבֿ באהל בה״מ דק״ק מיץ והוא טובֿ ומטיבֿ לכל מבֿקשין״.

שלמה הזקן בן אהרן טרוקי, געבאָרן אין טראָקי און געלעבט אין פּאָסוואָל מיטן נײַנצנטן יאָרהונדערט. מחבר פֿון **לחם שערים, מגדל עוז, רך וטוב** (כּללים בדקדוק), **אפריון משה** (לייפּציג, 1866). זײַנע שירים געפֿינען זיך אין סידור פֿון די קראים.

ר׳ אריה־ליפּמאַן בר׳ שלום הכהן פֿרידמאַן, דאָ געבאָרן אין 1805. געווען 45 יאָר רבֿ און קאַזיאָנער ראַבינער אין פֿרידריכשטאַט (לעטלאַנד). ניפֿטר געוואָרן אין 1876. חתונה געהאַט מיט אַן אייניקל פֿון ר׳ יהודה־לייב, אבֿ״ד פּאָסוואָל.

ר׳ חיים־יצחק ביאַלאָסטאָצקי, מגיד אין פּאָסוואָל, פּאָנעוועזש, קיידאַן, שירווינט, טאַווריק, גראָדנע, ווו ניפֿטר

געוואָרן אין 1940. באַקאַנט אונטערן נאָמען „פּאָסוואָלער מגיד".

שאול בערנשטיין, 1905-1872. מאָלער; ר' שמואל־יצחק בר' חיים־יהודה סוגאַר, געבאָרן 1875. מגזע הגר"א. איידעם פֿון ר' מרדכי הילמאַן, אב"ד פּאָשוועטין, אַוואַנטע; בנימין־אַבֿרהם בערנשטיין, געבאָרן 1881. פּראָפֿעסאָר אויף מאַטעמאַטיק אין באַלטימאָר. אויף דער טעמע געשריבן ביכער און אַרטיקלען אין ענגליש.

יעקבֿ־מרדכי שערמאַן, געבאָרן 1885 אין אַ דערפֿל לעבן פּאָסוואָל. פֿון 1903 אין דרום־אַפֿריקע. פּאָעט, דערציילער, פּובליציסט. איינער פֿון די וועטעראַנען פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור אין דרום־אַפֿריקע. באַטייליקט מיט לידער, דערציילונגען, פּובליציסטיק, ליטעראַרישע אַרטיקלען אין כמעט אַלע ייִדישע שריפֿטן אין לאַנד: **די יודישע פֿאָהן, דער אַפֿריקאַנער, אונזער וועג, פֿאָרויס, דרום־אַפֿריקע** א"אַ. ביכער: **די אַפֿריקאַאַנס שפּראַך און ליטעראַטור** (1936), **אויף טראַנסוואַלער ערד** (1949), **לאַנד פֿון זון און שײַן** (1956), **אין שטילע שעהען** (1957) — אַלע אין יאָהאַנעסבורג. געשטאָרבן 1958 אין יאָהאַנעסבורג.

אַריה־לייב גלאַזמאַן, געבאָרן 1912. געלעבט אין קאָוונע. העברעיִש־ייִדישער פּאָעט, דערציילער, זשורנאַליסט. לאַנגיאָריקער מיטאַרבעטער פֿון קאָוונער טאָגצײַטונג **אידישע שטימע**. האָט מיטגעאַרבעט אין **כתובֿים** (ת"א), אין די קאָוונער העברעיִשע אויסגאַבעס **פּתח, פּעם** (1933) און אין די ייִדישע זאַמלביכער **טויערן** (1937) און **רינגען** (1940). מחבר פֿון **אַ פֿענצטער צו דער וועלט** (1939). 1941 אומגעקומען אויפֿן פֿירטן פֿאָרט אין קאָוונע, הי"ד.

**ניכבדים.** — „הגבֿיר המפֿורסם ר' מאיר שלעזינגער מפּוסוואָל", וואָס האָט געלעבט אין לעטלאַנד און „הגבֿיר הנכבד" ר' יששׂכר־בער —ביידע געווען אַבאָנענטן פֿון **הישׂראלי** (מײַנץ, 1880). ביידע מישפּחות נאָענטע קרובֿים צום פּאָסוואָלער ר' אַבֿרהם־לייב מינץ און ראַבינער ר' יהושע־זבֿולון בערמאַן.

ר' מרדכי לודען, ר' נטע יפֿה, תּלמיד פֿון ר' ישׂראל סאַלאַנטער, ניפֿטר 1898; ר' רפֿאל דער בירזשער, גמרא־מלמד, אין די 1890ער יאָרן. איינער פֿון זײַנע תּלמידים איז דער זשורנאַליסט־פּובליציסט צבֿיון (ד"ר האָפֿמאַן).

אויף אַ הכחשה וועגן אַ שווינדל זײַנען געחתמעט די בעלי־בתּים: יעקבֿ־יצחק באַראָן, מיכל בר' אַבֿרהם טריישמאַן, יהודה־זונדל בר' אליהו סג"ל, שו"ב, משה־גרשון פֿרידמאַן, צבֿי־הירש בר' אַהרן טרויב, משה־מישל בר' נתן־נטע ביניאַמי־נאָוויץ, ראובֿן פֿירסט — אַלע חתימות באַשטעטיקט פֿון ראַבינער־געהילף הירש־האָרן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — יעקבֿ־יוסף סופֿר, א'. מיץ, תּקכ"ו; המגיד, 1872: 34; ש. יעוונין, נחלת עולמים. וואַרשע, תּרמ"ב, ע' 58; המליץ, 1883: 62, 91; 1884: 1, 52;

1886: 172; יודישעס פאָלקס־בלאַט, 1889: 50; תלפיות, ברדיטשוב, תרנ״ה; המליץ, 1897: 21.

המליץ, 1898: 24, 107, 216, 222; 1899: 138; צבי־הירש קאלפ (ליפשיץ), מדור לדור. ווארשא, תרס״א. ע׳ 40; אידישע שטימע, 1933: 4265; י.ל. מימון, למען ציון לא אחשה, ב׳. ירושלים, תשט״ו, ע׳ 160. קריה נאמנה 244; דעת קדושים, ע׳ 14;

עיר ווילנא, ע׳ 19; אהלי שם, ע׳ 3; אוצר ישׂראל, ה׳. ע׳ 34; א׳ ע׳ 88; לעקסיקאָן, 2; לתולדות היהודים בליטא־זאַמוט, ע׳ 69; תולדות ישיבת היהודים בקורלאַנד, ע׳ 83, 128, 132, 139, 145; יהדות ליטא (י. ד. קַמזונס), ע׳ 195.

חלקת מחוקק, מחברת ג׳, ע׳ ל״ג; חוב׳ ט׳, מחברת א׳; י. לעווינשטיין, דור ודור ודורשיו, ע׳ 38, 40, 125; העבר, א׳, פטרבורג, ע׳ 163; יהדות ליטא, א׳ ג׳; „ליטע״, 1, 105, 193; ספר הפרענומעראַנטן, 6402. Black Book.

## פּאָפּעליאַן PAPILĖ

שאַוולער קרײַז. אַן אַלט אָרט, אין 1359 איז עס אין גאַנצן חרוב געוואָרן. ווערט שפּעטער דערמאָנט אין 1493. פֿאַרן ערשטן וועלטקריג האָבן דאָ געוווינט אַרום 300 ייִדן, אין 1923 — 257, אין 1924 — ביי 200, אַן ערך אַזוי פֿיל פֿאַרן חורבן. אין 1915 האָט פּאָפּעליאַן דורכגעמאַכט דעם גירוש־ליטע.

אין 1888 איז כמעט גאַנץ שטעטל אַראָפּ מיטן פֿײַער. אין זעלביקן יאָר האָבן ייִדן געשאַפֿן אַ „פּאָזאַרנע קאָמאַנדע״. אין 1894 איז אויפֿגעשטעלט געוואָרן „קופּת הצדקה״ צו העלפֿן אָרעמעלײַט און געפֿאַלענע בעלי־בתּים.

צווישן 1898 און 1914 זײַנען דאָ געווען 31 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

די נאָענטקייט צו דער באַן־סטאַנציע איז געווען אַ גרויסער פּלוס פֿאַר דער ייִדישער עקאָנאָמיק. אויסער די געוויינלעכע ייִדישע פּרנסות פֿון קרעמערײַ און מלאכה, האָבן ייִדן זיך פֿאַרנומען מיט עקספּאָרטירן תּבֿואה, פֿלאַקס און האָלץ קיין דײַטשלאַנד. אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט זיך זייער פֿאַרערגערט דער ייִדיש־עקאָנאָמישער מצב אין שטעטל. נאָכן ערשטן וועלטקריג האָבן אַ סך ייִדן זיך ניט צוריקגעקערט פֿון גירוש אין שטעטל אַרײַן. דאָס באַנוצן זיך מיט דער באַן דורך פּאָפּעליאַן איז שטאַרק געפֿאַלן צוליבן אויפֿבוי פֿון אַ נײַער באַנליניע פֿון טעלז. די ייִדישע עמיגראַציע האָט זיך אויך פֿאַרגרעסערט.

*

אין ליסטעס מנדבֿים פֿון 1898, 1899, 1903 פֿאַר העלפֿן בויען ארץ־ישׂראל זײַנען דאָ מערערע פּאָפּעליאַנער. מורשים: יצחק־אַהרן קאָטלער, אַבֿרהם־יעקבֿ לעמ־כען, שרגא לעווינסאָן.

אין אַ רשימה מנדבֿים פֿאַר ארץ־ישׂראל געפֿינען זיך די ווײַטערדיקע פּאָפּעליאַנער: מרדכי קאַדושין, שמשון תּמיד, שלמה ריטענבערג, יוסף איציקזאָן, אַבֿרהם־יעקבֿ לעמכען, יהודה אַרנסאָן, לייב שמוקלער, משה ציון, דוד אַראָנאָוויטש, יואל עבין, יונה פאַק, הרבֿ יוסף למדן.

אין 1899 איז פֿאַרגעקומען אַ ציוניסטישע קרייז־קאָנפֿערענץ אין ווילנע פֿון 51 שטעט. פּאָפּעליאַן איז געווען פֿאַרטראָטן מיט איין דעלעגאַט. אין 1902 זיינען דאָ געווען 53 שוקלים.

אויף אַן אַלטן בית־עולם אין ירושלים איז דאָ די מצבֿה פֿון הענא שיינה בת ר׳ משה הכהן מפּאָפּילאַן, תּרנ״ז.

**רבנים.** — ר׳ שרגא־פֿייוול בר׳ יוסף, געבאָרן 1827.

ר׳ הלל־אַריה בר׳ זאבֿ־דובֿ ליבשיץ, געבאָרן 1844 אין שאַוולאַן, נאָר עטלעכע יאָר. דערנאָך רבֿ אין פּלונגיאַן, סוּוואַלק (1876־1893), לובלין. מחבר פֿון **בית הלל** (וואַרשע, 1881). געהאַט אויך אַלגעמיינע בילדונג. ניפֿטר 1908 אין לובלין [נאָך פּרטים אין **פּלונגיאַן**].

ר׳ ישׂשׂכר־בער גאַוואָרנסקי, געבאָרן אין זאַגער. שפּעטער רבֿ אין שוועקשנע, שוקיאַן. ניפֿטר געוואָרן 1870. זיינע זין: ר׳ אַבא־משה **ראַבינאָוויץ**, שפּעטער דאָ רבֿ; ר׳ שמואל־יעקבֿ ראַבי־נאָוויץ, רבֿ אין יעלאָק; ר׳ צבֿי־הירש בר׳ עזריאל הכהן וואָלק, געבאָרן 1855 אין ווילקאָמיר, שפּעטער רבֿ אויך אין קאָסאָ־ווע, קאַפּולע, פּאָלאָצק, פּינסק, פֿון 1895, און דאָרטן ניפֿטר געוואָרן אין 1907. איידעם פֿון ר׳ מרדכי גימפּל יפֿה, אבֿ״ד דערעטשין און ראָזשינאָי. זיין שוואָגער — ר׳ יוסף־זכריה שטערן, אבֿ״ד שאַוול. זיין ברודער ר׳ אליעזר וואָלק, אבֿ״ד פּאָדבערעזע, דרויע.

ר׳ דוד רעגענשבורג, געבאָרן 1819. 5 יאָר פֿריִער רבֿ אין ווינדוי (לעטלאַנד), 25 יאָר אין סיאַד, דערנאָך ביי 10 יאָר דאָ. ניפֿטר 1891[1].

ר׳ אַבא־משה ראַבינאָוויץ בר׳ ישׂשׂכר־בער גאַוואָרנסקי.

ר׳ אַריה־לייב ליפּקין, געבאָרן 1840 אין זאַגער, רבֿ אויך אין קרעטינגע און וועקשנע, ווו ניפֿטר געוואָרן 1903.

ר׳ יוסף בר׳ אַבֿרהם למדן, געבאָרן 1864 אין אַניפּאָל. פֿון 1889 רבֿ אין האָשט (וואָלין), פֿון 1903 דאָ. געשריבן חידושי־תּורה אין העברעיִשע זשורנאַלן.

ר׳ אַבֿרהם הכהן לעווין, הי״ד.

אין די 1880ער איז דאָ געווען שו״ב ר׳ יוסף רעזניק. געזאָגט אויך אַ שיעור אין „קיבוץ נערים״.

**אָפּשטאַמיקע.** — יעקבֿ־שמואל יודעלאָוויטש, געבאָרן 1879. יידישער זשורנאַליסט, רעדאַקטער. אויס־געשטודירט פֿאַר אינזשינער אין דייטשלאַנד. פֿון 1908 אין יאָהאַנעסבורג. געשריבן אַרטיקלען אין ייִדיש, העברעיִש, ענגליש און דער אָרטיקער פּרעסע. גע־שריבן אויף פֿאַרשיידענע טעמעס, באַזונ־דערס וועגן שרייבערס און באַרימטע מענטשן, אין **די יודישע פֿאָהן**, **די נייע היים** (רעדאַקטירט), **דער אַפֿריקאַנער**, **אַפֿרי־קאַנער אידישע צייטונג** א״אַ. געשטאָרבן 1968 אין יאָהאַנעסבורג.

הירש בר׳ ל, געבאָרן 1891. פֿון 1908 אין יאָהאַנעסבורג. ד״ר־מעדיצין.

1) זיין מאַמע פֿרומע איז געשטאָרבן אין לינקעווע.

געשריבן קורצע דערציילונגען אין **די יודישע פּאָהן** און פּיעסעס אין **דרום־אַפֿריקע**. אויטאָר פֿון **חרובֿ**, אַ בילד אין איין אַקט, און **שאול**, אַ ביבלישע דראַמע (קאָוונע, 1922) און **אויפֿן שוועל** (דרײַ דראַמעס. בערלין, 1924). געשטאָרבן 1925 אין יאָהאַנעסבורג.

ר׳ אהרן־דוד בוראַק, געבאָרן 1892, פֿון 1917 רבֿ אין ברוקלין. פֿון די פֿירנדיקע רבנים אין אַמעריקע. ניפֿטר 1960 אין ניו־יאָרק.

פֿון די חשובֿי־העיר: אַבֿרהם בר׳ יהודה עליאַשעוו, געשטאָרבן 1862; ד״ר י. עדעלבערג, פֿרוי שאַטענשטיין און יעקבֿ גליק זײַנען געווען אַבאָנענטן פֿון **הישראלי** (מײַנץ, 1880/81). נ. פֿינקעלשטיין האָט געשיקט קאָרעספּאָנדענציעס אין **הצפֿירה** און משה שאַטענשטיין אין **המליץ**.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המליץ, 1888; הצפֿירה, 1891; המליץ, 1898: 216; 1899: 138; א.ל. פֿרומקין, תּולדות אליהו. ווילנא, תּר״ס, ע׳ 6, 26; המליץ 1903: 7, 8; חשבון הנדבֿות . . . 1909, ע׳ 108; אידישע שטימע, 1924: 1592.

תּולדות ישיבֿת היהודים בקורלאַנד, 53, 63, 71, 146; אהלי שם, 302, 457, 466; יהדות ליטא, א׳, ג׳; לעקסיקאָן, 1, 4; ב. כּהנס לעקסיקאָן, ז׳ 300; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 6425; חלקת מחוקק, ה׳. ד. תּדהר, אנציקלופּדיה לחלוצי הישובֿ ובוניו, ע׳ 273, 411, 971. Black Book.

## פּאַצינעל PAČINELIAI

קיידאַנער קרײַז. אַ שטעטל האָט דאָ געגומען אויסוואַקסן אין מיטן נײַנצנטן יאָרהונדערט. אין דער זעלביקער צײַט האָט זיך אָנגעהויבן דער ייִדישער יישובֿ.

סוף נײַנצנטן יאָרהונדערט האָבן דאָ געוווינט אַרום 130 ייִדן, געהאַט אַפֿילו אַ רבֿ. אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע איז זייער צאָל געווען אַרום 50 און פֿאַרן חורבן נאָך ווייניקער. די ייִדן האָבן זיך פֿאַרנומען מיט קרעמערײַ און לאַנדווירטשאַפֿט.

1891 איז דאָ געווען רבֿ ר׳ אליעזר־משה־צבֿי בר׳ בנימין־מאיר לאַבאָ, געבאָרן 1891 אין ווילקאָמיר. זײַן זון ר׳ יהודה־לייב איז געווען דער לעצטער רבֿ פֿון ליגעם, הי״ד.

1852 איז דאָ געבאָרן געוואָרן יוסף זעליג גליק. 1887 זיך באַזעצט אין פּיטסבורג (אַמעריקע). דאָרטן אַרויסגעגעבן ייִדישע צײַטונגען און ייִדיש־העברעיִשע ביכלעך. געשריבן אַרטיקלען, פֿעליעטאָנען, הומאָרעסקעס, דערנאָך זיי צונויפֿגעזאַמלט און אַרויסגעגעבן אין ביכער און ביכלעך. אין ייִדיש: **יזג׳ס ליעדער און עפּיגראַמען** (1907), **יזג׳ס פֿעליעטאָנען, קאָכלעפֿלען און וויציגע אַרטיקלען** (1907), **דער אידישער רעדנער** (1908), **יזג׳ס שריפֿטען** (1909), **יזג׳ס וויציגע ליטעראַטור** (1916) — אַלע אין פּיטסבורג. — אין העברעיִש: **קבֿוצת תּלתּלים** (תּרס״ו), **תּלתּלי סחורה** (תּרס״ח), **מנחת בקורים** (תּרס״ט), **אַבֿני גזית** (תּרע״ב) א״אַ. אַרויסגעגעבן 23 ביכער און ביכלעך. געשטאָרבן 1922 אין פּיטסבורג. זײַן פֿאָטער שלמה־זלמן איז דאָ געווען שו״ב אַ קורצע צײַט.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — ג. קרסל, 1; לעקסיקאָן, 2; יהדות ליטא, ג׳.

# פּאָקראָי PAKRUOJUS

שאַוולער קרײַז. אין דער צײַט פֿון „ועד ליטא״, אין זיבעצנטן יאָר־הונדערט, האָט פּאָקראָי געהערט צום גליל בירזש. דאָרטן פֿלעגן פֿאַרקומען די אסיפֿות פֿון די אַרומיקע קהילות. פֿאַרן ערשטן וועלטקריג האָבן דא געוווינט ביי 1300 ייִדן, אין 1923 — 454 און פֿאַרן חורבן — ביי 350.

אין 1831 איז דאָ אויסגעבראָכן אַ גרויסע כאָלערע־עפּידעמיע. דעמאָלט איז דאָ געשטאָרבן ר׳ אורי, אייניקל פֿון שניאור זק״ש.

1879 איז געווען אַ גרויסע שׂריפֿה. די הײַזער פֿון 180 ייִדישע מישפחות זײַנען פֿאַרברענט געוואָרן. עטלעכע יאָר האָט געדויערט, ביז די ייִדן זײַנען געקומען צו זיך פֿון אומגליק. נאָך אין 1881 האָט די יאַנישקער קהילה געשיקט 40 פּוד מצות פֿאַר פּאָקראָי. אין 1886 איז ווידער געווען אַ שׂריפֿה.

דער אָדון פֿון פּאָקראָי און אומגעגנט איז געווען באַראָן ראָפּ. ער איז געווען זייער גוט צו ייִדן, און ווען ער איז געשטאָרבן אין 1894, זײַנען צו דער לוויה געגאַנגען ייִדן מיטן רבֿ בראש, מיט אָנגע־צונדענע ליכט, און געזאָגט ספּעציעלע פּסוקים פֿון תּהלים, אַ ביסל אויך געטראָגן די טרונע (דאַן האָט מען אַראָפּגענומען דעם צלם).

אין די לעצטע פּאָר צענדליק פֿון נײַנצנטן יאָרהונדערט זײַנען די פּאָקראָיער ייִדן געווען צווישן די ערשטע אין ליטע צו עמיגרירן קיין דרום־אַפֿריקע און אַמעריקע.

*

מיט ארץ־ישׂראל איז פּאָקראָי פֿאַרבונדן וואָסערע 70 יאָר פֿאַר חיבת־ציון. אַ פּאָקראָיער האָט אָנגעפֿירט מיט דער עליה פֿון די תּלמידים פֿון ווילנער גאון. אין **שערי צדק** פֿון ר׳ אַברהם דאַנציג, בעל **חיי אָדם**, זאָגט זיך: הממשלה נתנה רשיון להרב ר׳ סעדיה ולהרב ר׳ חיים מפּאָקראָי ולהרב הירש״ עולה צו זיין קיין ארץ־ישׂראל (1804). אין 1810 איז ר׳ חיים בר׳ טוביה כּץ געשטאַנען בראש פֿון דער גרופּע עולים פֿון תּלמידי הגר״א. אין פּנקס הכולל פֿון צפֿת ווערט געזאָגט, אַז פֿון די „עשׂרה ראשונים״ עולים מיט ר׳ מענדל שקלאָווער איז אויך געווען „הגאון ר׳ חיים בר׳ טוביה כּץ הרבֿ דפּאָקראָי״. ר׳ חיים איז געווען אַ גרויסער עושר. ער האָט פֿונאַנדערגעשיקט אַ מין פּראָפּאַגאַנדע־בריוו מיט אַ ריי אָנווײַזונגען ווי עולה צו זײַן קיין ארץ־ישׂראל. (נאָך פּרטים וועגן אים — אין קאַפּיטל רבנים).

אין אַ רשימה מנדבֿים פֿאַר ארץ־ישׂראל פֿון 1903 זײַנען דאָ מערערע פּאָקראָיער. דער קלײַבער: ר. קליניצקי.

צווישן 1828 און 1914 זײַנען דאָ געווען 24 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

די ייִדישע פּרנסות זײַנען געווען

קליינהאַנדל, קרעמערײַ, מלאכה, אַ קליינער טייל האָט קולטיווירט אַ קליינע בײַשטובּיקע ווירטשאַפֿט.

**רבנים.** — ר׳ משולם־זלמן ז״ק, אַרום 1750־1770, שפּעטער מו״צ אין ווילנע, ווו ניפֿטר געוואָרן אין 1800. פֿון די ראשי־הקהל אין ווילנע, יחסן און גבֿיר. אין זײַן צוואה פֿון 1799 האָט ער אָפּגעזאָגט 8000 זהובֿים פֿאַר זײַן פֿרוי, אויסער זילבער, גאָלד און אַנדערע טײַערע זאַכן, ווי אויך רײַכע ירושות פֿאַר זײַנע זין און טעכטער. זון פֿון ר׳ חיים ז״ק, אבֿ״ד בירז והמדינה. זײַנע ברידער: ר׳ יצחק און ר׳ ישׂראל —ביידע רבנים אין בירזש.

ר׳ חיים בר׳ טובֿיה כּץ, פֿון אַרום 1770, שפּעטער דיין ומ״מ אין ווילנע. איינער פֿון די גרעסטע מגידים בדורו. דער דובנער מגיד האָט אים געהאַלטן פֿאַר זײַן רבין. מען האָט אים אויך גערופֿן ר׳ חיים פּאָקראָיער. 1810 איז ער עולה געווען בראש אַ חבֿורה תּלמידים פֿון ווילנער גאון און זיך באַזעצט אין צפֿת, ווו ניפֿטר געוואָרן אין 1813. האָט הסכּמות אויף **גאון צבֿי, תּולדות אָדם**(נאָך פּרטים וועגן אים זע אויבן).

ר׳ מרדכי פּאָקראָיער (ר׳ מרדכי חסיד). איינער פֿון „אגודת שלושת חסידי זאַמוט״ (די אַנדערע: ר׳ שמואל ראַסיינער און ר׳ משה טעלזער), וואָס פֿלעגן צוויי מאָל אין יאָר פֿאָרן צום ווילנער גאון. 15 יאָר האָבן זיי געלעבט ווי נזירים. געזעסן און געלערנט בחבֿרותא אין ניגלה און ניסתּר. זייערע חידושי־תּורה געפֿינען זיך אין יעקבֿ בענדיטמאַנס **זכרון יעקבֿ** (ווילנא, תּרל״ה). ר׳ מרדכי האָט זיך אויסגעלערנט טישלערײַ און געלעבט פֿון דעם. ווען פּאָקראָי האָט אים אויף דער עלטער פֿאָרגעלייגט רבנות, האָט די קהילה אָנגענומען זײַן תּנאי, אַז ער וועט זײַן רבֿ און גלײַכצײַטיק טישלערן. ניפֿטר געוואָרן אַרום 1810 אין יאַנישקעל[1].

ר׳ אַבֿרהם־יהושע [חריף] „אבֿ״ד ומ״צ בק״ק פּאָקראָי.״ אַרום די 1850ער [?]. זײַן פֿאָטער ר׳ צבֿי־הירש חריף, אבֿ״ד נעשוויז.

ר׳ יוסף בר׳ משה יפֿה, געבאָרן 1846 אין ווילקאָמיר. פֿון 1879 ביז 1883, שפּעטער סאַלאַנט, פֿון 1886 אין גאָרזד און 1892 אין מאַנטשעסטער (ענגלאַנד), ווו ניפֿטר געוואָרן 1897. חיבורים: **יוסף ביאור** (ווילנא, תּרמ״א), **השׂכּל והיצר** (מאַנטשעסטער, תּרנ״ה), **אהבֿת ציון וירושלים** (ירושלים, תּש״ז). פֿאָטער אבֿ״ד גאָרזד.

ר׳ נחום שאַפּיראָ, געבאָרן 1818 אין דאָקשיץ (מינסקער גובערניע). שפּעטער רבֿ אין ליגעם, וועגער, טרישיק, שאַט, ווו ניפֿטר געוואָרן אין 1902.

---

1) אין **דעת קדושים** ווערט געבראַכט אַ נוסח־מצבֿה פֿון „שפּרינצא אשת הרבֿ דפּאָקראָי״, די טאָכטער פֿון הרבֿ שׂמחה כּץ ראַפּאַפּאָרט, ניפֿטר געוואָרן 1802. **דעת קדושים** איז אַ מקור נאמן, די פֿראַגע איז נאָר וואָס איז דער מײן פֿון „הרבֿ״. אויב דאָס מיינט אבֿ״ד, דעמאָלט קומט ר׳ שׂמחה פֿאַר אָדער נאָך ר׳ מרדכי פּאָקראָיער. עס קען אָבער אויך מיינען: מו״צ, דיין.

ר׳ שמואל־מאיר שור, ניפֿטר 1898.[2]

ר׳ דובֿ־אָשר בר׳ יצחק־צבֿי צעכאַנאָווסקי, געבאָרן 1872. דאָ רבֿ פֿון 1905.

ר׳ לייב קריגער, געבאָרן 1876. זײַן אייניקל ר׳ שמואל קריגער, אבֿ״ד קאָוואַרסק.

ר׳ חיים־זלמן קראָן, דאָ געבאָרן 1898 [?]. רבֿ אין זיימל, פּיקעלן, פּאָקראָי. אומגעקומען 1941, הי״ד. האָט געדרוקט אַרטיקלען אין דער אָרטאָדאָקסישער פּרעסע אין ליטע.

אין די 1890ער איז דאָ געווען ש״צ ושו״ב ר׳ משה ריבקינד, פֿריער ש״צ ושו״ב אין דוסיאַט; ר׳ אַבֿרהם־אַבא בר׳ שאול הכהן, געבאָרן 1857 איז 1905 געוואָרן דומ״ץ, פֿריִער ערשטער רבֿ אין אַלט־אויף (קורלאַנד). ניפֿטר 1907; ר׳ משה גרינוואלד, געבאָרן 1843, דאָ חזן. ניפֿטר 1910. גערופֿן משה פּאָקראָיער.

**אָפּשטאַמיקע.** — ר׳ יודל פּאָקראָיער איז אַרום 1810־1812 געווען מו״צ אין שאַוול, דערנאָך זיך צוריק־געקערט קיין פּאָקראָי.

יעקבֿ הלוי, זון פֿון ר׳ אפֿרים הלוי פּאָקראָיער, איז געווען ערשטער רבֿ אין טאַלסען (קורלאַנד).

ישׂראל פֿײַן, אַ הי־געבאָרענער, מחבר פֿון אַ ביכל לידער **נגינות בן יהודה** (באַלטימאָר, תּרס״ז). ער שרײַבט זיך „איש פּאָקראָי״.

יהושע לאַצמאַן, געבאָרן 1906. געלעבט אין קאָוונע, נאָכן צווייטן וועלט־קריג אין ווילנע און פֿון 1971 אין ישׂראל. געדרוקט לידער און ליטעראַרישע אַרטיקלען אין די קאָוונער צײַטונגען **אידישע שטימע, פֿאָלקסבלאַט, דאָס וואָרט**; אין קאָוונער ליטעראַרישע זאַמלביכער: **מיר אַליין** (1930), **שליאַכן** (1932), **בריקן** (1937) א״אַ. ביכער: **לידער און פּאָעמעס** (קאונאַס, 1939), **תּהילים־געזאַנגען** (ת״א, 1979). געשטאָרבן 1984 אין ראשון־לציון.

עזריאל־אַהרן כּץ און אליעזר בר׳ צבֿי טאָדעש האָבן קאָרעספּאָנדירט אין **המליץ.**

**ביבליאָגראַפֿיע.** — ח.נ. דעמביצער, כּלילת יופֿי. קראָקאָ, תּרמ״ח, ע׳ ס; המליץ, 1894: 45; 1903: 7; אחיאסף, תּרנ״ח, ע׳ 342; ישׂראל קלוזנר, ווילנא בתּקופֿת הגאון. ירושלים, תּש״ב, ע׳ 56, 65; חזנות, נ״י, 1937, נומ׳ 162; עיר ווילנא, 19, 42; קריה נאמנה, ע׳ 163.

דעת קדושים, ע׳ 38; א. יערי, אִגרות א״י. ע׳ 338; תּולדות ישיבֿת היהודים בקורלאַנד, ע׳ 48, 62, 91, 147, 153; תּולדות חכמי ירושלים, ע׳ 151, 168; לעקסיקאָן, 4; דורות האחרונים, ע׳ 278; ב. כּהנס לעקסיקאָן, ז׳ 321, 490; קורות היהודים בשיאוליאַי; אהלי שם, 162; יהדות ליטא, ג׳; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 6438.

Jewish Encyclopedia, VII, p. 57; Black Book.

2) לויט „תּולדות ישיבֿת היהודים״ (ע׳ 153) איז דאָ געווען רבֿ ר׳ אַבֿרהם [טאָביאַש?]. ניפֿטר 1906.

## פּאָשוועטין PAŠVITINYS

שאַוולער קרײַז. אין 1897 האָבן דאָ געוווינט 435 יידן, פֿאַרן ערשטן וועלט־קריג אַן ערך אַזוי פיל, אין 1923 — 274 און פֿאַרן חורבן — בײַ 90.

ייִדן האָבן זיך פֿאַרנומען מיט קרעמערײַ, קאַראַבעלניקערײַ און מלאכה. געווען אַ 5־6 שוסטערס, 5־6 שנײַדערס, אַ פּאָר גלעזערס, מאָלערס, 1 סטאָליער. מיט דער שטיצע פֿון קרובֿים אין דרום־אַפֿריקע, וווהין פּאָשוויטינער ייִדן האָבן אָנגעהויבן צו עמיגרירן אין די 1880ער יאָרן, האָבן זיי כמעט אַלע זיך דורכגעשלאָגן מיט חיונה.

נאָך דער ערשטער וועלט־מילחמה איז דאָס אַלץ אַראָפּ, די ייִדישע יוגנט האָט עמיגרירט ס׳רוב קיין דרום־אַפֿריקע, עולה געווען קיין ארץ־ישראל אָדער זיך אַריבערגעקליבן אין גרעסערע שטעט פֿון ליטע — געבליבן זײַנען נאָר די ייִדן, וואָס לעבן אויף די נײַ־געשיקטע דרום־אַפֿריקאַנער פֿונטן.

פּאָשוועטין האָט געהאַט אַ מאָדנע, ניט געוויינלעכע תּקנה: יעדע דרײַ יאָר צו קלײַבן אַ נײַעם שוחט. דאָס האָט געבראַכט צו אָפֿטע מחלוקת אין שטעטל.

אין 1899 איז געווען זייער אַ גרויסע שריפֿה, אַ גרויסער טייל פֿון שטעטל איז אַראָפּ מיטן פֿײַער.

אין 1900 איז ויסגעבראָכן אַ פּאָגראָם. געווען ייִדישע פֿאַרווונדעטע און גרויסע היזקות. ייִדן האָבן פֿאַרקלאָגט די פּאָגראָמשטשיקעס אין געריכט. 1901 איז פֿאָרגעקומען דער פּראָצעס. דער אָנקלאָגער מצד די ייִדן איז געווען דער בשעתו באַקאַנטער אַדוואָקאַט עוזר פֿינקעלשטיין, די אָנפֿאַלערס האָבן געקראָגן פֿאַרשיידענע שטראָפֿן.

אין אַ רשימה מנדבֿים פֿון 1872 פֿאַר ייִדן געטראָפֿענע פֿון הונגער און שריפֿות געפֿינען זיך מערערע פּאָשוועטינער — אַזוי אויך אין אַ ליסטע פֿון 1898 פֿאַר העלפֿן בויען ארץ־ישראל. דער קלײַבער: משה פלאַן.

צווישן 1876 און 1911 זײַנען דאָ געווען 18 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

**רבנים.** — ר׳ מרדכי הילמאַן, פֿון 1841 ביז 1879, ווען ניפֿטר געוואָרן. שווער פֿון ר׳ שמואל סוגאַר, אבֿ״ד אַוואַנטע (אין דער רשימה מנדבֿים פֿון 1872 ווערט ער דערמאָנט ווי דער רבֿ פֿון שטעטל). אָנקל פֿון ר׳ שמואל־יצחק הילמאַן, רבֿ אין בערעזינע (מינסק), גלאַזגווי און לאָנדאָן.

ר׳ אלחנן כהן, געבאָרן 1874 אין קופּישאָק, דערנאָך פֿון 1928 אבֿ״ד דווינסק. דאָרטן אומגעקומען 1941, הי״ד. איידעם פֿון ר׳ מרדכי עליאַשבערג, אבֿ״ד זעזמער און בויסק (לעטלאַנד). פֿאַרעפֿנטלעכט חידושי־תּורה אין **יַגדיל תּורה** (1911).

ר׳ דובֿ־נחמן דודמאַן [רודמאַן?], הי״ד. געשריבן אין סלאַבאָדקער **כּנסת ישׂראל** (תּרצ״ט).

לייזער לייבאָוויטש, געבאָרן 1906. פֿון 1927 אין דרום־אַפֿריקע און פֿון 1966 אין חולון (ישׂראל). געדרוקט לידער און פּראָזעזאַכן אין **אַפֿריקאַנער אידישע צײַטונג**, **דרום־אַפֿריקע** און **זײַאָניסט רעקאָרד**. געשטאָרבן 1982 אין חולון.

מ. ווײַנבערג האָט געשיקט קאָרעספּאָנדענציעס צום **המליץ**.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המגיד, 1872: 28; המליץ, 1898: 219; המליץ 1899: 111; ב. כּהנס לעקסיקאָן; „ליטע", 1, ז' 1299; יהדות ליטא, ג'; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 6403. Black Book.

# פּומפּיאַן

# PUMPĖNAI

פּאָנעוועזשער קרײַז. פֿון די עלטערע יישובֿים אין ליטע. פּומפּיאַן האָט שוין געהערט צום „ועד ליטא", גליל בירזש. אויב אַפֿילו מען זאָל אָננעמען, אַז דאָס איז ניט געשען גלײַך בײַ דער גרינדונג פֿון „ועד" (1623), מיינט דאָך דאָס אָבער, אַז יִדן האָבן געוווינט אין פּומפּיאַן אין מיטן זיבעצנטן יאָרהונדערט.

אָנהייב נײַנצנטן יאָרהונדערט איז פּומפּיאַן אויפֿגעטרייסלט געוואָרן פֿון אַ בלוט־בילבול, אַז יִדן האָבן געקוילעט אַ קליינעם שגץ. אַ סך יִדן האָט מען אַרײַנגעוואָרפֿן אין תּפֿיסה. די גויִים האָבן געסטראַשעט: אָדער גיט אַרויס דעם שולדיקן אָדער מיר וועלן אויסהרגענען אַלע יִדן פֿון שטעטל. ווען די סכּנה פֿון אַ בלוטיקן פּאָגראָם איז געוואָרן זייער גרויס, האָט דער אָרטיקער בעל־הבית ר' ישׂראל פּומפּיאַנסקי זיך פֿאַלש מודה געווען אין דערהרגענען דעם שגץ. מען האָט אים פֿאַרברענט אויפֿן הויף פֿון בית־כּנסת. אויפֿן זעלביקן אָרט האָבן יִדן שפּעטער אויפֿגעשטעלט אַ שטיינערנע מצבֿה לזכר ר' ישׂראל הקדוש.

אין 1760 זײַנען דאָ געווען 583 יִדישע קאָפּשטײַער־צאָלערס, אין 1847 — 694 יִדן, 1897 — 1007, 1923 — 372 און פֿאַרן חורבן — בײַ 300.

וועגן דעם עקאָנאָמישן מצבֿ· פֿון די יִדן אין 1860 ווערט געשריבן אין אַ קאָרעספּאָנדענץ פֿון **המליץ**, אַז אין שטעטל זײַנען געווען אַ סך קאַראַבעלניקעס, וואָס „ערבֿונם על גביהם ומקליהם בידיהם... בזעת אף ישׂתּכּר לחם חֻקו עד בואו הביתה על יום השבת".

צו דעם שׁפֿלן עקאָנאָמישן מצב איז חשוון 1861 צוגעקומען אַ גרויסע שׂריפֿה. דער בית־מדרש און די מערסטע הײַזער זײַנען אַראָפּ מיטן פֿײַער. 7 יִדן זײַנען פֿאַרברענט געוואָרן. עס האָבן אַ סך געהאָלפֿן: גראַף קאַרפּ, מאַיאָר שטיינאָווסקי, דער שטאָטריכטער און אַנדערע קריסטן.

אויסער מיט קאַראַבעלניקערײַ,

האָבן ייִדן זיך פֿאַרנומען מיט קרעמערײַ און מלאכה. אַן אַרויסהעלף איז געווען אַ בײַשטייַער ווירטשאַפֿט: אַ גאָרטן, אַ בהמה, עופֿות. אָבער די ייִדישע עקאָנאָמיק אין שטעטל איז קיין מאָל ניט דערגאַנגען צו אַ מצבֿ פֿון „מפֿרנסת את בעליה". דאָס האָט געבראַכט צו אַ שטענדיקער עמיגראַציע, באַזונדערס פֿון דער יוגנט, מערסטנס קיין דרום־אַפֿריקע.

אין אַכצנטן יאָרהונדערט און אַ צײַט שפּעטער איז אין פּומפּיאַן — ווי אין מערסטע ייִדישע שטעטלעך אַרום בירזש און פּאָנעוועזש — געווען אַ קאַראַימישער יישוב. אין אַ רשימה שטײַער־צאָלערס אין 1704 זײַנען דאָ קאַראַימערס.

צווישן 1836 און 1876 זײַנען געווען 23 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

אויף אַן אַלטן בית־עולם אין ירושלים געפֿינען זיך די מצבֿות פֿון

טובה בת ר' יוסף אשת ר' יודל מפּומפּיאַן, תּרל"ה.

הרב ר' יצחק בהרב ר' חיים הרב דפּומפּיאַן, תּרל"ז.

הרב אביגדור מאיר [גארדאן] בהרה"ג ר' יצחק אב"ד פּומפּיאַן, תּרנ"ז.

**רבנים.** — ר' יצחק־אײַזיק בר' אליעזר, אין ערשטער העלפֿט פֿון אַכצנטן יאָרהונדערט, אב"ד קראָזש, פּומפּיאַן, פֿון 1725 ראב"ד און דרשן אין ווילנע, אויפֿן אָרט פֿון זײַן שווער ר' משה הדרשן. האָט הסכמות אויף **עמודי העבודה** פֿון ר' ברוך מקאַסנר און אויף **עמודי בית יהודה** פֿון יהודא איש הורוויץ (אַמשטרדם, תּקכ"ו). ווערט דערמאָנט אין **מקום שמואל** פֿון שמואל בר' אלקנה (אַלטונאַ, תּצ"ח־1738).[1]

ר' יעקבֿ סוועגציאַנער, פֿריִער רבֿ אין ווילקאָמיר; ר' אַבֿרהם־שלמה בר' גרשום, אב"ד פּומפּיאַן, פּאָסוואָל, בירזש, אַרום מיטן אַכצנטן יאָרהונדערט. פֿאָטער פֿון ר' אַבֿרהם־אבלי פּאָסוואָלער. זײַן פֿרוי דינה, טאָכטער פֿון ר' יצחק ז"ק, אב"ד פּאָסוואָל ובירזש. האָט הסכמה אויף **שירה לדוד** לר' דוד בה"ג חיים סו"ד דק"ק בירז והגליל (הוראדנא, תּקנ"ז).

ר' יחיאל, אב"ד דפּומפּיאַן והגליל, אַרום אָנהייב אָדער מיטן אַכצנטן יאָרהונדערט, אייניקל פֿון תּוספֿות יום־טובֿ. אויפֿן פּומפּיאַנער בית־עולם זײַנען געווען די מצבֿות פֿון ר' יחיאלן און זײַן פֿרוי שׂרה.

ר' משה־אליהו, דאָ רבֿ 15 יאָר.

ר' שאול בר' דובער שאַפּיראָ, געבאָרן 1797 אין קראַקינאָווע, פֿון 1829, דערנאָך מו"צ אין פּאָנעוועזש און פֿון 1839 אב"ד דאַרטן, פֿון 1853 אין שאַדעווע, ווו ניפֿטר געוואָרן אין 1859. אין זײַן צײַט

---

1) אַזוי לויט **עיר ווילנא**, ע' 82. — אויפֿן דערמאָנטן **עמודי בית יהודה** איז דאָ אַ הסכּמה פֿון „הרבֿ המאה"ג הזקן זה שקנה חכמה אב"ד ור"מ דק"ק פּומפּיאַן ואגפי' יע"א", ניט אָנרופֿנדיק קיין נאָמען. אָבער אין **צל המעלות** [קיניגשבערג, תּקכ"ה] פֿון זעלביקן מחבר איש הורוויץ, איין יאָר פֿריִער, ווערט אָנגעגעבן דער נאָמען פֿון בעל־הסכּמה: „**אליעזר בר' יצחק** החונ' בק"ק פּומפּיאַן". מיר נעמען אָן, אַז ביידע — מסתּמא פֿאָטער און זון — זײַנען געווען רבנים אין פּומפּיאַן [און קראָזש].

זײַנען געווען חסידים און קאַראַיִמער אין פּומפּיאַן. בשעתו איז אויך געווען אַ גרויסע מחלוקת, ווײַל קהל האָט ניט געוואָלט עסן פֿון דער שחיטה פֿון צוויי שוחטים. די מחלוקת האָט זיך אײַנגעשטילט, ווען איין שוחט איז אַוועק. ר׳ שאול איז געווען אַ גוטער בעל־דרשן, האָט אויך געקענט חכמת החשבון, געאָמעטריע און אַלגעברע, און „רוחו היטיבה למשׂכּילי עירו פּומפּיאַן.״ מחבר פֿון **חמדת שאול** (אָדעססאַ, תּרס״ג). אַ ביסל חידושי־תּורה זײַנע געפֿינען זיך אין **אמרי משה** פֿון זײַן אָנקל משה־מישל לוריא און אין **תּולדות משה**, משה ראַפּאָפּאָרט (וואַרשא, תּרמ״ט). זיידע פֿון ר׳ משה־מישל שאַפּיראָ, אב״ד פּאָנעווועזש, זופּראַן, ראָגעווע.

ר׳ אַריה־לייב בר׳ ידידיה ליפּמאַן ליפּקין, געבאָרן 1840 אין זאַגער. פֿון אַרום 1865 ביז 1870, דערנאָך אב״ד קרעטינגע, ווערקשנע, ווו ניפֿטר געוואָרן אין 1902 [זע אויך ווערקשנע].

ר׳ יהונתן בר׳ מרדכי עליאַש־בערג, געבאָרן 1850 אין קאָוונע. רײַך חתונה געהאַט אין פּומפּיאַן, געווען דאָ רבֿ 1870־1877 און שׂכירות אַוועקגעגעבן פֿאַר צדקה. פֿון 1877 אב״ד מאַריאַמפּאָל, 1888 אין וואָלקאָוויסק, ווו ניפֿטר געוואָרן אין 1899. חיבורים: **דרכי הוראה** (ווילנא, תּרמ״ד), **שיבֿת ציון**. צו זײַן פֿאָטערס **תּרומת יד** (ווילנא, תּרל״ה) צוגעגעבן חידושים א״נ **קסת יהונתן**. פֿון די ערשטע רבנים חובֿבֿי־ציון.

ר׳ יצחק עליאַש ציון, אין **המליץ** פֿון 1882 ווערט ער אָנגערופֿן פּומפּיאַנער רבֿ.[2]

ר׳ חיים בר׳ יהודה־לייב־נוח כּץ, געבאָרן 1854 אין זאָסלע. פֿון 1881 רבֿ אין גודלעווע, שפּעטער אין איוויע [וועוויע?], פֿון 1889 אין פּומפּיאַן, ווו ניפֿטר געוואָרן אין 1932. זײַנע זין: ר׳ יוסף, אב״ד ווישינ־טע, גלובאָק; ר׳ שמריהו, אב״ד וויזשון; ר׳ משה־יונה, אב״ד סרעדניק; ר׳ שמואל־מנחם, אב״ד ווילאָן, פּאַלאָנגע. חיבורים: **עונג חיים, מסילות חיים, נתיבֿות חיים, ישועות חיים, אהבת חיים.**

לעצטער רבֿ ר׳ יצחק־מאיר חייט, הי״ד.

**אָפּשטאַמיקע.** — ר׳ יעקבֿ־יעקיל פּומפּיאַנער, תּלמיד פֿון ר׳ שלמה־נתן, אב״ד ווילקאָמיר, פֿון די אײַנגייערס אין הויז פֿון ווילנער גאון.

ר׳ גרשון בר׳ בנימין פּומפּיאַנער, בעל **שמירת המצוות** (ווילנא, תּקנ״ט). געלעבט אַ סך יאָרן אין נײַשטאָט.[3]

---

2) אין יודישעס **פֿאָלקס־בלאַט** (פּעטערבורג) פֿון 1882 רעדט זיך וועגן אַ פּומפּיאַנער רבֿ ר׳ איציק איטשע ציאָן. דאָס איז זיכער דער פֿאַרגרײַזטער נאָמען פֿון הרבֿ ציון. — אין איין אָרט ווערט אָנגעגעבן אַ ר׳ יצחק, פֿאָטער פון ר׳ יוסף־זונדל, אב״ד בירזש. זאָל דאָס זײַן דער זעלביקער רבֿ ציון? — מיר ווייסן ניט.

3) ראובֿן־אָשר ברוידעס, באַקאַנטער העברעיִש־יִדישער שרײַבער בשעתו, האָט אַרויסגע־געבן אַ ביכל **דאָס אומגליק** ווי דער פּומפּיאנער רבֿ האָט געוואָלט לייזן די סאָציאַלע פֿראַגע (לבֿוב, 1930). דער מחבר רופֿט עס אָן אַ מעשׂה, גיט אָן דעם נאָמען פֿון רבֿ ר׳ נחומצע, אַ געבאָרענער אין פּומפּיאַן, אַזוי ווי זײַן טאַטע. אַ רבֿ ר׳ נחומצע אין פּומפּיאַן איז ניט באַקאַנט, אָבער היסטאָרישעס איז אפֿשר יאָ פֿאַראַן אין דער מעשׂה.

משה־יהודה ראַבינאָוויץ. אויף זײַן ספֿר **מספד גדול** (וואַרשא) ווערט אָנגעגעבן „איש פומפיאַן".

ד"ר יוסף לוריא, 1871 — ירושלים, 1937. רעדאַקטער פֿון וואַרשעווער **דער יוד**, מיטרעדאַקטער פֿון פעטערבורגער **פֿרײַנד**. פֿון 1907 אין ארץ־ישראל. דעלעגאַט צו מערערע ציוניסטישע קאָנגרעסן. חיבורים: **ארץ־ישראל** (וואַרשא, תּרע"ד), **החינוך בארץ־ישראל** (ת"א, תּרפּ"א).

ר' שמריה בר' חיים כּץ, דאָ געבאָרן 1878, רבֿ אין ווידזשון.

ר' אליעזר דון יחייא, אבֿ"ד לוצין. ניפֿטר אלול תּרע"ט.

ר' אָשר־ניסן בר' ישׂראל־מאיר לעוויטאַן, געבאָרן 1879. 20 יאָר ר"מ ומו"צ אין שאַוול. פֿון 1928 רבֿ אין בראָנקס. זײַן פֿרוי איז אייניקל פֿון ר' זכריה שטערן, אבֿ"ד שאַוול. איידעם פֿון ר' יעקבֿ־דוד ראַפּאָפּאָרט, אבֿ"ד זיימל.

בנימין־יעקבֿ ביאַלאָסטאָצקי, געבאָרן 1893. פֿון 1911 אין אַמעריקע. ייִדישער פּאָעט און ליטעראַרישער עסייִסט. געשריבן לידער און עסייען אין צײַטונגען און זשורנאַלן. פֿון 1922 שטענדיקער מיטאַרבעטער פֿון **פֿאָרווערטס** (נ"י). 1927־1932 מיטרעדאַקטירט דעם ליטעראַרישן זשורנאַל **אויפֿקום**. פֿון זײַנע ביכער: **בײַם ברייטן וועג** (1920), **לידער און עסייען** (1932), **פֿון די שטאַמען** (1939), **פֿון גלות בבֿל ביז רוים** (1949), **חלום און וואָר** (1956), **ליד צו ליד** (1958), — **משלים פֿון דובנער מגיד און אַנדערע עסייען** (1962), **ייִדישער הומאָר און ייִדישע לצים** (1963) — אַלע ניו־יאָרק.

לייב גליצמאַן, געבאָרן 1904. פֿון 1922 ייִדיש־העברעיִשער לערער דאָ, לינקעווע, פּאָנעוועזש און 1938־1941 אין קאָוונע. געשריבן לידער און פּאָעמעס אין **וויספּע, קווייטן, בריקן** א"אַ ייִדישע זשורנאַלן אין ליטע, ווי אויך אין די קאָוונער צײַטונגען **אידישע שטימע, פֿאָלקסבלאַט**. אומגעקומען 1941, הי"ד — ניט באַקאַנט, צי אין פּאָנעוועזש, צי בײַם לויפֿן צו דער סאָוועטישער גרענעץ.

**קאָרעספּאָנדענטן;** — שלום ראַבינאָוויץ (**המליץ**), י.ה. סירקין (הכּרמל), געצל פֿרידמאַן, קיילע קאַהן, ליפּמאַן מאירסאָן — אין **יודישעס פֿאָלקס־בלאַט**.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המליץ, 1861: 13; שאול שאַפּיראָ, חמדת שאול. אָדעססאַ, תּרס"ג, הקדמה; ד.מ. ליפּמאַן, לתולדות היהודים בליטא־זאַמוט. קידאַן, תּרצ"ט, ע' 43; יָדַע עם, ת"א, תּשי"ב, ע' ט' קריה נאמנה, ע' 158, 212, 276; אהלי שם, ע' 149, 367; עיר ווילנא, ע' 82, 201; י.ד. קמזונס יהדות ליטא; „ליטע" 1, ז' 1205. לקורות עיר קיידאַן, ע' ח'; ספֿר סואוואַלק, ז' 169; תּולדות ישיבֿת היהודים בקורלאַנד, ע' 52; חלקת מחוקק, חוב' ג', מחברת ג', ע' כ"ט; חוב' ט', מחברת א'; לעקסיקאָן, 1, 2, 5; ב. כּהנס לעקסיקאָן, ז' 78; ספֿר הפרענומעראַנטן, 6493; יהדות ליטא, א', ג'. Black Book.

## פּון PUNIA

אַליטער קרײַז. אַן אַלט אָרט, באַקאַנט פֿון סוף פֿופֿצנטן יאָרהונדערט.

1536 האָט עס געהערט צו יאַן זאַבער־זשינסקי, פֿון 1773 צו קאָנסטאַנטין בזשאָסטאָווסקי. קייסער פּאַוול דער ערשטער האָט עס איבערגעגעבן צו גענעראַל קאָראָווסקי אויף 25 יאָר.

ייִדן האָבן דאָ געוווינט פֿון גאָר אַלטע צײַטן, אויב ניט ווי אַ קהילה, איז ווי מערערע איינצלנע מישפּחות. אַן אַנטי־סעמיטישער מחבר ברענגט צווישן זײַנע פּיל בלוט־בילבולים אויף ייִדן אויך, אַז אין 1574 האָט דער ייִד יאָאַכים סמערלאָוויץ פֿון פּון דערהרגעט אַ 7־יאָריק קריסטלעך מיידל פֿאַר פּסח. בכן, אַ ביסל ייִדן זײַנען דאָ געווען שוין אין מיטן זעכצנטן יאָר־הונדערט.

אַ ייִדישער פֿאָרשער שרײַבט, אַז דער דערמאָנטער בילבול געפֿינט זיך שוין אין אַ שריפֿט פֿון יעזויִט סקאַרגאַ (1585, Krakau) און אַז דאָס איז געשען אין פּרונאַ לעבן ווילנע. היות דער נאָמען פֿון באַשולדיקטן איז אויך ביי אים יאָאַכים און היות אַן אָרט פּרונאַ לעבן ווילנע איז ניט באַקאַנט און פּון איז ניט צו ווײַט פֿון ווילנע — קען מען אָננעמען, אַז דאָס איז פּון, וואָס ווערט דערמאָנט בײַם פֿריִער דער־מאָנטן אַנטיסעמיטישן אויטאָר.

א ייִדישער דיפּלאָמירטער אַרכי־טעקט פֿון קאָוונע, מ.י. בלאָך, האָט גע־שריבן, אַז שוין פֿאַר 1567 איז אין פּון געווען אַ ייִדישער יישובֿ.

אין דער צווייטער העלפֿט פֿון נײַנצנטן יאָרהונדערט האָט פּון געהאַט אַן אַלטן בית־מדרש און אויסגעהאַלטן אַ רבֿ

[אין 1933 האָט די ליטווישע מאַכט באַפֿוי־לן אַראָפּצוּוואַרפֿן דעם בית־מדרש, ווײַל עס איז געווען אַ הילצערנער בנין].

אין די 1880ער — און אפֿשר אויך פֿריִער — איז דאָ געווען רבֿ ר׳ יצחק בהרבֿ יו״ט ליפּמאַן הר־שושן [ראָזענבערג], מחבר פֿון **יחי המלך** (דרוש אֲשר דרשתּי בקהל עמי ועדתי ... כּאשר נתעטר ... אַלכּסנדר השלישי ...). רבֿ בעיר מְצָער פֿון (ווילנא, 1883) און **ירים משה** (דרוש ... יום מלאת 100 שנה למ. מאָנטיפֿיאָרי, (ווילנא, תּרמ״ו).

אין 1933 זײַנען דאָ געווען עטלעכע מנינים ייִדן און אַן ערך אַזוי פֿיל פֿאַרן חורבן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — אידישע שטימע, 1933: 4265;
J. Meisel, Geschichte der Juden in Polen und Russland. Berlin, 1921, S. 181; Jonas Totoraitis, Sūduvijos Suvalkijos Istorija. Kaunas, 1938, p. 365; H. Scharan, Der jüdische Ritualmord. Berlin, 1944, S. 45.

## פּושאַלאָט PUŠALOTAS

פּאָנעוועזשער קרײַז. אין 1847 האָבן דאָ געוווינט 432 ייִדן, אין 1897 — 920, פֿאַרן ערשט וועלטקריג — בײַ 500, 1923 — 243, 1935 — בײַ 180 און פֿאַרן חורבן — בײַ 100. אין 1915 האָט דאָס שטעטל דורכגעמאַכט דעם גירוש־ליטע.

ייִדן האָבן זיך באַשעפֿטיקט מיט קרעמערײַ, מלאכה און לאַנדווירטשאַפֿט. אַ סך ייִדן האָבן אויסגעוואַנדערט קיין דרום־אַפֿריקע.

קאַראַימער האָבן דאָ געוווינט שוין אין מיטן זיבעצנטן יאָרהונדערט. זיי ווערן דערמאָנט אין 1664. זיי האָבן געהערט צום קאַראַימישן קהל אין פּאָס־וואָל. זייער יישובֿ איז בטל געוואָרן אין מיטן אַכצנטן יאָרהונדערט.

**רבנים.** — ר׳ יהודה־אָשר אײַזערמאַן, געבאָרן 1832, שפּעטער רבֿ אין קרילאָוו און נאָוואָגעאָרגיעווסק (כערסאָנער גובערניע). חיבורים: **בית יהודה** (ווילנא, תּר״מ); **בית לחם יהודה** (ווילנא, תּרס״ד). **מטה יהודה.**

ר׳ משה־יונה יפֿה; זײַן איידעם ר׳ זלמן־אַהרן בר׳ דובֿ דאַט, געבאָרן 1859 אין קיידאַן. דאָ רבֿ 16 יאָר דערנאָך אין סמילג. געעפֿנט אַן אַפּטייק, ווו זײַנע זין האָבן געאַרבעט. זײַן שׂכירות אַוועקגעגעבן אויף פֿאַרשיידענע צדקה־עניינים. בעל **תּולדות אַהרן**. ניפֿטר געוואָרן אין ערשטן וועלטקריג.

ר׳ יעקבֿ קעלמעס, געבאָרן 1880 אין זאָסלע. פֿון 1904 ביז 1910, 1910־1914 רבֿ אין סאַלאָק, דערנאָך אין באָגאָראָדסק, 1926־1933 הויפּט־רבֿ אין מאָסקווע און שפּעטער מיטגליד פֿון הויפּט־ראַבינאַט פֿון ארץ־ישׂראל. ניפֿטר געוואָרן 1952 אין ירושלים.

ר׳ יוסף פּאַגראַמאַנסקי, שפּעטער אבֿ״ד שידלעווע, ווו אומגעקומען, הי״ד.

ר׳ צבֿי פֿלאַקסמאַן, לעצטער רבֿ, הי״ד.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — אנציקלופדיה של הציונות הדתית. ת״א־ירושלים, תשי״ח, ע׳ 31; ספר קיידאַן. ת״א, 1977, ע׳ 209; יהדות ליטא, ג׳; אנציקלופדיה ציונית דתית, ע׳ 502. Black Book.

# פּילווישאַק PILVIŠKIAI

ווילקאָווישקער קרײַז. ייִדן האָבן אָנגעהויבן זיך באַזעצן דאָ אַרום צווייטער העלפֿט פֿון אַכצנטן יאָרהונדערט. אין 1797 האָבן דאָ געוווינט 338 תּושבים אין 67 הײַזער — פֿון דעם קען מען לערנען, אַז די צאָל ייִדן אין שטעטל האָט ניט געקענט זײַן קיין גרויסע. אין 1865 האָבן דאָ געלעבט 976 ייִדן, 1897 — 1242, 1923 — 961 און פֿאַרן חורבן — בײַ 700.

אין 1839 און 1855 זײַנען דאָ געווען 17 פּרענומעראַנטן אויף צוויי רבנישע ספֿרים: **הלכות רבֿ אלפֿס** (ווילנא, תּקצ״ט), **פּרדס הבינה**, משה בר׳ אהרן [אַהראָנסאָן. יאָהאַניסבורג, תּרט״ו].

אין 1876 איז דאָ געשאַפֿן געוואָרן אַ גמ"ח מיט אַ קאַפּיטאַל פֿון 1500 רובל. פֿלעגט געבן 25 רובל אויף איין יאָר אויסצוצאָלן. אויך דער געשאַפֿענער „סומך נופלים" האָט געגעבן 15 רובל אויף אויסצוצאָלן אין איין יאָר.

אין אַ ליסטע עמיגראַנטן פֿון 1869/70 געפֿינען זיך די נעמען פֿון די פּילווישקער שׂרה גאָטשטיין, מ. סקעשעווסקי, ביאַלאָבלאָצקי. אַ סך נעמען פֿון פּילווישקער זײַנען דאָ אין אַ גרויסער רשימה מנדבֿים פון 1895 פֿאַר ייִדישע אָפּגעברענטע שטעטלעך.

אין 1894 האָט דאָ געטראָפֿן אַ גרויס אומגליק: רוצחים זײַנען בײַ נאַכט באַפֿאַלן אַ ייִדיש הויז און אויסגעהרגעט צוויי מישפּחות.

ייִדן האָבן זיך פֿאַרנומען מיט קרעמערײַ, מלאכה און האַנדל. עס איז אָנגעגאַנגען אַ גרויסער מיסחר מיט תּבֿואה, פֿלאַקס, לאַנדווירטשאַפֿטלעכע פּראָדוקטן און עופֿות (באַזונדערס גענדז), וואָס זײַנען געגאַנגען אויף עקספּאָרט. אין 1887 איז דאָ אויסגעבראָכן אַ גרויסע שׂריפֿה, וואָס האָט פֿאַרלאַנגזאַמט דעם עקאָנאָמישן וווקס פֿון שטעטל.

*

אין פּילווישאָק זײַנען געווען מערערע משׂכּילים שוין אין פֿריִערדיקע צײַטן. אין 1881 האָט שמואל לעווין באַדאַנקט דעם „ועד מפֿיצי השׂכּלה" אין אַדעס פֿאַר צוגעשיקטע ביכער פֿאַר דער ביבליאָטעק. אין 1883 האָבן פּילווישקער משׂכּילים געשיקט אַ דאַנקבריוו צום „ועד מרבי השׂכּלה" אין פּעטערבורג פֿאַרן שיקן צײַטונגען און ביכער.

אויך חיבת־ציון און די ציוניסטישע באַוועגונג האָבן דאָ גיך געשלאָגן וואָרצלען. סוף נײַנצנטן יאָרהונדערט זײַנען די יוגנטלעכע געווען אָרגאַניזירט אונטער „דגל ציון", „נערות ציון", „בנות ציון" — לויטן עלטער.

אין 1900 איז פֿאָרגעקומען אַ גרויסע ציוניסטישע קאָנפֿערענץ מיט 168 דעלעגאַטן. דער פֿאָרשטייער פֿון פּילווישאָק איז געווען דוד קאָפּילאָוויץ. 1902 זײַנען דאָ געווען 47 שוקלים. אין דער באַקאַנטער ציוניסטישער דרוזגעניק־קאָנפֿערענץ אין 1913 האָט פּילווישאָק זיך באַטייליקט מיט איין דעלעגאַט.

פּילווישקער געדענקען אַ מעשׂה מיט אַ רבין אַ בעל־מופֿת, וואָס ייִדן זײַנען געלאָפֿן צו אים נאָך קמיעות פֿאַר אַ סגולה. אַ ייִדן, וואָס איז געקומען בעטן אַ סגולה צו שותּפֿות, האָט ער געגעבן אַ קמיע מיט די אותיות א' ב' ג' ד', און ער האָט דאָס אַזוי דערקלערט: אַחדות, ברכה, גנבֿה, דלות. אַ צווייטן, וואָס האָט געבעטן אַ סגולה צו **פּרנסה** — 5 דַלדן און האָט עס אַזוי מפֿרש געווען (אויף ליטוויש): דיעוואַס דאַוועדאַנטיס דאָוס דואָנאָס (גאָט האָט געגעבן צײַנער וועט ער געבן ברויט).

**רבנים.** — ר' אַהרן בר' יעקבֿ־צבֿי וואָלקין, געבאָרן 1865 אין שומיאַץ. רבֿ אין גרוזד, סיאַד, אמטשיסלאַוו, פּילווי־

שאָק, פּינסק, ווו אומגעקומען 1942, הי״ד. חיבורים: **בית אַהרן** (פּיעטרקובֿ, תּרס״ה), **מצח אהרן** (פּיעטרקובֿ־פּינסק, תּרס״ח־תּרפּ״ו), **בית אהרן** (פּיעטרקובֿ, תּרע״א), **בית אהרן** (ווילנא, תּרפּ״ג), **חושן אהרן** (וואַרשא, תּרפּ״ו־תּרצ״ח), **זקן אהרן** (פּינסק, תּרצ״ב־תּרצ״ח), **סבֿיבֿ ליראיו, על ספּר יראים** (פּינסק, תּרצ״ה).

ר׳ יעקבֿ־מאיר בר׳ אַבֿרהם לעווין, 1887 שוין געווען דאָ רבֿ.

ר׳ יחיאל־יעקבֿ ווײַנבערג, געבאָרן 1885. שפּעטער געווען ר״מ אין הילדעסהיימערס בית־מדרש לרבנים אין בערלין. געדרוקט אַ ריי פֿאָרשונגען וועגן הלכה אין העברעיִשער און דײַטשישער פּרעסע. געוווינט אין מאָנטרע (שווייץ), ווו געווען ר״מ. ניפֿטר געוואָרן אין לאָזאַן (שווייץ). חיבורים: **לפּרקים, שׂרידי אש.**

ר׳ אַבֿרהם־אַבא רעזניק. אומגעקומען 1941, הי״ד. געשריבן חידושי־תּורה אין סלאַבאָדקער **כּנסת ישׂראל.**

**אָפּשטאַמיקע.** — אליעזר־דובֿ ליבערמאַן, דאָ געבאָרן 1820. געלעבט אין ווילנע, סוואַלק און פֿון 1888 אין ביאַליסטאָק. געדרוקט אַ סך שירים, מאמרים און תּנ״ך־פֿאָרשונגען אין דער העברעיִשער פּרעסע. אין בוכפֿאָרעם: **מגילת ספֿר** (יאָהאַניסבורג, תּרי״ד), **גיא חזיון** (וואַרשא, תּרמ״ט). איבערגעזעצט ש.ד. לוצאַטאָס **צדקה ומשפּט** (ווילנא, תּרכ״ז). זײַן פֿאָטער צבֿי־הירש געווען דאָ שוחט. זײַן זון, רעדאַקטער פֿון **האמת** (לאָנדאָן), ערשטע סאָציאַליסטישע צײַטשריפֿט אויף העברעיִש. געשטאָרבן 1895 אין ביאַליסטאָק.

ר׳ אַריה־לייב ביאַלאָבלאָצקי, דאָ געבאָרן 1851. רבֿ אין דערעטשין. בעל **ראש אַריה** (ווילנא, תּרנ״ב). אין ספֿר זײַנען דאָ חידושים פֿון זײַן פֿאָטער ר׳ שמואל־שרגא און ברודער ר׳ מרדכי, וואָס איז ניפֿטר געוואָרן אין פּילווישאָק צו 30 יאָר.

אהרן־דוד מאַרקסאָן, געבאָרן 1882. פֿון 1904 אין אַמעריקע. אומעטום אין העברעיִשער לערערײַ. חתונה געהאַט מיט זײַן בת־עיר חנה־אסתּר כּץ. העברעיִשער שרײַבער. עס האָט אים תּמיד געצויגן צום שטעטל. געשריבן: „עלובֿים הם הבנים האלה שגָלו מעל שלחן אבֿותיהם הגדולים והִנם מלקטים פּירורים יבֿשים תּחת שלחנות זרים.״ האָט פֿאַרעפֿנטלעכט אַרטיקלען וועגן ליטעראַטור־ענייִנים אין **התּורן, שבֿלים** און באַזונדערס אין זײַן מיטרעדאַקטירטן **מקרן זוית** (דטרויט, תּרפּ״א). האָט איבערגעזעצט מאַרק טווינס **בן המלך והעני** (ווארשה, תּרפּ״ג). נאָך זײַן טויט איז אַרויס **כּתבֿי א.ד. מרקסון** (דיטרויט, תּרצ״ח). געשטאָרבן 1932 אין דעטראָיט.

יעקבֿ קליבאנסקי, געבאָרן 1888. פֿון 1910 אין ארץ־ישׂראל. רעדאַקטער פֿון **הד החינוך** (ת״א). געשטאָרבן 1950 אין תּל־אָבֿיבֿ.

שמואל־שרגא ביאַלאָבלאָצקי, דאָ געבאָרן 1891. תּלמוד־פֿאָרשער. דעקאַן פֿון תּלמוד־אָפּטייל אין בר־אילן אוניווערסיטעט. הויפּטרעדאַקטער פֿון **הש״ס הארץ־ישׂראלי השלם.** פֿאָרשונגען: **ירושלים בהלכה, מרכּז התּורה בליטא, בעלי תּשובֿה בסיפּורי עגנון** און אַנדערע. זיך

באַטייליקט אין דער אשכּול־ענציקלאָפּעדיע מיט מערערע גרויסע פֿאַרשאַרבעטן.

הלל בבלי, געבאָרן 1893. אָריגינעלער נאָמען: ראַשגאָלין־ראַשיגאָלסקי. פֿון 1912 אין אַמעריקע. זינט 1937 פּראָפֿעסאָר פֿון דער מאָדערנער העברעיִשער ליטעראַטור אין ניו־יאָרקער ייִדיש־טעאָלאָגישן סעמינאַר. העברעיִשער פּאָעט און ליטעראַרישער עסייִסט. געדרוקט לידער און עסייען אין **הארץ, דבר, הדואר** און אַנדערע העברעיִשע שריפֿטן אין אַמעריקע און ארץ־ישראל. ביכער: **נגינות ארץ** (תּרפּ״ט), **שירים** (תּרצ״ח), **שירים לרחלה** (תּש״י), **אדרת השנים** (1955), **רוחות נפגשות**. איבערגעזעצט **אוליבר טוויסט** פֿון דיקענס און **אַנטוניוס וקליאופּטרה** פֿון שעקספּירן. רעדאַקטירט די ליטעראַרישע זשורנאַלן **נימים** (נ״י־ברלין, תּרפּ״ג) און **מסד** (תּרצ״ג, תּרצ״ו). געשטאָרבן 1961 אין ניו־יאָרק.

ר׳ קלמן פּילווישקער איז געווען ר״מ אין נײַ־זאַגערער ישיבֿה. מען האָט אים גערופֿן „פּילווישקער עילוי.״

**קאָרעספּאָנדענטן:** דובער בר״י שאלץ, צ.א. ביאַלאָבלאָצקי (1894: 240), אַבֿרהם לאָנדאָן, שמואל לעווין (שה״ל) — אלע **המליץ**; יש״ר [?] — **הצפֿירה**. קאָפּל פּענסינסקי, געשריבן תּורה־מאמרים אין סלאַבאָדקער **כּנסת ישׂראל** (תּרצ״ח, תּ״ש).

פֿון די **ניכבדים:** ר׳ צבֿי עפּשטיין, ר׳ אַריה־זאבֿ בערקמאַן, ר׳ שלמה אושפּיץ.

א.ר. מלאכי, העברעיִש־ייִדישער ליטעראַטור־פֿאָרשער, שרײַבט, אַז דאָ איז געבאָרן אָדער לאַנג געלעבט חיים־ניסן תּלם, מדקדק און חקרן. געשריבן אַ סך מאמרים אין **הזמן** (ווילנע).

אַלכּסנדר ח. לעווין שרײַבט אין זײַן **במעגלות החינוך** (יוהניסבורג, תּשי״ד) אַ סך וועגן ייִדישן לעבן אין פּילווישאָק.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המליץ, 1895: 120; הצפֿירה, 1895: 113; ש.ל. ציטראָן, דרײַ ליטעראַרישע דורות, 2. ווילנע, 1921, ז׳ 4; כּתבי א.ד. מרקסון. דיטרויט, תּרצ״ח; הדואר, נ״י, תּש״ך: ט״ו, ט״ז; בצרון, נ״י, תּשכ״א: ז׳; ספֿר זכּרון לסוקולוב, ע׳ 57; אהלי שם, ע׳ 201; א. אָשרי, חורבן ליטע; יזכּור־בוך סואוואַלק, ז׳ 210; ג. קרסל, 1, 2; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 6545; יהדות ליטא, ג׳.
Užnemunė po Prūsais, p. 190; Black Book.

# פּיקעלן PIKELIAI

מאַזשייקער קרײַז. פֿריִער געהערט צו טעלזער קרײַז. אין 1897 האָבן דאָ געוווינט 1200 ייִדן, פֿאַרן ערשטן וועלטקריג — בײַ 700, אין 1923 — 286 און פֿאַרן חורבן — בײַ 200. פּיקעלן האָט דורכגעמאַכט דעם גירוש־ליטע אין 1915. טייל צוריקגעקומענע האָבן זיך באַזעצט אין מאַזשייק.

יידן האָבן זיך פֿאַרנומען מיט קרעמערײַ, האַנדל, קאַראַבעלניקערײַ, מלאכה. בײַשטוביקע ווירטשאַפֿט פֿון טייל יידן איז געווען אַן אַרויסהעלף צו חיונה.

צווישן 1865 און 1903 זײַנען דאָ געווען 20 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

1870 איז דאָ געגרינדעט געוואָרן אַ ישיבה דורכן רבֿ ר' אַריה־לייב פֿרומקין.

אין אַ רשימה מנדבֿים פֿון 1898 פֿאַר העלפֿן בויען ארץ־ישׂראל זײַנען פֿאַראַן מערערע פּיקעלנער. מורשה: חיים דרוזין.

צו דער ציוניסטישער קרײַז־קאָנפֿערענץ אין 1903 איז דער דעלעגאַט פֿון פּיקעלן געווען ז. זאַקס.

**רבנים.** — ר' בנימין בר' יחיאל ראַבינאָוויץ, געבאָרן 1812 אין שקוד. צו 20 יאָר דאָ געוואָרן רבֿ ביז 1847, שפּעטער אין שילעל (ביז 1859), אייראַגאָלע (2 יאָר), פֿון 1861 אין ווילקאָמיר ביז זײַן פּטירה אין 1870. מען האָט אים געפֿונען טויט אין טלית־ותפֿילין אָנגעלענט אויף דער גמרא פֿון שטענדער, אײַנגעוויקלט אין אַ פּעלץ צוליב דער גרויסער קעלט בײַ נאַכט. געלאָזן אַ סך ספֿרים אין כּתבֿ־יד. איינער פֿון זיי, **משנת ר' בנימין**, איז אַרויס 41 יאָר נאָך זײַן טויט (פּאָלטאַוואַ, 1911). זײַנע שאלות־ותשובֿות געפֿינען זיך אין **עטרת יצחק** פֿון יצחק־אײַזיק, אבֿ"ד שאַוול. זײַנע זין: ר' אליהו־דוד ראַבינאָוויץ־תאומים (האדר"ת), אבֿ"ד פּאָנעוועזש און מיר: ר' צבֿי־הירש, אבֿ"ד ראַגאָלע.

ר' אַבֿרהם בר' צבֿי חריף, פֿון 1847 (לויט **המגיד**) ביז אַרום 1870, ווען ניפֿטר געוואָרן.

ר' אַריה־לייב פֿרומקין, געבאָרן 1845 אין קעלם. 1870 געשאַפֿן אַ ישיבֿה אין פּיקעלן, דאָ ר"מ און רבֿ עטלעכע יאָר. שפּעטער רבֿ אין אַלעקסאָט. מחבר פֿון אַ ריי ווערק, מערסטנס פֿון ביאָגראַפֿישן און נאַציאָנאַל־דענקערישן כאַראַקטער. זײַן וויכטיקסטער ספֿר איז **תולדות חכמי** ירושלים (ירושלים, תרפ"ח־תר"ץ, 3 חלקים). ניפֿטר געוואָרן 1916 אין פּתח־תקוה. (נאָך פּרטים אין **קעלם**)

ר' משה־שמעון בר' יחזקאל זיוויץ. געבאָרן 1858 אין ציטעוויאַן. ביז 1883, שפּעטער רבֿ אין באַלטימאָר און פּיטסבורג (פֿון 1888). חיבורים: **חקר דעת** (ירושלים, תרנ"ח־תרס"ב), **בית פגא** (תרס"ד), **פרי יחזקאל** (תרס"ח), **מטה אהרן** (תרע"ד), **המשביח** (סט. לואיס, תרע"ח־תר"פ), **משבח** (תרצ"א), **צמח השדה** (תרצ"ה). ניפֿטר 1939 אין פּיטסבורג.[1]

ר' יעקבֿ בר' דוד ווילענציק, געבאָרן 1851. 1883 איז ער שוין געווען דאָ רבֿ און 1892 נאָך געווען דאָ רבֿ. איידעם פֿון ר' חיים נאַטאַנזאָן. חיבורים: **הגדה** (ווילנא, 1870), **דלתי תשובה** (ווילנא, תר"ן־תרנ"ה). א"נ **דבֿרי נועם** זײַנען דאָ

1) אונטערן פּסעוודאָנים מ.י. סעקשאַח־משבי"ח אַרויסגעגעבן אַ בוך שירים **היומי** (פּיטסבורג, תרמ"ח) — „כּל השירים שנכתּבֿו על כּל יום ויום." שפּעטער וואָלט דער מחבר זיכער ניט געדרוקט אַזעלכע שירים.

זײַנע דבֿרי־דרוש אין אַבֿרהם חלפֿנס **אמרי שפר** (אָדעססאַ, תּרנ״ו).

ר׳ חיים בר׳ אַבֿרהם נאַטאַנזאָן, געבאָרן 1838 אין נאַווהראַדאָק. שפּעטער רבֿ אין זשידיק, וווּ ניפֿטר געוואָרן 1904. חיבורים: **שׂפֿתי חן** (ווילנא, תּר״ס), **דבֿרי חן** (פּיעטרקובֿ, תּרס״ד).

ר׳ יוסף בן־ציון פֿרידמאַן בר׳ משה יפֿה, געבאָרן 1857 אין נײַשטאָט־טאַווריק. פֿון נאָכן ערשטן וועלטקריג ביז זײַן פּטירה אין 1929. פֿריִער ר״מ אין סלאָבאָדקער ישיבֿה אין נעוויאַזשער ישיבֿה פֿון קאָוונע און אין אייראַגאָלע.

ר׳[2] חיים־זלמן קראָן, 1898 געבאָרן אין ריטעווע. פֿון אָנהייב 1930ער, שפּעטער אבֿ״ד פּאָקראָי, וווּ אומגעקומען 1941, הי״ד. 1925 אַ קורצע צײַט רעפֿערענט פֿאַר יִידישע עניינים אין ליט־ווישן אינערן־מיניסטעריום. געשריבן מאמרים אין **דער אידישער לעבן** (קאָוונע), **הנאמן** (טעלז־קאָוונע).

ר׳ זאבֿ־וואָלף בר׳ יצחק־אײַזיק אַבֿרך, געבאָרן 1845 אין ריטעווע, איז דאָ געוועזן מו״צ אין 1873, אין דער צײַט פֿון

ר׳ אַבֿרהם חריף. 1875 ר״מ אין סיאַד און פֿון 1885 אבֿ״ד מאַזשייק, וווּ ניפֿטר געוואָרן י״ג חשוון, 1922. בעל **רבֿיד הזהבֿ** (וואַרשא, תּרנ״ח). האָט הסכּמה אויף זעליג־יוסף שנײַדערס איבערזעצונג פֿון **תּהלים** (ווילנא, 1908).

ר׳ שלמה הורוויץ איז דאָ געווען מו״צ סוף 1870ער. 1886 — רבֿ אין באַלטימאָר, 1888 — אין פּיטסבורג. מחבר פֿון **חקר דעת, מטה אהרן, פּרי יחזקאל.**

1886 איז געווען קאַזיאָנער ראַבינער ר׳ יוסף גרשון־מענדל זיוו.

ר׳ יוסף אַלטשולער, געבאָרן 1839, איז צו צען יאָר אַראָפּגעקומען קיין פּיקעלן צו זײַן מאַמעס אַ קרובֿ. דאָ האָט ער געזונגען בײַם באַרימטן חזן ר׳ שלמה דער קלוגער, וואָס אַ קורצע צײַט דאָ געווען חזן. שפּעטער אַוועק קיין באַר־דיטשעוו און געווען משורר אין כאָר פֿון באַקאַנטן חזן ירוחם הקטן. דערנאָך געווען חזן אין זאַגער און 18 יאָר אין סלאָנים. דעריבער רופֿט מען אים יאָשע סלאָנימער. געווען בקי אין ש״ס און פּוסקים.

חזן איז דאָ געווען אויך ר׳ יעקבֿ־יהודה פּרעס, שפּעטער חזן אין פֿילאַדעלפֿיע, באַלטימאָר, ניו־יאָרק.

מנחם־מענדל יהודה־לייב, **משיבֿ נפֿש** (ווילנא, תּרס״ו); ח.פּ. עפּשטיין, **תּשובֿה שלמה** (פּיעטרקוב, תּרע״ד); י. לעווין, **שׁרש יִשַי** (ווילנא, תּרפּ״ח) — די אַלע האָבן אַ שײַכות מיט פּיקעלן.

**אָפּשטאַמיקע.** — ר׳ אליהו־דוד ראַבינאָוויץ־תּאומים (האדר״ת) איז דאָ געבאָרן אין 1845. פֿון 1873 אבֿ״ד פּאָנע־

2) אין **יהדות ליטא**, ג׳, ע׳ 340 ווערן געגעבן צווישן הרבֿ נאַטאַנזאָן און הרבֿ קראָן די ווײַטערדיקע רבנים: ר׳ בן־ציון מלמד, ר׳ דובֿ מלמד, ר׳ טאָדרעס לאָקשין, ר׳ ישׂראל מאָסינזאָן, ר׳ ישראל פֿאַרבער, הי״ד. היות דאָרטן פֿעלן די מקורות וועגן די דאָזיקע 5 רבנים, קענען מיר נאָר משער זיין: ר׳ בן־ציון מלמד, וואָס איז **ניפֿטר** געוואָרן אין 1929, האָט געקענט זײַן רבֿ נאָר **פֿאַר** ר׳ בן־ציון פרידמאַן, דאָס זעלביקע אויך ר׳ דובֿ מלמד. די רבנים לאָקשין, מאָסינזאָן האָבן געקענט זײַן נאָר **נאָך** הרבֿ פרידמאן (ניפֿטר 1929), פֿון 1930 ביז 1941, און הרבֿ פֿאַרבער, ווי דער אומגעקומענער, דער **לעצטער** רבֿ.

וועזש, 1893 אין מיר, פֿון 1901 אין ירושלים, ווו ניפֿטר געוואָרן אין 1905. געשריבן מאמרי־תורה אין **התּבֿונה, הלבֿנון, המגיד, הצופֿה, כּנסת חכמי ישׂראל, עיטור סופֿרים** א״אַ. חיבורים: **זכר למקדש** (וואַרשע, תּרמ״ט), **אחרית השנים** (וואַר־שע, תּרנ״ג), **שתּי תּשובֿות** (ירושלים, תּרס״ב), **תּשובֿה מִיראה** (ירושלים תּרס״ו). שווער פון ר׳ אַבֿרהם־יצחק קוק, הרבֿ הראשי פֿון ארץ־ישׂראל.

אבא־יצחק קרים, דאָ געבאָרן אין 1890. פֿון 1906 אין אַמעריקע. אַ לענגערע צײַט געלעבט אין נואַרק. האָט ד״ר־טיטל אין פֿילאָסאָפֿיע. פֿאָרשער, איבערזעצער. פֿאַרעפֿנטלעכט פֿון צײַט צו צײַט איבער־זעצונגען פֿון יהודה שטיינבערג, אַנדערסען, מולטאַטולי, ווי אויך אַרטיקלען, לידער און דערציילונגען אין די אַמעריקאַנער **וואָרהייט, פֿרײַע אַרבייטער שטימע, אידישער קעמפֿער** א״אַ. געדרוקט אַ סעריע אַרטיקלען **דאָס יודענטום אַלס וועלט רעליגיאָן** און די **פֿאָטערס פֿון יודענטום** (אין **אידישע שטימע** און **אַמעריקאַנער**, נ״י). אין **אַמעריקאַנער** האָט ער איבערגעזעצט אַבֿרהם מאַפּוס **אהבת ציון.** האָט איבערגעזעצט פֿילאָס **דאָס בוך פֿון וועלטשעפֿפֿונג** און דזשאַן מילטאָנס **דער פֿערלאָרענער גן־עדן.** געשריבן אַ סך אין ענגליש, בעיקר אויף טעמעס פֿון חכמת־ישׂראל. אויטאָר פֿון **הפֿילוסופֿיה של ימי הבינים** (נואַרק, 1925). געשטאָרבן 1962 אין נואַרק.

לוי בערמאַן, געבאָרן 1895. פֿון 1911 אין ווילנע און זינט 1915 אין אַמע־ריקע. געדרוקט לידער אין די אַמעריקאַנער **שריפֿטן, צוקונפֿט, פֿרײַע אַרבעטער שטימע** א״אַ. אויטאָר פֿון דער פּאָעמע **די ערשטע מגילה צו דער גולה** (ווילנע, 1913).

זעליק זאַקס האָט געשיקט קאָרעספּאָנדענציעס צום **המליץ.**

פֿון די ניכבדי העיר: ברוך־נתנאל נײַווידל, י.י. ברודא, שרגא ברודא, יחזקאל ריין — אַלע אין די 1870ער יאָרן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המגיד, 1877: 17; המליץ, 1898; 208; י.ל. חדקל, ספֿר החזנים. בוענאָס־אײַרעס, 1957, ז׳ 100; קַמזונס יהדות ליטא. ירושלים, תּשי״ט; אהלי שם, 116, 155, 312; א. אפֿרתי, דור ודורשיו; ספֿר הפרענומעראַנטן, 6585; תולדות ישיבֿת היהודים בקורלאַנד, 53, 155, 286; לעקסיקאָן, 1, 8; תּולדות אנשי שם (ראַנד), ע׳ 48; יהדות ליטא, ג׳; ד. תּדהר, אנציקלופדיה לחלוצי הישובֿ ובוניו, ע׳ 60
Jewish Encyclopedia, X., p. 268, 303; Black Book

## פלאָטל PLATELIAI

קרעטינגער קרײַז. אין 1897 האָבן דאָ געוווינט 170 ייִדן, פֿאַרן ערשטן וועלטקריג — 120, 1923 — 150 און פֿאַרן חורבן — בײַ 100. 1915 האָט פלאָטל דורכגעמאַכט דעם גירוש־ליטע. איידער פלאָטל איז אויסגעוואַקסן צו אַ קליינער קהילה, האָט עס געניצט דעם בית־עולם אין פלונגיאַן.

די יִידישע עקאָנאָמיק איז געווען אַ געשלאָגענע. זי האָט זיך באַזירט אויף קליינהאַנדל, קאַראַבעלניקערײַ און פֿישערײַ. אַן אַרויסהעלף איז געווען אַ בײַשטוביקע ווירטשאַפֿט (גאָרטן, געפֿליגל, בהמה) בײַ די מערסטע יִידן פֿון שטעטל.

*

אין 1898 איז דאָ געווען איין פֿרענומעראַנט אויפֿן ספֿר **מוסדי ישעיה** פֿון ישעיה־זעליג האַלפּערין (ווילנא, תּרנ״ח).

אין אַ רשימה אַגודהניקעס פֿאַרן ערשטן וועלטקריג געפֿינען זיך די פֿלאָט־לער: אָשר מײַזל, רבֿקה כּהן, שלמה ראָס־טאָווסקי, צבֿי יאָסעלאָוויטש, יוסף קאַרפּעל, זאבֿ זוסמאַן, און פֿון 1913: הרבֿ ר׳ משה־זאבֿ כּהן, משה יאָסעלעוויץ, יחיאל ראָבינזאָן, לייב שאַפּיראָ, לייב קאָברע [?], יוסף מינסטער, אַלטער מײַזל, אליעזר גוז, שלמה אַבראַמאָוויץ.

**רבנים.** — ר׳ אַהרן יאַמי, שפּעטער מו״צ אין ראַסיין, ווו ניפֿטר גע־וואָרן אין 1855.

ר׳ שלמה בר׳ אליעזר **שקאָלניק**, געבאָרן 1838. פֿון אַרום 1865. אין 1898 נאָך געווען דאָ רבֿ. אין יענעם יאָר איז ער דער איינציקער פֿלאָטלער פֿרענומעראַנט אויף **מוסדי ישעיה**. מחבר פֿון **תּשובֿה שלמה**.

ר׳ שלמה בר׳ זאבֿ־וואָלף לער־מאַן. זײַן פֿאָטער אב״ד ערזווילק.

ר׳ משה־זאבֿ בר׳ שאול כּהן, געבאָרן 1886 אין קורשאַן. 1913 נאָך גע־ווען דאָ רבֿ. שפּעטער רבֿ אין אַבעל, ברעס־לוי, ליווינהאָף (קורלאַנד), שיקאַגאָ (פֿון 1924). איידעם פֿון הרבֿ שלמה שקאָלניק. ר׳ משהס חידושי־תּורה זײַנען דאָ אין **שערי תּורה, המודיע**.

א. זאַלאַנץ, לעצטער רבֿ, הי״ד.

ר׳ משה יאָסעלעוויטש, מורה־הוראה. דאָ געבאָרן 1848. ניט געוואָלט אָננעמען קיין רבנות. ניפֿטר 1924.

**אָפּשטאַמיקע.** — אַבא־הלל שקאָלניק, געבאָרן 1880. פֿון 1912 אין שיקאַגאָ. געשריבן לידער און דערציילונ־גען, אָבער שפּעטער זיך קאָנצענטרירט אויף אַפֿאָריזמען. זינט 1910 פֿאַרעפֿנ־טלעכט פֿאַרעפֿנטלעכט אין די וואַרשעווער **מאָמענט, הײַנט**, שפּעטער אין די אַמעריקאַנער **דער גרויסער קונדס, דער קיבעצער, אידישער קוריער, קענעדער אָדלער** א״אַ. אויטאָר פֿון **אַפֿאָריזמען** (ת״א, 1974). געשטאָרבן 1969 אין שיקאַגאָ. זון פֿון פֿלאָטלער רבֿ ר׳ שלמה.

חנה־לאה כווידאַנסקי, געבאָרן 1902. פֿון 1925 אין אַמעריקע. געשריבן לידער אין רעליגיעזן גײַסט. מחברטע פֿון **געדיכטע אונד אַפֿאָריזמען** (פּאָנעוועזש, 1922).

מרדכי פּרעש, אַ הי־געבאָרענער, אויטאָר פֿון **מי הוא ישוע הנוצרי?** (טבֿריה, תּש״ה).

**ביבליאָגראַפֿיע.** — הדרך, פ״פ א״מ, תּרע״ג; דער אידישער לעבן, 1924: 194; לקורות עיר ראַסיין ורבניה, ע׳ י״א, כ״ד; אהלי שם, ע׳ 155, 366, 368; לעקסיקאָן, 4, 8; יהדות ליטא, ג׳; ספֿר הפּרענומע־ראַנטן, 6607. Black Book.

# פלונגיאַן PLUNGĖ

טעלזער קרײַז. פֿון די אַלטע יישובֿים אין ליטע. אַנטלאָפֿענע פֿון די גרויסע פּאָגראָמען אין ת״ח ות״ט (1648־1649) האָבן זיך דערשלאָגן ביז פלונגיאַן — אַ סימן, אַז אין שטעטל איז שוין געווען אַ קליינע יידישע קהילה. פלונגיאַן האָט געהערט צום קיידאַנער גליל אין צײַט פֿון „ועד ליטע״, ד״ה אַרום מיטן זיבעצעטן יאָרהונדערט. די מישפּחה רעסט האָט געהאַט דאָקומענטן פֿון וווינען אין פלונגיאַן מיט 350 יאָר צוריק. בײַם ברור־קירן נײַע געסלעך אין 1937 האָט מען זיך אָנגעשטויסן אויף זייער אַן אַלטן בית־עולם. צווישן די יידישע קהילות אין ליטע פֿאַר 1689 איז געווען אויך פלונגיאַן.

אין 1847 האָבן געלעבט אין פלונגיאַן 2197 יידן, אין 1897 — 2502 (אויף 4498 תּושבֿים), 1923 — 1815 (46 יידן בײַם ראַנד שטאָט זײַנען ניט צוגערעכנט געוואָרן אין דער אָפֿיציעלער סטאַטיסטיק), 1934 — אַרום 2000 און פֿאַרן חורבן — בײַ 1700.

פלונגיאַן איז איינע פֿון די 19 יידישע קהילות, וואָס האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו ענטפֿערן אויף דעם רעגירונג־באַפֿעל פון 1843, אַז אַלע יידן, וואָס וווינען וויניקער ווי 50 ווי‌אָרסט פֿון דער מערבֿ־גרענעץ, מוזן זיך אַריבערקלײַבן אין פֿאַר זיי באַשטימטע גובערניעס טיפֿער אין רוסלאַנד.

אין 1814 איז אויסגעבראָכן אַ גרויסע כאָלערע־עפּידעמיע אין פלונגיאַן און אומגעגנט.

אַרום די 1830ער יאָרן איז געמאַכט געוואָרן אַ בילבול אויף ר׳ נתן פלונגיאַן „אַשר נִמסר למלכות מאת מעלילי עלילות בִרשע״. ר׳ נתן איז געווען „אוהבֿו הגדול״ פֿון בשעתו באַקאַנטן העברעיִשן שרײַבער מרדכי־אַהרן גינצבורג, וואָס דערציילט וועגן דעם.

אין 1861 האָט גראַף פּלאַטאָן אַלעקסאַנדראָוויטש זובאָוו מיט אַ גאַנצער סוויטע באַזוכט דעם בית־מדרש, וואָס זײַן אָנקל האָט געהאָלפֿן בויען. עס איז געווען אַ גאַנצע שימחה. מען האָט אָנגעצונדן 700 ליכט, ווי עס באַטרעפֿן די העברעיִשע אותיות פֿון זײַן נאָמען. הרב דמתא ר׳ יחיאל העליר האָט געהאַלטן אַ רעדע אין רוסיש.

אין 1869/72, די יאָרן פֿון גרויסן הונגער אין טיילן פֿון ליטע, האָט פלונגיאַן געשיקט געלט פֿאַר יידישע נשׂרפֿים דורכן הילף־קאָמיטעט אין מעמל. אין אַ רשימה פֿון פלונגיאנער מנדבֿים אין 1872 ווערן אויסגערעכנט זייערע נעמען. די קלײַבערס: יעקבֿ מרגלית, יוסף סול [שור?].

אין אַ שׂריפֿה פֿון 1888 האָבן 48 יידישע פֿאַמיליעס פֿאַרלאָרן זייערע הײַזער. די שרעקלעכסטע שׂריפֿה איז געווען אין 1894. עס זײַנען אַראָפּ מיטן פֿײַער 323 יידישע און 60 קריסטלעכע

היַיזער, עס האָט אָפּגעברענט דער בית־כּנסת, פֿון די שענסטע אין ליטע, געבויט מיט 80 יאָר צוריק און געקאָסט 5000 רובל. עס איז אויך פֿאַרברענט געוואָרן דער בית־מדרש, וואָס איז געבויט געוואָרן דורך ר׳ יחיאל העליר. אין בית־מדרש איז געווען אַ ישיבֿה מיט הונדערט בחורים, אַ תּלמוד־תּורה און דרײַ קלויזן. סײַ נאָך דער ערשטער, סײַ נאָך דער צווייטער שׂריפֿה האָט אַ סך געהאָלפֿן פּירשט אָגינסקי: געגעבן פּלאַץ פֿאַר הונדערטער נשׂרפֿים אין זײַנע הויפֿן און אויך באַזאָרגט זיי מיט שפּײַז; אויפֿגעבויט 36 מויערנע קראָמען פֿאַר ייִדישע קרעמערס, אויסצוצאָלן אויף 12 אָדער 24 יאָר, אַ מרחץ און אַ גרויסע שול פֿאַר 4000 רובל.

אין 1888 איז געשאַפֿן געוואָרן אַ „חבֿרת מלמדי אומנות״ צו לערנען אָרעמע ייִדישע קינדער מלאכות: שנײַדערײַ, שוסטערײַ א״אַ — פֿון די געציילטע ייִדישע שטעט אין ליטע מיט אַזאַ חבֿרה.

אין 1895 זײַנען געווען אַרום פּלונגיאַן דערפֿער, ווו עס האָבן געוווינט ייִדן. עטלעכע ייִדן זײַנען יענעם יאָר געהרגעט געוואָרן דורך קריסטן. אַ סך ייִדן זײַנען דעמאָלט צעלאָפֿן פֿון זייערע דערפֿער.

1901 איז דאָ אָרגאַניזירט געוואָרן אַ „ועד לתמיכת עניים״, כּדי אויסמײַדן, אַז אָרעמעלײַט זאָלן גיין קלײַבן איבער די הײַזער. אין זעלביקן יאָר האָט מען געקויפֿט אַ הויז פֿאַר דער תּלמוד־תּורה.

ייִדישע פּרנסות זײַנען געווען: מיסחר, קרעמערײַ, מלאכה. טייל ייִדן האָבן קולטיווירט אַ בײַשטוביקע ווירטשאַפֿט: אַ גאָרטן, געפֿליגל, אַ בהמה. עטלעכע צענדליק ייִדישע מישפּחות האָבן געצויגן חיונה פֿון לאַנדווירטשאַפֿט.

*

מיטן אויפֿקום פֿון חיבת־ציון און ציוניזם האָט אין פּלונגיאַן זיך אַנטוויקלט אַן אַקטיווע טעטיקייט פֿאַר ארץ־ישׂראל. אין אַ ריי רשימות מנדבֿים פֿאַר העלפֿן בויען ארץ־ישׂראל זײַנען דאָ פּלונגיאַנער: המליץ, 1898, 1899, 1903. די מורשים: מאיר און משה־יצחק פֿליישער. אין **רשימת החבֿרים לתמיכת חבֿרת בני ישׂראל עובדי אדמה בסוריא ובארץ־ישׂראל פֿאַר** 1896 געפֿינען זיך די נעמען: אַבֿרהם לענטין, הירש קאַצין, אַהרן־פֿײַוול ראַבינאָוויץ. אין **חשבון הנדבֿות** פֿון 1909 זײַנען דאָ די נעמען: פֿייגעלזאָן, דאַנישעווסקי, מאיר פֿליישער.

מיט ארץ־ישׂראל איז פּלונגיאַן פֿאַרבונדן צענדליקער יאָרן **פֿאַרן** אויפֿקום פֿון ציוניזם. אויף אַן אַלטן בית־עולם פֿון ירושלים געפֿינען זיך די מצבֿות פֿון:

ר׳ פּנחס מפּלונגיאַן, תּרכ״ב.

בתיה בר׳ ידידיה מפּלונגיאַן, תרכ״ח.

יוסף בר׳ עזריאל מפּלונגיאַן, תּר״ל.

זאב בר׳ מאיר מפּלונגיאַן, תּרל״ח.

שׂרה בת הר׳ זאב מפּלונגיאַן, תּרמ״ב.

גאָלדע אשת ר׳ זאב, תּרמ״ט.

די השפּעה פֿון דער „אגודה״ איז

געוועזן גאַנץ קענטיק אין שטעטל, ווי ס׳איז צו זען פֿון דער וויַיטערדיקער רשימה נעמען אין דעם „אגודה״־אָרגאַן **הדרך** אין פֿראַנקפֿורט:

הרבֿ ר׳ שמואל אַביגדור פֿיַיוול־זאָן, הרב ר׳ יוסף שאַכנאָוויץ, **בן־ציון** שאַפּיראָ, צבי יפֿת, אהרן־דוד לוריא, אליעזר האָץ, בן־ציון בערמאַן, שו״ב, חיים אַבראַמאָוויץ, ברוך שפּיץ, זלמן שלאווין, יהושע לייבאָוויץ, ישראל־אליהו איזראַע־לעוויץ, יצחק זוסמאַנאָוויץ, מרדכי עפּיל.

דוד שערעשעווסקי, ירוחם לעווינסקי, יעקבֿ פּאַצון, ידידיה גאָרנזינסקי, אליעזר גאַרב, שלמה גאַרזאַנסקי, יצחק־יוסף זאַק, בן־ציון אַלקאַנאָוויץ, איַיזיק קרעסזאַל, יעקבֿ מעץ, בנימין קלאָץ, זאבֿ געץ, שאול קריגער, יצחק סגל, משה־זעליק פֿיַין, יהושע דימאַנט, ח.ג. זינגער.

יצחק גבור, דובֿ ווערזאַנער, יצחק אָדעס, מאיר ליכטענשטיין, אליעזר ראָסטאָווסקי, מרדכי ליטווין, משה־לייב קרוסקאָל, הלל לוריא, משה פּאָזין [פּאַצון?], יצחק־לייב שער, בנימין ריטאָוו, שרגא האָוושא, יחזקאל שטוצין.

אַבֿרהם ליבערמאַן, עזריאל שער, יהושע־מרדכי מעץ, יוסף יפֿה, צבי ליפּמאַן, שמעון גמזו, זלמן שער, זאבֿ ברודא, שרגא קלאָץ, יואל שער, צבֿי רובינשטיין, זלמן אָרליאַנסקי.

**רבנים.** — ר׳ יעקבֿ בן צבֿי, אַרום 1700־1705. אַ תּושבֿ פֿון גראָדנע. האָט הסכּמה אויף אַ ספֿר פֿון ייִנגערן ברודער **אהלי יהודה** (יעסניץ).

ר׳ דובֿ־בער ליפּקין, אין ערשטער העלפֿט פֿון אַכצנטן יאָרהונדערט. שטאַמפֿאָטער פֿון ר׳ אליהו ראַגאָלעס מישפּחה. ווערט דערמאָנט אין **כּנסת יחזקאל** (שאלה ז׳. די תּשובֿה איז פֿון תּצ״ב, (1732). ר׳ דובֿ־בערס אייניקל ר׳ ישׂראל איז זיידע פֿון ר׳ זאבֿ־וואָלף ליפּקין, אב״ד טעלז.

ר׳ יהודה־לייב בר׳ עזריאל זיוו, פֿריִער אב״ד קראָזש, טעלז. ווען ס׳איז אַרויס דער רעגירונג־באַפֿעל פֿון 1809, אַז אַלע ייִדן מוזן האָבן פֿאַמיליע־נעמען, האָט ר׳ יהודה לייב אָנגענומען **דעם נאָמען** זיוו. האָט הסכּמה פֿון 1790 אויף **חובֿת הלבֿבֿות**, עם פּירוש **נאדר בקודש**, פֿון משה בר׳ ראובֿן ספֿרא ודיינא דק״ק יורבורג (הוראדנא, 1791). איינער פֿון די מסכּימים אויפֿן ש״ס ווילנא (תּקצ״ה) איז יהודה־ליב הישיש, אב״ד פּלונגיאַן — געוויס ר׳ יהודה־לייב זיוו. זיַין פֿאָטער, איינער פֿון די ערשטע רבנים אין קאָוונע, וואָס האָט געמעגט אָנגערופֿן ווערן „אב״ד״.

ר׳ משה צייטלין, געבאָרן 1812 אין שקלאָוו. רבֿ אין ראַסיין, שפּעטער איין יאָר אין פּלונגיאַן. ניפֿטר געוואָרן 1857.

ר׳ יחיאל העלער, געבאָרן 1814 אין קוידענעוו. 1858־1861 אין פּלונגיאַן, ווו ניפֿטר געוואָרן י״א כּסלו, תּרכ״ב. פֿריִער רבֿ אין הלוסק (1836־1843), דערנאָך אין וואָלקאָוויסק און סוואלק (פֿון סוף 1853). אין **בית־יצחק** פֿון יצחק דאַנציג איז דאָ אַ הספּד איבער אים. חיבורים: **שני פּרקים** (רוסיש און דיַיטש,

1852); **עמודי אור** (קעניגסבערג, תּרט״ז), **קינה לדוד** (דאָרטן, תּרט״ז), **אור ישרים** (דאָרטן, תּרי״ז, פּירוש אויף **הגדה**), **עוטה אור** (ממל, תּרכ״א. אויף **שיר־השירים**, מיטן טעקסט).

ר׳ משה־יצחק בר׳ משולם־זלמן הלוי סג״ל, געבאָרן 1812 אין ראַסיין. מען האָט אים גערופֿן: משה־איצל פּאָנעווע־זשער, פון די 1861ער. פֿריִער רבֿ אין סאָסמאָקין, ווינדאו, גאָלדינגען־קורלאַנד, שוועקשנע, קרעטינגע, טאַווריק, ליבאַווע — שפּעטער פּאָנעוועזש, פּאַלאָנגע, אויגוס־טאַווע. צוליב זײַן שאַרפֿן קאַמף קעגן די תּקיפֿים אין שטאָט, פֿלעגט ער מוזן בײַטן אָפֿט זײַנע רבנות־שטעלעס. זײַן שׂכירות פֿלעגט אויך געשניטן ווערן, און ער איז געווען געצוווּנגען צוצוהאַנדלען, אַפֿילו מיט פֿערד. דעמאָלט פֿלעגט ער אויסטאָן זײַן רבנישע קאַפּאָטע און פֿאָרן אויף די מערק. דאָס האָט אַרויסגערופֿן פּראָטעסטן פֿון רבנים. אויף דעם פֿלעגט ער ענטפערן: „בעסער איך זאָל באַגראָבן די רבנות איידער איך זאָל באַגראָבן ווערן דורך איר, ווי חז״ל זאָגן: „אוי לרבנות המקברת את בעליה״. ניפֿטר געוואָרן אין 1870. האָט הסכּמה אויף **תּורת העוֹלה** להרמ״א מאת ישׂראל ׳יפֿה (קעניגסבערג, תּרי״ד) און **חידושים** אויף **ברכות** (ש״ס שטעטין, תּרכ״ג).

ר׳ גרשון־מענדל בר׳ יהודה־לייב זיוו, דערנאָך אין טאַווריק, וווּ **ניפֿטר** געוואָרן אין 1902 [?]. גערופֿן געוואָרן: ר׳ מענדל טאַווריקער.

ר׳ הלל־אַריה־לייב ליבשיץ, געבאָרן 1844 אין שאַוולאַן. פֿריִער רבֿ אין פּאָפּעליאַן, דערנאָך יאָרן אין פּלונגיאַן ביז 1876 (1874 געווען „אויסגעכאַפּט״ פֿון סייני אויף אַ פּאָר וואָכן). פֿון 1876 אבֿ״ד סוּוואַלק און פֿון 1893 אין לובלין, וווּ ניפֿטר געוואָרן אין 1907. בעת זײַן סוּוואַל־קער רבנות האָט ער געהאַט אַ שטיקל איבעררייד מיטן חפֿץ־חיים. אין די 1880ער יאָרן איז דער גאון געקומען קיין סוּוואַלק, וווּ ער האָט געהאַלטן אַ פֿײַערדיקע דרשה, אַז עס ליגט אַ גרויסע אַחריות אויף די בעלי־בתּים, אַז די ייִדישע סאָלדאַטן אין אָרטיקן גאַרניזאָן זאָל ניט אויסקומען צו עסן טרפֿות.

ר׳ הלל האָט אים דערנאָך געפֿרעגט, הלמאַי ער האָט אַזוי שאַרף גערעדט. דערויף האָט דער חפֿץ־חיים גע־ענטפֿערט: אַן אָבֿל טאָר ניט אַרבעטן, אָבער אויב ער האָט ניט וואָס צו עסן, מעג ער אַרבעטן. די חכמים אָבער האָבן געזאָגט: „תּבֿא מאֵרה לשכניו שהביאוהו לידי כּך״ (זאָל קומען אַ קללה אויף זײַנע שכנים, וואָס האָבן גורם געווען דערצו). מחבר פֿון **בית הלל** (וואַרשא, 1887). אין זײַן פֿאָטער ר׳ דובער־זאבֿס **מעין חיים** איז דאָ זײַנס אַ דרוש. אין זײַן זון ר׳ יחזקאלס **המדרש והמעשה** זײַנען דאָ זײַנע הערות. זײַנס א **הדרן** אויף **משניות** איז געבראַכט אין **חדושי יחיאל** פֿון זײַן ברודער ר׳ יחיאל־אידל (ווילנא, תּרצ״ב). מערערע דרושים זײַנע ווערן געבראַכט אין **פרח לבנון** (ורשה, תּרפ״ח), אַרויסגעגעבן דורך

אליעזר־ליפּא ווייַסבלום. עטלעכע שאלות־ותשובֿות זייַנען געפֿינען זיך אין **שערי תּורה** פֿון מרדכי עפּשטיין (ווילנא, תּר״ע) און זייַנע חידושי־תּורה אין **קהלת משה** פֿון יצחק בר׳ ניסן [רייטבאָרד]. (ווילנא, תר״ס, ע׳ 56, 148).

זייַנע זין: ר׳ יעקבֿ, רבֿ אין סאַלטין (קורלאַנד); ר׳ יחזקאל, אבֿ״ד יורבורג, בויסק, פּלאָצק, קאַליש. האָט הסכמות אויף: **בית אליקום**, אליקום געציל מאיר (וואַרשע, תּרמ״ו); **ידות נדרים**, יהודה ראָזענבערג (וואַרשע, תּרמ״ח); **שירי מוסר השׂכּל לרב האי גאון**, משה יחזקאל פּאָגעל (וואַרשע, תּרנ״ה); **קרן יהושע**, ב׳, יהושע עפּשטיין (פּיעטרקובֿ, תּרס״ו).

ר׳ הלל איז ניט געווען ווייַט פֿון מילי דעלמא. האָט איבערגעזעצט פֿון דייַטש אויף העברעיִש די היסטאָרישע דערציילונג **זיס אָפּפּנהיים** פֿון ד״ר מ. לעהמאַן (מאַינץ, תּרל״ג) און אַנדערע דערציילונגען. אויף די איבערזעצונגען האָט ער זיך געחתמעט „האל״ה [הלל אריה ליב?] מפּלונגיאַן.״

ר׳ זבֿולון־לייב ברי״ט [בר׳ יום טובֿ] ליפּמאַן.[1] 1888 שוין געווען דאָ רבֿ און 1894 נאָך געווען דאָ. פֿריִער רבֿ אין דאַרשונישאָק, גודלעווע, פּיליפּאָווע (סו־וואַלקער געגנט) קראָזש. זייַנע חידושי־תּורה. געפֿינען זיך אין **הלבֿנון**, **הפּסגה**, **הפּלס**, **יַגדיל תּורה** א״אַ. געווען אַ הייסער חובֿב־ציון. ר׳ צבֿי־הירש קאַלישער האָט געריכטט זייַנע ציון־דרשות. אין די קול־קוראס פֿון אַדעסער וועד זייַנען אָפּט דערמאָנט ציטאַטעס פֿון זייַנע מאמרים. אין א.י. סלוצקיס **שיבֿת ציון** איז דאָ זייַנס אַ גרויסער אַרטיקל בשבֿח בניין ארץ־ישׂראל (ע׳ 43; ח״ב — ע׳ 55). ניפֿטר געוואָרן ב׳ סיוון, תּרס״ג.[2]

ר׳ חיים־יצחק הכּהן בלאָך, 1866 דאָ געבאָרן. געגרינדעט דאָ אַ ישיבֿה און געווען איר ראש־ישיבֿה. 1898־1902 דאָ רבֿ, דערנאָך אין בויסק און פֿון 1922 אין דזשוירזי סיטי ביז זייַן פּטירה אין ז׳ אדר ב׳, 1948. געשריבן אין **הצפֿירה**, **יַגדיל תּורה**, **מגדל תּורה**, **הפּרדס**. אין זייַנע אַרויסגעגעבענע **חדושי הריטב״א** האָט ער אַרייַנגעגעבן זייַנע הלכה־שיעורים אין פּלונגיאַנער ישיבֿה און מַראי־מקומות (נ״י, תּרצ״ה־תּרצ״ז); **קובץ כּללים בעניני הלכה** (ג׳וירסי סיטי, תּרצ״ד); **דבֿרי חיבֿ״ה** (נ״י, תּש״א).

ר׳ שמואל־אַבֿיגדור בר׳ ברוך פּייַוולסאָן, געבאָרן 1859 אין ווייַגעווע. פֿאַר פּלונגיאַן געווען רבֿ אין בייסעגאָלע (פֿון 1885), שוועקשנע, אַניקשט. ניפֿטר 1929 אין בערלין. האָט הסכמה אויף **מעין גנים** (פּיעטרקובֿ, 1914). זייַן זון ר׳ ברוך־משה, אבֿ״ד בייסעגאָלע (פֿון 1922) און רבֿ אין ניו־יאָרק (פֿון 1938). זייַנע ברידער: ר׳ ישׂראל־בנימין־בענדעט, אבֿ״ד בייסעגאָלע, שוקיאַן; ר׳ אליהו־מאיר, אבֿ״ד קראָקי, קופּישאָק.

1) לויט **מכתּבֿ מאליהו** (ע׳ 28), איז דאָ געווען רבֿ ר׳ לייבעלע פּלונגיאַנער. מסתּמא איז די כּוונה צו ר׳ זבולון־לייב.

2) לויט איין מקור, איז געווען דאָ רבֿ אויך ר׳ דובֿ־משה נאַמיאָט, הרבֿ ברי״טס איידעם. מיר האָבן ניט קיין באַשטעטיקונג אויף דעם.

ר׳ שמואל־מנחם כּץ, רבֿ אין ווילאָן, ראָגאַטשעוו, פּלונגיאַן. עולה געווען פֿאַרן צווייטן וועלטקריג. חבֿר פֿון הרבנות הראשית ת״א־יפֿו. ניפֿטר י״א תּמוז, תּשי״ד, אין ת״א.

ר׳ לוי־צבֿי שפּיץ, געבאָרן 1887 אין קול. נאָך פּלונגיאַן רבֿ אין וואָרנע און טאַווריק, ווו אומגעקומען תּמוז 1941, הי״ד.

ר׳ אַבֿרהם־מרדכי וועסעלער, געבאָרן 1892. פֿריִער רבֿ אין אַניקשט, דערנאָך אין פּלונגיאַן, ווו פֿאַרברענט געוואָרן 1941 צוזאַמען מיט קהל אין בית־כּנסת. איידעם פֿון ר׳ יוסף־לייב בלאָך, אבֿ״ד טעלז.

**מו״צים, ר״מים:** ר׳ דובֿ־בער יפֿה, מו״צ. זײַנע שאלות־ותשובֿות און פּסקי־דין פֿון 1856 ביז 1881 געפֿינען זיך אין ניו־יאָרקער שטאָט־ביבליאָטעק.

ר׳ אהרן־זעליג הכּהן, ר״מ, פֿון 1898. אין **המליץ** פֿון יענעם יאָר איז דאָ זײַנע אַ הערה.

ר׳ שלמה־זלמן הורוויץ, מו״צ. שפּעטער אין קורטעוויאַן, פּאָנעוועזש, פֿאָטער פֿון ר׳ יוסף־יוזל, פֿון די גרויסע בעלי־מוסר אין ליטע.

ר׳ יוסף שאַכנאָוויץ, מו״צ ור״מ, 1914 נאָך געווען דאָ. געבאָרן 1907 אין טעלז. שפּעטער רבֿ אין שוואַדאָשטש, 1947 רבֿ אין שיקאַגאָ; ר׳ בן־ציון פֿעלמאַן פֿון טעלז, מנהל הישיבֿה.

אַ שײַכות מיט פּלונגיאַן האָבן: א. לעווינזאָן, **קינת סופֿרים** (ווילנא, תּר״ז); נ. קאַראַסיק, **מדבר נאוה** (ווילנא, תּרי״ח); ג. ראַסטאָווסקי, **מורה דרך** (ווילנא, תּרמ״ח).

צווישן 1839 און 1914 זײַנען געווען 49 פּלונגיאַנער פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

**אָפּשטאַמיקע.** — „הר׳ זכריה בר׳ יעקבֿ סימנר ... הנקרא ר׳ זכריה מק״ק פּלונגייאן״, אַזוי זאָגט זיך אויף זײַן ספֿר **זכירה**, וועגן רעליגיעזער עטיק און פֿאָלקס־מעדיצין. די ערשטע אויסגאַבע איז המבורג, תּס״ט [1709]. אויף אַנדערע אויסגאַבעס איז דער טיטל **הנהגות טובֿות**, איבערגעזעצט אויף עברי־טײַטש. ניפֿטר 1715.

ניט אָפּשטאַמיק, נאָר געלעבט לאַנגע יאָרן אין פּלונגיאַן איז „האלוף המרומם והתּורני הרבני מוהר״ר אלי׳ בן הרבֿ המגיד המופֿלג והחסיד אַרי׳ ליב מקאָברין ... ואיתן מושבֿו יושבֿ אהל תּורה בק״ק פּלונגיאַן״ — אַזוי ווערט אָנגערופֿן דער מחבר אויפֿן שער־בלאַט פֿון אַ ספֿר אין 1715.

אַ האַלב־פּלונגיאַנער איז ר׳ מרדכי בר׳ יוסף יפֿה, שטאַמט פֿון בעל ה„לבושים״. געבאָרן 1721 אין פּויזן. געקומען מיט זײַן פֿאָטער קיין פּלונגיאַן. צו 12 יאָר איז ער דאָרטן פֿאַרכאַפּט געוואָרן דורך סאָלדאַטן און געבראַכט געוואָרן קיין ווילקאָווישק. דאָרטן איז ער אויסגעקויפֿט געוואָרן דורכן אָרטיקן גבֿיר ר׳ חנוך זונדל און שפּעטער חתונה געהאַט מיט זײַן טאָכטער. 1756 געוואָרן רבֿ אין קיידאַן.

ר׳ אליעזר גוטמאַן, דאָ געבאָרן אין 1772. דער פֿאָטער איז געהרגעט

געוואָרן פֿון די היידאַמאַקעס און די מישפּחה איז אַנטלאָפֿן און זיך באַזעצט אין פּלונגיאַן. ר׳ אליעזר איז שפּעטער אַוועק קיין קעלם, וווּ זײַן ווײַב האָט געהאַט אַ קלייטל און ער איז געזעסן און געלערנט. 1810 האָט קעלם אים גענומען פֿאַר אַ רבֿ. ניפֿטר געוואָרן ו ניסן, תּקצ״א (1831).

ר׳ שמעון בר׳ מנחם־נחום פּלונגיאַנער, דאָ געבאָרן אַרום 1792. בקי בנגלה ובנסתּר. יאָרן לאַנג געזעסן אין הויז און געלערנט און ניט אָנגעקוקט דאָס שטעטל. אין עלטער פֿון 35 יאָר פֿאַרלאָזן ליטע, אַרום 1827 געקומען קיין ירושלים, ווו ניפֿטר געוואָרן צו 50 יאָר.

מרדכי פּלונגיאַן (פּלונגיאַנסקי), דאָ געבאָרן 1814. אמתער פֿאַמיליע־נאָמען: יפֿה, אָפּשטאַם פֿון ר׳ מרדכי יפֿה, בעל „הלבֿושים״. ער רופֿט אָן פּלונגיאַן „עיר מולדתּי גן פּנואל״. געלעבט מערסטנס אין ווילנע ביז זײַן פּטירה אין 1883. פֿאָרשער פֿון תּנ״ך און תּלמוד און מחבר פֿון ביכער און מאמרים אויף די דאָזיקע טעמעס. געשריבן הקדמות און הוספֿות אָן זײַן נאָמען צום **ש״ס בבלי** (א״נ „המתרגם״), מילואים צו **יורה־דעה**, הוספֿות צו **מדרש רבה** א״אַ. אויף אַ סידור פֿון האלמנה והאחים ראָם (ער איז לאַנגע יאָרן געווען דער מַגיה אין זייער ווילנער דרוק), האָט ער צוגעגעבן פּירושים א״נ „כּוונות פּשטיות וכּוונות ישרות״, אָבער מען האָט אויסגעלאָזן זײַן נאָמען. ער האָט געשריבן הקדמות אויך צו אַלגעמיינע ביכער, מיט זײַן פֿולן נאָמען: **הילדות והשחרות**, ישׂראל זאַבלודאָווסקי (וואַרשע, תּרכ״ג); **המנוחה והתּנועה**, צבֿי־הירש ראַבינאָוויץ (ווילנא, תּרכ״ז); **ערך תּפֿלה**, לֵוִי ירחמיאל קלאַצקי (ווילנא, תּרכ״ט); **חדר לתּינוקות בבית רבן**, צבֿי־ניסן גאָלאָמב (ווילנא, תּרמ״ג). די הקדמה ווערט אָנגע־געבן פֿון „פּאר המשׂכּילים מפּלונגיאַן״ — קלאָר, אַז דאָס איז מ. פּלונגיאַן; אַ מכתּבֿ־תּהִלה אין פֿרידריך שילערס **דאָן קאַרלאָס**, איבערגעזעצט אויף העברעיִש פֿון דוד ראַדנער (ווילנא, תּרמ״ד). אין **מדבר נאוה** פֿון נחום קאַראַסיק (ווילנא, תּרי״ח) איז אָנהייב בוך דאָ אַ שיר פֿון מ. פּלונגיאַן.

ר׳ יצחק אלחנן ספּעקטאָר האָט איין מאָל געגעבן פּלונגיאַנען מַגיה צו זײַן זײַנס אַ ספֿר. נאָך דער הגהה האָט קאָוונער רבֿ געזאָגט, „שלא ראה עוד מופֿלג כּזה בתּורה״.

פּלונגיאַן, איינער פֿון די קענ־טיקע פֿיגורן פֿון די ליטע־משׂכּילים אין צווייטער העלפֿט פֿון נײַנצנטן יאָרהונדערט, האָט זיך שטאַרק אָנגעליטן אין ווילנע. געהאַט דאָרטן אַן אָרעם, געמאַטערט לעבן און געווען פֿאַרביטערט קעגן די ווילנער משׂכּילים. דאָס איז אויך קענטיק פֿון זײַנע בריוו צו יהודה־לייב גאָרדאָן. איינער פֿון זיי איז געווען אַ קאַרטל, ווײַל די פּאָסט איז געווען מיט איין קאָפּיקע וויניקער. זײַן פֿאַרביטערטקייט האָט ער שאַרף אַרויסגעבראַכט אין אַ בריוו פֿון 1862 צו זאבֿ קאַפּלאַן („הזָקן״). ער בעט גאָט, אז „יַצילני מְבוא בקרית משׂכּילי ווילנא, אשר שקר מחסם וכלי חָמס מכרותיהם.״

כאָטש ער איז געווען אַ שטאַר־קער משׂכּיל, האָט ער אָבער געהאַלטן פֿון אמונה. אין אַ ספֿר זײַנעם האָט ער איין מאָל געשריבן: „קריאה אחר המסורה לנו מדורות עולמים היא הקריאה הנאמנה" און „הלא מפי רז"ל אנו חיים בכל דין והלכה". דער נוסח פֿון פלונגיאַנס מצבֿה האָט אָנ־געשריבן יהודה־לייב גאָרדאָן.

*

ר' יצחק־זאבֿ בר' שמואל אָלשוואַנגער, דאָ געבאָרן ט"ז אלול, תּקפּ"ה. שטאַמט פֿון בעל „הלבֿושים". פֿון 1846 רבֿ אין טאַווריק, 1878 געוואָרן רבֿ אין פעטערבורג, ווו ניפֿטר געוואָרן 1897. געהאַט אַלגעמיינע בילדונג און מיטגליד פֿון ועד „מרבי השׂכּלה בישׂראל" אין פעטער־בורג. 1860 און 1868, אין זײַן טאַוריקער רבנות־צײַט, באַקומען דאַנקבריוו פֿון צאַר אַלעקסאַנדער דעם צווייטן פֿאַר זײַנע דײַטשישע דרשות.

„החכם המפֿורסם הנגיד" ר' בנימין בר' נתן־נטע מפלונגיאַן איז דאָ געבאָרן געוואָרן אין 1841. געלעבט אין ווילנע, ווו ער איז געווען פֿון די חשובֿי העיר. באַקאַנט אונטערן נאָמען ר' בנימין נאַטאַנזאָן. מגזע הש"ך.

ר' יוסף־יוזל בר' שלמה־זלמן הורוויץ, דאָ געבאָרן אין 1848, פֿון די גרעסטע בעלי־מוסר אין ליטע. 1896 געגרינדעט אַן עקסטרעמע מוסר־ישיבֿה אין נאָוואַרעדעק, ווו ער האָט געלערנט זיך אָפּ־צושיידן פֿון דער וועלט און נאָר זיך אָפּ־געבן מיט תּורה־לערנען. ענלעכע ישיבֿות האָט ער אויפֿגעשטעלט אין ווײַסרוסלאַנד און אוקראַיִנע בעתן ערשטן וועלטקריג. בעל **מדרגת האדם** (פּאָלטאַוואַ, תּרע"ח־ע"ט). ניפֿטר געוואָרן 1919 אין קיִעוו. 1963 איז זײַן אָרון אַריבערגעפֿירט געוואָרן קיין ירושלים. זײַן פֿאָטער איז געווען מו"צ אין פלונגיאַן.

לאַזאַרוס (אליעזר) גאָלדשמידט, דאָ געבאָרן 1871. וויסנשאַפֿטלער, איבערזעצער פֿון תּלמוד בבֿלי אויף דײַטש. געשטאָרבן 1950 אין לאָנדאָן.

ר' מאיר־לייב מעץ [מאָץ?], דאָ געבאָרן 1893. רבֿ אין גרינקישאָק, גוד־לעווע [?], קראָקי, ווו אומגעקומען אין 1941, הי"ד. מחבר פֿון **נתיבֿ מאיר** (קיידאַן, תּרצ"א).

**שרײַבערס.** — ש. אַבעל, געבאָרן 1871. פֿון 1892 אין אַמעריקע. אַקטיווער ציוניסט. רעדאַקטער פֿון **דאָס אידישע פֿאָלק** (נ"י), אָרגאַן פֿון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע. איבערגעזעצט **קאָנגרעס־רעדען** פֿון ד"ר הערצל (נ"י, 1918). געשטאָרבן 1925 אין ניו־יאָרק.

רחל קירש־האָלטמאַן, געבאָרן 1882. פֿון 1913 אין אַמעריקע. געשריבן אַרטיקלען פֿון צײַט צו צײַט אין **צוקונפֿט, פֿרײַהייט, קאַמף** — אַלע ניו־יאָרק. מחברטע פֿון **פֿיר באַרימטע פֿרויען** (נ"י, 1938), **מײַן לעבנס־וועג** (נ"י, 1948). מיטאיבערזעצערין פֿון לענינס **דער ראַדי־קאַלער קאָמוניזם** (נ"י, 1920), בוכאַרינס

**דער א״ב פֿון קאָמוניזם** (נ״י, 1923). געשטאָרבן אין ניו־יאָרק.

צבֿי־הירש בריק (ברק), געבאָרן 1905. געענדיקט יוריספּרודענץ אין קאָװנער אוניװערסיטעט. מיטגליד פֿון מרכּז צ״ס־התאחדות אין ליטע. דורכגעמאַכט קאָװנער געטאָ. פֿון 1949 אין ישׂראל. געשריבן אַרטיקלען אין **די צײַט, דאָס װאָרט** — קאָװנע, **בדרך** (רוים). מיטמחבר פֿון **בער באָראָכאָװ** (קאָװנע, 1934). מיטרעדאַקטירט **יהדות ליטא, באַנד** 4 (ת״א, 1984). לעבט אין ירושלים.

זלמן לעװי, געבאָרן 1907. געלערנט אין טעלזער ישיבֿה. פֿון 1927 אין יאָהאַנעסבורג. געשריבן פּאָליטישע אַרטיקלען אין **פּראָלעטאַרישע שטימע** (יאָהאַנעס־בורג). 1948־1970 רעדאַקציע־מיטגליד פֿון **דרום־אַפֿריקע** און פֿון 1970 — רעדאַק־טער. אַ סך געשריבן אין **אַפֿריקאַנער אידישע צײַטונג**. לעבט אין יאָהאַנעסבורג.

סקולפּטאָרן: לוי ראָזענטאַל, גע־באָרן 1888. פֿון 1907 אין אַמעריקע. פֿון די גרויסע סקולפּטאָרן אין זײַן צײַט; ישׂראל־ליפּע ליפּשיץ, געבאָרן 1903. עמיגרירט קיין דרום־אַפֿריקע. מאָלער.

**קאָרעספּאָנדענטן. — המליץ:** יעקבֿ מאַרק, דוד־משה מיצקון. **הצפֿירה:** ש. בלאַנק, איש מבית הלוי [לעװינסאָן], יואל־אליהו ראַבינאָװיץ [יא״ר]. **הכּרמל:** צבֿי־הירש סעניִער.

**ניכבדים. —** ר׳ יוסף יפֿה, ראש מדינה דפּלונגיאַן. געחתמעט אין **פּנקס** **קיידאַן** צװישן די ראשי־המדינה אין ועד הגליל אין קראָזש בשנת תּקל״ט [1779]. ברידער: ר׳ חנוך־זונדל, אבֿ״ד אַלינקאַ; ר׳ טובֿיה, אבֿ״ד אַמדור און 1769 מ״מ ומו״צ אין טיקטין.

ר׳ ישׂראל־אליהו איזראַלאָװיץ, שװער פֿון ר׳ אפֿרים עפּשטײן, רבֿ אין באַקשט, ניו־יאָרק, שיקאַגאָ; ר׳ יהודה־לייב סעניִער, גרויסער בעל־צדקה. ניפֿטר 1863; ר׳ חנוך־זונדל בלאָך, שו״ב, פֿאָטער פֿון היגן רבֿ ר׳ חיים־איציק; ר׳ יוסף סג״ל, שו״ב (1914) ר׳ בן־ציון בערמאַן, שו״ב (1914). האָט חידושי־תּורה אין **יגדיל תּורה** (1909־1912), **הפּלס** (תּרס״א־תּרס״ב).

ר׳ צבֿי פֿײַן, אים גערופֿן: הירשל בלומעס. צדיק תּמים. זײַן הויפּט־„פּרנסה״: ביקור חולים. אויף דער עלטער (אין 1870ער) זיך אויסגעלערנט דאָקטאָריע, ער זאָל קענען בעסער העלפֿן אָרעמע קראַנקע; ר׳ שמואל שלעזין; הירש קירש.

ראַבינער קראַװעץ, פֿון די גרינדערס פֿון בית־ספֿר (1878); ר׳ ירוחם לעװינסקי, צענדליקער יאָרן מלמד אין דער תּלמוד־תּורה פֿאַרן ערשטן װעלטקריג.

לערערקע לינאַ אָדעס, 1891 געעפֿנט שול פֿאַר יידישע מיידלעך, װוּ געלערנט רוסיש, דײַטש, פֿראַנצייזיש און אַנדערע לימודים. געענדיקט מיידל־גימנאַ־זיע אין קאָװנע; לערער גוטל, 1906 געעפֿנט אַ חדר מתוקן. עקסיסטירט נאָר צוויי יאָר; ישעיהו גאַרב, אָרטיקער מאָלער און סקולפּטאָר.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — אליהו ביצקאָווער, מכתּב אליהו (המבורג, תּע"ה [1715]; הכּרמל, תּרכ"א, ע' 44; מ.א. גינצבורג, אֲביעזר. ווילנא, תּרכ"ד, ע' 112; מ. פּלונ־גיאַן, אור בֹּקר (ווילנא, תּרכ"ט); המגיד, 1872: 15; האסיף, תּרמ"ה, ע' 135; נ. נאַטהאַנזאָהן, שׂפֿת אמת. וואַרשא, תּרמ"ז; המליץ, 1888: 109; 1891: 25.

חיים בר' יוסף מיכל, אור החיים, פ"פ א"מ. תּרנ"א, ע' 364; א.י. סלוצקי, שיבֹת ציון; ח"ב. וואַרשא, תּרנ"ב, ע' 124; רשימת החברים לתמיכת חברת בני ישראל ... ל־1896; המליץ 1894: 153; 1895: 238; 1898: 75, 90; 1899: 204; אגרות יל"ג, ב'. וואַרשה, תּרנ"ה, ע' 170; לוח אחיאָסף, תּרנ"ז, ע' 313.

שלמה ברוך ניסענבוים, לקורות היהודים בלובלין. לובלין, תּר"ס, ע' 124; א.ל. פֿרומקין, תּולדות אליהו. ווילנא, תּר"ס, ע' 1; דוד בונימאָוויטש, מכתּב מאליהו. ווילנא, תּרס"א, ע' 28; המליץ 1903: 10, 32, 90; חשבון הנדבות, 1909: 111; הדרך, פ"פ א"מ, תּרע"ד, גל' 8; א. דיינאַרד, זכרונות בת עמי, ב'. נוי אָרלעאַנס, תר"ף, ע' 65; ש.ל. ציטרון, לקסיקון ציוני, 1924, ע' 14.

ש. חיות, אוצר בדויי השם. וינא, תּרצ"ג, נומ' 3836; אידישע שטימע, 1937: 5712; ציון למשה ביילינסון. תּ"א, תּרצ"ח, מוסף ל„דבר"; משה מאיר ישר, דאָס לעבען און שאַפֿען פֿון חפץ חיים. נ"י, 1947, ע' 883; פֿאַראייניקטע אַרבעטער שטימע, נ"י, 1952, אויג' 26; תּולדות חברת מרבי השׂכּלה, א', ע' 145, 149; ספר קיידאַן, תּ"א, 1977, ע' 209.

קריה נאמנה, ע' 229, 286; רשומות, כרך 1, ע' 490; קורות היהודים בשיאליאַי; תּולדות ישיבֹת היהודים בקורלאַנד, ע' 64, 65, 156; תּולדות חכמי ירושלים, ג', ע' 232; חלקת מחוקק, חוב' ה', מחברת א'; חוב' ז', ע' י; חוב' ט', מחברת א'; י.ד. קמזונס יהדות ליטא, ע' 200.

יזכּור־בוך סואוואַלק, ע' 130, 140־143, 185; אהלי שם, ע' 165; „ליטע", 1, 1159; לקורות עיר ראַסיין, ע' י"א; אנציקלופדיה של הציונות הדתית, ע' 58, 295; תּולדות אנשי שם (ראַנד), ע' 9; י. לעווינ־שטיין, דור דור ודורשיו, ע' 40; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 6617; ג. קרסל, 2; לעקסיקאָן, 1, 8; ב. כּהנס לעקסי־קאָן, ז' 343; יהדות ליטא, ג'; יהדות ליטא (קמזון) Jewish Encyclopedia, VII, VIII, p. 95; IX, p. 398; X, p. 91; Biuletyn Żydowskiego Instytutu Historycznego W Polsce, Warszawa, 1987). (אַרטיקל וועגן זאַמעט)

# פּרען
# PRIENAI

מאַריאַמפּאָלער קרײַז. דאָס אָרט ווערט צום ערשטן מאָל דערמאָנט אין 1502, ווען גרויספֿירשט אַלעקסאַנדער האָט עס איבערגעגעבן צו מיכאַיל גילינסקי. 1797 האָט פּרען באַקומען פֿולע פֿרײַהייט פֿון קעניג סטאַניסלאַוו אויגוסט.

דער ייִדישער ייִשובֿ האָט זיך אָנגעהויבן אַרום אָנהייב זיבעצנטן יאָר־הונדערט. אין 1766 זײַנען דאָ געווען 597 ייִדן, אין 1856 — 1497, 1897 — 1090, 1923 — 954, 1935 — אַרום 1000 און פֿאַרן חורבן — בײַ 700.

אין אַ ליסטע בײַשטײַערערס פֿון 1872 פֿאַר ייִדישע געליטענע אין ליטע אין די הונגעריאָרן 1869/71 געפֿינען זיך מערערע פּרענער. אין יענער צײַט האָבן ייִדן עמיגרירט פֿון שטעטל. אין אַ רשימה פֿון ייִדישע עמיגראַנטן אין 1869/70 זײַנען

דאָ די פּרענער ייִדן: ס. געלטשעווסקי, פֿרומע היינסאָן, א. זאַוורעוו, מ. לעווין, מ. מאַרלוצקי, י. סערסטווער, ע. סערסטווער, ס. קאַץ.

אין 1861 איז דאָ געשאַפֿן געוואָרן אַ גמ"ח, בראש מיט אַהרן ראָזענגאַרד. אין 1881 זײַנען דאָ געווען אַ סך אָרעמעלייט, איז אויפֿגעשטעלט געוואָרן א „לחם־עניים", בראש מיט צבֿי השׂכּל און א.י. רודימישקי [רודאַמינסקי].

דעם דריטן אויגוסט 1882 איז דאָ אויסגעבראָכן אַ פּאָגראָם. עס זײַנען געווען 20 פֿאַרוווּנדעטע ייִדן. עס איז שווער פֿאַרוווּנדעט געוואָרן דער גלח קראַווטשינסקי, וואָס האָט זיך אָנגענומען פֿאַר די ייִדן און געהייסן קלינגען אין קלויסטער פֿאַר אַן אַלאַרעם. אין אַפּריל 1884 איז פֿאָרגעקומען אין מאַריאַמפּאָלער קרײַזגעריכט דער מישפּט פֿון 48 פּויערים, באַשולדיקטע אין פּאָגראָם. 26 פֿון זיי זײַנען פֿאַרמישפּט געוואָרן אויף פֿאַרשיידענע טערמינען טורמע. די פֿאַרטיידיקערס מצד די ייִדן זײַנען געווען פֿראַנק פֿון קאָוונע און אַדוואָקאַט קאָווינסקי פֿון וואַרשע. נאָכן פּאָגראָם איז געשאַפֿן געוואָרן אַ קאָמיטעט צו העלפֿן די געליטענע: אַהרן ראָזענגאַרד, אליעזר גאָלדענבערג, יעקבֿ פֿינקעלשטיין, אפֿרים שערעשעווסקי.

אין דערפֿער אַרום פּרען האָבן געלעבט ייִדן — שיינקערס, קרעטשמערס, פּאַכטערס. נאָכן פּאָגראָם זײַנען זיי אַלע אַנטלאָפֿן.

די ייִדישע פּרנסות זײַנען געווען מיסחר, קרעמערײַ, מלאכה. אַ וויכטיקער חיונה־צוגאָב בײַ אַ טייל ייִדן איז געווען בײַשטוביקע ווירטשאַפֿט (גאָרטן, געפֿליגל, אַ בהמה) און בײַשטאָטישע לאַנדווירטשאַפֿט (אייגענע אָדער אַרענדירטע פֿעלדער, סעדער).

*

ווי אין מערסטע ייִדישע שטעטלעך פֿון סוּוואַלקער גובערניע, האָט אויך אין פּרען די השׂכּלה זיך גיך פֿאַרשפּרייט. אין 1881 דאַנקען היגע משׂכּילים די „מפֿיצי־השׂכּלה" אין אַדעס פֿאַר געשיקטע 20 העברעיִשע און רוסישע ביכער: ראובֿן אַריה־לייב העלמאַן, ראובֿן מילער, זעליג פֿרידבערג, הלל ראָזענגאַרד, אליהו בערגמאַן, אַבֿרהם־יוסף רודאַמינסקי, שמשון מאַרקאָווסקי, בצלאל פֿרידבערג, פּסח־משה נאַפּטאַלין, בן־ציון גאָרפֿונקל (ביאַליסטאָקער).

אין 1883 איז דאָ געשאַפֿן געוואָרן אַ חבֿרה פֿון 30 משפּחות פֿאַר באַזעצן זיך אין ארץ־ישׂראל. אויף אַן אַלטן בית־עולם אין ירושלים זײַנען דאָ די מצבֿות פֿון

ירוחם־פֿישל בר' אליהו מפּרען, תּרמ"ב.

מערא בר' משה מפּרען, תּר"ן.

**רבנים.** — ר' צמח, אב"ד פּרען והגליל. זײַן זון ר' אַהרן פּרענער, גערופֿן ר' אַהרעלע צמחס, איינער פֿון די ראשי הדיינים אין ווילנע. אין 1835 איז דאָ זײַן חתימה צווישן די מסכּימים אויפֿן ווילנער

ש״ס. ר׳ אהרלע איז ניפֿטר געוואָרן 1837 אין ווילנע. לויט דעם קען מען משער זײַן, אַז ר׳ צמח איז געווען דאָ רבֿ אַרום דריטן אָדער לעצטן פֿערטל פֿון אַכצנטן יאָר־הונדערט.

ר׳ נתן, שוואָגער פֿון ר׳ מרדכי הלוי עפּשטיין. ניפֿטר געוואָרן 1822.

ר׳ נחום־שרגא רעוועל, געבאָרן 1838 אין ראַסיין. 12 יאָר דאָ רבֿ, פֿריִער אין לינקעווע. ניפֿטר 1896. זײַן זון ד״ר דובֿ רעוועל, פֿון די גרינדערס און ר״מס פֿון ישיבֿה־אוניווערסיטעט אין ניו־יאָרק. איידעם פֿון ר׳ משה־יצחק סג״ל, אבֿ״ד פּאָנעוועזש, טאַווריק א״אַ. אין די איבערגעלאָזענע כּתבֿים פֿון חיים טשער־נאָוויץ (רבֿ צעיר) איז דאָ אַ הספּד וועגן אים.

ר׳ יהודה־לייב ריף, פֿון 1871. פֿריִער רבֿ אין שאַדעווע און זאַגער. אין 1882, בעתן פּאָגראָם, נאָך געווען דאָ. פֿאַרלאָזן פּרעַן אין 1883. זײַנע זין: ר׳ ישׂראל, אבֿ״ד קורשאַן, זאַגער; ר׳ יצחק־זונדל, אבֿ״ד אַלט־זאַגער.

ר׳ שׂמחה־דוב זילבערשטיין; ר׳ בן־ציון בר׳ אַבֿרהם־אַבא קרעניץ, געבאָרן 1858. פֿריִער רבֿ אין ברעזניק (סוואַלקער גובערניע), 1895־1897 אין פּשעראָסלע (סוואַלקער גובערניע), 1898 אין פּרעַן און שפּעטער אין שוועקשנע.

ר׳ אַבֿרהם־דובער רײַנעס. 1903 שוין געווען דאָ רבֿ. פֿריִער רבֿ אין מאַליאַט. פֿון 1912 ר״מ אין ברוקלין. ניפֿטר י״ט תּשרי, תּשט״ז, אין ירושלים. זון פֿון באַקאַנטן לידער רבֿ ר׳ יצחק־יעקבֿ רײַנעס.

ר׳ אַבֿרהם־יעקבֿ בר׳ יהושע ניימאַרק, געבאָרן 1879 אין שומיאַל (מאָליעווער גובערניע). 1909־1924 דאָ רבֿ. פֿאָטער געהרגעט געוואָרן 1905 בעתן פּאָגראָם אין יעקאַטערינאָסלאַוו. פֿון 1925 חבֿר הרבנות הראשית תּ״א־יפֿו. בעל **אֶשל אַבֿרהם** (תּ״א, תּרצ״ז־תּשי״ב, 10 חלקים).

ר׳ חיים פֿון, פֿון 1891 רבֿ אין טרישיק, פֿון 1938 אין פּרעַן, וווּ אומגע־קומען אין 1941, הי״ד.

ר׳ נתן חיימזאָהן,[1] געבאָרן אין אָרלע (רוסלאַנד), איז 1838 דאָ געוואָרן מ״מ ומו״ץ, בעל **אבֿן בֹּחן** (קראָטאָשין, תּר״ג). אין דער הקדמה זאָגט ער: „וזה כּאַרבע שנים נתקבלתּי למ״מ ומ״ץ בק״ק פּרעַן״. מיר ווייסן ניט, צי ער איז שפּעטער געוואָרן דאָ אויך רבֿ.

מו״ץ ומ״מ איז אויך געווען ר׳ אליהו שׂרהזאָן, געבאָרן 1800 אין מיכאַלי־שאָק, פֿריִער אין סטוצין, לאָמזשע, סוואַלק, מישינעץ און נאָך פּרעַן אין פּייזער. אויף זײַנע עלטערע יאָרן עולה געווען קיין ירושלים, וווּ געווען אַ מגיד אין גרויסן בית־הכּנסת. ניפֿטר געוואָרן אין ירושלים. חיבורים: **חֶבֿת ירושלים** (וואַרשע, תּרמ״א), **אגדת אליהו** (נ״י, תּרס״ו), **עוגת אליהו** (ירושלים, תּרע״ג).

---

1) אַנדערע גיבן זײַן פֿאַמיליע־נאָמען: זאָהן, אָבער אויף זײַן ספֿר שטייט: חיימזאָהן.

ר׳ משה־אַריה בר׳ מתּתיהו, געבאָרן 1878 אין טרעסטינע (ווײַסרוס־לאַנד), דאָ מו״צ אין די 1920ער, דערנאָך רבֿ אין דאַרשונישאָק, ווו אומגעקומען אין 1941, הי״ד. פֿריִער ר״מ אין מייטשעט און שאַדעווע. זײַן זון ר׳ אהרן אב״ד אַליטע און מאָנטעווידעאָ; אין די 1880ער איז דאָ געווען שו״ב גוטפֿאַרב.

אין 1863 און 1913 זײַנען דאָ געווען 24 פּרענומעראַנטן אויף 2 רבנישע ספֿרים:

**תּאמי צבֿיה,** צבֿי־הירש בלאָך. קאָניגסבערג [תּרכ״א], **קהלת מרדכי,** מרדכי יאָהלין. וואַרשע, תּרע״ג.

**אָפּשטאַמיקע.** — מרדכי רודניק, געבאָרן 1893. מיטגליד פֿון צ.ס.־מרכּז אין ליטע. דירעקטאָר פֿון דער העברעיִשער גימנאַזיע אין שאַוול. אומגעקומען 1941 אין שאַוולער געטאָ; חיים־זאבֿ רײַנעס, געבאָרן 1902, שפּעטער אין אַמעריקע.

יוסף גאָטפֿאַרשטיין, געבאָרן 1903. געלעבט אין פּאַריז. זינט 1926, דירעקטאָר פֿון אַ ייִדישער טעאַטער־סטודיע אין פּאַריז. געדרוקט לידער אין **וויספּע** (קאָוונע) און מיטגעאַרבעט אין **אידישע טעאַטראַלע צײַטשריפֿט** (קאָוונע). געדרוקט אַרטיקלען וועגן טעאַטער און קונסט אין דער פּרעסע פֿון קאָוונע און פּאַריז, ווי אויך אין דער דײַטשישער און פֿראַנצייזישער פּעריאָדיק. אויטאָר פֿון בוך **די שול פֿון מאָרד** (דײַטש), שפּעטער עס אַליין איבערגעזעצט אויף פֿראַנצייזיש, ווי אויך דערציילונגען פֿון י.ל. פּרץ און קאַפּיטלען פֿון **ספֿר היצירה.** האָט אַ גרעסערע אַרבעט אין **יהדות ליטא** (ת״א) וועגן **פֿולקלור יהודי ליטא.** געשטאָרבן 1980 אין פּאַריז.

**קאָרעספּאָנדענטן.** — **המליץ:** מרדכי סראָלאָוויץ, י. הערץ גאָלדשטיין; **הצפֿירה:** יצחק גאָרפינקל (אויך דברי תּורה), יהודה־לייב פּאָדזיטיוויאַנסקי, אַריה העלמאַן; **יודישעס פֿאָלקס־בלאַט** (פּעטערבורג): הלל ראָזענגאַרד.

פֿון די **ניכבדים:** מרדכי פֿינקעלשטיין, אַהרן ראָזענגאַרד, אפֿרים שערעשעווסקי, אלעזר גאָלדענבערג, ישׂראל־מיכל גאָלדבערג, משה־לייב הורוויץ, יצחק הכּהן רובין, יעקבֿ פֿינקעלשטיין, ראובֿן־אריה־לייב העלמאַן, מאמר אין **אספֿת חכמים.**

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המגיד, 1872: 18; ש.א. פֿרידענשטיין, עיר גבורים. ווילנא, תּר״מ, ע׳ 72; המליץ 1881: 50; 1882: 31, 38; 1883: 18; 1884: 22, 35; 1899: 210; ייִדישעס פֿאָלקס־בלאַט, 1882: 49; חלקת מחוקק, מחברת ג׳, ע׳ ל׳; עיר ווילנא, ע׳ 107; אהלי שם, ע׳ 202, 370; דורות האחרונים, ב׳, ע׳ 331.

תּולדות ישיבֿת היהודים בקורלאַנד, ע׳ 65; לקורות עיר ראַסיין ורבניה, ע׳ י״ב; יהדות ליטא (קַמזון), ע׳ 227; ב. כּהנס לעקסיקאָן, ז׳ 125; יזכּור־בוך סואוואַלק, ז׳ 164, 189; לעקסיקאָן, 2; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 6748; ייִוואָ־בלעטער, XL, ז׳ 1224 יהדות ליטא, ג׳.

J. Totoraitis, Sŭduvijos Suvalkijos Istorija, pp. 305, 398, 402; Black Book.

# צ

## ציטעוויאַן TYTUVĖNAI

ראַסיינער קרײַז. דער אָנהייב פֿון ייִדישן ייִשובֿ איז אַרום סוף אַכצנטן יאָרהונדערט. פֿאַרן ערשטן וועלטקריג האָבן דאָ געוווינט בײַ 250 ייִדן, אין 1923 — 221 און פֿאַרן חורבן בײַ 200.

אַ גרויסער טייל ייִדן האָבן זיך פֿאַרנומען מיט באַאַרבעטן אייגענע פֿעלדער אַרום שטעטל, דער רעשט — מיט קרעמערײַ און קאַראַבעלניקערײַ. ציטעוויאַן איז געווען אַ דאַטשעאָרט און טייל ייִדן האָבן אויסגעשלאָגן פּרנסה פֿון די דאַטשניקעס.

**רבנים.** — ר׳ אליעזר לונץ, געבאָרן 1812 אין שאַוול. אַרום 1835־1848, שפּעטער מו״צ אין שאַוול בײַ 40 יאָר ביז זײַן פּטירה אין 1892. אור־אייניקל פֿון ר׳ יחזקאל לונץ, שאַוולער רב [פּרטים: שאַוול].

ר׳ יהודה־לייב משה סירקין, געבאָרן 1831. דערנאָך רבֿ אין ריטעווע, צײַקישאָק, סעלץ, וויסאָקי. גערופֿן: ר׳ לייבציק חריף. זײַן פֿאָטער ר׳ צבֿי־הירש, ר״מ אין קיידאַן. ניפֿטר געוואָרן אין 1885.

ר׳ יהודה־לייב הורוויץ, אָנגעגעבן ווי דער רבֿ־פּרענומעראַנט אויף אַ ספֿר, אַרום צווייטער העלפֿט פֿון נײַנצנטן יאָרהונדערט.

ר׳ טובֿיה בר׳ משה בײַ, געבאָרן 1846. דאָ רבֿ ביז 1880, שפּעטער טירקשלע. אייניקל פֿון ר׳ שמואל, מו״צ אין טעלז. זײַן זון איידעם פֿון ר׳ מרדכי־פֿישל, אב״ד יאַנישאָק.

ר׳ צבֿי־יעקבֿ אָפּענהיים, געבאָרן 1854 אין יאַקובאָווע. צוויי יאָר דאָ רבֿ (1881־1882), דערנאָך, פֿון 1883, רבֿ 43 יאָר אין קעלם. ניפֿטר 1926. מחבר פֿון **צבֿי גאון יעקבֿ** (ריגה, תּרפּ״ט).

ר׳ שלמה־יעקבֿ בר׳ הלל גבֿריאל שיין, געבאָרן 1855 אין גירטעגאָלע. פֿון 1893 ביז 1897, דערנאָך אין לאַצקעווע. פֿריִער ר״מ אין טאַווריק. ניפֿטר 1934 אין קאָוונע. האָט חדו״ת אין **המודיע** (1911: 15).

ר׳ בן־ציון יעקבֿ בר׳ ישׂראל־מאיר לעוויטאַן, געבאָרן 1865. פֿון 1897, דערנאָך רבֿ אין שידלעווע. ברודער פֿון ר׳ אָשר־ניסן, ר״מ אין שאַוול, אב״ד שידלעווע.

ר׳ אַבֿרהם־אַהרן הכּהן בורשטיין בר׳ יהושע הכּהן בלומענטאַל, געבאָרן

1867, דערנאָך רבֿ אין ריטעווע, אַניקשט, סאַלאַנט, שאַדעווע, טאַווריק. בעתן ערשטן וועלטקריג ר״מ אין באַגאָראָדסק און אונטער סאָוועטישער הערשאַפֿט רבֿ אין טשערקאַסי. זיך אומגעקערט קיין טאַווריק. 1924 עולה געווען קיין ירושלים צו זײַן ר״מ אין ישיבֿה „מרכּז הרבֿ״, אָבער גיך ניפֿטר געוואָרן אין 1926.

ר׳ יצחק־יוסף זיוו, ביז 1913. האָט חידושי־תּורה אין **יגדיל תּורה** (1910: 5; 1913: 7/8);

ר׳ ישׂראל־יהושע סגל, אויך רבֿ אין וואָרנע און טרישיק.

ר׳ יעקבֿ קאַמענעצקי, געבאָרן 1891 אין קאַלושקאָוו (גובערניע מינסק), שפּעטער רבֿ אין טאָראָנטאָ, פֿון 1946 — ר״מ אין „תּורה ודעת״ (נ״י).

ר׳ שלמה־אפֿרים קראַוויצקי, אויך רבֿ אין וועקשנע און לוקניק, הי״ד; ר׳ אַבֿרהם־עזריאל מדין, הי״ד.

צווישן 1842 און 1899 זײַנען דאָ געווען 34 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

**אָפּשטאַמיקע.** — ר׳ יחיאל קעלמער, פֿון די חכמי ירושלים. עטלעכע יאָר געווען אויך מו״צ אין ציטעוויאַן. דאָ ניפֿטר געוואָרן אין 1867.

זרח באַרנעט, דאָ געבאָרן אין 1843, איינער פֿון די ציוניסטישע ראשונים און בויערס פֿון ייִשובֿ אין ארץ־ישׂראל. פֿון די גרינדערס פֿון פּתח־תּקוָה. געשטאָרבן 1935 אין נוה שלום. צו זײַן הונדערטסטן געבוירן־טאָג איז אַרויס די דענקשריפֿט **זרח ברנט** (תּ״א, תּש״ג).

ר׳ משה־שמעון בר׳ יחזקאל זיוויץ, דאָ געבאָרן אין 1858, רבֿ אין פּיקעלן, פֿון 1886 אין באַלטימאָר און פֿון 1888 אין פּיטסבורג, ווו ניפֿטר געוואָרן אין 1936. חיבורים: **חקר דעת** (ירושלים, תּרנ״ח־תּרס״ב), **בית פּגא** (ירושלים, תּרס״ד), **פּרי יחזקאל** (דאָרטן, תּרס״ח), **מטה אַהרן** (דאָרטן, תּרע״ד), **המשביח** (ס״ט לואיס, תּרע״ח־תּר״פּ), **משבח** (דאָרטן, תּרצ״א), **צמח השׂדה** (דאָרטן, תּרצ״ה). — אונטערן פּסעוודאָנים מ.י. סעקשאַח־משבי״ח — אַרויסגעגעבן אַ ביכל לידער **היומי** (פּיטסבורג, תּרמ״ח), „כּל השירים שנכתּבֿו על כּל יום ויום״. שפּעטער וואָלט מסתּמא דער מחבר ניט געלאָזט דרוקן אַזעלכע לידער.

ר׳ לייב חסיד (ציגלער), גאון און צדיק, געבאָרן 1824 אין ווערפּיאַן, האָט דאָ געלעבט אַ סך יאָרן און דאָ ניפֿטר געוואָרן אין 1894 [פּרטים — ווערפּיאַן].

דאָ איז געבוירן זבולון פּינעטאַ, באַרימטער מאַטעמאַטיקער. אין ווילנע האָט מען אויסגעפֿונען אין אים וווּנדערלעכע כּישרונות אין מאַטעמאַטיק און מען האָט אים אָפּגעשיקט קיין פּעטער־בורג. ער האָט ניט געלערנט אין קיין גימנאַזיע און ניט געקענט קיין שום שפּראַך, אָבער ער האָט געענטפֿערט אין עטלעכע מינוט אויף געוואַלדיק־שווערע מאַטעמאַטיק שאלות פֿון די עקזאַמענירנ־

דיקע פּראָפֿעסאָרן. אין סתּירה צום געזעץ האָט דער פּעטערבורגער אוניווערסיטעט אים אָנגענומען פֿאַר אַ סטודענט. ער האָט אויסגעפֿונען אַ נײַע שיטה אין לאָגאַריט־מען. צבֿי הכּהן ראַבינאָוויטש האָט עס שפּעטער איבערגעזעצט פֿון פֿראַנצייזיש אויף העברעיִש א״נ „לוחות המגבילים״. דער רוסישער פֿינאַנס־מיניסטער האָט אים באַשטימט פֿאַרן רעוויזאָר פֿון דער מלוכה־קאַסע. 1879 איז ער אַרויס פֿון הויז און נעלם געוואָרן. מען מיינט, אַז עמעצער פֿון זײַנע שונאים האָט אים דערהרגעט. געווען נאָך גאַנץ יונג.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — א.א. פֿרידמאַן, ספֿר הזכרונות, ת״א, תרפ״ו, ע׳ 91; ספֿר האישים, ת״א, תרצ״ז, ע׳ 548; אנציקלופדיה של הציונות הדתית, ת״א־ירושלים, תשי״ח, ע׳ 235; א. דיינאַרד, זכרונות בת עמי, ב׳, נוי אָרלעאנס ע׳ 65; אהלי שם, 83, 101, 204, 312.

תּולדות אנשי שם (ראַנד), ע׳ 48, 111; ד. תּדהר, אנציקלופדיה לחלוצי הישובֿ ובוניו. ע׳ 764, 1206; חכמי ישׂראל באַמריקא, ע׳ 45; לקורות עיר קיידאַן ורבניה, ע׳ 6; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 6983; יהדות ליטא, ג׳. Black Book.

## צײַקישאָק CEKIŠKĖ

קאָוונער קרײַז. ייִדן זײַנען דאָ געווען שוין אין מיטן פֿופֿצנטן יאָר־הונדערט. דאָס איז געבליבן, משמעות, אַ פֿאַרבײַגייענדיקער עפּיזאָד. אַנדערש וואָלט ניט מעגלעך געווען, אַז הונדערטער יאָרן שפּעטער זאָלן ניט האָבן געבליבן שפּורן פֿון זיי. די פֿאַקטישע דאַטע פֿון אַ באַשטענדיקן און זיך אַנטוויקלענדיקן ייִדישן יישובֿ דאַרף מען רעכענען פֿון דריטן אָדער פֿירטן פֿערטל פֿון אַכצנטן יאָרהונדערט.

פֿאַרן ערשטן וועלטקריג האָבן דאָ געלעבט בײַ 800 ייִדן, אין 1923 — 324 און פֿאַרן חורבן — אַרום 250. פֿאַרן גירוש־ליטע אין אַפּריל 1915 האָבן סאָלדאַטן און פּויערים פּאָגראָמירט די ייִדן.

ייִדן האָבן זיך פֿאַרנומען מיט קרעמערײַ, קליינהאַנדל, מלאכה. גערטנערײַ און סעדערײַ זײַנען געווען אַ וויכטיקער פּרנסה־מקור פֿון טייל צײַקישקער ייִדן. אַ גרויסער קלאַפּ פֿאַר דער ייִדישער עקאָנאָמיק אין צײַקישאָק איז געווען די גרויסע שׂריפֿה אין 1887, ווען גאַנץ שטעטל איז אַראָפּ מיטן פֿײַער, אַחוץ דרײַ ייִדישע הײַזער. דער גלח א.ק. ווײַטקאָוויטש און פּריץ א. מיקוצקי האָבן געהאָלפֿן די נשׂרפֿים.

אין אַ רשימה פֿון 1871 — אין דער צײַט פֿון גרויסן הונגער אין טיילן פֿון ליטע — געפֿינען זיך די נעמען פֿון צײַקישקער מנדבֿים פֿאַר ייִדישע הונגער־לײַדנדיקע אין לאַנד, געשיקט צום ייִדישן הילף־קאָמיטעט אין מעמל. די קלײַבערס: נחמן שלעזינגער, ישׂראל סגל.

**רבנים.** — ר׳ צבֿי־הירש (ר׳ הירשל) בר׳ שבתי, געבאָרן אַרום 1770. דאָ רבֿ פֿון אַרום 1800. ניפֿטר געוואָרן אַרום

1840 אין צײַקישאָק. זײַן אייניקל ר׳ דובער שיינפֿעלד (ר׳ בערציק מאירס), 40 יאָר ר״מ אין ראַסיין. שיינפֿעלדן האָט מען גערופֿן „המדקדק הנפֿלא״.

ר׳ דוד בר׳ מרדכי קאַצענעלענבויגן, אב״ד צײַקישאָק,[1] סרעדניק, ווילקי.

ר׳ יהודה ליב־משה הלוי סירקין, אַרום 1850ער. אויך רבֿ אין ציטעוויאַן, ריטעווע, סעלץ און וויסאָקי. ניפֿטר געוואָרן 1885. מען האָט אים גערופֿן „ר׳ לייבציק חריף.״ מחבר פֿון **סערות תימן.** זײַן פֿאָטער ר׳ צבֿי־הירש, ר״מ אין קיידאַן.

ר׳ אַבֿרהם בר׳ דובער הכהן לעווינטאַל, פֿון 1869 ביז זײַן פּטירה אין 1894.[2] זײַן אײדעם ר׳ ישׂראל סאָבעלמאַן.

ר׳ אַבֿרהם גאָרדין, פֿון 1903; ר׳ יעקבֿ אַבראַמאָוויץ, פֿון די 1920ער. געווען רבֿ אויך אין וואָרנע; ר׳ שמואל־זאבֿ מלמד, בעל **נחלת שמואל**, הי״ד.

מו״צ: ר׳ יוסף עליאַשבערג, אויך אין רומשישאָק. אויף די עלטערע יאָרן עולה געווען קיין ארץ־ישׂראל; ש״ץ ושו״ב: ר׳ חנוך־זונדל סינגער, פֿריִער אין דוסיאַט און אַבעל.

צווישן 1842 און 1880 זײַנען דאָ געווען 29 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

אויף אַ מצבֿה פֿון 1880 אויף אַן אַלטן בית־עולם אין ירושלים איז דאָ: מרדכי בר׳ אברהם מצאיקישאָק, תר״ם.

**אָפּשטאַמיקע.** — ר׳ מרדכי עליאַשבערג, דאָ געבאָרן אין 1817, רבֿ אין זעזמער און בויסק (לעטלאַנד). איינער פֿון די השפּעהדיקסטע חיבת־ציון־דענקערס. הרבֿ ר׳ אַבֿרהם־יצחק קוק האָט געשריבן, אַז זײַנע „השקפֿות על עתידות האומה ותקוותיה״ זײַנען שטאַרק באַווירקט געוואָרן פֿון הרבֿ עליאַשבערגס אידייען. אחד־העם האָט געשריבן אין זײַן **על פּרשת דרכים**, אַז הרבֿ עליאַשבערג איז „איינער פֿון די גרויסע רבנישע חלוצים פֿאַר ישובֿ ארץ־ישׂראל״ און אַז זײַן „**ספֿר שבֿיל הזהבֿ** [וואַרשא, תרנ״ז] איז מערער ווערט ווי אַ קאָלאָניע אין ארץ־ישׂראל.״ האָט אויך אַרויסגעגעבן אַ ספֿר שו״ת **תּרומת יד** (ווילנא, תרל״ה). אין **המגיד** (תּרכ״ט) האָט ער געשריבן אַ רעוואָלוציאָנערן אַרטיקל (אונטערן פּסעוודאָנים מַבי״ע [מרדכי בן יוסף עליאַשבערג], אַז ניט דאָס פֿעלן פֿון השׂכּלה איז שולדיק אין ייִדישן מצבֿ, נאָר דאָס אומנאָרמאַלע עקאָנאָמישע לעבן פֿון די ייִדן, און גערופֿן צו שאַפֿן שולן צו

---

1) אזוי לויט משה מאַרקאָוויצעס **לקורות עיר ראַסיין ורבניה**, ע׳ כ״ח. אָבער אין **ספֿר זכּרון קיידאַן** (ת״א, 1977), ווו די קאַצענעלענבויגנס ווערן געגעבן זייער געניוי און אָפּגעהיט, איז דאָס ניטאָ.

2) אַזוי לויט **המליץ** (1894). **יהדות ליטא**, ג׳ (ע׳ 342), גיט, אַז פֿון 1872 איז דאָ געווען רבֿ ר׳ אליהו גאָרדאָן, אָבער אויף ע׳ 37 ווערט צײַקישאָק ניט אַרײַנגערעכנט אין זײַנע רבנות־שטעלעס — און דאָס איז טאַקע ריכטיק. ווי האָט ר׳ אליהו געקענט ווערן 1872 רבֿ אין צײַקישאָק, ווען ר׳ אַבֿרהם לעווינטאַל איז דאָרטן געווען רבֿ 25 יאָר ביז 1894. — איינער אַ ר׳ אליהו בר׳ יצחק איז דאָ זיכער געווען רבֿ, מסתּמא פֿאַר ר׳ אַבֿרהם לעווינטאַל. אין דער הקדמה פֿון חיים בכּרך׳ס **זכרון חיים** (ווילנא, תּרמ״ט) זאָגט זיך: „שארי ובשׂרי ר׳ אליהו בר׳ יצחק היה רבֿ ואב״ד פּה״ [צײַ־קישאָק].

לערנען יידישע קינדער מלאכה. ניפטר געוואָרן 1889 אין בויסק.

ר׳ דובֿ־אַריה לעווענטאַל, דאָ געבאָרן אין 1864.[3] איבער 60 יאר רבֿ הכולל אין פילאַדעלפיע. מיטגרינדער פון ישיבֿה־אוניווערסיטעט אויפן נאָמען פון ר׳ יצחק־אלחנן. ניפטר 1952.

דוד־מתתיהו ליפמאַן, געבאָרן 1888 אין נעמאָקשט. 1925 געעפנט אַן אַפטייק אין צײַקישאָק, ווו געבליבן לעבן ביז זײַן אומקום אין 1941, הי״ד. געשריבן אַ סך אַרבעטן וועגן דער געשיכטע פון יידן אין ליטע אין די קאָוונער צײַטונגען **אידישע שטימע, דאָס וואָרט, הד ליטא, נתיבות**. מחבר פון **לתולדות היהודים בקובנה וסלבודקה** (קיידאַן, תרצ״א, תרצ״ד) און **לתולדות היהודים בליטא־זאמוט** (קיידאַן, תרצ״ד). ער פלעגט אָפט קומען צו זײַנע עלטערן אין נעמאָקשט, ווו איך האָב אים געטראָפן אין 1930, ווען איך בין דאָרטן געווען אַ לערער. ער האָט מיר געוויזן אַ טייל פון זײַן אָנגעזאַמלטן גרויסן ביאָגראַפישן מאַטעריאַל וועגן גדולים אין ליטע, דאס אַלץ איז חרובֿ געוואָרן.

קאָרעספּאָנדענטן אין **המליץ** זײַנען געווען: ראובֿן מילעצקי, אליהו גורלאַנד.

**ביבליאָגראַפיע.** — המגיד, 1872: 12; המליץ, 1887: 152; 1894: 58; ש.ל. ציטרון, תולדות חִבת ציון. אודיסא, תרע״ד, ע׳ 163; י. ניסנבוים, הדת והתחיה הלאומית. ווילנא, תר״פ; ד.מ. ליפמאן, לתולדות היהודים בקובנה וסלבודקה. קידאַן, תרצ״א, ע׳ 164.

הרב מרדכי עלישברג. ירושלים, תרצ״ו, ע׳ ז׳, י״א ועוד; מ.מ. ישר, דאָס לעבן און שאַפן פון חפץ חיים. נ״י, תש״ו, ע׳ 128; אהלי שם, ע׳ 312; תולדות אַנשי שם (ראנד), ע׳ 72; חלקת מחוקק, מחברת ג׳, כ״ח; קרסל, 1; אלה אזכרה, ה׳; לקורות עיר ראַסיין, ע׳ ו׳, כ״א, כ״ח; ילקוט מערבֿי, שנה א׳, ע׳ 41; ספֿר הפרענומעראַנטן, 6986; יהדות ליטא, ג׳.

Jewish Encyclopedia, V., p. 111; Black Book.

3) אַזוי לויט **תולדות אנשי שם** (ראַנד), ע׳ 72. לויט יהדות ליטא, ג׳, ע׳ 61 — געבאָרן אין סרעדניק.

# ק

## קאָוואַרסק KOVARSKAS

ווילקאָמירער קרייַז. דער אָנהייב פֿון אַ ייִדישן ייִשובֿ דאָ איז אַרום סוף אַכצנטן יאָרהונדערט. פֿאַרן ערשטן וועלט־קריג האָבן דאָ געוווינט בײַ 800 ייִדן. אין 1915 האָבן די ייִדן דורכגעמאַכט גירוש־ליטע. אַ העלפֿט פֿון שטעטל איז דעמאָלט אַראָפּ מיטן פֿייַער. אין 1923 האָבן דאָ געלעבט 436 ייִדן און פֿאַרן חורבן — אַן ערך 350.

אין 1883 איז דאָ געווען אַ גרויסע שׂריפֿה. דער פּריץ טשיטשינסקי האָט געהאָלפֿן די נשׂרפֿים.

צווישן 1891 און 1892 זײַנען דאָ געווען 21 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

אין אַ רשימה מנדבֿים פֿון 1909 צו העלפֿן בויען ארץ־ישׂראל געפֿינען זיך עטלעכע קאָוואַרסקער: מ. לוריא, מנחם־אָשר העלמאַן, מאיר פּאַנאַווקי, שבתי־פּנחס שמידט, יוסף שקלאַר, שניאור־זלמן שיפּ־רין, שמואל־אליעזר לעווינסאָן.

אין אַ רשימה מנדבֿים פֿאַר ארץ־ישׂראל אין 1914 איז דער קלײַבער מ. לוריא.

די ייִדישע פּרנסות: מיסחר, מלאכה, קאַראַבעלניקערײַ.

**רבנים.** — ר׳ יהודה־לייב גרינ־שטיין, פֿון אַרום 1870. געווען אויך 16 יאָר געהילף־קאַזיאָנער ראַבינער. דאָ ניפֿטר געוואָרן 1898.

ר׳ ישׂראל־יהושע סגל, פֿון מיטן 1898. נאָך דער אויסגעבראָכענער מחלוקת וועגן נײַעם רבֿ, איז ער אַ קורצע צײַט געווען רבֿ אין ציטעוויאַן און צוריקגע־קומען, ווען שטאָט האָט געגעבן הרבֿ גרינשטיינס זון 600 רובל אָפּטריטגעלט. (דאָס ווערט באַשטעטיקט אין **המליץ** דורך אַ ריי חתימות). שפּעטער אב״ד וואָרנע און טרישיק.

ר׳ יוסף בר׳ אליהו־חיים קאַ־נאָוויץ, געבאָרן 1878 אין קאָשעדאַר. רבֿ אין שאַדעווע, פֿון 1907 אין קאָוואַרסק, 1915 אין עליזאַבעט (אַמעריקע), 1919 אין טרענטאָן און 1924 אין ניו־יאָרק. איידעם פֿון רידבֿ״ז (ר׳ יעקבֿ־דוד ווילאָווסקי), אב״ד סלוצק. בעל **דבֿרי יוסף** (נ״י, תּש״ז).

ר׳ חיים בר׳ אליעזר רודניא, גע־באָרן 1867. פֿון 1896 רבֿ אין באָלניק, 1910 שוין געווען דאָ רבֿ.

ר׳ אַבֿרהם־אַבא קריגער, געבאָרן 1876. 1913 שוין געווען דאָ רבֿ. אייניקל

פֿון ר׳ לייב, אב״ד פּאָקראָי. אין **מאסף דרושי** פֿון ח. סאַגאַלאָוויץ דאָ זײַנס אַ מאמר.

ר׳ שלמה־זלמן־טוביה מאַר־קאָוויץ, געבאָרן אלול תּרמ״ח אין ראַסיין, שפּעטער רבֿ אין אינטוריק (ביז 1925), לעצטער רבֿ פֿון אַנטאַליעפּט. אומגעקומען 1942 אויפֿן נײַנטן פֿאָרט פֿון קאָוונע. זון פֿון ר׳ משה, בעל **שם הגדולים השלישי.**

ר׳ דובער שניצער, פֿריִער סימנע, דערנאָך קאָוואַרסק, הי״ד. זיין ברודער ר׳ משה שניצער, ש״ץ ושו״ב אין לויקעווע.

ר׳ דובֿ סוקמאַנסקי, הי״ד.

1899 איז ר׳ אַבֿרהם־חיים פֿראַם דאָ געווען מו״צ ושו״ב און ר׳ יצחק־אָשר — שו״ב.

**ניכבדים.** — ר׳ משה־מיכל בהרה״ג דובער ראַבינאָוויץ, ר׳ ירחמיאל שמיט, ר׳ יחזקאל פרײַנד, ר׳ ברוך־דובֿ בר׳ גרשון גינצבורג, ר׳ שמואל פֿראַמער, ר׳ יעקבֿ קוואַס, ר׳ חיים לאַנד, ר׳ ישׂראל פֿראַמער, ר׳ יחיאל קלאַצקאָ, ר׳ אַבֿרהם כּץ, ר׳ שניאור יפֿה, ר׳ ישׂראל סגל, ר׳ זאבֿ ריכלינג, ר׳ יוסף לוריא, ר׳ יהודה־לייב גאָלדמאַן, ר׳ גוטמאַן קלאַצקאָ, מיטגליד פֿון „אופּראַווע״.

דער ייִדיש־העברעיִשער שרײַבער אליעזר היימאַן איז דאָ געבאָרן אין 1910. פֿון 1920 געלעבט אין קאָוונע. האָט שטודירט יוריספּרודענץ אין קאָוונער אוניווערסיטעט. פֿון 1926 פֿאַרעפֿנטלעכט דערציילונגען און ליטעראַרישע אַרטיקלען אין די קאָוונער צײַטונגען **די אידישע שטימע, דאָס וואָרט, פֿאָלקסבלאַט** און אין די ליטעראַרישע אויסגאַבעס אין ליטע: **מיר אַליין** (1928), **שליאַכן** (1932), **בלעטער** (1938), **רינגען** (1940) א״אַ. אין יאָר פֿון דער סאָוועטישער אָקופּאַציע געשריבן דערציילונגען אין **עמעס** (קאָוונע, ווילנע). היימאַן מאָלט מיט אַ וואָרצלדיק לשון די וואָרצלדיקע דאָרף־ייִדן אין ליטע, ווי אויך די ליטווישע פּויערים און די נאַטור. מחבר פֿון דער היסטאָרישער דערציילונג **אַבֿרהם מאַפּו** (קאָוונע, 1937). אומגעקומען 1944 אין קאָוונער געטאָ (פֿאַרברענט געוואָרן אין אַ בונקער) מיט זײַן פֿרוי צפּורה, הי״ד.

יהודה בן משה אליהו זילב האָט געשריבן קאָרעספּאָנדענציעס אין **המליץ.**

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המליץ, 1898: 108, 153; 1899: 224; חשבון הנדבות, 1909, ע׳ 114; 1914, ע׳ 47; אהלי שם, ע׳ 161, 162; תּולדות אנשי שם (ראַנד), ע׳ 111; קמזונס יהדות ליטא; לקורות עיר ראַסיין ורבניה, ע׳ כ״ט; יהדות ליטא, א׳, ג׳; ספֿר הפּרענומעראַנטן, Black Book .7051

## קאַזלאָווע־רודע

קליינער ייִדישער ייִשובֿ, ניט ווײַט פֿון קאָוונע. אין מיטן נײַנצנטן יאָר־הונדערט און אויך אין דער אומאָפּהענ־גיקער ליטע האָבן דאָ געלעבט אַ פּאָר צענדליק ייִדישע מישפּחות. אין 1894 האָבן פּויערים דערהרגעט די גאַנצע מישפּחה פֿון

שענקער יוסף לעוויטאַנסקי. אין „המליץ" איז דאָ אַ גאַנצע רשימה בײַשטײַערערס פון דאָזיקן ייִשובֿ פֿאַרן א"י־אויפֿבוי. אַרום 1910 איז דאָ געווען רב ר׳ שמואל יוסף גויכבערג, פֿריִער רב אין נײַשטאָט־שירווינט און וויסאָקי־רודע. אין **פּסקי הגר"א** (ווילנא, 1875) איז דאָ איין פּרע־נומעראַנט פֿון שטעטל.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — אהלי שם, ע׳ 63; המליץ, 1898: 68.

# קאַלוואַריִע

# KALVARIJA

מאַריאַמפּאָלער קרײַז. ייִדן האָבן דאָ געלעבט אין לעצטן פֿערטל פֿון זיבעצנטן יאָרהונדערט, און אפֿשר נאָך פֿריִער אַ ביסל. שוין אין 1713 האָבן די ייִדן אָנגעהויבן בויען אַ שול — אַ סימן, אַז קאַלוואַריִע איז שוין געווען אַן אײַנגעפֿונדעוועטע קהילה מיט צענדליקער יאָרן פֿריִער. אין זעלביקן יאָר האָבן ייִדן אויך באַקומען אַ דערלויבעניש פֿון קעניג אויגוסט דעם צווייטן פֿאַר ייִדישע האַנטווערקערס זיך צו אָרגאַניזירן לויט זייערע פֿאַכן, ניט זײַענדיק געצוווּנגען צו ווערן מיטגלידער פֿון די קריסטלעכע צעכן. אין יענעם יאָר האָט ער געגעבן די ייִדן פֿון קאַלוואַריִע אַלע רעכט פֿון די ייִדן אין ליטווישן פֿירשטנטום. אינעם קעניגלעכן דעקרעט ווערט אויך געזאָגט, אַז אַלע [קריסטלעכע] צעכן פֿון שנײַדערס, קירזשנעס, שלאָסערס [א"א] אין קאַלוואַריִע האָבן ניט קיין רעכט צו פֿאָדערן אָפּצאָלן פֿון די ייִדישע בעלי־מלאכות, און עס ווערט נאָך צוגעגעבן, אַז וועגן דעם „האָט זיך משתּדל געווען דער אומגלייביקער אָבער געטרײַער דינער פּנחס איזאַקאָוויטש". (פֿון די אַקטן פֿון ווילנער אַרכעאָגראַפֿישער קאָמיסיע).

סוף זיבעצנטן יאָרהונדערט טרעפֿן מיר דאָ שוין אַ רבֿ, וואָס האָט געפֿירט זײַן רבנות צענדליקער יאָרן.

אין 1766 האָבן דאָ געלעבט 1055 ייִדן. אין 1797 איז די צאָל תּושבֿים געווען 2705, די מערסטע פֿון זיי ייִדן, אין 440 הײַזער, די גאַסן ניט ברוקירט. אין 1897 האָבן דאָ געוווינט 3581 ייִדן, 9378 קריסטן,[1] אין 1923 — 1233 און פֿאַרן חורבן — אַרום 1000.

אין 1803 איז דאָ אויפֿגעבויט געוואָרן אַ נײַער בית־מדרש.

1810 זײַנען געקומען ייִדישע דעלעגאַטן פֿון כּמעט אַלע דעפּאַרטאַמענטן אין וואַרשעווער פֿירשטנטום בעטן בײַ דער מאַכט צו פֿאַרקלענערן די שטײַערן.

1) אין יהדות ליטא, ג׳, ע׳ 349, זײַנען אַרײַנגעפֿאַלן טעותן אין די ציפֿערן פֿון 1865, 1897 און 1914.

דעלעגאַט פֿון קאַלוואַריִע — לייב אַראָ־נאָוויטש.

קאַלוואַריִע ליגט גאַנץ נאָענט פֿון דער דײַטשישער גרענעץ, דעריבער איז עס געווען איינס פֿון די ערשטע שטעטלעך אין ליטא פֿון ייִדישער עמיגראַציע. אין אַ רשימה פֿון 4 ייִדן אין ריטשמאָנד (ווירדזשיניאַ) פֿון 1855 איז דאָ דער קאַלוואַריִער מ. לאַזאַרוס. אין די יאָרן 1863־1865 זײַנען געקומען עטלעכע הונדערט קאַל־וואַריִער קיין ניו־יאָרק. אַ טייל פֿון זיי זײַנען אַוועק קיין שיקאַגאָ, ווו זיי האָבן געשאַפֿן אַ שול, וואָס האָט זיך פֿאַראייניקט מיט אַ צווייטער שול פֿון ליטוואַקעס א״נ „בימ״ד הגדול ובני יעקבֿ". אין אַ רשימה עמיגראַנטן קיין אַמעריקע אין 1869 זײַנען דאָ די קאַלוואַריער: ס. אײַזענבערג, י.ל. אײַזענבערג, א. באַראַנסקי, מ. בערדאָווסקי, ה. בערנשטיין, ס. גאָרדאָן, ס. כאַמנער, ל. ווינגאָבארסקי, ג. זילבערשטיין, ר. מיטניץ, י. קאָהן, מ. ריינהאַרץ.

אין רשימות מנדבֿים פֿון 1872 און 1876 פֿאַר ייִדישע געליטענע אין ליטע זײַנען דאָ קאַלוואַריִער (המגיד).

פֿאַר סוכּות 1914 — אין ערשטן וועלטקריג — האָט גענעראַל רענענקאַמפּף באַפֿוילן אַלע ייִדן פֿון קאַלוואַריִע — אויך אַלטע און קינדער — אַרויסצוגיין אַרבעטן אויף די שאָסייען, ווי אַ שטראָף פֿון ייִדישן „שפּיאָנאַזש" פֿאַר די דײַטשן.

מבֿינים זאָגן, אַז די ערד אין קאַלוואַריִער געגנט איז איינע פון די בעסטע אין דעם ווײַטן אַרום און פֿלעגט געבן די בעסטע גערעטענישן. קאַלוואַריִע האָט אַ מאָל (פֿון 1866) געהערט צו דער סוּוואַלקער גובערניע, און וועגן איר האָט געשריבן פּראָפֿ' ב. ברוצקוס, איינער פֿון די מומחים אין די דאָזיקע ענייַנים, אַז זי „צייכנט אויס מיטן העכסטן פּראָצענט ייִדן, וואָס זײַנען באַשעפֿטיקט בײַ לאַנדווירט־שאַפֿט. דאָ האָבן אַ סך ייִדן — און ניט נאָר דאָרף־ייִדן — נאָר אויך שטאָטישע (קאַל־וואַריִע, מאַריאַמפּאָל, ווילקאָווישק) מער אָדער ווייניקער באַטײַטיקע שטיקער לאַנד. דאָ איז אויך שטאַרק אַנטוויקלט ייִדישע גערטנערײַ." דער תּבֿואה־עקספּאָרט פֿון לאַנדווירטשאַפֿטלעכע פּראָדוקטן (פּוטער, קעז, עופֿות א״אַ) האָט פֿאַרנומען דעם אייבנאָן אין ייִדישן מיסחר.

אַרום קאַלוואַריִע זײַנען געווען גרויסע טאַבאַק־פּלאַנטאַציעס פֿון קראָנזאָן, סאַלאָמאָן און אַנדערע קאַלוואַריִער. קריינגל און זײַנע זין האָבן געהאַט אַ בינפֿאַרעם און אַ פֿאַבריקל צו פּראָדוצירן קינסטלעכע וואַקסגעוועבן. אין 1897 זײַנען אַ סך ייִדן געווען באַשעפֿטיקט מיט אײַנברעכן שטיקער ערד צו זייען גרינסן און עקספּאָרטירן עס קיין דײַטשלאַנד. און די טראַדיציאָנעלע ייִדישע פּרנסות קרעמערײַ און מלאכה האָבן פֿאַרנומען זייער אָרט אין דער היגער ייִדישער עקאָנאָמיק.

דער דערבײַיִקער הויף זיגמונ־טאָווע האָט געהערט צום פּאָליאַק זיגמונט גוט. ער האָט געטאָן ייִדן אַ סך טובֿות, געגעבן אויך ייִדן אַרבעט אין זײַן הויף. ווען ער איז געשטאָרבן 1881, זײַנען ייִדן פֿון שטעטל געקומען צו זײַן לוויה.

קאַלוואַריִע איז געווען אַ פֿאַר־שיקאָרט פֿאַר משוגעים פֿון גאַנץ ליטע. אַהין זײַנען אויך פֿאַרשיקט געוואָרן פֿאַרברעכערס. די ליטווינער זאָגן, אַז דאָס קומט פֿון די צוויי ווערטער Kaltas Varyti (שולדיקע צונויפֿטרײַבן).

**שולן, מוסדות.** — ווי אַ שטאָט נאָענט צו דער פּרײַסישער גרענעץ, האָט די השׂכּלה זיך גיך אַרײַנגעריסן אַהער. שוין אין 1842 האָט דאָ געגעבן „שטונדן" קלמן שולמאַן, באַרימטער שרײַבער און משׂכּיל בשעתו. 1858 איז דאָ געעפֿנט גע־וואָרן אַ יידישע קרוינשול. 1863 האָבן זיך דאָרטן געלערנט בײַ 100 קינדער, ייִנגלעך און מיידלעך. דער לערער־פֿאַרוואַלטער צבֿי לעווענטאַל. 1868 האָט וויזיטירט די שול דער בילדונג־מיניסטער גראַף טאָל־סטאָי, אין דער באַגלייטונג פֿון דירעקטאָר סאַלטאַנאָווסקי. דער מיניסטער האָט גע־געבן אַ „נאַגראַדע" (אויסצייכענונג) לע־ווענטאַלן פֿאַרן גוטן סדר אין שול. 1871 האָבן 15 ייִדישע קינדער געלערנט אין די גימנאַזיעס פֿון מאַריאַמפּאָל און סוואַלק.

1876 איז דאָ געשאַפֿן געוואָרן אַ פּריוואַטער בית־ספֿר. די גרינדערס: שניאור מ"ץ, מאיר גאָלדשטיין, אַהרן שוחט, יעקבֿ־מאיר אָליצקי, דובער פּאַקושעווסקי. הויפּטלערער: תּנחום ראָזענצווײַג [ראָזענ־טאַל?], אויף תּנ"ך, לשון־קודש, דיקדוק. פֿאַר דײַטש, רוסיש — פֿייגענזאָן, בלומענ־זאָן און צוויי מלמדים.

סוף 1880ער און אָנהייב 1890ער איז דאָ געווען לערער אַבֿרהם־צבֿי פּאַלניצקי, פֿריִער לערער אין סייני. אין **המליץ** (1885: 38) האָט ער אַן אַרטיקל וועגן השׂכּלה. אין מ.י. פֿרידס **ימים ושנים** (ז' 82) איז דאָ אַ לענגערע שילדערונג וועגן אים.

אָנהייב צוואַנציקסטן יאָרהונ־דערט האָט דאָ עקסיסטירט אַן אַלגעמיינע ייִדישע שול. אין איר האָבן זיך געלערנט ייִנגלעך און מיידלעך.

אין תּלמוד־תּורה זײַנען אין 1866 געווען 8 מלמדים, אין 1884 — 9 מלמדים מיט 150 קינדער. אין 1883 האָט מען אָנגעהויבן לערנען לשון־קודש און דיקדוק אין דער תּלמוד־תּורה.

*

אויפֿן אָרט פֿון אַלטן בית־הכּנסת האָט מען פֿון 1795 אָנגעהויבן בויען אַ נײַע שול, וואָס איז פֿאַרענדיקט געוואָרן אין 1803. דאָרטן זײַנען געמאַכט געוואָרן אַ סך מאָלערײַען פֿון חיות און פֿייגל, די קונסט־אַרבעט פֿון יעקב בן שלמה, איינער פֿון די קהילה־מנהיגים.

אין בית־הכּנסת אונטן זײַנען געווען צוויי קלויזן: פֿון חבֿרה תּהלים און חבֿרה־קבֿרנים. אין הויף פֿון בית־כּנסת איז געשטאַנען אַן אַלטער בית־מדרש. אין 1865 האָט מען אויסגעבויט אַ מויערנעם בית־מדרש, אַ נדבֿה פֿון שׂרה בראָכעס, פֿרוי פֿון עזריאל סאָבעלאָוויץ. אין בית־מדרש פֿון רעכטס איז געווען אַ חבֿרה גמ"ח, לינקס — קלויז פֿון „הכנסת־כּלה". אין בית־מדרש זײַנען געווען דרײַ צימערן פֿאַר אַ תּלמוד־תּורה.

אויסער דעם זײַנען געווען נאָך קלויזן: אויפֿן נאָמען פֿון הרבֿ ר׳ לייבעלע ברוידא, וואָס ער האָט אַליין אויסגעבויט אין זײַן הויף; אויפֿן נאָמען פֿון פֿורמאַנסקי, עזריאל ווינטערבערג, מרדכי מרגליות.

חברות: סומך נופֿלים, תּהלים, מעדכען פֿעראיין (צו העלפֿן אָרעמע קראַנקע), חבֿרה קדישא, משניות, ש״ס (נאָך געהאַט פּנקס פֿון תּקנ״ו [1796], ביקור־חולים, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין 1886, ווו עס זײַנען טעטיק פֿרוי סאָלאָווייטשיק און פֿריילן ראַגאָראָדסקי.

**ארץ־ישׂראל.** — קאַלוואַריִע איז פֿאַרבונדן מיט ארץ־ישׂראל נאָך פֿאַרן אויפֿקום פון חיבת־ציון. דאָס איז צו זען פֿון די ווײַטערדיקע מצבֿות אויף אַן אַלטן בית־עולם אין ירושלים:

משה ראובן בר׳ זאב, תּרכ״ז.

רבקה בת הרב זאב מקאַלוואריא, תּרל״א.

יצחק אהרן בר׳ אברהם ליכט, תּרל״ג.

באדנע א״ר [אשת ר׳] זרח הכּהן, תּרל״ד.

שמעון בן צבי זאב מקלווריע, תּרל״ז.

גרשון נפתּלי הערץ בן לאותו צדיק מוה״ר ר׳ יעקב מקאלווריע, תּרמ״ג [אויפגע־שטעלט בימ״ד „אור החיים״].

חיים משה ליב כּהנא, תּר״ן.

אליעזר בר׳ אהרן מקלווריע, תּרנ״ד.

אין דער סוּוואַלקער אגודה „יסוד המעלה״, וואָס איר ציל איז געווען צו קויפֿן ערד אין ארץ־ישׂראל זיך צו באַזעצן דאָרטן, זײַנען אויך געווען חבֿרים פֿון קאַלוואַריִע (איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין 1881).

משה־צבֿי לעווינזאָן, פֿון די ערשטע בויערס פֿון פּתח־תּקוה, איז דאָ געבאָרן געוואָרן אין 1848. 1867 איז ער מיט פֿרוי און קינד עולה געווען קיין ירושלים. ער האָט אָנגעהויבן רופֿן יידן צו ערדאַרבעט אין ארץ־ישׂראל. 1878 איז ער געקומען קיין אַמעריקע פֿרײַדיקן דעם געדאַנק פֿון לאַנדווירטשאַפֿטלעכע יישובֿים אין ארץ־ישׂראל. ער איז אָבער אַזוי אַנ־טוישט געוואָרן אין די יידן פֿון אַמעריקע, אַז ער האָט אָנגעזאָגט .זײַנע קינדער און קינדסקינדער זיי זאָלן ניט וואַגן צו עמי־גרירן אין יענעם לאַנד, און אויב עמעצער פֿון זיי וועט עובֿר זײַן אויף זײַן איסור, „וועט יענער ניט באַטראַכט ווערן ווי זײַנס אַ קינד״. ער איז אויך איינער פֿון די גרינדערס פֿון מאה שערים אין ירושלים און מחבר געווען דעם „ספֿר התּקנות״ פֿון דער דאָזיקער שכונה. געשטאָרבן אין 1910.

משה אַריה־כּהנא, געבאָרן 1814 אין קאַלוואַריִע, שפּעטער געלעבט אין סוּוואַלק. אַ תּלמיד־חכם, גבֿיר און שתּדלן. ווען ניקאָלײַ דער ערשטער איז געקומען אויף אַ וויזיט אין סוּוואַלק, האָט דער גובערנאַטאָר אים פֿאָרגעשטעלט פֿאַרן קייסער. 1881 עולה געווען קיין ירושלים.

1890 איז דאָ אָרגאַניזירט גע־וואָרן אַ סניף פֿון חיבת־ציון. גרינדערס: א. מרגליות, א.ל. פּאָליאַק, זב״ד ראַשיגאָלסקי. אַקטיוויסטן: שמעון לעוו, אָשר מרגליות. 1890 איז אָפּגעשיקט געוואָרן די סומע פֿון 400 רובל צום ועד אין אַדעס.

די היגע אגודת חובֿבֿי־ציון האָט

1896 געמאַכט א פאָרשלאָג צו קלײַבן חתימות אין יעדער שטאָט אויף אַ קאָלעקטיון בריוו צו באַראָן הירש אין פּאַריז, אַז ער זאָל אָנהייבן זיך עוסק זײַן מיט יישובֿ ארץ־ישׂראל.

1894 איז דאָ געשאַפֿן געוואָרן אַ חבֿרה פֿון יונגעלײַט „שוחרי תּושיה" צו לערנען השׂכּלה און אַרבעטן פֿאַר ארץ־ישׂראל.

אין אַ רשימה פֿון קאַלוואַריער „למען אחינו הקולונוסטים באה"ק" געפֿינען זיך: י.י. גינצבורג, ח. לעווי, י. הורוויץ, י.מ. אוליצקי, ד. ראַטנער, ד. פּאַקושעווסקי, י.ק. ראָמבערג, צ. קאַצאַצקי, ל. פּאָליאַק, חיה־אסתּר פּאָליאַק, ל. פּאָליאַק, י.א. מאַרשאַק, י.ל. אַראָנאָוויץ, ל. לעווינזאָן. קלײַבער: י. ריטענבערג.

אין אַ רשימת חבֿרים פֿון 1896 צו העלפֿן בויען ארץ־ישׂראל איז דער קלײַבער: הענעך שפּיגל.

אין אַ ליסטע בײַשטײַערערס פֿון 1909 פֿאַר א"י־בוי געפֿינען זיך 120 מנדבֿים פֿון קאַלוואַריע.

ד"ר יוסף יצחק, געבאָרן דאָ אין 1860. 1878 עמיגרירט קיין אמעריקע. פֿון די גרינדערס פֿון חובֿבֿי־ציון אין ניו־יאָרק. 1903 דעלעגאַט צום ציוניסטישן קאָנגרעס.

אײַזיק ספּעקטאַרסקי, אַ קאַלוואַריער, איז געווען אָרגאַניזאַטאָר פֿון דער ערשטער גרופּע חובֿבֿי־ציון אין אַמעריקע אין 1886.

*

קאַלוואַריִע איז געווען איינס פֿון די בערשטער־שטעטלעך אין סוּוואַלקער גובערניע. די יידישע בערשטערס זײַנען געווען פֿון די בעסט־אָרגאַניזירטע אַרבעטער־פֿאַראיינען אין ליטע. דער אויפֿטו איז געקומען אַ דאַנק דער טעטיקייט פֿון „בונד", וואָס האָט דאָרטן צוליב דעם געהאַט פֿעסטע פּאַרטייִש־געזעלשאַפֿטלעכע פּאָזיציעס. פֿון סוף נײַנצנטן יאָרהונדערט ביזן ערשטן וועלטקריג האָט דער „בונד" דאָ געפֿירט אַן אונטערערדישרעוואָלוציאָנערע אַרבעט און האָט אויך געשפּילט אַ ראָלע אין יידיש־געזעלשאַפֿטלעכן לעבן פֿון שטאָט. אין אַ קאָרעספּאָנדענץ אין דער בונדישער אויסגאַבע „פּאָסלעדניאַ איזוועסטיאַ" ווערט איבערגעגעבן, אַז אין דער גרויסער שול האָט אַנשטאָט „הנותן תּשועה" פֿאַרן צאַר אַן אַרבעטער איבערגעלייענט פֿון דער בימה דעם אויפֿרוף פֿון בונדישן צענטראַל־קאָמיטעט קעגן זשיטאָמירער פּאָגראָם.

**רבנים.** — ר' אַהרן ברודא, פֿון אַרום אָנהייב אַכצנטן יאָרהונדערט, פֿון דער מישפּחה פֿון מהר"ל מפּראָג. ניפֿטר 1798.

זײַן זון ר' אַריה־לייב ברודא, גלײַך נאָכן פֿאָטערס פּטירה. געווען אַן עושר, אָבער געגעבן צדקה בסתר דורך אַ גבֿיר. נאָך זײַן פּטירה אין 1839 האָט מען זיך דערוווּסט וועגן דעם. איינער פֿון די מסכּימים אויף ש"ס סלאַוויטא (1835) און **הלכות רב אלפֿס** (ווילנא, 1839). זײַנע ברידער ר' דובער, אבֿ"ד זאַבלודאָווע; ר'

זאבֿ־וואָלף, אב״ד סרעדניק; ר׳ בנימין, אב״ד גראָדנע.[2]

ר׳ שמואל בר׳ אליעזר, אַ הי־געבאָרענער, בעל **דרכי נועם** (קיניגסבערג, תּקכ״ד),[3] מיט הסכּמה פֿון ווילנער גאון.

ר׳ ישׂראל בר׳ דוד קאַצענעלענבויגן. פֿאָטער אב״ד אייראַגאָלע, קיידאַן, אה״ו (אַלטונא, האַמבורג, וואַנדסבעק).

ר׳ שלמה לאַנדא בר׳ נתן סג״ל, עטלעכע יאָר, דערנאָך אב״ד ווילקאָמיר, פֿון די תּלמידים פֿון ווילנער גאון. ניפֿטר כ״ה תּמוז, תּקמ״ו. האָט הסכּמה אויף **זרע יעקבֿ** אויף **תּהלים**. געחתמעט: „שלמה הלוי לנדא״. זין: ר׳ יוסף, אב״ד ראַגאָלע, ר׳ משה, אב״ד פּאָדזעלווע, ר׳ נתן, אב״ד לוקניק.

ר׳ אַריה־לייב (ר׳ לייבעלע) בר׳ מנחם־זונדל שאַפּירא, געבאָרן 1789. פֿריִער רבֿ אין וואַסילישאָק, איליע, סמאַר־גאָן און נאָך קאַלוואַריע אין קאָוונע, ווו געוועזן דער ערשטער רבֿ באַטיטלט צו ווערן אב״ד (די פֿריִערדיקע האָט מען גערופֿן נאָר מו״צ). דאָרטן ניפֿטר געוואָרן י״ז שבֿט, תּרי״ד. געקראָגן 1½ רובל אַ וואָך שׂכירות. 1849 אַוועק קיין קאָוונע, ווײַל ער האָט ניט באַקומען זײַן געבעטענע הוספֿה פֿון 15 קאָפּיקעס. עטלעכע תּשובֿות זײַנע געפֿינען זיך אין **אַפּריון דוד**, אורי דוד אַפּריון (איידטקוהנן, תּרל״ג). הספּדים: **ציון לנפֿש**, יוסף חבֿר (יוהאַניסבורג, תּרט״ז) און **שמע יעקבֿ**, יעקבֿ בן צבֿי (ליק, תּר״ב). זײַן פֿאָטער ר׳ חיים־אַבֿרהם, אב״ד סמאַרגאָן. זין: ר׳ לוי, אב״ד טרישיק, **עזשערעני**; ר׳ רפֿאל, אב״ד **עזשערעני**, ר״מ וואַלאָזשין; ר׳ שמואל־משה, אב״ד רעמיגאָלע, טרי־שיק, קורשאַן, באָברויסק.

ר׳ יהושע־אײַזיק בר׳ יחיאל שאַפּיראָ (ר׳ אײַזל חריף), געבאָרן 1801 אין גלובאָק (ווילנער גובערניע), **שפּעטער** רבֿ אין קוטנע, טיקטין, סלאָנים. געווען דאָ רבֿ נאָר אַ פּאָר יאָר. די סיבה: **ער איז נאָך** געווען זייער יונג, האָט די קהילה ניט נאָכגעגעבן זײַן פֿאָדערונג, אַז ער זאָל האָבן דעם טיטל אב״ד און ניט ראב״ד. ניפֿטר ג׳ טבת, תּרל״ג. זײַן זון ר׳ משה **שאפּיראָ**, רבֿ אין ווילקאָמיר און ריגע, זײַן איידעם ר׳ יוסף שלופֿער, רבֿ אין סלאָנים. חיבורים: **עמק יהושע** (וואַרשא, תּר״ב). מיט זײַן דאָזיקן ערשטן ספֿר, אָנגעשריבן אין קאַל־וואַריִע, איז ער גלײַך באַרימט געוואָרן אין דער תּורה־וועלט; **נחלת יהושע** (וואַרשא, תּרי״א, 2 חלקים); **שפֿת הנחל, אבֿי הנחל** (ביידע קעניגסבערג); **נועם ירושלמי** (ווילנא תּרכ״ג־תּרכ״ט, 4 חלקים); **עצת יהושע**

2) די ידיעות וועגן די ברודאס אין **יהדות ליטא**, ג׳, פֿאַלן ניט צונויף מיט אונדזערע, וואָס זײַנען באַזירט אויף דער מאָנאָגראַפֿיע **משפּחת ברודא**, פֿון ע.מ. ברודא.

3) צום נאָמען ווערט צוגעגעבן: „מק״ק קאלווריע״, אָן דער געוויינלעכער רבנישער באַצייכע־נונג: „החונה בק״ק״. דער מחבר גופֿא דערציילט: „אשר בנסיעתי מכאן [מגראדנא] לדור בק״ק קלווריע״. „לָדור״ מיינט ניט דווקא רבנות. אין אַן אַנדער אָרט איז דער נאָמען: שמעון־אליעזר פֿרידענשטיין, אָבער אין ספֿר איז קלאָר: שמואל בר׳ אליעזר.

(ווילנא, תרכ״ח): **מרבה עצה** (ווילנא, תר״ל); **מרבה תּבֿונה** (ווילנא, תרל״ב).

ר׳ אײַזל איז געווען אַ געוואַלדיקער בקי וחריף, דעריבער פֿלעגט ער אָפּט מבֿטל זײַן אַנדערע, אַפֿילו רבנים. עס זײַנען אַרומגעגאַנגען אַ סך שאַרפֿע, אָפּט גוט־שטעכיקע, ווערטלעך זײַנע. זאָלן דאָ פֿאַרצייכנט ווערן עטלעכע.

איינער איז אַ מאָל געקומען צו אים ריידן אין תּורה. ר׳ אײַזל האָט גלײַך געזען, אַז יענער איז ניט קיין גרויסער למדן, האָט ער אים געפֿרעגט: זאָגט מיר וואָס איז דער טײַטש „תּנו רבנן״? — יענער האָט זיך באַליידיקט: קינדער ווייסן דאָך דאָס — די רבנים האָבן געלערנט. ענטפֿערט ר׳ אײַזל: עס שטייט ניט רבנן תּנו, נאָר „תּנו רבנן״, תּחילה **תּנו**, דערנאָך רבנן, ניט פֿאַרקערט . . .

איין מאָל האָט אַן איש נכבד געבראַכט זײַן זון צו ר׳ אײַזלען אויף סמיכות. ער איז געווען זייער שוואַך אין לערנען, אָבער ר׳ אײַזל זאָגט צום פֿאָטער: דײַן זון איז ממש ווי גאָטס מלאך. דער פֿאָטער איז אַוועק אַ גליקלעכער. פֿאַר די אייגענע האָט ר׳ אײַזל אויפֿגעקלערט זייער שטוינונג: חז״ל זאָגן, אַז לא ניתנה תּורה למלאכי השרת . . . ער פֿלעגט אַרײַנזאָגן אויך זיך אַליין. זײַן שווער איז געווען ר׳ יצחק פֿײַן, האָט ער איין מאָל געזאָגט צו זײַנע באַקאַנטע: איר ווייסט פֿאַר וואָס מען רופֿט מיך „חריף״? ווײַל די ראשי־תּיבֿות מאַכן: חתן ר׳ יצחק פֿײַן.

חסידים האָבן אַ מאָל געזאָגט צו ר׳ אײַזלען: זעט דעם חילוק צווישן אַ מתנגדישן רבֿ און אַ חסידישן רבי, איר זײַט אַ גרויסער רבֿ, דאָך באַטראַכט אײַך קיינער ניט פֿאַר אַ בעל־מופֿת, אָבער אונדזער רבי איז באַקאַנט ווי אַ בעל־מופֿת. האָט ר׳ אײַזל געענטפֿערט: עס שטייט אין „דבֿרים״: „ונתן אליך אות או מופת״, זעט מען, אַז „אות״ פֿאָרט זיך ניט מיט „מופֿת״: ווער עס ווייסט אַן **אות**, ווייסט ניט פֿון קיין מופֿת, און ווער עס ווייסט אַ **מופֿת**, ווייסט ניט קיין **אות** . . .

צוויי מחברים זײַנען געקומען צו אים בעטן אַ הסכּמה אויף זייער ספֿר — איינער אַ פּירוש אויף **משלי**, איינער אַ פּירוש אויף **איובֿ**. ר׳ אײַזל האָט דורכגעבלעטערט די פּירושים און האָט געגעבן זײַן הסכּמה אויף **איובֿ**. פֿרעגט דער צווייטער: רבי, פֿאַר וואָס ניט אויף **משלי**? קריגט ער אַזאַ ענטפֿער: איובֿ האָט געהאַט אַזוי פֿיל צרות, וועט ער האָבן נאָך אַ צרה, אָבער וואָס האָט איר צו שלמה המלך, אַז איר ווילט אים געבן אַ פּעקל צרות?[4]

*

ר׳ מרדכי בר׳ אָשר קלאַטשקאָ (מעלצער, אויפֿן נאָמען פֿון זײַן שווער). געבאָרן 1797 אין ווילנע. אין קאַלוואַריִע פֿון 1852 ביז 1864. שפּעטער אין לידע, וווּ

---

4) לויט נפֿתּלי בן־מנחם, מוסמך אין רבני־שער ביבליאָגראַפֿיע, איז דאָ געווען רבֿ ר׳ חנוך־העניך (זיידע פֿון סלאַבאָדקער רבֿ ר׳ חנוך העניך איטלזאָן), שפּעטער רבֿ אין זאַבלודאָווע. אונדז איז ניט קלאָר אין וועלכער צײַט.

ניפּטר געוואָרן 1883. בעל **תּכלת מרדכי** ( ). האָט חידושי־תּורה אין **קהלת יצחק**, יצחק בר׳ ניסן (ווילנא, תּר״ס, ע׳ 24, 124), הסכּמה אויף **טורים** (הוצ׳ ווארשא, תּרכ״א).

ר׳ מרדכי הלוי האָכמאַן,[5] פֿון 1865, ניפּטר געוואָרן 1872. פֿריִער ראב״ד אין פּאַריז (אויך גערופֿן: ר׳ מרדכי פּאַריצער). מחבר פֿון פּאָפּולערן ליד:

ציון, ציון, עיר אלהינו —
מה גדול שִברך, מי ירפא לך.

אין **נבֿל עשׂור**, שירי ציון ממשוררים שונים (וואַרשא, תּר״ס) איז געגעבן דער „שיר מהרה״ג ר׳ מרדכי הלוי, אב״ד קאַלוואַ־ריִע״.

ר׳ דוד־שלמה מרגליות, בעל חדושי מהרשד״ם. געווען אַ שטיקל חסיד. צוליב מחלוֹקת געמוזט אַוועק.

ר׳ בן־ציון בר׳ אריה־לייב שטערנפֿעלד, געבאָרן 1835. פֿריִער אין ראָסי, מערעטש, שערשאָוו, איישישאָק, כּאַסלאַוויטש, און נאָך קאַלוואַריִע אין ביעלסק, ווו ניפּטר געוואָרן אין 1914. בעל **שערי ציון**, שו״ת (פּיעטרקובֿ, תּרס״ג), **שערי ציון** (וואַרשא, תּרפ״ג). האָט הסכּמה אויף **משנה ברורה** פֿון **חפֿץ־חיים** (תּר״ם).

ר׳ אליעזר־שׂמחה בר׳ מנחם־מענדל ראַבינאָוויץ, געבאָרן 1832 אין קאָוונע, רבֿ אין ראָגעווע, שאַדעווע, סוּוואַלק, לאָמזשע, קאַלוואַריִע (1887־1909), ווידער אַוועק קיין לאָמזשע, ווו ניפּטר געוואָרן אין 1911. ווען ס׳איז אַרויס די גזירה צו פֿאַרמאַכן אַלע חדרים אין רוסלאַנד, איז ר׳ אַבֿרהם־שׂמחה געווען איינער פֿון דער דריַי־דעלעגאַציע צו פֿאָרן קיין פּעטערבורג צו באַראָן גינצבורג, אַז ער זאָל זיך משתּדל זיַין אָפּצושריַיען די גזירה. (די אַנדערע צוויי: ר׳ שמואל מאָהעליווער און ר׳ יעקבֿ באַריט). ער האָט געקענט גוט רוסיש, געאָגראַפֿיע, היסטאָריע, אַלגעברע און אַנדערע חכמות. האָט הערות צו **הלכות ארץ־ישראל** (לאָנדאָן, תּר״ס). זיַין זון ר׳ יעקב, רבֿ אין ראַדווילישאָק און עדינבורג (ענגלאַנד). האָט הסכּמות אויף: **ספֿר המלואים**, יוסף שיינהאַק (וואַרשא, 1869); **עבודת עבד**, עזריאל זעליג בר׳ ישׂכר דובער (וואַרשא, תּרל״ז); **מלחמת אהרן**, אַהרן פֿרידמאַן (ווילנא, תּר״מ); **ונגש הכּהן**, הלל־דוד טריווש (ווילנא, תּרמ״ב); **קרני אור**, אלכּסנדר זיסקינד מהוראדנא (ווילנא, 1883); **בית אליקום**, אליקום געציל מאיר (וואַרשא, תּרמ״ו); **אור יצחק**, יצחק נח בהרבֿ מאיר (וואַרשא, תּר״ן); **דבֿרי נגידים**, יהודה ליב הכּהן ודוד מאיר קראַליאַוויעצקי (וואַרשא, 1894); **אגדות תּלמוד בבֿלי**, עפּ״י „פּרשת מרדכי״, א.מ. אלטשולער (וואַר־שא, תּרנ״ו); **תּורת חטאת**, עפּ״י „שלמי נדבֿה״, נתן נטע קלונימוס (וואַרשא, 1903); **חדושי אבֿ״י**, יהודה ליב אַניקסטער (שיקאַגאָ, תּרס״ד).

ר׳ זעליג־ראובֿן בענגיס, געבאָרן 1864 אין ווילנע. פֿון 1894 רבֿ אין באָדקי

---

5) אין **המגיד** (1865: 19) שריַיבט יצחק ריטענבערג: ר׳ מרדכי **שאַפּיראָ** הלוי, און ריטענבערג איז אַ גרויסער קענער פֿון קאַלוואַריִע, ווו ער האָט געלעבט לאַנגע יאָרן.

(גראָדנער גוב'), סמאָלענסק, 1915־1921, דערנאָך אין קאַלוואַריִע ביז 1938, ווען געוואָרן אבּ"ד עדת החרדים האַשכּנזים אין ירושלים, וווּ ניפטר 1953. חיבּורים: **לפלגות ראובן**. חידושים (תּרס"ו־תּ"ש, 6 חלקים), **לפלגות ראובן**. פּלפּולים (ירושלים, תּש"א־תּשי"ג, 5 חלקים). זײַן שווער ר' חיים־צבי ברודא, אבּ"ד זאַגער א"אַ.

ר' משה־יצחק בראַוער. פון 1894 רבֿ אין קורקלי, דערנאָך אין קאַל־וואַריִע, ווילקאָווישק און 13 יאָר אין סו־סיטי (אַיאָוואַ), וווּ ניפטר געוואָרן אין 1936. זיין זון ר' יהודה, געבאָרן 1891 אין ליגעמיאַן, רבֿ אין אַמעריקאַנער שטעט עקראָן, קענזעס־סיטי, לאָס אַנדזשעלעס און אין מעקסיקע־סיטי (1944, 1948).

ר' משה מעזיגאַל, געלערנט אין טעלזער ישיבֿה. 1940 דאָ געווען רבֿ.

**מו"צ, מ"מ.** — ר' יוסף־שלמה בר' פּנחס־זעליג, מו"צ וּמ"מ, אַרום סוף 18טן יאָרהונדערט. זײַן אייניקל ר' יהודה, מ"מ וּמו"צ אין דענעבורג; ר' ברוך בר' יעקבֿ הלוי. מען האָט אים גערופן „ר' ברוך אַלמער ספרים". ניפטר 1827.

ר' ראובֿן ראַבינאָוויץ, דיין פון די 1860ער ביז זײַן פּטירה. זון ר' נתן, דאָ געב' 1840, שו"ב וחזן אין טאָראָנטאָ. דאָרטן ניפטר 1899.

ר' אַרעלע [איינער פון זײַנע ברידער, הלל, ראַצקער מגיד, בעל „הילל בן שחר"].

ר' יצחק בר' ישׂראל לאַסקעס, ר' מנשה בר' יעקבֿ כּץ, ר' יעקל בר' קלמן, ר' טוביה בר' אַהרן, ר' אליעזר; ר' הענעך [אפשר איז דאָס דער חנוך־העניך פון פריִער].

ר' צבֿי בר' יוזל, ר' מרדכי אַבעלעס; ס'איז דאָ אַ צוואה פון ר' נתן נטע בר' אַבֿרהם וויטקין „שהיה דיין וּמו"צ בקאַלוואַריע מדינת רוסיא". געדרוקט אונטערן נאָמען **שמן לנר**. [אָ"י].

ר' יעקבֿ גוטקאָווסקי, געבאָרן 1870 אין סאָפּאָטקין, מו"צ 1896־1898, בעל **משנה לתלמידים** (לונדון, תּרפ"א), **קורות עם עולם** (לודז, תּרצ"ה), **קול יעקבֿ** (ת"א, תּש"ו). פון 1937 אין תּל־אבֿיבֿ. איידעם פון קאַלוואַריער אליהו וויטענ־בערג; ר' צבֿי־הירש יורעוויץ, מורה ודיין.

אין **הוי שודד** פון יהודה בר' ישׂראל איז דאָ אַ דרוש פון ר' שלמה המגיד דק"ק קלווריע.

**חזנים.** — טאַלאַצקי (1890), פון 1903 ר' יצחק גאָלדשמידט, שפּעטער אין אַמעריקע, קופּער.

אַ שײַכות מיט קאַלוואַריִע האָבן: י. חפץ, **מלאכת חרש** (ווילנא, תּרל"ה); מרדכי הלוי סג"ל, **נועם אחים** (ווילנא, תּרמ"ג); י.מ. טוקצינסקי, (ירושלים, תּרפ"ט).

צווישן 1830 און 1911 זײַנען געווען 192 קאַלוואַריִער פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספרים.

**אָפּשטאַמיקע.** — ר' אַבֿרהם־אַבעלי בר' ירמיהו, דאָ געבאָרן. געלעבט אין מיטן אַכצנטן יאָרהונדערט. מ"מ וּמו"צ אין סימנע. אויפן שער־בלאַט פון זײַן ספר

**סדר אַבֿרהם** (פֿראַנקפֿורט דאדר, תּקי״ב [1752] זאָגט זיך: „אַברהם אַבלי בן החסיד המקובל מהור״ר ירמיה' ז״ל ה״ה מק״ק קלווריעא״. אין הקדמה: „עובֿר ושבֿ ממקום למקום ומטולטל בנע ונד . . . להמציא מזון וטרף״. אַ צווייטער ספֿר: **מדבר סין** (דאָרטן, תּקכ״ט [1769]), אַ פּאָעמע פֿון העברעיִשע ווערטער, וואָס הייבן זיך אָן מיט שין (שׂמאלית).

יעקבֿ [יפֿה], בר' פּנחס מקל־וריע, **גופֿי הלכות** (וואַרשא, תּקפ״ב). אב״ד לודווינאָווע.

ר' שלמה־זלמן גוטשטאַדט, דאָ געבאָרן 1804. בעל **אמרי שלמה, דברי שלמה** (פ״פ דמײַן, 1866). געלערנט אין ווילנע און וואָלאָזשין, 1843 — לאָנדאָן, 1853 — פּאַריז. ניפֿטר 1888.

ר' יחיאל־מיכל בר' יהודא ליב מקאַלווריִע. חיבורים: **מרגניתא** (תּקנ״ו), **פּארי הלכות** (תּקנ״ח), **דרך המלך** (1798) — אַלע שקלאָוו. **הוי, שודד** (נאָווי דוואָהר, תּקס״ה). געבאָרן אין סלוצק.[6]

ר' יהודה בר' ישׂראל מקאַל־ווריעא, האָט הסכּמה אויף **דרך המלך**. ער גיט זיך אָן: יושבֿ על כּסא הוראה בק״ק דענעבורג וּמצ״פּ [ומצודתו פּרושה] במדינת איפֿלאַנד. מחבר פֿון **חבֿל יהודה** (ווילנא, תּק״ס).

ר' אליהו מרגלית, געבאָרן 1811. אַרום די 1850ער רבֿ אין **פּשעראָסלע**, סוּוואַלקער געגנט, שפּעטער אין ווישיי, ראַדון, ראַקישאָק. ניפֿטר 1867. זײַן זון ר' אָשר רבֿ אין ראַקישאָק, און זײַן זון ר' מרדכי, מו״צ אין אַליקסט, מחבר פֿון **סוגה בשושנים** (ווילנא, תּרנ״ד).

ר' חיים בייעלקעס, נדבֿן, גבֿיר. שווער פֿון ר' יהושע־העשל לעווין (געבאָרן ווילנע 1814), אב״ד פּראַגאַ, טיקטין, רבֿ פֿון עדת רוסיא אין פּאַריז און מחבר פֿון ספֿרים.

ר' יצחק בר' אליהו מרגלית, דאָ געבאָרן 1842. געלעבט אין מערעטש און קאָוונע און סוף 1870ער רבֿ אין דרוזגעניק. פֿון 1884 רבֿ אין שול „אנשי קלבֿריה״ אין ניו־יאָרק. אַ רבֿ אַ משׂכּיל. פֿון סוף 1860ער געדרוקט סעריעס מאמרים וועגן נאַטור־וויסנשאַפֿט און יהדות־פֿאָרשונג אין **המגיד, המליץ, השחר** און אַנדערע אויסגאַבעס פֿון דער העברעיִשער פּרעסע. ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן דער שאַרפֿער וויכּוח אַרום „תּקונים בדת״, איז ער אַרויס מיט זײַן **מעוז התּלמוד** (וואַרשא, תּרכ״ט), ווו ער גרײַפֿט אָן די יעניקע, וואָס ווילן אײַנפֿירן רעפֿאָרמען אין דער ייִדישער רעליגיע). די זעלביקע געדאַנקען דריקט ער אויס אין זײַן **מעוז הים** (ווילנא, תּרל״א). ער איז אויך דער מחבר פֿון **ספּורי ישורון** (בערלין, תּרל״ו), באַשריבן אין אַ דערציילערישער פֿאָרעם די אגדות אין תּלמוד. געשטאָרבן 1887 אין ניו־יאָרק.

ר' מיכאל־ירמיהו אײַזענשטאַדט,

6) לויט **יהדות ליטא**, ג' (ע' 69), געווען דאָ רבֿ, אָבער אויף ע' 350 ווערט ער ניט דערמאָנט צווישן די קאַלוואַריִער רבנים. אויב יאָ, קען עס זײַן אין די 1840ער, ווען זײַן זון ר' יצחק איז דאָ געבאָרן געוואָרן.

געבאָרן 1843. מחבר פֿון **יד מלאכי** (פיעטרקוב, תּר״ע).

ר׳ אַבֿרהם־לייב סימאָן, געבאָרן 1845. פֿון 1890 ר״מ אין ישיבֿה „עץ חיים״, וואָס ער האָט געשאַפֿן אין שיקאַגאָ.

ר׳ טודרוס יוקיל טיקטין, רבֿ אין שול „רבֿ דעת אנשי קלבֿריה״ אין שיקאַגאָ. האָט הסכּמה אויף **שומר אמונים** פֿון ח.י. אָשרי.

דובֿ־בער ראַטנער, געבאָרן 1853. געשריבן וויכטיקע פֿאָרשאַרבעטן וועגן תּלמוד און יידישער געשיכטע. זיין הויפּטווערק איז זיין מאָנומענטאַל ווערק **אהבת ציון וירושלים** (ווילנא, 12 בענד. תּרס״א־תּרע״ז) — וועגן די פֿאַרשיידענע נוסחאות אין תּלמוד ירושלמי. האָט אויך אַרויסגעגעבן **מבוא לסדר עולם רבה** (ווילנא, תּרנ״ד) און אַ וויסנשאַפֿטלעכע אויסגאַבע פֿון **סדר עולם רבה** (ווילנא, תּרנ״ז). 1904 באַקומען אַ מעדאַל פֿון דער קייזערלעכער וויסנשאַפֿטלעכער אַקאַדעמיע אין פעטערבורג פֿאַר זיינע וויכטיקע פֿאָרשונגען. פסעוודאָנים: אדיר איש ק״ב [אני דוב יכונה ראטנער איש קאַלוואַריע בפולין].

ר׳ זלמן־דובֿ ראַשגאָלין (ראַשגאָלסקי), דאָ געבאָרן 1866. רבֿ אין סטייטן איילאַנד 20 יאָר. בעל **הגיוני לבֿ** (ירושלים, תּרפ״ז), **חקרי לבֿ** (נ״י, תּש״ז). פֿאָטער פֿון העברעיִשן פּאָעט הלל בבֿלי.

ישׂראל מץ, דאָ געבאָרן אין 1869. פֿון 1889 אין אַמעריקע. גרויסער פֿילאַנטראָפּ פֿאַר דער העברעיִשער ליטעראַטור און ציוניסטישער באַוועגונג. פֿון די גרינדערס פֿון דער הרצליה־גימנאַזיע אין נ״י. געשטיצט די העברעיִשע צייטשריפֿטן און 1925 געשאַפֿן דעם „קרן מץ״ צו העלפֿן מאַטעריעל העברעיִשע שרייבערס, וואָס האָט אויסגעגעבן אויף דעם איבער אַ האַלבן מיליאָן דאָלאַר אין איר דרייסיק־יאָריקער עקסיסטענץ. געשטאָרבן 1950 אין נ״י.

**שרייבערס.** — יצחק ריטענבערג, געלעבט אין ניינצנטן יאָרהונדערט. אַ געבאָרענער אין קאָוונע, אָבער געלעבט מערסטנס אין קאַלוואַריע. פֿון די ערשטע משׂכּילים אין שטאָט. אַ גרויסער בעל־מדקדק, געשריבן אַ ריי חידושי־לשון אין **המגיד, המליץ** און **הצפֿירה**. שמואל־דוד לוצאַטו האָט געשריבן וועגן אים אין אַ ליד, אַז ער איז פֿון די „משׂכּילים המעמיקים בכּתובֿ בדקדוקים והדבֿרים העתּיקים״. ער האָט פֿאַרטיידיקט די חבֿרה אשכּנזית. האָט אַרויסגעגעבן אַ נייע אויפֿלאַגע פֿון רד״קס **המכלול** (ליק, תּר״ב) מיט הוספֿות און **הערות**.

יהודה־לייב בלומענזאָן, געבאָרן 1840. יידישער זשורנאַליסט. אָנהייב 1880ער עמיגרירט קיין אַמעריקע. געווען מיטאַרבעטער פֿון די **יודישע גאַזעטטען**. געדרוקט אויך אַרטיקלען אין **טאַגעבלאַט** און **העבֿרי** — ניו־יאָרק. געשטאָרבן 1892 אין ניו־יאָרק.

יוסף־יצחק־אייזיק בלױשטיין, געבאָרן 1860. העברעיִשער שרייבער, פֿון 1879 אין אַמעריקע. געענדיקט מעדיצין

אין ניו־יאָרקער אוניווערסיטעט. ער האָט געשאַפֿן דעם ערשטן ציוניסטישן פֿאַראיין אויפֿן אַמעריקאַנער קאָנטינענט. ער איז דער מחבר פֿון העברעיִשן הימן פֿון „מזרחי". האָט אַרויסגעגעבן דעם ערשטן אָרגאַן פֿון די חובבֿי־ציון אין די פֿאַר־איינקטע שטאַטן — **שולמית** (1889, ייִדיש). האָט געדרוקט לידער, מאמרים און עפּיגראַמען אין **המגיד** און אין די העברעיִשע צײַטשריפֿטן אין אַמעריקע — **העברי, הפסגה** א״אַ. אויטאָר פֿון **שירים ומשלים** (ת״א, תּרצ״א). געשטאָרבן 1934 אין ברוקלין.

אפֿרים לאָנדאָן, געבאָרן 1868. מחבר פֿון ביכער אין פֿאַרשיידענע לשונות אויף וויסנשאַפֿטלעכע טעמעס. אין דער יוגנט אַרויסגעגעבן **דקדוק קצר.**

שלמה פּרעס, געבאָרן 1870. 1890ער געוווינט אין לאָנדאָן און מאַנ־טשעסטער, שפּעטער אין באָסטאָן. ייִדיש־אַנאַרכיסטישער זשורנאַליסט. שטענדיקער מיטאַרבעטער אין **פֿרײַע אַרבעטער שטימע** (נ״י), ווו געדרוקט אַרטיקלען וועגן סאָציאַלע פּראָבלעמען. געשריבן אויך אין **פֿרײַע געזעלשאַפֿט, אָבענד־צײַטונג** — נ״י, און באָסטאָנער **דאָס נײַע וואָרט.** געשטאָרבן 1961 אין באָסטאָן.

מאיר־יעקבֿ פֿרייד, געבאָרן 1871. פֿון 1889 אין וואַרשע, ווו געהאַט אַ ייִדישן פֿאַרלאַג און אַ בוכגעשעפֿט. פֿון 1932 אין תּל־אָבֿיבֿ. אָנגעהויבן שרײַבן אין **הצפֿירה**, אָבער דערנאָך כּמעט אין גאַנצן אַריבער אויף ייִדיש. האָט אַרויסגעגעבן אין 5־קאָפּיקע העפֿטן **קאַפּיטאַן דרײַפֿוס** (באַאַרבעט פֿון דײַטש). האָט איבערגעזעצט־באַאַרבעט היינריך טשאָקעס **די גאָלדמאַכער** (1889); שעקספּירס **דער קויפֿמאַן פֿון ווענעדיג** (אין פֿאָרעם פֿון אַ דערציילונג); ד. מאָרדאָווצעס **די העלדען פֿון ירושלים** (וואַרשע, 1899). 1910 אַרויסגעגעבן אַן אילוסטרירט וואָכנבלאַט **דער שטראַהל.** מחבר פֿון 5 בענד **זכרונות.** געשטאָרבן 1940 אין ת״א.

אַהרן־משה וויזאַנסקי, געבאָרן 1874. העברעיִשער מחבר און לערער. געענדיקט מאַשינען־אינזשינער אין ציריכער אוניווערסיטעט. פֿון 1923 אין א״י. חיבורים: **עץ הדעת** (וואַרשא, תּרנ״ג) — לערנבוך פֿאַר פֿיזיק; בראָשורן **לשאלת השׂפֿה** (1921), **גיאומטריה תּיאורית** (תּרצ״ג), **פֿיסיקה** (תּרצ״ח־תּרצ״ז), **יסודות הטופּוגראפֿיה** (תּש״ד), **פֿיסיקה, עבֿודה מעשׂית** (תּש״ט) — אַלע תּל־אָבֿיבֿ. געשטאָרבן 1948 אין ת״א.

הלל מײַמון, געבאָרן 1885. געלעבט אין לאָדזש און וואַרשע. בעתן נאַציישן אָנפֿאַל אויף פּוילן אין 1939 אַנטלאָפֿן קיין לידע. דאָרטן אַרעסטירט געוואָרן דורך דער נקוו״ד פֿאַר זײַן פּועלי־ציוניזם און פֿאַרשיקט געוואָרן אין קאָמי־מידבר פֿון סאָוועט־רוסלאַנד און ווינטער 1942 דאָרטן געשטאָרבן פֿון הונגער. געווען זשורנאַליסטיש זייער אַקטיוו. געשריבן סײַ אין די פּאַרטייִשע אויסגאַבעס, סײַ אין אַלגעמיין־ייִדישע: **דער פּראָלעטאַרישער געדאַנק** (ווילנע, 1906); **לאָדזער נאַכריכטן,**

**לאָדזשער פאָלקסבלאַט, היינט** (וואַרשע), **וואַרשעווער טאָגעבלאַט, אַרבייטער־צײַטונג** (וואַרשע) א״אַ. האָט איבערגעזעצט בער באָראָכאָווס די **קלאַסן־אינטערעסן און די נאַציאָנאַלע פראַגע** (ווילנע, 1907), הערמאַן גאַרטערס **היסטאָרישער נאַציאָנאַליזם** (וואַרשע, 1919), ד״ר שיפערס **אָנהויב פון קאַפּיטאַליזם ביי יידן אין מערב־אייראָפּע** (וואַרשע, 1920).

אליהו גוטקאָווסקי, געבאָרן 1900. געלעבט אין לאָדזש, שפּעטער אין וואַרשע. געענדיקט וואַרשעווער פּאָלי־טעכניקום. אַקטיווער פּועלי־ציוניסט. אין וואַרשעווער געטאָ געווען מיטגרינדער פון „עונג שבת״ און אַ נאָענטער מיטאַרבעטער פון ד״ר רינגעלבלום אין צענטראַלן יידישן אַרכיוו. געשריבן אַרטיקלען אין **יוגנט־פאָן, אַרבעטער־צײַטונג, דאָס וואָרט** — וואַרשע, **לאָדזשער אַרבעטער** א״אַ. אין געטאָ אָנגעשריבן מערערע וויכטיקע פאָרש־אַרבעטן. מחבר פון **פײַן און גבֿורה אין דער יידישער געשיכטע** (וואַרשע, 1941, אַרויסגעגעבן אומלעגאַל). אומגעקומען בעתן וואַרשעווער אויפשטאַנד אין 1943, הי״ד.

ישׂראל לאָנדאָן, געבאָרן 1906. געלעבט אין ווילקאָמיר. פירנדיקער חבֿר פון דער צ״ס־פּאַרטיי אין ליטע. געשריבן אַרטיקלען וועגן ציוניזם און סאָציאַליזם אין **אידישע שטימע, אונזער וועג** — קאָוונע. אומגעקומען 1941 אין ווילקאָמיר, הי״ד.

אריה־אָשר אַנקוריון, געבאָרן 1908. אָריגינעלער פאַמיליע־נאָמען: וואַ־לאָוויצקי. יידיש־העברעיִשער זשורנאַליסט. געענדיקט יורידישן פאַקולטעט פון קאָוונער אוניווערסיטעט. שפּעטער געלעבט אין ארץ־ישׂראל, פאַרנומען וויכטיקע פּאָזיציעס אין מדינת ישׂראל. געדרוקט אַרטיקלען אין די קאָוונער **אידישע שטימע, דאָס וואָרט, אידישער קעמפער** (נ״י); **דבֿר, הפועל הצעיר, במעלה** א״אַ.

יעקבֿ יאָסאַדע, געבאָרן 1910. געווען אַקטיוו אין די לינקע קרייזן פון קאָוונע. געשריבן דערציילונגען אין קאָוונער טאָגצײַטונג **פאָלקסבלאַט**, אין יאָר פון דער סאָוועטישער אָקופּאַציע — אין **עמעס** (קאָוונע, ווילנע), **אייניקייט** (מאָס־קווע). זיין פּיעסע **איציק וויטענבערג** איז ניט אַרויס אין דרוק. נאָכן צווייטן וועלט־קריג אָנגעהויבן שרייבן אין ליטוויש (דערציילונגען, קריטיק). זינט 1958 אין ווילנע.

**קאָרעספּאָנדענטן. — המליץ:** זאבֿ גינזבורג, חיים בן־ציון לעווי, צבֿי־הירש הכהן לעווינטאַל, יוסף פּרץ מושקאַט. **המגיד:** י.ד. גאָרדאָן, עקיבֿא סמאָלענסקי, דובער אייזענשטאַדט, דבֿורה בת הרבֿ ר׳ מנחם האפרתי, יבא״ר [יצחק ריטענבערג], צבֿי־הירש מרגליות, צבֿי־הירש בערנשטיין [צה״ב]. **הצפירה:** ח. כהן, אַריה קראָנזאָן. **הד הזמן:** יוסף אַראָנאָוויץ.

**ניכבדים. —** ר׳ זבולון יעקבֿ, פאָטער פון ר׳ חיים מ״מ ומו״צ דק״ק סטאַרפּאָלי [מאַריאַמפּאָל], בעל **אלף אומר קרא** (הוראָדנא, תקנ״ה); ר׳ יעקבֿ בן שלמה, פון די קהילה־מנהיגים סוף אַכצנטן

יאָרהונדערט. ניפטר 1867; ר׳ נתן־נטע ריינהערץ, געבאָרן 1792. מחבר פון אַ פּירוש אויף תּלמוד ירושלמי. זיין זון ר׳ שמואל האָט אַרויסגעגעבן אויף דײַטש **די גרענעצבאָטע**.

ר׳ בצלאל אײַזענשטאַט, געשריבן מאמרים אין דער העברעישער פּרעסע. געשטאָרבן 1867. זײַן פרוי בלומע־רחל בת הרבֿ ר׳ ישׂראל ראַטנער פון קאַלוואַריע, חכם און גבֿיר. ער איז געשטאָרבן 1874. ר׳ ישׂראלס פאָטער, ר׳ ירמיה ראַטנער, דיין אין ווילנע.

ר׳ בצלאלס זון ר׳ מיכאל־ירמיהו דאָ געבאָרן 1843. האָט אַ סך מאמרים און חידושי־תּורה אין **המגיד, הצופה** וכו׳. ער ווערט דערמאָנט אין **ערך תּפֿלה** לקלאַצקי, אין **כּור זהבֿ** פון שערעשעווסקי, אין הקדמה פון **אוהל משה** פון משה קריינעס. ניפטר 1890.

עוזיאל סאָבעלאָוויץ, נדבֿן, גבֿיר, געשטאָרבן 1861 אין קעניגסבערג. אין זײַן צוואה געלאָזן געלט צו בויען אַ בית־מדרש און קויפן ספרים.

הרבֿ ר׳ אֶלינקע ר׳ יעקילס, איידעם פון הרבֿ דמתא ר׳ אריה־לייב ברודא.

ר׳ דוד ריינהערץ, אין די וואַלן צום קרײַזראַט אין 1862 געווען אין דער רשימה קאַנדידאַטן. זײַן פאַרטרעטער — ר׳ באמאש סאַלאָמאָן; ר׳ זכריה ריינהערץ, איינער פון די ראשי הקהילה. געשטאָרבן אין 1873.

„שר ונגיד״ מקאַלוואַריעא ר׳ פנחס, פאָטער פון ר׳ יעקבֿ יפֿה, אבֿ״ד לודווינאָווע.

ר׳ זונדעלע גראָדזינסקי; ר׳ שמואל־אַהרן בר׳ חנוך־זונדל גראָדזינסקי, תּלמיד חכם, אייניקל פון ר׳ אַלכּסנדר זיסקינד, בעל **יסוד ושורש העבֿודה**; ר׳ מרדכי־צבֿי גראָדזינסקי, נדבֿן, געשטאָרבן 1867; ר׳ אַהרן אַהרנזאָן, געשטאָרבן 1873; ר׳ אײַזיק אראָנזאָן, שפּעטער אין פּעטערבורג.

ר׳ מנחם־מענדל האפּרתי. משׂכּיל, נדבֿן. אָנקל פון ר׳ אליעזר אפּרתי, מחבר פון **אבֿן ציון** (וואַרשא, 1866) און **דור ודורשיו** (ווילנא, תּרמ״ט); ר׳ ישׂראל בר׳ ירמיה ראַטנער; ר׳ יצחק שטערלינג, „מליץ מפֿורסם״; ר׳ יעקבֿ ראָזענטאַל, „מליץ ומשורר״.

שלמה טאַבאַלאָווסקי, פּריוואַט־אַדוואָקאַט אין די 1860־1870ער יאָרן. זײַן ביוראָ האָט זיך געפונען אין סוואַלק, אָבער סוף־וואָך פלעגט ער קומען צו זײַן מישפּחה אין קאַלוואַריע. דער רוסישער יוסטיץ־מיניסטער האָט געזאָגט, אַז אין פּוילן זײַנען דאָ צוויי אויסגעצייכנטע פּריוואַט־אַדוואָקאַטן — פּאָוולאָווסקי אין וואַרשע און טאַבאַלאָווסקי אין סוואַלק.

„האבֿרך הרבֿ״ נחום קאַלוואַריער. אַ תּשובֿה צו אים איז דאָ אין **דברי משה**, דוד־טעבלי אפּרתי (ווילנא, תּרל״ח, ע׳ ל״ד) — משמעות, אַ שוחט.

ר׳ ישׂראל־איסר חארב [?], ר׳ יהודה־קלמן ראָמבערג, ר׳ משה בר׳ צבֿי לעווינסאָן; חיה־שׂרה זאַלקעס, געבאָרענע

אַראָנסאָן פֿון קאַלוואַריע, מאַמע פֿון בעל־מחשבֿות; ר׳ ישׂראל־מאיר עלקעס, גמרא־מלמד, פֿאָטער פֿון ד״ר אלחנן עלקעס, פֿאָרזיצער פֿון עלטסטן־ראַט אין קאָוונער געטאָ, דאָ געבאָרן 1879 און אומגעקומען 1944 אין דאַכאַו, הי״ד.

ט״ף שאַפּיראָ, געבאָרן אין סייני, באַוווסטער העברעיִשער שרײַבער בשעתו, האָט זײַנע לעצטע יאָרן געלעבט אין קאַלוואַריע, ווו געשטאָרבן אין 1924.

די עלטערן פֿון חפץ־חיים האָבן געלעבט אין קאַלוואַריע. ער פֿלעגט אָפּט קומען צו זיי.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המגיד, 1865: 36; המליץ, 1871: 30; המגיד, 1872: 1; 1873: 1; ד״ט אפּרתי, תּולדות אנשי שם. וואַרשא, תּרל״ה, ע׳ 22, 40; המגיד, 1876: 8; 1877: 24, 29; המליץ, 1879: 26; ש.א. פֿרידענ־שטיין, עיר גבורים. ווילנא, תּר״מ. ע׳ 49, 55; המליץ, 1881: 5; ספֿר זכּרון (לסוקולוב). וואַרשא, תּרמ״ד, ע׳ 20;

המליץ, 1886: 172; האסיף, תּרמ״ח, ע׳ 72; ח. בראַוּערמאַן, אנשי שם. וואַרשא, תּרנ״ב, ע׳ 92; ד. בונימאָוויטש, מכתּבֿ מאליהו. ווילנא, תּרס״ב, ע׳ 102; אלחנן האַרקאַווי. דור ישרים. נ״י, 1963. ע׳ 97; ב.צ. אײַזענשטאַדט, רבי אײַזיל חריף און זײַנע גאונישע וויטצען, נ״י, תּרס״ד; ילקוט מערבֿי, נ״י, תּרס״ד, ע׳ 33; הזמן, ווילנא, 1905, ע׳ 213; אַלבום עבֿרי, נ״י, תּרס״ה, ע׳ 5;

חשבון הנדבֿות . . . 1909, ע׳ 114; ש.ד. לוצאַטו, כּנור נעים. וורשא, תּרע״ג, ע׳ 457; יוסף לעווינסאָן, דור ודור ודורשיו. וואַרשא, 1914. ע׳ 47; ב.צ. אייזנשטאַדט, דורות האחרונים, ב׳. נ״י, תּרע״ד. ע׳ 172; אַבֿרהם בר׳ אליהו, סערת אליהו. ווארשא, 1914, ע׳ 40; ווילנער זאַמלבוך, 1918, ז׳ 186;

ספֿר היובֿל למלאת חמשים שנה ליסוד פּתח־תּקוה. ת״א, תּרפ״ט. ע׳ קל״ה; אידישע שטימע, 1934: 4816, 4818; ספֿר האישים, ת״א תּרצ״ז; פֿון נאָענטן עבֿר, וואַרשע, 1937. ב׳ צ, ע׳ 205; ע.מ. ברודא, משפּחת ברודא, וַרשה, תּרצ״ח. ע׳ 29; בלעטער פֿאַר געשיכטע, II. וואַרשע, 1938. ז׳ 51;

מ.י. פֿרייד, ימים ושנים. ת״א, תּרצ״ח, ע׳ 30; אידישע שטימע, 1939: 6186; א. ראנד, תּולדות אַנשי שם, א׳. נ״י, תּש״י. ע׳ 12; פּנקס שיקאגא. תּשי״ב, ע׳ ט״ו; י.ל. מַימון, למען ציון לא אחשה. ירושלים, א׳, ע׳ 96, ב׳, ע׳ 2; י. צוזמר, בעקבֿי הדור. נ״י, 1957. ע׳ 90;

ידע עם, ת״א, תשרי תּשכ״ג; עיר ווילנא, 30, 153, 224, 265, 272, 278, 294; לתּולדות היהודים בֿליטא־זאַמוט, ע׳ 323; שם הגדולים החדש, ע׳ 34; דעת קדושים [וועגן ר׳ ישׂראל קאצענעלעבאגן]; ג. קרסל, 1, 2; לעקסיקאָן, 1, 2, 3, 4, 7, 8; ב. כּהנס לעקסיקאָן, ז׳ 195; אנציקלופּדיה של הציונות הדתית, ע׳ 307, 462; י.ד. קַמזונס יהדות ליטא; „ליטע״, 1, ז׳ 861, 1002, 1010, 1501; „ליטע״, 2, 1125;

קרית ספר, ירושלים, ל״ד, חוב׳ ג׳, ע׳ 385; ס.א. בערשאַדסקי, ליטאָווסקי יעוורעי, ז׳ 26; ר. מאַהלער, ייִדן אין אַמאָליקן פּוילן, ז׳ 246; יזכּור־בוך סואוואַלק, זז׳ 78, 89, 139, 181, 188, 208; ד. תּדהר, אנציקלופּדיה לחלוצי הישובֿ וּבוניו, ע׳ 62, 170, 389, 392, 480, 510, 1324. ספֿר הפּרענומעראַנטן, 7147; ייִוואָ־בלעטער, XL, IX, ז׳ 224; יהדות ליטא, א׳, ג׳; חלקת מחוקק, חוב׳ ה׳, מחברת א׳; חוב׳ ט׳, מחברת א׳;

Encyclopedia Judaica, IX, p. 848; Jewish Encyclopedia, I, p. 96; Užnemunė po Prūsais, p. 190, 224; Sŭduvijos Suvalkijos Istorija, p. 560; Black Book; The Jews in Canada, Ed. A.D. Hart. Toronto, 1926, p. 112.

## קאָלטעניאַן KALTINĖNAI

טאַווריקער קרײַז. דער ייִדישער ייִשובֿ האָט זיך אָנגעהויבן אַרום מיטן נײַנצנטן יאָרהונדערט. פֿריִער האָבן ייִדן דאָ ניט געטאָרט וווינען. דער ערשטער ייִד, אַ ר׳ דוד, האָט דאָ געדינט אין דער רוסישער

אַרמײ, שפּעטער געלעבט אין פּעטערבורג, װוּ ער האָט אַ סך אױפֿגעטאָן פֿאַר ייִדישע סאָלדאַטן.

אין 1872 זײַנען דאָ געװען אַ ביסל שײנע ייִדישע הײַזער, אַ בית־תּפֿילה און אַ מרחץ. אין אַ רשימה מנדבֿים פֿאַר ייִדישע הונגער־געטראָפֿענע אין ליטע אין יענעם יאָר זײַנען אױך דאָ קאָלטעניאַנער. דער קלײַבער: דוד פֿאַיורס.

אין 1923 האָבן דאָ געלעבט 130 ייִדן. אין 1933 איז דאָ נאָך געװען אַ קלײנער ייִדישער ייִשובֿ. צו די װאַלן פֿון ציוניסטישן קאָנגרעס אין 1933 זײַנען דאָ אָפּגעגעבן געװאָרן 28 שטימען. פֿאַרן חורבן זײַנען געבליבן בײַ 60 ייִדן.

*

פֿון די רבנים זײַנען דאָ געװען:

ר׳ עזרא בר׳ יהודה־לײב אַלטשולער, געבאָרן 1858 אין מיר, איז דאָ געװען רבֿ 1880־1895, שפּעטער רבֿ 35 יאָר אין װײַנוטע. פֿון 1936 אין כּפֿר־סבא, װוּ אומגעקומען אין אַן אױטאָ־קאַטאַ־סטראָפֿע אין 1938. חיבורים: **תּקון דרך החיים** (װאַרשא, תּרנ״ו), **תּקנת ארצות** (װאַרשא, תּרנ״ט), **גלת מים** (פּיעטרקובֿ, תּר״ע), **תּקון חשובֿ** (דאָרטן, תּרצ״א).

ר׳ יצחק־אליעזר װישנעװסקי, פֿריִער רבֿ אין ריטעװע, שפּעטער רבֿ דאָ. אומגעקומען 1941, הי״ד.

אַן אָפּשטאַמיקער אָדער אַ רבֿ דאָ איז ד. אָלשװאַנג, מחבר פֿון **טל של תּחיה** (סלוצק, תּר״ע).

דער שרײַבער אליהו רודניצקי איז דאָ געבאָרן געװאָרן אין 1892. פֿון 1915 געלעבט אין װילנע. האָט שטודירט מעדיצין אין הײדלבערג און יוריספּרודענץ אין װילנע, װוּ געװען זײער אַקטיװ אין די געזעלשאַפֿטלעכע אינסטיטוציעס. פֿאַר דער צװײטער װעלט־מילחמה דעפּאָרטירט געװאָרן קײן סאָװעט־רוסלאַנד, שפּעטער זיך דערשלאָגן קײן ארץ־ישׂראל. פֿאַרעפֿנ־טלעכט אַרטיקלען אין דער װילנער ייִדי־שער פּרעסע. אָנגעשריבן צװײ ביכער אין ייִדיש, װאָס זײַנען אַרױס אין העברעיִשער איבערזעצונג: **שנה ברוסיה** (תּ״א, תּש״ה), **שקספּיר** (מרחביה, תּש״ט). געשטאָרבן 1951 אין תּל־אָבֿיבֿ.

נעכע באַקאַלטשוק־טאַבאַ־כאָװיטש איז דאָ געבאָרן געװאָרן אין 1908. געענדיקט די העברעיִשע פּעדאַגאָגישע קורסן אין װילנע. דורכגעמאַכט שטוטהאָף־קאַצעט, דערנאָך געלעבט אין פּליטים־לאַגער לינץ (עסטרײַך). געװען אַ קורצע צײַט אין מדינת ישׂראל און עמיגרירט קײן דרום־אַפֿריקע. געשריבן אַרטיקלען װעגן דערציִונג פֿון פּליטים־קינדער אין **אױפֿגאַנג** (לינץ), **אַפֿריקאַנער אידישע צײַטונג** און **דרום־אַפֿריקע**. געשטאָרבן 1953 אין יאָהאַנעסבורג.

מרדכי מרגליות האָט געשריבן קאָרעספּאָנדענציעס אין **הלבֿנון**.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המגיד, 1872; הלבֿנון, שנה 1: 26; אהלי שם, ע׳ 50; לעקסיקאָן, 1; דאָס װאָרט (װילנע), 1939: 760. Black Book

## קאַמײַ KAMAJAI

ראַקישקער קרײַז. ייִדן האָבן דאָ געוווינט זינט אָנהייב אַכצנטן יאָרהונדערט. דאָס איז צו זען לויט די ערשטע רבנים אין קאַמײַ.

אין 1847 האָבן דאָ געלעבט 453 ייִדן, אין 1897 — 944, 1914 — אַרום 360, 1923 — 337, פֿאַרן חורבן — אַרום 250.

ייִדן האָבן זיך פֿאַרנומען מיט מיסחר, קרעמערײַ, מלאכה און פֿישערײַ. ביז פֿאַר 1914 געווען אָן אַ דאָקטער. דער פֿעלדשער ר׳ חיים־שלום איז שפּעטער געוואָרן קאַזיאָנער ראַבינער. אַפּטייקער — יאָשע־בער גאַרבער. 1915 איז כּמעט דאָס גאַנצע שטעטל פֿאַרברענט געוואָרן.

נאָכן ערשטן וועלטקריג, ווען דער אָפּזאַצמאַרק אין לעטלאַנד איז אָפּ־געשניטן געוואָרן, איז די גאַנצע ייִדישע עקאָנאָמיק צעטרייסלט געוואָרן.

מיט קאַמײַ איז פֿאַרבונדן אַן אינטערעסאַנטע געשיכטע אין רעוואָלוציע־יאָר 1905. אין דעמאָלטיקן אַלגעמיינעם אויפֿבראַוויז אין רוסלאַנד האָבן ליטווינער גענומען פֿאָדערן אומאָפּהענגיקייט פֿאַר ליטע. איינער פֿון זייערע פֿירערס איז געווען יורגוס סמאַלסטיס, אַ געבאָרענער אין קאַמײַ, וואָס איז געקומען פֿון שווייץ. אין שטעטל איז געווען אַ שטימונג פֿון ערבֿ פּאָגראָם. דער רבֿ, ר׳ אליהו גאָרדאָן, האָט גערופֿן אַ געהיימע זיצונג מיט גלחים, די עלטסטע פֿון די אַרומיקע דערפֿער און סמאַלסטיס. ער האָט זיי געזאָגט, אַז ייִדן זײַנען סימפּאַטיש צו דער אידייע פֿון אַן אומאָפּהענגיקער ליטע און אז ליטווישע פֿירערס טאָרן ניט דערלאָזן עס צו פֿאַר־פֿלעקן מיט ייִדיש בלוט. אין עטלעכע טעג אַרום איז דער מאַרק פֿול געוואָרן מיט אָנגעריטענע פּויערים און פּוסגייערס. דער איספּראַווניק איז ארויס מיט אַן אָנגע־שטעלטן רעוואָלווער. סמאַלסטיס האָט אים אַנטוואָרט און אים געהייסן טראָגן די רעוואָלוציע־פֿאָן. און צו די פּויערים האָט ער געזאגט, אַז קאַצאַפּעס ווילן קומען אויסהרגענען די ייִדן און מיר וועלן זיי שיצן. אין עטלעכע טעג אַרום איז געקומען אַ שטראָף־עקספּעדיציע, צונויפֿגענומען אַלע ייִדן אויפֿן מאַרקפּלאַץ און איר פֿירער האָט געדראָט אויסצושיסן אַלע ייִדן, אָבער צום סוף זיי אָפּגעלאָזן. סמאַלסטיס איז נעלם געוואָרן און די אַנטי־ייִדישע אַטמאָספֿער איז ווידער אזוי אָנגעהיצט געוואָרן, אַז די ייִדן האָבן זיך געווענדט צו דער רעגירונג פֿאַר שוץ. אַ געוויסע צײַט זײַנען דאָ סטאַציאָנירט געוואָרן 7 קאָזאַקן צו היטן די רו.

**רבנים.** — ר׳ משה הכּהן, אַרום מיטן אַכצנטן יאָרהונדערט; ר׳ בן־ציון בר׳ משה הכּהן.

ר׳ דוד בר׳ אַבֿרהם, פֿון 1785, שפּעטער „מגיד שעור בבית־הכּנסת דק״ק ווילנא״ — אַזוי זאָגט זיך אין זײַן הסכּמה אויף **דרך המלך**, פֿון יחיאל מיכל — און שפּעטער רבֿ אין סקידל.

ר׳ אַבֿרהם בר׳ יונה הירשאָוויץ, געבאָרן 1861, אָנהייב 1880ער, שפּעטער רבֿ אין רובינישאָק, סקידל.

ר׳ בונעם־צמח זילבער (סיל־ווער), געבאָרן אין דוסיאַט, אויך רבֿ אין אַבעל, שאַט.

ר׳ אליהו בר׳ דוד גאָרדאָן, געבאָרן 1865. פֿריִער רבֿ אין דויגעלישאָק, מיאַדל, ר״מ אין ווידז, פֿון 1899 דאָ, 1910 מו״צ אין שניפּישאָק, פֿון 1923 רבֿ אין בית־המדרש הגדול אין ניו־יאָרק, וווּ ניפֿטר געוואָרן אין 1932. זײַן זון — שרײַבער און געלערנטער ד״ר הירש־לייב גאָרדאָן. חיבורים: **דבֿרי אליהו** (ווילנא, תּרס״ג־תּרס״ה, 2 טיילן), **דמעת העשוקים** (ווילנא, תּרס״ז), **ישׂראל בעמים** (ווילנא, תּרע״ד), **מערכות ישׂראל** (נ״י, תּרפּ״ו).

ר׳ אליעזר־זאבֿ־וואָלף בר׳ משה־נתן לופּט, ר״מ מסטיסלאַוו, פֿון 1906 דאָ רבֿ, שפּעטער דיווינישאָק, קורצע צײַט ר״מ ישיבֿת חפֿץ־חיים אין גלות רוסלאַנד.

ר׳ ישׂראל־זיסל בר׳ בצלאל פּלטין־דוואָרעץ, געבאָרן 1888 אין דווינסק, שפּעטער רבֿ אין יעזנע. 1926 עולה געווען קיין ארץ־ישׂראל. רעדאַקטער פֿון **תּבֿונה** (ירושלים, תּש״א־תּשי״א). מחבר פֿון **הגאון ר׳ משה־מרדכי אפּשטיין, חייו ופּעולותיו** (ירושלים, תּש״ד).

ר׳ מאיר פֿײַן, שפּעטער אמע־ריקע; ר׳ יהודה־לייב סיגער [טיגער?], געבאָרן 1908 אין אַלונטע (אַוואַנטע). רבֿ אויך אין זיימל, הי״ד.

ר׳ בצלאל הכּהן, געבאָרן 1820 אין ווילנע, מו״צ. זײַן פֿאָטער ר׳ משה הכּהן [אַ **צווייטער**, ניפֿטר 1875 אין ווילנע] בר׳ בן־ציון בר׳ משה הכּהן, אבֿ״ד קאַמײַ. ניפֿטר 1878 אין ווילנע.

ר׳ יעקבֿ קאַרק, חזן־שוחט, פֿאָטער פֿון ר׳ ישׂראל־ניסן קאַרק.

**אָפּשטאַמיקע.** — הרבֿ ר׳ אורי קאַמײַער בר׳ אַריה־לייב. געבאָרן 1719 אין נאַוואַרעדעק, געלעבט לאַנגע יאָרן אין קאַמײַ.

ר׳ משה ראַפּאָפּאָרט, ניפֿטר 1839. בעל **תּולדות משה** און **אִמרי משה.**

ר׳ ישׂראל־ניסן קאַרק, געבאָרן דאָ אין 1867.[1] פֿון 1887 פֿערציק יאָר מו״צ אין קאָוונע, שטענדיקער געהילף צו הגאון ר׳ יצחק־אלחנן. פֿון 1901 מנהל „כולל אַבֿרכים פּרושים״ אין קאָוונע. איינער פֿון די „מזרחי״־פֿירערס אין ליטע. 1926 עולה געווען קיין ארץ־ישׂראל. ניפֿטר 1938 אין תּל־אָבֿיבֿ.

שמואל הער, געבאָרן 1887. געוווינט אין ריגע, וווּ זיך פֿאַרנומען מיט העברעיִשער לערערײַ. פֿון 1917 אין פּעטערבורג און זינט 1927 אין תּל־אָבֿיבֿ, דאָרטן געאַרבעט אין העברעיִשע שולן. תּחילת געשריבן מערסטנס ייִדיש און שפּעטער נאָר העברעיִש. מיטגעאַרבעט אין העברעיִשן **החבֿר** (ריגע, 1908), **יודישע שטימע** (ריגע, 1910), פּעטערבורגער **טאָגבלאַט**, מיטרעדאַקטירט **דער אידישער אַרבייטער** (וויטעבסק). געשריבן אַ סך

---

1) לויט „אידישע שטימע״ — 1860.

לעגענדעס און דערציילונגען אין העברעיִש פֿאַר קינדער, וואָס טייל זײַנען שפּעטער אַרויס אין בוכפֿאָרעם. חיבורים: **אגדות לילדים** (ריגה), **מול הר האלהים** (1928), **לחבּיבּי** (תּר״ץ), **אסתּר המלכּה; ד.ב. בורוכוב** (תּרצ״א), **תּולדות הספּרות התּלמודית** (תּרצ״ז) און מיט ש. שרירא **מבוא לספרות הישראלית העתּיקה** (תּרצ״ב) — אַלע תּל־אָבֿיבֿ. געשטאָרבן 1950 אין תּ״א.

ר׳ יצחק בר׳ משה אַגולניק, געבאָרן 1897. אב״ד פּאָסוואָל פֿון 1931. דאָרטן אומגעקומען אין 1941, הי״ד.

שמואל אַטלאַס, געבאָרן 1899. געשטודירט פֿילאָסאָפֿיע אין די אוניווערסי־טעטן פֿון מאָסקווע און דײַטשלאַנד. לעקטאָר אין ייִדישער פֿילאָסאָפֿיע אין ענגלישע אוניווערסיטעטן. פֿון 1942 אין אַמעריקע, פּראָפֿעסאָר פֿאַר תּלמוד און פֿילאָסאָפֿיע אין רבנים־סעמינאר אין סינסינעטי. מחבר פֿון העברעיִשע, דײַטשי־שע און ענגלישע ביכער און פֿאָרשאַרבעטן וועגן ייִדישן פֿילאָסאָפֿישן געדאַנק אין מיטל־עלטער. האָט אַרויסגעגעבן מיט זײַן אַריינפֿיר און הערות: טײלן פֿון **יד החזקה**, לויט אַ כּתבֿ־יד, געשריבן פֿון רמב״ם אַליין (לונדון, תּ״ש) און **חידושי הראב״ד אויף בבא־קמא** (לונדון, תּ״ש, ירושלים־נ״י, תּשכ״ג).

בערנאַרד זאַקס, געבאָרן 1905. אויסגעוואַנדערט קיין דרום־אַפֿריקע, ווו געוועזן ענגלישער זשורנאַליסט.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — הכּרמל, תּרל״ט: 11, 129; אידישע שטימע, 1938: 5998; קריה נאמנה, ע׳ 196; ג. קרסל, לעקסיקאָן, 3; אהלי שם, ע׳ 142, 167, 371; לקורות עיר קיידאַן, ע׳ ח׳; דעת קדושים, ע׳ 160; תּולדות אנשי שם (ראַנד), ע׳ 118.

דאָס לעבען און שאַפֿען פֿון חפץ חיים, ע׳ 288; דמעת העשוקים [וועגן ערבֿ פּאָגראָם]; מערכות ישראל, הקדמה פֿון זון; יהדות ליטא, ג׳; יזכּור־בוך ראָקישאָק, 2925, 297.

H.L. Gordon, Rabbi Eliyahu Gordon. New York, 1923; Black Book.

# קאָפּטשעווע
# KAPČIAMIESTIS

סיינִיער קרײַז. אַן אַלט שטעטל. מיטן פּופּצנטן יאָרהונדערט האָט עס געהערט צו קאָפּאָטיס, סעקרעטאַר פֿון גרויספֿירשט קאַזימיר. דעמאָלט איז עס געווען אַן אָנהייב פֿון אַ דערפֿל.

ייִדן האָבן אָנגעהויבן זיך באַזעצן דאָ אַרום סוף אַכצנטן יאָרהונדערט. אין 1923 האָבן דאָ געוווינט 187 ייִדן און פֿאַרן חורבן אַרום 120.

ייִדישע פּרנסות זײַנען געווען: מיסחר, קרעמערײַ, מלאכה. ווי אין די מערסטע שטעטלעך פֿון סוואַלקער געגנט,

האָבן אַ סך ייִדן דאָ פֿאַרמאָגט אייגענע פֿעלדער און גערטנער און ווען זיי האָבן אַפֿילו צוגעהאַנדלט און צוגעקרעמערט, איז ערד געווען זייער הויפּט־חיונה.

אין אַ רשימה מנדבֿים פֿאַר ייִדישע הונגער־געליטענע אין 1871 אין **המגיד** זײַנען דאָ קאָפּטשעווער.

אין אַ ליסטע בײַשטײַערערס פֿאַר ארץ־ישׂראל אין 1899 און 1903 געפֿינען זיך אַ סך קאָפּטשעווער. מורשה: בן־ציון שימשעלעוויטש (**המליץ**). אין אַ רשימה מנדבֿים פֿאַר א״י־בוי אין 1909 זײַנען דאָ די ווײַטערדיקע קאָפּטשעווער: ב. שימשעלעוויטש, לייב קאַפּציעווסקי, יצחק קאַפּציעווסקי, יעקבֿ מענציין, ש. גוריצקי.

אין 1913 זײַנען דאָ געווען 50 מיטגלידער פֿון דער „אגודה״. אין ועד זײַנען געווען: הרבֿ צבֿי־אריה לוריא, בן־ציון שימשעלעוויטש, ניסן מענטשינסקי.

צווישן 1836 און 1913 זײַנען דאָ געווען 29 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

**רבנים.** — ר׳ צבֿי־הירש בר׳ שלום דירעקטאָר, געבאָרן אין ביאַליסטאָק. שפּעטער רבֿ אין סאָקאָלקע, אַמטשיסלאַוו. חיבורים: **תּוספֿות שבת** (וואַרשאַ, תּרמ״ט), **בנין שלום** (ווילנא, תּרנ״ב).

ר׳ אַבֿרהם־צבֿי־פּנחס עליאַשבערג, געבאָרן 1864, פֿון 1887 ביז 1900. שפּעטער סעריי (1901־1908), פֿון 1909 אין טיקטין. 1929 עולה געווען קיין ארץ־ישׂראל. ניפֿטר 1943 אין ירושלים. זײַן זון ר׳ יצחק־אַריה בעל **רגשי יצחק**.

ר׳ צבֿי־אַריה לייב לוריא, געבאָרן 1871. פֿון 1902 ביז 1913, דערנאָך רבֿ אין זאַלודאָק.[1] זײַן פֿאָטער, ר׳ משה־בצלאל, רבֿ אין ווילאָן, שאַקי, סייני, סוּוואַלק. זיין ברודער, ר׳ חנוך־זונדל, רבֿ אין ווישנעווע. מחבר פֿון **קונטרס עגונה** (תּרס״ז). האָט חידושי־תּורה אין **בית ועד לחכמים** (לאָנדאָן, תּרס״ב) און **יגדיל תּורה** (1908: נומ׳ 8, 11).

ר׳ מאיר סטאָלעוויץ, געבאָרן 1871 אין איישישאָק. געווען אויך רבֿ אין זכרון משה (ירושלים) און פֿון 1942 ראש מורי־הוראה אין ירושלים. חיבורים: **מבית מאיר** (וואַרשאַ, תּרס״ט). ווײַטערדיקע 3 חלקים — ירושלים, תּרצ״ז, תּש״א, תּש״ז); **מבית מאיר**, שו״ת (וואַרשאַ, תּרע״א).

ר׳ מנחם־מענדל שער (פֿון 1938), הי״ד.

אַ שײַכות צו קאָפּטשעווע האָט ש.ז. סאָלאָווייטשיק, **תּלמי חיים** (לאָס אנג׳לס, 1952).

*

אַן אָפּשטאַמיקער פֿון קאָפּטשעווע איז ר׳ אַבֿרהם־מאיר מילער, דער פֿאָטער פֿון באַקאַנטן אַדוואָקאַט און געזעלשאַפֿטלעכן טוער עוזר פֿינקעלשטיין.

---

1) אין **יהדות ליטא**, ג׳ (ע׳ 344) שטייט, אַז ער איז געווען רבֿ אויך אין סייני און סוּוואַלק. דער טעות נעמט זיך דערפֿון, וואָס זײַן פֿאָטער ר׳ משה־בצלאל איז געווען רבֿ אין יענע צוויי קהילות.

דער נאָמען איז געביטן געוואָרן צוליבן פּריזיוו. די מילערס האָבן ביזן חורבן געלעבט אין קאָפּטשעווע און ווישיי. ר׳ אַבֿרהם־מאיר האָט געהאַט סמיכות אויף רבנות און געווען רבֿ אין ווײַטן אָרענבורג, בײַ די קירגיזער סטעפּעס. 1880 אַריבער קיין קאָוונע און זיך גענומען צו מיסחר.

ר׳ שמואל גאָריצקי, פֿון די ניכבדי העיר, שווער פֿון ר׳ חיים הכּהן שאַפּיראָ, אב״ד קוזניצע.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המגיד, 1872: 9; המליץ, 1899: 194; 1903: 8; צום אָנדענק פֿון עוזר פֿינקעלשטיין. קאָוונע, 1938. ז׳ xii; א.ש. הערשבערג, פּנקס ביאַלי־סטאָק, 1949. ז׳ 195; אנציקלופּדיה של הציונות הדתית, ע׳ 659; יזכּור־בוך סואוואַלק, ז׳ 177; אהלי שם, ע׳ 170, 350; „ליטע״, 1, ז׳ 1001; ספֿר הפּרענו־מעראַנטן, 7300; חשבון הנדבות ... 1909, ע׳ 123; יהדות ליטא, ג׳.
Sŭduvijos Suvalkijos Istorija, p. 70; Black Book.

## קאַרקלאַן KARKLĖNAI

10 קילאָמעטער פֿון קראָזש, ראַסיינער קרײַז. אַ קליינע יידישע קהילה.

1922 איז דאָ געווען רבֿ ר׳ צבֿי־נתן קאַפּלאַן, אַ געבאָרענער אין ראַסיין. זײַן פֿאָטער ר׳ דובער שיינפֿעלד (ר׳ בערציק מאירס), איז געווען 40 יאָר ר״מ אין ראַסיין. מען האָט אים גערופֿן „המדקדק הנפֿלא״, ניפֿטר געוואָרן אין 1907. ער איז אָנקל פֿון ר׳ צבֿי־הירש, אב״ד צײַקישאָק.

נאָך אים איז דאָ געווען רבֿ ר׳ ידידיה שוחט, שפּעטער רבֿ אין פּאָרט עמבאָ (אַמעריקע). שווער פֿון ר׳ שמואל־יצחק הורוויץ, מו״צ קרעטינגע.

דאָ איז 1881 געבאָרן בנימין קאָליץ, שפּעטער עסקן אין שיקאַגאָ. אויך פֿיליפּ קאָהן, דאָ געבאָרן אין 1884, איז געווען עסקן אין שיקאַגאָ.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — לקורות עיר ראַסיין ורבניה, ע׳ כ״א; הזמן, ווילנא, 1905, ע׳ 440.

## קאָשעדאַר KAIŠIODORYS

טראָקער קרײַז. דער אָנהייב פֿון אַ יידישן יישובֿ איז אַרום מיטן אַכצנטן יאָרהונדערט (אַ רבֿ איז דאָ געווען אַרום יענער צײַט).

די שטאָט האָט זיך געפֿונען צוויי קילאָמעטער פֿון דער סטאַנציע, וואָס איז געווען אַ גרויסער באַנקנוף. אַ דאַנק דעם האָט די יידישע עקאָנאָמיק ביזן ערשטן וועלטקריג געבליט. מיטן אויפֿקום פֿון דער אומאָפּהענגיקער ליטע, ווען עס זײַנען איבערגעריסן געוואָרן די באַנליניעס צו פּוילן און רוסלאַנד, איז געקומען אַ גרויסע עקאָנאָמישע ירידה פֿאַר די היגע יידן.

די ערשטע זיך צו באַזעצן אַרום

דער באַנסטאַנציע זײַנען געווען די מיש־פּחות פֿון דוד טקאַטש, שמואל מאָרגענ־שטערן, חיים שטראַשון און יעקבֿ חיות.

אין 1923 האָבן דאָ געלעבט 596 ייִדן, פֿאַרן חורבן — בײַ 1.230[1]

ייִדן האָבן זיך באַשעפֿטיקט מיט קרעמערײַ און מלאכה, אַ טייל מיט וואַלדהאַנדל.

אין אַ רשימה מנדבֿים פֿון 1895 צו העלפֿן בויען ארץ־ישׂראל געפֿינען זיך אַ סך קאָשעדאַרער (הצפֿירה). אין רשימות מנדבֿים פֿון 1898 און 1899 (המליץ), זײַנען אויך דאָ פֿיל קאָשעדאַרער. די מור־שים: הרבֿ הגאון ר׳ צבֿי הורוויץ, משה געלוואַן, שלמה טקאַץ.

צווישן 1894 און 1903 זײַנען דאָ געווען 23 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

**רבנים.** — ר׳ אליהו, אַן ערך אין מיטן אַכצנטן יאָרהונדערט. געווען באַליבט בײַם ווילנער גאון. אויך רבֿ אין קליקאָל און פּילטען (לעטלאַנד).

ר׳ בנימין בר׳ יעקבֿ מײַזל, גע־באָרן 1855, איז דאָ געוואָרן רבֿ אין 1881, שפּעטער אין פּאַנעמון. איידעם פֿון ר׳ שמואל בר׳ ישׂראל האַלפּערין, אבֿ״ד מינסק. אייניקל פֿון הגבֿיר החכם ר׳ יוסף מײַזל פֿון ווילזשון.

ר׳ צבֿי־הירש בר׳ שמואל איש הורוויץ, געבאָרן 1864 אין ווילנע. פֿון 1884 רבֿ אין יעזנע, 1890־1902 אין קאָשעדאַר, 1903 — אין סאָנדערלענד און 1911 — אין ליעדס — ענגלאַנד, וווּ ניפֿטר געוואָרן אין 1946. געווען הייסער אָנהענגער פֿון ציוניזם. קאָשעדאַרער דעלעגאַט צו דער ציוניסטישער קרײַז־קאָנפֿערענץ 1899 אין ווילנע.

ר׳ ישׂראל־אַבא בר׳ חיים־זאבֿ קריגער, פֿון 1903, שפּעטער רבֿ אין סאַמאַראַ (רוסלאַנד) און באָסטאָן. פּאָטער (1858, ניפֿטר 1913), רבֿ אין סאַפּיזישאָק.

ר׳ ישעיה בר׳ דובֿ־בער קאַרלינסקי, שפּעטער רבֿ אין סאַמאַראַ.

ר׳ שלום־יצחק שצופּאַק, געבאָרן 1877 אין ביאַליסטאָק. רבֿ אין יאַשון, וועוויע, 1922־1929 אין קאָשעדאַר און פֿון 1930 אין סעריי, וווּ ניפֿטר געוואָרן אין 1939; ר׳ אַהרן־דוד יפה, פֿון 1934 [1930?] ביזן חורבן. אומגעקומען 1941, הי״ד.

ר׳ משה־שלמה ליכטענשטיין איז געווען שו״ב און חזן.

ר׳ יהודה־לייב קאָכאַנסקי, פֿון די חשובֿי העיר. ניפֿטר 1890

**אָפּשטאַמיקע.** — ר׳ יוסף בר׳ אליהו־חיים קאַנאָוויץ, דאָ געבאָרן 1878. פֿון 1902 רבֿ אין שאַדעווע, 1907 — אין קאָוואַרסק, ר״מ אין ישיבֿת הרידב״ז אין צפֿת, 1915 — רבֿ אין עליזאַבעט (ניו־דזשוירזי), 1919 — טרענטאָן, 1924 — ניו־יאָרק. בעל **דבֿרי יוסף** (נ״י, תש״ז). איידעם פֿון הרידב״ז (ר׳ יעקבֿ־דוד ווי־לאָווסקי, אבֿ״ד סלוצק).

---

1) די ציפֿער 150 פֿאַמיליעס [בײַ 600 יחידים] אין **יהדות ליטא**, ד׳, ז׳ 345, מוז זײַן אַ דרוקפֿעלער.

מאָריס גערשענאָוויטש (געסט), דאָ געבאָרן אין 1881. פֿון 1893 אין אַמע־ריקע. טעאַטער־אימפּרעסאַריאָ. געשטעלט איבער 50 גרויסע טעאַטער־פֿאָרשטעלונגען אין ניו־יאָרק.

**קאָרעספּאָנדענטן.** — משה־יצחק כהנאָוויץ (קאַנאָוויץ) — **הצפירה**; יוסף פּראַקער, ד. ז״ק — **המליץ**.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — הצפירה, 1895: 131; המליץ, 1898: 12, 280; 1899: 215; אידישע שטימע, 1939: 6204; תולדות אנשי שם (ראַנד), ע׳ 145 111; אהלי שם, ע׳ 464; ספר הפרענומעראַנטן, 7416; יהדות ליטא, א׳, ג׳.

A. Levy, History of the Sunderland Jewish Community. London, 1956, p. 178, 223; Black Book.

## קוועטקי KVETKI

קליין שטעטל. 30 ק״מ פֿון בירזש. אין די 1870ער יאָרן איז דאָ געווען אַ קליינער ייִדישער ייִשובֿ. אין 1876 געפֿינען זיך גאַנצע 10 פּרענומעראַנטן אויפֿן ספר „זיר יצחק" פֿון אַ בירזשער מחבר. פֿאַרן ערשטן וועלטקריג האָבן דאָ געלעבט עטלעכע ייִדישע מישפּחות, ווי אויך אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע. אין 1938 זײַנען דאָ געווען אַ צאָל ייִדישע בעלי־מלאכות. פֿאַרן חורבן זײַנען פֿאַר־בליבן געציילטע ייִדן.

פֿון קוועטקי שטאַמען די רבנים: ר׳ אַריה בראָטגאָלד, ר׳ אליעזר פּאָפּעלער (פֿון ייִשובֿ פּאָפּיל) און ר׳ משה אָגענץ, רבֿ אין פּאָנעדעל, ווו ניפֿטר געוואָרן אָנהייב 1930ער.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — ספר הפרענומעראַנטן, נומ׳ 7426; צום יוגנט. סלאַבאָדקע, 1929: 6/7; דער אידישער האַנטווערקער, 1938.

## קול KULIAI

קרעטינגער קרײַז. אין 1897 האָבן דאָ געלעבט 181 ייִדן, 1923 — 142, 1933 — בײַ 100 און פֿאַרן חורבן — אַרום 80.

ייִדן האָבן זיך פֿאַרנומען מיט קרעמערײַ, געציילטע — מיט וואַלדהאַנדל. האָט פֿאַרמאָגט בלויז אַ פּאָר ייִדישע בעלי־מלאכות — אַן אויסנאַם פֿון מערסטע ייִדי־שע שטעטלעך אין ליטע. דער הויפּט־מקור פֿון חיונה איז די בײַשטוביקעווירטשאַפֿט — אַ גאָרטן, סאָד, אַ בהמה, עופֿות.

אין 1911 זײַנען דאָ געווען פֿינף פּרענומעראַנטן אויף **אמרי יעקבֿ**, פֿון יעקבֿ פּראַלגעווער (בילגורייא, תרע״א).

די עמיגראַציע מעבֿר לים פֿלעגט ביסלעכווײַז פֿאַרקלענערן די אַזוי אויך קליינע ייִדישע קהילה. קול האָט ניט געהאַט קיין אייגענעם בית־עולם, ניפֿטרים האָט

מען געבראַכט צום בית־הקבֿרות אין פּלונ־גיאַן (18 וויאָרסט ווײַט). אָבער אויף אויסהאַלטן אַ רבֿ האָט די קליינע קהילה דאָך אָפּגעשפּאָרט.

דער ערשטער אונדז באַקאַנטער רבֿ איז ר׳ משה־נתן שפּיץ, פֿון אַרום 1880ער יאָרן. נאָך אים איז געווען רבֿ בײַ צוואַנציק יאָר זײַן איידעם ר׳ משה יום־טובֿ וואַכטפֿאָגעל, געבאָרן 1879 אין מעזריטש, שפּעטער רבֿ אין מאָנטרעאָל, ווו ניפֿטר געוואָרן אין 1951. זײַנע זין: ר׳ נתן־מאיר, מנהל ישיבֿת הג׳ קאָטלער אין לייקוווּד; ר׳ דוד, רבֿ אין פֿילאַדעלפֿיער „לינת־הצדק"; ר׳ חיים־יוסף, רבֿ אין קהילת „בית ישראל" אין קעמברידזש.

דאָ איז געווען רבֿ ר׳ מרדכי לאָס, נאָר מיר ווייסן ניט די גענויע צײַט. שפּעטער אבֿ"ד סיאַד. זײַן פּלימעניק ר׳ צבֿי לאָס איז געווען רבֿ אין יעזנע; דער לעצטער רבֿ — ר׳ דוד־גרשון רובינשטיין, פֿריִער רבֿ אין אוזווענט, הי"ד.

**אָפּשטאַמיקע.** — ר׳ יוסף־שלמה כּהנימאַן, דאָ געבאָרן אין 1887. פֿון 1919 אבֿ"ד פּאָנעוועזש. 1940 עולה געווען קיין ארץ־ישׂראל. אין בני־ברק אויפֿגעבויט אַ גרויסע ישיבֿה מיט אַ סך פֿאַרשיידענע דערציִערישע און סאָציאַלע מוסדות. (פּרטים — פּאָנעוועזש).

ר׳ לוי־צבֿי שפּיץ, דאָ געבאָרן אין 1887. רבֿ אין וואָרנע, פּלונגיאַן, טאַוור־ריק. פֿאַרברענט געוואָרן תּמוז תּש"א, הי"ד.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — תּולדות אַנשי שם (ראַנד), ע׳ 40; ספר הפּרענומעראַנטן, 7484; יהדות ליטא, ג׳; חכמי ישׂראל באַמריקא, ע׳ 62, 94. Black Book

# קופּישאָק

# KUPIŠKIS

פּאָנעוועזשער קרײַז. אונטער דער צאַרישער צײַט זיך גערופֿן סלאַוו־יאַנסק. אַן אַלטער ייִדישער ייִשובֿ פֿון אַרום 300 יאָר. אַזוי איז צו זען פֿון די אַלטע מצבֿות אויפֿן בית־עולם. אַ ראיה דערצו איז אויך די צײַט פֿון ערשטן רבֿ.

ייִדן האָבן זיך פֿאַרנומען מיט מיסחר, קרעמערײַ און מלאכה. אין ייִדישן מיסחר האָט אַ גרויס אָרט פֿאַרנומען פֿלאַקס. אין 1882 איז דער פֿלאַקסהאַנדל אַריבער אין קריסטלעכע הענט און דאָס איז געווען אַ שטאַרקער קלאַפּ פֿאַר דער אָר־טיקער ייִדישער עקאָנאָמיק. אין 1889 האָט דער פּוילישער גראַף געעפֿנט קאָאָפּעראַ־טיווע קראָמען און דערמיט זײַנען שטאַרק אָפּגעשוואַכט געוואָרן די פּאָזיציעס פֿון די ייִדישע קרעמערס.

אַ גרויסן טרייסל געטאָן האָט זיך

דער יִדיש־עקאָנאָמישער מצבֿ אין 1895, ווען אין דרײַ וואָכן זײַנען אויסגעבראָכן צוויי גרויסע שׂריפֿות. די יִדישע עמיגראַציע האָט זיך שטאַרק פֿאַרגרעסערט, דאָס מאָל קיין דרום־אַפֿריקע און ניט קיין אַמעריקע, ווי אין די 1880ער יאָרן. גמ״ח איז געווען אָן אַ פּרוטה. אין 1898 האָבן קופּישקער פֿון דרום־אַפֿריקע כּמעט אויסגעהאַלטן דעם ביקור־חולים, גמילת־חסד און די תּלמוד־תּורה מיט אירע 4 מלמדים. זיי שטיצן אויך ערבֿ פּסח מיט געלט און זאַכן.

עס זײַנען געווען אַ בית־מדרש (פֿון מתנגדים), בית־מדרש חומה, מנין דספֿרדים, „שטיבל״ אין בית־מדרש, מנין דחסידים. די צאָל פֿון די חסידים איז געווען זייער אַ גרויסע און פֿון צײַט־צו־צײַט פֿלעגן פֿאָרקומען מחלוקתן מיט די מתנגדים.

אין 1886 האָט דער רבֿ ר׳ אַבא־יעקבֿ דאָ געשאַפֿן אַ ישיבֿה. דער משגיח אין 1888 איז געווען ר׳ חיים האַלפּערן. צוגעהאָלפֿן מיט געלט האָבן לאַנדסלײַט פֿון אַמעריקע: י. עפּשטיין, גאַפּאַנאָוויץ.

צווישן 1834 און 1911 זײַנען געווען 90 קופּישקער פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

אין אַ רשימה מנדבֿים פֿון 1869 פֿאַר יִדישע הונגער־געליטענע אין ליטע ווערן אָנגעגעבן די קלײַבערס: אַבֿרהם־זאבֿ בערקמאַן, יצחק פֿלענסבורג.

אין 1847 האָבן דאָ געלעבט 1350 יִדן, 1897 — 2661, 1923 — 1444 [בײַם ראַנד פֿון שטאָט האָבן געוווינט נאָך 27 יִדן, וואָס זײַנען ניט צוגערעכנט געוואָרן צו דער אָפֿיציעלער סטאַטיסטיק] און פֿאַרן חורבן — בײַ 1200.

*

נאָך פֿאַרן אויפֿקום פֿון חיבת־ציון האָבן קופּישקער געקויפֿט ערד אין ארץ־ישׂראל. אין אַ גרופּע פּאָנעוועזשער, וואָס האָט אָפּגעקויפֿט ערד בײַ יפֿו און איז אָפּגעפֿאָרן אהין אין 1883, האָט זיך געפֿונען דער קופּישקער פֿעלדשער [נאָמען?].

אין אַ רשימה מנדבֿים פֿאַר ארץ־ישׂראל פֿון 1896/97 זײַנען דאָ די קופּישקער: העשל גפֿן, זײַנוול דאַווידאָוו, העשל יאָכילעוויטש, יעקבֿ יאַקאָבסאָן, הירש יפֿה, שלמה קאַפּלאַן, יהודה־לייב מזל, נחמיה שטיינבערג. אין 1894 איז דער מורשה פֿון אַדעסער וַעד געווען יהודה־לייב מַזל.

אין 1899 זײַנען דאָ געווען בײַ 100 חבֿרים אין חובֿבֿי־ציון. דער מורשה אין 1898 און 1899 איז געווען געצל האָפֿמאַן. הרבֿ ציגאַבער האָט שטאַרק אינספּירירט די טעטיקייט פֿאַר חיבת־ציון.

אין אַ ליסטע בײַשטײַערונגען פֿאַר ארץ־ישׂראל אין 1909 געפֿינען זיך די קופּישקער: יצחק מאָראָ, ש.ז. מינקין, יהודית שטערנפֿעלד, פֿייגע האָפֿמאַן.

אויף אַן אַלטן בית־עולם אין ירושלים געפֿינט זיך די מצבֿה פֿון רוסקה בת ר׳ יצחק מקופּישאָק, תרכ״ח [1868].

*

די „אגודה" איז געווען זייער שטאַרק. אין אַ רשימה חבֿרים־בײַשטײַערערס אין 1913 זײַנען דאָ די ווײַטערדיקע קופּישקער: אַבֿרהם זיגער, אַבֿרהם פּעלאָוויץ, אהרן־לייב כּהן, אלחנן שאַפּיראָ, אליעזר־צמח קאַנטאָר, אָשר אדירים [?], בער אָשרי, בער־טובֿיה שאַפּיראָ, הערץ סעגאַל, זלמן ליבערמאַן, ידידיה וועלער, ידידיה יאַלאָוויץ, יהודה צינדל, יהודה ציפּ, יעקבֿ גפֿן, יצחק אָשרי, ישׂראל בר׳ משה־הלל יפֿה.

ישׂראל־משה אַש, ישׂראל־משה טאַבאַצניק, מאיר־הלל עזרעכאָוויץ, מאיר קָדש, מיכל כּהן, מענדל בירגער, מענדל־לייב ראַבינאָוויץ, משה־הלל יפֿה, משה זונדל לייזעראָוויץ, משה טרויב, משה־מרדכי וואָלסאָן, משה צינדל, נחמיה שטיינבערג, נפֿתלי מאיראָוויץ, פּנחס גאַפּאַנאָוויץ.

פּסח כּהן, קלמן לעווין, שבתי יפֿה, שלמה ברענער, שמעון־משה מלמד, שמשון כיגער, ברכה־ביילע פּײַוולזאָן, חיים־אַבֿרהם פּײַוולזאָן, פֿייגע פּײַוולזאָן, יעקבֿ טראַפּידאָ, מענדל־לייב ראַבינאָוויץ.

שלמה קאַפּלאַן, אַהרן־לייב כּהן, בן־ציון קאָטלער, יהודה קרייציק, מנחם חלב, מנחם קרייציק, חיים הורוויץ, יעקבֿ גינזבורג, הרב ר׳ אפֿרים יוסף אַלפּעראָוויץ, אַלכּסנדר שלעווינסקי, יעקבֿ יפֿה, משה־אליהו אַלפּעראָוויץ.

משה בלאָך, עקיבֿא־לייב ליבעדז [?], אַבֿרהם־גרשון טרויב, אליהו מרגלית, דוד שַחַר, טויבע יפֿה, יונה פּײַנבערג, יצחק הורוויץ, לייב־דוד זאַקס, מאיר קָדש, יהודה ווין, אפֿרים־יצחק גאַפּאַנאָוויץ, שמואל־נתן זעלבאָוויץ, אַבֿרהם עליאַש, אַהרן אָשרי, דוד־טובֿיה שאַפּיראָ, יעקבֿ־זעליג לעווין, יצחק מאָוושאָוויץ, לייב שוסטערמאַן, מרדכי־אידל וואַלבערג, משה שאַפּיראָ.

*

פֿון אָנהייב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט ביזן ערשטן וועלטקריג איז אויך דער „בונד" געווען אַ וויכטיקער געזעלשאַפֿטלעכער פֿאַקטאָר אויף דער ייִדישער גאַס אין קופּישאָק. זײַן גאַנצע אַקטיוויטעט האָט זיך קאָנצענטרירט, פֿאַרשטייט זיך, צווישן די ייִדישע אַרבעטערס און די אַלגעמיין־רעוואָלוציאָנערע קרײַזן. האָט אָרגאַניזירט „מאַיוווקעס", געהיימע פֿאַרזאַמלונגען אין וואַלד, זיך באַטייליקט אין בשותּפֿותדיקע רעוואָלוציאָנערע אַרויסטריטן מיט ניט־ייִדישע אַרבעטערס. אין 1903 איז פֿאָרגעקומען אַ גרויסע מאַניפֿעסטאַציע אין שטאָט צוזאַמען מיט ליטווישע אַרבעטערס. אין די אומלעגאַלע בונדישע צײַטונגען זײַנען פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן קאָרעספּאָנדענציעס וועגן דער טעטיקייט פֿון קופּישקער „בונד".

**רבנים.** — ר׳ יצחק טריוועש. זײַן פֿאָטער ר׳ שניאור איז געווען אב"ד פֿראַנקפֿורט־מײַן אין זיבעצנטן יאָרהונדערט. לויט די דאַטעס פֿון זײַן מישפּחה, קען מען אויסרעכענען, אַז ר׳ יצחק איז געבאָרן געוואָרן אַן ערך אָנהייב אַכצנטן און אפֿשר סוף זיבעצנטן יאָרהונדערט. זײַן

אייניקל ר׳ דובֿ־בער יהודה, געבאָרן 1724, אבֿ״ד זאַגער, דערנאָך דיין אין ווילנע, ווּ ניפֿטר געוואָרן אין 1804. ר׳ דובֿ־בער איז דער מחבר פֿון **רבֿיד הזהבֿ** (הוראדנא, תּקנ״ז) און **שיר חדש** (ווילנא, תּק״ס). ר׳ יצחקס ברודער ר׳ שמעון, אבֿ״ד פֿראַנק־פֿורט־מײַן.

„משה־אלעזר בר׳ שמואל זנוויל הלוי אבֿ״ד ור״מ דק״ק קופּישאָק״ — אַזױ איז אָנגעגעבן אויף זײַן ספֿר **בית הלוי ותּורת הבית** (שקלאָוו, תּקס״ט; אוסטרהא, תּקע״ח). פֿריִער מו״צ אין שאַוול. מען האָט אים גערופֿן ר׳ לייזער קופּישקער.

ר׳ שמואל בר׳ חיים, רבֿ סוואַ־דאָשטש, אוטיאַן, קופּישאָק, ווּ ניפֿטר געוואָרן אַרום 1822.

ר׳ מאיר בר׳ אַבֿרהם סג״ל עפּשטיין (ר׳ מאיר שניפּישקער), פֿון 1833. פֿון 1837 מו״צ ווילנא, ווּ ניפֿטר געוואָרן אין 1851 אין עלטער פֿון 71 יאָר. האָט הסכּמות אויף ווילנער ש״ס (תּקצ״ה) און **מדרש כּונן**. זײַן זון ר׳ שאול, אבֿ״ד קאָ־סאָווע, קאָברין.

ר׳ אַלכּסנדר סענדער הכּהן קאַפּלאַן, פֿריִער רבֿ אין ווילקאָמיר און פֿון 1839 אבֿ״ד קופּישאָק ביז 1884, ווען ניפֿטר געוואָרן. מחבר פֿון **שלמי נדרים** (ווילנא, תּרמ״א). האָט שאלות־ותּשובֿות אין **עטרת יצחק** פֿון יצחק־אײַזיק, אבֿ״ד שאַוול, און אין **חמדת שאול**, פֿון שאול שאַפּיראָ (אדעססאַ, תּרס״ג, ע׳ כ״ז), חידושי־תּורה אין **קהלת יצחק**, פֿון יצחק בר׳ ניסן (ווילנא, תּר״ס, ע׳ 10).

ר׳ אַבא־יעקבֿ באָרוכאָוו, געבאָרן 1848 אין דאַרשונישאָק. פֿון 1886 ביז 1889. פֿריִער רבֿ אין מיישעגאָלע, שפּעטער רבֿ אין וועקשנע, פּאָלאָצק, וואָלקאָוויסק. פֿון די ערשטע רבנים חובֿבֿי־ציון. פֿון 1923 אין ירושלים, ווּ ניפֿטר געוואָרן אין 1938. בעל **חבֿל יעקבֿ** (ווילנא־ירושלים, תּרמ״א־תּרצ״ו. 3 חלקים).

ר׳ יהודה־לייב־שלום צינאַבל, פֿון 1890 ביז 1898, ווען ניפֿטר געוואָרן. פֿריִער רבֿ אין רובינישאָק און אָסטראָוו.

ר׳ יהודה־לייב פֿײַן, געבאָרן 1871 אין ווילקאָמיר. פֿריִער רבֿ אין פּיסאַטשנע (מינסקער גובֿ׳), 1900־1906 אין קופּישאָק, דערנאָך אין אָשמענע, סלאָנים, ווּ אומגעקומען אין 1941, הי״ד.

ר׳ אַבֿרהם־צבֿי בר׳ משה ברודנאָ, געבאָרן 1850 אין דווינסק, פֿון 1893 מורה־הוראה. דער חסידישער רבֿ פֿלעגט האָבן אַזאַ טיטל, ניט דעם טיטל אבֿ״ד. חיבורים: **ברכת אַבֿרהם** (ווילנא, תּרנ״ט), **חיי משה** (ירושלים, תּרפּ״ג), **קצור תּניא** (תּרפּ״ד), **מגיני אַבֿרהם** (תּרפּ״ו), **חסד לאַבֿרהם** (תּרפּ״ח) — אַלע ירושלים.

ר׳ אליהו־מאיר פֿײַוועלסאָן, געבאָרן 1867 אין ווײַגעווע. רבֿ אין קראָק און פֿון 1907 אין קופּישאָק. פֿון די הייסטע קעמפֿערס פֿאַר „אגודת ישראל״ און פֿאַנאַ־טישער קעגנער פֿון ציוניזם. פּראָדוקטיווער אָרטאָדאָקסישער מאַמריסט. געשריבן חידושי־תּורה און מאמרים אין **שערי ציון, יגדיל תּורה, המודיע, הפּלס, הלבֿנון, דער יוד, דאָס פֿאָלק**. ניפֿטר כ״ה טבֿת, תּרפּ״א

[תּרפּ״ה?] האָט הקדמה אין ש.מ. אָשריס **החיים והשלום** (תּרפּ״ג). חיבורים: **האמת והשלום, נצח ישׂראל** (וואַרשא, תּרע״ד), **פּקוח נפֿש** (אָן דאַטעס].

זײַן אײדעם ר׳ זלמן פּערצאָווו־סקי, געבאָרן 1900 אין יאַנעווע. אומגע־קומען תּש״א, הי״ד.

ר׳ ישׂראל־נוח כּאַצקעוויץ [רבֿ פון חסידים], געבאָרן 1889 אין באַכמוט (רוסלאַנד). פֿריִער רבֿ אין פּאַנעמונקע, אַבעל, קופּישאָק, ווו אומגעקומען אבֿ תּש״א, הי״ד.

ר׳ נחום־גרשון אָשרי, דיין, אַרום אָנהייב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט.

מ. בערזאָן, קאַזיאָנער ראַבינער (1895).

י.ש. גפֿני, **זכרון יעקבֿ** (ווילנא, תּרע״ג) האָט אַ שײַכות מיט קופּישאָק.

**אָפּשטאַמיקע.** — ר׳ אלחנן בר׳ יהודה־לייב כּהן, דאָ געבאָרן אין 1874. רבֿ אין פּאָשוויאַטין, פֿון 1926 אין דווינסק, ווו אומגעקומען אין 1941. האָט ארויסגעגעבן **תּשובֿות לשואל**, ר׳ אַהרן־שאול־זעליג מאיראָוו (ווילנא, תּרפּ״ט) מיט אייגענע חידושים און הערות. ר׳ אלחנן איז איידעם פֿון ר׳ מרדכי עליאַשבערג, אבֿ״ד בויסק.

אין **עטרת יצחק** פֿון יצחק־אײַזיק, אב״ד שאַוול, זײַנען דאָ שאלות־ותּשובֿות פֿון אַריה־ליב מקופּישאָק. די שו״ת געשיקט פֿון זאַגער חדש, פֿון תּקע״ד (1814).

ר׳ משה בר׳ שמואל עטער, דאָ געבאָרן 1885. פֿון 1908 ביז 1924 רבֿ אין טשטשערסק, פֿון 1925 רבֿ אין העריסבורג (אַמעריקע). האָט חידושי־תּורה אין תּורה־זשורנאַלן.

יעקבֿ־שמואל יפֿה, געבאָרן 1888. פֿון 1907 אין אַמעריקע. 1922 באַקומען ד״ר־טיטל אין באָדן־כעמיע און באַקטעריאָלאָגיע. אין משך פֿון 10 יאָר געדרוקט אין **דער אַמעריקאַנער** (נ״י) אַ סעריע „פּאָפּולער־וויסנשאַפֿטלעכע שמו־עסן״. געדרוקט זײַנע פּראָפֿעסיאָנעלע אַרבעטן אויך אין די ניו־יאָרקער **צוקונפֿט, מאָרגען־זשורנאַל, פֿרײַע אַרבעטער שטימע, טאָג, אידיש א״אַ**, אין לעמבערגער **דער אידישער לאַנדווירט** א״אַ. אַרויסגע־געבן **ארץ־ישׂראל — דאָס לאַנד פֿון האָפֿענונג** (וועגן וואָלטער לאודערמילקס ענגליש בוך מיטן זעלביקן נאָמען). פֿון 1937 געווען פּראָפֿעסאָר פֿון פּעדאָלאָגיע, די וויסנשאַפֿט וועגן דער אַנטשטייונג פֿון דער ערד. זײַן ווערק Pedology איז אַ רעפֿערענץ־בוך פֿאַר ערד־וויסנשאַפֿטלערס. פֿון 1960 אין מדינת ישׂראל. געשטאָרבן 1963 אין חיפֿה.

ר׳ ברוך בר׳ אליהו־מאיר פֿײַוועלסאָן, געבאָרן 1895. ר״מ אין ראַדינער ישיבֿה. ניפֿטר געוואָרן אין עלטער פֿון 38 יאָר. האָט חידושי־תּורה אין **יגדיל תּורה**.

ר׳ אליהו לוצקי, אב״ד זשידיק, געבאָרן 1898. אומגעקומען אבֿ תּש״א, הי״ד.

ר׳ זעליג בר׳ שלמה אָרעלאָוויץ,

געבאָרן 1898. לעצטער רבֿ פֿון ראַקישאָק, הי״ד.

ר׳ אפֿרים אָשרי, געבאָרן 1909. דורכגעמאַכט סלאַבאָדקער געטאָ. נאָך דער באַפֿרײַונג געווען איין יאָר רבֿ אין קאָוונע. 1948-1946 אויפֿגעשטעלט און אָנגעפֿירט די ישיבֿה „מאור הגולה" אין רוים. פֿון 1949 אין ניו־יאָרק, ווו ער איז ביז הײַנט דער רבֿ פֿון בית המדרש הגדול. חיבורים: **דברי אפרים** (תּש״ט, תּשל״ט); **שו״ת ממעמקים** (ה׳ חלקים, תשי״ט־תּשל״ט. חלק ג׳ עם קונטרס **עמק הבכא**); **אמרי אפֿרים** (תּשכ״ט); **אוצר הפסח** (ב׳ חלקים, תּשכ״ט); **חסדי אפֿרים** (תּשל״ה) — אַלע אין ניו־יאָרק; **חורבן ליטע** (מאָנטרעאָל־נ״י, 1951).

**שרײַבערס.** — שלמה־יהושע גרינבלוי, געבאָרן 1876. יידישער זשורנאַליסט. פֿון 1904 אין לאָנדאָן און זינט 1909 אין שיקאַגאָ. געשריבן אין **אידישער עקספּרעס, אידישער זשורנאַל,** אין שיקאַגער טעגלעכער **וועלט** און **דער אידישער רעקאָרד,** ווו געדרוקט פּובליציס־טישע אַרטיקלען און הומאָרעסקעס. געשטאָרבן 1938 אין שיקאַגאָ.

שניאור יאַפּפּע, געבאָרן אַרום 1885. פֿון 1906 אין אַמעריקע. געדרוקט אַרטיקלען אין **יודישער סאָציאַליסט** (נ״י), געשריבן אויך לידער. אויטאָר פֿון **עפּיזאָדן פֿון מײַן לעבן** (באָסטאָן, 1953).

נתן סווערדלין, געבאָרן 1907. געוווינט אין ווילנע, ווו שטודירט יוריס־פּרודענץ און פּאָליטישע וויסנשאַפֿט אין אוניווערסיטעט. פֿון 1936 אין ניו־יאָרק. דאָ באַקומען זײַן ד״ר־טיטל. 1936-1928 שטענדיקער מיטאַרבעטער פֿון ווילנער טאָגצײַטונג **די צײַט.** זינט 1945 אינעוויי־ניקסטער מיטאַרבעטער פֿון ניו־יאָרקער **טאָג,** שפּעטער **טאָג־מאָרגען־זשורנאַל.** דאָרטן געווען רעדאַקטער פֿון דער טע־אַטער־זײַט, ווו ער האָט געשריבן וועגן פֿילעמס, אַרטיסטן און מוזיק. געשריבן וועגן דער יידישער בינע אויך אין פּאַריזער **טעאַטער־שפּיגל** און **צוקונפֿט** (נ״י). מיט־געאַרבעט אין זלמן זילבערצווײַגס **לעקסיקאָן פֿון יידישן טעאַטער.** געשטאָרבן 1981 אין ניו־יאָרק.

**קאָרעספּאָנדענטן: המליץ** — משה־אהרן־מיכל, בן־דובֿ, מרדכי קאַפּלאַן (= מ.ק.), דוד־נטע קאַדישעוויץ, מענדל מוזיקאַנט, מ״מ בר׳ קלמן, לאד״ם, צבי״ה, קבל״ן, א״ת [זעלטן, אַז קאָרעספּאָנדענטן פֿון אַ ליטוויש שטעטל זאָלן געבן אַזוי פֿיל פֿאַרשטעלטע נעמען אין אַמאָליקע העברעיִשע צײַטונגען. משמעות, מחמת מורא פֿאַר תּקיפֿים]. **הצפֿירה** — משה כהן.

**ניכבדים:** ר׳ לייב מזל, ניפֿטר 1897; ר׳ כתריאל גאָרדאָן, זײַן איידעם ר׳ געצל האָפּמאַן; ד״ר ר. יעקעלסאָן (ביז 1898). טייל ניכבדים געפֿינען זיך אין די אויבן־געבראַכטע רשימות פֿון ציוניסטן און „אגודה".

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המליץ, 1883: 70; רשימת החברים, 1896/97; המליץ, 1898: 102, 222, 254; 1899: 62, 224; א.ל. פֿרומקין, תּולדות אליהו. ווילנא,

תּר״ס, ע׳ 2; חשבון הנדבות, 1909, ע׳ 125; הדרך, פ״פ א״מ, תּרע״ג;

אפֿרים אָשרי, חורבן ליטע. נ״י, 1951; מוסדות תּורה באירופּה. רעד׳ ש.ק. מירסקי. נ״י, תּשט״ז, ע׳ 204; צבי שמשי, מגִלת יוחסין. ירושלים, תּשי״ז, ע׳ 17; אנציקלופּדיה של הציונות הדתית, א׳, ירושלים, תּשי״ח, ע׳ 378; בית יעקבֿ, ירושלים, כ״ה טבֿת, תּשכ״ב; קריה נאמנה, ע׳ 287; עיר ווילנא, ע׳ 44, 267;

ב. כּהנס לעקסיקאָן, ז׳ 401; חלקת מחוקק, חוב׳ ט׳, מחברת א׳; אוצר ישׂראל, ה׳, ע׳ 33; אהלי שם, 13, 30; תּולדות אַנשי שם (ראַנד), ע׳ 92; קמזונס יהדות ליטא; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 7467; לעקסיקאָן, 1, 2, 4, 6; יהדות ליטא, א׳, ג׳. Black Book

## קוקטישאָק KUKTIŠKĖS

קליינטשיק שטעטעלע אין אוטיאַנער קרײַז. פֿאַרן ערשטן וועלטקריג איז דאָ געווען אַ גרעסערער ייִשובֿ. אין 1923 האָבן דאָ נאָך געוווינט 172 ייִדן, פֿאַרן חורבן — געציילטע ייִדישע מיש־פּחות.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — יהדות ליטא, ד׳. Black Book

## קורטעוויאַן KURTUVĖNAI

שאַוולער קרײַז. אין מיטן די 1880ער יאָרן איז דאָ שוין געווען אַ ייִדי־שער ייִשובֿ. אין 1880 איז דאָ געווען אַ פּרענומעראַנט אויף אַ רבנישן ספֿר. אַן ערך אין דער צײַט איז דאָ געווען רבֿ (אָדער דיין) ר׳ שלמה־זלמן זיוו. פֿריִער דיין אין פּלונגיאַן, דערנאָך אין פּאָנעוועזש. זײַן זון, ר׳ יוסף־יוזל הורוויץ [דער גאַנדערשטער פֿאַמיליע־נאָמען האָט זײַנע באַקאַנטע סיבות]. געשאַפֿן די עקסטרעמע מוסר־שיטה. די דאָזיקע שיטה האָט ער אײַנגעפֿירט אין זײַנע געגרינדעטע ישיבֿות אין נאָוואַראַדעק, אין ווײַסרוסלאַנד און אוקראַיִנע. ער איז ניפֿטר געוואָרן 1919 אין קיִעוו.

שפּעטער איז דאָ געווען רבֿ ר׳ חיים־הירש שולאָוויץ, בעל **דבֿרי חיים**. געווען אויך רבֿ אין ווײַגעווע.

אין 1880 און 1911 זײַנען דאָ געווען צוויי פּרענומעראַנטן אויף **בית יהודה**, יהודה־אָשר אײַזערמאַן (ווילנא, 1880) און **אמרי יעקבֿ**, יעקבֿ פּראַלגעווער (בילגורייא, תּר״ע).

אין 1923 האָבן דאָ געוווינט 103 ייִדן. זיי האָבן אויסגעהאַלטן ביזן חורבן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — הנאמן, תּ״א, תּש״ו, גל׳ ח׳; מוסדות תּורה באירופּה. נ״י, תּשט״ז, ע׳ 87; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 7470. Black Book

## קורקלע KURKLIAI

ווילקאָמירער קרײַז. זיך גערופֿן אויך קורקיל. דער ייִדישער ייִשובֿ האָט זיך אָנגעהויבן אַרום סוף אַכצנטן יאָרהונדערט.

אין 1923 האָבן דאָ געוווינט 181 יידן, פֿאַרן חורבן — אַרום 120.

ייִדן האָבן געצויגן חיונה פֿון קליינהאַנדל, קרעמערײַ און קאַראַבעל־ניקערײַ.

1894 איז דאָ געווען רבֿ ר׳ יצחק־משה בראַווער, געבאָרן אין 1870. שפּעטער רבֿ אין קאַלוואַריִע, ווילקאָווישק, דערנאָך 13 יאָר רבֿ אין סו־סיטי (אַמע־ריקע), וווּ ניפֿטר געוואָרן אין 1936. זײַן זון ר׳ יהודה, געבאָרן 1891 אין ליגעמיאַן, רבֿ 11 יאָר (פֿון 1912) אין עקראַן (אָהייאָ), 21 יאָר אין קענזעס־סיטי, פֿון 1944 אין מעקסיקע און פֿון 1949 אין לאָס אַנדזשע־לעס. חיבורים: **גור אריה, דבֿרי יהודה.**

הרבֿ דימאַנט.

דאָ איז 1885 געבאָרן געוואָרן בערטן מאָנטעגיו (מאָטל רובינשטיין). פֿילאַנטראָפּ. ער האָט אויפֿגעשטעלט אַ „קאַטעדרע פֿאַרן וועלט־שלום״ אין ירושלימער אוניווערסיטעט. געשטאָרבן 1952 אין ליעדס (ענגלאַנד).

**ביבליאָגראַפֿיע.** — ל. פֿאָרעם, בויער פֿון אַ ישובֿ– מעקסיקע. מעקסיקע, 1947. ז׳ 16; תולדות אנשי שם (ראַנד). נ״י, תש״י. ע׳ 12. יהדות ליטא, ג׳.
Black Book.

## קורשאַן KURŠĖNAI

שאַוולער קרײַז. אין 1897 האָבן דאָ געלעבט 1542 ייִדן, אין 1923 — 841, פֿאַרן חורבן בײַ 700. ייִדן האָבן זיך באַ־שעפֿטיקט מיט קרעמערײַ און מלאכה. אַ סך ייִדן האָבן געהאַנדלט מיט תּבֿואה, פֿלאַקס און האָלץ. קורשאַן איז געווען איינע פֿון די גרעסערע פּראָדוצענטן פֿון האָלענדישן קעז, וואָס פֿאָדערט הייכע פֿאַכמענישקייט און גרויסע געלט־אינ־וועסטיציעס. מערסטנס האָבן זיך פֿאַרנומען ייִדן דערמיט. די גרעסטע אין קורשאַן זײַנען געווען די ברידער פּרעס.

אין אַ רשימה מנדבֿים פֿון 1872 פֿאַר ייִדישע הונגער־געליטענע אין ליטע זײַנען דאָ קורשאַנער. דער קלײַבער: אַהרן וועגער.

אין 1879 איז אויסגעבויט גע־וואָרן אַ נײַער בית־מדרש מיט אַ סך באַפּוצונגען. די חברות „בחורי חמד״ און „מסלת ישרים״ האָבן מיטגעהאָלפֿן. דער בית־מדרש האָט אָפּגעקאָסט 7,000 רובל, דער אָרון־קודש — 500 רובל, איינער פֿון שענסטע אין ליטע.

אין 1880 האָט מען געגרינדעט אַ תּלמוד־תּורה פֿאַר 20 קינדער. מען האָט געלערנט תּנ״ך און דיקדוק. פֿאַר די גרעסערע תּלמידים האָט מען געלערנט רוסיש און דײַטש דרײַ מאָל אַ וואָך.

אין 1905 האָבן הונדערט ייִדישע מישפּחות פֿאַרלאָרן זייערע הײַזער אין אַ פֿײַער. 1915 האָט קורשאַן דורכגעמאַכט דעם גירוש־ליטע.

צווישן 1876 און 1914 זײַנען דאָ געווען 68 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

אין רשימות מנדבֿים פֿאַר ארץ־

ישׂראל אין 1899, 1900, 1903 זײַנען דאָ אַ סך קורשאַנער. אין אַן ענלעכער רשימה פֿון 1909 געפֿינען זיך די װײַטערדיקע קור־שאַנער: מורשים: מענדל טערען, י. לעװי־טאַס; א.צ. װאָלק, הרבֿ אהרן מירעלזאָן, שלום איזראַעלשטאַם, חיים־צבי העשלזאָן, דוד גרױסבאַרד, אַהרן גרױסבאַרד, יחזקאל שטײן, אליהו קרעמער, יוסף ליפּשיץ, זוסמאַן ליפּשיץ, יצחק ראַדזיװינישקי, יעקבֿ־משה חזן, בונם שעפּטל.

יעקבֿ־צבֿי פּירמאַן, צבֿי פּרוס, אַבֿרהם פּרוס, יוסף מאַנצאָװסקי, חיים־צבֿי מהריל, לײב ליפּשיץ, בן־ציון קאַנושיץ, יעקבֿ גאָלדװאַסער, אַבא־מאיר ליפּשיץ, זלמן הערצמאַן, מרדכי ליפּשיץ, גרשון ליפשיץ, נחמיה מורניק, יונה טאַבאַטשני־קאָװ, שמעון ברוידע, שמעון־יעקבֿ קצבֿ, אלחנן ראָזן, בן־ציון האָץ, ישׂראל פּירמאַן, יוסף ליפּאָװסקי.

**רבנים.** — ר׳ יחיאל־מיכל כּהנא שאַפּיראָ,[1] פֿון 1840 ביז 1880, װוען ניפֿטר געװאָרן אין עלטער פֿון 95 יאָר. די לעצטע יאָרן אױפֿגעגעבן זײַן רבנות צוליב בלינד־קײט. האָט שאלות־ותּשובֿות אין **עטרת יצחק** פֿון ר׳ יצחק־אײַזיק, אבֿ״ד שאַװל.

ר׳ שמואל־משה בר׳ אַריה־לײב שאַפּיראָ, געבאָרן 1843 אין קאָװנע. פֿון 1869 רבֿ רעמיגאָלע, שפּעטער טרישיק, קורשאַן, (פֿון 1879) באָברויסק. האָט הסכּמה אויף **אנשי שם**, ח. בראַװערמאַן (װאַרשאַ, תּרנ״ב). אין **דרכּה של תּורה, חות דעת גדולי התּורה בעניני חינוך**, דאָ זײַן נאָמען (װילנא, תּרס״ב).

ר׳ שלמה־נתן בר׳ יצחק־אַהרן קאָטלער, געבאָרן 1855 אין קאָװנע. פֿון 1875 ר״מ אין לאָמזשע, סלאַבאָדקע, רבֿ אין אוזװענט און עטלעכע יאָר רבֿ אין ניו־יאָרקער „תּפֿארת ירושלים״. פֿון 1901 רבֿ אין קורשאַן, שפּעטער לוקניק און נאָכן ערשטן װעלטקריג 7 יאָר רבֿ אין דעטראָיט (אַמעריקע). עולה געװען קײן ירושלים, װוּ ניפֿטר געװאָרן אין 1945. חיבורים: **בית שלמה** (סט. לואיס, תּרפ״ז), **כּרם שלמה** (ירושלים, תּרצ״ו). האָט חידושי־תּורה אין **יגדיל תּורה** (סלוצק).

ר׳ ישׂראל בר׳ יהודה־לײב ריף, געבאָרן 1871 אין זאַגער. נאָך קורשאַן אבֿ״ד זאַגער. אומגעקומען יום־כּיפּור תּש״ב (1941), הי״ד. פֿאָטער רבֿ אין פּרען, שאַדעװע, זאַגער.

ר׳ כּתריאל־נתן־אַהרן, געבאָרן אין לאַצקעװע, בעל **כּתר המלך** אויפֿן רמב״ם. שפּעטער רבֿ אין אויגוסטאָװע. אײדעם פֿון ר׳ משה־יצחק סגל, רבֿ קרע־טינגע, טאַװריק א״אַ.

ר׳ יצחק־אײַזיק פֿרידמאַן (איש־שלום), געבאָרן אין 1874 אין אַ ייִדישער קאָלאָניע אין יעקאַטערינאָסלאַװער גובערניע. פֿון די גרינדערס און הויפּט־פֿירערס פֿון „מזרחי״ אין ליטע. געשריבן אין העברעיִשע און ייִדישע צײַטונגען. פֿון 1905 רבֿ אין גרוזד [גאָרזד?], 1914־1924 אין קורשאַן, פֿון 1927 אין טאַװריק און פֿון 1935 רבֿ אין נחלת יצחק (ת״א) ביז זײַן

---

1) **יהדות ליטא**, ג׳, ע׳ 344, גיט זײַן פֿאַמיליע־נאָמען: גאָלד. אין זײַנע שו״ת שטײט קלאָר: יחיאל־מיכל שאַפּיראָ.

פּטירה אין 1944. חיבורים: **ישראל ותורתו** (וואַרשא, תּר״ע), **אמרי בינה** (תּרע״ג), **טל תּחיה** (סט. לואיס, תּרפּ״ד), **הגיון יצחק** (קידן, תּרפּ״ז), **חקרי יצחק** (קידן, תּרפּ״ט), **תּורת ישׂראל וארצו** (נ״י, תּרצ״ח), **לקח אבוֹת**.

ר׳ ירחמיאל ליטווין, לעצטער רבֿ, הי״ד.

ר׳ שלמה-אַבא גאָרדאָן, שו״ב; ר׳ אַבֿרהם-צבֿי קובאָוויצקי, חזן וסופֿר סתּ״ם. פֿאָטער פֿון ד״ר אַריה קובאָווי.

מ. קרעמער, **לדובֿר מישרים** (פּיעטרקובֿ, תּרס״א), האָט אַ שײַכות מיט קורשאַן.

**אָפּשטאַמיקע.** — ר׳ אפֿרים-דובֿ בר׳ שלמה-זלמן ברעזינסקי, געבאָרן דאָ אין 1860. פֿון 1902 אבֿ״ד ווײַגעווע [ווישינטע?]. מחבר פֿון **פּליטי אפֿרים** (וואַרשא, תּרס״ג). האָט אויך געשריבן אין **הצפֿירה**.

ר׳ משה-זאבֿ בר׳ שאול הכּהן, דאָ געבאָרן אין 1886. רבֿ אין פּלאָטל, אַבעל, ברעסלוי, ליווינהאָף (קורלאַנד). האָט חידושי-תּורה אין **שערי תּורה** און **המודיע**.

ר׳ מאיר איסערמאַן. אַ ריי יאָרן געזאָגט אַ בלאַט גמרא אין שנײַדערשן בית-מדרש אין קאָוונע. אין באַרדיטשעוו געשאַפֿן אַ ישיבֿה מיט דער הילף פֿון בערלינער גבֿיר לאַכמאַן. דאָרטן ניפֿטר 1898.

שמואל קאָטלער, געבאָרן אַרום 1885. ייִדישער דיכטער. יונג עמיגרירט קיין אַמעריקע. אָנגעהויבן שרײַבן לידער אין דוד פֿרישמאַנס **הדור** און אין **פֿאָר-ווערטס**. פֿאַרטראָטן אין פֿאַרשיידענע לידער-זאַמלונגען: **פֿרײַהייט** (לאָנדאָן), **דיא פרײַע שטונדע**, מ. באַסינס **פֿינף הונדערט יאָהר אידישע פּאָעזיע** א״אַ. איבערגעזעצט מאַקסים גאָרקיס **אַמעריקאַ** (באָסטאָן, אָ״י). גיך אַוועק פֿון ליטעראַטור און געוואָרן אַ סוחר אין דעטראָיט.

ד״ר אַריה קובאָוויצקי (קובֿבֿי), געבאָרן 1896. געקראָגן זײַן טיטל ד״ר-יורי אין בעלגיע. אַ פֿירנדיקער מיטגליד פֿון דער ציוניסטישער אַרבעטער-באַוועגונג. חבֿר פֿון ציוניסטישן אַקציאָנס-קאָמיטעט און דעלעגאַט צו ציוניסטישע קאָנגרעסן. רעדאַקטער פֿון צײַטונג **התּקוה**, **פֿאָלק און אַרבעט** און **לה טריביון זשואיף**. געווען ישׂראל-אַמבאַסאַדאָר אין טשעכאָסלאָוואַקיע און אַרגענטינע. פּרעזידענט פֿון „יד ושם״ אין ירושלים. געשטאָרבן אין ירושלים.

**ניכבדים.** — הרבֿ אַהרן מירעלזאָן, ר׳ יעקבֿ העשעלזאָן, **ישׂראל-יונה** שאַהאַם, דובער הירשזאָן, ראובֿן מאַר-קאָוויץ (אַרטיקל אין **הכּרמל**, (תּרכ״ו: 6), ר׳ ברוך בר׳ מרדכי, תּלמיד-חכם, באַהערשט עטלעכע שפּראַכן. ניפֿטר 1887. ר׳ יוסף גאָלד. געשאַפֿן תּלמוד-תּורה. געהאָלפֿן אויך גרינדן אַ „מלביש-ערומים״. ר׳ יצחק-מענדל שטערן, סופֿר סתּם.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המגיד, 1872: 15; הצפֿירה, 1879: 12; 1881: 6; יודישעס פֿאָלקס-בלאַט, 1883: 282; המליץ, 1899: 91; 1900: 56; 1903: 120; חשבון

הנדבֿות, 1909, ע׳ 114; בעקבֿות הפסגה, נ״י, תּרפ״ט; „ליטע״, 1, ז׳ 1009; אהלי שם, ע׳ 49, 333, 368; לעקסיקאָן, 8; יהדות ליטא, ג׳; אנציקלופדיה של הציונות הדתית, ע׳ 31; ספֿר הפרענומעראַנטן, 7481. Black Book

## קיבאַרט KYBARTAI

ווילקאָווישישקער קרײַז. כּמעט אַ צווילינגשטאָט מיט ווערזשבעלאָווע (ווירבאַלן). עקאָנאָמיש געקניפּט און געבונדן, אַזוי אויך געזעלשאַפֿטלעך, געווען צײַטן, וועןביידע שטעט האָבן געהאַט איין רבֿ.

פֿון די סאַמע ייִנגסטע ייִשובֿים אין ליטע. ייִדן האָבן אָנגעהויבן זיך באַזעצן דאָ ערשט אין מיטן די 1860ער יאָרן. ביז 1912 ניט געהאַט קיין אייגענעם בית־עולם.

ווי אַ שטאָט בײַם סאַמע גרענעץ מיט דײַטשלאַנד, איז דאָ אָנגעגאַנגען אַ גרויסער מיסחר, וואָס איז מערסטנס גע־לעגן אין ייִדישע הענט. ייִדן האָבן אויך געהאַט אַ סך פֿעלדער און גערטנער, וואָס זײַנען געווען אַ קענטיקער הכנסה־צווײַג. די ייִדישע עקאָנאָמיק איז געווען אַ גוטע.

אין 1897 האָבן דאָ געוווינט 533 ייִדן, פֿאַר דער ערשטער וועלט־מילחמה — בײַ 800, 1923 — 1253 (61 ייִדן בײַם ראַנד שטאָט זײַנען סטאַטיסטיש ניט צוגערעכנט געוואָרן) און פֿאַרן חורבן — בײַ 1000.

אין 4 רשימות מנדבֿים פֿאַר ייִדיי־שע הונגער־געליטענע אין ליטע פֿון 1872 און 1874 געפֿינען זיך מערערע קיבאַרטער. קלײַבערס: יהושע־דוד פֿרידמאַן, ברידער גראָדזענסקי, אַבֿרהם־יצחק גאָלדבערג, צבֿי שידאַרסקי.

אין 1880 האָט קיבאַרט באַקומען אַ דערלויבעניש צו עפֿענען אַ ייִדישע פֿאָלקשול, אָבער אָן שטיצע פֿון דער רעגי־רונג. דער לערער — ה. מלמד. „חבֿרת מרבי השׂכּלה בישׂראל״ האָט געהאָלפֿן מיט 150 רובל.

חיבת־ציון און ציוניזם זײַנען דאָ גיך אַרײַנגעדרונגען. די ציוניסטישע אגודה איז דאָ געווען שטאַרק. אַ גרויסער בעל־השפּעה אין דער היגער ציוניסטישער אַרבעט איז געווען שמעון־יחיאל גאָלדבערג, דאָ געבאָרן אין 1873, חבֿר פֿון אחד־העמס „בני משה״ אין קיבאַרט אין 1893. געווען דעלעגאַט צו אַ ריי ציוניס־טישע קאָנפֿערענצן. געהאָלפֿן גרינדן חברות צו קויפֿן ערד אין ארץ־ישׂראל. געשטאָרבן 1940 אין תּל־אָבֿיבֿ. קיבאַרט איז געווען איינע פֿון די 6 שטעט אין סוּוואַלקער געגנט, וואָס האָבן געגעבן אַ מאַנדאַט צום ציוניסטישן קאָנגרעס דעם באַקאַנטן ציוניסטישן פֿירער י. ניסענבוים. אין 4 רשימות מנדבֿים צו העלפֿן בויען ארץ־ישׂראל אין 1898 און 1899, זײַנען דאָ אַ סך קיבאַרטער. דער מורשה: א. לאַנדמאַן.

פֿון 1865 ביז 1885 זײַנען דאָ געווען 50 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

*

**רבנים.** — אַ ר' מרדכי, אַרום 1860־70ער יאָרן.

ר' משה הלוי שטערמאַן, געבאָרן 1874 אין קאָברין, אַרום 1897־1900. שפּעטער ראש־ישיבֿה אין סוואַלקער תּלמוד־תּורה וישיבֿה. פֿון 1906 אין ניו־יאָרק, רבֿ אין ישיבֿה דהאַרלעם. ניפֿטר געוואָרן ט"ז כּסלו, תּרצ"ט.

ר' אפֿרים־דובֿ בר' אלחנן־צבֿי כּהן, געבאָרן 1859 אין ווישטינעץ. רבֿ אין זאַבלודאָווע, קיבאַרט און ווירבאַלן, ווו ניפֿטר געוואָרן אין 1925. חיבורים: **זבח אפֿרים** (פּיעטרקובֿ, תּרע"ד), **גליון אפֿרים**, פּירושים און הערות אין תּלמוד ירושלמי (ווילנא, ראָם־אויסגאַבע).

ר' משה־אַבֿרהם־שמואל ראַבינאָוויץ, פֿריִער רבֿ אין ווידוקלע. בעל **זכרון יחזקאל** (וואַרשא, תּרע"ב).

ר' נחום־ברוך גינצבורג, געבאָרן 1882 אין פּאָנעוועזש. רבֿ אין אופּינע, וואַרזשאַן, קיבאַרט (1920־1930), יאַנעווע, ווו אומגעקומען אבֿ תּש"א, הי"ד. בעל **מקור ברוך** (קידן, תּרפּ"ה־תּרצ"א); מ. ראבינאָוויץ. ניפֿטר 1940.

ר' יהושע־דוד פֿרידמאַן, שו"ב (1874).

ר' ליפּא זרח, שטאַמט פֿון ווילנע, שו"ב ומו"צ פֿון 1875 ביז זײַן פּטירה אין 1898, אין עלטער פֿון 80 יאָר.

ר' יוסף־נחמיה בר' צבֿי־הירש גאָלדמאַן, געבאָרן 1867, מו"צ, פֿון 1900.

**אָפּשטאַמיקע.** — אין 1896 איז אַרויס אין ווילנע **צוואת ר' ליב גאָלדבערג מקיבאַרט**. ער האָט עס אָנגעשריבן אין עלטער פֿון 76 יאָר.

יצחק (איזאַק) לעוויטאַן, געבאָרן דאָ 1860. געענדיקט קונסטשול אין מאָסקווע. פֿון די גרעסטע מאָלערס פֿון דער רוסישער לאַנדשאַפֿט. געשטאָרבן 1900.

יעקבֿ מעסענבלום, דאָ געבאָרן אין 1895. באַקאַנטער מאָלער אין ליטע. געשטאָרבן 1933 אין קאָוונע.

רחבֿיה מאָגיליוקער, געבאָרן 1913. מיטגליד פֿון דער העברעיִשער דראַמאַטישער סטודיאָ אין קאָוונע. פֿון 1946 אין אַמעריקע. געלעבט לאַנגע יאָרן אין לאָס אַנדזשעלעס. געשריבן לידער אין ייִדישע צײַטונגען פֿון קאָוונע, וואַרשע און פּאַריז. געשטאָרבן אין ישראל.

אַבֿרהם פֿינקעלשטיין, אַ היגעבאָרענער. פֿון 1923 אין מעקסיקע. געווען מיטגליד פֿון מעקסיקאַנער ייִדישן צענטראַל־קאָמיטעט. געשריבן אַרטיקלען וועגן טעאַטער אין דער ייִדישער פּרעסע פֿון מעקסיקע. געשטאָרבן 1964.

משה בן־ישראל זילבער, אַבֿרהם לאַנדמאַן (חדו"ת), ח.ט. ש־ץ האָבן געשריבן אין **המליץ**.

ר' אַבֿרהם־אַבא קלוגמאַן, בעל־צדקה.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המגיד, 1870: 14; 1872: 1, 17, 47; 1874: 35; המליץ, 1898: 19, 167; 1899: 206, 207, 209; ש. טשרנוביץ, בני משה. ורשה, תרע"ד, ע' 93; י. ניסנבוים, עלי חלדי. ורשה, תרפ"ט, ע' 150; תולדות חברת מרבי השׂכלה, ע' 168, 180; אהלי שם, 179; יזכור־בוך סוואַלק, ז' 307; י.ד. קמזונס יהדות

ליטא; לעקסיקאָן, 7, 8; ספר הפרענומעראַנטן, 7486; ספר קיבאַרט (חיפה, 1988) יהדות ליטא, ג׳.
Black Book.

## קידול KIDULIAI

שאַקיִער קרײַז. נאָענט צו סודאַרג. אין 1923 האָבן דאָ געלעבט 307 יִדן — בכֵן, אַ קליינע יִדישע קהילה. נאָך אַלע מײַנע נאָכזוכענישן און נאָכפֿרעגענישן האָט זיך ניט אײַנגעגעבן צו געפֿינען עפּעס פּרטים. [אפֿשר האָט עס געהאַט אַ יִדישן נאָמען, וואָס מיר ווייסן ניט].

**ביבליאָגראַפֿיע.** — Black Book.

# קיידאַן KEDAINIAI

קיידאַן איז איינע פֿון די עלטסטע מקומות אין ליטע, באַקאַנט פֿון אַרום מיטן פֿערצנטן יאָרהונדערט. תּחילת אַ קליינער פֿישערדאָרף, איז עס גאַנץ גיך אויסגעוואַקסן צו אַ שטעטל. אין היסטאָרישע דאָקומענטן פֿון אָנהייב פֿופֿצנטן יאָרהונדערט ווערט עס שוין אָפּטער דערמאָנט. אין 1590 האָט קיידאַן באַקומען מאַגדעבורגער רעכט. אָבער שטאַרק אויסגעוואַקסן און געוואָרן אַ וויכטיקער אַדמיניסטראַטיווער און האַנדל־צענטער האָט זיך קיידאַן זינט 1614, ווען ס׳איז אַריבער אין רשות פֿון קריסטאָפֿאָר ראַדזיוויל, גרויספֿירשט פֿון ליטע און זי איז געוואָרן דאָס ווינאָרט פֿון די ראַדזיווילס. נאָך דער דריטער טיילונג פֿון פּוילן (1795) איז גאַנץ ליטע אַריבער צו רוסלאַנד. אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע איז קיידאַן געווען אַ קרײַזשטאָט.

יִדן האָבן אָנגעהויבן זיך באַזעצן דאָ אַרום מיטן זעכצנטן יאָרהונדערט. אין 1495 האָט גרויספֿירשט אַלעקסאַנדער אַרויסגעטריבן די יִדן פֿון קיידאַן, — אַ סימן, אַז יִדן האָבן דאָ געלעבט מערערע יאָרן פֿריִער. אין 1503 האָט ער מבֿטל געמאַכט די גירוש־גזירה. אונטער די ראַדזיווילס האָבן די קיידאַנער יִדן געקראָגן אַ סך ברייטע רעכט. זייערע וווינערטער אין שטאָט זײַנען, אמת, באַגרענעצט געוואָרן צו געוויסע קוואַרטאַלן, אָבער אַזעלכע באַגרענעצונגען זײַנען געווען חל, אין אַ געוויסער מאָס, אויך לגבי קריסטן.

אין 1624 געפֿינען מיר דאָ אַ יִדישן אַרענדאַר פֿון אַ קרעטשמע און פֿון

בריקן־אָפּצאָל — איזאַק לאָוקאָוויטש. אַ צווייטער ייִדישער אַרענדאַר אין יענער צײַט איז געווען איינער אַ ר׳ שמואל. אין 1652 האָט פֿירשט ראַדזיוויל געגעבן דער ייִדישער קהילה אַ פּריווילעגיע צו קענען פֿאַרקויפֿן שאַרפֿע געטראַנקען און קאָכן יי״ש און ביר. אין 1666 האָבן ייִדן געדונ־גען שענקען און געהאַנדלט מיט שפּײַז. 1667 איז דאָ געווען אַ ייִדישער ייִשובֿ פֿון עטלעכע הונדערט ייִדן. אין 1685 האָבן די ייִדן אויסגעמאַכט 11% פֿון דער אַלגעמיינער צאָל אײַנוווינערס אין שטאָט. די צאָל ייִדישע הײַזער איז געווען 42 אויף 337 קריסטלעכע הײַזער. איין שבת אין 1707 איז געקומען אַ קריסט, וואָס די ייִדן האָבן אים געקומט געלט, און האָט פֿאַרזיגלט די שול מיט אַלע ייִדן אינעווייניק און געהאַלטן זיי דאָרטן אַ האַלבן טאָג.

*

אין 1623 איז געשאַפֿן געוואָרן דער „ועד המדינות הראשיות דליטא״ און קיידאַנער ייִדן האָבן גאָר גיך געהאַט דאָרטן זייערע פֿאַרטרעטערס. שפּעטער איז קיידאַן געוואָרן דער גרעסטער פֿון די דרײַ גלילים (די אַנדערע: בירזש, וויזשון) פֿון „ועד״ אין זאַמעט. זי איז אויך געווען איינע פֿון די רײַכע קהילות אין „ועד״. דאָס קען מען זען פון עטלעכע תּקנות אין „פּנקס מדינת ליטא״. אין סימן תּרע״ז, תּקנות תּ״ל [1670] רעדט זיך וועגן חובֿות צו קיידאַן. אין סימן תּשצ״ט, תּקנות תּמ״ד [1684]: אַ חובֿ „להאַלוף מהר״ר וואָלף מקיידאַן״ וגם „להאַלוף הר״ר אַבֿרהם בר׳ חיים מִן קיידאַן״.

אין סימן תתקמ״ח [תתקנ״ח!], תּקנות תּקי״ב [1752] [חוב] „ק״ק קידאן והגליל״ ארבעה אלפי׳ שלשה מאות שלשים זהו[בים], כּמעט צוויי מאָל מערער פֿון וויזון והגליל און מער ווי צוויי מאָל פֿון בירז והגליל.

סימן תתקנב [תתקסב — תּיקון אין „פּנקס״], תּקנות תּקכ״א [1761] אין חובֿות: סיכסוך צווישן גליל קיידאַן און הוראדנא „בדבֿר הישובים שאחורי הנהר ניעמאן, געפּסקנט ועד סלוצק, אַז זיי געהערן „לגליל קידאַן הנ״ל לחלוטין ולצמיתות עולמין״. וועגן סיכסוך סלאַ־באָדקע האָט ועד סלוצק באַשטעטיקט די פּשרה, וואָס גליל קידאַן און הוראדנא זײַנען פֿריִער דורכגעקומען, אַז רח״ש [רבנים, חזנים, שמשים] געהערט צו קיידאַן, איבעריקע זאַכן — צו הוראָדנא.

צום קיידאַנער גליל האָבן געהערט: יורבורג, ראַסיין, פּלונגיאַן, סלאַבאָדקע, פּאַלאָנגע, קעלם, קראָזש, שאַוול, שקוד, טעלז, ריטעווע.

אין 1655 האָט קיידאַן שטאַרק געליטן פֿון דער רוסיש־שוועדישער מילחמה. 1657 איז דאָ אויסגעבראָכן די „שוואַרצע מגיפֿה״. 1681 איז אַ גרויסער טייל פון שטאָט חרובֿ געוואָרן דורך אַ ריזיקער שׂריפֿה. 1710 איז קיידאַן און איר סבֿיבֿה געטראָפֿן געוואָרן פֿון דזשומאַ־מגיפֿה. דאָס האָט אַ טרייסל געטאָן דאָס היגע ייִדישע לעבן, אָבער ניט צעבראָכן.

אין 1721 זעען מיר קיידאַן ווי די דריט־גרעסטע קהילה אין ליטע־זאַמעט אין אָפּצאָל פֿון קאָפּשטײַער, גרעסער פֿאַר ווילנע און מינסק.

מיטן אַריבערגאַנג פֿון ליטע־זאַמעט צו רוסלאַנד, אין 1795, הייבט זיך אָן פֿאַרערגערן דער ייִדישער רעכטלעכער מצבֿ אין קיידאַן. די ייִדן פֿאַרלירן אַלע זייערע פֿריִערדיקע ברייטע רעכט. די רוסישע רעגירונג פֿירט אײַן מיט אַ גיכן טעמפּ די אַלע דיסקרימינירנדיקע געזעצן קעגן ייִדן, ווי אין רוסלאַנד. איינע פֿון די ערשטע גזירות איז געקומען אין 1804: אַלע ייִדן מוזן אַרויס פֿון זייערע דאָרפֿישע ייִשובֿים. די אַלע ארויסגעטריבענע ייִדן פֿון די אַרומיקע דערפֿער זײַנען געקומען קיין קיידאַן. אין 1807 איז צוגעקומען אַ נאַטור־אומגליק: אין טייל זאַמעט איז 1807 אויסגעבראָכן אַ גרויסע כאָלערע־עפּידעמיע, וואָס האָט אויך ניט אויסגעמיטן קיידאַן. יענעם יאָר האָבן די היגע ייִדן פֿאַרלאָרן 397 נפֿשות. דאָ דאַרף אויך דערמאָנט ווערן, אַז 1809 איז אין קיידאַן עפּנטלעך פֿאַרברענט געוואָרן מנחם מן בן אַריה פֿון וויזשון פֿאַר אַריבערפֿירן דעם ווילנער גראַף פּאָטאָצקי צום ייִדישן גלויבן (געשען איז עס י״ז תּמוז, תּקס״ט).

די ייִדישע עקאָנאָמיק אין קיידאַן האָט זיך גראָד ניט שלעכט אַנטוויקלט אין די שפּעטערדיקע יאָרן פֿון דער רוסישער הערשאַפֿט. פֿון 1868 האָבן דאָ סטאַציאָנירט צוויי אַרטילעריע־איינהייטן, וואָס איז געווען אַ מקור פֿון פּרנסה פֿאַר ייִדישע קרעמערס און בעלי־מלאכות. אַ פּאָר יאָר שפּעטער איז דאָ אויסגעבויט געוואָרן אַ באַנליניע, וואָס האָט פֿאַרשטאַרקט די פֿאַרבינדונג צווישן קיידאַן און רוסלאַנד. פֿון דעם האָבן פּראָפֿיטירט ייִדישע קרעמערס און בעלי־מלאכות, נאָר גאָר באַזונדערס ייִדישע סוחרים און פּאָדריאַטשיקעס (קאָנטראַקטערס). אין די 1830ער יאָרן זײַנען אַ סך ייִדישע סוחרים פֿון קיידאַן שוין געפֿאָרן אויף גרויסע יאַרידן אין רוסלאַנד.

אין 1868 האָט גענעראַל באַראָן פֿאָן ראָזען זיך אַנטשולדיקט פֿאַר די ייִדן אין קיידאַן פֿאַר לאָזן זײַנע סאָלדאַטן שפּילן „די יודענפּאָלקע״, ווײַל דאָס איז באַליידיקנדיק פֿאַר ייִדן. ער האָט צוגעזאָגט דאָס ווײַטער צו פֿאַרווערן.

אַ שטיקל ליכטפּונקט אין לעבן פֿון די ייִדן אין ליטע בכלל און פֿון די ייִדן אין קיידאַן בפֿרט איז געווען די צײַט פֿון פֿירשט טאָדטלעבען, וואָס איז 1863 געוואָרן גענעראַל־גובערנאַטאָר פֿון ליטע. אין הונגעריאָר 1868 האָט ער געהאָלפֿן אָרעמע. ייִדן ווי קריסטן אין קיידאַן האָבן באַקומען אַ סך אַרבעט דורך די סאָלדאַטסקע מאַגאַזינען, דורך בויען קאַזאַרמעס, אַ פּרעכטיקן הויף און גאָרטן און אַנדערע אונטערנעמונגען.

אין 1867 איז ווידער אויסגעבראָכן אַ כאָלערע־עפּידעמיע. אין 4 וואָכן האָט מען צונויפֿגעקליבן 800 רובל פֿאַר די געטראָפֿענע.

אין אַ רשימה פֿון מנדבֿים אין

1871 פֿאַר יִדישע געליטענע פֿון הונגער אין אַ טייל ליטע זײַנען דאָ מערערע קיידאַנער.

די כוואַליע גרויסע פּאָגראָמען אין רוסלאַנד אָנהייב 1880ער יאָרן האָט ניט אָנגערירט קיידאַן און גאַנץ ליטע. דאָס איז צו פֿאַרדאַנקען גראַף טאָדטלעבען, וואָס האָט בײַ צײַטנס אַרײַנגעשיקט אַ ספּעציעלע בריגאַדע קאָזאַקן צו שיצן די יִדן. פֿונדעסטוועגן האָבן די שרעקלעכע פּאָגראָמען אין רוסלאַנד זיך אויסגעווירקט אויך אויף דער שטימונג פֿון די יִדן אין קיידאַן, און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ גרעסערע עמיגראַציע צו די לענדער מעבֿר לים. אין די יאָרן 1883־1886 האָבן עמיגרירט בײַ 600 יִדן פֿון קיידאַן. פֿאַרגרעסערט די עמיגראַציע האָט דער גרויסער הונגער, וואָס האָט געהערשט אין קיידאַן אין די 1880ער יאָרן. יִדישע אָרעמעלײַט זײַנען געלאָפֿן איבער די גאַסן, געטומלט, געבראָכן פֿענצטערס אין די גבֿירישע הײַזער און געדראָט מיט ערגערס, אויב מען וועט זיי ניט העלפֿן.

אין די יאָרן 1887, 1888 און 1900 האָבן דאָ געבושעוועט דרײַ גרויסע שׂריפֿות.

*

אין 1878 איז געענדיקט געוואָרן דער בוי פֿון דער נײַער קלויז פֿון חבֿרה קדישא. צום חנוכּת־הבית האָט מען אַראָפּגעבראַכט אַ חזן מיטן כאָר פֿון נאָוואָ אַלעקסאַנדראָווסק (עזשערעני). אַן ערך אין דער צײַט האָט די „חבֿרה בית־מדרש" פֿאַרענדיקט דעם בוי פֿון אַ נײַעם בית־מדרש (דעם אַלטן האָט מען אַראָפּגעוואָרפֿן). צו דער חגיגה האָט מען געבראַכט דעם חזן פֿון קעלם מיט זײַן כאָר.

אין 1884 איז דאָ געשאַפֿן געוואָרן אַ תּלמוד־תּורה א"נ „אֹהל משה", אין אָנדענק פֿון משה מאָנטעפֿיאָרי. אין טאָג פֿון זײַן פּטירה זײַנען אַלע יִדישע קראָמען געווען פֿאַרמאַכט אַ האַלבן טאָג.

אין 1888 האָבן אַ סך יִדישע קינדער געלערנט אין דער אַלגעמיינער רוסישער פֿאָלקשול. אין זעלביקן יאָר האָט מען געלערנט רוסיש און חשבון אין דער תּלמוד־תּורה.

אין 1895 איז דאָ געגרינדעט געוואָרן „תּפֿארת בחורים".

אין 1898 זײַנען דאָ געווען: בית־הכּנסת הגדול, בית־הכּנסת קברנים, בית־מדרש דעבֿר הנהר, קלויז הגדול, קלויז „שבֿעה קרואים", קלויז חיי אדם, קלויז עין יעקבֿ.

אין 1899 האָבן כוליגאַנעס צעבראָכן און צעשטאָכן טייל אויסערלעכע ווענט פֿון אַלטן בית־הכּנסת. דער גלח האָט געזאָגט, אַז ער שעמט זיך פֿאַרן וואַנדאַליזם. דער אַלטער בית־הכּנסת איז געווען איינער פֿון די שענסטע אין ליטע. די מאָלערייען אינעווייניק זײַנען געווען פּרעכטיק. פֿאַרשיידענע באַצירונגען האָבן באַפּוצט די ווענט. דער אָרון־קודש איז געווען אַ קונסטווערק. דער סופֿיט איז געווען פֿול מיט אַ ריי ווונדערלעך שיינע

בילדער. איינס פֿון זיי איז געווען: הולכי גולה על נהרות בבֿל.

די ישיבֿה האָט עקסיסטירט שוין פֿון אָנהייב אַכצנטן יאָרהונדערט. דער ווילנער גאון האָט דאָרטן געלערנט אַ קורצע צײַט. מיט קליינע איבעררײַסן האָט די ישיבֿה זיך געהאַלטן ביזן חורבן.

1764 האָבן דאָ געלעבט 501 ייִדן, 1847 — 4987, 1897 — 3733, 1908 — בײַ 5000, 1923 — 4028, פֿאַרן חורבן — בײַ 3700 (צו דער אָפֿיציעלער סטאַטיסטיק אין 1923 זיינען ניט צוגערעכנט געוואָרן די 100 ייִדן, וואָס האָבן געלעבט בײַם ברעג שטאָט). 1915 האָט קיידאַן דורכגעמאַכט דעם גירוש־ליטע.

די ייִדישע עקאָנאָמיק אין קיידאַן האָט געהאַט פֿאַרשיידענע פֿאַזעס, אָבער סך־הכּולדיק קען מען זאָגן, אַז די קהילה איז מערסטנס געווען צווישן די בעסער־סיטויִרטע ייִדישע שטעט אין ליטע. אַ דאַנק גינסטיקע אומשטאַנדן איז איר עקאָנאָמישער געבוי געווען אַנדערש. שוין אָנהייב נײַנצנטן יאָרהונדערט האָט אַ קענטיקע צאָל ייִדן געצויגן חיונה פֿון גערטנערײַ און סעדערײַ. אין אַן אָפֿיציעלן ראַפּאָרט פֿון סטאַטיסטישן אַמט פֿון קאָװנער גובערניע פֿאַר די 1890ער יאָרן ווערט געזאָגט: „אַ גרויסער טייל ייִדן אין קיידאַן זײַנען זיך מפֿרנס פֿון גרינסגאָרטנס און פֿרוכטסעדער, כּמעט אַלע גרינס־גערטענירערס זײַנען ייִדן". די הצלחה אין די שפּעטערדיקע יאָרן פֿון די קיידאַנער אוגערקעס האָט איר וואָרצל אין יענע פֿריִע יאָרן, אַזוי אויך די האָניק־ווירטשאַפֿט. דער עקספּאָרט פֿון תּבֿואה, עופֿות, אײַער, רויע פעלן האָבן אויך געשטאַרקט די ייִדישע עקאָנאָמיע. וועבערײַ איז מערסטנס געווען אין ייִדישע הענט, שוין פֿון אָנהייב נײַנצנטן יאָר־הונדערט. די לאַנדווירטשאַפֿטלעכע פּראָ־דוקטן זײַנען געגאַנגען — אויסער ליטע — קיין לעטלאַנד, ענגלאַנד, דײַטשלאַנד.

*

דאָ איז כּדאַי איבערצוגעבן וועגן אַ ספּעציעלן אינצידענט צווישן ייִדישע בעלי־מלאכות און קהל אין קיידאַן. סיכ־סוכים צווישן קהל און ייִדישע אַרבעטנ־דיקע מענטשן זײַנען ניט געווען קיין זעלטנקייט אין ליטע אין יענע צײַטן, אָבער די סיבה פֿונעם אינצידענט אין קיידאַן אין 1815 איז מסתּמא איינציק־אַרטיק.

אין קיידאַן האָט לאַנגע יאָרן עקסיסטירט אַ צעך פֿון שנײַדערס, קירזש־נערס און שמוקלערס. האַנטווערקערס זײַנען פֿון קהל באַהאַנדלט געוואָרן ווי מענטשן פֿון אַ נידעריקערן קלאַס. געווען אַן אַלטער מינהג אין קיידאַן, אַז פֿײַנע בעלי־בתּים טראָגן שבת און יום־טובֿ סאַמעטענע יאַרמלקעס און שטרײַמלעך אין שול, בעת די האַנטווערקערס טראָגן מאַנטשעסטער־יאַרמלקעס און קלאַפּאָווע היטלען. איין פֿרײַטיק־צו־נאַכט זײַנען צוויי שנײַדערס געקומען אין שול מיט סאַמעט־ענע יאַרמלקעס. די גבאים האָבן געהייסן זיי אַרויספֿירן פֿון שול. דעם קומענדיקן

שבת זײַנען געקומען מערערע שנײַדערס אין שול מיט סאַמעטענע יאַרמלקעס און שטרײַמלעך. קהל האָט דעמאָלט באַשלאָסן צו געבן מַלקות יענע שנײַדערס. די עקזע־קוציע איז דורכגעפֿירט געוואָרן דורך פּריצישע משרתים, דאָס האָט אויפֿגעבראַכט אַלע ייִדישע בעלי־מלאכות אין שטאָט, וואָס האָבן גענהאָלפֿן דעם יידישן צעך פֿון שנײַדערס און קירזשנערס פֿאַרפֿירן אַ פּראָצעס קעגן קהל. דער פּראָצעס האָט אָפּגעקאָסט די האַנטווער־קערס און קהל טויזנטער רובל. די האַנט־ווערקערס האָבן אויך באַשלאָסן צו נעמען דעם מישפּט אין זייערע אייגענע הענט, און ווו ס'איז נאָר געווען אַ געלעגנהייט אוי־סערן שטאָט געלערנט אַ „פּרשה בָלק" מיט אָנגעטראָפֿענע פּאָרשטייערס פון קהל. דער סוף איז געווען, אַז קהל האָט גערופֿן צו פֿאַרהאַנדלונגען. די האַנטווערקערס האָבן אַרויסגעשטעלט צוויי תּנאָים: 1. די האַנט־ווערקערס מעגן טראָגן סאַמעטענע יאַרמל־קעס און שטרײַמלעך; 2. בעת אַ מישפּט צווישן אַ בעל־מלאכה און אַ בעל־הבית, מוז זײַן אין בית־דין אויך אַ דיין מצד די בעלי־מלאכות. קהל האָט מסכּים געווען און ס'איז געוואָרן שלום.

אין ש. דובנאָווס אַרכיוו האָט זיך געפֿונען דער „פּנקס של חבֿרת פּועלי צדק דק"ק קיידאַן", בעיקר פֿון שנײַדערס, ס'רובֿ פֿון 1804, אָבער מען האַלט, אַז דער צעך איז אַ סך עלטער. די מעשה מיט די געשמיסענע שנײַדערס צוליב די סאַמעט־ענע יארמולקעס ווערט אָנגעגעבן פֿון אַן אַלטן קיידאַנער תּושבֿ, שלמה בערנשטיין.

*

די באַציִונגען מיט די ליטווינער זײַנען בדרך כּלל געווען גוטע. 1909 איז דאָ געווען אַ קרײַז ייִדיש־ליטווישע אינטעלי־גענטן פֿאַר באַפֿרײַען ווילנע. דער ייִדישער אַפּטייקער הורוויץ האָט אָפּגעדרוקט רעצעפּטן אויף ליטוויש. ער האָט באַקומען אַ שטרענגן אויסרייד פֿון דער אופּראַווע, אָבער ער האָט ווײַטער געטאָן זײַנס. דער ליטווישער דאָקטער אינדעראָוויטש פֿלעגט צאָלן 6 רובל אַ חודש פֿאַרן ביקור־חולים. צו יעדער ייִדישן יום־טובֿ פֿלעגט ער געבן ייִדישע אָרעמעלײַט טיי, צוקער, געלט. האָט אויסגעהאַלטן אויף זײַן חשבון די דערציִונג פֿון אַ ייִדישן יתום. ער איז געשטאָרבן אין 1879. געווען אויך אַ סך אַנדערע פֿאַלן פֿון העלפֿן ייִדן מצד ליטווי־שע אינטעליגענטן און רײַכע לײַט.

## ייִשובֿ ארץ־ישׂראל.

קיידאַנער ייִדן זײַנען פֿאַרבונדן מיטן אויפֿ־בוי פֿון ארץ־ישׂראל מיט איבער 80 יאָר פֿאַר חיבת־ציון. וועגן איינעם פֿון זיי ווייסט מען גענוי, אַז אין 1813 האָט ער זיך באַזעצט אין ירושלים. געקומען קיין ארץ־ישׂראל איז ער אין 1810 מיט אַ גרופּע תּלמידים־עולים פֿון ווילנער גאון. געווען איז ער אַ גאָלדשמיד — אָדער אַזוי איז געווען זײַן נאָמען — וואָס ער האָט העברעיִזירט אויף צורף, אַבֿרהם שלמה זלמן. דאָ געבאָרן אין 1786. ער האָט

גרויסע פֿאַרדינסטן פֿאַר דעם דעמאָלטיקן קליינעם יישובֿ. ער האָט אויסגעלייזט דעם ירושלים־צענטער און די חורבֿה פֿון ר׳ יהודה חסיד. געשטאָרבן 1851.

זײַן זון, מרדכי סָלומון, איז אויך געווען טעטיק בײַם העלפֿן ייִדן אין ארץ־ישׂראל. ער פֿלעגט פֿאָרן אין שליחותן פֿון ייִשובֿ קיין אויסלאַנד. בײַם דײַטשישן קיסר האָט ער אויסגעפּועלט שוץ פֿאַרן קליינעם ייִשובֿ. באַזונדערס גרויסע אויפֿטוען קען מען צושרײַבן דער טעטיקייט פֿון מרדכיס זון, יואל־משה סלומון — איינער פֿון די גרונטבויערס פֿון ייִשובֿ ארץ־ישׂראל.

איינער פֿון די עשׂרה ראשונים צו בויען ראשון לציון איז זאבֿ אַבראַמאָוויץ, דאָ געבאָרן אין 1843. געקומען קיין ארץ־ישׂראל פֿון פּעטערבורג ווי אַ רײַכער סוחר. געשטאָרבן אין 1915.

אין 1844 האָט אַ קיידאַנער ייִד, ישׂראל־חיים הכּהן, אַרויסגעגעבן **חבת ירושלים** פֿון חיים הלוי הורוויץ. גיט זיך אָן: „מתּושבֿי ירושלים״, בכֵן, געקענט דאָרטן לעבן שוין צענדליקער יאָרן.

אין דער צווייטער העלפֿט נײַנצנטן יאָרהונדערט זײַנען קיידאַנער ייִדן געפֿאָרן קיין ארץ־ישׂראל, ווי דאָס ווײַזן די ווײַטערדיקע מצבֿות אויף אַן אַלטן ירושלימער בית־עולם:

יחיאל מיכל בר׳ משה מקאדאן, תּרכ״ב.
דבורה אשת יחיאל מיכל מקאדאן, תּרכ״ב.
רחל בת הרה״ג יהודא ליב כּהנא שפּירא א״ב [אב״ד?] דקידאן, תרכ״ג.
שפרה בת ר׳ מאיר (אשת יחיאל נפח מקידאן), תּרל״ח.
שרה בת ר׳ העשיל מקאדאן (אלמנת הרב יעקב מווילאן), תּרל״ט.
שלמה בר׳ מרדכי רפאל, תּרל״ט.
הענע בת ר׳ ירמיהו מקידאן, תּרמ״ה.

מיטן אויפֿקום פֿון חיבת־ציון און ציוניזם איז קיידאַן געוואָרן זייער טעטיק אין העלפֿן בויען ארץ־ישׂראל. פֿון די ערשטע אַקטיוויסטן־חובבֿי־ציון איז געווען ר׳ שמריה מערקל, אין 1886.

אין אַ „רשימת חבֿרים לתּמיכת בני ישׂראל עובֿדי אדמה בסוריא ובארץ־ישׂראל״ פֿון 1896 געפֿינען זיך די קיידאַנער: קאָפּל אַבראַמאָוויץ, יוסף בלומזאָן, זונדל גינצבורג, לייב גאָלאָמביק, יהושע־צבֿי הורוויץ.

אין אַ ריי רשימות מנדבֿים פֿאַר בניין ארץ־ישׂראל געפֿינען זיך אָפּט אַ סך קיידאַנער: 1898 — 6 רשימות, 1879 — 3 רשימות, 1900 — 3 רשימות. 1909 — 1 רשימה, 50 מנדבֿים. מורשה 1899 — ישׂראל פטאַשקין.

אין „פּרחי ציון״ זײַנען 1899 געווען: אַהרן איינהאָרן, דוד באַווילסקי, חיים־יוסף ראַטנער, מאיר פֿרידגוט; מאיר־יוסף ווילנער, יצחק ראַטנער. גבאי: זאבֿ טובער. אין „בני ציון״ 1899 איז דער מורשה יצחק דאַם.

דער ועד אגודת חובֿבֿי־ציון אין 1903 איז באַשטאַנען פֿון: זונדל גינצבורג, יושב ראש, זלמן פֿראַנק, סגן, אליעזר

וואָלפּערט, גזבר; יוסף וואָלפּערט, צבֿי הורוויץ, יצחק דאַם, יעקבֿ וואָלפּערט. מורשה: יוסף בלומזאָן. דער ועד פּראָטעסטירט קעגן דעם צו שאַרפֿן וויכּוח צווישן אחד־העם און ד״ר נאָרדוי וועגן ד״ר הערצל.

אַהרן־זלמן דאַט, דאָ געבאָרן אין 1859, אַ הייסער חובֿבֿי־ציון, פֿון די „מזרחי״־אַקטיוויסטן, איידעם פֿון ר׳ משה־יונה יפֿה, אבֿ״ד סמילג, פּושאַלאַט, ווו אַהרן־זלמן איז געשטאָרבן.

**רבנים.** — ר׳ יהודה־זונדל בר׳ עוזר, אבֿ״ד קיידאַן והגליל. האָט אַ המלצה פֿון 1670 אויף **באר אַבֿרהם** און **מי באר**, אַבֿרהם ליסקער (פֿרנקפֿאַרט, תּמ״ג).

ר׳ הלל בר׳ נפֿתּלי־הירץ, געב׳ 1615 אין זאָלקעווע.[1] דאָרטן רבֿ, 1650־1666 דיין אין ווילנע, 3־4 יאָר אבֿ״ד קיידאַן, 1670־1679 אין אה״ו (אַלטונאַ, האַמבורג, וואַנדזבעק) און פֿון 1680 ווידער אין זאָלקעווע, ווו ניפֿטר געוואָרן כ״ב טבֿת 1690. פֿון די חשובֿע רבנים בדורו. בעל **בית הלל**, אויף די פֿיר טיילן **שלחן ערוך**, אַרויסגעגעבן דורך זײַן זון ר׳ משה (דיהרנפֿורט, תּנ״א). האָט הסכּמות אויף **באר אַבֿרהם**, אַבֿרהם בר׳ חיים ליסקער (פֿפֿד״א, תּמ״ג), **אור חדש**, **ילקוט דוד**, **עולת תּמיד** (אַמשטרדם, תּמ״א).

ר׳ אליקים געצל בר׳ שלמה הלוי, פֿריִער רבֿ אין בראָדי (גאַליציע). זײַן חתימה אויף אַ תּקנה פֿון 1699 איז דאָ אין קיידאַנער פּנקס „חבֿרא קדישא גמילות חסדים של אמת״. ווערט דערמאָנט אין די **תּשובֿות החכם צבֿי**, סימן קכ״ח. ניפֿטר געוואָרן 1702 אין קיידאַן. אייניקל פֿון ר׳ יהושע בר׳ יוסף (געבאָרן 1578), בעל **מגיני שלמה** און **פּני יהושע**. זײַן פֿאָטער, אבֿ״ד ווילנאַ. זײַן זון ר׳ יהושע־העשיל האָט אַ חתימה אין „פּנקס חבֿרה קדישא״. ניפֿטר געוואָרן דאָ אין 1720.

ר׳ פּנחס בר׳ אלעזר. אַ מקובל. מחבר פֿון **אבֿן הראשה, אבֿן השהם, אבֿן פינה, אבֿן שתיה** א״אַ (מערסטנס כּתבֿ־יד). ניפֿטר דאָ אין 1730.

ר׳ צבֿי־הירש הורוויץ רבֿ אין ג׳ קהילות קיידאַן־וויזשון־בירזש. ווייניאָרט אין קיידאַן. פֿון די ערשטע רבנים אין זאַמעט. האָט געקענט זײַן דאָ רבֿ אַן ערך נאָך ר׳ אליקים־געצל אָדער ר׳ יהושע־העשיל. די טירדות הרבנות האָבן אים געשטערט אין לערנען, איז ער אַוועק קיין זאַבלודאָווע (פּוילן) און דאָרטן געזעסן על התּורה ועל העבֿודה. חיבורים: **גאון צבֿי** (פּראַג, תּצ״ז), **אַספּקלריה המאירה** (פֿיורדא, תּקל״ו).[2]

---

1) לויט רש״י פֿין און אַנדערע מקורות — אין בריסק.

2) און אפֿשר איז ר׳ צבֿי־הירש דער הערשל הירשאָוויטש, וואָס ס.א. בערשאַדסקי גיט אים אָן ווי דער רבֿ פֿון קיידאַן אין 1714? אין רוסלאַנד האָט אָפֿט געטראָפֿן, אַז פֿון ערשטן יידישן נאָמען האָט מען געמאַכט דעם פֿאַמיליע־נאָמען און פֿון הירש איז געוואָרן הירשאָוויטש. — דאָ איז כּדאַי צוצוגעבן, אַז לויט **קריה נאמנה** איז איינער אַ ר׳ חיים־יהודה־לייב אבֿ״ד לבֿוב און גליל קיידאַן, און עס קען זײַן, אַז דאָס איז דער ר׳ חיים־יהודה הלוי עטינגער, וואָס אין **שם**

ר׳ משה בר׳ שמעון מרגלית, דאָ געבאָרן אין 1710. פֿאַראַן אַ סבֿרא, אַז יונגערהייט האָט דער ווילנער גאון געלערנט בײַ אים. איינער פֿון די גרעסטע מפֿרשים אויפֿן **ירושלמי.** זײַן **פני משה** האָט פּשוט געעפֿנט דעם **ירושלמי** פֿאַר די לומדים. ער האָט געזוכט אין פֿאַרשיידענע אוניווערסיטעטן מאַנוסקריפּטן, אין איין אוניווערסיטעט האָט ער פּשוט געלערנט באָטאַניק, כּדי בעסער צו פֿאַרשטיין דעם סֵדר **זרעים** אין **ירושלמי.** אין 1766 איז ער געוועזן דיין אין אַוויניאָן (פֿראַנקרײַך). אויף זײַן וועג קיין ארץ־ישׂראל צו פֿאַרענדיקן אַלע זײַנע פּלענער וועגן ספֿר, איז ער ניפֿטר געוואָרן י״ב טבֿת 1871 אין בראָדי. דאָס ערשטע האָט ער געדרוקט דעם ספר **נשים** (אַמשטרדם, תּקט״ו). ערשט 15 יאָר שפּעטער סדר **נזיקין** (ליוורנו, תּק״ל). **ברכות** איז דאָרטן אַרויס אָן אַ שַער. אויף **דבֿרי דוד,** דוד בהר׳ ר׳ רפֿאל מילדולה (אמשטרדם, תּקי״ג), איז דאָ „הסכמת משה מרגליות מקידאַן, שהיה אב״ד בכמה קהלות זאַמוט וּלע״ע באמ״ד״.

ר׳ יחזקאל בר׳ אַבֿרהם קאַצענעלענבויגן, געבאָרן 1668 אין בריסק. פֿון אים הייבט זיך אָן די דינאַסטיע קאַצענעלענבויגן אין קיידאַן. פֿלעגט זיך חתמענען אב״ד ור״מ קידאַן וּבירז והגלי־לות. פֿאַר דעם רבֿ אין זשעטל. פֿון 1713 אב״ד אה״ו (אַלטונאַ, האַמבורג, וואַנזבעק) ביז זײַן פּטירה כ״ג תּמוז, 1749. איינער פֿון די חשובֿע רבנים אין זײַן צײַט. חיבור־רים: **כּנסת יחזקאל** (אַלטונא, תּצ״ב), **מים יחזקאל** (פּאַריצק, תּקמ״ו). לויט מ. שטיינ־שנײַדער, איז ר׳ יחזקאל דער מחבר פֿון אַנאָנימען ספֿר **מעורר זכרון,** מראה מקומות מן הש״ס (אַלטונאַ, תּפ״ז).

קיידאַנער רבנות איז געווען אַ גוט־באַצאָלטע, איז פֿאַרשפּרייט געוואָרן אַ קלאַנג, אַז ר׳ יחזקאל האָט געגעבן דערפֿאַר אַ גוטע סומע געלט. אָבער דער קלאַנג איז געקומען דער עיקר פֿון ניט קיין נייטראַלן צד — פֿון ר׳ יעקבֿ עמדין, וואָס איז געווען זייער אַ שאַרפֿער בר־פּלוגתּא פֿון ר׳ יהונתן אייבעשיץ, ווען ער האָט באַשולדיקט אין שבתי־צבֿי׳איזם. היות ר׳ יחזקאל איז געווען אויפֿן צד פֿון ר׳ יהונתן, האָט ר׳ יעקבֿ געניצט דעם קלאַנג פֿון דער געקויפֿ־טער רבנות.

ר׳ יחזקאל איז געווען אַ גרויסער קעגנער פֿון קבלה אין די שפּעטערדיקע יאָרן. שבת שובֿה תּפ״ו (1726) האָט ר׳ יחזקאל מַזהיר געווען יידן, זיך צו דערווײַטערן פֿון יעדער ספֿר קבלה, וואָס איז געדרוקט נאָכן יאָר תּכ״ו (1666). ער האָט בכלל געפֿירט אַ שאַרפֿן קאַמף קעגן מקובלים משום חשש פֿון שבתי־צבֿי׳איזם. ער איז געווען קעגן רמח״ל (ר׳ משה חיים לוצאטו) און געוואָלט אויסרופֿן אַן איסור

---

הגדולים השלישי ווערט ער אָנגעגעבן ווי „אב״ד ור״מ קידאַן, קראָקאָ, לבֿוב והגליל״. ער איז דער שוואָגער פֿון ר׳ חיים הכּהן ראַפּאָפּאָרט, וואָס איז ניפֿטר געוואָרן אין 1791, קען מען משער זײַן, אַז עטינגער איז דאָ געווען רבֿ ווען עס איז אין דער צווייטער העלפֿט פֿון אַכצנטן יאָרהונדערט.

אויף אים און אויף ספֿרי קבלה, אָבער אַנדערע רבנים האָבן זיך קעגנגעשטעלט.

אין נאָמען פֿון ר׳ יחזקאל ווערט דערציילט: „ציון״ בגימטריא איז „יחזקאל״ און אויף אים איז מקויים געוואָרן דער פסוק: „כי בחר ד׳ בציון [= יחזקאל] אִוָּה למושב לו״ — אִוָּה = אלטונא, וַנזבֶק, המבורג, ווו ר׳ יחזקאל איז געווען רבֿ.

וועגן עצם נאָמען קאַצענעלענבויגן זאָל האָבן פֿאָרגעקומען אַ מחלוקת. די אָפּשטאַמיקע פֿון שׂר ר׳ שאול וואָהל האָבן אָנגעקלאָגט די עלטערן פֿון ר׳ יחזקאל פֿאַר רופֿן זיך מיט אַזאַ פֿאַמיליע־נאָמען, בעת זיי קומען ניט אַרויס פֿון די **זכָרים** פון שאול וואָהלס נאָכוווקס. דער מישפּט איז פֿאָרגעקומען אין ועד ארבע ארצות און זײַן פּסק־דין איז געווען: אַלע קאַצענעלענבויגנס, וואָס שטאַמען ניט פֿון שאול וואָהלס מישפּחה, זאָלן זיך חתמענען מיט אַ פּ אָנשטאָט אַ ב: קאַצענעלענפּויגן. מיר האָבן טאַקע געזען אין אַ סך ערטער אַזוי געשריבן, אָבער אַנדערע לייקענען אָפּ די גאַנצע מעשׂה.

ר׳ יחזקאל האָט געגעבן אַ סך הסכמות: **אורי וישעי**, אַבֿרהם כּהן בר׳ אליעזר משעברעשין (ברלין, 1714); **חובֿות הלבֿבֿות** (אמשטרדם, תּע״ו); חדו״ת **ברית שלום** פּנחס בן מוה״ר פּילטא (פֿרנקפֿורט דמאין, תּע״ח); **תּיקוני הזהר** (אמשטרדם, תּע״ט, הוצאה ג׳); ספֿר **רבֿ אלפֿס** (אַמשטר־דם [1720]); **יד כּל בו** (פֿרנקפֿורט דמאין, תּפּ״ז); **חבֿצלת השרון**, שמואל וואַליריא (וואַנזבעק, תּפּ״ז); ספֿר **הזהר** (אמשטרדם, תּפּ״ח. הוצאה ו׳); **זרע ברוך**, מנחם מנלי (וואַנזבעק, [תּ״ץ]); **זרע ברך**, ברכיהו ברוך בר׳ יצחק אייזיק (אַמשטרדם, תּ״ץ, הוצאה ב׳); **זרע ישׂראל**, ישׂראל בר׳ בנימין מפּרעמישלא (ווילהרמשדאָרף, תּ״ץ); בית לוי, לוי בר׳ שלמה מק״ק בראד (זאלקווי, תּצ״ב); **אגרת שלמה** לר׳ זלמן דעסויא (וואַנזבעק, תּצ״ב); **זרע ישׂראל** [על המגילה], יעקבֿ בר׳ יוסף (אַלטונא, תּצ״ה); **מצודות דוד**, דובֿ בר׳ משה (אַלטונא, תּצ״ו); **באר טובֿ**, דובער מפּ״ב בר׳ א״ש פֿײַבֿל (אַלטונא, תּצ״ז); **חדושי הלכות**, יואל בהרבֿ משה גד (אלטונא, תּצ״ו); **השתּערות מלך הנגבֿ עם מלך הצפֿון** (אַמשטרדם [תּצ״ז]); **בית דוד**, דוד חיים קורינאַלדו (אַמשטרדם, תּצ״ח־ט׳); **ים של שלמה**, רבנו שלמה לוריא (אַלטונא [תּ״ק]); **אשל אַבֿרהם**, אבֿרהם ברודא, פֿ״פֿ דמאין [תּק״ז]); **שאלות ותשובֿות**, אליעזר בר׳ שלמה זלמן ליפּשיץ (נײַאוויט, תּק״ט); **טורי זהבֿ** על **אבֿן העזר** (זאלקווא, תּקי״ד); **אגדת מרדכי**, מרדכי בר׳ יוסף יוזפּא הענא (אַמשטרדם, תּקכ״ד); **זבח שמואל**, שמואל בר׳ משה [נאָווי דוואָהר, תּקמ״ד]; **אדני פּז** (נאָווי דוואָהר, תּקמ״ט); **משחת אַהרן**, אהרן זעליג בר׳ יואל פּײַווש . . .

אַ יאָר נאָך ר׳ יחזקאלס פּטירה איז אַרויס אין דרוק „**צוואת** אדונינו מורינו ורבינו הישיש המפֿורסם מהור״ר יחזקאל . . . ונדפּס פעם ראשון באמשטרדם תּק״י ועתה מחדש . . . האמבורג, תרפ״ד.

דער נוסח פֿון זײַן מצבֿה איז געדרוקט אין **אגדת פּרחים**, יוחנן וויט־קאָווער (אלטאנא, תּר״מ, ע׳ 285).

אין **יערות דבֿש** (ח׳ ב׳) פֿון ר׳ יהונתן אײבעשיץ זײַנען דאָ צוויי הספּדים אויף ר׳ יחזקאלען.

ר׳ יחזקאלס זיידע, ר׳ אַבֿרהם־יוסף־יעקבֿ בר׳ יואל קאַצענעלענבויגן, איז געבאָרן 1549 און ניפֿטר געוואָרן 1637 אין לעמבערג. וועגן ר׳ אַבֿרהמען ווערט דערציילט אַזאַ מעשׂה: ער איז איין מאָל געקומען קיין לוואָוו, ווו דער מרא דאַתרא איז געווען ר׳ משה חריף. ר׳ אַבֿרהם האָט דעמאָלט געהערט אַ פּסק טריפֿה פֿון ר׳ משהן, וואָס ער האט געהאַלטן פֿאַר אַ טעות. האָט ער זיך אָנגעטאָן אַ שבתדיק היטל און אַוועק צו ר׳ משהן. דער שמש האָט אים ניט אַרײַנגעלאָזן, ווײַל ס׳איז געווען אַ מינהג, אַז נאָר דער אב״ד פון ועד אַרבע אַרצות מעג טראָגן שבת־בגדים אין דער וואָכן. ר׳ משה האָט געהערט אַ טומל בײַ דער טיר, איז ער געגאַנגען זען וואָס טוט זיך דאָרטן. ער האָט אַרײַנגערופֿן ר׳ אַבֿרהמען צו זיך, און נאָך אַ וויכּוח וועגן דעם פּסק טריפה, האָט ר׳ משה מודה גע־ווען אין זײַן טעות. ער האָט אַרײַנגערופֿן די פּרנסים פֿון לוואָוו און זיי געזאָגט: ר׳ אַבֿרהם איז מערער ראוי צו זײַן דאָ רב ווי איך — און האָט זיך אָפּגעזאָגט פֿון לעמבערגער רבנות.

נאָך ר׳ יחזקאלס פּטירה איז געוואָרן אב״ד קיידאַן והגליל זײַן זון ר׳ דוד קאַצענעלענבויגן. פֿריִער רבֿ אין אייראַגאָלע,[3] ווערט דערמאָנט אין פּנקס פֿון דער דאָרטיקער חברה קדישא. ווערט אויך דערמאָנט אין פּנקס קיידאַן פֿון תּע״ח־תּק״ט (1718־1749). אין דער מחלוקת אײבעשיץ־עמדין איז ער געווען אויף דער זײַט פֿון ערשטן, האָט אויסגערופֿן 1751 אַ חרם אויף די קעגנערס פֿון ר׳ יהונתן אײבעשיץ. ניפֿטר 1756. האָט הסכּמה אויף **אור עולם קטן**, יהודא ליב בר׳ משה. ר׳ דוד איז איידעם פֿון ר׳ שלום ז״ק, אב״ד בירזש. זײַן שוועסטער איז די פֿרוי פֿון ר׳ יעקבֿ הלוי שור, אב״ד קראָזש, פֿאָטער פֿון ר׳ אַבֿרהם הלוי, אב״ד עמדין. זײַן ברודער איז ר׳ יעקבֿ קאַצענעלענבויגן, פּרנס ה„ועד", פֿאָטער פֿון ר׳ יואל קאַצענעלענ־בויגן פֿון קיידאַן, פֿאָטער פֿון ר׳ משה מרדכי ק״ב (דאָ רבֿ 1782), פֿאָטער פֿון ר׳ אַבֿרהם קילעס [קיילעס?] פֿון קיידאַן, פֿאָטער פֿון ר׳ שאול קאַצענעלענבויגן, וואָס איז ניפֿטר געוואָרן 1868 אין ווילנע. ר׳ דודס זין: ר׳ ישׂראל קאַצענעלענבויגן, אב״ד קאַלוואַריע; ר׳ אַבֿרהם קאַצענעלענבויגן, געבאָרן 1720. אב״ד סלוצק, בריסק. גרויסער קעגנער פֿון חסידות. האָט געחתמעט אַ חרם אויף חסידות אין 1772. די ערשטע חתימה פֿון תּקכ״א [1761] אין „פּנקס המדינה" איז ר׳ אַבֿרהמס. ניפֿטר 1776. ר׳ אַבֿרהם האָט הסכּמות אויף: שו״ת

---

3) לויט איין מקור, געווען רבֿ אויך אין אה״ו.

**בית אַבֿרהם**, אַבֿרהם כּהן (ברלין, תּקי״ג), **מים עמוקים, מנחת אהרן, כּוכבֿי יעקבֿ** (על אבֿן העזר), **גט כּשר, סדר הדורות, תּפֿארת ישׂראל זוטא, באר מים**, מרדכי בר׳ חיים מטיקטין, **בית מִדות**, אַבֿרהם כּהן (פּראג מתו״ק [1786]).

1758 איז דאָ געוואָרן אב״ד קיידאַן והגליל ר׳ משולם־זלמן קאַצענעלענבויגן, זון פֿון ר׳ דוד, פֿריִער רבֿ אין איירַאגאָלע. האָט הסכּמות אויף **בית יעקבֿ א״ש** (פ״פ א/מ, תּקכ״ה), **תּפֿארת ישׂראל** (שקלאָבֿ, תּקל״ג). ניפֿטר דאָ 1770.

ווײַטערדיקע רבנים:

זײַן זון ר׳ מנחם־נחום קאַצענעלענבויגן, פֿון 1770 ביז 1778. ניפֿטר דאָ 1790.

ר׳ משה־מרדכי קאַצענעלענבויגן, פֿון 1780[4] ביז 1795. פֿריִער רבֿ אין איירַאגאָלע. ניפֿטר דאָ 1810. האָט הסכּמות אויף **זרע יעקבֿ**, יעקבֿ הכּהן. פּי׳ על **תּהלים** (הוראדנא, תּקמ״ח), סידור **שער הרחמים**, פּנחס בר׳ יהודא (שקלאָוו, תּקמ״ח) [מקור שני: **שער הרחמים**. זאלקווא, תּקמ״ח]. חיבורים: **דבֿרי משה** (האַמבורג, תּרי״א), **ממשל כּח מלכים רצון ה׳** (תּרי״ד), **והכּנעני אז בארץ** (פֿראַנקפֿורט־מאַין, תּרי״ז), **שאלות ותּשובֿות** (פֿראַנקפֿורט־מאַין), **על איסור תּספּורת בחול־המועד** (ראטרדם, תּרי״ז), **מעיני ישועה** (פֿראַנקפֿורט־מאַין, תּרי״ט), **התּורה והמצוה** (האַנובֿר, תּרכ״ג).

ר׳ אַריה־לייב הכּהן, תּלמיד פֿון מקובל ר׳ שלמה לאַנדא, אב״ד ווילקאָמיר.

ר׳ ראובֿן בר׳ צמח זק״ש, פֿריִער רבֿ אין וואָלפּע. האָט הסכּמה אויפֿן ש״ס סלאַוויטא (תּקצ״ה). ניפֿטר דאָ 1852.

ר׳ בנימין־זאבֿ וואָלף, אייניקל פֿון ר׳ יחזקאל קאַצענעלענבויגן. צוליב זײַן חריפֿות אים גערופֿן „די אײַזערנע קאָפּ״. ניפֿטר דאָ 1865.

ר׳ רפֿאל יום־טובֿ ליפּמאַן בר׳ ישׂראל האַלפּערין, געבאָרן 1816 אין ראָזשינאַי (גראָדנער גוב׳). גערופֿן אויך ר׳ ליפּעלע. רבֿ אין קרעווע, 1841־1846 אב״ד קיידאַן, שפּעטער אין טשעכאַנאָוועצע, מעזריטש, ביאַליסטאָק (פֿון 1859), וווּ ניפֿטר געוואָרן 1879.

ר׳ רפֿאל איז געווען אַ גרויסער קעמפֿער קעגן די תּקיפֿים אין אַ קהילה, באַזונדערס קעגן די „כאַפּערס״ פֿון קינדער אין דער צײַט פֿון די קאַנטאָניסטן. בעת זײַן רבנות אין קיידאַן זײַנען איין ראש־השנה אַריינגעפֿאַלן אין זײַן שטוב צוויי ווײַבער מיט קולי־קולות, אַז מען האָט פֿאַרכאַפּט זייערע צוויי קינדער. דער רבֿ האָט תּיכף גערופֿן קהל אין בית־מדרש, געמוסרט, געוויינט, געדראָט מיט חֵרם, אויב אין אַ האַלב שעה וועלן די קינדער ניט זײַן צוריק. וכך הווה. צוליב די תּקיפֿים האָט ער געמוזט פֿאַרלאָזן קיידאַן. אויך אין די אַנדערע קהילות האָט ער געהאַט אויסצושטיין צרות פֿון די תּקיפֿים. בעת זײַן ביאַליסטאָקער רבנות האָט מען געמַסרט

4) אזוי אין הסכּמה.

אויף אים, אַז ער איז אַ פֿאַררעטער. געווען אַ קורצע צײַט אַרעסטירט. חיבורים: **עונג יום־טובֿ**, שו״ת (ווילנא, תּר״מ), **עונג יום־טובֿ** (פּיעטרקובֿ, תּרס״ו). האָט הסכּמות אויף **אבֿן משה, אֹהל יעקבֿ**, פֿון דובנער מגיד.

ר׳ אַבֿרהם־שמעון בר׳ יצחק־אײַזיק טרויב, דאָ געבאָרן 1814, שטאַמ־פֿאָטער פֿון דער דינאַסטיע טרויב אין קיי־דאַן. געהאַט אַ הויף מיט אַ סך ערד, וואָס פּויערים פֿלעגן באַאַרבעטן. ווען ער האָט ניט מצליח געווען אין דעם, האָט ער 1852 אָנגענומען קיידאַנער רבנות. תּחילת איז ער געווען פֿאַר אַ געוויסן דורכקום מיט די משׂכּילים, נאָר ווען יענע זײַנען געוואָרן עקסטרעם און גענומען פֿאָדערן תּיקונים בדת, איז ער אַרויס קעגן זיי מיט שאַרפֿע מאמרים אין דער העברעיִשער פּרעסע. ניפֿטר געוואָרן דאָ כ״ח טבֿת, תּרל״ו. האָט שאלות־ותּשובֿות אין **עטרת יצחק**, אבֿ״ד שאַוול. חיבורים: **שונה הלכות** [פּי׳ על **הלכות גדולות**] (וואַרשאָ, תּרל״ה), **באר אַברהם** (פּיעטרקוב, תּרס״ח), **נִטעי נאמנים** (ירושלים, תּרפּ״ה).

ר׳ שלמה־זלמן־שׂמחה טרויב, געבאָרן 1829. פֿריִער רבֿ אין דערבײַיִקן קראָק און פֿון 1876 ביז זײַן פּטירה 1911 אין קיידאַן. האָט געקענט פֿרעמדע לשונות און מאַטעמאַטיק. האָט הסכּמה אויף **באר יעקבֿ** (ווילנא, תּר״מ). זײַנע חידושי־תּורה (פֿון כּתבֿ־יד) זײַנען געדרוקט אין **ישֻׁרון** (ברלין, תּרפּ״ג, ב׳). שווער פֿון ר׳ יצחק־אליהו גפֿן, אבֿ״ד ריטעווע. אין זײַן צײַט איז דאָ געווען רבֿ שני דער ווילנער ר׳ מאיר דובער בר׳ משה אלעזר פֿאַגער, פֿריער רבֿ אין רומשישאָק, וואָס איז ניפֿטר געוואָרן 1906 אין אַמעריקע. מחבר פֿון **יד מאיר, ליקוטי יעקבֿ, פּסקי הלכות**.[5]

ר׳ אַבֿרהם בר׳ אליהו־ברוך קאַמאַי, געבאָרן 1860 אין שקוד. נאָך 4 יאָר רבנות איז ער געוואָרן אבֿ״ד ור״מ אין מיר. בעת דער צווייטער וועלט־מילחמה איז ער ניט מיטגעלאָפֿן מיט זײַן ישיבֿה קיין ווילנע און פֿון דאָרטן קיין קיידאַן און איז אומגעקומען אין מיר ח׳ חשוון, תּש״ב, הי״ד.

ר׳ שלמה בר׳ אהרן־יוסף הלוי פֿײַנזילבער, געבאָרן 1871 אין יאַלאָווקע (גראָדנער גובערניע). פֿריִער רבֿ אין טורעק (ווילנער גוב׳), פּאַראַזאָווע (גראָדנער גוב׳), פֿון 1896, וועקשנע, 1904־1914, מינסק, 1914־1919, פֿון 1920 ווידער וועקשנע און זינט 1924 אבֿ״ד און ראש־ישיבֿה אין קיידאַן, ווו אומגעקומען אלול תּש״א, הי״ד. איינער פֿון די צענטראַלע רבנים אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע. חיבורים: **נשמת חיים** (ירושלים, תּרס״ח), **השלָמת המִדות** (קיידאַן, תּרפּ״ה), **יריעות שלמה** (קיידאַן, תּרצ״ד). איידעמס: ר׳ אַהרן גאָלין,

5) אין **המליץ** (1898: 110) ווערט געזאָגט, אַז פֿאַר ר׳ שלמה־זלמן איז דאָ געווען רבֿ ר׳ שמואל־מאיר שור.

דיין, הי״ד; ר׳ אפֿרים־שלמה קראַוויצקי, אב״ד לוקניק, הי״ד.[6]

**מו״צ, ר״מ, שו״ב.** — ר׳ צמח בר׳ אורי זק״ש, „ספרא ודיינא״ אין דער רבנות־צײַט פֿון ר׳ משה־מרדכי קאַצענעלענבויגן;[7] ר׳ יהודה יודיל בר׳ פסח, דיין, אין דער רבנות־צײַט פֿון ר׳ ראובֿן זק״ש. זײַן פֿאָטער איז דאָ געווען מו״צ.

ר׳ בנימין־זאבֿ בר׳ יששכר, מו״צ, אין דער רבנות־צײַט פֿון ר׳ אַבֿרהם־שמעון טרויב, אַרום 30 יאָר. שפּעטער אַ דיין פֿון די אַשכּנזים אין ירושלים, ווו ניפֿטר געוואָרן 1891.

ר׳ הלל בר׳ אַבֿרהם הכּהן בישקאָ (הלל העשילס), מו״צ, אין דער צײַט פֿון ר׳ בנימין זאבֿ וואָלף. צווייטע ווערסיע: גרויסער גבֿיר, נדבֿן און למדן. אַ העלפֿט פֿאַרנומען מיט מיסחר און העלפֿט מיט תּורה לערנען. ראבֿ״ד אין ראַצק (סוּוואַל־קער געגנט). ווי עס איז צו זען פֿון מערערע פּרענומעראַנטן. האָט ער ניט אָנגענומען דעם רבנות־אָנבאָט פֿון מאָסקווער קהילה. „ראש וראשון בכל עניני הציבור״. ניפֿטר געוואָרן דאָ אין 1868. אייניקל פֿון ר׳ הלל בר׳ זאבֿ וואָלף, מ״מ ומו״צ ראַצק, בעל „הילל בן שחר״ [בישקאָ]. ווערט דערמאָנט אין **עמודי א״ש**, אַבֿרהם שמואל מראַסיין (ווילנא, תּרל״ה), **נחלת שמעון**, שמעון זרחי (ווילנא, תּרנ״ז).

ר׳ צבֿי־הירש הלוי (סירקין), ר״מ, אין דער רבנות־צײַט פֿון ר׳ בנימין־זאבֿ וואָלף. זײַן זון ר׳ יהודה־ליב משה, געבאָרן 1831, רבֿ ציטעוויאַן, ריטעווע.

ר׳ שאול בר׳ משה, שו״ב ומנקר דק׳ קידאַן, בעל **לחם שערים** (הוראדנא, תּקמ״ח). דאָרטן דאָ אויך זײַן צוואה.

ר׳ משה בר׳ מרדכי ראַבינאָוויץ, ר״מ, דאָ געבאָרן אין 1863, שפּעטער רבֿ אין סובאָטש, 23 יאָר רבֿ אין ראָגעווע, 13 יאָר אין פּאָסוואָל, ווו ניפֿטר געוואָרן אין 1925.

ר׳ אלכּסנדר הכּהן, ר״מ, אַרום 1890; ר׳ בן־ציון אַבראַמאָוויץ, „קראָזשער עילוי״, דאָ געזאָגט שיעורים.

ר׳ יעקבֿ־טובֿיה גאָלדבערג, אַ קורצע צײַט. אין די 1850ער רבֿ אין פּונסק (סוּוואַלקער געגנט).

ר׳ חיים־יצחק ביאַלאָסטאָצקי, „פּאָסוואָלער מגיד״, אַ ריי יאָרן דאָ מגיד.

ר׳ שמעון דוביאַנסקי, ר״מ, אומגעקומען אין דאַכאַו, הי״ד.

אין 1878 זײַנען געווען אין שטאָט צוויי חזנים. איינער פֿון זיי, ר׳ אַבֿרהם־אליהו איישיסקין, איז דאָ געווען

6) אין **יהדות ליטא**, ג׳, ע׳ 349, און ספֿר־יזכּור **קיידאַן** ווערט געזאָגט, אז ר׳ אַהרן־שמואל קײַדַנובר (1614־1676) איז געבאָרן אין **קיידאַן**. דער ניט־ריכטיקער אויסלייג פֿון זײַן נאָמען האָט געפֿירט צום טעות. זײַן לעצטער נאָמען איז ניט קײַדאַנאָווער, נאָר **קוידענאָווער**, פֿון דער ווײַסרוסישער שטאָט קוידענעוו. אין זײַנע ביאָגראַפֿישע שטריכן זײַנען ניטאָ קיין שפּורן פֿון אַ שײַכות צו קיידאַן.

7) אַזוי לויט **ספר זפרון קיידאן**. לויט **יהדות ליטא**, ג׳ און ד.מ. ליפּמאַן (ע׳ 167) **לתולדות היהודים בקובנה וסלבודקה** — וואָס ביידע ספֿרים האָבן גענומען פון אים די ידיעות — איז ר׳ צמח דערנאָך געוואָרן מ״צ ואב״ד זאַגער (פֿון 1815), — אָבער דאָס איז **ניט** ר׳ צמח בר׳ **אורי**, נאָר ר׳ צמח בר׳ **מַתּתיהו**. **יהדות ליטא**, ג, גיט צו, אַז מתּתיהו איז געווען **אב״ד** קיידאן, און עס זעט זיך ניט קיין באַשטעטיקונג פֿאַר דעם.

לאַנגע יאָרן שו״ב וש״צ, פֿריִער אין סרעדניק. פֿון 1907 אין אַמעריקע.

קאַזיאָנע ראַבינערס: יונה בערגעל [בערגער?], אויך פֿאַרטרעטער פֿון ייִקאָ פֿאַר עמיגראַציע־עניינים; יונה גאָלדבערג, י.ח. זיסלע — אלע פֿון אַרום אָנהייב 1880ער ביזן סוף יאָרהונדערט.

פֿון 1828 ביז 1914 זײַנען דאָ געווען 211 פֿרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

**אָפּשטאָמיקע.** — ר׳ אַריה־לייב קאַצענעלענבויגן, אב״ד בריסק, אוראייניקל פֿון „כנסת יחזקאל״. האָט הסכמות אויף **חדושי הלכות** למהר״ם שיף (פֿאַריצק [תק״ע]), סידור **תּפֿלת נהורא השלם** (סלאַוויטא, תקע״ט), **חק לישׂראל** לרבי חיים וויטאַל (סלאַוויטא, תקפ״ה). ניפֿטר י״ב אייר, תקצ״ז. דאָ אַ הספּד אויף אים אין **הוי אַריאל** (ווילנא, תקצ״ח) און אין **גזע ישישים** לר׳ דוד אב״ד נאָוואַהרדאָק (ווילנא, 1845).

ר׳ יחיאל העליר, געבאָרן 1814. רבֿ אין הלוסק, ווילקאָווישק, סוואַלק, פּלונגיאַן, וווּ ניפֿטר געוואָרן 1863. חיבו־רים: **עמודי אור** (קעניגסבערג, תּרט״ו), **קינה לדוד** (שָם, תּרט״ז), **אוֹר ישרים** (שם, תּרי״ז), **עוטה אור** (מעמל, תּרכ״א, מיטן טעקסט פֿון **שיר השירים**). הלכה־מאמרים אין **התּבֿונה**.

שניאור זק״ש, דאָ געבאָרן 1815. 1817 זײַנען זײַנע עלטערן אַריבער קיין זאַגער. אויטאָדידאַקטיש זיך דערוואָרבן השׂכּלה אין ווילנע, דובנע און בראָד. האָט בהתמדה שטודירט די העברעיִשע פֿילאָסאָ־פֿישע ליטעראַטור און זיך געלערנט לשונות, אַלטע און נײַע. פֿון 1840 געווען אַ פּאָר יאָר פּריוואַט־לערער אין זאַגער, דערנאָך צוויי יאָר אין ראַסיין. פֿון 1844 אַ פֿרײַער צוהערער אין בערלינער אוניווער־סיטעט צו די לעקציעס פֿון פּראָפֿ׳ שעלינג און אַנדערע. לאַנגע יאָרן געווען „מצפּה לשולחן אחרים״, ביז באַראָן יוסף גינצבורג האָט 1856 אים גענומען קיין פּאַריז פֿאַר אַ לערער צו זײַן זון און אייניקל און דאָ איז ער געבליבן ביזן סוף פֿון זײַן לעבן. געזעסן רויִק, געפֿאָרשט און געשריבן זײַנע פֿאָרשערישע אַרבעטן. זײַנע פֿאָרשונגען נעמען אַרום פֿאַרשיידענע אַספּעקטן פון דער העברעיִשער ליטעראַטור אין מיטל־עלטער, בעיקר דעם רעליגיעז־פֿילאָסאָפֿישן געדאַנק און די העברעיִשע פּאָעזיע אין שפּאַניע. געשריבן אין אַלע העברעיִשע צײַטשריפֿטן פֿון די 1840ער יאָרן און אין זײַנע אייגענע זשורנאַלן. ד״ר שמעון בערנפֿעלד שרײַבט וועגן אים: „בהבנת הפֿילוסופֿיא הדתית בישׂראל לא קם כּמוהו״. געשטאָרבן 1892 אין פּאַריז. מיכה־יוסף לעבענזאָן ווידמעט אים אַ ליד (**התחיה**, ברלין, תּר״י). זײַן סדר היוחסין: שניאור בן הרבֿ צמח, בן רבי מתּתיהו, בן הרבֿ צמח, בן הרבֿ אורי, בן הרבֿ אַבֿרהם זק״ש, המכונה אַברהם טײַץ.

ר׳ אַבֿרהם עבֿר־יפֿה, געבאָרן 1823. רבֿ אין אייראַגאָלע, לאַזדיי, וווּ ניפֿטר געוואָרן אין 1908. בעל **מחזה אַבֿרהם** (ווילנא, תּרנ״ב).

ר׳ נתן בר׳ משה לעווין, געבאָרן אין 1825. אב״ד אַליטע, אַבעל, דערנאָך

ניקאָפּאָל (רוסלאַנד), ווו ניפֿטר געוואָרן 1898. אייניקל פֿון הגאון ר׳ רפֿאל האַמ־בורגער.

ר׳ מאיר־מיכל ראַבינאָוויץ, געבאָרן אין 1830. 20 יאָר אב״ד אין שאַט, דערנאָך 20 יאָר מורה־הוראה אין ווילנע, ווו ער פֿלעגט אויך זאָגן אַ שיעור פֿאַר למדנים. ניפֿטר 1902.

ר׳ יהודה־לייב בר׳ אַבֿרהם עבֿר־יפֿה, געבאָרן 1842. געלעבט אין לאַזדיי. מחבר פֿון **אבן לבֿ** (ווילנא, תּר״ס).

ר׳ חיים־ירמיהו פֿלענסבערג, געבאָרן אין 1842, רבֿ אין שאַקי. געשריבן אַ סך מאמרים אין דער העברעיִשער פּרעסע. זײַן טאָכטער אסתּר איז די פֿרוי פֿון באַקאַנטן הרבֿ רובינשטיין פֿון ווילנע. חיבורים: **בזֵר הנצחון** (ווילנא, תּרמ״ג), **שאלות חיים** (ווילנא, תּרנ״ח), **דבֿרי ירמיהו**, דרושים (ווילנא, תּרנ״ח), **אוצר חיים**, פּירוש על **אור לה׳** לר׳ חסדאי קרשקש [מיטן טעקסט] (ווילנא, תּרס״ה־תּרס״ט), **מרכּבֿות עמי, על שיר השירים** [מיטן טעקסט] (ווילנא, תּר״ע), **דברי ירמיהו** (ווילנא, תּר״ע־תּרפ״ז).

ר׳ שמואל בר׳ ניסן ראַפּאַפּאָרט, געבאָרן 1842 [1852?]. רבֿ אין אייראַגאָלע, פֿון 1900 אין ספּרינגפֿילד (אַמעריקע). ניפֿטר געוואָרן 1938 אין ירושלים. אין **המאסף** (ירושלים) דאָ זײַנע חידושי־תּורה.

ר׳ אַריה־לייב בר׳ עקיבֿא לוריא (ר׳ לייבעלע אַנטאָקאָליער). מען האָט אים גערופֿן „קיידאַנער עילוי״, אַ סימן, אַז ער שטאַמט פֿון קיידאַן. אין די 1860ער יאָרן געוועזן רבֿ ומו״ץ אין ווילנע. געוועזן רעליגיע־לערער אין ווילנער ראַבינער־סעמינאַר.

ר׳ זלמן מגיד קיידאַנער, מחבר פֿון **מנחת מרחשת** (וועגן משה מאָנטעפֿיאָרי).

ר׳ זלמן־אַהרן דאַט (דת), געבאָרן 1859. רבֿ אין פּושאַלאַט און סמילג, ווו געעפֿנט אַן אַפּטייק. זײַנע זין האָבן דאָרטן געאַרבעט און ער איז געזעסן על התּורה ועל העבֿודה. זײַן שׂכירות פֿון אַ סך יאָרן האָט ער אָפּגעגעבן אויף בויען אַ בית־כּנסת. בעל **תּולדות אַהרן**. פֿאַרעפֿנטלעכט מאמרים אין די העברעיִשע צײַטונגען.

ר׳ בנימין־אליהו רעמיגאָלסקי, געבאָרן 1871. רבֿ אין פּילטען, ווינדאו–קורלאַנד, טרעסטינע, סטאַוויסק, גראַיעווע, סעמיאַטיץ, ווו ניפֿטר געוואָרן אין 1930. מחבר פֿון **הדרת־בנימין** (וואַרשא, תּר״ץ).

בנימין שלעזינגער, געבאָרן 1876. פֿון 1891 אין אַמעריקע, ווו געווען באַקאַנטער אַרבעטער־טוער.

שמואל שלאַפּאָבערסקי, געבאָרן 1882. מיטגליד פֿון שטאָט־פֿאַרוואַלטונג אין קאָוונע און פֿון ציוניסטישן מרכּז אין ליטע. פֿאַרעפֿנטלעכט אַרטיקלען אין **אידיש שטימע** וועגן עקאָנאָמיק. געשטאָרבן 1949 אין פּתח־תּקוה.

ר׳ אַבֿרהם־אליהו בר׳ אַבֿרהם־אליהו קאַפּלאַן, דאָ געבאָרן 1890 קורץ נאָך זײַן פֿאָטערס פּטירה און אָנגערופֿן געוואָרן מיט זײַן נאָמען. ער איז ניט געווען קיין **רבֿ** און קיין דיין, אָבער זײַן גײַסטיקע השפּעה אויפֿן אָרטאָדאָקסישן ייִדנטום אין ליטע און דײַטשלאַנד איז געווען אַ גרויסע. האָט

מיטגעהאָלפֿן בויען דעם אָרטאָדאָקסישן חינוך אין ליטע. ער איז אויך דער מחבר פֿון „לַדור“, הימן פֿון „צעירי ישראל“, און געווען זייער גײַסטיקער מנהיג.

1919 איז ער פֿאַרבעטן געוואָרן צו לערנען תּלמוד אין ד״ר הילדעסהיימערס בית־מדרש לרבנים אין בערלין. ר׳ אַבֿרהם־אליה האָט פֿאַרמאָגט גאונישע כּשרונות, האָט זיך אַפֿילו אַרומגעטראָגן מיט אַ געוואַגטן גראַנדיען פּלאַן פֿון אַ נײַעם פּירוש אויפֿן תּלמוד בבֿלי. ווען מען האָט אים אַ מאָל געפֿרעגט: און וואָס איז מכּוח רש״ין? האָט ער געענטפֿערט: רש״יס פּירוש דאַרף שוין אויך האָבן אַ נײַעם פּירוש. הגאון ר׳ איסר־זלמן מעלצער רופֿט אים „הענק הצעיר“. סײַ ער, סײַ הגאון ר׳ יחזקאל סרנא אונטערשטרײַכן די „עזות דקדושה“ פֿון פּלאַן מחבר צו זײַן אַ נײַעם פּירוש אויפֿן תּלמוד. דער חפֿץ־חיים האָט געזען אין ר׳ אַבֿרהם־אליהו דעם מנהיג, „שעתיד להחזיר את העטרה ליושנה“. זײַן „המבֿוא“ צו זײַן געפּלאַנטן פּירוש אין בערלינער **ישורון** איז אַ טיפֿע, ברייט־פֿאַרמאָסטענע פֿאָרשונג פֿאַר זיך אליין.

**שרײַבערס.** — משה פּראזער, דאָ געבאָרן 1840. געלעבט אין פּאָנעוועזש, ווילנע, קאָוונע און פֿון 1870 אין פּעטער־בורג. אומעטום זיך פֿאַרנומען מיט לערערײַ און געבן „שטונדן“. אין פּעטערבורג געווען דער פּריוואַט־לערער פֿון באַראָן גינצבורגס קינדער. פֿון 1865 געשריבן פֿיל מאמרים אין **המליץ**, ווו געווען שטענדיקער מיטאַרבעטער. געשטאָרבן 1895 אין פּעטערבורג. זײַנע פּסעוודאָנימען אין **המליץ** — בן עמרם הפּרזי, אני הגבֿר, הר״ן.

משה־לייב ליליענבלום, דאָ גע־באָרן 1843. צוליב זײַן חתונה אין ווילקאָ־מיר — צו 16 יאָר — זיך באַזעצט דאָרטן. אַ בקי אין תּלמוד און אַפֿילו געגרינדעט אַ ישיבֿה, ווו ער איז געווען ראש־ישיבֿה. דורך לייענען אַ סך השׂכּלה־ביכער און וועלטלעכע פֿאָרשונג־ליטעראַטור, איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן זײַן אמונה בדת ישראל. האָט אָנגעהויבן דרוקן אַרטיקלען אין דער העברעיִשער פּרעסע קעגן תּלמוד און גערופֿן צו תּיקונים אין שלחן־ערוך. דאָס האָט געבראַכט צו גרויסע רדיפֿות אויף אים מצד ווילקאָמירער רעליגיעזע קנאים, ביז אַפֿילו סכּנת־נפֿשות פֿאַר אים. ליליענבלום איז געווען אַ גרויסער אידעיִ־שער קעמפֿער און האָט אויסגעהאַלטן אַ פּאָר צענדליק יאָר, ביז ער איז סוף־סוף אַוועק קיין אַדעס, ווו ער איז געשטאָרבן אין 1910. ליליענבלום איז געווען איינער פֿון די צענטראַלע פֿיגורן אין דער השׂכּלה און השׂכּלה־ליטעראַטור, שפּעטער אויך אין חיבת־ציון, וואָס איז געווען אַן איבערברוך אין זײַן גאַנצער נאַציאָנאַל־אידעיִשער קאָנצעפּציע. זײַנע אלע אידעיִשע גילגולים שפּיגלען זיך שאַרף אָפּ אין זײַנע ווערק: פֿון זײַן **ארחות התּלמוד** — דורך זײַן גרויסן ווידוי אין **חטאת נעורים** — ביז זײַן **דרך לעבֿור גולים** און **דרך תּשובֿה** — גייט דורך איין גרויסע רעוואָלוציע פֿון אַן ערלעכער, קעמפֿנדיקער נשמה [נאָך פּרטים — ווילקאָמיר].

יוסף סמילג, 1848. געהאַט

סמיכה אויף רבנות. ד״ר פילאָסאָפיע. פון 1880 יידישער רעליגיע־לערער אין דריי־ דײַטשישע גימנאַזיעס אין פעטערבורג. האָט פאַרעפנטלעכט אַ סעריע אַרטיקלען אין **המליץ**, אַ טייל וועגן „יסוד פון עטישן חינוך״, וואָס זײַנען שפּעטער געדרוקט געוואָרן אין באַזונדערע בראָשורן. געשטאָרבן 1900 אין פעטערבורג.

ישׂראל־מיכל טרויב, געבאָרן 1858. געשריבן מאמרים אין **המגיד** און **המליץ**. 1903־1908 אַרויסגעגעבן אין יאָהאַנעסבורג אַ העברעיִש־יידיש וואָכנבלאַט **הכּוכב — דער אידישער שטערן**. זיך אומגעקערט קיין רוסלאַנד און זיך באַזעצט אין ליבאַווע, דערנאָך אין טעלז. געשטאָרבן 1926 אין בערלין. אייניקל פון ר׳ אַבֿרהם־שמעון טרויב.

איסר־יוסף איינהאָרן, געבאָרן 1866. אין 1891 געענדיקט שטודירן אַגראָנאָמיע אין פראַנקרײַך. עטלעכע יאָר געווען אין ארץ־ישׂראל און פון 1912 אין וואַרשע. מיטאַרבעטער אין דער יידישער פּרעסע פון וואַרשע און אויטאָר פון ביכער וועגן זאָאָלאָגיע, פיזיק און כעמיע. אין העברעיִש מחבר געווען אַ סעריע לערנביכער וועגן נאַטור־ויסנשאַפט און לאַנדווירטשאַפט: **ספר תּורת־עבודת האדמה** (לאנדאן, תּר״ע), **בעלי־החיים** (ווארשה, תּרפ״ב־תּרפ״ד), **האדם** (ווארשה, תּרפ״ב), **למודי הטבֿע לבתי־ספר מתחילים** (דאָרטן, תּרפ״ב). האָט איבערגעזעצט אויף העברע־יִש **גבורים ועבודת גבורים** פון ט. קאַרלייל (ווארשה, תּרע״ט) און **הפילוסופיה של אמנות** פון ה. טען (דאָרטן, תּרפ״א־תּרפ״ג). האָט אויך געשריבן פראַנצייזיש און רעדאַקטירט צײַטונגען אין דאָזיקן לשון. געשטאָרבן 1925 אין וואַרשע.

איסר־משה רובין, געבאָרן 1871. אָריגינעלער פאַמיליע־נאָמען: ראַבינאָ־וויטש. יידישער זשורנאַליסט. פון 1891 אין אַמעריקע. איינער פון די פּיאָנערן פון דער יידישער פרעסע אין אַמעריקע. שטענ־דיקער מיטאַרבעטער פון **טעגליכער העראָלד**, שפּעטער **וואַרהייט** און **טאָג**, וווּ געשריבן יאָרן לאַנג לייט־אַרטיקלען. אויטאָר פון **מענשען און לעבען** (מיאַמי־ביטש, 1953). איבערגעזעצט אויף יידיש די ראָמאַנען **ווײַסע שקלאַפינס** (נ״י, **וואַר־הייט**) און **איבער געלד און עהרע** (נ״י). געשריבן אויך אין רוסיש און אין די העברעיִשע **הפסגה** און **העבֿרי**. געשטאָרבן 1957 אין ניו־יאָרק.

אַהרן פּיק, געבאָרן 1872. ד״ר־מעדיצין. פּראַקטיקירט אין שאַוול. אין קאָוונער **אידישע שטימע** געדרוקט אַ סך מאמרים וועגן מעדיצינישע ענינים. אומ־געקומען 1942 אין שאַוולער געטאָ, הי״ד.

אַבֿרהם שלעזינגער, געבאָרן 1874. פון 1895 אין לאָדזש. געשריבן „קליינע פעליעטאָנען״ אין **לאָדזער טאַגעבלאַט**, שפּעטער אין **לאָדזער פאָלקס־בלאַט**. זינט 1925 געדרוקט פעריאָדיש אין לאָדזשער **נײַעס פאָלקסבלאַט** איבער־זעצונגען פון חז״ל־מאמרים אונטערן טיטל **אַ קראַנץ פּערל פון תּלמוד און מדרש**. געשטאָרבן 1938 אין לאָדזש.

גרשון (בערנאַרד) ריטשאַרדס־קיידאַנסקי, געבאָרן 1877. אין 1891

עמיגרירט קיין אַמעריקע, זינט 1902 אין ניו־יאָרק. געשריבן אין ענגליש־ייִדישע צײַטשריפֿטן. אויטאָר פֿון אַן ענגליש בוך. ביז 1903 אַ ביסל פֿאַרבונדן מיט ייִדיש: געווען רעדאַקטער פֿון באָסטאָנער **איזראַעליט**, מיטאַרבעטער פֿון ווינטשעווס־קיס **אמת** און באָסטאָנער קאָרעספּאָנדענט פֿון ניו־יאָרקער ייִדישע צײַטונגען. געשטאָרבן 1971 אין ניו־יאָרק.

אַהרן אײַינהאָרן, געבאָרן 1884. ייִדישער זשורנאַליסט. זינט 1912 שטענדיקער מיטאַרבעטער אין וואַרשעווער **הײַנט**. דאָרטן געדרוקט פּובליציסטישע אַרטיקלען און טעאַטער־קריטיק, ווי אויך איבערזעצונגען פֿון רוסיש, דײַטש, פֿראַנצייזיש. איבערזעצונגען אין בוכפֿאָרעם: **געטער זײַנען דורשטיק** פֿון אַנאַטאָל פֿראַנס (וואַרשע, 1918), **דער קאַרגער**, פֿון מאָליער (וואַרשע, 1921). 1942 אומגעקומען אין אָטוואָצק. הי״ד.

הירש בלאָשטיין, געבאָרן 1895. פֿון 1925 אין אַרגענטינע און זינט 1931 אין סאָוועט־רוסלאַנד. געדרוקט לידער, דערציילונגען, רעצענזיעס, פּובליציסטישע אַרטיקלען אין דער ייִדישער פּרעסע פֿון ליטע, אַרגענטינע, אַמעריקע און מערסטנס אין די ייִדיש־סאָוועטישע אויסגאַבעס. מחבר פֿון **אַרבשולאָג** (בוענאָס־אײַרעס), **לידער פֿון קאַמף** (דאָרטן, 1930), **באַריקאַדעס אונטער פּאַלמעס** (כאַרקאָוו־קיִעוו, 1933), **איך בין יונג** (כאַרקאָוו, 1934), **קינדער פֿונ איינ קלאַס** (1935), **נײַע לידער** (1938), **ביראָבידזשאַנער פֿאַרצייכענונגענ** (קיִעוו, 1939), **צווישן וועלפֿ** (קיִעוו, 1939), **באַם לירישן קוואַל** (1977) און אַנדערע.

דוד וואָלפּע, געבאָרן 1908. דיכטער, ליטעראַרישער עסייִסט. פֿון 1930 אין ארץ־ישׂראל. 1937 צוריק אין ליטע, ווו דורכגעמאַכט סלאַבאָדקער געטאָ און שפּעטער דאַכאו־לאַגער. פֿון 1951 אין יאָהאַנעסבורג. געשריבן לידער, דערציילונגען, פּובליציסטיק און ליטעראַריש־קריטישע אַרטיקלען אין די מינכענער **אונזער וועג, ייִדישע צײַטונג, באַפֿרײַאונג** א״אַ; **אַפֿריקאַנער אידישע צײַטונג, די גאָלדענע קייט**. 1955־1970 רעדאַקטירט **דרום־אַפֿריקע**. ביכער: **אַ וואָלקן און אַ וועג** (1978), **אַ וואָרט אין זײַן צײַט** (1984), **מיט אַבֿרהם סוצקעווער איבער זײַן לידערוועלט** (1985) **היימען, חלומות, קאָשמאַרן** (1989) — אַלע יאָהאַנעסבורג.

נתן בערגער, געבאָרן 1910. פֿון 1930 אין יאָהאַנעסבורג. אויטאָר פֿון פֿיר ביכער אויף ענגליש, מערסטנס וועגן ייִדיש־געשיכטלעכע עפּיזאָדן. געשטאָרבן 1987 אין יאָהאַנעסבורג.

**קאָרעספּאָנדענטן. — המליץ:** שלמה־לייזער זילבערשטיין, יוסף בלומזאָן, לעווינזאָן, איסר אײַינהאָרן, יעקבֿ ר״ן, מ. דושקין, יר״ח בן יומ״ו [?], יעקבֿ ראנדאַר, זאבֿ־וואָלף ראנדאַר, איש־שלום [פֿרידמאַן], יהודה־לייב בהרבֿ מהרי״ז ראַבינאָוויץ, מ.א. שוידינישקי [יורבורגער], יצחק דאַם, ד.ס., י״ז.

**הצפֿירה:** משה־זאבֿ קאַנטאָר [= מזוקק שִבעתים?], ליפּמאַן שור, מ.מ. פֿרידמאַן, י״א שישיאַנסקי.

**המגיד:** יעקבֿ ליפשיץ, אויך גרויסע מאמרים, י.מ. טרויב (ישׂראל־מיכל), יה״ל [?]. **הד הזמן:** פ.ר. **הכרמל:** יוסף־שלמה זאַלצבערג, געשריבן אויך פֿון דווינסק.

**ניכבדים.** — דער ערשטער באַקאַנטער גרויסער למדן אין קיידאַן איז אַן אַרײַנגעקומענער, ווי עס ווײַזט זײַן נאָמען ר׳ יאָסל קאָברינער. אַ בקי בש״ס ופוסקים, אָבער ניט געוואָלט אָננעמען קיין רבנות. מחבר פֿון אַ קינה אין 1698 אויף ת״ח־ות״ט און אַנדערע יידישע צרות. די קינה פלעגט געלייענט ווערן אין אַלע קהילות פֿון ליטע און זאַמעט.

ר׳ יצחק־אײַזיק בר׳ כּתריאל טרויב, אין דער רבנות־צײַט פֿון ר׳ משה־מרדכי קאַצענעלענבויגן, מחבר פֿון **גאון עולם** (אַלטונאַ, תקנ״ז) — וועגן ווילנער גאון; **יקרא דשכבי**, מהר׳ יצחק אייזיק בר׳ כּתריאל מהמבורג, נכד הרבֿ סענדר טרויב בהר׳ ר׳ בנימין טרויב, בשׂרפֿת עיר קידאַן נשׂרפֿו „ספֿרים הקדושים עם כּל כּתבֿי קודש שלי״ ונשאר רק ההספד (אַלטונאַ, תקנ״ט).[8]

ר׳ משה חסיד קיידאַנער (ר׳ משה הינדעס), אין דער רבנות־צײַט פֿון ר׳ משה־מרדכי קאַצענעלענבויגן, זון פֿון ר׳ אַבֿרהם, רבֿ אין קראָזש, אייראַגאָלע, ברודער פֿון ווילנער גאון.

ר׳ צמח שאַפּיראָ, געבאָרן 1877. אין דער רבנות־צײַט פֿון ר׳ ראובֿן זק״ש. זײַן פֿאָטער ר׳ אַבֿרהם, אב״ד טעלז. ברודער פֿון הרבֿ ר׳ משה שאַפּיראָ קראָזשער, ר׳ שמעון אב״ד בירזש, ר׳ שמואל, אב״ד דרויע, פּאָנעוועזש, טעלז.

ר׳ משה בר׳ אוריה ראַפּאָפּאָרט (ר׳ משה ר׳ אורי׳ס קיידאַנער). למדן און נדבֿן. אין דער רבנות־צײַט פֿון ר׳ אַריה־לייב הכּהן. דער ערשטער אויפֿגעדעקט די גאונות פֿון ר׳ יצחק־אלחנן, קאָוונער רבֿ. מחבר פֿון **תּולדות משה** [אַ פּירוש אויף דער **הגדה**, מיטן טעקסט] (וואַרשאַ, תּרמ״ט), **אמרי משה** [אויף **מגילת אסתּר**] (וואַרשאַ, תּרמ״ט). אין כּתבֿ־יד: משה בר׳ אורי מקידאַן, **אור הבוקר, אורי וישעי.** ניפֿטר 1839 [?1830] אין קיידאַן.

ר׳ אבֿיגדור, אין דער רבנות־צײַט פֿון ר׳ אַריה־לייב הכּהן. אייניקל פֿון ר׳ אורי פֿײַוווש, רבֿ אין ווילנע, שפּעטער געלעבט אין ירושלים, ווּ מען האָט אים גערופֿן ר׳ פֿײַוווש אַשכּנזי. ר׳ אַבֿיגדור איז פֿאָטער פֿון ר׳ יצחק, אב״ד פּומפּיאַן.

ר׳ יעקבֿ, באַקאַנט אונטערן נאָמען יעקל קיידאַנער. אין דער רבנות־צײַט פֿון ר׳ ראובֿן זק״ש, מחבר פֿון **וויכּוחא רבא.** האָט אויך אַרויסגעגעבן אַ זאַמלונג אגדות **סיפּורים נפֿלאים.** מקובל און חסיד.

ר׳ אַבֿרהם־אליהו קאַפּלאַן, געבאָרן אין ראַקעוו (ווײַסרוסלאַנד) אין 1854. חתונה געהאַט מיט ר׳ זלמן טרויבס טאָכטער און זיך באַזעצט אין קיידאַן. זײַנע

8) ר׳ יצחק האָט האַנט־געשריבענע הערות אויפֿן בויגן פֿון כּתבֿ־יד „מורה העם ב׳ שמי״ פֿון יהונתן אייבעשיץ.

אָריגינעלע פּירושים אויפֿן תּלמוד און רמב״ם זײַנען כּמעט אַלע פֿאַרברענט געוואָרן אין דער גרויסער שׂריפֿה פֿון 1887 אין קיידאַן. ניפֿטר געוואָרן צו 35 יאָר.

ר׳ בנימין נאַטאַנזאָן, גבֿיר און בעל־צדקה.[9] איידעם פֿון ראָש ניכבדי העיר ר׳ מאיר פֿראַדלס, אַרום אָנהייב נײַנצנטן יאָרהונדערט.

ר׳ צדוק הכּהן, מלמד. עלטער־זיידע פֿון משה לייב ליליענבלום. שוין דעמאָלט האָט ער געלערנט זײַנע תּלמידים תּנ״ך און דיקדוק. ניפֿטר 1868.

ר׳ לייב־זלמן לעווינזאָן, 50 יאָר פֿון די מנהיגי העדה. געהאָלפֿן בויען די גרויסע קלויז, געשאַפֿן די פֿײַער־לעשער קאָמאַנדע. ניפֿטר 1899.[10]

ר׳ נחום ראַבינאָוויץ, מזקני העדה. ניפֿטר 1900. ברודער ר׳ חיים ליפֿשיץ [!], רבֿ אין סרעדניק. זײַן זון ר׳ הלל ליפֿשיץ, אבֿ״ד לובלין.

ר׳ אליעזר וואָלפֿערט, רבי פֿון ר׳ שמואל־נתן ראַפּאָפּאָרט. גרויסער למדן און בעל־צדקה. געהאַלטן פֿון מתּן בסתר, אָפֿט געגעבן צדקה בײַ נאַכט, קיינער זאָל ניט זען.

ר׳ משה מערקיל, ר׳ עוזר קאַנטאָר, רב״ל שאַפּיראָ — ראשי הקהל; ר׳ ישׂראל בר׳ יהודה ראַבינאָוויץ, ר׳ לייב־זלמן זיסקינד, רפֿאל ראָם, רומשישקי, ר׳ זלמן בר׳ העשל דײַטש, שוואָגער פֿון ר׳ הלל בישקאָ, ר׳ שמואל־יעקבֿ יפֿה, ר׳ מ. ראַטנער, ר׳ אליעזר גאָדניק, ר׳ יוסף וואָלפֿערט, פֿרידלאַנד, ליכטמאַכער, ר׳ בן־ציון פֿײַנגאָלד.

אַדוואָקאַט אַבראַמאָוויץ, רעגירונג־לערער אַבֿרהם פּטאַשקין.

*

קיידאַן האָט זיך געגרייסט, וואָס זי האָט געהאַט אַ שײַכות מיטן ווילנער גאון. איין ווערסיע איז, אַז ר׳ דוד קאַצענעלענבויגן זאָל אים האָבן געבראַכט פֿון ווילנע קיין קיידאַן אין עלטער פֿון פֿינף יאָר און ער זאָל האָבן געלערנט בײַ הרבֿ דמתא ר׳ משה מרגליות, דער בעל „פּני ירושלמי״. דער גאון איז אַ קיידאַנער איידעם — האָט חתונה געהאַט מיט חנהן, טאָכטער פֿון ר׳ יהודה־לייב אין קיידאַן. ווי לאַנג ער האָט געלעבט דאָ נאָך דער חתונה ווייסן מיר ניט.

עטלעכע יאָר האָט דאָ אויך געלעבט צבֿי־הירש יאָנאַטענזאָן, געבאָרן 1841 אין ווילנע. שרײַבער און נדבֿן. מחבר פֿון **שירי ציון** (וואַרשע, תּרנ״ג). אין 1868, ווען דער נײַער גובערנאַטאָר פֿון ליטע איז געקומען קיין קיידאַן, האָט יאָנאַטאַנזאָן אים באַגריסט אין רוסיש, אין נאָמען פֿון די קיידאַנער ייִדן.

9) ניט געוווּסן מעגלעך אויסצוגעפֿינען דעם כראָנאָלאָגישן סדר פֿון טייל ווײַטערדיקע ניכבדים, אָבער לא המקום מכבד את האדם. אוודאי און אַוודאי זײַנען אין דער גאַנצער רשימה ניטאָ אַלע חשובֿי־העיר ביז 1918, נאָר די צופֿעליק אָנגעטראָפֿענע נעמען אין מײַנע געזוכטע שריפֿטן, דאָס איז חל אויף די ניכבדים פֿון אַלע שטעט און שטעטלעך.

10) דאָ אַ לעווינזאָן „צלען אופּראַוואַ״ און קאָרעספּאָנדענט פֿון המליץ — קען זײַן דאָס איז דער זעלביקער.

**ביבליאָגראַפיע.** — התחיה, ברלין, 1850; ספר התגין, פאַריז, 1866, הקדמה; הכרמל, 1866/67; המגיד, 1868: 17; 1869: 11; 1871: 8; המליץ, 1868: 39; קול מבשר, אָדעס, 1868: 36; ד"ט אפרתי, תולדות אנשי שם. וואַרשע, תרל"ה. ע' 22; הצפירה, 1879: 3; המליץ, 1879: 7.

בן־יעקב, אוצר הספרים. ווילנא, תר"ם, ע' 310, 458; יוחנן וויטקאָווער, אגדת פרחים. אַלטאָנאַ, תר"ם, ע' 285; פנחס שוואַרטץ, זכרון צדיקים. קלוזש, תרמ"ג, ע' 85, 104, 108; א.ל. פײַנשטיין, עיר תהלה. וואַרשע, 1886, ע' 157; ח.נ. דעמביצער, כלילת יופי, ב'. קראָקא, תרמ"ח, ע' צ"ג; המליץ, 1888: 4; לוח אחיאסף, תרנ"ה, ע' 409.

י. עמדן, מגילת ספר. וואַרשע, תרנ"ז, ע' 125; המליץ, 1898: 8, 17, 20, 21, 26, 33, 110; 1899: 203, 216; 1900: 40, 56, 74; י.ה. סינגער, זכרון בספר. ווילנא, 1900, ע' 150; אחיאָסף, תרס"א, ע' 423; צ"ה קאלפ (ליפשיץ), מדור לדור. וואַרשע, תרס"א, ע' 115, 116.

ש. באבער, קריה נשגבה. קראָקא, תרס"ג, ע' 23; שם הגדולים החדש, תרס"ג, ע' 13, 47; י. דוקקעס, חכמי אה"ו. המבורג, תרס"ח. ע' 55; חשבון הנדבות ... 1909, ע' 126; דוד כהנא, תולדות המקובלים, השבתאים והחסידים, ב'. אודיסה, תרע"ג, ע' 12, 104, 138; י. לעווינסאָן, דור ודור ודורשיו. וואַרשע, 1914, ע' 13, 19, 37, 40, 41, 83.

ב. גאָרין, די געשיכטע פון אידישען טעאַטער, I. נ"י, 1918, 235; ברוך קאהן, ספר הזכרון. נ"י, תר"פ, ע' 14; מ. קאָסאָווער, „ציון", ירושלים, תרפ"ו, א', ע' 71; פ.ז. גליקסמאַן, עיר לסק וחכמיה. לודז, תרפ"ו, ע' מ"ט; א. ניר, שניאור זק"ש. ירושלים, תרפ"ח; נ. ליפשיץ, לעבנסגעשיכטע פון וועלט־גאון ר' יצחק־אלחנן. סלאָבאָדקע, 1929; ד.מ. ליפמאַן, לתולדות היהודים בקובנה וסלבודקה. קידאַן, תרצ"א, ע' 164, 167; ד.מ. ליפמאַן, לתולדות היהודים בליטא־זאַמוט. קידאַן, תרצ"ד, ע' 47, 60; א. יערי, באהלי ספר. ירושלים, תרצ"ט, ע' 38; וואַכשטיין־בוך. ווילנע, 1939, ז' 25; ראשון לציון, תש"א, ע' 37.

מ. סלומון, שלשה דורות בישוב. ירושלים, תש"ב; פ. לחובר, תולדות הספרות העברית החדשה, ספר שני, חלק שני. ת"א, תש"ז, ע' 187; א.ש. הערשבערג, פנקס ביאַליסטאָק, I. נ"י, 1949, ז' 195; אלה אזכרה, ב'. נ"י, תשי"ז, ע' 222; אנציקלופדיה של הציונות הדתית. ת"א־ירושלים, תשי"ח. ע' 31; קיידאַן, ספר זכרון. ת"א, 1977. דעת קדושים, ע' 11, 15, 29; קריה נאמנה, ע' 129, 133, 158; עיר ווילנא, ע' 78, 161; תולדות ישיבת היהודים בקורלאַנד, ע' 145; אהלי שם, 75, 310; אוצר ישראל, ד', ע' 239; לקורות עיר קיידאַן, ע' 6.

לקורות עיר ראַסיין, ע' 3; חלקת מחוקק, חוב' ג', מחברת ג'; חוב' ז', מחברת ב'; חוב' ט', מחברת א'; מחברת ג'; ראובן מרגליות, סיני, ירושלים, חוב' ו־ז; „ליטע", I, ז' 861, 979, 1004, 1588; דורות האחרונים, ע' 324; היסטאָרישע שריפטן, ייִוואָ, II., ז' 518.

יזכור־בוך סואוואַלק, ז' 181; חכמי ישראל באַמעריקאַ, ע' 94; ד. תדהר, 45, 47, 56, 162, 316, 818; שם הגדולים השלישי, ע' 76; יוסף כהן־צדק, שם ושארית; יעקב ליפשיץ, זכרון יעקב, ב', ע' 46.

אנציקלופדיה של גלויות, ב', ע' 97; עליות אליהו, מהדורה ד', ע' כ"א; ליטאָווסקי יעוורעי, ז' 22; ג. קרסל, 1, 2; ב. כהנס לעקסיקאָן, ז' 87, 228; יהדות ליטא, ג'; י.ד. קמזונס יהדות ליטא; ספר הפרענומע־ראנטן, 7503; לעקסיקאָן, 1, 5, 8.

P. Šimkūnas, Kėdainių miesto istorija. Kaunas, 1928, p. 48-53; Biuletyn Żydowskiego Instytutu Historycznego W Polsce, 1987 (אַרטיקל וועגן זאַמעט); Jewish Encyclopedia, Vol VI, p. 401; VII., pp. 57, 61, 62, 453; Black book.

## KLYKOLIAI קליקאָל

מאַזשייקער קרײַז. אַ ייִדישער ייִשובֿ פֿון אַרום מיטן אַכצנטן יאָרהונדערט. פֿאַרן ערשטן וועלטקריג האָבן דאָ געלעבט בײַ 500 ייִדן. אויסער מלאכה און קאָראַבעלניקערײַ, האָבן ייִדישע קרעמערס און סוחרים געהאַנדלט בעיקר מיט ריגע און ליבאַווע. אין 1915 האָט קליקאָל דורכגעמאַכט דעם גירוש־ליטע.

אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע האָבן דאָ געוווינט אַ פּאָר הונדערט ייִדן. אין וואַלן צום ציוניסטישן קאָנגרעס אין 1933 זײַנען נאָך געווען 17 שטימען, אָבער אין 1939 איז עס שוין געווען כּמעט אויסגעליידיקט פֿון ייִדן.

אין אַ קאָרעספּאָנדענץ פֿון מיטן 1939 ווערט געמאָלן אַזאַ בילד פֿון שטעטל: „קליקאָל איז געווען אַ מאָל אַ פֿײַן שטעטל, מיט למדנים, ניכבדים, איצט איז דאָ קוים אַ מנין אויף שבת. אַלץ צעלויפֿט. אַפֿילו אָפּיציעל ווערט עס שוין באַצייכנט ווי אַ דאָרף״.

**רבנים.** — ר׳ אליהו קליקאָלער, דאָ רבֿ כּמעט זײַן גאַנץ לעבן. געווען באַליבט בײַם ווילנער גאון. מען האָט אים אויך גערופֿן „אליהו דער גרויסער״. געווען אויך רבֿ אין פּילטען (קורלאַנד) און קאָשעדאַר. עס זײַנען אַרומגעגאַנגען וועגן אים פֿאַרשיידענע לעגענדעס. זײַן זון ר׳ אַבֿרהמל בויער, רבֿ אין ליבאַווע.

ר׳ שמעון בר׳ אליהו קליקאָלער, אויך רבֿ אין פּילטען.

ר׳ שלום־צבֿי שאַפּירא, אויך רבֿ אין וואַרקלאַן און ווילאָן. זײַן אייניקל ר׳ אלחנן־אליעזר בר׳ שלמה גאַווראָנסקי דאָ געבאָרן אין 1862.

ר׳ משה בר׳ יקותיאל־זיסל, גע־באָרן 1816, ניפֿטר 1897.

ר׳ אַבֿרהם־אַבא ראַבינאָוויץ, חידושי־תּורה אין **הפלס** (1901, ווי חופ״ק).

ר׳ אַבֿרהם־אַבא בר׳ שאול הכּהן (פֿון ווילנע), אויך רבֿ אין אַלט־אויף (קורלאַנד) און 1905־1907 דומ״ץ אין פּאָקראָי.

ר׳ יצחק־ראובֿן בר׳ משה, דערנאָך רבֿ אין ריגע.

ר׳ צבֿי־הירש בר׳ יהודה־לייב פֿאַרבער, געבאָרן 1883 אין סלאַבאָדקע, פֿון 1914 רבֿ אין לאָנדאָן. חיבורים: **פּרח הצבֿי** (וינה, תּר״פ), **מחנה יהודה** (תּרפ״ח), **אשת חיל** (תּרצ״ד), **שבֿיל הצבֿי** (תּרצ״ו), **בדור הלכה** (תּרצ״ז), **הגיוני המועדים** (תּש״י), **קרית חנה דוד** (תּש״י), **הגיונות צבֿי** (תּשי״ב), **שבֿיל הצבֿי** (תּשי״ג), חמודי צבֿי (תּשי״ג) — אַלע לאָנדאָן.

ר׳ יעקבֿ בר׳ ישׂראל כּץ, געבאָרן 1863 אין רומשישאָק. ר״מ אין ר׳ הירשלס ישיבֿה אין סלאַבאָדקע. דאָ רבֿ 1906־1914. אין ערשטן וועלטקריג ר״מ אין האָמעל (אַריבערגעפֿירט אַהין די ישיבֿה פֿון ריגע) און פֿון 1920 ווידער דאָ רבֿ ביז 1923, ווען ניפֿטר געוואָרן.[1] [דער כראָנאָלאָגישער סדר פון די רבנים קען זײַן ניט פּינקטלעך].

צווישן 1875 און 1898 זײַנען געווען 27 קליקאָלער פּרענומעראַנטן אויף די ווײַטערדיקע רבנישע ספֿרים: **מים חיים**, יחיאל מיכל לוריא (וואַרשא, תּרל״ה); **נאום דוד**, שלום־דוד מאיראָוויץ (ווילנא, תּרל״ו); **זכר חיים**, חיים נתן בר׳ משה (וואַרשא, תּרנ״ח); **תּפֿארת שאול**, ידידיה שאָחעט (וואַרשא, תּרנ״ח).

---

1) אין יהדות־ליטא, ג׳, ז׳ 350, ווערט געזאָגט בטעות, אַז 1920־1923 איז ער געווען רבֿ אין זאַגער.

אין אַ רשימה מנדבֿים פֿון 1872 פֿאַר ייִדישע הונגער־געליטענע אין ליטע זײַנען דאָ מערערע קליקאָלער.

**אָפּשטאָמיקע.** — ר' צבֿי־אַריה גרינבלאַט, דאָ געבאָרן אין 1874, זון פֿון אָרטיקן שוחט. געקראָגן סמיכה און ניט געוואָלט אָננעמען קיין רבנות. געווען אַ מגיד־שיעור אין שאַוול (חינם). איידעם פֿון ר' ראובֿן־יצחק איליאַן, הרבֿ הראשי פֿון ריגע. ניפֿטר געוואָרן 1955 אין יאָהאַנעס־בורג.

ד"ר אַבאַלע ליין, דאָ געבאָרן אין 1846, פֿון 1876 אין אַמעריקע. האָט איבערגעזעצט **עדות ביהוסף** פֿון ר' יוסף ראָזען. געשריבן אויך אַרטיקלען אין ייִדי־שע צײַטונגען.

ישעיה שערקסני האָט געשריבן קאָרעספּאָנדענציעס אין **יודישעס פֿאָלקס־בלאַט.**

פֿון די ניכבדים — ר' געצל גאַווראָנסקי.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המגיד, 1872: 10; אידישע שטימע, 1933: 4187; 1939: 57, 6203; ברקאי, יוהניסבורג, תּשט"ו, גל' קע"א; אהלי שם, 451; תּולדות ישיבֿת היהודים בקורלאַנד, ע' 38, 48, 62, 104; ספֿר הפּרע־נומעראַנטן, 7661; לעקסיקאָן, 5; יהדות ליטא, ג'.

# קעלם KELMĖ

ראַסיינער קרײַז. ייִדן האָבן געלעבט אין קעלם אָנהייב זיבעצנטן יאָר־הונדערט. האָט געהערט צו קיידאַנער גליל, וואָס איז געשאַפֿן געוואָרן אין 1623. אין **פּנקס המדינה** פֿון ועד מדינת ליטא, סימן תּק"פּ, ווערט דערמאָנט קעלים אין תּקנות תּכ"ד [1664]. דאָרטן רעדט זיך אויך וועגן אַ בלוט־בילבול אויף די ייִדן.

אין 1847 האָבן דאָ געוווינט 759 ייִדן (אויף 3918 תּושבֿים), אין 1897 — 2710, 1923 — 2000 און פֿאַרן חורבן — אַן ערך 1800.

אויסער קרעמערײַ און מלאכה, וואָס ביידע האָבן פֿאַרנומען אַ חשובֿ אָרט אין דער היגער ייִדישער עקאָנאָמיק, איז דאָ געווען שטאַרק אַנטוויקלט דער האַנדל מיט תּבֿואה, פֿלאַקס, בהמות, זאַט, בערשטלהאָר.

אָנהייב 1870ער יאָרן איז דער היגער ייִדיש־עקאָנאָמישער מצבֿ שטאַרק פֿאַרבעסערט, ווײַל דעמאָלט איז קעלם געוואָרן אַ צענטראַלער טראַנספּערפּונקט פֿון סחורות־טראַנספּאָרט פֿון פּרײַסן קיין שאַוול און ריגע. אין 1880 האָט דער פּוי־לישער פּריץ געעפֿנט עטלעכע גרויסע געשעפֿטן מיט אַלערליי סחורות אויסצו־קאָנקורירן ייִדישע קרעמערס — אָבער ער

איז גיך אַראָפּ. אין 1887 זײַנען דאָ געווען 28 תּבֿואה־הענדלערס און 85 גרויסע ייִדי־שע קרעמערס. ווינטער צײַט פֿלעגן טייל ייִדישע בעלי־מלאכות בײַטן זייער פֿאַך. אַזוי ווערט איבערגעגעבן אין אַן איקאַ־ציילונג פֿון 1904, אַז ייִדישע האַנט־ווערקערס פֿאַרנעמען זיך מיט רייניקן פֿלאַקס און מוליאַרעס ווערן גלעזערס.

אָנהייב 1880ער יאָרן האָבן ווילדע באַנדעס געגרייט אַ פּאָגראָם אויף קעלם. דער אָנפֿירער פֿון זשעמײַטער (זאַמעטער) ביסקופּאַט מ.ק. בערעסנע־וויטשיוס האָט געמאַכט אַלע אָנשטרענגונ־גען, אַז ליטווינער פֿון זײַן ביסקופּאַט זאָלן ניט צושטיין צו די פּאָגראָמשטשיקעס.

*

אין אַ רשימה פֿון חבֿרים אין 1896 צו שטיצן ייִדישע פּויערים אין ארץ־ישׂראל געפֿינען זיך די ווײַטערדיקע קעלמער: בער־מנשה אַבראַמאָוויץ, פֿײַוול געץ, אליעזר־בער הירשאָוויץ, אַבֿרהם־משה הורוויץ, פּסח יאַנאָווער, מאיר קאַלמאַנאָוויץ, משה־אליהו ראָם, שלמה ראָם.

אין אַ ליסטע מנדבֿים פֿון 1898 זײַנען דאָ אַ סך קעלמער און פֿון 1909 — 70 קעלמער.

אין 1899 איז פֿאָרגעקומען אַ גרויסע ציוניסטישע קרײַז־קאָנפֿערענץ אין ווילנע מיט 71 דעלעגאַטן, איין דעלעגאַט פֿון קעלם. אין דער ציוניסטער קאָנפֿערענץ פֿון 1908 אין גראָדנע האָט זיך באַטייליקט קעלם מיט איין דעלעגאַט.

אין 1909 האָט קעלמער חבֿרה „קדימה" געפּלאַנצט ביימער אין יער־הרצל צום אָנדענק פֿון אירע חבֿרים יוסף־ראובֿן שניץ און זעליג כּהן.

מיט ארץ־ישׂראל איז קעלם פֿאַרבונדן מיט אַ פּאָר צענדליק יאָר פֿאַר חיבת־ציון. אויף אַן אַלטן בית־עולם אין ירושלים זײַנען דאָ די מצבֿות פֿון די ווײַטערדיקע קעלמער:

האָדע א' [שת] ר' יחיאל מקעלם, תּרכ"ג.

הלל מקעלם, תּרכ"ו.

שמואל בהרב ר' יעקב מקעלם, תּרכ"ז (אחי הגאון ר' אליה ראגאָלער).

בת שבע בת ר' הלל מקעלם, תּרל"ד.

לאה בר' אליה מקעלם, תּרל"ט.

יצחק בר' יהודא, תּלמיד ר' זאבֿ מקעלם.

ברוך בר' יעקב ברודא, תּרנ"ו (הרביץ תּורה בכמה ישיבֿות, בעל „בית יעקבֿ", „מקור ברוך").

*

די „אגודה" האָט געהאַט שטאַר־קע פּאָזיציעס אין קעלם. אין אַ רשימה מנדבֿים פֿאַר „קרן האגודה" אין 1913 זײַנען דאָ די קעלמער: צבֿי ברודא (זצ"ל), נחום־זאבֿ זיוו, רפֿאל גרינבערג, ישׂראל־זאבֿ סתּם, אײַזיק און מאיר מאָרדעכאָוויץ, אליהו לאַפּיאַן, יעקבֿ־מאיר שמולעוויץ, מרדכי לעוויטאַן, שמואל זאַכער, בן־ציון אָשרי, משה־יצחק וויטשיק, אַבֿרהם

אַבראַמאָוויץ, מאיר לייבאָוויץ, יוסף גאָלדבערג, מנחם דאַנילעוויץ.

אויך דער „בונד" האָט געהאַט פעסטע פּאָזיציעס אין שטאָט, אָבער זײַן השפעה איז געווען באַגרענעצט בעיקר צו די יידישע אַרבעטער־קרײַזן. די פּאַרטיייִשע און רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט פון „בונד" קומט צום אויסדרוק אין די קאָרעספּאָנדענציעס אין די פאַרשיידענע אומלעגאַלע בונדישע אויסגאַבעס.

*

אין מיטן נײַנצנטן יאָרהונדערט איז געגרינדעט געוואָרן אין קעלם אַ מוסר־ישיבה מיט אַן אייגענעם דרך אין לערנען, און מיט דעם האָט זיך אָנגעהויבן אַ נײַ קאַפּיטל אין יידיש־גײַסטיקן לעבן פון שטאָט.

דער גרינדער פון דעם נײַעם סאָרט ישיבה איז ר' שמחה־זיסל זיוו (ברוידא), אַן אָפּשטאַמיקער פון אַ דורות־דיקער מישפחה אין קעלם. ר' שמחה־זיסל איז דאָ געבאָרן געוואָרן אין 1824. ער איז געוואָרן אַ הייסער תלמיד און פרײַנד פון ר' ישראל סאַלאַנטער און מיט דער צײַט אַליין געוואָרן פון די גדולי־המוסר אין ליטע. מיט דער הילף פון רײַכע אָנהענגערס האָט ער אויסגעבויט אַ גרויסע ישיבה, וואָס איז געגאַנגען אונטערן נאָמען „די גרויסע תלמוד־תורה", וווּ אויסער גמרא האָט מען אַ סך צײַט אָפּגעגעבן צו לערנען מוסר און פערפעקציאָנירונג פון די מידות. זײַן דרך אין מוסר האָט מען גערופן „קעלמער שיטה". אין ישיבה האָט ער אויך אָנגעשטעלט אַ לערער צו לערנען רוסיש די תלמידים. אין 1872 זײַנען געווען איבער 80 לערנערס.

ר' שמחה־זיסלס נײַער דרך־הלימוד און די הנהגה פון זײַן מוסר־שיטה האָבן אַרויסגערופן שאַרפע פּראָטעסטן מצד אַ סך רבנים און אויך די התנגדות פון קעלמער בעלי־בתים. ער האָט זיך געזען געצווונגען אַריבערצופירן זײַן ישיבה קיין גרובין. דאָרטן האָט ער אויך אָנגעשטעלט אַ לערער אויף דײַטש און אפילו אַ לערער אויף גימנאַסטיק. אָבער אויך אין גרובין האָט ער ניט געקענט זיך לאַנג האַלטן, איז ער געקומען צוריק קיין קעלם, וווּ ער האָט געלערנט מיט אַ קליינעם „קיבוץ" דערוואַקסענע בחורים. ער איז ניפטר געוואָרן ח' אָב, תרנ"ח.

אויסער דער „גרויסער תלמוד־תורה" זײַנען אויך געווען א „קליינע תלמוד־תורה" און אַ „ישיבה גדולה", אָנגעפירט פון גרויסע למדנים, ניט פון בעלי־מוסר.

אין קעלם איז געווען איינע פון די שענסטע שולן אין ליטע. אין 1820 איז אויפגעהאַנגען געוואָרן אַ גרויסע קונסט־מנורה אין בית־מדרש. די שטאָט האָט באַזונדערס שטאָלצירט מיט איר אָרון־קודש. יעקב בן שלמה פון ראַסיין האָט צוויי יאָר געשניצט מיט אַ האַנטמעסערל דעם אָרון־קודש. זײַן אַרבעט איז פאַר־ענדיקט געוואָרן 1775. אַ צווייטע ווערסיע זאָגט, אַז דער קינסטלער פון אָרון־קודש

איז געוועזן איינער אַ צבֿי ברוידא — אפֿשר זײַנען געוועזן צוויי.

**רבנים.** — ר׳ אליעזר גוטמאַן, געבאָרן 1772 אין פּלונגיאַן.[1] די מישפּחה איז אַן אַנטלאָפֿענע פֿון די הײַדאַמאַקישע רציחות אין אוקראַיִנע. פֿון 1810 דאָ רבֿ ביז זײַן פּטירה ו׳ ניסן, תּקצ״א. האָט שאלות־ותשובֿות אין **עטרת יצחק** פֿון יצחק־אײַזיק, אב״ד שאַוול. זײַן זון ר׳ שמואל, אב״ד כווידאַן.

ר׳ יחזקאל. צוליב זײַן גוטסקייט האָט מען אים גערופֿן ר׳ חאַצקאַלע. ער האָט געמאַכט אַ ווונדערלעכן זייגער, באַפּוצט מיט שניצערײַען, וואָס איז געהאַנגען אין שול. דער זייגער האָט געוויזן ניט נאָר שעהן און מינוטן, נאָר אויך דעם טאָג פֿון חודש און דעם „יום״ פֿון די „מעמדות״. אין **עטרת יצחק** פֿון יצחק־אײַזיק, אב״ד שאַוול, זײַנען דאָ שו״ת פֿון „יחזקאל במוהריע״ז מקעלם״. ניפֿטר 1855.

ר׳ אליקים־געצל הורוויץ, אַ הײ־געבאָרענער. מען האָט אים גערופֿן „דער שלחן־ערוך״, ווײַל ער האָט עס געקענט כּמעט אויף אויסווייניק. ניפֿטר געוואָרן 1873. זײַן פֿאָטער ר׳ יצחק, אב״ד ראַד־ווילישאָק.

1) אַזוי לויט נפֿתּלי בן־מנחם אין י.ד. קמזונס „יהדות ליטא״. זײַן פֿאָטערס נאָמען, לויט „יהדות ליטא״, ג׳ — צבֿי, לויט אַן אַנדער מקור — יוסף בר׳ פּסח. זאָל אויך האָבן געלעבט אין פּלאָטעל. — אין אַ ייִחוס־בריוו פֿון דער ברוידאַ־מישפּחה אין ירושלים איז אַ צײַט פֿאַר אים געווען רבֿ אין קעלם ר׳ יוסף ברוידא.

ר׳ אליעזר בר׳ אַבֿרהם־שמואל גאָרדאָן, געבאָרן 1840 אין סוויר (ווילנער גובערניע). פֿון די בעלי־המוסר אין ליטע. ר״מ אין ר׳ ישׂראל סאַלאַנטערס ישיבֿה אין קאָוונע. שפּעטער רבֿ אין קעלם, פֿון 1874, דערנאָך אין טעלז, פֿון 1884, ווו ער האָט געגרינדעט די באַקאַנטע ישיבֿה, וואָס ער איז געווען איר ראש־ישיבֿה, ווי אויך אב״ד טעלז 26 יאָר. ניפֿטר געוואָרן 1910 אין לאָנדאָן, בעת זײַן שליחות צו זאַמלען געלט פֿאַר טעלזער ישיבֿה. זײַן מיטגעשאַפֿענע „כנסת ישׂראל״ איז געווען די באַזע, וואָס אויף איר איז שפּעטער געגרינדעט געוואָרן „אגודת ישׂראל״. חיבורים: **תּשובֿת רבי אליעזר** (פּיעטרקובֿ, תּרע״ג), **דבֿרי רבי אליעזר** (נ״י). [נאָך פּרטים — טעלז]

ר׳ צבֿי־יעקבֿ אָפּענהיים, געבאָרן 1854 אין יאַקובאָווע (לעטלאַנד). יונגערהייט ר״מ אין ר׳ שׂמחה־זיסלס מוסר־ישיבֿה אין קעלם, 1881־1882 רבֿ אין ציטעוויאַן און פֿון 1887 ביז זײַן פּטירה כ״ז שבֿט תּרפּ״ו אב״ד קעלם. געווען אויך פֿון די מיטגרינדערס פֿון טעלזער ישיבֿה. זײַן איידעם ר׳ ישׂראל־יהושע סגל, רבֿ אין וואָרנע. בעל **צבי גאון יעקבֿ** (ריגא, תּרפּ״ט). האָט חידושי־תּורה אין **יגדיל תּורה**.

ר׳ קלמן בר׳ יחזקאל ביינאָ־שעוויץ, איידעם פֿון הרבֿ אָפּענהיים. געבאָרן 1893[2] אין זעזמער. דאָ רבֿ פֿון

2) אַזוי לויט נפֿתּלי בן־מנחם אין י.ד. קמזונס „יהדות ליטא״, לויט „יהדות ליטא״, ג׳ — 1886.

1926 ביז זײַן אומקום אָבֿ תּש״א, הי״ד.

**ראשי־ישיבֿה.** — ר׳ נטע־צבֿי הירש פֿינקל (דער „אַלטער״ פֿון סלאַבאָדקע), פֿון די הויפּט בעלי־מוסר אין ליטע, איז דאָ אַ צײַט געווען פֿון די ראשים אין ר׳ שׂמחה־זיסלס מוסר־ישיבֿה.

ר׳ שמואל־יעקבֿ בר׳ ישׂראל פּעקער, ר״מ. געבאָרן 1863. שפּעטער רבֿ אין נאָווי אַדעס, דערנאָך אין פֿילאַדעלפֿיע.

ר׳ צבֿי־הירש ברודא, געבאָרן 1865 אין שקוד און איידעם פֿון ר׳ שׂמחה־זיסל. נאָך זײַן שווערס פּטירה האָט ער איבערגענומען די פֿירערשאַפֿט פֿון דער „גרויסער תּלמוד־תּורה״. ער פֿלעגט לערנען שטייענדיק 18 שעה אין מעת־לעת. אויפֿגעשטעלט אַ סך תּלמידים. ניפֿטר 1913 אין קעלם.

ר׳ ירוחם לייבאָוויץ, געבאָרן 1874, איז 1900־1907 דאָ געווען משפּיע רוחני, שפּעטער מנהל רוחני אין דער ישיבֿה פֿון חפֿץ־חיים אין ראַדן און פֿון 1909 — אין מירער ישיבֿה. אויפֿגעשטעלט הונדערטער תּלמידים. ניפֿטר 1936.

ר׳ אליהו בר׳ יעקבֿ לופּיאַן, געבאָרן 1878 אין גראַיעווע. 1904 געשאַפֿן אַ ישיבֿה אין קעלם, וווּ געווען ר״מ ביז 1926. שפּעטער ר״מ אין לאָנדאָן, זכרון־יעקבֿ (ירושלים). לופּיאַנס ישיבֿה האָט זיך גערופֿן „ישיבֿה קטנה״. דאָרטן זײַנען געווען ראשי־ישיבֿה: ר׳ שלמה פּיִאַנקאָ, געבאָרן 1887, אומגעקומען אָבֿ תּש״א; ר׳ שלמה קרעמערמאַן; ר׳ פּסח סאַדאָווסקי; ר׳ אליהו דושניצער. ניפֿטר 1949 אין פּתח־תּקווה.

ר׳ דניאל מאָוושאָוויץ, געבאָרן 1887. אין די יאָרן פֿאַרן חורבן דער ר״מ פֿון דער מוסר־ישיבֿה. זײַנע „שמועסן״ פֿלעגט מען איבערזאָגן אויך אין ישיבֿות אויסער די גרענעצן פֿון ליטע.

ר׳ שבתי בר׳ יצחק גאַרב [גראַבֿ?], ר״מ, שפּעטער אין לײַזעווע; ר׳ אליעזר הלוי לעווין, ר״מ אין קעלמער ישיבֿה „אור תּורה״. 1929 רבֿ אין וואַשקי און דעטראָיט.

ר׳ יצחק הורוויץ, מו״צ, אין די זיבעציקער יאָרן. איידעם פֿון רבֿ ר׳ אליקים־געציל. גערופֿן „יצחק לײַזעווער״.

משגיחים: ר׳ אליהו־דובֿ לייזעראָוויץ, געבאָרן 1856 אין יאַנישאָק (אין ר׳ שׂמחה־זיסלס ישיבֿה); ר׳ יעקב־מאיר שמולעוויטש, משגיח 30 יאָר. דאָ ניפֿטר געוואָרן אין עלטער פֿון 61 יאָר.

ר׳ גרשון מיעדניק, מנהל פֿון תּלמוד־תּורה. ער פֿלעגט אויך זאָגן „שמועסן״.

*

ר׳ משה־יצחק דרשן איז געווען דאָ נאָר דרײַ יאָר, אָבער געווען באַרימט ווי „קעלמער מגיד״, וואָס פֿלעגט דונערן איבער יידישע שטעטלעך מיט זײַנע פֿײַערדיקע דרשות קעגן השׂכּלה, קעגן ניט־פֿרומע און תּקיפֿים אין שטאָט. געווען אַן אויסערגעוויינלעכער דַרשן און געהאַט גרויסע פֿעיִקייטן צו שילדערן זײַנע רייד

מיט קינסטלערישע בילדער און פֿאַנטאַס־טישע סצענעס. פֿאַר זײַנע שאַרפֿע רייד קעגן גרויסן גביר און תּקיף אין שטאָט משולם ליבערמאַן, איז ער — לויט דער השתּדלות פֿון גבֿיר בײַם פּריץ פֿון שטאָט גראַזשעווסקי — גלײַך אַרויסגעטריבן געוואָרן פֿון קעלם.

אין דער אַלטער שול פֿון קראָקע פֿלעגט מען ניט לאָזן דרשענען פֿרעמדע מגידים, אָבער דעם קעלמער מגיד האָט מען איין מאָל געגעבן רשות צו זאָגן אַ דרשה. די שול איז געווען געפּאַקט. מען איז געשטאַנען אויף די קעפּ. דער קעלמער האָט אָבער מרמז געווען אויך אויף די פּאַראָנדקעס פֿון קראָקעווער קהל. האָבן די גבֿירים זיך געפֿילט געטראָפֿן און געהייסן דעם שמש דאַוונען מעריבֿ און דער קעלמער איז געבליבן אין מיטן דרשה.

צווישן 1839 און 1914 זײַנען געווען 109 קעלמער פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

**אָפּשטאַמיקע.** — ר׳ שמואל קעלמער. געבאָרן 1797 אין נײַשטאָט־טאַווריק, האָט ער אָבער לאַנגע יאָרן געלעבט אין קעלם, ווי עס ווײַזט אויך זײַן בײַנאָמען. אין קעלם איז אויך געבאָרן געוואָרן זײַן זון ר׳ אַריה־לייב פֿרומקין (זע ווײַטער). זײַן ברודער איז הגאון ר׳ אליהו ראַגאָלער. געלאָזן אַ סך חידושי־תּורה אין כּתבֿ־יד.[3]

ר׳ יחזקאל לונץ, געבאָרן 1731, איז געווען רבֿ אין שאַוול פֿון 1766. ס׳קען זײַן, אַז פֿריִער איז ער געווען דאָרטן מו״צ פֿון די מיטן 1750ער. ניפֿטר געוואָרן 1808 אין שאַוול. זײַן פֿאָטער, ר׳ מאיר, אַ מופֿלג בתּורה, איז אויך געבאָרן אין קעלם (1709). [מער פּרטים אין שאַוול].

ר׳ משהל קעלמער, געבאָרן דאָ אין 1812 און געוווינט זײַן גאַנץ לעבן אין ווילנע. געווען אַ גרויסער גבֿיר און נדבֿן. מיטגרינדער פֿון ווילנער מושבֿ־זקנים. ניפֿטר 1892. זײַן זון, ר׳ מרדכי ראַבי־נאָוויטש, פֿון די ניכבדי ווילנע. מחבר פֿון **שלום מרדכי, מר דרור, דבֿרי חן, רבֿ חסד.**

ר׳ אַהרן ברוידא, דאָ געבאָרן 1843. פֿון 1888 מ״מ אין פֿילאַדעלפֿיע, נוארק, ברוקלין און פֿון 1902 רבֿ ומטיף אין בית־כּנסת „עץ חיים דאנשי וואַלאָזין״.

ר׳ יחיאל־מיכל האָרושאַ, דאָ גע־באָרן 1845. רבֿ אין פּערנו (עסטלאַנד)[4] און פֿון 1880 ביז זײַן פּטירה 1919 אין שקוד. חיבורים: **וימת שמואל** [מאָהליוווער] (וואַרשא, תּרנ״ח), **מיכל מים, בבֿל, אמונת העתיד.**

ר׳ אריה־לייב פֿרומקין, דאָ געבאָרן 1845. האָט געגרינדעט אַ ישיבֿה אין פּיקעלן. שפּעטער געווען רבֿ אין אַלעקסאָט. פֿון 1868 געוווינט עטלעכע מאָל אין ארץ־ישׂראל, אָבער צוליב פֿאַרשיידענע סיבות געמוזט פֿאַרלאָזן דאָס

3) זײַן אמתער נאָמען איז פֿרומקין, ווי זײַן זון שרײַבט, און ניט יאָסעלאָוויץ.

4) לויט ל. אָוצינסקי — פּערנאָוו, קורלאַנד.

לאַנד. 1911 ענדגילטיק זיך באַזעצט אין פּתח־תּקוה, ווו ניפֿטר געוואָרן 1916. מחבר פֿון אַ ריי פֿאָרשעריש־ביאָגראַפֿישע ספֿרים און וועגן יִשוב ארץ־ישׂראל. זײַן וויכטיק־סטער ספֿר איז **תּולדות חכמי ירושלים** (ירושלים, תּרפּ״ח־תּר״ץ, 3 חלקים).

ר׳ יואל־יצחק קאַצענעלנבויגן, דאָ געבאָרן אַרום סוף 1840ער יאָרן. ווען ער איז געווען נאָך גאָר יונג, האָט קעלם אים געוואָלט נעמען פֿאַר אַ רבֿ. איז ער אַנטלאָפֿן אין דער נאַוואַרעדקער ישיבֿה, ווו ער האָט געלערנט בײַם מרא דאַתרא ר׳ מרדכי זיסקינד. פֿאַרן פֿאַרלאָזן נאַוואַרעדעק האָט ער געהאַלטן אַ טיפֿע דרשה אין בית־מדרש. נאָך דער דרשה איז הרבֿ זיסקינד צוגעגאַנגען צו אים, אַרומגעכאַפּט פֿאַר אַלעמען אין די אויגן און געזאָגט בקול רם, אַז נאָך זײַן (ר׳ מרדכיס) פּטירה זאָל מען ר׳ יואל־יצחקן נעמען פֿאַרן אב״ד פֿון שטאָט. צוליב פֿאַרשיידענע סיבות איז עס שפּעטער ניט אַרויסגעקומען. געווען רבֿ אין זעזמער, לינקעווע, סיאַד. ניפֿטר געוואָרן אין עלטער פֿון 83 יאָר. איידעם פֿון ר׳ אַריה־לייב ברוידע פֿון קעלם. מחבר פֿון **זרע יצחק**. שווער פֿון ר׳ אַבֿרהם־אַבא הלוי איש הור־וויץ קעלמער.

ר׳ אליקים־יהודה גאָלדבערג, דאָ געבאָרן 1855. געלערנט תּורה אין קעלם און ריטעווע. באַקאַנט אונטערן נאָמען „קעלמער עילוי״. ר׳ יצחק־אלחנן, קאָוונער רבֿ, האָט אים אַרײַנגענומען אין שטוב צו לערנען בחבֿרותא מיט זײַן זון. שפּעטער אויסגעשטודירט אויף דאָקטער־מעדיצין. באַראָן ראָטשילד האָט אים געשיקט קיין זכרון־יעקבֿ צו זײַן דער אינספּעקטאָר אויף די דאָקטוירים אין ארץ־ישׂראל. צוליב זײַן טעטיקייט צו פֿאַרשטאַרקן דת אין לאַנד, האָט ער געמוזט עמיגרירן קיין אַמעריקע. אין ניו־יאָרק איז ער געווען זייער אַקטיוו אין פֿאַרשיידענע רעליגיעזע אינסטי־טוציעס. געשריבן מאמרים אין תּורהדיקע צײַטשריפֿטן און אַרויסגעגעבן אַ ספֿר **כּוחא דהתּירא**.

ר׳ שמואל־יעקבֿ ראַבינאָוויץ, דאָ געבאָרן 1857. רבֿ אין איוויע, אַלעקסאָט, סאַפּאָצקין, ליווערפּול (ענגלאַנד, פֿון 1905), ווו ניפֿטר געוואָרן 1921. פּראָפּאַגאַנדירט פֿאַר חיבת־ציון און ציו־ניזם. פֿון די „מזרחי״־פֿירערס אין ענגלאַנד. חיבורים: **הדת והלאומיות** (ווילנא, תּר״ס), **אורח ישר** (ווילנא, תּרס״ד), **לתּקופֿת הימים** (לאָנדאָן, תּרע״ח), **ישרש יעקבֿ** (ליווערפּול, תּרפּ״ה).

ר׳ יהודה בר׳ מאיר־בער זאַקס, דאָ געבאָרן 1860. רבֿ אין „בימ״ד אנשי זאַמוט״ אין ליבאַווע און 1894 רבֿ ודרשן אין **„שערי־תּורה״** אין ניו־יאָרק. האָט חידושי־תּורה אין ירושלימער **המאסף**. זײַן פֿאָטער איז אַן אור־אור־אייניקל פֿון ר׳ אליעזר גוטמאַן, פֿון די ערשטע רבנים אין קעלם.

ר׳ חיים־יחיאל אָשרי, זון פֿון ר׳ יצחק־מרדכי קעלמער, דאָ געבאָרן 1871. רבֿ אין באַלטימאָר. חיבורים: **שומר אמונים** (באַלטימאָר, 1896), **מגיד משנה** (נ״י,

1920), **החיים והשלום** (באַלטימאָר, 1933).

ר׳ אליעזר־יהודה פֿינקל, זון פֿון ר׳ נטע־צבֿי־הירש, „הסבא מסלבודקה״. דאָ געבאָרן 1881. איידעם פֿון מירער ראש־ישיבֿה ר׳ אליהו־ברוך קמאַי, פֿערציק יאָר אָנגעפֿירט מיט מירער ישיבֿה. פֿון 1941 אין ירושלים, ווו אויפֿגעשטעלט אַ מירער ישיבֿה. ניפֿטר געוואָרן 1965.

ר׳ יוסף־אַבֿיגדור קעסלער, דאָ געבאָרן 1885. אַ קורצע צײַט רבֿ אין וואַר־זשאַן, שפּעטער אין קראָזש און פֿון 1923 אין ראַקאָווי (אַמעריקע). איידעם פֿון קראָזשער רבֿ ר׳ זאבֿ־וואָלף טורבאָוויץ.

ר׳ אליהו־אליעזר דעסלער, דאָ געבאָרן 1891. פֿון די השפּעהדיקע בעלי־המוסר. 1927 רבֿ אין אַ גרויסער שול אין לאָנדאָן. אין גייטסהייד (ענגלאַנד) געגרינדעט אַ „כּולל אַבֿרכים״ פֿאַר תּורה־לערנערס. פֿון 1948 משגיח רוחני אין פּאָ־נעוועזשער ישיבֿה פֿון בני־ברק, ווו געזאָגט אויך שעורים אין מוסר. דאָרטן ניפֿטר געוואָרן 1954. זײַנע תּלמידים האָבן אַרויסגעגעבן זײַן ספֿר **מכתּבֿ מאליהו** (לונ־דון, תּשט״ו) — אַן אָפּקלײַב פֿון זײַנע שריפֿטן וועגן מוסר.

ר׳ יוסף־טובֿיה מקעלם, מחבר פֿון **יד יוסף** (ירושלים, תּרפּ״ח).

**שרײַבערס.** — אַדאָלף קורלענדער, דאָ געבאָרן 1816. פֿון 1870 אין ווין. חיבורים: **דבֿרי אגדה ודבֿרי שיר** (1867), **ש.ל. ראַפּאָפּאָרט** (ווין, 1878, דײַטש).

אַריה־לייב גאָרדאָן, 1845. געהאַט סמיכה פֿון ר׳ יצחק־אלחנן, אָבער זיך פֿאַרנומען מיט פֿאָרשן העברעיִש און כעמישע עקספּערימענטן. געהאָלפֿן יהושע שטיינבערגן אין מחבר זײַן זײַן רוסישן ווערטערבוך צום תּנ״ך. 1878 באַקומען אין בערלין אַ דיפּלאָם פֿון אַ כעמישן אינזשי־נער. פֿון 1891 אין ארץ־ישׂראל. געשריבן אַ סך מאמרים אין דער העברעיִשער פּרעסע וועגן שפּראַכפֿאָרשונג. ביכער: **משפּטי הלשון העבֿרית** [וועגן דיקדוק פֿון הגר״א] (ווילנא, תּרל״ד); **מסלול ודרך לדקדוק שׂפֿת עבר** (ווילנא, תּרנ״א); **חזון האמונה וההשגחה** (תּרנ״ט); **אוצר התּפֿלה** ... עם באורים, שינויי נוסחאות ... ומבוא גדול. (ווילנא, תּרפּ״ג); **ספֿר חמשה חומשי תּורה, בצירוף באור קצר והערות** בעניני לשון ודקדוק (תּש״ד). געשטאָרבן 1912 אין פּתח־תּקוה.

אליעזר־אליהו פֿרידמאַן, 1857 — תּ״א, 1936. פֿון 1926 אין תּל־אָבֿיבֿ. האָט אַ סך געשריבן אין דער העברעיִשער פּרעסע פֿון סוף נײַנצנטן יאָרהונדערט וועגן חיבת־ציון. ער גופֿא דערציילט, אַז נאָך פֿאַר ד״ר פּינסקער האָט ער מיט 5 חברים געשאַפֿן די ערשטע גרופּע טוערס פֿאַר ציון אין ווילנע — אין 1882 אונטערן נאָמען „הנצנים״. האָט אַרויסגעגעבן זײַן **ספֿר הזכרונות** (תּ״א, תּרפּ״ו). אַ וויכטיקער אויפֿטו איז געווען זײַן אַרויסגעבן די העברעיִשע טאָגצײַטונג **הצופֿה** (וואַרשע, 1903־1905), וואָס אין אים האָבן זיך באַטייליקט די בעסטע העברעיִשע שרײַבערס אין יענער צײַט. זײַן זון ד״ר

יהושע פרידמאַן, דירעקטאָר פֿון די העברעיִשע גימנאַזיעס אין ווילקאָווישק און קאָוונע. געשריבן ליטעראַרישע אַרטיקלען אין העברעיִש, יידיש, רוסיש. איבערזעצער אויף העברעיִש פֿון דער רוימישער פּאָעזיע. געשטאָרבן 1934 אין תּל־אָבֿיבֿ.

זבולון לעווין, געבאָרן 1877. פֿון 1893 אין אַמעריקע. געשריבן סקיצעס אין די ניו־יאָרקער **פֿרײַע אַרבעטער שטימע, אַבענד בלאַט, צוקונפֿט.** זינט 1912 מער־סטנס געשריבן אין **פֿאָרווערטס** — דערציילונגען, נאָוועלעס, איינאַקטערס, וואָס זײַנען אויך געשפּילט געוואָרן אויף דער יידישער בינע אין אַמעריקע. ביכער: **זיי זענען מאַן און ווײַב און אַנדערע דערציילונגען** (1919), **קאַפּלאָוויץ און אַנדערע דערציילונגען** (1919), **קאָמעדיען** (1920), 20 **דערציילונגען** (1923), **אין לעבען** (1926) — אַלע ניו־יאָרק. געשטאָרבן 1935 אין ניו־יאָרק.

שׂפרה ווײַס, געבאָרן 1889. פֿון 1905 אין אַמעריקע. פֿריִער אין „בונד", דערנאָך בײַ די קאָמוניסטן. געלעבט אין פּיטסבורג, שיקאַגאָ און זינט 1917 אין לאָס־אַנדזשעלעס. געדרוקט לידער און אַרטיקלען אין די ניו־יאָרקער **פֿרײַע אַרבעטער־שטימע, אידישע אַרבעטער וועלט, פֿרײַהייט, יידישע קולטור** א"אַ. לידערביכער: **אין גאַנג** (1932), **צו דער וועלט** (1943), **צום מאָרגענדיקן טאָג** (1953) — אַלע לאָס אַנדזשעלעס. געשטאָרבן 1955.

ראובֿן כאַסמאַן, געבאָרן 1895. געשטודירט פֿילאָלאָגיע און נאַטור־וויסנשאַפֿט אין דאָרפּאַטער אוניווערסיטעט. פֿון 1935 אין ארץ־ישׂראל. געדרוקט אַרטיקלען אין די קאָוונער **אידישע שטימע, נײַס, הד ליטא.** הויפּט־מיטאַרבעטער פֿון דער צײַטשריפֿט **וועלט־שפּיגל** (קאָוונע, 1927־1928) און רעדאַקטער פֿון וואָכנבלאַט **דאָס אידישע וואָרט** (קאָוונע, 1931־1935). שפּעטער מיטרעדאַקטער פֿון די בענד **יהדות ליטא** (תּ"א) און רעדאַקציע־מיטגליד פֿון **הארץ, הצופֿה.** איבערגעזעצט ביכער אויף העברעיִש פֿון דײַטש, ענגליש, רוסיש, יידיש.

ח.ל. סײַמאַן, געבאָרן 1896. זײַן זיידע איז געווען דער לוקניקער רבֿ. פֿון 1910 אין שיקאַגאָ. געדרוקט לידער אין **אידישער רעקאָרד, אידישער קוריער, אידישער קעמפּער,** זשורנאַל **שיקאַגאָ** א"אַ. מחבר פֿון **לידער** (1934), **אַ ווינקל אין דער וועלט** (1946) — ביידע אין שיקאַגאָ, וווּ געשטאָרבן אין 1945.

אַבֿרהם־מרדכי שימאַנאָוו און יש"י ברודא האָבן געשריבן קאָרעס־פּאָנדענציעס אין **הצפֿירה.**

**ניכבדים.** — ר' לייב (לייבעלע) חסיד (ציגלער), געבאָרן 1824 אין אַ דערבײַיִק שטעטעלע, אָבער כּל ימיו פֿאַר־בונדן מיט קעלם. גרויסער בעל־מידות, איש חסד ואמת. בעת אַ כאָלערע־עפּידעמיע האָט ער זיך מטפּל געווען מיט אַלעמען, אויך קריסטן. אויף זײַן קבֿר האָט דער

אָרטיקער קריסטלעכער דאָקטער געגעבן אַ נדר: היילן אומזיסט אָרעמע קראַנקע אַ יאָר צײַט. גרויסער למדן, אָבער זיך געבייזערט פֿאַר רופֿן אים „רבי". ניפֿטר געוואָרן כ"א תּמוז תּרנ"ד אין ציטעוויאַן. דאָ זײַנע אַ הסכּמה אויף **אוצר כּל מנהגי ישורון**, א.א. הירשאָוויץ (תּרנ"א).

ר' נחום־זאבֿ זיוו, דאָ געבאָרן 1846, זון פֿון ר' שׂמחה־זיסל. האָט געלעבט און געלערנט לויט דער מוסר־שיטה פֿון זײַן פֿאָטער. אָנגעפֿירט מיטן מוסר־מוסד „בית־התּלמוד". ניפֿטר 1916 אין קעלם.

ר' זעליג תּרשיש, דאָ געבאָרן 1862. כּל ימיו פֿאַרזונקען אין תּורה־לערנען, אַ גאַנצן טאָג אַרומגעגאַנגען מיטן טלית. געווען זייער אָרעם. זײַן הנהגה האָט אַרויסגערופֿן יִראת־הכּבוד אויך בײַ ניט־יידן. בײַ אַלעמען באַטראַכט געוואָרן ווי אַ צדיק. 1933 עולה געווען מיט מישפּחה קיין ירושלים, ווו ניפֿטר געוואָרן 1938. חיבור: **עין תּרשיש** (קובֿנה־ירושלים, תּרצ"ב־תּרצ"ח, 3 טיילן).

ר' ישׂראל זיוו־ברוידא, פֿאָטער פֿון ר' שׂמחה־זיסל. געזאָגט אַ „בלאַט" גמרא פֿאַר בעלי־בתּים. אין דער יוגנט געלערנט תּנ"ך און דײַטש.

ר' ברוך ברוידא בר' יעקבֿ, האָט דבֿרי־תּורה אין ירושלימער **תּורה מציון** (תּרמ"ז, ע' ל"א).

ר' מאיר שוסטער, פֿון ר' שׂמחה־זיסלס מישפּחה. שווער פֿון ר' ראובֿן פּופּקאָ, רבֿ אין פֿילאַדעלפֿיע; ר' יוסף עליאַש; ר' שלמה למדן, פֿאָטער פֿון שרײַבער אַריה־לייב גאָרדאָן.

ר' שלום זיוו, געלאָזן זײַן פֿאַרמעגן צו שאַפֿן כּולל אין קעלם; ר' רפֿאל גרינבערג, ר' אַבֿרהם זעלצער, ר' אַבֿרהם יבֿנה, ר' יהודה־לייב לעווינטאַל, ר' אַבֿרהם הורוויץ, ר' שמואל־יצחק שאַפּיראָ.

ר' חיים־שאול לונץ, ר' אַבֿרהם־מנחם מאַן, ר' יוסף ברוידא, ר' רפֿאל־זאבֿ זאַקס, ר' מיכל גיימער, ר' דובֿ־משה אַבראַמאָוויץ, ר' בנימין־זאבֿ תּרשיש, ר' משה־זלמן תּרשיש —ביידע געשריבן אין כּנסת ישׂראל.

צבֿי־יעקבֿ סאָבאָל, ייִדיש־העברעיִשער שרײַבער, 1853 דאָ חתונה געהאַט און עטלעכע יאָר געווען גמרא־מלמד מיט אַ צאָל קינדער.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — הצפֿירה, 1887: 275; אליעזר אפֿרתי, דור ודורשיו. ווילנא, תּרמ"ט. ע' 64; י.ל. לונץ, קובֿץ שושנים. וואַרשא, תּרנ"א, ע' 88 א"וו; לוח אחיאָסף, תּרנ"ד, תּרנ"ה, ע' 399; רשימת חבֿרים . . . ל־1896. אדעססאַ, תּרנ"ח; המליץ, 1898; א.ל. פֿרומקין, תּולדות אליהו. ווילנא, ..ב"ס, 67;

אלחנן האַרקאַווי, דור ישרים. נ"י, 1903, ע' 53; העולם, 1909, גל' ל'; חשבון הנדבֿות . . . 1909, ע' 128; הדרך, פּ"פ אַ/מ, תּרע"ג; העבֿר, פּטרוגרד, תּרע"ח, א' ז', 102, 107; ספֿר היובֿל של אגודת הרבנים דארצות הברית וקנדה. נ"י, תּרפּ"ח. ע' קמ"א;

ברוך עפּשטיין, מקור ברוך, ב'. ווילנא, תּרפּ"ח, ע' תּק"ט; ספֿר היובֿל למלאת חמשים שנה ליסוד פּתח־תּקוה, תּל־אָבֿיבֿ, תּרפּ"ט. ע' פּ"א; אידישע שטימע, 1938: 5900; 1939: 6203; ב. יהלום, מזכרו־נותי. ת"א, תּש"י; גרשון באַדער, מײַנע זכרונות, I, ב"אַ, 1953. ז' 58;

ידע עם, ת״א, תשי״ד, ב־ג; אליעזר שטיינ־מן, ספר המעלות, ת״א, תשט״ז, ע׳ 175 אור המזרח, נ״י, תשכ״ה, תמוז־אלול; תולדות ישיבת היהודים בקורלאַנד, ע׳ 153; ג. קרסל, 1, 2; דורות האחרונים, 1, ע׳ 19, 141; תולדות אנשי שם (ראנד), ע׳ 10, 11, 97, 118

ספר הפרענומעראַנטן, 7714; אהלי שם, 124; „ליטע״, 2, ז׳ 1449, 1451; „ליטע״, 1, ז׳ 1445; חכמי ישראל באמריקא, ע׳ 23, לעקסיקאָן, 5, 6; חלקת מחוקק, חוב׳ ה׳, ז׳, ט׳; י.ד. קמזונס יהדות ליטא; יהדות ליטא, א׳, ג׳.

Guardian of our heritage, Ed. L. Jung. New York, 1958, p. 675. Biuletyn Żydowskiego Instytutu Historycznego W Polsce, Warszawa, 1987, nr. 1 (141) (אַרטיקל וועגן זאַמעט). Black Book.

# קראָזש

# KRAŽIAI

ראַסיינער קרײַז. פֿון די עלטסטע מקומות אין ליטע, באַקאַנט נאָך פֿון איר געצנדינערישער תּקופֿה אין צענטן יאָר־הונדערט. אָנהייב פֿופֿצנטן יאָרהונדערט האָט וויטאָווט דער גרויסער אויסגעבויט אַ קאַטוילישן קלויסטער מיט אַ מאָנאַסטיר. אַ פּאָר הונדערט יאָר שפּעטער האָבן די יעזוּ־יִטן אויפֿגעשטעלט אַ נייעם קלויסטער און אַ גימנאַזיע, וואָס איז געווען זייער רעס־פּעקטירט אין גאַנץ ליטע. אין 1893 איז דאָ פֿאָרגעקומען די באַקאַנטע „קראָזשער שחיטה״ — אָבער דאָס מאָל ניט איבער ייִדן, נאָר איבער קאַטויליקן. די רוסישע רעגירונג האָט דעמאָלט געהאַט פֿאַרמאַכט אַלע קאַטוילישע אינסטיטוציעס אין שטאָט, האָבן די ליטווינער אין זייערע קלויסטערס זיך צעבונטעוועט און געשטעלט אַ ווידער־שטאַנד די קאָזאַקן, וואָס זײַנען געקומען איבערגעבן איין קלויסטער צו די פּראַוואָ־סלאַוון. געווען אַ סך פֿאַרוווּנדעטע און געהרגעטע. די ייִדן, ווי אַן אויסנאַמפֿאַל, האָט מען דאָס מאָל ניט געטשעפּעט און זיי האָבן געהאָלפֿן ראַטעווען אַנטלויפֿנדיקע ליטווינער.

קראָזש איז אויך איינע פֿון די עלטסטע ייִדישע קהילות אין ליטע. ערשטע שפּראָצונגען פֿון אַ ייִדישן ייִשובֿ זײַנען שוין געווען אין זעכצנטן יאָרהונדערט. אָנהייב זיבעצנטן יאָרהונדערט איז זי שוין געווען אויסגעוואַקסן צו אַן אָרגאַניזירטער קהילה. אין דער צײַט פון „ועד ליטא״ האָט זי געהערט צום גרעסטן גליל קיידאַן, אָבער ווי אַ גרעסערע קהילה האָט זי גלײַכצײַטיק געהאַט — מיט ווייניקער רעכט — איר אייגענעם גליל. זי איז געווען אַ צענ־טראַלער מקום, ווו עס פלעגן זיך צונויפֿ־

קומען די דעלעגאַטן פֿון גליל. צווישן 1675 און 1687 זײַנען דאָ געווען 40 הײַזער מיט ייִדן.

ביז מיטן נײַנצנטן יאָרהונדערט איז קראָזש געווען די גרעסטע ייִדישע שטאָט אין דער גאַנצער אומגעגנט. לאַנגע צײַטן האָבן אַרומיקע קהילות גענִיצט דעם קראָזשער בית־עולם. אין דער צווייטער העלפֿט פֿון נײַנצנטן יאָרהונדערט הייבט זיך אָן די ירידה פֿון דער שטאָט. אין 1846 זײַנען אַריבערגעפֿירט געוואָרן קיין קאָוונע דער טעאָלאָגישער סעמינאַר און די יעזוּ־יִטישע גימנאַזיע מיט אירע 800 שילערס און הונדערטער אָנגעשטעלטע. זיי זײַנען געווען אַ קוואַל פֿון פּרנסה פֿאַרן שטעטל און זייער טראַנספּער איז געווען אַן עקאָנאָמישער אָנווער פֿאַר אַלע אײַנ־וווֹינערס. אין 1849 איז אויסגעבראָכן אַ אַ גרויסע שׂריפֿה, וואָס האָט רויִנירט הונדער־טער תּושבֿים. און דער גרעסטער עקאָנאָ־מישער קלאַפּ איז געקומען אין 1880, ווען ס'איז אויסגעבויט געוואָרן די באַנליניע ליבאַווע־ראָמני, וואָס האָט געלאָזן קראָזש אָן אַ זײַט. און ס'איז ניט קיין צופֿאַל, וואָס פֿון 1881 זײַנען אין זיבן יאָר אויסגעוואַנ־דערט פֿון דאַנען בײַ 300 יידן.

אין אַ בוך זיכרונות פֿון אַ קראָ־זשער שרײַבער ווערן געגעבן עטלעכע פּרטים וועגן ייִדישן קראָזש אָנהייב 1890ער יאָרן: קיין מלוכה־פּאָסט איז נאָך ניט געווען אײַנגעפֿירט, איז דאָס שטעטל באַזאָרגט געוואָרן מיט בריוו דורך אבֿיגדור דער פּאָצטער און זלמן דער פּאָצטער. דער גרעסטער גבֿיר איז דעמאָלט געווען חיים־נטע זאַקס. בײַ 20 אַרבעטערס האָבן זיך פֿאַרנומען בײַ אים מיט סאָרטירן חזיר־האָר. די פֿערדהענדלערס האָבן געמאַכט גרויסע געשעפֿטן. די רײַכערע צווישן זיי פֿלעגן אַפֿילו צוליב דעם זיצן אין קעניגסבערג, בערלין, לאָנדאָן. דערצו דאַרף מען צוגעבן, אַז די ייִדן האָבן זיך פֿאַרנומען אויך מיט אַנדערע מיסחרים, און קרעמערײַ און מלאכה זײַנען אויך געווען אַ וויכטיקער פּרנסה־צווײַג. טייל ייִדן האָבן געדונגען סעדער און גערטנער צו דערשטוקעווען זייער חיונה.

אין 1766 זײַנען דאָ געווען 1048 ייִדישע צאָלערס פֿון קאָפּשטײַער, אין 1897 — 1125 ייִדן (אויף 3500 תּושבֿים), 1923 — 660, פֿאַרן חורבן — בײַ 500. קראָזש האָט אויסגעמיטן דעם גירוש־ליטע אין 1915.

צווישן 1828 און 1914 זײַנען דאָ געווען 70 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

אין צוויי רשימות מנדבֿים פֿון 1872 פֿאַר ייִדישע הונגער־געליטענע אין ליטע זײַנען דאָ מערערע קראָזשער.

*

חיבת־ציון און ציוניזם האָבן דאָ תּחילת ניט געהאַט קיין גרויס הצלחה. אמת, 1888 איז דאָ שוין געגרינדעט געוואָרן די חבֿרה „דורשי ציון" מיט 60

חבֿרים, אָבער די ווײַטערדיקע טעטיקייט צו העלפֿן בויען ארץ־ישׂראל איז געווען ניט צו אַקטיוו. דאָס האָט זיך געענדערט אַ צײַט שפּעטער, בעיקר אין דער תּקופֿה פֿון דער אומאָפּהענגיקער ליטע. אָבער שטאַרבן אין ארץ־ישׂראל זײַנען קראָזשער געפֿאָרן נאָך פֿאַר חיבת־ציון. אויף אַן אַלטן בית־עולם אין ירושלים געפֿינען זיך די ווײַטערדיקע מצבֿות:

הרבני אשר בר׳ משה מקראָז, תּרכ״ט.
אברהם בהרב יצחק מקראז, תּרכ״ט [שו״ב, געלעבט לאַנג אין לאָנדאָן].
מענדל אהרן בר׳ יצחק־צבֿי שו״ב מקראז, תּרמ״ד.

די „אגודה״ האָט געהאַט אַ בעסערן גײַסטיקן באָדן צו וואַקסן אין קראָזש. אין אַ רשימה מנדבֿים פֿאַר „קרן האגודה״ אין 1912 זײַנען דאָ די ווײַטערדיקע קראָזשער: ר׳ זאבֿ־וואָלף טורבאָוויץ, אליעזר הכהן יודיקין, צבֿי דאַנילאָוויץ, אורי־לייב אַבֿנר, אַריה־לייב עדעלמאַן, שמואל וואָלפּערט, אַבֿרהם־משולם קליינמאַן, פֿאַלק מאָזעס, יוסף־לייב עפּשטיין, אַבֿיגדור ראַבינאָוויץ, משה־צבֿי בעקער, ירחמיאל ליאַקאָווסקי, אָשר אָשערמאַן, זלמן־יצחק קלוגמאַן, אָשר שאַפּירא, כּתריאל־ניסן לייבאָוויץ, גרשון שאַפּירא, מאיר אַבראַמאָוויץ, יעקבֿ בערעלאָוויץ, אליעזר ווידעס, צבֿי־יעקבֿ פֿרידמאַן, רייזע הירשאָוויץ, משה פֿלאַקס, רחל פֿרידמאַן, פּעסע־לאה פֿוימער.

**רבנים.** — ר׳ יעקבֿ בר׳ אליהו הלוי שור, אבֿ״ד קראָזש והגליל, אַרום ערשטע יאָרצענדליקער פֿון אַכצנטן יאָרהונדערט. אײדעם פֿון ר׳ יחזקאל קאַצענעלענבאָגען, בעל „כּנסת יחזקאל״. ר׳ יעקבֿס אײדעם איז ר׳ יוסף־שׂמחה הכּהן ראַפּאָפּאָרט, אבֿ״ד אונץ דאָרף (אונגאַרן), זמיגראַד, לענטשנע און תּחילת אין לוּיבטש. בעל **בגדי הקֹדש** (לעמבערג, תּקס״ו). זײַן פֿאָטער ר׳ אַבֿרהם [אליהו?] הלוי אבֿ״ד עמדין[1].

ר׳ יצחק־אײַזיק בר׳ אליעזר, פֿריִער רבֿ אין פּומפּיאַן. פֿון 1725 ראבֿ״ד און דרשן אין ווילנע אויפֿן אָרט פֿון זײַן שווער ר׳ משה הדרשן. האָט הסכּמות אויף **עמודי העבֿודה** לר׳ ברוך מקאָסנר און **עמודי בית יהודה** (אמשטרדם, תּקכ״ו).

ר׳ יצחק הלוי הורוויץ; ר׳ אליעזר בר׳ יצחק־אײַזיק, ניפֿטר געוואָרן 1769 אין ווילנע. אויף זײַן מצבֿה שטייט: „פּה צפֿון תּ״ח ונבון הרב המאור הגדול המפורסם חריף ובקי . . . מוהר״ר אליעזר אב״ד ור״מ דק״ק קראז״. זײַן טאָכטער אסתּר איז 1804 דערהרגעט געוואָרן אין ווילנע.

ר׳ יהודה־לייב בר׳ עזריאל, שפּעטער רבֿ אין טעלז און פּלונגיאַן. ווען ס׳איז אַרויס דער רעגירונג־באַפֿעל אין 1804, אַז אַלע מוזן האָבן אַ פֿאַמיליע־נאָמען, האָט ער אָנגענומען דעם נאָמען זיוו. האָט הסכּמה אויף **חובת הלבבות עם** פּירוש „נאדר בקודש״, משה בר׳ ראובֿן

---

1) אַזוי לויט **דעת קדושים**. לויט **עיר ווילנא**, איז זײַן פֿאָטער געווען אבֿ״ד ווילקאָמיר.

ספרא ודיינא דק״ק יורבורג (הוראדנא, 1791). זײַן זון ר׳ גרשון־מענדל, אב״ד פלונגיאַן, טאַוריק, ווו ניפטר געוואָרן 1900 [1902?].

ר׳ אַבֿרהם ראַגאָלער, ברודער פֿון ווילנער גאון. בעל **מעלות התורה**; ר׳ אורי, ברודער פֿון ר׳ שלמה עליון; ר׳ יום־טוב ליפּמאַן.

ר׳ אַבא רוזינאָ. באַקאַנטער גדול אין דער צײַט פֿון ווילנער גאון. האָט דאָ געלעבט לאַנגע יאָרן. מען האָט אים גערופֿן אַבא חסיד און אַבא אַריכא (צוליב זײַן הייך). אין קראָזש האָט ער געמאַכט אַ לעבן פֿון מאָלן קערנער מיט אַ דריימאַשינקע. די ווײַבער האָבן אים דעריבער גערופֿן אַבא קרופּניק. שפּעטער איז ער נתגלה געוואָרן מיט זײַן לומדות און אָנגעהויבן מרביץ תּורה זײַן ברבים. איינער פֿון זיינע תּלמי־דים איז ר׳ רפֿאל הכּהן, אב״ד אה״ו (אַלטונאַ, האַמבורג, וואַנזבעק). ניפטר געוואָרן אין 1792.[2] זײַן זון ר׳ צבֿי־הירש איז ניפּטר געוואָרן אין 1810. שוואָגער פֿון ר׳ לייב טעלזער. זײַנע אוראייניקלעך: ר׳ יצחק בר׳ חיים פּינפּער, מחבר פֿון **דבֿרי יצחק** (בודאַפּעשט, תּרפ״ג); ר׳ חיים פּינפּער, רבֿ אין וועגער, דאַרשונישאָק און מו״צ אין ווילנע.

ר׳ מרדכי ראַבינאָוויץ, אָנהייב נײַנצנטן יאָרהונדערט. זײַן פּלימעניק איז ר׳ יקותיאל־לייב עליאָן, לאַנגע יאָרן אב״ד זעזמער.

ר׳ יעקבֿ בר׳ מנחם, בײַ 40 יאָר. איידעם פֿון ר׳ אליהו בר׳ מאיר, פֿון קראָ־זשער ניכבדים און שוואָגער פֿון ווילנער גאון בזיווג שני — זײַן שוועסטער איז געווען דאָס צווייטע ווײַב פֿון גאון. איינער פֿון ר׳ אליהוס זין, ר׳ יחזקאל, איז געווען אב״ד שאַוול. ר׳ יעקבֿ איז ניפטר געוואָרן אין ירושלים.[3]

ר׳ שׂמחה הלוי הורוויץ, געבאָרן 1830 אין סטאָלין, שפּעטער רבֿ אין שאַ־דעווע און ליאַכאָוויץ. ניפטר געוואָרן ו׳ אלול, תּרנ״ד.

ר׳ זבֿולון־לייב בר׳ יום־טוב ליפּמאַן, אב״ד דאַרשונישאָק, גודלעווע, פּיליפּאָווע (סוּוואַלקער געגנט), קראָזש, פּלונגיאַן. זײַנע חידושי־תּורה זײַנען גע־דרוקט אין **הלבֿנון, הפּסגה, הפּלס, יגדיל תּורה**. הייסער חובֿבֿי ציון, ידיד פֿון ר׳ צבֿי־הירש קאַלישער. אין די קול־קוראס פֿון אַדעסער ועד זײַנען אָפּט דערמאָנט ציטאַטן פֿון זײַנע מאמרים. אין א.י. סלוצקיס **שיבֿת ציון** איז דאָ זײַנס אַ גרויסער מאמר בשבֿח ארץ־ישׂראל. דוד־מתּתיהו ליפּמאַן, היסטאָ־ריקער פֿון ליטע, איז זײַן אייניקל.[4]

2) אַזוי לויט י. לעווינסאָנס **דור ודור ודור־שיו; יהדות ליטא**, ג׳, ע׳ 24 — 1771; לויט אַן אַנדער מקור — 1883 אין קאָוונע. — אונדז איז ניט קלאָר, צי ער איז טאַקע געווען אב״ד קראָזש.

3) לויט הלבנון, איז דאָ געווען רבֿ 25 יאָר אַ ר׳ אליקום געציל. היות ער איז ניפטר געוואָרן אין 1873, קומט אויס, אַז זײַן היגע רבנות־צײַט איז אַרום 1850־1873. מיר ווייסן ניט, ווי דאָס פּאַסט זיך אַרײַן אין דער כראָנאָלאָגיע פֿון די קראָזשער רבנים. מיר האָבן ניט קיין באַשטעטיקונג פֿאַר דעם.

4) לויט איין מקור, איז דאָ געווען רבֿ אויך זײַן איידעם ר׳ דובֿ־משה בר׳ יחיאל־מיכל נאַמיאָט.

ר׳ יצחק ליפּקין, זון פֿון ר׳ ישׂראל סאַלאַנטער. שפּעטער רבֿ אין יאַנע־ווע און פּראַשניץ. עולה געווען קיין ארץ־ישׂראל.

ר׳ זאבֿ־וואָלף בר׳ אַהרן־יהושע טורבאָוויץ, געבאָרן 1846 אין קאַרלין. רבֿ אין סוויסלאָץ (ווײַסרוסלאַנד), קלעצק, וואָלפּע (גראָדנער גובערניע) און פֿון 1885 אין קראָזש ביז זײַן פּטירה אין 1921. 1897 פֿאַרעפֿנטלעכט מאמרים וועגן מוסר אין **המליץ** און **הצפירה**. חיבורים: **שיר ידידות** (ווילנא, תּרל״ח), **ראש פינה** (ווילנא, תּרל״ט), **עטרת זיו** (וואַרשא, תּר״ן), **תּפארת זיו** (וואַרשא, תּרנ״ו), **זיו משנה** (וואַרשא, תּרס״ד). זײַן זון ר׳ צבֿי־הירש, מחבר פֿון **ארזי הלבֿנון**.

זײַן איידעם ר׳ יוסף־אַבֿיגדור בר׳ יום־טובֿ ליפּמאַן קעסלער, געבאָרן 1885 אין קעלם, פֿריִער אַ קורצע צײַט רבֿ אין וואַרזשאַן. פֿון 1923 רבֿ אין ראַקאָווי (אַמעריקע). בעל **תּפארת יוסף** (נ״י, תּש״ג). אַרויסגעגעבן זײַן שווערס **תּפארת זיו** (ברוקלין, תּרצ״ט) מיט זײַנע הערות.

ר׳ קלמן בר׳ אלעזר, געבאָרן 1874 אין קאָוונע. פֿון 1902 קאַזיאָנער ראַבינער אין אָרמיאַנסק (קרים). נאָכן ערשטן וועלטקריג רבֿ אין קראָזש און וועקשנע. אומגעקומען אין טירקשלער וואַלד אבֿ תּש״א, הי״ד. האָט חידושי־תּורה אין **בית ועד לחכמים** (סאַטמאַר, תּרפּ״ז, תּרפּ״ח);

ר׳ אליהו־מרדכי בר׳ צבֿי־יחיאל, געבאָרן 1874. פֿון 1899 רבֿ אין מײַסיאַד, סאַלאָק. אין ערשטן וועלטקריג רבֿ אין פּאָדאָלסק (רוסלאַנד). אב״ד קראָזש פֿון 1932 ביז 1934, ווען עולה געווען קיין ארץ־ישׂראל. 1962 ניפֿטר געוואָרן אין ירושלים. חיבורים: **מערכת התּלמוד וה־פוסקים** (ירושלים, תּרפּ״ט־תּש״ו, 11 בענד), **שני המאורות הגדולים** (קיידאַן, תּרצ״ד), **תּורת מעשׂה בראשית בביאור מדעי** (ירושלים, תּשי״א).

ר׳ אליהו קרעמערמאַן, ר״מ אין קעלם. פֿון מיטן 1930ער רבֿ אין קראָזש, ווו אומגעקומען 1941, הי״ד.

ר׳ משה חאָנעס [מיינעס?], ר״מ (אַרום 1860ער); ר׳ ישעיה בר׳ אליהו, דיין, שפּעטער רבֿ אין סאַלאַנט; ר׳ אַבֿרהם־בער האַמבורג, דיין, אין די 1890ער; ר׳ יוסף־לייב עפּשטיין, דיין און חזן, אַרום סוף נײַנצנטן יאָרהונדערט, שווער פֿון ר׳ יעקבֿ־דוד גאָרדאָן, רבֿ אין נאָרפֿאָלק (אַמעריקע). אין 1888 זײַנען דאָ געווען צוויי שו״בים און צען מלמדים.

**אָפּשטאַמיקע.** — ר׳ יהושע־העשל עליאַשזאָן, דאָ[5] געבאָרן 1799. רבֿ אין יאַנעווע, זעזמער, שאַקי, ווילקי, סוועונציאַן, סייני. האָט געהאַט אַ פֿענאָמענאַלן זיכּרון, דעריבער האָט מען אים גערופֿן „די אײַזערנע קאָפּ״. אַ שאַרפֿער קעגנער פֿון דער מוסר־באַוועגונג. ווען ר׳ ישׂראל סאַלאַנטער פֿלעגט קומען ערגעץ האַלטן דרשות וועגן מוסר, פֿלעגט ר׳ יהושע־העשל קומען אַהין און אַרויס־

---

5) **יהדות ליטא, ג׳** — **יאַנעווע.**

טרעטן קעגן, אָפּט גלײַך נאָך ר׳ ישׂראלן. ניפֿטר געוואָרן 1874 אין סיני.

ר׳ משה בר׳ יצחק הלוי הורוויץ, „מילידי קראָז ומבאי ביתו של הגר״א ומורה ומלמד להועיל לבניו״. צום סוף מ״מ און דיין אין ווילנע, ווו ניפֿטר געוואָרן אין 1821.[6]

ר׳ איצעלע קראָזשער, גדול בתּורה. האָט 1855 געעפֿנט אַ ספּעציעלן „חדר״ אין לײַזעווע.

ר׳ חיים קראָזשער, מו״צ אין קאָוונע. האָט שאלות־ותּשובֿות אין **עטרת יצחק** פֿון ר׳ יצחק־אײַזיק, אבֿ״ד שאַוול.

ר׳ יקותיאל־לייב בר׳ יעקבֿ עליאָן, געבאָרן 1845. אבֿ״ד זעזמער און דאגרא (וויטעבסקער גובערניע). ניפֿטר א׳ אייר, תּר״ס. חיבורים: **גליון מהרי״ל** (וואַרשע, תּרנ״ג), **חבת הקודש** (וואַרשע, תּרנ״ט). קרובֿ פֿון שלמה־זלמן הורוויץ, בעל **רחובֿות עיר**.

ר׳ יעקבֿ יוסף (ר׳ יאַנקעלע חריף), דאָ געבאָרן אין 1848. ר׳ ישׂראל סאַלאַנטערס מוסר־שיטה האָט געפֿאָרעמט זײַן גאַנץ לעבן. ערשטער רבנות אין ווילאָן, ווו ער האָט געשאַפֿן אַ ישיבֿה מיט ספּעציעלע שעהן פֿאַר מוסר. שפּעטער אבֿ״ד יורבורג און זאַגער און פֿון 1883 מו״צ און שטאָט־מגיד אין ווילנע. 1888 געוואָרן רבֿ הכּולל פֿון ניו־יאָרק. זײַנע דרשות פֿלעגן צוציען טויזנטער. צו זײַן לוויה, ח׳ תּמוז, תּרס״ב, זײַנען געקומען צענדליקער טויזנטער ייִדן. מחבר פֿון **לבית יעקב** (ווילנא, 1888).

ר׳ משה־זבולון מרגליות, דאָ געבאָרן אין 1851. אַ קורצע צײַט צוגעהאָלפֿן אין ענייני הוראה דעם קראָזשער רבֿ ר׳ שׂמחה הלוי הורוויץ. אַרום 1876 רבֿ אין מערעטש, שפּעטער 12 יאָר אין סלאַבאָדקע (סוּוואַלקער געגנט) און פֿון 1899 אין באָסטאָן, ווו ניפֿטר געוואָרן אין 1935.

ר׳ דוד וואָלפּע (ר׳ דוד קראָזשער), אבֿ״ד מערעטש, אָנקל פֿון קראָזשער ר׳ משה־זבולון מרגליות, רבֿ אין מערעטש און באָסטאָן. ר׳ דוִד ניפֿטר 1884.

ר׳ משה־יונה ברוידע, אַ געבאָרענער דאָ. האָט געענדיקט קע־ניגסבערגער קאָנסערוואַטאָריע. האָט געזונגען בײַ ווילנער חזנים. דערנאָך 5 יאָר חזן אין באַלטימאָר און שפּעטער אין סיראַקיוז. אין קובֿץ **שירי ציון** פֿון מאָגיל־ניצקי זײַנען דאָ זײַנע לידער.

**שרײַבערס.** — יהושע דאַוויד־דאָוויץ, דאָ געבאָרן 1868. העברעיִשער פּאָעט. געשטאָרבן צו 28 יאָר אין אַדעס. זײַנע לידער זײַנען געדרוקט געוואָרן אין **פּרדס, ממזרח וממערבֿ, לוח אחיאָסף,**

6) ש.י. יַצקן, אין זײַן **רבנו אליהו מווילנא**, שרײַבט, אז ער איז געווען אויך רבֿ אין קראָזש. מיר האָבן ניט געפֿונען קיין באַשטעטיקונג אויף דעם. — פּונקט אין דער זעלביקער צײַט איז געווען אַ ר׳ משה הלוי הורוויץ בר׳ **אהרן** סג״ל, אויך זײַן פּטירה־יאָר איז 1821. אויב דאָ איז ניטאָ קיין צעמישעניש אין פֿאָטערס נאָמען, איז דאָס **איין** מענטש. אין פּנקס הגר״א פֿון תּקע״ב [1812] איז דאָ זײַן חתימה בראש הדיינים. ער איז מחבר פֿון **לוח על ששת אלפֿים** (הוראדנא, תּקמ״ט) אין כּתבֿ־יד — **הלכה למשה**.

**הזמן, השלוח**, ווו אחד־העם האָט אים מספיד געווען אין פּרק א׳. פֿאַרטראָטן מיט לידער אין **המקהלה** (לאָנדאָן, תּרס״א).

בערנאַרד אַברהמס, געבאָרן 1880. געלערנט אין ליטווישע ישיבֿות. נאָך אַ פּאָר יאָר זײַן אין לאָנדאָן עמיגרירט קיין יאָהאַנעסבורג. זײַן אָריגינעלער נאָמען: אַבֿרהם־בער שמולאָוויץ. געוואָרן זייער רײַך און געשטיצט ביד רחבֿה יידישע צדקה־מוסדות אין דרום־אַפריקע און אין ישׂראל. אָנגעשריבן אַן אויטאָביאָגראַפֿיע **מײַנע זיבעציק יאָר** (יאָהאַנעסבורג, 1953). געשטאָרבן 1957 אין יאָהאַנעסבורג.

משה־שלמה זק״ש און יוסף־לייב בן צבֿי־נפֿתּלי עפּשטיין האָבן געשיקט קאָרעספּאָנדענציעס אין **המליץ**.

**ניכבדים.** — ר׳ אליהו בר׳ מאיר (ר׳ אליהו קראָזשער), שוואָגער (פֿון צווייטער פֿרוי) פֿון ווילנער גאון. גדול בתּורה און גרויסער גבֿיר. מען האָט אים געשאַצט אין 80.000 רובל — אַ ריזיקע סומע אין יענער צײַט.

ר׳ משה מיינעס קראָזשער האָט געהערט צו דער משפּחת החסידים הגאונים, וואָס איז אויסגעוואַקסן פֿון הרבֿ החסיד ר׳ אַבֿרהם שוועקשנער — ר׳ שימעלע בירזער, ר׳ שמואלקע טעלזער און ר׳ צמח דראָביאַנער.

ר׳ יוסף שמולאָוויטש, מיטגליד אין „אופֿראַווע״; ר׳ שמואל ברײַנעס, גבאי פֿון בית־מדרש; ר׳ אליהו פֿרידמאַן, ר׳ חיים־מרדכי פֿרידמאַן, פֿאָטער פֿון נפֿתּלי פֿרידמאַן, דעפּוטאַט אין דומע און אין ערשטן ליטווישן סיים; ר׳ אײַזיק פֿרידמאַן.

ר׳ יצחק סלאָבעדמאַן; ד״ר אַבֿרהם גרינבערג; אורי דער אַפּטייקער; הירשע־יעקל פֿרידמאַן — ער, זיידע, עלטער־זיידע זײַנען שוין געזעסן אויפֿן לאַנד אַרום קראָזש איבער 200 יאָר; ר׳ צבֿי־הירש דאַנילעוויטש, שווער פֿון הרבֿ ר׳ קלמן מגיד.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המגיד, 1872: 10, 16; הלבֿנון: 1873; המליץ, 1878: 26; 1882: 41; 1897: 11, 201; ש.י. פֿין, שׂפֿה לנאמנים. ווילנא, תּרמ״א, ע׳ 135; הצפֿירה, 1888: 173; אחיאסף, תּרנ״ה, ע׳ 149; ש.י. יַצקן, רבנו אליהו מווילנא. ווארשא, תּר״ס, ע׳ 130.

א.ל. פֿרומקין, תּולדות אליהו. ווילנא, תּר״ס, ע׳ 3; לוח אחיאסף, תּרס״א, ע׳ 420; הדרך, פּ״פּ א/מ, תּרע״ג; ברוך קאָהן, ספֿר הזכּרון. נ״י, תּר״פּ, ע׳ 15; חזנות, נ״י, 1937, ז׳ 15; דעת קדושים, ע׳ 111; עיר ווילנא, ע׳ 19, 32, 82, 86, 304;

אהלי שם, 15, 161, 186, 302, 304; קריה נאמנה, 119, 247; ד.מ. ליפּמאַן, ע׳ 72; יזכּור־בוך סואוואַלק, ז׳ 174, 185; י. קלוזנר, קורות בית העלמין הישן בווילנה, ע׳ 67; חלקת מחוקק, חוב׳ ז׳, ט׳; לקורות עיר קיידאַן, ע׳ ג׳; „ליטע״, 2, ז׳ 1159; קמזונס יהדות ליטא; תּולדות אנשי שם (ראנד), ע׳ 118; אלה אזכּרה, ב׳, 208;

קהלת משה, ע׳ 135, 457; י. לעווינסאָן, דור ודור ודורשיו, ע׳ 13, 37; תּולדות ישיבֿת היהודים בקורלאַנד, ע׳ 65; א. דיינאַרד, זכרונות בת עמי, ע׳ 32; חכמי ישׂראל באַמריקאַ, ע׳ 93; ג. קרסל, 1; ב. כּהנס לעקסיקאָן, ז׳ 3; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 7801; יהדות ליטא, ג׳.

Jewish Encycl., vii, p. 578; Biuletyn Żydowskiego Instytutu Historycznego W Polsce. (אַרטיקל וועגן זאַמעט) Black Book.

## קראָן KRUONIS

קאָוונער קרײַז. פֿון מיטן צווייטער העלפֿט 17טן יאָרהונדערט איז דאָ געווען אַ קליינער ייִדישער ייִשובֿ. אין דער זעלביקער צײַט האָבן דאָ געלעבט אויך קאַראַימער. געווען גרויסע סיכסוכים צווישן זיי און די ייִדן. 1706 האָט דאָ געוווינט אַ רײַכער קאַראַימער יוסף בן יצחק, דערנאָך אַוועק קיין טראָק און שפּעטער קיין שאַט.

1751 האָט אַ פֿויער געמאַכט אַ בילבול אויפֿן ייִדישן אַרענדאַטאָר, וועמען מען האָט אַרײַנגעזעצט אין טורמע. דעם מוסר האָט מען שפּעטער פֿאַרמישפּט.

איינס פֿון די ליטווישע שטעטלעך, ווו די רוסישע מאַכט האָט סוף מײַ 1915 גענומען ייִדישע ערבֿותניקעס קעגן „שפּיאָנירן" פֿאַר די דײַטשן.

1923 האָבו דאָ געוווינט 241 ייִדן, מיט אַ רבֿ, בית־מדרש און שוחט. פֿאַרן חורבן זײַנען געבליבן בײַ 120 ייִדן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — Black Book

## קראָק[1] KRAKES

קיידאַנער קרײַז. אין 1897 האָבן דאָ געלעבט 450 ייִדן, פֿאַרן ערשטן וועלטקריג — בײַ 800, 1923 — 659 און פֿאַרן חורבן — בײַ 400. אין 1915 האָט קראָק דורכגעמאַכט דעם גירוש־ליטע.

אין 1884 איז דאָ אויסגעבראָכן אַ גרויסע שׂריפֿה. 40 ייִדישע משפּחות זײַנען געבליבן נשׂרפֿים. נאָר 8 ייִדישע הײַזער זײַנען געבליבן גאַנץ.

צווישן 1839 און 1911 זײַנען דאָ געווען 49 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

**רבנים.** — ר' שלמה־זלמן טרויב, געבאָרן 1830 אין קיידאַן, פֿון 1863 ביז 1876, ווען געוואָרן רבֿ אין קיידאַן, אויפֿן אָרט פֿון זײַן פֿאָטער ר' אַבֿרהם־שמעון. האָט הסכּמה אויף **באר יעקבֿ** (ווילנא, תּר"מ). ניפֿטר 1911.

ר' מאיר בר' יהושע־צבֿי ראַבינאָוויץ [פֿאַמיליע־נאָמען פֿון זײַן זון ד"ר מרדכי, העברעיִשער שרײַבער, איז ראַבינזאָן]. געבאָרן 1849 אין װענדזיגאָלע. פֿון 1880 אַ פּאָר יאָר דאָ, 1883 רבֿ אין סווענציאַן, 1886 אין ראַדושקעוויץ, ווו געווען רבֿ איבער פֿערציק יאָר. 1933 ניפֿטר געוואָרן אין ירושלים. מחבר (מיט יהונתן אַבעלמאַן) פֿון **הערות וחידושים על הנודע ביהודה** (ווילנא, תּרנ"ט).

1) אין ליטע זײַנען געווען 3 שטעטלעך, וואָס מען פֿלעגט שרײַבן זייער נאָמען קרוק אָדער קרוקי. איינס פֿון זיי, פֿון קיידאַנער קרײַז, פֿלעגט מען בעל־פּה רופֿן קראָק אָדער קראָקי, אָבער אין די ספֿרים פֿלעגט עס כּמעט אַלע מאָל געשריבן ווערן: קרוק. היות ס'איז ניט תּמיד געלונגען זיי צו דיפֿערענצירן, דאַרף מען קוקן אין אַלע 3 און זיי פֿאַרגלײַכן.

ר׳ יהושע־יוסף בר׳ אלחנן פּרייל, געבאָרן 1858 אין בירזש. דאָ רבֿ 10 יאָר. זײַן ברודער ר׳ אליעזר־מאיר רבֿ אין מאַנטשעסטער, ברוקלין, ר״מ אין ניו־יאָרקער ישיבה־אוניווערסיטי. דער העברעיִשער דיכטער גבֿריאל פּרייל איז זײַן אייניקל. חיבורים: **מועצות ודעת** (אדעססא, תּרנ״ז), **אגלי טל** (וואַרשא, תּרס״א), **כּתבֿים נבֿחרים** (נ״י, תּרפּ״ד). געווען כּתבֿא רבא אין העברעיִשע צײַטשריפֿטן. נאָך זײַן פּטירה אין 1896, האָט די אָרטיקע קהילה באַשלאָסן אַ יאָר צײַט ניט צו נעמען קיין נײַעם רבֿ און דעם אַלטן רבֿס יערלעכע שׂכירות צו צאָלן דער אלמנה. וועגן דעם איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אַ מעלדונג, געחתמעט פֿון די ווײַטערדיקע עסקנים: יהודה געל, אַריה־לייב אוויעשאָוויץ (סגן פֿון קאַזיאָנעם ראַבינער), פֿאַלק ביניאַמינ־אָוויץ, חיים־זעליק גרוסקאָ, מ.מ. מאיר־אָוויץ, יוסף־זונדל רעק, צדוק ווײַנשטיין.

ר׳ אליהו־מאיר פֿײַוועלזאָן, געבאָרן 1867 אין ווײַגעווע. פֿון 1897 ביז 1907, דערנאָך רבֿ אין קופּישאָק. ניפֿטר געוואָרן כ״ה טבֿת, תּרפּ״ד. איינער פֿון די פּראָדוקטיווסטע אגודה־סופֿרים אין ליטע. פֿאַרעפֿנטלעכט מאמרים און חידושי־תּורה אין **המודיע** (פּאָלטאַווע), **הפּלס, יגדיל תּורה, הלבֿנון, דער יוד, דאָס פֿאָלק** א״אַ. (נאָך פּרטים זען: קופּישאָק).

ר׳ חיים בן־ציון בר׳ משה נאַטאַלאָוויטש, געבאָרן 1886 אין ווילנע. 1907־1915 דאָ רבֿ, 1915־1922 אין געניצ־שעק, אַ יאָר־צוויי אין שאַדעווע און פֿון 1923 אין אַמעריקע. רבֿ אין העריסבורג, לויִסוויל און פֿון 1942 אין ברוקלין. האָט חידושי־תּורה אין **יגדיל תּורה**.

ר׳ יהושע קאַפּלאַן, געבאָרן 1873. פֿון אַרום 1917, שפּעטער רבֿ אין סווינישאָק און פֿון 1927 אין ווידוקלע, ווו אומגעקומען אין 1941, הי״ד. חיבורים: **שערי הקדש** (ווילנא, תּרס״ז־תּר״ע), **מעיני יהושע** (ווילנא, תּרע״א), **שערי יהושע** (קיידאַן, תּרצ״ו), **ליקוטי שושנים** (קיידאַן, תּרצ״ז), **שערי הוסתות** (קיידאַן, תּרצ״ט).

ר׳ חיים־מאיר פֿעלדבערג, פֿון אַרום 1920; זײַן איידעם ר׳ דוד גאָלדבערג, האָט חידושי־תּורה אין **כּנסת ישׂראל** (תּרצ״ט), אומגעקומען 1941, הי״ד.[2]

פֿון 1820 איז דאָ געווען „הרבֿ החריף ובקי ר׳ שמעון בר׳ שבתי מ״מ ומו״צ קראַק ע״י קיידאַן נפטר תּקפּ״ב" [אַזוי מצבֿה אויף ווילנער בית־עולם]; ש״ץ ושו״ב, ר׳ יצחק־יעקבֿ בר׳ יהודא; ר״מ אין דער קליינער ישיבה (1895־1897), ר׳ אבֿרהם־נחמן שוואַרץ, געבאָרן 1872 אין לענץ, דערפֿאַר לעבן קראָק. שפּעטער רבֿ אין נאָווי אַדעס (אוקראַיִנע), 1898־1905, ניו־לאָנדאָן (אַמעריקע), באַלטימאָר, ווו ניפֿטר

2) לויט אַן אַנדער מקור, איז דער לעצטער רבֿ געווען ר׳ מאיר־לייב מעץ, פֿריִער רבֿ אין גרינקי־שאָק. אומגעקומען 1941 אין קראָק [און אפֿשר אין אַ צווייטער קראָק?]. בעל **נתיבֿ מאיר** (קיידאן, תּרצ״א). — דאָ איז געווען רבֿ אויך ר׳ יוסף־זונדל בירזשער, אָבער אונדז איז ניט קלאָר די צײַט פֿון זײַן היגער רבנות.

געוואָרן 1937; ר׳ שבתי פּאַרבער, דיין (1922).

אויף אַן אַלטן בית־עולם אין ירושלים געפינען זיך די מצבֿות פֿון

יצחק־יעקבֿ בר׳ יהודא ש״ץ ושו״ב דקרוקי, תּרל״ט,

עוזר בר׳ ישעיה חיים מקרוק, תּרס״ב.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המליץ, 1896: 95, 96; 1899: 217; 1903: 104; ישׂראל קלוזנר, קורות בית העלמין הישן בווילנה. ווילנה, תּרצ״ד, ע׳ 67; י. ד. קמזון, יהדות ליטא. ירושלים, תּשי״ט. ע׳ 227; בית יעקבֿ, ירושלים, כ״ה טבֿת תּשכ״ב; ג. קרסל, 2; קריה נאמנה, ע׳ 263; אהלי שם, 177, 187; תּולדות אנשי שם (ראַנד), ע׳ 87, 133; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 7839; חלקת מחוקק, ה׳; יהדות ליטא, ג׳. Black Book.

# קראַקינאָווע

# KRAKINAVA

פּאָנעוועזשער קרייז. דער אָנהייב פֿון ייִדישן ייִשובֿ איז געווען אַרום מיטן זיבעצנטן יאָרהונדערט.

אין 1880 און 1881 זײַנען 100 ייִדישע הײַזער אַראָפּ מיטן פֿײַער. אין 1897 זײַנען אויסגעבראָכן צוויי שׂריפֿות. אין דער ערשטער, אָנהייב יאָר, זײַנען פֿאַרברענט געוואָרן 70 הײַזער און אין דער צווייטער — דער גרעסטער טייל פֿון שטעטל, בײַ 200 הײַזער, צווישן זיי: דער גרויסער בית־מדרש, צוויי קליינע בתּי־תּפֿילה, די תּלמוד־תּורה פון צוויי עטאַזש. אין 1898 איז געווען אַ קליינע שׂריפֿה.

צווישן 1842 און 1911 זײַנען דאָ געווען 86 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

אין צוויי רשימות מנדבֿים פֿאַר העלפֿן בויען ארץ־ישׂראל אין 1903 זײַנען דאָ מערערע קראַקינאָווער. קלײַבער: דוד גערשאַטער.

אין אַ רשימה בײַשטײַערערס פֿאַר „קרן האגודה״ זײַנען דאָ די קראַקי־נאָווער: יוסף מאַן, יחזקאל־יעקבֿ קליוואַנ־סקי, מיכל רעזקין, דובֿ זאַקס, זאבֿ זיוו, שלמה קריגער, קלמן־שלמה גינגער.

אויף אַן אַלטן בית־עולם אין ירושלים געפֿינט זיך אַ מצבֿה פֿון

הרב המופלג בתו״י אליה שמריהו בהר״ר צבי ז״ל מקרעקינאווא, תּר״ך [1860]

פֿאַרן ערשטן וועלטקריג האָבן דאָ געלעבט בײַ 1200 ייִדן, אין 1923 — 527 און פֿאַרן חורבן — בײַ 250. אין 1915 האָט קראַקינאָווע דורכגעמאַכט דעם גירוש־ליטע. כּמעט דאָס גאַנצע שטעטל איז דעמאָלט פֿאַרברענט געוואָרן.

ייִדן האָבן זיך פֿאַרנומען מיט

קרעמערײַ, מלאכה און האַנדל, וואָס איז געגאַנגען בעיקר מיט פֿלאַקס. אין די 1880ער יאָרן איז דאָ געווען אַ גרויסע קאָנקורענץ פֿון די געשעפֿטן קאָאָפּעראַטיווע קראָמען פֿון די קריסטן. אין דער צײַט זײַנען אויך געווען גרויסע צרות פֿון דעם פּריסטאַװ, וואָס האָט זיך אָנגעזעצט אויף די ייִדן אין די אַרומיקע דערפֿער צו פֿאַרלאָזן זייערע ערטער.

**רבנים.** — ר׳ משה־מישל לוריא, פֿון אַרום 1800, בײַ 50 יאָר דאָ רבֿ. איינער פֿון די מסכּימים אויפֿן ש״ס סלאַוויטא (תּקצ״ה). זײַנע שאלות־ותּשובֿות זײַנען דאָ אין **עטרת יצחק** פֿון ר׳ יצחק־אײַזיק [ראַבינאָוויץ], אב״ד שאַוול און אין **חמדת שאול** פֿון שאול שאַפּיראָ (אדעססא, תּרס״ג, ע׳ נ״ז־נ״ח).

זײַן זון ר׳ נתן־נטע פֿלאָום־[לוריע], אַ הי־געבאָרענער. דאָ רבֿ פֿון אַרום 1850 ביז זײַן פּטירה אין 1885. זײַנע שאלות־ותּשובֿות אין **חמדת שאול**, שאול שאַפּיראָ (אדעססא, תּרס״ג, ע׳ י״ט־ל״ז). שוואָגער פֿון ר׳ מרדכי גימפּל יפֿה (1820־1892), אב״ד דערעטשין, ראָזשינאָי.

ר׳ שלמה־זלמן שניאורסאָן.[1]

ר׳ משה בר׳ אפֿרים כאַסקין, געבאָרן 1874 אין טשערניגאָוו. 1900־1915 דאָ רבֿ, שפּעטער אין פּרילוקי. פֿון 1933 אין ירושלים, ווו ניפֿטר געוואָרן אין 1950. בעל **כּלכּלת שבֿיעית** (ירושלים, תּרצ״ח).

ר׳ מרדכי פּעטשעניק.

ר׳ בנימין מאָושע, געבאָרן 1887 אין טירקשלע. פֿריִער רבֿ אין בירזש. אומגעקומען אבֿ, תּש״א, הי״ד.

ר׳ אליהו־דובֿ שור, ר״מ אין היגער ישיבֿה. געבאָרן 1848 אין אַניקשט. רבֿ אין זופּראַן, לאַדי, בירזש. אויף דער עלטער עולה געווען קיין ירושלים, ווו ניפֿטר געוואָרן אין 1936. שוואָער פֿון ר׳ נתן־נטע לוריא־פֿלאום. בעל **נטיעות חיים** (ווילנא, תּרנ״ב).

**אָפּשטאַמיקע.** — ר׳ שאול בר׳ דובער שאַפּיראָ, דאָ געבאָרן אין 1797. פֿון 1839 אב״ד פּאָנעוועזש און פֿון 1853 רבֿ אין שאַדעווע, ווו ניפֿטר געוואָרן אין 1859. בעל **חמדת שאול** (אדעססא, תּרס״ג). אַ ביסל חידושי־תּורה זײַנע אין **אמרי משה** פֿון מ.מ. לוריא און **תּולדות משה** פֿון מ. ראַפּאָפּאָרט (וואַרשא, תּרמ״ט).

ר׳ שאול בר׳ משה־מישל לוריא, דאָ געבאָרן אַרום ערשטן פֿערטל פֿון נײַנצנטן יאָרהונדערט. רבֿ אין שאַוולאַן. מחבר פֿון **עטרת שאול** (ווילנא, תּר״ב).

רבקה־ליפּא קאַמייקאַ, געבאָרן 1823 [?]. איר פֿאָטער, ר׳ משה־מישל לוריא, אב״ד פֿון שטעטל. 1862 זיך באַזעצט אין ירושלים מיט איר מאַן און קינדער. זי האָט זיך עוסק געווען אין העלפֿן אָרעמע, יתומים, הכנסת־כּלה און מען האָט

1) לויט איין מקור, געוואָרן דאָ רבֿ אין 1886. אין 1897 נאָך געווען דאָ רבֿ.

זי גערופֿן „ליפּעלע די גבאיטע". זי ווערט דערמאָנט אין משה מאָנטעפֿיאָריס רײַזע־באַשרײַבונג פֿון זײַן באַזוך 1875 אין ירושלים. האָט מחבר געווען דאָס ביכל **זכר עולם**, ייִדיש און העברעיִש (ירושלים, 1882, שפּעטער נאָך אויסגאַבעס) — דאָס איז אַ מין בריוו, געשריבן צו איר מישפּחה אין קראַקינאָווע. זי איז די באָבע פֿון ד"ר יוסף לוריא, רעדאַקטער פֿון **יוד**. געשטאָרבן 1893 אין ירושלים.

ר' יוסף־אליהו פֿריד, אַ הי־געבאָרענער אין מיטן נײַנצנטן יאָרהונ־דערט. אב"ד שוקיאַן 16 יאָר, פֿון אַרום 1875. פֿון 1891 מו"ץ אין ניו־יאָרק. זײַן פֿאָטער ר' יהודה־לייב, זון פֿון ר' משה־מישל לוריא, אב"ד קראַקינאָווע.

דוד־אַהרן ווישנעוויץ, געבאָרן 1866. געהאַט סמיכות אויף רבנות, אָבער זיך פֿאַרנומען מיט פעלדשערײַ. פֿון 1896 אין יאָהאַנעסבורג. מחבר פֿון: **מַטה אַהרן** (ווילנא, 1899), **אמרי דעת** (נ"י, 1918, לעצטע אויפֿלאַגע), **פּנינים יקרות** (ירו־שלים, 1930, לעצטע אויפֿלאַגע). ניפֿטר אין ארץ־ישׂראל.

ר' מאיר האַנדעלסמאַן, געווען רבֿ אין קאָנסטאַנטינאָגראַד (פּאָלטאַווער גובערניע). ניפֿטר געוואָרן אין 1903.

ר' יעקבֿ בר' יהודה לעווינסאָן, דאָ געבאָרן אין 1875. פֿון 1905 אין אַמע־ריקע. רבֿ אין שיקאַגאָ, בראָנזוויל, איסטערן פּאַרקוויי. מחבר פֿון **מחקרי אבֿות, שׂיון הנשים, רעיונות וחומר לדרוש, התּורה והמדע, שלשים הספּדים, תּולדות ר' ישׂראל רוקח**. ניפֿטר 1955.

ר' אליעזר־יהודה ראַבינאָוויץ, דאָ געבאָרן אין 1880. 19 יאָר אב"ד מעמל, ווו זײַן פֿאָטער ר' מרדכי־יצחק־אײַזיק איז פֿריִער געווען רבֿ. האָט געשריבן חידושי־תּורה און מאמרים אין תּורה־זשורנאַלן. מחבר פֿון **עין יהודה**. אומגעקומען 1941 אין קיידאַן, הי"ד.

**שרײַבערס.** — ס. מאַרקאָוו־סקאַיאַ, געבאָרן 1881. אויטאָרין פֿון **גע־שיכטע פֿונ אַנ אַרבעטאָרינ** (מאָסקווע, 1934). דערציילט וועגן שטעטל און אירע אייגענע רעוואָלוציאָנערע יאָרן. איבער־געזעצט פֿון רוסיש.

לוי־חיים גערשאַטער, געבאָרן 1907. פֿון 1926 אין יאָהאַנעסבורג. ענג־ליש־ייִדישער זשורנאַליסט. אָנגעהויבן זײַן זשורנאַליסטישע אַרבעט אין **הצפֿירה** (וואַרשע). 1927־1930 שטענדיקער מיטאַרבעטער פֿון **דער אַפֿריקאַנער**, ווו געשריבן לייטאַרטיקלען און פֿעליעטאָנען. געווען קאָרעספּאָנדענט פֿון **הארץ** (ת"א) און **מאָרגען־זשורנאַל** (נ"י). זינט 1943 רעדאַקטער פון יאָהאַנעסבורגער Zionist Record. אויטאָר פֿון בוך **דרײַסיק טעג אין ישׂראל** (ענגליש). געשטאָרבן 1959 אין יאָהאַנעסבורג.

אַבא שאַבאַן, געבאָרן 1908. פֿון 1927 אין דרום־אַפֿריקע. געשריבן אַר־טיקלען און רעפּאָרטאַזשן. רעדאַקטער און אַרויסגעבער פֿון די יאָהאַנעסבורגער

וואָכנבלעטער **אַפֿריקאַנער אידישע צײַטונג, דער עקספּרעס** און 1938 די טאָגצײַטונג **אידישע שטימע** (אַ האַלב יאָר). אויטאָר פֿון **היימלאָזע טעג** (יאָהאַנעסבורג, 1934). זינט די 1940ער זיך דערווײַטערט פֿון שרײַבערײַ. געשטאָרבן 1978 אין יאָהאַנעסבורג.

בנימין הלוי, געבאָרן 1913. פֿון 1934 אין ארץ־ישׂראל. העברעיִשער שרײַבער. געשריבן פֿעליעטאָנען און הומאָרעסקעס, דערציילונגען פֿאַר קינדער און יוגנט, ווי אויך פֿאָרשונגען אין תּנ״ך. חיבורים: **גשמים ואור** (1952), **שוכני האלון כולם** (1954) **סיפורים במקרא** (1959), **אורי וערן** (1960), **השליט והמשורר** (1960), **הנבֿואה** (1960), **אדם וגורלו בספֿרות החכמה** (1962), **ניצת אָבֿיבֿ** (1965).

**קאָרעספּאָנדענטן. — המליץ:** אַהרן פֿלוים, יעקבֿ אליהו שלום [פֿרידמאַן], נחמה חרנס, מ. סגל, משה־אַהרן מיכעל. **הצפֿירה:** יוסף רעזניק, ישׂראל־מרדכי פֿייפֿערט (**המליץ**). מנחם־מענדל גאָלד־ציִן, מאמרים אין **המודיע**. חיים מאַרקוס, האָט אַ „שיר פּתיחה״ אין **הפסגה** (תּרנ״ח, ע׳ 4).

**עסקנים, ניכבדים.** — מאיר יאַשפּאַן, זאבֿ־זעליג ליבערמאַן, זאבֿ־וואָלף זאַקס, חייקל פֿײַוועו, דוד טווערסקי, ירוחם־יצחק לעווינסקי, מיכה רעז, רעזניק, אָרגאַניזירט די פֿײַער־קאָמאַנדע אין 1897.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המליץ, 1885: 12; 1897: 71; 1898: 136; שאול שאַפּיראָ, חמדת שאול. אדעססא, תּרס״ג, הקדמה; הדרך, פֿראַנקפֿורט אַ/מ, תּרע״ג; עיר ווילנא, 32; חכמי ישׂראל באמריקא, ע׳ 79; תּולדות ישיבֿת היהודים בקורלאַנד, 139; אהלי שם, 188; „ליטע״, 1, ז׳ 1601;

י.ד. קמזונס יהדות ליטא; ג. קרסל, 2; א.ל. פֿרומקין, תּולדות חכמי ירושלים, ע׳ 258; דורות האחרונים, ב׳, ע׳ 130; חלקת מחוקק, חוב׳ ט׳, מחברת א׳; ספֿר הפרענומעראַנטן, 7843; לעקסיקאָן, 2, 8; ב. כהנס לעקסיקאָן, ז׳ 166; יהדות ליטא, א׳, ג׳.
Black Book.

## קרוק[1] KRIŬKIAI

שאַוולער קרײַז. אָנהייב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט האָבן דאָ געלעבט אַרום 700 ייִדן, אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע — אַרום 400, פֿאַרן חורבן — בײַ 200. אין 1915 דורכגעמאַכט דעם גירוש־ליטע.

צווישן 1898 און 1911 זײַנען דאָ געווען 20 פּרענומעראַנטן אויף 3 רבנישע ספֿרים:

**זכר חיים**, חיים נתן בר׳ משה (וואַרשא, תּרנ״ח); **תּפֿארת שאול**, שאול ידידיה שאָחעט (פּיעטרקובֿ, 1898); **אמרי יעקבֿ**, יעקבֿ פּראַלגעווער (בילגורייא, תּרע״א).

1) זע הערה צו: קראָק.

אין אַ רשימה מנדבֿים פֿאַר העלפֿן בויען ארץ־ישראל אין 1899 און 1903 זײַנען דאָ מערערע קרוקער. קלײַבער: יעקבֿ בורלאַנד.

**רבנים.** — ר׳ דובער בר׳ שלמה־זלמן קוק, געבאָרן 1872 אין גראַ־יעווע. שפּעטער רבֿ אויך אין יעליזאַוועט־גראַד, עפֿולה. ברודער פֿון הרבֿ הראשי אין ארץ־ישׂראל ר׳ אַבֿרהם־יצחק קוק. ניפֿטר 1950 אין ירושלים.

ר׳ מאיר בר׳ בנימין־דובֿ ווערזש־בלאָווסקי, געבאָרן 1881 אין שאַקי. רבֿ אין שימאַנץ, דאַווידאָווקע, סאַפּיזישאָק, קרוק, ווו אומגעקומען אין 1941, הי״ד. אַרויסגעגעבן מיט זײַנע הערות ר׳ יצחק־אײַזיק חבֿרס **בית יצחק** און **מסכת אצילות**. מחבר פֿון קונטרס **תּוספֿות מאיר** (קובֿנה, תּרפּ״א).

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המליץ, 1899: 217; 1903: 104; תּולדות ישיבֿת היהודים בקורלאַנד, ע׳ 54; ספֿר הפּרע־נומעראַנטן, 7859; יהדות ליטא, ג׳.
Black book.

## קרוק[1] KRIŬKIAI

שאַקיִער קרײַז. אין 1923 האָבן דאָ געלעבט 184 ייִדן. זומערצײַט האָבן זיי געהאַט פּרנסה פֿון דער גרויסער צאָל דאַטשניקעס, אַ גרויסער צוגאָב צו זייער קרעמערײַ און מלאכה. דער איינציקער גבֿיר — שולמאַן. פֿאַרן חורבן זײַנען געבליבן בײַ 80 ייִדן.

עס איז געווען איין שול, אָבער ניט קיין רבֿ. שאלות האָט מען געפֿרעגט בײַם רבֿ פֿון סרעדניק, וואָס איז געווען עטלעכע וויאָרסט פֿון קרוק.

אין 1861, 1874 זײַנען געווען 3 פּרענומעראַנטן אויף 2 רבנישע ספֿרים: **תּאמי צבֿיה**, צבֿי הירש בלאָך (קאָניגסבערג, תּרכ״א), **שיר השירים** (ווילנא, תּרל״ד).

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המליץ, 1894: 153; ספֿר הפּרע־נומעראַנטן, 7860. Black Book

1) זע הערה צו: קראָק.

## קרעטינגע KRETINGA

קרײַזשטאָט. איינער פֿון די אַלטע מקומות אין ליטע. אין 1260 איז שוין דאָ געווען אַ Pilis (פֿעסטונג), וואָס מיינט, אַז דאָ איז געווען אַ ווײַנאַרט. פֿון 1572 איז עס איבערגעגאַנגען פֿון האַנט־צו־האַנט פֿון די אַדל־פֿאַמיליעס קאַטקעוויטש, סאַפּיעגאָ, מאַסאַלסקי, פּאָטאָצקי, די גראַפֿן זובאָוו און טישקעוויטש.

דער אָנהייב פֿון ייִדישן יישובֿ איז פֿון אַרום מיטן זיבעצנטן יאָרהונדערט. אין אַ ציילונג פֿון 1662 ווערן אָנגעגעבן 2 ייִדישע מענער און איין ייִדישע פֿרוי (פֿון אַן „עין־הרע" וועגן פֿלעגן ייִדן אַ מאָל זיך ניט לאָזן „ציילן" . . .). אָבער קומען קיין קרעטינגע פלעגן ייִדן שוין מיט אַ פּאָר הונדערט יאָר פֿריִער. לויט דוד־מאַטעס ליפּמאַן, היסטאָריקער פֿון ייִדישע שטעט אין ליטע, פֿלעגן שוין אין דער צײַט פֿון קעסטוטיס (מיטן פֿערצנטן יאָרהונדערט) קומען ייִדן פֿון אַנדערע טיילן פֿון דער ליטווישער אימפּעריע האַנדלען אין קרע־טינגע און פּאַלאַנגע — האַנדלען, אָבער זיך ניט באַזעצן. באַשטעטיקונגען פֿאַרן אויבן געזאָגטן זײַנען אונדז ניט באַקאַנט. מען מעג אָננעמען אויף זיכער, אַז ייִדן האָבן זיך גענומען דאָ באַזעצן אַרום ערשטן פֿערטל פֿון אַכצנטן יאָרהונדערט (אין 1765 איז דאָ געבאָרן בערעק יאָסעלעוויטש — וועגן אים זע ווײַטער).

צווישן 1828 און 1904 זײַנען דאָ געווען 119 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

קרעטינגע איז איינע פֿון די 19 קהילות אין ליטע, וואָס האָבן ניט גע־ענטפֿערט אויף דעם רעגירונג־באַפֿעל פֿון 1853, אַז אַלע ייִדן מוזן פֿאַרלאָזן די ערטער, וואָס זײַנען ווייניקער ווי 50 וויאָרסט ווײַט פֿון די מערבֿ־גרענעצן.

אין 1855 איז אין אַ שׂריפֿה אויך פֿאַרברענט געוואָרן דער בית־הכּנסת. דער שאָדן האָט באַטראָפֿן 7000 רובל. אין 1860 איז די שול ווידער אויפֿגעבויט געוואָרן. אין דער גרויסער שׂריפֿה פֿון 1889 זײַנען אַ סך ייִדישע הײַזער אַראָפּ מיטן פֿײַער. אין **הצפֿירה** איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אַ קול־קורא צו ייִדן צו שיקן הילף. אין דער שׂריפֿה פֿון 1908 זײַנען פֿאַרברענט געוואָרן 150 הײַזער, צווישן זיי דער בית־מדרש הגדול און צוויי קלויזן.

אין 1869־1871 איז קרעטינגע געטראָפֿן געוואָרן פֿון גרויסן הונגער, וואָס האָט דעמאָלט געבושעוועט אין אַ גרויסן טייל ליטע. פֿונדעסטוועגן זײַנען נאָך געווען גענוג באַמיטלטע ייִדן, וואָס זײַנען דעמאָלט געווען ביכולת זיך צו באַשטײַערן פֿאַר דעם הילפֿפֿאָנד פֿון דעם מעמלער קאָמיטעט פֿאַר הונגער־געליטענע. דער קלײַבער: שב"י שאַפּיראָ. אַ רשימה נעמען פון מנד־בֿים איז געדרוקט אין **המגיד** 1871.

אין די 1870־1880ער איז אָנגעגאַנגען א גרויסע ייִדישע עמיגראַציע פֿון מעמל־געביט, בתוכה אויך פֿון קרע־טינגע, קיין סאנדערלענד ((ענגלאַנד). דער ערשטער קרעטינגער דאָרטן איז געווען ב. בערנשטיין, אַן אַנטלאָפֿענער פֿון דער צאַרישער אַרמיי, געקומען אַהין אַרום 1859. אין אַ רשימה עמיגראַנטן פֿון 1869/70 זײַנען דאָ די קרעטינגער: ה. בנציון, י. בער, ה. בערנשטיין, ע. דרובין, צ. האַנדעלמאַן, י. לעווין, ס. מאַרקוס. אין 1889, ווען דאָס פֿײַער האָט אָפּגעווישט אַ טייל פֿון קרעטינגע, האָט דער קאָמיטעט פֿון „קרעטינגער רעליף־פֿאָנד" אין סאנדערלענד געשיקט אַהער דעם

רעווערענד א. גרין צו פֿאַרטיילן שטיצע פֿאַר די יידישע נשׂרפֿים. די עסקנים אין יענעם קאָמיטעט זײַנען געווען: ישׂראל יאַקאָבס, ב. בערנשטיין, ס. גאַלעווסקי, מ. שערגיי, ד.א. אָלסוואַנג, ישׂראל העריס, טש. גיליס, י. פּערלמאַן.

1895 איז געשלאָסן געוואָרן דער אַלטער בית־עולם. גראַף טישקעוויטש, וואָס אים האָט געהערט קרעטינגע און אומגעגנט, האָט צוגענומען דעם בית־עולם. געווען אַ ריי פּראָצעסן, סוף־סוף האָט דער גראַף געגעבן אַן אַנדער שטיקל ערד, און די ייִדן, בראש מיטן רבֿ ר׳ הלל בערמאַן, האָבן מסכּים געווען דורכצוקומען.

אין 1847 האָבן דאָ געוווינט 1738 ייִדן, 1897 — 1203, 1923 — 904 און פֿאַרן חורבן — בײַ 700.

די נאָנטקייט צו דער פּרײַסישער גרענעץ און די פֿאַר באַנליניעס זײַנען געווען די הויפּט־סיבה פֿאַרן שטאַרק־צעוואַקסענעם ייִדישן מיסחר אין שטאָט. אַ גרויסע ראָלע אין דער היגער עקאָנאָמיק האָבן געשפּילט די יידישע וואַרשטאַטן, וואָס האָבן אויסגעאַרבעט פֿאַרשיידענע זאַכן פֿון בורשטין מיט זייער גוטן אָפּזאַצמאַרק אין ליטע און דײַטשלאַנד. ייִדן האָבן זיך אויך פֿאַרנומען מיט קרעמערײַ און מלאכה.

*

דער געדאַנק פֿון ייִשובֿ ארץ־ישׂראל האָט דאָ פֿרי אַרײַנגעדרונגען, אַפֿילו פֿאַר חיבת־ציון. יואל בר׳ אליעזר דרובין, דאָ געבאָרן אין 1857, איז געווען פֿון די ערשטע בילויִים. 1882 האָט ער געענדיקט גימנאַזיע און אין זעלביקן יאָר עולה געווען קיין ארץ־ישׂראל. תּחילת איז ער געווען אַ לאַנדווירטשאַפֿטלעכער אַרבעטער, דערנאָך אַן איכּר אין ראשון־לציון, 1911 האָט ער זיך באַטייליקט אין אַ דעלעגאַציע צו באַראָן ראָטשילד אין פּאַריז צו באַנײַען דעם אָפּמאַך מיט די קאָלאָניעס ראשון־לציון און זכרון־יעקבֿ. יואלס פֿרוי, חנה פֿון שקוד, איז געווען אין אַ דעלעגאַציע צו דער באַראָנעסע ראָטשילד צו העלפֿן ראשון־לציון.

אין אַ רשימה מנדבֿים פֿון 1896 צו העלפֿן בויען ארץ־ישׂראל געפֿינען זיך די קרעטינגער: מיכל בערמאַן, ישׂראל גליקמאַן, מיכל דרובין, העשל לעווי, יהודה־לייב הירשאָוויטש, חנניה לייב.

אויף אַן אַלטן בית־עולם אין ירושלים זײַנען דאָ די מצבֿות פֿון

הינדע בר׳ צדוק מקראַטינגאַ, תּרל״ט.

ר׳ דוב בר׳ אברהם מקראַטינגא, תּר״מ.

די „אגודה" האָט אויך געהאַט אירע סימפּאַטיקערס, אָבער אין אַ סך קלענערער צאָל ווי די ציונים. אין אַ רשימה מנדבֿים פֿאַרן „אגודה"־פֿאָנד אין 1913 זײַנען דאָ די קרעטינגער: אַהרן פֿירמאַן, בענדעט ווערבלאָוו, דובער פֿײַווע־שאָוויץ, שרגא שאַפּיראָ, ישׂראל גליקמאַן, שלמה צוקער, רפֿאל זאַלקאָוו, שלמה ווערבלאָוו, שלמה טוביאַנסקי, דובֿ־משה דאַוויד, יצחק אַראַנאָוויץ, יעקבֿ גיליס, זאבֿ הילקאָוויץ, ברוך שפּיץ, יהודה־לייב זימאַן,

אַבֿרהם שפּיץ, הענעך שער, זלמן דאַווי־דאָוו, שבתי מאַרקוס, יוסף אַבֿיגדור, אַהרן זאַקש, צבֿי־הירש גלאַז, זכריה שמיד, שמעון בורשטיין, אלחנן פֿרידמאַן, שמואל פֿײַוועשאָוויץ, אליהו־מאיר קאַצענעלענ־בויגן.

*

אין 1860 האָט דאָ עקסיסטירט אַ יידישע קינדערשול, ווו אויסער יידישע לימודים האָט מען געלערנט אויך חשבון, רוסיש און דײַטש. דער לערער: אַבֿרהם אַריה־לייב שאַפּירא, אַן אָפּשטאַמיקער פֿון סאַלאַנט.

אין 1902 איז דאָ געשאַפֿן גע־וואָרן אַ חדר מתוקן.

**רבנים.** — ר׳ אַריה־לייב (ר׳ לייבטשיק), זיידע פֿון ר׳ אֶלינקע קרע־טינגער, 46 יאָר רבֿ גלײַכצײַטיק אין קרעטינגע, דאָרביאַן, פּאַלאָנגע. געוווינט אין קרעטינגע, ווו ניפֿטר געוואָרן. פֿריִער דיין אין ווילנע.

ר׳ אַהרן קראַטינגער (ר׳ אַרעלע קראַטינגער). רבֿ אין שילעל, עטלעכע יאָר דאָ, פֿון 1843 אין פּינסק, ווו ניפֿטר גע־וואָרן אין 1845[1]. בעל **תּוספֿות אהרן** (קעניגסבערג, תּרי״ח, אַרויסגעגעבן דורך זײַנע זין). האָט הסכּמה אויף **טורי אבֿן** (ווילנא, תּקצ״ה).

ר׳ שלמה־זלמן בר׳ מאיר זקש („זעלמעלע פֿרומאַק״), געבאָרן 1814. פֿריִער רבֿ אין בירזש, פֿון מיטן 1850ער אין קרעטינגע (אין 1860 איז דאָ זײַן נאָמען אין אַ רשימה יידן, וואָס האָבן געהאָלפֿן בויען דעם פֿאַרברענטן בית־מדרש), לוקניק, לינקעווע. ניפֿטר געוואָרן אין 1876.

ר׳ משה־יצחק בר׳ משולם־זלמן הלוי סג״ל, געבאָרן 1812 אין ראַסיין, דאָ רבֿ פֿון אַרום 1854. פֿריִער רבֿ אין סאַס־מאָקן,ווינדאו, גאָלדינגען—קורלאַנד, שווקשנע; נאָך קרעטינגע אין טאַוריק, ליבאַווע, פּלונגיאַן, פּאָנעוועזש, פּאַלאָנגע, אויגוסטאָווע (סוּוואַלקער געגנט). האָט הסכּמה אויף **תּורת העולה** (קעניגסבערג, תּרי״ד). האָט חידושים אויף **ברכות** (ש״ס שטעטין, תּרכ״ג). ניפֿטר 1870 [נאָך פּרטים — פּלונגיאַן].

ר׳ אַריה־לייב בר׳ ידידיה ליפּמאַן ליפּקין, געבאָרן 1840 אין זאַגער, פֿון 1878 ביז 1900, פֿריִער 8 יאָר אין פּומפּיאַן און 1901־1902 אין וועקשנע, ווו ניפֿטר גע־וואָרן אין 1902. חיבורים: **דבֿרי ידידיה** [געדרוקט מיטן **שיר השירים**] (ווילנא, תּרנ״ה), **אור היום** (ווילנא, תּרס״א), **שבילי המאורות** (געדרוקט מיט **ברייתא דשמואל הקטן**. (פּיעטרקובֿ, תּרס״א), **חדושי אגדות מהרא״ל** (ירושלים, תּרס״ו). פּלימעניק פֿון ר׳ ישׂראל סאַלאַנטער.

ר׳ מנחם־מענדל, האָט חידושי־תּורה אין **כּנסת חכמי ישׂראל, בית ועד לחכמים, שדי חמד.** שווער פֿון ר׳ אליהו סאָבעל בר׳ חיים־ירוחם, אבֿ״ד טאַוויאַן.[2]

ר׳ צבֿי־זאבֿ שור, פֿון 1903.

זײַן איידעם ר׳ חיים־בנימין

---

1) אַן אַנדער מקור — 1842.

2) האָט געקענט זײַן רבֿ פֿאַר ר׳ משה־יצחק סג״ל.

פּערסקי, געבאָרן 1882 אין איוועניץ. אומגעקומען תּמוז תּש״א, הי״ד.

„קרעטינגער רבילע״ — אַזוי האָט מען גערופֿן דעם מורה־הוראה, וואָס איז דאָ געווען בײַ 50 יאָר; ר׳ שמואל־יצחק הורוויץ, מו״צ, שווער פֿון ר׳ ידידה שוחט, אב״ד קאַרקלאַן, דערנאָך רבֿ אין פּאָרט אַמבאָי (אַמעריקע); ר׳ אַהרן בר׳ צבֿי, שו״ב; ר׳ אַהרן יאַף, שו״ב; ר׳ אַריה פּעפּערמאַן, ש״צ ושו״ב.

**אָפּשטאַמיקע.** — בערעק יאָסעלעוויטש, לעגענדאַרער פּוילישער העלד. דאָ געבאָרן אין 1765. געווען אַ פֿאַקטער בײַם מאַגנאַט מאַסאַלסקי און אַנדערע פּוילישע אַדללײַט. צוזאַמען מיט אַראָנאָוויטשן אָרגאַניזירט 1794 אין וואַרשע דעם ייִדישן רײַטערפּאָלק אין קאָסטשושקאָס אַרמיי, אָבער נאָך איר גרויסער מפּלה אַנטלאָפֿן קײן אויסלאַנד. געקומען צוריק און 1806, אָרײַנגעטראָטן אין דער נײַ־אָרגאַניזירטער פּוילישער אַרמיי ווי אַ פּאָדפּאָלקאָווניק. 1809 געפֿאַלן אין דער שלאַכט בײַ קיעלץ. זײַן זון יאָזעף בערקאָוויטש איז אין פּוילישן אויפֿשטאַנד פֿון 1831 באַשטימט געוואָרן פֿאַרן קאַפּיטאַן פֿון רײַטערפּאָלק. ער איז געשטאָרבן אין ענגלאַנד.

ר׳ אליהו־בער (ר׳ אֶלינקע) לעווינזאָן, דאָ געבאָרן חוה״מ סוכּות תּקפּ״א. גדול בתּורה און גרויסער גבֿיר. ער איז גערופֿן געוואָרן דורך די מַנהיגי הדור צו די וויכטיקסטע לאַנד־קאָנפֿערענצן אין רוסלאַנד. אין די הונגעריאָרן פֿון 1868/70 אין ליטע זיך באַטייליקט אין מעמל־קאָמיטעט צו העלפֿן געליטענע ייִדן. תּלמיד פֿון ר׳ ישׂראל סאַלאַנטער און פֿאַרבראַכט אין לערנען מיטן חפֿץ־חיים, וואָס האָט אַליין דערציילט וועגן דעם. געגעבן אַ סך צדקה, בגָלוי ובסתר. געהאָלפֿן ר׳ ישׂראל סאַלאַנטער, געשיקט יערלעך 200 רובל צו ר׳ לייב חסיד פֿון קעלם און 200 רובל צו ר׳ זונדל סאַלאַנטער, ווען יענער איז געוואָרן אַ יורד מנכסיו. געווען דער גרעסטער מפֿורסם פֿון אַלע יידישע קרעטינגער פּערזענלעכקייטן בדורו, אָבער אַ גרויסער עניו. ד״ר הירש הילדעסהיימער האָט בײַם ערשטן טרעפֿן זיך אים געפֿרעגט, צי ער איז ניט ווײַט פֿון קרעטינגע און צי ער קען דאָרטן איינעם אַ רבי אליהו לעווינזאָן. ר׳ אֶלינקע האָט געענטפֿערט: איך בין אַליין פֿון קרעטינגע און הייס אליהו לעווינזאָן, אָבער מען רופֿט מיך בטעות **רבי** אליהו. ר׳ אַריה־לייב, אב״ד אין די דרײַ קהילות פֿון קרעטינגע, דאָרביאַן און פּאַלאַנגע, איז זײַן זיידע. ר׳ יחיאל העלער, אב״ד סוּוואַלק, איז זײַן שוואָגער (ר׳ אֶלינקעס טאָכטער פּעסע איז די ערשטע פֿרוי פֿון ר׳ יחיאלן). ר׳ אליהו האָט געהאָלפֿן אַרויסגעבן ר׳ יחיאלס ספֿר **עמודי אור.** אַזוי זאָגט זיך אין דער הקדמה. ר׳ אליהוס צוואה איז געדרוקט אין **אוסף מאמרי מוסר וחכמה** (וואַרשאַ, תּרנ״ו). ניפֿטר י״ח אייר, תּרמ״ח. אין ראַסיין.

ר׳ שאול אליעזר [פֿאַמיליע־נאָמען], געבאָרן 1823. צען יאָר רבֿ אין אַ דערבײַיִק שטעטל פֿון קרעטינגע, דערנאָך רבֿ אין טשיזעווע (פּוילן), שפּעטער אין מאַנטשעסטער (ענגלאַנד), ווו ניפֿטר 1893.

געשריבן אין **המגיד** (א.ל. זילבערמאַן איז זײַן שוואָגער). חיבורים: **תּולדות הלוי** (לאָנדאָן), **חיי משה** (לאָנדאָן, תּרמ״ה. וועגן מאָנטעפיאָרין), אַ קונטרס פֿון אַ גרויס בוך אין כּתבֿ־יד **בעלי אסופֿות** (לאָנדאָן, תּר״ן) — אַ זאַמלונג אין אַלפֿאַבעטישן סדר פֿון אַלע מאמרים פֿון תּנאים און אמוראים אין ביידע ש״סן און מדרשים.

ר׳ חאַצע, דאָ געבאָרן אין 1843. מחבר פֿון **ילקוט יחזקאל**. עמיגרירט 1888 קיין ענגלאַנד. ניפֿטר 1926 אין סאַנדערלענד (ענגלאַנד).

ר׳ ישראל־זלמן הלוי טעפּליץ, דאָ געבאָרן אין 1848. מו״צ אין שקוד, שפּעטער אין ליבאַווע. 1905 עמיגרירט קיין אַמעריקע.

ר׳ שמריה־יצחק בר׳ שבתי־משה בלאָך, געבאָרן דאָ אין 1863. 1888 געוואָרן רבֿ אין דרוזגעניק, 1894 — אין סאַנדערלענד, 1902 — אין בירמענגהעם (ענגלאַנד).

ר׳ מענדל־יצחק בר׳ משה־אַבֿרהם בערמאַן, אַ הי־געבאָרענער. 1904 געוואָרן רבֿ אין גרימסביי (ענגלאַנד) און 1907 אין מידלסבראָ (ענגלאַנד). מישפּחה מיט ר׳ מיכאל האָוושאַ, אבֿ״ד שקוד.

שמואל יאָסעף, געבאָרן 1881. עמיגרירט קיין אַמעריקע. פּראָפֿעסאָר פֿון סאָציאָלאָגיע אין ניו־יאָרקער קאָלאָמביאַ־אוניווערסיטעט. אויטאָר פֿון ענגלישע ביכער וועגן יִידישער עמיגראַציע קיין אַמעריקע.

**שרײַבערס.** — אלעזר שולמאַן, געבאָרן 1837. געלעבט אין קיִעוו, אַדעס, וואַרשע. תּחילת זיך פֿאַרנומען מיט בעלע־טריסטיק און שפּעטער מיט ליטעראַרישע פֿאָרשונגען. האָט איבערגעזעצט אויף העברעיִש וויקטאָר הוגאָס **האובֿדים והני־דחים** (אדעססא, תּרכ״ז). געדרוקט אַ סעריע דערציילונגען אין **השחר** און **האסיף** אין צוויי ביכער־דערציילונגען: **אוצר ספּו־רים** (וואַרשא, תּרנ״ד) און **זכרונות עיר מולדתּי** (פּעטערבורג, תּרנ״ד). שולמאַן גופֿא האָט באַטראַכט זײַן שרײַבערישן בראשית ערשט פֿון זײַנע וויסנשאַפֿלעך־ליטעראַרישע מאָנאָגראַפֿיעס: **תּולדות אנשי השם**, גדולי סופֿרי גרמניה וילידי ישראל — וועגן היינריך היינע (ווינא, תּרל״ו) און לודוויג בערנע (ברדיטשובֿ, תּרנ״ג). האָט געדרוקט פֿאָרשונגען אין **השלח, לוח אחיאָסף**, סאָקאָלאָווס **ספֿר השנה** א״אַ. דער ערשטער אין העברעיִש, וואָס האָט גע־פֿאָרשט יִידיש לשון און יִידישע ליטעראַטור און אַרויסגעגעבן אַ וויכטיק בוך וועגן דעם: **שׂפֿת יהודית אַשכּנזית וספֿרותה** (ריגאַ, תּרע״ג, דורך י.ח. טבֿיוב). געשטאָרבן 1904 אין קיִעוו.

אַרנאָלד לעווי, געבאָרן 1886. עמיגרירט קיין ענגלאַנד. אויטאָר פֿון בוך History of the Sunderland Jewish Community (London, 1956).

גיטל־רבֿקה קושעלעוויטש, גע־באָרן 1891. רביצין. טאָכטער פֿון הרבֿ בן־ציון לעוויטאַן. פֿון 1927 אין בראָנקס. מחברטע פֿון **מיטנאַכטיגע געדאַנקען** (נ״י, 1976). געשטאָרבן 1980 אין בראָנקס.

אליעזר־ליפּמאן זילבערמאַן, אַ געבאָרענער 1819 אין קיניגסבערג, האָט

אָבער פֿון 1823 געלעבט 15 יאָר אין זײַן מאַמעס פֿאַמיליע אין קרעטינגע. 1838 זיך באַזעצט אין דער רוסיש־פּרײַסישער גרענעצשטאָט ליק. דאָ האָט ער אויפֿגעשטעלט די ערשטע העברעיִשע צײַטונג **המגיד**, וואָס האָט שפּעטער ווי אַ וואָכנבלאַט עקסיסטירט כּמעט פֿופֿציק יאָר. דער **המגיד** איז אויך די ערשטע העברעיִשע צײַטונג, ווו ס׳איז פּראָפּאַגאַנדירט געוואָרן די אידייע פֿון חיבת־ציון. געשטאָרבן 1882 אין ליק.

**אַבֿרהם אַריה־לייב בהרבֿ ישׂראל** שאַפּיראָ האָט געשריבן קאָרעספּאָנדענציעס אין **הכּרמל** און אַהרן בערמאַן אין **הצפֿירה**.

**ניכבדים.** — ר׳ יודל הורוויץ, ר׳ זאב־וואָלף בערמאַן, ר׳ משה בערמאַן, ר׳ שמריה בערמאַן, ר׳ זאבֿ בערמאַן, ר׳ יוסף בר׳ אַבֿרהם — אַלע אין די 1860ער יאָרן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** הכּרמל, תּר״ך: 11; המגיד, 1869: 10; 1871: 21; 1876: 16; רשימת החברים לחבֿרת תּמיכת בני ישׂראל . . . 1896; ד. בונימאָוויטש, מכתּבֿ מאליהו. ווילנא, תּרס״ב; שם הגדולים החדש, תּרס״ג, ע׳ 19; הדרך, פֿראַנקפֿורט אַ/מ, תּרע״ג; יעקבֿ מאַרק, גדולים פֿון אונזער צײַט. נ״י, 1927;

אידישע שטימע, 1934: 4816, 4818, 4844 (ד.מ. ליפּמאַן); 100 יאָר פּינסק, נ״י, 1941, ז׳ 266; ראשון לציון. עורך: ד. יודלביץ, ת״א, תּש״א, ע׳ 98; א. אָשרי, חורבן ליטע. נ״י, 1951, ז׳ 292; א. צנציפּר, פּעמי הגאולה. ירושלים, תּשי״ב, ע׳ 49; י. לוין, היהודים והמרד הפּולני. ירושלים, תּשי״ג; אהלי שם, ע׳ 298; לעקסיקאָן, 8; ספֿר היחס למשפּחת ריבלין, ע׳ 26;

י. שאַצקי, געשיכטע פֿון ייִדן אין וואַרשע, I, ז׳ 114; תּולדות ישיבֿת היהודים, ע׳ 63, 65, 449, 468; ג. קרסל, 1, 2; י.ד. קמזונס יהדות ליטא; ייִוואָ־בלעטער, ב׳ XL, ז׳ 224; י. לוינסון, דור ודור ודורשיו, ע׳ 21; נחלת עולמים, ע׳ 63; חלקת מחוקק, חוב׳ ז׳, מחברת ב׳; א.ל. פֿרומקין, תּולדות אליהו, ע׳ 72; סוואַלקער יזכּור־בוך, ז׳ 130; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 7901; יהדות ליטא, ג׳.

Jewish Encycl., III. p. 55, 68; Lietuviškoja Encyclopedija, III., p. 552; A. Levy, History of the Sunderland Jewish Community. London, 1956; Black Book; Biuletyn Żydowskiego Instytutu Historycznego W Polsce. Warszawa, 1987, p. 32.

# ראַגעווע

# RAGUVA

פּאָנעוועזשער קרײַז. אַ מאָל איז דאָ געווען אַ הויף פֿון דער פּריצטע ראַגאָוו. לעבן הויף האָט זי געשטעלט אַ מצבֿה אירס אַ געהרגעטן זון און גערופֿן אַרומיקע ייִדן זיך צו באַזעצן אויף דעם אָרט. אין אַ קורצער צײַט איז דאָ אויסגעוואַקסן אַ ייִדי־

שער יִישובֿ. אין די ערשטע צײַטן האָבן פּאָנעוועזשער יִדן גענוצט דעם ראָגעווער בית־עולם. דער יִדישער יִישובֿ איז אַלט אַרום 250 יאָר. אין 17טן יאָרהונדערט האָבן דאָ געלעבט אַ ביסל קאַראַיִמער.

אין 1766 האָבן דאָ געוווינט 1187 יִדן קאָפּשטייער־צאָלערס, אין 1847 — 852 יִדן, 1897 — 1223, 1923 — 593 און פֿאַרן חורבן — אַרום 500.[1] אין 1915 האָט ראָגעווע דורכגעמאַכט דעם גירוש־ליטע. געשען איז עס ערבֿ שבֿועות און דער באַפֿעל איז געווען צו פֿאַרלאָזן דאָס שטעטל אין משך פֿון 24 שעה.

יִדן האָבן זיך פֿאַרנומען מיט מיסחר, קרעמערײַ און מלאכה. געווען אַ גרויסע צאָל קאַראַבעלניקעס. פֿאַר דער ערשטער וועלט־מילחמה האָט פֿײַוול פּראַם דאָ אויפֿגעשטעלט אַ גרויסע גאַרבאַרניע, וואָס האָט באַשעפֿטיקט בײַ 50 אַרבעטערס.

אין שטעטל זײַנען געווען אַ פּאָר טשיקאַווע טיפּן. איינער, אַלטער דער מגיד, האָט זיך איין פֿרימאָרגן פֿון ערגעץ אַראָפּגעלאָזן אין בית־מדרש און שוין דאָרטן געבליבן אַ תּושבֿ. שבת נאָך מינחה פֿלעגט ער אָפּט האַלטן זײַנע פֿײַערדיקע דרשות מיט ווונדערלעכע משלים. דער עולם פֿלעגט זיצן מיט אַ פֿאַרכאַפּטן אָטעם און די ווײַבער אויבן פֿלעגן ניט אויפֿהערן כליפּען. אָבער ווען ער פֿלעגט אַראָפּ פֿון דער בימה, פלעגט ער מאַכן ווילדע שטיק: פֿלעגט אויסברעכן אין געוויין, זיך אויס־ציִען אויפֿן דיל פֿון בית־מדרש, זיך מושטירן: רעכטס, לינקס, רעכטס. פּלוצלונג איז ער איין טאָג נעלם געוואָרן. אויף דער בימה האָט מען געפֿונען זײַנס אַ פּאַפּירל קעגן די מנהיגי העדה:

אוי, ווײ צו די יאָרן
וואָס פֿון ראָגעווע איז געוואָרן!
אַז ווו מען גיט אַ דריי דעם קאָפּ,
זעט מען אויבן שמואל דעם טאָפּ
(טעפּער)
און אַז מען קוקט אויף דער טאַבליצע
(מיזרח)
זיצט דער „רבֿ" דאָרטן פּאַן פּינע איצע
(מלמד)
און דער שוחט איז ישׂראל־איצע
(קצב),
און נאָך די אַלע צרות
איז דער גבאי פֿײַוועַ שׂרהס
(אַ וועבער).

אַ צווייטער משונהדיקער טיפּ איז אויך געווען אַ געקומענער פון ערגעץ־ווו. ער איז געווען אַן עלעגאַנט־געקלייד־טער יונגערמאַן און זיך פֿאָרגעשטעלט ווי . . . משיח בן דוד. ווי אַ באַשטעטיקונג פֿאַר דעם, האָט ער באַוויזן אַ רינג אויפֿן פֿינגער, אויסגראַווירט „משיח בן דוד". פֿון סתּם נײַגעריקייט וועגן האָט מען אים געלאָזן האַלטן אַ דרשה אין בית־מדרש. קיינער האָט אים ממילא ניט געגלייבט. ער האט גערופֿן דעם עולם פאָרן קיין ארץ־ישׂראל

---

1) טייל ציפֿערן אין יהדות **ליטא**, ג', זײַנען גוזמאדיק.

און ברענגען די גאולה, און כּדי די ראָגע־ווער ייִדן זאָלן ניט פֿאַרזאַמען די גאולה, האָט ער געבעטן צו שאַפֿן אַ סומע געלט אויף טראַנספּערירן די ראָגעווער אַהין. אַז ער האָט געקראָגן אַ ביסל מזומן, איז ער גיך נעלם געוואָרן . . .

אין ראָגעווע איז געווען אַ גרופּע ייִדישע יוגנטלעכע מיט ראַדיקאַלע אידייען. אָבער אין די אומרויִקע יאָרן 1903־1905 איז דער איינציקער רעוואָלוציאָנערער אַרויסטריט פֿאָרגעקומען 1905 אַ שבת אין בית־מדרש: אַ בונדיסט איז אַרויף אויף דער בימה אין מיטן דאַווגען, אַרויסגענומען אַ רעוואָלווער און געהאַלטן אַ פֿײַערדיקע רעדע קעגן צאַר. אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָבן די אָרטיקע ציוניסטישע פּאַרטייען ווײַט אַריבערגעשטיגן דעם „בונד“.

אין 1905 איז געווען אַ גרויסע שׂריפֿה. 100 מישפּחות זײַנען געוואָרן נשׂרפֿים.

נאָך פֿאַרן אויפֿקום פֿון חיבת־ציון זײַנען ראָגעווער ייִדן געפֿאָרן קיין ארץ־ישׂראל. אויף אַן אַלטן בית־עולם פֿון ירושלים געפֿינען זיך די מצבות פֿון:

אליעזר־מרדכי יפֿה בר׳ שלמה־זלמן מראָגעווע, תּרכ״ד [1864].

מרדכי יפֿה בר׳ ישׂראל מראָגעווע, תּרמ״א [1881].

אין אַ רשימה פֿון 1872 זײַנען דאָ מערערע ראָגעווער מנדבֿים פֿאַר ייִדישע הונגער־געליטענע אין גרויסע טיילן פֿון ליטע. דער קלײַבער: יהודה געץ.

צווישן די יאָרן 1839 און 1908 זײַנען דאָ געווען 21 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

**רבנים.** — ר׳ בנימין ראַבינאָוויץ; ר׳ שניאור־זלמן הירשאָוויץ בר׳ אַבֿרהם, געבאָרן 1818, שפּעטער אב״ד גאָלדינגען פֿון 1853 ביז זײַן פּטירה אין 1904. אַרויסגעגעבן ר׳ ישׂראל סאַלאַנטערס **אבֿן ישׂראל**, צוזאַמען מיט זײַן אייגענעם ספֿר **אבֿן בוחן** (וואַרשאַ, תּרמ״ג, א״אַ). אין ווילנער ש״ס האָט ער חידושים אויפֿן רי״ף א״נ „גליון אַלפֿס“. אין **עטרת יצחק**, ר׳ יצחק־אײַזיק אב״ד שאַוול, איז דאָ זײַנע אַ שו״ת וועגן אַ דין־תּורה פֿון „מחזיקי הקאַראָבקע דפּה עם הקהל ע״א פּאַראַפֿיע הנקראת וישענטאַ“. זײַנע אַ שו״ת געפֿינט זיך אויך אין **חמדת שאול**, שאול שאַפּיראָ (אָדעססאַ, תּרס״ג, ע׳ ט״ו).

ר׳ אליעזר־שׂמחה בר׳ מנחם־מענדל ראַבינאָוויץ, געבאָרן 1832 אין קאָוונע. זײַן רבנות אין ראָגעווע האָט ער אָנגענומען מיט אַ תּנאי: נאָר אויף דרײַ יאָר און דאָס שׂכירות־געלט אויף העלפֿן בויען אַ נײַעם בית־מדרש. שפּעטער רבֿ אין שאַדעווע, סוּוואַלק (1868־1874), לאָמזשע און קאַלוואַריִע, פֿון 1887 ביז 1909, ווען ער האָט זיך באַזעצט אין לאָמזשע, וווּ ניפֿטר געוואָרן אין 1911. געווען אַ תּקיף בדעתּו ניט בלויז לגבי די מנהיגי העדה, נאָר אויך קעגן „נאַטשאַלסטוואָ“. צוליב אַ סיכסוך מיטן גובערנאַטאָר איז ער געצוווּנגען געוואָרן צו פֿאַרלאָזן זײַן רבנות אין לאָמזשע. האָט הערות צו **הלכות ארץ־ישׂראל** פֿון ר׳ יעקבֿ בן אשר (לאָנדאָן,

תּר״ס). געווען אַ רבֿ מיט וועלטלעך וויסן און אַ מֵקיל. האָט אַ סך הסכּמות: **ספֿר המלואים**, יוסף שיינהאַק. וואַרשא, 1869; **עבֿודת עבֿד**, עזריאל זעליג בר׳ ישׂכר דובער (וואַרשא, תּרל״ז); **מלחמת אַהרן**, אַהרן פֿרידמאַן (ווילנא, תּר״ם); **ונגש הכּהן**, הלל-דוד טריווּש (ווילנא, תּרמ״ב); **קרני אור**, אַלכּסנדר זיסקינד מהוראָדנאָ (ווילנא, תּרמ״ג); **בית אליקום**, אליקום געציל מאיר (תּרמ״ו); **אור יצחק**, יצחק-נח בהרבֿ מאיר (תּר״ן); **דבֿרי נגידים**, יהודה-ליב הכּהן (תּרנ״ד); **אגדות תּלמוד בבֿלי**, א.מ. אַלטשולער (תּרנ״ו) — אַלע וואַרשא; **חדושי אב״י**, יהודה-ליב אַניקסטער (שיקאַגאָ, תּרס״ד). זײַן זון ר׳ יעקבֿ, רבֿ אין ראַדווילישאָק און עדינבורג (ענגלאַנד).[2]

ר׳ מרדכי ראַבינאָוויץ, פֿון 1864 ביז 1885, שפּעטער אין פּאָסוואָל, ווו ניפֿטר געוואָרן אין 1898. זײַן זון ר׳ משה האָט איבערגענומען די פּאָסוואָלער רבנות.

ר׳ משה-מישל-שמואל בר׳ יוסף שאַפּיראָ, געבאָרן 1855. רבֿ אין פּאָנעוועזש (תּרל״ט), זופֿראַן (תּרמ״ב) און פֿון 1887 ביז זײַן פּטירה 1933 אין ראָגעווע. אייניקל פֿון ר׳ שאול שאַפּיראָ, אב״ד שאַדעווע און ר׳ מנחם-מענדל, אב״ד קרעטינגע. זײַן איידעם ר׳ אליהו סאָבעל, אב״ד טאַוויאַן. געשריבן חידושי-תּורה אין **בית ועד לחכמים** (תּרס״ב). אין **שלמי אמוני ישׂראל** (אָדעססא, תּרנ״ח, חוב׳ א׳, ע׳ 22, 56, 136) זײַנען דאָ זײַנע הערות און אַ בריוו. געשריבן אויך אין **יגדיל תּורה**, **כּנסת חכמי ישׂראל** א״אַ. חיבורים: **הארות השמש** (אָדעססאַ, תּרמ״ט), **שכיות החמדה** — געדרוקט אין **חמדת שאול** פֿון זײַן זיידן ר׳ שאול שאַפּיראָ (אָדעססא, תּרס״ג); **תּבואות שמש** (קיידאַן, תּרפּ״ט); **מזרח שמש**, **עין השמש** אויפֿן **ספֿר מהרי״ל** (קיידאַן, תּרצ״ב) — געדרוקט מיטן טעקסט; **חידושי מהר״ם מ״ש**; **תּולדות משפּחת שפּירא**.

ר׳ יוסף-יהודה בערנשטיין, רבֿ אין רודאַמין, ראָגעווע, לוקניק, פּילטען (קורלאַנד), באַלבירישאָק (זײַן רבנות-צײַט אין ראָגעווע איז אונדז ניט באַקאַנט). זײַן זון ר׳ נוח-טובֿיה, רבֿ אין אַמור (יעקאַטאָ-רינאָסלאַוו) אין 1899. מחבר פֿון **מי נֹח**.

ר׳ ישׂראל מעל, לעצטער רבֿ, הי״ד. איידעם פֿון ר׳ אַבֿרהם-בנימין טײַץ (ראַבינאָוויץ), רבֿ אין סובאָט און ליווינהאָף—קורלאַנד, ווו 1941 זיך גע-ראַטעוועט קיין אַמעריקע. ר׳ אַבֿרהמס זין ר׳ פּנחס און ר׳ אלחנן-זאבֿ טײַץ, רבנים אין אַמעריקע. ר׳ אַבֿרהמס מאַמע איז די טאָכטער פֿון ר׳ בנימין ראַבינאָוויץ, אב״ד ווילקאָמיר, זײַן פֿאָטער ר׳ דובער, בעל **דבֿרי אמת**.

1871 איז דאָ געווען ש״ץ ושו״ב ר׳ אַבֿרהם-שמעון ראַבינאָוויץ.

אַ שײַכות צו ראָגעווע האָבן: ד. הורוויץ, **קול צהלה** (ווילנא, 1911) און ש.

---

2) צווישן די בעלי-הסכּמה אויף ש״ס סלאַ-וויטא (תּקצ״ה) איז דאָ „אַריה ליב **חופ״ק** דק״ק ראָגעווע״, אָבער מיר האָבן ניט קיין פּרטים וועגן אים.

קאַראָטקין, **מבשׂר צדק** (ווילנא, תּרע״ג).

**אָפּשטאַמיקע.** — יהושע פּעל־לאָוויץ, דאָ געבאָרן 1875. 1906 אַוועק קיין אַמעריקע. געשריבן לידער, דערציילונגען אין דער ייִדיש־אַמעריקאַנער פּרעסע. מחבר פֿון דעם פּועלי־ציוניסטישן הימן „די שבֿועה״:

ידינו לצד מזרח נרים ונִשָבע
בציון, בדִגלה וּבארצה היקרה.
מיר הייבן די הענט קעגן מיזרח
און שווערן
בײַ ציון, בײַ איר פֿאָן, בײַ איר
הייליקער ערד.

זײַנע אַנדערע העברעיִשע לידער האָט ער אַליין געהאַלטן פֿאַר שוואַך. געשטאָרבן צו 62 יאָר אין באַלטימאָר.

ר׳ מיכאל היגער, דאָ געבאָרן 1898. מחבר פֿון קריטישע אויסגאַבעס פֿון דער תּלמודישער ליטעראַטור: **אגדות החכמים** (תּרפ״ט), **מסכתּות זעירות** (תּרפ״ט), **שבע מסכתּות קטנות** (תּר״ץ), **מסכת שמחות** (תּרצ״א), **הלכות ואגדות** (תּרצ״ג), **מסכת דרך ארץ** (תּרצ״ה), **מסכתּות כּלה** (תּרצ״ה), **מסכתּות סופֿרים** (תּרצ״ז). **אוצר הברייתות** (תּרצ״ז־תּש״ח, 10 בענד) — אַלע ניו־יאָרק.

הענעך שטיין, געבאָרן 1910. פֿון 1929 אין באַלטימאָר. געשריבן אַרטיקלען. דערציילונגען, לידער אין די קאָוונער טאָג־צײַטונגען **דאָס וואָרט, אידישע שטימע,** פֿאָלקסבלאַט; אין די ניו־יאָרקער **טאָג־מאָרגען־זשורנאַל, אַמעריקאַנער, אַלגע־מיינער זשורנאל** און אַ פּאָר היסטאָרישע אַרטיקלען אין זאַמלבוך **ליטע** (נ״י, 1951; ת״א, 1965). דראַמעס געשריבן אין ענגליש. מחבר פֿון **אַףביידע זײַטן אַטלאַנטיק** (באַלטימאָר, 1937).

ב. וואָלק האָט געשיקט קאָרעס־פּאָנדענציעס אין **הצפֿירה** און שחי״ף [?] אין **המליץ.**

פֿון די ניכבדים: י.מ. באָרוכאָוו, י. יפֿה, מ. בלומבערג, מרדכי יפֿה.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המגיד, 1865: 26; 1872: 2; יאָר אײַן־יאָר אויס. קאונאַס, 1938, ז׳ 187; מ. זינגר, בראשית הציונות הסוציאַליסטית. חיפֿה, 1959, ע׳ 240; עיר ווילנא, 23; תּולדות אַנשי שם (ראַנד), ע׳ 8, 46, 59; לעקסיקאָן, 8; תּולדות ישיבֿת היהודים בקורלאַנד, ע׳ 65, 191; „ליטע״, 1, ז׳ 1523־1534; „ליטע״, II, ז׳ 807; חלקת מחוקק, מחב׳ ג׳; חוב׳ ט׳; יזכּור־בוך סוּאוואַלק, ז׳ 138; ספֿר קיידאַן, ע׳ 211; יהדות ליטא, ג׳; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 7937; אהלי שם, 10. Black Book.

## ראַדווילישאָק RADVILIŠKIS

שאַוולער קרײַז. איינער פֿון די ייִנגסטע ייִדישע ייִשובֿים אין קאָוונער ליטע. אין 1783 איז דאָרטן נאָך ניט געווען קיין איין ייִד. ביז 1870 איז ראַדווילישאָק בכלל געווען קליין, אַ „באַזניטקעַמיס״ (אַ דאָרף מיט אַ קלויסטער). יענעם יאָר איז דאָ אויסגעבויט געוואָרן די באַנליניע, וואָס

פֿאַרבינדט בערלין מיט פּעטערבורג. שפּעטער זײַנען צוגעצויגן געוואָרן נאָך באַנליניעס, און ראַדווילישאָק איז געוואָרן אַ וויכטיקער באַנקנופּ. דאָס שטעטל איז גיך געוואַקסן און צוזאַמען מיט דעם אויך דער ייִדישער ייִשובֿ. אין 1883 איז געווען איין ייִדישער אָנגעשטעלטער אויף דער באַנסטאַנציע — אליהו־זאבֿ שלאָמאָוויץ.

אין די 1880ער יאָרן איז דאָ סטאַציאָנירט געוואָרן אַ גרויסער מיליטע־רישער גאַרניזאָן. ייִדישע סאָלדאַטן אַליין זײַנען געווען 45. אויך דאָס האָט גע־שטאַרקט דעם ייִדיש־עקאָנאָמישן וווּקס פֿון שטעטל. דאָס איז צײַטווײַליק אָפּגעשוואַכט געוואָרן עטלעכע יאָר נאָך דער גרויסער שׂריפֿה אין 1890.

אין 1884 האָבן ראַדווילישקער ייִדן איבערגעלעבט פּאַגראָמשרעק. עס האָבן זיך פֿאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז ייִדן האָבן געהרגעט אַ סאָלדאַט פֿאַר פּסח. דער בלוט־בילבול האָט זיך געענדיקט בכי־טובֿ.

צווישן 1885 און 1902 זײַנען געווען 38 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

אין אַ רשימה מנדבֿים פֿון 1898 און 1900 צו העלפֿן בויען ארץ־ישׂראל זײַנען דאָ מערערע ראַדווילישקער. מורשה: משה כּהן.

אין 1910 האָבן ראַדווילישקער ייִדן אָנגעגעבן אַ בקשה צו דער רעגירונג צו לאָזן גרינדן אַ ייִדישע לײַ־און־שפּאָר־קאַסע, מיט די חתימות פֿון 13 קרעמערס און 12 האַנטווערקערס. די רעגירונג האָט געפֿאָדערט אַרויסנעמען די קרעמערס און צוגעבן דרײַ האַנטווערקערס. אין 1912 איז געגעבן געוואָרן די דערלויבעניש.

אין 1885 האָבן דאָ געלעבט בײַ 400 ייִדן, 1897 — 680, 1923 — 847 און פֿאַרן חורבן — בײַ 800. 1915 האָט ראַד־ווילישאָק דורכגעמאַכט דעם גירוש־ליטע. ייִדן האָבן זיך פֿאַרנומען מיט מיסחר, מערסטנס פֿון האָלץ און תּבֿואה, קרעמערײַ און מלאכה.

**רבנים.** — ר׳ ראובֿן־יוסף גאָרדאָן („ר׳ יאָסעלע הצדיק״). אין מיטן די 1860ער געווען מלמד אָדער אַ מנהל פֿון אַ קליין ישיבֿהלע אין שאַוול. 1882 האָט דאָס דערבײַיִקע ראַדווילישאָק אים צוגענומען פֿאַר אַ רבֿ. צוליב עניוות האָט ער אַ פּאָר יאָר שפּעטער זיך אָפּגעזאָגט פֿון דער רבנות. געבליבן לעבן אין ראַדווילישאָק, ווו ניפֿטר געוואָרן 1887. צו קבֿורה געבראַכט געוואָרן קיין שאַוול, ווײַל ראַדווילישאָק האָט דעמאָלט נאָך ניט געהאַט קיין אייגע־נעם בית־עולם. „מען האָט אים אָנגעטאָן אַ גרויסן כּבֿוד דורך טראָגן אים אויף די פּלייצעס די גאַנצע 21 וויאָרסט ביז זײַנע עלטערן־קבֿרים אין שאַוול״ — אַזוי דערציילט אַ פֿרײַנד פֿון זײַנעם אַ זון. זײַן זון ר׳ אַבֿרהם־זאבֿ, געבאָרן 1857 אין שאַוול, האָט 1891 זיך באַזעצט אין ירו־שלים און האָט פֿאַרדינסטן פֿאַרן בניין הארץ. ניפֿטר 1931 אין תּל־אָבֿיבֿ.

ר׳ יצחק הלוי בר׳ ברוך־שמריה

הורוויץ, פֿון 1884 ביז 97־1896.[1] זײַן זון ר׳ אליקים־געצל איז געווען מורה־הוראה אין קעלם און דאָרטן ניפֿטר געוואָרן 1873.

ר׳ יעקבֿ בר׳ אַבֿרהם־שׂמחה ראַבינאָוויץ, געבאָרן 1869. דאָ רבֿ ביז 1899, שפּעטער אין עדינבורג (ענגלאַנד) און לאָנדאָן. ניפֿטר 1932. זײַן פֿאָטער רבֿ אין סוואַלק, לאָמזשע, קאַלוואַריִע. אַרויסגעגעבן **הלכות א״י** לרבנו יעקבֿ בן אָשר (לאָנדאָן, תּר״ס). דאָרטן געפֿינען זיך אויך ר׳ יעקבֿס פּילפּולים און דעם פֿאָטערס הערות. חיבורים: **קול יעקבֿ, שם יעקבֿ, בכּורי יעקבֿ** (לאָנדאָן, תּרנ״ט); **שבֿחי יעקבֿ** (לאָנדאָן, תּרס״ו) — אויף דער **הגדה**, מיטן טעקסט.

ר׳ מאיר מאַלץ, ניפֿטר צו 61 יאָר אין שאַוול.

ר׳ דניאל זאַקס, שפּעטער ר״מ אין בית־יתומים דיסקין, ירושלים.

ר׳ יוחנן זופּאָוויץ־זרחי, געבאָרן 1874 אין איישישאָק, רבֿ אין מיאַדל, סימנע, ראַדווילישאָק און פֿון 1934 רבֿ אין טבֿריה, ווו ניפֿטר געוואָרן אין 1946. מיטגליד פֿון מרכּז „מזרחי״ אין ליטע.

ר׳ יצחק בעגון, פֿריִער רבֿ אין זשידיק. אומגעקומען 1941, הי״ד. בעל **שׂדה יצחק** (קיידאַן, תּרצ״ב).

**אָפּשטאַמיקע:** ר׳ אלעזר־ביינוש פֿרידלענדער, דאָ געבאָרן 1891. פֿון דער רבנישער גזע אַטלאַס און פֿײַוולזאָן. 1924 עמיגרירט קיין אַמעריקע. רבֿ אין עטלעכע בתּי־כּנסת פֿון באַלטימאָר.

**ניכבדים:** אליהו־זאבֿ שלאָמאָוויץ, מאיר זאַליוואַנסקי, זאבֿ קופּער, ליבער ליבערמאַן, משה־יעקבֿ ריכמאַן, שלום־דובֿ בערסאָן, יונה ווײַנשטיין — אַלע געחתמעט אויף אַ רוף צו שטערן אָפּנאַרערס פֿון לאָטעריי־בילעטן.

**קאָרעספּאָנדענטן:** ברוך־בענדעט סגל (**המליץ**), מאיר זאַליוואַנסקי (**המליץ**), רובינשטיין (**הצפֿירה**).

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המליץ, 1884: 37; 1885: 15; 1898: 208; 1900: 43; היום, פּט״ב, 1887: 33; מ. דייטש, רבֿ מלכּיא. ירושלים, תּרס״ה; תּולדות אנשי שם (ראַנד), ע׳ 103; ד. תּדהר, ת״א, 1947, ע׳ 1875; לתולדות היהודים בליטא־זאַמט, ע׳ 42; יזכּור־בוך סואוואַלק, ז׳ 138־140; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 7956; אהלי שם, ע׳ 193; יהדות ליטא, ג׳.
Antanas Totoraitis, p. 320; Black Book.

1) אין אַ קאָרעספּאָנדענץ אין **המליץ** זאָגט זיך, אַז 1895 איז דאָ אויסגעבראָכן אַ גרויסע מחלוקת וועגן צוויי רבנים. איינער, ר׳ יצחק הלוי הורוויץ, איז דאָ שוין רבֿ איבער 10 יאָר. — מערערע בריוו זײַנע געפֿינען זיך אין **ר׳ אלעזר ליפּמאַן** פּ׳ **פּרינץ**, פֿון ע.פּ. פּוזנר (ירושלים, תּרצ״ט).

## ראָזאַליע ROZALIMAS

פּאָנעוועזשער קרײַז. אַ קליין שטעטל, 9 קילאָמעטער פֿון פּאָקראָי, שאַוולער קרײַז. פֿאַרן ערשטן וועלטקריג

האָבן דאָ געלעבט בײַ 200 ייִדן, אין 1923 — 173 און פֿאַרן חורבן בײַ 120. די ייִדן האָבן זיך באַשעפֿטיקט מיט מיסחר, קרעמערײַ און מלאכה.

אין די 1880ער איז געווען רבֿ ר׳ יקותיאל־זוסמאַן ברוידא. שווער (בזיווג שני) פֿון ר׳ שמואל בר׳ יהודה שער, אב״ד סובאָטש. זײַן איידעם ר׳ יום־טובֿ ליפּמאַן, רבֿ אין שאַקאָט, מאַלאָדעטשנע, גרוזד און פֿון 1923 רבֿ אין ברוקלין.

14 יאָר איז דאָ געווען רבֿ ר׳ אַבֿרהם שניצער, אַ געבאָרענער 1847 אין ראַסיין, שפּעטער 24 יאָר אב״ד וואַרזשאַן. אָנקל פֿון ר׳ יוסף־לייב בלאָך, אב״ד טעלז. ניפֿטר 1911.

רבנים זײַנען דאָ געווען אויך ר׳ נחום שער, שפּעטער אב״ד דויג, הי״ד, און ר׳ אליעזר גאָלדבערג, דאָ אומגעקומען 1941, הי״ד.

אין ראָזאַליע איז געבאָרן געװאָרן ר׳ מרדכי דימענט. געלערנט אין פּאָנעוועזשער „קיבוץ״, שפּעטער רבֿ אין סוראַזש, וויטעבסקער גובערניע.

אין 1891 איז דאָ געווען איין פּרענומעראַנט אויף **איסור והיתר הארוך** לר׳ יונה גירונדי.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — אהלי שם, ע׳ 201; לקורות עיר ראסיין, כ״ד, כ״ז, כ״ט; דורות האחרונים, ב׳, ע׳ 343; תולדות אנשי שם, א׳, ע׳ 79; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 7928; יהדות ליטא, ג׳. Black Book.

## ראַטניצע RATNICA

קליין שטעטל, טראָקער קרײַז.

דער ייִדישער יישובֿ האָט זיך אָנגעהויבן אַרום סוף ערשטן פֿערטל פֿון אַכצנטן יאָר־הונדערט. די עלטסטע מצבֿה אויפֿן בית־עולם איז תק״ט [1749]. אַ טײַכל האָט צעטיילט ראַטניצע אין צווייען: דער גרעסערער ייִדישער טייל איז געווען ווילנער גובערניע, דער קלענערער טייל גראָדנער גובערניע.

אַ מאָל האָבן דאָ געוווינט בײַ 80 ייִדישע מישפּחות, שפּעטער — בײַ 50־60. מערסטע ייִדן זײַנען געווען בעלי־מלאכות, עטלעכע קרעמערס און קאַראַבעלניקעס. יעדער ייִדיש הויז האָט געהאַט אַ גאָרטן, אַ מאָל אויך עופֿות און אַ ציג.

איין צײַט האָט ראַטניצע געהאַט אַ רבֿ, זײַן נאָמען — ר׳ אהרן רובינסאָן. מיט אים איז פֿאַרבונדן אַן אינטערעסאַנטע געשיכטע. אין דערבײַיִקן דאַטשעאָרט דרוזגעניק האָט זיך איין זומער באַקאַנט מיט אים אַ פּריצטע, אַן אַלמנה פֿון אַ רוסישן גענעראַל. זי איז געוואָרן אַנטציקט פֿון רבֿ. ווען זי איז געשטאָרבן דעם זעלביקן זומער, איז דער רבֿ געגאַנגען צו איר לוויה, וואָס האָט אַרויסגערופֿן גרויס שטוינונג בײַ די ייִדן. אָבער עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די גענעראַלשע אַלמנה האָט געלאָזן פֿאַרן רבֿ איר גאַנצן מאַיאָנטעק און ווערט פֿון אַ פֿערטל מיליאָן רובל.

ער איז נאָך יאָרן לאַנג געבליבן דאָ רבֿ און ערשט אָנהייב ערשטן וועלטקריג אַוועק קיין רוסלאַנד.

אין נאָוועמבער 1942 זײַנען די נאַציס אין מיטן נאַכט באַפֿאַלן די ייִדן, וואָס זײַנען שפּעטער אָפּגעפֿירט געוואָרן קיין טרעבלינקע.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — „ליטע", I., ז' 1553‑1559.

# ראַסיין RASEINIAI

קרײַזשטאָט פֿון 1796, פֿריִער אין ווילנער גובערניע, שפּעטער אין קאָוונער גובערניע. איינע פֿון די עלטסטע שטעט אין ליטע. ווערט דערמאָנט אין דאָקומענטן פֿון דרײַצנטן יאָרהונדערט. אין 1251 האָט פֿירשט מינדאוגאַס עס אָפּגעגעבן דעם ליוואָנישן אָרדן. 1421 האָט וויטאָוטאַס דער גרויסער דאָ אויסגעבויט אַ הילצערנע קירך. סוף פֿופֿצנטן יאָרהונדערט באַקומען מאַגדעבורג־רעכט. נאָך דער פֿאַראייניקונג פֿון פּוילן און ליטע (1559) איז ראַסיין געוואָרן אַ שטיק צײַט די חשובֿסטע שטאָט אין זאַמעט, געווען אויך איר הויפּטשטאָט.

אויך די ייִדישע קהילה איז פֿון די עלטערע אין ליטע. אין 1639 האָבן ייִדן אָנגעהויבן זיך באַזעצן דאָ. אין 1662 האָבן דאָ געלעבט 50 ייִדישע מענער און 61 פֿרויען — דאָס איז אַרום 200 ייִדן. אין מיטן זיבעצנטן יאָרהונדערט האָבן דאָ געוווינט מערערע ייִדן. אָבער איינצלנע ייִדן האָבן זיך דאָ פֿאַרנומען מיט אַרענדע אַ סך יאָרן פֿריִער. צווישן די ייִדישע קהילות פֿאַר 1689 ווערט דערמאָנט ראַסיין. די שטאָט האָט געהערט צו קיידאַנער גליל פֿון „ועד ליטא" (געשאַפֿן 1623). אין „פּנקס מדינת ליטא", סימן תתקמח [תתקנח], אין די תּקנות פֿון תּקי״ב (1752), ווערט דערמאָנט ק״ק ראַסין.

אין 1842 האָבן דאָ געלעבט 7455 אײַנוווינערס, די מערהייט ייִדן, 1897 — 3484 ייִדן, פֿאַר דער ערשטער וועלט־מילחמה — בײַ 4000 ייִדן אויף 6000 קריסטן, אין 1923 — 2035 און פֿאַרן חורבן — בײַ 1900. ראַסיין האָט אויסגעמיטן דעם גירוש־ליטע אין 1915.

צו דער ייִדישער קאָלאָניע פּרעני (לעבן שידלעווע), געגרינדעט אויף אומזיסטער רעגירונג־ערד אין 1854, זײַנען אויך צוגעקומען 8 מישפּחות פֿון ראַסיין און לידעוויאַן. עטלעכע מישפּחות פֿון ראַסיין זײַנען אויך געווען אין דער ייִדישער

קאָלאָניע באַלטמישקי, לעבן שידלעווע. אין די 1860ער האָבן אַ סך ייִדן געלעבט אין די אַרומיקע דערפֿער.

ראַסיין האָט שטאַרק געליטן פֿון דעם, וואָס די שטאָט האָט לאַנגע צײַטן ניט געהאַט קיין שאָסייען, וואָס זאָלן זי פֿאַרבינדן מיט דער גרויסער וועלט. אויך די באַנסטאַנציע איז געווען ווײַט פֿון איר. דער עקאָנאָמישער מצבֿ האָט זיך נאָך מער פֿאַרערגערט, ווען זאַמעט איז איבערגעגאַנגען צו רוסלאַנד (1795). קלאָר, אַז דאָס האָט זיך שאַרף אָפּגערופֿן אויף דער ייִדישער עקאָנאָמיק אין שטאָט.

אין ערשטן פּוילישן אויפֿשטאַנד פֿון 1831 האָבן ייִדן געליטן פֿון ביידע זײַטן — פֿון די פּוילישע אויפֿשטענדלערס און פון די צאַרישע קאָזאַקן.

צווישן 1836 און 1911 זײַנען געווען 580 ראַסיינער פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים — די גרעסטע צאָל פֿון גאַנץ ליטע.

ראַסיין איז איינע פֿון די 19 קהילות, וואָס האָבן זיך אָפּגעזאָגט אויס־צופֿירן דעם רעגירונג־באַפֿעל פֿון 1843, אַז ייִדן, וואָס וווינען ווייניקער ווי 50 וויאָרסט פֿון דער מערבֿ־גרענעץ, מוזן פֿאַרלאָזן זייערע הײַזער און זיך באַזעצן טיפֿער אין רוסלאַנד.

1865 האָט אַ גרויסע שׂריפֿה אָנגעמאַכט חורבונות אין שטאָט. שׂריפֿות זײַנען געווען אין 1883, 1886 — 200 מישפּחות זײַנען געוואָרן נשׂרפֿים. מען האָט דורכגעפֿירט פֿאַר זיי אַן אָוונט. הילף איז אויך געקומען פֿון ייִדישן פֿרויען־פֿאַראיין בראָש מיט סאָפֿיאַ ראַכאָוויצקאַ. פֿון דרום־אַפֿריקע איז אָנגעקומען געלט פֿאַר די געליטענע דורך די ברידער לאַק־ניצקי. אין דער שׂריפֿה פֿון 1888 זײַנען אַראָפּ מיטן פֿײַער 30 ייִדישע הײַזער. מיניסטער מוראַוויאָוו האָט געשיקט 800 רובל פֿון רעגירונג־קאַסע.

אין די הונגעריאָרן איבער גרויסע טיילן פֿון ליטע אין 1869־1871 האָט דאָ עקסיסטירט אַ קאָמיטעט צו העלפֿן ייִדישע אָרעמעלײַט. גרויסע טישן זײַנען געווען אויסגעשטעלט לעבן בית־מדרש פֿאַר 1500 מענטשן. יעדער נייטיקער האָט אויך געקראָגן אַ פֿונט ברויט אַ טאָג. די „תּומכי עניים״ האָבן געגעבן 500 רובל און דער צענטראַלער הילף־קאָמיטעט אין מעמל האָט אַ סך געהאָלפֿן. כאָטש דאָס ייִדישע ראַסיין האָט גדעדאַרפֿט באַזאָרגן די אייגענע הונגער־לײַדנדיקע, האָט מען געשיקט הילף אויך פאר הונגעריקע ייִדן אין אַנדערע שטעטלעך פֿון ליטע. אין אַ גרויסער רשימה פֿאַר דאָרטיקע הונגער־געטראָפֿענע ייִדן פון 1871 זײַנען דאָ אַ סך ראַסיינער. די קלײַבערס: י. בירמאַן, י.א. דוואָרקאָוויץ.

1878 האָט מען אויסגעבויט דאָס קראַנקנהויז. 1879 איז געשאַפֿן געוואָרן דער ביקור־חולים.

1879 איז אַ שרעק באַפֿאַלן ייִדן צוליב אַ פֿאַרפֿאַלן קריסטלעך מיידל. עס זײַנען פֿאַרשפּרייט געוואָרן פלוגבלעטלעך אין שטאָט, אַז מען גרייט זיך באַפֿאַלן ייִדן

און פֿאַרברענען ייִדן. אַ דאַנק דער גיכער אינטערוועניץ פֿון קרײַזשעף איז אויסגע־מיטן געוואָרן אַ פּאָגראָם.

1880־1881 איז אויפֿגעשטעלט געוואָרן אַ גמ״ח מיט אַ גרונט־קאַפּיטאַל פֿון 500 רובל. דער הויפּטגעבער — ר׳ אַבֿרהם־עבער לוריע. צוליב דער הונגער־נויט האָט מען אײַנגעפֿירט וואָכערס, בראש מיט דער פֿרוי פֿון גבֿיר יוסף ראַכאָוויצקי. מען האָט אויסגעגעבן 80 רובל אַ חודש. זי און נאָך פֿרויען דאָ האָבן אײַנגעאָרדנט אַן אומזיסטע קיך פֿאַר 40 מישפּחות. 70 פּאָר שיך האָט מען פֿאַרטיילט אָרעמעלײַט. האָלץ האָט מען פֿאַרקויפֿט ביליק.

1884 איז געוואָרן אַ בלוט־בילבול צוליב אַ קריסטלעך ייִנגל, וואָס האָט געגנבעט אַ הון בײַ אַ ייִדן, וואָס האָט אים נאָכגעיאָגט צו כאַפּן. קוים־קוים האָבן די צעבושעוועטע פּויערים זיך באַרויִקט.

1893 האָט זיך פֿאַרשפּרייט אַ כאָלערע־עפּידעמיע. געוואָרן מערערע טויט־פֿאַלן. אַ סך האָבן געהאָלפֿן ד״ר לונץ, ד״ר אַבֿרהם באַנער. הילף איז אויך געקומען פֿון אַנדערע שטעט, טייל פֿון זיי ראַסיינער אָפּשטאַמיקע: אליהו מאַנאָוואָסקי (פּעטער־בורג), ד״ר גוסטאַוו גאַוורהאַלאָוויץ (מינסק), א. רובנאָווסקי (מאָסקווע), ברידער לוריע (שאַוול).

צוליב דער עפּידעמיע האָט זיך שטאַרק פֿאַרערגערט דער עקאָנאָמישער מצבֿ פֿון שטאָט. אין געשאַפֿענעם קאָמי־טעט צו העלפֿן קראַנקע און אָרעמע זײַנען אַרײַן: קאַזיאָנער ראַבינער אַבֿרהם־אַבלי יפֿה, משה־יצחק קאַמבער, פֿרוי פֿון ד״ר מאַנקאָווסקי. ניט געקוקט אויפֿן שלעכטן מצבֿ, האָט מען אויפֿגעקליבן 260 רובל פֿאַר נשׂרפֿים פֿון אַנדערע שטעטלעך. די אָרגאַניזאַטאָרן: אַדוואָקאַט כאַנאַק, מ.י. קאַמבער, מו״צ וד״צ ר׳ אַבֿרהם־יצחק ראַבינאָוויץ, מאיר סטאָלעוויץ.

אין 1894 האָט מען געגעבן אָרעמע ייִדן האָלץ צוויי מאָל אַ וואָך. דאָס פֿלעגט דורכפֿירן רפֿאל־אָשר־יאָסל, וואָס האָט געזאַמלט אויף דעם 700 רובל.

ייִדן האָבן זיך באַשעפֿטיקט מיט קרעמערײַ, מלאכה און מיסחר, מערסטנס מיטן עקספּאָרט פֿון תּבֿואה און האָלץ. אַ צאָל ייִדן זײַנען געווען לאַנדווירטן. אין 1887 האָט דער פּוילישער פּריץ געעפֿנט 3 גרויסע קראָמען מיט פֿאַרשיידענע סחורות, וואָס האָבן געשעדיקט ייִדישע קרעמערס. זיי האָבן אָבער לאַנג זיך ניט געהאַלטן.

**השׂכּלה, שולן.** — זאַגער און ראַסיין זײַנען די ערשטע שטעט אין ליטע, וווּהין די בערלינער השׂכּלה איז אַרײַנ־געדרונגען (קאָוונע איז אַ קאַפּיטל פֿאַר זיך). ד״ר יצחק פֿײַנבערג פֿון קאָוונע, פֿון אַבֿרהם מאַפּוס תּלמידים, האָט געשריבן: „שני מקורים נאמנים, שמהם היו מֵי החכמה מפּכּים: ראַסיין וזאַגער״. וועלכע פֿון די צוויי איז געווען די ערשטע?

וועגן דער השׂכּלה אין ראַסיין זײַנען דאָ אינטערעסאַנטע זיכרונות אין **השלח**, דעם וויכטיקסטן העברעיִשן זשורנאַל בשעתו. דער שרײַבער איז יונדבֿ פֿראַנק, און כאָטש ער איז ניט קיין

ראַסיינער (געבאָרן 1860 אין קאָווגע), איז קענטיק פֿון זײַנע זיכרונות, אַז זיי זײַנען גענומען פֿון פֿאַרלאָזלעכע מקורות. ער האָט געמוזט זײַן אין ראַסיין אַ סך יאָרן, ווי דאָס ווײַזט דאָס קומען צו אים פֿון שניאור זק״ש און מאַנדעלשטאַם.

פֿראַנק דערציילט, אַז נאָך נאַפּאָלעאָנס מפּלה אין רוסלאַנד (1812), זײַנען אַ צאָל מיליטער־לײַט פֿון זײַן אַרמיי געבליבן אין ליטע. איינער אַזאַ, אַ ייִדישער אָפֿיציר פֿון עלזאַס, וואָס ער האָט פֿאַרגעסן זײַן נאָמען, איז געבליבן אין ראַסיין. ער האָט זיך גענומען פֿירן אַן אַגיטאַציע צו פֿאַרבעסערן די דערציִונג פֿון די ייִדישע קינדער און די אַלגעמיינע בילדונג פֿון דערוואַקסענע ייִדן. ער אַליין האָט געלערנט אומזיסט מיט אַלע, וואָס האָבן געוואָלט, דײַטש, פֿראַנצייזיש, חשבון, געאָגראַפֿיע און אַנדערע לימודים. בײַ אים האָט זיך געלערנט אַבֿרהם שאַפּיראָ, יאָרן שפּעטער אַ דאָקטער אין קאָוונע, הירש שאַפּיר (אָדער ספּיר), שפּעטער פֿאַרמאַצעווט. פֿון זאַגער זײַנען געקומען צו אים די שפּעטער באַרימטע אַריה־לייב מאַנדעלשטאַם און שניאור זק״ש. ערשט קומענדיק צוריק פֿון ראַסיין קיין זאַגער האָט מאַנדעלשטאַם דאָרטן אָנגעהויבן צו פֿאַרשפּרייטן די השׂכּלה. לויט יונדבֿ פֿראַנק קומט אויס, אַז דער ייִדישער אָפֿיציר פֿון עלזאַס איז געווען איינער פֿון די ערשטע צו פֿאַרשפּרייטן השׂכּלה אין ליטע און אַז זאַגער האָט עס אָנגעהויבן **נאָך** ראַסיין.

וועגן דער השׂכּלה־ערשטקייט פֿון ראַסיין האָט קלאָר געשריבן אפֿרים דיינאַרד: „בימים מקדם הצטינה העיר הזאת [ראַסיין] בחכמה והשׂכּלה **ראשונה** לכל ערי רוסיא" — אָבער דיינאַרד, באַקאַנטער העברעיִשער שרײַבער אין זײַן צײַט, איז בדרך כּלל ניט געווען צו אָפּגעהיט אין דער פּינקטלעכקייט פֿון זײַנע רייד. שוין די גוזמא פֿון „לכל ערי רוסיא" איז אַ ראיה פֿאַר דעם.

אַ גרויסער פֿאַקטאָר אין פֿריִען אויפֿקום פֿון דער השׂכּלה אין ראַסיין איז דער פֿאַקט, וואָס דאָרטן האָבן צענדליקער יאָרן אין פֿאַרשיידענע צײַטן געלעבט באַרימטע משׂכּילים, מלומדים און שרײַבערס. פֿון דער אַנדערער זײַט, אויב דער צוציִונג־כּוח פֿון ראַסיין איז געווען אַזוי גרויס צו לאָקן אַהין משׂכּילישע פּערזענלעכקייטן פֿון אַנדערע ערטער, איז דאָס אַ סימן, אַז די שטאָט גופֿא איז שוין געווען גײַסטיק רייף זיי אויפֿצונעמען.

איינער פֿון די ערשטע אויסנ־שטאָטישע באַרימטקייטן איז געווען אַבֿרהם מאַפּו, וואָס איז געקומען אַהער אין 1835 און דאָ אָפּגעוועזן זיבן יאָר. ער האָט געזאָגט אויף ראַסיין: „עיר חכמי לבֿ, אוהבֿי עמם ושׂפֿת קדשו". האָט אָפֿט געבענקט נאָך דער ראַסיינער תּקופֿה. מאַפּו האָט שוין געפֿונען אין ראַסיין לערער־משׂכּילים מיט אייראָפּעיִשער בילדונג.

אַ צײַט מיט אים איז דאָ געווען שניאור זק״ש, וואָס האָט, מיט זײַן גרויסן אינטעלעקט, געהאַט אַ געוואַלדיקע השפּעה אויף מאַפּון. געווען אין ראַסיין 1842־1843

פּריוואַט־לערער אין גאָלדבערגס הויז.

אין דער חבֿרה פֿון שניאור זק״ש איז געווען אליהו נײַווידל, מחבר פֿון **מורה שׂפֿת עבֿר** (וואַרשא, 1874), **אם לבנים** (וואַרשא, תּרמ״ב). געבאָרן 1821 אין נײַשטאָט־טאַווריק, געשטאָרבן 1886 אין וואַרשע, ווו געווען לערער 30 יאָר.

אין ראַסיין האָבן אויך געלעבט אין פֿאַרשיידענע צײַטן פּראָפֿ׳ הערמאַן שאַפּיראָ, עמנואל סאָלאָווייטשיק. מאַרקוס וואָלפּערט און אַנדערע געלערנטע. סאָלאָווייטשיק האָט אין די 1850ער זיך באַזעצט אין אַדעס, ווו אַרויסגעגעבן, צוזאַמען מיט ד״ר לעאָ פּינסקער, די צײַטשריפֿט **ציון** (רוסיש). געשטאָרבן אין פּעטערבורג.

*

אין 1853 איז דאָ געשאַפֿן געוואָרן אַ ייִדיש־רוסישע שול (קרוינשול). 1865 האָט נאָך עקסיסטירט די שול. נײַן יאָר איז דאָ געווען לערער זלמן גינצבורג. ער איז אויך געווען לערער פֿון ייִדישער רעליגיע אין דער רוסישער גימנאַזיע. יעדער יאָר האָבן זיך געלערנט 70־80 תּלמידים אין דער קרוינשול. די לימודים: תּנ״ך, דיקדוק, רוסיש, דײַטש, מאַטעמאַטיק, געאָגראַפֿיע. ערשטער אינספּעקטאָר — לאַשקעוויטש, זײַנע געהילפֿן — גבֿיר גאָלדבערג, יבֿנה. אין 1865 איז געווען אינספּעקטאָר רובינאָוויץ. רײַכערע ייִדן האָבן געשיקט זייערע קינדער אין אַלגעמיינע שולן, אויך קיין אויסלאַנד.

אין 1864 האָט דוד מאיראָווסקי, אַ ראַסיינער בעל־הבית, אַוועקגעשיקט אַזאַ פֿאָרשלאָג צו דער פּעטערבורגער „חבֿרה מרבי השׂכלה בישׂראל״: קינדער, וואָס ווערן אָנגענומען אין ייִדישע שולן, זאָלן ראשית־כּול עקזאַמינירט ווערן, אויב זיי האָבן פֿעיִקייטן צום לערנען; אויב ניט, זאָלן זיי גלײַך אָפּגעגעבן ווערן צו אַ בעל־מלאכה אויף 4־5 יאָר. קהל דאַרף צאָלן פֿאַר דעם, די קינדער דאַרפֿן געשטיצט ווערן, און מען דאַרף זיי אויך לערנען דת און שרײַבן. מאיראָווסקי האָט נאָך צוגעגעבן, אַז אָנשטאָט זיך צו סטאַרען צו שאַפֿן אַלגעמיינע מלוכה־שולן פֿאַר ייִדן, זאָל מען בעסער גרינדן ייִדישע מלאכה־שולן, ווו אַ דריטל צײַט זאָל אָפּגעגעבן ווערן פֿאַר ייִדישע לימודים.

אין זעלביקן יאָר האָט מאיר־אָווסקי געבעטן די „מרבֿי השׂכּלה״ אין אַ בריוו צו העלפֿן די ייִדישע ערד־אַרבעטערס אין קאָוונער גובערניע. אַ קאָפּיע פֿון דעם בריוו, געשיקט צום ווילנער גובערנאַטאָר נאַזימאָוו, איז לויט זײַן באַפֿעל אָפּגעדרוקט געוואָרן אין **ווילענסקי וויעסטניק**. אין יענעם בריוו ווערט די רעגירונג געבעטן, אַז בײַם צעטיילן די רעקוויזירטע ערד פֿון פּויִלישע פּריצים, זאָל מען געבן ערד אויך צו ייִדן און דורך דעם ראַטעווען פֿיל ייִדישע מישפּחות פֿון הונגער.

אין 1863 האָט דאָ גוט פֿונקציאָנירט אַ תּלמוד־תּורה מיט 42 קינדער. געווען צוויי מלמדים. מען האָט געלערנט חומש מיט רש״י, אַ ביסל גמרא, דיקדוק. מערערע קינדער האָבן געליטן הונגער.

פּירשט אָגינסקי, דער אָדון פֿון ריטעווע, האָט שוין 14 יאָר געגעבן יערלעך 100 רובל פֿאַר דער תּלמוד־תּורה, ווי אויך באַקליידט און באַשוכט די קינדער. לויט דעם קומט אויס, אַז די תּלמוד־תורה האָט שוין עקסיסטירט אין 1849. אין 1889 האָט פּאָליציי פֿאַרמאַכט די תּלמוד־תּורה, ווײַל מען לערנט ניט די נייטיקע וועלטלעכע לימודים. געווען אַ קלאָרע מסירה. נאָך לאַנגע שתּדלנותן האָט מען עס ווידער אויפֿגעעפֿנט אין 1891.

אין 1888 האָבן יִדן געעפֿנט אַ שול צו לערנען יִדישע קינדער מלאכות. דער ערשטער אָפּטייל — שלאָסערײַ.

אין די 1890ער יאָרן זײַנען דאָ געווען אַרום 50 מלמדים מיט אַ 500 תּלמידים. אין מערסטע חדרים האָט מען געלערנט אויך רוסיש און חשבון. שׂכר־לימוד איז געווען 4 רובל אַ יאָר [אַ „זמן"?].

אין 1910 איז דאָ געגרינדעט געוואָרן אַ סניף פֿון דער העברעיִשער ליטעראַטור־געזעלשאַפֿט אין פּעטערבורג. מען האָט געוואָלט שאַפֿן אַ העברעיִשע ביבליאָטעק — אַ יִדישע איז שוין געווען.

**ארץ־ישׂראל.** — ראַסיין איז פֿאַרבונדן מיט ארץ־ישׂראל שוין פֿון די 1860ער יאָרן. אויף אַן אַלטן בית־עולם אין ירושלים זײַנען דא מצבֿות פֿון ראַסיינער אין די 1870ער:

יוסף הכּהן מראַסיין, תּרל"א.
אברהם בר' יהודה סג"ל מראסיין, ש"ץ, תּרל"ט.
משה בר' יהושע פֿאלק מראַסיין, תּרנ"א.

אין 1886 האָט שוין דאָ עקסיס־טירט אַ סניף חובֿבֿי־ציון. אין 1890 איז דאָ געשאַפֿן געוואָרן די אגודה „בנות ציון ושׂפה ברורה". אין דער אגודה זײַנען אָרגאַניזירט געוואָרן 40 מיידלעך, וואָס לערנען דרײַ מאָל אַ וואָך עבֿרית און יִדי־שע געשיכטע. די אָנפֿירערין איז געווען נחמה לפידות, טאָכטער פֿון רבֿ ר' משה־אַלכסנדר. איר בײַהילפֿיק זײַנען געווען פּרל' הורוויץ און דער משׂכּיל טאָוו. די לערערס, אין פֿאַרשיידענע צײַטן, זײַנען געווען: א.ש. זאַקס, אַלבערט מאַנקאָווסקי, יוסף־יוזל מאָגילניצקי.

אין אַ ריי רשימות (אַלע אין **המליץ**) פֿון מנדבֿים צו העלפֿן בויען ארץ־ישׂראל געפֿינען זיך זייער פֿיל ראַסיינער: פֿון 1898 — מורשה חיים־ישׂראל זאַקס; 1899 — מורשים אַבֿרהם־אַבא קליוואַנ־סקי, יצחק אַגושעוויץ, ח.י. זאַקס; 1900 — מורשה יהודה וויגאָדסקי, אַקטיוו יהודה זילבערשטיין. אין דער רשימה פֿון 1903 זײַנען דאָ בײַ 250 נעמען.

אין **חשבון הנדבֿות** פֿון 1907 ווערן אויסגערעכנט די ווײַטערדיקע ראַסיינער: יעקבֿ ווײַנשטאָק, ב.מ. אַבראַ־מאָוויץ, חיים־צבֿי פֿרידמאַן, אַבֿרהם־לייב בערמאַן, מאיר זיסמאַנאָוויץ, ברוך לעוו־יאַש, משה מוזיקאַנסקי, צמח וואָלפֿע, אַבא לעווין, אַבא קליבאַנסקי, העשל מאַני־שעווסקי, אַגושעוויץ, אַבֿרהם פּאַסעל.

אויך די „אגודה" האָט געהאַט אַ גרעסערן קרײַז מיטגלידער און שטיצערס.

אין איין ליסטע פֿון 1913 בײַשטײַערערס ווערן אויסגערעכנט: הרבֿ מוהרי״מ קלאַצקין, הרבֿ מוהרא״ש כּץ, הר״מ שמואל־זלמן אָסאָווסקי, שמעיה דאָרפֿמאַן, משולם־פֿישל בער, עזריאל זיוו [?], אוריה זאַכער, אַבֿרהם־אליהו פֿאַסעל, עזריאל אהרנסאָן, לייב שמאָלאָוויץ, אָשר צירלין, שמואל־יצחק גער, לייב קאַפּלאַן, חיים־משה וואַלאָזענסקי, יעקבֿ שראָלאָוויץ, משה בערנשטיין.

*

דער „בונד״ איז געווען אַקטיוו אין זײַן אונטערערדישער אַרבעט. די מערסטע חבֿרים זײַנע זײַנען געווען אַרבעטערס. אין די אומלעגאַלע גאַסן־דעמאָנסטראַציעס פֿון ערשטן מײַ פֿלעגט דער „בונד״ זיך באַטייליקן צוזאַמען מיט די קריסטלעכע רעוואָלוציאָנערע אַרבעטערס. וועגן איינער אַזא ערבֿ־דעמאָנסטראַציע ווערט איבערגעגעבן: אין אַלע שולן און קלויזן זײַנען אויסגעקלעפּט געוואָרן מודעות פֿון רבֿ און דעם גאנצן בית־דין מיט אַזאַ אינהאַלט: „אַזוי ווי אין ראַסיין וויל מען אַ רעוואָלוציע (דאָס הייסט, מענער און פֿרויען וועלן אַרויס אין גאַס מיט רויטע פֿענער), בעטן מיר די עלטערן אַכטונג געבן אויף זייערע קינדער, אַז זיי זאָלן דאָס ניט טאָן, ווײַל דער הער איספּראַווניק איז דערפֿון זייער געערגערט״.

דער „בונד״ איז געווען זייער אַגרעסיוו קעגן ציוניזם, באַזונדערס אין זײַנע ערשטע יאָרן. אזוי, למשל, האָבן בונדיסטישע אַקטיוויסטן, צוזאַמען מיט סיימיסטן, אין 1906 זיך אַרײַנגעריסן אויף אַ ציוניסטישער פֿאַרזאַמלונג, אַוועקגעשטופּט דעם ציוניסטישן רעדנער פֿון דער פּלאַטפֿאָרם און אַרויפֿגעשטעלט אַ בונדישן רעדנער.

אין די פֿאַרשיידענע אומלעגאַלע אויסגאַבעס פֿון „בונד״ געפֿינען זיך קאָרעספּאָנדענציעס וועגן זײַן טעטיקייט אין ראַסיין און אַנדערע שטעט.

**רבנים.** — ר׳ אַבֿרהם בר׳ חיים ליסקער, אַרום מיטן זיבעצנטן יאָרהונדערט. געבאָרן אין פּויזן,[1] שפּעטער אַ תּושבֿ אין בריסק. ניפֿטר געוואָרן 1684 בײַם דורכפֿאָרן האַנאָווער. מחבר פֿון די פּירושים **באר אַבֿרהם** און **מֵי באר** אויף משניות **זרעים** (פ״פ דאדר, תּכ״ה) און **מועד ונשים** (דאָרטן, תּמ״ג; אַמשטרדם, תּפ״ו). אויף **באר אַבֿרהם** איז דאָ די הסכּמה פֿון ר׳ יהודה זונדל אב״ד קיידאַן והגליל און ר׳ הלל בר׳ נפֿתּלי [הירץ] אב״ד קיידאַן. זײַנע חידושי־תּורה געפֿינען זיך אין **ברכת אַבֿרהם** (זלקווא, תּקי״א) פֿון זײַן אייניקל אַבֿרהם זבאַרזער, מ״מ אין זאַמאָשטש. איינער פֿון די ערשטע רבנים אין זאַמעט. לויט זײַן אור־אור־אייניקל ר׳ ברוך קאָהן, איז דער שלשלת־היוחסין פֿון ר׳ אַבֿרהמען אַזאַ: זײַן (קאָהנס) באָבע בת־שבֿע, פֿרוי פֿון הגאון ר׳ נתן־נטע אב״ד ראַסיין, בן הגאון

---

1) אַזוי לויט זײַן אור־אור־אור־אייניקל ברוך קאָהן. — אין **יהדות ליטא**, ג׳, ע׳ 360: געבאָרן אין ראַסיין.

ר׳ מרדכי [ראַבינאָוויץ] אב״ד ראַסיין, בן הגאון ר׳ זאבֿ־וואָלף אב״ד ראַסיין, בן הגאון ר׳ אַבֿרהם ליסקער.

זײַן זון ר׳ זאבֿ־וואָלף, ניפֿטר געוואָרן 1720. זײַן מצבֿה האָט זיך געפֿו־נען אויפֿן אַלטן ראַסיינער בית־עולם. אין **בן אורי** לר׳ אוריה מווילנא (זלקווא, תּפּ״ט, דף ל״ג) ווערט דערמאָנט ר׳ זאבֿ וואָלף אב״ד ראַסיין.

זײַן זון ר׳ משה־מרדכי ראַבי־נאָוויץ, ניפֿטר 1760 אין ראַסיין. ער האָט געזאָגט: „ממנו י״א דורות רבנים כסדר״ אין ראַסיין, ווו זיי זײַנען אַלע ניפֿטר גע־וואָרן. „עיר ווילנא״ איז זייער אָפּגעהיט וועגן די דאָזיקע רייד און זאָגט: „אָם קבלה היא נקבל״. אָבער אָן קבלה מוז מען זאָגן, אַז עס לאָזט זיך בשום אופֿן ניט אויסשטעלן כראָנאָלאָגיש 11 דורות רבנים־ראַבינאָוויץ אין ראַסיין פֿאַר ר׳ משה־מרדכין.

זײַן זון ר׳ נוח־נתן־נטע ראַבי־נאָוויץ, ניפֿטר געוואָרן 1805 [?] אין ראַסיין. איידעם פֿון ר׳ משולם־זלמן קאַצענעלענ־בויגן, אב״ד אייראַגאָלע און קיידאַן והגליל. ר׳ נוח איז דער פֿאָטער פֿון הגאון ר׳ אליהו ראַגאָלערס מאַמען.

זײַן זון ר׳ דובער ראַבינאָוויץ, ניפֿטר געוואָרן 1843 אין ראַסיין. האָט הסכמה אויף **פרי יצחק** (ווילנא, תּקצ״ד) פֿון ר׳ יצחק אב״ד שקוד און אויף ש״ס ווילנא (תּקצ״ה, בעת דער גרויסער מחלוקת מיט סלאַוויטאַ).

ר׳ משה בר׳ יעקבֿ צייטלין, גע־באָרן 1812 אין שקלאָוו. פֿון 1848 ביז 1856. אין לעצטן יאָר זײַנען סטראַזשניקעס געקומען אין בית־כּנסת און געשמידט דעם רבֿ מיט קייטן. געשען איז עס צוליב אַ מסירה פֿון צוויי יידן. מען האָט ר׳ משהן אָפּגעפֿירט מיטן עטאַפּ, אָבער אויפֿן וועג באַפֿרײַט געוואָרן אין פּלונגיאַן. ניפֿטר 1857 אין גאָרזד. האָט חידושי־תּורה אין **קהלת יצחק**, יצחק בר׳ ניסן (ווילנא, תּר״ס, ע׳ 166).

ר׳ אַבֿרהם־שמואל בר׳ יהודה ראַבינאָוויץ, געבאָרן 1809. רבֿ אין סקידל (גראָדנער גובערניע), איישישאָק, ראַסיין, דערנאָך ווידער אין איישישאָק. געווען אַ געדריקטער אָרעמאַן, אָבער זײַן שטוב איז תּמיד געווען אָפֿן פֿאַר אָרעמעלײַט. זיך געגרייט עולה צו זײַן קיין ארץ־ישׂראל, אָבער ניפֿטר געוואָרן 1869 אונטערוועגס אין פּאַלאָנגע (גאָרזד?). בעל **עמודי אֵש** (ווילנא, תּרל״א). האָט תּשובֿות אין **עמודי אור**, יחיאל העליר, סימן צ״ה; **דבֿרי משה**, משה זאַקס (ווילנא, תּרל״ח, ע׳ מ״ז, נ״ו). הסכמות אויף: **זכרון אַברהם** (ווילנא, תּרי״ט, אויף **הגדה**), **ערי יהודה** (ווילנא, תּרכ״ח, אויף **שיר השירים**), **אבן שלמה** (ווילנא, תּרל״ז).[2]

ר׳ אַלכּסנדר־משה אבֿן לפּידות, געבאָרן 1819 אין ווילנע. רבֿ אין יאַנעווע, אין אַ פֿאָרשטאָט פֿון גראָדנע און פֿון 1866 ביז זײַן פּטירה י״א אדר תּרס״ו אין ראַסיין.

---

2) אין מ.י. עדעלמאַנס **חכם ושר** איז בטעות אָנגעגעבן: ניפֿטר 1906. דאָס זעלביקע אין **יהדות ליטא**, ג׳, ע׳ 360, אָבער אויף עמוד 88 — מער־ווייניקער ריכטיק: 1868.

האָט אַ סך געשריבן דברי־תורה און אַר־טיקלען אין די מערסטע העברעיִש־רעלי־גיעזע צײַטשריפֿטן: **הלבֿנון, התבֿונה, הפלס, יַגדיל תורה, הירח, עץ חיים א״א.** אַנדערש מאָל געחתמעט זײַנע אַרטיקלען: אמבצה״ל (אַלכסנדר משה בן צבֿי הירש לפּידות). פֿון די הייסטע אָנהענגערס פֿון ר׳ ישׂראל סאַלאַנטערס מוסר־שיטה. גרויסער שטיצער פֿון חיבת־ציון. זיך באַטייליקט 1885 אין דער קאָנפֿערענץ פֿון חובֿבֿי־ציון אין דרוזגעניק. האָט שאַרף געקעמפֿט קעגן די משׂכּילים, אָבער האָט געפֿאָדערט פֿון די רבנים סבֿלנות כּלפּי זיי, כּדי אָפּצוהיטן די אַחדות פֿון פֿאָלק. אַ רמז אויף דעם איז דאָ אין דעם בשעתו באַקאַנטן ראָמאַן **הדת והחיים** פֿון ראובֿן־אָשר ברוידס (חלק ג׳, 60־61, 76). אין זײַן גרויסן וויכּוח מיט משה־לייב ליליענבלום (אין **המליץ**) וועגן מינהגים, וואָס יענער זאָגט, אַז זיי זײַנען ניט מן התּורה, האָט ער פֿונדעסטוועגן געפֿונען פֿאַר נייטיק צוצוגעבן וועגן ראש־המשׂכּילים: „לא בחרפות וגדופים יַשמיע קולו״. אויף דער עלטער איז ער געוואָרן כּמעט בלינד. אין דיינות האָט אים געהאָלפֿן דער מורה־הוראה ר׳ אַהרן־שמואל כּץ. זײַן שווער (בזיווג שני), ר׳ יעקבֿ בענדיטמאַן, אבֿ״ד בויסק, און (בזיווג שלישי) שווער ר׳ חיים־יהודה־לייב טיקטינסקי, ר״מ מיר. —

חיבורים: אבֿני זכּרון (וואַרשע, תרנ״ז). **דבֿרי אמת** (ווילנע, תּר״ע), [אָן מחברס נאָמען]. אַ סך חידושים און פּירו־שים זײַנען געבליבן אין כּתבֿ־יד. אין **זכרון יעקבֿ**, ר׳ יעקבֿ בענדיטמאַן, (ווילנע, תּרל״ד) געפֿינען זיך זײַנע חידושי־תּורה. הסכּמות: **בית יצחק** (ווילנא, תרכ״ו), **אַמתּחת בנימין** (ווילנא, תּרל״ג), **דבֿרי משה**, משה זאַקס (ווילנא, תּרל״ח), **באר יעקבֿ** יעקבֿ ווילענציק (ווילנא, תּר״מ), **דור ודורשיו**, אליעזר אפֿרתי (ווילנא, תּרמ״ט), **דברי יצחק** (ווילנא, תּרמ״ג), **ברכת יצחק**, יצחק איזאַקסאָן (ווילנא, תּרנ״ב), **חרוזי המְצוֹת**, יוסף־יוזל ראַטנער (וואַרשע, תּרנ״ב), **חמדת שחל**, אליהו־דובֿ בר׳ ישׂראל־דוד (וואַרשע, תּרס״ב), **אמרי שפֿר, מנהגי ישֻׁרון**, שמואל־נפֿתּלי עפּשטיין, א.א. הירשאָוויץ (ווילנא, תּרע״ו). אַ מכתּבֿ־המלצה אויף **בינה לעִתּים**, משה זאַק.

ר׳ משה הלוי סאָלאָווייטשיק, געבאָרן 1878 אין וואָלאָזשין, צו זײַן פֿאָטער הגאון ר׳ חיים בריסקער. דאָ רבֿ פֿון 1908, שפּעטער רבֿ אין כאַסלאַוויטש און אַנטאָפּאָל (גראָדנער גובערניע), פֿון 1931 ר״מ אין דער ישיבֿה א״נ פֿון ר׳ יצחק־אלחנן אין ניו־יאָרק, וווּ ניפֿטר געוואָרן אין 1941. מען האָט אים אויך גערופֿן ר׳ משה ראַסיינער. אין ראַסיין האָט ער געשאַפֿן אַ „קיבוץ״ פֿון תּלמידים בעלי־כּשרונות. ר׳ מנחם־מענדל קראַקאָווסקי, אבֿ״ד נאָוואַרעדעק, בעל **עבֿודת המלך**, זײַן שוואָגער.

ר׳ יהושע־מרדכי בר׳ ישׂראל־ניסן קלאַצקין, געבאָרן 1862 אין דאָרף טאַלון, לעבן פּאָנעוועזש. רבֿ אין סוואַ־דאָשטש, האָראָדאָק, קאַרטוז־בערעזע, ראַסיין און ליבאַווע, וווּ ניפֿטר געוואָרן אין 1925. אַ ביסל חידושים זײַנע זײַנען גע־

דרוקט אין **עמודי שש** (וואַרשא, תרע״ב). שווער פֿון ר׳ דובֿ־אַריה חייט, מחבר פֿון **אוצר הרעיון והמחשבה**.

ר׳ אַהרן־שמואל בר׳ חיים־שמעון כּץ, געבאָרן 1870 אין וואָלאָזשין. פֿון 1897 מו״צ אין יאַנישאָק, פֿון 1901 אין ראַסיין — תּחילת מו״צ, פֿון 1906 אבֿ״ד. שוואָגער פֿון ר׳ א.מ. לפּידות. לעצטער רבֿ, הי״ד. איידעם פֿון ר׳ בן־ציון גינצבורג, אבֿ״ד יאַנישאָק. מחבר פֿון **גחלי אש** און **אמרי אש**.[3]

**מו״צים, ד״צים, ר״מים: —**

ר׳ ביינוש בר׳ משה־יהושע ראַבינאָוויץ, ד״צ, אַרום 1700. זײַן אייניקל ר׳ שלום־טוביה ראַבינאָוויץ, אבֿ״ד סווענציאַן.

ר׳ אַריה־לייב בר׳ יצחק, אַרום סוף אכצנטן און אָנהייב נײַנצנטן יאָר־הונדערט, ראבֿ״ד. ניפֿטר 1810 צו 82 יאָר.

ר׳ טאָדרעס [בר׳ אַריה?], מו״צ, ניפֿטר 1818. אור־אייניקל פֿון ר׳ יוסף־לייב בלאָך, אבֿ״ד וואָרנע, שאַדעווע, טעלז.

ר׳ שמואל לעווין, ד״צ. ניפֿטר 1840. געווען אויך קאַזיאָנער ראַבינער אין 1830.

ר׳ אַהרן יאַמי, מו״צ. פֿריִער אבֿ״ד פּלאָטל. ניפֿטר 1855.

ר׳ בן־ציון, ד״צ, שפּעטער ווישנעווע, ווילקאָמיר. ניפֿטר 1860.

ר׳ ברוך ברוידאָ, ר״מ, בעל **מקור ברוך** (ווילנא, תּרל״ה).

ר׳ יהודה־לייב אָפּענהיים, מו״צ, פֿון 1866, פֿריִער רבֿ אין גירטעגאָלע. ניפֿטר 1878. איידעם פֿון ר׳ שמואל לעווינסקי, אבֿ״ד יאַסווען.

ר׳ אַבֿרהם־יצחק ראַבינאָוויץ, דיין ומו״צ 23 יאָר. ניפֿטר 1905 אין עלטער פֿון 55 יאָר. האָט חידושי־תּורה אין **יגדיל תּורה**.

ר׳ משה זאַקס, ר״מ, ניפֿטר 1905. געווען רבֿ אין פֿיליפּאָווע, נעמאָקשט (21 יאָר).

ר׳ אַהרן־שמואל כּץ, מו״צ, פֿון 1901, דערנאָך אבֿ״ד, הי״ד. זײַן שווער ר׳ בן־ציון גינצבורג, אבֿ״ד יאַנישאָק.

ר׳ חיים־זאבֿ־וואָלף יפֿה, ר״מ, שפּעטער אבֿ״ד שקוד, ווו ניפֿטר געוואָרן 1909. פֿאָטער ר׳ צבֿי־הירש אבֿ״ד שקוד.

ר׳ יהודה־לייב גאָרדאָן, מו״צ, אָנקל פֿון ר׳ שלמה גאָרדאָן, אבֿ״ד יעלי־נאָווע (סוּוואַלקער געגענט) און דרוזגעניק.

ר׳ ניסן יאַבלאָנסקי, געבאָרן 1876 אין סטאַוויסק, ר״מ, דערנאָך מו״צ אין סלאַבאָדקע, 1922 ר״מ אין שיקאַגער „בית־מדרש לתּורה״, בעל **דבֿר בעתּו**. ניפֿטר 1928.

ר׳ ברוך בר׳ צבֿי גאָרפונקל, מ״מ, דערנאָך אין שאַוול און פֿילאַדעלפֿיע.

ר׳ שלמה־זלמן אָסאָווסקי, ר״מ

---

3) אין **תּולדות ישיבֿת היהודים בקורלאנד** (ע׳ 56) זאָגט זיך, אַז דאָ איז געווען רבֿ איינער אַ ר׳ לייב, זון פֿון ר׳ יצחק־אײַזיק [בר׳ אליעזר?], אבֿ״ד קראָזש און פּומפּיאַן. אונדז איז ניט אויסגעקומען זיך אָנצוטרעפֿן אויף אַזאַ נאָמען. — אין **המגיד** 1865 זאָגט זיך, אַז ר׳ אַבֿרהם־שמואל דוביצקי איז רבֿ אין ראַסיין. עס דאַרף זײַן: ר׳ אַבֿרהם־שמואל ראַבינאָוויץ.

(1913), שפּעטער רבֿ אין סלאַבאָדקע, הי״ד.

ר׳ דובער שיינפֿעלד, 40 יאָר ר״מ, ניפֿטר 1907.

ר׳ מנחם־מענדל זיוו, שו״ב, קרובֿ פֿון ר׳ מנחם־מענדל, אבֿ״ד טאַווריק.

**חזנים:** ר׳ ישׂראל־יעקבֿ בר׳ יצחק פֿײַנזינגער, באַקאַנט א״נ „ר׳ ישׂראל שקודער״. דאָ ניפֿטר 1847 אין עלטער פֿון 37 יאָר; נאָך אים — ר׳ לייב סטויבצער; ר׳ מרדכי שלאָסבערג, דערנאָך חזן אין סווענציאַן, ווו ניפֿטר געוואָרן 1893; 1881 דאָ געבאָרן באַוווּסטער חזן ר׳ יעקבֿ־יוסף סימאָנאָף, געזונגען בײַ אַבֿרהם ראַסיינער, שפּעטער בײַ קופּער אין ווילנע, דערנאָך חזן אין אַטלאַנטאַ (אַמעריקע).

**קאַזיאָנע ראַבינערס:** —ר׳ שלמה־זלמן בענדעט און פֿון 1862 קאַזיאָנער ראַבינער אין ביאַליסטאָק, ווו ניפֿטר געוואָרן ח׳ אייר תּרכ״ח.[4] פֿאָטער ר׳ שמואל חסיד, פֿון זאַמעטער דרײַלינג חסידים [**מתנגדישע** חסידים].

ר׳ אַבֿרהם־אַבעלי יפֿה, געבאָרן 1837 און דאָ געווען 38 יאָר ראַבינער. ניפֿטר דאָ 1902. זון פֿון ר׳ שמואל, ר״מ אין ראַמײַלעס ישיבֿה אין ווילנע.

ר׳ בער־מנשה אַבראַמאָוויץ, פֿון 1904 אַ ריי יאָרן. שפּעטער פֿון די פּירנ־דיקע מזרחים אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע. 1942 ניפֿטר געוואָרן אין שאַוולער געטאָ. פֿאָטער ר׳ דוד טעלזער.

איינער מיטן פֿאַמיליע־נאָמען יבֿנה.

אַ שײַכות מיט ראַסיין האָבן: דובֿ־אריה חייט, **אוצר הרעיון והמחשבֿה**. רבֿ אין ליבאַווע, לאָנג ביטש, באָסטאָן. איידעם פֿון ר׳ יהושע־מרדכי קלאַצקין, ראַסיינער רבֿ; א. שושן, **מעשׂה שושן** (ווילנא, תּרס״ג); חיים־טובֿיה מליניק, **לבֿ החיים** (וואַרשא, תּרס״ג).

**אָפּשטאַמיקע,** I, **רבנישע פּערזענליכקייטן.** — ר׳ ישׂראל בר׳ דוד פֿרידמאַן. פֿון 1823 רבֿ אין מיטאַווע. פֿאַר זײַן געלט איז דאָרטן אויפֿגעבויט געוואָרן אַ בית־כּנסת. פֿלעגט זיצן ביז האַלבן טאָג אין טלית און תּפֿילין און לערנען. געווען מלוכה־צענזאָר. אין **זכרון יעקבֿ**, י. בענדיט־מאַן (ווילנא, תּרל״ה) זײַנען דאָ צוויי תּשובֿות זײַנע.

ר׳ משה בר׳ רפֿאל לערנבלאַט, אבֿ״ד סאָסמאָקין, מיטאַווע און ווידער סאָסמאָקין. 54 יאָר אין רבנות. ניפֿטר געוואָרן 1887 אין ריגע.

הגאון ר׳ דוד ראַסיינער, ברודער פֿון ר׳ אַבֿרהם שאַפּירא, אבֿ״ד טעלז.

ר׳ משה־יצחק בר׳ משולם־זלמן סג״ל הלוי, דאָ געבאָרן אין 1812. אבֿ״ד טאַווריק, פּאָנעוועזש און אַנדערע ייִדישע קהילות אין ליטע. ניפֿטר 1870.

„החכם ר׳ אַבא, רבֿ לעדת

4) אַזוי הערשבערגס **פּנקס ביאַליסטאָק**. לויט **יהדות ליטא**, ג׳ — ניפֿטר 1857. הערשבערגס ווערסיע איז די ריכטיקע.

ראַסיין".[5] זון פֿון ר' יעקבֿ־דוד פּיעסקין. בעל **יד החזקה** (ווילנא, תּקצ"ה, תּרכ"ג) און **תּומת ישרים** (תּרכ"ג).

ר' מאיר ראַסיינער, צו זײַנע אַכציק יאָר איינער פֿון דער חבֿרה „לומדי תּורה" אין בית־הכּנסת פֿון ווילנער גאון. קלמן שולמאַן איז שטאַרק מושפּע געוואָרן פֿון אים; „המיוחס הגדול ר' זאבֿ־וואָלף מראַסיין".

ר' יעקבֿ בענדעטמאַן, מו"צ אין טאַוריק, שאַוול און דרײַסיק יאָר אבֿ"ד בויסק (לעטלאַנד). ניפֿטר 1861. בעל **זכרון יעקבֿ** (ווילנא, תּרל"ה, דורך זײַן אייניקל ליקניצקי). זײַן זיידע ר' שמואל חסיד ראַסיינער.

ר' חיים בר' שׂמחה מראַסיין. בעל **רצון יראים** (ווילנא, תּרי"ט). חלק א' פֿון זײַן 4־בענדיקן חיבור צו באַווײַזן, אַז אַלץ ווערט געפֿירט דורך השגחה פּרטית.

ר' פּסח פֿינפֿער, דאָ געבאָרן 1838. רבֿ אין וועגער, דאַרשונישאָק, פֿון 1874 מו"צ אין אַ ווילנער פֿאָרשטאָט, שפּעטער דאָרטן רבֿ. ניפֿטר 1913.

ר' מנחם־נחום שרגא־פֿײַוול בר' דוד רעוועל, דאָ געבאָרן 1838. אבֿ"ד לינ־קעווע, פּרען. איידעם פֿון ר' משה־יצחק סג"ל.

ר' בנימין פֿרידמאַן, געבאָרן דאָ 1839. 1865 רבֿ אין טראָק, 1870 — רבֿ אַנטאָקאָל. ניפֿטר 1916.

ר' נטע־צבֿי הירש פֿינקל, געבאָרן דאָ 1849. „הסבא מסלַבודקה", איינער פֿון די גרינדערס פֿון דער מוסר־באַוועגונג און אירע הויפּטפֿירערס. אויפֿגעשטעלט אין סלאַבאָדקע די ישיבֿה „כּנסת ישׂראל" און געווען איר מנהיג 50 יאָר. 1925 איז ער עולה געווען מיט אַ גרופּע פֿון זײַנע תּלמידים, וואָס האָבן געגרינדעט אַ ישיבֿה אין חבֿרון. כ"ט טבֿת תּרפּ"ז ניפֿטר געוואָרן אין ירושלים. חיבורים (אַלע אַרויסגעגעבענע דורך אַנדערע): **אור הצפֿון** (קובֿנה, תרס"ז־תּרפּ"ח, אין פֿאָרעם פֿון חובֿרות), **שערי מוסר** (קובֿנה, תּרפּ"א), **שׂיחות הסבא מסלאבודקה** (תּל־אָבֿיבֿ, תּשט"ו).

ר' יוסף־לייב בלאָך, דאָ געבאָרן 1859. 1884 — ר"מ ישיבת טלז, 1902 — אבֿ"ד וואָרנע, 1901 — אבֿ"ד שאַדעווע, און פֿון 1911 — אבֿ"ד ור"מ טעלז. ניפֿטר ז' חשוון, תּר"ץ אין טעלז. די זין האָבן אַרויסגעגעבן זײַנע **שעורי דעת** (תּ"א, תש"א־תּשי"ג) [פּרטים — טעלז].

ר' ברוך קאָהן, דאָ געבאָרן 1861. רבֿ אין האַרלעם, נ"י. חיבורים: קונטרס **תּועבֿת ציון וואורשט** (1903), **שבֿיל זהבֿ** (1918), **ספֿר הזכּרון** (נ"י, תּר"פּ), **משמיע שלום**. פֿאָטער ר' מאיר־שלום הכּהן, רבֿ אין ברײַנסק, ווו ניפֿטר געוואָרן אין 1884.

ר' יחזקאל ליבשיץ, געבאָרן

5) אַזוי ווערט געזאָגט אין **עיר ווילנא**. יענע צײַטן פֿלעגט מען אַזוי באַצייכענען אַ קאַזיאָנעם ראַבינער. מיר נעמען אָן, אַז דאָס איז אַבֿרהם־אַבּא יפֿה, וואָס מיר האָבן פֿריִער אַרײַנגעשטעלט צווישן די ראַסיינער קאַזיאָנע ראַבינערס.

1862. אב״ד יורבורג, בויסק, פלאָצק, קאָליש, ווו ניפֿטר געוואָרן 1932 [פּרטים — יורבורג].

ר׳ אַבֿרהם שניצער, 14 יאָר רבֿ אין ראָזאַליע, 24 יאָר אין וואַרשאַן. ניפֿטר 1911.

ר׳ חנוך־הענעך אייגעש, דאָ גע־באָרן אין 1864. 40 יאָר מו״צ אין ווילנע. זײַנע הערות און חידושים דאָ אין **עולת שמואל**, שמואל זיבערטאַנסקי (ווילנא, תּרס״א, אונטערן „קאָפּ״: **מנחת חנוך**). מחבר פֿון **מרחשת** (בילגורייא, תּרצ״א־תּרצ״ה). אומגעקומען 1941 אין ווילנע, הי״ד. פֿאָטער שׂמחה־ראובן עדעלמאַן.

ר׳ משה־אַבֿרהם, מ״מ אין אַניקשט, זון פֿון ר׳ צבֿי־יהודה, אב״ד שידלעווע.

ר׳ צבֿי־נתן קאַפּלאַן, אב״ד קאַרקלאַן. זון פֿון ר׳ דובער שיינפֿעלד, מו״צ ראַסיין.

ר׳ צבֿי־הירש בר׳ אַהרן נוראָק. 17 יאָר רבֿ אין האָזענפּוט, פֿון 1899 אין מיטאַווע. זײַנע זין: ד״ר אַהרן־דובער נוראָק, רבֿ אין ליבאַווע, און ר׳ מרדכי נוראָק, פֿון די „מזרחי״־פֿירערס אין לעטלאַנד און דעפּוטאַט אין לעטישן סיים

ר׳ שלמה־זלמן טובֿיה מאַר־קאָוויץ, זון פֿון „ר׳ משה דער חיבורניק״, דאָ געבאָרן אין 1888. רבֿ אין קאָוואַרסק, אינטוריק, אַנטאַליעפּט. אומגעקומען אין קאָוונער געטאָ, הי״ד.

צבֿי־אַבֿרהם איש־שלום [פֿריד־מאַן], געלעבט 20 יאָר אין יורבורג פֿון 1914. מחבר פֿון **דרכי שלום** (רוסין, תּרפּ״ג). זײַן פֿאָטער ר׳ שלמה־מרדכי בר׳ אליעזר איז 1915 געשטאָרבן אין ראַסיין אין עלטער פֿון 75 יאָר.

**אָפּשטאַמיקע,** II, **שרײַבערס.**

— שלמה ווערבלונער, אַ הי־געבאָרענער. אויפֿן באַקאַנטן ספֿר פֿון יוסף כּספּי **עמודי כּסף ומשכּיות כּסף** (פּ״פּ דמאין, תּר״ח), שני פּירושים על המורה להרמב״ם — איז צוגעשריבן: „העתּקתּים מכּתבֿי יד אַשר בבתּי אוצר הספֿרים במינכען ולייפּציג והוצאתים לאור עם הגהות ותּוספֿות שונות, אנכי שלמה זלמן ווערבלונר מראַסיין״. אין הקדמה דערציילט ער, אַז ער שטאַמט פֿון אַ מיוחסדיקער און רײַכער משפּחה, נאָר אים איז אַוועק שלעכט, האָט ער איבערגעלאָזן זײַנע קינדער און איבערגעוואַנדערט קיין האַמבורג, שפּעטער פֿראַנקפֿורט, מינכן, וויען. אומעטום געזוכט כּתבֿ־יָדן. לויט דער דאַטע אויף **עמודי כּסף**, קען מען משער זײַן, אַז ווערבלונער האָט געלעבט אין ראַסיין אַרום 1800־1820. געשטאָרבן 1854 אין פּראַג.

אַבֿרהם־יעקבֿ ברוק, געבאָרן 1820. מיטגעאַרבעט אין **קול מבֿשׂר** און **יודישעס פּאָלקס־בלאַט**. איבערגעזעצט אויף ייִדיש **חתן דמים או כּתם הדם** (לעמבערג, 1878). זײַן טאָכטער ראָזאַליאַ האָט איבערגעזעצט פֿון פֿראַנצייזיש: **דיא שול אונטער דער ערד אָדער די יודען אינ שפּאַניען אין נײַנצעהנטען יאָהרהונדערט**

(אין **קול מבשר**, נומער 19־37). געשטאָרבן 1893 אין יעקאַטערינאָסלאַוו.

שמחה־ראובן עדעלמאַן,[6] דאָ געבאָרן 1821. באַקאַנט אונטערן נאָמען „שר העדולמי". איינער פֿון די באַקאַנטע אין דער העברעיִשער פֿאָרשונג־ליטעראַטור אין דער צווייטער העלפֿט פֿון נײַנצנטן יאָרהונדערט. צוליב פּרנסה וועגן איז ער געווען נע־ונד איבער שטעט אין ליטע, אַ קורצע צײַט אין מאָליעוו און זײַנע לעצטע יאָרן אין וואַרשע. אַ משׂכּיל און פֿרומער ייִד. אַרויס קעגן ביבל־קריטישע פּירושים און באַזונדערס קעגן די מתקני־הדת. פֿאַרעפֿנטלעכט פֿאָרשונגען אין תּנ"ך און תּלמוד אין **הכּרמל, האסיף, המגיד** א"אַ. ביכער: **השושנים** (קאניגסבערג, תּר"ך) **המסילות** (ווילנא, 1875), **התּירוש** (וואַרשא, א־ב, 1891־1901) — דערקלערונגען אויף **מדרש רבה, דורש רשומות** (וואַרשא, תּרנ"ג) — קעגן א.ה. ווײַס. איבערגעלאָזן אַ סך אין כּתבֿ־יד. טיילן פֿון דעם האָט זײַן זון מרדכי־יצחק געדרוקט אין זײַנע ביכער **מערת עדולם** (ביאַליסטאָק, 1912) און **טובֿים השנים** (ביאַליסטאָק, תּרע"ג). געשטאָרבן 1893 אין וואַרשע.

משה־זאבֿ וואָלפֿסאָן, געבאָרן 1823. איינער פֿון די פֿאָרויסגייערס פֿון דער „פּוילישער" השׂכּלה. געלעבט לאַנגע יאָרן אין וואַרשע, ווו געשטאָרבן אין 1865.

דער רבי ר' יעקבֿ טוב, אָדער ווישעוויאַנסקי דער ראַסיינער, איינער פֿון די מאָליעווער משׂכּילים, וואָס האָבן אַרויסגעגעבן אַ געשריבענעם העברעיִשן זשורנאַל א"נ **הפּרחים**. ר' יעקבֿ האָט דאָרטן איבערגעזעצט בײַראָנס אַ ליד.

יחזקאל־פֿײַוול ראָטשטיין, פֿון דער גרופּע משׂכּילישע שרײַבערס אין ראַסיין אין די 1840ער יאָרן. לערער אין קיניגסבערג, האַמבורג, טאַווריק. אָנגעשריבן אַן אָדע **קול ששון** לכּבֿוד קייזער אַלעקסאַנדער דעם צווייטן, צו זײַן קומען 1856 אין טאַווריק (קעניגסבערג, 1856). געשריבן אין ש"י פֿינס **פּרחי צפֿון** (ווילנא, 1841). האָט אַרויסגעגעבן **ים ויבשת** פֿון משה־חיים לוצאַטא, מיט ביאָגראַפֿיע און הערות (קעניגסבערג, 1873); **נזיר אלהים** — וועגן שאַפֿן פֿון רמח"ל (פּ"פ א"מ, 1875); **מודע לבני הנעורים**, (קעניגסבערג, 1884 — העברעיִש־דײַטש). אין אַ „מכתּבֿ לריב"ל מראַסיין" פֿון 1844 שרײַבט ראָטשטיין: „כּי לא על המדעים בלבֿד יחיה האיש הישׂראלי, כּי אם על כּל מוצא פּי ה'". ער איז געווען זייער שאַרף קעגן ראַדיקאַלן משׂכּיליזם. ראָטשטיינס אַ בריוו פֿון זעלביקן יאָר איז געדרוקט אין יצחק־בער לעווינזאָהנס **ספֿר הזכרונות** (וואַרשא, תרל"ו, ע' 74) — אַ קורצע אָפּשאַצונג פֿון ריב"לס **תּעודה בישׂראל**. דאָס באַווײַזט אויפֿן חשובֿן מלומדישן מעמד פֿון ראָטשטיינען.

6) ג. קרסל: געבאָרן אין ווילנע. בכל־אופֿן געלעבט אַ סך יאָרן האָט ער אין ראַסיין. דאָ האָט ער חתונה געהאַט און געטריבן געשעפֿטן מיטן ראַסיינער גבֿיר גאַוורעלאָוויץ. זײַן זון מרדכי־יצחק איז דאָ געבאָרן געוואָרן, אַזוי אויך זײַן זון חנוך־העניך אייגעש (1864) — דאָס אַלץ מאַכט אויס ניט קיין קליינע צײַט.

אַדאָלף לאַנדוי, דאָ געבאָרן 1841. איינער פֿון די השפּעהדיקסטע פּובליציסטן אין דער ייִדיש־רוסישער פּרעסע. ארויסגעגעבן 9 בענד פֿון **יעווריי־סקאַיאַ ענציקלאָפּעדיא** און לאַנגע יאָרן רעדאַקטער פֿון וויכטיקן ייִדיש־רוסישן וואָכנבלאַט **וואָסכאָד**. געקעמפּט פֿאַר דער גלײַכבאַרעכטיקונג פֿון ייִדן אין צאַרישן רוסלאַנד. געשטאָרבן 1902 אין פּעטער־בורג.

אַריה־לייב גאָרדאָן, כאָטש גע־באָרן 1845 אין קעלם, איז זײַן נאָמען פֿאַר־בונדן אויך מיט ראַסיין, ווו געלעבט מערערע יאָרן. פֿון 1891 אין ארץ־ישׂראל. זיך פֿאַרנומען מיט פֿאַרשן כעמיע און לשון־קודש. מחבר פֿון עטלעכע ביכער (זען: קעלם). אויף זײַנע אַרטיקלען אין **הלבֿנון** פֿלעגט ער זיך חתמענען: אַריה־לייב בן שלמה קעלמער מראַסיין. אויף **הגדה למלמדים**, ל.ר. זימלין (אדעססאַ, 1882) איז דאָ אַ מכתּבֿ־המלצה פֿון א.ל. גאָרדאָן מראַסיין.[7] געשטאָרבן 1912 אין פּתח־תּקוה. (נאָך פּרטים אין קעלם.)

יצחק־אײַזיק בן־טובים (אָריגינעלער נאָמען — בענדיט), דאָ געבאָרן אין 1852, אייניקל פֿון ר׳ שמואל חסיד. באַטייליקט אין די קאָנפֿערענצן פֿון חובֿבֿי־ציון אין 1889, 1890. געפֿאָרן 1890 מיט ר׳ שמואל מאָהליווער אין שליחות פֿון ועד חובֿבֿי ציון אין אַדעס קיין ארץ־ישׂראל און דאָרטן שוין פֿאַרבליבן. געשטאָרבן 1926 אין ירושלים. געשריבן אַ סך אַרטיק־לען אין **חבֿצלת** און אַנדערע ארץ־ישׂראל־דיקע צײַטונגען. חיבורים: **עצת שלום** (וואַרשאַ, תּרמ״ב — וועגן השׂכּלה־ענינים), **הגיוני אָבֿ** (ירושלים, תּרנ״ט), **גאון יעקבֿ** (ירושלים, תּרס״ג); **הנֶגף** (ירושלים, תּרס״ז — איבערגעזעצטע אַראַבישע לעגענדע).

מרדכי־יצחק עדלמאַן, מחבר פֿון רעליגיעז־פֿאָרשערישע ספֿרים: **חכם ושׂר** (וואַרשאַ, תּרנ״ו, ביאָגראַפֿיע פֿון זײַן פֿאָטער שׂמחה־ראובֿן), **ידות המדות** (תּר״ע), **מלון השתּים** (תּר״ע), **השקפֿות התּלמוד בהעולם** (תּרע״א), **מערת עדולם** (תּרע״ב), **טובֿים השנים** (תּרע״ג), **אַרבעתּים** (תּרע״ג), **מערכת המצוות** (תּרע״ה), **משלי התּלמוד** (תּר״ץ), **תּלמוד המצוות** (תּרצ״א), **התּורה והמסורה** (תּרצ״ז) — אַלע ביאַלי־סטאָק; **פּתגמי התּלמוד** (לאָמזע, תּרע״ב). געשריבן מאמרים אין **הפּסגה**. האָט חתונה געהאַט מיט דער טאָכטער פֿון ראַסיינער יוסף בר׳ מאיר גאָרפֿינקל.

חיים הלוי הערצמאַן, פֿון דער גרופּע שרײַבערישע משׂכּילים אין דער צווייטער העלפֿט נײַנצנטן יאָרהונדערט. חיבורים: **אחרית ישרים** (ספּור מתּורגם חפֿשי מאַשכּנזית). (ווילנאַ, תּרנ״ז), **אצבע אלהים** (וואַרשאַ, תּרנ״ח), **דבֿרי הפּורים**. געשריבן מאמרים אין שפּ״רס **כּנסת ישׂראל** (תּרמ״ו). **העבֿרי** (בראָד, 1880). הערות אין **המליץ** (1903), **הבוקר אור**, **הצפֿירה**. געשטאָרבן 1909.

---

7) ג. קרסל האָט אויסגעלאָזן דעם ראַסיינער מאָמענט.

מאיר־פֿײַוול געץ, דאָ[8] געבאָרן 1853. געענדיקט דעם פֿילאָסאָפֿישן פֿאַקול־טעט פֿון אוניווערסיטעט אין דאָרפּאַט. געלעבט אין פּעטערבורג, ווילנע, ריגע. האָט געהאָלפֿן אָפּשרײַען אַ סך גזירות פֿון דער רוסישער רעגירונג, באַזונדערס אין חינוך־ענייִנים. לאַנגע יאָרן געווען דער רעפֿערענט פֿאַר ייִדישע ענייִנים בײַם מיניסטעריום פֿאַר דערציִונג אין רוסלאַנד. פֿון 1920 געוווינט אין קאָוונע, ווו אָנגעפֿירט מיטן לערער־סעמינאַר „יבֿנה״. געווען אַ פּרוכפּערדיקער פּובליציסט אין העברעיִש, רוסיש, דײַטש. בעיקר געפֿירט אַ קאַמף קעגן ייִדישע שונאים, ווי אויך פֿאַר די טראַדיציאָנעלע ווערטן פֿון יהדות. פֿון סוף 1860ער ביזן אָנהייב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט זיך באַטייליקט אין דער העברעיִשער פּרעסע. חיבורים: **הדת והחינוך** (ווילנא, תרנ״ו), **עלומי עולם** (ווילנא, 1903), **מהות היהדות** (ריגה, תרפ״ו), **המשטר החבֿרתי והפלפלי ביהדות העתיקה עפ״י התורה והעתיד שלו** (פֿרנק־פֿורט דמאין, תרפ״ו), **החינוך העבֿרי בסכּנה** (ריגה, תרצ״א), **מזכרונותיו של שתדלן**. געשטאָרבן 1932 אין ריגע.

משה בר׳ שלמה־זלמן מאַרק־קאָוויץ, געבאָרן 1855 אין נעמאַקשט און פֿון 1867 געוווינט אין ראַסיין. אַ טיפּ אַן אוניקום. אַ פּראָסטער ייִד, אַ שוסטער, גאַנץ שווער אויפֿן שרײַבן,[9] אָבער באַשאָנקען מיט אַ פֿענאָמענאַלן זיכּרון, פֿלעגט ער אַרומפֿאָרן איבער שטעט און שטעטלעך און קלײַבן מאַטעריאַלן וועגן רבנים און רבנישע מחברים. פֿון דעם זײַנען אויסגעוואַקסן די ווײַטערדיקע זייער וויכ־טיקע היסטאָרישע און ביאָ־ביבליאָגראַ־פֿישע ספֿרים, וואָס זײַנען צוגעגרייט גע־וואָרן צום דרוק פֿון זײַן זון און אַנדערע: **שם הגדולים השלישי** (ווילנא, עת״ר. שני חלקים: מערכת גדולים, מערכת ספֿרים. נײַע אויפֿלאַגע — קיידאַן, תרע״ג), **לקורות עיר ראסיין ורבניה** (וואַרשאַ, תרע״ג), **לקורות עיר קיידאַן ורבניה** (דאָרטן), **לקורות עיר נאָוואַהרדאָק ורבניה** (דאָרטן). אין ירושלימער „בית־הספֿרים הלאומי

---

8) ג. קרסל גיט בטעות: ראָזשינאָי.

9) עס איז דאָ אַ מחלוקת וועגן דעם. ג. קרסל האָט געשריבן אין **דבֿר** (ת״א, פֿעב׳ 2, 1976), אַז ער איז געווען אַן אַנאַלפֿאַבעט. שלמה שונמי האָט — אַ פּאָר וואָכן שפּעטער אין **דבֿר** — געשריבן, אַז מאַרקאָוויץ האָט יאָ געקענט שרײַבן. דוב בן־לַיש, פֿון קיבוץ דפֿנה, האָט אין אַ בריוו אין **דבֿר** דערציילט, אַז ער האָט אים געטראָפֿן אין טעלז און אַז יענער האָט **ניט** געקענט שרײַבן. ד״ר צמח־משה צמריון, אַליין אַ ראַסיינער, שרײַבט צו מיר, אַז ער איז ניט געווען קיין אַנאַלפֿאַבעט. אַזוי אַ ריי אַנדערע: יאָ און ניין. וואָלט געווען אויף אַן אָרט דאָ צו ברענגען עטלעכע שורות זײַנע וועגן זיך, אין אַ צעקאַליעטשעט לשון־קודש: „ואני עסקתי בו [אין זײַן **שם הגדולים השלישי**] זה שמֹנה ושלשים שנה. ואני אֵינִי יכולתי לכתּוב אפילו תּיבֿה אחת ... על כּן אני צריך לבֿקש בכל יום ויום מהילדים בבית־המדרש הגדול, אשר הם יכתּבֿו לי מעט והם עשו לי ... זה כּשבעה או שמֹנה שנה, עד אַשר עברו הימים עד כּי בני הגדול נתגדל והוא החל לכתוב אִתּי״. [געבראַכט אין קַמזונס **יהדות ליטא**].

והאוניבערסיטאי״ געפֿינט זיך אַ קאָלעקציע פֿון מאַרקאָוויצעס געניצטע ספֿרים, מיט זײַנע הערות אויף די מאַרגינעס. מען האָט אים אויך גערופֿן „משה דער חיבורניק״. געשטאָרבן 1935 אין גאָרזד.

אלחנן זאַלצבערג, געבאָרן 1857. פֿון 1881 אין לאָנדאָן, 1883 אין ניו־יאָרק און שפּעטער אין פֿילאַדעלפֿיע. מיטגרינדער פֿון דער אַנאַרכיסטישער צײַטונג **די וואַרהייט**. דאָרטן געדרוקט זײַנע איבערגעזעצטע קאַפּיטלעך פֿון קאַרל מאַרקסעס **קאַפּיטאַל**. שפּעטער אַ צײַט מיטגעאַרבעט אין דער פֿילאַדעלפֿיער אויסגאַבע פֿון ניו־יאָרקער **מאָרגען־זשורנאַל**. געשטאָרבן 1924 אין פֿילאַדעלפֿיע.

ישׂראל־יצחק וואָלף, געבאָרן 1861. פֿון 1893 אין קליוולאַנד. דאָרטן געעפֿנט די ערשטע ייִדישע דרוקערײַ און געוואָרן דאָרטן דער פּיאָנער פֿון דער ייִדישער פּרעסע. אַרויסגעגעבן און רעדאַקטירט **דער אידישער שטערן**, מערסטנס אויסגעפֿילט מיט זײַנע אייגענע מאמרים, לידער און אַ הומאָריסטישן אָפּטייל. מחבר פֿון ביכלעך און בראָשורן אויף פֿאַרשיידענע טעמעס. 1901 געעפֿנט אַ דרוקערײַ אין ניו־יאָרק און אַרויסגעגעבן **וואָלפֿס אידישע ביבליאָטהעק**, וווּ געדרוקט זײַנע ביכלעך און ביכער פֿון אַנדערע מחברים. מיטגרינדער פֿון דער פֿילאַדעלפֿיער טאָגצײַטונג **דיא אידישע וועלט** (1902־1904) און **דאָס אידישע וואָכענבלאַט**. האָט זיך אויך באַטייליקט אין **דאָס אידישע פֿאָלק** (נ״י). מחבר פֿון דער בראָשור **ציוניזמוס אין וואָרט און טהאַט** (נ״י, 1902).

יוסף־יוזל מאָגילניצקי (מאָגיל), געבאָרן 1870. פֿון 1892 אין פֿילאַדעלפֿיע. דאָרטן אַרויסגעגעבן און רעדאַקטירט דאָס וואָכנבלאַט **יודעשעס פֿאָלקס בלאַט**. געשריבן אַרטיקלען אין **דער ליטעראַרי־שער שטראַהל** (פֿילאַדעלפֿיע) און **ניו־יאָרקער יודישע פֿאָלקס־צײַטונג א״אַ**. אַרויסגעגעבן לערנביכער פֿאַר שולן און תּלמוד־תּורהס: **ליניען סקול חומש, המכין לחומש, ליניען רע הילדים, ליניען מגלת אסתּר, ליניען הגדה לפסח, קובֿץ שירי ציון** — אַלע פֿילאַדעלפֿיע און אַלע הייבן זיך אָן מיט **מאָגילניצקיס** אין טיטל. געשטאָרבן 1945 אין פֿילאַדעלפֿיע. זײַן פֿרוי, רבֿקה־רחל לעשעם, אויך אַ ראַסיינער, האָט אים געהאָלפֿן לערנען עבֿרית אין די שולן.

אַבֿרהם־שמואל זאַכער, געבאָרן 1880. פֿון 1909 אין שיקאַגאָ און פֿון 1911 אין מאָנטרעאָל. געשריבן אַרטיקלען וועגן ייִדישער געשיכטע, דערציִונג און רעליגיעזע פּראָבלעמען אין **דער וועג, קענעדער אָדלער** — מאָנטרעאָל, **דער יודישער זשורנאַל** (טאָראָנטאָ) א״אַ, אין די העברעיִשע **התּורן, העבֿרי**. מחבר פֿון לערנבוך **אידישע געשיכטע אין פֿראַגן און ענטפֿערס** (מאָנטרעאָל, 1933). געשטאָרבן 1970 אין מאָנטרעאָל.

חיים ראַפּאַלאָוויטש, געבאָרן

1882. פֿון 1920 אין קאָוונע. גרינדער פֿון פֿאַרלאַג „ליכט“, וואָס האָט אַרויסגעגעבן מערערע יִדישע ביכער, עטלעכע פֿאַר די יִדישע שולן אין ליטע. מיטאַרבעטער פֿון דער פֿאָלקיסטישער נײַס (קאָוונע), רעדאַקטער פֿון דער טאָגצײַטונג **אונזער צײַט** (קאָוונע, 1920). מחבר פֿון **צום ערשטן מאָל** (ווילנאָ, 1914), און **ראָזע** (קאָוונע, 1923). געשטאָרבן 1927 אין קאָוונע.

זאבֿ קאַפּלאַן, אַ הי־געבאָרענער. מחבר פֿון **המסורת והמקרא** (רוסיין, 1918) **און החֵרות**, הגיונות וזכרונות (רוסיין, 1922).

צמח־משה האַלפּערין, העבּרעיִזירטער נאָמען: צמריון. פֿון 1936 אין ארץ־ישׂראל. 1946 געשיקט געוואָרן פֿון דער רעוויזיאָניסטישער באַוועגונג צו די באַפֿרײַטע יִדן אין בערגען־בעלזען. 1949 געשטודירט זשורנאַליסטיק און געשיכטע אין מינכענער אוניווערסיטעט און באַקומען זײַן ד"ר־טיטל. געשריבן אַרטיקלען אין **ווידערגעבורט, ישורין** — מינכן, **אונזער פֿראָנט, וואָכנבלאַט** — בערגען־בעלזען. רעדאַקטירט **אונזער וועלט** (מינכן); אין **הבוקר, הארץ, המשקיף, חֵרות, ידיעות אחרונות, בצרון** (נ"י). אויטאָר פֿון **וועגווײַזער** (מינכען, 1949) — צען אָפּהאַנדלונגען וועגן העברעיִשע שרײַבערס און ציוניסטישע פֿירערס; **פרקי שואה ושארית** (ת"א, תשל"ה). געשטאָרבן 1988 אין חיפֿה.

דער באַקאַנטער שרײַבער אפֿרים דיינאַרד האָט דאָ געלעבט לענגערס אין זײַנע יונגע יאָרן. ער דערמאָנט ראַסיין אין זײַנע שריפֿטן.

**קאָרעספּאָנדענטן. — המליץ:** מרדכי מרגלית, ישׂראל־יעקבֿ גאָרדאָן, שלמה הלוי הורוויץ, זלמן־אלימלך טעלעם, יעקבֿ בראַנד המכונה מרגלית, צבֿי־אליעזר ליפּשיץ, יוזל־ניסן מאָגילניצקי, נ.מ. שאַפּיראָ, אַבֿרהם־שמואל גאַר, העשיל מאָגילעווסקי, צבֿי־אבֿרהם פֿרידמאַן.

**הלבֿנון:** אַריה־לייב בן שלמה גאָרדאָן, און אַ סך חידושי־תּורה, דובֿ שאַפּיראָ, חיים בר' ישעיה, יעקבֿ ראַפֿאַל־קעס מווילנא, שלום־טוביה נײַווידל (מאמר), א. דוואָרקאָוויץ, מלכּה לפידותזאָן (מאמר).

**הצפֿירה:** ש"פ וואַרשאַווציק, שמואל־אַבֿרהם זאַכער, דב"ק [?]. **המגיד:** צבֿי־הירש מרגליות, יצחק מרגליות.

**יודישעס פֿאָלקס־בלאַט:** העשיל־מיכל מאָגילעווסקי (אויך מאמרים), יעקבֿ בראַנד, א.ה.ק. [?], חנה מאָגילניצקי, זי פֿלעגט שיקן אָפֿטע קאָרעספּאָנדענציעס. ווי אַ קוריאָז איז דאָ כּדאַי צו ברענגען אַ צושריפֿט פֿון רעדאַקטער לעווי צו אירס אַ קאָרעספּאָנדענץ פֿון 1889: „אַך, דו טהײַערע בת־ציון! ווי וואָלט איך דיר אומאַרמען פֿאַר די גאַנצע וועלט אין די אויגען, דענן אין דיר וואָלט איך אומגעאַרעמט דאָס יודענטהום“.

חיים הערצמאַן (**היום**), זלמן גינצבורג (הכּרמל), ג. זאַחיר (**הד הזמן**, 1910), מ. פּערילמאַן (**הישראלי**).

**ניכבדים.** — פֿון די 1730ער יאָרן האָט דאָ געלעבט הגאון החסיד ר׳ דוד ראַסיינער, ברודער פֿון ר׳ אַבֿרהם שוועק־שנער, אב״ד טעלז. ניפֿטר געוואָרן 1800 אין ראַסיין.

ר׳ שמואל חסיד, געבאָרן 1751 אין גאָרזד, אָבער זײַנע מערסטע יאָרן אָפּגעלעבט אין ראַסיין. מען האָט אים טאָקע גערופֿן אויך „ר׳ שמואל ראַסיינער״. מקובל און גדול בתּורה. איינער פֿון זאַמע־טער דרײַלינג „אגודת שלושה חסידים״, וואָס האָבן פֿופֿצן יאָר זיך אָפּגעזונדערט פֿון דער וועלט און געלערנט צוזאַמען. די אַנדערע צוויי ר׳ משה (שפּעטער אב״ד טעלז) און ר׳ מרדכי (שפּעטער אב״ד פּאָקראָי). פֿלעגן צוויי מאָל אַ יאָר פֿאָרן צום ווילנער גאון. שווער פֿון ר׳ זאבֿ־וואָלף ראַסיינער. ניפֿטר געוואָרן 1824.

ר׳ מרדכי בצלאל בהרבֿ אַהרן לעווינסאָן. ניפֿטר 1862; צדיק און פּרוש ר׳ צבֿי־אָשר; ר׳ יוסף בר׳ מאיר גאָרפֿינקל, פֿון דער מישפּחה פון בעל „סדר הדורות״; ר׳ ברוך־מנחם און משה־אַבֿרהם, זין פֿון ר׳ צבֿי־יהודה, אב״ד שידלעווע.

ר׳ מרדכי מרגלית. יהודה־לייב גאָרדאָן רופֿט אים אין אַ בריוו „הרבֿ הנכבד״ און בעט אים קלײַבן חותמים פֿאַר אַ חומש מיט רוסישער איבערזעצונג.

ר׳ יחיאל סאָלאָווייטשיק, ראַסיינער גבֿיר אין פּעטערבורג, געגעבן 2000 רובל פֿאַרן ביקור־חולים. זײַן זון, ד״ר עמנואל, פֿון די ראַסיינער משׂכּילים, אַרויסגעבער פֿון **ציון**־זשורנאַל.

ר׳ אַבֿרהם קליין (1879), ר׳ יעקבֿ אַבעלמאַן, פֿישל בער (האָט אַ מאמר אין בערלינער **ישורון**), זלמן לנדא (אַרויסגעגעבן אַ ספֿר **אור לישרים**, שאַרף קעגן ציוניזם), רובינשטיין, ל. סאָקאָלסקי (1880), חנה־ליבע ראַכאָוויצקי, גרויסע בעלת־צדקה (געשטאָרבן 1881), פֿרוי פֿון לייזער, ר׳ מרדכי ראַבינאָוויטש, ר׳ מיכל עדעלמאַן, ר׳ יוזיל גאַוורילאָוויץ.

ר׳ מאיר־אליעזר לונץ, נגידה־צדקנית יענטע וואָלפֿע, (געשט׳ 1872), ר׳ יחיאל־מיכל מערקעל, ד״ר חאַנאָק, יוריסט חאַנאָק, ד״ר לונץ, ד״ר באַנער, דובער באַנק. אַפּטייקער היימאַן, ט. וואָלפֿע, אַדוואָקאַט א. טוביאַנסקי, א. ראָזענבערג (1884).

ר׳ יוסף ראַכאָוויצקי. אויסגע־בויט מויער, וואָס זײַן הכנסה גייט פֿאַרן ביקור־חולים. געגעבן 600 רובל פֿאַר גמ״ח און אַנדערע צדקות. געשטאָרבן 1887.

דער גירטעגאָלער שו״ב ר׳ מנחם־מענדל איז געווען אַ צדיק און מקובל. צוואַנציק יאָר פֿאַרן שטאַרבן האָט ער אויפֿגעגעבן זײַן שחיטה, אַוועק קיין ראַסיין, ווו ער איז געזעסן און געלערנט תּורה יומם ולילה.

מ. לעווי, געוועזן דער פֿאָרשטייער פֿון ראַסיין צו דער וועידה פֿון 1909 אין קאָוונע צו באַטראַכטן די טעטי־קייט פֿון די ייִדישע קהילות אין ליטע.

ר׳ אַבֿרהם־שמואל דוביצקי (1865), ר׳ משה נון [?], 500 רובל פֿאַר גמ״ח; זאַלקינד זק״ש, מנחם בר׳ זאבֿ בערמאַן, יוסף אבֿן־זהבֿ [גאָלדשטיין?].

ר׳ אליהו בר׳ ראובֿן וואָלפֿע, ביז 1884. עטלעכע יאָר נאָטאַר, פֿון די קהל־פּירערס. געשטאָרבן 1888; ראָזענבלום, שאַפּיראָ.

ר׳ יעקבֿ מאַנקאָווסקי, שוואָגער פֿון אַבֿרהם מאַפּו. געהאָלפֿן גרינדן די ביבליאָטעק „בית מקרא״. בײַ דעם איז געוועזן בײַהילפֿיק דער ראַסיין־אָפּשטאַמי־קער באַנק, אַדוואָקאַט אין פּעטערבורג. געשטאָרבן (ר׳ יעקבֿ) 1889 אין עלטער פֿון 69.

ר׳ יהושע־העשיל מאָגילעווסקי, למדן און משׂכּיל. געשריבן אַרטיקלען וועגן רבנים און סופֿרים אין דער ייִדישער פּרעסע. געשטאָרבן 1938 אין ראַסיין.

דער שניצער פֿון באַרימטן אָרון־קודש אין קעלם איז יעקבֿ בן שלמה ראַסיינער. ער האָט געאַרבעט אויף דעם איבער צוויי יאָר, ניצנדיק בלויז אַ האַנט־מעסערל, און עס פֿאַרענדיקט אין 1775. באַרימטע קינסטלערס האָבן זיך ניט געקענט אָפּוווּנדערן פֿון דער קונסט.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — ש.ז. זאַלקינד, קול שלמה. ווילנא, תּרי״ט, ע׳ 36, 60; הכּרמל, תּרכ״ב: 22; המגיד, 1865: 34; 1869: 33; 1871: 47; משה זאַקס, דבֿרי משה. ווילנא, תּרל״ח. ע׳ מ״ז, נ״ו; ד.ב. נאַטאַנזאָהן, ספֿר הזכרונות. וואַרשא, תּרל״ח, ע׳ 74; העבֿרי, בראָדי, 1880: 10. המליץ, תּרמ״א: 22; 1886: 4, 41; אפֿרים דיינארד, מסע באירופה. פּרעסבורג, תּרמ״ה; כּנסת ישׂראל, שפּ״ר, תּרמ״ו, ע׳ 1128; הצפֿירה, 1886: 51; 1887: 275; האסיף, תּרמ״ז, ע׳ 124; המליץ, 1888: 109, 141;

הצפֿירה, 1888: 87; א. אפֿרתי, דור ודורשיו. ווילנא, תּרמ״ט. ע׳ 59, 64; יודישעס פֿאָלקס־בלאַט, פּט״ב, 1889: 22; תּולדות חבֿרת מרבי השׂכּלה בישׂראל. פּט״ב, תּר״ן, ע׳ 50, 84, 93; המליץ, 1890: 251; 1894: 9; 1895: 154; הצפֿירה, 1891: 5.

ח.ז. סלאָנימסקי. וואַרשא, תּרנ״ד, ע׳ 130; אגרות יל״ג, כּרך ב׳, ח׳ ד׳. ווארשא, תּרנ״ה, ע׳ 434; מ.י. עדעלמאַן, חכם ושׂר. ווארשא, תּרנ״ו, ע׳ 18, 24, 29; המליץ, 1898: 208, 273; 1899: 152, 218; צ.ה. קלאפּ (ליפּשיץ), ווארשא, תּרס״א, ע׳ 112; המליץ, 1903: 98; 1906: 45.

חשבון הנדבֿות, 1907, ע׳ 140; הדרך, פּ״פ א״מ, תּרע״ד: 11; י. לעווינשטיין, דור ודור ודורשיו. ווארשא, 1914, ע׳ 22; אפרים דיינארד, זכרונות בת עמי. ארלעאַנס, 1920. ע׳ 26, 62; ברוך קאָהן, ספר הזכּרון. נ״י, תּר״פ, ע׳ 18, 20 און מערער; רויטער פּנקס, .II וואַרשע, 1921, ז׳ 114;

דער אידישער לעבן, קאָוונע, 1922: 46; ראובֿן ברײַנין, אברהם מאַפּו. ווילנא, תּרפ״ח, ע׳ 35, 36; א. ניר, ש. זקש. ירושלים, תּרפ״ח; ספֿר היובל של אגודת הרבנים האורתּודוקסים דארצות הברית וקנדה. נ״י, תּרפ״ח, ע׳ קמ״ו; יאָר־איין־יאָר־אויס. קאָוונע, 1938.

א.ש. הערשבערג, פּנקס ביאַליסטאָק, נ״י, 1949, ז׳ 412; אלה אזכּרה, III. נ״י, תּשי״א, ע׳ 262; מוסדות תּורה באירופּה. נ״י, תּשט״ז, ע׳ 137; בחינות, ירושלים, תּשי״ז: 11; סיני, ירושלים, תּשי״ח, ע׳ קי״ט; עיר ווילנא, ע׳ 12, 175, 190, 259.

דורות האחרונים, ב׳, 343; לקורות עיר ראסיין ורבניה, ע׳ ו׳, ז׳, י״ג, י״ד, כ״א־כ״ד, כ״ז, כ״ח, ל״ט; בן־יעקבֿ, אוצר הספרים, ע׳ 550; ד.מ. ליפּמאַן, לתולדות היהודים בליטא־זאמוט, ע׳ 42; אנציקלופּדיה של הציונות הדתית, 78, 321; אהלי שם, ע׳ 60, 350, 377.

ח.ל. פֿוקס, 100 יאָר ייִדישע און העברעיִשע ליטעראַטור אין קאַנאַדע, ז׳ 115; ד״ר י. שאַצקי,

געשיכטע פֿון ייִדן אין וואַרשע, .III, ז׳ 286; תולדות ישיבת היהודים בקורלאנד, ע׳ 65, 116, 117, 131 סוּאוואלקער יזכּור־בוך, ז׳ 191; „ליטע״, .II, ז׳ 1383; תּולדות אנשי שם (ראַנד), ע׳ 52

חכמי ישראל באמריקא, ע׳ 68 85; השלח, אודיסה, כרך ל״ד, ע׳ 384; לעקסיקאָן, 1, 2, 3, 4, 5, 8; יהדות ליטא, ג׳; קמזונס יהדות ליטא (אַ סך וועגן משה מאַרקאָוויץ); ג. קרסל, 1, 2; ספֿר הפּרענומעראַנטן, .8077

Bibliotheca Hebraica Post-Mendelssohniana II, William Zeitlin. Leipzig, 1884; Recueil de Matériaux, II., p. 367; Jewish Encyclopedia, X., p. 487, 609; Black Book; Biuletyn Żydowskiego Instytutu Historycznego W Polsce, 1987. (אַרטיקל וועגן זאַמעט)

## ראַקישאָק ROKIŠKIS

קרײַזשטאָט. פֿאַר דער ערשטער וועלט־מילחמה געהערט צו קרײַז נאָוואָ־אַלעקסאַנדראָווסק (עזשערעני). וועגן די ערשטע אָנהייבן פֿון ייִדישן ייִשובֿ אין ראַקישאָק ווערט דערציילט אַ שרעקלעכע מעשׂה.

אַרום 1730 האָט אַ ייִדיש ייִנגל זיך געהרגעט מיט זײַן ליטווישן חבֿר און אים שטאַרק צעשלאָגן. דער פֿאָטער פֿון שגץ האָט דאָס פֿאַרקלאָגט בײַ דער גרעפֿין טיטושעווונאַ, וואָס ראַקישאָק האָט דעמאָלט געהערט צו איר. די גרעפֿין האָט גערופֿן דעם פֿאָטער פֿון ייִנגל, אַ שנײַדער, און אים אָנגעזאָגט, אַז ווען זײַן ייִנגל וועט גיין צו דער חופּה, זאָל ער לאָזן זי וויסן, אין קעגנפֿאַל וועט ער שטרענג באַשטראָפֿט ווערן. דעם טאָג, ווען דאָס ייִנגל האָט צו דרײַצן יאָר געדאַרפֿט גיין צו דער חופּה, האָט דער שנײַדער געמאָלדן וועגן דעם דער גרעפֿין. יענע איז געקומען מיט אירע באַדינערס און אַ וואָגן מיט טרוקענע ווייצקעס, אַרויסגענומען חתן־כּלה פֿון אונטער די חופּה־שטענגלעך און זיי פֿאַרברענט פֿאַר אַלעמען אין די אויגן.

די ייִדן זײַנען געוואָרן אויפֿגעקאָכט, אויסגערופֿן אַ חרם אויף דער שטאָט, אַז אַלע ייִדן זאָלן אַוועק פֿון אָרט. די ייִדן האָבן זיך אַריבערגעהויבן איין ווייאָרסט ווײַטער פֿון זייערע ווינטערטער און דאָרטן האָט זיך אויסגעבויט דער ייִדישער ייִשובֿ.

אין 1847 האָבן דאָ געוווינט 593 [453?] ייִדן, אין 1897 — 2067, 1923 — 1013,[1] אין די 1930ער — בײַ 2300 און פֿאַרן חורבן — בײַ 3000 (מיט עטלעכע הונדערט ייִדישע פּליטים פֿון פּוילן].

ראַקישאָק האָט אויסגעמיטן דעם גירוש־ליטע פֿון מײַ 1915 אין דער ערשטער וועלט־מילחמה, אָבער דעם 27סטן יולי איז דאָרטן פֿאָרגעקומען אַ פּאָגראָם אויף ייִדן. לויט דער עצה פֿון פּריסטאַוו, האָבן אַ סך ייִדן שוין פֿריִער פֿאַרלאָזט די שטאָט. די גבֿירים האָבן באַהאַלטן זייער גאָלד און זילבער און

---

1) 197 ייִדן, וואָס האָבן געוווינט בײַם ראַנד שטאָט, זײַנען ניט צוגערעכנט געוואָרן צו דער אָפֿיציעלער סטאַטיסטיק.

אַנדערע ווערטזאַכן אין אַ קעלער אויפֿן הויף פֿון אָרטיקן גלח. דאָרטן האָט מען אויך באַהאַלטן אַלע ספֿר־תּורהס. די פּאַגראָמירנדיקע קאָזאַקן האָבן זיך דערוווּסט וועגן באַהעלטעניש, צעראַבירט די טײַערע חפֿצים און חרובֿ געמאַכט די הייליקייטן.

ייִדן האָבן זיך פֿאַרנומען מיט קרעמערײַ, קאַראַבעלניקערײַ, מלאכה. אין ייִדישע גאַרבאַרניעס און פֿאַבריקלעך האָבן געאַרבעט ייִדישע אַרבעטערס. דער ייִדי־שער מיסחר האָט זיך מערסטנס קאָנצענ־טרירט אויפֿן עקספּאָרט פֿון האָלץ, תּבֿואה און פֿלאַקס. די נאָענטקייט צו דער באַנ־סטאַנציע (3 קילאָמעטער פֿון שטאָט) איז געווען אַ גרויסער פֿאַקטאָר אין וווּקס פֿון דער שטעטלשער עקאָנאָמיק, וואָס ביז דער ערשטער וועלט־מילחמה איז זי מערסטנס געווען אַ ייִדישע. אין 1905 איז דאָ גע־שאַפֿן געוואָרן אַ לײַקאַסע און אַ קרעדיט־באַנק דורך זלמן אידעלסאָן. שפּעטער איז אויפֿגעשטעלט געוואָרן אַ סוחרים־באַנק, אונטער דער פֿירערשאַפֿט פֿון מאָטל מעלער. ביידע בענק זײַנען ליקווידירט געוואָרן אָנהייב ערשטן וועלטקריג.

אין די 1890ער יאָרן איז אויסגעבראָכן אַ כאָלערע־עפּידעמיע. דאָס האָט גורם געווען מערער צו פֿאַרשטאַרקן דעם „ביקור־חולים", וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין 1889. אין 1900 זײַנען די הכנסות פֿון ביקור־חולים געווען 1200 רובל, זײַן אָנפֿירער — זלמן אידעלסאָן. 1906 איז געשאַפֿן געוואָרן א „מלביש ערומים" דורך די פֿריילנס שפּריגאַט, רובין, זילבערשטיין. דער ציל: צו באַקליידן קליינע אָרעמע קינדער.

אין 1910 האָבן די פֿריילנס גורעוויץ און ראַבינאָוויץ געעפֿנט אַ 4־קלאַסיקע רוסישע פּראָגימנאַזיע פֿאַר ייִדישע קינדער. אַ צאָל ייִדישע שילערס האָבן זיך געלערנט אין דער רוסישער גימנאַזיע.

**רבנים.** — ראַקישאָק האָט געהאַט אַ סך חסידים, דעריבער זײַנען דאָ אָפֿט געווען צוויי רבנים אין איין צײַט — אַ חסידישער רבֿ און אַ מתנגדישער. עס איז אויך געווען אַ שוחט פֿאַר חסידים און אַ שוחט פֿאַר מתנגדים.

ר' אליהו מרגליות, געבאָרן 1811 אין קאַלוואַריע. פֿון סוף 1830ער רבֿ אין פּשעראָסלע (סוואַלקער געגנט), ווישיי, ראַדין און פֿון אַרום 1860 ביז 1867 אין ראַקישאָק, ווו ניפֿטר געוואָרן. אין **עמודי אור** פֿון ר' יחיאל העליר איז דאָ אַ תּשובֿה צו אים. זײַנע זין: ר' מרדכי, רבֿ אין אילוקסט (קורלאַנד, 1875־1884), מו"צ אין דיסנע, בעל **סוגה בשושנים, ליקוטי שושנים**; ר' זרח־אַבֿרהם, האָט פּירושים און הגהות אויף צוויי פּרשיות אין **קול אומר קרא** לר' יוסף־חיים קַרא; ר' יצחק, דער באַוווּסטסטער פֿון זײַנע זין, געבאָרן 1842 אין קאַלוואַריִע, רבֿ אין דרוזגעניק, נ"י. געווען אויך אַ שרײַבער אַ משׂכּיל. זײַנע ספֿרים: **מעוז התּלמוד** (וואַרשא, 1868), **מעוז הים** (ווילנא, 1870), **סופֿרי ישורון** (בערלין, 1876).

ר׳ אשר מרגליות, ר׳ אליהוס זון. זײַנע הערות געפֿינען זיך אויף **הלכות גדולות** (ווילנא, תּרנ״ד). האָט מערערע מאמרים אין **המגיד** — ביידע, פֿאָטער און זון, זײַנען פֿון די מתנגדים.

ר׳ בצלאל בר׳ יוסף כּץ, לאַנגע יאָרן רבֿ פֿון חסידים. ניפֿטר אין עלטער פֿון 96 יאָר.

ר׳ יצחק גור, פֿון 1907 ר״מ אין ירושלים, ווו ניפֿטר געוואָרן אין 1910. זײַן זון ר׳ מנחם־מענדל, איינער פֿון די גרינדערס פֿון „מזרחי״ אין לעטלאַנד, הי״ד.

ר׳ אַבֿרהם מאיראָוויץ, איידעם פֿון ר׳ בצלאל כּץ. פֿון 1928 רבֿ אין אַבעל, ווו אומגעקומען אין 1941, הי״ד.

ר׳ שמואל לעוויטין, איידעם פֿון ר׳ אָשר מרגליות. געגרינדעט אַ ישיבֿה, וואָס האָט עקסיסטירט ביזן ערשטן וועלט־קריג.

ר׳ זעליק אַרלאָוויץ, לעצטער רבֿ, הי״ד.

**מו״צים:** ר׳ בנימין־וואָלף ליפּשיץ, אַרום 1840־50. געבאָרן אַרום 1810. זײַן פֿאָטער, ר׳ נחמן־דובער, רב ומו״צ אין לוצין (לעטלאַנד). ר׳ בנימינס זון ר׳ ישׂראל אַנטיקאָלער, דײַן אין ווילנע; ר׳ אַבֿרהם־מיכל ווײַנער, געבאָרן 1888, מו״צ, שפּעטער רב אין סווינישאָק, ווו אומגעקומען אָב תּש״א, הי״ד.

**אָפּשטאַמיקע.** — אַבֿרהם שאַפּיראָ, געבאָרן 1884. פֿון 1907 אין אַמעריקע. מיטגרינדער פֿון בראַנדייס־אוניווערסיטעט. געשטאָרבן 1947 אין האָליווּד.

ר׳ שמואל־אַבא סניעג, מיליטערישער ראַבינער אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע.

ר׳ שמואל־לייב יאַלאָוו, געבאָרן 1892. פֿון 1914 אין אַמעריקע. בײַ 50 יאָר רבֿ אין סיראַקיוז.

יעקבֿ שמושקאָוויטש, געבאָרן 1902. שעף פֿון סאָוועטישן לופֿטפֿלאָט. אומגעבראַכט בעת סטאַלינס „רייניקונגען״.

**ניכבדים.** — ר׳ יודל ראַקישקער (צוזאַמען מיט פּומפּיאַנסקי פֿון עזשרעני), שטענדיקער פֿאָרשטייער פֿון אדמו״ר בעל „צמח צדק״ פֿון ליובאַוויטש אין פּעטערבורג צו האָבן השגחה אויף די עסקי הכּלל; ר׳ זלמן אידעלסאָן, ר׳ י. יחזקאלזאָן.

**קאָרעספּאָנדענטן:** יצחק מרגליות (**המגיד**), בנימין־הלל איידעלמאַן (**המליץ, הצפֿירה**).

**ביבליאָגראַפֿיע.** המגיד, 1867: 32; אנציקלופדיה של הציונות הדתית. ת״א־ירושלים, תשי״ח, ע׳ 489; הדואר, נ״י, תשל״ה, גל׳ 4; עיר ווילנא, ע׳ 37; תּולדות אַנשי שם (ראַנד), ע׳ 62; ג. קרסל, 2; „אֶשל אַבֿרהם״, כּ״י, ייִוואָ־אַרכיוו, נ״י [וועגן אַברהם מרגליות]; יזכּור־בוך סואוואַלק, ז׳ 188, 208; תּולדות ישיבֿת היהודים בקורלאַנד, ע׳ 46; „ליטע״, 1, ז׳ 109, 1591; יהדות ליטא, ג׳; יזכּור־בוך ראַקישאָק. Black Book

# רודאַמין RUDAMINĖ

סיינִיער קרײַז, 7 קילאָמעטער פֿון לאַזדיי. ייִדן האָבן גענומען זיך באַזעצן דאָ אַרום מיטן אַכצנטן יאָרהונדערט. צו ערשט זײַנען געקומען ייִדישע בעלי־מלאכות, שפּעטער איז צוגעקומען אַ רבֿ, וואָס האָט געלעבט אין אַ קרעטשמע. מען האָט אויסגעבויט אַ קלויז, אָפּגעדונגען אַן אָרט פֿאַר אַ בית־עולם. די פּלעצער אין רודאַמין האָבן געהערט צו די גאַווראָנסקיס, אַ פּוילישע פֿירשטן־מישפּחה. זיי האָבן ניט פֿאַרקויפֿט זייער ערד, נאָר פֿאַרפּאַכט צו ייִדן און יעדע פֿינף יאָר האָט מען געמוזט באַנײַען דעם פּאַכט־קאָנטראַקט. שפּעטער האָבן די גאַווראָנסקיס גענומען אָנטאָן פֿאַרשיידענע שיקאַנעס די ייִדן, אָפּחוזקן פון זייערע מלבושים, אַפֿילו פֿאַרווערן זיי צו ניצן דאָס וואַסער פֿון טײַכל רודאַמינעליס, וואָס שטראָמט דורכן שטעטל.

פֿון די 1850ער איז דאָ געווען מורה־הוראה ר׳ דוד דאַווידזאָן, וואָס איז ניפֿטר געוואָרן אין 1879. זײַן זון ר׳ אַבֿרהם־אַבא איז געווען ש״צ ושו״ב אין אַ דערבײַיִקער קליינער קהילה.

אַרום די 1870ער איז דאָ געווען רבֿ ר׳ יוסף־יהודה בערנשטיין, שפּעטער רבֿ אין ראָגעווע, לוקניק, פּילטען (קורלאַנד), באַלבירישאָק. זײַן זון ר׳ נוח־טובֿיה 1899 רבֿ אין אַמור ((יעקאַטערינאָסלאַווער גובערניע). **בעל מי נֹח.**

פֿון אַרום 1902 איז דאָ 18 יאָר געווען רבֿ ר׳ דוד סווירסקי, פֿון 1922 רבֿ אין שיקאַגאָ.

ר׳ מרדכי הכּהן איז דאָ געווען רבֿ ביזן חורבן. אומגעקומען 1941, הי״ד.

סוף נײַנצנטן יאָרהונדערט האָבן דאָ געלעבט אַרום 50 ייִדן. 1899 האָט איין ייִד אָפּגעקויפֿט דעם גאַנצן שטח. פֿון דעמאָלט הייבט זיך אָן די אויפֿבלי־תּקופֿה פֿון ייִדישן רודאַמין. ייִדן האָבן זיך פֿאַרנומען מיט מיסחר, מיט מלאכה: שנײַדערס, שוסטערס, סטאָליאַרעס, שינדלערס און שינדל־דעקערס, רימערס, אַ טייל האָט געצויגן זייער חיונה פֿון ערדאַרבעט.

נאָך דער ערשטער וועלט־מילחמה איז זייער גוטער מצבֿ געוואָרן זייער שלעכט. אין 1923 זײַנען דאָ נאָך געווען 98 ייִדן, אין 1935 — אַרום 20־30, און אַזוי פֿיל פֿאַרן חורבן.

אין אַ דאָרף לעבן רודאַמין איז 1910 געבאָרן געוואָרן הענעך זימאַן (פֿון דער רײַכער רודאַמין־מישפּחה). זינט 1933 פֿון די אָנפֿירערישע קאָמוניסטן אין ליטע, רעדאַקטער פֿון זייער אָרגאַן Tiesa (נאָך דער מילחמה). אַ קורצע צײַט רעדאַקטירט דעם קאָוונער **עמעס** (שטאָט דער פֿאַרמאַכטער **אידישע שטימע**). מחבר פֿון **די סאָוועטישע ייִדן — פּאַטריאָטן פֿון זייער סאָציאַליסטיש היימלאַנד.** (מאָסקווע, 1984). געשטאָרבן 1985 אין ווילנע.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המגיד, 1879: 46; ליטע, I, ז׳ 1624; יהדות ליטא, ג׳; ב. כּהנס לעקסיקאָן, ז׳ 263; אהלי שם, 10. תּולדות אנשי שם (ראַנד), ע׳ 91. Black Book.

## רומשישאָק RUMŠIŠKĖS

קאָוונער קרײַז. גאָר אַן אַלט אָרט. ווערט שוין דערמאָנט אין דאָקומענטן פֿון 1381. 1760 האָט עס געהערט צו פֿירשט ברוינאָף און 1775 צו באַראָן מאַט זיניעוו.

צווישן 1842 און 1880 זײַנען געווען 24 רומשישקער פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

אין אַ רשימה מנדבים פֿון 1872 פֿאַר יידישע הונגער־געליטענע אין גרויסע טיילן פֿון ליטע געפֿינען זיך מערערע רומשישקער. די קלײַבערס: מיכל־שרגא קאַדישאָן, טוביה סגל.

אין צוויי רשימות בײַ־שטײַערערס פֿון 1899 פֿאַר העלפֿן בויען ארץ־ישׂראל זײַנען דאָ רומשישקער. די מורשים אין איין רשימה: צמח פֿעלדשטיין, נחום־אליה יאָג, אין אַ צווייטער: הרה״ג ר׳ אליהו לעווין.

פֿאַר דער ערשטער וועלט־מילחמה האָבן דאָ געלעבט בײַ 450 יידן, אין 1923 — 288 און פֿאַרן חורבן — אַרום 200. יידן האָבן זיך פֿאַרנומען מיט האַנדל, קרעמערײַ און מלאכה.

רומשישאָק האָט דורכגעמאַכט דעם גירוש־ליטע אין מײַ 1915. פּאָליציי האָט געוואָרנט די פּויערים ניט צו פֿאַרדינגען יידן קיין פֿורן. טייל יידן האָט זיך דאָך אײַנגעגעבן צו קריגן פֿורן פֿאַר עלטערע און קליינע קינדער און אַ ביסל זאַכן. ווען דער פּאָליציי־הויפּט האָט דאָס געזען, האָט ער גענומען גוואַלדעווען אויף די פּויערים, הלמאַי זיי העלפֿן „זשידאָווסקע פֿאַרעטערס״. די פּויערים זײַנען זיך צעפֿאָרן, און די יידן מיט זייער געפּעק און אַלטע לײַט האָבן זיך געמוזט שלעפּן צו פֿוס ביז אַ צווייט אָרט. פֿאַרן גירוש זײַנען די יידן פּאָגראָמירט געוואָרן דורך קאָזאַקן.

**רבנים.** — ר׳ מאיר דובער בר׳ משה־אלעזר פּאַגיר, פֿון 1866 ביז 1891, שפּעטער ווי אַ רבֿ שני אין קיידאַן. עמיגרירט קיין אַמעריקע, ווו ניפֿטר געוואָרן 1906. בעל **יד מאיר, ליקוטי יעקבֿ, פּסקי הלכות.**

ר׳ אליהו בר׳ שמואל הכּהן לעווין, אין די 1890ער און אָנהייב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט.

ר׳ אַהרן־בענדעט הכּהן שמידט, שפּעטער רבֿ אין ווידזשון. ניפֿטר געוואָרן 1965 אין תּל־אָבֿיבֿ אין עלטער פֿון 106 יאָר; ר׳ ישׂראל גאָלדמאַן.

ר׳ אַהרן גראָזאָווסקי, ניפֿטר געוואָרן 1937, אין עלטער פֿון 44 יאָר.

פֿון אַרום צווייטן פֿערטל נײַנצנטן יאָרהונדערט איז דאָ געווען מו״צ ר׳ יוסף עליאַשבערג, פֿריִער מו״צ אין צײַקישאָק און אין זײַנע לעצטע יאָרן עולה געווען קיין ארץ־ישׂראל. פֿאָטער פֿון ר׳ מרדכי עליאַשבערג, געבאָרן 1817 אין צײַקישאָק, אב״ד זעזמער און בויסק (לעטלאַנד). באַקאַנטער חובֿבֿי־ציוניסטישער בעל־מחשבֿה. זײַנע ספֿרים זײַנען פֿון די גרונדבּיכער פֿון רעליגיעזן ציוניזם. הגאון ר׳ אַבֿרהם־יצחק קוק האָט געזאָגט,

אַז זײַנע „השקפות על עתידות האומה ותקוותיה" זײַנען באַווירקט פֿון ר' מרדכיס ספֿרים.

**אָפּשטאָמיקע.** — ר' יהודה־לייב בר' יצחק כּץ (ר' לייבעלע רומשיש־קער), חריף ובקי, איינער פֿון חשובֿי העיר אין ווילנע. פֿאַר אים און אַ צווייטן ניכבד פֿון ווילנע האָט מען 1798 געבראַכט אַ ייִדן פֿאַר האַלטן מיט די חסידים פֿון שטאָט [כּידוע, האָט דער ווילנער גאון געהאַט אַרויסגעגעבן אַ חרם אויף חסידים]. ניפֿטר 1906. ש"י פֿין שרײַבט, אַז ער איז געווען איינער פֿון די חריפֿים אין דור פֿון הגר"א.

ר' חיים־אלחנן צאַדיקאָוו (באַקאַנט אונטערן נאָמען ר' חיים רומ־שישקער), געבאָרן 1813, איז געווען איינער פֿון די באַוווּסטסטע מגידים בדורו. פֿון די אײַנגייערס בײַם ווילנער גאון, וואָס האָט געזאָגט אויף אים, אַז ער איז ראוי צום טיטל „גאון". אב. קאַהאַן, רעדאַקטער פֿון **פֿאָרווערטס**, האָט געשריבן אין זײַנע זיכרונות, אַז ר' חיים רומשישקער איז געווען די אינטערעסאַנטסטע פֿיגור צווישן די מגידים אין זײַן צײַט. ער פֿלעגט מאָלן זײַנע משלים בילדלעך, מיט גרויסער פֿאָרשטעלונג־קראַפֿט, באַהויכט מיט הומאָר. אין **עץ פּרי**, א', פֿון ש.א. פֿרידענ־שטיין, ווערט דערציילט אין זײַן נאָמען אַ מעשׂה מיט הגאון „שאגת אַריה" און דעם לעצטן ווילנער רבֿ ר' שמואל. מחבר פֿון **מורה חיים** (ווילנא, תּרל"ג. פּירוש אויף **איוב**, מיטן טעקסט). ניפֿטר 1883.

ר' יוסף בר' יהודה רומשישקער, איינער פֿון די אַשכּנזישע תּלמידי־חכמים אין ירושלים. דאָרטן ניפֿטר געוואָרן אין 1870.

ר' יעקבֿ בר' ישׂראל כּץ, געבאָרן אין 1863. ר"מ אין ר' הירשלס ישיבֿה אין סלאַבאָדקע. פֿון 1906 רבֿ אין קליקאָל, בעתן ערשטן וועלטקריג רבֿ אין האָמעל און שפּעטער אין זאַגער. פֿון 1920 ביז זײַן פּטירה אין 1923 אין ווילדינגען (דײַטשלאַנד).

שמעון געסנס, געבאָרן 1907. געשטודירט פֿילאָסאָפֿיע אין קאָוונער אוניווערסיטעט. פֿון 1935 אין ארץ־ישׂראל. געשריבן אין **גלים**, **נתיבֿות** — קאָוונע, **כּתובֿים**, **טורים**, **האָרץ**, **על המשמר**, **דבֿר** — תּל־אָבֿיבֿ. געדרוקט אַרטיקלען וועגן ליטעראַטור און טעאַטער אין די קאָוונער טאָגצײַטונגען: **אידישע שטימע**, **דאָס וואָרט**, **פֿאָלקסבלאַט**. רעדאַקטירט די זשורנאַלן **פּתח** און **פּעם** — קאָוונע. מחבר פֿון **היטלער קורא בתנ"ך** (ת"א, 1940). האָט איבערגעזעצט אויף העברעיִש וואָראָפּיאַנאָווס **פּאָליוס** — **טייסי הקוטבֿ** (ת"א, 1940).

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המגיד, 1872: 11; המליץ, 1899: 62, 213; ש.י. יַצקן, רבנו אליהו מווילנא. וואַרשא, תּר"ע, ע' 120; אב. קאַהאַן, בלעטער פֿון מײַן לעבען. נ"י, 1926, ז' 164; ישׂראל קלוזנר, קורות ביה"ע הישן בווילנה. ווילנה, תּרצ"ה; „הרב מרדכי עלישברג". ירושלים, תּרצ"ו, ע' ז', י"א ועוד.

ישׂראל קלוזנר, ווילנה בתקופֿת הגאון. ירושלים, תּש"ב, ע' 28; ספֿר זכּרון קיידאַן. ת"א,

1977, ע׳ 189; לקורות עיר קיידאַן, ע׳ י״א; א.ל. פּרומקין, תּולדות חכמי ירושלים, ג׳. ירושלים, 246; קריה נאמנה, 204; תּולדות ישיבת היהודים בקורלאַנד, ע׳ 54; עיר ווילנא, 125; לעקסיקאָן, 2; ספר הפּרע־נומעראַנטן, 8153; אהלי שם, 113; „ליטע״, 2, ז׳ 99; יהדות ליטא, ג׳.

J. Totoraitis, Sŭduvijos Suvalkijos Istorija, p. 393; Black Book.

# ריטעווע

# RIETAVAS

טעלזער קרײַז, פֿון די עלטערע ייִדישע קהילות אין ליטע. אין צווייטן פֿערטל פֿון זיבעצנטן יאָרהונדערט האָט דאָ עקסיסטירט אַ קליינע קהילה. אין 1662 זײַנען דאָ געווען 200 ייִדישע מאַנסבילן, 201 ייִדישע פֿרויען, מיט 9 ייִנגלעך און 11 מיידלעך. אין די צײַטן פֿון „ועד ליטא״ געהערט צו קיידאַנער גליל. איינע פֿון די דרײַ שטעט, ווו עס זײַנען פֿאָרגעקומען צוזאַמענפֿאָרן פֿון גליל (אַנדערע צוויי: קראָזש, שקוד).

אין 1897 האָבן דאָ געוווינט 1397 ייִדן, אין 1914 — בײַ 1800, 1923 — 868 און פֿאַרן חורבן — בײַ 500. מערסטע ייִדן האָבן זיך פֿאַרנומען מיט מיסחר, בעיקר מיט פֿלאַקס, טייל מיט מלאכה און עטלעכע מישפּחות מיט לאַנד־ווירטשאַפֿט.

דער גרעסטער טייל פּלעצער אין שטעטל האָט געהערט צו גראַף אָגינסקי, צווישן זיי די ערד פֿון בית־מדרש. אין 1878 איז געווען נאָר איינער. עס פֿלעגן פֿאָרקומען אָפֿטע שטרײַטן און מישפּטים מיטן גראַף אָדער זײַן מישפּחה. איין מאָל האָט ער אַרײַנגעשיקט אין בית־מדרש זײַנע דינערס אויף פֿערד צו מאָנען דירה־געלט, אַ צווייט מאָל איז דער גראַף געקומען (אין 1872) מיט אַ כאָפּטע פּויערים, אַרויס־געוואָרפֿן פֿון בית־מדרש אַלץ, אויך דעם אָרון־קודש, און אַרײַנגעזעצט דאָרטן קריסטן.

וועגן אַ צווייטן אָגינסקי, וואָס האָט אויך אין די פֿריִערדיקע יאָרן אָנגעטאָן צרות ייִדן אין שטעטל, דערציילט דער ריטעווער גבֿריאל גראַד. דער אָגינסקי איז געווען רשעדיק ניט נאָר לגבי ייִדן, נאָר אויך כּלפּי גויים. ער האָט זיך באַטייליקט אין אויפֿשטאַנד פֿון 1863 קעגן צאַר. ער איז אַרעסטירט געוואָרן, אָבער האָט זיך געעסמט פֿאַרן מישפּט. ייִדן — און גויִים האָבן צוגעהאָלפֿן — האָבן לכּבֿוד דעם געפּראַוועט אַ פּורים־שימחה אין די גאַסן, וואָס אין פּנקס הקהל ווערט עס באַצייכנט ווי „פּורים ירבֿעם בן נבֿט״. בראש פֿון דער פּורים־דעמאָנסטראַציע איז געגאַנגען דער מלמד פֿון תּלמוד־תּורה, ווי אויך משה־אַהרן, יחיאל־ברוך דער שוחט, דער חזן און זײַן געהילף לייבע באַס (לייבע קאַפּעל־

מײַסטער). לייבע האָט געלעבט אין פּלונג־יאַן, ווו ער האָט געהאַט אַ קאַפּעלע כּלי־זמרים. צו אַ חתונה אין ריטעווע פֿלעגט מען ס׳רובֿ אַראָפּברענגען לייבן מיט זײַן חבֿרה, וואָס פֿלעגן אָנפֿירן מיטן גאַנצן צערעמאָניאַל, און אין רעפּערטואַר זײַנען געווען אויך לייבעס לידער. לייבע איז געווען באַרימט מיט זײַנע כּלי־זמרים אין דער גאַנצער אומגעגנט.

ניט אַלע אָגינסקיס זײַנען געווען רשעים. אין איין העברעיִשער צײַטונג־קאָרעספּאָנדענץ פֿון 1893 ווערן געגעבן אַ סך שבֿחים דעם „אדון ריטעווע" אָגינסקי. אין אַ צווייטער העברעיִשער קאָרעספּאָנדענץ ווערט איבערגעגעבן, אַז די מישפּחה אָגינסקי איז גוט צו ייִדן. איינער פֿון די אָגינסקיס האָט אַראָפּגעבראַכט צו זיך מערערע ייִדישע נישׂרפֿים פֿון פּלונגיאַן און זיי געהאָלפֿן אויך מיט געלט.

אין 1881 האָבן זיך פֿאַרשפּרייט קלאַנגען וועגן אַ געגרייטן פּאָגראָם. די ייִדן זײַנען אָפּגעקומען מיט שרעק.

סוף 1880ער יאָרן זײַנען מערערע ייִדישע קינדער קראַנק געוואָרן נאָך דער מילה. עס האָט זיך אַרויסגע־שטעלט, אַז דאָס איז די שולד פֿון אָרטיקן מוהל. פֿון דעמאָלט פלעגט מען אַראָפּברענגען דעם מוהל פֿון פּלונגיאַן.

אין 1888 האָט די תּלמוד־תּורה זיך געפֿונען אין אַ בידנעם מצבֿ, סײַ פֿינאַנציעל, סײַ מיט דער דירה, וואָס איז געווען אויף דער סאַלקע פֿון בית־מדרש.

אין 1898 זײַנען דאָ געגרינדעט געוואָרן „בנות ציון". אין דרײַ רשימות מנדבֿים צו העלפֿן בויען ארץ־ישׂראל פֿון 1898 און 1903 אין **המליץ** זײַנען דאָ אַ סך ריטעווער. די קלײַבערס: אלחנן אַהרנסאָן, שמואל זאַקס, פּרץ יאָכעלסאָן, ג.ה. קלע־ניצקי. פֿערציק נעמען ווערן דערמאָנט אויך אין **חשבון הנדבֿות**. אין 1863 איז געווען אַן עסקן אין „כּולל הפּרושים" פֿון ירושלים ר׳ אַבֿרהם ליכט מריטאָווע.

אין אַ רשימה פֿון בײַשטײַערערס פֿאַר ייִדישע הונגער־געליטענע אין בעסאַראַביע אין 1900 געפֿינען זיך די ריטעווער: מ. איצקאָוויץ, ד״ר לינדא, לייב לעוויטע, זאבֿ גראַד, איסר הירשבערג, ·א. זאַקס, י.ב. זאַקס, נחמן אַווערבוך, טויבע־דבֿורה נאָכימאָוויץ, מ.ד. לעוויטע, מאיר האַן, מ.ז. פֿרידמאַן, י.ב. הירשאָוויץ, ה.י. מאָזעסזאָן, מ.ל. מאָווּשאָוויץ, י.ל. פּאַ־ליקשט, דוד לעווינזאָן, יחיאל זאַקס, י.מ. אַווערבוך, מ.א. הײמאַן, נחמן זאַקס, זאבֿ קאַהן.

בענדעט גראל [גראַד?], משה שוואַרץ, יוסף סטראַז, זיסמאַן אַווערבוך, ד. תּלמוד, הינדע טובילעס, קיילע זאַקס, רחל־לאה שנײַדער, מאיר אַווערבוך, יצחק־גרשון בערמאַן, אליהו זינגער, ש.ו. אַראָנ־זאָן, ש. קלוגמאַן, מ. גאָרין, ניסן ווײַן, י.ב. שאַפּיראָ, זוסמאַן יערוסלאַוימסקי, מאיר זאַקס, רחל־לאה דאַווידאָוויץ (באָבע פֿון הרבֿ אַהרן שורין), שׂרה־פֿייגע רודעצקי, שׂרה בײַ, יחזקאל גראל [גראַד?], אַהרן

צעלקער, יצחק יעבץ, ברוך שאַפּירא, פ. ל. יעבץ, ש.ר. שאַפּירא, לאה לעוויטע, פ. אורווין, חיה זאַקס.

נטע לעוויטע, חנה זאַקס, אסתּר גראַף, משה סג״ל, דובֿ־וואָלף בּיראַקי, יעקבֿ זאַקס, מ.י. סעגאַל, משה אווערבוך, הש״ף [הש״צ?], י.מ. טובּילעס, מיכאל בר׳ יעקבֿ, י.ד. מילנער, פ. פמאלע, לאה מילער, זאבֿ טאַלמאַן, אַריה־לייב קראָם, לאה סערגיי, י.ד. הירשאָוויץ, שׂמחה זאַקס, ב. הענדלער, מ. מאַרקוס, יצחק גלוּין, שכנא זאַק, מאנע וואָלף, גיטל אַבעלעוויץ, אליעזר מאיראָוויץ, נחמן־לייב בר׳ יחזקאל, שׂרה גלוגמאן [קלוגמאן?], דבורה יאַנקעלעוויץ, יצחק גראַץ [גראַד?].

ישׂראל טײַץ, יוסף סג״ל, ביילע קאַן, אַבא ראַבּינאָוויץ, ה.ק. פּריסמאַן, ש. לעוויטע, אַבֿרהם געניס, ליפּמאן סיראָט, מאיר לאַסאַווסקי, א.ב. אַווערבוך, יצחק מאיראָוויץ, פ. מאיראָוויץ, זלמן קלעוואַנסקי, א.ג. מונדעל, צבֿי פּיג, מייטע זאַקס, בצלאל בוכמאן, דובֿ זאַקס, יצחק בר׳ מאיר, אַהרן זאַקס, פ.מ. פּישעלעוויץ, יחיאל־ברוך כהן, פ.מ. מאַרקוס, משה אַווערבוך, חיים לעוויטע, אַלטע הערינג, אליהו־דובֿ מאַרקוס.

אין אַ ליסטע בײַשטייערונגען פֿון 1913 פֿאַר דער „אגודה״ זײַנען דאָ די ריטעווער: בערע־לייב דיסין, אליעזר פּריסמאַן, בן־ציון בערעלאָוויץ, אַלטער ריק, שלום־טובֿיה הורוויץ, יצחק־צבֿי גערטלער.

צווישן 1842 און 1913 זײַנען געווען 48 ריטעווער פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

**רבנים.** — ר׳ מרדכי יפֿה, אַרום 1750/60. ניפֿטר געוואָרן אַרום 1774/75.

ר׳ אליהו ריטעווער, איידעם פֿון ר׳ זאבֿ־וואָלף ליפּקין, אבֿ״ד טעלז, און שוואָגער פֿון ר׳ שמואל, שוואָגער פֿון ר׳ שמואל חסיד ראַסיינער, איינער פֿון די „שלשה חסידי זאַמוט״, ווי דער ווילנער גאון האָט זיי גערופֿן. ניפֿטר 1810.

ר׳ נפֿתּלי־הערץ ריטעווער, געבאָרן דאָ 1783. חיבורים: **מי פּיור** [קאָניגסבערג], תּר״ך; „נדבֿת המשכּן״, פּירוש אויף דער **הגדה** [מיטן טעקסט] (ווילנא, תּרל״א. הבֿיא לדפֿוס בנו ר׳ אַהרן); **אילה שלוחה** (וואַרשא, תּרמ״ו). אין **אחרית לשלום**, פֿון יצחק אליהו לנדא, איז דאָ ר׳ נפֿתּליס ביאור **לחם עני**. ר׳ יצחק רופֿט אים: „הרבֿ המקובל״. ניפֿטר 1828.

ר׳ אליעזר בר׳ טודרוס, אייניקל פֿון ר׳ אליהו ריטעווער.

ר׳ ברוך־בענדעט גראַד, 1842 דאָ רבֿ. זײַן זון ר׳ יואל האָט געזאָגט אַ שיעור אין דער חבֿרה ש״ס.[1]

ר׳ יהודה־לייב־משה הלוי סיר־

---

1) אין **אידישע שטימע** (קאָוונע) רעדט זיך וועגן אַ „באַרימטער ריטעווער רבֿ ר׳ ברוך־בענדעט״ — מסתּמא דער זעלביקער. אין **רשומות** (תּ״א) ווערט געזאָגט, אַז גבֿריאל גראַדס זיידע ר׳ יואל איז געווען רבֿ אין ריטעווע — דאָס קען גיכער זײַן דער מגיד־השיעור.

קין, געבאָרן 1831. פריִער רבֿ אין צײַקי־שאָק און נאָך ריטעווע אין סעלץ, וויסאָקי. בעל **סערות תּימן**. מען האָט אים גערופֿן „ר׳ לייבציק חריף״. ניפֿטר 1885. זײַן פֿאָטער ר׳ צבֿי־הירש, ר״מ אין קיידאַן. זײַן שווער — ר׳ שלמה הורוויץ, רבֿ אין באַל־טימאָר, פּיטסבורג.

ר׳ אַבֿרהם־אַהרן בורשטיין בר׳ יהושע בלומענטאַל [!], געבאָרן 1867 אין קאַמענעץ דליטא. 1891 רבֿ אין ציטעוויאַן, 1893־1898 אין ריטעווע, דערנאָך אין אַניקשט, סאַלאַנט, שאַדעווע, טאַווריק. אין ערשטן וועלטקריג, ווען ער האָט זיך אויפֿגעהאַלטן אין שאַוול, האָט מען אים אַרעסטירט כּלומרשט ווי אַ דײַטשישן שפּיאָן און די רוסן האָבן אים פֿאַרמישפּט צום הענגען. אַ דאַנק דער שתּדלנות פֿון אָרטיקן גלח, האָט מען אים באַפֿרײַט מיטן תּנאי תּיכף צו פֿאַרלאָזן שאַוול. געווען ר״מ אין דער ישיבֿה פֿון באָגאָראָדסק, שפּעטער אַ קורצע צײַט רבֿ אין טשערקאַס און נאָך דער מילחמה ווידער אין טאַווריק. פֿון 1924 ר״מ אין ישיבֿה פֿון „מרכּז הרבֿ״ אין ירושלים ביז זײַן פּטירה ט׳ כּסלו, תּרפּ״ו. אין **נר אַהרן**, וואָס זײַן איידעם ר׳ משה פֿרענקל האָט אַרויסגעגעבן (ת״א, ת״ש), זײַנען דאָ זײַנע שאלות־ותּשובֿות, חידושים און עטלעכע שיעורים זײַנע אין באָגאָראָדסקער ישיבֿה. זײַן זון ראובֿן ברקת איז געווען ישׂראל־אַמבאַסאַדאָר אין נאָרוועגיע.

ר׳ יצחק־אליהו גפֿן, דערנאָך רבֿ אין יאַסווען. איידעם פֿון ר׳ שלמה־זלמן טרויב, אבֿ״ד קיידאַן. אין בערלינער **יְשֻׁרון** (תּרפּ״ב, חובֿ׳ א׳) זײַנען געבראַכט עטלעכע חידושי־תּורה זײַנע. עס ווערט צוגעגעבן: ז״ל, — אַ סימן, אז ער איז ניפֿטר געוואָרן פֿאַר 1922. די רעדאַקציע גיט צו: „אחד מגאוני רוסיה״.

הרבֿ שור, געווען אויך רבֿ אין שאַקי.

ר׳ שמואל בר׳ יצחק פֿונדילער, געבאָרן 1875 אין בערעזינאַ (מינסקער גובערניע). אַ „משפּיע״ אין די ישיבֿות פֿון מיר, סלוצק, טעלז, סלאָבאָדקע. 1912־1914 רבֿ אין וואַרשאַוואַן, 1914־1920 אין בערעזינא, 1921 ווידער אין וואַרשאַוואַן, 1922־1927 אין ריטעווע, איין יאָר אין ארץ־ישׂראל, און פֿון 1929 ווידער אין ריטעווע. אין 1941 איז ער ספּעציעל געפּײַניקט געוואָרן אין פֿאַרשפּאַרטן בית־מדרש מיט אַלע ייִדן. די רוצחים האָבן אים געהייסן רײַסן ספֿר־תּורות. ער האָט געקראָגן אַ האַרץ־אַטאַקע, געפֿאַלן אַ טױטער און פֿאַרברענט געוואָרן מיט אַלע ייִדן אין בית־מדרש, הי״ד.

ר׳ בערל ריטעווער איז געווען אַ מגיד. פֿלעגט אַרומפֿאָרן איבער שטעטלעך דרשענען, מערסטנס קעגן השׂכּלה.

דיינים: ר׳ יצחק בר׳ מנחם אַראָנאָוויץ, מען האָט אים גערופֿן: ר׳ איצע דער דיין. אין זײַן **קשר תּורה** (ווילנא, תּרס״ז) זאָגט זיך: „איתן מושבי בק״ק ריטאָווע״; ר׳ שלמה־עזרא מער. נאָך זײַן ריטעווער דיינות ר״מ אין פּאָנעוועזש.

ר׳ משה שורין (מישורית), געבאָרן 1890 אין טורטשין (וואָהלין). איידעם פֿון ריטעווער ר׳ משה־אַהרן דאַווידאָוויץ.

געוועזן רבֿ אין נאַווראַן. פֿון מיטן ערשטן וועלטקריג ר״מ אין ישיבֿה, וואָס ער האָט געגרינדעט. 1928 רבֿ אין קעמברידזש (אַמעריקע), בראָנקס און ניו־יאָרק, ווו ניפֿטר געוואָרן 1841. איינער פֿון זײַנע זין הרבֿ ר׳ אַהרן בן־ציון (זע: ווײַטער).

אַ צווייטער ראש־ישיבה איז געוועזן ר׳ יצחק־אלעזר ווישנעווסקי, שפּעטער רבֿ אין קאָלטעניאַן, הי״ד.

**אָפּשטאָמיקע.** — ר׳ מנחם־מענדל שערהיי, דאָ געבאָרן אַרום אָנהייב מיטן נײַנצנטן יאָרהונדערט. אַ בקי בש״ס ופוסקים. געלעבט אין ריגע, ווו געווען באַרימט ווי אַ גרויסער דאָקטער. מחבר פֿון **משיבֿ נפֿש** (ווילנא, תּרס״ב, 3 טיילן) — אויסער רעליגיעז־מעדיצינישע עניינים, זײַנען דאָ אין ספֿר אויך שאלות־ותּשובֿות.

ר׳ זאבֿ־וואָלף בר׳ יצחק־אײַזיק אַבֿרך, דאָ געבאָרן 1845. מו״צ אין פּיקלען, ר״מ אין שאַט און פֿון 1885 אב״ד מאַזשייק. בעל **רבֿיד הזהבֿ** (וואַרשע, תּרנ״ח). ניפֿטר געוואָרן 1922.

געצל זעליקאָוויטש, דאָ געבאָרן 1863. געשטודירט אַלטע אָריענטאַלישע שפּראַכן און 1879 געקראָגן דעם טיטל עגיפּטאָלאָג אין פּאַריזער סאָרבאָנע. פֿון 1887 אין אַמעריקע. אַ קורצע צײַט געווען פּראָפֿעסאָר פֿון עגיפּטאָלאָגיע אין פּענסיל־וועניע־אוניווערסיטעט. אָנגעהויבן שרײַבן אין **המגיד, המליץ, כּנסת ישראל**; אין אַמעריקע: **יידישעס טאַגעבלאַט, יודישע גאַזעטען, וואַרהייט, דער טאָג** א״אַ; אין די העברעיִשע **הדואר, התּורן, נר מערבֿי, העבֿרי** א״אַ. ביכער: **ליטעראַרישע בריעף** (נ״י, 1909), **אַראַביש אידישער לעהרער** (נ״י, 1918), **געקליבענע שריפֿטען** (נ״י, 1932), די בראָשור **די פֿעראייניקטע שטאַטען אויפֿן שיידוועג** (וואַרשע, 1921). ארויסגעגעבן אויך עטלעכע לײַכטע ראָמאַנען, וואָס זייערע „קעפּ" זאָגן אַלץ: **מאַדאַם יצר הרע, דיא נקמה פֿון אַ בר־מינן, דער בערויבטער קבֿר, דיא ביטערע נקבֿה** (נ״י, צווישן 1907 און 1912). אין העברעיִש: **ציורי מסע** (וואַרשא, 1910), **תּורת בודהאַ** (נ״י, 1922, איבערגעזעצט פֿון סאַנסקריט), דעם אַלט־עגיפּטישן **ספֿר המתים**. האָט אויך איבערגעזעצט אויף ענגליש **מענה לשון** (נ״י, 1910). געווען מיטאַרבעטער פֿון **דזשויִש ענסײַקלאָפּידיאַ** און אײַזענשטאַדטס **אוצר ישראל** (לאָנדאָן־נ״י). געשטאָרבן 1926 אין ניו־יאָרק.

ר׳ ברוך מאַרקוס בר׳ מאיר פֿאַלק, דאָ געבאָרן 1870 [1866?]. פֿון 1891 אין ארץ־ישראל. ר״מ פֿון **ישיבֿת חיים** אין ירושלים. פֿון 1906 אין חיפֿה, ווו געווען רבֿ ביז זײַן פּטירה אין 1961. בעל **אמרי ברוך** (חיפֿה, תּר״ץ).

ר׳ אַהרן־שלמה־זלמן זאַלמאַנאָוויץ, דאָ געבאָרן 1871. רבֿ אין סאַפּיזישאָק, דאָקשיץ (מינסקער גובערניע) און פֿון 1924 אין מאָנטרעאָל ביז זײַן פּטירה אין 1941. זײַנע חיבורים זײַנען געבליבן אין מאַנוסקריפּט. אייניקל פֿון ר׳ שלמה־זלמן, אב״ד נײַשטאָט־סוגינד, וואָס איז אייניקל פֿון ר׳ אַבֿרהם, ברודער פֿון ווילנער גאון.

גבֿריאל גראַד, דאָ געבאָרן 1890. פֿון 1924 אין ארץ־ישראל. קאָמפּאָזיטאָר, פֿאָרשער פֿון יידישן פֿאָלקלאָר. פֿאַרפֿאַסט

אַ 500 מוזיקאַלישע קאָמפּאָזיציעס און הונדערטער מעלאָדיעס צו העברעיִשע לידער. ס׳איז דאָ זײַנע אַ באַשרײַבונג פֿון אַ ברוגז־טאַנץ און שלום־טאַנץ פֿון ריטעווער ייִדישע פֿרויען. געשטאָרבן 1951 אין תּל־אָבֿיבֿ. זײַן פֿאָטער ר׳ צבֿי־זאבֿ איז געשטאָרבן 1920.

ר׳ שמואל־מנחם פֿײַן, געבאָרן 1880. רבֿ אין וולאַדימיר־וואָלינסק, מאָס־קווע, טווער. נאָכן ערשטן וועלטקריג אין אַמעריקע. פֿון 1928 רבֿ אין דעטראָיט. מחבר פֿון **ילקוט שמואל, איתן שמואל, זכרון שמואל**. אין ייִדיש: **פֿון אייביקן קוואַל** (ס״ט לואיס, 1933־1935), **די זיכערע וועג** (דאָרטן, 1938). ניפֿטר אין ס״ט לויִס.

ר׳ ישׂראל מאַרקוס, געבאָרן 1884. אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע. מיטאַרבעטער און אַ צײַט אויך רעדאַקטער פֿון שיקאַגער טאָגצײַטונג **אידישער קוריער**, וווּ געדרוקט אויך וועגן דער סדרה פֿון דער וואָך. געשריבן אויך אין **שיקאַגאָ־ער וואָכענבלאַט** און **דער אידישער קעמפּפֿער** (פֿילאַדעלפֿיע, 1906־1907). מחבר פֿון **געקליבענע פּערל פֿון אונזער קולטור־אוצר** (שיקאַגאָ־נ״י, 1942־1947). געשטאָרבן 1946 אין שיקאַגאָ.

ר׳ חיים־זלמן קראָן, געבאָרן אַרום 1898. איינער פֿון די גרינדערס פֿון „צעירי ישׂראל״ אין ליטע, מיטגרינדער פֿון דער מיידל־גימנאַזיע „יבֿנה״ אין טעלז. 1925 אַ קורצע צײַט רעפּערענט פֿאַר ייִדי־שע ענינים אין ליטווישן אינערן־מיניס־טעריום. אין די דרײַסיקער יאָרן רבֿ אין פּיקעלן און פּאָקראָי, וווּ אומגעקומען מיט זײַן קהילה אין 1941, הי״ד. פֿון 1921 מיטגעאַרבעט אין אָרטאָדאָקסישן **דער אידישער לעבן** (קאָוונע). געשריבן וועגן חינוך און געזעלשאַפֿטלעכע פּראָבלעמען אויך אין **הנאמן** (טעלז־קאָוונע).

ר׳ דובֿ־צבֿי הײמאַן בר׳ משה־אַהרן, געבאָרן 1902. פֿון 1931 אין אַמע־ריקע. רבֿ אין מיניאַפּאָליס, ר״מ אין ישיבֿה „עץ־חיים״ אין באַלטימאָר. געשריבן אַ סך מאמרים אין העברעיִשע צײַטשריפֿטן. אייניקל פֿון דרשן ר׳ ישׂראל־שלום פֿון שאַדעווע.

ר׳ יואל־דובֿ זאַקס, געבאָרן 1909. משגיח אין טעלזער ישיבֿה. געשריבן אַרטיקלען אין וואָכנבלאַט **הנאמן** (טעלז). לעצטער רעדאַקטער פֿון **דער אידישער לעבן** (טעלז־קאָוונע). זיך אויך באַטייליקט אין ווילנער **דאָס וואָרט**. רעדאַקטער פֿון תּורה־זשורנאַל **פּרי עץ חיים** (טעלז, 1935־1940). אומגעקומען 1941, הי״ד.

ר׳ אַהרן בן־ציון שורין, געבאָרן 1913. געקומען 1936 קיין ארץ־ישׂראל, וווּ באַקומען סמיכה. פֿון 1940 אין ניו־יאָרק. רבֿ אין ברוקלין און פֿון 1956 לעקטאָר אין תּנ״ך און משנה אין ניו־יאָרקער שטערן־קאַלעדזש. האָט פֿאַרעפֿנטלעכט מאמרים אין דער ייִדישער און העברעיִשער פּרעסע פֿון ארץ־ישׂראל, אַמעריקע און אַנדערע לענדער. זינט 1944 שטענדיקער מיטאַרבע־טער פֿון **פֿאָרווערטס** (נ״י), וווּ ער שרײַבט וועכנטלעך אויף נאַציאָנאַל־רעליגיעזע טעמעס. מחבר פֿון **קשת גיבורים** (ירושלים, 1964) — ביאָגראַפֿישע שטודיעס וועגן

גרויסע ייִדישע פּערזענלעכקייטן אין נײַנ־צנטן יאָרהונדערט; **בין יהודי ארצות־הברית** (ירושלים, 1981). סעפּאַראַט־אָפּדרוקן: **יחסו של ר׳ יצחק אלחנן זצ״ל לישובֿ החדש בארץ ישראל** (נ״י, תש״ז); **תולדותיו של הרבֿ ר׳ שמואל פונדילר מריטובה** (נ״י, תשי״ז).

**ניכבדים.** — ר׳ משה־מרדכי סג״ל, ר׳ משה מאיראָוויץ (1880), ר׳ נחמיה מאיראָוויץ (1880), ר׳ יששכר־בער ראַבינאָוויץ, משׂכּיל משה איציקאָוויץ (1891), ר׳ ברוך קריינעס, ר׳ אַלטער לעווי־טע, סוף 1920ער אַוועק קיין אַמעריקע און שפּעטער קיין ארץ־ישׂראל.

**קאָרעספּאָנדענטן.** — **המליץ:** יצחק־גרשון בערמאַן (שטאַמט פֿון ראַסיין), קנ״ן [?]. **הלבֿנון:** מרדכי מרגליות.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — הלבֿנון, 1872: 31; המליץ, 1878: 16, 1879: 41; הצפֿירה, 1894: 159; 1898: 66; המליץ, 1898: 24, 132; 1900: 128; 1903: 19; הדרך, פ״פ דמאין, תרע״ד ע׳ 11; אידישע שטימע, 1920: 391.

יֶדַע עם, ת״א, תש״ח, ב׳; תש״ט, ג־ד; תשי״א, ז־ח; אפֿרים אשרי, חורבן ליטע. נ״י, 1951; הפּרדס, נ״י, תמוז תשכ״א; עיר ווילנא, ע׳ 96; חשבון הנדבֿות, ע׳ 140; רשֻׁמות, ת״א, סדרה חדשה, כּרך ג׳; א.ב. שורין, תולדותיו של הרבֿ ר׳ שמואל פֿונדילר מריטובֿה; תולדות אנשי שם (ראַנד), ע׳ 46.

לקורות עיר ראַסיין, ע׳ י׳; לקורות עיר קיידאַן, ע׳ 6, י״א; אהלי שם, ע׳ 116 204; מאיר בערלין, פֿון וואָלאָזשין ביז ירושלים, II, ז׳ 276; י.ד. קמזונס יהדות ליטא; לעקסיקאָן, 3, 5, 7; ב. כּהנס לעקסיקאָן, ז׳ 490; יהדות ליטא, ג׳; ספֿר הפּרענומע־ראַנטן, 8200.

Biuletyn Żydowskiego Instytutu Historycznego W Polsce. Warszawa, 1987, no. 141, p. 32 (אַרטיקל וועגן זאַמעט); Black Book.

## רעמיגאָלע RAMIGOLA

פּאָנעוועזשער קרײַז. אין 1766 האָבן דאָ געלעבט 225 ייִדן קאָפּשטײַער־צאָלערס (בכן, אַרום 300 ייִדן), אין 1847 — 190 יידן, 1897 — 650, 1923 — 480 און פֿאַרן חורבן — בײַ 400. רעמיגאָלע האָט דורכגעמאַכט דעם גירוש ליטע אין 1915.

די ייִדישע פּרנסות זײַנען געווען: מיסחר, קרעמערײַ, קאַראַבעלניקערײַ, מלאכה.

אין 1842 און 1911 זײַנען דאָ געווען 6 פּרענומעראַנטן אויף צוויי רבנישע ספֿרים: **עטרת שאול**, שאול לוריא (ווילנא, תר״ב); **אמרי יעקבֿ**, יעקבֿ פּראַל־געוועער (בילגורייא, תר״ע).

**רבנים.** — ר׳ שמואל־משה שאַפּיראָ, געבאָרן 1843 אין קאָוונע. פֿון 1869 דאָ רבֿ, שפּעטער אין טרישיק, קורשאַן, באָברויסק (אַשכּנזישע קהילה). ניפֿטר 1908. זײַנע זין: ר׳ אַבא, אב״ד יעזנע, שערשאָוו, וויטעבסק; ר׳ חיים־צבֿי־הירש, אב״ד לאַפּיטש און באָברויסק. זײַן ברודער ר׳ לוי שאַפּיראָ, אב״ד טרישיק, עזשערני, מחבר פֿון **ספֿר לוי**.

ר׳ נחמיה, אין די 1880ער. איינער פֿון די דריי רבנים־פּוסקים אין דער מחלוקת פֿון פּאָסוואָלער רבֿ ר׳ באַלי דימאַנט מיט זײַן קהילה.

ר׳ מאיר בר׳ יוסף ראַבינאָוויץ, פֿון 1888 ביז 1891, דערנאָך אין לאָהישין, ווו זײַן פֿאָטער איז געווען רבֿ 30 יאָר. ר׳

מאיר איז 1853 געוועזן מו״צ אין סאָפּאָצ־קין (סוּוואַלקער גובערניע).

ר׳ יואל בר׳ ישׂראל־עוזר כאַ־טאָווסקי, געבאָרן 1861. דאָ רבֿ פֿון 1892.

ר׳ זיסל שטיינפֿעלד, לעצטער רבֿ, הי״ד.

1895 איז דאָ געוועזן מ״ץ וד״צ ר׳ אַבֿרהם־יצחק בר׳ יעקבֿ־יוסף ראַבי־נאָוויץ [ברודער פֿון ר׳ מאיר?].

**אָפּשטאַמיקע.** — יצחק־אײַזיק בן־יעקבֿ, געבאָרן 1901. באַקאַנטער העברעיִשער ביבליאָגראַף. איינער פֿון די השׂכּלה־פּיאָנערן אין ליטע. פֿון 1806 אין ווילנע. צוליב זײַנע ביבליאָגראַפֿישע פֿאָרשונגען געלעבט לאַנגע יאָרן אין לײַפּציג און 1848 זיך צוריקגעקערט קיין ווילנע. פֿאַרעפֿנטלעכט לידער, איבער־זעצונגען, פֿאָרשונגען פֿון העברעיִש לשון און העברעיִשער ליטעראַטור אין **בכּורי העתּים, פּרחי צפֿון, כּרם חמד, מגד ירחים** א״אַ. האָט אַרויסגעגעבן מיט הוספֿות און הערות אַ ריי וויכטיקע ספֿרים, ווי י.ד. אַזולאיס **שם הגדולים** (ליפּסיה, 1844). האָט אויך אַרויסגעגעבן — מיט א.ב. לעווינזאָהן און י. בהק — דעם תּנ״ך מיטן „באור" און דײַטשישער איבערזעצונג פֿון מענדעלסאָ־נען, מיט „באורים חדשים וגם ישנים", אונטערן נאָמען **מקראי קודש** (ווילנא, תּר״ח־תּרי״ג). דער דאָזיקער תּנ״ך האָט געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף דער השׂכּלה אין ליטע. דער גרעסטער און אָריגינעל־סטער אויפֿטו בן־יעקבֿס איז זײַן **אוצר הספֿרים** (ווילנא, תּרל״ז־תּר״ם) — זייער פּינקטלעכע און בקיאותדיק־גרינדלעכע פֿאַרצייכענונגען פֿון אַרום 17 טויזנט העברעיִשע ביכער, געדרוקטע און גע־כּתיבֿהטע. געשטאָרבן 1863 אין ווילנע. זײַן זון י. בן יעקבֿ האָט עס שפּעטער אַרויס־געגעבן מיט אַ סך הוספֿות.

ר׳ יודל רעמיגאָלער, זיידע פֿון ר׳ יצחק גראָדזענסקי, אב״ד שירווינט. איינער פֿון ר׳ יודלס זין איז הרבֿ הצדיק ר׳ אליהו שירווינטער.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — עיר ווילנא, 52; אהלי שם, 97, 333, 378; ג. קרסל, 1; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 8293; יהדות ליטא, ג׳; ד.מ. ליפּמאַן, לתולדות היהודים בליטא־זאַמוט, ע׳ 230. Black Book.

# ש

## שאַדעווע ŠEDUVA

פּאָנעוועזשער קרײַז. איינער פֿון די עלטסטע ייִדישע ייִשובים אין ליטע. אין מיטן פֿופֿצנטן יאָרהונדערט האָט דאָ שוין געלעבט אַ באַקאַנטער רבֿ, ר׳ משה הגולה אָדער ר׳ משה קיִעווער [פּרטים — אין קאַפּיטל: אָפּשטאַמיקע].

1766 האָבן דאָ געוווינט 508 ייִדן קאָפּשטײַער־צאָלערס, 1847 — 1211 ייִדן, 1864 — 676, 1897 — 2695, 1914 — בײַ 2000, 1923 — 916 און פֿאַרן חורבן — אַרום 800. אין 1915 דורכגעמאַכט גירוש־ליטע.

ייִדן האָבן זיך פֿאַרנומען מיט מיסחר, קרעמערײַ און מלאכה. אַ סך ייִדן פֿלעגן אָפּדינגען גערטנער און סעדער בײַ פּויערים און פֿאַרקויפֿן גרינסן און פּרוכט. 1866 זײַנען דאָ געווען פֿיל ייִדישע בעלי־מלאכות: שנײַדערס, שוסטערס, טישלערס, שלאָסערס, גלעזערס, מוליאַרעס. מערסטע פֿון זיי שפּאָרן אָפּ געלט אין משך פֿון יאָרן און שטעלן אויף אייגענע הײַזקעס. זייער חבֿרה האָט אַן אייגענע שול, מיט אַ בעל־תּפֿילה און מגיד. אין אַ באַריכט פֿון מלוכהשן סטאַטיסטישן אַמט אין קאָוונע פֿון די 1890ער יאָרן ווערט געזאָגט, אַז אין שאַדעווע פֿאַרנעמען זיך די ייִדן מיט אַרענדירן גערטנער און סעדער פֿון די פּויערים און פֿאַרקויפֿן די פּראָדוקציע אין און אויסערן שטאָט.

צווישן 1842 און 1890 זײַנען געווען 138 שאַדעווער פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

אין 1860 האָט שוין דאָ עקסיס־טירט אַ ייִדישע קינדערשול. דער לערער איז געווען יואל־זוסמאַן מאַריק, פֿאָטער פֿון פֿאָלקלאָריסט פּסח מאַרעק. שפּעטער לערער אין שאַוול, ווו געשטאָרבן אין 1887. אין 1878 האָט די קהילה זיך מתחייב געווען אויסצוהאַלטן א בית־ספֿר פֿון 4 מחלקות, וואָס מען פּלאַנט צו גרינדן. סוף נײַנצנטן יאָרהונדערט איז דאָ גרינדער און מנהל פֿון אַ נײַער ייִדישער שול שכנא בר׳ מרדכי שטיין, מחבר פֿון ביכל **הטובע במצולה רותחת** (ווילנא, תּרס״ד). ער פּריי־דיקט דאָרטן השׂכּלה און ציוניזם אין אַן אַלעגאָרישער פֿאָרעם. ער קלאָגט, וואָס „העם קרוע לגזרים״ און רבנים זאָגן נאָר: „גאָט וועט העלפֿן״.

אין 1864 האָט חבֿרה קדישא אויסגעבויט אַ שיינעם בית־מדרש. 1886 איז פֿאַרענדיקט געוואָרן דער בוי פֿון אַ נײַעם בית־מדרש. 1895 איז אַרײַנגע־שטעלט געוואָרן אין אים אַ נײַער אָרון־קודש, איינער פֿון די שענסטע אין ליטע.

שאַדעווע האָט געליטן פֿון די גרויסע הונגעריאָרן אין ליטע פֿון 1868/70. אין 1869 האָט דער מעמלער הילף־קאָמיטעט פֿאַר הונגעריקע געשיקט אַהער 30 רובל. פֿונדעסטוועגן האָבן היגע יידן נאָך געקענט אַליין העלפֿן ייִדיש־געליטענע שטעטלעך פֿון הונגער. אין **המגיד** 1871 און 1872 זײַנען דאָ צוויי גרעסערע רשימות פֿון שאַדעווער מנדבֿים פֿאַר געליטענה ייִדן פֿון הונגער אין אַנדערע מקומות.

דעם 5טן יולי 1871 איז אויסגעבראָכן אַ גרויסע שׂריפֿה. 150 הײַזער זײַנען אַראָפּ מיטן פֿײַער. 300 ייִדישע משפּחות זײַנען געוואָרן נשׂרפֿים. אין אַ שׂריפֿה פֿון 1884 זײַנען 200 ייִדן געבליבן אָן אַ דאַך. באַראָן פֿאָן ראָפּ האָט געהאָלפֿן ייִדישע נשׂרפֿים מיט געלט און מאַטעריאַלן זיך אָפּצובויען. אַ גרויסע שׂריפֿה איז געווען אין 1908 און נאָך אַ גרעסערע אָנהייב ערשטן וועלטקריג, ווען גאַנץ שטעטל איז כּמעט אַראָפּ מיטן פֿײַער.

די פּאָגראָמען אין רוסלאַנד פֿון 1881 האָבן אַרויסגערופֿן אַ גרויסע ייִדישע עמיגראַציע אויך פֿון שאַדעווע. תּחילת איז דער עמיגראַציע־שטראָם געגאַנגען קיין דרום־אַפֿריקע (פֿון 1884). דער ערשטער געשטאָרבענער ייִד אין יאָהאַנעסבורג אין 1895 איז געווען — לויטן פּנקס פֿון חבֿרה קדישא — יצחק שוואַרץ פֿון שאַדעווע. פֿון 1886 האָבן היגע ייִדן גענומען אויסוואַנדערן אויך קיין אַמעריקע. אַ סיבה פֿון עמיגראַציע איז אויך געווען דער פֿאַרער־גערטער עקאָנאָמישער מצבֿ.

אין 1887 האָט דאָ געהאַלטן ערבֿ אַ פּאָגראָם. אַ משוגענער ייִד פֿון שאַדעווע איז אַרײַן אין קלויסטער פֿון דערבײַיִקן דאָרף ציקאַנץ, ווו עס האָבן געלעבט ייִדן, און אָנגעטאָן אַ טלית־קטן אויף אַ געץ. דער פּריץ קאָמער האָט געהאָלפֿן אויסמײַדן אַ פּאָגראָם. ער האָט אויך געגעבן 6.000 רובל צו בויען אַ בית־מדרש בתּנאַי, אַז זײַן נאָמען זאָל זײַן אויפֿן אַרײַנגאַנג פֿון שול. די גבאים האָבן מורא געהאַט אָפּצוזאָגן דעם פּריץ קאָמערס פֿאָדערונג, האָבן זיי זיך געגעבן אַן עצה און אויפֿגעהאַנגען אויפֿן אַרײַנגאַנג פֿון שול דעם פּסוק: „**כְּאָמוּר** לדוד ברכי נפֿשי את ד׳”.

1902 איז דאָ געשאַפֿן געוואָרן אַ „סומך נופֿלים”, 50 חברים האָבן געגעבן צו 5 רובל יעדערער. פֿאַר דער חבֿרה זײַנען געבליבן צוואות פֿון א. פֿאַזורער, פֿרוי טיקאָצער, שלאַפּאָבערסקי.

אין אַ רשימה מנדבֿים פֿון 1899 פֿאַרן אויפֿבוי פֿון ארץ־ישׂראל געפֿינען זיך מערערע שאַדעווער. מורשה: י. סגל. אויף אַן אַלטן בית עולם פֿון ירושלים איז דאָ די מצבֿה פֿון

מנחם מַן בר׳ שואל נחמיה משאַדעווע, תּרל״ד [1874].

דער „בונד” איז דאָ געווען טעטיק זינט זײַן גרינדונג אין 1897, באַזונדערס אין די רעוואָלוציע־יאָרן און ביז דער ערשטער וועלט־מילחמה. אויסער זײַן דירעקטער פּראָפּאַגאַנדע־אַרבעט אין די ייִדישע אַרבעטער־קרײַזן, פֿלעגט ער פֿירן זײַן אונטערערדישע טעטיקייט אויף פֿאַרשיידענע אופֿנים. פֿלעגט אויך דורכ־פֿירן ערשטע־מײַ דעמאָנסטראַציעס —

אַליין אָדער בשותפות מיט אַנדערע. אין די אומלעגאַלע בונדישע אויסגאַבעס זײַנען דאָ קאָרעספּאָנדענציעס וועגן דער אַרבעט פֿון „בונד" אין שאַדעוו.

**רבנים.** — ר' גרשון קרעמער, זון פֿון ר' אַבֿרהם, ברודער פֿון ווילנער גאון. רבֿ (אָדער מו"צ) אין שאַדעווע. זײַנע ברידער: ר' אליהו, אב"ד נײַשטאָט־טאַוור־ריק; ר' שמואל אב"ד שאַט; ר' משה קיידאַנער. ניפֿטר געוואָרן 1831. חיבורים: **עבודת הגרשוני** (וואַרשאַ, תּרכ"ו); **שיר השירים** (חמ"ד, תּרכ"ו, מיטן טעקסט); באור על **אסתּר** מגרשון משאַדאָוו (כּ"י).[1]

ר' אליעזר־שׂמחה ראַבינאָוויץ, געבאָרן 1832 אין קאָוונע. פֿאַר שאַדעווע רבֿ אין ראָגעווע, ווו ער האָט אָנגענומען אויף 3 יאָר די רבנות בתּנאַי, אַז פֿאַר זײַן שׂכירות זאָל מען אויסבויען אַ נײַעם בית־מדרש. שפּעטער רב אין סווואַלק, לאָמזשע, קאַלוואַריִע און ווידער לאָמזשע, ווו ער איז נאָך צוויי וואָכן צײַט ניפֿטר געוואָרן אין 1911. זײַן זון ר' יעקב, אב"ד ראַדווילישאָק און עדינבורג (ענגלאַנד), האָט אַרויסגעגעבן דעם פֿאָטערס הערות אויף **הלכות א"י** לרבנו יעקבֿ בן אָשר (לאָנדאָן, תּר"ס).

ר' שאול בר' דובֿ שאַפּיראָ, געבאָרן 1797 אין קראַקינאָווע. פֿון 1829 רבֿ אין פּומפּיאַן, מו"צ און פֿון 1839 רבֿ אין פּאָנעוועזש, פֿון 1853 ביז זײַן פּטירה 1859 אין שאַדעווע. געקענט חכמת החשבון, געאָמעטריע, אַלגעברע. אין כּתבֿ־יד זײַנען געבליבן אַ סך חידושים זײַנע. אַרויס אין דרוק איז נאָר זײַן **חמדת שאול** (אָדעססאַ, תּרס"ג).

ר' שׂמחה הלוי הורוויץ, געבאָרן 1830 אין סטאָלין. רבֿ אין קראָזש, פֿון 1871 אין שאַדעווע און שפּעטער אין ליאַכאָוויטש, ווו ניפֿטר געוואָרן ו' אלול, תּרנ"ד.

ר' יהודה־לייב ריף, רבֿ אין פּרען (1871), שאַדעווע, פֿון אַרום סוף 1870ער. 1884 איז ער נאָך געווען רבֿ דאָ. שפּעטער אב"ד זאַגער־חָדש. זײַן זון ר' ישׂראל, אב"ד קורשאַן, זאַגער־חדש, הי"ד.

ר' נוח בר' יחיאל־מיכל ראַבי־נאָוויץ, געבאָרן 1839 אין זשעטל (ווילנער גוב'). פֿון 1870 רבֿ אין טוריץ, 1873 — סלאָנים, 1880 — טימקאָוויץ, און פֿון 1890 ביז 1901 אין שאַדעווע, ווו ניפֿטר געוואָרן. איינער פֿון די ערשטע רבנים, וואָס האָבן געשטיצט חיבת־ציון. חיבורים: **מֵי נֹח** (ווילנא, תּרמ"א), **תּולדות נֹח** (ווילנא, תּרמ"ט־תּרס"ב, 4 טיילן), **התּורה והמצוה** (ווילנא, תּרצ"ד). האָט חידושי־תּורה אין **הפּסגה** (תּרנ"ו, ע' 45).

ר' אַבֿרהם־אַהרן בורשטיין בר' יהושע הכּהן בלומענטאַל [!], געבאָרן 1867 אין קאַמעניץ דליטא. רבֿ אין ציטעוויאַן, ריטעווע, אַניקשט, סאַלאַנט, שאַדעווע, טאַווריק. בעתן ערשטן וועלטקריג און עטלעכע יאָר שפּעטער (אונטער די סאָ־וועטן) ר"מ אין ישיבֿה פֿון באָגאָראָדסק און דערנאָך רבֿ אין טשערקאַס. זיך אומגעקערט קיין ליטע צו טאַוריקער רבנות. פֿון 1924

1) אין קריה נאמנה זאָגט זיך, אַז דער פֿאָטער פֿון ר' דובֿ־בער ראַבינער, אב"ד זאַגער, איז דאָ געווען רבֿ. מיר האָבן ניט אָנגעטראָפֿן מערער וועגן אים.

ר״מ אין ישיבה פון הרב קוקס „מרכז הרב״ אין ירושלים, ווו ניפטר געוואָרן ט׳ כסלו, תרפ״ו. בעל **נר אהרן** (ח״א, ת״ש). זײַן זון ראובן ברקת, געווען ישראל־אַמבאַסאַדאָר אין נאָרוועגיע.

ר׳ דוב־יוסף בר׳ אליהו־חיים קאַנאָוויץ, געבאָרן 1878 אין קאָשעדאַר. פון 1902 דאָ רב, שפּעטער אין קאָוואַרסק. ר״מ אין ישיבת הרידב״ז אין צפת, 1915 — רב אין עליזאַבעט, 1919 — אין טרענטאָן, 1924 — ניו־יאָרק. בעל **דברי יוסף** (נ״י, תש״ז). איידעם פון הרידב״ז — ר׳ יעקב־דוד בר׳ זאב ווילעווסקי.

ר׳ יוסף־לייב בלאָך, געבאָרן 1849. פון 1884 ר״מ אין טעלזער ישיבה, שפּעטער רב אין וואָרנע, שאַדעווע (1905־1910), און פון 1911 אב״ד ור״מ אין טעלז. האָט אײַנגעפירט מוסר אין ישיבה און אַן אייגענעם דרך אין לערנען. ניפטר 1930. בעל **שעורי דעת** (ח״א, תש״א, ח״א; תשי״ג, ח״ב).

(מערער פרטים אין פרק **טעלז**)

ר׳ אַהרן באַקשט, געבאָרן 1867 אין איוויע. פון 1897 רב אין בייסעגאָלע, אַרום 1906־1915 (ביזן גירוש) אין שאַדעווע. אין צײַט פון ערשטן וועלטקריג רב אין טולאַ און פּאָלטאַווע—רוסלאַנד. 1921־1925 רב אין סוּוואַלק, 1925־1929 אין לאָמזשע, און פון 1930 אב״ד שאַוול, ווו אומגעקומען אין 1941, הי״ד. פון די גרינדערס פון „אגודת ישראל״ אין ליטע.

ר׳ חיים בן־ציון נאָטעלעוויץ, געבאָרן 1886 אין ווילנע. ביז 1915 רב אין קראָק (קיידאַנער קרײַז), דערנאָך אין געניצשעק (קליינע קהילה אין ליטע?) און פון 1922 עטלעכע יאָר אין שאַדעווע. שפּעטער רב אין העריסבורג (אַמעריקע). האָט הסכמה אויף **תורת ירוחם**, ירוחם־זאב צרנוביץ (לאָמזאַ, תרצ״ז). אין דער הסכמה ווערט צוגעגעבן: „הרב דשקובא ועתה לואיוויל״ [אַמעריקע].

ר׳ מרדכי־דוד הענקין, געבאָרן 1882 אין נעזין (רוסלאַנד). רב אין פּאַנעמון, שפּעטער אין שאַדעווע, ווו אומגעקומען אלול תש״א, הי״ד. זײַן רבנית מ. הענקין געשריבן אין **בית־יעקב** (קאָוונע, תרצ״ה) און **אידישער לעבן** (קאָוונע, 1935).

*

ר׳ משה־אַריה־לייב מילעווסקי, געבאָרן 1878 אין טרעסטינע, מו״צ, דערנאָך אין פּרען. פריִער ר״מ מייטשעט און אב״ד דאַרשונישאָק. איידעם פון ר׳ יוסף־יעקב ראָזענבערג, אב״ד אַליטע.

ר׳ דובער שניצער, שו״ב. ברודער פון ר׳ משה שניצער, ש״צ ושו״ב אין לויקעווע.ביידע זין פון ר׳ אַברהם שניצער, אב״ד ראָזאַליע און וואַרזשאַן. ר׳ דובער איז געווען רב אין קאָוואַרסק און סימנע, הי״ד.

ר׳ ישראל־שלום היימאַן, דרשן. זײַן זון ר׳ דוב־צבי רב אין מיניאַפּאָליס, ר״מ אין באַלטימאָר.

מיט שאַדעווע האָבן אַ שײַכות:

ז. קאַפּלאַן, **ברומו של עולם** (ווילנא,

תּר״ע); ברוך בר׳ משה, **מעלת האדם** (ביל־גורייא, תּרפּ״ו).

**אָפּשטאָמיקע.** — ר׳ משה בר׳ יעקבֿ, באַקאַנט אונטערן נאָמען משה מקיובֿ אָדער משה הגולה. דאָ געבאָרן 1449. מחבר, פּייטן. געלערנט תּורה אין קאָנ־סטאַנטינאָפּאָל (1480). צוויי מאָל פֿאַרכאַפּט געוואָרן דורך טאַטאַרן. איין מאָל געקומען צוריק קיין שאַדעווע (1895), אַ צווייט מאָל געבליבן אין פֿעאָדעסיאַ. אין אַנדריאָנאָפּאָל חתונה געהאַט מיט דער טאָכטער פֿון זײַן רבין אַבֿרהם הצרפֿתי. שפּעטער זיך באַזעצט אין קיִעוו (אַנדערע מיינען, אַז געווען דאָרטן רבֿ). זײַן וויכטיק־סטער ספֿר איז **אוצר נחמד.** ניפֿטר געוואָרן 1529 אין כּפֿא (פֿעאָדעסיאַ, קרים). — ד״ר אַבֿרהם־אליהו הרכּבי זאָגט, אַז ר׳ משה מקיובֿ איז דער ערשטער באַוווסטער מחבר אין ליטע. ד״ר מאַרק ווישניצער גלייבט ניט, אַז ער איז געבאָרן געוואָרן אין שאַדע־ווע, אָבער פֿון דעם עפּילאָג פֿון זײַן **אוצר** נחמד איז צו זען, אַז ער איז אַ געבאָרענער אין שאַדעווע.

אין 1837 האָט די מאַכט אין ווילנע איבערגעגעבן צו צענזורירן ייִדישע ספֿרים דעם „ראַבינער פֿון שאַדעווע״, ר׳ לייב בר׳ שלום. אויף זײַנע צענזורירטע ספֿרים פֿלעגט ער אַרויפֿלייגן דעם שטעמפּל מיט דער חתימה: ל. גערשאָ־נאָוויץ.

אליעזר ראָבינסאָן, געבאָרן 1851. געדרוקט מאמרים אין **הלאָם** (נ״י). מנהל פֿון תּלמוד־תּורה אין ניו־יאָרק.

ר׳ אליעזר־מאיר ציהאָן־פּרייל, אַ הי־געבאָרענער (אַרום 1860). 1911 גע־וואָרן רבֿ אין טרענטאָן (אַמעריקע). זײַן ברודער ר׳ יהושע־יוסף פּרייל, רבֿ אין קראָקי, מחבר פֿון עטלעכע ספֿרים.

ר׳ שמואל־יצחק בר׳ חיים היל־מאַן, דאָ געבאָרן 1868. רבֿ אין בערעזינאָ (מינסקער גובערניע), גלאַזגאָ, לאָנדאָן. ר״מ פֿון ישיבֿה **אהל תּורה** אין רחביה (א״י). שווער פֿון ר׳ יצחק הערצאָג, רב הכּולל פֿון ארץ־ישׂראל, שפּעטער נשׂיא מדינת ישׂראל. מחבר פֿון **אור הישר** (לונדון־ירושלים, 20 כּרכים). ניפֿטר 1953 אין ירושלים.

ר׳ חיים־מרדכי קאַץ, דאָ געבאָרן אין 1894. מנהל פֿון מכינה לישיבֿת טלז און פֿון 1924 מנהל „כּולל האבֿרכים״ בײַ טעלזער ישיבֿה. איינער פֿון די גרינדערס פֿון „צעירי ישׂראל״ אין ליטע. 1940 זיך געראַטעוועט קיין אַמעריקע. צוזאַמען מיט זײַן שוואָגער ר׳ אליהו־מאיר בלאָך אויפֿ־געשטעלט אַ גרויסע ישיבֿה אין קליוולאַנד. ניפֿטר 1965 אין וויקליף. איידעם פֿון ר׳ יוסף־לייב בלאָך, אבֿ״ד טעלז.

**שרײַבערס.** — פּסח מאַרעק, געבאָרן 1862. געענדיקט דעם יורידישן פֿאַקולטעט פֿון מאָסקווער אוניווערסיטעט. פֿאָרשער פֿון דער ייִדישער קולטור־געשיכטע אין רוסלאַנד, בעיקר אין דער רוסיש־ייִדישער פּעריאָדיק: **וואָסכאָד, יעווריייסקאַיאַ סטאַרינאַ, פּערעזשיטאָיע** א״אַ. וועגן ייִדישער פֿאָלקסבילדונג גע־שריבן אין זײַן רוסיש בוך **סקיצן אויס דער געשיכטע פֿון דער ייִדישער בילדונג אין**

**רוסלאַנד.** צווייערליי דערציאונגען (מאָס־קווע, 1909). האָט זיך באַזונדערס אינטערע־סירט מיט דער געשיכטע פֿון „ועד ארבע ארצות". זײַנע רײַכע באַאַרבעטע מאַטעריאַלן וועגן **די געשיכטע פֿון דער ייִדישער אינטעליגענץ, די אַנטשטייונג פֿון חסידיזם און דער רעליגיעזער קאַמף אין 18טן יאָרהונדערט** זײַנען געבליבן אין מאַנוסקריפּט. זײַן מאָנומענטאַל ווערק איז **די אידישע פֿאָלקס־לידער אין רוסלאַנד.** וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן צוזאַמען מיט שאול גינזבורג. געשטאָרבן 1920 אין מאָס־קווע.

לאַזאַרוס מאָנפֿריד, געבאָרן 1885. ייִדישער שרײַבער און קאָמפּאָ־זיטאָר. נאָך 1903 אין דרום־אַפֿריקע און פֿון 1907 אין אַמעריקע. געדרוקט לידער, דערציילונגען און פּובליציסטישע אַרטיק־לען אין **דער יוד, דער פֿרײַנד; הכּוכב, דער אַפֿריקאַנער** — יאָהאַנעסבורג; רעדאַק־טירט: **די אידישע שטימע** (סינסינעטי), **די מוזיקאַלישע וועלט און טעאַטער־זשורנאַל** (נ"י) א"אַ. ביכער: **פֿריילכקייטען** (נ"י, 1944), **אונטער איין דאַך** (נ"י, 1949), **זײַט איר באַליבט צווישן מענטשן?** (נ"י, 1960). געשטאָרבן 1955 אין ניו־יאָרק.

ישׂראל־אַבֿרהם מה־יפֿית, גע־באָרן 1897. יונג געוואָרן קראַנק אויף שווינדזוכט, 1924־1928 געלעבט אין די סאַנאַטאָריעס פֿון דײַטשלאַנד און שווייץ און 1930 געשטאָרבן אין קעלן. געשריבן לידער, הומאָרעסקעס, פּאַראָדיעס, איינ־אַקטערס, מאָנאָלאָגן, פֿעליעטאָנען אין גראַמען אין אַ סך ייִדישע צײַטונגען אין דער וועלט, אָבער מערסטנס אין קאָוונער **אידישע שטימע,** ווו ער איז געווען אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער פֿון 1920 ביז זײַן טויט. זײַנע געגראַמטע פֿעליעטאָנען און די פּאָליטישע **קלינג־קלאַנגען** האָבן זייער אויסגענומען בײַם ייִדישן לייענער־עולם אין ליטע. דאָרטן אויך געדרוקט איבערזעצונגען פֿון העברעיִש (ביאַליק, אבן גבירול, יהודה הלוי), רוסיש (קרילאָווס משלים), דײַטש, פּויליש. זײַן איבערזעצונג פֿון אַ טייל ח.נ. ביאַליקס **שירי עם** איז מערער געווען אַן איבערדיכטונג און איז געווען אַזוי גוט, אַז ביאַליק האָט אַפֿילו ניט געדאַרפֿט דאָ אָדער דאָרט אויסבעסערן (לויט דער עדות פֿון אַהרן צייטלין). אַן אָפּקלײַב פֿון זײַנע הומאָרעסקעס איז אַרויס א"נ **הומאָריסטישע דערציילונגען** (בערלין־קאָוונע, 1931). אַ צאָל פֿון זײַנע דראַמעס און קאָמעדיעס זײַנען אויפֿגעפֿירט געוואָרן אין ייִדישן טעאַטער אין קאָוונע און אין אַנדערע ערטער. צווישן זיי: **ווער גיט מער?** (1921), **אין בלוט און גיפֿט** (1922), **דער כוח פֿון געלט** (1923), **צו שפּעט** (1924), **געסט צו דער סעודה, די קליינע חלוצים** — ביידע 1924.

זאבֿ קאַפּלאַן, אַ הי־געבאָרענער. מחבר פֿון **ברומו של עולם** (ווילנא, תּר"ע). קאָנסערוואַטיווער משׂכּיל, וואָס רימט דעם „מאור שביהדות".

אליעזר פֿליישמאַן, אַ שאַדעווער. אויטאָר פֿון **די נאַציאָנאַלע מגילה** (Des Moines, Iowa, 1905), זון פֿון ר' גרשון בר' ישׂראל־איסר. וויל באַווײַזן, אַז ארץ־ישׂראל געהערט צו עם ישׂראל.

ראובֿן־אָשר ברודס האָט דאָ געלעבט עטלעכע יאָר. געשריבן פֿון דאַנען אין העברעיִשע צײַטונגען.

**קאָרעספּאָנדענטן. — המליץ:** אַבֿרהם־יוסף פֿריזגוט, שלמה צוויבאַק, אַריה־יוסף שינדלער, יהודה־לייב ריף (רבֿ), יעקבֿ חַי [?], מאיר גאָרדאָן, ברוך בן דוד שלאָפּאָבערסקי, יואל־זוסמן מאַריק [פּאָטער פֿון פּסח].

**הצפֿירה:** נתן־נטע פֿריד, שלום בעקער, זאבֿ קאַפּלאַן, ח״י קליבאַנסקי; ראובֿן אבֿי״ב (**הלבֿנון**, **חידושים**)=ראובֿן אָשר ברודס; יואל־זוסמאַן מאַריק (**השחר**, תרמ״ג, ע׳ 349); צה״ב בן אבֿי״ב (**הכּרמל**); יהושע־אליעזר הענקין משאַדעווע (**כּנסת ישראל**, ת״ש, חדו״ת, מסתּמא משפּחה פֿון רבֿ הענקין).

**ניכבדים. —** חזן ש. קאַנטאָר (1895), אַבֿרהם בערמאַן, ניפּטר 1874 (**המגיד**, נומ׳ 31), ד״ר גינזבורג, אַבֿרהם פֿאַלק, נחמיה אַבראַמזאָן, דבֿורה שלאָפּאָבערסקי, אֵשת חיים־יצחק (1895), משׂכּילה, בעלת־צדקה; יצחק לעוויטאַן, הערמאַן לעוויטאַן, געשיקט הילף פֿון קאַראָטשעוו.

שכנא עפּשטיין, געבאָרן אין קרעווע. האָט דאָ געשאַפֿן אַ חדר מתוקן. מחבר פֿון לערנביכער: **גנתנו** (1911), **דרך קצרה** (1912), **ינוקא** (1919), **שחרית**, **חבֿר קטן**.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — הכּרמל, תר״ך, 12, 13; תרכ״ד: 5; תרכ״ו: 21; המגיד, 1871: 25; 1872: 9; 1874: 31; המליץ, 1878: 5; 1885: 29; 1887: 37; 44; לוח אחיאָסף, 1895, ע׳ 149; אגרות יל״ג. ווילנא, תרנ״ט (בריוו 38, 40); המליץ, 1899: 17.

האשכּול, א׳, קראקא, תר״ס; הצפֿירה, 1901: 272; יגדיל תּורה, 1709: 11; 1911: 25; י. אפּל, בתוך ראשית התּחיה. ת״א, תּרצ״ו, ע׳ 106; ד.מ. ליפּמאַן, אידישע שטימע, 1937: 7271; י. צינבערג, די געשיכטע פֿון ליטעראַטור בײַ יידן, באַנד 5, נ״י, 1941.

הדאר, נ״י, תּשי״ח, גל׳ ט׳; יזכּור־בוך סוּאַ־וואַלק, 1961, ז׳ 138, 148, 149; ספֿר קיידאַן, 1977, ע׳ 186; ספֿר טלז, ת״א, 198; קריה נאמנה, ע׳ 284; לתּולדות היהודים בליטא־זאמוט, ע׳ 26; חלקת מחוקק, חוב׳ ה׳; חכמי ישראל באמריקא, ע׳ 93; לקורות עיר ראַסיין, ע׳ כ״ט; ד. תּדהר, 1796.

דורות האחרונים, ע׳ 343; תּולדות אנשי שם (ראַנד), ע׳ 111; אוצר ישראל, ג׳, ע׳ 183; לעקסיקאָן, 5; ב. כּהנס לעקסיקאָן, ז׳ 550; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 8324; יהדות ליטע, ג׳; א. דיינאַרד, משׂא קרים, 180 וכו׳; י.ד. קמזונס יהדות ליטא.

Jewish Encyclopedia, IX, p. 71; Black Book.

## שאודינע ŠIAUDINĖ

קליין שטעטל, שאַקיִער קרײַז.

אין 1931 זײַנען דאָ געווען 120 ייִדן און פֿאַרן חורבן בײַ 100. אויסער מיסחר, האָבן אַ טייל ייִדן זיך פֿאַרנומען מיט לאַנדווירט־שאַפֿט. די ערשטע שול איז געבויט געוואָרן אין 1920. שאודינע האָט ניט געהאַט ניט קיין רבֿ, ניט קיין בית־עולם. אין ביידע זאַכן איז דאָס שטעטל אָנגעקומען צום דערבײַיִקן סודאַרג. 1908 איז דאָ געבאָרן געוואָרן זלמן לייבוש, אַרטיסט און רעזשי־סאָר פֿון קאָוונער „העברעיִשער טעאַט־ראַלער שטודיע״.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — יהדות ליטא, ג׳.

# שאַוול
# ŠIAULIAI

קרײַזשטאָט. ווי אַן אָרט ווערט שאַוול דערמאָנט אין דײַטשישע היסטאָרישע דאָקומענטן שוין מיטן דרײַצנטן יאָרהונדערט. די אמתע אַנטוויקלונג פֿון שאַוול ווי אַ שטאָט האָט זיך אָנגעהויבן מיט 500 יאָר שפּעטער — אין אַכצנטן יאָרהונדערט. אין 1775 האָט די שטאָט באַקומען מאַגדעבורגער רעכט. דער קאָשטשושקאָ־אויפֿשטאַנד קעגן רוסלאַנד האָט זיך אָנגעהויבן אין שאַוול. דעם 13טן יולי, 1867, האָבן די פּויערים פֿון שאַוול, יאַנישאָק און זאַגער אויפֿגעהויבן אַן אויפֿשטאַנד קעגן עקאָנאָמישער פֿאַרשקלאַפֿונג, ווײַל די „פּאַנשטזיזנע" איז פֿאַקטיש ניט אָפּגעשאַפֿט. „אין 1812 איז שאַוול באַשטאַנען פֿון איין לאַנגער גאַס, מיט אַ סך הילצערנע הײַזער, איינס ענלעך אויף אַ צווייטס, אַז עס כאַפּט אַ געלעכטער". אַזוי שרײַבט אין זײַנע טאָגנאָטיצן Julius von Hartwitz, לייטענאַנט פֿון לייבגראַנאַדירן־פּולק פֿון נאַפּאָלעאָנען, וואָס האָט דעמאָלט דורכגעמאַרשירט שאַוול.

דער יִדישער יִשובֿ דאָ הייבט זיך אָן פֿון אַרום מיטן זיבעצנטן יאָרהונדערט. אין די 1660ער יאָרן האָבן דאָ געלעבט יִדן, אָבער אין זייער אַ קליינער צאָל. פֿון 1681 האָבן דאָ געוווינט געציילטע יִדן, וואָס האָבן באַקומען אַ ספּעציעלע דערלויבעניש דערצו. ריין־פֿאָרמעל הייבט זיך אָן דער יִדישער יִשובֿ אין שאַוול פֿון 1701, ווען די יִדן האָבן באַקומען, אויפֿן נאָמען פֿון אָרע טעאָדאָראָוויטש, רשות זיך צו באַזעצן אין שטאָט.

קיין גרויסער אָנגעלאָף פֿון יִדן נאָך 1701 איז, משמעות, ניט געווען. שאַוול האָט נאָך דעמאָלט ניט געהאַט קיין געוואַלדיקע צוציקראַפֿט פֿאַר יִדן. אָבער אַ ביסל יִדן זײַנען דאָך אַרײַנגעקומען נאָכדעם. דאָס איז צו זען פֿון אַ ראַפּאָרט אין 1738, אַז מען זאָל צוריקברענגען די יִדן פֿון שאַוול, וואָס זײַנען אַרויסגעטריבן געוואָרן דורכן ביסקאָפּ אַנדזשיי זאַליצקי. דאָס איז געשען נאָך 1737, ווען אויגוסט דער דריטער האָט דערלויבט — אָדער באַשטעטיקט די דערלויבעניש — אַז יִדן מעגן זיך באַזעצן אין שאַוול. פֿון 1738 איז דאָ אַ סטאַטיסטיק פֿון נאָר 4 יִדן: קאָפּל, אָרע [געוויס: טעאָדאָראָוויטש], מאיר, וועלוול. אָט דער וועלוול איז זיכער יוזעפּאָוויטש, וואָס האָט געהאַט אַ „פּראָטעקציע־בריוו" ווי „שאַוולער בירגער" פֿון ליטווישן פּירשט, און האָט דאָ געלעבט אין 1726 און פֿריִער.

פֿאַקטיש איז אויסגעוואַקסן דאָ אַ יִדישער קיבוץ ערשט מיט יאָרן שפּעטער. ביז אַן ערך די פֿערציקער יאָרן פֿון אַכצנטן יאָרהונדערט האָט די קהילה ניט געהאַט קיין אייגענעם בית־עולם. זי האָט זיך באַנוצט מיטן בית־הקבֿרות פֿון ליגעם אָדער שאַוולאַן.

*

אין 1731 האָט קעניג סאָביעסקיס זון, דער בעל־הבית פֿון שאַוול, געגעבן שאַוולער ייִדן אַ רעכטשריפֿט צו בויען אַ שול און צו קריגן ערד אויף אַ בית־עולם. די ערשטע קרקע איז געקויפֿט געוואָרן פֿון ישׂראל נוראָק אין 1748 (געשטאָרבן 1796). אין 1749 איז אויסגעבויט געוואָרן דער ערשטער נישקשהדיקער בנין פֿאַר אַ בית־מדרש. אין די 1740ער האָט שאַוול ניט געהאַט קיין איינציקן כהן. דער ערשטער אָפּשטאַמיקער פֿון אַהרן כהן גדול איז געקומען אַהער ערשט אין יענער צײַט, און דאָס איז געווען דער עלטער־עלטער זיידע פֿון אַ שאַוולער מחבר, דוד־אליעזר קאַפּלאַן.

אין דער צײַט פֿון „ועד מדינת ליטא" האָט שאַוול געהערט צו קיידאַנער גליל. דער גרויסער און גיכער עקאָנאָמישער און קולטורעלער אויפֿשטײַג פֿון דער שטאָט און פֿון דער ייִדישער קהילה האָט זיך אָנגעהויבן אין דריטן פֿערטל פֿון נײַנצנטן יאָרהונדערט.

*

אין פּוילישן אויפֿשטאַנד פֿון 1831 האָבן די ייִדן געהאַט אויסצושטיין גרויסע צרות פֿון די אויפֿשטענדלערס. ווען זיי האָבן פֿאַכאַפּט די שטאָט, האָבן זיי געראַבעוועט ייִדיש האָב־און־גוטס. זיי האָבן געסטראַשעט די ייִדן מיט טויט, אויב מען וועט זיי ניט העלפֿן שפּיאָנירן קעגן דער רוסישער אַרמיי. אַ צאָל ייִדן האָבן די מורדים אויפֿגעהאַנגען צוליב אַ פֿאַרדאַכט, אַז זיי העלפֿן די רוסן. אין נאָמען פֿון דער „דערוווּליקער רעגירונג פֿון קיניגרײַך פּוילן" האָבן זיי אַרויסגעגעבן אַן אויפֿרוף צו דער ייִדישער באַפֿעלקערונג צו העלפֿן זיי אין קאַמף קעגן צאַר. אין זעלביקן יאָר איז אַ גאַנצע פֿור מיט שאַוולער ייִדן געפֿאָרן אויף אַ חתונה. אונטערוועגס זײַנען מורדים זיי באַפֿאַלן און אַלעמען — מענער, פֿרויען און קינדער — אויסגעהרגעט. ר' שלמה־זלמן דאַמיע, אַ מלמד פֿון שאַוול, האָט אָנגעשריבן אַלע פּרטים אין זײַן שריפֿט **ענבֿי רוש**.

צווישן די יאָרן 1835 און 1914 זײַנען געווען 198 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

בעתן באַזוך פֿון ניקאָלײַ דעם ערשטן און דער קייסערינע אין 1838 האָט דער שאַוולער קבלת־פּנים־קאָמיטעט געבעטן די ייִדן צו שיקן זייער פֿאָרשטייער צו זײַן צווישן די געהויבענע געסט. אין אַ יאָר אַרום האָבן די ייִדן אין שאַוול באַקומען וואַלרעכט צו קלײַבן שטאָטראַטן.

שאַוול האָט אין נײַנצנטן יאָרהונדערט שטאַרק געליטן פֿון כאָלערע־עפּידעמיעס. זיי זײַנען אויסגעבראָכן אין 1838, 1850, 1853, 1860־63, 1866, 1868, 1872, 1892. אין 1868 און 1872 אַליין האָבן ייִדן פֿאַרלאָרן איבער 300 נפֿשות.

אין 1854 איז ניט ווײַט פֿון שאַוול אויפֿגעשטעלט געוואָרן אַ ייִדישע קאָלאָניע אויף פֿרײַער ערד פֿון דער רעגירונג. אויף אַ שטח פֿון 217 דעסיאַטין האָבן

זיך באַזעצט 103 ייִדן, צווישן זיי 9 ייִדישע מישפּחות [ד"ה אַרום אַ דריטל] פֿון שאַוול.

*

אין דער צווייטער העלפֿט פֿון נײַנצנטן יאָרהונדערט האָבן שאַוולער ייִדן איבערגעלעבט עטלעכע בלוט־בילבולים. אין 1861 זײַנען דער רבֿ און די חשובֿי־העיר אַרעסטירט געוואָרן צוליב אַ בלוט־בילבול. אויף דער בקשה פֿון ווילנער קהילה, האָט דער גענעראַל־גובערנאַטאָר נאַזימאָוו זיך משתּדל געווען צו אַנולירן דעם בילבול. פֿונדעסטוועגן האָט זיך עס געצויגן גאַנצע 5 יאָר, ביז די ייִדן האָבן פֿרײַער אָפּגעאָטעמט.

אין 1868 האָט אויסגעבראָכן אַ כאָלערע־עפּידעמיע אין שאַוול און אין דער סבֿיבֿה. עס זײַנען פֿאַרשפּרייט געוואָרן קלאַנגען. אַז צוויי ייִדישע קינדער האָבן פֿאַרסמט די ברינימער. זייערע עלטערן זײַנען אַרעסטירט געוואָרן און אין דער לופֿטן האָט געשמעקט מיט אַ פּאָגראָם, אָבער מען איז אָפּגעקומען מיט שרעק. אין 1881 איז געווען אַ בילבול, אַז ייִדן האָבן געקוילעט אַ קריסטלעך מיידעלע, אָבער דאָס קינד האָט זיך גיך אָפּגעפֿונען לעבע־דיק. אַן ענלעכער פֿאַל איז געשען אין 1883. אין 1889 איז פֿאַרפֿאַלן געוואָרן אַ קריסטלעך ייִנגל. גויים האָבן געשריִען, אַז אַ ייִדישע פֿרוי האָט אים דערהרגעט. עס האָט זיך געענדיקט בכי־טובֿ. אין 1900 האָט מען געפֿונען אַן אָפּגעשניטענע האַנט לעבן בית־מדרש „זובֿחי־צדק". אין שטאָט האָט זיך אויפֿגעהויבן אַ טומל — באַגלייט מיט סטראַשונקעס — אַז ייִדן האָבן דערהרגעט אַ גוי. דער טומל האָט זיך אײַנגעשטילט נאָך אַ דערקלערונג פֿון אַ דערבײַיִקן דאָקטער, אַז ער האָט די האַנט אָפּגעשניטן צוליב אַ גאַנגרענע אין יענעמס קערפּער און זײַן באַדינער האָט דאָ אַוועק־געוואָרפֿן. אַ בלוט־בילבול איז אויך געמאַכט געוואָרן אויף קאַראַיִמער, וואָס 3 פֿון זיי זײַנען פֿאַרברענט געוואָרן עפֿנ־טלעך. דאָס איז געשען מיט אַ צוויי הונדערט יאָר פֿריִער — אין 1679 [אַ סימן, אַז קאַראַיִמער האָבן דעמאָלט געלעבט אין שאַוול].

אין 1868/71 האָבן גרויסע טיילן פֿון ליטע געליטן פֿון אַ גרויסן הונגער, בתוכם אויך שאַוול. עלווירא ווילקיעוויטש, פֿריצטע פֿון דערבײַיִקן דאָרף פּאַשאַטאַ, האָט געשיקט פֿאַר ייִדישע אָרעמעלײַט ווייץ, קאַרטאָפֿל, הינער. דער אולאַנער קאַפּיטאַן אוהלאַן האָט געגעבן 20 רובל אויף פּסח פֿאַר אָרעמע, גלח סטאַרקאָוויטש — 3 רובל. דער קריסטלעכער גבֿיר קאַרפּ האָט צוגעזאָגט צו בויען אַן הכנסת־אורחים פֿאַר ייִדן.

צו מגיפֿות און הונגער זײַנען צוגעקומען שׂריפֿות. אין 1872, אין יאָר פֿון דער גרויסער כאָלערע־עפּידעמיע, איז אויסגעבראָכן אַ ריזיקע שׂריפֿה. געווען איבער 700 נשׂרפֿים. גראַף זובאָוו האָט שטאַרק געהאָלפֿן. דער „קעניגסבערגער הויפּט גרענעץ־קאָמיטעט" האָט געשיקט שאַוולער ייִדן 5000 טאַלער. פֿונדעסטוועגן

האָט שאַוולער קהילה נאָך געהאַט גענוג כּוח צו שיקן הילף אַנדערע גאַליצישע ייִדי־שע שטעטלעך אין ליטע. אין אַ רשימה מנדבֿים פֿון 1872 צו העלפֿן ייִדישע הונגער־געטראָפֿענע אין ליטע זײַנען דאָ מערערע שאַוולער. אין אַ שׂריפֿה פֿון 1884 זײַנען אַראָפּ 50 ייִדישע הײַזער. אין 1915 איז פֿאַרברענט געוואָרן דער צענטער שטאָט, וואָס איז געווען באַוווינט ס׳רובֿ פֿון ייִדן. עס איז אונטערגעצונדן געוואָרן פֿון אָפּטרעטנדיקן רוסישן מיליטער.

אין די 1880ער יאָרן, נאָך דער כוואַליע גרויסע פּאָגראָמען אין רוסלאַנד, האָט זיך אָנגעהויבן אַ שטאַרקע ייִדישע עמיגראַציע פֿון שאַוול. די עמיגראַציע איז געווען אַזוי גרויס, אַז איק״א האָט באַשטימט אַ ספּעציעלן פֿאַרטרעטער אין שטאָט, דעם ד״ר ז. ווײַנטרויב. אַ צווייטע בהָלה פֿון ייִדישער אויסוואַנדערונג איז געווען אין 1897. די עמיגראַציע איז מערסטנס געגאַנגען קיין דרום־אַפֿריקע.

אין 1901, דעם 12טן מערץ, איז פֿאָרגעקומען אַ מישפּט קעגן 16 פּויערים־מעשטשאַנעס, וואָס זײַנען באַפֿאַלן ייִדן, געשלאָגן און באַרויבט און אין אַ דערבײַיִקן דאָרף צעשטערט אַ שול. די כוליגאַנעס זײַנען באַשטראָפֿט געוואָרן צו עטלעכע יאָר תּפֿיסה.

אין 1909 איז גערופֿן געוואָרן אַ קאָנפֿערענץ אין קאָוונע וועגן אויפֿשטעלן אַ צענטראַלע ייִדישע אינסטאַנץ פֿאַר גאַנץ רוסלאַנד. עס האָבן זיך באַטייליקט 120 דעלעגאַטן פֿון 46 גרויסע שטעט. פֿון שאַוול: דומע־דעפּוטאַט נפֿתּלי פֿרידמאַן, י. כאַראַנאַזשיצקי, חיים פֿרענקל.

*

שאַוול איז פֿון די געציילטע ייִדישע שטעט אין ליטע, ווו עס זײַנען געווען ניט בלויז די געוויינלעכע ייִדישע פּרנסות פֿון קרעמערײַ, קליינהאַנדל און האַנטווערק, נאָר ווו עס האָט זיך אַנט־וויקלט אַ יידישער גרויסהאַנדל אויף אַ ברייטן פֿאַרנעם און אַ באַטײַטיקע ייִדישע אינדוסטריע.

די הויפּטפֿיגור אין דעם איז געווען חיים פֿרענקל, אַ געבאָרענער 1857 אין ווילקאָמיר. 1877 האָט ער דאָ אויפֿ־געשטעלט אַ גאַרבערײַ און צוויי יאָר שפּעטער אַ פֿאַבריק פֿון לעדער־אויס־אַרבעטונג. ער האָט דער ערשטער דאָ אײַנגעפֿירט דאַמפֿקעסלען און עלעקטריע אין זײַן פֿאַבריק און גיך געוואָרן איינער פֿון די גרעסטע לעדער־פּראָדוצענטן אין רוסלאַנד. שפּעטער אויפֿגעשטעלט אויך וועב־און שטריק־פֿאַבריקן, שוכפֿאַבריק אין ריגע און אַנדערע אינדוסטריע־אונטער־נעמונגען. אין 1914 איז זײַן פֿאַרמעגן געשאַצט געוואָרן אויף 25 מיליאָן רובל.

ח. פֿרענקל איז אויך געווען אַ נדבֿן. ער האָט אויסגעברייטערט דאָס ייִדישע קראַנקנהויז, באַשפּײַזט און באַקליידט 250 תּלמידים אין דער תּלמוד־תּורה, אויפֿגעשטעלט אַ נײַע קינדערשול פֿאַר 150 תּלמידים און זיי אויסגעהאַלטן אויף זײַן חשבון. געשטאָרבן 1920 אין האַמבורג.

פֿון די גרויסע היגע אינדוסטרי־אַליסטן זײַנען געווען אויך די ברידער נוראָק. אויך זיי האָבן געהאַט אַ גרויסן אָפּזאַצמאַרק אין רוסלאַנד פֿאַר זייערע לעדער־אויסאַרבעטונגען. די גאַרבערײַען פֿון פֿרענקל און נוראָק האָבן זיך אַזוי צעבליט פֿאַרן ערשטן וועלטקריג, אַז ס'איז געווען אַ קאָנקרעטער פּלאַן דורכצופֿירן אַ קאַנאַל פון האַפֿן אין ליבאַווע, ווו גאַנצע שיפֿן מאַטעריאַלן פֿלעגן גיין פֿון און צו שאַוול.

געווען אויך אַנדערע יידישע אינדוסטריאַליסטן, וואָס האָבן געהאַט פֿאַבריקן פֿון טאַבאַק, פֿון אײַזנגוס, פֿלאַקס־באַאַרבעטונג, זייף, שאָקאָלאַד; גרויסע עקספּאָרטערן פֿון פֿלאַקס, לעדער און תּבֿואה.

*

אין 1764/66 זײַנען דאָ געווען 687 יידישע שטײַער־צאָלערס. אין 1847 האָבן דאָ געלעבט 2565 ייִדן, אין 1864 — 3787, 1897 — 6990, 1902 — 9847, 1923 — 5338, פֿאַרן חורבן — בײַ 7000. אין 1915 האָט שאַוול דורכגעמאַכט דעם גירוש־ליטע. די צײַט צו פֿאַרלאָזן די שטאָט איז געווען 8 שעה און מען האָט קוים געפּועלט צו פֿאַרלענגערן עס אויף 24 שעה.[1]

1) אַ גרויס אַרטיקל וועגן גירוש־שאַוול איז דאָ אין רשֻמות (תּ״א), כּרך ב׳, ע׳ 213 און כּרך ה׳, ע׳ 228.

## השׂכּלה, מוסדות, א״י. —

ד״ר יעקבֿ שאַצקי האָט געשריבן, אַז „די ערשטע שפּראָצן פֿון געלײַטערטן העברעיִשן וואָרט" אין ליטע קומען פֿון שאַוול. דאָס איז צוצושרײַבן דעם פֿאַקט, וואָס אַ גרופּע העברעיִשע לערערס און שרײַבער־משׂכּילים זײַנען דאָ געבאָרן געוואָרן און סופֿרים־משׂכּילים פֿון אַנדערע מקומות זײַנען דאָ געווען לערערס. שוין אין די 1840ער יאָרן האָט די השׂכּלה אין שאַוול אָנגענומען אָרגאַניזאַציאָנעלע פֿאָרמען דורך גרינדן די חבֿרה „קנה בינה", וואָס האָט עקסיסטירט איבער אַ פֿערטל יאָר־הונדערט.

1853 איז דאָ געעפֿנט געוואָרן אַ „בית־ספֿר לעבֿרים מטעם הממשלה" — אַ קרוינשול. דער לערער־גרינדער איז געווען יוסף־אליעזר עפּשטיין, געבאָרן דאָ אין 1821. מחבר פֿון העברעיִשע ביכער. געווען דאָ לערער ביז 1867 [1874?]. פֿון 1854 איז געווען רעליגיע־לערער (אין עפּשטיינס אָדער אין אַ שטאָטישער־שול) אַבֿרהם העלמאַן בהרבֿ צמח זק״ש. [וועגן עפּשטיין זע ווײַטער.]

יהודה־לייב גאָרדאָן (יל״ג) האָט 1860 דאָ געגרינדעט אַ יידישע מלוכה שול, שפּעטער אַ יידישע מיידלשול. פֿאַרלאָזן שאַוול 1865. פֿלעגט אויפֿטרעטן אויף שטאָט־פֿײַערונגען מיט רוסישע רעדעס.

זוסמאַן מאַריק, דאָ געבאָרן 1842, איז געווען לערער ביז 1887, ווען ער איז געשטאָרבן. געווען לאַנג קראַנק,

געליטן הונגער, כאָטש די ראשי־הַקהל האָבן אים געשטיצט.

אין 1887 איז דאָ געעפֿנט גע־וואָרן אַ מלאכה־שול פֿאַר אָרעמע ייִדישע קינדער.

אין 1894 איז דאָ געעפֿנט גע־וואָרן אַ העברעיִשע מיידלשול דורכן לערער אַש (אַבראַמזאָן).

פֿרוי ד״ר סאַמעט האָט 1898 געגרינדעט אַ שול פֿאַר דערוואַקסענע אויף איין מאָל אַ וואָך. מען האָט דאָרטן געלערנט רוסיש, חשבון, געשיכטע. עס האָבן זיך פֿאַרשריבן 200 ייִדן אין עלטער פֿון 16 ביז 25 יאָר, עטלעכע זײַנען געווען אין עלטער פון 30־45 יאָר. צוליב מאַנגל אין אָרט האָט מען אָנגענומען נאָר 110. אין דעם יאָר איז דאָ געשאַפֿן געוואָרן אַ „בית מקרא", אַ ביבליאָטעק.

סוֹף 1890ער האָבן געלערנט 185 תּלמידים (מסתּמא ייִדישע) אין שטאָטישע שולן און 108 אין ייִדישע שולן.

א. גאָלדשטיין האָט 1908 געעפֿנט אַ העברעיִשע מיידלשול, ווו מען האָט געלערנט תּנ״ך, געשיכטע, העברעיִש. די שיטה איז געווען עבֿרית בעבֿרית. אין זעלביקן יאָר איז געשאַפֿן געוואָרן אַן אָפּטייל פון „חברת מרבי השׂכּלה בישׂראל" אין פּעטערבורג.

אין 1913 איז געעפֿנט געוואָרן אַ לערנשול פֿון צוויי קלאַסן ווי אַ צוגרייטונג צו גימנאַזיע. עס האָבן זיך פֿאַרשריבן 70 קינדער.

אין 1906 איז געעפֿנט געוואָרן אַ בוכהאַנדלונג פֿון ה. ברעוודא. דאָרטן זײַנען געווען אויך העברעיִשע צײַטונגען.

*

אין 1861 איז אויסגעבויט גע־וואָרן אַ שיינער בית־הכּנסת אנשטאָט דעם אַלטן.

אין 1867 האָט מען געשאַפֿן די חבֿרה „סומך נופֿלים" מיט אַ קרן פֿון 300 רובל. די סיסטעם פֿון געלט איז געווען „וואָכערס".

1878 האָט מען אָנגעהויבן בויען דאָס ייִדישע קינדערהויז. 1888 איז דאָ געבויט געוואָרן אַ קראַנקנהויז. דאָרטן האָבן געאַרבעט די דאָקטוירים ווײַנטרויב, דאַטנאָוסקי, לונץ. 1897 איז אויפֿגעבויט געוואָרן אַ נײַער פּרעכטיקער בית־חולים. פֿון אַלטן קראַנקנהויז האָט מען געמאַכט אַ „מושבֿ זקנים".

1889 איז אויפֿגעבויט געוואָרן אַ נײַער, שיינער בניין פֿאַר דער תּלמוד־תּורה. 1891 איז עס געשלאָסן געוואָרן דורך פּאָליציי, ווײַל מען האָט ניט געהאַט קיין דערלויבעניש צו בויען. 1908 איז געבויט געוואָרן אַ תּלמוד־תּורה. פֿרענקל און כאָראָנאָזשיצקי זײַנען געווען די גרעסטע מנדבֿים.

1895 איז געשאַפֿן געוואָרן אַ „לינת הצדק" און ס'איז אָרגאַניזירט גע־וואָרן א „מאכל כשר" פֿאַר די ייִדישע סאָלדאַטן אין שאַוולער גאַרניזאָן. אין 1896

איז אויפֿגעשטעלט געוואָרן א „מלביש ערומים״ מיט אַ 200 חבֿרות.

גראַף ניקאָלײַ זובאָוו האָט שטאַרק געהאָלפֿן די אָרטיקע ייִדישע צדקה־מוסדות. אין זײַנע הויפֿן האָבן אַ סך ייִדן געהאַט חיונה. ווען ער איז געשטאָרבן אין 1898, האָט מען אין שול געמאַכט אַ הספד אויף אים. נאָכן הספד האָט זובאָווס זון געגעבן 500 רובל פֿאַר אָרעמע ייִדן.

אין 1898 זײַנען געווען אין שאַוול די ווײַטערדיקע בתי־תּפֿילה: בית־המדרש הגדול, בית־הכּנסת, בית־מדרש זובחי־צדק, בית תּפילה אַלשיך, בית־תּפֿילה חייטים, בית־תּפֿילה לקברנים, בית־תּפֿילה גחש״א [חבֿרה של אמת], בית־כּנסת תּפֿארת בחורים, קלויז סוחרים, קנה בינה שטיבל, מְניינים: פֿרענקל, חבֿרה תּהלים, פֿריקאַשציקעס, מאַשייקער [?], קצבֿים, סנדלרים, לאַנדקרעמער, מושבֿ זקנים, העשיל קעסל, קלמן קעסל, וואַלאָוו.

1909 איז דאָ געשאַפֿן געוואָרן אַ ישיבֿה. דער הויפּט־מנדבֿ — שלמה גאָץ, ליטווישער גבֿיר אין מאָסקווע.

*

גלײַך מיטן אויפֿקום פֿון חיבת־ציון האָט שאַוול זיך אָנגעשלאָסן אָן דער באַוועגונג פֿון בויען ארץ־ישׂראל. אין אַ רשימה פֿון „המתנדבֿים למען אחינו הקולו־ניסטים באה״ק״ זײַנען דאָ די שאַוולער: יב״א זיוו, מ.י. ליכץ [ליפּעץ], י. כּאַראָנאָ־זשיצקי, י. אַראָן, ז. יאַקובי, ח.א. לעוויטאַן, מ. רויז, ב. לעוויטאַן.

1895 האָבן יוגנטלעכע געשאַפֿן „חובֿבֿי שׂפֿת קֹדש״ און אַ ביבליאָטעק. זיי פֿלעגן אויך דורכפֿירן רעפֿעראַטן אויף עבֿרית.

1896, אויף אַ פֿײַערונג פֿון חיבת־ציון, האָבן געהאַלטן דרשות ישׂראל כּאַראָנאָזשיצקי און הרבֿ [מו״צ] שיימא לוריא. דער ערשטער מורשה איז געווען וו.א. מיכל, איצט ד״ר זאבֿ ווײַנטרויב. אַקטיוו איז געווען דער משׂכּיל זאַגאָרסקי.

די ערשטע פּראַקטישע אַרבעט צו זאַמלען געלט פֿאַר ארץ־ישׂראל אויף אַ קאָנצענטרירטן אופֿן איז געווען צו פֿאַרקויפֿן משה מאָנטעפֿיאָריס בילדער [שפ״רס פלאַן]. שאַוול האָט אָפּגענומען 75.

מיטן אויפֿקום פֿון דער ציוניס־טישער באַוועגונג איז דאָ אָרגאַניזירט גע־וואָרן „האגודה הציונית המעשׂית״. אין 1899 איז פֿאָרגעקומען אין ווילנע אַ וְעידה גלילית. צווישן די 51 באַטייליקטע שטעט איז געווען אויך שאַוול. אין אַ ציוניסטישער קאָנפֿערענץ פֿון די קאָוונער און סוּוואַלקער גובערניעס איז געווען איין דעלעגאַט פֿון שאַוול.

צו די אַקטיווע ציוניסטן ביזן ערשטן וועלטקריג דאַרף מען צורעכענען: אלחנן גאָלדבערג, בצלאל שאַפּיראָ, ירחמיאל ליפּקין, נחמיה גיסעלעוויץ, שלמה קווינט, עקיבֿא פּעסקין, חיים זאַקס, שכנא שטיין, ד״ר בערנאַרד ראָם, אַבֿרהם היר־שאָוויץ.

אין 1903 איז דאָ געגרינדעט

געוואָרן „מזרחי״. זייער אגודה האָט זיך גערופֿן „שערי ציון״. אין 5 רשימות מנד־בֿים צו העלפֿן בויען ארץ־ישׂראל פֿון 1898, 1899, 1900, 1903 זײַנען דאָ שאַוולער. אין דער ליסטע פֿון 1909 געפֿינען זיך 70 שאַוולער.

אויף אַן אַלטן בית־עולם פֿון ירושלים זײַנען דאָ די מצבֿות פֿון

פערע משאַוויל (אשת יהושע מראַגאלע), תרכ״ג.

פּעשע רבקה אשת מנחם חנוני (משאַוויל, בת ר׳ יצחק מווילנא), תּרל״ד.

יהושע העשיל (קעסטעל) בר׳ אַהרן מסאַוול, תּרנ״ג.

*

די „אגודה״ האָט געהאַט אירע חבֿרים צווישן די בית־מדרש־ייִדן, ניט ווייניק אין צאָל. אין אַ רשימה בײַשטײַערערס פֿון 1913 פֿאַרן „קרן האגודה״ זײַנען דאָ די ווײַטערדיקע שאַוולער:

הרבֿ מאיר אַטלאַס, יהושע שאַפּיראָ, מרדכי אַרנשטאַם, פּסח פּילי־פּאָווסקי, ישׂראל־יצחק שאַפּיראָ, משה אָרדמאַן, שלמה מלמד, אשר־ניסן לעווי־טאַן, משה־דוד קווינט, ברוך פֿרידמאַן, אַבֿרהם כּץ, אליהו טאָדער, מרדכי קאַרעליץ, משה־שמואל איזראַעלשטאַם, אַלכּסנדר ליפּקין, מאיר קאַלמאַנאָוויץ, יעקבֿ שאַיאַרסקי, יצחק לאָפּאַטע, זאבֿ קאַנטאַראָוויץ, שרגא פּאָטרוך, מרדכי קאַמעראַז, בן־ציון פּסחאָוויץ, שבתי ליפּשיץ, מרדכי עפּשטיין, חנוך בוז, ישעיהו עליאַשזאָן, יהושע זאַגאַר, אַריה ראַבי־נאָוויץ, שמעון ראַשקעס, לייב קראָן, דוד קאַפּלאַן, צבֿי ראַשקעס, אליהו מאַרקעוויץ, מאיר־יצחק יודעלעוויץ, גדליהו קובאָ־וויצקי, שׂמחה מאָסטאָווסקי, זלמן־יצחק האָפּענבערג.

*

דער „בונד״ האָט געהאַט פֿעסטע פּאָזיציעס גלײַך עטלעכע יאָר נאָך זײַן אויפֿקום אין 1897. דער סאָציאַלער צוזאַמענשטעל פֿון דער ייִדישער עֵדה אין שאַוול האָט באַגינסטיקט זײַן גיכן וווּקס. אין פֿרענקלס, נוראָקס און אין אַנדערע ייִדישע גרויסע פֿאַבריקן האָבן געאַרבעט זייער אַ סך ייִדן. די צאָל ייִדישע בעלי־מלאכות איז אויך געווען אַ גרויסע. פֿון דעם דאָזיקן באַטײַטיקן ייִדישן אַרבעטנדיקן עלעמענט האָבן גיך רעקרוטירט די בונ־דישע „קעמערלעך״.

דער „בונד״ איז געווען באַזונ־דערס אַקטיוו אין די רעוואָלוציע־יאָרן פֿון אָנהייב אונדזער יאָרהונדערט ביזן ערשטן וועלטקריג. אין די אומלעגאַלע בונדישע בלעטלעך ווערט אָפֿט דערמאָנט דער שאַוולער „בונד״. דער „בונד״ פֿלעגט אַ מאָל אַרויסגעבן בשותּפֿותדיקע פּראָקלאַ־מאַציעס מיט דער ס״ס־פּאַרטיי אָדער דורכפֿירן צוזאַמען שטרײַקן וועגן רעכט אויף אַרבעט.

שבת, דעם נײַנטן אָקטאָבער, 1904, איז דאָ פֿאָרגעקומען אַ דעמאָנ־

סטראַציע פֿון 300 יידישע אַרבעטערס, אָרגאַניזירט פֿון „בונד“, קעגן דער שחיטה אויף יידן אין ביאַליסטאָק.

**רבנים.** — ר׳ אליעזר בר׳ אַבֿרהם. אויף אַ ספֿר פֿון 1766 איז דאָ זײַן הסכּמה, ווו ער חתמעט זיך: „אב״ד דשלש קהלות זאגור חדש ועיר חדש ושאַוויל והמדינה“.[2] די זעלביקע חתימה איז דאָ אויף צוויי אַנדערע ספֿרים פֿון זעלביקן מחבר.[3] ר׳ אליעזרס אַ ברודער, ר׳ יעקבֿ, איז געווען „אב״ד בק״ק לוקניק והגליל“, ווי עס איז זײַן חתימה אויף די ציטירטע ספֿרים. ניפֿטר געוואָרן 1781.[4]

פֿון די הסכּמות אויף הורוויצעס ספֿרים קען מען קריגן אַ שטיקל פֿאָר־שטעלונג וועגן דער פּערזענלעכקייט פֿון ר׳ אליעזרן. יהודה הלוי הורוויץ האָט שטודירט מעדיצין — מיט אַ 200 יאָר צוריק! — אין פּאַדואַ (איטאַליע). דערנאָך האָט ער פּראַקטיקירט דאָקטאָריע אין ווילנע און גראָדנע. ער האָט געקענט עטלעכע לשונות, געלייענט זשאַן זשאַק רוסאָ און געהאַלטן, אַז דאָס לערנען אַלגעמיינע לימודים קען יידישקייט ניט ברענגען קיין שאָדן. אין **עמודי בית יהודה** איז דאָ אַ מין הסכּמה־בריוו פֿון משה מענדעלסאָן. און אויף ספֿרים פֿון אַזאַ מחבר האָט דער ערשטער שאַוולער רבֿ געגעבן זײַנע הסכּמות — הייסט עס. אַז ער איז ניט געווען, לויט די דעמאָלטיקע באַגריפֿן, קיין מתנגד פֿון געוויסע חידושים אין יידישן לעבן.

*

ר׳ יחזקאל לונץ, געבאָרן 1731 אין קעלם, דאָ געווען רבֿ פֿון 1767/68 ביז זײַן פּטירה אין 1808, ס׳קען גרײַלעך זײַן, אַז פֿון 1749 איז ער געווען דאָ מו״צ. זײַן פֿאָטער ר׳ מאיר, אַ געבאָרענער אין קעלם 1709, אַ מופֿלג בתּורה. ר׳ מאירס פֿאָטער, ר׳ אליהו קעלמער, אב״ד קעלם. ר׳ יחזקאל איז געבענטשט געוואָרן מיט רײַכקייט און זיינע קינדער האָט ער אָנגעזאָגט אויס־

---

2) **עמודי בית יהודה**, יהודא מצעירי הלוים איש הורוויץ אַסי׳ דק״ק ווילנא. אמשטרדם, בשנת עומדות [תקכ״ו] היו רגלינו בשעריך. — אונדזער מיינונג איז אין סתּירה צו די צוויי הויפּט־מקורות וועגן שאַוולער רבנים: **קורות היהודים בשיאוליאַי** פֿון שמעון כּהן און **קובץ שושנים** פֿון י.ל. לונץ. ש. כּהן שרײַבט, אַז איינער אַ ר׳ אליעזר איז געווען מו״צ אין שאַוול און אַז דער ערשטער רבֿ דאָ איז געווען ר׳ יחזקאל לונץ און צוזאַמען מיט י.ל. לונץ פֿירט ער אויס, אַז ר׳ יחזקאל איז געוואָרן אב״ד שאַוול אין 1749.ביידע מחברים גיבן ניט אָן קיין מקור צו זייערע רייד. אָבער פֿון דער הסכּמה אויף **עמודי בית יהודה** איז קלאָר, אַז אין 1766 איז אין שאַוול געווען אב״ד ניט ר׳ יחזקאל, נאָר ר׳ אליעזר. מען קען אויך ניט זאָגן, אַז ר׳ אליעזר איז געווען רבֿ **נאָך** ר׳ יחזקאל׳ען, ווײַל דער לעצטער איז געווען אב״ד שאַוול איבער פֿערציק יאָר **נאָך** 1766. די איינציקע השערה, וואָס מען קען דאָ צולאָזן, איז, אַז ר׳ יחזקאל איז אפֿשר אין אָדער פֿון 1749 געווען מו״צ אין שאַוול, בעת ר׳ אליעזר איז דאָרטן געווען אב״ד.

3) **צל המעלות** און **פּרם עין גדי**, ביידע: קעניגסבערג, 1765.

4) יוסף לעווינשטיין, דור ודור ודורשיו. וואַרשאַ, 1914. ע׳ 72.

צומײַדן צו ווערן רבנים, ווײַל „הרבנות מקברת את בעליה".[5]

די ייִחוס־קייט פֿון די שאַוולער און קעלמער לונץ־מישפּחות ציט זיך ביז אַ 500 יאָר צוריק. תּחילת איז דער נאָמען געווען לואַנץ, שפּעטער איז דער „א" אַרויסגעפֿאַלן. דער שטאַמפֿאָטער איז ר' גרשון פֿון פֿראַנקרײַך, וואָס האָט דערנאָך געלעבט אין שווייץ און לסוף אין דײַטשישן ראָסהיים. דאָרט איז אויסגעוואַקסן ר' יוסף ראָסהיים, וואָס האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין ייִדיש־דײַטשישן לעבן. פֿון דער משפּחה לואַנץ שטאַמט הגאון ר' יעקבֿ עמדין.

ר' יחזקאל איז אַ שוואָגער פֿון ווילנער גאון, ווײַל זײַן שוועסטער גיטל איז געווען די צווייטע פֿרוי פֿון הגר"א.[6] ר' יחזקאלס פֿרוי מלכּה איז די טאָכטער פֿון הצדיק ר' יוסף פֿון מינסק. זײַן טאָכטער פֿריידע האָט חתונה געהאַט מיטן שאַוולער ר' אליעזר לונץ, דעם זיידן פֿון שפּעטער־דיקן מו"צ אין שאַוול ר' אליעזר לונץ. ר' יחזקאלס צווייטע טאָכטער חנה איז דאָס ווײַב פֿון פּאָקראָיער רבֿ.

איין ברודער יחזקאלס איז געווען אבֿ"ד סאַלאַנט, אַ צווייטער ברודער — ר' אליהו קראָזשער, אַ גדול בתּורה און אַ גרויסער גבֿיר. מען האָט געשאַצט זײַן עשירות אויף 300.000 רובל. געבאָרן 1723 און ניפֿטר געוואָרן 1814 אין ירושלים. ר' יעקבֿ בר' מנחם, אבֿ"ד קראָזש, איז ר' אליהוס איידעם.[7] ר' יחזקאל ניפֿטר י"ד שבֿט תּקס"ח.

ר' יחזקאלס זין: ר' משה, ר' געצל, ר' צבֿי־הירש. ר' משה, איינער פֿון די אַקטיווע כּלל־טוערס אין ייִדישע און אַלגעמיין־ייִדישע ענינים. פֿאַר זײַנע געזעלשאַפֿטלעכע פֿאַרדינסטן האָט דער איספּראַווניק אים באַשטימט אויף אַן אָנפֿירנדיקן אַמט אין שטאָט־פֿאַרוואַלטונג.[8] ר' משה איז ניפֿטר געוואָרן 1806 אין זײַנע פֿופֿציקער יאָרן.

ר' געצל האָט אויך געלעבט אין שאַוול, ווו געווען חזן־שוחט און דרשן. געבאָרן דאָ 1765 און ניפֿטר געוואָרן 1825. ר' צבֿי־הירש האָט תּחילת זיך באַשעפֿטיקט מיט מיסחר, אויף דער עלטער געוואָרן דיין אין שאַוול, ווו ניפֿטר געוואָרן 1839.

5) יהודה־ליב לונץ, **קובֿץ שושנים**. וואַרשא, תּרנ"א. ע' 58 א"וו. — אין דער רבנות־צײַט פֿון ר' יחזקאלען, אין 1790, איז אויסגעבראָכן אַ בונט קעגן רבֿ און קהל. אין אַ שריפֿט צו דער מאַכט ווערן זיי באַשולדיקט אין נעמען הייכע פּרײַזן פֿאַר חתונות און בריתן, פֿאַר אָנווענדן אָפּט דעם חרם, פֿאַר ניט מקבר זײַן מתים פֿון זייערע קעגנערס.

6) אַזוי קומט אויס לויט **קובֿץ שושנים**, דאָס איז אין הסכּם מיט שטיינשנײַדערס אַרטיקל אין **הצפֿירה** (1888, נומ' 173). אָבער אין **ספֿר היַחש** פֿון א. ריבלין (ירושלים, תּרצ"ה, ע' 12, 120) זאָגט זיך, אַז דער ווילנער גאון האָט אַ צווייט מאָל חתונה געהאַט מיט דער **טאָכטער** פֿון ר' יחזקאלס זון ר' צבֿי־הירש.

7) **הצפֿירה**, 1888, נומ' 175; **קובֿץ שושנים**.

8) **קובֿץ שושנים**. דער מחבר שרײַבט, אַז זיי האָבן אים אויסגעקליבן פֿאַר אַ „בורגמײַסטער".

זינט דער צײַט פֿון ר׳ יחזקאל ביזן חורבן האָט די לונץ־מישפּחה געהערט צו דער ייִדישער אַריסטאָקראַטיע פֿון שטאָט. זי איז אויך געבונדן מיט די אַנדערע נגידישע פֿאַמיליעס אין שטאָט און מיט די דאָרטיקע רבנים און דיינים. ר׳ יצחק־אײַזיק שטערן איז ר׳ יחזקאלס אַ קרובֿ (דורך זײַן פֿרוי מלכּה). ר׳ שיימאַ לוריע דער דיין, אור־אייניקל פֿון ר׳ געצל לונץ, וואָס איז איידעם פֿון ר׳ ישׂראל נוראָק. דער זון פֿון חשובֿן ר׳ אַבֿרהם ראָם, אָפּ־שטאַמיקער פֿון ווילנער גאון, האָט זיך מתחתּן געווען מיט אַן אייניקל פֿון ר׳ מאיר לונץ. די בת־יחידה פֿון ר׳ אליעזר האפֿרתי איז די פֿרוי פֿון אַן אייניקל פֿון ר׳ בן־ציון־אַבֿרהם לונץ.[9] ר׳ ישׂראל כאַראַנאָזשיצקי, איידעם פֿון ר׳ משה־יעקבֿ לונץ. מורה־הוראה ר׳ זאבֿ זיוו, איידעם פֿון ר׳ יוסף לונץ, אַן אייניקל פֿון ר׳ יחזקאל. ר׳ אליהו־יעקבֿ ראַבינאָוויץ, זיידע פֿון ר׳ מרדכי ראַבינאָוויץ, אבֿ״ד אין קעלם, פּלימעניק פֿון ר׳ יחזקאל.[10]

נאָך דער פּטירה פֿון ר׳ יחזקאל לונץ איז שאַוול געבליבן אַ צען יאָר אָן אַן אבֿ״ד. מען האָט זיך באַנוגנט מיט מורי־הוראה.

פֿון אַרום 1817/18 איז 11־12 יאָר געווען מרא דאַתרא ר׳ בנימין־זאבֿ בר׳ יקותיאל טרויב, געבאָרן 1789. ער איז קינדווײַז פֿאַרקנסט געוואָרן מיט אַ מיידל פֿון שאַוול, ווו ער האָט זיך באַזעצט נאָך דער חתונה. שפּעטער אַוועק קיין קיידאַן, ווו ניפֿטר געוואָרן 1869. האָט הסכּמה אויף ש״ס סלאַוויטא (תּקצ״ה).[11]

*

אַרום די 1830ער איז געוואָרן אבֿ״ד ר׳ יצחק־אײַזיק בר׳ אַהרן ראַבי־נאָוויץ. געבאָרן 1785 אין שאַוול.[12] תּחילת

---

9) אין עיר ווילנא (ע׳ 196) ווערט ער אָנגע־רופֿן „הגבֿיר המיוחס משאַוול״. זײַן פֿרוי דבֿורה איז טאָכטער פֿון ר׳ ישׂראל גאָרדאָן, רבֿ אין ווילנע נאָך הגאון ר׳ אַבֿרהם־אַבעלי פּאָסוואָלער. ר׳ בן־ציון־אַבֿרהם לונץ, אַ „בעל תּורה ומדעים״, איז ניפֿטר געוואָרן 1862 אין ראַסיין. יל״ג, וואָס האָט דעמאָלט געלעבט אין שאַוול, האָט אָנגעשריבן דעם נעקראָלאָג אויף זײַן מצבֿה (אין **נחלת עולמים** פֿון ש. יעוונין).

10) ביז ר׳ יחזקאלען האָט די מישפּחה זיך גערופֿן ראַבינאָוויץ. — אַבֿרהם־משה לונץ, באַוווּסטער פּיאָנער אין פּאַלעסטינאָגראַפֿיע, האָט ניט קיין שײַכות צו די שאַוולער לונצעס — אַזוי האַלט דער מחבר פֿון **קֹבץ שושנים**. דאָס איז אין סתּירה צו דער מיינונג פֿון ש. כּהן, בעל **קורות היהודים בשיאוליאַי**. משמעות, אַז דער ערשטער איז גערעכט, ווײַל אין די פֿאַרשיידענע ספֿרים פֿון א.מ. לונץ איז ניטאָ קיין שפּור פֿאַר זײַן אָנגעהעריקייט צו די שאַוולער לונצעס.

11) יעקבֿ ליפֿשיץ, זכרון יעקבֿ, חלק ב׳, ע׳ 46; **המגיד** 1869: 10. אין דער קאָרעספּאָנדענץ ווערט געזאָגט, אַז ר׳ בנימין־זאבֿ איז געווען רבֿ [און מו״צ] 11 יאָר. זי איז געשריבן פֿון זעלביקן יעקבֿ ליפֿשיץ, וואָס אין זײַן „זכרון יעקבֿ״ דערציילט ער, אַז ר׳ בנימין־זאבֿ איז דאָרטן געווען רבֿ [און מו״צ] נאָר עטלעכע יאָר. אַ ציפֿער פֿון 12 יאָר **דיינות** זײַנע אין שאַוול גיט אָן מאַרקאָוויץ אין זײַן „לקורות עיר קיידאן ורבניה״, ע׳ י״א. 12 יאָר **רבנות** אין שאַוול ברענגט **ספֿר קיידאן** (ת״א, 1977, ע׳ 188).

12) אַזוי לויט דער עדות פֿון מיכאל דייטש אין **רב מלכּי״א** (ירושלים, תּרס״ה): „אדמו״ר הגאון ז״ל הורתו ומולדתּו עיר שאַוויל״.

געווען מו״צ, דערנאָך ראש בית־דין.[13] צוליב אַ שאלה־תּשובה איז איין מאָל געקומען צו אַ שאַרפֿן איבערררייד צווישן אים און ר׳ יצחק־אלחנן, ווען ער איז נאָך געווען רבֿ אין ברעזי. צווישן די ביידע רבנים איז געווען אַ וויכּוח מכּוח אַ גט־ענין. ר׳ יצחק־אײַזיק האָט נאָכן וויכּוח זיך אויסגעדריקט, אַז ר׳ יצחק־אלחנן האָט ניט קיין השׂגה אין דינים פֿון גט. ברעזער רבֿ האָט זיך דערוווּסט וועגן דעם טאַקע פֿון שאַוולער רביצין. האָט ער אָנגעשריבן אַ שאלה־תּשובה צו ר׳ יצחק־אײַזיקן און אויפֿגעקלערט זײַן מיינונג. ר׳ יצחק־אײַזיק האָט שפּעטער מודה געווען זײַן טעות און געבעטן מחילה בײַ ר׳ יצחק־אלחנן.[14]

פֿון **עטרת יצחק** דערוויסן מיר זיך, אַז אָנהייב 1840ער האָט זיך צע־פֿלאַקערט אַ געוואַלדיקע מחלוקת אין דער קהילה. אַ צאָל יידן האָבן ניט אָנגענומען וויכטיקע תּקנות פֿון קהל און בית־דין. עס איז געקומען צו גרויסע סקאַנדאַלן. מען האָט פֿאַרשפּרייט מיאוסע פּאַסקווילן קעגן יחידים און קעגן בית־דין. ר׳ יצחק־אײַזיק און זײַנע דיינים האָבן אויסגערופֿן אַ „חרם חָמור״[15] אויף די ווידערשפּעניקע. פֿינף יאָר האָט געדויערט ביז די מחלוקת האָט זיך אײַנגעשטילט.

ר׳ יצחק איז דער מחבר פֿון: **דבֿרי יצחק** (פּיעטרקוב, תּר״ע), **עטרת יצחק** (ירושלים, תּרפּ״ה), **דבֿרי נאמנים**. האָט הסכּמות אויף: **שאגת אריה** (סלאַוויטער הוצאה, תּקצ״ג);[16] ש״ס סלאַוויטא פֿון תּקצ״ה; **כּנף רננים**, חנוך־זונדל בר׳ ישעיה לוריא (נאַווהרדאָק, 1842). די הסכּמה איז פֿון 1838, געחתמעט „חונה פק״ק שאַוול״. ניפֿטר געוואָרן כ״ג אייר, תּרי״ג. אויף דער מצבֿה ווערט צ״אַ געזאָגט: „ל״ח שנה ישבֿ על כּסא הדין והוראה״.

*

נאָך ר׳ יצחק־אײַזיק ראַבינאָוויץ איז געוואָרן רבֿ ר׳ יוסף־זכריה שטערן, געבאָרן 1831 אין נײַשטאָט־שאַקי. פֿריִער רבֿ אין יאַסינאָווקע (גראָדנער גובערניע) און פֿון 1861 ביז זײַן פּטירה י״א תּשרי, תּרס״ד (1903) אין שאַוול. איידעם פֿון ר׳ מרדכי־גימפּל יפֿה, שווער פֿון ר׳ יעקבֿ־דוד ראַפּאָפּאָרט, אב״ד זיימל.

13) פֿון ר׳ יצחק־אײַזיקס **עטרת יצחק** זעט מען, אַז ביז אָנהייב 1830ער יאָרן רופֿט אים קיינער ניט „אב״ד דק״ק שאַוול״. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן אים ניט געגעבן דעם געוויינלעכן רבנישן טיטל אַפֿילו אין די 1840ער יאָרן. טאַווריקער רב ר׳ שמשון זרחי זאָגט וועגן אים אין 1840: „ותּהי המשרה על שכמו מורה צדק לעדתו״, און דער וועקשנער רבֿ ר׳ שבתי יפֿה אין 1843: „דיינא רבא דק״ק שאַוול״. אָבער אלע רבנים, וואָס האָבן ניט געלעבט אין זײַן צײַט, האָבן אים באַטיטלט מיט „אב״ד שאַוול״.

14) נטע הלוי ליפּשיץ, לעבנס־געשיכטע פֿון ר׳ יצחק־אלחנן. סלאַבאָדקע, 1929, ז׳ 7.

15) **עטרת יצחק**, סימן מ״ז: „. . . והסכּימו לגזור בחרם חָמור נידון כּתבֿי עמל וכּותבֿי פּלסתר אשר קמו מתפּרצים לבזות אנשים נקיים ולביישם בדבֿרי חרופים וגדופֿים והוצאת ש״ר [שם רע] גם שלחו ידם בבית־דין לבזותם והשליכו כּתבֿי עמל בחוצות ושווקים״.

16) די דאַטע פֿון דער הסכּמה איז תּצ״ג [1733] — אַ קלאָרער טעות־הדפֿוס.

חיבורים: **באור חדש מהריז״ש** (ווילנא, תּרל״ה, מיטן טעקסט פֿון **שיר השירים**), **באור חדש מהריז״ש** (ווילנא, תּרל״ו, אויף די אַנדערע פֿיר מגילות), **זכר יהוסף** (ווילנא, תּרנ״ט, מיטן הגדה־טעקסט), **זכר יהוסף**, שו״ת (וואַרשאַ־ווילנא, תּרנ״ט־תּרס״ב, 4 ח׳), **תּהלוכות האגדות** (וואַרשאַ, תּרס״ב). האָט הסכּמות אויף: **יד של שלמה**, שלמה בר׳ יצחק הכּהן ממעזריטש (וואַרשאַ, תּרכ״ט), **אַמתּחת בנימין**, בנימין חעשין (ווילנא, תּרמ״ה), **בכּורי שלמה**, שלמה אבֿרהם בר׳ דניאל זאבֿ רזעכטע (פּיעטרקובֿ, 1894). אין צענדלי־קער נומערן פֿון **הלבֿנון** האָט ער תּורהדיקע „הערות״.[17]

ר׳ יוסף־זכריה האָט געלעבט אויף קליינער שׂכירות און בשום אופֿן ניט געוואָלט נעמען קיין העכערונג. די גבאים האָבן איין מאָל זיך געקליגלט און געגעבן דער רביצין אַ גרעסערע סומע פֿאַר שׂכירות. ווען דער רבֿ האָט זיך דערוווּסט וועגן דעם, האָט ער געהייסן גלײַך אומקערן דאָס איבעריקע געלט.

יהודה־לייב גאָרדאָן, וואָס איז געווען זעקס יאָר לערער אין שאַוול, איז געווען אַ גרויסער קעגנער פֿון ר׳ יוסף־זכריה. אין זײַן פּאָעמע „וָפּסי הכּוזרי״ מאָלט יל״ג אַ בילד פֿון אַ האַרט־האַרציקן, פֿינצטערן מחמיר, וואָס איז געווען אַ קלאָרער פּראָטאָטיפּ פֿון שאַוולער רבֿ („הכּוזרי״ האָט די מערסטע אותיות פֿון „וָפּסי״). ד״ר אליעזר ירושלמי, וואָס האָט אַ סך יאָרן געלעבט אין שאַוול, שרײַבט, אַז וָפּסי איז אַ פֿאַלסיפֿיצירט כאַראַקטער־בילד פֿון ר׳ יוסף־זכריהן. ווי אַ משל ברענגט ער אַזאַ פֿאַקט: שאַוולער ראשי־הקהל האָבן איין מאָל באַשלאָסן צו העכערן דעם פּליישאָפּצאָל און אויף אַן אַסיפֿה האָט מען עס באַשטעטיקט. דאָס לעצטע וואָרט האָט געהאַט ר׳ יוסף־זכריה, האָט ער אַזוי געזאָגט: דו, ר׳ חיים פֿרענקל, צאָל טאָפּלט, און דו, ר׳ אַריה גאָק, צאָל טאָפּלט (און אַזוי צו די איבעריקע גבירים), און די אָרעמעלײַט לאָזט האָבן אַ שטיקל פֿיש אויף שבת.

פֿאַר וואָס איז יהודה־לייב גאָר־דאָן געוואָרן אַזאַ שׂונא פֿון שאַוולער רבֿ? דערציילן עדי־ראיה אַזאַ מעשׂה: די דינסט פֿון יל״ג האָט איין מאָל געפֿונען אַ נאָדל אין קראָפּ פֿון אַ הון. זײַן פֿרוי האָט דאָס אים איבערגעגעבן. האָט יל״ג געזאָגט: די הון קאָך אָפּ און דעם רבֿ פֿרעג וועגן קראָפּ. די פֿרוי האָט אַזוי געטאָן. פֿרעגט דער רבֿ: ווו איז די הון גופֿא? האָט די פֿרוי בתּמימות דערציילט דעם אמת. האָט דער רבֿ געזאָגט מיט אַן ערנסטן טאָן; דײַן מאַן האָט גוט געטאָן, ווײַל אַזוי שטייט טאַקע אין פּסוק: „כּל נבֿלה וטריפֿה לכּלבֿ תּשליכון״.

ר׳ יוסף־זכריה איז תּחילת געווען אַן אָנהענגער פֿון חיבת־ציון, שפּעטער האָט ער געביטן זײַן מיינונג. הרבֿ יהודה־לייב

17) אין **הלבֿנון**, שנה ו׳: 26 איז דאָ „מגלת היחש״ פֿון זײַן משפּחה.

מַימון האָט אים געפֿרעגט די סיבה, איז זײַן ענטפֿער געווען: „איך בין ניט קיין **חובֿבֿ** ציון, איך בין אַ **אוהבֿ** ציון. אויף דער פֿראַגע: וואָס איז דער חילוק? איז געקומען דער ענטפֿער: **ליבהאָבערײַ** איז אַ נידעריקערע מדרגה, זי איז אויך על־פּי תּנאַי און קען זיך לײַכט בײַטן; **אהבה** איז אָן תּנאים, טיף אין האַרצן און לעולם וָעד.

ר׳ יוסף־זכריה איז געווען אַ גרויסער קעמפֿער קעגן השׂכּלה, ער האָט אָבער געהאַלטן, אַז בײַ געוויסע באַדינגונגען קען זײַן האַרמאָניע צווישן אמונה און השׂכּלה. ער האָט מודה געווען אין דער וויכטיקייט פֿון קענען די מלוכה־שפּראַך און געוויסע צווײַגן פֿון דער וויסנשאַפֿט.[18]

*

פֿון 1905 ביז 1926 איז געווען רבֿ ר׳ מאיר אַטלאַס, געבאָרן 1848 אין בייסעגאָלע. פֿריִער ר״מ אין טעלז, רבֿ אין ליבאַווע, סאַלאַנט, קאָברין. הגאון ר׳ אלחנן וואַסערמאַן, הי״ד, האָט זיך אָפּגעזאָגט צו ווערן דער ממלא־מקום פֿון זײַן שווער, וואָס איז ניפֿטר געוואָרן י״ב שבֿט, תּרפּ״ו.

18) אויף **דרך אמת**, אבֿיגדור מאַלקאָוו (וואַרשא, תּרנ״ה) געפֿינט זיך צווישן די הסכּמות פֿון ר׳ שמואל מאָהליווער, ר׳ יצחק אלחנן און אַנדערע גאונים. די חתימה פֿון איינעם „שמעון שאול חונה פק״ק שאַוויל״. מיט „חונה״ טיטלט זיך אַן אבֿ״ד. אין די 1890ער איז געווען אבֿ״ד שאַוול ר׳ יוסף־זכריה שטערן. אונדז איז ניט באַקאַנט, אַז אין שאַוול זאָלן דעמאָלט האָבן געווען צוויי שטאָט־רבנים. תּיקו.

האָט הסכּמות אויף **דבֿרי משה**, משה נאַמיאָט (תּרס״ו), **שם הגדולים השלישי**, משה מאַרקאָוויץ (תּר״ע), **מעין גנים**, משה זבֿדיה (1914) — אַלע ווילנא.

לעצטער רבֿ — ר׳ אַהרן באַקשט, געבאָרן 1867 אין איוויע. רבֿ אין בייסעגאָלע, סעמיאַטיץ, צאַריצין און פּאָלטאַווע (בעתן ערשטן וועלטקריג), שאַדעווע, סוּוואַלק און פֿון 1930 אין שאַוול. איינער פֿון די גרינדערס פֿון „אגודת ישׂראל״. זײַנע שאלות־ותּשובֿות זײַנען דאָ אין **שרידי אֵש**, י.י. ווײַנבערג (ירושלים, תּשכ״ו). אומגעקומען תּמוז תּש״א, צוזאַמען מיט זײַן איידעם ר׳ אײַזיק ראַבינאָוויץ פֿון טעלז, הי״ד.

**מו״צים, דיינים, ר״מים.** — ר׳ יודל פּאָקראָיער, ערשטער מו״צ נאָך דער פּטירה פֿון ר׳ יחזקאל לונץ, אַן ערך פֿון 1810־1812. אָפּגעפֿאָרן אין זײַן געבוירן־שטעטל פּאָקראָי.

אַן ערך אין דער זעלביקער צײַט איז געווען מו״צ ר׳ אליעזר קופּישקער. אין 1815 איז ער שוין געווען אין זײַן קופּישאָק. געווען דאָרטן אבֿ״ד און ראש־ישיבֿה. דאָס איז צו זען פֿון זײַן **בית הלוי ותּורת הבית**, משה אלעזר בר׳ שמואל זײַנוויל הלוי (אוסטרהאָ, תּקע״ח).

נאָך ר׳ אליעזרן איז געווען מו״צ ר׳ יעקבֿ בר׳ יוסף שאַפּיראָ ביז 1828. זײַן ברודער, ר׳ דובער שאַפּיראָ, איז פֿאָטער פֿון חוקר ומקובל ר׳ שאול שאַפּירא, אבֿ״ד פּאָנעוועזש און שאַדעווע. ר׳ דוברס פֿרוי,

קיילע, איז די טאָכטער פֿון ר׳ שאול לוריא, וואָס „הורה צדק וּמישרים לעדת ד׳ בשאַוויל״.[19] ר׳ יעקבֿ האָט הסכּמה אויף ש״ס סלאַוויטא פֿון תּקצ״ה.

אַרום 1816 איז געוואָרן חבֿר אין שאַוולער בית־דין ר׳ משה בר׳ גרשון־מענדל זיוו, פֿריִער אב״ד קריזבורג. ער האָט, משמעות, שוין פֿריִער געלעבט עטלעכע יאָר אין שאַוול. זײַנע שאלות־וּתּשובֿות, געבראַכט אין **עטרת יצחק**, זײַנען דאַטירט פֿון שאַוול 1813. דיין אין שאַוול זיבן־אַכט יאָר און דאָ ניפֿטר געוואָרן אין 1828.[20] מחבר פֿון **מחשבֿת משה** (ווילנא, תּרכ״ו), אַרויסגעגעבן דורך זײַן זון ר׳ בן־ציון יהודה־לייב גרשוני זיוו „מילידי שאַוועל, מיושבֿי ריגה הנקרא רן [?] בן־ציון פֿאָנדעלער״. ר׳ משהס ייִנגערער זון ר׳ זאבֿ־וואָלף, אַ געבאָרענער אין שאַוול, איז דאָ געווען דיין עטלעכע און צוואַנציק יאָר, פֿון אַרום 1840ער יאָרן, און דאָ ניפֿטר געוואָרן 1864, אין עלטער פֿון 48 **יאָר**.[21] ר׳ משהס אַ ברודער, ר׳ עזריאל זיוו, אב״ד בירז והגליל. עטלעכע „מכתּבֿי הלכה״ זײַנע געפֿינען זיך אין **מחשבֿת משה**. געהאַט נאָך צוויי ברידער: הרבֿ ר׳ ראובֿן זיוו פֿון שקוד און ר׳ שמואל זיוו פֿון פּאָנעוועזש, וועמען מען האָט גערופֿן ר׳ שמואל פּינחאָסעס.[22]

אין דער צײַט פֿון ר׳ בנימין־זאבֿ איז געווען אַ דיין און מגיד־מֵישרים מיטן נאָמען ר׳ בנימין־ביינוש. אונדז איז נאָר באַוווּסט, אַז זײַן טאָכטער רחל איז די מאַמע פֿון באַקאַנטן השׂכּלה דענקער שני־אור זק״ש.[23]

אין יענער צײַט איז געווען מו״צ ר׳ בן־ציון אַהרן אַראָן, וואָס האָט געלעבט אין שאַוול ביז זײַן פּטירה אין 1860, אָבער ער האָט זיך פֿאַרנומען אויך מיט אַנדערע פּרנסות.[24]

1825־1832 איז געווען מו״צ ר׳ יעקבֿ בר׳ יהודה בענדיטמאַן. פֿריִער מו״צ אין נײַשטאָט־סוגינד און שפּעטער איבער דרײַסיק יאָר אב״ד בויסק, ווו ניפֿטר געוואָרן 1861.[25] גערופֿן געוואָרן ר׳ יאַנקעלע בויסקער. חתונה געהאַט מיט דער טאָכטער

---

19) אַזוי שטייט קלאָר אין דער הקדמה פֿון **חמדת שאול**, שאול שאַפּיראָ (אָדעססאַ, תּרס״ג). בכן, ר׳ שאול לוריא איז אויך געווען מו״צ אָדער דיין אין שאַוול. — אין **יהדות ליטא**, ג׳, זאָגט זיך, אַז ר׳ שאול לוריא איז געווען רבֿ אין שאַוולאַן.

20) י. לעווינשטיין, דור ודור ודורשיו. וואַרשא, 1914, ע׳ 96, לויט שמעון כּהן — אין 1823.

21) לויטן מחבר פֿון **קורות היהודים בשיאוליאַי**, איז ר׳ זאבֿ־וואָלף געוואָרן דיין אין שאַוול נאָך זײַן פֿאָטערס טויט. אָבער דער טעות איז אַ קלאָרער, ר׳ זאבֿ־וואָלף איז געבאָרן געוואָרן אין 1816 און בעת זײַן פֿאָטערס פּטירה (1823) איז ער געווען 7 יאָר אָדער לויט **דור ודורשיו** (1828) — 12 יאָר.

22) יעקבֿ זבֿדיה, מעין גנים, פּיעטרקובֿ, 1914, הקדמה.

23) יוסף קלוזנר, אין זײַן „היסטוריה של הספֿרות העבֿרית החדשה״ (ירושלים, תּשי״ב, כּרך ב׳, ע׳ 129), שרײַבט, אַז ר׳ בנימינס **טאָכטער** איז די פֿרוי פֿון שניאור זק״ש, אָבער שניאור זק״ש אַליין שרײַבט: „לזכר **אמי** בת הרבֿ הצדיק ר׳ בנימין ביינוש״ (התּחיה, ברלין, תּר״י).

24) „קורות היהודים בשיאוליאַי״.

25) זכרון יעקבֿ, הקדמה; יהדות לטביה, ת״א, תּשי״ג, ע׳ 255.

פֿון אַ גבֿיר אין שקוד. מחבר פֿון שו״ת **זכרון יעקבֿ** (ווילנא, 1874), אַרויסגעגעבן דורך זײַן אייניקל יהודה בר׳ שמואל־צבֿי ליקניצקי פֿון יאַנישאָק, ווי אויך **תּורת חסידים**, חידושים פֿון דער „אגודת חסידים שלושה חבֿרים״. האָט הסכמה אויף ש״ס סלאַוויטא פֿון תּקצ״ה.

ר׳ יעקבֿ איז געווען טעטיק אויף אין די שטאָטישע חבֿרות, באַזונדערס אין ביקור־חולים. האָט ניט דורכגעלאָזן קיין געפֿערלעכן קראַנקן מבֿקר חולה צו זײַן. געווען אַ מסוכּנער אָרעמער קראַנקער, וואָס פֿלעגט יעדער אָוונט באַזוכט ווערן פֿון ר׳ יעקבֿן און זײַן שמש. האָט זיך געטראָפֿן אַן אָוונט, ווען עס האָט געבושעוועט אַזאַ זאַווערוכע, אַז דער שמש איז ניט געקומען אָפּנעמען דעם רבֿ, ווי זײַן מינהג איז גע־ווען, און אַליין געגאַנגען צום חולה. אָבער גייענדיק האָט ער באַגעגנט ר׳ יעקבֿן מיט אַ בינטל האָלץ אויף זײַן פּלייצע, וואָס ער האָט געטראָגן צום קראַנקן.[26]

אַן אָנקל פֿון ר׳ יעקבֿן איז אַ שאַוולער תּושבֿ, ר׳ ברוך בענדעט, זון פֿון באַוווסטן ר׳ שמואל חסיד ראַסיינער. ר׳ ברוך איז אַן אור־אור־אייניקל פֿון הצדיק ר׳ בענדעט פּאָדקעווע. וועגן לעצטן ווערט דערציילט, אַז ער איז איינער פֿון די אַנטלאָפֿענע פֿון די הריגות ת״ח ות״ט. דער גבֿיר פֿון שטעטל, ווו ער האָט זיך באַזעצט,

האָט אים גענומען פֿאַר אַן איידעם. מען האָט געמאַכט אַ חתונה ווי עס פּאַסט פֿאַר אַן עושר. אָבער האַרט פֿאַר דער חופּה האָט ר׳ בענדעט, דעמאָלט נאָך אַ יונגערמאַנ־טשיק, פּלוצעם דערקענט צווישן די אָרעמעלײַט זײַן כּלה, וואָס ער האָט געמיינט, אַז זי איז אומגעקומען פֿון כמעלניצקיס באַנדעס. עס האָבן ניט געהאָלפֿן קיינע תּחנונים פֿון גבֿיר, ער האָט זיך תּיכף אָפּגעזאָגט פֿון שידוך און חתונה געהאַט מיט זײַן אָרעמער ערשטער כּלה.

ר׳ שמואל חסיד, ר׳ יעקבֿס זיידע, איז איינער פֿון דער „אגודת חסידים שלשה חברים״, וואָס זײַנען 15 יאָר געזעסן אין ראַסיין אָפּגעזונדערט פֿון דער וועלט און זיך מתעסק געווען אין תּורה לערנען. די אַנדערע צוויי זײַנען: דער מקובל ר׳ משה, שפּעטער רבֿ אין טעלז (ניפֿטר 1810), און דער מקובל ר׳ מרדכי, אויף דער עלטער רבֿ אין פּאָקראָי, ניפֿטר גע־וואָרן 1810 אין יאַנישקעל.

ר׳ יעקבֿס איידעמס: ר׳ שמואל צבֿי־הירש, מו״צ אין נײַ־זאַגער, שפּעטער אין ליבאַווע; ר׳ אלכּסנדר־משה לפּידות, אב״ד ראַסיין; ר׳ דוד בר׳ אַבֿרהם אַבֿרהם־אַבלי פֿון זאַגער; ר׳ יוסף ראַכאָוויצקי פֿון ראַסיין און ר׳ אליעזר רוטנבערג פֿון וויל־קאָווישק.

*

נאָך דער פּטירה פֿון ר׳ יצחק־אײַזיק אין 1853 איז שאַוול 8־9 יאָר געווען אָן אַ רב. געווען נאָר אַ בית־דין פֿון דרײַ:

---

26) לקורות עיר ראַסיין ורבניה, וואַרשא, תּרע״ג, ע׳ 26.

ר׳ חיים ראַבינאָוויץ, ר׳ מיכאל דײַטש, ר׳ אליעזר לונץ. זיי זײַנען געבליבן דיינים אויך נאָך 1861, ווען ר׳ יוסף־זכריה איז געוואָרן אב״ד.

ר׳ חיים ראַבינאָוויץ, געבאָרן 1831, זון פֿון ר׳ יצחק־אײַזיק. געווען דיין ביז זײַן פּטירה ז׳ שבֿט, תּרל״ו. מחבר פֿון **דברי חיים** (פּיעטרקובֿ, תּר״ע) און **הפּלאה שבערכין**. זײַנע ספֿרים זײַנען אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך זײַן איידעם ר׳ משה־צבֿי בר׳ משולם־שאול אָרדמאַן.[27]

דער צווייטער אין בית־דין, ר׳ מיכאל דײַטש, געבאָרן 1810 אין שאַוול, איז שוין פֿריִער געווען רבֿ אין לײַזעווע און שאַוולאַן.[28] אין אַ בריוו פֿון 1838 אין לײַזעווע צו ר׳ יצחק־אײַזיקן שרײַבט ער, אַז ס׳איז אים ענג דאָרטן צו לעבן און בעט דעם שאַוולער רבֿ אים אַרויסצוראַטעווען „פֿון דער פֿאַרשפּאַרעניש״. ניפֿטר געוואָרן 1884.[29] ר׳ מיכאל איז אַן אייניקל פֿון „הרבֿ המפורסם בדורו״ ר׳ מיכאל, זון פֿון ר׳ ברוך דײַטש, וואָס „מצודתו פּרושׂה על ד׳ ארצות ואיתן מושבו בטילזיט״. ר׳ מיכאל דער זיידע איז איידעם פֿון ר׳ צמח סו״ד (ספרא ודיינא) אין קיידאַן.

ר׳ מיכאלס פֿאַמיליע־נאָמען איז אָפֿט באַצייכנט מיט בראָד און אויך קיטאַי. פֿונוואַנען עס קומט צו אים „קיטאַי״, ווייסן מיר ניט, אָבער דער נאָמען „בראַד״, וואָס איז אָפֿט געשריבן מיט ראשי־תּיבֿות — ברא״ד, באַטייט: בר׳ אליהו דוד, ווי זײַן פֿאָטער האָט געהייסן. זײַן פֿאַמיליע־נאָמען דײַטש שטאַמט פֿון זײַן עלטער־זיידן אין טילזיט. ר׳ מיכאל איז אויך געווען אַ מלומד, דעריבער איז אים דערלויבט געוואָרן צו זײַן ראַבינער אין שאַוול. אין זײַנע 6־7 יאָר ראַבינערײַ האָט ער זיך אויסגעצייכנט און געקראָגן אַ גאָלדענעם מעדאַל פֿון דער רעגירונג.[30]

אין דער דעמאָלטיקער העברעיִשער פּרעסע האָט זיך אַ ביסל געטומלט מיט אַ געלט־סיכסוך, פֿאַרמישט מיט ר׳ מיכאלס נאָמען. אַ שאַוולער ייִד, מרדכי־יוסף בר׳ צמח קווייט, האָט זיך באַקלאָגט אויף ר׳ מיכאלן, אַז ער גיט ניט אָפּ דאָס געלט (1700 רובל) פֿון זײַן פֿאָטער, וואָס ער, ר׳ זאבֿ בר׳ אַבֿרהם לעוויטאַן און ר׳ אַבֿרהם ראַם זײַנען די אַפּוטרופּסים אויף דעם.[31] גאָר גיך איז געקומען אַ הכחשה פֿון אַ גרופּע שאַוולער בעלי־בתּים, וואָס

27) מיט ר׳ חיימען איז אַ שטיקל פּלאָנטער. ס׳איז אַ פֿאַקט, אַז נאָך זײַן פֿאָטערס פּטירה איז ער געוואָרן איינער פֿון די דרײַ דיינים. אָבער ווי דערקלערט מען די אויפֿשריפֿט אויף זײַן מצבֿה: „הרב הגאון מ׳ חיים זצ״ל אשר **מִלא** מקום אביו הגאון מ״ר יצחק אייזיק זצ״ל״? צוויי פֿאַקטן, וואָס זײַנען זיך סותר. איין זאַך איז קלאָר: ווי עס זאָל ניט זײַן, קיין 15 יאָר רבֿ אין שאַוול — ווי עס גיט אָן יהדות ליטא, ג׳, ע׳ 90 — איז ר׳ חיים זיכער **ניט** געווען, ווײַל פֿון זײַן פֿאָטערס פּטירה (1853) ביז ר׳ יוסף־זכריהס רבנות (1861) איז נאָר 8 יאָר.

28) רב מלכיא מיכאל דײַטש. ירושלים, תּרס״ה, הקדמה פֿון אַרויסגעבער.

29) עטרת יצחק, ע׳ 4. דאָרטן זײַנען דאָ אויך עטלעכע שאלות־ותשובות זײַנע.

30) יעקבֿ וואָלבערג אין **המליץ**, 1884: 15.

31) הלבֿנון, 1872: 56;

פֿאַרזיכערן, אַז ר׳ מיכאל איז גערעכט, מיט די חתימות פֿון: אביגדור מײַזלש, יואל־דוד הורוויץ, אַבֿרהם־יששׂכר גיטלזאָן, יחזקאל פֿרידענזאָן, לייב בר׳ שמעון, אליעזר האפֿרתי, אַהרן לונץ, לייב בר׳ בן־ציון נוראָק, שמעון גראָסמאַן.

ר׳ מיכאל איז דאָ געווען דיין בײַ 30 יאָר און ניפֿטר געוואָרן 1884 אין עלטער פֿון 74 יאָר.[32] זײַן פֿרוי שיינע־רבֿקה בת ר׳ צמח איז געשטאָרבן אין 1855.

זײַנע חיבורים: **חיזוק מִדת הבטחון** (ניו־יאָרק, תּרס״ב), **רב מלכי״א** (ירושלים, תּרס״ה). זײַנע חידושי־תּורה געפֿינען זיך אין **שואל ומשיב** פֿון לעמבערגער רבֿ ר׳ שאול נאַטאַנזאָן, **ערוגת הבושם** פֿון מהרי״ל באַלחובר, **עין יצחק** פֿון ר׳ יצחק־אלחנן אב״ד קאָוונאָ. האָט אַ הסכּמה אויף **אבֿני זכּרון**, אַבֿרהם פֿירקאָוויץ (ווילנא, תּרל״ב) און אויפֿן רבנישן קובֿץ **יגדיל תורה** (אדעססא, 1879).ביידע ספֿרים האָט אַרויסגעגעבן זײַן זון מרדכי דײַטש. ער האָט חידושי־תּורה אין **עבֿרי אנכי** (בראָדי, 1871: 22, 1873: 10).

דער דריטער אין בית־דין נאָך ר׳ יצחק־אײַזיקס פּטירה איז ר׳ אליעזר לונץ — אַן אור־אייניקל פֿון ר׳ יחזקאל לונץ — געבאָרן 1812 אין שאַוול. פֿריִער געווען רבֿ אין ציטעוויאַן. געווען דיין 39 יאָר (נאָך פֿון 1851) און דאָ ניפֿטר געוואָרן אין 1892.[33]

אין דער צײַט פֿון דערמאָנטן בית־דין האָט אַ ריי יאָרן אָנגעהאַלטן אַ גרויסע מחלוקת צווישן די דיינים און שוחטים און דעם אב״ד ר׳ יוסף־זכריה. עס איז דערגאַנגען אַזוי ווײַט, אַז וואָס דער רבֿ האָט געמאַכט כּשר האָבן די חברי הבית־דין געמאַכט טרייף, און פֿאַרקערט. עס זײַנען געפֿאַלן די הכנסות פֿון די פֿאַרשיידענע חבֿרות. אַלע השתּדלותן פֿון די אָרטיקע חשובֿע בעלי־בתּים האָבן זיך אויסגעלאָזט מיט גאָרנישט. די רבנים פֿון זאַגער און ראַסיין זײַנען ספּעציעל געקומען קיין שאַוול צו מאַכן אַ סוף צו דער מחלוקת און אויך גאָרניט אויפֿגעטאָן. נאָך אַ ריי יאָרן האָט זיך קוים אײַנגעשטעלט אַ שטיקל שלום־בית צווישן רבֿ און זײַנע דיינים.[34]

אין 1884 איז געוואָרן מו״צ ר׳ שיימע לוריא, אור־אייניקל פֿון דער טאָכ־טער פֿון ר׳ געצלען, זון פֿון ר׳ יחזקאל לונץ. געווען מישפּחה אויך מיט ר׳ יוסף־זכריהן. האָט זיך ניט באַנוגנט נאָר מיט דיינות. געווען אַקטיוו אין אַלע שטאָטישע חבֿרות. אַ הייסער חובֿבֿ־ציון און פֿלעגט אָפֿט אַרויסטרעטן לטובֿת בנין הארץ.[35] ניפֿטר געוואָרן 1910 אין שאַוול.

ר׳ אַהרן־לייב העלער, מו״צ. זײַן פֿאָטער ר׳ אַבֿרהם, רבֿ אין יאַנישאָק, האָזענפּוט און ליבאַווע. אייניקל פֿון ר׳ יחיאל העלער, אב״ד סוּוואַלק און אַנדערע

32) המליץ, 1884: 15.
33) המליץ, 1885: 29.

34) הכּרמל, תּרכ״ו, נומ׳ 33.
35) המליץ, 1896: 211.

קהילות.[36] זאָל האָבן אומגעקומען 1944 אין דאַכאו, הי״ד.

ר׳ אַבֿרהם־יִצחק נחומאָווסקי, געבאָרן 1887, לעצטער מו״צ. אומגעקומען אָבֿ תּש״א אין שאַוול, הי״ד.

**ראשי־ישיבֿה:** ר׳ יהודה שאַפּיראָ, איידעם פֿון ר׳ מאיר אַטלאַס; ר׳ ירחמיאל לעוויטאַן; ר׳ אליעזר־יעקבֿ הירשאָוויץ (ניפֿטר אין ישׂראל); ר׳ שלמה בראַמסאָן (1892), שווער פֿון ר׳ יעקבֿ־משה פֿײַנ־שטיין, רבֿ אין זיימל.

ר״מ ומו״צ ר׳ אָשר־ניסן לעווי־טאַן, געבאָרן 1879 אין פּומפּיאַן. 1905 דאָ געגרינדעט אַ ישיבֿה, זײַן סגן — ר׳ יודל שאַפּיראָ, איידעם פֿון ר׳ מאיר אַטלאַס. תּחילת באַקומען אַ יערלעכע שטיצע פֿון 600 רובל פֿון שאַוולער גבֿיר אין מאָסקווע רפֿאל־שלמה גאָץ. אַ געוויסע צײַט האָט עקסיסטירט אַ צווייטע ישיבֿה פֿון זעלביקן ר׳ יודל און ר׳ ירחמיאל לעוויטאַן, שטיפֿ־ברודער פֿון ר׳ אָשר־ניסן. שפּעטער האָבן ר׳ אָשר־ניסן און ר׳ יודל זיך ווידער פֿאַראייניקט און געפֿירט זייער ישיבֿה אין דער לאַנדקרעמער־קלויז. דער ישיבֿה האָבן אַ סך געהאָלפֿן: ר׳ עוזר מאָרגענשטערן, צווייטער ר״מ, ר׳ לייבטשיק קראָן, ר׳ שואל פֿעלדמאַן, ר׳ מאָטל עפּשטיין, ר׳ מאָטל אַרנשטאַם, ר׳ העשל שאַפּיראָ (האָט געהאַט אין כּתבֿ־יד דרײַ חיבורים), ר׳ יאַנקל שטיין און ר׳ אַלכּסנדר ליפּקין, פּלימעניק פֿון ר׳ ישׂראל סאַלאַנטער. 1915 איז ר׳ אָשר־ניסן אַוועק אין גירוש מיט אַלע שאַוולער יִדן קיין רוסלאַנד. צוריקגע־קומען 1921 און אויפֿגעשטעלט זײַן ישיבֿה. 1928 עמיגרירט קיין אַמעריקע און געווען רבֿ אין בראָנקס. אין סלאַבאָדקער **כּנסת ישׂראל** און אין די אַמעריקאַנער **שערי ציון, הפּרדס, המאור** זײַנען דאָ זײַנע מאמרים. זײַן ברודער ר׳ בן־ציון לעוויטאַן, אבֿ״ד ציטעוויאַן, זײַן שווער — ר׳ יעקבֿ־דוד ראַפּאָפּאָרט, אבֿ״ד זיימל.[37]

*

ר׳ משה־דובֿ קווינט, געבאָרן 1858 אין סוּוואַלק. פֿון 1892 ביז 1938 שו״ב אין שאַוול, ווּ ניפֿטר געוואָרן; ר׳ צבֿי־אַריה גרינבלאַט, אַ מגיד־שיעור אומזיסט. געבאָרן 1874 אין קליקאָל, ניפֿטר געוואָרן 1955 אין יאָהאַנעסבורג.

ר׳ ברוך בר׳ צבֿי גאָרפֿונקל, מגיד מישרים. פֿריער מ״מ אין ראַסיין, נאָך שאַוול אין פֿילאַדעלפֿיע.

חזנים: ר׳ משה־וועלוול, פֿון אַרום 1830 בײַ פּערציק יאָר; זײַן זון ר׳ נתן־דוד, בײַ צוואַנציק יאָר ביז 1885;[38] ר׳

36) יזכור־בוך סואוואַלק, ז׳ 132.

37) טיילן זײַנען דערציילט פֿון ר׳ אשר־ניסנען גופֿא.

38) וועגן זײַן חזנות אין די לעצטע יאָרן האָט זיך אָפּגעטומלט אין קאָרעספּאָנדענציעס פֿון **המליץ** (1885: 26, 29, 37).

שאול־מאיר־בער סקאָבעליאָוו, אַ חזן מיט אַ העלדן־טענאָר. פֿריִער אין טעלז, דערנאָך אין שאַוול און פֿון אַרום 1901 אין באָס־טאָן. ניפֿטר געוואָרן 1904 אין ניו־יאָרק.

קאַזיאָנע ראַבינערס: אַבא אַבעלסאָן, פֿון 1861. זײַן ממלא־מקום יעקבֿ גליק, פֿון סוף אַכציקער יאָרן אין שאַט.[39]

שאַוולער „כולל", וואָס האָט זיך געפֿונען אין „קלויז דלאַנדקרעמער", האָט אַרויסגעגעבן מערערע רבנים: ר' זעליג־ראובֿן בענגיס, אבֿ"ד באַדקי און קאַלוואַ־ריִע; ר' אַבא שאפּער, רבֿ און באַלטימאָר, ר' יעקבֿ לעווינסאָן, רבֿ אין שיקאַגאָ (גע־באָרן 1876 אין קראַקינאָווע), ר' שמואל־משה רובינשטיין, מחבר פֿון מערערע ספֿרים.[40]

**אָפּשטאַמיקע.** — ר' ראובֿן־יוסף גאָרדאָן, דאָ געבאָרן אין 1851. פֿון 1882 רבֿ אין ראַדווילישאָק, וווּ ניפֿטר געוואָרן 1887. „מען האָט אים געטראָגן אויף די פּלייצעס 21 וויאָרסט צו זײַנע עלטערן־קבֿרים אין שאַוול".[41]

אַבֿרהם־זאבֿ גאָרדאָן, דאָ געבאָרן 1857. למדן, איידעם פֿון שרגא־פֿײַוול יאַקאָבזאָן אין מאָסקווע, וווּ געווען גרויסער סוחר. פֿון 1891 אין ארץ־ישׂראל. האָט פֿאַרדינסטן פֿאַר בניין הארץ. פֿון די הויפּטגרינדערס פֿון בית־הכּנסת הגדול אין תּל־אָבֿיבֿ אין 1922.[42]

ר' מאיר מאַלץ, אַ הי־געבאָרע־נער, רבֿ אין ראַדווילישאָק. אין זײַן צײַט זײַנען דאָרטן געווען צוויי רבנים, צוליב אַ גרויסער שטעטלשער מחלוקת. ניפֿטר 1905.

ר' חיים כּץ בּכרך, געבאָרן אין קאָוונע, אָבער לאַנגע יאָרן געלעבט אין שאַוול. פֿון די שאַוולער נגידים, אָבער נאָך אַ גרויסער שׂריפֿה אין שטאָט געוואָרן אַן אָרעמאַן. אויף זײַן ספֿר **זכרון חיים** (ווילנא, תּרמ"ט) שרײַבט זיך: „מגורתי בשאַוועל". האָט הסכּמות פֿון די רבנים אין שאַוול, פּאָנעוועזש, ליגעם און יאַנישאָק. זײַן מאַמע איז טאָכטער פֿון ר' חיים רומשיש־קער. זײַנס אַ קרובֿ, ר' אליהו בר' יצחק, אבֿ"ד צײַקישאָק.

ר' יעקבֿ־דוד ראַפּאָפּאָרט, אַ געבאָרענער אין אַליטע אין 1860, אָבער געלעבט אַ סך יאָרן אין שאַוול. איידעם פֿון ר' יוסף־זכריה שטערן און שווער פֿון ר' אָשר־ניסן לעוויטאַן. אויף זײַן ספֿר **חקר דין** (אדעססאַ, תּרמ"ז) שטייט: „מק"ק שאַוויל". געווען 12 יאָר רבֿ אין רובינישאָק (וויטעבסקער גובערניע) און שפּעטער אין

39) המליץ, 1889: 154.

40) דורות האחרונים, ב', ע' 130; קורות היהודים בשיאוליאי.

41) היום, פּטרבורג, 1887: 33; רבֿ מלכּי"א, מ. דײַטש.

42) לויט זײַן געבוירן־דאַטע קען ער ניט זײַן זון פֿון ר' ראובֿן־יוסף גאָרדאָן, ווי ד. תּדהר גיט עס אין זײַן „אנציקלופּדיה"; בית־הכּנסת, ת"א, תּש"ו, גל' ה'.

זיימל. פֿון 1926 רבֿ אין כפֿר סבא, ווו ניפֿטר געוואָרן אין 1928. זײַן זון, אַריה, דאָ געבאָרן אין 1888. געהאַט אַ קאָנ־פֿעקטן־פֿאַבריק. שפּעטער עולה געווען קיין ארץ־ישׂראל.[43]

ר׳ גרשון ליפּשיץ, געב׳ אַרום 1865. אָפּשטאַמיקער אָדער לאַנגיאָריקער תּושבֿ. 5 יאָר רבֿ אין באַזילאַן, שפּעטער אין באַטאָק. דערנאָך זיך באַזעצט אין שאַוול. מחבר פֿון **בני גרשון** (ווילנאָ, תּרנ״ט), מיט הסכּמות פֿון די רבנים אין טאַווריק, יאַני־שאָק, יאַנעווע.

ר׳ יוסף־מרדכי קריגער, תּושבֿ אָדער אָפּשטאַמיקער. רבֿ אין שאַוולאַן און ראַדווילישאָק. ניפֿטר 1907.[44]

ר׳ אַבֿרהם בר׳ מאיר ריין, דאָ געבאָרן 1876. געווען רב ומטיף אין הײַ־ספּרינגס. פֿאַרעפֿנטלעכט ביכער און אַר־טיקלען אין ענגליש.[45] געשטאָרבן 1941.

ר׳ שמעון זבֿדיה. אין זײַן ספֿר **מעין גנים**[46] באַצייכנט ער זיך אַליין „מעיר שאַוויל״. האָט די הסכּמות פֿון די רבנים אין שאַוול, פּלונגיאַן — ר׳ מאיר אַטלאַס, ר׳ שמואל־אַבֿיגדור פֿײַוועלזאָן, ש.נ. קאָטלער. פֿון גרויס־רבנישן ייִחוס. מצד זײַן פֿאָטער ר׳ נתן־ישעיהו אָפּשטאַם פֿון ר׳ שׂמחה הכּהן ראַפּאָפּאָרט, שטאַמפֿאָטער פֿון דער דינאַסטיע גאונים פֿון וואָלאָזשין; מצד זײַן מאַמען — ביזן רמ״א, ב״ח און מהר״ל פֿון פּראַג. ר׳ שמעון איז אייניקל פֿון ר׳ יצחק־אײַזיק ברוידא, אבֿ״ד נײַ־זאַגער און סיאַד. מישפּחה־פֿעדעם פֿון די ברוידאס ציִען זיך אויך צום קיידאַנער רבֿ ר׳ אַבֿרהם־שמעון טרויב.

רפֿאל־שלמה גאָץ, אַ הי־געבאָ־רענער. גרויסער מעצענאַט און לערנער. זײַן ש״ס איז פֿול מיט זײַנע הערות. עטלעכע חידושי־תּורה זײַנע זײַנען אַרײַן אין **דבֿר אַבֿרהם** פֿון א.ד. שאַפּיראָ. איידעם פֿון ק. וויסאָצקי. געגעבן אַ סך נדבֿות פֿאַר ישיבֿות. געהאָלפֿן אויפֿשטעלן אַ „קיבוץ״ אין פּאָנעוועזש (1910) פֿאַר פּרושים. אויסגעהאַלטן שאַוולער ישיבֿה. 1917 איז אויף זײַן חשבון אויפֿגעשטעלט געוואָרן די ערשטע העברעיִשע גימנאַזיע אין מאָסקווע. האָט שטאַרק געשטיצט די טעטיקייטן פֿון חובֿבֿי ציון. מיט זײַן געלט און מיט דער הילף פֿון קרן־קיימת איז אויפֿגעשטעלט געוואָרן דער טכניון אין חיפֿה. געשטאָרבן 1920 אין יאַלטע.[47] האָט געלאָזן גרויסע צוואות פֿאַרן קרן קיימת.

וויקטאָר־דוד ברענער, דאָ גע־באָרן אין ...187. באַקאַנטער סקולפּטאָר און גראַווירער, מעדאַליסט אין אַמעריקע.

43) ד. תּדהר, ע׳ 157.

44) המליץ, 1898: 235.

45) דורות האחרונים, 1, ז׳ 325.

46) פּיעטרקובֿ, 1914, ח׳ ד׳. די איבעריקע טיילן ניט געזען.

47) אנציקלופדיה של הציונות הדתית, א׳, ע׳ 484.

גראַווירט די „לינקאָלן־פּעני". די ערשטע צײַט אַפֿילו מיט זײַנע איניציאַלן וו.ד.ב. אויף דער מטבע. געהאַט גרויסע אויס־שטעלונגען איוף דער וועלט. געשטאָרבן 1924 אין ניו־יאָרק.

שלמה כאָראָנאָזשיצקי, דאָ גע־באָרן 1879. פֿון 1927 אין קאָוונע. באַקאַנ־טער אַדוואָקאַט. מיטגרינדער פֿון דער „פֿאָלקספּאַרטיי" (מיט ש. דובנאָוו א"אַ). אין כ"י: „וועגן דער קולטור־היסטאָרישער באַדײַטונג פֿון ייִדישע נעמען און פֿאַמיליע־נעמען".

טוביה דאַנציג, דאָ געבאָרן 1884. פֿון 1900 אין אַמעריקע. פּראָפֿ' פֿון מאַטעמאַטיק אין די אוניווערסיטעטן אינדיאַנאַ, קאָלאָמביע, מערילענד. מחבר פֿון ענגלישע מאַטעמאַטיק־ביכער.

סוזאַנאַ אָרלאָווסקי, געבאָרן 1889, באַוווּסטע אַרטיסטין אין קאָוונער אָפּערע.

יוליוס בערגער, דאָ געבאָרן. ראַבײַ אין מאָנטרעאָל. ציוניסטישער און אַלגעמיינער עסקן.

יוסף זק"ש, געבאָרן 1896, שפּעטער אַוועק קיין דרום־אַפֿריקע. מחבר פֿון ענגלישע ביכער וועגן ייִדן.

אַבראַם לייב, געבאָרן 1896. פֿון די אַקטיווע בונדיסטן, שפּעטער פֿון די פֿירערס פֿון דער „ייִדישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי" אין רוסלאַנד. 1948 אַרעסטירט געוואָרן אין סאָוועט־רוסלאַנד און מער האָט מען ניט געהערט פֿון אים.

צבֿי קעסל, געבאָרן 1898, נדבֿן פֿון דער חשובֿער „צבֿי קעסל פּרעמיע" פֿאַר ייִדיש־העברעיִשע שרײַבערס. 1926 עמיגרירט קיין מעקסיקע.[48]

ר' בצלאל לעווין, אבֿ"ד מערבֿ־אַליטע, געבאָרן 1908, הי"ד.[49]

ר' ישׂראל אָרדמאַן, געבאָרן 1909, ראש־ישיבֿה אין טעלז. איידעם פֿון טעלזער רבֿ ר' אַברהם־יצחק בלאָך. ביידע אומגעקומען, הי"ד.

**שרײַבערס.** — יוסף־אליעזר עפּשטיין, דאָ געבאָרן אין 1821.[50] נאָכן אָפּזײַן בײַ צוואַנציק יאָר לערער אין שאַוולער „בית־ספֿר עבֿרי" [זע קאַפּיטל: השׂכּלה], האָט ער פֿון 1867 פֿאַרנומען אַ לערער־שטעלע אין אַ ייִדישער מלוכה־שול אין מערעטש. צום סוף פֿון זײַן בוך **דבֿרי הימים למלכי רוסיא** (ווילנא, תּרל"ב), וואָס איז אַ קאָמפּילאַטיווע איבערזעצונג פֿון רוסישע שרײַבערס, איז דאָ אַ בריוו פֿון אַהרן בן אָשר קאַויראַנסקי, „משגיח בית־הספֿר לממשלה בעיר מערעץ". דאָרטן שרײַבט ער צ"א אויף עפּשטיינען: „כּבֿוד המשׂכּיל השלם העומד לשרת בקודש בביה"ס מהממשלה העומד תּחת

---

48) ל. פֿאָרעם, בויער פֿון אַ ייִשובֿ. מעק־סיקע, 1947.

49) א. אָשרי, דבֿרי אפֿרים. נ"י, 1951. אינדעקס.

50) לויט אַן אַנדער מקור, ניט געבאָרן אין שאַוול, נאָר געלעבט דאָרטן אַ סך יאָרן.

השגחתי״.[51] עפּשטיינס ליטעראַרישע טעטיקייט איז בעיקר באַשטאַנען אין איבערזעצונגען. אַזוי ווי **דברי הימים**, זײַנען אויך ניט קיין אָריגינעלע שאַפֿונגען זײַן **מרים החשמונאית** (ווילנא, 1863) פֿון ל. פֿיליפּסאָן און **יד לזהבֿ** (תּרמ״ד). עפּשטיין איז דער ערשטער העברעיִשער ביאָגראַף פֿון אייבערעהעם לינקאָלן. ער האָט אויך געשריבן ביאָגראַפֿישע נאָטיצן וועגן מנשה בן ישׂראל און מ. יאָסט. געדרוקט אויך **תּולדות גאַריבאַלדי** (הכּרמל, תּר״ך, המשכים). געשטאָרבן 1885 אין קאָוונע.[52]

*

יעקבֿ־צבֿי סאָבעל, דאָ געבאָרן אין 1831. זײַן פֿאָטער ר׳ יצחק איז געווען דיין אין שטאָט. שפּעטער אין קאָוונע, ווו געווען ראש־ישיבֿה, דערנאָך אויך רבֿ אין סלאַבאָדקע. אַ געוויסע צײַט זיך געלערנט אין זשיטאָמירער ראַבינער־סעמינאַר, דערנאָך געשטודירט מאַטעמאַטיק אין אַדעסער אוניווערסיטעט.[53] 1875 געקומען קיין אַמעריקע[54] זײַן הויפּטווערק איז **החוזה חזיונות באַרבעה עולמות** (אַדעססאַ, 1872), וואָס האָט אַ קנאַפּן ליטעראַרישן ווערט, אָבער איז אַ וויכטיקער קולטור־היסטאָרישער מקור פֿון ייִדישן לעבן אין זײַן צײַט. ער פֿירט דאָרטן אַ קאַמף קעגן מקובלים און חסידים, אָבער שוינט אויך ניט זײַנע אייגענע משׂכּילים. ער רופֿט זיי זיך אַראָפּצונעמען אַ מוסטער פֿון די פֿרומע ייִדן, וואָס אין אַ קליין שטעטל פֿון ליטע גיבן זיי אויס אין **איין יאָר** אויף תּורה־לערנען מערער, ווי די גאַנצע „חברת מרבי השׂכּלה״ אין פּעטערבורג גיט אויס אין **זעקס** יאָר אויף השׂכּלה. אין זײַן צווייט ווערק **שיר זהב לכבוד ישׂראל הזקן** (נ״י, 1847) רײַסט ער פּאַסן פֿון די צבֿועקעס און „אָלרײַטניקעס״ אין אַמעריקע, וואָס ווילן וואָס גיכער פֿאַרגעסן זייער נעכטן, זייער שפּראַך און מינהגים.[55] געשטאָרבן 1913 אין שיקאַגאָ.

*

ר׳ אליעזר אפֿרתי, אַן אַרײַנגעקומענער, אָבער אָפּגעלעבט אַ לעבן אין שאַוול, ווו געוואָרן איינער פֿון די גײַסטיקע אַריסטאָקראַטן אין שטאָט. געשריבן אָפּט אין העברעיִשע צײַטונגען. פֿאַרעפֿנטלעכט

51) עפּשטיין האָט עטלעכע מאָל זיך געווענדט צו „חבֿרת מרבי השׂכּלה״ וועגן העלפֿן אַרויסגעבן דאָס דאָזיקע בוך, אָבער סוף־סוף געקראָגן אַן אָפּזאָג (תּולדות חברת מרבי השׂכלה בארץ רוסיא, חלק ב׳. פּטערבורג, תּר״ן, ע׳ 181, 186, 204).

52) הכּרמל, תּר״ך: 12, 13; תּרכ״ב: 34־36; תּרכ״ג: 8, 9 א״א; הצפֿירה, 1885: 16; המליץ, 1885: 23, 29. זײַנע ביכער און וויכטיקע אַרטיקלען געפֿינען זיך אין Biblioteca Hebraica Post Mendelssoniana.

53) ז. רייזען, 2; לעקסיקאָן, 6; פּנקס, 1. נ״י, 1928. ק. מרמרס אַרטיקל.

54) לויט אפֿרים דיינאַרד, קלמן מרמר מיינט 1871.

55) וועגן דער באַציִונג פֿון חסידים צו ליטוואַקעס האָט ער אַ ווערטערשפּיל: די „ליטאים״ זײַנען בײַ די חסידים „טלאים״ [שעפּסן, אויך לאַטעס].

פֿון צײַט־צו־צײַט אַ ליד,[56] אָבער זײַן הויפּט־כּוח איז געלעגן אין חידושי־לשון, פֿאַרבונדן מיט תּנ״ך און תּלמוד. שמואל־דוד לוצאַטו, די קרוין פֿון לשון־קודש בשעתּו, הייבט אָן איין בריוו צו אים אַזוי: „שלום, שלום לְךָ בשנים וטעמו טעם זקנים, החופֵּשׂ אמת כּמטמונים וּמוציא ממצולות החכמה פנינים, איש בריתי, אליעזר האפֿרתי״.[57] ווען מען האָט געדאַרפֿט האָבן אַ שיין־געקינצלטע בקשה פֿאַר די „הײַכע פֿענצטער״, איז מען אָנגעקומען צו אים. אַ דאַנקבריוו פֿון דער קהילה צו משה מאָנטעפֿיאָרי האָט ער אָנגעשריבן.[58] אליעזר האפֿרתי איז געווען גוט אויפֿגעטראָגן מיט יהודה־לייב גאָרדאָן בעת זײַן לערערײַ־צײַט אין שאַוול. אפֿרתי האָט זיך אָנגענומען יל״גס קריוודע, ווען יענער איז אַטאַקירט געוואָרן אין אַ באַוווסטן וואָלפֿסאָהן־אַרטיקל אין **הלבנון**. האפֿרתי שטאַמט פֿון סוואַלקער געגנט, ווו עס איז געווען פֿאַרשפּרייט די אפֿרתי־מישפּחה. זײַן פֿאָטער ר׳ מנחם־מענדל האָט אַ געוויסע צײַט געלעבט אין שאַוול און איז דאָרטן ניפֿטר געוואָרן. אליעזרס אָנקל, ר׳ דוד טעבלי אפֿרתי, איז געווען רבֿ אין וויטעבסק און איז דער מחבר פֿון **תּולדות אנשי שם** (וואַרשע, 1875) — דאָרטן איז דאָ דער גאַנצער שלשלת־היוחסין פֿון דער אפֿרתי־מישפּחה.[59]

*

יואל־זוסמאַן מאַריק, געבאָרן 1842 אין שאַדעווע, איז געווען לערער אין שאַוול עטלעכע צענדליק יאָר. צוויי פֿון מאַריקס ביכער זײַנען איבערזעצונגען: **שתּי חרבות** פֿון ל. קאָמפּערט און **רחל היְהֻדיה** פֿון נ. סקריבע. דאָס דריטע בוך **ענות עמי** (וויען, תּרמ״ד) איז אַ פּאָעמע, וואָס האָט דעמאָלט אויסגענומען בײַ די העברעיִשע לייענערס.[60] האָט אויך פֿאַרעפֿנטלעכט אַרטיקלען און לידער אין די העברעיִשע צײַטונגען און זשורנאַלן.[61] געווען פֿיזיש אַ שוואַכער און אַ לאַנגע צײַט אָפּגעלעגן קראַנק אין שאַוול. אין דער הקדמה צו זײַן **רחל היהֻדיה** שרײַבט ער: „פֿאַר אַזאַ מאַן ווי איך, וואָס טוט זײַן אַרבעט אויפֿן געביט פֿון ליטעראַטור . . . און קוים וואָס זײַן

56) הכּרמל, תּרכ״א: 45.

57) אוצר נחמד, וויִן, תּרי״ו, ע׳ 144.

58) הכּרמל, תּרכ״א: 30־33; הכּרמל, השרון־בײַלאַגע, תּרכ״ב, ע׳ 336 א״א; המגיד, 1869: 11; המליץ, 1884: 82.

59) געווען אַ צווייטער אליעזר האפֿרתי, דעם שאַוולערס אַ שוועסטערקינד, אויך אַ סופֿר, דער מחבר פֿון אבן ציון און דור ודורשיו. יענעמס פֿאָטער האָט געהייסן בן־ציון.

60) די פּאָעמע („שיר ספּורי״) איז געווידמעט קלונימוס וויסאָצקין, דעם באַקאַנטן טײ־מיליאָנער און נדבֿן, וואָס האָט געהאַט אַן איידעם אין שאַוול מיטן נאָמען יבֿנה, איינע פֿון די חשובֿע מישפּחות אין שטאָט. אַן אָפּשטאַמיקע פֿון אָט דער פֿאַמיליע האָט חתונה געהאַט מיט חיים וואַרשאַווסקי, חבֿר פֿון צ״ס־מרכּז אין ליטע. ביידע אומגעקומען דורך די נאַצי־רוצחים, הי״ד.

61) הצפֿירה 1877: 32, גן פּרחים (ווילנא, 1881), השחר, תּרמ״ג און אַנדערע.

נשמה האַלט זיך אין אים". געשטאָרבן 1887 אין שאַוול.[62] זײַן זון פּסח מאַרעק האָט פֿאַרדינסטן פֿאַר פֿאָרשן יידישע געשיכטע און פֿאָלקלאָר.

*

צבֿי־הירש ראַבינאָוויטש, געבאָרן אין 1863. 1893 באַקומען זײַן טיטל ד"ר־מעדיצין אין בערלינער אוניווערסיטעט. פֿון 1895 אין ניו־יאָרק. פֿאַרעפֿנטלעכט אַרטיקלען אין די ריגער דײַטשישע צײַטונגען, אין **וואָסכאָד** און אין די ניו־יאָרקער יידישע צײַטונגען. אויטאָר פֿון **פּאָפּולערע עלעקטריציטעט** (קיִעוו, 1894, רוסיש).

יב"א זיוו, אַן אָפּשטאַמיקער פֿון שאַט. געלעבט אַ צײַט אין שאַוול און געשיקט קאָרעספּאָנדענציעס פֿונדאַנען אין העברעיִשע צײַטונגען. מחבר פֿון **אספֿת שירים** (ווילנא, תּרל"א), **אספֿת שירים** (וואַרשא, תּר"מ) און עטלעכע יידישע ביכלעך.

*

יהודה־לייב בר' זאבֿ־וואָלף לונץ, אַן אָפּצווײַג פֿון דער ערשט־תּושבֿימדיקער מישפּחה לונץ אין שאַוול. זײַנע ברידער בנימין און דוד האָבן אויך געלעבט אין שאַוול. מחבר פֿון **קובֿץ שושנים** (וואַרשא, תּרנ"א), וואָס מיר האָבן שוין ציטירט אַ סך מאָל. אין דאָזיקן ספֿר ווערט געגעבן די ייִחוס־קייט פֿון דער לונץ־מישפּחה. דער גאַנצער ספֿר איז אַ „גרויסער מאמר וועגן דער נאַציאָנאַלער מיסיע („היִעוד הלאו־מי"). אין איין אָרט שרײַבט ער וועגן חיבת־ציון: „עת לעשׂות ולהתעורר מתּרדמתנו העזה לעשׂות השתּדלות בפֿועל כּפּים לא בדבר שׂפֿתים על דבֿר ישובֿ א"י". געווען אויך אַ גרויסער חסיד פֿון דער השׂכּלה און פֿאַר איר געטאָן אויך פּראַקטישע אַרבעט. געווען איינער פֿון די גרינדערס פֿון דער חבֿרה „חובֿבֿי שׂפֿת קודש", וואָס האָט זיך אײַנגעשאַפֿן אַן אייגענע ביבליאָטעק, וווּ מען האָט אויך געהאַלטן לעקציעס וועגן יידיש־נאַציאָנאַלע פּראַגעס.[63] אין **קובֿץ שושנים** זײַנען אויך דאָ חידושי־תּורה. האָט געשריבן אַ סך קאָרעספּאָנדענציעס אין **המליץ** און **הצפֿירה**. האָט אויך אַרויסגעגעבן **גאולה וישועה** (פּיעטרקובֿ, תּרס"ח) — וועגן ציוניזם, משיח, תּחית־המתים.

*

וויליאַם קײַזער, געבאָרן 1872. פֿון 1893 אין אַמעריקע, ווו געענדיקט אויף אַפּטייקער. אָריגינעלער פֿאַמיליע־נאָמען: איזראַעל. יידישער פּאָעט, פֿון די דיכטער־פּיאָנערן אין אַמעריקע. געדרוקט לידער

62) היום, פּטרבורג, תּרמ"ז: 57; המליץ, 1887: 45.

63) המליץ, 1895: 278; הצפֿירה, 1888: 139.

און איבערזעצונגען פֿון רוסיש, דײַטש, ענגליש אין די ייִדיש־אַמעריקאַנער צײַטונגען און זשורנאַלן: **יודישע גאַזעטטען, צוקונפֿט, דיא אידישע ביהנע, אַרבייטער־צײַטונג** א״אַ. געווען אַ צענדליק יאָר שטענדיקער מיטאַרבעטער פֿון **פֿאָרווערטס**, אויטאָר פֿון **ליעדער און פּאָעזיע** (נ״י, 1895). געשטאָרבן 1940 אין ניו־יאָרק.[64]

דוד איציקאָוויטש, געבאָרן 1874. פֿון 1907 אין אַמעריקע. אַקטיווער אַנאַרכיסט. איבערגעזעצט און אַרויסגעגעבן מערערע ביכער וועגן אַנאַרכיזם אויף ייִדיש. געשטאָרבן 1949 אין ניו־יאָרק.

פּ. אַבראַמאָוויץ, דאָ געבאָרן און געלעבט. מחבר פֿון ביכל **רעליגיאָן און פֿילאָזאָפֿיע** (ווילנא, תּרע״ב). דאָרטן איז דאָ אַ צושריפֿט: „צו דער ערעפֿנונג פֿון ביבליאָטהייק פֿון דעם אידישען ליטעראַרישען געזעלשאַפֿט, געפּײַערט אין שאַוועל פּורים תּרע״א״. ער וויל אויפֿווײַזן, אַז אַלע פֿילאָסאָפֿישע שיטות זײַנען שוין דאָ אין תּורת־משה.

*

יעקבֿ־ישעיה פֿרידמאַן, געבאָרן 1880. פֿון 1899 אין אַמעריקע. געדרוקט נאָוועלן, פֿעליעטאָנען, הומאָרעסקעס, ראָמאַנען (אייגענע און איבערגעזעצטע), פּובליציסטישע אַרטיקלען אין די ניו־יאָרקער **פֿאָרווערטס, פֿרײַע אַרבעטער שטימע; דער יוד** (קראָקע), **הצפֿירה** (וואַרשא) א״אַ. פֿון 1903 אינעווייניקסטער מיטאַרבעטער פֿון **דער טעגלעכער העראָלד**. שפּעטער פֿון **מאָרגען־זשורנאַל**. רעדאַקטער פֿון **דיא אידישע פֿאָהן**. פֿון 1908 ביז 1925 איינער פֿון די הויפּט־מיטאַרבעטערס און ראָמאַנען־שרײַבערס פֿון **ייִדישעס טאַגעבלאַט**. אויטאָר פֿון **פֿרידמאַנס מעשה׳לעך** (נ״י, 1904) — „זאַמלונג פֿון לעגענדען איבערביידע וועלטען״. געשטאָרבן 1962 אין ניו־יאָרק.[65]

אַהרן בערגמאַן, געבאָרן 1890. פֿון 1910 זיך באַטייליקט אין דער פּראָווינצער רוסישער פּרעסע פֿון ליבאַווע, טאַגאַנראָג און טולע, לעמבערג און פֿון 1927 אין בראַזיל. 1921־1922 רעדאַקטער פֿון דער פּועלי־ציוניסטישער וואָכנשריפֿט **דאָס אַרבעטער־וואָרט**. רעדאַקטער פֿון דער ערשטער ייִדישער צײַטונג אין בראַזיל **אידישע פּרעסע** (פֿון 1930 ביז 1950). געשטאָרבן 1953 אין סאַן־פּאולאָ.

*

וויליאַם אייבראַמס, געבאָרן 1894. פֿון 1912 אין אַמעריקע. אָנגעהויבן דרוקן אין קאָמוניסטישע בלעטער. 1924־1943 שטענדיקער מיטאַרבעטער פֿון

64) נ.ב. מינקאָוו, פּיאָנערן פֿון דער ייִדישער פּאָעזיע. נ״י, 1956. זז׳ 9־49.

65) לעקסיקאָן, 7.

**פֿרײַהייט** (נ״י). געדרוקט אויך אין **האַמער** (נ״י), **עמעס** (מאָסקווע), **שטערן** (כאַרקאָוו) און אַנדערע לינקע צײַטונגען אין דער וועלט. ביכער: **די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן פֿון צפֿון־אַמעריקע** (כאַרקאָוו, 1930), **אַ פּאַטש** (נ״י, 1933), **איך ניי און ניי** (נ״י, 1936) **הירש לעקערט** (נ״י, 1938). מיטרעדאַקטירט **סיגנאַל, מיר** — נ״י.

שמואל גאָץ, געבאָרן 1895. פֿון 1935 אין דרום־אַפֿריקע. געשריבן אַרטיקלען אין די יידישע צײַטונגען פֿון קאָוונע, ריגע, יאָהאַנעסבורג. געשטאָרבן 1983 אין דרום־אַפֿריקע.[66]

ישׂראל־יצחק בר׳ יעקבֿ קאַפּלאַן. אַ הי־געבאָרענער. געלעבט אין ווינדאו, דאָרפּאַט. באַקומען זײַן ד״ר־טיטל אין דאָרפּאַטער אוניווערסיטעט. מחבר פֿון **חזון ליל** (דארפּאַט, תרס״א) — אַ שאַרפֿע דיסקוסיע מיט רײַכע אַסימילאַטאָרן, וואָס זײַנען קעגנערס פֿון ציוניזם.[67]

מרדכי ליטווין, געבאָרן 1906. געשטודירט הומאַניסטישע וויסנשאַפֿטן אין קאָוונער אוניווערסיטעט. פֿון 1939 אין פּאַריז. יידישער זשורנאַליסט, ליטעראַרישער עסייִסט און איבערזעצער. געדרוקט ליטעראַריש־קריטישע מאמרים און טעאַטער־רעצענזיעס, איבערזעצונגען פֿון דער פֿראַנצייזישער, רוסישער און דײַטשישער ליטעראַטור און לידער אין די פּאַריזער **נײַע פּרעסע, פּאַריזער שריפֿטן, אויפֿסנײַ**, פּאַריזער **צײַטשריפֿט; די גאָלדענע קייט** (ת״א), **יידישע קולטור** (נ״י) א״אַ. מיטרעדאַקטירט **דאָס בוך פֿון לובלין** (פּאַריז, 1952). זײַן הויפּטגעביט זײַנען איבערזעצונגען פֿון פֿראַנצייזישע שרײַבערס — פֿון הייכער ליטעראַרישער קוואַליטעט. אויטאָר פֿון **פֿראַנצייזישע פּאָעזיע** (פּאַריז, 1968) און **פֿראַנצייזישע פּאָעזיע** (ב׳ 2, פּאַריז, 1986).

יחיאל זאַקס, געבאָרן 1916. דורכגעמאַכט געטאָ און קאַצעט. געשריבן אַרטיקלען אין יידיש־רעוויזיאָניסטישע צײַטשריפֿטן און אויך אין **אונזער וועג**, אָרגאַן פֿון שארית־הפּליטה אין מינכן. לעבט אין יאָהאַנעסבורג.

*

מ. יאַנאָווער, אַ הי־געבאָרענער. פֿון 1928 אין וואַרשע. געדרוקט לידער אין ווײַסענבערגס **אינזער האָפֿענינג** (וואַרשע). מחבר פֿון **געדאַנקען און פּאַראַדאָקסן** (שאַוול, 1925).

שמואל דעמבאָוויץ־אַלוני. פֿון 1927 אין בולגאַריע, שפּעטער אין ישׂראל. געשריבן מאמרים וועגן חינוך־ענייִנים. אויטאָר פֿון **המשמעת והעונש בחינוך** (תשט״ז), **הילד, סבֿיבֿתו וחינוכו** (תשכ״א). געשטאָרבן 1960 אין גבֿעתיים.[68]

66) ב. כּהנס לעקסיקאָן, ז׳ 144.

67) יהדות לטביה. ת״א, תשי״ג, ע׳ 302.

68) ג. קרסל, 1.

שמעון בר׳ יעקבֿ־ישעיה כּהן, אַ הי־געבאָרענער. מחבר פֿון **ספֿר הפּרעות** (שבֿלי, תּרצ״ג) און **קורות היהודים בשיאוליאַי**, דאָס איינציקע געשיכטע־בוך וועגן יידן אין שאַוול אין העברעיִש אָדער יידיש.

אסתּר קל, געבאָרן 1930. פֿון 1935 אין ארץ־ישׂראל צוזאַמען מיט איר מישפּחה. געענדיקט די לאַנד־ווירטשאַפֿטלעכע שול אין עיינות. העברעישע שרײַבערין פֿון קורצע דערציילונגען פֿאַר דערוואַקסענע און קינדער: **לבת וגם לבן לא יזיק לדעת** (1956), **רסיסים** (תּש״ך), **לילות חמים** (1962), **לאַט** (1963), **הרחובֿ הקטן** (1963), **דורון ואני** (1966), **החצי הקטן** (1966) — אַלע ת״א. געווען רעדאַקציע־מיטגליד פֿון **הארץ שלנו**.[69]

**קאָרעספּאָנדענטן. —** אַבֿרהם־אַבא אַבעלסאָן, פֿון 1861 דאָ צווייטער קאַזיאָנער ראַבינער.[70] האָט גוט באַהערשט רוסיש און אויף אַלע „קאַזיאָנע״ געלעגנהייטן געווען דער בעל־דרשן. אין 1863, אין טאָג פֿון דער קייזער־קרוינונג, אויפֿגעטראָטן צוזאַמען מיט יהודה־לייב גאָרדאָן מיט רוסישע רעדעס. סוף אַכציקער יאָרן **נאָך** געווען דאָ ראַבינער און, משמעות, אויך דאָ אויסגעלעבט די יאָרן.

מרדכי דײַטש, זון פֿון **שאַוולער** מו״צ ר׳ מיכאל דײַטש, **האָט** געשריבן ס׳רובֿ חידושי־תּורה אין די צײַטונגען, ניט קיין אַרטיקלען. געווען צענדליקער יאָרן סוחר אין וואַרשע און מאָסקווע. אויף דער עלטער אַוועק קיין ירושלים „צו פֿאַרברענגען מײַנע לעצטע טעג און יאָרן על התּורה והעבֿודה״.[71]

אויף איין אַרטיקל אין אַנטי־משׂכּילישן **הלבֿנון** (1863: 5) דאַרף מען זיך באַזונדערס אָפּשטעלן, מיט דעם האָט זיך געטומלט דעמאָלט אין שאַוול. דער אַרטיקל־שרײַבער גיט אָן זײַן נאָמען: משה־דוד וואָלפֿסאָהן, איש ווילנא, יליד שאַוול. אין אַרטיקל ווערט זייער שאַרף קריטיקירט יהודה־לייב גאָרדאָן, וואָס האָט דעמאָלט געלעבט אין שאַוול. שאַוולער בעלי־גימטריא (ציפֿער־אויסרעכענערס לויט ווערטער־אותיות) האָבן אויס־געחשבונט, אַז די אותיות־צאָל פֿון אַרטיקל־שרײַבער (15) איז גלײַך צו דער אותיות־צאָל פֿון שאַוולער רבֿ ר׳ יוסף־זכריה שטערן. עס איז דעריבער פֿאַרשפּרייט געוואָרן אַ קלאַנג, אַז דער אַרטיקל־שרײַבער איז שאַוולער רבֿ, וואָס באַהאַלט זיך אונטער אַ פֿרעמדן נאָמען. דער ערשטער צו מאַכן אַזאַ השערה איז געווען דער אָרטיקער משׂכּילישער נגיד

69) ג. קרסל, 2.

70) המגיד, 1861: 11; 1863: 43; המליץ, 1885: 37; 1889: 2.

71) עבֿרי אנכי, בראָדי, 1871: 22; 1873: 10; הכּרמל, תּרכ״ב: 41, תּרכ״ד: 23; רבֿ מלכי״א, הקדמה.

אליעזר אפּרתי. יל"ג, אין אַ בריוו צו אפּרתין, שרײַבט, אַז ער גלייבט ניט אין דעם און אַז אויך משה־לייב ליליענבלום האַלט ניט פֿון דער השערה.[72] אַוודאי האָט די השערה ניט קיין גרונט, ווײַל אויב יאָ, וואָלט דאָך אויסגעקומען, אַז שאַוולער רבֿ, איינער פֿון די גאונים אין זײַן דור, וואָלט געזאָגט אַ קלאָרן שקר מיטן אונטערשרײַבן זיך „יליד שאַוול", בעת ער איז דאָך אַ געבאָרענער אין נײַשטאָט־שאַקי.

יעקבֿ־יהושע בר' ניסן וואָלבערג, פֿון די פּראָדוקטיוויסטע שאַוולער קאָרעספּאָנדענטן.[73] פֿון צײַט־צו־צײַט פֿאַרעפֿנטלעכט אויך אַרטיקלען.[74] וואָלבערג האָט דורכגעמאַכט דעם גירוש־שאַוול אין 1915 מיט אַלע נאָכווייענישן פֿון הונגער און מישפּחה־אומגליקן אין רוסלאַנד. ער באַשרײַבט דאָס אין זײַן ביכל **זכרונות המלחמה** (קאָוונא, תּרפּ"ד). פֿון 1924 אין קאָוונע און דאָרטן געשטאָרבן.

נאָך קאָרעספּאָנדענטן — **המליץ:** מ.ק. קימל, א.ל. רובינשטיין (האָט איבערגעזעצטע אגדות אין **גן שעשועים**. ליק, תּרנ"ט), שמואל יפֿה, מרדכי קריגער, בנימין מילווידסקי, א. פּלאָנסקי, משה־דוד קווינט, בצלאל וועלער, שיימא בהרה"ג מרדכי מליניק, משה־לייב קראַקינאָווסקי, מאיר זאַליוואַנסקי, יב"א זיוו, יל"ל [יהודה־לייב לונץ], יוסף־זוסמאַן מאַריק, עטע לעווינזאָן.

**הצפֿירה:** שמואל קעסל, יהודה־לייב לונץ, שמעון כּהן.

**הכּרמל:** מרדכי דײַטש, מרדכי בר' שלמה־זלמן שאַפּיראָ, יוסף־אליעזר עפּשטיין.

**הלבֿנון:** שמואל־משה לעווין, ב. סגל, מרדכי־יוסף בר' צמח קווייט [קווינט?]. — בן־עקיבֿא (**הד הזמן**), יהושע איסליס (**היום**), יה"ל לעוויטאַן (**יודישעס פֿאָלקס־בלאַט**, פּעטערבורג, ז' 598).

אַבאָנענטן פֿון ווײַטן **הישׂראלי** (מײַנץ, 1880) זײַנען געווען: רחל דײַטש, פֿרוי ראָטהויז, ה' קראַנץ.

*

מרדכי־אַהרן גינצבורג, דער שפּעטער באַקאַנטער העברעיִשער שרײַבער, האָט יונג חתונה געהאַט מיט אַ שאַוולער און פֿון 1810 ביז 1816 געלעבט אין הויז פֿון זײַן שווער. ער האָט דאָרטן געהאַט געברענטע צרות, וואָס ער האָט באַשריבן אין זײַן אויטאָביאָגראַפֿישן **אָבֿיעזר**. זײַן רבי, ר' דובֿ־לוי, אַ קרובֿ פֿון גינצבורגס מאַמען, האָט זיך מיט גרויס ליבע מטפּל געווען מיטן יונגן מרדכי.[75] אַן אָרטיקן אַלטער מעדיצינער האָט אים אַרײַנגעבראַכט אין זײַן רײַכער ביבליאָטעק

72) אִגרות יהודה ליב גורדון, א', וואַרשע, תּרנ"ד, ע' 152.

73) המליץ, 1885, 1889 א"אַ.

74) הפסגה, תּרנ"ו, ע' 45.

75) דוד מגיד, ספֿר תּולדות משפּחות גינצבורג. פּעטערבורג, תּרנ"ט, ע' 87.

און די געלייענטע ביכער האָבן אין אים דערוועקט אַ חשק צו אַלגעמיינע וויסנ־שאַפֿטן, אין יענער צײַט האָט ער גרינטלעך זיך אויסגעלערנט דײַטש.[76] די 6 יאָר שאַוול האָבן געהאַט אַ השפּעה אויף גינצבורגס גײַסטיקער פֿאָרמירונג. [וועגן יל״גן איז שוין געשריבן אין אַן אַנדער אָרט אין דאָזיקן בוך].

סוף אַכציקער און אָנהייב נײַנציקער יאָרן האָט דאָ געהאַט אַ חדר מתוקן מרדכי־בצלאל שניידער. זײַנע העברעישע לערנביכער זײַנען זיך צעגאַנגען אין צענדליקער טויזנטער עקזעמפּליאַרן. דעם ערשטן טייל פֿון זײַן **בית הספֿר** — פֿאַרן לימוד פֿון העברעיִש, תּנ״ך און ביבלישער געשיכטע — האָט ער געשריבן אין שאַוול. אין זײַן חדר מתוקן האָט נאָך געלערנט הערש־פּסח ליבמאַן, פֿון די שפּעטערדיקע פֿירערס פֿון „בונד״.[77]

פֿון 1891 האָט דאָ געלעבט חיים קרוגער. אין שאַוול איז ער געוואָרן אַ משׂכּיל און ציוניסט, זיך אויסגעלערנט דײַטש און רוסיש און שפּעטער — **באַוווסטער** אַגיטאַטאָר פֿאַרן **ציוניזם**. אַוועק קיין קאַנאַדע, ווו געוואָרן מיטאַרבעטער פֿון **קענעדער אָדלער**.[78]

אַבֿרהם־שׂמחה זאַקס, באַקאַנטער ייִדיש־סאָציאַליסטישער שרײַבער און אויטאָר פֿון אַ פּאָר צענדליק ביכער וועגן סאָציאַל־פּאָליטישע פּראָבלעמען, איז געקומען קיין שאַוול אין 1894. האָט דאָ געלערנט ש״ס און פּוסקים און זיך אויך געגרייט צו מאַטורע. 1899 געענדיקט שאַוולער רוסישע גימנאַזיע און שפּעטער שטודירט אין אויסלענדישע אוניווערסי־טעטן. אין שאַוול צוגעשטאַנען צו די רעוואָלוציאָנערע קרײַזלעך און געווען איינער פֿון די גרינדערס פֿון אָרטיקן „בונד״. אין שאַוול האָט זאַקס אָנגעהויבן איבערזעצן א. באָגדאַנאָווס **פּאָליטישע עקאָנאָמיע**, וואָס אויף איר האָבן זיך דער־צויגן טויזנטער ייִדישע יוגנטלעכע. ווען די פּאָליצײַ איז געפֿאַלן אויף די שפּורן פֿון זײַן רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט, האָט ער עוקר געווען קיין וואַרשע.[79]

**ניכבדים.** — ר׳ שואל־טוביה קאַצענעלענבויגן, האָט נאָך געלעבט אין דער צײַט פֿון ר׳ יצחק־אײַזיק ראַבינאָוויץ. עטלעכע שאלות־ותּשובֿות זײַנע געפֿינען זיך אין ר׳ יצחק־אײַזיקס **עטרת יצחק**. דער לוקניקער רבֿ ר׳ נתן קאָטלער דערמאָנט אין זײַנע הגהות צו **עטרת יצחק**, אַז ר׳ שואל־טוביה האָט פֿריִער געלעבט אין טעלז און שפּעטער „היה דירתו בשאַוול״. געהערט צו די שאַוולער גבֿירים. ניפֿטר געוואָרן אין

76) ז. רייזען, פֿון מענדעלסאָן ביז מענדעלע. וואַרשע, 1925. ז׳ 213; ש.ל. ציטרון, יוצרי הספֿרות העבֿרית, ע׳ 117.

77) ז. רייזען, I., ז׳ 875.

78) ז. רייזען, III, ז׳ 185.

79) ד״ר הערמאַן פֿראַנק, א.ש. זאַקס — קעמפֿער פֿאַר פֿאָלקס־אויפֿלעבונג. ניו־יאָרק, 1945. זז׳ 36־39.

1852. אַ קרובֿ זײַנס, ר׳ מרדכי בר׳ אַריה, איז געווען שו״ב אין לידוויאַן.[80]

ר׳ אַבֿרהם־גרשון בר׳ דניאל קאַפּלאַנסקי, אַ בן־תּורה און בעל־צדקה. ניפֿטר געוואָרן 1863 אין בערלין. די אויפֿשריפֿט אויף זײַן מצבֿה איז פֿון יהודה־לייב גאָרדאָן. צ״אַ ווערט דאָרט געזאָגט:

שאוול תּזעק: ראשי, ראשי . . . והעניים והאביונים מבקשים משיב נפש ואין.[81]

אין אַ פּרענומעראַנטן־רשימה פֿון 1853 זײַנען דאָ: בן־ציון אַבֿרהם לונץ [ניפֿטר 1862 אין ראַסיין], אַהרן בר׳ בן־ציון לונץ, זאַלקינד בר׳ מאיר לונץ, משה־יעקבֿ לונץ[82]

ר׳ אַריה געץ [גאָץ?], געבאָרן 1849 און ניפֿטר געוואָרן 1932 און שאַוול. געווען 50 יאָר רבי אין חבֿרה ש״ס פֿון גרויסן בית־מדרש. אין שטאָט און אין קאָרעספּאָנדענציעס האָט מען אים גערופֿן „הרב הגאון". איז אַליין אַ קעלמער אײדעם (זינט די צײַטן פֿון ר׳ יחזקאל לונץ האָבן שאַוולער ייִדן געהאַט אַ שוואַכקייט צו קעלמער). ר׳ אַריה איז געווען אַ גוטער דרשן און אַן אַקטיווער ציוניסט. 1902 האָט ער געשאַפֿן אין שאַוול די ערשטע „מזרחי"־אָרגאַניזאַציע. די נײַע פּאַרטיי, אונטערן נאָמען „שערי ציון", האָט ניט געלעבט בשלום מיט דער „האגודה הציונית המעשית" פֿון די אַלגעמיינע ציונים. וועגן דעם האָט מען געשריבן אין די העברעיִשע צײַטונגען, כאָטש די פֿירערס פֿון דער „האגודה", א. לעווינזאָן און א. פּעסקין, האָבן עס אָפּגעלייקנט.[83]

אַ קעלמער אײדעם איז אויך געווען ר׳ אליקום־יהודה גאָלדבערג, וואָס איז שפּעטער אַוועק קיין אַמעריקע און דאָרטן געוואָרן אַ באַוווסטער דאָקטער. זײַן שווער איז ר׳ יעקבֿ בר׳ מרדכי כּהן, פֿון די חשובֿי שאַוול.[84]

ר׳ שמואל העלמאַן קווייט, אָנהייב 1890ער נאָך געלעבט. גרויסער קעגנער פֿון חיבת־ציון. איין מאָל איז געקומען קיין שאַוול דער בשעתּו באַוווסטער קאַמענעצער מגיד און געדרשנט וועגן שטיצן בניין הארץ, איז העלמאַן אַרויסגעטראָטן קעגן אים. אין קאָרעספּאָנדענציעס רופֿט מען אים „הרב הגאון".

אַבֿרהם העלמאַן זק״ש (זאַקס). שטאַמט פֿון זאַגער, זון פֿון ר׳ צמח זק״ש, אב״ד זאַגער. מסתּמא געהאַט אַ נאָמען פֿון אַן איש משׂכּיל, ווײַל אויף **אבֿני זכּרון** (ווילנא, תּרל״ב) פֿון קאַראַיִמישן פֿאָרשער אַבֿרהם פֿירקאָוויץ איז דאָ זײַנס אַ „מכתּבֿ תּהִלה". פֿון דאָרטן איז צו זען, אַז העלמאַן האָט אַ געוויסע צײַט געלערנט בײַ פֿירקאָוויצן, ווײַל „רוח אהבֿתי אל דורשי קדמו־

80) לקורות עיר ראַסיין ורבניה, ע׳ ל״ט.

81) ש. יעוונין, נחלת עולמים, ע׳ 7. — יל״גס אַ מצבֿה־נוסח איז אויך דאָ אויף זײַן שוויגער רחל בת תּנחום אהרנשטאַם הכּהן, וואָס שטאַמט פֿון זאַגער און איז 1864 געשטאָרבן אין שאַוול.

82) משלי (ווילנא, תּרי״ג).

83) המליץ, 1902: 279; 1903: 3, 9.

84) דורות האחרונים, I., ע׳ 35.

ניות התנוססה גם בי הצעיר". אונטערן „מכתּב תּהלה" שרײַבט ער זיך אונטער: „מורה יסודי הדת בבית־הספֿר בשאַוועל". דער ערשטער אַגענט פֿון המגיד" אין 1856 איז געווען „רעליגיאָנסלעהרער העלמאַן זאַקס".

ר' דוד אליעזר קאַפּלאַן, סוחר, וואָס האָט געהאַט צײַט אויך אויף לערנען תּורה. מחבר פֿון **דמשק אליעזר** (ווילנא, תּרס״ז).[85] אויפֿן ספֿר זײַנען דאָ די הסכּמות פֿון ר' מאיר אַטלאַס און ר' שמעון־שיימא לוריא. זײַן מאַמעס פֿאָטער איז געווען דיין און שו״ב אין לינקעווע. קאַפּלאַן איז איינע פֿון די עלטסטע פֿאַמיליעס אין שאַוול. ר' דוד־אליעזערס זיידע האָט געלעבט אין שאַוול, ווען זי איז נאָך געווען אַ קליינ־טשיק שטעטל און ער איז געווען דער ערשטער כּהן דאָ. ער איז אויך געווען פֿון די ערשטע שדכנים אין שאַוול.[86]

ר' שמואל־משה רובינשטיין, אַליין אַ בויסקער, האָט ער אַ סך יאָרן געלעבט אין שאַוול. מחבר פֿון **אבֿני שׂהם** וועגן ש״ס און פּוסקים (וואַרשא, תּרס״ב), **תּורת הקבלה** (וואַרשא, תּרע״ב), **קדמוניות ההלכה** (קאָוונע, 1926). ער קלערט אויף „דעם אָנהייב פֿון די הלכה־מקורות לויט די כּתבֿי־הקדש און וויסנשאַפֿטלעכע קוועלן". די הקדמה איז געשריבן אין שאַוול. פֿאָטערס נאָמען יצחק, דער מאַמעס — שיינע מערע.

ר' אַריה ראַבינאָוויץ, געבאָרן און געלעבט אין שאַוול. מחבר פֿון **זכרון אביר או אנציקלופּדיה תּלמודית** (ווילנא, 1911). דעם ספֿר פֿאַרענדיקט 1910 שרײַבן און מסדר זײַן אין שאַוול. האָט די הסכּמה פֿון ר' יצחק־יעקבֿ ריינעס, אבֿ״ד לידע. אין דער הקדמה זאָגט זיך, אַז ער איז פֿריער געווען דיין אין יאָהאַנעסבורג [פֿון דײַטשלאַנד]. זײַנע עלטערן האָבן אויך געוווינט אין שאַוול. ר' יצחק איז דאָ געשטאָרבן אין 1907 און זײַן מאַמע סלאַווע־חסיה — 1910 אין ווילנע.

אין ערשטן צענדליק פֿון איצ־טיקן יאָרהונדערט האָט דאָ געלעבט ר' יחזקאל־שאול בעניאַש, מחבר פֿון **אמרי יחזקאל** (ווילנא, תּרע״ג). פֿלעגט זאָגן אַ שיעור אין סוחרישן בית־מדרש.

ר' שלמה בר' חיים־חײַקל עליאַ־שעוו, די אָריגינעלסטע לומדישע פּער־זענלעכקייט אין שאַוול. אַליין אַ צדיק און אַ מקובל, פֿלעגט ער זיצן טאָג און

---

85) דעם מחברס אדרעס: שאַוול, סאָבאָרני אוליטשאַ, קאָנפֿעקט־פֿאַבריקאַ.

86) אין ספֿר ווערט איבערגעגעבן אַ וויץ וועגן דער שדכנות פֿון קאַפּלאַנס זיידע. ער האָט איין מאָל פֿאַרשדכנט אַ בחור מיט דער טאָכטער פֿון אַ חשובֿן שאַוולער בעל־הבית. דער צוקינפֿטיקער שווער האָט געפֿרעגט דעם שדכן, צי דער בחור איז אַ מופֿלג און פֿאַרשטייט זיך אין אַ מהרש״א. דער שדכן האָט געענטפֿערט: אני ערבֿ בעדו (איך גאַראַנטיר פֿאַר אים). ווען דער מחותּן האָט בײַ אַ צווייטער געלעגנהייט אַ פֿרעג געטאָן דעם חתן אַ שטיקל מהרש״א, האָט יענער ניט געוווּסט וואָס צו ענטפֿערן. איז דער מחותּן געקו־מען מיט אַ טענה צום שדכן, האָט דער שדכן אים אַזוי געענטפֿערט: איך האָב אײַך געזאָגט, אַז איך גאַראַנטיר פֿאַר אים, און דער דין איז, אַז אויב דער לווה האָט ניט מיט וואָס צו צאָלן, דאַרף דער זשיראַנט צאָלן, בכן — איך וועל אײַך פֿאַרענטפֿערן דעם מהרש״א.

נאָכט און לערנען. אויף אויסקומעניש האָט אים געגעבן מיט אַ ברייטער האַנט דער שאַוולער גבֿיר בן־ציון נוראָק — יאָרן אויף יאָרן 40 רובל אַ חודש. ר׳ שלמה האָט זיך ניט געמישט אין שטעטלשע ענייִנים. מען האָט קוים געוווּסט, אַז אַזאַ ייִד לעבט אין שטאָט. ער האָט זיך געלאָזט הערן נאָר דעמאָלט, ווען ר׳ יוסף־זכריה האָט גענומען ריידן קעגן קבלה. עס איז אָנגעגאַנגען אַ שטילע מחלוקת צווישן זיי, אָבער אַלץ לשם שמים און אין די גרענעצן פֿון תּלמיד־חכמשן קעגנזײַטיקן דרך־ארץ. יעדערער פֿון זיי האָט שטאַרק געהאַלטן פֿון דער בקיאות און חריפֿות פֿון צווייטן — אַזוי דערציילט ר׳ אָשר־ניסן לעוויטאַן, מו״צ אין שאַוול.

ר׳ שלמה האָט זיך בעיקר אָפּגעגעבן מיט קבלה. געווען אַ גרויסער מקובל שוין אין שאַוול, אָבער זײַן אמתע גדלות אין חכמת־הנסתּר איז באַקאַנט גע־וואָרן ערשט נאָך זײַן באַזעצן זיך אין ארץ־ישׂראל אין 1909, נאָכן דערשײַנען פֿון זײַן באַוווּסטן קבלה־ספֿר **לשם שבו ואחלמה**.[87] עטלעכע טיילן פֿון ספֿר זײַנען אַרויס בײַ זײַן לעבן, די איבעריקע נאָך זײַן פּטירה אין 1926. דער דריטער טייל האָט אַ הקדמה פֿון זײַן איידעם אַבֿרהם עליאַשעוו אין ירושלים. מבֿינים זאָגן, אַז זײַן ספֿר איז איינער פֿון די טיפֿסטע ספֿרים אין קבלה און אַז ער האָט דאָרטן מחדש געווען טיפֿזיניקע חידושים. ר׳ שלמה האָט אויך געהאָלפֿן אַנדערע אַרויסצוגעבן ספֿרים פֿון מקובלים, ווי עס זאָגט עדות ר׳ שמואל לוריא, דער מוציא לאור פֿון קבלה־ספרים.[88]

87) אין 4 טיילן. די ערשטע 2 טיילן פּי־עטרקובֿ, תּרע״ב, דער דריטער — ירושלים, תּרפ״ו. איין אויסגאַבע איז געדרוקט אין תּרס״ט, אָבער מיר האָבן זי נישט געזען, דאָס זעלביקע מיטן פֿירטן חלק. זײַן חיבור חלק **הביאורים** איז געווען גרייט צום דרוק — צי ס׳איז אַרויס, ווייסן מיר ניט.

*

נאָך ניכבדים:

ר׳ יעקבֿ בר׳ דובֿ בערמאַן, משגיח אויף דער תּלמוד־תּורה (1861), ביקור־חולים, בית־ספֿר עבֿרי. גבֿיר און בעל־צדקה, שטאַמט פֿון דראָביאַן. ניפֿטר אַרום 1877.

ר׳ זאבֿ בר׳ אַבֿרהם לעוויטאַן, ניפֿטר אַרום 1872); ר׳ אַבֿרהם־יוסף לעווינזאָן (אין פּרענומעראַנטן פֿון 1871); ר׳ דוד עליאַשעוו, געזאַמלט 1000 רובל און געשאַפֿן דעם גמ״ח (1878); ר׳ משה־ברוך לונץ, למדן און גבֿיר. ניפֿטר 1879; ר׳ ניסן וואָלבערג (1888); ר׳ בנימין לונץ (1888). נדבֿנים: א. קאָהן, פּאַדלאָשוק, ר׳ יצחק שלעז, ר׳ אַבֿרהם ראָם, אור־אייניקל פֿון ווילנער גאון — 1890; ר׳ יעקבֿ גלעזער (ניפֿטר 1895), ר׳ בן־ציון אַבֿרהם בר׳ אַלכּסנר לונץ.[89]

ר׳ מאיר־דוד הערש, פֿאָטער פֿון פּראָפֿ׳ ליבמאַן הערש. פֿלעגט לערנען אַ

88) שיר השירים, עם פּי׳ האר״י, הו״ל ע״י שמואל לוריא, וואַרשאַ, 1886.

89) אַ מצבֿה־ליד פֿאַר אים איז דאָ אין כּל שירי יל״ג, ה׳, ווילנאַ, תּרנ״ח, ע׳ 143.

פּרק משניות מיט בעלי־מלאכות. האָט אויך געשריבן אין **המליץ, הצפירה.** פון די ערשטע חובבי־ציון אין שאַוול.

ר׳ מאָטל וויַינשענקער, א מין ר׳ נחום הוראָדנער, אין אַ קלענערן פאָרמאַט, מיט אויסערגעוויינלעכע מעשים טובים.

ר׳ יצחק־אַריה גאָלדבערג, די גאַנצע מישפּחה אויסגעהרגעט געוואָרן אין 1913; ר׳ מיכאל זילבער, ר׳ נתן בלאָק, ר׳ אַלכּסנדר ליפקין, פון די איַינגייערס ביַי ר׳ יוסף־זכריהן; ר׳ זאבֿ גאָלדבערג; ר׳ משה־יהודה אַבראַמאָוויץ, בעל **מספד גדול ועבֿד** (וואַרשא, תרמ״ד) — על ר׳ ישׂראל סאַלאַנטער.

מיכאל צימקאָווסקי, דאָ געבאָרן 1861, אַדוואָקאַט און עסקן אין מאָסקווע, שאַוול, קאָוונע. מיטגליד פון שאַוולער שטאָטראַט. געשטאָרבן 1928 אין קאָוונע.

שמעון גראָסמאַן, שלמה מאַנדעל, יחזקאל פרידבערג; ישׂראל־זאבֿ קאַפּלאַן, יוסף זאַק, אַריה יאָכעלזאָן, יוסף יודעלענסקי; אַביגדור מיַיזלש, יואל־דוד הורוויץ, אַבֿרהם־יששכר גיטעלזאָן, לייב בר׳ שמעון ראָטהויז, אַהרן לונץ, לייב בר׳ בן־ציון נוראָק, רפאל יבֿנה, ישׂראל כאַראָזשיצקי.[90]

**ביבליאָגראַפיע.** — הכּרמל, תרכ״א; תרכ״ו: 18, 40; המליץ, 1862: 30; 1868: 12; הלבֿנון, 1869: 31, 36, 49; 1870: 3; 1878: 9; המגיד, 1872: 10, 32; 1873: 47; המליץ, 1881: 2, 29; 1883: 82; 1884: 15; 1886: 16, 172 (רשימת המתנדבֿים); 1887: 56.

היום, פּטרבורג, תרמ״ז: 57; הצפירה, 1898: 57; המליץ, 1898: 12, 16, 21, 26, 29, 36, 39, 208, 219, 235, 285; 1899: 212; 1900: 56; 1903: 28; לוח אחיאָסף, תרס״ג, תרס״ה: 16.

מיכאל דיַיטש, רבֿ מלכּי״א. ירושלים, תרס״ה. חשבון הנדבֿות, 1909, ע׳ 144; אפרים דיינאַרד, קהלת אמריקא. סט. לואיס, תרפ״ו; מאַסליאַנסקיס דרשות. נ״י, 1927, ז׳ 82; שלמה־יצחק שיינפעלד, ציונים בדרך החיים, ב׳, נ״י, 1928. ע׳ 254; אידישע וועלט, קאָוונע־בערלין, 1932: 10.

ד.מ. ליפמאַן, לתולדות היהודים בליטא־זאַמוט. קידאַן, תרצ״ד, ע׳ 54; שמעון כּהן, קורות היהודים בשיאוליאַי. קאונאַס, תרצ״ח; יאָר איַין־יאָר אויס. קאָוונע, 1939. זאבֿ־אַריה רבינר, הרבֿ יוסף־זכריה שטרן. ירושלים, תש״ג; רפאל מאַהלער, די ייִדן אין פּוילן, I., נ״י, 1946.

יעקבֿ שאַצקי, קולטור־געשיכטע פון דער השׂכּלה אין ליטע. בוענאָס־איַירעס, 1950, ז׳ 21; ידע עם, ת״א, תשי״ד, ב־ג.; י.ל. מימון, למען ציון לא אחשה, ב׳. ירושלים, תשט״ו, ע׳ 13; ברקאי, יוהנס־בורג, תשט״ו, גל׳ קע״א. זכרון יעקבֿ [ליפשיץ], ב׳, ע׳ 47; אהלי שם, 178; חלקת מחוקק, חוב׳ ה׳, ט׳.

לקורות עיר ראסיין ורבניה, ע׳ כ״ו; קהלת משה, 423; יזכּור־בוך סואוואַלק, ז׳ 132, 149; איסקראַ, 1904: 77; לעקסיקאָן, 1־8; ג. קרסל, 1, 2; ציַיטשריפט, מינסק, ז׳ 350; ייוואָ־בלעטער, II. נומ׳ 3; דורות בונדיסטן, II. ז׳ 32; „ליטע“, I, זז׳ 942־970; יהדות ליטא, א׳, ג׳; ספר הפרענומעראַנטן, 8333.

Bericht der Alliance Israelite, II. 1872, p. 38; Recueil de Matériaux sur la Situation economique des Israelites de Russie. Paris, 1906, II., p. 330, 368; Julius von Hartwitz, 1812, Der Feldzug in Russland. Berlin, 1910; The Jew in Canada. Toronto, 1926, p. 167; A. Janulaitis, Užnemunė po Prūsais. Kaunas, 1928; J. Totoraitis, Sŭduvijos Suvalkijos Istorija. Kaunas, 1938. Biuletyn Żydowskiego Institutu Historycznego W Polsce, 1987, nr. 141; Jewish Encyclopedia, VIII, p. 209; Black Book.

90) דער גרעסטער טייל ביבליאָגראַפישע נאָטיצן וועגן שאוול איז דאָ אין טעקסט גופא.

# שאַוולאַן

# ŠIAULĖNAI

שאַוולער קרייז. סוף פֿופֿצנטן יאָרהונדערט איז שאַוולאַן געווען אַ הויף, וואָס האָט געהערט דעם זאַמעטער Seniŭ-nas (עלטסטן) קינגסגאַלאַ. ייִדן האָבן אָנגעהויבן דאָ זיך באַזעצן אַרום מיטן זיבעצנטן יאָרהונדערט. דער אַלטער בית־מדרש שטאַמט פֿון יענער צייט. דער אָרון־קודש איז געווען זייער שיין געשניצט און געווען איינער פֿון די שענסטע אין ליטע.

ווען שאַוול איז נאָך געווען אין די וויקעלעך, איז שאַוולאַן שוין געווען אַ קהילה. 1701 האָט שאַוול נאָך געניצט דעם שאַוולאַנער בית־עולם.

1766 האָבן דאָ געוווינט 331 ייִדן און 1847 — 535.

אָנהייב 1860ער יאָרן איז דאָ געווען אַ גרויסער בלוט־בילבול, וואָס האָט אויפֿגעשטורעמט די ייִדן אין רוסלאַנד. געשען איז דאָס דעם 26סטן יאַנואַר, 1861. אין דערבײַיִקן דאָרף דירווינישאָק האָט אַ בחור, וואָס האָט זיך צעקריגט מיט זײַן פֿאָטער איציקזאָן, געזאָגט די פּויערים, אַז ייִדן האָבן געקוילעט אַ קריסטלעך קינד צו ניצן זײַן בלוט ערבֿ פּסח. אַ ראייה איז געווען אַ פֿלאַש ווײַן אין אָרון־קודש, וואָס יענער האָט דאָרטן אַליין פֿאַרשטעקט. דער פֿאָטער איז גלײַך אַרעסטירט געוואָרן און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן אויספֿאָרשונג. אין דער לופֿטן האָט געשמעקט מיט אַ פּאָגראָם.

אין **הכּרמל** פֿון **זעלביקן** יאָר (1861) ווערט די מעשׂה דערציילט אַזוי: דעם 26סטן יאַנואַר, 1861, איז אַ דרײַ־יאָריק קריסטלעך מיידעלע פֿאַרפֿאַלן געוואָרן אין דאָרף דירווינישקי, ניט ווײַט פֿון שאַוולאַן. עס האָט זיך גלײַך אָנגעהויבן אַ העצע, אָנגעפֿירט פֿון גלח און געשטיצט פֿון גראַף שעמיאָט, אַז ייִדן האָבן געהרגעט דאָס קינד. יענעם טאָג זײַנען גראָד געווען אין דאָרף צוויי שאַוולאַנער ייִדן — ר׳ ישׂראל און ר׳ זונדל — האָט מען זיי באַשולדיקט אין מאָרד און זיי זײַנען גלײַך אַרעסטירט געוואָרן. אין עטלעכע טעג אַרום איז דאָס קינד געפֿונען געוואָרן טויט־פֿאַרשאָטן פֿון אַן אַראָפּגעגליטשטן באַרג שניי. איצט האָט עס געהייסן, אַז די ייִדן האָבן אויסגעזויגן דאָס בלוט פֿון קינד און עס אַוועקגעוואָרפֿן. איינער אַ **משומד**, איציקזאָן, האָט געזאָגט עדות, אַז ער האָט אַליין געזען, ווי דער רבֿ פֿון שאַוולאַן און עטלעכע בעלי־בתּים האָבן עס געטאָן. נאָך פֿיל בקשות פֿון אַלע זײַטן, האָט דער ווילנער גובערנאַטאָר נאַזימאָוו געשיקט אַהין אַ קאָמיסיע אין באַשטאַנד פֿון טאָל־סטאָי און דעם באַקאַנטן ייִדיש־רוסישן שרײַבער לעוואַנדע [די מעשׂה קאָמיסיע איז אויך דאָ אין דער פֿריִערדיקער ווערסיע]. דער משומד האָט זיך מודה געווען אין זאָגן ליגן.

אין די זיכרונות פֿון אפֿרים

דיינאַרד ווערט נאָך אָנגעגעבן דער נאָמען פֿון מיידל: דאָראָטי גולאַשעס, אַזוי אויך דער נאָמען פון העצערישן גלח: סטאַקאָווסקי. די צוויי דורכפֿאָרנדיקע ייִדן זײַנען געווען שאַוולאַנער קאַראַבעלניקעס.

יהודה־לייב גאָרדאָן, וואָס איז 1861 געווען לערער אין נאָענטן שאַוול, שרײַבט אין **המליץ**, אַז איינער פון די צוויי דורכפֿאָרנדיקע איז געווען ר׳ ישׂראל, ראש־הקהל פֿון שאַוולאַן, און ר׳ זונדל, דער שטײַערן־זאַמלער אין שאַוולאַן. אין אַן אַנדער מקור ווערט דער מוסר אָנגערופֿן „ליפּקע דער משומד״.

אין 1897 האָבן דאָ געלעבט 547 ייִדן, אין 1923 — 237, 1935 — בײַ 200 און פֿאַרן חורבן בײַ 90.

ייִדן האָבן זיך פֿאַרנומען מיט קרעמערײַ, קליינהאנדל און מלאכה. אַ קענטיקער טייל ייִדן האָבן געצויגן זייער חיונה פֿון גערטנערײַ און סעדערײַ, אָדער דאָס איז געווען אַ צוגאָב צו אַן אַנדער פּרנסה־צווײַג זייערן.

צווישן 1842 און 1891 זײַנען דאָ געווען 87 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים (אין 1842 — 48).[1]

אין הונגעריאָר 1869 איבער ליטע האָט שאַוולאַן געקראָגן 30 רובל פֿון ייִדישן הילף־קאָמיטעט אין מעמל. אין 1872 האָט די קליינע קהילה אַליין געשיקט הילף פֿאַר הונגער־געטראָפֿענע ייִדישע שטעטלעך אין ליטע. די רשימה פֿון די מנדבֿים איז דאָ אין **המגיד**. אין דער צײַט פֿון די הונגעריאָרן האָט אַ סך געהאָלפֿן דער גלח מישקאָווסקי. אַליין געגעבן צדקה פֿאַר ייִדן און גערעדט אין קלויסטער, אַז מען מוז העלפֿן **אלעמען**.

אין גרויסן פּאָגראָם פֿון ניזני־נאָווגאָראָד אין 1884 איז אומגעקומען דער שאַוולאַנער ישראל בלאָך מיט זײַן מישפּחה.

אין אַ רשימה מנדבֿים פון 1899 פֿאַר העלפֿן בויען ארץ־ישׂראל זײַנען דאָ מערערע שאַוולאַנער.

**רבנים.** — ר׳ שאול לוריא, געבאָרן אין קראַקינאָווע. זײַן פֿאָטער ר׳ משה־מישל און זײַן ברודער ר׳ נתן־נטע פֿלאום (לוריא), ביידע רבנים אין קראַקינאָווע. בעל **עטרת שאול** (ווילנא, תּר״ב). אין כּתב־יד: **ערוגת הבֿשׂם**, שאול משאַוולאַן.

ר׳ מיכאל קיטאַי־דײַטש, געבאָרן 1810 אין שאַוול. רבֿ אין לײַזעווע און שאַוולאַן, אָנהייב פֿערציקער יאָרן. ער האָט זיך געפֿילט שלעכט אין די צוויי קליינע שטעטלעך, האָט אים שאַוולער רבֿ ר׳ יצחק־אײַזיק ראַבינאָוויץ אַראָפּגעבראַכט פֿאַר אַ מו״ץ אין שאַוול.

ר׳ מרדכי־אורי בר׳ אַהרן סאַמאָנאָוו, געבאָרן 1809 אין שוועקשנע. נאָך שאַוולאַן רבֿ איןווינדוי, מיטאַווע, ווו ניפֿטר געוואָרן אין 1864.

---

1) שאַבֿילין — אַ גרעסערע ייִדישע קהילה אין לעטלאַנד — האָט 75 פּרענומעראַנטן. איין און דער זעלביקער ספֿר (**נאום דוד**) האָט חותמים סײַ פֿון שאַבֿילין, סײַ פֿון שאַוולאַן. איז כּדאַי צו קוקן אין ביידע שטעט אין **ספֿר הפּרענומעראַנטן**.

ר׳ זאבֿ־דובֿ ליבֿשיץ, געבאָרן 1827. פֿון 1849 ביז 1860, שפּעטער אין סרעדניק, ווו ניפֿטר געוואָרן 1900 (גערופֿן אויך בערעלע סרעדניקער). פֿאָטער ר׳חיים אב״ד סרעדניק, זון ר׳ הלל־אריה אב״ד סוּוואַלק, לובלין. חיבורים: **מעין חיים** (ווילנא, תר״ל), **שיר החיים**, פּירוש ל׳**פּרק שירה** (ווילנא, תר״ל, געדרוקט מיטן אָריגינאַל); **באר חיים**, פּירוש לסידור (ווילנא, תרל״ט, געדרוקט מיטן טעקסט); **רוח חיים**, פּירוש על קהלת (וואַרשע, תרמ״ד, געדרוקט מיטן טעקסט).

ר׳ שמואל ראַבינאָוויץ. שאלות־ותשובֿות פֿון ר׳ שמואל אב״ד שאַוולאַן געפֿינען זיך אין שאול שאַפּיראָס **חמדת שאול** (אָדעססאַ, תרס״ג, ע׳ כ״ה).[2]

ר׳ יוסף־מרדכי קריגער. ניפֿטר 1907. מיר ווייסן נאָר, אַז 1899 איז ער געווען דאָ רבֿ.

ר׳ זאבֿ־וואָלף ברוידא. האָט חידושי־תּורה אין **דעת מרדכי**, י.א. ראַבי־נאָוויץ (קיידאַן, תרצ״ט, ע׳ 8).

ר׳ מנחם־העניך בר׳ אַהרן־אליהו סינגער, געבאָרן אין קאַמענעץ־ליטאָווסק. נאָך שאַוולאַן געווען רבֿ אין וואַסילראָק (רוסלאַנד), שפּעטער אין לאָס־אַנדזשעלעס. מחבר פֿון **לוית חן**.

ר׳ ישׂראל ראָזענדאָרף; ר׳ עקיבֿא בערלין, הי״ד.

2) יהודה־לייב גאָרדאָן איז 1860־1865 געווען לערער אין דערבײַיקן שאַוול ער שרײַבט, אַז בעתן בלוט־בילבול אין שאַוולאַן איז דאָרטן געווען רבֿ ר׳ שמואל׳קה [זיכער, דער ר׳ שמואל] — בכן, אין 1861.

ר׳ הלל־אַריה־לייב בר׳ זאבֿ־דובֿ ליבשיץ, דאָ געבאָרן אין 1844. רבֿ אין פּאָפּעליאַן, פּלונגיאַן, סוּוואַלק, לובלין, ווו ניפֿטר געוואָרן 1907. געהאַט אַלגעמיינע בילדונג. בעל **בית הלל** (וואַרשע, תרנ״ח). געשריבן איבערזעצונגען און דערציילונגען אין **הלבֿנון**, אונטערן פּסעוודאָנים „האל״ה״.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המליץ, 1860: 26; הכּרמל, תּרכ״א: 38, 39; המגיד, 1868: 45; 1872: 17; המליץ, 1899: 216; יהושע העשיל סינגער, זכּרון בספֿר. ווילנא, 1900, ע׳ 164; הצפֿירה, 1901: 10; מיכאל דײַטש, רבֿ מלכיא. ירושלים, תּרס״ה, הקדמה; כּתבי יל״ג, ת״א, תּרפּ״ח, ע׳ 17; ד״ר דינה יפֿה, אידישע שטימע, 1940: 6544.

עיר ווילנא, ע׳ 46; שם הגדולים החדש, ע׳ 59; שמעון כּהן, קורות היהודים בשיאוליאַי, ע׳ 18; יזכּור־בוך סואוואַלק (אינדעקס); עטרת יצחק, ע׳ מ׳; תּולדות ישיבֿת היהודים בקורלאַנד, ע׳ 39; **אהלי שם**, ע׳ 193 [זאָגט, אַז אין שאַוולאַן איז געווען רבֿ ר׳ יצחק בר׳ ברוך־שמריה הורוויץ, שפּעטער ראַדווילישאָק]; תּולדות אַנשי שם (ראנד), א׳ 86; א. דיינאַרד, זכרונות בת עמי; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 8335; יהדות ליטא, ג׳, ז

A. Totoraitis, Sŭduvijos Suvalkijos Istorija. Kaunas, 1938; Black Book

## שאַלקענע[1] SALKENĖ

קליין שטעטל. אין די 1920ער האָבן דאָ געוווינט מערערע צענדליק יידישע מישפּחות. אין וואַלן צום ציוניסטישן קאָנגרעס אין 1933 זײַנען דאָ אָפּגעגעבן געוואָרן 73 [?] שטימען — אַזוי לויט „אידישע שטימע״.

1) קומט נאָך שאַט.

# שאַט
# ŠETA

קיידאַנער קרײַז. אין מיטן זיבעצנטן יאָרהונדערט איז דאָ שוין געווען אַ יידישע קהילה. אין 1679/80 איז אויסגעבראָכן אַ בלוט־בילבול אויף ייִדן פֿון אַ קריסטלעכן אַרבעטער און זײַן פֿרוי. די גלחים האָבן אים געשטיצט. די געפּײַניקטע ייִדן זײַנען שפּעטער באַפֿרײַט געוואָרן. אין דער צײַט פֿון „ועד ליטא" האָט שאַט געהערט צו קיידאַנער גליל.

שאַט איז איינע פֿון די געציילטע שטעט אין ליטע, ווו קאַראַימער האָבן געוווינט לאַנגע יאָרן. אין אַכצנטן יאָר־הונדערט איז דאָ געמאַכט געוואָרן אַ בלוט־בילבול אויף אַ קאַראַימער.

1847 האָבן דאָ געלעבט 802 ייִדן, 1897 — 1135, 1923 — 440, 1935 אַרום 400 און פֿאַרן חורבן — אַן ערך די זעלביקע צאָל.

ווײַט פֿון אַ באַן און שאָסיי, איז די ייִדישע עקאָנאָמיק פֿון שטעטל געווען אַ שוואַכע. די ייִדישע פּרנסות זײַנען געווען: קרעמערײַ, מלאכה, פֿורמאַנערײַ.

דעם דרײַצנטן מײַ, 1832, האָט שאַטער ראש־הקהל אָנגעגעבן אַן אָנקלאגע צום ווילנער גענעראַל־גובערנאַטאָר, הלמאַי די גובערניע־פֿאַרוואַלטונג האָט אָנגענומען פֿאַר רעקרוטן צוויי ייִדישע קינדער פֿון שאַט, וואָס זײַנען פֿאַרכאַפּט געוואָרן דורך ווילקי און שאַדעווע: יאַנקל קורלאַנדשיק און פּסח שטיין.

צווישן 1842 און 1911 זײַנען דאָ געווען 93 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

אין 1860 איז דאָ געווען אַ גרויסע שׂריפֿה. אין דער שׂריפֿה פֿון 1878 זײַנען אַראָפּ 100 הײַזער, צווישן זיי דער בית־מדרש און בית־כּנסת (3 יאָר געבויט, אָפּגעקאָסט 4000 רובל). פּריץ מאָנטוויל האָט געהאָלפֿן נשׂרפֿים, האָט אויך צוגעזאָגט אָפּצובויען דעם בניין פֿון הכנסת־אורחים, וואָס ער האָט אויפֿגעבויט אין 1876. אין דער שׂריפֿה פֿון 1892 זײַנען אָפּגעברענט געוואָרן 115 הײַזער.

אין די הונגעריאָרן פֿון 1868/69 אין ליטע האָט דאָ אַ סך געהאָלפֿן דער פּריץ מאָנטוויל.

1889 האָט מען אויסגעבויט אַ נײַעם מרחץ, וואָס האָט אָפּגעקאָסט 3000 רובל. אין 1890, צו דער לוויה פֿון פּריץ מאָנטווילס פֿרוי, איז די גאַנצע קהילה געגאַנגען אָפּוואַרטן 4 וויאָרסט פֿון שטאָט. חזן יוסף עליאָוויץ מיטן כאָר האָבן געזאָגט תּהלים. שוין 15 יאָר, ווי מאָנטוויל האָט געשיקט יעדער חודש געלט פֿאַר אָרעמע. יעדער ערבֿ־פּסח פֿלעגט ער שיקן 25 רובל פֿאַר מעות־חיטים. אויך דער פּוילישער פּריץ קליאַטקאָ פֿלעגט העלפֿן ייִדן.

די ייִדן האָבן אין דער לעצטער מינוט זיך דערוווּסט, אַז דעם 29סטן יוני, 1903, דאַרף אויסברעכן אַ פּאָגראָם. דער

רבֿ ראַבינאָוויץ האָט אום שבֿועות אָנגעשריבן אַ בריוו צום גובערנאַטאָר און געבעטן מַציל זײַן די ייִדן — און ער האָט געראַטעוועט.

*

1900 איז דאָ געשאַפֿן געוואָרן אַן אגודה ציונית, בעיקר דורך אלחנן־יעקבֿ ריטענבערג און בצלאל מייטקיס. דער יושבֿ־ראש איז געווען זונדל ראַבינזאָן.

אין רשימות מנדבֿים פֿון 1900 און 1903 צו העלפֿן בויען ארץ־ישראל געפֿינען זיך מערערע שאַטער. די קלײַבערס: א.י. ריטענבערג און בצלאל־הירש מייטקיס און (1903) יצחק קורלאַנדטשיק.

אויף אַן אַלטן בית־עולם אין ירושלים איז דאָ אַ מצבֿה פֿון „דובער בר׳ אַבֿרהם סג״ל משאַט, תּרל״א.״

אָנהייב צוואַנציקסטן יאָר־הונדערט איז דאָ געשאַפֿן געוואָרן דער „בונד״. אין 1903 איז אויפֿגעשטעלט געוואָרן דער „קליינער בונד״, וואָס זײַנע ייִנגלעך זײַנען אַ שבת יאָרצײַט פֿון קעשענעווער פּאָגראָם אַרויף אויף דער בימה און ניט געלאָזן דעם חזן זאָגן דעם „הנותן תּשועה״ פֿאַרן קייזער.

**רבנים.** — ר׳ יוסף, עלטער־זיידע פֿון ר׳ מאיר־יעקבֿ גינצבורג, וואָס האָט געמאַכט טיפֿע הגהות אויף **ביאורי הגר״א** וועגן שולחן ערוך חושן משפּט. ר׳ מאיר איז געבאָרן 1820, קען מען אָננעמען, אַז ר׳ יוסף איז געבאָרן אַרום 1770־1780.

ר׳ שמואל („ר׳ שמואל הקטן״), זון פֿון מקובל ר׳ אַבֿרהם, ברודער פֿון ווילנער גאון.

ר׳ אליהו בר׳ יעקבֿ ראַגאָלער, געבאָרן 1794 אין נײַשטאָט־טאַווריק. געהאַלטן ווי דער ווילנער גאון, אַז תּנ״ך דאַרף מען לערנען פֿאַר תּלמוד און מען דאַרף עס לערנען מיט פּירוש רש״י. נאָך זײַן רבנות אין שאַט רבֿ אין ראַגאָלע, שפּעטער 16 יאָר אין סלאַבאָדקע, וווּ ער האָט אויפֿגעשטעלט די ערשטע גרויסע ישיבֿה, דערנאָך 10 יאָר אין קאַליש (דעריבער זיך גערופֿן אויך „ר׳ אליהו קאַלישער״). ניפֿטר געוואָרן 1849. זײַן זון, ר׳ דוד הלוסקער, האָט אָפּגעדרוקט דעם פֿאָטערס **יד אליהו** (וואַרשא, תּר״ס, ב׳ חלקים).

ר׳ נפֿתּלי בר׳ אפֿרים. אין **חמדת שאול**, שאול שאַפּירא (אדעססא, תּרס״ג, ע׳ כ״ה) דאָ אַ תּשובֿה פֿון ר׳ **נפֿתּלי** . . . אב״ד שאַט). אויף ש״ס סלאַוויטאַ (1835) דאָ הסכּמה פֿון ר׳ נפֿתּלי בהרבֿ ר׳ אפֿרים, אב״ד שאַט.[1]

ר׳ מאיר־מיכל בר׳ שלום ראַבינאָוויץ (ר׳ מיכל שאַטער), געבאָרן 1830 אין

---

1) בײַ בן־יעקבֿן איז דאָ: „**שער הלכות**, נפֿתּלי בר׳ **אַבֿרהם** אב״ד שאַט. חיבור גדול על האלפֿסי. כּתבֿ־יד״. קען עס זײַן, אַז עס זײַנען געווען **צוויי** נפֿתּלים אָדער איז אַרײַנגעפֿאַלן אַ טעות אין פֿאָטערס נאָמען? בן־יעקבֿ איז אַ גרויסער דײַקן און מיר האָבן געפֿונען דעם נפֿתּלי בר׳ **אפֿרים** אין צוויי ספֿרים, וצריך עיון.

קיידאַן. צוואַנציק יאָר דאָ רבֿ. זיך אָפּגעזאָגט אָנצונעמען רבנות אין גרויסע שטעט. נאָך לאַנגע בעטענישן פֿון גדולי ווילנע איז ער געוואָרן דאָרטן מורה־הוראה, בתּנאי, ער זאָל ניט דאַרפֿן פּסקענען קיין דינים. ר׳ ישׂראל סאַלאַנטערס איידעם, ר׳ אליהו־אליעזר גראָדזענסקי, האָט געשיקט אַ שליח צו מאיר־מיכלען מיט דער בקשה אָנצונעמען די רבנות אין דווינסק, יענער האָט אָבער אָפּגעזאָגט. אחד הגדולים אין זײַן דור. זײַן דירה אין ווילנע איז געווען צווישן אַלע אָרעמע הײַזקעס, געווען פּשוט שווער צו געפֿינען דאָרטן זײַן אַדרעס. ניפֿטר געוואָרן 1902 אין ווילנע. איידעם פֿון ר׳ זלמן־פּנחס הכּהן, אב״ד יעזנע און געלוואַן.

ר׳ נחום שאַפּיראָ, געבאָרן 1818 אין דאָקשיץ. פֿריִער רבֿ אין פּאָקראָי, ליגעם, וועגער, טרישיק. ניפֿטר 1902 אין שאַט.

ר׳ בונים בר׳ נתן־נטע סילווער, געווען אויך רבֿ אין דוסיאַט (ווו געבאָרן), אַבעל, קאַמײַ.

ר׳ זאבֿ־וואָלף אַבֿרך, געבאָרן 1845 אין ריטעווע. פֿון 1875. פֿריִער ר״מ אין פּיקעלן און פֿון 1885 אב״ד מאַזשייק. בעל **רבֿיד הזהבֿ** (וואַרשע, תּרנ״ח). ניפֿטר 1922 אין מאַזשייק.

ר׳ שלמה־דובֿ הכּהן שפּרינץ, געבאָרן 1846 אין מעזריטש, דאָ רבֿ אַרום די 1890ער יאָרן. פֿריִער רבֿ אין סידרע (גראָדנער גובערניע, פֿון אַרום 1870). עטלעכע יאָר אין סופּראַסלע (סוּוואַלקער גובערניע), פֿון 1880 אין טראַלע (לובלינער געגנט). שפּעטער מו״צ אין אַ ריגער פֿאָרשטאָט און פֿון נאָך 1897 רבֿ. אין מאָנטרעאָל. בעל **לשד השמן** (וואַרשע, תּרל״ט).

ר׳ אַבֿרהם דרושקעוויץ, פֿון 1897 ביז 1902. שפּעטער 10 יאָר משגיח אין וואָלאָזשינער ישיבֿה. בעל **שעורי הוראה** (קובנה, תּרצ״ג).

ר׳ שלמה בר׳ מאיר־מיכל ראַבינאָוויץ, פֿון 1903. ניפֿטר געוואָרן צווישן 1930 און 1934.

ר׳ אלחנן ווינער, לעצטער רבֿ, הי״ד.

**אָפּשטאַמיקע.** — ר׳ יהושע בר׳ אליהו ראַבינאָוויץ, דאָ געבאָרן 1818. פֿון 1847 ראש־ישיבֿה אין קלעצק און פֿון 1867 אויך אב״ד דאָרטן. זון פֿון הגאון ר׳ אליהו ראַגאָלער. ניפֿטר 1887 אין נעס־וויזש.

ר׳ משה־יצחק ראַבין, דאָ געבאָרן 1834. 40 יאָר מו״צ אין פּאָנעוועזש און מערערע יאָרן דאָרטן ר״מ. בעל **מילואים למשה** (ווילנא, תּרס״ט). ניפֿטר 1902.

ר׳ בן־ציון שאַטער, ר״מ אין ווילנע, אַרום די 1880ער יאָרן.

מרדכי־מאַנעס מאָנאָסאָוויץ, געבאָרן 1857. פֿון 1880 אין ליבאַווע, ווו אויפֿגעשטעלט אַ בית־ספֿר, וואָס האָט עקסיסטירט 38 יאָר. פֿון 1919 אין אַמע־ריקע, לערער אין פֿאַרשיידענע שטעט און צום סוף אין ניו־יאָרק. פֿון 1870ער גע־

דרוקט לידער און דערציילונגען אין **המליץ, הצפירה, השחר, האסיף** א״אַ. אַרויסגעגעבן די דערציילונג **חטאת הורים או מרים הזקנה** (וואַרשא, תרמ״ד) און זײַן איבערגעזעצטע דערציילונג פֿון פּ. האָפּמאַן **נחלה מבוהלת** (ווילנא, תּרמ״ז). געשריבן דראַמקעס פֿאַר קינדער: **נשף פורים, מנחה חדשה, חנה** (קראקא־ווארשא, תּרס״ג־תּרס״ז). שפּעטער אין גאַנצן זיך אָפּגעגעבן מיט מחבר זײַן העברעיִשע לערנביכער: **הדקדוק המעשי** (וואַרשה, תּרס״ה. אַ סך אויסגאַבעס. געווען זייער פּאָפּולער אין די העברעיִשע שולן פֿון פּוילן און ליטע), **מראה עינים** (ווילנא, תּרס״ו), **החבר הטוב** (וואַרשה, תּרע״א), **דקדוק קצר לתלמידים** (וואַרשה, 1928), **דקדוק שפתנו** (דאָרטן, 1929) א״אַ. אויטאָר אויך פֿון **משלי הזמן** (נ״י, תּרפּ״ה). — האָט אויך געשריבן אין די יידישע צײַטונגען: **הײַנט** (וואַרשע), **יידישעס טאַגעבלאַט, דער אידישער עמיגראַנט** — נ״י. האָט אויך מחבר געווען מערערע יידישע קינדער־פּיעסעס. איינע פֿון זיי: **די רײַכע ירושה** איז געשפּילט געוואָרן דורך דער „ווילנער טרופּע״ אין 1916. געשטאָרבן 1927 אין ניו־יאָרק.

ר׳ שמואל בהרבֿ ר׳ מאיר־מיכל ראַבינאָוויץ, רבֿ אין פּאָרט אַמבאָי (אַמע־ריקע). אין **הצפירה** געדרוקט קאָמפּלי־צירטע געאָמעטרישע פּראָבלעמען. ניפֿטר געוואָרן 1926.

ר׳ מאיר־יצחק בר׳ ישׂראל גאָלדבערג, דאָ געבאָרן אין 1871. פֿון 1899 רבֿ אין אָסטראָוונע (מאָלעווער גובערניע) און פֿון 1907 רבֿ ומו״צ אין וויטעבסק. זײַן שווער ר׳ יהושע־זעליג הײלפּערן, אב״ד סטאָקלישאָק.

אפֿרים קאַפּלאַן, דאָ געבאָרן אין 1879. פֿון 1904 אין ניו־יאָרק. געשריבן אין פֿאַרשיידענע צײַטונגען פּובליציסטישע אַרטיקלען און היסטאָרישע אָפּהאַנדלונגען. רעדאַקטער פֿון ניו־יאָרקער **מאָרגען־זשורנאַל**. חיבורים: **מפלגות וכיתות בישׂראל לפנים, ראשי הגולה, מוחמד והקוראַן, הפילוסופיה היהודית הדתית**, א״אַ. געשטאָרבן 1943.

יב״א זיוו, אַ יידישער מחבר, וואָס זײַן ערשטער נאָמען איז ניט אויפֿ־געקלערט געוואָרן. געלעבט אין דער צווייטער העלפֿט נײַנצנטן יאָרהונדערט. אויף זײַנע ביכלעך פֿלעגט ער צוגעבן: משאַט. חיבורים: **דאָקטאָר יוסף אַלפֿסי** (וואַרשאָ, 1883), **דיא אונגליקליכע אָדער דיא גליק־ליכע אסתּר**, איבערזעצט (ווילנא, 1894), **דער ישיבה בחור אָדער דיא ליעבע און דיא פֿײַנטשאַפֿט** (ווילנא, 1898). געדרוקט אויך לידער אין העברעיִשע צײַטשריפֿטן.

**ניכבדים:** ר׳ יעקבֿ גליק, קאַזיאָנער ראַבינער, ר׳ שאול קאַצענעלענבאָגען, חזן יוסף עליאָוויץ, זלמן־יהודה וויגושין, נחום גדיא.

**קאָרעספּאָנדענטן: המליץ:** ש. ראַבינאָוויץ, יעקבֿ גליק. **הצפירה:** מאיר שקאַרולסקי איש קאָוונא, ישעיה ז״ק. **הלבנון:** יב״א זיוו.

**ביבליאָגראַפיע.** — הצפירה, 1876: 40; הלבנון, 1878: 50; המליץ, 1890: 51, 218; 1899: 41; 1900: 17, 34; 1903: 31; הפלס, תרס"ג: כ"ט; די לעצטע פּאַסירונגען, זשענעוו, 1904: 2; ספר היובל של אגודת הרבנים האורתודוכסים בארצות־הברית וקנדה. נ"י, תרפ"ח, קמ"ח;

א. לעווין, קאַנטאָניסטן. וואַרשע, 1934. ז' 94; **בית יעקב**, ירושלים, שבט תשכ"א; ספר קיידאַן. ת"א, 1977, ע' 186, 211; עיר ווילנא, ע' 196, 277; בן־יעקב, אוצר הספרים, ע' 598; אהלי שם, ע' 58, 293; דורות האחרונים, ב', 298;

חכמי ישראל באמריקא, ע' 108; לעקסיקאָן, 8; ג. קרסל, 2; יעווריסקאַיאַ סטאַרינאַ, xi, ז' 228־233; לתולדות היהודים בליטא־זאַמוט, ע' 26; לקורות עיר קיידאַן ורבניה, ע' ג'; חלקת מחוקק, חוב' ז'; ספר הפרענומעראַנטן, 8335; יהדות ליטא, ג'.

Jewish Encyclopedia, V, 10, p. 5, 302; Black Book; Biuletyn Żydowskiego Instytutu Historycznego W Polsce. no. 141, p. 32.

## ŠAUKOTAS שאַקאָט[1]

שאַוולער קרײַז, ניט ווײַט פֿון שאַוולאַן. פֿון מיטן די 1850ער איז דאָ געווען אַ ייִדישער ייִשובֿ. 1879 איז נאָך ניט געווען קיין דאָקטער אין שטעטל. אין 1938 זײַנען דאָ געווען ייִדישע בעלי־מלאכות, אַ סימן פֿון אַ ייִדישן ייִשובֿ.

רבנים זײַנען דאָ געווען:

פֿון 1894 ר' לייב־נח באַס, געבאָרן 1859 אין געלוואַן, ווילקאָמירער קרײַז. מחבר פֿון **תבֿת נח**. געשריבן מאמרים אין **המגיד**, **המליץ**, **הצפירה**, **הדגל**, **תורה מציון** (ירושלים, תרמ"ח־תרמ"ט). דאָ ניפֿטר געוואָרן אין 1909.

ר' יום־טובֿ ליפּמאַן לעווין, געבאָרן 1879 אין מאַלאָדעטשנע, ביז 1912. פֿון 1913 ביז 1917 רבֿ אין גרוזד, צוויי יאָר אין מאַלאָדעטשנע, ווידער רבֿ אין גרוזד ביז 1923, ווען עמיגרירט קיין ברוקלין, ווו געווען רבֿ. איידעם פֿון ר' זוסמאַן ברודא, אב"ד ראַזאַליע. פֿאָטער ר' אַריה־לייב, ר"מ פֿון ישיבֿה קטנה אין וואָלאָזשין (1889־1891).

ר' נתן־ירחמיאל ליטווין, שפּעטער רבֿ אין לינקעווע און פֿון 1929 אין קורשאַן, ווו אומגעקומען 1941, הי"ד. שטיפֿברודער פֿון ר' אָשר־ניסן לעוויטאַן, ר"מ אין שאַוול.

**ביבליאָגראַפיע.** — תולדות אנשי שם (ראַנד), ע' 79; אנציקלופדיה של הציונות הדתית, א', 223; דער אידישער האַנטווערקער אין ציפֿערן, 1938.

Recueil de Matériaux sur la Situation economique des Israelites de Russie, p. 368; Jüdische Statistik. Berlin, 1903, p. 181.

1) אין שאַוולער קרײַז איז אונטערן נאָמען שאַווקאָט געווען אַ ייִדישע קאָלאָניע, געגרינדעט געוואָרן 1854 אויף אומזיסטער ערד פֿון דער צאַרישער רעגירונג, 217 דעסיאַטין. שפּעטער זײַנען צוגעקומען 9 ייִדישע פֿאַמיליעס פֿון שאַוול. אין 1898 האָט די קאָלאָניע נאָך עקסיסטירט. אונדז שײַנט, אַז דאָס איז איין אָרט — בכל־אופֿן אַזוי נאָענט צו שאַקאָט, אַז ביידע האָבן געהאַט די זעלביקע רבנים.

# שאַקי ŠAKIAI

קרײַזשטאָט (נאָר אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע). אַן אַלט אָרט, ווערט שוין דערמאָנט אין כראָניקעס פֿון פֿערצנטן יאָרהונדערט. אין דער צווייטער העלפֿט פֿון זעכצנטן יאָרהונדערט האָבן דאָ געלעבט פֿינף פֿאַמיליעס מיטן נאָמען Šakaičiai. אַזוי האָט דאָס דערפֿל געהייסן אויך פֿריִער. שאַקי האָט געקראָגן שטאָטרעכט אין 1776.

ייִדן האָבן אָנגעהויבן זיך באַזעצן דאָ, ווען דער מקום איז נאָך געווען אַ דערפֿל. זיי האָבן געבראַכט אַהער דעם וואַלדהאַנדל. די ייִדישע באַזעצונג האָט אָנגענומען אַ גרעסערן פֿאַרנעם סוף לעצטן פֿערטל פֿון אַכצנטן יאָרהונדערט, ווען פֿירשט מיקאָלײַ טשאַרטאָריסקי האָט געגעבן די ייִדן גרעסערע רעכט (דאָס שטעטל און די סבֿיבֿה אַרום האָבן געהערט דער טשאַרטאָריסקי־דינאַסטיע).

דער פּנקס הקהילה איז פֿון תּקכ״ח־תּקל״ו (1768־1776). אין פּנקס זײַנען געווען 248 עמודים, אויסגעפּילטע נאָר 132.[1]

1) אויסער דעם פֿריִער געזאָגטן וועגן ייִדישן באַזעצן זיך אין שאַקי, איז די אָנהייבצײַט פֿון פּנקס אַ ראיה, אַז ייִדן זײַנען געקומען אַהער אַ סך יאָרן פֿריִער ווי אין די זיבעציקער פֿון אַכצנטן יאָרהונדערט. ייִדן האָבן ניט אָנגעהויבן שרייבן אַ „פּנקס" דעם ערשטן טאָג פֿון זייער קומען אין אַן אָרט. זיי האָבן געהאַט גרעסערע דאגות. ס'האָבן געדאַרפֿט אַוועקגיין צענדליקער יאָרן, ביז ייִדן זאָלן אָנהייבן טראַכטן וועגן אַ פּנקס.

אין 1797 האָבן דאָ געוווינט 574 תּושבֿים, מערסטנס ייִדן, אין 65 הײַזער. אין 1856 האָבן דאָ געלעבט 1473 ייִדן, 1897 — 1638, 1923 — 1267 (14 ייִדן בײַם ראַנד שטאָט זײַנען ניט צוגערעכנט געוואָרן), פֿאַרן חורבן — בײַ 800.[2]

ייִדן האָבן זיך פֿאַרנומען מיט מיסחר, באַזונדערס תּבֿואה־האַנדל מיט דײַטשלאַנד, קרעמערײַ, מלאכה. אַ גרויסער פֿאַקטאָר אין היגן ייִדישן לעבן זײַנען געווען די גרויסע ערד־שטחים אַרום שטאָט, וואָס האָבן געהערט צו ייִדן. די צאָל פֿון אַזעלכע ייִדישע פּריצים מיט זייערע פֿולוואַריקס איז געווען אַ קענטיקע. נאָך גרעסער איז געווען די צאָל ייִדן, וואָס האָבן געצויגן חיונה פֿון זייער בײַשטאָטישער און בײַשטוביקער ווירטשאַפֿט — סעדערײַ און גערטנערײַ. דאָס איז געווען דער סימן מובֿהק פֿון גרעסטן טייל ייִדישע שטעטלעך אין סוואַלקער געגנט.

צווישן 1841 און 1913 זײַנען דאָ געווען 115 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

אין די הונגעריאָרן פֿון סוף 1860ער האָט דער „קעניגסבערגער הויפּט גרעניץ־קאָמיטעט" געזאָרגט פֿאַר ייִדישע קינדער אין די מערבֿ־רוסישע קאַנטן. טייל

2) די ציפֿער 3000 אין **יהדות ליטא**, ד׳, איז אַ טעות הדפּוס.

פֿון די קינדער זײַנען געשיקט געוואָרן אויף פּראָדוקטיוויזאַציע אין דײַטשלאַנד. איינס פֿון די 7 קינדער אין Aachen איז געווען הירש פּערלמאַן פֿון שאַקי. דער קאָמיטעט צו העלפֿן ייִדישע הונגער־לײַדנדיקע שטעטלעך אין מעמל האָט געשיקט קיין שאַקי 30 רובל.

אָבער דאָס ייִדישע שאַקי איז יענע יאָרן שוין געווען גענוג פּעסט עקאָנאָמיש, אַז עס האָט אַליין געקענט שיקן הילף צו די ייִדישע הונגער־שטעטלעך אין ליטע. דאָס ווײַזן קלאָר די 3 ליסטעס פֿון שאַקיִער מנדבֿים אין 1871, מיט די קלײַבערס מו״צ זאבֿ גלאַזבערג, פֿײַבוש־מרדכי שור, יצחק סג״ל; פֿון 1872, מיט די קלײַבערס קלמן בלאָך, יצחק עפּעלבוים, און (2טע ליסטע), מיט די קלײַבערס צ.י. בלומגאַרטן, יחיאל־יעקבֿ עטעלזאָן.

אין אַ רשימה פֿון ייִדישע עמיגראַנטן פֿון 1869/70 קיין אַמעריקע זײַנען דאָ די שאַקיִער: מ. גיטעלמאַן, רויזע לעווין, ב. עדעלמאַן, מ. קאָהן, ס. שנײַדער.

אין 1879 האָבן שוין געלעבט אין מאַנטשעסטער (ענגלאַנד) אַ פּאָר צענדליק ייִדישע אימיגראַנטן פֿון שאַקי. יענעם יאָר, ווי אין די פֿריִערדיקע יאָרן, האָבן 20 שאַקיִער אַרײַנגעשיקט 100 רובל פֿאַר דער תּלמוד־תּורה. דער אָנפֿירער פֿון דער גרופּע: גרשון שאַפּיר.

שאַקי, אַ ניט צו־ווײַט ליגנדיקע שטאָט פֿון פּרײַסן, האָט ווי אַ סך גרענעץ־שטעטלעך אין ליטע געליטן פֿון דער מכּה פֿון „שוואַרצן״ די גרענעץ. אין 1883 איז אַרויס אַ „קול קורא לרבני פּלך סובֿאַלק״. דער מחבר פֿון קול קורא איז געווען אַבֿרהם־דובער אײַזענדאָרף, אינספּעקטאָר פֿון דער ייִדישער רעגירונג־שול אין שאַקי. ער וואָרנט וועגן דער סכּנה, וואָס איז פֿאַר־בונדן מיט דעם פֿאַר אלעמען, און בעט די רבנים צו פֿירן אַן אויפֿקלערונג וועגן דעם צווישן די ייִדן פֿון גאַנצן אַרום.

אין 1910 האָט אַ גרופּע ליטווינער דאָ געעפֿנט אַ קאָאָפּעראַטיווע קראָם פֿון פֿאַרשיידענע סחורות. דאָס איז געווען אַ שטאַרקער קלאַפּ פֿאַר די ייִדישע קרעמערס.

סוף 1914 האָבן די אָפּטרעטנ־דיקע רוסישע חיילות געמאַכט אַ גרויסן פּאָגראָם: געברענט ספֿר־תּורות, גערויבֿט קראָמען און הײַזער און געשלאָגן מכּות־רצח. די מערסטע ייִדן זײַנען אַנטלאָפֿן.

אין 1869 איז דאָ געשאַפֿן גע־וואָרן אַ ייִדישע קרוינשול, וואָס איז בעיקר אויסגעהאַלטן געוואָרן אויף קהלשע געלט־ער. די יערלעכע בײַשטײַערונג פֿון דער מלוכה איז געווען 175 רובל אַ יאָר. אין 1877 איז די ייִדישע קרוינשול פֿאַראייניקט געוואָרן מיט דער עוואַנגעליקער־שול. פֿון די 126 תּלמידים זײַנען 94 געווען ייִדישע. דער אינספּעקטאָר — אַבֿרהם דובער אײַזענדאָרף. לאַנגע יאָר דאָ פֿאַרנומען די דאָזיקע שטעלע. געווען אויך קאַזיאָנער ראַבינער.

אין די 1870ער איז געווען לערער אין דער קרוינשול יאַוואָרקאָווסקי. ער איז אויך דער גרינדער פֿון דער ביבליאָטעק. אַ בריוו מיט 12 חתימות איז געשיקט געוואָרן צו דער „חבֿרת מרבי השׂכּלה בישׂראל" אין פּעטערבורג, מיט דער בקשה צו שטיצן די ביבליאָטעק.

*

אין אַ ליסטע מנדבֿים פֿאַר בנין הארץ אין 1899 זײַנען דאָ מערערע שאַקיִער. דער קלײַבער: שמעון שמר־אלאָוויץ.

אויף אַן אַלטן בית־עולם אין ירושלים זײַנען דאָ מצבֿות פֿון:

באשא רייזיל בר' אליהו משאקי, תּרנ"ג;

יעקב צבי בר' משה משאקי, תּרנ"ה.

**רבנים.** — ר' יהושע־העשיל עליאַשזאָן, געבאָרן 1799 אין יאַנעווע. געווען זייער יונג בעת זײַן ערשטער רבנות אין שאַקי, אַרום 1820־1825. שפּעטער רבֿ אין יאַנעווע, זעזמער, ווילקי, סוועציאַן, סייני, וווּ ניפֿטר געוואָרן אין 1874. זײַן פֿרוי איז די באָבע פֿון העברעיִשן שרײַבער אליעזר־אליהו פֿרידמאַן. האָט געהאַט אַ פֿענאָמענאַלן זיכּרון, דעריבער האָט מען אים גערופֿן „ר' העשל די אײַזערנע קאָפּ". געווען אַ שאַרפֿער קעגנער פֿון מוסר־באַוועגונג. ווען ר' ישׂראל סאַלאַנטער פֿלעגט קומען ערגעץ האַלטן דרשות וועגן מוסר, פֿלעגט ר' יהושע־העשיל קומען אַהין און אַרויסטרעטן קעגן, אָפֿט גלײַך נאָך ר' ישׂראלן.

ר' שמואל מאָהליווער, געבאָרן 1804 אין גלובאָק (ווילנער גובערניע). פֿון 1854 ביז 1860. פֿריִער (פֿון 1848) רבֿ אין גלובאָק און נאָך שאַקי אין סוואַלק (1860־1868), ראָדעם, ביאַליסטאָק, וווּ ניפֿטר געוואָרן אין 1898. איינער פֿון די צענטראַלע רבנישע פּערזענלעכקייטן אין זײַן צײַט, פֿון די הויפּט־מנהיגים פֿון חיבת־ציון. מחבר פֿון **שיבת ציון.** זײַנע חידושי־תּורה און תּשובֿות זײַנען אַרײַן אין ספֿר **חקרי הלכה ושאלות ותּשובֿות** (ירושלים, תּש"ד). האָט איבער פֿערציק הסכּמות אויף רבנישע ספֿרים:

ספֿר **קהלת,** עם פּירוש ... אפֿרים בר' צבֿי הלוי (תּרל"א); **מדרש רבה** על שיר השירים, עפּ"י ברוך עטילזאָהן (תּרל"ו); **דבֿרי חכמים,** מרדכי צבֿי הלוי (תּרל"ו); **שואל אמת,** אַבֿרהם־צבֿי שילעל (ווילנא, תּרמ"ד); **שארית יעקבֿ,** זלמן־יעקבֿ האַבערמאַן (ווילנא, תּרמ"ד); **דבֿר אליהו** אליהו יוזפא (תּרמ"ד); **סניגור,** אליעזר צווייפֿל (תּרמ"ה); **עתּים לבינה,** יוסף גינצבורג (1885); **בית אליקום,** אליקום געציל (תּרמ"ו); **מעון אריה,** אַריה־ליב בינקאָוויטש (1886); **דבֿרי משה** [הרמב"ם], ע"י יעקבֿ מהרש"ק (1886); **דורש לציון,** חיים־יעקבֿ קרעמער (תּרמ"ו), **הגדה,** אַבֿרהם אבֿוש (מגנצא, תּרמ"ז); **חיי אדם,** אַבֿרהם דאַנציג, מיט הוספֿות משולם פינקלשטיין (1888); **זכר למקדש,** פּלא"י (תּרמ"ט); **דבֿרי חיים,** חיים אוריה הכּהן (ווילנא, תּרמ"ט); **אור יצחק,** יצחק נח בר' מאיר (תּר"ן); **חדושי רי"ח,** יהושע חיים

עפשטיין (ווילנא, תר״ן); **ילקוט ארץ־ישׂראל**, יהודה ציזלינג (ווילנא, תר״ן); **זרע יצחק**, יואל יצחק קאַצינעלינבויגן (תר״ן); **גן יוסף עדן דוד**, יוסף חיים פּראַגער (תרנ״א); **חידושי מהרמ״י**, משה יחזקאל (1893); **ספר ההשלמה**, ע״י מנחם מנדיל שחור (ברלין, תרנ״ג); **משנת יהודה**, יוסף שרגא בר׳ איסר יהודה (תרנ״ה); **כּף המאזנים**, אלכסנדר זיסקינד גבריאלוב (תרנ״ז); **אשל ברמה**, אפרים הלוי [סמאָלענסקי] (תרנ״ז); **מצות ישיבת ארץ־ישׂראל**, ע״י יונה דוב בלומבערג (ווילנא, תרנ״ח); **זכּרון בספר ואבן ספּיר**, יוסף ספּיר שטיין (ברדיטשוב, תרנ״ח); **בני גרשון**, גרשון ליפּשיץ (ווילנא, תרנ״ט); **הוד תהלה**, אפרים אליעזר צבי חרל״פ (תרנ״ט); **חבת הקדש**, יקותיאל עליאן (תרנ״ט); **נהורא דיעקב**, יעקב אהרן בר׳ צבי הירש (תרנ״ט); **דובב שׂפתי ישנים**, דוב בער טויבער (ירושלים, תר״ס); **נזיר מן תלמוד בבלי . . .** ע״י י.ש. סימיאַטיצקי (ווילנא, תרס״א); **קהלת משה**, ע״י משה חיים טריוואַקס (תרס״ב); **אמרי חיים**, חיים זונדל מכּבי (ת״א, תרפ״ט). אַלע אויסגעלאָזענע שטעט זײַנען — וואַרשע.

אין 1898 איז אַרויס **מספד מר על ש. מאָהליווער**, מאת מרדכי שאַטץ (פּיעטרקוב) און אין 1923 **ספר שמואל** (ירושלים).

*

ר׳ משה־בצלאל לוריא, געבאָרן 1835 אין סוכאָוואָליע (גראָדנער גובערניע). רב אין ווילאָן, שאַקי (1868־1875), סייני און פון סוף 1907 אין סוואַלק, ווו ניפטר געוואָרן כ״ו ניסן, תרע״ד. געווען אַ גרויסער חסיד פון ייִשוב ארץ־ישׂראל. חיבורים: **נהורא שרגא** (ווילנא, תרל״ב), **נפש חיה** (וואַרשא, תר״מ), **כובע ישועה** (וואַרשא, תרמ״ח), **מעשה בצלאל** (פּיעטרקוב, תרנ״ד), **מעשׂה חושב** (וואַרשא, תרנ״ה), **תורת הקנאות** (וואַרשא, תרנ״ט), **שבעת הנרות** (וואַרשא, תרס״א), **מלאכת חושב** (וואַרשא, תרס״ב), **כתר ישועה** (פּיעטרקוב, תרע״ג), **מצבת משה** (ווילנא, תרפ״ד), **מלאכת בצלאל** (וואַרשא, תרצ״ה).

האָט הסכמות אויף אַ סך ספרים:

**אור זרוע**, יצחק בר׳ משה (זיטאָמיר, תרכ״ב); **מדרש רבה**, על שיר השירים, עפ״י ברוך עטילזאָהן (תרל״ו); **עטרת צבי**, אפרים אליעזר חרל״פ (תרנ״ז); **תפארת אברהם**, פנחס משה גאָרדאָן (תרנ״ז); **מבית מאיר**, מאיר סטאָלעוויץ (תרנ״ט); **נהורא דיעקב**, יעקב אַהרן בר׳ צבי־הירש (תרנ״ט); **אבן לב**, יהודה ליב יפה (ווילנא, 1900); **תהלות חיים**; חיים דוב מאסטראָלענקא (תרס״ב); **דבר אברהם**, אַברהם זלמנסקי (ווילנא, תרס״ג); **חדושי אב״י** יהודה־ליב אַניקסטער (שיקאַגאָ, תרס״ד); **עבודת הקודש**, חיים יוסף דוד אַזולאי (ווילנא, תרס״ז); **בית יעקב**, יעקב יאַקימאָווסקי, (פּיעטרקוב, 1907); **שנות חיים**, חיים דובר מאַנושעוויץ (תרס״ח); **תוצאות חיים**, חיים שלמה כּהנא (פּיע־טרקוב, תרס״ט); **ידי משה**, יעקב בנימין

יאַקימאָווסקי (גראַיעווע, תּרס״ט); **מעיל שמואל**, שמואל הלל גימפּל (גראַיעווע, תּרע״א); **דגול מרבֿבֿה**, דובֿ גראָסמאַן (ווילנא, תּרע״א); **הועד**, עורך: ראובֿן לעווינבוק (פּיעטרקובֿ, תּרע״ד); **מיטבֿ הגיוני היהדות**, ראובֿן לעווינבוק (דאָרטן); **ילקוט ספּורים ומדרשים**, ע״י זאבֿ וואָלף גרינוואַלד (תּרפּ״ג) — אַלע אויסגעלאָזענע שטעט זײַנען: וואַרשע.

*

ר׳ צבי בר׳ פּלטיאל (פּאַלטע־ראָוויץ), שפּעטער רבֿ אין יאַנעווע, נאָוויגראַד. זײַן זון ר׳ שׂמחה, דרשן ומו״צ אין ניו־יאָרק.[3]

ר׳ שמעון־דובער בר׳ אַבֿרהם אַנאַליק, פֿריִער רבֿ אין שעדלעץ, אָסטראָ־ווע, טיקטין. שוועור פֿון ר׳ יצחק־דובֿ בר׳ דוד־יהונתן, אבֿ״ד לאָמזע. בעל **אמרי רש״ד** (וואַרשא, תּרע״ב). דאָרטן דאָ אַ הספּד אויף אים. האָט הסכּמה אויף **אלומת עולמים** לר׳ איזיק ליב בר׳ שרגא עזרא ויעקבֿ בר׳ שלמה זלמן (ווילנא, תּרמ״ב).

ר׳ חיים־ירמיהו פּלענסבערג, געבאָרן 1842 אין קיידאַן. פֿון 1869 רבֿ אין דאַרשונישאָק, 1873 אין באַלבירישאָק און פֿון 1889 אין שאַקי ביז זײַן פּטירה כ״א תּמוז, תּרע״ד. געדרוקט אַ סך מאמרים אין פּרשנות און חקירה אין די העברעיִשע צײַטונגען פֿון זײַן צײַט. אין **הלבֿנון** פֿאַרעפֿנטלעכט אַ לאַנגע סעריע מאמרים אונטערן נאָמען „מורה נבֿוכי הזמן החדש״, וואָס איז אַ גאַנצער ספֿר. אסתּר רובינ־שטיין, די באַקאַנטע ווילנער רביצין, איז זײַן טאָכטער. חיבורים: **נזר הנצחון** (תּרמ״ג), **שאלות חיים** (תּרנ״ח), **דבֿרי ירמיהו** (תּרנ״ח), **אוצר חיים** (תּרס״ה־תּרס״ט, געדרוקט מיטן אָריגינאַל פֿון **אור ה׳** פֿון קרשקש), **מרכּבֿות עמי** (תּר״ע), **דבֿרי ירמיהו** (תּר״ע־תּרפּ״ז) — אַלע אין ווילנע.

ר׳ אַבֿרהם־לייב שור, געבאָרן 1893 אין וואַרשע. פֿריִער רבֿ אין אַ פֿאָרשטאָט פֿון פּעטערבורג (1917־1918), קרילאָוו (רוסלאַנד), 1922־1926 אין שאַקי און פֿון 1929 רבֿ אין שיקאַגאָ. רעדאַקטער פֿון **שיקאַגער אידישע שטימע**. אייניקל פֿון ר׳ מאיר גיטעלסאָן, רבֿ אין סלאַבאָדקע.

ר׳ משה [אַהרן?] פֿרידמאַן, פֿון 1926. ניפֿטר געוואָרן 1934.

ר׳ יוסף גאָלדין, אויך רבֿ אין ווישיי, אומגעקומען 1941, הי״ד. זײַנע זין: ר׳ חיים, רבֿ אין באָסטאָן; ר׳ אַהרן רבֿ אין פּאַטאַקעט (ראוד אײַלענד). זײַן פֿאָטער ר׳ ישׂראל, אבֿ״ד סעריי. ר׳ יוסף מחבר פֿון **נעכטן, הײַנט און מאָרגן**. (קאָונאַס, 1939).

ר׳ יוסף אָנאָכאָוויץ, הי״ד.

ר׳ זאבֿ גאָלדבערג, מו״צ אין די 1870ער.

---

3) דער כראָנאָלאָגישער סדר פֿון דאָזיקן רבֿ איז אונדז ניט צו זיכער. אויף דער **הגדה עם ביאור תּקוות ישׂראל**, ברוך בר״י עטילזאָהן (וואַרשא, תּרכ״ח) איז דאָ אַ הסכּמה פֿון ר׳ צבֿי בר׳ פּלטיאל, החופק שאַקי (תּר״ח). לויט דעם קומט אויס, אַז ער איז געווען דאָ רבֿ אין 1848, אַ צײַט פֿריִער פֿאַר ר׳ שמואל מאָהליווער. וצריך עיון.

נ. גינזבורג, **שארית נחמיה** (ווילנא, תּרס״ב); ט. סעגאַל, **עין טובה** (פּיעטרקובֿ, תּרע״ד) — האָבן אַ שײַכות מיט שאַקי.

**אָפּשטאָמיקע.** — ר׳ ברוך בר׳ יונה עטעלזאָהן, דאָ געבאָרן 1806. פֿון 1880 אין שיקאַגאָ, ווו ניפֿטר געוואָרן אין 1889. בעל **הגדה** מיט ביאור **תּקות ישׂראל** (וואַרשא, תּרכ״ח); **מדרש רבה על שיר השירים** עם ביאור **כּנפי יונה** (וואַרשא, תּרל״ו); **תּאמי צביה** (שיקאַגאָ, תּרנ״א).

ר׳ שלמה גאָרדאָן, געבאָרן 1850. רבֿ אין יעלינעווע, סוּוואַלקער געגנט, אַן ערך 10 יאָר פֿון 1872. שפּעטער רבֿ אין דרוזגעניק, כּמעט ביז דער צווייטער וועלט־מילחמה. בעל **בנין שלמה וזכרון יעקבֿ** (גראַיעווע, תּרס״ח).

ר׳ אַהרן פרידמאַן, דאָ געבאָרן 1855. באַקאַנטער חזן. 1882־1932 חזן אין בערלין. די דײַטשישע רעגירונג האָט אים געגעבן אַ ספּעציעלן טיטל פֿאַר זײַנע מוזי־קאַלישע פֿאַרדינסטן. געשריבן דײַטשישע ביכער: **געזאַנג אין שול און פֿאָרטרעטן וועגן באַרימטע חזנים**. געשטאָרבן 1932 אין בערלין.

ר׳ אײַזיק־לייב סטאָליאַר־סַפּיר, דאָ געבאָרן אין 1858. פֿון 1887 **רבֿ** אין אַדעלסק, 1892 אין קוזניצע, 1903־1921 אין ראַצק (סוּוואַלקער געגנט). שפּעטער מו״צ אין פּתח־תּקוה ביז זײַן פּטירה אין 1935. האָט העברעיִזירט זײַן נאָמען אויף ספּיר. זײַן פֿרוי איז די טאָכטער פֿון שאַקיִער אלחנן בר׳ דובֿ בערקאָווסקי.

מחבר פֿון **נס פּח השמן** (תּרמ״ג), **שרגא טובֿא** (תּרנ״ב), **ציון לנפֿש יקרה** (תּרנ״ג), **לקוי המאורות** (תּרנ״ד), **שרגי נפֿישי** (תּרנ״ט), **אַקלידא דרחמי** (תּרע״ג), **שרגא נהורא** (תּרע״ד), **שפֿך שיח** (תּרע״ד) — אַלע ווילנע. אַ בראָשור **כּבֿוד מלכים** (ווילנא, 1896) אַרויסגעגעבן לכבוד דעם קרוינונגטאָג פֿון ניקאָלײַ דעם צווייטן.

יצחק־לייב בר׳ **אַלכּסנדר** גאָלדבערג, געבאָרן דאָ אין 1860. פֿון די פּיאָנעריש־ציוניסטישע עסקנים אין רוסלאַנד און העברעיִשער נדבֿן. איינער פֿון די ערשטע חובֿבֿי־ציון אין ווילנע אין 1882 און פֿון די גרינדערס פֿון דער קאָלאָניזאַציע־חבֿרה „גאולה״. פֿון 1890 מורשה 25 יאָר פֿון אַדעסער ועד. דעלעגאַט פֿון ווילנע צום ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס. האָט אַ סך געשטיצט דעם **העולם**, מאָסקווער **העם** און געגרינדעט דעם **הארץ**, וואָס איז געוואָרן איינע פֿון די פֿאַרשפּרייטסטע צײַטונגען אין א״י־ישׂראל. אַ העלפֿט פֿון צוואה געלאָזן פֿאַר קרן־קיימת. דער העברעיִשער אוניווערסי־טעט אין ירושלים געפֿינט זיך אויף זײַן ערד. געשטאָרבן 1935 אין שווייץ.

באָריס גאָלדבערג, דאָ געבאָרן אין 1866. פֿון די פֿירנדיקע ציוניסטן אין אַמאָליקן רוסלאַנד. רעדאַקציע־מיטגליד פֿון **ראַזסוויעט, העולם, דאָס אידישע פֿאָלק**. פֿאַרעפֿנטלעכט אַ סך מאמרים אין לאָנדאָנער **די וועלט**. פֿון 1920 אין א״י. געשטאָרבן 1921 אין יפֿו.

ד״ר שמואל כּהן, מחבר פֿון **אות**

**ברית** [וועגן מילה], אַ שאַקיער. ער דערציילט דאָרטן: „מעשה שהיה בעירנו, עיר שאַקי״, אַרום 1880, מיט מערערע יידישע קינדער, וואָס זײַנען קראַנק געוואָרן פֿון מוהלס מציצה בעת מילה, עטלעכע קינדער זײַנען געשטאָרבן.

יהודה פֿין, דאָ געבאָרן 1866. איינער פֿון די אַרבעטער־פֿירערס אין ענגלאַנד און אַמעריקע. געשטאָרבן 1945 אין לאָנדאָן.

ר׳ מאיר ווערזבלאָווסקי, דאָ געבאָרן אין 1881. רבֿ אין שימאַנץ (לעבן קופּישאָק), דאַווידאָווקע (לעבן רעזשיצע, לעטלאַנד), סאַפּיזישאָק, קרוק (קראָק?), ווו אומגעקומען 1941, הי״ד. האָט הוספֿות צו ר׳ יצחק־אייזיק חבֿרס **בית יצחק** און אַ קונטרס **תּוספֿות מאיר** (קובנה, תּרפ״א) צו יענעמס **מסכת אצילות**. אַליין אַ קרוב צום מקובל חבֿר, אב״ד סוואַלק.

אסתּר רובינשטיין, דאָ געבאָרן 1885, פֿרוי פֿון ווילנער ראַבינער און סענאַטאָר יצחק רובינשטיין און טאָכטער פֿון רבֿ ר׳ ירמיהו פֿלענסבערג. געהאַט טיפֿע ידיעות אין תּנ״ך און תּלמוד. יונגערהייט געשאַפֿן „בנות ציון״ אין שאַקי. געהאָלפֿן גרינדן העברעיִשע שולן אין ווילנע.

יוסף־אירווינג פּאַסקאַל, געבאָרן 1890. עמיגרירט קיין אַמעריקע. האָט אויסגעפֿינסן אין אָפּטלמאָלאָגיע און האָט ענגלישע ביכער וועגן דעם.

יעקבֿ אָלייסקי, געבאָרן 1901. אַגראָנאָם. אָנגעפֿירט מיט די „אָרט״־שולן אין ליטע. פֿון 1949 אין ישׂראל, ווו געווען 17 יאָר אָנפֿירער פֿון „אָרט״. געשטאָרבן 1981 אין תּל־אָבֿיבֿ.

**שרײַבערס.** — נחמן־בער טעטלזאָן, דאָ געבאָרן 1828. פֿון די פּיאָנערן פֿון דער ייִדישער פּרעסע אין שיקאַגאָ און ניו־יאָרק. 1870 ארויסגעגעבן די ערשטע ייִדישע צײַטונג אין שיקאַגאָ **די איזראַעליטישע פּרעסע**, מיט אַ העברעיִשער הוספֿה **היכל העבֿריה**. שפּעטער זי אַריבערגעפֿירט קיין ניו־יאָרק, ווו ער איז געשטאָרבן אין 1920.

חנה ווורצעל, דאָ געבאָרן 1872. פֿון 1902 אין אַמעריקע. געדרוקט לידער אין **פֿאָרווערטס, טאַגעבלאַט, מאָרגען־זשורנאַל** א״אַ. אויטאָרין פֿון **הונדערט לידער**. (ניו־יאָרק, 1927).

חיים זאַקס, דאָ געבאָרן 1887. זשורנאַליסט, געשריבן פֿעליעטאָנען און אַרטיקלען אין קאָוונער ייִדישער טאָגפּרעסע. באַזונדערס זײַנען באַקאַנט זײַנע אַרטיקלען אונטערן פּסעוודאָנים ד״ר סימפּלטאָן אין **פֿאָלקסבלאַט**. אומגעבראַכט געוואָרן 1941, הי״ד.

יוסף אבֿן־אודם, דאָ געבאָרן 1907, זון פֿון ווילנער ראַבינער און סענאַטאָר יצחק רובינשטיין. פֿון 1933 אין ארץ־ישׂראל. ד״ר־מעדיצין. האָט וויכטיקע ביכער — גאַנצענע בענד — וועגן דער העברעיִשער טערמינאָלאָגיע אין מעדיצין און נאַטור־וויסנשאַפֿט: **ילקוט קצר** (תּ״א, תּשי״ב־תּשי״ז, 4 בענד) — אַ מין קיצור פֿון זײַן גרויסן בוך **על מונחי הרפֿואה**

**והטבֿע בעבֿרית**; פֿון זײַן עקציקלאָפּעדישן בוך **לשון לימודים** אַרויסגעגעבן נאָר צוויי בענד (תשי״ב־תשי״ט). אַנדערע ביכער: **על שׂפת לשון** (תש״ו), **בשוט לשון** (תשי״ט), **ספֿר הישר של מלחמות ה„סלע״ העבֿרית** (תשי״ט). געשטאָרבן 1962 אין הרצליה.

**קאָרעספּאָנדענטן**. — **המליץ**: יעקבֿ גאָרפֿינקל, חיים־צבֿי באלק, שמעון־יהודה שמולאָוויץ, שמעון בר׳ הלל גראָל, יוסף וויניעצקי. **הצפֿירה**: אַבֿרהם דובֿ בער כהן אײַזנדאָרף. **הד הזמן**, 1910: ש.ב.

**ניכבדים**. — ר׳ ברוך סג״ל, אין 1866 געשאַפֿן אייגענע ביבליאָטעק, וואָס האָט אַרויסגעגעבן ביכער צו לייענערס. געווען אויך אַ קלויז אויף זײַן נאָמען.

ר׳ שמריהו־יונה לעווינשטיין, פֿון די ראשי הקהילה. ניפֿטר 1891 אין עלטער פֿון 51 יאָר.

ח.ב. אייזענדאָרף, דאָזאָר (1895); ר׳ יחיאל־מיכל ווערזבלאָווסקי, ברודער [?] פֿון הרבֿ מאיר ווערזבלאָווסק; יצחק גאָרפֿינקל, משׂכּיל, געבעטן „חבֿרת מרבי השׂכלה״ אין פעטערבורג צו שיקן רוסישע צײַטונגען.

**ביבליאָגראַפֿיע**. — המגיד, 1866: 13; 1871: 46; 1872: 12, 30; המליץ, 1879: 20; 1883: 12; הצפֿירה, 1886: 39; המליץ, 1899: 146; שמואל כהן, אות ברית. קראקא, תרס״ג, ע׳ 213; **ענציקלאָפּעדיאַ פּאָוושעכנאַ**. וואַרשע, 1903, ז׳ 14; הד הזמן, 1910: 54;

א.א. פֿרידמן, ספֿר הזכרונות. ת״א, תרפ״ו, ע׳ 26; ישׂראל קלוזנר. ספֿר יובֿל העשׂרים של הגימנסיה העבֿרית בווילנא. ווילנא, תרצ״ו, ע׳ 73; דובער וואַכשטיין, מפֿתח ההספדים. ווילנא, תרפ״ז, ע׳ 43; **פֿון נאָענטן עבֿר**, I. וואַרשע, 1937, ז׳ 24; III., ז׳ 203; אידישע שטימע, 1937: 7271;

פנקס שיקאגו. שיקאגו, תשי״ב, ע׳ ל׳; י. פוגרמינסקי, ספֿר גאולה. ת״א, תשט״ז, ע׳ 231; ספֿר קיידאן, ת״א, 1977, ע׳ 210; חלקת מחוקק, חוב׳ ז׳; אגרות יל״ג, ב׳, ע׳ 435; ספֿר זכרון (לסוקולובֿ), ע׳ 83; תולדות חברת מרבי השׂכלה, א׳, 142, 155, 165; תולדות אנשי שם (ראנד), ע׳ 14, 135; יזכור־בוך סואוואלק, ז׳ 58, 129, 133, 174, 175, 179, 190.

ייִוואָ־בלעטער, XL, ז׳ 224; ד. תדהר, 293, 299, 483; דורות האחרונים, א׳, ע׳ 15; ב׳, ע׳ 111, 274; י.ד. קמזונס יהדות ליטא; ב. כהנס לעקסיקאָן, ז׳ 27; לעקסיקאָן, 2, 4, 6; ג. קרסל, 1; ספֿר הפרענומעראַנטן, 8408; יהדות ליטא, ג׳.

Bericht der Alliance Israelite, 11. Semester, 1872, p. 88; A. Janulaitis, Užnemunė po Prūsais. Kaunas, 1928, p. 112; A. Totoraitis, I., Sūduvijos Suvalkijos Istorija. Kaunas, 1938. p. 214, 622; Black Book.

# שוועקשנע

# ŠVEKŠNA

טאַווריקער קרײַז. פֿון די עלטערע ייִדישע ייִשובֿים אין ליטע. אין **פּנקס מדינת ליטא**, סימן תשצ״ט, תקנות תמ״ד [1684] ווערט דערמאָנט „ר׳ משה בה״ק מוהר״ר אלי׳ כ״ץ משוועקשין״. ניט געווען קיין אַנדער אָרט אין ליטע מיט אַן ענלעכן נאָמען („וועקשנע״ פֿלעגט מען אין אַמאָליקע כּתבֿים כּמעט אַלע מאָל שרײַבן

מיט אַ „ס״). ר׳ משה ווערט דערמאָנט ווי איינער, וואָס די מדינה קומט אים געלט. אַ מענטש ווערט ניט אַ גביר אין איין טאָג, קען מען משער זײַן, אַז ער האָט געלעבט אין שוועקשנע אַ גוטע פּאָר צענדליק יאָר פֿאַר 1684. דער „בה״ק״ קען מיינען „בהקדוש״, אַ קרבן פֿון אַ בלוט־בילבול.

אויסער די הויפּט־גלילים אין ליטע זײַנען געווען קלענערע מיט ווייניקער רעכט. איינע פֿון זיי איז געווען שוועקשנע והגליל.

סוף 1640ער איז שוין געווען דאָ אַ רבֿ — און אַ קהילה פֿון אַ מנין ייִדן נעמט ניט קיין רבֿ.

אין 1766 זײַנען געווען אין שוועקשנע 420 ייִדישע קאָפּשטײַער־צאָלערס — מיט גאָר אַלטע און קינדער אונטער 12 יאָר, וואָס זײַנען געווען באַפֿרײַט פֿון קאָפּשטײַער, קען דאָס זײַן איבער 500 ייִדישע נפֿשות. אין 1847 האָבן דאָ געוווינט 534 ייִדן, 1897 — 794, 1923 — 519 און פֿאַרן חורבן — בײַ 400.

די ייִדישע פּרנסות זײַנען געווען די געוויינלעכע: מיסחר, קרעמערײַ, מלאכה. אַ צאָל ייִדן האָבן צוגעשטוקעוועט צו זייער חיונה אַ גאָרטן אָדער אַ קו.

צווישן 1828 און 1913 זײַנען דאָ געווען 23 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

אין 1858 און 1861 זײַנען אויסגעבראָכן גרויסע שׂריפֿות. 130 הײַזער זײַנען אַראָפּ מיטן פֿײַער, געבליבן זײַנען 23.

אין אַ רשימה נעמען פֿון מנדבֿים אין 1872 פֿאַר ייִדישע הונגער־געליטענע אין ליטע זײַנען דאָ מערערע שוועקשנער. קלײַבערס: בן־ציון קאַמענעץ, עזריאל ראָכעס.

אין דרײַ ליסטעס — 1898, 1899, 1903 — מנדבֿים צו העלפֿן בויען ארץ־ישׂראל געפֿינען זיך אַ סך שוועקשנער. אין 1898 זײַנען די מורשים: אבֿ״ד שמואל־אבֿיגדור פֿײַוולזאָן, משה יאַקאָב. אין אַלע דרײַ ליסטעס איז דער מורשה אויך משה יאַנאָווסקי.

אויף אַן אַלטן בית־עולם אין ירושלים געפֿינען זיך די מצבֿות פֿון:

המופלג נפתלי בר׳ אלעזר ליפשיץ משוועקשנע, תרט״ז [1856].

עלקע בת הרב ר׳ יוסף משוועקסנע, תר״ל.

אריה בר׳ משה משוועקשנע, תרנ״ה (שו״ב).

אין די לעצטע טעג מײַ פֿון 1903 האָט דאָ געהערשט אַ שטימונג פֿון ערבֿ־פּאָגראָם. 5 טעג האָבן ייִדן געלעבט אין טויטשרעק. אַ באַרויִקונג איז געקומען נאָכן אַרײַנקום פֿון 3 פּריסטאַוון, 4 אוריאַדניקעס און 24 סאָלדאַטן.

**רבנים.** — ר׳ מנחם־מענדל הורוויץ, פֿון סוף 1640ער רבֿ שוועקשנע והגליל. געקומען אַהער פֿון פּאָדאָליע אין ת״ח (1648), ער מיט 5 ברידער און אַ שוועסטער.

ר׳ יוסף הלוי הורוויץ, ר׳ מנחם־מענדלס אייניקל. געווען אויך רבֿ אין האָזענפּוד און רבֿ הגליל במדינת קורלאַנד.

זײַן זון ר׳ אַהרן הורוויץ, אב״ד שקוד, איז ניפֿטר געוואָרן 1779 אין בערלין.

ר׳ יוסף יפֿה, מקובל. זײַן זון ר׳ צבֿי־הירש יפֿה, אב״ד שקוד.

ר׳ יששׂכר־בער גאַווראָנסקי, געבאָרן אין זאַגער. רבֿ אין שוקיאַן, פּאָפּעליאַן, שוועקשנע. ניפֿטר געוואָרן אין 1870. זײַנע זין: ר׳ אַבא־משה ראַבינאָוויץ [!], אב״ד פּאָפּעליאַן; ר׳ שמואל־יעקבֿ ראַבינאָוויץ, אב״ד יעלאָק.

ר׳ משה־יצחק בר׳ מְשולם־זלמן הלוי סג״ל, געבאָרן 1812 אין ראַסיין. רבֿ איןווינדוי, גאָלדינגען–קורלאַנד, שוועקשנע, קרעטינגע, טאַווריק, ליבאַווע (לעטלאַנד), פּלונגיאַן, פּאָנעוועזש, פּאַלאָנגע, אויגוסטאַווע (סוּוואַלקער גובֿ׳). הסכּמות אויף **תּורת העולה** להרמ״א, מאת ישׂראל יפֿה (קעניגסבערג, תּרי״ד); **אמונה והשגחה**, שמואל מסלוצק (1864).

ר׳ יקותיאל סאַלאַנטער [כּהן?]; ר׳ משה יפֿה, דערנאָך אב״ד וואָרנע. ניפֿטר 1896.

ר׳ אליהו הכּהן, אויסער שוועקשנע רבֿ אין אַנדערע שטעט אין ליטע. שפּעטער מ״מ אין ווילנע, פֿון 1876 מ״מ אין ירושלים, ווּ אויך געהאַט אייגענע ישיבֿה. ניפֿטר ירושלים [1878?] אין עלטער פֿון 57 יאָר.

ר׳ חיים־צבֿי בר׳ יהושע ברוידא, רבֿ אין אַליטע, נעמאָקשט, שוועקשנע, זאַגער. האָט שאלות־וּתשובֿות (פֿון תּרכ״ז) אין **עטרת יצחק** פֿון יצחק־אײַזיק אב״ד שאַוול. חיבורים: **שארית חיים** (ווילנע, תּרמ״א), **רוַח והצלה** (ווילנע, תּרמ״ו. געדרוקט מיט **מגילת אסתּר**), **אוצר חיים** (ווילנע, תּרנ״ט), **ארחות חיים** (ווילנע, תּרס״ג), **שיר חדש** (סט. לואיס, תּרפּ״ב, געדרוקט מיט **שיר השירים**). שווער פֿון ראובֿן־זעליג בענגיס, אב״ד קאַלוואַריע, און פֿון 1938 אב״ד האשכּנזים אין ירושלים.

ר׳ שמואל־אַבֿיגדור בר׳ ברוך פֿײַוולזאָן, געבאָרן 1859 אין ווײַגעווע. רבֿ אין בייסעגאָלע (פֿון 1885), שוועקשנע (ביז 1901), אַניקשט, פּלונגיאַן. ניפֿטר 1929 אין בערלין. זײַנע ברידער: ר׳ ישׂראל־בנימין, אב״ד בייסעגאָלע, שוקיאַן; ר׳ אליהו־מאיר, אב״ד קראָק, קופּישאָק.

ר׳ בן־ציון־זאבֿ בר׳ אַבֿרהם־אַבא קרעניץ, געבאָרן 1858. פֿון 1885 רבֿ אין ברעזניק, 1894 אין פּשעראָסלע — ביידע סוּוואַלקער געגנט, 1898 אין פּרען און פֿון 1903 אין שוועקשנע[1], ווּ ניפֿטר געוואָרן אין 1913. אָנגעפֿירט מיט אַ קיבוץ מופֿלגים. זײַן ברודער ר׳ ישׂראל־נתן רבֿ (אָדער מו״צ) אין לידווינאָווע. זייער פֿאָטער רבֿ אין טירקשלע, וואַרזשאַן, לידעוויאַן.

ר׳ ישׂראל־תּנחום פֿאָרטמאַן, נאָך שוועקשנע רבֿ אין זעזמער, ווּ אומגעקומען 1941, הי״ד.

ר׳ שלום־יצחק לעוויטאַן, געבאָרן 1880 אין איירַאגאָלע. 1908־1909 ממלא־מקום פֿון רבֿ אין וואָרנע,

1) יהדות ליטא, ג׳, ע׳ 311, רבֿ אין **וועקשנע** — טעות?

1910־1915 רבֿ אין מײַסיאַד. אין צײַט פֿון ערשטן וועלטקריג רבֿ אין אָסלאָ (נאָרוועגיע), שפּעטער אין שוועקשנע, ווו אומגעקומען אין 1941, הי״ד. חיבורים: **ילקוט הדרוש** (וואַרשאַ, תר״פ־תרפ״ז, מיט אליעזר־ליפּא ווײַסבלום); **דבֿרי שלום** (בודאַפּעשט, תרפ״ד); **סופת שלום יצחק** (פּיעטרקובֿ, תרפ״ז); **מנחת ש״י** (קיידאַן, תרצ״ח). מיטרעדאַקטאָר פֿון חודשניק **המגיד** (פֿאַר דרוש).

**אָפּשטאַמיקע.** — ר׳ מרדכי־אורי בר׳ אַהרן סאַמאָנאָוו, דאָ געבאָרן 1809. זײַן מאַמע חווה, טאָכטער פֿון גבֿיר ר׳ יוסף שוועקשנער. 1840 רבֿ אין שאַווי־לען [גיכער קורלאַנד, ניט שאַוולאַן], 1847 ווינדוי און פֿון 1855 רבֿ און קאַזיאָנער ראַבינער אין מיטאַווע, פֿון 1859 ווידער אין ווינדוי, ווו ניפֿטר געוואָרן 1864.

פֿון הרבֿ החסיד ר׳ אַבֿרהם שוועקשנער איז אויסגעוואַקסן די מישפּחת החסידים הגאונים ר׳ שימעלע בירזער, ר׳ שמואלקע טעלזער, ר׳ משה מיינעס פֿון קראָזש און ר׳ צמח דראָביאַנער. ר׳ אַבֿרהם איז ברודער פֿון הגאון ר׳ דוד, איידעם פֿון ר׳ זאבֿ־וואָלף ליפּקין, אבֿ״ד טעלז.

ר׳ שמואל־יעקבֿ ראַבינאָוויץ בר׳ יששׂכר־בער גאַוואָראָנסקי. דאָ געבאָרן אין מיטן נײַנצנטן יאָרהונדערט. זײַן גאַנץ לעבן רבֿ אין יעלאָק. ניט געוואָלט אָננעמען קיין רבנות אין אַ גרעסערער שטאָט, עס זאָל אים ניט שטערן אין לערנען. זײַן ברודער ר׳ אַבאַ־משה ראַבינאָוויץ, רבֿ אין פּאָפּע־ליאַן. חיבורים: **המזכּיר** (ווילנא, תרנ״ח), **מבֿצרי הדת** (ווילנא, תרס״ד), **באר יעקבֿ** (דאָרטן), **משפּטי שמואל** (ווילנא, תרע״ד).

ברוך־בענדעט גאַוואָראָנסקי, דאָ געבאָרן 1851 אָדער 1852. פֿילאָנטראָפּ אין מאָסקווע, איידעם פֿון ק.ז. וויסאָצקי. אויטאָר פֿון **אוצר לשון המקרא והתּלמוד** (מוסקבֿה־פּאַריס, תּרפ״ד). געשטאָרבן 1908 אין מאָסקווע. פֿאָטער ר׳ **יששׂכר־בער** דאָ אבֿ״ד.

„הרבֿ הגדול החכם המדיני״ ר׳ אלחנן בר׳ יקותיאל סאַלאַנטער קאַהאַן. דאָ געבאָרן. חתונה געהאַט אין סאַלאַנט. תּלמיד־חבֿר פֿון ר׳ זונדל סאַלאַנטער און ר׳ ישׂראל סאַלאַנטער. געלעבט 32 יאָר אין פּעטערבורג, ווו געפֿירט גרויסע מיסחרים. למדן, בעל־צדקה, בעל־מידות. ניפֿטר 1879 אין ווילנע.

משה ראָבינסאָן, דאָ געבאָרן 1885. באַוווסטער דאָקטער, שפּעטער אין ברוקלין. רעדאַקטער פֿון ענגלישן אָפּטייל אין **די ברוקלין־בראָנזוויל פּאָסט**.

אין שוועקשנע איז געוועזן אַן איידעם פֿון ר׳ אַבֿרהמעלען, ברודער פֿון ווילנער גאון.

שלמה שטיינבערג, געבאָרן דאָ 1891. פֿון 1903 אין פֿילאַדעלפֿיע. יִידישער פּיעסן־שרײַבער און אַקטיאָר. אָנגעשריבן ביי אַ צוויי צענדליק פּיעסן, וואָס זײַנען ניט געדרוקט געוואָרן, אָבער אַלע זײַנען געשפּילט געוואָרן אויף דער יִידישער בינע אין אַמעריקע: **סודות פֿון ליבע, גאָט פֿון ליבע, אַ חבֿר אין לעבן** — 1918; **וואָס יעדער מיידל דאַרף וויסן** (1919); זײַן

**ברודערס ווײַב, ווי מיידלעך ליבן** — 1920; **בלינדע פֿרויען** (1921), **פֿאַרגעסענע מאַמעס** (1922); **חײַקע אין זיבעטן הימל** (1923); **דעם רבינס חשק** (1924); **אַ לעסאָן אין ליבע** (1926); **אַ חזנדל אויף שבת** (1927); **זײַן ערשטע פֿרוי** (1928); **אַ ווײַבעלע ווי מײַן מאַמע** (1930); **מינקע פֿון בראָדוויי** (1936); **די פֿריילעכע זינגערין** (1937) א״אַ. געשטאָרבן 1938 אין ניו־יאָרק.

א. בלאָך האָט געשריבן קאָרעס־פּאָנדענציעס אין **הצפֿירה** און מנחם־אליה פֿאַכמאַן אין **הכּרמל**.

דאָ האָט אַ צײַט געוווינט ר׳ יוסף־יוזל הורוויץ מיט זײַן גרויסער מישפּחה. אויף אויסצוהאַלטן זי האָט ער זיך פֿאַרנומען מיט מיסחר, געהאַנדלט מיט סחורה פֿון דערבײַיִקן מעמל. דאָרטן זיך געטראָפֿן איין מאָל מיט ר׳ ישׂראל סאַלאַנטער און געוואָרן אַ גרויסער בעל־מוסר, מיט אַ גאָר עקסטרעמער שיטה. געשאַפֿן כּוללים און ישיבֿות אין רוסלאַנד, ווײַס־רוסלאַנד און אוקראַיִנע. געהאַט טויזנטער תּלמידים. געבאָרן געוואָרן אין פּלונגיאַן 1848 און ניפֿטר געוואָרן 1919 אין קיִעוו. 1963 איז זײַן אָרון אַריבערגעפֿירט געוואָרן קיין ירושלים.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המליץ, 1863: 44; המגיד, 1872: 26; 1879: 27; החבֿצלת, תּרל״ט: 7; המליץ, 1898: 180; 1899: 216; 1903: 60, 120; א.ל. פֿרומקין, תּולדות אליהו, ווילנא, תּר״ס, 3; מ. גערץ, מוסרניקעס. ריגע, 1936, ז׳ 21; אידישע שטימע, 1937: 7271; קהלת שקוד, ספֿר זכּרון. תּל אביב, תּשי״ח; זלמן זילבערצווײַג, לעקסיקאָן פֿון יידישן טעאַטער. נ״י, 1963. באַנד 4;

עיר ווילנא, 263; חלקת מחוקק, חוב׳ ז׳, חוב׳ ט׳; תּולדות ישיבֿת היהודים בקורלאַנד, 64, 87, 156; לקורות עיר ראַסיין, י״א, כ״ג, כ״ו; אהלי שם, 202; דורות האחרונים, 123, 316; לתּולדות היהודים בליטא־זאַמוט, 42; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 8461; יהדות ליטא, א׳, ג׳.

Black Book; Biuletyn Żydowskiego Instytutu Historycznego W Polsce. no. 141, p. 32.

## שוקיאַן ŠAUKĖNAI

שאַוולער קרײַז. איינער פֿון די אַלטע ייִשובֿים אין ליטע. דער בית־כּנסת איז איינער פֿון די עלטסטע שולן אין לאַנד. סײַ די שול, סײַ איר אָרון־קודש זײַנען פֿון די שענסטע אין ליטע[1].

אין 1766 זײַנען דאָ געווען 177 ייִדישע קאָפּשטייער־צאָלערס. אין 1847 האָבן דאָ געוווינט 569 ייִדן, 1897 — 624, 1914 — אַרום 500, 1923 — 324 און פֿאַרן חורבן — בײַ 250.

ייִדן האָבן זיך באַשעפֿטיקט מיט קרעמערײַ, מלאכה און אַ סך מיט קאַראַבעלניקערײַ. טייל האָבן צוגעשטוקעוועט צו חיונה פֿון בײַשטוביקער ווירטשאַפֿט.

---

1) זײַן בילד געפֿינט זיך אין בוך פֿון G. Lukomski, Jewish Art in European Synagogogues. London, 1947. p. 144. געפֿינט זיך אויך אין **אידישע בילדער** (ריגע, 1937; 16). באַקאַנטער פּוילישער מאָלער דאָבושינסקי האָט געמאָלן דעם בית־כּנסת.

אין אַ רשימה בײַשטײַערערס פֿאַר ייִדישע נויט־לײַדנדיקע אין הונגעריאַר פֿון 1870 אין ליטע געפֿינען זיך מערערע שוקיאַנער. קלײַבער: זאבֿ זאַקס.

אין 1891 איז אויסגעבראָכן אַ גרויסע שׂריפֿה, וואָס האָט אָפּגעשוואַכט די אַזוי אויך בידנע ייִדישע פּרנסות אין שטעטל.

צווישן 1898 און 1928 זײַנען דאָ געווען 48 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

**רבנים.** — ר׳ יששׂכר־בער גאַוואָראָנסקי, געבאָרן אין זאַגער. פֿריִער רבֿ אויך אין פּאָפּעליאַן, שוועקשנע. זײַנע זין: ר׳ שמואל־יעקבֿ ראַבינאָוויץ, אבֿ״ד יעלאָק; ר׳ אַבא־משה ראַבינאָוויץ, אבֿ״ד פּאָפּע־ליאַן.

ר׳ יצחק־יעקבֿ ריינס, געבאָרן 1840 אין קאַרלין. פֿון 1867 ביז 1869 דאָ, שפּעטער רבֿ אין סווענציאַן און פֿון 1884 אין לידע, ווּ ניפֿטר געוואָרן אין 1915. איידעם פֿון ר׳ יוסף ראָזין, אבֿ״ד טעלז. פֿון די גרונטלייגערס פֿון דער „מזרחי״־אידיי און גרויסער קעמפֿער פֿאַרן ציוניזם. אין זײַן ספֿר **אור חדש על ציון** ווײַזט ער אויף, אַז די אַלע טענות פֿון פֿרומע ייִדן קעגן ציוניזם האָבן ניט קיין יסוד אין דער תּורה און אין לאָגיק. אין לידע האָט ער אויפֿ־געשטעלט אַ ישיבֿה, ווּ מען האָט געלערנט תּורה מיט אַלגעמיינע לימודים, אַ רעוואָ־לוציאָנערע אידיי אין יענער צײַט. מחבר פֿון צענדליקער ספֿרים, וואָס נאָר אַ טייל זײַנען געדרוקט: **עדות ביעקבֿ** (ווילנא, תּרל״ב, דרוש), **עדות ביעקבֿ** (דאָרט, שו״ת), **דרך בים** (מאַגענצאַ, תּר״מ), **שערי אורה** (ווילנא, תּרמ״ו), **אורים גדולים** (ווילנא, תּרמ״ז), **נאֹד של דמעות** (ווילנא, תּרנ״א), **אור שבֿעת הימים** (ווילנא, תּרנ״ב), **אורה ושׂמחה** (ווילנא, תּרנ״ח), **אור חדש על ציון** (ווילנא, תּרס״ב), **קול יעקבֿ** (לידא, תּרס״ח), **משכּנות יעקבֿ** (לידא, תּר״ע), **אור לאַרבעה עשׂר** (פּיעטרקובֿ, תּרע״ג), **שני המאורות** (דאָרט).

ר׳ נחום־מיכל כּהנא. 1872 נאָך געווען דאָ רבֿ. געווען רבֿ אויך אין פּאַלאָנגע. נאָך אים איז אויסגעבראָכן אַ מחלוקת וועגן אַ נײַעם רבֿ.

ר׳ יוסף־אליהו פֿריד, געבאָרן אין קראַקינאָווע. דאָ רבֿ פֿון 1875 ביז 1891, ווען עמיגרירט קיין אַמעריקע. מו״צ אין ניו־יאָרק. זײַן פֿאָטער ר׳ יהודה־לייב, זון פֿון ר׳ משה־מישל לוריא, אבֿ״ד קראַקי־נאָווע. חיבורים: **אהל יוסף** (נ״י, תּרס״ג), **אלומות יוסף** (ירושלים, תּרס״ט).

ר׳ יעקבֿ בר׳ יהודה־לייב פּראַל־געווער, געבאָרן 1861. פֿון 1890 רבֿ אין ווײַגעווע, שפּעטער אין שוקיאַן. מחבר פֿון **דבֿרי יעקבֿ, נחלת יעקבֿ.**

ר׳ ישׂראל־בנימין־בענדעט פּײַוולסאָן, געבאָרן 1865 אין ווײַגעווע. פֿון 1898 רבֿ אין בייסעגאָלע, בעתן ערשטן וועלטקריג אין אַלעקסאַנדראָוווסק (אוקראַיִנע) און דערנאָך אין וואַרזשאַן און שוקיאַן. פֿון די גרינדערס פֿון „אַגודת ישׂראל״ אין ליטע. ניפֿטר געוואָרן ה׳ סיוון, תּרצ״ז אין שאַוול. זײַן איידעם ר׳ יעקבֿ

וואָלפּע, אב״ד אוזווענט. חיבורים: **לבני ישׂראל**. דרושים. (גראַיעוואַ, תּרס״ח), **סגולת ישׂראל** (וואַרשא־קובֿנה, תּרע״א־תּרפּ״ט), **צרור החיים** (וואַרשא, תּרע״ד), **מוסר ישׂראל** [מיטן טעקסט פֿון **פּרקי־אבֿות**] (קובֿנה, תּרפּ״ג).

**ניכבדים.** — ש״צ ושו״ב ר׳ אַבֿרהם־שמואל בר׳ שלמה; ר׳ אַריה־לייב בר׳ צבֿי־ברוך־אַבֿרהם („טשלען אופּראַווא״ — מיטגליד פֿון שטאָט־פֿאַרוואַלטונג); ר׳ זוסמאַן פֿײַנבערג („פֿאַווערעניע קאַראָבקאָ״ — קאַראָבקע־משגיח); ר׳ שמואל לעווין, ר׳ הירש רעזניקאָוו, ר׳ צבֿי בר׳ יהושע מאַלקין, געהילף־ראַבינער.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המגיד, 1872: 18; המליץ, 1891: 169, 190; אידישע בילדער, ריגע, 1937: 16; הײַנטיקע נײַעס, 1937: 779; יאָר־אײַן, יאָר־אויס, קאונאַס, 1939, ז׳ 221; אהלי שם, 203, 356; חכמי ישׂראל באַמריקא, ע׳ 79; דורות האחרונים, ב׳, 104; ספֿר הפּרענומע־ראַנטן, 8477; יהדות ליטא, ג׳.
Biuletyn Żydowskiego Instytutu Historycznego W Polsce. Warszawa, 1987. nr. 141. (אַרטיקל וועגן זאַמעט) Black Book.

## שידלעווע ŠILUVA

ראַסיינער קרײַז. ייִדן האָבן דאָ געלעבט פֿון אַרום אַכצנטן יאָרהונדערט. זיי האָבן זיך פֿאַרנומען מיט קלייןהאַנדל, קרעמערײַ, מלאכה און לאַנדווירטשאַפֿט. שידלעווע איז געווען אַ הייליק אָרט פֿאַר קאַטאָליקן. איין וואָך אין יאָר פֿלעגט דאָ זײַן אַ צונויפֿקום פֿון צענדליקער קאַטויליש „עולי־רגלניקעס״, און דאָס איז געווען אַ גוטע „אײַנשפּריצונג״ פֿאַר דער ייִדישער עקאָנאָמיק.

אין די 1850ער יאָרן זײַנען לעבן שידלעווע געגרינדעט געוואָרן עטלעכע ייִדישע קאָלאָניעס, וואָס האָבן באַקומען אומזיסט ערד פֿון דער צאַרישער רעגירונג. אין זיי האָבן זיך קאָלאָניזירט מערערע ייִדישע מישפּחות פֿון שידלעווע.

אין 1847 האָבן דאָ געוווינט 245 ייִדן, אין 1897 — 506, 1923 — 365 און פֿאַרן חורבן — בײַ 250. 1915 האָט דאָס שטעטל דורכגעמאַכט גירוש ליטע.

צווישן 1842 און 1913 זײַנען דאָ געווען 36 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

אין 1899 איז דאָ געשאַפֿן געוואָרן אַן אגודה ציונית. אין דרײַ רשימות מנדבֿים פֿון 1899, 1900 און 1903 צו העלפֿן בויען ארץ־ישׂראל געפֿינען זיך מערערע שידלעווער. די מורשים: אליעזר־אַריה קאַפּלאַן, יעקבֿ מאיראָוויץ, משה מאָורשאָוויץ, נטע שיין.

אויף אַן אַלטן ירושלימער בית־עולם איז דאָ אַ מצבֿה פֿון הרבֿ שמואל בר׳ ברוך משידלעווע, תּרל״ח.

**רבנים.** — ר׳ צבֿי־יהודה, אין די 1840־1850ער יאָרן. ניפֿטר געוואָרן 1856. פֿאָטער ר׳ אַבֿרהם־אַבלי ראָזאַנוס, מחבר פֿון **זכרון אַבֿרהם** (**אויף הגדה**), אַן אייניקל פֿון אַבֿרהם־אבלי, חסיד פֿון קראָזש. זין פֿון ר׳ צבֿי: ר׳ ברוך־מנחם און ר׳ משה־אַבֿרהם פֿון ראַסיין.

ר׳ יוסף פּאַגראַמאַנסקי, נאָך שידלעווע רבֿ אין פּושאַלאַט, ווו אומגע־קומען אין 1941, הי״ד.

ר׳ בן־ציון־יעקבֿ בר׳ ישׂראל לעוויטאַן, געבאָרן 1865. פֿון 1899 רבֿ אין ציטעוויאַן און פֿון 1903 36 יאָר אין שיד־לעווע, ווו ניפֿטר געוואָרן י״ב כּסלו, תּרצ״ט. האָט הסכּמה אויף **שם הגדולים השלישי**, משה מאַרקאָוויץ (ווילנא, תּר״ע).

**אָפּשטאַמיקע.** — אַהרן פֿראַנק, דאָ געבאָרן אין 1889. געלעבט מערסטנס אין שאַוול. געשריבן סיפּורים און מאמרים אין העברעיִש און ייִדיש, אויך קינדער־דראַמקעס. איבערגעזעצט ביכער פֿאַרן שטיבל־פֿאַרלאַג. אומגעקומען 1945 אין דאַכאַו.

ר׳ מנחם־מענדל־יוסף זאַקס בר׳ יעקבֿ־מרדכי, דאָ געבאָרן אין 1898. איידעם פֿון חפֿץ־חיים. 1926־1940 ר״מ ונשׂיא פֿון „כּולל קדשים״ פֿון חפֿץ־חיים, 1941 זיך געראַטעוועט קיין אַמעריקע. אין ניו־יאָרק געשאַפֿן „ישיבֿת חפֿץ־חיים מראַדין״. פֿון 1946 איינער פֿון די הויפּט־ר״מים אין ישיבֿת ר׳ יצחק־אלחנן אין ניו־יאָרק (אין אַ ליסטע נדבֿות פֿאַר כאָלערע־געטראָפֿענע אין רוסישע שטעט אין 1891 איז דאָ דער נאָמען נתן־יוסף זאַקס פֿון שידלעווע).

משה בערמאַן משידלובֿה האָט געשריבן חידושי־תּורה אין סלאַבאָדקער **כּנסת ישׂראל** (תּרצ״ט).

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המליץ, 1899: 137; 1900: 35; 1903: 60; יאָר־איין, יאָר־אויס, קאָוונע, 1939; אהלי שם, 204; תּולדות אנשי שם, 46, 111; חלקת מחוקק; במשעולי החינוך, ט׳, ע׳ 35, קובֿנה; ספֿר הפּרענומע־ראַנטן, 8534; יהדות ליטא, ג׳.
Recueil de Matériaux sur la Situation economique des Israelites de Russie. Paris, 1906, II. p. 367; Black Book.

## שילוטע (היידעקרוג)

שטעטל, טאַווריקער קרײַז, האַרט בײַ דער פּרײַסישער גרענעץ. פֿאַרן ערשטן וועלטקריג און אויך אין דער נײַער ליטע איז דאָ געווען אַ נישקשהדיקער ייִדישער ייִשובֿ. אין 1938 זײַנען דאָ געווען מערערע ייִדישע בעלי־מלאכות — אַ סימן, אַז דאָ האָבן געלעבט ניט־וויניק ייִדישע מישפּחות. דאָ זײַנען אומגעקומען ניט נאָר די אָרטיקע ייִדן, נאָר אויך ייִדן פֿון אַרומיקע שטעטלעך.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — דער אידישער האַנטווערקער, 1938.

## שילעל ŠILALĖ

טאַווריקער קרײַז. ייִדן האָבן דאָ געוווינט זינט דריטן פֿערטל פֿון זיבעצנטן יאָרהונדערט. אין 1662 זײַנען דאָ געווען צוויי ייִדישע מענער מיט צוויי פֿרויען און קינדער. אין 1847 האָבן דאָ געלעבט 747

ייִדן, 1897 — 786, 1923 — 670 און פֿאַרן חורבן — בײַ 350.

ייִדישע פּרנסות: קרעמערײַ, מלאכה, קאַראַבעלניקערײַ. אַ צאָל ייִדן האָבן געהאַנדלט מיט פֿלאַקס און וואַלד.

צווישן 1839 און 1876 זײַנען דאָ געווען 49 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

אין הונגעריאָר 1869 האָט שילעל באַקומען 50 רובל פֿון ייִדישן הילף־קאָמיטעט אין מעמל. אין 1871 האָבן שילעלער ייִדן אַליין געהאָלפֿן ייִדישע שטעטלעך אין ליטע, וואָס זײַנען געטראָפֿן געוואָרן פֿון הונגער, ווי עס ווײַזט אַ רשימה מנדבֿים פֿון יענעם יאָר.

אין דרײַ ליסטעס מנדבֿים פֿון 1898 צו העלפֿן בויען ארץ־ישׂראל געפֿינען זיך מערערע שילעלער. מורשים: יעקבֿ לעווינזאָן, יעקבֿ כּהן, זיסל נאָוויץ.

1906 האָט אַ שׂריפֿה חרובֿ געמאַכט אַ גרויסן טייל שטעטל.

**רבנים.** — ר׳ אַהרן פּינסקער (ר׳ אַרעלע קרעטינגער), דערנאָך רבֿ אין קרעטינגע און פּינסק. בעל **תּוספֿות אַהרן** (קאָניגסבערג, תּרי״ח). ניפֿטר 1842 אין פּינסק.

ר׳ בנימין בר׳ יחיאל ראַבינאָוויץ, געבאָרן 1812 אין שקוד. 1832־1852 רבֿ אין פּיקעלן, 1853־1859 אין שילעל, צוויי יאָר אין איירעאָגאַלע און פֿון 1861 ביז זײַן פּטירה 1870 אין ווילקאָמיר. זין: ר׳ אליהו־דוד ראַבינאָוויץ־תּאומים (האדר״ת), אבֿ״ד פּאָנעוועזש און מיר; ר׳ צבֿי־יהודה ראַבינאָוויץ, אבֿ״ד אייראַגאָלע. געלאָזן אַ סך ספֿרים אין כּתבֿ־יד.

ר׳ דובֿ־בער ראַבינאָוויץ, אַרום 1859־1863. פֿאָטער פֿון ר׳ אליהו־עקיבֿא ראַבינאָוויץ, פּאָלטאַווער רבֿ. מחבר פֿון **דבֿר אמת** (פּאָלטאַוואַ, תּרע״ג).

ר׳ אַבֿרהם בר׳ שלמה־זלמן ראַבינאָוויץ, געבאָרן 1825 אין נײַשטאָט־טאַווריק. 20 יאָר רבֿ אין נײַשטאָט־טאַווריק, פֿון 1864 ביז 1889 אין שילעל, פֿון 1890 ביז זײַן פּטירה 1893 אין שיקאַגאָ. ר׳ אַבֿרהמען גערופֿן „שילעלער עילוי״. בעל **זכרון אַבֿרהם**[1].

ר׳ שאול (שמואל?) בר׳ אַבֿרהם קאַצענעלענבויגן, געבאָרן 1841. פֿון 1890 ביז זײַן פּטירה אין 1903. אָפּצווײַג פֿון „כּנסת יחזקאל״.

ר׳ יוסף־יהודה דרויאַ, 1914־1920; ר׳ כָּלבֿ־מאיר זיוו, דערנאָך רבֿ אין מײַסיאַד, הי״ד; הרבֿ ברוי, אין די 1930ער .

**אָפּשטאַמיקע.** — ד״ר שמואל מענדעלסאָן, דאָ געבאָרן 1850. ראַבײַ אין נאָרפֿאָלק און ווילמינגטאָן—אַמעריקע. אויטאָר פֿון אַ פּאָר ענגלישע ביכער, איינס וועגן קרימינעלער יוריספּרודענץ בײַ די אַלט־העברעער.

---

1) אויף אַ מצבֿה אין ירושלים — פֿון אַרום 1880ער יאָרן — איז אָנגעגעבן: אברהם צבי בר׳ יעקב יעקיל שהיה אב״ד דשילעל, בעל **שואל אמת ומשאת יעקב**. — אַ מצבֿה איז דער באַגלייבטסטער עדות, אָבער עס האָט זיך ניט אײַנגעגעבן צו געפֿינען פּרטים וועגן אים.

ר׳ ישׂראל בר׳ נחמן קאַפּלאַן, דאָ געבאָרן 1857. פֿון 1889 מו״צ אין בית־דין פֿון הרבֿ ר׳ יעקב יוסף אין ניו־יאָרק, וווּ ניפֿטר געוואָרן 1917.

ר׳ אליהו־עקיבֿא ראַבינאָוויץ. דאָ געבאָרן 1861. רבֿ אין פּיאָנטניצע (לאָמזער גובערניע), קנישין (גראָדנער גובערניע), פּאָלטאַווע. אַ סך תּורהדיקע מאמרים אין העברעיִשער פּרעסע. גרויסער קעגנער פֿון ציוניזם, געפֿירט אַ קאַמף קעגן דעם אין זײַנע רעדאַקטירטע **הפּלס** און **המודיע**, ווי אויך אין זײַנע שריפֿטן: **ציון במשפּט או השקפה רעיונית על הציונות** (ווילנא, תּרנ״ח) און **וענתה בי צדקתי** (וואַרשאַ, תּר״ס).

ד״ר יהודה בר׳ מנחם מענדעלסאָן, דאָ געבאָרן 1869. פֿון 1890 רבֿ ומטיף אין פֿאַרשיידענע קהילות אין ענגלאַנד און צום סוף אין לאָנדאָן.

ר׳ זכריה־לייב בר׳ זלמן לאורענץ, דאָ געבאָרן. יונג אַוועק קיין ענגלאַנד. רבֿ און מגיד אין סאנדערלענד און פֿון 1904 אין בלומפֿאונטיין.

הצדיק ר׳ הירשעלע שילעלער, זיידע פֿון ר׳ בנימין גיטעלזאָן, אב״ד אוזווענט, טראַשקון, קליוולענד.

ר׳ יצחק שילעלער, ברודער פֿון ר׳ יהושע־זעליג אַשכּנזי בר׳ לייב, אב״ד יורבורג און פּילטען (קורלאַנד).

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המגיד, 1871: 25; א. אפרתי, דור ודורשיו. ווילנא, תּרמ״ט. ע׳ 57; הצפֿירה, 1893: 221; המליץ, 1898: 102, 132, 250; תּולדות ישיבֿת היהודים בקורלאַנד, ע׳ 53, 145. דורות האחרונים, ב׳, 299; ספֿר היובל של אגודת הרבנים, ע׳ קמ״ה; אהלי שם, 204, 367, 458, 482; חלקת מחוקק, חוב׳ ז׳; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 4545; יהדות ליטא, ג׳.

Jewish Encyclopedia, viii, p. 475; X. pp. 268, 303; M. Gutstein, A Priceless Heritage. N.Y., 1953, p. 129; Biuletyn Żydowskiego Instytutu historycznego W Polsce. Warszawa, 1987, no. 141, p. 32; Black Book.

## שימאַנץ (שימאַנצע)

## ŠIMONIS

אַ קליין שטעטעלע לעבן קופּישאָק, פּאָנעוועזשער קרײַז. פֿון מיטן נײַנצנטן יאָרהונדערט האָט דאָ עקסיסטירט אַ קליינע קהילה. אין **זכר חיים** פֿון חיים־נתן בר׳ משה (1898) איז דאָ אַ רשימה פֿון 11 פּרענומעראַנטן פֿון שימאַנצע.

אין 1915 האָט שימאַנץ אויסגעמיטן דעם גירוש־ליטע, אָבער איז פּאָגראָמירט געוואָרן פֿון קאָזאַקן.

1923 האָבן דאָ געוווינט 79 ייִדן.

אין 1938 זײַנען דאָ געווען עטלעכע בעלי־מלאכות, אַ סימן פֿון ייִדישע מישפּחות. אויסגעהאַלטן ביזן חורבן.

1904 איז דאָ געווען רבֿ ר׳ שמעון בר׳ אַבֿרהם ראָזאָווסקי, געבאָרן 1875 אין קאַפּולע (מינסקער גובערניע).

---

1) אין **יהדות ליטא**, ד׳, רעדט זיך וועגן אַ שטעטל לעבן קופּישאָק, וואָס איין מאָל ווערט עס אָנגערופֿן שימונאַי, אַ צווייט מאָל שימנאַי.

שפעטער רבֿ אין קאַפּולע, פֿון 1920 אין איישישאָק, ווו אומגעקומען 1941, הי״ד. געשריבן אַ סך מאמרים אין ציוניסטיש־רעליגיעזע צײַטונגען.

פֿון 1910 איז געווען רבֿ ר׳ חיים־דובֿ בר׳ יהודה־צבֿי האָלאַנד.

אַרום צווייטן צענדליק פֿון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט איז דאָ געווען רבֿ ר׳ מאיר ווערזבלאָווסקי, געבאָרן 1881 אין שאַקי. דערנאָך רבֿ אין דאַווידאָוועקע (לעבן רעזשיצע, לעטלאַנד), סאַפּיזישאָק, קראָק, ווו אומגעקומען 1941, הי״ד. האָט הוספֿות צו ר׳ יצחק־אײַזיק חבֿרס **בית יצחק**. אַרויסגעגעבן **מסכת אצילות** מיט חבֿרס פּירוש **גנזי מרומים** און זײַן אייגענעם קונטרס **תּוספֿות מאיר** (קובֿנה, תּרצ״א).

**ביבליאָגראַפֿיע.** — דער אידישער האַנטווערקער, 1938; אהלי שם, 205, 379; יהדות ליטא, ג׳; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 8555.

# שירווינט

# ŠIRVINTAI

ווילקאָמירער קרײַז. ייִדן האָבן אָנגעהויבן זיך באַזעצן דאָ אָנהייב אַכצנטן יאָרהונדערט. תּחילת זײַנען דאָס געווען אַרענדאַטאָרס פֿון פּריצישער ערד, שענקערס און בעלי־אכסניות, מיט דער צײַט האָט די שטעטלשע עקאָנאָמיק זיך באַזירט אויף די געוויינלעכע ייִדישע פּרנסות: קרעמערײַ, מלאכה און קליינהאַנדל. עטלעכע מישפּחות האָבן געצויגן חיונה פֿון לאַנדווירטשאַפֿט.

אין 1847 האָבן דאָ געוווינט 216 ייִדן, 1897 — 1413, 1923 — 1053 און פֿאַרן חורבן — בײַ 700. אין 1915 האָט שירווינט דורכגעמאַכט דעם גירוש־ליטע.

צווישן 1834 און 1895 זײַנען דאָ געווען 44 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

אין 1881 איז דאָ געווען עקאָנאָמיש זייער שלעכט, האָט מען געשאַפֿן אַ „לחם עניים״.

אין אַ רשימה פֿון 371 ייִדישע עמיגראַנטן קיין אַמעריקע פֿון 1869—1878 געפֿינען זיך די שירווינטער: ע. סעגאַל, י.ב. אָפּענהיים, ע. פֿאַלעמבוים, ב. און מ. קאַבאַקער, ס. אָרזשאַלקאָווסקי, ט. בובטעלסקי, מ. מאַנהיים.

בעת וואַלן אויף סטאַראָסטאָ אין 1884 זײַנען דאָ פֿאָרגעקומען גרויסע געשלעגן צווישן די אָנהענגערס פֿון קאַנדידאַט משה הורוויטש און דעם קאַנדידאַט ב. פֿייקין.

אין 1887 איז דאָ פֿאַרגרעסערט געוואָרן די צאָל ייִדישע סאָלדאַטן אין היגן גאַרניזאָן פֿון 5 אויף 25. דער „מאכל

כּשר״ פֿאַר זיי איז אויסגעברייטערט געוואָרן. אַ פֿאַרגרעסערטע צאָל סאָלדאַטן האָט זיך גוט אָפּגערופֿן אויף די היגע יידישע פּרנסות.

אין 1893 איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ חבֿרה „רפֿואה שלמה״, וועל עס האָט זיך פֿאַרשפּרייט אַ קראַנקייט מיטן נאָמען קרילאָווקע.

צוליב דער נאָענטקייט פֿון גרענעץ איז אָנהייב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט אָנגעגאַנגען אַ גרויסע קאָנטראַבאַנדע מיט רעוואָלוציאָנערער ליטעראַטור. שירווינט איז געווען פֿון די הויפּטנעסטן פֿאַר דעם.

**רבנים.** — ר׳ יצחק בר׳ אַריה גראָדזענסקי, געבאָרן 1801 אין פּאָדזעלווע. 7 יאָר דאָ רבֿ, שפּעטער ר״מ אין אַנטאָקאָליע און מו״ץ אין ווילנע, וווּ ניפֿטר געוואָרן אין 1867. באַקאַנט אונטערן נאָמען „ר׳ איצעלע שירווינטער״. זיין זון ר׳ אליהו־אליעזר מו״ץ אין ווילנע. ר׳ יצחקס זיידע ר׳ יהודה רעמיגאָלער.

ר׳ יצחק־אליעזר־ליפּא שערעשעווסקי, געבאָרן 1840 אין ווילנע. פֿון 1864 רבֿ אין סילעצניק, 1869־1882 אין שירווינט, 1883 אין זאָסלע און 1889 אין נעסוויזש. ניפֿטר 1920.

ר׳ שלמה־ראובֿן בר׳ דוד [ראַבינאָוויץ?], 1883 ביז 1886, ווען ניפֿטר געוואָרן. געווען רבֿ אין נאָך פֿינף קהילות.

ר׳ יעקבֿ בלאָזער. אין **פּרי יצחק** (ווילנא, תּרמ״ט) פֿון ר׳ יצחק בלאָזער (איצעלע פּעטערבורגער) איז דאָ אַ תּשובֿה פֿון „ר׳ יעקבֿ אב״ד שירווינט״. (ביי מיר איז פֿאַרצייכנט, אז ר׳ יעקבֿ איז אַ ברודער פֿון ר׳ יצחקן, אין אַ צווייט אָרט — אַ זון.)

ר׳ מנחם־מענדל בר׳ אליעזר ליפּמאַן הלוי ליפּשיץ[1] (ר׳ מענדל שירווינטער), ארום די 1890ער, פֿריִער רבֿ אין געלוואַן. בעל **ברכת מנחם**. ניפֿטר 1912. זיינע ברידער: ר׳ יעקבֿ ליפּשיץ, בעל **זכרון יעקבֿ**; ר׳ יהודה ליפּשיץ, אב״ד פּאָדזעלווע און מערעטש.

ר׳ אַבֿרהם־אַריה גראָסבאַרד, געבאָרן 1870 אין גאַווריע. פֿריִער רבֿ אין פּיליפּאָווע (סוּוואַלקער גובערניע) און פֿון 1913 ביזן חורבן אין שירווינט, איינער פֿון די מיטגרינדערס פֿון „מזרחי״ אין ליטע. פֿאָטער ר׳ ברוך, רבֿ אין גאַווריע, פּיליפּאָווע, באַלבירישאָק. סיוון תּש״א פֿאַרברענט געוואָרן מיט זיין איידעם ר׳ זונדל קרוק און דער גאַנצער עדה אין בית־מדרש, הי״ד. ר׳ זונדל איז געבאָרן 1910 אין געדרעוויץ און געווען די לעצטע יאָרן רבֿ אין שירווינט, הי״ד.

די באַקאַנטע מגידים אין ליטע, ר׳ חיים־יצחק ביאַלאָסטאָצקי און ר׳ דוד קרעטינגער, זיינען דאָ געוויסע יאָרן געווען די שטאָט־מגידים. ר׳ חיים־יצחק איז ניפֿטר געוואָרן 1940 אין גראָדנע.

י. ביינאָשאָוויץ, מחבר פֿון **קול דודי** (וואַרשא, תּרס״א), האָט אַ שייכות מיט שירווינט.

---

1) אין **הצפֿירה** (1898) ווערט זיין פֿאַמיליע־נאָמען אָנגעגעבן בטעות: ביינושעוויץ.

**אָפּשטאָמיקע.** — סוף אַכצנטן יאָרהונדערט האָט דאָ געלעבט יהודה בר׳ יצחק אַבעלסאָן. סוחר, וואָס האָט מערסטע צײַט אָפּגעגעבן תּורה לערנען. מחבר פֿון **זכרון יהודה.** טייל פֿון דעם, **פּתחי טהרות** (ווילנא, תרי״א). זײַן **הוחק לזכר** אַרויס אין ווילנא, 1860.[2]

ר׳ אליהו־אליעזר גראָדזענסקי, געבאָרן דאָ אין 1831. 1856 געוואָרן מו״צ אין ווילנע, שפּעטער איינער פֿון בית־דין הגדול דאָרטן. אַקטיווער עסקן אין כּלל־עניינים פֿון ייִדן אין רוסלאַנד. ניפֿטר געוואָרן 1887 אין ווילנע. איידעם פֿון ר׳ ישׂראל סאַלאַנטער.

ר׳ אליעזר בר׳ אליהו (ר׳ לייזער שירווינטער). פֿון די חשובֿי העיר אין ווילנע. גרויסער בעל־צדקה. ניפֿטר געוואָרן 1864 אין שירווינט.

ר׳ חיים בר׳ שמואל מעדניק, דאָ געבאָרן 1878. רבֿ אין מעדוועדיץ (1909־1916), פּאָהאָסט (לעבן סלוצק), פֿון 1925 אין אַמעריקע. רבֿ אין שיקאַגאָ. מאמרים בהלכה אין **יגדיל תּורה** (סלוצק), **שערי ציון, הפּרדס, המסלה, כּנסת ישׂראל.**

דער „שירווינטער מגיד" איז געווען פֿון די באַקאַנטע מגידים אין ליטע אין זײַן דור. וועגן אים ווערט דערציילט: „אַ ייִד מיט ברייטע פּלייצעס, האָט געהאַט אין זיך עפּעס רעוואָלוציאָנערישקייט. ער האָט געהאַט טענות צום עולם, אָבער ער פֿלעגט אויך אַרויסקומען מיט טענות צום בורא עולם, פֿאַר וואָס ייִדן לײַדן אַזוי פֿיל. דער עולם פֿלעגט זײַן פֿאַרגאַפֿט פֿון זײַנע דרשות. שפּעטער האָט ער ליב באַקומען דעם ביטערן טראָפּן, איז אַרײַנגעפֿאַלן אין שיכּרות און דאָס האָט אים געטריבן צו אַ מין משוגעת. איך האָב אים געזען ליגן אין אַ זײַטיק חדרל פֿון דער שול אין שירווינט. אַ מאָל פֿלעגט זיך אין אים אויפֿכאַפּן דער אַמאָליקער מגיד, פֿלעגט אויפֿפֿלאַמען אין אים אַן אַמאָליקע דרשה, און ער פֿלעגט לויפֿן צו דער בימה און נעמען זאָגן מיט אַ ניגון. אים האָט ניט געקימערט, צי דער בית־מדרש איז פּוסט, צי ניט. אין יענעם קאַמערל פֿון שירווינטער שול איז ער אויסגעגאַנגען".

אַזוי דערציילט בנימין־יעקבֿ ביאַלאָסטאָצקי, אָבער יהודה־לייב גאָרדאָן, וואָס איז געשטאָרבן אין 1892, ווען ביאַלאָסטאָצקי איז געבאָרן געוואָרן, און געלעבט אַ סך יאָרן אין ווילנע — האָט זיכער געוווּסט מערער וועגן דאָזיקן מגיד. ער האָט אויך געוווּסט, אַז זײַן ערשטער נאָמען איז ר׳ יצחק שירווינטער, „הנקרא המגיד מסירווינט". יל״ג זאָגט אויך, אַז ר׳ יצחק איז געווען דיין אין ווילנע. עס רעדט זיך דאָ זיכער וועגן איין און דעם זעלביקן מגיד, נאָר יל״ג האָט אים געקענט פֿון זײַן גלאַנץ־תּקופֿה אין מגידות און ביאַלאָסטאָצקי האָט אים געזען אין זײַן טראַגישער ירידה פֿון שיכּרות.

*

2) אַזוי לויט דזשויִש ענסיקלאָפּידיאַ. לויט יהדות ליטא, ג׳ — געלעבט אין נײַשטאָט־שאַקי.

דוד בונימאָוויטש, אַ הי־געבאָ־רענער, מחבר פֿון **מכתּב מאליהו** (ווילנא, תּרס״ב). אײדעם פֿון ר׳ הלל סאַלאַנטער, אב״ד אַמטשיסלאַוו.

אַבֿנר טאַנענבוים, דאָ געבאָרן 1848. אַריבער מיט די עלטערן אין קאַמעניץ־פּאָדאָלסק, דערנאָך אין קעשע־נעוו, שפּעטער אַליין אַוועק קיין אַדעס און פֿון 1887 אין ניו־יאָרק. ייִדישער שרײַבער און זשורנאַליסט. געאַרבעט אין ייִדישע און העברעיִשע צײַטונגען: **יודישע גאַזעטטען, די יודישע וועלט, די יודישע פּרעסע, מבֿשרת ציון, הלאֹם** א״אַ. האָט מחבר געווען צענדליקער ייִדישע ראָמאַנען אין פֿאָלקסטאָן און הונדערטער מאמרים אין נאַטור־וויסנשאַפֿט, געשיכטע און געאָגראַפֿיע, ווי אויך ביאָגראַפֿיעס פֿון ייִדי־שע גדולים. טאַנענבוימס ביכער זײַנען בשעתּו געווען די בעסט־געלייענטע פֿון ייִדישן לייענער־עולם אין אַמעריקע, באַזונ־דערס זײַנע איבערגעזעצטע ראָמאַנען — מערסטנס „פֿרײַ בעאַרבייטעט״. זייער פּאָפּולאַריטעט איז געווען אַזוי גרויס, אַז זיי זײַנען געוואָרן אַ שטאַרקע קאָנקורענץ פֿאַר די ייִדישע צײַטונגען, וואָס האָבן גע־נומען ווי אַ קעגנמיטל דרוקן זײַנע ראָמאַ־נען אין המשכים. — פֿון זײַנע איבערגע־זעצטע ראָמאַנען: **קאַלט און וואַרם** (לאָנ־דאָן, 1895, 4 טיילן); **דיא פֿראַנצויזישע רעוואָלוציאָן** (1896); **דאָקטאָר און צויבערער** (1899), **דאָס אײַזמעער** (1899), **אין ווילדען אַפֿריקאַ** (1900), **צווישען הימעל און וואַסער, דעם פּאַשאַס ירושה** (1912) און פֿיל אַנדערע — אַלע אין ניו־יאָרק. עטלעכע ראָמאַנען זײַנען אַרויס אין ווילנע: **איזאַבעללאַ — די פֿאַריאָגטע קעניגין פֿון שפּאַניען** (1895), **דער לעצטער אידישער קרבן** און זײַן המשך **לאה׳לע** (1896־1897), **דער געטויפֿטער איד** (1902). פֿון זײַנע וויסנשאַפֿטלעכע אַרבעטן זײַנען אַרויס אין ביכער: **אידען אין פּרס און מדי, גאַריבאַלדי, ערקעלטונג און קאַטאַר, די געשיכטע פֿון אידען אין אַמע־ריקאַ, אידישע געשיכטע** פֿון ה. גרעטץ א״אַ. געשטאָרבן 1913 אין ניו־יאָרק.

לעאָן כאַזאַנאָוויץ, דאָ געבאָרן אין 1882, פֿון די ערשטע פּועלי־ציוניס־טישע טעאָרעטיקערס און פֿירערס. גע־שריבן אַ סך מאמרים אין דער פּרעסע. רעדאַקטירט פּאַרטיי־צײַטונגען, פֿאַרעפֿנ־טלעכט ביכער אויף דײַטש וועגן דער ייִדן־פֿראַגע. אויף ייִדיש: **דער קריזיס פֿון דער ייִדישער קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע און דער מאָראַלישער באַנקראָט פֿון דער איק״א־אַדמיניסטראַציע** (סטאַניסלאַוו, 1910); **דער אידישער חורבן אין אוקראַיִנע** (בערלין, 1920). געשטאָרבן 1925 אין אַ סלאָוואַקיש דאָרף. זײַן אָריגינעלער נאָמען: כּתריאל שוב. זײַן פֿאָטער איז טאַקע געווען שו״ב אין שירווינט.

בלומע ביינאָשאָוויץ, אויטאָרין פֿון **בת רוחמה** (וואַרשא, תּרנ״ט). אַ הי־געבאָרענע.

פֿון די ניכבדים: ר׳ דוד אַבראַ־

מאָוויץ, ר׳ דוד בונימאָוויץ, ר׳ שמואל גרשון.

קאָרעספּאָנדענטן: י. גאַרפֿינקל, יוסף־מרדכי שולמאַן — **המליץ**. חיים רודנער — **היום**; משה וויטקין — יודישעס **פֿאָלקס־בלאַט** (1884).

**ביבליאָגראַפֿיע.** — הצפֿירה, 1886: 9; 1898: 261; המליץ, 1887: 81; יודישעס פֿאָלקס־בלאַט, פּעטער־בורג, 1889, ז׳ 108; א. אפֿרתי, דור ודורשיו. ווילנא, תּרמ״ט, ע׳ 58; ח. בראַווערמאַן, אנשי שם, א׳. וואַרשא, תּרנ״ב, ע׳ כ׳; רוויטער פּנקס, .II, וואַרשע, 1921, ז׳ 89; ד. תּדהר, 188.

כּתבֿי יל״ג, ת״א, תּרפּ״ח, ע׳ 20; עיר ווילנא, 52, 222; ז. רייזען, לעקסיקאָן פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור, פּרעסע און פֿילאָלאָגיע, I (ווילנע, 1926), ז׳ 1159; תּולדות אנשי שם (ראַנד); סואוואַלקער יזכּור־בוך, ז׳ 186; ייִוואָ־בלעטער, XL, ז׳ 224; „ליטע״, I, ז׳ 1215; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 8578; יהדות ליטא, ג׳; י.ד. קמזונס יהדות ליטא.

Jewish Encyclopedia, I., p. 52; Black Book.

## שעשאָל ŠEŠUOLIAI

קליין שטעטל, 15 ק״מ פֿון וויל־קאָמיר. 1895 זײַנען דאָ געווען צוויי פּרע־נומעראַנטן אויף **זכר חיים** פֿון חיים־נתן בר׳ משה. פֿאַרן ערשטן וועלטקריג האָבן דאָ געלעבט בײַ 160 ייִדן, אין 1923 — 129. דאָס שטעטל האָט געהאַט אַ רבֿ און אַ שוחט. אין אַ רשימה פֿון ייִדישע בעלי־מלאכות אין ליטע פֿון 1938 געפֿינען זיך עטלעכע שעשאָלער. אין 1902 איז דאָ געבאָרן געוואָרן דער שרײַבער אַבֿרהם־ישעיה קאַרבמאַן־חייט. פֿון 1923 אין מעקסיקע. מחבר פֿון **אין לירישן געמיט** (מעקסיקע, 1972).

**ביבליאָגראַפֿיע.** — דער אידישער האַנטווערקער, 1938; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 8667; ב. כּהנס לעקסי־קאָן, ז׳ 478. Black Book

## שעשיק SIESIKAI

קליין שטעטעלע, אַרום זיים, קיידאַנער קרײַז. פֿאַרן ערשטן וועלטקריג און יאָרן שפּעטער האָבן דאָ געוווינט עטלעכע צענדליק ייִדישע מישפּחות, אין 1923 — 125 ייִדן. דאָ אין דער רשימה מקומות פֿון אידישן נאַציאָנאַל־ראַט אין ליטע (1922). 1924 איז דאָ געווען אַ קליינע ייִדישע קהילה.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — Black Book

# שקוד SKUODAS

קרעטינגער קרייז. ייִדן האָבן אָנגעהויבן זיך באַזעצן דאָ אין זיבעצנטן יאָרהונדערט. אין 1694 זײַנען דאָ געווען 38 ייִדישע קאָפּשטײַער־צאָלערס. אין דער צײַט פֿון „ועד מדינת ליטא" האָט שקוד געהערט צום קיידאַנער גליל. אָנהייב אַכצנטן יאָרהונדערט איז די קהילה שוין געווען מערער אויסגעקריסטאַליזירט, און פֿון 1725 הייבט זיך אָן דער אַלטער שקודער פּינקס. פֿון דעם פּינקס איז צו זען, אַז די ייִדן האָבן יענע יאָרן געליטן פֿון רדיפֿות. עס ווערט דערמאָנט איינער פֿון די קהילה־פֿירערס — שלמה בן הקדוש (1725) און פֿון 1753 שלמה בן הקדוש שבֿח. דער מנהיג הקהל אין יענער צײַט, הרבֿ מיכאל, איז אַרעסטירט געוואָרן, ווײַל די קהילה האָט ניט געקענט באַצאָלן אַ חובֿ פֿון 1000 גילדן.

אין 1766 זײַנען דאָ געווען 576 ייִדישע קאָפּשטײַער־צאָלערס, אין 1847 האָבן דאָ געוווינט 1872 ייִדן, אין 1888 — בײַ 1500[1] (צווישן אַנדערע — 11 מלמדים, 1 מו"צ, 200 קאַראַבעלניקעס), 1894 — בײַ 2200, 1897 — 2292 (אויף 3814 תּושבֿים), 1921 — 3853[2], פֿאַרן חורבן — בײַ 1400[3].

שקוד איז געווען צעטיילט אין צוויי טיילן דורך דעם טײַך, וואָס האָט דורכגעשניטן דאָס שטעטל — אַלטשטאָט און נײַשטאָט. דאָס ייִדישע נײַשטאָט איז גיך אַריבערגעוואַקסן דאָס ייִדישע אַלט־שטאָט. יאָרן לאַנג זײַנען געווען רײַבונגען צווישן ביידע טיילן, מיט דער צײַט האָט זיך דאָס אויסגעגליכן.

דער אַלטער בית־כּנסת, געבויט פֿון האָלץ, איז געווען בײַ 15 מעטער די הייך אינעווייניק. דער אָרון־קודש האָט וווּנדערלעך־קינסטלערישע האָלץ־אויסשניי־צונגען.

ייִדן האָבן זיך פֿאַרנומען מיט מיסחר, קרעמערײַ, מלאָכה, קאַראַבעל־ניקערײַ, טראַנספּאָרט. עטלעכע ייִדישע מישפּחות האָבן געצויגן חיונה פֿון לאַנד־ווירטשאַפֿט. ביז דער ערשטער וועלט־מילחמה איז דער הויפּטהאַנדל געגאַנגען מיט ריגע און ליבאַווע, ווײַל דעמאָלט זײַנען ניט געווען קיין גרענעצן צווישן

1) אין אַ קאָרעספּאָנדענץ פֿון **המליץ** ווערט די צאָל אָנגעגעבן: 800 **מישפּחות**, מער ווי טאָפּלט, משמעות, טעותדיק. די ציפֿער 1500 קומט פֿון ישׂראל שאַף, אַ גוט־באַגלייבטער מקור, אַליין אַ שקודער.

2) אין דער אָפֿיציעלער ציילונג פֿון 1923 ווערט די צאָל אָנגעגעבן אויף 1310, כּמעט אַ דריטל. דאָס איז געוויס די קאָרעקטע ציפֿער. די ערשטע ציפֿער איז אין **קהילת שקוד**, ספֿר זכּרון און אין **יהדות ליטא**, ג'.

3) אזוי אַן ערך אויך **יהדות ליטא**, ד', און י.ד. קמזונס **יהדות ליטא**.

ליטע און לעטלאַנד. מיטן אויפֿקום פֿון אומאָפּהענגיקן לעטלאַנד איז די דאָזיקע עקאָנאָמישע פֿאַרבינדונג כּמעט איבער־געריסן געוואָרן.

*

בעתן קאָשטשושקאָ־אויפֿשטאַנד

אין 1794 האָבן ייִדן געליטן אויך פֿון די אויפֿשטענדלערס. אין אַ בריוו פֿון איינעם פֿון די אויפֿשטאַנד־קאָמאַנדירן (יולי 21, 1794), גענעראַל טאָמאַש ווירזשעצקי, ווערט צ״אַ דערמאָנט, אַז דער ריטמײַסטער שוסקאָ און אַנדערע מיליטער־לײַט האָבן אַרויסגעפּרעסט געלט פֿון דער שקודער באַפֿעלקערונג (קלאָר, אַז די מערסטע גע־ליטענע זײַנען געווען ייִדן).

דעם 12טן מײַ 1843 האָט די רוסישע רעגירונג אַרויסגעגעבן אַן אוקאַז (באַפֿעל), אַז אַלע ייִדן, וואָס וווינען ווײַני־קער פֿון 50 וויאָרסט פֿון דער פּרײַסישער און עסטרײַכישער גרענעץ, מוזן פֿאַרלאָזן זייערע ערטער. די געטראָפֿענע ייִדן האָבן געדאַרפֿט מודיע זײַן אין וועלכע גובערניעס, וואָס זײַנען באַשטימט געוואָרן פֿון דער רעגירונג, זיי ווילן זיך באַזעצן. ווי אַ פּראָטעסט קעגן דעם אוממענטשלעכן באַפֿעל, האָבן 19 ייִדישע קהילות אין ליטע אָפּגעזאָגט צו ענטפֿערן. איינע פֿון זיי איז געווען שקוד.

צווישן 1853 און 1911 זײַנען דאָ געווען 101 פּרענומעראַנטן אויף רבנישע ספֿרים.

1891 זײַנען פֿון 110 ייִדישע פּריזיוו־פֿליכטיקע געקומען זיך שטעלן נאָר 35. דאָס האָט געשאַפֿן אַן אָנגעשטרענגטע שטימונג מיט די אָרטיקע רעגירונג־אָרגאַנען.

אין 1892 זײַנען אַראָפּ 115 הײַזער אין אַ גרויסער שׂריפֿה. אין זעלביקן יאָר איז אויפֿגעשטעלט געוואָרן אַ „קופּת־צדקה". אין די ערשטע חדשים זײַנען גע־ווען 600 רובל בײַשטײַערונגען.

*

אין 1879 האָט דער משׂכּיל סאָלאָווייטשיק דאָ געגרינדעט אַ ייִדישע שול מיט רוסיש די לימודים־שפּראַך. דער ועד „מרבי השׂכּלה בישׂראל" אין פּעטער־בורג האָט געגעבן 100 רובל אויף דעם. סאָלאָווייטשיק איז געווען מנהל און לערער.

אין 1884 איז דאָ געשאַפֿן גע־וואָרן אַ חדר מתוקן. דער לערער — ישׂראל שאַף, משגיח — לוריא. האָט זיך גוט אַנטוויקלט, 1894 נאָך עקסיסטירט.

1892 האָט י. שאַף אויפֿגע־שטעלט אַ העברעיִש־ייִדישע ביבליאָטעק. י. שאַף איז דער הויפּט־משׂכּיל פֿון שקוד (וועגן אים רעדט זיך ווײַטער).

פֿײַוול שלעז איז 1880 געווען אַבאָנענט פון **הישׂראלי** אין מײַנץ.

אין 1910 האָבן די 12 („צוועלפֿ־טלעך") פֿירערס פון דער קהילה געהאָלפֿן שאַפֿן אַ רוסישע שול. די ייִדישע לימודים

פֿלעגן די קינדער דערנאָך לערנען אין די „חדרים".

*

אין 1897 איז דאָ אָרגאַניזירט געוואָרן אַן אגודה ציונית. 1898 איז פֿאָר־געקומען אַן אַלציוניסטישע קאָנפֿערענץ אין רוסלאַנד, עס האָבן זיך באַטייליקט 160 דעלעגאַטן פֿון 93 שטעט. איינע פֿון זיי איז געווען שקוד.

שקוד האָט געהאַט אַ פֿאַרבינדונג מיט ארץ־ישׂראל נאָך פֿאַרן אויפֿקום פֿון חיבת־ציון און ציוניזם. אויף אַן אַלטן בית־עולם פֿון ירושלים געפֿינען זיך די מצבֿות:

יֶלד . . . בן מאיר שמש משקוד, תּרי"ז.

מאיר בר' משה משקוד, תּרכ"ו.

קלמן בר' שלמה משקוד, תּרל"ז.

שׂרה בת ר' קלמן משקוד, תּרל"ז.

חיה בת ר' מאיר משקוד, תּרל"ז.

חנה פֿון שקוד איז די פֿרוי פֿון יואל דרובין, וואָס איז עולה געווען קיין ארץ־ישׂראל אין 1882. איינער פֿון די ערשטע בילויים דאָרטן. חנה האָט זיך באַטייליקט אין אַ דעלעגאַציע צו באַראָנעסע ראָטשילד אין פּאַריז מיט אַ בקשה צו העלפֿן ראשון־לציון.

**רבנים.** — ר' אַהרן בר' יוסף הלוי הורוויץ, אין די 1760ער יאָרן. אין פנקס הקהל פֿון תּק"ך (1760) חתמעט ער זיך „חופ"ק שקוד והאָזענפּוט". אויף **עמודי בית יהודה**, יהודא . . . איש הורוויץ (אַמשטערדם, תּקכ"ו), איז דאָ הסכּמה פֿון „אהרן בלא"א ה"ה כּמוהר"ר יוסף הלוי הורוויץ החונה פּה ק"ק שקוד וּבכל מדינת קורלאַנד". האָט הסכּמות אויך אויף: **צל המעלות** פֿון הורוויץ (קיניגשבערג, תּקכ"ה); **ספֿר המדות** פֿון יצחק סטאַנאָוו (ברלין, תּקמ"ד); **חיי הנפֿש ונצחיותה** לר' יהודא איש הורוויץ, אויף **חֻקי חיים** און **מרפא לנפֿש**. האָט חידושים **בסוגיות הרא"ש** (פ"פ, תּק"ל). ר' אַהרן איז געווען אויך אַלגעמיין געבילדעט. 1771 האָט זיך געווענדט צו אים משה מענדעלסאָן וועגן געבן אַ הסכּמה אויף זײַן באור אויף **קֹהלת**. ר' אַהרן האָט שפּעטער געלעבט אין קיניגסבערג, דערנאָך אין בערלין, ווו ער איז געווען ראב"ד אָדער מו"צ און דאָרטן ניפֿטר געוואָרן אין 1779. זײַן זיידע ר' מנחם־מענדל, געקומען קיין ליטע אין תּ"ח (1648) און געוואָרן אב"ד שוועקשנע.

ר' צבֿי־הירש ז"ק, פֿון 1779 ביז 1788, ווען ניפֿטר געוואָרן. פֿריִער רבֿ אין פלאָצק; זײַן זון ר' יצחק, פֿון 1788 ביז 1801. בעל **פּרי יצחק** (ווילנא והוראדנא, תּקצ"ד). די ז"קס שטאַמען פֿון די ראָזע־נויער קדושים [ז"ק — זרע קדושים]; ר' חיים־זאבֿ הורוויץ.[4]

---

4) אַזוי לויט **יהדות ליטא**, א'. לויט כּרך ג', איז דער פֿאַמיליע־נאָמען: וואָלף, און דאָס איז אַ טעות. „וואָלף" איז טאַקע אַ לעצטער נאָמען אויך, אָבער אין פֿאַל פֿון זאב־וואָלף איז דער „וואָלף" נאָר דער ייִדי־שער **צונאָמען** פֿון „זאבֿ". ר' חיים־זאבֿ האָט דאָ געקענט זײַן רבֿ אַרום די 1850ער — און אפֿשר אויך פֿריִער — אָבער ניט שפּעטער פֿון 1868, ווײַל דעמאָלט איז שוין געווען רבֿ זײַן איידעם.

זײַן אײדעם ר׳ אליהו־ברוך קאַמאַי, געבאָרן 1840 אין טעלז.[5] פֿון 1868 ביז 1879, קאַרעליץ (ביז 1883), וועקשנע (ביז 1888), טשעכאַנאָוויץ (ביז 1899), דערנאָך אב״ד ור״מ אין מיר. געווען ניט נאָר אַ גדול בתּורה, נאָר אויך אין מוּסר און עטיק. פֿאַר זײַן קומען קיין מיר איז דער מינהג פֿון שטיצן אויסנשטאָטישע ישיבֿה־בחורים געווען אַזאַ: אַ בחור, וואָס זײַן שטאָט איז געווען צווישן די גרעסערע מנד־בֿים פֿאַר דער ישיבֿה, האָט געקראָגן אַ גרעסערע שטיצע פֿאַר זײַן אויסהאַלט, ווי אַ בחור, וואָס זײַן שטאָט האָט געגעבן ווייניקער נדבֿות פֿאַר דער ישיבֿה. דער רעזולטאַט פֿון אַזאַ סיסטעם איז געווען, אַז מען האָט זיך ניט גערעכנט ניט מיט דער גדלות און התמדה פֿון אַ בחור, ניט מיט דעם סאָציאַלן מעמד פֿון זײַנע עלטערן, און ס׳איז אויסגעקומען, אַז די געליטענע זײַנען גראָד געווען די אָרעמע בחורים, וואָס האָבן צום מערסטן זיך גענייטיקט אין שטיצע. ר׳ אליהו־ברוך האָט דאָס אָפּגעשאַפֿט און אײַנגעפֿירט דעם פּרינציפּ, אַז יעדער אויסנשטאָטישער בחור קריגט שטיצע לויט זײַן **באַדאַרף** און ניט לויט דער גרייס נדבֿות פֿון זײַן **שטאָט**. ניפֿטר געוואָרן 1917 אין מינסק.

ר׳ יחיאל־מיכל האָוושאַ, געבאָרן 1845 אין קעלם. 1872־1879 רבֿ אין פּערנאָ (עסטלאַנד) און 1880־1917 אין שקוד, ווו ניפֿטר געוואָרן. אײדעם פֿון ר׳ צבֿי־הירש ראַלבע, אב״ד שאַווילען (קורלאַנד). 1912 זיך באַטייליקט אין דער גרינדונג־קאָנפֿערענץ פֿון „אגודת־ישׂראל״. ווען ר׳ יצחק־אלחנן האָט גערופֿן אַ גרויסע אסיפֿה וועגן עניין שחיטה, האָט ער פֿאַר־בעטן אויך הרבֿ האָוושאַ. געשריבן אַ סך מאמרים אין העברעיִשע צײַטונגען. האָט חידושי תּורה אין **קהילת יצחק**, **יצחק בר׳** ניסן (ווילנא, תּר״ס, ע׳ ס״א, פּ״ד). חיבור־רים: **וימת שמואל** (וואַרשא, תּרנ״ח), **מיכל מים**, **אמונת העתיד**, **בבֿל**, קעגן דעליטשעס בוך **ביבל און באַבעל**.[6]

זײַן אײדעם ר׳ יעקבֿ־חיים טערושקין, געבאָרן 1883 אין פּאַהאָסט. פֿון

5) **אַזוי יהדות ליטא**, א׳. לויט כּרך ג׳ — שקוד.

6) אין משה מאַרקאָוויצעס **לקורות עיר ראַסיין ורבניה** ווערן אָנגעגעבן ווי שקודער רבנים: ר׳ צבֿי־הירש בר׳ יוסף יפֿה און זײַן זון ר׳ חיים־זאבֿ־וואָלף, וואָס איז ניפֿטר געוואָרן 1909 אין שקוד. פֿריִער ר״מ אין ראַסיין. מיר האָבן ניט קיין השׂגה וועגן זייער מעגלעכער רבנות־צײַט אין שקוד. פֿון 1868 ביזן חורבן איז שקודער רבנות אַ באַזעצטע. אַזוי אויך די בערך־דיקע צײַט פֿון 1850־1860ער. אָננעמען, אַז די יפֿה׳ס זײַנען דאָ געווען רבנים נאָך פֿריִער, קען מען ניט צוליבן פֿאַקט, אַז דער זון איז ניפֿטר געוואָרן 1909 בעת זײַן רבנות אין שקוד. תּיק״ו. — נאָך אַ שאלה, ניט אַזאַ שווערע, האָבן מיר וועגן נאָך אַ רבֿ. מען ווייסט, אַז דאָ איז געווען אַ רבֿ ר׳ בן־ציון הכּהן, שפּעטער רבֿ אין אַמעריקע. שוועער פֿון ר׳ שמעון־פּרץ יפֿה הלוי, בעל **אמרי שפֿר**, וואָס איז ניפֿטר געוואָרן 1911 אין ירושלים. מיר קענען ניט משער זײַן גענויע רבנות־צײַט אין שקוד. אויך נפֿתּלי בן־מנחם און ר׳ אפֿרים אָשרי דערמאָנען זײַן נאָמען ווי אַ שקודער רבֿ.

1917 ביזן חורבן, ווען אומגעקומען 1941, הי״ד.[7]

*

ר׳ ישׂראל־זעליק בר׳ יהודה־לייב טעפּליץ, געבאָרן 1848 אין קרעטינגע, איז פֿון 1875 דאָ געווען 7 יאָר מו״צ אָן געלט (געווען אַ ריַיכער סוחר), שפּעטער 23 יאָר מו״צ אָן געלט אין ליבאַווע. פֿון 1905 רבֿ אין דולוט, מיניסאָטאַ (אַמעריקע).

ר׳ יעקבֿ יפֿה, פֿריִער אב״ד טירקשלע, איז דאָ געווען דומ״ץ. פֿון 1899 אין אַמעריקע. רבֿ אין הייווערהיל, ווּ ניפֿטר געוואָרן 1913 אין עלטער פֿון 78 יאָר.

ר׳ שלמה ווֶעסמאַנסקי איז געווען חזן־שוחט. געמאַכט אייגענע קאָמפּאָזיציעס.

משה שעפּטעל, **דרש משה** (ווילנא, תּרס״ג), האָט אַ שייַכות מיט שקוד.

**אָפּשטאַמיקע.** — ר׳ יוסף בן מאיר פּיימער, דאָ געבאָרן 1796. 35 יאָר רבֿ אין סלוצק, ווּ ניפֿטר געוואָרן 1864. פֿון די וויכטיקסטע תּלמידים פֿון ר׳ חיים וואָלאָזשינער. גרויסער קעגנער פֿון פּילפּול. זייַן זון נאָך אים רבֿ אין סלוצק.

ר׳ ישׂראל־יעקבֿ בר׳ יצחק פֿייַנזינגער (ר׳ ישׂראל שקודער), דאָ געבאָרן 1810. באַקאַנטער חזן אין ליטע. פֿאַרפֿאַסט אויך לידער, וואָס זייַנען געזונגען געוואָרן בײַם פֿאָלק. צוויי בדחנות־לידער פֿון ישׂראלקע סקודער ווערן דערמאָנט אין **ייִוואָ־בלעטער** און צוויי לידער אין **ידע עם**. געווען אויפֿגייענדיקער שטערן אין חזנות, אָבער ניפֿטר געוואָרן אין ווילנע אין עלטער פֿון 37 יאָר.

ר׳ בנימין ראַבינאָוויץ, דאָ געבאָרן 1812. רבֿ אין פּיקעלן (1832־1852), שילעל (ביז 1859), אַ פּאָר יאָר אין אייראַגאָלע און פֿון 1861 אין ווילקאָמיר, ווּ ניפֿטר געוואָרן 1870. געלאָזן א סך ספֿרים אין כּתבֿ־יד. זייַן זון, ר׳ אליהו־דוד (האדר״ת), אב״ד פּאָנעוועזש און מיר.

ר׳ שמעון בר׳ שאול הורוויץ, דאָ געבאָרן 1820 [1810?]. מו״צ אין לייפּציג, ר״מ אין נייַ־זאַגער, ווּ געגרינדעט אַ ישיבֿה מיט אַ סך תּלמידים, דערנאָך ווידער אין לייפּציג, רבֿ ומו״צ. האָט פֿיל מאמרי־תּורה אין **המסדרונה** און **הלבֿנון**, הערות צו **הפּלאה שבערכין** לר״י ברלין (וויען, 1859, מיטן טעקסט); **מהלומות לגֵו פּסילים** (לייפּציג, 1871) — קעגן גייגערן און אַלע רעפֿאָרמערס; הערות צו ד״ר לעהמאַנס אויסגאַבע פֿון **ברכות** (ירושלמי. מאַינץ, תּרל״ט); ביאור צום **התּניא** (וואַרשא, תּרל״ט, מיטן טעקסט); ביאורים צום **מחזור וויטרי** (ברלין, תרנ״ג, מיטן טעקסט); **מפֿתּח ומבֿוא למחזור ויטרי** (ברלין, תּרנ״ו־נ״ז). ניפֿטר 1900 אין לייפּציג.

אַלעקסאַנדער ערסלער, דאָ געבאָרן 1854. באַקאַנטער חזן. געלערנט

---

7) לויט דער **דזשויִש ענסיקלאָפּידיאַ**, איז איינער פֿון די באַרימטע קאַצענעלענבויגנס, יוסף, אַ געקומענער פֿון בריסק, געווען דאָ רבֿ. מיר האָבן ניט קיין צווייטן מקור פֿאַר אַזאַ ידיעה.

חזנות און מוזיק אין קיניגסבערג און בער־לין. 10 יאָר חזן אין קאַליש, צווייטער חזן אין לאָדזשער גרויסער סינאַגאָגע, איין יאָר אין מיטאַווע און שטאָט־חזן אין וולאָצלאַ־וועק. אויטאָר פֿון **מנגינות לתּפֿלות ר״ה ויוה״כ** און **תּהלה וזמרה** — מוזיקאַלישע קאָמפּאָזיציעס. געשטאָרבן 1923 אין וואַרשע.

ר׳ יהודה־אידל ציזלינג, דאָ גע־באָרן 1855. מחבר פֿון **קול אומר קרא** (דרוש), **ילקוט ארץ ישראל** (קבֿץ דבֿרי חז״ל בענייני א״י). יהודה־אידל בר׳ יוסף ציזלינג מאָשמינא יליד עיר שקוד, ארויס־געגעבן ר׳ מרדכי ווייצעלס **הדרת מרדכי** מיט זײַן הקדמה. (ווילנא, 1890), ניפֿטר געוואָרן 1937 אין ווילנע.

אין **קהלת יצחק** פֿון יצחק בר׳ ניסן (ווילנא, תּר״ס) געפֿינען זיך אַ סך חידושי־תּורה פֿון „בן־ציון אַריה בר׳ יוסף ציזלינג מעיר שקוד״. גערופֿן אויך „שקודער מגיד״. ברודער פֿון ר׳ יהודה־אידל ציזלינג.

שלמה פֿון ווירבאַלן, וואָס איז געקומען פֿון שקוד און מען האָט אים גערופֿן שלמה שקודסקי, איז געווען אַ באַוווּסטער פֿינאַנסיסט אין דײַטשלאַנד. איינער פֿון די געריכט־ייִדן פֿון קייזער פֿרידריך דער גרויסער. זײַן זון דוד האָט אָנגענומען זײַן נאָמען ראָזענטאַל.

ר׳ אַבֿרהם־צבֿי קאַמאַי, דאָ געבאָרן 1860. רבֿ אין קיידאַן און פֿון 1938 אב״ד ור״מ אין מיר. אומגעקומען 1941, הי״ד. זײַן פֿרוי שׂרה־ביילע און טאָכטער האָבן שפּעטער פֿאַרברענט זײַנע כּתבֿים. עפּעס איז געבליבן בײַ זײַן איידעם ר׳ דובֿ סאָקאָלאָווסקי אין ירושלים. זײַן פֿאָטער ר׳ אליהו־ברוך, שקודער רבֿ.

ר׳ צבֿי־הירש בר׳ לייב ברוידא, דאָ געבאָרן 1865. איידעם פֿון ר׳ שׂמחה־זיסל זיוו און זײַן תּלמיד. מנהל פֿון דער באַרימטער קעלמער תּלמוד־תּורה. ניפֿטר געוואָרן 1913 אין קעלם.

ישׂראל שאַף, דאָ געבאָרן אין 1865. העברעיִשער דערציילער, פּאָעט, איבערזעצער. אָנהייב יאָרהונדערט געלעבט אין וואַרשע מערערע יאָרן. זיינע ביכער זײַנען היסטאָרישע דערציילונגען פֿאַר ייִדי־שער שוליוגנט וועגן ביבלישע געשטאַלטן: **עכסה בת כלב** (וואַרשא, תּר״ע), **אהוד בן גורא** (פֿרנקפֿורט, תּרפּ״ג), **היתד או יָעל אשת חבֿר** (ת״א, 1936) און אַנדערע. אין כּתבֿ־יד זײַנען געבליבן: **יותם בן ירובעל, יפֿתּח ובתּו, שׂנאת אחים, מחזיר גרושתו.** אַרויסגעגעבן די ביאָגראַפֿיע פֿון ווילנער גאון **הגאון מווילנא** (וואַרשא, תּרס״ו). איבערגעזעצט אַ סך פֿון דער קינדער־ליטעראַטור אין אַנדערע שפּראַכן. געשטאָרבן 1938 אין ליבאַווע (לעטלאַנד).

אויף **מעצות ודעת** (ברדיטשובֿ, תּרנ״ט) פֿון משה צבֿי גרינבערג ווערט צוגעגעבן: „מעיר שקוד״.

לואי־נתנאל יפֿה, דאָ געבאָרן 1883. האָט געשאַפֿן דאָס ייִדישע קינסט־לערישע טעאַטער אין ניו־יאָרק, וווּ געשטאָרבן אין 1944.

הערי לאַנג, דאָ געבאָרן 1888.

ייִדישער זשורנאַליסט און רעדאַקטער. פֿון 1904 אין אַמעריקע. געווען דער ערשטער רעדאַקטער פֿון סאָציאַליסטישן **דער וועקער** (נ״י) און פֿון 1917 שטענדיקער מיטאַרבעטער פֿון **פֿאָרווערטס**. דאָרטן געדרוקט סעריעס וויכטיקע אַרטיקלען וועגן דער ערשטער שפּאַנישער רעוואָ־לוציע, אַנטוויקלונג פֿונעם ייִשובֿ אין ארץ־ישׂראל און זײַנע אויפֿדעקונגען פֿונעם אמתן מצבֿ פֿון שטעט, דערפֿער און קאָלכאָזן אין סאָוועט־רוסלאַנד, וואָס ער האָט באַזוכט אין 1933־34, און זיי זײַנען איבערגעדרוקט געוואָרן אין עלף שפּראַכן. דאָרטן אויך פֿאַרעפֿנטלעכט מערערע דערציילונגען פֿון דער שפּאַנישער אינקווי־זיציע, באַזירט אויף אַרכיוו־מאַטעריאַלן; דערציילונגען וועגן די ייִדישע געטאָס פֿון מיטל־עלטער אין אייראָפּע, ווי אויך וועגן די צוזאַמענשטויסן צווישן ייִדן און ניט־ייִדן אין דער צײַט פֿון אַמעריקאַנישן בירגער־קריג. אויסער די פֿאַרשיידענע פּובליציס־טישע און היסטאָרישע אַרבעטן, געדרוקט צוויי ראָמאַנען אין פֿאָרווערטס: **די אייבי־קע כּלה פֿון סאָפֿאָלק סטריט און דער קאַמף פֿאַר אַ מאַמע** — ביידע ראָמאַנען זײַנען אינסצעניזירט און געשפּילט געוואָרן אויף דער ייִדישע בינע אין אַמעריקע. אין בוכפֿאָרעם: אויף **אַמעריקאַנער וועגן** (נ״י, 1925); **פֿיר דורות** (נ״י, 1974). געשטאָרבן 1970 אין לאָס אַנדזשעלעס.

אַהרן יאָנאַטאַנזאָן, געבאָרן 1815 אין ווילנע, האָט דאָ געלעבט אַ סך יאָרן זינט 1847. מען האָט אים אויך גערופֿן אַהרן שקודער. אַ באַקאַנטער משׂכּיל בשעתו. יהודה־לייב גאָרדאָן איז אַ קורצע צײַט געווען זײַן תּלמיד. אין אַ היגן חדר געלערנט תּנ״ך אין דײַטשישער איבער־זעצונג, ווי אויך לשון־קודש און דײַטש. אין שקוד זיך אויך פֿאַרנומען מיט מיסחר. פֿון 1859 לערער־מלמד אין יאַנעווע און קאָוונע. מחבר פֿון **כּלי שיר** (ווילנא, תּרכ״ד). 1868 געשטאָרבן אין קאָוונע.

**קאָרעספּאָנדענטן. — הצפֿירה:** ח.ב. באַלקינד, יוסף־מרדכי יפֿה. **המליץ:** י. שאַף, יצחק מירקין (אַרטיקל), יק״ל אבֿן־שֹהם, משה ציזלינג, שמואל־דוד בר׳ זאבֿ זקש, ח״י בעלמאַן.

א. קאָזיבאַ, ג. גאַלפּערן — זייערע געזאַמלטע ייִדישע פֿאָלקסלידער זײַנען געדרוקט אין **יעווריעסקאַיאַ נאַראָדניאַ פּיעסני** (פּעטערבורג, 1901, זז׳ 204, 216).

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המליץ, 1863: 44; 1868: 34; 1869: 23; המליץ, 1879: 7, 22; ש״י פֿין, שׂפֿה לנאמנים. ווילנא, תּרמ״א. ע׳ 138; הצפֿירה, 1888 (דאָ לאַנגע סטאַטיסטיק וועגן ייִדן); ספֿר זכּרון [לסוקולובֿ]. וואַרשא, תּרמ״ט. ע׳ 33; המליץ, 1898: 97;

המודיע, 1912: 27; ספֿר היובֿל של אגודת הרבנים האורתּודוכּסים בארצות הברית וקנדה. נ״י, תּרפּ״ח. ע׳ קמ״ד; קולטור־טרעגער פֿון דער אידישער ליטורגיע. דעטראָיט, 1930, ז׳ 26, 245; ד״ר ע. רינגעלבלום, די פּוילישע ייִדן אין אויפֿשטאַנד פֿון קאָשטשושקאָ 1794. וואַרשע, 1937. ז׳ 139;

דאָס וואָרט, ווילנע, 1937: 643; יאָר־אײַן, יאָר־אויס, קאָוונע, 1938, ז׳ 188; ראשון לציון. עורך: ד. יודילביץ, ת״א, תּש״א, ע׳ 98; יֶדע עם. תּ״א, תּשי״ד, ב־ג; קהילת שקוד. תּ״א, תּשי״ח; עיר ווילנא, 175; זכרון יעקבֿ, ג׳, 211;

דורות האחרונים, ב׳, 173, 174; לקורות עיר ראסיין ורבניה, ע׳ י״ג, כ״ג, כ״ו; אלה אזכרה, ג׳, 37; תּולדות ישיבֿת היהודים בקורלאַנד, 42, 73, 74, 127, 153; אהלי שם, 298; לתּולדות היהודים בליטא־זאַמוט, 42, 72.

חלקת מחוקק, מחברת ג׳; חובֿרת ה׳, ט׳; א. אפֿרתי, דור ודורשיו; תּולדות חבֿרת מרבי השׂכּלה בישׂראל, א׳, 142; ייִוואָ־בלעטער, xxvii, ז׳ 403; ג. קרסל, 2; לעקסיקאָן, 4; ב. כּהנס לעקסיקאָן; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 8675; יהדות ליטא, א׳, ג׳.
Die Juden in Russland, Hamburg, 1844, S. 62; Jewish Encyclopedia, III., p. 292; X, p. 303, 477; XI., p. 299; Biuletyn Żydowskiego Instytutu Historycznego W Polsce. Warszawa, 1987, nr. 141; (אַרטיקל וועגן זאַמעט) Black Book.

## שקודוויל SKAUDVILĖ

טאַווריקער קרײַז. פֿון די ייִנגערע ייִדישע ייִשובֿים אין ליטע. אָנהייב נײַנצנטן יאָרהונדערט האָבן אין דער סבֿיבֿה געלעבט מערערע ייִדישע ייִשובֿניקעס. פֿון זיי האָט זיך אָנגעהויבן אויסבויען די שקודווילער קהילה. זי האָט זיך גיך אַנטוויקלט, און אַרום די 1820ער יאָרן שוין געווען אַן אָרגאַניזירטער געזעלשאַפֿטלעכער אָרגאַניזם.

אין 1847 האָבן דאָ געוווינט 204 ייִדן, 1897 — 1012, 1923 — 1017 און פֿאַרן חורבן — בײַ 900. שקודוויל האָט ניט דורכגעמאַכט דעם גירוש־ליטע אין מײַ 1915.

צווישן 1842 און 1914 זײַנען דאָ געווען 27 פּרענומעראַנטן אויף 5 רבנישע ספֿרים.

אויף שקודוויל איז חל געווען דער רעגירונג־אוקאַז (באַפֿעל) פֿון מײַ 1843, אַז אַלע ייִדן, וואָס וווינען ווייניקער ווי 50 וויאָרסט פֿון די מערבֿ־גרענעצן, מוזן פֿאַרלאָזן זייערע ערטער און זיך באַזעצן אין אָנגעוויזענע גובערניעס טיפֿער אין רוסלאַנד. עס איז געגעבן געוואָרן די מעגלעכקייט אויסצוקלײַבן די גובערניע. 19 קהילות האָבן זיך צונויפֿגערעדט און ניט געענטפֿערט אויף אַזאַ אוממענטשלעכן און דערנידערנדיקן באַפֿעל, צווישן זיי די שקודווילער קהילה.

די ייִדן האָבן זיך פֿאַרנומען מיט מיסחר, קרעמערײַ, מלאכה און קאַראַבעלניקערײַ. דער האַנדל איז געגאַנגען מיט תּבֿואה, בהמות און געפֿליגל. עטלעכע מישפּחות האָבן געצויגן זייער חיונה פֿון ערדאַרבעט.

אין אַ רשימה מנדבֿים פֿון 1871 פֿאַר ייִדישע הונגער־געליטענע אין שטעטלעך פֿון ליטע [געווען דעמאָלט אַ הונגעריאָר] געפֿינען זיך מערערע שקודווילער.

אין אַ רשימה בײַשטײַערערס פֿון 1913 פֿאַר דער „אגודה“ זײַנען דאָ די ווײַטערדיקע שקודווילער: הרבֿ ר׳ אַבֿרהם־יצחק פּערלמאַן, משה־ברוך ברוידא, אליהו־דוד קאַץ, חיים־צבֿי־ליפּשיץ, זאַלקינד רײַכל, הלל זילבער, נטע זאַקס, אידל אָשעראָוויץ, ישׂראל־משה פֿרידמאַן, מרדכי

מאַראַם, זאבֿ קראָם, בן־ציון לוריע, בצלאל זינגער, יוסף בעקער, דובֿ לוריא, מרדכי מילנער, אַהרן אַראָן, שאול זאַקס.

צווייטע ליסטע: הרבֿ שאול קאצענעלענבויגן, אַהרן גראָלמאַן [?], הרבֿ ר׳ יוסף־אידל, זאבֿ מילנער, אליהו־יהודה סגל, אַהרן גליק, חיים־יצחק ליבערמאַן, בן־ציון קליינאָוויץ, יוסף בערמאַן, ישׂראל ראַבינאָוויץ, ישׂראל טאַרלאָוו, שלמה וואָלפּאָוויץ, אַהרן־יהודה ראָמבערג, יעקבֿ כּץ, שמואל בלאָך.

ליסטע 1914: בצלאל פֿרידמאַן, אַבֿרהם שאַפּיראָ, חיים מילנער, שלמה לוריא, מנחם לייזעראָוויץ, צבֿי־יעקבֿ טויב, בצלאל בעקער, יוסף יעבּץ, קלמן קאַפּלאַן, משה לוריא, יעקבֿ דאָרפֿמאַן, יהושע פֿרידמאַן, שמואל קראָם, אַבֿרהם־מיכה בלום, אַבֿרהם־נחמן פֿרידמאַן, אליהו־ראובֿן שיין, בצלאל פֿײַט, פֿריידל דוק, ישעיהו פֿרידמאַן, ברוך רײַכל, בנימין שטיין, ניסן קורזנער.

אלחנן בעקער, יעקבֿ־לייב לוריא, טאָדרעס פּראָפּ, צבֿי קליין, יודל שו״ב איידעלזאַק, משה דוק, דוד טון, צבֿי פּראָפּ, אליקום גאָדין, משה־לייב שערפֿאַלץ, משה־יצחק סגל, זעליג דוק, יצחק־אליעזר קירזנער, משה זאַקס.

יצחק שאַלאָמאָ, הרבֿ אַבֿרהם־יצחק פּערלמאַן, משה־ברוך ברוידא, אליהו־דובֿ קאַץ, הלל זילבער, חיים־צבֿי ליפּשיץ, ישׂראל־משה פֿרידמאַן, זאבֿ קראָם, קלמן־מאיר ברוידא, מרדכי מאַראַם, זאַל־קינד רײַכעל, נאָטל זאַקס, משה לוריא, שמואל מאַראַם, מיכה קושעווסקי, אידל אָשעראָוויץ, שאול זאַקס, אַבֿרהם שאַפּיראָ.

שלמה לוריא, יעקבֿ גראַב, מנחם לייזעראָוויץ, יוסף קאַשין, שמואל קראָם, בצלאל זינגער, יעקבֿ שטיין, לייב־יעקבֿ פּאַק, צבֿי נאַמאָקסט, אַבֿרהם שנײַדער, העניע פֿאָגלין, שבֿע גרינבערג, יעקבֿ שמש, יהודה זאַק, ישעיה־מנחם פֿרידמאַן, חיים־צבֿי ליפּשיץ.

**רבנים.** — ר׳ משה לוריא, אַרום 1820ער און 1830ער יאָרן. ניפֿטר געוואָרן 1835. זון פֿון ר׳ טאָדרעס בר׳ אַריה לוריא. ר׳ טאָדרעס איז געווען ספֿרא ודיינא אין ראַסיין און ניפֿטר געוואָרן אין 1818.

ר׳ משה בר׳ אליעזר יפֿה, פֿון 1859 ביז זײַן פּטירה אין 1889.

זײַן זון ר׳ אליהו־ישׂשכר־בער, ביז 1913. פֿריִער דיין אין יאַנישאָק.

ר׳ אַבֿרהם־יצחק פּערלמאַן, גע־באָרן 1890 אין טעלז. מחבר פֿון **פּני אַבֿרהם** (קידאַן, תּרפּ״ח). געשריבן חידושי־תּורה אין **בית ועד לחכמים** (סאַטמאַר, 1926) און סלאַבאָדקער **כּנסת ישׂראל** (תּ״ש). רבֿ פֿון 1913 ביזן חורבן, הי״ד.

פֿאַרן ערשטן וועלטקריג זײַנען דאָ געווען צוויי קליינע ישיבֿות. איינע האָט נאָך שפּעטער עקסיסטירט. אין איינער איז געווען ר״מ ר׳ שמואל זאַקס און משגיח (און אפֿשר אויך ר״מ) ר׳ אליהו־דובֿ קאַץ[1],

1) אין יזכּור פֿון א.צ. ברזין זאָגט זיך, אַז ער איז געווען דאָ אבֿ״ד אין 1920, אָבער אין יענעם יאָר

אין דער צווייטער — ר״מ ר׳ יעקבֿ לוי.

ר׳ שלום צאַדיקאָוו, שו״ב וחזן (1879). אַגענט פֿון **הישראלי** (מײַנץ); ר׳ יודל אידעלזאַק, שו״ב (1914).

**אָפּשטאַמיקע.** — ר׳ שלמה־יצחק שיינפֿילד, דאָ געבאָרן 1860. פֿון 1891 אין אַמעריקע. עטלעכע יאָר רבֿ אין לויִוויל (קענטאָקי) און איבער 40 יאָר אין מילוואָקי, ווו ניפֿטר געוואָרן אין 1943.

שמעון פֿישמאַן, דאָ געבאָרן 1878. שפּעטער אין אַמעריקע. האָט געמאַכט וויכטיקע אויסגעפֿינסן פֿאַר דער אַמעריקאַנער אַגריקולטור.

ר׳ שרגא־פֿײַוול שאַפּיראָ, דאָ געבאָרן 1900. ר״מ אין אַ ישיבֿה אין בעלגיע. געלערנט אין טעלז און אַנדערע ישיבֿות אין ליטע. אומגעקומען 1940 אין אַ נאַצישן לאַגער, הי״ד.

משה זילבערג, דאָ געבאָרן 1900. שופֿט אין העכסטן געריכט פֿון ישׂראל. לעקטאָר אין העברעיִשן ירושלימער אוני־ווערסיטעט. פֿאַרעפֿנטלעכט אַ סך אַרבעטן אין דער ישׂראל־פּרעסע וועגן יוריספּרו־דענץ. מחבר פֿון **המעמד האישי בישׂראל** (ירושלים, תּשי״ח).

פֿון די ניכבדים: ר׳ חיים־מאיר גרינבערג, תּלמיד־חכם, מיטגרינדער פֿון ישיבֿה און אַ ריי חבֿרות. זײַן פֿאָטער משה־צבי האָט מען גערופֿן „שקודער מגיד״ [שקודווילער?]. ניפֿטר געוואָרן 1912.

— און 7 יאָר פֿריִער און 21 יאָר שפּעטער — איז דאָ געוועזן אבֿ״ד הרב אַבֿרהם־יצחק פּערלמאַן, הי״ד.

ש.ב. צאַדיקאָוו האָט געשריבן קאָרעספּאָנדענציעס אין **הצפֿירה**.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המגיד, 1872: 17; הצפֿירה, 1889: 46; המודיע, 1912: 27; הדרך, פ״פ א/מ תּרע״ג, תּרע״ד: 11; יזכור, א.צ. ברזין. ירושלים, תּר״ץ, ע׳ 182; דער ליטווישער איד. ניו־יאָרק, 1943: 2; אֵלה אזכרה, ב׳. נ״י, תּשי״ז, ע׳ 315; לקורות עיר ראסיין ורבניה, ע׳ כ״ג; ד. תּדהר, ז׳ 1027; ספֿר הפּרענומע־ראַנטן, 8676; יהדות ליטא, א׳, ג׳.
Die Juden in Russland. Hamburg, 1844, p. 62; Black Book.

## שקומיאַן SKIEMONYS

אוטיאַנער קרײַז. 1923 האָבן דאָ געלעבט 128 ייִדן. געמאַכט אַ לעבן פֿון מלאכה און קרעמערײַ. פֿאַרן חורבן זײַנען געבליבן בײַ 50 ייִדן.

ניט געקוקט אויף דער קליינקייט פֿון ייִשובֿ, האָט שקומיאַן געהאַט עטלעכע רבנים.

אין 1882 איז דאָ געוועזן רבֿ ר׳ אַהרן בר׳ אַבא שטיין, געבאָרן 1855. פֿריִער רבֿ אין סקאַדוצישאָק.

ר׳ אַבֿרהם בר׳ משה מאיר־אָוויטש, געבאָרן 1874 אין קאַרעליץ, איז דאָ געוועזן רבֿ זינט 1909.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — אהלי שם, 142, 365.
Black Book.

# דאָרפֿישע ייִשובֿים

אין אונדזער רשימה געפֿינען זיך 369 ייִשובֿים. יעקבֿ ראַסיין דער אַגראָנאָם, אַ מומחה אין די דאָזיקע ענייִנים, האָט געשאַצט, אַז אין ליטע זײַנען געווען איבער 200 ייִדישע דאָרפֿישע ייִשובֿים. מײַן געפֿונענע צאָל איז פֿאַר מיר אַליין די גרעסטע איבערראַשונג, און מען דאַרף ניט פֿאַרגעסן, אַז איך האָב געוויס פֿאַרזען וואָסערע 100–150 — אויב ניט מער — אַזעלכע ייִשובים. דאָס וואַרפֿט אויך אַ נײַ ליכט אויף דער ייִדישער דעמאָגראַפֿיע אין ליטע.

די ייִדישע נעמען פֿון אַ צאָל דאָרפֿישע ייִשובֿים זײַנען געבליבן ניט באַקאַנט. עס האָבן ניט געהאָלפֿן די פֿיל נאָכפֿרעגענישן. מיר מיינען, אַז טייל פֿון זיי האָבן קיין מאָל ניט געהאַט קיין ייִדישן נאָמען. פֿאַר וואָס? — די נעמען פֿון שטעט און שטעטלעך אין ליטע זײַנען געלעגן אין די מײַלער פֿון טויזנטער ייִדן, זײַנען זיי אין משך פֿון יאָרן ייִדישיזירט געוואָרן אין אַזאַ אָדער אַנדער פֿאָרעם. דער פֿאַרשפּרייט־ראַדיוס פֿון די דאָרפֿישע ייִשובֿים איז געווען זייער אַ באַגרענעצטער, וואָסערע עטלעכע מײַל, אַזוי אויך די צאָל ייִשובֿניקעס אין מקום, ממילא האָבן געפֿעלט די טויזנטער ייִדישע מײַלער צו פֿאַרייִדישן די נעמען.

אין די ייִשובֿים איז די דאַטע „ביז 1918" ניט גילטיק.

# א

## אַבעלינאַ ABELINA

אַ יִישובֿ אין ליטע. אין 1876 איז דאָ געווען איין פּרענומעראַנט אויף **נאום דוד** פֿון שלום דוד מאיראָוויץ (ווילנא, תּרל״ו).

**ביבליאָגראַפֿיע.** — ספֿר הפּרענומעראַנטן, נומ׳ 25.

## אַבעלניק ABELNIKAS

אַ הויף אין אומגעגנט פֿון לאַזדיי, סיינִיער קרײַז. געהערט צו אַבֿרהם זימאַן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המליץ, 1879: 37.

## אובילאַ UBILA

הויף לעבן ווײַגעווע. 1903 איז דאָ געווען אַ פּרענומעראַנט אויף אַ ספֿר — **פּליטי אפֿרים** פֿון אפֿרים דובער בערזינסקיא.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — ספֿר הפּרענומעראַנטן, נומ׳ 79.

## אַוואַנאַסטע AVANASTĖ

דערפֿל, 6 וויאָרסט פֿון סאַלאָק, קרײַז עזשערעני. פֿאַרן ערשטן וועלטקריג איז דאָ געווען אַ קליינער יִדישער יִישובֿ.

## אוזשוגאָסטיס UŽUGUOSTIS

דאָרף אַרום קאָוונע. צו די סיים־וואַלן אין 1922 זײַנען דאָ געווען 5 יִדישע שטימען.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — אידישע שטימע, 1922.

## אונגאַרינע UNGARINĖ

דאָרף, ניט ווײַט פֿון מאַריאַמפּאָל. אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע איז דאָ געווען אַ לאַנדווירטשאַפֿט־שול פֿון „אָרט״. דאָ האָבן געלעבט אַ פּאָר יִדישע מישפּחות.

## אופּיטע

אַ קליין שטעטעלע, 14 ק״מ פֿון פּאָנעוועזש. פֿאַרן ערשטן וועלטקריג איז דאָ געווען אַ קליינער יִדישער יִישובֿ. עטלעכע יִדישע מישפּחות האָבן נאָך דאָ געוווינט אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע. מיט אַ 150 יאָר צוריק איז אופּיטע געווען דער צענטראַלער מקום פֿון פּאָנעוועזשער קרײַז.

ניטאָ אין **ידיעות** (1922) פֿון ייִדישן נאַציאָנאַל־ראַט אין ליטע, ניט אין די 211 ייִדישע מקומות פֿון ייִדישע האַנט־ווערקערס אין ליטע (1938).

## אָזווינץ

דערפל, ניט ווײַט פֿון סאַלאָק, עזשערענער קרײַז. פֿאַרן ערשטן וועלטקריג האָבן דאָ געלעבט עטלעכע ייִדישע מיש־פּחות.

## IGLIAUKA איגלאָווקע

קליין שטעטעלע צווישן מאַריאַמפּאָל און באַלבירישאָק. 1723 איז דאָ אויפֿגעשטעלט געוואָרן אַ קלויסטער. דאָ האָבן געלעבט 51 ייִדן (גענויע צײַט אומבאַקאַנט).

**ביבליאָגראַפֿיע.** — A. Totoraitis, Sŭduvijos Suvalkijos Istorija, p. 466.

## ILGUVA אילגוואַ

דאָרף אין שאַקיִער קרײַז. אין 1797 האָבן דאָ געוווינט 10 ייִדן (272 קריסטן).

**ביבליאָגראַפֿיע.** — A. Janulaitis, Užnemunė po Prūsais, p. 160.

## IMBRADAS אימבראַד

אַ קליינטשיק שטעטעלע. אין 1923 האָבן דאָ געוווינט 50 ייִדן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — Black Book

## INDRIONIŠKIS אינדריאָנישיק

דאָרף. אין 1923 האָבן דאָ געוווינט 35 ייִדן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — Black Book

## OLOVA אָלאָווע

קליין שטעטעלע, ניט ווײַט פֿון דויג, אַליטער קרײַז. פֿאַרן ערשטן וועלט־קריג איז דאָ געווען אַ גרעסערער ייִדישער ייִשובֿ, 1923 האָבן דאָ געלעבט 78 ייִדן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — Black Book

## ALVITAS אַלוויט

קליין שטעטעלע, 12 ק"מ פֿון ווילקאָווישק. 1923 האָבן דאָ געלעבט 31 ייִדן, אויף 283 תּושבֿים. אַמאָליקער נאָמען: Paširvintis. אָרט באַקאַנט פֿון 1617.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — Lietuvos Encyclopedija; Black Book.

## אַליטע, 2

אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע האָט דאָ געוווינט אַ גרופּע פֿון 15 ייִדן, וואָס איז סטאַטיסטיש ניט צוגערעכנט געוואָרן אין דער ציילונג פֿון 1923.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — Black Book

## אָלינאָווע OLINOVA

הויף לעבן גודלעווע, קאָוונער קרײַז. אַ פּאָר ייִדישע מישפּחות אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע. ייִדישער פּריץ — יוסף שוואַרץ.

## אַלעקסאַנדראָבאָל ALEKSANDROBOLIS

קליינער ייִדישער ייִשובֿ. ראַקיש־קער קרײַז. דאָ האָבן געלעבט בײַ 50 ייִדן, פֿאַרן חורבן — בײַ 25.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — ראַקישקער יזכור־בוך.

## אָלשישאָק

דאָרף אַרום וויסאָקידוואָר, טראָקער קרײַז. עטלעכע ייִדישע מישפּחות פֿאַרן ערשטן וועלטקריג.

## אַנדרעיאַווע ANDRIEJAVA

קליין שטעטעלע, 14 וויאָרסט פֿון ריטעווע, טעלזער קרײַז. אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע האָבן דאָ נאָך געלעבט עטלעכע צענדליק ייִדישע מיש־פּחות, אין 1923 — 66 ייִדן. אין רעליגיעזע ענינים געווען פֿאַרבונדן מיט דער קהילה אין ריטעווע.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — Black Book

## אַנטאַזאָווע ANTUZAVA

דאָרף, 10 ק״מ פֿון דוסיאַט, קרײַז עזשערעני. 1923 האָבן דאָ געלעבט 15 ייִדן אויף 101 קריסטן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — Black Book; Lietuviškoji Enciklopedija, I

## אַנטאַנאָווע ANTANAVA

קליין שטעטל. 1923 האָבן דאָ געוווינט 192 ייִדן [?].

**ביבליאָגראַפֿיע.** — Black Book

## אַנטניעמאַן ANTNEMUNIS

דערפֿל. אין 1923 האָבן דאָ נאָך געלעבט 6 ייִדן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — Black Book

## אַקוניק

דערפֿל אַרום קאָוונע. אין 1922 האָבן דאָ געוווינט ייִדן.

ביבליאָגראַפֿיע. — נײַס, קאָוונע, 1922.

## אַשמינטע ASMINTĖ

דאָרף און הויף, 5 ק״מ פֿון פּרען, מאַריאַמפּאָלער קרײַז. אויף 278 ניט־ייִדן האָבן אין 1923 דאָ געלעבט 14 ייִדן.

ביבליאָגראַפֿיע. — Black Book

# ב

## באָברי BOBRI

דאָרף, 12 וויאָרסט פֿון סעריי, אַליטער קרײַז. פֿאַרן ערשטן וועלטקריג איז דאָ געווען אַ קליינער ייִדישער ייִשובֿ.

## באַטשקיניקל

דאָרף, אין געגנט פֿון דאַרשוני־שאָק, טראָקער קרײַז. אַרום 1900 האָט דאָ געהאַט זײַן הויף דער ייִדישער פּאַמעש־טשיק (פּריץ) נחום קראַסאָווסקי. אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע איז דאָ נאָך געווען אַ קליינער ייִדישער ייִשובֿ. אומגעבראַכט געוואָרן מיט די ייִדן פֿון דאַרשונישאָק.

## באַלטושאָווע BALTUŠOVA

אַ וווינאָרט פֿון אַן איינציקער ייִדישער מישפּחה אין אַ פּוסטן אַרום (Viensėdis). עטלעכע וויאָרסט פֿון שקימיאַן, אוטיאַנער קרײַז. דאָ האָט געלעבט ר׳ איצע באַלטושאָווער מיט זײַן פֿאַמיליע. די אַלע אַרומיקע פֿעלדער האָבן געהערט צו אים. זײַנע חתונה־געהאַטע קינדער פֿלעגט ער אויך אײַנאָרדענען אין זײַן פֿילצימערדיקן הויז. זײַן הויפּט־חיונה האָט ער געצויגן פֿון מאַשינען, וואָס רייניקן וואָל און גרייטן עס צו צום שפּינען. בײַ די וואָלמאַשינען האָבן געאַרבעט פּויערים, ער גופֿא איז געזעסן אין אַ ווינקל און געלערנט, מערסטנס קבלה. האָט געגעבן אַ גרויסע נדבֿה צו העלפֿן בויען אַ בית־כּנסת אין דערבײַיִקן שקימיאַן.

ביבליאָגראַפֿיע. — מערער פּרטים אין „ליטע“, 1, ז׳ 1375.

## באַלטמישקי BALTMIŠKIS

אַ ייִדישע קאָלאָניע לעבן שיד־לעווע, ראַסיינער קרײַז, אויפֿגעשטעלט

געוואָרן 1854 אויף אומזיסטער רעגירונג־ערד.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — Recueil de Matériaux sur la Situation economique des Israelites de Russie, II., p. 367.

## באַלטשישאָק

דאָרף, ניט ווײַט פֿון לייפון, סייניער קרײַז. פֿאַרן ערשטן וועלטקריג האָבן דאָ געוווינט מערערע ייִדן.

## באַלש (באַלאַש?)

דאָרף, ניט ווײַט פֿון שילעל, טאַוריקער קרײַז. איז אַ מאָל געווען אַ גרעסערער ייִדישער ייִשובֿ.

## באַראָווע BAROVA

דערפֿל אַרום מאַריאַמפּאָל. סוף נײַנצנטן יאָרהונדערט האָבן דאָ נאָך געלעבט ייִדישע מישפּחות. אין אַ מאַריאַמפּאָלער רשימה נדבֿות פֿון 1899 פֿאַר ייִשובֿ א״י ווערט אויך דערמאָנט באַראָווע.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המליץ, 1899: 49.

## באַראַן BARANAS

דאָרף, אַרום פּאָסוואָל. עטלעכע ייִדישע מישפּחות צווישןביידע וועלט־מילחמות. איינע פֿון זיי איז געווען אַכבער. זײַן זון חנא האָט געלעבט אין פּאָסוואָל.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — אַרי גלאַזמאַן, רינגען, קאונאַס, 1940.

## באָרוווקע

דערפֿל, ניט ווײַט פֿון ווילקאָמיר. דאָס פֿעלד אַרום האָט געהערט צו אַ ייִדן, וואָס פֿלעגט עס אַליין באַאַרבעטן, צוזאַמען מיט זײַן מישפּחה. ער האָט אויך אויסגעבויט זומער־דירות, וואָס שטאָטישע ייִדן פֿלעגן קומען אַהין אויף אָפּרו.

אינפֿאָרמאַציע פֿון בנימין באַסמאַן, ווילקאָמיר־חדרה.

## באַרטינינק BARTININKI

דאָרף און הויף אין ווילקאָוויש־קער קרײַז. 1923 האָבן דאָ געלעבט 93 ייִדן אויף 683 קריסטן.

אַ צווייטער דאָרף מיטן זעלביקן נאָמען איז דאָ אין טאַוריקער קרײַז.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — Lietuviškoji Enciklopedija, 2; Black Book.

## באַרשאַן

דאָרף אין ראַקישקער געגנט. אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע האָבן דאָ נאָך געוווינט עטלעכע ייִדישע מישפּחות.

איינער פֿון זיי, מיכאל־וועלוול מיכאַלעוויץ, האָט פֿריִער געלעבט אויף לאַנד לעבן גוי־ יִשן הויף **שטאַנישאָק**.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — ראַקישקער יזכּור־בוך, ז׳ 355.

## באַרשטיץ BARŠTYČIAI

אַ גרויסער דאָרף. די אָרטיקע ייִדן האָבן געהאַט אַ נאָענטע פֿאַרבינדונג מיט דער קרײַזשטאָט טעלז. אין 1923 האָבן דאָ געלעבט 87 ייִדן. כּמעט אַלע זיך פֿאַרנומען מיט לאַנדווירטשאַפֿט. אויסגע־ האַלטן ביזן חורבן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — Black Book

## בובעל BUBELIAI

דאָרף. 1923 האָבן דאָ געלעבט 29 ייִדן.

## בודאָוויץ BUDVIETIS (?)

דאָרף לעבן ווילקאָווישק. אין די 1840ער האָבן דאָ געלעבט מערערע ייִדישע מישפּחות. אין די 1880ער איז זייער צאָל שוין געוועזן פֿאַרגרעסערט. אין 1882 זײַנען צען ייִדישע הײַזער אַראָפּ מיטן פֿײַער. באַזונדערס באַקאַנט איז די פֿאַרצווײַגטע פֿאַמיליע פֿון די כּהנס. איינער פֿון זיי, ר׳ צבֿי־הירש כּהן, געבאָרן דאָ 1862, איז 1890 געוואָרן רבֿ אין מאָנטרעאָל, ווו ער איז לאַנגע יאָרן געווען דער זְקַן־הרבנים און דאָרטן ניפֿטר געוואָרן אין 1950. האָט געשריבן אין קאַנאַדער ייִדישע צײַטונגען.

זײַן עלטערער ברודער, אליעזר קאָהען, געבאָרן דאָ אין 1844, האָט 1869 אויסגעוואַנדערט קיין קאַנאַדע. ער און באַזונדערס זײַן זון לעאָן האָבן גרויסע פֿאַרדינסטן פֿאַרן ייִדיש־קאַנאַדישן קיבוץ. אליעזר איז געשטאָרבן 1914 אין מאָנ־ טרעאָל. ר׳ צבֿיס און אליעזרס פֿאָטער, ר׳ חיים, איז דער זון פֿון הרבֿ ר׳ יהודה בודאָ־ וויצער און אייניקל פֿון הגאון ר׳ ניסן שאַפּיראָ פֿון ווילקאָווישק. אין 1923 האָבן דאָ געלעבט 20 ייִדן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — הצפירה, 1882: 23; דורות האחרונים, ב׳, ע׳ 187; ש.ל. ציטרון, לקסיקון ציוני. ורשה, תרפ״ד, ע׳ 99; א.ז. לוין־אפשטין, זכרונותי, א׳. ת״א, תרצ״ב. ע׳ 10, 284; אהלי שם, ע׳ 302; תולדות אַנשי שם (ראַנד), ע׳ 66; ב.י. קאָן, „ליטע" 2, ז׳ 817.

## בודעוואָני

הויף פֿון יודל קאַגאַנסקי, 12 ק״מ פֿון ווילקאָווישק. די עקאָנאָמישע הויפּטבאַזע איז געווען מילכווירטשאַפֿט. עקסיסטירט נאָך אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע.

## בויד BŬDA

קליין שטעטעלע, מאַריאַמפּאָלער קרײַז. אַרום 70 ייִדן האָבן דאָ געלעבט, אַן

ערך אַזוי פֿיל פֿאַרן חורבן. האָבן זיך פֿאַר־נומען מיט קרעמערײַ און קאַראַבעל־ניקערײַ, געווען אויך אַ פּאָר ייִדישע לאַנד־ווירטן. דער אָרטיקער שוחט ר׳ אַבֿרהם־אליהו שטיינפֿעלד האָט אויך געפּסקנט דינים.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — יהדות ליטא, ג׳, ד׳.

## בוצקון

ייִדישער דאָרף אין סוואַלקער געגנט. סוף 19טן און אָנהייב 20סטן יאָר־הונדערט האָבן דאָרטן געלעבט מערערע צענדליק ייִדן, וואָס האָבן געהאַט אַ בית־מדרש. אונטערגעגאַנגען אין די 1930ער יאָרן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — „ליטע״, I, ז׳ 1000.

## בוקאַנץ

דאָרף ניט ווײַט פֿון שאַט, קיידאַנער קרײַז. פֿאַרן ערשטן וועלטקריג האָבן דאָ געלעבט מערערע ייִדישע מיש־פּחות. אין 1903 איז דאָ געווען איין פּרענו־מעראַנט אויפֿן ספֿר „המאיר לעולם״ פֿון מאיר־מיכל ראַבינאָוויטש.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — ספֿר הפּרענומעראַנטן, נומ׳ 1165.

## בוראַקאָווע

דערפֿל. אין 1922 האָבן דאָ געלעבט ייִדן. ווערט דערמאָנט בײַ פּסח מאַרקוס.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — „נײַס״, 1922.

## בורבישקי BURBIŠKIS

דערפֿל אין מאַריאַמפּאָלער קרײַז. אין מיטן נײַנצנטן יאָרהונדערט האָבן דאָ געלעבט עטלעכע ייִדישע מישפּחות. 1884 איז דא געבאָרן געוואָרן אַבֿרהם־וואָלף נאָוויניצקי, וואָס איז פֿאַרמישפּט געוואָרן פֿאַר רעוואָלוציאָנערער אַרבעט.

## בורגיאַני

דערפֿל לעבן פּאָסוואָל, בירזשער קרײַז. 1885 איז דאָ געבאָרן געוואָרן דער שרײַבער יעקבֿ־מרדכי שערמאַן, 1903 עמיגרירט קיין יאָהאַנעסבורג, ווו געשטאָר־בן 1958.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — לעקסיקאָן, ב׳ 8.

## בורזשעוויץ

דערפֿל, 2־3 וויאָרסט פֿון פּלונג־יאַן. אַ ייִד האָט דאָ געהאַט אַ שענק פֿאַרן

ערשטן וועלטקריג. עטלעכע ייִדישע מיש־פּחות האָבן דאָ געלעבט אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע.

## ביצון

דאָרף, 9 וויאָרסט פֿון אַבעל, עזשערענער קרײַז. צווישן ביידע וועלט־מילחמות האָבן דאָ געלעבט אַ ביסל ייִדן.

ביבליאָגראַפֿיע. — ראָקישקער יזכּור־בוך, ז׳ 483.

## בלענאַרנע

הויף אַרום קעלם. פּריץ משה־לייב מענדעלאָוויטש. ער מיט מישפּחה אומגעקומען 1941.

ביבליאָגראַפֿיע. — לייב קאָניוכאָווסקיס כּתבֿ יד.

## בענדזינג BENDZINGAI

דאָרף, נאָענט צו דויג, אַליטער קרײַז. עטלעכע ייִדישע מישפּחות האָבן דאָ געלעבט.

## בערזאָלע

דערפֿל לעבן פּלאָטל, שאַוולער קרײַז. פֿאַרן ערשטן וועלטקריג האָבן דאָ געוווינט עטלעכע ייִדישע מישפּחות. אין אַ רשימה פֿון פּלאָטל אין 1914 איז דאָ טאָדרעס פֿיש פֿון בערזאָלע.

ביבליאָגראַפֿיע. — הדרך, פ״פ א/מ, תּרע״ד, גל׳ 8.

## בערזינאַ

קרעטשמע לעבן טאַוויאַן, נאָענט צו ווילקאָמיר. דאָ האָבן געלעבט אַ פּאָר ייִדישע מישפּחות. פֿון איינעם פֿון זיי, שלמה קלמן תּ״ר (?) יקיר, דאָ שו״ת אין „עטרת יצחק״, יצחק־אײַזיק אב״ד שאַוול. אַרום מיטן נײַנצנטן יאָרהונדערט.

## בערעזאָווקע

דערפֿל, נאָענט צו יאַנישאָק, שאַוולער קרײַז. אין לעצטן פֿערטל פֿון נײַנצנטן יאָרהונדערט האָבן דאָ געלעבט עטלעכע ייִדישע מישפּחות.

## ברעזינסק

דאָרף לעבן דאַטנעווע, קיידאַנער קרײַז. פֿאַרן ערשטן וועלטקריג איז דאָ געווען אַ קליינער ייִדישער ייִשובֿ.

# ג

## גאודעלישאָק GAUDELIŠKĖ

„אַ קליין שטעטעלע אויף דער לינקער זײַט פֿון אַלעקסאָט, אויפֿן וועג קיין פּרען" — אַזוי באַשרײַבט עס קלמן מרמר אין זײַנע זיכרונות פֿון 1892. געווען דאָרט אַ שיין בית־מדרשל.

ביבליאָגראַפֿיע. — מײַן לעבנס־געשיכטע, I. נ"י ז' 264.

## גאורע GAURĖ

דאָרף, 16 ק"מ פֿון ערזווילִיק, טאַווריקער קרײַז. אין 1923 האָבן דאָ געלעבט 17 ייִדן, אַזוי אויך ביזן חורבן.

ביבליאָגראַפֿיע. — Black Book

## גאַלגוידישאָק GALGAUDIŠKIS

דערפֿל אַרום נײַשטאָט־שאַקי. אין 1799 האָבן דאָ געלעבט 6 ייִדן אויף 318 קריסטן. אין די 1870ער האָבן זיך דאָ געפֿונען עטלעכע ייִדישע משפּחות און אין 1930 — 3־4 ייִדישע פֿאַמיליעס.

ביבליאָגראַפֿיע. — המגיד, 1871: 41; A. Janulaitis, Užnemunė po Prūsais, p. 160

## גאַרישקי GORIŠKIS

ייִדישער איינצלהויף אין דיסטריקט פֿון פּאַדוביסע, קאָוונער קרײַז. 1933 האָט דאָ געלעבט די מישפּחה נאָיִק.

ביבליאָגראַפֿיע. — אידישע שטימע, 1933: 4297.

## גודזשון GUDŽIŪNAI

קיידאַנער קרײַז, 13 קילאָמעטער פֿון בײיסעגאָלע. לויט איר צאָל ייִדן אין 1923 — 103 — איז דאָס געווען אַ קליין ייִדיש שטעטעלע. פֿאַרן חורבן האָבן נאָך געלעבט דאָ אַ צאָל ייִדן.

ביבליאָגראַפֿיע. — יהדות ליטא, ד'. Black Book

## גודנאָווע

דאָרף, ניט ווײַט פֿון אַלסיאַד, טעלזער קרײַז. פֿאַר דער ערשטער וועלט־מילחמה איז דאָ געווען אַ קליינער ייִדישער ייִשובֿ.

## גודעל, 2 GUDELIAI

אין ליטע זײַנען געווען 3 מקומות מיטן זעלביקן נאָמען לעבן

רעמיגאָלע, פּאָפּעליאַן, שקודוויל. איינער פֿון זיי האָט געהאַט 22 ייִדן אין 1923 — מיר ווייסן ניט וועלכער. אַ פּערט אָרט מיטן זעלביקן נאָמען איז געווען אַ קליין ייִדיש שטעטעלע (זע אָפּטייל: שטעט).

**ביבליאָגראַפֿיע.** — Black Book

## גודעליאַי GUDELIAI

אַ דערפֿל מיט אַזאַ נאָמען געפֿינט זיך אין דרײַ מקומות אין ליטע — לעבן פּאָפּעליאַן, רעמיגאָלע, שקודוויל. איינס פֿון זיי האָט געהאַט 22 ייִדן אין 1923, מיר ווייסן ניט וועלכע.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — Black Book — זע אויך **שטעט** — גודעליאַי.

## גיוויאַי — סקרודזשיאַי

דערפֿל. אין די 1920ער האָבן דאָ געלעבט ייִדישע מישפּחות.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — ידיעות פֿון אידישן נאַציאָנאַל־ראַט אין ליטע, 1922.

## גיטעלישקע

איין וויאָרסט פֿון סאַלאַנט, קרײַז קרעטינגע. דאָ איז געווען אַ גרויסע קרע־טשמע.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — „ליטע“, I, ז׳ 770.

## גינטאַלישאָק GINTELIŠKĖ

דאָרף, ניט ווײַט פֿון פּלאָטל, קרעטינגער קרײַז. 1810 איז דאָ געווען אַ קליינער ייִדישער ייִשובֿ, אַזוי אויך פֿאַרן ערשטן וועלטקריג. פֿון יענער צײַט איז נאָך געבליבן אַ בית־מדרש, וואָס דאָס ביסל פֿאַרבליבענע ייִדן אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע פֿלעגן ניצן. ווערט דערמאָנט אין מ.א. גינצבורגס **אבֿיעזר**.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — מרדכי־אהרן גינצבורג, אבֿיעזר. ווילנא, תּרכ״ד, ע׳ 68 (לעצטע צוויי שײַנען צו זײַן די זעלביקע).

## גליון

אַ ייִדישער הויף לעבן גודלעווע, קאָוונער קרײַז. עטלעכע ייִדישע מישפּחות. פּריץ — יצחק סעגאַלאָווסקי, שפּעטער זײַן זון דוד.

## געגוזשין GEGUŽINĖ

דערפֿל, טראָקער קרײַז. אַ ביסל ייִדן האָבן דאָ געלעבט אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע. צו די סיים־וואַלן אין 1922 זײַנען דאָ געווען 11 ייִדישע שטימען.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — נײַעס, קאָוונע, 1922.

## געלגודישיק GELGUDIŠKIS

דערפֿל אין יורבורגער געגנט, ראַסיינער קרײַז. אין 1666 איז דאָ געווען

איין ייד. עטלעכע ייִדן האָבן דאָ געוווינט נאָך אין 1938.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — דער אידישער האַנטווערקער אין ליטע אין ציפֿערן, קאונאַס, 1938.
Biuletyn Żydowskiego Instytutu Historycznego W Polsce (אַרטיקל וועגן זאַמעט).

## געלעז GELAŽIAI

דערפֿל, ניט ווײַט פֿון סובאָטש, פּאָנעוועזשער קרײַז. פֿאַרן ערשטן וועלט־קריג האָבן דאָ געוווינט עטלעכע ייִדישע מישפּחות, ווי אויך אין דער נײַער ליטע. אין אַ רשימה פֿון ייִדישע ייִשובֿים אין ליטע אין 1938 איז דאָ אויך געלעז (א"נ געלאַזשיאַי).

**ביבליאָגראַפֿיע.** — דער אידישער האַנטווערקער אין ליטע אין ציפֿערן, קאונאַס, 1938.

## געלצין

אַ קרעטשמע. האָט אַפֿילו איין פּרענומעראַנט אויף אַ ספֿר — **ונגש הפהן** פֿון הלל־דוד טריווש, 1882.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — ספֿר הפרענומעראַנטן, נומ' 1735.

## גראַזישק GRAŽIŠKIAI

דערפֿל, ווילקאָווישקער קרײַז. אין 1923 האָבן דאָ געלעבט 16 ייִדן. ניט באַקאַנט, אויב פֿאַרן חורבן זײַנען דאָ נאָך געוועזן ייִדן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — Black Book

## גראָסווילקי

דאָרף, נאָענט צו דראָביאַן, קרעטינגער קרײַז. אָנהייב 19טן יאָר־הונדערט האָבן דאָ געלעבט עטלעכע ייִדישע מישפּחות.

## גרודזון GRUDZŪNAI

דאָרף אין שאַוולער געגנט. אין 1922 האָבן דאָ געוווינט ייִדן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — נײַס, קאָוונע, 1922.

## גריבקעלע

דערפֿל לעבן סאַלאַט, בירזשער קרײַז. פֿאַרן ערשטן וועלטקריג האָבן דאָ געלעבט עטלעכע ייִדישע מישפּחות.

## גרימז

הויף לעבן קעלם, ראַסיינער קרײַז. אַ פּאָר ייִדישע מישפּחות האָבן דאָ

געלעבט אין מיטן נײַנצנטן יאָרהונדערט. דער דאָרטיקער מאיר גרימזער איז געוואָרן באַשולדיקט, אז ער האָט געמאַכט יד אחת מיט זײַן פּוילישן פּריץ בעתן אויפשטאַנד אין 1863. דער בילבול איז אַנולירט גע־וואָרן.

ביבליאָגראַפיע. — א.א. פרידמאַן, ספר הזכרונות. ת"א, תרפ"ח. ע' 38.

# ד

## DABIKINĖ דאַביקינע

דערפל, ניט ווײַט פון אַקמעיאַן, מאַזשייקער קרײַז. עטלעכע ייִדן האָבן דאָ געלעבט.

## דאַוויען

דאָרף, ניט ווײַט פון פּאַסוואָל, בירזשער קרײַז. פאַרן ערשטן וועלטקריג האָבן דאָ געלעבט מערערע ייִדן, אין 1923 — 25.

ביבליאָגראַפיע. — Black Book

## DAUKŠIŠKIS דאוקשישאָק

דאָרף. אין די 1870ער יאָרן האָבן דאָ געלעבט ייִדן. אין 1879 איז דער אָרטיקער יהודה מילנער געשאָסן געוואָרן פון אַ פּויער.

ביבליאָגראַפיע. — המליץ, 1879: 22.

## דובינאָווע

ייִדישע קאָלאָניע ניט ווײַט פון עזשערעני. די קאָלאָניע פון 599 דעסיאַטין ערד, פרײַ געגעבן פון דער רוסישער רעגי־רונג, איז געגרינדעט געוואָרן אין 1847. דאָרטן האָבן זיך באַזעצט 37 ייִדישע מישפּחות (281 נפשות), 18 פאַמיליעס פון יאַנישאָק און אַ סך פון עזשערעני. אין 1911 זײַנען דאָ געווען מנדבים פאַר בנין ארץ־ישראל. קלײַבער: אליעזר רודניק.

ביבליאָגראַפיע. — חשבון הנדבות, 1911, ז' 35. Recueil de Matériaux sur la Situation economique des Isralites de Russie, II., p. 366.

## DUBININKUS דוביניק

דאָרף, בײַ 8 וויאָרסט פון יאַני־שאָק, שאַוולער קרײַז. אין די 1890ער — און אויך שפּעטער — האָבן דאָ געלעבט

עטלעכע ייִדישע מישפּחות, צווישן זיי דער זיידע, אַ פּישער, פֿון קלמן מרמר.

ביבליאָגראַפֿיע. — ק. מרמר, מײַן לעבנס-געשיכטע, 1. נ״י, 1959, ז׳ 264.

## דובראָוויצי

אין די 1870ער האָבן דאָ געוווינט מערערע ייִדישע מישפּחות. דעם דריטן אויגוסט, 1884, איז דאָ פֿאָרגעקומען אַ פּאָגראָם. ייִדן האָבן געשטעלט אַ ווידער־שטאַנד. די טעלעגראַפֿן־אַגענטור „רויטער" גיט צו: „לעבן קאָוונע".

ביבליאָגראַפֿיע. — דער פּוילישער אידעל, לאָנדאָן, 1884: 6, 7.

## דוואָרוקאַ DVORUKA

דערפֿל. אין 1922 האָבן דאָ געוווינט ייִדן. איין מישפּחה האָט געהייסן עגובער.

ביבליאָגראַפֿיע. — „נײַס", קאָוונע, 1922.

## דוואָרנאָווע DVORNOVA

דערפֿל אין קאָוונער געגנט. אין 1922 האָבן דאָ געלעבט ייִדן.

ביבליאָגראַפֿיע. — נײַס, קאָוונע, 1922.

## דיטקעמע

דערפֿל אַרום טאַווריק. אָנהייב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט האָבן דאָ נאָך געלעבט עטלעכע ייִדישע מישפּחות.

## דילאָן

דאָרף לעבן באָבט, קאָוונער קרײַז. דאָ האָט געלעבט דער קרעטשמער אַהרן־דוד מיט נאָך עטלעכע ייִדן.

## דיקשנע

דאָרף, טראָקער קרײַז. 1847 איז דאָ געשאַפֿן געוואָרן אַ ייִדישע קאָלאָניע אויף אומזיסטן באָדן פֿון דער רוסישער רעגירונג. טייל קאָלאָניסטן זײַנען געקומען פֿון מערעטש. אויסגעהאַלטן ביזן חורבן.

ביבליאָגראַפֿיע. — Recueil de Matériaux sur la Situation economique des Israelites de Russie,II., p. 330.

## דירווינישאָק

אַ דערפֿל לעבן שאַווּלאַן, שאַוולער קרײַז. אין די 1860ער האָבן דאָ געוווינט מערערע ייִדישע מישפּחות. דעם 26סטן יאַנואַר, 1861, האָט זיך אָנגעהויבן אַ גרויסער בלוט־בילבול אויף ייִדן אין דערפֿל און שאַוולאַן, ווײַל יענעם טאָג זײַנען גראָד צוויי ייִדן פֿון שאַוולאַן געווען אין דאָרף. אַרויסגערופֿן די העצע האָט אַ ייִדישער בחור פֿון דערפֿל, וואָס האָט זיך

צעקריגט מיט זײַן פֿאָטער איציקזאָן, און געזאָגט די פּויערים, אַז ייִדן האָבן געקוילעט אַ קריסטלעך קינד צו ניצן זײַן בלוט ערבֿ פּסח (מער פּרטים אין קאַפּיטל שאַוולאַן).

ביבליאָגראַפֿיע. — הכּרמל, תּרכ״א: 38, 39.

## דעוואַנגאָלע DEVANGOLĖ

דערפֿל לעבן סמילג, פּאָנעווע־זשער קרײַז. אין די 1880ער יאָרן האָבן דאָ געלעבט עטלעכע ייִדישע מישפּחות. אין 1882 איז דאָ דערשאָסן געוואָרן דורך אַ פּויער דער שוחט פֿון סמילג.

ביבליאָגראַפֿיע. — המליץ, 1882: 15.

## דעוועלטאָוו

דאָרף אַרום ווילקאָמיר. אין צווייטער העלפֿט פֿון נײַנצנטן יאָרהונדערט האָבן דאָ געוווינט ייִדישע מישפּחות. 1872 איז דאָ געבאָרן געוואָרן דער ייִדישער געלערנטער, מחבר פֿון אַ ריי ביכער, ד״ר איסר גינזבורג. געשטאָרבן 1947 אין ניו־יאָרק.

## דעמבאָווע־בודע

דאָרף לעבן מאַריאַמפּאָל. סוף נײַנצנטן יאָרהונדערט איז דאָ נאָך געווען אַ גרעסערער ייִדישער יִשובֿ. אין 1899 איז דאָ געווען אַ ציוניסטישע אַגודה „מוקירי ציון״ און איר נאָמען ווערט דערמאָנט אין אַ רשימה נדבֿות פֿאַר ארץ־ישׂראל [זאָל אויך האָבן געהאַט אַ רבֿ אָדער דיין משה־יהודה גינצבורג]. אין די 1920ער יאָרן האָבן דאָ נאָך געלעבט ייִדן.

ביבליאָגראַפֿיע. — המליץ, 1899: 46; ידיעות פֿון אידישן נאַציאָנאַל־ראַט אין ליטע, 1922.

# וו

## וואַלײַשישאָק VALEIŠIŠKIS

דאָרף לעבן וואַבאָלניק, בירזשער קרײַז. עטלעכע יישובֿניקעס האָבן דאָ געלעבט אין צווייטער העלפֿט אַכצנטן יאָר־הונדערט. איינער פֿון זיי איז דערמאָרדעט געוואָרן אין 1876. אַ ביסל ייִדן האָבן דאָ געלעבט ביזן חורבן.

ביבליאָגראַפֿיע. — הצפֿירה, 1876: 18.

## וואַסילישקי VASILIŠKIS

הויף לעבן קעלם, ראַסיינער קרייז. אַ פּאָר ייִדישע פֿאַמיליעס האָבן דאָ געוווינט אין מיטן נײַנצנטן יאָרהונדערט. איינער פֿון זיי, אײַזיק פֿרידמאַן, זיידע פֿון העברעיִשן שרײַבער א.א. פֿרידמאַן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — א.א. פֿרידמאַן, ספר הזכרונות. ת״א, תרפ״ח, ע׳ 8.

## וואַרעסצינע

דאָרף, 6 ק״מ פֿון ראַקישאָק. אַרום סוף נײַנצנטן יאָרהונדערט האָבן דאָ געלעבט עטלעכע מנינים ייִדן, אַלע ערד־אַרבעטערס. אַפֿילו אין אָט דעם קליינעם קיבוץ ייִדן זײַנען געווען מתנגדים און חסידים. פֿון די חשובע מישפּחות: כײַ־טאָוויץ, שמשון שוואַרצבערג און די קרוקס —שׂמחה, אַבאַ־בערציק און זײַן זון מענדל. די לעצטע צוויי זײַנען געווען, איינער נאָכן אַנדערן, די סטאַראָסטעס פֿון דאָרף. אַבאַ־בערציק האָט זיך אויך פֿאַרנומען מיט אַדוואָקאַטור אין דאָרף און אים איז אָנגע־פֿאַרטרויט געוואָרן דער מלוכה־שטעמפּל. אַ דאַנק דעם דאָזיקן שטעמפּל זײַנען געווען אַ סך „נכתּבים״ (צוגעשריבענע צו וואַרעסצינע) איבער גאַנץ רוסלאַנד . . .

**ביבליאָגראַפֿיע.** — יזכּור־בוך ראַקישאָק, ז׳ 146, 178.

## ווידישאָק VIDIŠKIAI

דערפֿל, ווילקאָמירער קרײַז. דאָ האָבן געוווינט אַ ביסל ייִדן.

## ווידמאַנט

דאָ האָט געוווינט שלמה דער ווידמאַנטער מיט אַ גרויסער מישפּחה. א זון און אַן אייניקל לעבן אין ישׂראל. פלעגט אָפּט קומען קיין וואָרנע. אויף אים דערציילט מען, אַז אויף אַ פּסוק אין „אתה הראית״, וואָס מען האָט אים מכבד געווען שׂמחת־תּורה בײַ הקפֿות, זאָל ער האָבן געזאָגט: „מלכותך מלכות כּל עולמים״ און אַנשטאָט: „וממשלתּך בכל דור ודור״ איז אַרויסגעקומען: „אומעמלאַשטעכאָ בכאָלדער וואָלדער״.

אינפֿאָרמאַציע פֿון וואָרנער יעקב שייפֿער, לאָס אַנדזשעלעס.

## ווידנישאָק

דאָרף, ניט ווײַט פֿון מאַליאַט, אוטיאַנער קרײַז. פֿאַרן ערשטן וועלטקריג איז דאָ געווען אַ ייִדישער ייִשובֿ.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — יהדות ליטא, ג׳, ע׳ 324.

## וויזײַץ

דאָרף, פֿינף קילאָמעטער פֿון גאָרזד, קרעטינגער קרײַז. אַ מאָל געווען אַ שטעטל מיט אַ קהילה און אַ בית־מדרש. ביז דער ערשטער וועלט־מילחמה זיך נאָך גערופֿן „מיעסטעטשקאָ". די ייִדישע קהילה איז חרובֿ געוואָרן אין צײַט פֿון ערשטן פּוילישן אויפֿשטאַנד (1831). קיין אייגענער בית־עולם איז ניט געווען, די מתים האָט מען געפֿירט אויפֿן גאָרזדער בית־החיים.

ר' אַברהמלע, דער „מעלות התורה", ברודער פֿון ווילנער גאון, האָט געהאַט אַן אייניקל אין וויזײַץ, וואָס ער פֿלעגט אָפֿט קומען צו אים.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — היסטאָרישע שריפֿטן, חיים שויס, ניו־יאָרק, 1956. ז' 281.

## VEIDŽIAI וויידז

אַ גוט, 10 ק"מ פֿון קעלם, ראַסיינער קרײַז. פֿאַרן ערשטן וועלטקריג האָבן דאָרטן געלעבט עטלעכע ייִדן. איינער פֿון זיי איז געווען הרבֿ ר' צבֿי־הירש, אַ בעל מקובל און עושר, זיידע פֿון ר' מיכאל האָוושאַ, אב"ד שקוד. דער אייניקל פֿון ר' צבֿי־הירש, ר' מענדל־יצחק בערמאַן, איז געווען רבֿ אין ענגלאַנד. אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע איז דער פּריץ פֿון הויף געווען אַבֿרהם זאַקס מיט זײַן מישפּחה.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — תולדות ישיבת היהודים בקורלאַנד, ע' 468; לייב קוניאָכאָווסקיס כתבֿ־יד.

## VILKIAUTINIS ווילקיוטין

אַ קליין דערפֿל, לעבן לישקעווע, סייניער קרײַז. פֿריִער האָט עס געהערט צום דאָמיניקאַנער מאָנאַסטיר און 1797 האָט עס צוגענומען פּרײַסן. דעמאָלט זײַנען דאָ געווען 6 smukleś (שענקען), באַווינט פֿון ייִדן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — Jonas Totoraitis, Sŭduvijos Suvalkijos Istorija. Kaunas, 1938, p. 370.

## ווירסטיניק

הויף, לעבן פּאַלאַנגע, קרעטינגער קרײַז. אָנהייב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט האָבן דאָ געלעבט עטלעכע ייִדישע מישפּחות. אין אַ רשימה פֿון 1903 ווערן אויסגערעכנט מנדבֿים פֿון דאָזיקן מקום.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המליץ, 1903: 102.

## VIŠEVIENAI ווישעוויאַן

דאָרף אין טעלזער קרײַז. דאָ האָבן געלעבט עטלעכע מישפּחות פֿאַר דער

ערשטער וועלט־מלחמה, אַזוי פֿיל אויך פֿאַרן חורבן. זייער הויפּט־פּרנסה איז גע־ווען ערדאַרבעט.

## וועסולאָווע

הויף אַרום קאָוונע. לאַנגע יאָרן געהערט צום יידישן פּריץ דימענדשטיין. דורך פּאָליטישע מאַנעוורעס אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע אַריבער צום גלח וואָלאָקייטיס. 1935 זיינען שוין דאָ ניט געווען קיין יידן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — „ליטע", I, ז' 1000; צום אויפֿקום פֿון אַרבעט. קאָונאַס, 1935.

## וועפּער VEPRIAI

גרויסער דאָרף, ווילקאָמירער קרייז, 10 ק"מ פֿון באָגאָסלאַווישיק. פֿאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן דאָ געלעבט מערערע יידישע משפּחות. אין 1923 — 18 יידן. אין וואַלן צום ציוניס־טישן קאָנגרעס אין 1933 זיינען דאָ אָפּגעגעבן געוואָרן 13 שטימען.

1883 איז דאָ געבאָרן געוואָרן משה גוטמאַן. רעוואָלוציאָנערער טוער. דעפּוטאַט אין ציטוויליקן פּאַרלאַמענט אין קערענסקיס תּקופֿה. פֿון 1924 קאָמוניסט. 1939 אומגעבראַכט געוואָרן בעת די „ריינינקונגען" אין סאָוועט־רוסלאַנד.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — אידישע שטימע, 1933: 4187. Black Book

## ווערפּיאַן VERPĖNAI

דאָרף, נאָענט צו קעלם, ראַסיינער קרייז. 1824 איז דאָ געבאָרן געוואָרן ר' לייב ציגלער (ר' לייב חסיד). צו זיין משפּחה האָט געהערט די מיל. גרויסער למדן, אָבער פֿלעגט פּראָטעסטירן פֿאַר רופֿן אים „רבי". געווען אָנגענומען אויך ביי קריסטן. געלעבט אין קעלם. ניפֿטר געוואָרן כ"א תּמוז, תּרנ"ד, אין ציטעוויאַן. אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע האָבן דאָ נאָך געלעבט אַ פּאָר יידישע פֿאַמיליעס.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — „ליטע", I, ז' 1450.

## ווערשוועס

דאָרף, ניט ווייט פֿון קאָוונע. דאָ האָבן געלעבט אַ פּאָר צענדליק יידישע משפּחות. ביים ראַנד פֿון דאָרף האָט געוווינט אַ יידישער קרעטשמער. 1878 איז ער מיט זיין גאַנצער משפּחה אויסגע־קוילעט געוואָרן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — הישראלי, מאינץ, תּרל"ט: 20.

# ז

## זאַגריני

הויף, ניט ווײַט פֿון סאַלאָק, עזשערענער קרײַז. פֿאַרן ערשטן וועלטקריג האָבן דאָ געלעבט עטלעכע ייִדישע מיש־פּחות.

## זאַלאַנץ

דערפֿל. אין 1903 איז דאָ געווען איין פרענומעראַנט אויפֿן ספֿר **המאיר לעולם**, מאיר־מיכל ראַבינאָוויץ (ווילנא, תּרס"ג).

## זאַלאָסיאַ ŽALOSIA

דאָרף. אין 1923 האָבן דאָ געוווינט 24 ייִדן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — Black Book

## זודז

דערפֿל, ניט ווײַט פֿון רעמיגאָלע, פּאָנעוועזשער קרײַז. אין 1880ער יאָרן האָבן דאָ געוווינט עטלעכע ייִדישע מיש־פּחות. געלעבט בשלום מיט די ליטווינער. אָבער איין נאַכט האָבן זיי ארויסגעשלעפּט די פּופּצן־יאָריקע טאָכטער פֿון אַ ייִדיש הויז, אַוועקגעשלעפּט צום גלח זי צו שמדן. פּאָליציי האָט זי געראַטעוועט אין עטלעכע טעג אַרום.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המליץ, 1889: 79.

## זווילון

דערפֿל, אַ פּאָר ווייאָרסט פֿון סובאָטש, פּאָנעוועזשער קרײַז. פֿאַרן ערשטן וועלטקריג האָבן דאָ געלעבט עטלעכע ייִדישע מישפּחות.

## זיידעקאַן

אַ דערפֿל מיט אַ וואַלד, 4 ק"מ פֿון פּאָסוואָל, בירזשער קרײַז. ביזן חורבן האָבן דאָ געלעבט אַ פּאָר ייִדישע מישפּחות. אין וואַלד זײַנען 1941 אויסגעהרגעט געוואָרן אַלע ייִדן פֿון פּאָסוואָל און פֿון די אַרומיקע שטעטלעך.

## זײַקינײַ

דערפֿל אַרום שאַוול. אַרום 1922 האָבן דאָ געלעבט ייִדן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — „נײַעס", קאָוונע, 1922.

## זשווינג

דערפֿל, עטלעכע וויאָרסט פֿון פּאַיורע, טאַווריקער קרײַז. פֿאַרן ערשטן וועלטקריג איז דאָ געווען אַ קליינער ייִדי־שער ייִשובֿ. אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע האָט דאָ געלעבט איין ייִדישע לאַנד־ווירטן־מישפּחה. אומגעקומען 1941.

## זשווירבלאַנץ

דערפֿל, אַרום קאָוואַרסק, קרײַז ווילקאָמיר. עטלעכע ייִדישע מישפּחות. ווערט דערמאָנט אין אליעזר היימאַנס סקיצע **אַבֿרהם מאַפּו**. שוין אין די 1920ער זײַנען דאָ געווען גאָר ווייניק ייִדן.

## זשידאַווישקיס ŽYDAVIŠKIS

אַ הויף לעבן באַלבירישאָק, אַליטער קרײַז. אין די 1860ער יאָרן האָבן דאָ געלעבט ייִדן. דער נאָמען אַליין ווײַזט אויך אויף דעם.

## זשידדוואַריס ŽYDDVARIS

[ייִדישער הויף]. איין וויאָרסט פֿון סיאַד, מאַזשייקער קרײַז. דאָ האָבן געלעבט ייִדישע מישפּחות, וואָס האָבן זיך מפֿרנס געווען פֿון באַאַרבעטן זייער ערד. אומגעקומען מיט סיאַדער ייִדן.

## זשידקײַמיס[1] ŽYDKAIMIS

[ייִדיש דאָרף]. שאַוולער קרײַז. ביז אָנהייב 1920ער געהאַט אַ פּאָר צענדליק ייִדישע פּויערים.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — „ליטע״, I, ז' 1001.

## זשיידיני

דערפֿל. אין וואַלן צום ליטווישן סיים אין 1922 זײַנען דאָ פֿאַרצייכנט געוואָרן דרײַ ייִדישע שטימען.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — נײַס, קאָוונע, 1922.

## זשעמײַטקיעמיס[1]

ŽEMAITKIEMIS

דערפֿל לעבן נײַנטן פֿאָרט פֿון קאָוונע. ביזן חורבן האָבן דאָ געלעבט אַ פּאָר ייִדישע מישפּחות.

---

1) פּאַנאַסישאַק־זשידקײַמיס, זע: פּאַנאַסי־שאַק.

1) אין ווילקאָמירער קרײַז איז אויך דאָ אַ זשעמײַטקיעמיס, אָבער אונדז איז ניט באַקאַנט, צי ייִדן האָבן דאָרט געלעבט.

Black Book גיט אַ זשעמײַטקיעמיס מיט 207 ייִדן אין 1923. אַזאַ צאָל ייִדן איז דאָך שוין אַ קליינע קהילה, און מיר האָבן דאָס ניט געפֿונען פֿאַרצייכנט ניט אין די „ידיעות״ פֿון ייִדישן נאַציאָנאַל־ראַט אין ליטע (1922); ניט אין די 211 שטעט פֿון ייִדי־

# ט

## טאָבין (טובין)

דאָרף, ניט ווײַט פֿון שילעל, טאַווריקער קרײַז. פֿאַרן ערשטן וועלטקריג האָבן דאָ געלעבט מערערע ייִדישע מישפּחות. אומגעקומען אין חורבן.

## טאַווראָוואַ TAVROVA

אַ הויף, ניט ווײַט פֿון שאַוול. דאָ איז 1870 געבאָרן גריגאָרי גערשוני, באַוווסטער רעוואָלוציאָנער פֿון דער ס״ר־פּאַרטיי אין רוסלאַנד. געלערנט אין חדר אין שאַוול און דאָרטן געענדיקט די רוסישע גימנאַזיע. 1908 געשטאָרבן אין ציריך.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — גריגאָרי גערשוני, רעד׳ וויקטאָר טשערנאָוו. נ״י, 1934.

## טאַלון

דאָרף לעבן פּאָנעוועזש. 1862 איז דאָ געבאָרן געוואָרן ר׳ יהושע־מרדכי בר׳ ישׂראל־ניסן קלאַצקין. רבֿ אין סוואַדאָשטש, האַראָדאָק, קאַרטוז־בערעזע, ראַסיין און ליבאַווע, ווו ניפֿטר געוואָרן אין 1925. אַ ביסל חידושים זײַנע זײַנען געדרוקט אין **עמודי שש** (וואַרשא, תּרע״ב). שווער פֿון ר׳ דובֿ־אַריה חייט, מחבר פֿון **אוצר הרעיון והמחשבֿה**.

## טאָלקעווע

אַ הויף אין טראָקער קרײַז. די מישפּחה פֿון נוח זייגער האָט זיך דאָ באַזעצט אַרום 1870. ער האָט דאָ אויסגעבויט אַ גרויסע פֿאַרעם, ווו זײַנע געדונגענע פּויערים פֿלעגן באַאַרבעטן די ערד. מיטן טויט פֿון עטלעכע מיטגלידער פֿון דער מישפּחה איז די פֿאַרעם ליקווידירט געוואָרן סוף 1930ער.

דערציילט: שוירלי סעגאַל, נ״י.

## טאָמאַשעווע

אַ הויף, לעבן וויסאָקידוואָר, טראָקער קרײַז. אַרום די 1880ער יאָרן ביזן ערשטן וועלטקריג. דאָ האָט געלעבט זעליק אַבראַמאָוויטש מיט זײַן מישפּחה אויף דער אַרענדירטער ערד. ער איז געווען דער פֿולער בעל־הבית, האָט אויסגעבויט הײַזער און שטאַלן, געדונגען פּויערים צו באַאַרבעטן די ערד און אויף אַרבעטן אין דער ווירטשאַפֿט. זעליק איז דער פֿאָטער פֿון

זע האַנטווערקער אין ליטע (1938); ניט אין די 224 אומגעקומענע קהילות, אויסגראַווירטע אויף דעם מאָנומענט פֿון איגוד ליטא אין נחלת־יצחק; אויך ניט אין יודל מאַרקס רשימה פֿון ייִדישע שטעט אין ליטע. — אפֿשר האָט עס געהאַט אַ ייִדישן נאָמען און מיר ווייסן ניט.

שרײַבער הירש אַבראַמאָוויטש. וואָס איז דאָ געבאָרן געוואָרן אין 1881.

אינפֿאָרמאַציע פֿון דינה אַבראַמאָוויטש, נ״י.

## טאַרפֿון

מאַריאַמפּאָלער געגנט. אין 1844 איז דאָ אויפֿגעשטעלט געוואָרן אַ ייִדישע קאָלאָניע אויף אומזיסטן באָדן פֿון דער רוסישער רעגירונג.

## טורזשען TURŽĖNAI

דאָרף, 15 ק״מ פֿון קאָוונע. אין 1923 האָבן דאָ געלעבט 12 ייִדן.

ביבליאָגראַפֿיע. — Black Book

## טורישאָק

דאָרף. פֿון אָנהייב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט האָבן דאָ געלעבט ייִדישע מישפּחות. אין 1910 און 1922 זײַנען דאָ געוועזן צוויי דורכגעפֿאַלענע בלוט־בילבו־לים. 1922 האָבן דאָ געוווינט דרײַ ייִדישע פֿאַמיליעס.

## טורמאָנט TURMANTAS

אַ קליינער ייִדישער ייִשובֿ. ניט ווײַט פֿון עזשערעני. ייִדן האָבן דאָ געלעבט ביזן חורבן. זיי זײַנען אומגעבראַכט גע־וואָרן 1941 צוזאַמען מיט די עזשערענער ייִדן.

ביבליאָגראַפֿיע. — ראַקישקער יזכּור־בוך. ז׳ 313; יהדות ליטא, ד׳.

## טימעגאָלע

דאָרף אין ליטע. אין 1922 האָבן דאָ נאָך געלעבט ייִדן.

## טענען TENĖNAI

דאָרף, 8 ק״מ פֿון פּאַיורע, טאַווריקער קרײַז. פֿאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה איז דאָ געווען אַ קליינער ייִדישער ייִשובֿ. אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע ביזן חורבן האָבן דאָ געלעבט צוויי ייִדישע מישפּחות. אומגעקומען־ אין 1941.

ביבליאָגראַפֿיע. — ל. קאָניוכאָווסקיס כּתבֿ־יד.

## טעסטאַלוויטשנע

דערפֿל,ניט ווײַט פֿון קאַלוואַריִע [לויטן נאָמען פון דערפֿל, די סוּוואַלקער]. אין 1898 איז דאָ געווען אַ בלוט־בילבול אויפֿן ייִדישן פּאַכטער, אַז ער האָט פֿאַרכאַפּט אַ קריסטלעך מיידעלע. דער שקר איז גיך אויפֿגעדעקט געוואָרן.

ביבליאָגראַפֿיע. — הצפֿירה, 1898: 85.

## טערפּיץ

דערפֿל אַרום מאַריאַמפּאָל. אין די 1870ער און שפּעטער האָבן דאָ געלעבט עטלעכע ייִדישע מישפּחות. אין אַ רשימה פֿון מאַריאַמפּאָלער מנדבֿים פֿאַר געליטענע ייִדן ווערט דערמאָנט דער טערפּיצער זיס־קינד גאָלדמאַן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המגיד, 1871: 44.

## טראַסקאָווע

דאָרף, פֿופֿצן ק״מ פֿון שאַט, קיידאַנער קרײַז. פֿאַרן ערשטן וועלטקריג איז דאָ געווען אַ קליינער ייִדישער ייִשובֿ.

## טרייפּ (טראוּפּ) TRAUPIS

אַ קליין ייִשובֿל, 10 ק״מ פֿון טראַשקון, ווילקאָמירער קרײַז. אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע האָבן דאָ נאָך געוווינט בײַ אַ צענדליק ייִדישע מישפּחות, וואָס האָבן זיך באַשעפֿטיקט מיט לאַנד־אַרבעט. אין 1923 האָבן דאָ געלעבט 62 ייִדן. געהאַט אַ שול, אָבער נאָר מיט אַ שמש. אַ פּאָר מאָל אָנגעטראָפֿן אויפֿן אויסדרוק: טרייפּער שמש. ווערט דערמאָנט אין אליעזר היימאַנס **אַבֿרהם מאַפּו**. ביסלעכווײַז האָט זיך דער ייִשובֿ אויסגעליידיקט און פֿאַרן חורבן איז שוין דאָ קיין איין ייִד ניט געווען.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — Black Book

## טרעפּקאַלניס TREPKALNIS

דאָרף, 2 ק״מ פֿון וואַרזשאַן, קרעטינגער קרײַז. אין דאָרף איז געווען אַ הויף פֿון ישׂראל בעלאַגורסקי. אָנהייב צווייטן וועלטקריג איז עס פֿאַרברענט געוואָרן פֿון די פֿאַלנדיקע באָמבעס.

ל. קאָניוכאָווסקיס כּתבֿ־יד.

## טשאַביסקי

דאָרף, 15 ק״מ פֿון קאָשעדאַר, טראָקער קרײַז. פֿאַרן ערשטן וועלטקריג איז דאָ געווען אַ קליינער ייִדישער ייִשובֿ.

## טשיסליווקע

דאָרף, ניט ווײַט פֿון ראָגעווע, פּאָנעוועזשער קרײַז. עטלעכע ייִדישע מישפּחות, וואָס זייער פּרנסה איז געווען לאַנדווירטשאַפֿט, האָבן דאָ נאָך געלעבט אין דער צײַט פֿון דער אומאָפּהענגיקער ליטע.

# י, כ

## יאָדאופּיס JUODUPIS

**בלעק בוק גיט אָן,** אַז אין 1923 האָבן דאָ געוווינט 194 ייִדן. ניט מיר ווייסן ווו עס געפֿינט זיך, ניט זײַן ייִדישן נאָמען. אַלע נאָכפֿרעגענישן האָבן גאָרניט געגעבן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — Black Book

## יאַוואַראָווע JAVARAVAS

דערפֿל אין מאַריאַמפּאָלער קרײַז. אין 1924 האָבן דאָ געלעבט 29 ייִדן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — Black Book

## יאַנאַפּאָלע

דאָרף, צווישן טעלז און לוקניק. פֿאַרן ערשטן וועלטקריג האָבן דאָ געלעבט צען ייִדישע מישפּחות, אין 1924 — נאָר צוויי.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — אידישע שטימע, 1924: 1592.

## יאַנישאָק

דאָרף אין אוטיאַנער קרײַז. אין אַ רשימה פֿון ייִדישע בעלי־מלאכה אין ליטע אין 1938 איז דאָ דער מקום.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — דער אידישער האַנטווערקער אין ליטע אין ציפֿערן. קאונאַס, 1938.

## יאַנק JANKAI

דאָרף, 16 ק״מ פֿון פּילווישאָק, קרײַז ווילקאָווישק. אין 1923 האָבן דאָ געוווינט 8 יידן (אויף 148 תּושבֿים).

**ביבליאָגראַפֿיע.** — Black Book

## יאַסטאַניק

דערפֿל לעבן קופּישאָק, פּאָנע־וועזשער קרײַז. אין 1882 איז דאָ דערהרגעט געוואָרן אַ ייִדישער תּושבֿ. פֿאַרן ערשטן וועלטקריג האָבן דאָ געוווינט עטלעכע ייִדישע מישפּחות.

## יאַקובענץ

דאָרף, קרײַז ווילקאָמיר. פֿאַר דער ערשטער וועלט־מילחמה עטלעכע ייִדישע מישפּחות.

## יאַשטייק

דאָרף אין ליטע. 1911 געהאַט איין פּרענומעראַנט אויף אַ ספֿר — **אמרי יעקבֿ,** פֿון יעקבֿ פּראַלגעווער. בילגורייא, תּרע״א.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — ספֿר הפּרענומעראַנטן, נומ׳ 4034.

## יוזדאַ

הויף לעבן שאַוול. דאָ איז 1863 געבאָרן נפֿתּלי פֿרידמאַן. דעפּוטאַט פֿון די פֿיר דומעס אין רוסלאַנד, שפּעטער פֿון ליטווישן סיים. געשטאָרבן אין קיניגסבערג.

## יוזינט JUŽINTAI

דאָרף אין ראַקישקער קרייַז, 12 ק״מ פֿון קאַמייַ. אין 1923 האָבן דאָ געוווינט 55 ייִדן. זיי האָבן זיך פֿאַרנומען מיט קרעמערייַ און מלאכה. פֿאַרן חורבן זייַנען פֿאַרבליבן אַ פּאָר ייִדישע משפּחות.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — יהדות ליטא, ג׳, Black Book.

## יולינאָווע

הויף, אַרום קאָוונע. געהערט צום ייִדישן פּריץ שוואַרץ. דורך פּאָליטישע מאַנעווערס אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע אַריבער צום געוועזענעם מיניסטער פּעטרוליס. 1935 זייַנען שוין דאָ ניט געווען קיין ייִדן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — „ליטע״, I, ז׳ 1000.

## יוסטיניק

אָרט לעבן ווילקאָמיר. 1862 איז דאָ אויפֿגעשטעלט געוואָרן די ייִדישע קאָלאָניע יוסטיניסקי. עס זייַנען באַזעצט געוואָרן 4 משפּחות, 24 נפֿשות.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — Recueil de Matériaux sur la Situation Economique des Israelites de Russie. Paris, 1906. ,II טאַבעלעס וועגן ייִדישע קאָלאָניעס.

## יוקנישקי

דערפֿל אין טאַוריקער קרייַז. אין מיטן העלפֿט נייַנצנטן יאָרהונדערט האָבן דאָ געלעבט עטלעכע ייִדישע פֿאַמיליעס. זאבֿ־וואָלף האָפֿמאַן איז געווען אַרענדאַטאָר מיטן 1860ער יאָרן. זייַן זון, דער שפּעטערדיקער ייִדיש־העברעיִשער שרייַבער נחמיה־דובֿ, האָט דעמאָלט געלעבט דאָ מיטן טאַטן.

## יורדזיקע

דאָרף, ניט ווייַט פֿון ראַקישאָק. סוף נייַנצנטן יאָרהונדערט און פֿאַרן ערשטן וועלטקריג האָבן דאָ געלעבט עטלעכע ייִדישע משפּחות. פֿון זיי זייַנען באַקאַנט דרייַ ברידער, וואָס מען האָט גערופֿן „בני זיסע״.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — ראַקישקער יזכור־בוך, ז׳ 167.

## יעגלישאָק JEGLIŠKIS

אַ דערפֿל ניט ווייַט פֿון מאַריאַמפּאָל. אין לעצטן פֿערטל פֿון נייַנצנטן יאָרהונדערט האָבן דאָרטן געלעבט

ייִדן. אין אַ רשימה פֿון חותמים אויף „בית האוצר" איז דאָ דער נאָמען פֿון יצחק־לייב גינצבורג פֿון יעגלישאָק.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המגיד, 1876: 10.

## יעניץ

דאָרף, עטלעכע וויאָרסט פֿון סעריי, אַליטער קרײַז. פֿאַר דער ערשטער וועלט־מילחמה איז דאָ געווען אַ קליינער ייִדישער ייִשובֿ.

## יענציקעס

גוט, לעבן סימנע, אַליטער קרײַז, פֿון 1500 העקטאַר ערד. געהערט צו יצחק און זון יהודה פֿראַנק. אין די 1920ער יאָרן איז דער הויף פּאַרצעלירט געוואָרן, גע־בליבן זײַנען נאָר 150 העקטאַר.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — „ליטע", 1, ז' 1853.

## כאַבאָדקי

דערפֿל, לעבן זשידיק, מאַזשיי־קער קרײַז. עטלעכע ייִדישע מישפּחות. פֿון דאַנען שטאַמט הרבֿ ר' אַריה־לייב זאַלצ־מאַן, וואָס זײַן נאָמען געפֿינט זיך אויף אַ רשימה פֿון זשידיקער מנדבים אין 1914.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — הדרך, פ"פ א/מ. תרע"ד, גל' 8.

# ל

## לאַבאַנאָווע LABINAVA

הויף פֿון אַ פּוילישן פּריץ, ניט ווײַט פֿון קיידאַן[1]). פֿון אַרום 1865 האָבן אין דעם הויף און אין דאָרף געלעבט צען ייִדישע מישפּחות. זיי האָבן געהאַט אַ „שטיבל" און אַ שוחט. 1888 האָט דער פּריץ זיי אַלעמען אַרויסגעטריבן. יאָרן אַרום האָבן ייִדן זיך ווידער באַזעצט אין דאָרף. אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע זײַנען דאָרטן געווען עטלעכע ייִדישע פֿאַמיליעס ביזן חורבן. 20 אָנגעלאָפֿענע ייִדן זײַנען דאָ דורך אַ פּויער אויסבאַהאַלטן געוואָרן און זײַנען געבליבן לעבן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המליץ, 1888: 104; יהדות ליטא, ד', ע' 420.

---

1) אַזוי לויט „המליץ". יהדות ליטא, ד', גיט: שאַוולער קרײַז.

## לאַבינאַק

ייִשובֿ לעבן אוטיאַן. האָט געהאַט אַ פּרענומעראַנט אויף אַ ספֿר פֿון 1845 — עמק הלכה, פֿון זאבֿ־וואָלף בר׳ יהודה.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — ספֿר הפּרענומעראַנטן, נומ׳ 4178.

## לאוקעלישאָק LAUKELIŠKIAI

דאָרף. אין 1923 האָבן דאָ נאָך געלעבט 17 ייִדן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — Black Book

## לאַזדענאַ

דערפֿל אַרום טאַווריק. אָנהייב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט האָבן דאָ נאָך געווינט עטלעכע ייִדישע מישפּחות.

## לאַל

דאָרף לעבן ראַסיין. אין נײַנצנטן יאָרהונדערט האָבן דאָרטן געלעבט מערערע ייִדישע מישפּחות. אין 1883 האָט דער פּוילישער פּריץ פֿון דאָרף אַרויסגעטריבן צוואַנציק ייִדישע מישפּחות, וואָס האָבן דאָרטן געלעבט צענדליקער יאָרן. פֿאַרן חורבן האָבן דאָ געווינט פֿינף ייִדישע לאַנדווירטן־מישפּחות. אַלע אומגעקומען.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המליץ, 1883: 41; לייב קאָניוו־כאָווסקיס כתב־יד.

## לאַפּי LAPIAI

דאָרף, ניט ווײַט פֿון מאַריאַמפּאָל. אין 1923 האָבן דאָ געווינט 39 ייִדן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — Black Book

## לויקזים

דאָרף, נאָענט צו דראָביאַן, קרעטינגער קרײַז. אָנהייב 19טן יאָר־הונדערט איז דאָ געווען אַ ייִדישער ייִשובֿ. שפּעטער האָט מען די ייִדן אַרויסגעטריבן פֿון דאָרטן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — יהדות ליטא, ג׳.

## לוצינאָווע LUCINAVA

דערפֿל אין מאַריאַמפּאָלער קרײַז. אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע איז דאָ געווען אַ הויף פֿון דער מישפּחה נון.

## לוצינאָווע LUCINAVA

דערפֿל אין קעלמער געגנט. דאָ איז געווען אַ הויף פֿון יאַנקל כאַלאָזשין.

לייב קאָניוכאָווסקיס כתב־יד.

## לוקאָדעם LUKODĖMĖ

דערפֿל אין קעלמער געגנט, ראַסיינער קרײַז. דאָ געווען אַ הויף פֿון משה געלמאַן אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע.

ל. קאַניוכאָווסקיס כּתב־יד.

## לוקשי LUKŠIAI

קליין שטעטעלע, ניט ווײַט פֿון גרישקאַבוד, שאַקיִער קרײַז. 1797 האָבן דאָ געלעבט 51 יִדן (559 קריסטן). אין די 1870ער יאָרן און שפּעטער האָבן דאָ געווינט מערערע יִדישע מישפּחות. אין אַ רשימה פֿון שאַקיִער מנדבֿים פֿון 1872 פֿאַר נויטלײַדנדיקע יִדן געפֿינען זיך נעמען פֿון לוקשיע. אין 1923 זײַנען דאָ געווען 42 יִדן. אין אַ ליסטע פֿון יִדישע בעלי־מלאכות אין ליטע אין 1938 ווערט אָנגעגעבן דאָס שטעטעלע.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — דער אידישער האַנטווערקער, 1938.

Augustinas Janulaitis, Užnemunė po Prūsais. Kaunas, 1928, p. 160; Black Book.

## ליובאָווע LIUBAVAS

אַ קליין שטעטעלע אין מאַריאַמפּאָלער קרײַז. פֿאַרן ערשטן וועלט־קריג איז דאָ געווען אַ קליינער יִדישער יישובֿ. דאָ איז 1869 געבוירן געוואָרן דער פּאָעט און דראַמאַטורג אַבֿרהם־מיכל שאַרקאַנסקי, געשטאָרבן 1907 אין ניו־יאָרק. זײַן פֿאָטער בערל שאַרקער האָט געהאָלפֿן בויען דעם בית־מדרש אין שטעטל. 1923 האָבן דאָ געווינט 90 יִדן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — ידיעות פֿון אידישן נאַציאָנאַל־ראַט אין ליטע, קאָוונע, 1922; לעקסיקאָן, 8; חכמי ישראל באַמריקאַ, ע׳ 102. Black Book

## לייבושאָק

יִדישער יישובֿ, 6 ווערסט פֿון ווילקאָמיר. אין די 1840ער און שפּעטער האָבן דאָ געלעבט עטלעכע מניינים יִדן.

ניט ווײַט פֿון ווילקאָמיר האָט געלעבט אַ יישובֿניק, וואָס מען האָט אים גערופֿן „לייבע דער מיאוסער”, ווײַל אויסערלעך האָט ער אויסגעזען מגושמדיק און גראָב. דער ווילקאָמירער אב״ד ר׳ שלמהלע הגדול, איינער פֿון די גרעסטע תּלמידים פֿון ווילנער גאון, איז דאָ איין שבת געבליבן שטעקן בײַ לייבן, ווײַל זײַן פֿור איז צעבראָכן געוואָרן. ר׳ שלמהלע האָט דערקענט, אַז דער יישובֿניק איז אַן אמתער למדן, אָבער לייבע האָט אים גע־בעטן עס ניט צו דערציילן קיינעם. איין מאָל האָט ר׳ שלמהלע געזען אַ לוויה, האָט ער געפֿרעגט ווער איז געשטאָרבן, האָט מען אים געזאָגט: לייבע דער מיאוסער. ר׳ שלמהלע האָט תּיכּף געריסן קריִעה, געהייסן אַרײַנפֿירן דעם מת אין שול אַרײַן און דאָרטן אים מספּיד געווען כּהלכה.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — זכרון יעקב, א׳, ע׳ 133.

## ליפּלאַווקע LIEPLAUKĖ

אַ קליין שטעטעלע, 7 וויאָרסט פֿון אַלסיאַד, טעלזער קרײַז. אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע האָבן דאָ געלעבט בײַ 15 ייִדישע מישפּחות. אין 1923 האָט דאָס ייִשובֿל נאָך געהאַט אַן אייגענעם שוחט, אין 1924 איז שוין ניט געווען קיין מניין.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — אידישע שטימע, 1924: 1592.

## ליקסעל

אַ הויף, ניט ווײַט פֿון שאַוול. אין 1898 האָבן דאָ געלעבט עטלעכע ייִדישע מישפּחות.

## לעליון LELIŪNAI

דאָרף, ניט ווײַט פֿון אוטיאַן. 1923 האָבן דאָ געווױנט 63 ייִדן. אויך פֿאַרן ערשטן וועלטקריג איז דאָ געווען אַ קליינער ייִדישער ייִשובֿ.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — Black Book

## לענץ

דערפֿל לעבן קראָק, קיידאַנער קרײַז. מיטן פֿופֿציקער פֿון נײַנצנטן יאָר־הונדערט און שפּעטער האָבן דאָ געווױנט עטלעכע ייִדישע מישפּחות. 1872 איז דאָ געבאָרן געוואָרן ר׳ אַבֿרהם־נחמן שוואַרץ, ר״מ אין קראָקער קליינער ישיבֿה, שפּע־טער רבֿ אין נײַ־אַדעס (אוקראַיִנע), 1898־1905, ניו־לאָנדאָן (קאָנעטיקוט), באַלטימאָר, ווו ניפֿטר געוואָרן אין 1937.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — תּולדות אַנשי שם (ראַנד), ע׳ 133.

## לעקעטש LEKĖČIAI

דאָרף, שאַקיִער קרײַז. אין 1923 האָבן דאָ געלעבט 24 ייִדן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — Black Book

# מ

## מאַדזשון MADŽIUNAI

דערפֿל, אין קעלמער געגנט, קרײַז ראַסיין. דאָ איז געווען אַ הויף פֿון שמעון אָשער.

## מאַזאַן

דערפֿל אַרום טאַווריק. אָנהייב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט האָבן דאָ געלעבט עטלעכע ייִדישע פֿאַמיליעס.

## מאַוורוטש MAURUČIAI

גרויסער דאָרף, ניט ווײַט פֿון גוד־לעווע, קאָוונער קרײַז. אין דער צווייטער העלפֿט פֿון נײַנצנטן יאָרהונדערט האָבן דאָ שוין געלעבט ייִדן. 1851 איז דאָ געווען אַ פּרענומעראַנט אויף אַ משׂכּיליש בוך: הנצנים, אַבֿרהם־בער גאָטלאָבער (ווילנא, תּרי״א). פֿון די 1880ער האָט דאָ עקסיסטירט אַ קליינער ייִדישער ייִשובֿ. 1885 איז אויסגעמאָרדעט געוואָרן אַ ייִדישע מישפּחה. פֿאַרן חורבן האָבן דאָ געוווינט עטלעכע ייִדישע מישפּחות. אומגעקומען 1941.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — דער פּוילישער אידעל לאָנדאָן, 1885: 4; יהדות ליטא, ד׳, 308; „ליטע״, 1, ז׳ 1842; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 4627.

## מאָנטווידאָווע

דאָרף, נאָענט צו דאַטנעווע, קיידאַנער קרײַז. פֿאַרן ערשטן וועלטקריג איז דאָ געווען אַ קליינער ייִדישער ייִשובֿ.

## מאָרלישאָק (מאָראַלישאָק?)

דאָרף, ניט ווײַט פֿון אַנטאַלעפּט, עזשערענער קרײַז. פֿאַרן ערשטן וועלטקריג האָבן דאָ געלעבט מערערע ייִדישע מישפּחות.

## מאַרסייקי

דערפל אין שאַוולער קרײַז. פֿון אָנהייב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט האָבן דאָ געלעבט אַ פּאָר ייִדישע מישפּחות.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — אידישע שטימע.

## מאַרעוויאַנקע

אַ דאָרף אַרום קאָוונע. פֿאַרן ערשטן וועלטקריג האָבן דאָ געלעבט מערערע ייִדישע פֿאַמיליעס. אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע האָבן די אָרטיקע ייִדן דאָ געהאַט אייגענע פֿעלדער און גערטנער.

**ביבליאָגראַפֿיע.** „ליטע״, I, ז׳ 1005.

## מוראָוואַני פּאַנעמון

גרויסער דאָרף אין פּאָנעוועזשער קרײַז. פֿון 1882 געווען ייִדן פֿאַרווערט זיך דאָ צו באַזעצן. 1903 האָבן זיי באַקומען די דערלויבעניש דאָ צו וווינען.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — אידישע שטימע.

## מיזשוק

דערפֿל. אין נײַנצנטן יאָרהונדערט האָבן דאָ געלעבט עטלעכע ייִדישע

מישפּחות, צווישן זיי דער עלטער־זיידע פֿון באַקאַנטן ייִדישן שרײַבער קלמן מַרמר.

ביבליאָגראַפֿיע. — ק. מרמר, מײַן לעבנס־געשיכטע, I, ז' 28.

## מיכאַלען

מאַריאַמפּאָלער געגנט. אין 1844 איז דאָ אויפֿגעשטעלט געוואָרן אַ ייִדישע קאָלאָניע אויפֿן אומזיסטן באָדן פֿון דער רוסישער רעגירונג.

## מיכעלמאָנט

אַ גוט לעבן קיידאַן, באַזירט אויף לאַנדאַרבעט. 1920 האָבן דאָ געוווינט ייִדן.

## מילונצע

דאָרף אַרום קופּישאָק, פּאָנע־וועזשער קרײַז. סוף נײַנצנטן יאָרהונדערט האָבן דאָ געלעבט עטלעכע ייִדישע מיש־פּחות. אַ פּאָר וויאָרסט פֿון דאָרף איז געווען אַ „מִניין".

ביבליאָגראַפֿיע. — ש. יאַפּפּע, עפּיזאָדן פֿון מײַן לעבן. באָסטאָן, 1953. ז' 31.

## מינצאַ

דאָרף אין אוטיאַנער קרײַז. פֿאַר דער ערשטער וועלט־מילחמה האָבן דאָ געוווינט מערערע ייִדישע מישפּחות.

## מיצינצקאַס

דאָרף, עטלעכע קילאָמעטער פֿון פּאָשוויאַטין, שאַוולער קרײַז. פֿאַרן ערשטן וועלטקריג זײַנען דאָ געווען מערערע ייִדי־שע פֿאַמיליעס.

## מישנון

דאָרף, קאָוונער געגנט. ייִדן האָבן דאָ געוווינט פֿון נײַנצנטן יאָרהונ־דערט. 1883 איז דאָ געבאָרן געוואָרן די ייִדישע שרײַבערין ראָזע מישנון. 1898 עמיגרירט קיין אַמעריקע. געדרוקט אַ סך איבערזעצונגען פֿון ענגליש אין **פֿאָר־ווערטס**, **פֿרײַע ארבעטער־שטימע**, **צײַט־גײַסט** א"אַ.

ביבליאָגראַפֿיע. — לעקסיקאָן, 5, ז' 674.

## מלינאָווער הויף

9 וויאָרסט פֿון יעזנע, אַליטער קרײַז. דאָ האָבן געלעבט עטלעכע ייִדישע מישפּחות. איינע פֿון זיי — ישׂראל זילבער.

## מעדינגיאַן

דערפֿל אין טעלזער קרײַז. די עטלעכע ייִדישע מישפּחות זײַנען אומגע־קומען אין 1941.

## מעטעל METELIAI

ייִשובֿ לעבן סימנע, אַליטער קרײַז. אין 1797 האָבן דאָ געווױנט 297 תּושבֿים אין 66 הײַזער. צי דאָרטן האָבן דעמאָלט געלעבט ייִדן, ווייסן מיר ניט, אָבער אין 1923 זײַנען דאָרטן געווען 62 ייִדן. אין אַ רשימה פֿון ייִדישע בעלי־מלאכה אין ליטע פֿון 1938 איז דאָ מעטעליאַי.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — דער אידישער האַנטווערקער אין ציפֿערן, קאָוונע, 1938; Black Book; Užnemunė po Prūsais, p. 190.

## מערגעלופקע

גוט, לעבן סימנע, אַליטער קרײַז, פֿון 1500 העקטאַר ערד. געהערט צו בער גאָלדבערג און זײַנע זין אַבֿרהם און מאַקס. אין די 1920ער איז דער גוט פֿאַרצעלירט געוואָרן. געבליבן זײַנען נאָר 150 העקטאַר. מאַקס גאָלדבערג איז 1941 אַרויסגעפֿירט געוואָרן דורך די סאָוועטן קיין סיביר.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — ליטע, 1, ז׳ 1853.

## מעשק MEŠKAI

דערפֿל. אין 1923 האָבן דאָ געווױנט 15 ייִדן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — Black Book

## מעשקוץ MEŠKUČIAI

דאָרף, 5 ק״מ פֿון מאַריאַמפּאָל. אין 1923 האָבן דאָ געווױנט 8 ייִדן. אויסגעהאַלטן ביזן חורבן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — Black Book

# נ

## נאַמיון

דאָרף, ניט ווײַט פֿון יעזנע, אַליטער קרײַז. אין צווייטער העלפֿט פֿון נײַנצנטן יאָרהונדערט האָבן דאָ געלעבט מערערע ייִדישע מישפּחות. אין 1882 איז דאָ אויסגעמיטן געוואָרן אַ פּאָגראָם, אַ דאַנק דעם גלח, וואָס האָט אײַנגעשטילט די באַפֿאַלערס.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המליץ, 1882: 3.

## נאַציאָנישאָק

אַ ריין־ייִדישער דאָרף. ניט ווײַט פֿון יוזינט, ראַקישקער קרײַז. פֿאַרן ערשטן וועלטקריג האָבן דאָ געלעבט פֿופֿצן ייִדישע מישפּחות. יעדע פֿון זיי האָט פֿאַרמאָגט 5־10 אַקער ערד און פֿון דעם אויסגעשלאָגן חיונה. געווען דאָרטן אַ בית־מדרש, אַ חדר, און דער רבֿ איז געווען אויך שוחט און מלמד. אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע איז

דער יישוב געוואָרן אַלץ שיטערער, און פֿאַרן חורבן איז שוין דאָ קיין ייִד ניט געווען.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — יזכּור־בוך ראַקישאָק, ז׳ 353.

## נאַקאַן

דאָרף לעבן פּאָסוואָל. צווישן ביידע וועלט־מילחמות האָבן דאָ געלעבט עטלעכע ייִדישע מישפּחות. אין פּאָסוואָל איז געווען אַ פֿאַרצווײַגטע מישפּחה מיטן פֿאַמיליע־נאָמען נאַקאַן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — אַרי גלאַזמאַן, רינגען, קאָונאַס, 1940.

## נאָרייקישאָק

הויף, אַרום קאָוונע. יאָרן לאַנג געהערט צום ייִדישן פּריץ פֿראַנק. דורך פּאָליטישע מאַנעוורס אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע אַריבער צום געוועזענעם מיניסטער קאַרוויאַליס. 1935 זײַנען שוין דאָ ניט געווען קיין ייִדן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — „ליטע“, I, ז׳ 1000.

## ניקליסיק

דאָרף, ניט ווײַט פֿון יוזינט, ראַקישקער קרײַז. פֿאַרן ערשטן וועלטקריג האָבן דאָ געלעבט מערערע ייִדישע מישפּחות. איין טאָג איז אַ ייִדישע טאָכטער פֿון אַ יישובניק פֿאַרכאַפּט געוואָרן אָן אַ שפּור. ווען מען האָט אויסגעפֿונען איר אָרט אין אַ קלויסטער, האָט איר פֿאָטער אַרויסגעקראָגן אַ פּסק־דין פֿון געריכט אומצוקערן די טאָכטער.

## ניראַק

דאָרף, ווילקאָמירער קרײַז. 1838 איז דאָ געבאָרן געוואָרן שמואל־שרגא פֿייגענזאָן. האָט גרויסע פֿאַרדינסטן דורך ברענגען צום דרוק אַ סך זעלטענע מאַנוסקריפּטן פֿון געוואַלדיק־וויכטיקע ספֿרים. אַן אויסערגעוויינלעכער אויפֿטו איז זײַן ראָם־אויסגאַבע פֿון ווילנער ש״ס.

## נעדזינג NEDZINGĖ

דערפֿל לעבן מערעטש, אַליטער קרײַז. ביזן חורבן האָבן דאָ געלעבט עטלעכע ייִדישע מישפּחות, אין 1923 — 49 ייִדן. אין וואַלן צום ציוניסטישן קאָנגרעס אין 1933 זײַנען דאָ אָפּגעגעבן געוואָרן 4 שטימען. אין אַ רשימה פֿון ייִדישע בעלי־מלאכות אין ליטע אין 1938 איז דאָ דער נאָמען.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — אידישע שטימע, 1933: 4187; דער אידישער האַנטווערקער, 1938; Black Book

## נעוויאַראָווע

יידישע קאָלאָניע אין עזשערענער ראַיאָן, וואָס איז 1862 געגרינדעט געוואָרן אויף 91 דעסיאַטין ערד, געגעבן פֿרײַ פֿון דער רוסישער רעגי־רונג. דאָרטן האָבן זיך באַזעצט 9 יידישע מישפּחות (47 נפֿשות).

**ביבליאָגראַפֿיע.** — Recueil de Matériaux sur la Situation economique des Israelites de Russie, II., p. 366.

## נעטשיני

יידישע קאָלאָניע אין עזשערענער קרײַז, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין 1849 אויף 127 דעסיאַטין ערד, פֿרײַ געגעבן פֿון דער רוסישער רעגירונג. דאָרטן האָבן זיך באַזעצט 13 יידישע מישפּחות (83 נפֿשות).

**ביבליאָגראַפֿיע.** — Recueil de Matériaux, II., p. 366.

## נעמונעליס־ראַדווילישקיס,

זע: נײַ־ראַדווילישאָק (שטעט).

## נעקינישקי

דערפֿל אין שאַוולער געגנט. 1922 האָבן דאָ געלעבט יידן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — „נײַס", 1922).

# ס

## סאָלאָמינקע

דאָרף, ביי 12 קילאָמעטער פֿון קאָוונע, האַרט בײַם באַרג, וואָס אויף אים איז געשטאַנען דאָס שטעטעלע ראַודאָנ־דוואַריס (רויטער הויף). פֿון סוף נײַנצנטן יאָרהונדערט ביז 1924 האָבן דאָ געלעבט אַ פּאָר צענדליק יידישע מישפּחות. פֿון יענעם יאָר איז סאָלאָמינקע אָנגעשלאָסן געוואָרן צו ראַודאָנדוואַריס און פֿאַרלאָרן איר נאָמען.

## סאָסנאָווע SASNAVA

דאָרף, קרײַז מאַריאַמפּאָל. אין 1923 האָבן דאָ געלעבט 15 יידן (אויף 330 תּושבֿים).

**ביבליאָגראַפֿיע.** — Black Book

## סוואַבאָדאַ SVABODA

דערפֿל, לעבן רודאַמין, 7 קילאָמעטער פֿון לאַזדיי, סייניער קרײַז. דאָ

האָבן געלעבט אַ פּאָר ייִדישע לאַנדווירטן ביזן חורבן. איינער פֿון זיי, קאַלוואַריסקי, האָט זיך געראַטעוועט.

ביבליאָגראַפֿיע. — יהדות ליטא, ד׳.

## סוואַלעצעק

דאָרף לעבן קאַלוואַריע, סוואַל־קער געגנט. אָנהייב צוואַנציקסטן יאָר־הונדערט איז דאָ געווען אַ ייִדישער יישובֿ. אין אַ רשימה בײַשטײַערערס פֿאַר בניין־האָרץ אין 1903 זײַנען דאָ מערערע דאָרטי־קע ייִדן.

ביבליאָגראַפֿיע. — המליץ, 1903: 31.

## סוויאַטי־אָזעראַ

זע: שווענטעזעריס.

## סטראַווענינק

דערפֿל אין טראָקער קרײַז. אין די 1880ער יאָרן איז דאָ געווען אַ ייִדישער יישובֿ. דעמאָלט איז דאָ געווען שוחט יהודה־לייב גאָלאָמב, פֿאָטער פֿון באַקאַנטן ייִדישן שרײַבער אַבֿרהם גאָלאָמב. 1920 אַוועק קיין א״י. געווען שוחט אין עזה, דערנאָך אין גדרה. אין אַ רשימה פֿון ייִדי־שע בעל־מלאכות אין ליטע אין 1938 איז דאָ דער נאָמען.

ביבליאָגראַפֿיע. — פּנקס „יעקאָפּאָ", ווילנע, תּרצ״א, ז׳ 725; דער אידישער האַנטווערקער, . . . 1938.

## סיאַין

דערפֿל לעבן ראַסיין. דאָרטן האָבן געלעבט עטלעכע ייִדישע משפּחות סוף אַכצנטן און מיטן נײַנצנטן יאָרהונ־דערט. צווישן זיי הגאון המקובל ר׳ אַבֿרהם בר׳ שלמה, וואָס איז ניפֿטר געוואָרן אין 1810. זײַן זיידע איז ר׳ אַבֿרהם חריף, אב״ד פּיקעלן.

ביבליאָגראַפֿיע. — לקורות עיר ראסיין, ע׳ ז׳.

## סינטאָווטע (שינטאָווטי)
## SINTAUTAI

גרויסער דאָרף אין שאַקיִער קרײַז. אין 1797 האָבן דאָ געלעבט 80 ייִדן. אין אַ רשימה מנדבֿים פֿאַר בניין ארץ־ישׂראל אין 1899 ווערט אויך דערמאָנט שינטאָווטי מיטן אָרטיקן געלטזאַמלער יוסף פֿינקעלשטיין. אין 1923 זײַנען דאָ געווען 10 ייִדן.

ביבליאָגראַפֿיע. — המליץ, 1899: 146.
A. Janulaitis, Užnemunė po Prūsais, p. 160; Black Book.

## סלאָבאַר

דערפֿל אַרום קאָוונע. אין 1923 איז איינע פֿון די פֿאַמיליעס געווען פֿון ירחמיאל בערזין.

ביבליאָגראַפֿיע. — נײַס, קאָווגע, 1923: 1926.

## סלאַוויק

דאָרף אין שאַקיער קרייז. 1797 האָבן דאָ געלעבט 5 ייִדן (226 קריסטן), שפּעטער, משמעות, איז דער קליינטשיקער ייִדישער ייִשובֿ אונטערגעגאַנגען.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — Užnemunė po Prūsais, p. 160.

## סמאַלוואַ SMALVOS

דערפֿל, עזשערענער קרייז. אין 1923 האָבן דאָ געלעבט 13 ייִדן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — Black Book

## סמאַלינינק SMALININKAI

דאָרף. אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע האָבן דאָ געלעבט ייִדישע פֿאַמיליעס. אין אַ רשימה פֿון ייִדישע בעלי־מלאכה אין ליטע אין 1938 איז דאָ דער נאָמען.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — דער אידישער האַנטווערקער, 1938.

## סמילג SMILGIAI

קליינער ייִדישער ייִשובֿ פֿאַרן ערשטן וועלטקריג, פּאָנעוועזשער קרייז. ווייזט אויס, אַז שוין אָנהייב אָדער מיטן נײַנצנטן יאָרהונדערט האָבן דאָ געלעבט מערערע ייִדישע מישפּחות. איינער פֿון זיי איז באַקאַנט: ר׳ משה־יונה יפֿה, וואָס מען האָט געשריבן וועגן אים, אַז ער איז „מגדולי התורנים בדורנו", אָבער ער האָט ניט אָנגענומען קיין רבנות. ער איז געשטאָרבן 1895 צו 82 יאָר אין סמילג, וווּ ער האָט געלעבט אַ לאַנגע צײַט.

אין די לעצטע יאָרצענדליק פֿון 19טן יאָרהונדערט און אָנהייב 20סטן איז דאָ געווען שוחט ר׳ יהודה־לייב בר׳ גרשון. פֿריִער איז דאָ געווען שוחט איינער אַ ר׳ בנימין און דערנאָך דער שאַדעווער שוחט ר׳ מאיר, וואָס ר׳ יהודה־לייב האָט געוואָלדעוועט, אַז יענער איז אים מַסיג גבֿול. מען קען אָננעמען, אַז דער שוחט איז ניט געווען נאָר פֿאַר סמילג, נאָר פֿאַר מערערע ייִדישע ייִשובֿים אַרום, אָבער דער צענטראַלער פּונקט, משמעות, איז געווען סמילג. אין 1923 האָבן דאָ געלעבט 37 ייִדן.

1903 איז דאָ געבאָרן בערל רעזניקאָוויטש, מיטרעדאַקטאָר פֿון דער ערשטער ייִדישער טאָגצײַטונג אין אורוגוויי **דער טאָג** (1931) און פֿון וואָכנבלאַט **אונזער לעבן** (1926). איינער פֿון די ערשטע ייִדישע פּיאָנערן אין אורוגווײַ, וואָס איז געקומען אַהין אין 1924.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — שאול שפּירא, חמדת שאול, אָדעססאַ, תרס״ג, ע׳ ט״ז; לוח אחיאָסף, תרנ״ה, ע׳ 397; לעקסיקאָן (ב. כהן), Black Book

## סערפּײַץ

דאָרף, איין ק"מ פֿון וואָרנע. דער וועג אַהין האָט געפֿירט פֿאַרבײַ דעם בית־עולם. אויף אַ געשטאָרבענעם ייִד פֿלעגט מען זאָגן: ער איז שוין אין סערפּײַץ. געוווינט האָט דאָרט איין ייִד מיטן נאָמען דוד קאַרקלאַנער.

לויט יעקבֿ שייפֿער, וואָרנע–לאָס אַנדזשעלעס.

## ספּערנע

אַ הויף לעבן סימנע, אַליטער קרײַז, פֿון 1500 העקטאַר ערד. געהערט צו חיים און זײַן זון משה פֿרייד. אין די 1930ער איז דער הויף פֿאַרצעלירט גע־וואָרן, געבליבן זײַנען נאָר 150 העקטאַר. חיים פֿרייד און זײַן מישפּחה זײַנען 1941 אַרויסגעפֿירט געוואָרן קיין סיביר.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — ליטע, 1, ז' 1853.

## סקײַסטגיר SKAISTGIRIS

דאָרף, צען וויאָרסט פֿון זאַגער. פֿאַרן ערשטן וועלטקריג איז דאָ געווען אַ קליינער ייִדישער ייִשובֿ. אין 1923 האָבן דאָ געוווינט 3 ייִדן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — Black Book

## סקירסנעמונע (סקירסטימאָן) SKIRSNEMUNĖ

דערפֿל אַרום יורבורג, קרײַז ראַסיין. אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע האָבן דאָ געוווינט ייִדישע מישפּחות. אין 1938 זײַנען דאָ געווען ייִדישע האַנט־ווערקערס, בכן אויך אַנדערע ייִדן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — דער אידישער האַנטווערקער אין ליטע אין ציפֿערן, 1938.

## סקריפּסטאַווע

אַן אַפּרואָרט אויפֿן ברעג ניע־מאַן, אַנטקעגן קאָלאָטאָווע, קאָוונער קרײַז. דאָרטן האָבן געלעבט די דרײַ ברידער ישׂראל, דוד און יוסף סטראַשונער מיט זייערע מישפּחות. זיי האָבן געהאַט אַ טאַרטאַק. אומגעקומען אין פֿאַרשיידענע געטאָס אין ליטע.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — ידיעות פֿון צבֿי יעגלין, חולון, ישׂראל.

# פּ

## פּאַבויסק PABAISKAS

דאָרף, 10 ק״מ פֿון ווילקאָמיר. אין 1923 האָבן דאָ געוווינט 22 יידן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — Black Book

## פּאַבירזשע PABIRŽĖ

דאָרף, 8 ק״מ פֿון בירזש. פֿריִער האָבן דאָ געלעבט מערערע יידישע מיש־פּחות, פֿאַרן חורבן — נאָר צוויי.

## פּאַגעגן

אויף דער ליטווישער זײַט פֿון דער דײַטשישער גרענעץ. עטלעכע יידישע מישפּחות צווישן ביידע וועלט־מילחמות.

## פּאַגרימאַנט (פּאַגרימאַנץ?)

קליינטשינקער יישובֿ אין ליטע. אין לעצטן פֿערטל פֿון נײַנצנטן יאָר־הונדערט האָבן דאָ געלעבט עטלעכע יידי־שע מישפּחות. אויף אַ ספֿר פֿון 1876 איז דאָ איין פרענומעראַנט פֿון פּאַגרימאַנט — **נאום דוד**, שלום־דוד אַבראַמאָוויץ (ווילנא, תּרל״ו).

## פּאַדאָשטראַווע

דערפֿל, נאָענט צו זעזמער, טראָקער קרײַז. אין די 1870ער האָבן דאָ געלעבט אַ פּאָר יידישע מישפּחות. אין אַ ליסטע מנדבֿים פֿון זעזמער אין 1872 זײַנען דאָ אויך נעמען פֿון דאָזיקן דערפֿל.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המגיד, 1872: 14.

## פּאָדבערעזע

דאָרף לעבן קראַקינאָווע, פּאָנע־וועזשער קרײַז. פֿאַרן ערשטן וועלטקריג איז דאָ געווען אַ קליינער יידישער יישובֿ. ר׳ שלמה־לייב בלאָך, אַן אָפּשטאַמיקער פֿון קראַקינאָווע, איז דאָרטן געווען שוחט אַ לענגערע צײַט. מען האָט אים דעריבער גערופֿן ר׳ שלמה פּאָדבערעזער. זיידע פֿון שרײַבער ברוך שילמאַן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — „ליטע“, I, ז׳ 1537.

## פּאָדובי

לעבן שידלעווע, ראַסיינער קרײַז. 1854 איז דאָ אויפֿגעשטעלט געוואָרן אַ יידישע קאָלאָניע אויף אומזיסטן רעגי־רונג־באָדן. אויסער אַנדערע זײַנען דאָ

געוועזן 7 ייִדישע מישפּחות פֿון באָלניק, לינקעווע, זיימל.

ביבליאָגראַפֿיע. — Recueil de Matériaux sur la Situation economique des Israelites de Russie, II., p. 367.

## פּאַדוביסע

דאָרף, ניט ווײַט פֿון לידעוויאַן, ראַסיינער קרייז. פֿאַרן ערשטן וועלטקריג האָבן דאָ געלעבט אַ צוויי צענדליק ייִדישע מישפּחות, אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע — נאָר אַ פּאָר פֿאַמיליעס.

## פּאַדוביסע

דאָרף, ניט ווײַט פֿון סרעדניק, קרײַז קאָוונע. נאָך אין דער צײַט פֿון דער אומאָפּהענגיקער ליטע האָבן דאָרטן געלעבט עטלעכע ייִדישע מישפּחות.

## פּאַדושע

גוט לעבן סימנע, אַליטער קרײַז, פֿון 1500 העקטאַר ערד. געהערט צו וואָלף און זון אַבֿרהם זימאַן. אין די 1920ער יאָרן פֿאַרצעלירט געוואָרן, געבליבן זײַנען נאָר 150 העקטאַר. דער געוועזענער הויפּט־פּראָקוראָר פֿון ליטע אַדוואָקאַט זימאַן שטאַמט פֿון פּאַדושע.

ביבליאָגראַפֿיע. — ליטע, 1, ז' 1853.

## פּאָדמערעטש

דערפֿל לעבן מערעטש, אַליטער קרײַז. אָנהייב נײַנצנטן יאָרהונדערט האָבן דאָ געלעבט מערערע ייִדן. דאָ איז 1826[1] געבאָרן געוואָרן דוד גאָרדאָן, פֿאַקטישער רעדאַקטאָר פֿון המגיד, וואָס האָט גרויסע פֿאַרדינסטן פֿאַרן אויפֿקלערן און פֿאַרשפּרייטן דעם חיבת־ציון־געדאַנק.

## פּאָוואַנדינע

דאָרף, ניט ווײַט פֿון סאַלאַנט, קרעטינגער קרײַז. אָנהייב נײַנצנטן יאָר־הונדערט האָבן דאָ געלעבט עטלעכע ייִדישע מישפּחות. אין 1820 איז דאָ געווען אַ בלוט־בילבול קעגן ייִדן. מרדכי־אהרן גינצבורג שרײַבט, אַז ער איז אַליין געווען אַן עד־ראיה.

ביבליאָגראַפֿיע. — אין זײַן „אביעזר". ווילנא, תרכ"ד, ע' 42.

## פּאַווידאַק

אַ הויף לעבן מיישעגאָלע, ווילנער געגנט. אָנהייב צוואַנציקסטן יאָר־הונדערט האָבן דאָ געלעבט אַ פּאָר ייִדישע מישפּחות.

ביבליאָגראַפֿיע. — המליץ, 1903: 112.

---

1) די דאַטע איז גענומען פֿון „הצפֿירה", 1880: 31, 6 יאָר נאָך גאָרדאָנס טויט. ג. קרעסל און אַנדערע גיבן: 1831.

## פּאָוויַגעווע POVAIGUVA

אַ קרעטשמע לעבן וויַגעווע, שאַוולער קריַיז, מיט אַ פּאָר יִדישע מיש־פּחות אַרום 1880־1890.

## פּאַופּינע PAUPINĖ

דערפֿל אין עזשערענער קריַיז. אין 1923 האָבן דאָ געוווינט 7 יִדן אויף 74 תּושבֿים.

ביבליאָגראַפֿיע. — Black Book

## פּאַטשינעל PAČINELIS

אַ קליינטשיק שטעטל אין קראָ־קער געגנט, קיידאַנער קריַיז. אַ מאָל איז דאָ געווען אַ גרעסערער יִדישער יִשובֿ. געהאַט אַ רבֿ, אַ שוחט און אַ שיינעם בית־מדרש. אומגעקומען אין קראָק מיט די יִדן פֿון די אַרומיקע שטעטלעך. אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע האָבן דאָ געוווינט אַרום 10 יִדישע פֿאַמיליעס, וואָס האָבן זיך באַשעפֿטיקט מיט ערדאַרבעט און קרעמעריַי.

ביבליאָגראַפֿיע. — יהדות ליטא, ג׳, ד׳.

## פּאַיאַוואָניס PAJAVONIAI

דאָרף, ווילקאָווישקער קריַיז. באַקאַנט פֿון צווייטער העלפֿט זעכצנטן יאָרהונדערט. אין 1923 האָבן דאָ געוווינט 10 יִדן.

## פּאַלאָווע PALOVA

דאָרף, שאַקיִער קריַיז. עטלעכע יִדישע מישפּחות ביז נאָכן ערשטן וועלט־קריג.

## פּאַלאָנישאָק PALONIŠKI

דאָרף. אַ פּאָר וויאָרסט פֿון פּאַשוועטין, קריַיז שאַוול. אין די 1880ער האָבן דאָ געלעבט מערערע יִדן. 1885 זיַינען דאָ געווען 5 פּרענומעראַנטן אויפֿן ספֿר קרני צבֿי, צבֿי וויערניק (וואַרשע, תּרמ״ה). פֿאַרן ערשטן וועלטקריג האָבן דאָ געוווינט עטלעכע יִדישע מישפּחות.

ביבליאָגראַפֿיע. — ספֿר הפּרענומעראַנטן, 6356.

## פּאַלוצי

יִדישע קאָלאָניע אין עזשערענער ראַיאָן, געגרינדעט געוואָרן אין 1853 אויף 71 דעסיאַטין ערד, געגעבן פֿריַי פֿון דער רוסישער רעגירונג. דאָרטן האָבן זיך באַזעצט 4 יִדישע מישפּחות.

ביבליאָגראַפֿיע. — Recueil de Matériaux, II., p. 366.

## פּאָלעווענע

דאָרף אַרום קופּישאָק, קרײַז פּאָנעוועזש. סוף נײַנצנטן יאָרהונדערט האָבן דאָ געלעבט עטלעכע ייִדישע מיש־פּחות, אַזוי אויך אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע. אומגעקומען מיט די ייִדן אין קופּישאָק.

## פּאַמושע PAMUŠA

ייִדישער דאָרף, ניט ווײַט פֿון לינקעווע, שאַוולער קרײַז. מערערע ייִדישע משפּחות האָבן דאָ געוווינט אין די 1880ער יאָרן, און גיכער אויך פֿריִער. אַלע אמתע ייִדישע פּויערים. יוני 1901 זײַנען זיי אַטאַקירט געוואָרן פֿון די אַרומיקע קריסטן. די ייִדן האָבן אָנגעקלאָגט די אָנפֿאַלערס און מערץ 1902 געוווּנען דעם משפּט קעגן זיי. דער אָנקלאָגער איז געווען דער קאָוונער אַדוואָקאַט עוזר פֿינקעלשטיין. אין 1897 האָבן דאָ געלעבט 79 ייִדן. פּאַמושע איז איינס פֿון די וויייניקע ייִדישע דערפֿער אין ליטע, וואָס האָבן אויסגעהאַלטן מיט אַ גרעסערער צאָל אײַנוווינערס ביזן חורבן. אויף אַ בילד נאָך פֿון 1937/38 זעט מען בײַ 70 ייִדישע דאָרפֿלײַט פֿון פּאַמושע.

דאָ איז 1882 געבאָרן געוואָרן דער ייִדישער וויסנשאַפֿטלער און בונדיס־טישער טעאָרעטיקער פּראָפֿ׳ פּסח־ליבמאַן הערש, מחבר פֿון אַ ריי פֿאָרשערישע ביכער. געשטאָרבן 1955 אין זשענעווע.

זײַן ברודער בן־ציון זונדל איז דאָ געבאָרן 1883, ייִדישער זשורנאַליסט, וואָס איז געשטאָרבן 1935 אין יאָהאַנעסבורג. זייער פֿאָטער מאיר־דוד, העברעיִש־ייִדישער זשורנאַליסט, געשטאָרבן אין דרום־אַפֿרי־קע.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — ד.מ. ליפּמאַן, לתולדות היהודים בליטא־זאַמוט. קידאַן, תּרצ״ד, ע׳ 63; ארי גלאַזמאַן, רינגען. קאונאַס, 1940; יהדות ליטא, ג׳, ע׳ 341 (בילד); קמזונס יהדות ליטא, ע׳ 173 (בילד).

## פּאַנאָטערײַ PANOTERIAI

דערפֿל, ווילקאָמירער קרײַז. באַקאַנט פֿון 1441. אין 1923 האָבן דאָ געוווינט 15 ייִדן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — Black Book

## פּאַנאַסישאָק[1] PANOŠIŠKĖS

לעבן טראָק. אין 1849 איז דאָ געגרינדעט געוואָרן אַ ייִדישע קאָלאָניע אויף אומזיסטער ערד פֿון דער רוסישער רעגי־רונג. אויף אַ שטח פֿון 41 דעסיאַטין האָבן זיך תּחילת באַזעצט 10 משפּחות, מער־סטנס פֿון מערעטש. זייער הויפּט־פּרנסה

---

1) יהדות ליטא, ג׳, גיט: שאַוולער קרײַז, אָבער כּרך ד׳ און דער מומחה אַגראָנאָם ראַסיין גיבן: טראָקער קרײַז.

איז געווען אַגראַד־ווירטשאַפֿט. אין אַ רשימה פֿון ייִדישע בעלי־מלאכה אין ליטע אין 1938 ווערט דאָס אָרט דערמאָנט. דער יישובֿ האָט עקסיסטירט אויך אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע, מיט אַ פּאָר צענדליק פֿאַמיליעס, ביזן חורבן. אין ליט־וויש ווערט נאָך צוגעגעבן צום נאָמען: זשידקײַמיס.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — דער אידישער האַנטווערקער, Recueil de Matériaux, p. 336 .1938

## פּאַנעמון PANEMUNĖ

בירזשער קרײַז. אין די 1870ער איז דאָ געווען אַ קליינער ייִדישער יישובֿ. אין 1876 זײַנען דאָ געווען 2 פּרענומע־ראַנטן אויפֿן ספֿר זיר יצחק, יוסף־זונדל מבירז (ווילנא, תּרל״ו). ר׳ יחיאל־מיכל, פֿאָטער פֿון העברעיִשן שרײַבער י.ל. זאָסניץ, איז דאָ געווען שוחט. פֿאַרן חורבן האָבן דאָ געלעבט אַ פּאָר ייִדן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — ב״צ אײַזענשטאַדט, חכמי ישראל באמריקא. נ״י, תּרס״ג, ע׳ 43; אינפֿאָרמאַציע פֿון בירזשער.

## פּאַסאַוואָן PASAVONA

דערפֿל. אין 1923 האָבן דאָ געלעבט 10 ייִדן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — Black Book

## פּאַסאַסעווע PASASVA

דאָרף אַרום וויסאָקידוואָר, טראָ־קער קרײַז. פֿאַרן ערשטן וועלטקריג האָבן דאָ געלעבט עטלעכע ייִדישע מישפּחות.

## פּאַסווירישאָק

הויף לעבן סימנע, אַליטער קרײַז, פֿון 1500 העקטאַר ערד. געהערט צו שלום ביינשטיין [ווײַנשטיין?]. אין די 1920ער יאָרן פֿאַרצעלירט געוואָרן. גע־בליבן זײַנען נאָר 150 העקטאַר.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — „ליטע״, 1, ז׳ 1853.

## פּאַסעיק

הויף לעבן סימנע, אַליטער קרײַז, פֿון 1500 העקטאַר. געהערט צו ישׂראל פֿראַנק. אין די 1920ער פֿאַרצעלירט געוואָרן, געבליבן זײַנען נאָר 150 העקטאַר.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — ליטע, 1, ז׳ 1853.

## פּאַסעלאַ

דאָרף לעבן וועקשנע, מאַזשײ־קער קרײַז. מיטן נײַנצנטן יאָרהונדערט האָבן דאָ געלעבט עטלעכע ייִדישע מיש־פּחות, אַ געוויסע צײַט אויך דער באַקאַנ־טער ר׳ אֶלינקע קרעטינגער און זײַן פֿאַמיליע.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — ד. בונימאָוויטש, מכתּב מאליהו. ווילנא, תּרס״א, ע׳ 49.

## פאַזוערע PAEŽERIAI

דאָרף אַרום סאַלאַק, עזשערענער קרײַז. אין 1923 האָבן דאָ געוווינט 24 ייִדן. די געבליבענע עטלעכע ייִדישע מישפּחות זײַנען דאָ אומגעקומען מיט געבראַכטע טייל ייִדן פֿון סאַלאַק.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — Black Book

## פאַזוערעל PAEŽERĖLIAI

קליין שטעטל. אין 1923 איז דאָ געווען אַ קליינער ייִשובֿ פֿון 155 ייִדן, שפּעטער געוואָרן שטאַרק אויסגעליידיקט.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — Black Book

## פּאָפּאָוועסע

דאָרף, ניט ווײַט פֿון פּאָסוואָל. פֿאַרן ערשטן וועלטקריג האָבן דאָ געלעבט 7־8 ייִדישע מישפּחות, אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע ביזן חורבן — נאָר 3.

## פּאַפּאָרטשי

דערפֿל. צו די סיים־וואַלן אין ליטע אין 1922 זײַנען דאָ געווען 3 ייִדישע שטימען.

## פּאָפּיל PAPILYS

קליינער ייִשובֿ, בירזשער קרײַז. אין די 1870ער יאָרן האָבן דאָ געוווינט אַרום 70־80 ייִדן. מיר זאָגן דאָס אויפֿן סמך פֿון די 12 פּרענומעראַנטן אויפֿן ספֿר **זיו יצחק**, יוסף זונדל מבירז (ווילנא, תּרל״ו). 12 חותמים מיינט 12 משפּחות (בײַ 50 נפֿשות), און געוויס זײַנען דאָך געווען אויך ניט־פּרענומערירטע פֿאַמיליעס. אין 1923 האָבן דאָ געלעבט 47 ייִדן. אין אַ רשימה פֿון ייִדישע בעלי־מלאכות אין ליטע אין 1938 איז דאָ דער נאָמען.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — דער אידישער האַנטווערקער, 1938; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 6419. Black Book

## פּאָפּעטײַטש

ייִדישער דאָרף אין סוואַלקער געגנט אָנהייב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. געווען דאָרטן אַ בית־מדרש און עטלעכע מנינים ייִדן. דער ייִשובֿ איז אונטערגעגאַנגען אין די 1930ער יאָרן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — „ליטע", I, ז' 1000.

## פּאַקאָן PAKUONIS

אַ קליינער ייִדישער ייִשובֿ אין קאָוונער קרײַז פֿון אַרום מיטן נײַנצנטן יאָרהונדערט. דאָ האָבן געלעבט 8־10 ייִדישע מישפּחות. אין 1923 זײַנען געווען 51

ייִדן און פֿאַרן חורבן נאָר עטלעכע מיש־פּחות. די פֿאַמיליעס זײַנען מערסטנס געווען פֿאַרקרובֿעט איינע מיט דער אַנדערער: כ״ץ, קאָזלאָווסקי, דינער, לעווינשטיין, פֿריינקעלשטיין. זייער פּרנסה איז געקומען פֿון קליינע קראָמען און פֿון האַנדל מיט די אַרומיקע דערפֿער.

יעקבֿ קאָזלאָווסקי איז שפּעטער געוואָרן אַ באַקאַנטער קינסטלער אין פּאַריז. נחום דינער און לייזער לעווינשטיין זײַנען געווען באַוווּסטע אַדוואָקאַטן אין קאָוונע.

דאָ איז געבאָרן 1907 מרדכי כּ״ץ, איינער פֿון די פֿירנדיקע רעוויזיאָניסטישע פּערזענלעכקייטן, פֿריִער אין ליטע און שפּעטער אין וועלטמאַסשטאַב. רעדאַקטער פֿון קאָוונער **מאָמענט** (1935־1936) און מיטאַרבעטער פֿון אַנדערע רעוויזיאָניסטישע צײַטשריפֿטן אין ייִדיש און העברעיִש. פֿון 1966 אין ישׂראל. זײַן ברודער אַבֿרהם־משה, שפּעטער אַ מיליאָנער אין טעקסאַס, איז געווען אַ גרויסער נדבֿן פֿאַר ישיבֿות און אַנדערע ייִדישע חינוך־אינסטיטוציעס אין ישׂראל און אַמעריקע.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — לעקסיקאָן, 4; אינפֿאָרמאַציעס פֿון מרדכי כּ״ץ; Black Book.

## פּאָקיפּינע

דערפֿל אין ראַקישקער קרײַז. צווישן ביידע וועלט־מלחמות האָבן דאָ געלעבט ייִדן. געווען דאָ אַ רבי, וואָס די ייִנגלעך פֿון די אַרומיקע ייִשובֿים פֿלעגן קומען לערנען בײַ אים.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — ראַקישקער יזכּור־בוך, ז׳ 483.

## פּאַקעלנישאָק

דאָרף אַרום נײַשטאָט־סוגינד, טאַווריקער קרײַז. אין די 1870ער יאָרן איז דאָ געווען אַ קליינער ייִדישער ייִשובֿ. אין 1871 האָבן צוויי ייִדן אויסגעבויט אַ קליינע שול — יוסף אַלעקסאַנדראָוויץ, זאבֿ אַלטמאַן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המגיד, 1871: 41.

## פּאַקעסנע

אַ הויף אין אומגעגנט פֿון לאַזדיי, סייניִער קרײַז. געהערט צום פּריץ זאבֿ זימאַן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המליץ, 1879: 37.

## פּאַראָזשניע

אַ ייִשובֿל לעבן נײַשטאָט־שאַקי. עטלעכע ייִדישע מישפּחות האָבן דאָ געלעבט אין די 1880ער יאָרן. דער נאָמען פֿון איין ייִשובֿניק: זוסמאַן פֿרישמאַן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — יודישעס פֿאָלקס־בלאַט, פּעטערבורג, 1882, ז׳ 476.

## פּאַרופּע

דאָרף לעבן דראָביאַן, קרעטינ־גער קרײַז. אין לעצטן פֿערטל פֿון נײַנצנטן יאָרהונדערט האָבן דאָ געוווינט ייִדישע מישפּחות. אין 1899 איז דאָ געווען אַפֿילו אַ פּרענומעראַנט — אויף **תּפֿארת שאול**, שאול ידידיה שאָחעט (פּיעטרקובֿ, תּרנ״ט).

## פּאַשושווע PAŠUŠVIS

דאָרף לעבן גרינקישאָק, קיידאַנער קרײַז. ייִדישע מישפּחות האָבן דאָ געלעבט פֿאַרן ערשטן וועלטקריג און אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע. אין 1923 זײַנען דאָ געווען 100 [??] ייִדן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המגיד, 1872: 15. Black Book

## פּאַשיאַושיס PAŠIAUŠIS

דערפֿל. אין 1923 זײַנען דאָ געווען 5 ייִדן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — Black Book

## פּאַשעלאַ

דאָרף לעבן לאַבאַנאָווע, קיידאַנער קרײַז. דער גראַף פֿון דאָרף האָט 1888 אַרויסגעטריבן די פֿאָר ייִדישע מיש־פּחות, וואָס האָבן דאָרטן געוווינט מערערע יאָרן. געווען אויך אַ פּאַשאַלע אין בירזשער קרײַז, ווו ייִדן האָבן געלעבט.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המליץ, 1888: 146.

## פּון PUNIA

קליין שטעטל, ניט ווײַט פֿון בוטרימאַנץ, אַליטער קרײַז. אַ קליינער ייִדישער ייִשובֿ שוין פֿון די 1880ער יאָרן. אַן אָפּשטאַמיקער פֿון פּון זאָל זײַן י. ליפּ־מאַן הר־שושן [ראָזענבערג?]. מחבר פֿון **יחי המלך** (ווילנא, תּרמ״ג). פֿאַרן חורבן האָבן דאָ געלעבט אַרום 60־70 ייִדן. אומ־געקומען מיט די ייִדן פֿון בוטרימאַנץ.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — יהדות ליטא, ד׳.

## פּוסיוסקעלי PUSIAUSKELY

דאָרף, לעבן גרישקאַבוד, קרײַז שאַקי. עטלעכע ייִדישע מישפּחות ביז האַרט נאָכן ערשטן וועלטקריג.

## פּוסקעלני PUSKELNI

דערפֿל לעבן מאַריאַמפּאָל. ביזן ערשטן וועלטקריג האָבן דאָ געלעבט עטלעכע ייִדישע מישפּחות. אין אַ ליסטע מנדבֿים פֿאַר א״י אין 1909 איז דאָ אויך דוד יצחק זעל [?] מפּוסקעלני.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — חשבון הנדבות 1909, ע׳ 87.

## פורפלע

דערפֿל אין טעלזער קרײַז. דאָרטן האָבן געלעבט עטלעכע ייִדישע משפּחות נאָך אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע. מיטן אָרט איז פֿאַרבונדן אַ בלוט־בילבול (זע: קאַפּיטל טעלז).

## פּיוואַשון PIVAŠIŪNAI

דאָרף אַרום בוטרימאַנץ, קרײַז אַליטע. אין 1923 האָבן דאָ געוווינט 18 ייִדן.

ביבליאָגראַפֿיע. — Black Book

## פּילניקאַלי

דאָרף, לעבן שאַט, קיידאַנער קרײַז. האָט אַ פּרענומעראַנט אויף אַ ספֿר פֿון 1903 — **המאיר לעולם** פֿון מאיר־מיכל ראַבינאָוויץ.

ביבליאָגראַפֿיע. — ספֿר הפּרענומעראַנטן, נומ׳ 6555.

## פּיניאַווע (פּינעווע) PINIAVA

דאָרף לעבן פּאָנעוועזש. 1923 האָבן דאָ געוווינט 58 ייִדן.

ביבליאָגראַפֿיע. — Black Book

## פּלאָקשטש (בלאָגאָסלאַווענסטוואָ) PLOKŠČIAI

דאָרף אין שאַקיִער קרײַז. אין 1797 האָבן דאָ געוווינט 5 ייִדן (192 קריסטן), אין 1923 — 39.

ביבליאָגראַפֿיע. — A. Janrlaitis, Užnemune po Prūsais, p. 160; Black Book.

## פּלוסי

אַ ייִדישע קאָלאָניע אויף אומזיסטער ערד פֿון דער רוסישער רעגי־רונג. לויט אַן אַנקעטע פֿון יִק״א, האָבן דאָ 1898 געלעבט 4 ייִדישע משפּחות (56 נפֿשות) אויף 71 דעסיאַטין ערד.

ביבליאָגראַפֿיע. — Jüdische Statistik. Berlin, 1903, p. 181.

## פּעזינטע

דאָרף אין קאָוונער געגנט. אין 1922 האָבן דאָ געוווינט ייִדישע משפּחות.

ביבליאָגראַפֿיע. — „נײַעס“, קאָוונע, 1922.

## פּערלאָי (פּאַרליי)

דאָרף לעבן אַראַן, אַליטער קרײַז. פֿאַרן ערשטן וועלטקריג האָבן דאָ

געלעבט בײַ 25 ייִדישע משפּחות. אין 1909 איז דאָ געווען אַ קליינע גרופּע טעטיק פֿאַרן בניין ארץ־ישׂראל. אירע עסקנים: שמעון קאָטשוק, אַלטער קלי־פּאַצקי, איסר דעמקינסקי. אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע האָט דאָ נאָך געזשיפּעט אַ קליינטשינקער ייִדישער ייִשובֿ. אין 1938 זײַנען דאָ געווען עטלעכע ייִדישע בעלי־מלאכות — אַ סימן, אַז ביזן חורבן האָבן דאָ געווױנט עטלעכע ייִדישע פֿאַמיליעס.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — חשבון הנדבות . . . ע׳ 18, אונטער: אַראַן; דער אידישער האַנטווערקער, 1938.

## פּערנאַראַװע PERNARAVA

דערפֿל אין קיידאַנער קרײַז. אין 1923 איז דאָ געווען איין ייִד.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — Black Book

## פּראַטקון

דערפֿל ניט ווײַט פֿון סאַלאָק, עזשערענער קרײַז. פֿאַרן ערשטן וועלטקריג האָבן דאָ געלעבט עטלעכע ייִדישע מישפּחות.

## פּראַסטשי

דאָרף, 8־9 וויאָרסט פֿון פּלונג־יאַן, טעלזער קרײַז. אַרום סוף נײַנצנטן יאָרהונדערט האָבן דאָ געלעבט עטלעכע ייִדישע מישפּחות. אַ ייִד האָט געהאַט אַ מיל.

## פּרימוסאַ PRIMUSA

דאָרף, לעבן ווילקאָמיר. 1878 זײַנען דאָ געווען 2 פּרענומעראַנטן אויפֿן ספֿר ארץ צבֿי, א׳, ב׳, צבֿי הירש ראָם (ווילנא, תּרל״ח).

**ביבליאָגראַפֿיע.** — ספֿר הפּרענומעראַנטן, נומ׳ 6740.

# פֿ, צ

## פֿערעטשאַן

ייִדישער דאָרף אין סוּוואַלקער געגנט. סוף 19טן און אָנהייב 20סטן יאָר־הונדערט האָבן דאָרטן געלעבט עטלעכע מנינים ייִדן, מיט אַן אייגענעם בית־מדרש. אונטערגעגאַנגען אין די 1930ער יאָרן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — „ליטע״, I, ז׳ 1000.

## פֿרעדאַ

גרויסער הויף אַרום קאָװנע. יאָרן לאַנג געהערט צו דער פֿרענקל־מישפּחה. דורך פּאָליטישע מאַנעוורעס אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע אומפּאַר־צעלירט און פֿאַרקויפֿט צו פֿאַרשיידענע ליטווישע גרויסע לײַט.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — „ליטע״, I, ז׳ 1000.

## ציקאַנץ

דאָרף לעבן שאַדעווע, קרײַז פּאָנעוועזש. אין די 1880ער יאָרן האָבן דאָרטן געלעבט מערערע יִדישע מישפּחות. אין 1887 האָט געהאַלטן ערבֿ אַ פּאָגראָם צוליב אַ משוגענעם ייִד פֿון שאַדעווע, וואָס האָט אָנגעטאָן אַ טלית קטן אויף אַ געץ אין קלויסטער.

ביבליאָגראַפֿיע. — המליץ, 1887: 37, 44. נאָך פּרטים אין קאַפּיטל שאַדעווע.

# ק

## קאָוועלי

דערפֿל נאָענט צו זעזמער, טראָקער קרײַז. אין אַ ליסטע מנדבֿים פֿון זעזמער אין 1872 דאָ אויך אַ נאָמען פֿון דאָזיקן דערפֿל.

ביבליאָגראַפֿיע. — המגיד, 1872: 14.

## KAUNOTAVA קאונאָטאַווע

דערפֿל, 12 ק״מ פֿון לוקניק, טעלזער קרײַז. דאָ געלעבט לייזער זיוו און מישפּחה. 1941 דערשאָסן געוואָרן דורך ליטווישע פּאַרטיזאַנער.

ביבליאָגראַפֿיע. — ל. קאָניוכאָווסקיס כתבֿ־יד.

## KAZAKIŠKIS קאַזאַקישאָק

דאָרף לעבן דוביניק, ווילקאָ־מירער קרײַז. פֿאַרן ערשטן וועלטקריג אַ קליינער יִדישער יִשובֿ.

## KOZLOVA קאָזלאָווע

דאָרף לעבן פּילווישאָק, ווילקאָ־ווישקער קרײַז. סוף 1880ער יאָרן און אויך אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע האָבן דאָ געלעבט אַ צענדליק יִדישע מישפּחות. דאָ איז געבוירן אַלכּסנדר ח. לעווין, וואָס האָט עמיגרירט קיין דרום־אַפֿריקע און דאָרטן אַרויסגעגעבן „במעגלות החינוך“ (יוהניס־בורג, תשי״ד).

## KATAUTIŠKĖ קאַטאַוטעשיק

דאָרף, אַ צען ק״מ פֿון וואָרנע, קרײַז טעלז. דאָ האָט געלעבט דער יִשובֿ־ניק הירש קרענגל.

אין אַ דאָרף נענטער צו כווײדאַן, טאַווריקער קרײַז, האָט געוווינט וועלווע שנײַדער דער אוזגערער (נאָמען פֿון אַ דערפֿל). זײַנע קינדער האָבן געלערנט אין וואָרנע.

דערציילט פֿון וואָרנער יעקבֿ שייפֿער, לאָס־אַנדזשע־לעס.

## קאָטבישאָק

דערפֿל, דרײַצן װיאָרסט פֿון סעמילישאָק, טראָקער קרײַז. פֿאַרן ערשטן װעלטקריג האָבן דאָ געלעבט עטלעכע ייִדישע מישפּחות.

## קאַטלאָװערנע KATLOVEIRNĖ

דערפֿל אין קעלמער געגנט, ראַסיינער קרײַז. די מישפּחה בערמאַן האָט דאָ געהאַט אַ הויף.

ביבליאָגראַפֿיע. — ל. קאָניוכאָווסקיס כּתבֿ־יד.

## קאָלאָטאָװע KULAUTUVA

אַ דאַטשעאָרט, ניט װײַט פֿון קאָװנע. פֿאַרן ערשטן װעלטקריג פֿלעגן דאָ זומערצײַט קומען אַ סך ייִדישע דאַטשניקעס. אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע איז דאָ געװען אַ שטענדיקער ייִדישער ייִשובֿ פֿון אַ 10 מישפּחות.

## קאַלװאַריע־זאַמעט ŽEMAIČIŲ KALVARIJA

קליינטשיק שטעטעלע, 7 ק"מ פֿון אַלסיאַד, אין טעלזער געגנט. אַן אַלט אָרט. אַ מאָל זיך גערופֿן Naujoji Jeruzalė (נײַע ירושלים, מסתּמא דערפֿאַר, װאָס דאָרטן זײַנען געװען קבֿרים פֿון קאַטױלישע הייליקע און קריסטן פֿלעגן שטראָמען אַהער פֿון אַלע עקן). אַ צײַט פֿאַרן ערשטן װעלטקריג האָבן דאָ געלעבט בײַ 30 ייִדישע מישפּחות. 1923 זײַנען דאָ געװען 25 ייִדן און 1924 בלויז 13־14 ייִדן. דאָ האָט געלעבט ר' אליעזר ברודא, בקי בנגלה ובנסתּר, װאָס האָט דאָ געהאַלטן די אַרענדע. ער איז דער פֿאָטער פֿון ר' יצחק־אײַזיק [ראַבינאָװיטש?], אבֿ"ד זאַגער און סיאַד.

ביבליאָגראַפֿיע. — משה יעקב זבדיה, מעין גנים, ח' ד'; אידישע שטימע, 1924: 1463־1592;
Black Book.

## קאַליאַן

3 ק"מ פֿון יורבורג, ראַסיינער קרײַז. אַ דאַטשעאָרט. דאָ האָט געװוינט איין ייִדישע מישפּחה.

אינפֿאָרמאַציע: שלמה גאָלדשטיין, יורבורג־שיקאַגאָ.

## קאַלינאָװע KALINOVA

דאָרף אַרום קאָװנע. אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע איז דאָ געװען אַ לאַנדװירטשאַפֿט־שול פֿון „אָרט". אַ פּאָר ייִדישע מישפּחות האָבן דאָ געלעבט.

## קאַלעלישאָק

דאָרף אַרום שאַדעװע, פּאָנעװעזשער קרײַז. שוין פֿון די 1840ער יאָרן איז דאָ געװען אַ קליינער ייִדישער ייִשובֿ.

אין 1845 געפֿינען מיר אַ פּרענומעראַנט אויפֿן ספֿר **עמק הלכה** און 1894 און 1897 — 13 חותמים. 1886 איז דאָ געבאָרן געוואָרן דער יִידישער שרײַבער אַהרן־לייב באַראָן, געשטאָרבן 1954 אין ניו־יאָרק. אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע האָבן דאָ נאָך געלעבט עטלעכע יִידישע מישפּחות.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — ספר הפרענומעראַנטן, נומ׳ 7178; לעקסיקאָן, 1.

## קאָמיאַן

דערפֿל, 7 ק״מ פֿון סאַלאַט, קרײַז בירזש. פֿאַרן ערשטן וועלטקריג איז דאָ געווען אַ יִידישער יִישובֿ.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — יהדות ליטא, ג׳.

## קאַמירינצע

דאָרף, ניט ווײַט פֿון לייפּון, סייניער קרײַז. אָנהייב צוואַנציקסטן יאָר־הונדערט האָבן דאָ נאָך געלעבט יִידישע מישפּחות.

## קאָפּליצע

דאָרף לעבן זיים, קיידאַנער קרײַז. פֿאַרן ערשטן וועלטקריג איז דאָ געווען אַ יִידישער יִישובֿ מיט מערערע יִידישע מישפּחות.

## קאַרטענאַ KARTENA

דאָרף, קרעטינגער קרײַז. אין 1923 האָבן דאָ געוווינט 35 יִידן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — Black Book

## קאָרצי

10 וויאָרסט פֿון יאַנעווע, קאָוונער קרײַז. אין די 1920ער איז דאָ געווען אַ יִידישע קאָלאָניע.

## קאָרציאַן (קורציאַן)

יִידישער יִישובֿ ניט ווײַט פֿון סאַלאַנט, קרעטינגער קרײַז. 1662 האָבן דאָ געלעבט 4 יִידישע מענער און 4 יִידישע פֿרויען. אין דער ערשטער העלפֿט פֿון נײַנצנטן יאָרהונדערט איז דאָ געווען אַ קליינע קהילה. אין צײַט פֿון ערשטן פּוילישן אויפֿשטאַנד (1831) איז דאָ אויסגעבראָכן אַ שרעקלעכע פּאַניק פֿון די יִידן. די מורדים האָבן פֿאַרכאַפּט 12 יִידן און זיי פֿאַרמישפּט צו הענגען פֿאַר העלפֿן דער רעגירונג. דער סאַלאַנטער גבֿיר אליהו גיטקין איז אַוועקגעלאָפֿן אין סאַלאַנטער קלויסטער — געווען דאָרטן געפּאַקט צוליב דער חגא „סעקמינעס" — און גע־

רופֿן דעם גלח צו ראַטעווען די 12 ייִדן. דער גלח איז אַרויס מיט אַ גרויסער פּראָצעסיע צום תּליה־פּלאַץ און געראַטע־וועט די פֿאַרמישפּטע.

קאָרציאַן האָט אַ פּרענומעראַנט אויף אַ ספֿר פֿון 1898 — **תּפֿארת שאול** פֿון שאול־ידידיה שאָחעט. אין 1934 האָבן דאָ נאָך געוווינט עטלעכע ייִדישע מיש־פּחות.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — אידישע שטימע, 1934: 4844; ספֿר הפּרענומעראַנטן, 7395.
Biuletyn Żydowskiego Instytutu Historycznego W Polsce. Warszawa, 1987, no. 141, p. 32 (אַרטיקל וועגן זאַמעט)

## קאַרקלאַן KARKLĖNAI

דאָרף, ראַסיינער קרײַז. פֿאַרן חורבן האָבן דאָ נאָך געלעבט עטלעכע ייִדי־שע מישפּחות. אָרט באַקאַנט פֿון 1527.

## קובילון

דערפֿל לעבן סאַלאַט, בירזשער קרײַז. פֿאַרן ערשטן וועלטקריג האָבן דאָ געלעבט עטלעכע ייִדישע מישפּחות.

## קוועטישעק KVIETIŠKIS

דאָרף, עטלעכע ק״מ פֿון מאַריאַמפּאָל. נאָכן ערשטן וועלטקריג האָט די צאָל ייִדן דאָ זיך פֿאַרגרעסערט און אין 1923 דערגרייכט ביז 97. אויסגעהאַלטן ביזן חורבן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — Black Book

## קוזשי KUŽIAI

דאָרף, ניט ווײַט פֿון שאַוול. אין ערשטן וועלטקריג, דעם 30סטן אַפּריל 1915, האָט די רוסישע אַרמיי־קאָמאַנדע אויף יענעם פֿראָנטאָפּשניט אַרויסגעגעבן אַזאַ טאָגבאַפֿעל: דעם 28סטן אַפּריל האָבן די דײַטשן געשטורעמט קוזשי, צפֿון־מערב פֿון שאַוול. דאָס האָט באַוויזן דעם פֿאַרראַט פֿון די אָרטיקע אײַנוווינערס, באַזונדערס די ייִדן. נאָך איידער די רוסישע חיילות זײַנען אַרײַן אין שטעטל, האָבן ייִדן באַהאַלטן דײַטשישע סאָלדאַטן אין זייערע הײַזער, וואָס האָבן אַטאַקירט דאָס הויז, ווו עס האָט סטאַציאָנירט פּולקאָווניק דאַוויליעוו. דעריבער מוז מען זײַן זייער אויסגערעכנט אין ערטער, ווו ס׳ זײַנען דאָ אַ סך ייִדן. די רוסישע צײַטונגען האָבן איבערגעדרוקט דעם טאָגבאַפֿעל, און ס׳איז געוואָרן אַ גרויסער רעש קעגן ייִדן. קערענסקי, דעפּוטאַט פֿון דער פֿירטער דומע, איז אַליין געקומען אויספֿאָרשן דעם עניין, און עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז ס׳איז אַ בילבול. סך־הכּל האָבן געוווינט אין קוזשי 6 ייִדישע מישפּחות, און ווען די דײַטשישע האַרמאַטן האָבן גענומען אָנגרײַפֿן קוזשי,

זיַינען אַלע איַינוווינערס, ליטווינער און יִדן, אַנטלאָפֿן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — רשֻמות, פּרק ב׳, ע׳ 211; נאָך פּרטים: „ליטע״, 1, ז׳ 94.

## קוטשון KUČIUNAI

דאָרף, 13 ק״מ פֿון לאַזדיי, קריַיז סייני. אין 1923 האָבן דאָ געלעבט 20 יִדן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — Black Book

## קולבעס

אַ דערפֿל לעבן פּאָנעוועזש. דאָרטן האָבן געלעבט אַ פּאָר יִדישע משפּחות. דער דיכטער דוד פֿראָם באַשריַיבט עס אַ ביסל אין זיַין פּאָעמע „ביַים זיידן״ — דאָרטן האָט געלעבט זיַין זיידע.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — „די וואָך״, ריגע, 1927: 1.

## קופּרעלישיק

דאָרף אַרום שאַוול. 1922 האָבן דאָ געוווינט יִדן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — „ניַיס״, קאָוונע, 1922.

## קורדימקסטיַי

דאָרף. ביז 1914 האָבן דאָ געלעבט עטלעכע יִדישע משפּחות. 1910 איז דאָ געבאָרן דער יִדיש־ליטווישער קאָמוניסטישער זשורנאַליסט הענריק זימאַן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — ב. כּהנס לעקסיקאָן, ז׳ 263.

## קורקלעץ

יִדישע קאָלאָניע, ניט וויַיט פֿון אַבעל, ראַקישקער קריַיז. געגרינדעט אין 1844 אויף אומזיסטער רעגירונג־ערד. דאָ האָבן זיך באַזעצט 12 משפּחות פֿון 92 נפֿשות. צווישן ביידע וועלט־מלחמות האָבן דאָ געוווינט עטלעכע יִדישע משפּחות.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — ראַקישקער יזכּור־בוך, ז׳ 502
Recueil de Matériaux sur la Situation economique des Israelites de Russie, II., p. 360.

## קיַימעליס KAIMELIS

דאָרף אין שאַקיִער קריַיז. 1797 האָבן דאָ געלעבט 8 יִדן (175 קריסטן), שפּעטער געוואָרן אויס.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — Užnemunė po Prūsais, p. 160.

## קינדערישקי

הויף, אַרום קאָוונע. געהערט צום פּריץ גאָלדבערג. אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע אַריבער — דורך פּאָליטישע מאַנעווורעס — צום גלח וואָלאָקײַטיס. 1935 זײַנען שוין דאָ ניט געווען קיין ייִדן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — „ליטע", I., ז' 1000.

## קירסנע

אַ הויף אין לאַזדייער אומגעגנט, סײניִער קרײַז. געהערט צום פּריץ שבֿח זימאַן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המליץ, 1879: 37.

## קלאָוויאַן KLOVAINIAI

דאָרף, עטלעכע ק"מ פֿון ראָזאַליע, פּאָנעוועזשער קרײַז. פֿאַרן ערשטן וועלטקריג איז דאָ געווען אַ קליינער ייִדישער ייִשובֿ. אין 1923 האָבן דאָ געוווינט 21 ייִדן. אויסגעהאַלטן ביזן חורבן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — Black Book

## קלוביאַן KLUBIANIS

דאָרף, 7 ק"מ פֿון פּאָקראָי, קרײַז שאַוול. עטלעכע ייִדישע פֿאַמיליעס האָבן אויסגעהאַלטן ביזן חורבן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — יהדות ליטא, ד'.

## קלעבישק KLEBIŠKIS

דאָרף, 8 ק"מ פֿון פּרען, מאַריאַמפּאָלער קרײַז. אין 1923 האָבן דאָ געוווינט 10 ייִדן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — Black Book

## קעטאַווישקי KIETAVIŠKIAI

דאָרף. צו די וואַלן אין סיים אין 1922 האָבן דאָ געשטימט 7 ייִדן. אין 1923 זײַנען דאָ געווען 12 ייִדן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — „נײַעס", 1922. Black Book.

## קעטורוואַלאַקי KETURVALAKIAI

דערפֿל, ווילקאָווישקער קרײַז. 1923 האָבן דאָ געוווינט 6 ייִדן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — Black Book

## קערנאַווע KERNAVA

אַ הויף ניט ווײַט פֿון מיישעגאָלע. אָנהייב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט האָבן דאָ געלעבט אַ פּאָר ייִדישע מישפּחות. ייִדן האָבן דאָ געוווינט אויך אין דער נײַער ליטע. 1938 זײַנען דאָ געווען אַ צאָל ייִדי־

שע בעלי־מלאכות — אַ סימן, אַז דאָ האָבן געלעבט עטלעכע ייִדישע פֿאַמיליעס.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המליץ, 1903: 112; דער אידישער האַנטווערקער, 1938.

## קראָניע KRIAUNIAI

דערפֿל. אין 1923 האָבן דאָ געלעבט 13 ייִדן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — Black Book

## קראַסנע־סעלקע

אַ קליינער ייִדישער ייִשובֿ אַרום עזשערעני. אין די 1890ער איז דאָרטן געווען אַ רבֿ — אַ סימן אויף אַ ייִדישער קהילה. זײַן נאָמען געפֿינט זיך אויף אַ רשימה מנדבֿים פֿאַר בנין הארץ: „הרבֿ ר׳ געצל אליעזר דרויאַן, חונה פה ק״ק קראַסנא־סעלקא״. ר׳ געצל איז געווען פֿון די חשובֿי העיר אין עזשערעני, נעמען מיר אָן, אַז קראַסנע־סעלקע איז געווען ניט ווײַט פֿון דאָרטן. אין דער רשימה ווערן אָנגעגעבן נאָך עטלעכע נעמען: ר׳ דובער מלמד, ר׳ פּנחס דאַווידאָוו, ברוך שאַלטאַן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המליץ, 1898: 270.

## קראָפּ KRUOPIAI

אַ דערפֿל אין שאַוולער קרײַז. פֿאַר דער ערשטער וועלט־מילחמה איז דאָ געווען אַ קליינער ייִדישער ייִשובֿ. 1923 האָבן דאָ געוווינט 3 ייִדן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — Black Book

## קריווליאַן

סוף אַכצנטן, גאַנצן נײַנצנטן און אָנהייב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט איז געווען דאָ אַ ייִדישע אָרגאַניזירטע קהילה. אַ באַווײַז פֿאַר דעם איז דער „פּנקס דק״ק קריווליאַן״ פֿון תּק״ע־תּרס״ו (1810־1906). אין ווילנער [?] געגנט.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — פֿון נאָענטן עבֿר, וואַרשע, 1937, א.י. גאָלדשמידטס אַרטיקל וועגן פּנקס שאַקי.

## קרינצין KRINČINAS

אַ גרויסער דאָרף, נײַן ווייאָרסט פֿון פּאָסוואָל, בירזשער קרײַז. פֿון די עלטערע קהילות אין ליטע. האָט שוין עקסיסטירט אין דער צײַט פֿון „ועד ליטא״. דאָ זײַנען געווען אַ סך ייִדישע גאַרבערס. אין 1897 האָבן זיי דורכגעפֿירט אַ פּראָ־טעסטשטרײַק אין שול, פֿאַרנומען די

„מזרח“־ערטער פֿון די ריַיכע און גבאים און געפֿאָדערט, אַז מען זאָל זיי אויך געבן „גוטע“ עליות. מען האָט אַרויסגערופֿן פּאָליציי. פֿאַרן ערשטן וועלטקריג איז דאָ געווען אַ גרעסערער ייִדישער ייִשובֿ[1]). אין 1923 האָבן דאָ געלעבט 37 ייִדן און פֿאַרן חורבן — אַ דריַי־פֿיר ייִדישע מישפּחות.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — Black Book

1) אין יהדות ליטא, ג׳, פֿונוואַנען מיר נעמען די גאַנצע ידיעה, ווערט געזאָגט, אַז פֿאַרן ערשטן וועלטקריג איז דאָ געווען א קהילה פֿון אַרום 300 ייִדישע מישפּחות, ד״ה אַ 1200־1300 ייִדן. מיר האָבן זיך נאָכגעפֿרעגט ביַי עלטערע ייִדן פֿון דערבײַיִקן פּאָסוואָל און זיי אַלע האָבן גערעדט נאָר וועגן אַ 150־200 ייִדן אין קרינצין פֿאַר 1914. וצריך עיון.

## קרעווע

דאָרף, ניט וויַיט פֿון אַבעל, עזשערענער קריַיז. פֿאַר דער ערשטער וועלט־מילחמה איז דאָ געווען אַ קליינער ייִדישער ייִשובֿ.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — י.ה. סינגער, זכרון בספר. ווילנא, 1900, ע׳ 138.

# ר

## ראָגאָוויקע

קליינער ייִדישער ייִשובֿ, 10 ק״מ פֿון ראָגעווע, פּאָנעוועזשער קריַיז. אין די 1870ער יאָרן האָבן דאָ געלעבט ייִדן. אין 1872 האָבן זיי זיך ביַיגעשטיַיערט צו העלפֿן ייִדן הונגער־געטראָפֿענע אין ליטווישע שטעטלעך. אַ רשימה מיט זייערע נעמען איז דאָ אין „המגיד“. אין 1876 איז דאָ געווען אַ פּרענומעראַנט אויפֿן ספֿר „זיר יצחק“ פֿון יוסף זונדל מבירז.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המגיד, 1872: 10; ספֿר הפּרע־נומעראַנטן, נומ׳ 7928.

## ראַדוטע RADUTĖ

אָפּגערוקט פֿון ראַקישאָק ס״ה איין וויאָרסט, פּאַקטיש איר פֿאָרשטעטל. שווער צו זאָגן פֿאַר וואָס זיך אָפּגעזונדערט פֿון שטעטלשן קיבוץ ייִדן. געהאַט אַן אייגענע שול, אַ שוחט, אָבער ניט קיין רבֿ.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — יזכּור־בוך ראַקישאָק, יה״ב, 1952, ז׳ 36.

## ראָדזאַן RODZANAI

דאָרף אין זאַמעט. פֿאַר דער ערשטער וועלט־מילחמה האָט דאָ געלעבט

אַ מניין ייִדן. אין 1924 זײַנען קיין ייִדן שוין דאָ ניט געווען.

ביבליאָגראַפֿיע. — אידישע שטימע, 1924: 1592.

פֿאַרן חורבן זײַנען געבליבן עטלעכע מישפּחות.

ביבליאָגראַפֿיע. — יהדות ליטא, ג׳. Black Book

## ראַדייק RADEIKIAI

דאָרף, 10 ק״מ פֿון אוטיאַן. פֿאַרן ערשטן וועלטקריג האָבן דאָ געלעבט אַ 50־60 ייִדן. 1874 איז דאָ געבאָרן גע־וואָרן ר׳ אַבא־דוד גאָלדפֿײַן, מו״צ אין דווינסק און הויפּט־רבֿ אין מאָסקווע, ווּו ניפֿטר געוואָרן אין 1934. איידעם פֿון ראָגאָטשאָווער גאון ר׳ יוסף ראָזין. אין אַ נדבֿות־רשימה פֿאַר א״י אין 1909 זײַנען דאָ בײַשטײַערערס פֿון ראַדייק. דער קלײַבער: אַהרן ליס. פֿאַרן חורבן האָבן דאָ נאָך געוווינט בײַ 8 מישפּחות.

ביבליאָגראַפֿיע. — חשבון הנדבות . . . 1909.

## ראַודאָנדוואַריס (רויטער הויף) RAUDONDVARIS

פֿאַר דער ערשטער וועלט־מילחמה האָבן דאָ געוווינט אַ דרײַ צענדליק ייִדן, אין 1923 — 55. זיי האָבן געצויגן חיונה פֿון קרעמערײַ, לאַנדווירטשאַפֿט, גערטנערײַ. פֿאַר רעליגיעזע ענינים האָט מען זיך געווענדט צום רבֿ אין סלאַבאָדקע.

## ראַודאָנע RAUDONĖ

קליינער ייִשובֿ, 20 ק״מ פֿון יור־בורג. 1923 האָבן דאָ געלעבט 80 ייִדן, פֿאַרן חורבן — בײַ 40.

ביבליאָגראַפֿיע. — Black Book

## ראַודען RAUDĖNAI

דאָרף אין שאַוולער קרײַז. אָרט באַקאַנט פֿון אָנהייב זיבעצנטן יאָרהונדערט. אין 1923 האָבן דאָ געוווינט 38 ייִדן. אין 1940 האָבן זיך דאָ געפֿונען 240 תּושבֿים.

ביבליאָגראַפֿיע. — Black Book

## ראַודעניס RAUDENIS

דאָרף. אין 1923 האָבן דאָ געוווינט 55 ייִדן.

ביבליאָגראַפֿיע. — Black Book

## ראָמאַנאָווע ROMANOVA

דערפֿל, ניט ווײַט פֿון סובאָטש, פּאָנעוועזשער קרײַז. פֿאַרן ערשטן וועלט־קריג איז דאָ געווען אַ קליינער ייִדישער ייִשובֿ.

## ראַנישק

דאָרף, פּלונגיאַנער געגנט. פֿאַר דער ערשטער וועלט־מילחמה האָבן דאָ געלעבט עטלעכע ייִדישע מישפּחות.

ביבליאָגראַפֿיע. — יהדות ליטא, ג׳.

## ראַקישעציק

דאָרף אין ראַקישקער געגנט. פֿאַרן ערשטן וועלטקריג האָט דאָרטן געלעבט אַ ייִדישער פּאַכטער, מיכה רוך, מיט נאָך אַ פּאָר ייִדישע פֿאַמיליעס.

ביבליאָגראַפֿיע. — ראַקישקער יזכור־בוך.

## ראַקען

דערפֿל, ניט ווײַט פֿון סאַלאַק, עזשערענער קרײַז. פֿאַרן ערשטן וועלטקריג האָבן דאָ געלעבט מערערע ייִדישע מישפּחות.

## רודני

דאָרף לעבן אַראַן, אַליטער קרײַז. אין אַ ליסטע פֿון 1909 ווערן דערמאָנט אָרטיקע עסקנים און מנדבֿים פֿאַר בנין־הארץ: צבֿי גראָזניק, יצחק קאַנאָווסקי, רפֿאל לובאָצקי, ש״ג ראַבינאָוויטש, זאבֿ קראַסקי, שמואל סאָלאָוויטשיק, ח״ג זאַביטשאַנסקי, נחום־לייב קאָטשוק. פֿון דעם איז געדרונגען, אַז אַרום סוף 19טן י״ה ביזן ערשטן וועלטקריג האָבן דאָרטן געלעבט אַ 10־15 ייִדישע מישפּחות.

ביבליאָגראַפֿיע. — חשבון הנדבות... 1909, ע׳ 18.

## ריבוק (ריבאַק?)

ייִדישע קאָלאָניע אין ראַסיינער קרײַז, וואָס איז אויפֿגעשטעלט געוואָרן אָנהייב 1880ער יאָרן אויף אומזיסטער ערד פֿון דער רוסישער רעגירונג. תּחילת האָבן זיך דאָ באַזעצט בײַ 300 ייִדן. אין 1887 האָבן דאָ געלעבט בײַ 250 ייִדן, 1923 — בײַ 200 און פֿאַרן חורבן — בײַ 150. כּמעט אַלע האָבן זיך באַשעפֿטיקט מיט לאַנדווירטשאַפֿט. זיי האָבן ניט געהאַט קיין רבֿ און קיין בית־מדרש. וועגן רעליגיעזע הצטרכותן פֿלעגן זיי זיך ווענדן צו לידעוויאַן אָדער שידלעווע.

ביבליאָגראַפֿיע. — Black Book

## רייטעראַדע

אַ קליין שטעטעלע אויף דער מיזרח־זײַט אָזערע פֿון אינטוריק, אוטיאַנער קרײַז. אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע האָבן דאָרטן געלעבט 70־80 ייִדן. פּאַקטיש געווען איין שטעטל מיט אינטוריק.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — יהדות ליטא, ג׳.

## רימשאַני RYMŠANIAI

אַ קליינער ייִדישער יישובֿ, ניט ווײַט פֿון עזשערעני. אין ערשטן וועלטקריג האָבן דאָ געלעבט מערערע ייִדישע מישפּחות. פֿון 1903 ביז 1914 איז דאָרטן געווען רבֿ ר׳ אליעזר בר׳ יעקבֿ פּשעדמעסקי, עילוי פֿון טעלזער ישיבֿה. ער איז געבאָרן אין 1880. פֿון 1923 געווען רבֿ אין בראָנקס.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — אהלי שם, 200; תולדות אַנשי שם (ראַנד), 105; ראַקישקער יזכּור־בוך, ז׳ 313.

# ש

## שאַדוויגע ŠIAUDVIGĖ

דאָרף, נאָענט צו גרישקאַבוד, קרײַז שאַקי. עטלעכע ייִדישע מישפּחות ביז נאָכן ערשטן וועלטקריג.

## שאודינישקי

דאָרף, 3 ק״מ פֿון ווירבאַלן. אין דער נײַער ליטע איז דאָ געווען אַ הויף פֿון דער מישפּחה אַפּריל.

## שאַטייק ŠATEIKIAI

דאָרף, פּלונגיאַנער געגנט, טעלזער קרײַז. פֿאַרן ערשטן וועלטקריג האָבן דאָ געלעבט עטלעכע ייִדישע מישפּחות.

## שאַטקין

דערפֿל, אַרום בירזש. 1876 איז דאָ געווען איין פּרענומעראַנט אויף אַ ספֿר — זיר יצחק, יוסף זונדל מבירז.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — ספֿר הפּרענומעראַנטן, נומ׳ 8341.

## שאָסטאַקאָווע ŠEŠTOKIAI

אַ באַנסטאַנציע, 13 ק״מ פֿון לאַזדיי, סייניער קרײַז. אַרום דער סטאַנציע האָבן געלעבט מערערע ייִדישע מישפּחות אין דער נײַער ליטע. אין אַ רשימה פֿון ייִדישע בעלי־מלאכות אין 1938 ווערט אָנגעגעבן שעשטאַקיאַי — מיר נעמען אָן, אַז דאָס איז דער זעלביקער מקום.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — דער אידישער האַנטווערקער, 1938.

## שאַקאַלינע ŠAKALYNĖ

דערפֿל אַרום טאַווריק. אין נײַנ־ציקער יאָרן פֿון נײַנצנטן יאָרהונדערט האָבן דאָ געלעבט מערערע ייִדישע מישפּחות. אין רשימות פֿאַרן אויפֿבוי פֿון ארץ־ישׂראל (1898) געפֿינען זיך נעמען פֿון ייִדן אין שאַקאַלינע.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המליץ, 1898: 198; 1899: 127.

## שאַקי

דאָרף, ניט ווײַט פֿון דער קרײַז־שטאָט שאַקי. 1797 האָבן דאָ געוווינט 30 ייִדן (196 קריסטן), 1923 — 14 ייִדן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — Užnemunė po Prūsais, p. 160; Black Book.

## שאַקינע ŠAKYNĖ

דאָרף, 25 וויאָרסט פֿון זאַגער, שאַוולער קרײַז. פֿאַר דער ערשטער וועלט־מילחמה האָבן דאָ געלעבט מערערע ייִדישע מישפּחות.

## שוואַבעשיק

דערפֿל, לעבן לינקעווע [?], שאַוולער קרײַז. 1895 איז דאָ געווען איין פּרענומעראַנט אויף אַ ספֿר — **זכר חיים** פֿון חיים־נתן בר׳ משה.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — ספֿר הפּרענומעראַנטן, נומ׳ 8446.

## שווענטעזעריס[1] ŠVENTEŽERIS

אַ גרויסער דאָרף, ניט ווײַט פֿון סעריי, אַליטער קרײַז. אָרט איז באַקאַנט פֿון צווייטער העלפֿט פֿופֿצנטן יאָר־הונדערט. שוין אַזוי ווײַט ווי אין 1663 האָט דאָ געלעבט אַ ייִד אַן אַרענדאַטאָר. אַ פּאָר הונדערט יאָר זײַנען דאָ קיין ייִדן ניט געווען, אָבער פֿאַר דער ערשטער וועלט־מילחמה און אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע איז דאָ געווען אַ קלײנינקער ייִדישער ייִשובֿ. אין 1923 האָבן דאָ געוווינט 23 ייִדן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — A. Totoraitis, Sūduvijos Suvalkijos Istorija, p. 344; Black Book.

## שומסק ŠUMSKAI

דאָרף. אין 1923 האָבן דאָ געלעבט 9 ייִדן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — Black Book

## שוקישקיס ŠUKIŠKIS

ייִדישער הויף, 3 ק״מ פֿון שוק־יאַן, שאַוולער קרײַז. געהערט צו צוויי ברידער ראָזענטאַל. אַרום האָבן געלעבט בײַ צען ייִדישע מישפּחות ביזן חורבן.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — יהדות ליטא, ד׳.

---

1) רוסיש: סוויאַטי־אָזעראַ. דעם ייִדישן נאָמען ווייסן מיר ניט.

## שטאַנישאָק

הויף אין ראַקישקער געגנט. אַ ייִד פֿון דאָרף באַרשאַן, מיכאל־וועלוול מיכאַלעוויץ, האָט פֿריִער געלעבט אויף לאַנד לעבן גוייִשקן דאָרף שטאַנישאָק.

## שטאַרינקע

דערפֿל, 3 מײַל פֿון שאַוול. דאָ איז געווען אַ ייִדישע קרעטשמע אין וואַלד אין די 1870ער. בנימין מאַנדעלשטאַם דערציילט וועגן איר אין זײַן „חזון למועד". 1876 איז דאָ געווען איין פּרענומעראַנט אויף נאום דוד פֿון שלום דוד מאיראָוויץ (ווילנא, 1876). דער אָרטיקער קרעטשמער ישׂראל איז 1878 דערהרגעט געוואָרן אויפֿן וועג.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — חזון למועד. וויען, תּרל"ז, ע' 9; המליץ, 1878: 6.

## שטאַרקענע

אַ קרעטשמע ניט ווײַט פֿון סמילג, פּאָנעוועזשער קרײַז. סוף נײַנצנטן יאָרהונדערט האָבן דאָ געלעבט עטלעכע ייִדישע מישפּחות. צוליב אַ מחלוקת מיטן סמילגער שוחט ר' יהודה־לייב האָט מען אַרײַנגעזעצט אַ שוחט אין שטאַרקענע.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — שאול שפּירא, חמדת שאול, אָדעססא, תּרס"ג, ע' ט"ז.

## שטײַצעסיק

לעבן הײַדוצישאָק. 1862 האָבן דאָ געוווינט בײַ 25 ייִדישע מישפּחות.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — הכרמל, תּרכ"ב: 38, 39.

## שטראַווניקי

דערפֿל, נאָענט צו זעזמער, טראָקער קרײַז. אין אַ רשימה מנדבֿים פֿון זעזמער אין 1872 דאָ אויך נעמען פֿון דאָזיקן דערפֿל.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המגיד, 1872: 14.

## שיל

דאָרף, ניט ווײַט פֿון ראָגעווע, פּאָנעוועזשער קרײַז. אין דער צײַט פֿון דער אומאָפּהענגיקער ליטע האָבן דאָ נאָך געלעבט עטלעכע ייִדישע מישפּחות, וואָס האָבן געצויגן זייער חיונה פֿון ערדאַרבעט.

## שילאַן (שילען)

דאָרף אַרום בירזש. אין מיטן 1860ער יאָרן האָבן דאָ געוווינט ייִדישע מישפּחות. אין אַ רשימה פֿון ייִדישע עמיגראַנטן פֿון ליטע אין 1869/70 געפֿינען זיך צוויי ייִדן פֿון שילאַן: א. הירשטיין, א.

מענדעלסאָן. אין **זיר יצחק** פֿון יוסף זונדל מבירז (ווילנא, 1876) איז דאָ איין פרענו־מעראַנט פֿון שילען.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — ייוואָ־בלעטער, XL, ז׳ 224; ספֿר הפרענומעראַנטן, 8547.

## שימאַק

דערפֿל אַרום מאַריאַמפּאָל. סוף נײַנצנטן יאָרהונדערט האָבן דאָ נאָך געלעבט ייִדישע מישפּחות. אין אַ ליסטע פֿון מאַריאַמפּאָלער מנדבֿים אין 1899 פֿאַר יישובֿ א״י ווערט אויך דערמאָנט שימאַק.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — המליץ, 1899: 46.

## שימקײַץ ŠIMKAIČIAI

דאָרף אין ראַסײנער קרײַז. צו די סיים־וואַלן אין 1922 זײַנען דאָ פֿאַרצייכנט געוואָרן 11 ייִדישע שטימען. 1923 האָבן דאָ געלעבט 41 ייִדן, פֿאַרן חורבן — אַ פּאָר ייִדישע מישפּחות.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — Black Book

## שיקלי

דאָרף, עטלעכע וויאָרסט פֿון פּאַשוועטין, שאַוולער קרײַז. פֿאַר דער ערשטער וועלט־מילחמה האָבן דאָ געלעבט עטלעכע ייִדישע מישפּחות.

## שלאַשטע

דערפֿל, אַרום בירזש. אין 1876 איז דאָ געווען איין פרענומעראַנט אויף אַ ספֿר — **זיר יצחק** פֿון יוסף זונדל מבירז.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — ספר הפרענומעראַנטן, נומ׳ 8585.

## שמידהאַן

ייִשובֿ, אַרום בירזש. 1876 איז דאָרטן געווען איין פרענומעראַנט אויף אַ ספֿר — **זיר יצחק**, פֿון יוסף זונדל מבירז.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — דאָרטן, נומ׳ 8594.

## שנאַרגלין

קרעטשמע, צווישן זאַגער און אַקמעיאַן. אין ערשטער העלפֿט פֿון נײַנצנ־טן יאָרהונדערט איז דאָס אָרט געווען באַרימט מיט זײַן תּושבֿ ר׳ אַהרן שנארגלינער, אויף וועמען מען האָט געזאָגט, אַז ער איז איינער פֿון די ל״ו. ער איז דער העלד פֿון ל. קוסמאַנס דראַמע „דאָס געזאַנג פֿון דער ערד״.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — ל. קוסמאַן, עוראָ, נ״י, 1948, ז׳ 22, 221.

## שקרעבשיק

דאָרף אַרום בירזש. 1876 איז דאָ געווען איין פרענומעראַנט אויף אַ ספֿר — **זיר יצחק** פֿון יוסף זונדל מבירז.

**ביבליאָגראַפֿיע.** — ספֿר הפרענומעראַנטן, 8679.

# וואָס איז אַ ליטוואַק?*)

פֿון מרחקים־פֿון־יאָרן טויכט אויף
פֿאַר מיר מײַן פֿאַרשניטן היימלאַנד.
און איר שטומער בליק איז געווענדט צו מיר,
ווי ער וואָלט פֿון מיר געמאָנט:
לאָז מיך ניט פֿאַרגיין אין פֿאַרגעסנקייט.
ניט קיין געשיכטע־שרײַבער בין איך
פֿון דער פֿאַרשוווּנדענער וועלט,
נאָר בלויז אָפּגעהאַקטע שטריכן,
עפּעס פֿון דעם און עפּעס פֿון דאָרט —
דאָס וועט מײַן האַנט בײַטראָגן.
און אויב אַ ציטער טאָן וועט די האַנט
פֿון באַריר מיטן אַמאָל —
זאָל אויך דער ציטער אירער
פֿאַרבלײַבן אויפֿן פּאַפּיר.

אַבֿרהם קריבֿ

*) אויף אַ בוך וועגן אלע שטעט און שטעטלעך אין ליטע וואָלט מען גענדאַרפֿט זיך אָפּשטעלן באריכות וועגן דער גײַסטיקער סבֿיבֿה פֿון ליטוואַק און וועגן מהות פֿון זײַן באַזונדערער ייִדישער וועלט. איז ווער קען עס מאַכן בעסער און שאַרפֿער ווי דער באַקאַנטער דענקערישער העברעיִשער שרײַבער אַבֿרהם־יצחק קריבֿ [קריוואָרוטשקא] אין זײַן טײַער ספֿרל **ליטא מכורתי?** — גיבן מיר דעריבער גרויסע טיילן פֿון דער דאָזיקער האַרציקער און פּראַקטיקער ליטע־יצירה אונטער אונדזער געאַנדערשטן נאָמען „וואָס איז אַ ליטוואַק?", אין דער איבערזעצונג פֿון אליעזר רובינשטיין.

### א

אַ קאָמפּאַקטער ייִדישער מאַסיוו האָט זיך אויסגעשפּרייט איבער מיזרח־אייראָפּע און אַן אינטעגראַלער טייל פֿון אים איז געווען ליטע. פֿונדעסטוועגן איז ליטע געווען אין אים אַ וועלט פֿאַר זיך מיט אירס אַן אייגנאַרטיקן דרך אין ייִדישקייט, מיט אַן אייגענער וואָג. אויף דער מאַפּע פֿון די אַמאָליקע ייִדישע צעשפּרייטקייטן האָט ליטע פֿאַרנומען אַ בולט אָרט און איר השפּעה האָט געגרייכט ווײַט מחוץ פֿון אירע גרענעצן.

די מערהייט ליטווישע ייִדן, באַוווינערס פֿון די שטעט און שטעטלעך, זענען געווען אַרבעטסמענטשן. זיי האָבן זיך פֿאַרנומען מיט אַלע סאָרטן מלאכות, וואָס האָבן אַרומגענומען די לעבנס־באַדערפֿענישן אין יענער צײַט, זייערע אייגענע באַדערפֿענישן און די באַדערפֿענישן פֿון דער קריסטלעכער באַפֿעלקערונג אין שטאָט און אין דאָרף. זיי זענען געווען די מילנערס און די בעקערס, די שנײַדערס און די רימערס, די מוליערס און די גלעזערס, די שמידן און בעלי־עגלות, די טרעגערס און אַלע אַנדערע. ייִדן האָבן זיך דאָרט באַשעפֿטיקט מיט וואַלדאַרבעט, מיט וואַסער־אַרבעטן. זיי זענען געווען די, וואָס האָבן געבונדן די טראַטוועס און די, וואָס האָבן זיי געפֿירט איבער וואַסערן. אויך גרינסנצוכט איז געווען בײַ ייִדן. אָבער אויך דאָס קרעמערײַ איז געווען אַ פֿאָרעם אַזאַ פֿון שווערער אַרבעט און די האָרעוואַניע בײַ דעם איז ניט געווען קיין קלענערע, ווי בײַ די פֿאַרשיידענע מלאכות. דער ייִדישער קיבוץ אין ליטע איז אין גרעסטן טייל געווען אַ שבֿט פֿון אָרעמקייט.

### ב

ליטע, בײַם אויסבראָך פֿון ערשטן וועלטקריג איז געווען מער אַ קעניגרײַך פֿון שולחן־ערוך ווי אַ קעניגרײַך פֿון צאַר ניקאָלײַ.

אין דעם דאָזיקן צפֿון־מערבֿדיקן לאַנדגעביט, וואָס איז געאָגראַפֿיש נאָענט צו דײַטשלאַנד און איז אָבער געווען אײַנגעשלאָסן אין דער רוסישער אימפּעריע ביז צו די ענדערונגען אינעם איצטיקן יאָרהונדערט, האָבן ייִדן זיך אויסגעבויט אַן אייגענע וועלט, אַ כּמעט־ריינע פֿון פֿרעמדן צומיש. נשמהדיק און גײַסטיק האָט זיך דאָרט דער ייִד געפֿילט ווי אין זײַן נאַטירלעכן לעבנסרוים, אויף וויפֿל דאָס איז בכלל מעגלעך אויף פֿרעמדער ערד, אונטער דער נאָז פֿון אַ פֿײַנטלעכער מאַכט.

ניט בלויז אויפֿן רעליגיעזן און גײַסטיקן געביט האָבן זיי געלעבט פֿאַר־זיך, אויך דער האַנדל־וואַנדל צווישן ייִדן האָט זיך אין גרעסטן טייל געפֿירט אָן דער פֿאַרמיטלונג פֿון די מלוכישע אָרגאַנען. אין אַ גאָר קלײנער מאָס האָבן זיך דאָרט די ייִדן באַנוצט מיט דער מלוכה־שפּראַך און מיט דער שפּראַך פֿון דער דאָרטיקער באַפֿעלקערונג, און אויב אַפֿילו ייִדן האָבן גערעדט די פֿרעמדע שפּראַך, האָט זי אין גרעסטן טייל געדינט זיי נאָר פֿאַר זייער פֿאַרקער מיטן פּויער, אָדער מיטן שטאָטישן גוי, אָבער זי איז ניט געווען די שפּראַך פֿון בוך, די שפּראַך פֿון נשמה־שפּײַז און גײַסטי־קער יניקה. די גײַסטיקע יניקה האָבן זיי געפֿונען אין די פּירקאַנטיקע אותיות אונדזערע.

דער לעבן־שטייגער, דער לעבנס־ריטעם, אין דער היים און אין גאַס, אין קודש און אין חול, איז געווען דורך־און־דורך אַ ייִדישער. מען האָט געהאַט דאָס געפֿיל, אַז אַפֿילו דער נאַטורגאַנג, דער גאַנצער סדר פֿון דער וועלט, פֿירט זיך לויטן ייִדישן לוח. די ייִדישע ימים־טובֿים זענען געווען ממשותדיקע מחיצות צווישן די צײַטן פֿון יאָר און ווי געבונדן די מיט די. עס האָט אויסגעזען, למשל, אַז דעם וועטער באַשטימט דאָס ראש־חודש־בענטשן. מען האָט געזען און געפֿילט באַשײַמפּערלעך, אַז ווען מען בענטשט ראש חודש שבֿט, פֿאַרשטאַרקט זיך דער פֿראָסט, און ווען מען בענטשט ראש־חודש תּמוז, שטאַרקט זיך די היץ. אין חודש אלול האָבן אָנגעהויבן בלאָזן קאַלטע ווינטן און אַן ערנסטע שטימונג האָט זיך געלייגט

אויפֿן געמיט, און דער דרויסן האָט זיך צונויפֿ־געגאָסן מיט דער אינעווייניקסטער שטימונג, ווי זיי וואָלטן ביידע אַרויסגעקומען פֿון איין און דעם זעלבן מקור — די נאָענטקייט פֿון די ימים־נוראים.

אויך די סדרות פֿון דער וואָך האָבן געטיילט דאָס יאָר אויף קליינע רינגעלעך און יעדן איינעם פֿון זיי געגעבן אַ באַזונדערן קאָלאָריט. עס איז, למשל, ניט צום פֿאַרגלייכן פּרשת נח צו פּרשת לך לך, אָדער פּרשת קורח צו דער פּרשה בלק. עס האָט זיך געביטן דער העלד פֿון דער וואָך אין שול, אין חדר און טיילווײַז אויך אין שטוב, און עס האָט זיך מיט עפּעס אין גאַנצן געביטן די לופֿט אין דרויסן. אַנדערע פּסוקים האָבן אָנגעהויבן אין אים אַרומשוועבן. די בריוו האָבן זיך אָנגע־הויבן מיט אַן אַנדער „לסדר״. די סדרה פֿון דער וואָך האָט געדינט ווי אַ דאַטע ניט בלויז אין פּריוואַטע בריוו, נאָר אויך אין כּלערליי דאָקו־מענטן.

דער הויפּט־תּענוג, מיט וועלכן דער ייִד האָט זיך דאָרט אָנגעזאַפּט איז געווען: אַ בלאַט גמרא, אַ פּרק משניות, אַ שטיקל עין יעקב, עטלעכע סעיפֿים „חיי אדם״, אָדער פּשוט תּהילים־זאָגן. יעדער איינער לויט זײַן מדרגה און לויט דער חברה צו וועלכער ער האָט געהערט: חבֿרה ש״ס, חברה משניות און אַנדערע. יעדער איינער האָט זיך אַרײַנגעפּאַסט אין דער ראַם, וואָס פּאַסט אים, און האָט באַקומען זײַן באַפֿרידיקונג, ניט בלויז אַ נשמהדיקע, נאָר אויך אַ באַפֿרידיקונג פֿון הנאה און תּענוג פּשוטו כמשמעו. ייִדן האָבן זיך באַנײַט און אָפּגעפֿרישט אין די דאָזיקע שעהען, האָבן זיך דערקוויקט דאָס האַרץ, און אויב עס איז יענעם טאָג געווען אַ דרשה פֿון אַ מגיד, איז די הנאה געשטיגן גאָר הייך. און סײַ מענער, סײַ פֿרויען און אויך קינדער — אַלע האָבן זיי הנאה געהאַט פֿון הערן אַ שיינע דרשה. אַ שיינע דרשה האָט פֿײַכט געמאַכט אויגן אין דער מענערשול און אַרויסגעבראַכט אַ טרער אין עזרת־נשים. אין ליטע, וואָס ווערט באַטראַכט פֿאַר אַ מוחדיקע, אַ טרוקענע, האָט שטיל געצאַפּלט אַ פֿילנדיק האַרץ. ווער עס האָט ניט באַנומען די דאָזיקע תּכונה, האָט ניט געפֿונען דעם שליסל צום דאָרטיקן טיפּ ייִד.

די וועלט פֿון ייִדישקייט אין ליטע איז ניט געווען אײַנגעהילט אין מיסטיק, דער **זוהר** האָט אַהין ניט געשיקט זײַנע סודות־שטראַלן, אָבער יעדן ערבֿ שבת, פֿאַרנאַכט־צו, זענען אין ליטווישן שטעטל געווען מינוטן, ווען עס איז ווי אַנטשוויגן געוואָרן די גאַנצע וועלט אַרום און מיט ציטערניש זיך צוגעהערט צום אָנקומען פֿון שבת. און אין שטוב איז ביסלעכווײַז פֿאַרשווונדן ס׳מלכות פֿון וואָך און פֿרײַ געמאַכט דעם חלל פֿאַר דער מלכּה, וואָס וועט קומען מיט די פֿלעמלעך פֿון די ליכט. אין רעליגיעזן לעבן בײַ ייִדן איז די פֿרוי אַ ביסל געווען אָפּגערוקט אין אַ זײַט, אָבער די דאָזיקע שטילע עבֿודת־הקודש, וואָס מאַכט קיניגן דעם שבת אין שטוב, איז געגעבן געוואָרן דער פֿרוי, דער בעל־הביתטע. איר נשמה האָט געציטערט מיטן שעפּטשען פֿון אירע ליפּן און די נשמה פֿון דער שטוב האָט מיטגעציטערט מיט איר. דאָס ליכטבענטשן פֿון דער פֿרוי, בעת די הענט פֿאַרשטעלן איר דאָס פּנים. אויף וועלכן עס פֿלעגט דאַן זייער אָפֿט אַראָפּרינען אַ טרער — דאָס איז געווען איינע פֿון די הייליקסטע מינוטן אין דער ייִדישער שטוב.

אויף וואָס האָט די מאַמע געלאָזט פֿאַלן אַ טרער אין דער פֿאָרכטיקער־פֿײַערלעכער מינוט פֿון צינדן די שבת־ליכט? ניט אַנדערש, אַז דאָס וואָס זי אַליין האָט ניט פֿאָרויסגעפֿילט, האָט פֿאָרויסגעפֿילט איר מזל — אַז דער הייליקער שבת איז אָנגעקומען אין אַ שטוב, וואָס איז שוין געווען פֿאַרמישפּט אויף אונטערגאַנג, אַז די קינדער וועלן פֿאַרלאָזן די שטוב און וועלן זיך צעשפּרייטן איבער דער וועלט, ווער אויף געהרגעט צו ווערן, ווער אויף שבֿעה מדורי פּורעניות, ווער אויף וואָגלענישן, ווער אין לענדער הינטער אײַזערנע פֿאָרהאַנגען און ווער אויף צום

לייגן אַ ציגל צו אַ נײַער ייִדישער וועלט, וואָס זי קען זי ניט משיג זיין... די מאַמע איבער די שבת־ליכט איז געווען אַ שטילע מיסטעריע, וואָס האָט באַהאַלטן אין זיך די סודות פֿון דער ייִדישער עקסיסטענץ.

**ג**

די תּורה איז געווען דער עטער, וואָס האָט דורכגענומען די וועלט פֿון די ליטווישע ייִדן; דאָס תּורה־לערנען — זייער נשמה־דערהייבונג; דאָס דערציִען קינדער צו תּורה — דער לעבנס־באַגער פֿון טאַטע־מאַמע. דאָס פֿאַרשפּרייטסטע וויגליד איז געווען דאָס ליד וועגן ווײַסן ציגעלע און וועגן קליינעם זונעלע, וואָס וועלן אײַנטיילן צווישן זיך דאָס גוטס פֿון דער וועלט: דעם — ראָזשינקעס מיט מאַנדלען און דעם — תּורה. אַז דאָס קינד איז איבערגעטראָטן דאָס זעקסטע לעבנסיאָר, האָט עס אָנגעהויבן מקיים זײַן דאָס, וואָס ווערט געזאָגט אינעם ליד, וואָס די מאַמע האָט אים געזונגען בײַם וויגעלע. און אַז דאָס קינד איז געווען אַ קײַלעכיקער יתום און ניט געוווּסט דעם טעם פֿון אַ וויגעלע און פֿון אַ וויגליד, איז שוין געווען ווער עס זאָל זאָרגן אויך פֿאַר אים, ער זאָל, חלילה, ניט וואַקסן אָן תּורה. צווישן דער גאַנצער באַפֿעלקערונג פֿון גרויס רוסלאַנד אין יענער צײַט איז געווען אַלגעמיינע בילדונג אין די קינדעריאָרן בלויז בײַ דער גערודפֿטער און שטיפֿמוטעריש־באַהאַנדלטער מינאָריטעט — בײַ די ייִדן. ליטווישע ייִדן האָבן ניט געוווּסט פֿון קיין לוקסוס־לעבן, נאָר אין איין זאַך בלויז האָט דער ליטווישער ייִד איבערגעשריטן די גרענעץ פֿון זײַנע מעגלעכקייטן — אין שׂכר־לימוד. צי איז דען שייך חשבון בײַ אַ זאַך, וואָס איז דער יסוד פֿון לעבן?

אין ליטע האָט מען געלערנט ניט בלויז אין די יוגנטיאָרן, נאָר אויך אין די מיטעלע יאָרן און מען האָט ניט אויפֿגעהערט לערנען אויך אין די עלטערע יאָרן און ביז אין טיפֿער עלטער. מען האָט געלערנט ביחידות און מען האָט געלערנט בציבור. און אויב מען האָט געלערנט אין די זעקס וואָכעדיקע טעג, איז דאָך לא כל שכּן שבת און יום־טובֿ. אַ פֿאָלק לערנט! איז דען אַ וווּנדער, וואָס עס זענען געווען אַזוי פֿיל תּורה־קענערס אין ליטע? און אַפֿילו פּשוטע פֿאָלקסמענטשן, אויב זיי האָבן ניט פֿאַרמאָגט קיין תּורה, האָבן זיי אָבער געהאַט אין זיך דעם ריח פֿון תּורה. אהבֿת־תּורה און דרך־ארץ פֿאַר תּורה האָבן זיי אַוודאַי געהאַט, צוזאַמען מיט אַ קלאָר געפֿיל, אַז די תּורה פֿון די דאָזיקע ייִדן איז אויך זייער תּורה; זי שטייט אײַן בײַ די למדנים, אָבער יעדער ייִד האָט די זעלבע שײַכות מיט איר. די תּורה־קענערס זענען געווען די אַריסטאָקראַטיע, אָבער דער דאָזיקער שטאַנד איז געווען אָפֿן און יעדע מישפּחה האָט זיך געקענט אין אים אײַנגלידערן.

**ד**

די פּראַכט און דער גלאַנץ פֿון ליטע זענען געווען די ישיבֿות. צו אירע ישיבֿות גדולות האָבן געשטראָמט ייִדישע בחורים פֿון נאָענט און ווײַט; ניט בלויז פֿון פֿאַרשיידענע געגנטן אין ליטע גופֿא און פֿון דעם שכנותדיקן ווײַסרוסלאַנד, נאָר אויך פֿון אוקראַיִנע, פּוילן און די אַנדערע געגנטן פֿון רוסלאַנד, און פֿיל אַכסניות של תּורה אין ליטע זענען באַרימט געוואָרן איבער דער גאַנצער ייִדישער וועלט.

אמת, ניט אַלע, וואָס זענען אַרויס פון די ישיבות, האָבן זייער תּורה געמאַכט פֿאַר זייערן אַ באַרוף און דאָס איז אויך ניט געווען די איינציקע באַשטרעבונג פֿון די ישיבֿות. ניט ווייניק ישיבֿה־בחורים האָבן נאָך דער חתונה זיך פֿאַרנומען מיט געוויינלעכע פּרנסות, אָבער דער שטעמפּל פֿון דער ישיבֿה האָט געלאָזט זײַן צייכן אויף זיי. זיי האָבן זיך אַלע אויסגעצייכנט מיט זייער גײַסטיקן פֿאַרמעגן און מיט זייער אופֿן פֿון אומגיין זיך מיט מענטשן. אין יעדער שטאָט און שטעטל פֿון אָט די ערטער האָבן זיך געפֿונען געוועזענע ישיבֿה־לײַט,

וואָס זענען איצט געווען בעלי־בתּים, למדנים, מענטשן מיט גוטע מידות — די עליטע פֿון זייער קהילה. אַ באַטײַטיקער טייל פֿון אונדזער אמתער אינטעליגענץ אין די לעצטע דורות — געלערנטע, שריפֿטשטעלערס, פֿאָלקספֿירערס — קומען אַרויס פֿון ישיבֿות. און ליטע איז געווען דאָס קלאַסישע לאַנד פֿון ישיבֿות — גײַסטיקע ציכטערײַען פֿאַר די בעסערע כּוחות פֿון פֿאָלק.

אין ביאַליקס „המתמיד", וואָס איז געשריבן געוואָרן אין יאָר תּרנ"ד, ווערן מיר אַרײַנגעפֿירט אין איינער אַ ישיבֿה, און אַזוי זעט זי אויס אין דער דאָזיקער פּאָעמע:

און ווו־ניט־ווו רויכן זיך ווי האַלאָוועשקעס /
נשמות פֿאַרשניטענע, שטילע, פֿאַרקלעמטע /
וואָס טריקענען, דאַרן ווי גראָז אין דעם מידבר, /
פֿאַרעלטערטע אָן צײַט, פֿונעם לעבן פֿאַר־שעמטע.

דאָס אָ אומעטיקע בילד, וואָס דער דיכטער האָט געמאָלן לויט זײַנע זכרונות פֿון די קינדעריאָרן, אויב עס איז גילטיק ווי אַן עדות, געהערט עס צו אַ פֿאַרגעסענעם עבֿר און עס איז אין אים ניט פֿאַראַן קיין שאָטן פֿון דערווירקלעכ־קייט אין דער אויפֿבליצײַט פֿון די ליטווישע ישיבֿות. דאָס איז זכות ליטע, וואָס זי האָט אויפֿ־געשטעלט פּרעכטיקע ישיבֿות און זי האָט אַרויס־באַקומען פֿון זיי אַ פּרעכטיקע ייִדישע יוגנט. האָסט אין זיי ניט געפֿונען יענע „נשמות פֿאַר־שניטענע, שטילע, פֿאַרקלעמטע", נאָר הונדערטער יוגנטלעכע אין זייער בליצײַט, וואָס זייערע אויגן לײַכטן ממש און זייערע פּנימער דריקן אויס מחשבֿה און טיפֿזיניקייט. די ליטווישע ישיבֿה איז בכלל ניט אויסן געווען צו דערדריקן אין אירע תּלמידים דעם יוגנטגײַסט, זי האָט אים נאָר געגעבן אַן ערנסטע ריכטונג. ערנסטקייט מיינט ניט דערשלאָגנקייט. די תּלמידים זענען דאָרט ניט אַלט געוואָרן פֿאַר דער צײַט, ווײַל זייערע לעבנס־באַדינגונגען זענען געווען גאַנץ לײַטיש; אָן לוקסוס, פֿאַרשטייט זיך, אָבער אויך אָן נויט. אַפֿילו אויף די מלבושים האָט מען דאָרט מקפּיד געווען, אַז זיי זאָלן אויסזען לײַטיש (מיטן אויסנאָם פֿון דער נאָוואַרעדקער ישיבֿה, וואָס האָט מיט כּוונה זיך באַצויגן מיט זילזול צו די ענינים פֿון אויסערלעכקייט, כּדי זיך מתגבר צו זײַן אויף דעם, וואָס מענטשן זאָגן). שוין דער ישיבֿה־בנין איז געווען אַ גערוימער לויט די באַגריפֿן פֿון יענער צייט, פֿול מיט ליכט און לופֿט און גוט באַלויכטן אין די נעכט.

די ריכטונג אינעם לערנען און די חשיבֿות זײַנע איז ניט געווען דווקא אײַנצושאַפֿן זיך בקיאות, נאָר בעיקר אין באַנעמען און פֿאַרשטיין — דאָס, וואָס מען האָט דאָרט גערופֿן „שטײַגן אין לערנען" — אַ באַגריף פֿון איכות, וואָס איז דאָרט געשאַפֿן געוואָרן און אויף וועלכן עס איז דאָרט געלייגט געוואָרן דאָס הויפּטגעוויכט. דער לערנער האָט זיך ניט באַטראַכט ווי אַ מין כּלי אָנצופֿילן זי מיט גמרא־דפֿים און סוגיות, נאָר מיט זײַן וואַכיקן מוח האָט ער זיך ווי באַטייליקט אין דעם משׂא־ומתּן פֿון די תּנאים און אַמוראים, רש"י און תּוספֿות. וואַכיקייט האָבן געבראַכט אויך יענע תּורה־שמועסן (דאָס „רעדן אין לערנען"), וואָס זענען געווען פֿאַרשפּרייט אין די ישיבֿות — דאָס מבֿרר זיין אַן ענין דורך אַ מיינונג־ און סבֿרא־אויסטויש, דאָס אַרויסברענגען אַ סבֿרא קעגן אַ סבֿרא, און אַ סברא מתוך אַ סברא, ווי אַ מין ווײַטער המשך פֿון דער גמרא גופֿא, וואָס איז טאַקע געבויט אין אַזאַ פֿאָרעם.

די למדנישע ליטע האָט דערווײַטערט פֿון זיך דעם פּילפּול לשם פּילפּול, וואָס איז ניט מער ווי מוח־פֿײַערווערק, און האָט געפֿלאַסטערט דעם וועג פֿון טיפֿער הבֿנה. די ליטווישע גדולים האָבן ניט גורס געווען קיין שום דריידלעך און פֿאַרדרייעניש און האָבן ניט געוואָרפֿן קיין לופֿט־בריקן צווישן ווײַטע עניינים. זייער לאָגיק איז געווען שאַרף און גראָדליניק און זיי זענען מיט איר אַוועק אין די טיפֿקייטן פֿון יעדן ענין. בעצם

האָט מען דאָרט גורס געווען נאָר פּשט, אָבער ניט דעם איבערפֿלעכלעכן פּשט, וואָס געהערט צו די פּראָסטאַקעס. דאָרט האָט מען זיך אַראָפּגעטויכט אין די טיפֿע ברונעמס פֿונעם פּשט, מען האָט זיך דורכגעשלאָגן צו דער טיפֿסטער טיפֿעניש, און דעריבער האָט קיינער ניט געזאָגט: עס איז מיר ענג אין די תּחומים פֿון פּשט.

די ליטווישע גדולים, די ראשי ישיבֿות, האָבן פֿאַרוועבט צוזאַמען חריפֿות מיט אַחריות, טיפֿקייט מיט קלאָרקייט. דער ייִדישער מוח האָט זיך בײַ זיי ווונדערלעך אויסגעשליפֿן און געלויכטן מיט אַ העל ליכט. אַז דאָס ליכט איז געפֿאַלן אויף די אַלטע גמרא־בלעטער, האָבן זיי זיך אויפֿגע־פֿרישט, אויפֿגעבליט. ווי אַ געטרײַער לאַמטערן האָט די שיטה פֿון הבֿנה געפֿירט אין די לאַבירינטן זייערע, באַלויכטן זייערע שטעגן, און די ענייָנים זענען געוואָרן פֿריילעכע און שײַנענדיקע, אַז די לערנערס איז אַזש ליכטיק געוואָרן אין די אויגן. די חז״ל האָבן געזאָגט: „במחשכים הושיבֿני — זה תּלמודה של בבֿל״. אין ליטע האָט מען ווידער אַ מאָל מגלה געווען אין תּלמוד בבֿלי דאָס ליכט פֿון זײַנע טיפֿענישן.

און עס איז אַ מערקווערדיקע זאַך, אַז די דאָזיקע מוח־קעפּ האָבן ניט דערלויבט זייער מוח צו חקרנען און גריבלען זיך אין צו־הייכע ענייָנים. אָט אַזוי ווי דער ים, וואָס פֿירט זײַנע שטאַרקע כוואַליעס נאָר ביז צו זייער גרענעץ, אַזוי אויך האָט דער ליטווישער מוח זיך געכוואַליעט אין די הוויות פֿון אַביי און רבא, רב און שמואל, ר׳ יוחנן און ריש לקיש, און ער איז ניט אַריבערגעטראָטן די גרענעץ. ניט דער **מורה נבוכים**, נאָר דער **יד החזקה** האָט דאָרט באַשעפּטיקט די מוחות, ווײַל די ליטווישע למדנים האָבן בכלל ניט געוווּסט פֿון קיין ספֿקות אין אמונות ודעות. וואָס שייך אמונה, זענען די דאָזיקע שאַרפֿע קעפּ געווען תּמימותדיקע מענטשן, גאַנץ מיט זיך און גאַנץ מיט גאָט. אויף יעדן איינעם פֿון זיי איז מקוים געוואָרן דער פּסוק „וצדיק באמונתו יחיה״. און די־אָ תּמימות און שלימות האָבן זיי איבערגעגעבן בירושה פֿון דור צו דור. די שופֿרות פֿון דער צײַט האָבן מיט געשאַל מבֿשר געווען די נצחונות פֿון מענטשלעכן ראַציאָ און די אמונה־מויער האָט זיך פֿאַר זיי ניט אײַנגעבראָכן; ווינטן האָבן געשטורעמט, האָבן אָנגעזאָגט איבערקערענישן און רעוואָלוציעס, און אין חלל פֿון ליטע האָט זיך ווי תּמיד ווײַטער געטראָגן דער אומעטיקער־זיסער ניגון:

— **תּנו רבנן!**

### ה

אָבער אויך אין דער למדנישער ליטע האָט מען זיך ניט אָפּגעשלאָסן בלויז אין די ד׳ אמות של הלכה. אויב דאָס הארץ האָט זיך ניט געעפֿנט ניט פֿאַר דער פֿילאָסאָפֿיע פֿון איין זײַט און ניט פֿאַר קבלה און חסידות פֿון דער אַנדערער זײַט, האָט זיך עס ברייט צעעפֿנט פֿאַרן מוסר.

דער פֿאָטער פֿון דער מוסר־באַוועגונג, וואָס איז אויפֿגעקומען און זיך צעבליט אין ליטע, איז ווי באַוווּסט ר׳ ישראל סאַלאַנטער און אויך ער האָט געהאַט פֿאָרגייערס. אָבער דער מוסר־וועג האָט באַהאַלטענע וואָרצלען אין דעם עצם ייִדישן טיפּ, וואָס האָט זיך במשך פֿון הונדערטער יאָרן געשטאַלטיקט אויף דער ליטווישער ערד. דער ייִד נוסח־ליטע איז ניט געגאַנגען מיט אַ פֿאַרריסענעם קאָפּ און ניט דוחק געווען די רגלי השכינה. דער יצר פֿון מבֿליט זײַן זיך און אַרויסהייבן זיך פֿון אַנדערע האָט ניט געהאַט קיין שטאַרקע שליטה אויפֿן ליטווישן ייִד — פֿאַרשטייט זיך, אַז דאָס ווערט געזאָגט לגבי דעם **טיפּישן** ליטווישן ייִד. גרויסע רבנים זענען עניוותדיק געזעסן אין קליי־נינקע שטעטעלעך און ניט אַרומגעטראָגן זיך מיט אַ באַגער צו אַ גרעסערער שטול. אין אַלע קרײַזן האָט מען דאָרט געטראָפֿן מענטשן, וואָס האָבן זיך געהאַלטן נידעריקער און ניט העכער ווי זיי זענען געווען. בעלנים אויף כּבֿוד זענען פֿאַראַן אומעטום, — אין ליטע זענען געווען ניט ווייניק בעלנים אויך אויף נחיתות דרגא.

דעם ליטווישן ייִד האָט אָפּט באַוּמ־רויִקט אַ ספֿק, אַז ער איז עמעצן עפּעס שולדיק און ניט אַז עמעצער איז אים עפּעס שולדיק. ער איז ניט געווען להוט נאָך „פֿאַרברענגען" די צײַט, נאָר, אַדרבא, עס איז אים געווען אַ שאָד, וואָס די צײַט ווערט פֿאַרבראַכט. „אדם דואג על איבוד דמיו ואינו דואג על איבוד ימיו" — אַ מענטש באַ־דויערט דאָס פֿאַרלירן זײַן געלט און באַדויערט ניט דאָס פֿאַרלירן זײַן וועלט — פֿלעגן זינגען די מוסרניקעס, ציִענדיק דעם גראַם מיט זײַן טרויע־ריקן ניגון, כּדי אַזוי אַרום אויסצושעפּן ביזן גרונט דעם חשבון־הנפֿש, וואָס שטעקט אין די דאָזיקע ווערטער.

ניט געקוקט אויף דעם איז אויך די אָ באַוועגונג אויפֿגענומען געוואָרן מיט קעגנער־שאַפֿט. און מצד וועמען? — דווקא מצד באַרימטע רבנים. אין אַ קליינעם מאַסשטאַב האָט זיך אין נײַנצנטן יאָרהונדערט איבערגעחזרט אין ליטע די פּרשה פֿון דער קעגנערשאַפֿט צו חסידות אין אַכצנטן יאָרהונדערט. די שרעק פֿאַר סעקטעס האָט געהויערט אויף די רבנים, די גײַסטיקע פֿירערס פֿון פֿאָלק, און יעדער מינדסטער חשד פֿון אַ „כּת" האָט זיי באַאומרויִקט. אָבער צום סוף האָט זיך דער מוסר אײַנגעוואָרצלט אין די מערסטע תּורה־צענטערס פון ליטע; ער איז געוואָרן דער יסוד פֿון די ליטווישע ישיבות גופֿא און אויך פֿון די, וואָס האָבן זיך פֿונאַנדערגעצווײַגט פֿון זיי מחוץ פֿון אירע גרענעצן.

די מוסר־שיטה איז אי די פֿילאָסאָפֿיע פֿון יענער הלכה־ייִדישקייט, וואָס האָט זיך פֿונאַנדערגעבליט אין ליטע, און אי איר חסידות. אָבער זי איז ניט קיין אָפּצווײַג ניט פֿון דער פֿילאָסאָפֿיע פֿון מיטל־עלטער און ניט פֿון קבלה און חסידות, נאָר זי איז לעבן זיי אַ דריטער צווײַג פֿון יהדות און אין גאַנצן — פֿון היימישן אָפּ־שטאַם, אָן וועלכער עס איז השפּעה פֿון שטרע־בונגען און געדאַנקען־גענג פֿון דרויסן. דער קוואַל פֿון איר יניקה און איר לעבנסרוים איז — תּורת ישׂראל.

די פֿילאָסאָפֿיע האָט זיך באַשעפֿטיקט מיט פֿאָרשן די גאָטהייט און די יסודות פֿונעם באַשאַף; די קבלה האָט געזוכט דעם סוד פֿון די וועלטן; דער מוסר איז באַשיידענער פֿון זיי ביידע; ער האָט ניט געריסן זיך צו די וועלטן פֿון מיסטיק, ער האָט ניט געחקרנט וואָס איז אויבן און וואָס איז אונטן, נאָר ער האָט זיך פֿאַרטיפֿט אין דער פֿראַגע: וואָס איז די אויפֿגאַבע פֿונעם מענטש אויף דער וועלט? און דער מוסר איז ניט געקומען מחדש זײַן עפּעס וואָס שייך דער אויפֿגאַבע פֿון מענטש, נאָר געשטרעבט קלאָר צו מאַכן און צו באַנעמען, דורך טיפֿער אַרײַנטראַכטונג און דורך אַלע האַרץ־און נשמה־כּלים, וואָס די תּורה פֿאַרלאַנגט פֿונעם מענטש.

און דער מוסר האָט ניט אויסגעטײַטשט די תּורה — ניט די תּורה שבכתב און ניט די תּורה שבעל פּה — אַלעגאָריש, נאָר געלערנט די עצם עניינים, אָבער ניט דעם פּלאַכן ניגלה, נאָר די טיפֿענישן פֿונעם ניגלה, וואָס מוזן אַנטפּלעקט ווערן. מיט יענער גרויסער עמקות, וואָס איז אין ליטע דערגרייכט געוואָרן אין די הלכה־סוגיות, האָבן די מוסרניקעס זיך אַראָפּגעלאָזט אין די לאַבירינטן פֿון דער אגדה, פֿון תּלמוד און מדרשים, אין די חז"ל־פּירושים צו די תּנ"ך־פּסוקים, מיט זייערע באַמערקונגען און באַלײַכטונגען אויף די תּנ"ך־העלדן, מיט ספּורי־מעשׂים וועגן די חכמים גופֿא און זיי האָבן אַנטפּלעקט, אַז די אַלע זענען כּולל אין זיך מוסר־לערע, אַלגעמיינע ליניעס און פּרטים פֿון אַ לעבנסוועג, צוימען און באַוואָרענישן קעגן געפֿאַרן, וואָס לויערן אויפֿן מענטש, און אָנדײַטונגען פֿאַר אים ווי דורכצוגיין געלײַטערט דורכן לעבן. די מוסר־שיטה איז ממילא אַ נײַע, אָדער באַנײַטע, טעאָרעטישע שיטה אין די ייִדישע מקורות. די גאַנצע ריזיקע ליטעראַטור פֿון דער גמרא און מדרשים איז פֿאַר זיי, די מוסרניקעס, געווען איין גרויסער פּרקי אבות פֿון ייִדישער עטיק.

ראשית־דבֿר האָבן די מוסרניקעס פֿון דאָס נײַ באַטאָנט און אונטערגעשטראָכן די מיצוות

שבין אָדם לחבֿרו, וואָס מחמת קטנות המוחין זענען די מענטשן מער מזלזל אין זיי ווי אין מיצוות שבין אָדם למקום. ענייִנים צווישן מענטש און מענטש — האָבן געלערנט די בעלי־מוסר — זיי זענען עס די הויפּט־ענייִנים צווישן מענטש און גאָט. דורך די באַציִונגען צווישן אים און זיין חבֿר דערנענטערט זיך דער מענטש צו זײַן באַשעפֿער אָדער דערווײַטערט זיך פֿון אים, און אַפילו פּשוטע גשמיות ווערט אַזוי אַרום פֿאַרוואַנדלט אין גאָר הייכער רוחניות. און עס האָט שוין געזאָגט ר׳ ישראל: די גוף־באַדערפֿענישן פֿון אַ צווייטן זענען מײַנע אייגענע נשמה־באַדערפֿענישן.

און די ספֿערע שבין אָדם לחבֿרו איז ברייט פֿונאַנדערגעצווײַגט, און די ייִדישע עטיק — אין ליכט פֿון די ליטווישע בעלי־מוסר — דרינגט אַרײַן אין די גאָר דינסטע קעמערלעך ווי מיט אַ געטלעכן מיקראָסקאָפּ. לאַו דווקא, אַז מען הרגעט אַ מענטש איז מען עובֿר אויף שפֿיכות דמים, נאָר אויך, אַז מען פֿאַרשעמט אַ חבֿר מיט אַ וואָרט; און אַזוי אויך גזילה, למשל, מיינט ניט נאָר די ברוטאַלע טאַט פֿון באַוואָפֿנטן רויב, נאָר עס איז אויך פֿאַראַן אַ גזילה, וואָס איז אַזוי דין ווי אַ האָר, און אַזוי אויך אין יעדן אַנדערן עניין — איז ניט אַ מאַקראָקאָסמאָס, נאָר אַ מיקראָקאָסמאָס און דער דאָזיקער גאַנצער מיקראָקאָסמאָס גייט אַדורך די מוסר־קאָנטראָל, וועמענס ציל איז צו לײַטערן דעם מענטש, אויסוואָרצלען פֿון אים דאָס שלעכטס, אײַנפֿלאַנצן אין אים דאָס אַבסאָלוט גוטע. און וואָס מער אַ מענטש איז מער מענטשלעכער צום צווייטן, אַלץ מער געטלעכער איז ער.

### וו

גוטס און שלעכטס שטעקן ניט בלויז אין די באַציִונגען צווישן מענטש און מענטש. דער מענטש פֿאַר זיך גופֿא איז דער השפּעה־געביט פֿונעם גוטס און שלעכטס. יעדע נשמה־וויבראַציע זײַנע קומט אַרויס פֿון גוטס אָדער פֿון שלעכטס. און ניט בלויז דאָס, נאָר אויך אַלע זײַנע באַציִונגען מיטן צווייטן וואָרצלען אין זיין אינערלעכער ספֿערע. דעריבער האָט דער ליטווישער מוסר אַוועקגעשטעלט אין צענטער פֿון זײַן שיטה דעם ענין מידות, וואָס זייער וואָרצל שטעקט אינעם מענטש אינעווייניק און זיי האָבן זייער אויסוויר־קונג כלפּי חוץ, און יעדער עטישער תּיקון שטעקט אין תּיקון המידות.

די השגות פֿון די ליטווישע חכמי המוסר אין די דאָזיקע אַלע ענייִנים האָבן דערגרייכט צו וווּנדערלעכע מדרגות אַזוי אין דער הייך און אַזוי אין דער טיף. אין זייערע בתּי־מדרשים האָט דער ייִדישער גײַסט זיך אַ הייב־געטאָן צו איינעם פֿון די העכסטע הייכן זײַנע אין די לעצטע דורות. גרויסע און טיפֿזיניקע מחשבֿות האָט מען דאָרט דורכגעטראַכט איבער דעם מענטשנס וועג — איבער דעם וואָס עס מיינט זײַן אַ מענטש. די אַלגעמיינע מסקנה פֿון זייער שיטה איז געווען, אַז ניט כּך וכך מיצוות האָט די תּורה אַרויפֿגעלייגט אויפֿן מענטש — און פֿאַרטיק, נאָר איר ציל איז אויפֿצוהייבן אים צו דער העכסטער הייך פֿון זײַן די קרוין פֿונעם באַשאַף, וואָס צו דעם איז ער באַשאַפֿן געוואָרן.

ר׳ נתן פֿינקל, דער „אַלטער״ פֿון סלאָבאָדקע — זײַן מחשבה האָט זיך בעיקר אָנגעהאַנגען אין אָדם הראשון, ווי ער ווערט געשילדערט פֿון די חז״ל, אַז די מלאכי השרת האָבן זיך טועה געווען און געוואָלט צו אים זינגען שירה. דאָס איז, בכן, דער מקורותדיקער צלם אלקים, דאָס איז זײַן ווײַטער, באַהאַלטענער שורש. עס איז אַ ספֿק, צי אין וועלכן עס איז אַנדערן פּלאַץ אויף דער וועלט, — סײַ אין די תּחומים פֿון ייִדנטום און סײַ מחוץ זיי — האָט זיך אין די לעצטע דורות אויפֿגעהויבן אַ בליק צו אַזאַ הייך, כּדי צו דערזען פֿון וואַנען עס קומט־אַרויס דעם מענטשנס שורש.

דער עניין צלם אלקים איז געווען אַ גרונט־יסוד אין דער מוסר־לערע און אויף אים האָט זי באַזירט די באַציִונגען צווישן מענטש און

מענטש, ווײַל יעדער איינער מענטש איז אַ סך מער ווי בלויז אַ מענטש און דעם מענטשנס כּבֿוד איז גאָטס כּבֿוד.

אָבער אַן אַנדער צווײַג פֿון ליטווישן מוסר דערנענטערט זיך שטאַרק צו דער מאָדערנער וועלט. די דאָזיקע בעלי המוסר, וואָס זענען אויך געווען די דערציִערס און מדריכים אין די ישיבֿות, האָבן פֿאַרשטאַנען, אַז כּדי צו ווײַזן דעם מענטשן אַ וועג, דאַרף מען גוט דערקענען דאָס וויטאַלע און קאָמפּליצירטע באַשעפֿעניש, וואָס הייסט — מענטש. און ניט נעמענדיק צו הילף די פּסיכאָלאָ־גישע תּורות, האָבן זיי אַנטוויקלט אַ מין אָריגינעלע וויסנשאַפֿט אין דער פֿאָרשונג פֿון דער נשמה מיט אירע שטאַרקייטן און שוואַכקייטן. און עס איז געווען אַ פֿאַל מיט איינעם, אַ מוסרניק פֿון קעלעם, וואָס איז אַוועק הערן לעקציעס פֿון פּסיכאָלאָגיע אויף איינער פֿון די באַרימטסטע אוניווערסיטעטן אין דײַטשלאַנד, און צום סוף האָט ער אַ זאָג געטאָן: דאָרט פֿאַרנעמט מען זיך מיט קלייניקייטן.

די ליטווישע מוסר־שיטה, וואָס האָט זיך אויך פֿונאַנדערגעצווײַגט אויף עטלעכע אָפּצווײַגן, איז געווען גלײַכצײַטיק אַ טעאָרעטישע שיטה און אַ הגשמה־שיטה. טעאָריע איז דאָרט ניט געווען קיין ציל פֿאַר זיך, נאָר זי האָט אין גאַנצן געשטרעבט צו אַ פּועל־יוצא. דער גאַנצער שטייגער פֿון די ישיבֿות האָט געהאַט אַ מאָראַלישן אָרביט. שלעכטע מידות זענען ווי פֿון זיך אַליין פֿאַרדאַמט און באַזײַטיקט געוואָרן; עס איז געווען אוממעגלעך, אַז בײַ עמעצן פֿון די תּלמידים זאָל זיך, למשל, אַרויסווײַזן די מידה פֿון גאווה, אָדער די מידה פֿון שקר, גענוי אַזוי ווי עס איז אוממעגלעך געווען, אַז אַ נאָרמאַלער מענטש זאָל אָנטאָן זײַנע מלבושים אויף דער פֿאַרקערטער זײַט. די פֿון די מיטעלע מדרגות זענען שוין אויך דערגאַנגען צו אַ הייכער מדרגה אין עניין מידות, אַפּשיטא שוין, אַז זייערע גײַסטיקע משפּיעים גופֿא זענען געשטאַנען אויף הייכע מדרגות און גלײַכ־צײַטיק מיטן מחנך זײַן זייערע תּלמידים האָבן די דאָזיקע נשמה־יוועלירן ניט אויפֿגעהערט ס׳גאַנצע לעבן זייערס צו אַרבעטן איבער זיך אַליין און זיך פֿאַרפֿולקומען אין די מדרגות פֿון מוסר, וואָס האָט קיין גרענעץ ניט, און זיי האָבן זיך געלײַטערט פֿון יעטוועדן שטויבעלע אין טווּנג און אין וואָרט, אין ווילן און אין מחשבֿה. גאונים אין מידות זענען זיי געווען, אַ מוסטער פֿון ריינקייט, פֿון אַדלקייט, פֿון שלימות. ווער האָט עס געאַנט אין דער גרויסער וועלט, אַז אין יענע איינגעפֿאַלענע שטעטלעך זענען אַרומגעגאַנגען אַזעלכע מענטשן פֿון אַ העכערער וועלט?

די לעצטע בעלי־מוסר דאָרט, מענטשן פֿון געטלעכער ריינקייט, זענען אומגעבראַכט געוואָרן צוזאַמען מיט אַלע זייערע ברידער דורך די טמאדיקסטע הענט פֿון מענטשלעכן מין. האָט זי געפֿילט, די טומאה, אַז דאָרט, אין די ליטווישע שטעטלעך, האָט זי אָנגעטראָפֿן אויף איר גרעסטן שונא — דעם מוסר פֿון דער ריינסטער פּראָבע?

## ז

ליטע איז געווען די פֿעסטונג פֿון מתנגדות, די פֿעסטונג פֿון ווילנער גאון. דאָס חסידות, וואָס האָט אײַנגענומען די מערהייט ייִדישע פּראָווינצן אין מיזרח־אייראָפּע, איז פֿאַרהאַלטן געוואָרן בײַ אָט דער פֿעסטונג. די אַרומיקע ייִדישע וועלט האָט זיך וווּנדערלעך באַנײַט. הימל און ערד האָבן זיך קעגנזײַטיק דערנענטערט, און זי, ליטע, האָט נאָך מער באַהאַלטן איר קאָפּ — און מיט נאָך מער טיפֿקייט און מיט נאָך מער מתיקות — אין די אַלטע בלעטער פֿונעם תּלמוד בבֿלי. פֿון יענער זײַט ליטע האָט מען געריטן אויף מלאכים און מען האָט זיך געריסן צו די הימלען; ליטע האָט זיך ניט געריסן צו די הימלען און זיך ניט געחבֿרט מיט מלאכים, ניט געבויט זיך קיין נעסט אין די הייכן — זי איז געזעסן אין באַשיידענער פֿאַרבאָרגעניש און זיך אָפּגעגעבן מיט **מסילת ישרים**, מיט **חובת הלבבות**

— מיט דער פּליכט פֿונעם מענטשן אויף דער וועלט.

צוויי נשמהדיקע וועגן זענען זיי — חסידות און מתנגדות — און דער אונטערשייד צווישן די בײדע איז ווי דער אונטערשייד צווישן אַ ליכט און אַ שײַטער.

דאָס פֿלעמל פֿון ליכט, אויב עס ווערט ניט געשטערט פֿון אַ ווינט, ציט זיך עס אין גאַנצן אַרויף־צו, אָבער עס שטרעבט ניט אָפּצורײַסן זיך פֿון זײַן קנויט און רײַסט זיך ניט צו דערגרייכן די הײַכקייטן. עס קען זײַנע גרענעצן און קאָנצענ־טרירט זיך אין זיי מיט זײַן גאַנצן כּוח פֿון ליכט. אַזוי ווירקט עס אויך אויף דער נשמה, שענקט טיפֿקייט דעם געפֿיל, לויטערקייט דער מחשבֿה און באַרויִקט די כוואַליעס, וואָס שטורעמען־אויף דאָס האַרץ. און קיין מאָל וועט דעם מענטשן ניט אײַנפֿאַלן צו לאָזן זיך אין אַ טאַנץ בײַם שײַן פֿון אַ ליכט, אָבער די ליכט איז גוט פֿאַר פֿאַרטיפֿן זיך אין אַ ספֿר און פֿאַר אויסשמועסן זיך פֿונעם מענטש מיט זײַן נשמה — כּדי צו מאַכן זײַן חשבון־הנפֿש.

דאַקעגן דער שײַטער גיט אַרויס פֿײַער־צונגען, איינע נאָך דער אַנדערער און איינע לעבן דער אַנדערער, און לאָזט זיי שפּרינגען אַרויף־צו. יעדע איינע פֿון זיי און אַלע צוזאַמען רײַסן זיך צו דערגרייכן דעם הימל. דאָס ליכט פֿון שײַטער האָט ניט קיין באַשטימטע גרענעץ און ניט קיין באַשטימטע פֿאָרעם; עס פֿאַרווישט די קאָנטורן פֿון דעם אַרום און נעמט־צו בײַ זיי זייער אייגנאַרטי־קייט. די פֿײַערצונגען חבֿרן זיך מיט די שאָטנס און שפּרינגען צוזאַמען מיט זיי. דאָס אָ ליכט וועט זיך ניט פּאַסן צו דעם אַלעם, צו וואָס עס טויג דאָס לויטערע פלעמל, אָבער דער שײַטער פֿאַרבעט אַוועקצולאָזן זיך אין אַ טאַנץ אַרום אים און צו לאָזן־פֿרײַ אויך די נשמה, זיך אָפּצורײַסן פֿון אירע קייטן און אַוועקפֿליען מיט די פֿײַערצונגען צו די הײַכע הימלען.

חסידות און מתנגדות האָבן זיך אונטער־שיידט איינע פֿון דער אַנדערער מער מיטן נשמה־געמיט ווי מיט כּוונות און באַגריפֿן. דער כּוח פֿון חסידות איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס עס האָט דער נשמה ניט געלאָזט זיך אויסניכטערן, דאַקעגן די קראַפֿט פֿון מתנגדות — בפֿרט אין ליטווישן — איז, וואָס זי האָט דער נשמה ניט געלאָזט זיך פֿאַרשיכּורן. און אַזוי האָבן עקסיסטירט איינע לעבן דער אַנדערער צוויי וועלטן — בײדע אַ קיניגרייך פֿון שלימותדיקער יידישקייט און גלײַכ־צײַטיק — צוויי היפּוכים: אַ וועלט פֿון אַ נשמה־שיכּרות פֿון איין זײַט און אַ וועלט פֿון נשמה־ניכטערקייט פֿון דער אַנדערער זײַט.

ניט אַליין מיט דערהויבענע באַגריפֿן קאָן מען פֿאַרשיכּורן די נשמה בײַ פֿאָלקסמאַסן. אונטער די פֿליגלען פֿון תּורהס און שיטות, וואָס ציִען זיך צו הימלישע הייכן, איז אומגעריכט אויסגעוואַקסן דעם רבינס „הויף" און דער טיש מיטן כאַפּן שיריים, נעמען קוויטלעך אדג"ל; עס זענען אויפֿגעקומען אָן אַ שיעור ניגונים און ריקודים און וווּנדערלעכע מעשׂיות; מען האָט אַפֿילו אָנגעהויבן „מאַכן אַ שנאַפּס" בײַ יעדער געלעגנהייט — עס איז אויסגעוואַקסן אַט יענער גאַנצער רעליגיעז־„באַהעמישער" שטייגער, וואָס האָט אַרויסגעשלעפּט דעם ייִד פֿון זײַנע טאָג־טעגלעכע קלאַמערן, פֿונעם זומפּ פֿון אַ גרויער און טרויעריקער מציאות און האָט געשפּרודלט מיט אַ געפֿילפֿול לעבן, אַ לעבן מיט סודות, מיט איבער־ראַשונגען און וווּנדער יונגעלײַט, וואָס דער יוגנט־טוי איז נאָך ניט אָפּגעווישט געוואָרן פֿון זיי, און ייִדן אין די מיטעלע יאָרן און העכער, באַלאָדענע מיט אַ שווערן פּרנסה־עול, מטופּל מיט בוגרתן, וואָס דאַרפֿן חתונה האָבן — אַלע זענען זיי געווען באַהערשט פֿון אַ שיכּרות, וואָס האָט די איינע געגעבן פֿליגל און בײַ די אַנדערע אַראָפּגענומען פֿונעם לאַסט פֿון יאָרן און צרות.

דאָס חסידות האָט זיך געהאַלטן בײַ צוויי עקן. אין דער זעלבער צײַט, ווען דאָס אויג האָט זיך געריסן אַרויף־צו, צו הײַכע ספֿערן, וואָס זענען ניט פֿאַר דער השׂגה פֿון אַ פּשוטן בשׂר־ודם, איז דער צווייטער עק געווען געווענדט צו די

חושים און צו דער פֿאַנטאַזיע, האָט אויפֿגעוועקט די רעשטלעך פֿון דער קינדהייט אין דער נשמה, האָט באַפֿרייט די שטיפֿערישקייט, וואָס האָט געדרעמלט אין דער נשמה, און דאָס גאַרן צו וווּנדערלעכקייט.

דאַקעגן די מתנגדישע ליטע האָט געפֿונען איר אָנהאַלט דווקא אין מיטלסטן תּחום, וואָס דאָס חסידות האָט אים אויסגעמיטן — דער תּחום פֿון דער לײַכטנדיקער און באַלײַכטנדיקער מחשבֿה, דער תּחום פֿונעם געפֿיל, וואָס דערוואַרעמט דאָס האַרץ, אָבער וועבט ניט קיין פֿאַנטאַזיעס. אין דער חסידות־וועלט האָט מען זיך געטוליעט צום בין־השמשות, די שעה, וואָס פֿאַר־ווישט אַלע גרענעצן צווישן ווירקלעכקייט און אומווירקלעכקייט. ליטע האָט אירס דערגרייכט בײַם שײַן פֿון דער ליכט, ווייל דאָס קליינע פֿלעמל, וואָס לײַכט אין דער נאַכט, ברענגט צו פֿאַרטיפֿטער קאָנצענטרירונג. דאָס חסידות האָט זיך אָפּגעקערט פֿון דער ווירקלעכקייט און געגעבן די אייבערהאַנט דער לעגענדע; אין ליטע, דאַקעגן, איז דער נשמה־באַגער געווען צו לײַטערן די ווירקלעכקייט, ניט אַוועקצוזעצן אויף איר טראָן די לעגענדע.

אמת טאַקע, אַז פֿאָלקס־לעגענדעס האָבן געשפּראָצט אויך אין ליטע, אָבער זייערע הויפּט־געברויכערס זענען געווען חדר־קינדער און ניט קיין דערוואַקסענע מענטשן. אָבער באַליבט איז אין ליטע געווען דער יורש און ממשיך פֿון די אַלטע בעלי האגדה — דער מגיד, פֿון וועמענס מויל עס זענען געפֿלויגן פּסוקים און מאמרי חז״ל און די האָניק־זיסקייט פֿון זיינע רייד איז זיך „צעגאַנגען אין אַלע איברים״. דאָס מגידות, וואָס האָט געבליט אין ליטע און אין די אַרומיקע פּראָווינצן, איז געווען אַ קונסטווערק פֿאַר זיך גופֿא, וואָס איז דורך און דורך ייִדיש. אַ ליטווישע דרשה איז געווען דורכגעפֿלאָכטן מיט חכמה און מיט אַ מוסר־השׂכּל, מיט אַ זיסן משל און מיט אַ נוצלעכן נמשל, מיט אַמאָליקע פּאַסירונגען און מיט רמזים אויף דעם הווה, און שטראָפֿרייד צוזאַמען מיט טרייסטרייד — אַ דערקוויקעניש פֿאַרן האַרץ!

עס איז ניט קיין ווּנדער וואָס דער גוטער דרשן, וואָס האָט צײַטנווײַז אויך געהאַט אַ באַהאַרצטן ניגון, איז פֿאַר דעם ליטווישן ייִד געווען אַ קוואַל פֿון גרויסן נשמהדיקן געניוס, אַזש ביז צום צעגיין זיך פֿון הנאה, אָבער דאָס איז געווען פֿון אַן אַנדער מין און אויף אַן אַנדער דרך פֿון דעם צעגיין זיך פֿונעם חסיד פֿון זײַן רבינס תּורה, פּונקט אַזוי ווי די „דרשה״ האָט זיך אונטערשיידט פֿון דער „תּורה״: די האָט זיך געשמאַק צעלייגט אין האַרצן און האָט אַרויסגע־רופֿן **מתיקות**, און די — איז שאַרף אָפּגעלענקט געוואָרן פֿונעם האַרץ צו אַ ווײַטן האָריזאָנט און האָט אַרויסגערופֿן **התפּעלות**.

אַנדערש איז אויך געווען די באַציִונג פֿונעם אויער, וואָס האָט זיך צוגעהערט צו די ווערטער פֿון דער „דרשה״ און צו די ווערטער פֿון דער „תּורה״. דער דרשן, אָדער דער מגיד אין ליטע, ווי באַרימט ער זאָל ניט זײַן, האָט געדאַרפֿט יעדעס מאָל געווינען פֿון דאָס נײַ דעם צוהערער פֿון יעדער איינער דרשה. דאָרט איז מען באַאײַנ־דרוקט געוואָרן פֿון די ווערטער גופֿא און ניט פֿון דעם וואָס זאָגט זיי, זאָל ער אַפֿילו זײַן אַ גדול הדור. דאָס ליטווישע אויער האָט ווי געזאָגט: כּל הכּבֿוד צו דעם וואָס רעדט דאָ, אָבער די ווערטער, במחילה מכּבֿודם, דאַרפֿן זײַן ווערטער.

אין דער חסידות־וועלט איז געווען פֿאַרקערט, די ווichטיקייט פֿון די רייד האָט זיך גענומען קודם כּל פֿון דעם, וואָס פֿון זײַן מויל קומען זיי אַרויס — פֿון רבין. נאָך מער, אָפּגע־האַקטע און פֿאַרנעפּלטע ווערטער, וואָס זייער גאַנצער קיום איז נאָר אין זכות פֿונעם רבין, וואָס האָט זיי געזאָגט, זענען געווען חשובֿער פֿון קלאָרע און פֿאַרענדיקטע ווערטער, וואָס האָבן אַן אייגע־נעם ווערט. און דאָ זענען מיר דערגאַנגען צום הויפּט־אונטערשייד צווישן די צוויי דערמאָנטע וועלטן — דעם אונטערשייד פֿון האָבן אָדער ניט האָבן אַ רבין, וואָס שטעקט אויך אינעם אונטער־

שייד צווישן פֿאַרשיכּורטקייט און ניכטערקייט פֿון דער נשמה.

באמת, דאָס גאַנצע חסידות האָט מער ווי פֿון איר שיטה באַקומען איר עיקר באַטײַט און קאָלאָריט פֿונעם רבין — און ניט אַזוי פֿון זײַנע אויפֿטוען אין תּורה; פֿון אים גופֿא — אַפֿילו ניט דווקא פֿון זײַן פּערזענלעכקייט, נאָר בלויז פֿון זײַן עצם זײַן. דער רבי — דאָס איז דער גרויסער אויפֿטו פֿונעם חסידות, אין אים ליגט דער סוד פֿון איר כּוח און באַשייד פֿון איר כּוח. מיטן געבן הונדערטער טויזנטער ייִדן אַ רבין, האָט חסידות געענדערט זייער וועלט פֿון אונטן ביז אַרויף. אַ מענטש, וואָס האָט אַ רבין, איז ער אין גאַנצן אַן אַנדער טיפּ מענטש פֿון דעם, וואָס האָט ניט קיין רבין אויף דער וועלט. פֿירן זיך מיטן חסידישן דרך איז נאָך ניט גענוג צו זײַן אַ חסיד; אַ חסיד איז קודם כּל דער, וואָס האָט דעם מקור פֿון אויס־שטראַלונג, אָט די פֿעסטונג פֿאַר דער נשמה און דעם פֿעלדז צווישן כוואַליעס, דעם אַנקער און אָנהאַלט אין דער ספֿערע פֿון קדושה, וואָס הייסט — רבי. אין דער געשטאַלט פֿונעם רבין האָט חסידות אויסגעדריקט איינע פֿון אירע עיקר־הנחות, אַז עס זענען ניט פֿאַראַן קיין צוויי תּחומים — רעליגיע און וועלטלעכקייט, הימל און ערד — נאָר אַלץ איז איין תּחום און איין צענטראַלער כּוח גייט־דורך פֿון עק צו עק — דער כּוח פֿון קדושה, און אין איר פֿאַרשטייגערטן דרך האָט זי דעם דאָזיקן כּוח געזוכט קאָנצענטרירט אינעם רבין. דאָס גלייבן אין רבין איז אין דער חסידות־וועלט דערגאַנגען צו אַזאַ מדרגה, אַז אַפֿילו די, וואָס זענען קאַליע געוואָרן אין פּרט פֿון פֿרומקייט, איז ניט אויסגעוועפּט געוואָרן דעם רבינס מאַכט איבער זיי. זיי זענען געבליבן אָן אַ גאָט אין הימל, אָבער דער רבי אויף דער ערד איז זיי פֿאַרבליבן! די שיף איז געזונקען אין די אָפּגרונטן, און זיי האַלטן זיך נאָך אָן מיט אַ האַנט ביי איר אַנקער־שטריק. . . דער עניין רבי מיט דער גאַנצער גדלות, וואָס איז אין אים פֿאַראַן, און מיט אַלע שאַטנס, וואָס זענען פֿון אים אַרויסגעוואַקסן אין די ירידה־טעג, איז געווען מעגלעך נאָר אין אַ וועלט פֿון נשמה־שיכּרות, וואָס האָט גענערט די דאָזיקע דערשײַנונג און אַליין זיך גענערט פֿון איר.

אין דער וועלט פֿון ניכטערקייט, די מתנגדות־וועלט, איז בכלל ניט געווען דער אָ גרויסער פֿענאָמען, וואָס הייסט רבי, ניט בלויז אין יענער חסידישער פֿאַרשטייגערטקייט, נאָר אויך אַפֿילו ניט אין זײַן מער־בצימצומדיקער פֿאָרעם (אַחוץ די קרײַזן פֿון די בעלי־מוסר, וואָס אין דעם האָבן זיי זיך אַ ביסל דערנענטערט צו חסידות). אַ ייִד אַ מתנגד האָט ניט געהאַט קיין רבין צו באַהעפֿטן זיך אין אים, נאָר בלויז אַ רב צו לערנען פֿון אים. דער רבֿ איז בדרך כּלל געווען אָנשטאָט אַ ספֿר, אָדער אַ המשך און דערגאַנצונג צום ספֿר, און ניט קיין צענטער פֿון עמאָציעס, פֿון איבערלעבונ־גען און השראה. צווישן די רבנים זענען געווען פּערזענלעכקייטן, וואָס רופֿן אַרויס יראת־הכּבֿוד, זייערע שטאָטלײַט האָבן זיי באַוווּנדערט, האָבן שטאָלצירט מיט זיי, אָבער זיי האָבן זיך ניט געהאַלטן בײַ זייערע פּאָלעס, כּדי צוזאַמען מיט זיי דערהויבן צו ווערן. זיי זענען ניט באַשטראַלט געוואָרן מיט די שטראַלן פֿון זייער גרויסקייט און זענען ניט בטל געוואָרן אין זיי.

דער מתנגדישער ייִד איז געשטאַנען קעגן גאָט און מענטש אַזאַ ווי ער איז, גרויס צי קליין, און ניט אונטער עמעצנס טלית. דער ליטווי־שער גאון און דער ליטווישער פּראָסטאַק זענען געווען צוויי גרייסן פֿאַר זיך גופֿא, יעדער איינער לויט זײַן ווערט, עס האָט גאָרנישט געשטראָמט פֿון איינעם צום אַנדערן. דאַקעגן דער חסיד — אויף אים האָט גערוט די שטראַלונג פֿון זײַן רבין, אַזוי, אַז זײַן אייגענע שטראַלונג, אויב ער האָט אַזאַ פֿאַרמאָגט, איז בטל געוואָרן אין איר, אָבער אויך דער רבי האָט צובאַקומען אַ הוספֿה פֿון שטראַלונג פֿון די חסידים, וואָס האָבן זיך געטוליעט צו אים. אַלע האָבן באַקומען אַ מערווערט, וואָס איז ניט געווען לויט יעדן איינעמס ווערט באַזונדער און די קריטעריע פֿון אַ מענטש האָט ניט געשטעקט אין אים גופֿא.

דער ווערט און כּבוד פֿון אַ חסיד זענען געוואָרן געמאָסטן לויט דער מאָס פֿון זײַן נאָענט־קייט צום רבין — דער צענטער פֿון ווערט און כּבוד. קומט אויס, דער אייגענער יש פֿונעם חסיד איז געווען ווייניקער פֿונעם אייגענעם יש פֿון מתנגד, צי ער האָט דורך דעם געוווּנען אָדער פֿאַר־לוירן. אַ חוק ולא יעבֿור איז אין ליטע געווען די צורת־הדיבור „איר", אַפֿילו כּלפּי דעם מינדער־ווערטיקסטן, און יעדער ייִד, וואָס זײַנע אָבֿות זענען געשטאַנען בײַם באַרג סיני, האָט מען אים אין די אויגן גערופֿן ר׳ ייִד; דאַקעגן צווישן חסידים האָט מען זיך באַניצט מיט „דו" און עס איז אָפּגעפֿאַלן דער טיטל ר׳, כּבֿיכול דער גרויס־טיטל פֿון דעם איין און איינציקן, פֿונעם רבין, וואָס האָט פֿאַרשלונגען אין זיך די פּריוואַטע טיטלען פֿונעם רבים. אין דער אמתן איז בײַ די חסידים געווען איין יחיד — דער רבי — און אַרום אים איין יַחד. דאַקעגן אין דער מתנגדים־וועלט איז געווען ניט קיין אמתער „יַחד", נאָר אַ באַהעפֿטונג פֿון אַ סך יחידים.

אָבער אַ חבֿורה פֿון חסידים איז טאַקע געווען ווייניקער פֿונעם סכום פֿון די יחידים, ווײַל דער יחיד פֿלעגט דאָרט אַרונטערוואַרפֿן זײַן „איך" און אים פֿאַרשלינגען אינעם כּלל פֿון דער חבֿורה, אָדער האָט אים געלאָזט ווערן־אויס אין דעם רבינס אויסשטראַלונג. אָבער פֿון דער אַנדערער זײַט, איז די חבֿורה אויך געווען מער ווי אַ סכום פֿון יחידים: אַן עלעקטרישער שטראָם פֿלעגט דורכגיין אין דער חבֿורה און שאַפֿן די הייכע שפּאַנונג — די שפּאַנונג פֿון חבֿרותא. די נשמות פֿון די חסידים האָבן זיך געכּפֿלט.

עפּעס ענלעכס איז ניט פֿאַראַן געווען אין דעם לאַנד פֿון בפֿירושן מתנגדות — אין ליטע. דאָרט איז אויך אין מינוטן פֿון התרוממות, ווי בעתן הערן אַן איינדרוקפֿולע דרשה, דער קהל צוהערערס נאָר געווען איין ייִד לעבן אַנדערן און ניט איינער געכּפֿלט אויפֿן צווייטן. אַ חבֿרותא־איבערלעבונג מיט דער באַרײַכערונג, וואָס באַקומט זיך דורך איר, איז דאָרט ניט געווען.

הכּלל, דער ליטווישער דרך האָט אויפֿגעהיט די אינדיווידואַליטעט פֿונעם יחיד, האָט אים ניט געלאָזט צעשמאָלצן ווערן אַפֿילו צוליב „ריווח". דער ליטווישער מוסר, וואָס איז געווען דער העכסטער שטאַפּל פֿון ליטווישער ייִדישקייט, האָט נאָך מער פֿאַרטיפֿט די דאָזיקע אייגנשאַפֿט פֿון אינדיווידואַליטעט. דער מוסרניק — ניט בלויז וואָס ער פֿאַרוואַרפֿט ניט זײַן „איך" און לאָזט אים ניט פֿאַרשלונגען ווערן, נאָר אַדרבא — ער לאָזט ניט זײַן פּנימיותדיקן „איך" ער זאָל זיך אַרויסדרייען פֿון אים. דער מוסרניק איז שטענדיק מטופּל מיט זײַן אייגענעם „איך", אָבער ניט כּדי צו פּיעשטשען אים, נאָר כּדי אים צו לײַטערן. זײַן „איך" האָט פֿאַרלאַנגט דאָס אַרײַנלייגן כּוחות, גוטע השגחה, אַ כּסדרדיק שטיין אויף דער וואַך, ווײַל פֿאַר דעם־אָ פּיקדון, וואָס איז אים אָנפֿאַר־טרויט געוואָרן, איז ער פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַרן הימל, ער אַליין.

**ווען איז די גרויסע מינוט פֿונעם חסיד? ווען ער פֿאַרגעסט זיך. ווען איז די גרויסע מינוט פֿונעם מוסרניק? ווען ער געפֿינט זיך.**ביידע זענען געגאַנגען מיטן וועג, וואָס פֿירט צו גאָט, אָבער די וועגן זייערע האָבן געפֿירט אין פֿאַרקערטע ריכטונגען: דעמס וועג איז געווען דורך זײַן אייגענער פּנימיותדיקייט און דעם אַנדערנס וועג — זײַן פֿון זיך וואָס ווײַטער.

ניטאָ קיין וועלט אָן קיין ניגון. די אַלטע פּאַטריאַרכאַלישע ליטע, וועגן וועלכער עס רעדט זיך דאָ, איז געווען אײַנגעטיילט צווישן עטלעכע ניגונים. צווישן די פּשוטע פֿאָלקסמענטשן האָט געהערשט דער תּפֿילה־ניגון. איינע פֿון די גרעסטע הנאות פֿונעם ליטווישן ייִד איז געווען דאָס דאַווענען פֿון אַ גוטן חזן און באַזונדערס פֿון אַ חזן מיט אַ האַרציקער שטימע — דאָרט האָט מען דאָס גערופֿן אַ „מאָראַלישער קול". און ייִדן, וואָס האָבן „געהאַט אַ שטימע", פֿלעגן דערנאָך באַזיסן זייער אַרבעט מיט „שטיקלעך" פֿונעם דאַווענען אין נוסח פֿון דעם אָדער יענעם חזן. די זיך פּיעשטשענדיקע דריידלעך פֿון „הבן יקיר לי אפֿרים" און ענלעכע

„שטיקלעך״ זענען געווען אָפּטע באַגלייטערס פֿון דער נאָדל, נאָל און הובל אין גאַנץ ליטע. אָבער דער ניגון איז איַנגעשטאַנען אויף די ליפּן פֿונעם בעל־מלאכה און ער איז נאָר געווען אַ מאָנאָלאָג פֿון זײַן נשמה, ניט קיין דיאַלאָג אירער מיט עמעצן.

און עס איז דאָרט געווען דער ניגון פֿון די תּלמידי־חכמים — דער ניגון פֿון גמרא־לערנען, אין וועלכן דער ליטווישער לערנער האָט אַרײַנגעלייגט אַ שטיק נשמה זײַנע. און אויך אָט דער ניגון איז געווען אַ ניגון פֿון אַ יחיד, אַ ניגון פֿון הונדערטער יחידים, וואָס ער האָט זיי ניט אַרויסגעפֿירט פֿון זייער יחידות. אויך דער מוסר־לימוד האָט געהאַט זײַן אייגענעם ניגון, אַן אומע־טיקער ניגון, פֿון חשבון־הנפֿש, און אויך ער האָט געלעבט אַן אייגן יחידותדיק לעבן אַפֿילו בציבור און האָט ניט צונויפֿגעבונדן צוזאַמען קיין סך ליפּן און קיין סך הערצער. אין דער חסידות־וועלט איז דער ניגון געווען אַן עקסטאַטישער און זײַן לעבנס־רוים זענען געווען די ליפּן פֿונעם רבים; אין ליטע איז דער ניגון געווען עמאָציאָנעל, ליריש, און זיין לעבנסרוים — די ליפּן פֿונעם יחיד.

חסידות, ווי באַוווּסט, האָט שטאַרק געהאַלטן פֿון שׂימחה, און פֿון איר גופֿא, פֿון אירע תּורות און דרכים האָט געשפּרודלט מיט שׂימחה. דאָס „צוזאַמען״ פֿון איין זײַט און דער רבי פֿון דער צווייטער זײַט — אויך זיי זענען געווען צוויי קוואַלן פון שׂימחה. דאַקעגן יחידות — שוין פֿון איר נאַטור אויס, קוואַלט זי ניט מיט שׂימחה, הגם זי איז אויך ניט אין סתּירה צו איר. און אין ליטע האָט מען טאַקע בכלל ניט גורס געווען די הנחה פֿון חסידות, אַז נאָר די שׂימחה איז אָנגענומען בײַם אייבערשטן. די רעליגיעזע ליטע האָט ניט געפּראַוועט סתּם שׂימחה, נאָר בלויז שׂימחה של מצווה, און אויך די איז געווען אַ צוריקגעהאַלטענע און זיך געהאַלטן אין אַ ראַם. נאָר צוויי טעג אין יאָר מעג מען זיך אַ ביסל פֿרײַלאָזן: פּורים און שׂימחת־תּורה — און גענוג! און אויך אין די דאָזיקע צוויי טעג איז דער ליטווישער ייִד געווען

דער פּנימיותדיקער אויסדרוק פֿון ליטווישן ייִד, אירע קוואַלן האָבן ניט געשפּרודלט אין אים; זײַן האַרץ האָט זיך אויסגערעדט מיט דער שפּראַך פֿון אומעט און די שפּראַך פֿון אומעט האָט אויך גערעדט צו זײַן האַרצן, און ממילא האָט ער ניט געצווייפֿלט, אַז די דאָזיקע שפּראַך איז אויך כּשר צו דינען מיט איר דעם בורא.

ניט קיין שמייכלענדיק פּנים האָט געהאַט די ייִדישע ליטע. אַן ערנסט פּנים האָט זי געהאַט. איך מיין, אַז וועגן איר האָט מען ניט געקענט אָנשרײַבן אַזאַ ספֿר ווי **הכנסת כּלה.** אָט די גאַנצע אַוואַנטוריסטישע תּמימות, אָט יענע נשמה־לײַכטקייט פֿון אַ ניט־וויסן־זיך מאַכן פֿון דער גאַנצער וועלט, אָט די שפּיל מיטן לעבן, וואָס קומט פֿון גרויס יראת־שמים, דאָס פֿאַרוואַנדלען די ערנסטסטע ענייִנים אין אַ מדרש־אַגדה, — דאָס אַלץ איז בכלל ניט געווען מעגלעך דאָרט, אין ליטע, מיט איר ערנסטער באַציִונג צו די ענייִנים פֿון לעבן, וואָס לייגט אַוועג אויף איר וואָגשאָל שווערע און גוט קאָנטראָלירטע געוויכטער.

מתנגדות איז געווען ווי אַ מין עלטערע שוועסטער פֿון חסידות, וואָס אירע וועגן, אויף וויפֿל זיי זאָלן ניט פֿאַנגען דאָס האַרץ, זענען שוין מער ניט פּאַסיק פֿאַר איר. דאָס אינעווייניקסטע לעבן אין דער ייִדישער ליטע איז געווען פֿול, אָבער געצוימט. דאָס געפֿיל, וואָס האָט פֿאַרפֿולט דאָס האַרץ, האָט זיך ניט אַרויסגעריסן אין דרויסן, האָט זיך ניט צעברויזט, איז ניט אויפֿגעגאַנגען אויפֿן חשבון פֿון פֿאַרשטאַנד. דער שׂכל און דאָס געפֿיל זענען דאָרט געווען אַ געטרײַע פּאָר און באַליבט איינער ביי דער אַנדערער. אַ שיינער בײַשפּיל דערויף איז ווידער דאָס לערנען גמרא מיטן באַזונדערן דערצו ניגון, וואָס דעמאָלט האָט דער מוח געטראַכט און דאָס האַרץ האָט זיך באַוועגט אין איין אָטעם, אין איין ריטעם.

אין דער ייִדישער ליטע האָט מען ניט גערן געהאַט דאָס מבֿליט זײַן זיך כּלפּי חוץ. די וויכטיקייט פֿונעם מענטש איז דאָרט געווען אינע־ווייניק. אַ חסיד לאָזט זיך גלײַך דערקענען מיט זײַן

עצם אויסערלעכקייט; דאַקעגן אין דער מתנגדי־שער ליטע, אַפֿילו אירע גרויסע אין תּורה און אין מוסר, אויב זיי זענען ניט געווען רבנים, האָבן זיי ניט געהאַט קיין שום אויסערלעכן סימן, סײַדן דאָס, וואָס זייער גײַסטיקע פּערזענלעכקייט האָט באַשײַנט זייער פּנים. עס איז פֿאַראַן אַן עדות, אַז ר׳ ישראל סאַלאַנטער אַליין, וואָס איז געווען איינער פֿון די גדולי הדור, האָט ניט געטראָגן קיין רבנישן מלבוש. און די צוויי גרויסע פּערזענלעכ־קייטן, וואָס האָבן אין דער לעצטער תּקופֿה פֿאַרקערפּערט דאָס ליטווישע ייִדישקייט בשלימות — דער חפֿץ חיים און דער חזון איש — אויך זיי האָבן ניט געטראָגן קיין רבנישן מלבוש.

ליטע האָט געבויט איר גײַסטיקע וועלט אָן „שויפֿענצטער״. די ליטווישע רוחניות האָט ניט געזוכט צו גלאַנצן, צו פֿאַרבלענדן, צו איבערראַשן. קיין שום זאַך אין איר איז ניט געווען פֿאַר אויסערלעכן עפֿעקט, נאָר בלויז לשם אינערלעכן איכות. אַ לאַנד פֿון פֿרוכט איז געווען ליטע און ניט קיין לאַנד פֿון בלומען. אויך איר גוטע פֿרוכט האָט ניט געלאָקט מיט צויבערנדיקע פֿאַרבן — אַזוי אויך אירע ייִדן.

אַ פֿרעמדער, אַז ער איז געקומען צו חסידים, איז ער געווען זיכער, אַז עס וועט זיך פֿאַר אים אַנטפּלעקן אַ סך פֿון דער אייגנאַרטיקייט פֿון זייער וועלט. דאַקעגן אין ליטע האָט ער געדאַרפֿט פֿאַרמאָגן אַ שאַרף אויג, ער זאָל זיך ניט אומקערן מיטן ליידיקן. פּונקט אַזוי ווי מען האָט אין ליטע געלערנט תּורה און מוסר טויכנדיק זיך אין די טיפֿענישן, אַזוי האָט מען אויך געדאַרפֿט פֿאַרטיפֿן דאָס געהער און דעם בליק, כּדי צו באַנעמען די באַזונדערקייט פֿון ליטווישן ייִד.

אַ סך האָט דער ליטווישער ייִד אַרויס־געקוואַלט פֿון זיך אין דער ייִדישער וועלט, אָבער גאָר אַ סך פֿון זײַנע געהויבענע מעלות איז אַוועק־געקומען מיטן חורבן פֿון דער ייִדישער ליטע.

מײַן האַרץ וויינט אין מיר, ווען איך דערמאָן זיך אין דיר, מײַן היימלאַנד ליטע.

# החינוך העברי בליטא העצמאית*)

בתקופה שבין שתי מלחמות העולם זכתה ליטא העצמאית לתואר הנעלה ביותר, שניתן אי־פעם לאחת מארצות הגולה והוא: „ארץ־ישראל השנייה", כשם שבירתה הקדומה זכתה לתואר הכבוד המרומם ביותר, שניתן אי פעם לעיר גלותית: „ירושלים דליטא".

מבחינת הסדר ההיסטורי והכרונולוגי קיבלה ווילנא את תואר־הכבוד האמור הרבה שנים לפני ליטא, הרי מבחינה היסטורית־תרבותית הסדר הפוך: ווילנא לא היתה נעשית „ירושלים דליטא", אלמלא היתה ליטא תחילה ל„ארץ ישראל שנייה".

השם „ארץ ישראל השנייה" בא לה לליטא בעיקר בשל הרשת המסועפת של החינוך העברי במדינה. חינוך זה לא נפל מן השמים. הוא היה קיים ועומד עוד לפני היות החינוך העברי החדיש בישראל. קדם לו, כמובן, החינוך **התורני** של יהדות ליטא שפותח משך דורות רבים. אלמלא חינוך תורני זה לא היתה ליטא היהודית מגיעה לרשת חינוכית עברית עצומה כל כך.

בין לשון־הקודש של הלימוד התורני, לפנים בישראל דליטא, ובין החינוך הלאומי העברי החדיש, עמדה תנועת ההשכלה הליטאית, קודמתה הישירה של התנועה העברית ושל התחיה הלאומית.

המשכיל היהודי בליטא לא היה „ברלינאי", מאנשי בעל ה„ביאור", אף כי יריביו הכתירו גם אותו בשם זה לגנאי. וודאי שאף הוא היה שואף לתקן את החיים היהודיים, אבל הוא נזהר בתכלית לבלי לסכן אותם. העיקר היה אצלו קיום הלאום, וכל השאר — רק פרפראות. אנשי ההשכלה בליטא לא ביקשו להוסיף לריפורמה קצת יהדות, כי אם ביקשו להוסיף ליהדות קצת ריפורמה. הם לא באו לקרוע חלון בביתו של עולם אל היהדות, כי אם לקרוע חלון בבית־היהדות אל העולם. המשכיל היהודי בליטא היה קודם כל משכיל־„ליטוואַק", ששאל לעצמו את לבושה החיצון של ההשכלה הגרמנית. במובן זה ניתן לומר עליו היפוכו של המאמר על אחר: „קליפתה אכל תוכה זרק". אותו משכיל יהודי ליטאי, ששר שירי הלל לשפה העברית — „השפה היחידה", דחה ביודעים ובלא־יודעים את הגרמנית החמרנית ככלי המחזיק ברכה של „חכמת ישראל", אף על פי שאת השפה הגרמנית כשלעצמה הוקיר בשעתו כשפת תרבות. הוא רצה להוסיף ולא לגרוע. ומה היה יותר יקר לו ויותר קרוב ללבו מאשר לשון ה„תנ"ך" — לשון הנביאים וספרי הקודש, נחלת האומה וקניין הדורות?

מרדכי בן הלל הכהן כתב על המשכילים בליטא כדברים האלה:

„לא בעינים עצומות הלכו בני ליטא אחרי נביאי ההתבוללות ובכל אופן לא הרחיקו ללכת. המה לא הניחו את ידם מתורת ישראל גם בעת אשר שלחו את ידיהם אל עץ הדעת וההשכלה" — והוא מוסיף בצדק, שהם הצטיינו „בדעתם הרחבה בתורת ישראל ובשפתנו"[1]).

משכילים ליטאים אלה יצרו בתי־ספר עבריים, או בתי־ספר, שהלשון העברית תפסה בהם מקום בראש, כשמונים שנה ויותר לפני שנוסדו בתי־הספר העבריים החדישים בליטא העצמאית.

בראשית שנות הארבעים של המאה שעברה או באמצעיתה כבר היה בית־ספר כזה קיים בשאַוול, וכעבור שנים אחדות — בעוד

---

*) מאמר זה מוקדש בעיקר לחינוך של בי"ס „תרבות" שבליטא. עיין גם בסוף ההקדמה באידיש בראשית הספר.

1) „מערב עד ערב", חלק א', ווילנא, 1904, ע' 103.

מקומות של ליטא הקובנואית. כעבור עשרות שנים אחדות כבר היתה רשת של בתי־ספר כאלה, כמובן — בנוסח הזמן ההוא. מורים ומלמדים מליטא הגיעו בשנות השבעים והשמונים של המאה הי״ט לא רק אל עיירות־הגבול הסמוכות, אלא אף לווארשה, אודיסה, חרסון, ושאר מקומות רחוקים[1]).

עם עליית קרנה של „חיבת ציון״ התחילו אגודות רבות — כגון: „פרחי ציון״, „בנות ציון״, „שפה ברורה״, וכיו״ב, — עוסקות בהפצת הלשון העברית, היו עורכות הצגות בעברית והיו מכנסות אסיפות, שהיו מדברים בהן רק עברית.

בסוף שנות התשעים של המאה שעברה נוסדה בקובנה ספריה עברית־רוסית גדולה על ידי ארגון חשאי של צעירים יהודים, גומרי הגימנסיות הרוסיות. הם יסדו גם כן „פלוגות ללימוד השפה העברית״[2]).

על אותה תקופה, בקירוב, מספר לנו נתן גרינבלאט (גורן): „גם הלשון העברית היתה נפוצה בליטא. בעיקר עסקו בטיפוחה בחורי הישיבות, שהיו מייסדים ספריות עבריות חשאיות[3]).

ד״ר סלושץ, שביקש לציין תכונותיה האופייניות של ארץ ליטא בראשית המאה הכ׳, כותב בין השאר, כי ליטא היא „ארץ העברים . . . ואולי גם האחת והמיוחדת, שנשארה לנו לפליטה בדורותינו״[4]).

הצצה חטופה זו על פני יהדות ליטא המשכלת הלמדנית וחובבת שפת עבר, משך תקופה של מאה שנה, בקירוב, מראה לנו, כי „ארץ־ישראל השנייה״, משנות העשרים והשלושים של המאה הכ׳, לא באה כמאורע מפתיע, כי אם כהמשך למסורת ארוכה. במובן זה — ואם גם ללא הפרזה כזו — נכון התיאור שניתן על ידי אחד מבוני בית־הספר העברי החדיש בליטא:

„[בתי הספר העבריים בליטא] נוסדו מתוך הכרח־חיים, ולא על פי החלטות מגבוה, ולא על פי צו מאיזה מרכזים לשם פרוגרמה לאומית . . . לאב היהודי, לבעל הבית הליטאי, הלמדן והמשכיל, היתה הרגשה טבעית, שחינוך יהודי אפשרי רק בשפתנו הלאמית״[5]).

עם סופה של מלחמת העולם הראשונה כבר היה בית הספר העברי בליטא מסועף כעץ עבות ורב־ענפים. עץ זה כבר גדל במידה כזאת, שלא היתה דרושה אלא שעת כושר בשביל שיתן פירות. שעת כושר כזאת באה עם תקומתה של ליטא העצמאית.

## תקופת בראשית

**החזית החיצונית**

את תולדות החינוך העברי בליטא, כחלק ממפעל החינוך היהודי הכללי, אפשר לחלק לשלוש תקופות:

1) תקופת בראשית, 1919־1922, תקופת התקוות והנחת היסודות.

2) תקופת הייצוב — 1923־1940 — היא התקופה של ההסתערות העזה יותר ויותר של הלשון הליטאית על הלשונות הזרות והמאבק של החינוך היהודי על העמדות שכבש[6]).

1) ראה, „די געשיכטע פון יידן אין וואַרשע״, ד״ר י. שאַצקי, באַנד 3, וגם: מלחמות יהודי פולין, י. גרינבוים, ורשה תרפ״ב, עמ׳ 61, וכן ספרי הזכרונות של מרדכי בן הלל הכהן, אפרים דיינאַרד, ואחרים.

2) „הד ליטא״, תרפ״ו, גליון 16, מאמרו של י.נ. שפירא.

3) „בצרון״, חוברת ג׳, עמ׳ 190, ניו־יורק, תש״ח.

4) „קורות הספרות העברית החדשה״, ורשה, תרס״ה.

5) „הד ליטא״, קובנה, תרפ״ו, גליון 20; ד״ר מ. ירדני — „עת כנס״.

6) שתי התקופות הראשונות אינן קבועות ומסוימות כל כך. אבל למען הבהירות והקיצור אנו נמנעים מחלוקות אחרות (למשל, הפיכת סמיטאנה ב־1926, ששינתה יסודית את משטר המדינה).

3) תקופת החיסול — היא תקופת המשטר הבולשביסטי (יוני, 1940 — יוני, 1941).

שנות ייסודה של מדינת ליטא העצמאית אחרי מלחמת העולם הראשונה היו שנות תקוות־זוהר וחלומות־פז. כמה אומות קטנות בינוניות זכו לקבל עצמאותן, בחסד המעצמות, ומנהיגיהן דיברו גבוהה־גבוהה על צדק ויושר ועל חרות לאומית אף למען המיעוטים היושבים בתוכן. כמה מאומות אלה היתה להם סיבה מספקת להכיר טובה דווקא ליהודים שסייעו בידן, במלחמתן על עצמאותן ועל זכויותיהן הלאומיות בזירה הבינלאומית, כגון— במקרה ליטא. נוספו לזה יחס השכנות הטובה בין היהודים והליטאים, שטופחו משך שנים רבות, וכן השתתפותם של צעירי היהודים בליטא בקרבות עם הפולנים והבולשביקים כאחד, שחיזקה את הרגשת הבטחון בקרב היהדות הליטאית, כי הקיבוץ היהודי בליטא רשאי לצפות למיטב האפשרויות של התפתחות כלכלית, תרבותית ולשונית.

ואמנם בתחלה — כן היה. אביבה של ליטא היה גם אביבו של המיעוט היהודי. המדיניות של ליטא היתה אז ליבראלית. כמה מראשי המדינה והחברה בליטא היו בשעתם מראשוני הלוחמים למען זכויות הליטאים, לשונם ותרבותם.

בזמן ההוא עדיין חי בליטא המנהיג של תנועת התחיה הלאומית הליטאית, ד"ר באסאנאוויטשיוס, הוא „הרצל הליטאי", והיה ידיד היהודים ודורש שלומם. מלבד זאת יש לזכור, כי בשטח התרבותי־לשוני היתה ליהודים וגם לליטאים, מיד לאחר מלחמת העולם הראשונה, מטרה משותפת רבת־חשיבות: כאלה כן אלה ניהלו מלחמה עזה עם הלשון הרוסית המטמיעה, שכבשה עמדות חזקות גם במחנה האינטליגנצה היהודית וגם במחנה האינטליגנציה הליטאית.

מטעמים אלה קיווה הציבור היהודי בליטא, כי המדינה החדשה שנוסדה באיזור הבאלטי תמלא בכנות את כל ההתחייבויות, שנטלה על עצמה, לגבי יהודיה — כאחד המיעוטים שבמדינה. התחייבויות אלה — היה להן בסיס משפטי־בינלאומי בהצהרה על זכויות המיעוטים הלאומיים והדתיים בליטא, שנחתמה בידי נציגי העם הליטאי בז'נבה. בהסעיפים 5 6 ו־7 מדובר על חובות הממשלה כלפי **בית הספר** של המיעוטים. בסעיף 6 נאמר:

„מה שנוגע למערכת החינוכית, תיתן הממשלה הליטאית לכל הערים והמחוזות, שבהם יושב חלק ניכר של האזרחים הליטאים שאין לשונם ליטאית — הקלות מסויימות, שמטרתן לערוב לכך, כי בבתי־הספר העממיים ילמדו ילדי האזרחים הליטאים בלשון־האם שלהם . . . בערים ובמחוזות, שבהם גר חלק ניכר של אזרחים ליטאים, המשתייכים למיעוטים, מבחינה אתנית, דתית, או לשונית תינתן למיעוטים האלה חלק צודק מן הסכומים הנועדים למטרות חינוכיות."

אמנם, לשונם של המשפטים דלעיל היא מעורפלת, ויש מקום לפירושים שונים. מה, למשל, פירושו של „חלק צודק", בנידון זכותם של המיעוטים ליהנות מתקציבי החינוך הממשלתיים והעירוניים? לא פחות מטושטש הוא הסעיף, המדבר על „הערים והמחוזות, שבהם יושב חלק ניכר של האזרחים הליטאים, **שאין** לשונם ליטאית" ועל הערובה שתינתן לכך, שילדיהם ילמדו בבתי־הספר בלשון האם שלהם". מה פירושן של המלים „חלק ניכר"? — והלא אפשר לפרשן במאה דרכים.

אף חוק החינוך הליטאי, ששימש יסוד לבתי־הספר הבלתי־ליטאים, אינו מצטיין ביתר בהירות. בסעיפיו העיקריים„ 9, 11, 12, על בתי הספר של הבלתי־ליטאים, לא מדובר לְמעשה על בית־ספר **לאומי** למיעוט, כי אם על בי"ס של מיעוטים סתם[7]).

ד"ר יוסף ברגר, מנהל המחלקה לתרבות שליד המועצה הלאומית בליטא, דיבר ברוח זו בהרצאתו בועידה השניה של קהילות ליטא בקובנה. הוא אמר, שאין הבטחה ודאית מאת

7) מאמר ד"ר י. רובינזון ב„דער יודע", XI, חוב' ב', ברלין, 1926.

ממשלת ליטא ליצור בתי־ספר יהודיים במדינה, אין כאן — הדגיש ד"ר ברגר — אלא רמזים לכך: א) ההסכם בין המיניסטריון היהודי ובין מיניסטר החינוך הליטאי והמחייב, שלמורים היהודיים נקבעו בחינות נוספות באידיש, עברית ותולדות ישראל; ב) בתעודות של בתי־הספר באידיש ובעברית יהיו גם ציונים לעברית (ולאידיש), לתולדות ישראל ולדת. (ציונים אלה אפשר לרשום לא רק בליטאית אלא אף בלשון השניה — בעברית או באידיש)[8].

בדרך עקיפין כזו הובטח גם קיומם של בתי־הספר התיכוניים בעברית ובאידיש, כשל יתר המיעוטים בליטא.

אבל, על אף כל אי־הבהירות שבחוק החינוך הליטאי בנידון בתי־הספר למיעוטים, הקימו בכל זאת יהודי ליטא רשת מסועפת כזאת של בתי־ספר עבריים, שנועדה לשם ולתפארת בכל העולם היהודי. המשימה הזאת עלתה בידם בזכות ההכרה הלאומית העמוקה של כל החברה היהודית בליטא ובזכות ההבנה, שגילו כל המפלגות הציוניות בליטא בנידון הנחיצות לבנות ערכי־תרבות במקום. המשימה הצליחה גם כן בזכות ההשתתפות הפעילה של ההורים והמסירות היתרה של המורים, בעברית ובאידיש, שניהלו כולם בעקשנות מיוחדת את המאבק לבניין בית הספר היהודי בליטא והרחבתו.

מאבק זה למען זכויות בתי־הספר היהודים־הלאומיים בליטא ולמען הרחבתם — ראשיתו כבר בזמן הראשון של „תור הזהב" לאבטונומיה היהודית. ד"ר מ. סולובייטשיק, המיניסטר לעניינים יהודיים, הציע לממשלה, בחדשים הראשונים לכניסתו לתפקידו, תכנית מקיפה על מערכת בתי־הספר היהודיים וההשגחה עליהם. ביסודה של התכנית הונח הרעיון, שיש להקים **מוסד מרכזי** למען בתי־הספר היהודיים ליד המועצה הלאומית היהודית ולהעניק למוסד מרכזי זה זכויות נרחבות ביותר. מוסד זה ינהל את כל ענייני בית הספר היהודי בליטא, ואפילו בנידון מינויו או פיטורו של מורה — יהא הוא הקובע, — גם אם בית־הספר הכפוף למוסד מרכזי זה הוא כולו מוחזק על חשבונה של הממשלה. מובן מאליו, כי זה חייב גם מינוי **חבר־מפקחים יהודיים** ואף יישוב סכסוכים בין ההורים והמורים. ואין צריך לומר שהמוסד המרכזי הוא הקובע, כמובן, את תכנית הלימודים בבתי־הספר היהודיים. קיצורו של דבר, בית הספר היהודי בליטא היה נעשה יהודי מן היסוד ועד הטפחות. המוסד המרכזי היה נהפך — למעשה — **למיניסטריון ההשכלה היהודי בליטא**, ובין בתי־הספר היהודיים הפרטיים והממשלתיים מזה ושלטונות החינוך הליטאים הכלליים מזה לא היו נקודות־מגע אלא מועטות ביותר.

היה זה ניתוח נכון של צרכי בית־הספר היהודי־הלאומי בליטא ואף מבט מעמיק־ראות בדרך התפתחותו בעתו. ד"ר סולובייטשיק חזה באצטגנינות שלו את הסכנות הנשקפות לגרעין הלאומי של בית־הספר היהודי מצד מורים, שאינם אלא פקידי־ממשלה ושאינם אחראים בעיקר אלא בפני המפקח הליטאי. ואמנם, מצבים כאלה נוצרו אחר כך. ועוד נעמוד עליהם להלן באריכות. אבל אחרי ככלות הכל היתה התכנית כולה נאה מדי, משתוכל לזכות להגשמה.

מיניסטר החינוך הליטאי בזמן ההוא יוֹאַזיס טוביאליס השיב ב„לאוו" מוחלט לכל תזכיריו של המיניסטר היהודי. הוא לא הסכים לכך, שהמוסד המרכזי יהא גוף של קבע. הוא העיר באחד התזכירים שלו, כי המוסדות והגופים היהודיים יכולים להימלך מזמן לזמן בשאלות החינוך היהודי ולהציע הצעות למיניסטריון החינוך הליטאי. אבל היתר זה היה לו כמובן ערך מועט. הוא לא הסכים בשום פנים ואופן לכך, שמינוייהם ופיטוריהם של מורים יהודיים יהיו נתונים בידי מוסד מרכזי יהודי והדגיש, כי מורים אלה מוכרחים להיות כפופים לתקנות הכלליות של חוקי־החינוך במדינה. והוא הדין בנוגע לפיקוח על

---

8) „אידישע שטימע", קובנה, 1924, גליון 1264, הרצאתו של ד"ר ברגר.

בתי הספר. הוא רק ביקש מאת המיניסטר היהודי, „להכין הצעה של לוח השיעורים ללימודים היהודיים הנלמדים בהם [בבתי הספר] ושל תכניות הלימודים הללו"[9].

נסיון שנעשה לקבוע לפחות מרצה לענייני החינוך היהודי ליד מיניסטריון החינוך הליטאי — נכשל אף הוא. בשנת 1919 מילא תפקיד כזה ד"ר ל. דויטשלנדר, שהועבר למנגנונה של ממשלת ליטא — יחד עם כל בתי־הספר היהודיים — מתקופת הכיבוש הגרמני במלחמת העולם הראשונה. אבל במקומו לא מונה איש אחר למילוי תפקיד נכבד זה.

מוסדות האבטונומיה היהודית הלאומית ניהלו קרב כבד להנהיג שעות־לימוד יותר מרובות ללימודים יהודיים בבתי הספר היהודיים.

לפי החלטת ועידת הקהילות השנייה בשנת 1922, דרשו ממיניסטריון החינוך הליטאי, כי בבתי־הספר היהודיים ילמדו לפחות שלושה מן המקצועות דלקמן: עברית, אידיש, תנ"ך, תולדות ישראל, תלמוד ודינים. ואמנם הושגו הצלחות חלקיות פה ושם, אלא שפרטיהן שייכים לפרק הבא על החזית היהודית **הפנימית**. הוא הדין בנוגע למאבק על סמינריון למורים לרשת החינוך היהודי, שיוקם על חשבון המדינה.

אך ההישג היסודי והמכריע של החינוך העברי (והיהודי) בליטא בימי האביב של תקופת התחיה הליטאית מיד לאחר מלחמת העולם הראשונה — זוהי רשת בתי הספר העממיים העבריים (והיהודיים) שהיו מוחזקים לחלוטין על ידי השלטונות הליטאים.

בתי־ספר אלה היוו את הבסיס האסטרטגי של רשת החינוך העברי בליטא. הם שאיפשרו את המלחמה נגד הגזירות הרעות השונות, שהיו מכוונות לטשטוש פרצופם הלאומי־היהודי של מוסדות החינוך העבריים השונים בגדולה שבארצות הבאלטיקום.

## תקופת הייצוב

**החזית הפנימית**

בחזית החינוכית הפנימית של היהדות הליטאית פעלו שלושה כוחות עיקריים בחיי הציבור, שגרמו להתהוותם של שלושה זרמים חינוכיים:

א) „תרבות",

ב) „יבנה",

ג) „קולטור ליגע".

רשת בתי הספר „תרבות" היתה לאומית־חילונית. שפת הלימודים היתה עברית, בהדגשת ארץ־ישראל והציונות. היה זה בית־ספר ציוני, שנתמך על ידי כל המפלגות הציוניות החילוניות שבמדינה.

בית הספר „יבנה" היה בית ספר דתי חדיש ומתוקן מבחינה פדגוגית — לעומת ה„חדר" הישן. המטרה היתה: חינוך דתי והכשרתו של חלק — לפחות — מן התלמידים, שימשיך בלימודי גפ"ת בישיבות קטנות וגדולות. היה זה בית הספר של ה„אגודה" בליטא, שנתמך על ידי כל חוגי האגודה בארץ ואף על ידי חלק מאנשי „המזרחי". מבחינה לשונית היה זה בי"ס עברי בעיקרו.

בית הספר של „קולטור ליגע" היה פרוליטארי־אידישיסטי ושלל את העקרון הציוני־הלאומי ואת לימוד העברית כמקצוע ראשי. כל זה נחשב בעיני אנשי זרם זה כמגמה רֵיאַקציונית. אך זרם זה ירד חיש־קל מזירת החיים הציבוריים היהודיים: משנת 1926 ואילך ייצגה את הזרם החינוכי השלישי „החברה החינוכית היהודית", שהיתה אידישיסטית ופולקיסטית.

בתי־הספר משני הזרמים הראשונים — לא תמיד היו מובדלים ומותחמים כל־כך זה מזה. בעיירות ליטא הקטנות, שלא היתה להן זכות אלא

---

9) „במשעולי החינוך", קובנה, תש", חוב' י', עמ' 8־9; מאמרו של ד"ר קיסין, זהו גם המקור של התזכיר של ד"ר סולובייטשיק ושל תשובת המיניסטר הליטאי טוביאליס.

לבית־ספר ממשלתי יהודי **אחד** — היו מקימים לעתים קרובות בית־ספר מטיפוס מעורב. הועד הלאומי היהודי מצא לנכון ליטול בתי־ספר כאלה תחת כנפי חסותו הישירה. בשנים מאוחרות יותר נעלמו לגמרי בתי־הספר המעורבים מסוג זה. כל זה אמור בנוגע לבתי־ספר עממיים, ואילו בתי־ספר תיכוניים של „תרבות" ושל „יבנה" היו שונים זה מזה ונבדלים לחלוטין באופיים.

בזמן הראשון לקיומה של המדינה הליטאית עוד מילאו תפקיד מסויים בערים הגדולות בתי־הספר היהודיים, שבהם היתה הלשון הגרמנית, או הרוסית, לשון הלימודים הראשית. בתי הספר מהסוג הראשון היו ירושת תקופת הכיבוש הגרמני בליטא. בתי־הספר היהודיים־רוסיים היו ירושת התקופה רבת־השנים, כשליטא היתה חלק הממלכה הרוסית.

המלחמה החריפה ביותר בין שני הזרמים העיקריים של החינוך העברי בליטא נטשה במיוחד בענין הפרוגרמה של בית־הספר (על הלימודים העבריים הכתוב מדבר) ורוחה. המלחמה הזאת התנהלה בעקשנות יתרה. דבר זה השפיע, כמובן, על המערכה הקשה, בה עמד בית־הספר היהודי למען זכויותיו החוקיות. בפרט בתקופה הראשונה לקיום המדינה הליטאית, שעה שהונחו היסודות המשפטיים־חוקתיים של הממשל והמשטר.

תחילה החליטו הגופים והמוסדות העליונים של האבטונומיה היהודית בליטא שלא להתערב לחלוטין בענייני תכניות בתי־הספר. המנהיגים האחראים של האבטונומיה היהודית בליטא ידעו ידוע, כי אם לא יהיו נייטראליים במאבק זה על תכניות הלימודים, המתנהל בין זרמי החינוך השונים — סופה של כל האבטונומיה לעבור ולהיבטל מן העולם, עוד בטרם יגיעו לגמר בניינה.

באותו תזכיר על „המוסד המרכזי", שהוצע ע"י ד"ר מ. סולובייטשיק, נאמר בפירוש, כי נציגות של כל זרמי־החינוך היהודיים תוקם על יסודות של **שוויון**, וכל זרם וזרם חינוכי יחליט לחוד ובפני עצמו בשאלות תכנית בתי־הספר שלו.

אבל הנייטראליות השלמה בכל מאת האחוזים מצד הגופים והמוסדות של האבטונומיה היהודית בליטא לגבי תכניות בתי־הספר של הזרמים השונים — לא האריכה ימים. כבר בועידת הקהילות השניה, בשנת 1922, נתקבלו ברוב דעות ההחלטות, מס' 3 ומס' 4, דלקמן:

„בבתי הספר העממיים היהודיים נלמדים: השפה העברית וספרותה, השפה האידית וספרותה, היסטוריה ישראלית, ידיעת העם, תנ"ך, תלמוד ולימוד הדת (תפלה ודינים).

„מספר המקצועות היהודיים יוכל להיות מופחת עד שלושה, שהם חובה לכל בתי־הספר. הזכות לבחור במקצועות היהודיים, הנלמדים בבית־הספר הוא בידי אלה, שברשותם נמצא בית הספר"[10].

מסביב לנושא זה התלקחה מחלוקת עזה בועידת הקהילות. כמתנגדים חריפים ביותר התבלטו הצירים של „קולטור ליגע". אבל נציגי הרוב בועידה הדגישו, שיש לקבוע לפחות „מינימום חובתי" מסויים, בשביל לשמור על אופיו של בית־הספר היהודי. אכן, זו היתה טענה צודקת בהחלט, אבל אין להכחיש, שזוהי, מכל מקום, התערבות בשאלות התכניתיות של בית הספר.

בשנים הראשונות לעצמאותה של ליטא היתה קיימת הצעה, שכל הזרמים הנפרדים בחינוך היהודי יחוסלו, ושבמקומם יונהג בית־ספר יהודי אחיד. הצעה זו באה מצד החוגים, שיצרו אחר כך את „החברה היהודית להשכלה". נציגם של חוגים אלה בועידה הלאומית בקובנה, יודל מארק, ביסס את ההצעה בהרצאתו[11].

---

10) „במשעולי החינוך", קובנה 1940, חוב' ז', מאמר ד"ר א. קיסין.

11) בה בשנה הופיעה בקובנה אף חוברת מיוחדת, שכתב על נושא זה, בשם: „איינהייטליכע שול", קאָוונע, 1922.

